כב. אין דעם שיעור חומש פון רביעי ביז חמישי רעדט זיך וועגן די התחלה, ווי אזוי עס האט זיך אנגעהויבן דער ענין פון יציאת מצרים, פון יעדער אידן און אלע אידן

[וואס קיין איין און איינציקער איד איז ניט געבליבן אין מצרים, און נאכמער: ניט נאר די אידן זיינען ארויס פון מצרים - נאר אויך "כספם וזהבם (אתם)", און ניט נאר "כספם וזהבם" וואס זיי האבן מיט זיך געבראכט בבואם למצרים - נאר אויך דער כסף וזהב פון מצרים, "וינצלו את מצרים", וואס דאס איז דאך געווען דער כסף וזהב פון כל העולם כולו וואס "יוסף לקטו והביאו למצרים שנאמר וילקט יוסף וגו'", און דערנאך האט מען דעם כסף וזהב ארויסגענומען פון מצרים, עס איז געווען "וינצלו את מצרים", כמצודה שאין בה דגן (חטים כו') וכמצולה שאין בה דגים,

און ווי דער אלטער רבי זאגט אין תו"א [געבראכט פון קבלה - אבער ער ברענגט עס אראפ], אז דאס איז דער ענין וואס מען האט ארויסגענומען די אלע ניצוצי קדושה, ר"ב ניצוצי קדושה, וואס זיינען געווען אין מצרים, און דאס איז אויך דער רמז פון "וגם ערב רב עלה אתם", אז די ניצוצות וואס זיינען געווען מעורב ("ערב"), און זיי זיינען געווען במספר ר"ב ("רב") - "(וגם ערב רב) עלה אתם", אז די אידן האבן עס ארויסגענומען פון מצרים, און עס מעלה געווען מיט זיך, ארויסגייענדיק פון מצרים,

וואס פון דער שבירת הכלים פון עולם ההוו - זיינען געווען רפ"ח ניצוצות, און פון די רפ"ח ניצוצות האט מען ארויסגענומען - ניט א מיעוט אדער א מחצה אדער א רוב קטן, נאר - צוויי הונדערט און צוויי! און עס זיינען געבליבן מערניט ווי פ"ו - בגימטריא אלקים (ווי דער אלטער רבי איז עס מבאר דארטן בארוכה בפרטיות הענינים)] -

איז דער התחלת הסיפור בזה (ווי אזוי מען האט אנגעהויבן טאן אין דעם ענין פון יצי"מ) הויבט זיך אן אין פרשת רביעי פון וארא, אז משה ואהרן זיינען געקומען צו פרעה'ן און מיט אים גערעדט וועגן ארויסלאזן די אידן פון מצרים; מען האט אנגעהויבן צו טאן אין דעם ענין פון יצי"מ - אין אן אופן אז דאס איז ארויסגעקומען בדיבור, וואס "עקימת שפתיו הוי מעשה".

און דאס (האט מען גערעדט און עס) איז דערגאנגען צו פרעה, וואס ער איז געווען דער מלך מצרים, און דערגאנגען אין אזא אופן אז דאס האט אין אים אויפגעטאן - ניט נאר אז ער האט אנגעהויבן טראכטן וועגן דעם, אדער רעדן וועגן דעם, נאר נאכמער - אז ער האט דאס אראפגעבראכט אין א מעשה בפועל, און ניט נאר בא זיך נאר אויך בא "חרטומי מצרים", אז ער האט זיי גערופן און זיי האבן געטאן כו"כ מעשים [כדי צו דינגען זיך, אדער אפלייגן, אדער אפשטופן אדער וכו' - וואס זייער כוונה איז נאר געווען בזה].

ד.ה. אז דער ענין פון יצי"מ איז אראפגעקומען אין דעם דיבור און מעשה פון משה ואהרן, "ויבא משה ואהרן", און דאס איז אראפגעקומען ביז אין דער מחשבה דיבור ומעשה פון תחתונים - אין "ערות הארץ", אין מצרים.

און אויך ווערט דערציילט אין דעם (התחלת ה)שיעור אז דער אויבערשטער האט אנגעזאגט "כי ידבר אליכם פרעה לאמר תנו לכם מופת, ואמרת אל אהרן קח את מטך והשלך לפני פרעה ויהי לתנין", "וישלח אהרן את מטהו לפני פרעה ולפני עבדיו ויהי לתנין",

און דערנאך ווערט דערציילט וועגן די ערשטע צוויי מכות, די מכה פון "דם", און די מכה פון "צפרדע".

און דערמיט ענדיקט זיך דער שיעור פון יום רביעי.

כג. די נקודה פון (האמור לעיל) וואס עס ווערט דערציילט אין דעם שיעור:

משה ואהרן, וואס זיי זיינען געווען שלוחיו של הקב"ה בנוגע צו גאולת כל ישראל ממצרים [און אין אן אופן פון "וינצלו את מצרים"] - זיינען געקומען צו פרעה, און אז זיי זיינען אריינגעגאנגען אין היכל פרעה, און האבן אים אזוי צורודערט, ביז אז עס האט גע'פועל'ט אין אים במחשבה דיבור ומעשה שלו, און אויך אין חרטומי מצרים.

דאס איז אבער נאך אלץ ניט געווען גענוג, און מען האט געדארפט אנקומען צו "וידעו מצרים כי אני ה'" (און ווי עס שטייט בסיום השיעור "למען תדע כי אין כה' אלקינו"), וואס ווי דער אלטער רבי טייטשט עס אפ אז "וידעו" דא איז דער ענין השבירה.

[און מיט דעם פארענטפערט ער א שאלה: ווי זאגט מען אז דער תכלית פון די עשרה מכות וואס זיינען געווען אין מצרים - איז געווען כדי עס זאל זיין "וידעו מצרים כי אני ה'"; לאחרי סיום היציאה ממצרים, בא קריעת ים סוף (בשביעי של פסח) - איז דאך "לא נשאר בהם עד אחר"?! און פארענטפערט אז דא איז דער אפטייטש פון "וידעו" מלשון "ידע" וואס מיינט שבירה],

אז אזוי ווי מען האט געזען אז עס קען ניט זיין אויף אן אנדער וועג - האט מען געדארפט אנקומען צו א שבירה, וואס די שבירה איז געווען דורך די עשרה מכות.

כד. וויבאלד אז אין פרשת רביעי ווערט אראפגעבראכט מערניט ווי די ערשטע צוויי מכות - איז דערפון פארשטאנדיק אז בנוגע צו א הוראה (בנדו"ד) - איז דא א הוראה מיוחדת פון די ערשטע צוויי מכות, מכת דם און מכת צפרדע.

אזוי ווי תורה בפירושה ניתנה, איז אז מען וויל וויסן וואס מען דארף אפלערנען דערפון - דארף מען א קוק טאן ב"פירושה" - אין תורה שבעל פה.

כה. בנוגע צו מכת דם זאגט ער אין מדרש (אין שמות רבה, און אין אליהו רבה ובכ"מ) אז דאס איז געווען מדה כנגד מדה:

אזוי ווי די מצריים האבן געוואלט מלחמה האלטן אנטקעגן דעם וואס "ובני ישראל פרו וישרצו וירבו ויעצמו במאד מאד", ווארום זיי האבן מורא געהאט "פן ירבה והי' כי תקראנה מלחמה ונוסף גם הוא על שונאינו ונלחם בנו ועלה מן הארץ",

און זיי האבן געזען אז דאס ("ובנ"י פרו וגו'") איז פארבונדן מיט דעם וואס "בנות ישראל טובלות במים" -

האבן זיי זיך מיישב געווען אז די וועג צו מלחמה האבן אנטקעגן דעם איז - דורכדעם וואס זיי וועלן סוגר זיין את המים, עס זאל ניט זיין קיין מקוואות רח"ל - וועלן די נשי ישראל ניט קענען זיך טובל זיין, וועט במילא ניט זיין דער "פרו וישרצו", ווארום בנות ישראל זיינען ווי א "גן נעול" אז זיי זיינען אפגעהיט בטהרת המשפחה, [און עס איז געווען מערניט ווי איינע, "אחת היתה ופירסמה הכתוב" (ווי ער זאגט אין מדרש, און אויך אראפגעבראכט אין פשוטו של מקרא, בארוכה)].

[וואס דורך דערויף וואס זיי (די מצריים) וועלן עס טאן (סוגר זיין די מים), וועט זיך אויך ארויסווייזן אז זיי זיינען גאר ניט קיין אכזריים און זיינען ניט גוזר קיין גזירות,

נאר זיי האבן געפונען אן עצה ווי אזוי עס זאל זיך אויסזען אז זיי זיינען פיינע מענטשן, מען מישט זיך גארניט, מען דארף ניט אנקומען צו גזירת פרעה, און צוזאמען דערמיט אויך מלחמה האבן מיט דעם "פרו וישרצו" - מען וועט סוגר זיין את המים!].

און אויף דעם איז געווען די "מדה כנגד מדה" וואס דער אויבערשטער האט זיי אפגעצאלט - מכת דם, אז די מים אשר ביאור און אין די אגמים ובכל מקום שהם - איז געווארן אויס מים, און "ויהפכו גו' לדם".

כו. די הוראה מזה איז מובן בפשטות:

עס דארף זיין דער ענין פון "פרו וישרצו וגו'".

וואס דאס האט א שייכות מיוחדת מיט דורנו זה: כמדובר כמה פעמים, אז ביאת משיח צדקנו, וואס דאס איז דער תפקיד דורנו זה, איז דערמיט פארבונדן, כמארז"ל "אין בן דוד בא עד שיכלו כל הנשמות שב(אוצר ששמו) גוף".

וואס דאס (די שייכות מיוחדת דערפון לדורנו) איז נוסף על העיקר אז דאס איז די ערשטע מצוה אין דער תורה, "פרו ורבו", וואס סדר אין תורה איז אויך תורה, און א הוראה, דאס איז א סדר אין תורת חיים, און א הוראה פון תורת חיים.

און עס דארף זיין ביז אין אן אופן פון "ומלאו את הארץ".

וואס בשעת מען איז מקיים דעם "פרו ורבו ומלאו את הארץ" - איז א זיכערע זאך אז עס וועט זיין (כהמשך הכתוב, וואס דאס איז אויך א חלק פון דעם ציווי) "וכיבושה",

אז ער איז "כובש" די אלע חשבונות וואס קומען מצד דעם "ארץ", מצד די ארציות וחומריות [ווי דער אלטער רבי טייטש אפ אין אגה"ק אויף "גוי אחד <u>בארץ</u>" "שגם בעניני ארץ .."], ער טוט אויף דעם "וכבשוה", ער נעמט איין די אלע חשבונות און ווערט אויף זיי א מושל ושולט.

כז. וואס עס קען דאך זיין חשבונות, וויפל געלט דאס וועט קאסטן, אדער וויפל טירחא דאס וועט קאסטן, אדער וויפל מיעוט הרוח וועט ארויסקומען דערפון; ע"י צער העיבור און צער הלידה און צער גידול בנים ובנות וכיו"ב - וועט מען דאך ניט קענען הנאה האבן פון לימוד התורה במנוחת הנפש אדער פון קיום המצות במנוחת הנפש, אדער [די דאס טראכטן נאך נידעריקער - וועט מען ניט קענען הנאה האבן פון עונג העולם [עס איז טאקע אין אן אופן כשר - דאס זיינען אבער עניני רשות, ניט עניני תורה ומצותי']],

ביז אז ער שטעלט אויף פון די חשבונות א גאנצע "ארץ" - א גאנצע השקפת עולם; "עולם" באשטייט דאך פון שמים וארץ, פון רוחניות און גשמיות, איז שטעלט ער אויף פון די חשבונות א גאנצע השקפת עולם ווי עולם איז <u>ארץ</u>, ניט ווי עולם איז שמים.

עס דארף אבער זיין (דער סדר) בלשון הידוע - הגברת הרוחניות על הגשם, ובלשון פון דעם אלטן רבי'ן אין פרק לב פון תניא - "להגביה ולהעלות הנפש על הגוף", אז די נשמה איז דער עיקר, און דער גוף איז טפל.

מען מוז טאקע האבן דעם גוף, ווארום אן דעם גוף ח"ו קען מען ניט לערנען תורה און מקיים זיין מצות ווי עס דארף-צו-זיין; עס איז דא לימוד התורה ווי דאס איז בג"ע, נשמות בלי גופים - אז עס קומט אבער צו א שקו"ט און מען דארף מברר זיין א ספק (וואס "אין לך שמחה יותר מהתרת הספיקות"), וואס דאס איז דער לימוד התורה אין אן אופן פון א מסקנא להלכה למעשה, וואס פסקי הלכות איז דאס דוקא דא למטה בארץ - דארף מען האבן א <u>נשמה בגוף</u> (ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא בסופו),

משא"כ אז עס וועט קומען צוגיין דא למטה א נשמה אן א גוף (ווארום זי איז שוין למעלה מהתלבשות בגוף), אדער א מלאך וכיו"ב - איז "אין משגיחין בבת קול",

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

אז עס קומט צוגיין א בת קול מלמעלה דא למטה צו פסק'נען א הלכה, איז "אין משגיחין": ניט נאר מען רעכנט זיך ניט דערמיט, נאר מען קוקט גארניט אין יענער זייט (וואס דאס איז דער פירוש פון "השגחה")!

נאר עס דארף זיין דוקא ע"י א נשמה ווי זי איז מלובשת אין א גוף -

אעפ"כ דארף ביי אים זיין די נשמה - עיקר, און דער גוף - טפל, וואס דורכדעם איז ער כובש די גאנצע ארציות, מיט די אלע חשבונות וואס זיינען פארבונדן מיט "ארץ", וכדלקמן.

כח. בשעת ס'איז דא דער "וכבשוה", אז מ'איז כובש די גאנצע ארציות מיט די אלע ענינים, אט דעמולט ווערט דער וכבשוה בפשטות: אז מ'נעמט איין און מ'זעט אז די אלע חשבונות זיינען ניט אויסגעהאלטן בפשטות,

ווארום ברכת השם היא תעשיר, און בשעת ער מאכט א גרעסערע כלי, וואס די כלי אויף מקבל זיין ברכת השם, איז דאס קיום רצון השם, איז אז מ'מאכט א גרעסערע כלי, איז מדה כנגד מדה,

וואס ס'איז דאך "לא ברא הקב"ה דבר אחד לבטלה", און ס'קומט צוגיין א אידישע פרוי און א אידישער מאן און באווייזט דעם אויבערשטן אז זיי האבן געמאכט א גרעסערע כלי ווארום זיי זיינען מתברך, געטאן כל התלוי בהם, אויף האבן בנים ובנות עוסקים בתורה ובמצוותי', און הולכים בדרך הישר והטוב בעיני אלקים ובעיני אדם.

נאר וואס דען ברכת השם היא תעשיר, ניט נאר מחסורו אשר יחסר לו, וויפל מ'דארף האבן כדי צו מגדל זיין נאך א אינגעלע מיט נאך א מיידעלע,

און מגדל זיי מתוך הרחבה, אז אע"פ וואס א ישיבה בעט אזויפיל געלט שלא בערך וואס אין פאבליק סקול איז דאס חינם בלא כסף און דא דארף ער צאלן,

דערנאך קומט נאך צו די אלע איבעריקע ענינים, ווארום אט דא דארף ער אים געבן א מאכל מיוחד ווארום ס'איז א ספק אויף די כשרות פון די "סענדוויטשעס" וואס מ'גיט עס, און נעמען די סענדוויטשעס פון די מלוכה איז גאר לא קיימא לי' שאלה (וואס דאס קען ער באקומען אומזיסט, אדער פאר האלב פרייז),

איז זאגט מען אז ניט נאר אז ברכת השם איז ממלא מחסורו אשר יחסר לו נאר "ברכת השם היא תעשיר":

בשעת אבער מ'וויל האבן עשירות בגשמיות וברוחניות, דארף מען געבן כלים, ווארום אזיב אין כלי ויעמוד השמן.

כט. און אט דעמולט זעט מען אז דורך דעם וכבשוהו, אז ער נעמט איין זיין ארציות און אלע חשבונות וואס זיינען פארבונדן מיט ארץ,

ווארום ער הויבט אן טראכטן, אדער זי הויבט אן טראכטן, וואס זאגט איר נשמה, און זי ווייס אז דער אלטער רבי האט געזאגט בפשטות אז א אידישע נשמה איז דאס חלק אלקה ממעל (וואס דאס איז ל' הפסוק, ומוסיף) ממש! דאס איז ממש א ענין פון ג-טליכקייט אליין,

במילא, אז זי באטראכט זיך (און ער באטראכט זיך) וואס זאגט דער אויבערשטער צו די אלע חשבונות, צי זיי האבן ביי אים עפעס א תפיסת מקום, צי ער רעכנט זיך מיט זיי און דערפאר וועט ער אפהאלטן, חס ושלום, געבן די מצוה פרו ורבו, אדער ניט,

איז בא יעדער נארמאלער מענטש וואס ער טראכט מיט א נארמאלן שכל, אפילו דער שכל פון נפש הבהמית, מ'דארף ניט אנקומען צו אמונה, אז ער באטראכט זיך וואס טראכט זיין נשמה וואס זי איז א חלק אלקה ממעל ממש, אדער איר נשמה, בנוגע צו די אלע חשבונות פארבונדן מיט תירוץ: וויפל געלט מ'דארף האבן, און וויפל טרחה מ'דארף האבן, און פון וואס מ'דארף זיך אפזאגן במשך פון די ניין חדשים, און דערנאך די עטליכע חדשים פון יניקה און דערנאך צער גידול בנים, מיט אלע חשבונות האמורות לעיל -

לאכט ער פון זיך אליין אדער זי לאכט פון זיך אליין אז ס'איז גאר ניט שייך אין דערויף דן זיין, זי זאל האבן אין דערויף א שקו"ט וואס זאגט אויף דערויף דער חלק אלקה ממעל ממש, אז ס'איז גאר לכתחילה לאקיימא לי' לכל חשבון וכל שאלה.

ל. ער האט דאך אבער א בלבול פון ארץ וואס איז פארבונדן מיט חלל השמאלי שבלב, ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא בתחילתו, דארף מען האבן דעם וכבשוה.

און אט דעמולט אז ס'איז דא דער וכבשוה;

און מ'האט אויף דערויף הקב"ה עוזרו, ס'איז ניט ער דארף האבן כחו ועוצם ידו, נאר יעדער איד און אלע אידן עד סוף כל הדורות, אפילו נאך פאר מתן תורה - זאגט מען אויף זיי אז זיי זיינען מאמינים, ד.ה. בכח עצמו איז ער א מאמין, און האט נאך אויף דערויף בני מאמינים - ער האט נאך אויף דערויף דעם כח פון אמונה וואס ער האט געי'רש'נט פון זיין פאטער און פון זיין מוטער און פון זיין באבע און פון זיין זיידע, אדער פון איר מוטער און פאטער און באבע און זיידע.

איז אט דעמולט גייט מען בשמחה ובטוב לבב.

און מ'פירט זיך אין אן אופן מבטל זיין די גזירה פון די מצריים אויף סוגר זיין את המים, כדי ניט צו לאזן ח"ו צו דער קיום מצוה זו, און דערנאך פארלאזט מען זיך אויפן אויבערשטן,

זייענדיק אין מצרים איז געווען פרו וישרצו וירבו ויעצמו במאד מאד, בפרט נאך ווי רש"י איז דארטן מפרש, וואס דאס איז דאך פשוטו של מקרא כמדובר כמ"פ.

לא. בדורנו זה זעט מען אז ס'איז דא אזוינע וואס דער אויבערשטער, מטעמים הידועים לו, ווייס אז זייער שלימות און זייער ענין, איז - אויף האבן אזא מין און אזא מין מספר פון בנים, אזא מין און אזא מין מספר פון בנות, און האבן זיי בזמן המיוחד ובזמן המסוגל,

און ווייסנדיק אז דער אויבערשטער איז עצם הטוב ומטבע הטוב להיטיב - איז דאך א זיכערע זאך אז דער אויבערשטער קלייבט אויס די צייט וואס איז עם בעסטן פאר דעם פאטער און פאר דער מוטער, ובעיקר - די בעסטע צייט פארן קינד וואס ווערט דערנאך געבארן, און דערנאך האט דער אויבערשטער זיינע טעמים וואס אמאל לייגט ער דאס אפ אז דאס זאל קומען אין א משך זמן לאח"ז.

וואס בהדא כבשא דרחמנא למה לך, א בשר ודם, א נברא, קען ניט וויסן שכלו וטעמיו של הבורא,

און מ'האט אים אבער געגעבן בחירה, ובחרת בחיים, ער האט די מעגליכקייט פון, ח"ו, דאס אפהאלטן,

- די מעגליכקייט ווען ס'ווערט דער עיבור און ווען ס'ווערט די לידה - אויף דערויף איז בעה"ב מערניט ווי דער אויבערשטער!



הנחה פרטית בלתי מוגה

און אויך דערויף האט מען די הודעה פון תורת אמת אז דער אויבערשטער איז עצם הטוב - און דער אויבערשטער וויל אך טוב לישראל, אז יעדער אידן, סיי אנשים סיי נשים און סיי טף, כמודגש במיוחד בשנת הקהל, זאלן האבן דעם טוב בריבוי, ווי ער איז מאריך אין מדרש רבה פון מגילת אסתר בסופו, שלום בריבוי טוב בריבוי ברכה בריבוי כמה ענינים טובים וואס קומען בריבוי לישראל צו לאנשים ונשים וטף.

דער אויבערשטער האט דאך אבער געוואלט אז מ'זאל באווייזן אז מ'געהערט צו עם חכם ונבון, און מ'זאל זיין דער ריכטיקער שותף,

וואס די גמרא זאגט דאך אויף דערויף א תואר נפלא, זאגט אז ס'איז דא ג' שותפים, אז ס'ווערט געבארן א קינד איז דא אין דערויף דריי שותפין, וואס א שותף ע"פ הלכה איז א שותף, און ווער זיינען די דריי שותפין איז דאס דער אויבערשטער, און דער פאטער און די מוטער.

און פון די אלע דריי צוזאמען איז דא די מעגליכקייט און עס ווערט דערנאך געבארן א אידיש קינד ווי דער אויבערשטער באשטימט א אינגעלע אדער א מיידעלע, און דערנאך האט ער אויך אפגעגעבן צו די בחירה פון דעם אב ואם אז זיי זאלן מגדל זיין לתורה ולחופה ולמעשים טובים.

וברכת השם היא תעשיר, וויבאלד אז זיי האבן אויסגעקליבן גיין אין דער וועג, דרך ה' אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו, איז אט דעמולט ווערט דאס אין אן אופן פון עשירות, נוסף אויף עשירות ברוחניות - עשירות בגשמיות כפשוטה!

לב. וואס דאס איז כמדובר בהנוגע לעניננו, דער לימוד מיוחד וואס ס'איז דא פון דעם קביעות פון שנה זו וואס דאס איז פארבונדן מיט רביעי, פון רביעי ביז חמישי, אין תורת חיים און אין תורת אמת - אז מ'זאל וויסן זיין אז דער ענין פון דם איז דאס שייך צו מצריים, און אט דעמולט ווען א מצרי וויל ניט מקיים זיין דעם אויבערשטנס רצון;

א אידן איז בשעת ס'איז געווען דם אין ארץ מצרים איז ביי א אידן געווען מים כפשוטס, ווי ער דערציילט אין מדרש אז מ'האט געטרונקען ביחד פון דעם זעלבן כוס פון דעם זעלבן מעין אדער אגם אדער יאור - איז דער יהודי, דער איד, האט געטרונקען מים.

די איינציקע זאך, אבער, וואס דער אויבערשטער האט אפגעגעבן צו א בחירה פון א איד, צו אנשים ונשים, און אויך צו טף (אויף וויפל ס'איז שייך בחירה ביי טף), אז זיי קענען ח"ו דאס מונע זיין אדער מעכב זיין.

און אויך, דאס איז אויך מצד הטוב, כדי מ'זאל באווייזן אז מ'איז אן עם חכם ונבון.

לג. און אויב ס'איז טאקע אן ענין פון סכנת נפשות ר"ל ח"ו - גייט מען אוועק צו א רב, וואס קען פסק'ענען ע"פ הוראת תורת חיים צי דאס איז אט דער פאל,

ווארום אליין איז מען א נוגע בדבר, במילא דארף מען וויסן וואס זאגט תורת חיים וואס זי איז אויך תורת אמת,

און אויב ס'איז טאקע אזוי איז אט דעמולט איז אדרבה, ווערט א הוראה פון תורה אז מ'זאל דאס אפלייגן.

אבער ווער איז אין דערויף דער פוסק, ניט אט דער וואס איז א נוגע בדבר, נאר אט דער וואס איז ניט נוגע בדבר איז ער ניט קיין משוחד, און ער ווייס וואס תורה זאגט בזה.

און דעמולט זאגט ער ניט קיין אייגענע מיינונג ח"ו, ער זאגט דעם מיינונג פון תורה, וואס דאס איז די תורה אשר בחר בנו מכל העמים ונתן לנו את תורתו,

און אט דעמולט האט מען מים און מ'האט דעם מקוה טהרה און מ'איז מוסיף נאך א בנין מקוה טהרה מיט אלע הידורים ברוחניות צוזאמען מיט אלע הידורים בגשמיות,

כידוע די מכתבים פון נשיא דורנו פון רבי'ן דעם שווער בזה, מיטן סיפור וואס ער האט איבערגעגעבן פון זיין פאטער ווי אזוי מ'דארף זען אז דער בנין פון א מקוה זאל זיין מהודר ברוחניות און א עיקר גדול אויך אין יופי חיצוני, זה קלי ואנוהו, התנה לפניו בקלף יפה ובדיו יפה, מיט די אלע פרטים.

בפרט אז ס'קען ח"ו אפהאלטן א אידן פון מקיים זיין אט די מצוה, עכ"פ פון מקיים זיין איר בעתה ובזמנה.

וואס דערפאר איז דאך די השתדלות הכי גדולה געווען אלעמאל און אויך איצטער אויספירן אויך דעם יופי חיצוני בכל האופנים האפשריים כפי היכולת.

לד. און אט דעמולט האט מען די הבטחה פון "וידעו מצרים", אז ס'ווערט בטל און צובראכן די מדידות והגבלות וואס א איד האט דעם כח, די בחירה, ער זאל זיך אליין מוסר זיין דורך דערויף וואס ער וועט זיך אליין מגביל זיין און זיך אליין באגרעניצן אין באקומען דעם עושר דעם העכסטן גליק וואס ס'קאן זיין ביי א פאטער און א מוטער אז ס'ווערט געבארן נאך א קינד, און ער האט נאך נחת,

און דער נחת קומט ביי אים דוקא ניט אין אן אופן פון "חינם" אן השתדלות, נאר ס'איז פארבונדן דערמיט וואס ער האט טירחא און זי האט טירחא אין דעם גידול בנים ובנות -

אט דעמולט איז לפום צערא אגרא - איז נאך דער נחת נאך מער טיפער, און נאכמער ברייטער, און נאכמער רייכער ווי פון א ענין וואס מ'באקומט אן קיין השתדלות און אן קיין ספיקות און אן קיינע בלבולים און אן דעם בלבול וואס וועט זאגן די שכנה וואס לעבט אין א דירה איבערן סטריט, איבערן גאס, צי זי וועט זאגן אז דאס איז אויסגעהאלטן לפי כללי ה"מאדע" אדער ס'איז ניט אויסגעהאלטן לפי כללי ה"מאדע".

וואס די התחלה בזה הויבט זיך אן, אז ער באטראכט זיך אז ער האט א חלק אלוקה ממעל ממש, און דאס איז זיין עיקר,

במילא, צום אלעם ערשטן דארף מען וויסן און פרעגן וואס זאגט דער חלק אלקה ממעל ממש, איז דערנאך, בדרך ממילא, ווערט דער וכבשוה פון דעם חלל השמאלי, כבשוה פון דעם גאנצן ארץ.

וואס אט דעמולט ווערט דער ענין פון פרו ורבו ומילאו את הארץ וכבשוה אין פשוטו של מקרא, אז מ'נעמט אליין די אלע ענינים גשמיים אז זיי ווערן ביי אים באדינער: טאמער דארף ער האבן מערער געלט האט ער מערער געלט, דארף ער האבן א גרעסערע דירה ווארום ס'איז געבארן געווארן נאך א אינגעלע נאך א מיידעלע, גיט אים דער אויבערשטער א גרעסערע דירה, דארף ער האבן נאך מלבושים און מלבושים יפים ווארום ס'ווערט געבארן א שיינער קינד דארף מען האבן שיינע לבושים פאר אים - גיט ער אים מעגלעכקייט קויפן שיינע לבושים,

ועוד והוא העיקר, אז ס'ווערט קינדער וואס זיי זיינען נושא חן בעיני אלקים ואדם.

וואס דאס איז די הוראה פון דעם ענין וואס מים קען מען נוצן אין אן אופן

אז דאס זאל ברייגגען קינדער לעולם, און דערנאך ח"ו דער ענין ווי ס'איז געווען וידעו מצרים, וואס דורך דערויף האט מען געדארפט אנקומען צו דעם ענין.

וואס דאס איז שייך בנוגע צו מצרים, צו ניט אידן.

בנוגע צו אידן איז דאך דער אויבערשטער האט דאך געדולט און מאריך אף און ח"ו ניט מעניש, און ווארט אז ס'איז א זיכערע זאך אל ידח ממנו נדח און דערווייל גיט ער על החשבון אז זיכער וועט מען תשובה טאן, גיט ער די כל ענינים הדרושים,

ווי דער הנהגה פון דעם בעל שם טוב און דערנאך די נשיאים שלאחריו, אז צום אלעם ערשטן האט מען אידן געגעבן גשמיות בהרחבה, און דערנאך איז דאס געווארן אויך, און האט דערנאך געבראכט, צו פועל זיין אויף אידן אויך ברוחניות.

און בשעת ער איז מאריך, דער אויבערשטער פארלייגגערט די צייט דארף מען אבער זיין אן עם חכם ונבון אויסנוצן די צייט אויף ענינים כדבעי,

און ניט טראכטן אז וויבאלד אז ס'איז דורכגעגאנגען אזא מין זמן און ס'איז געגאנגען אלץ כדבעי און מ'האט הנאה געהאט פון עניני הרשות וכיו"ב,

עאכו"כ אויב מ'האט נאך אויסגעניצט די צייט אויף לימוד התורה וקיום מצוותי' -

לה. איז געווען א הנהגה פון בן-עזאי וואס ער האט געזאגט אז דיו לעולם וכו' וכו';

אבער די הנהגה ניט פון בן-עזאי, א פס"ד אין שו"ע איז דער ענין א פס"ד ברור [אז] ס'דארף זיין לימוד התורה בהתמדה ושקידה ס'דארף זיין קיום המצוות בהידור, און ס'דארף זיין א זהירות ניט צו פארנוצן א צווייטנס געלט מערניט ווי בויען ענינים אויפן חשבון פון אייגענע געלט;

מ'האט אבער אויף דערויף דעם משל בדוגמא ווי די גמרא זאגט אין סוף כתובות א דוגמא פון עור הצבי,

וואס ביי א הירש [וואס אין התחלה פון שו"ע מאנט מען בא יעדער אידן ער זאל זיך גלייכן צו א הירש] זאגט מען אז ביי א הירש איז דער סדר ניט ווי ביי אנדערע חיות אז ס'איז דא די עור וואס עור - פעל, איז דאך א דבר המגין און באווארנט מכמה ענינים,

איז ביי א הירש איז דער סדר אז בשעת ער איז מוסיף אין בשר וואס דארף האבן הגנה קומט בדרך ממילא צו אין די ענינים הטפלים וואס דאס איז דער עור הצבי.

און דערנאך זאגט די גמרא אז אזוי איז געווען אין ארץ הגשמית בשעת ס'איז געווען א"י כתיקונה איז אזוי געווען בפשטות אין די מדידה והגבלה פון א"י;

וואס די איז אלעמאל א"י לגבולותי' במדידה והגבלה - מיט לגבולותי', אבער גבולותי' ח"ו עפעס אפגעבן,

דערנאך איז די גמרא דערציילט א מעשה ווי ס'איז געווען בפועל וואס מ'האט געמאסטן, האט מען געמאסטן אז בשעת ס'איז צוגעקומען נאך אידן איז צוגעקומען אין שטח הגשמי פון א"י;

צוליב וואס דערציילט דאס די גמרא אידן וואס געפינען זיך אין גלות, וואס שוין בשעת הגמרא איז שוין אויך געווען נאך אט דעם זמן,

איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז אט די אפשריות האט מען אויך איצטער נאר איצטער איז דאס אין אן אופן פון אותותינו לא ראינו,

ס'איז דא אותותינו נאר וואס דען, דאס איז אין אן אופן פון לא ראינו, אין בעל הנס מכיר בניסו,

ויש להאריך בזה.

לו. אבער בכל אופן בנוגע לעניננו איז אויך וואס מצוה גוררת מצוה,

וויבאלד אז מ'דערמאנט וועגן דעם ענין פון טהרת המשפחה, דער מבצע פון טה"מ, וואס דערפאר איז כאמור, דארף דאך זיין די מקוואות, און ס'דארף זיין פתוחות ווען נאר מ'דארף דערצו אנקומען אן הגבלות בזה,

און אין אן אופן אז ס'זאל זיין א מקוה יפה ברוחניות און א מקוה יפה בגשמיות, ביז בגשמיות כפשוטה, בדוגמת פון לשון הגמרא קלף יפה דיו יפה, עד"ז בנוגע צו כותלי המקוה און די מים שבמקוה מיט אלע פרטי הדברים שבזה, אפילו דער פרוזדור און דער ארט דעם אופן ווי אזוי מ'גייט אריין אין בנין המקוה.

איז מצוה גוררת מצוה דערמאנען בנוגע לשאר המבצעים,

אנהויבנדיק פון דעם מבצע פון אהבת ישראל, וואס דאס איז דאך מקושר בכל האמור לעיל,

וכתורת בעל ההילולא, פון דעם אלטן רבי'ן, אז דער ענין פון ואהבת לרעך כמוך איז חד הוא מיט דעם ענין פון ואהבת את ה"א, וואס דאס איז דאך שורש ומקור לכל מ"ע ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא,

וואס מ"ע איז דאך אויך כולל די מצות יראת השם וואס זי איז דער מקור ושורש לכל מל"ת, ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא, ובפרט ווי ער איז מבאר בארוכה אין פרק לב שבתניא וועגן דעם ענין פון אהבת ישראל.

וואס דאס איז פארבונדן מיט מבצע חינוך אויף מחנך זיין כל אחד ואחת בישראל אויף וועלכע ער קאן משפיע זיין, אנהויבנדיק פון חינוך עצמו,

וואס דערנאך קומט עס אראפ אין די מבצעים כלליים וואס זיי זיינען אויך פרטים פון שני מבצעים אלו,

דער ענין פון מבצע תורה, און מבצע תפילין, און מבצע מזוזה, און מבצע צדקה, ובית מלא ספרים - יבנה וחכמי',

און דער מבצע פון כשרות האכילה ושתי', און דער מבצע פון נרות שבת קודש, און אויך כולל יו"ט, וואס איקרי שבת, ממחרת השבת, און דער מבצע האמור לעיל, ווי מ'האט גערעדט פריער בארוכה, פון טהרת המשפחה.

און דאס ברייננגט אלץ בקרוב ממש צו יפוצו מעינותיך חוצה, וקא אתי מר דא מלכא משיחא - די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

וואס דעמולט וועט זיין כימי צאתך מארמ"צ וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין פרשת שבוע זה - אראנו נפלאות בקרוב ממש, בגאולה האמיתית והשלימה.

* * *



הנחה פרטית בלתי מוגה

לז. ס'איז דאך אויך דא נאך אין דעם שיעור חומש בנוגע צו דעם ענין פון מטה טנהפך לתנין, און אויך דער ענין פון צפרדע - וואס דאס וועט מען לאזן בל"נ אויף דער התוועדות וואס קומט בהמשך לזה - אין דעם שבת וואס טרח בערב שבת איז יאכל בשבת - דער שבת מברכים פון חודש שבט,

וואס נקודתו איז דאך עשירי בחודש וואס "יהי' קודש" - דער יום הילולא פון נשיא דורנו,

ובפרט בנוגע צו צפרדע וואס ער זאגט אין מדרש א דבר נפלא, אויך אין שמו"ר במקומו, אז דאס איז וואס עס שטייט אז יתרון ארץ בכל הוא, און איז מסיים אז דערפאר האט מען געזען אז אויך צפרדע, וואס לכאורה איז דאך אן ענין וואס מען פארשטייט ניט וואס איז אין דערויף די תועלת - איז יתרון ארץ בכל הוא, אויך אין דעם ענין פון צפרדע - וואס לולי די צפרדע זאגט דער אויבערשטער ווי אזוי וואלט מען געקענט נוגף זיין את מצרים.

וואס לכאורה: צפרדע איז איינע פון עשר מכות, וואס ניט מיט איר האט זיך אנגעהויבן און ניט מיט איר האט זיך געענדיקט, און מ'זאגט אויף דערויף אז ס'איז מדה כנגד מדה, און דערנאך איז יתרון ארץ בכל הוא, מדה כנגד מדה - אז דאס וואס די מצרים האבן פארנומען אידן אויף פאנגען פאר זיי שקצים ורמשים - איז געווען דער מדה כנגד מדה, אז מ'האט אויף זיי אנגעשיקט די שקצים ורמשים, צפרדע,

און דערנאך דער סיום וחותם הענין, און אויך פארבונדן מיט התחלת הענין - אז יתרון ארץ בכל הוא דער יתרון פון צפרדע - ווארום לולי צפרדע ווי אזוי וואלט מען געקענט נוגף זיין (מכה זיין) את מצרים.

וכפי שיתבאר בל"נ אין דער התוועדות פון שבת שלאח"ז.

לח. דאס אבער וואס מ'וויל נאך איצטער מבאר זיין, איז דאס וואס עס איז פארבונדן מיט דעם שבת שלפנ"ז, וואס בחודש איז דאס געווען דער יום העשרים בחודש, וואס דאס איז דאך מיני' מתברכין כולי יומי, די ימי השבוע שלאח"ז, כולל אויך דער יום הכ"ד בטבת,

ויש לומר, א שייכות מיוחדה, צווישן כ' טבת און כ"ד טבת, וואס זי ווערט ארויסגעבראכט במיוחד ווען כ' טבת איז אין שבת <u>שלפני</u> כ"ד טבת, וואס דעמולט זאגט מען בפירוש אז מיני' מתברכין כולי יומי, אויך כ"ד טבת -

אויך אין דעם ענין, וואס אזוי ווי ס'איז דא דער יום הפטירה וההילולא כ"ד טבת פון דעם אלטן רבי'ן, עד"ז איז כ' טבת איז דער יום הפטירה פון דעם רמב"ם.

וואס ס'איז דא איין דעה אז די פטירה פון רמב"ם איז אויך געווען כ"ד טבת, ווי ער זאגט אין צמח דוד,

אבער מ'פרעגט דאס אפ, אז בשעתו האט ער נאך ניט געהאט די ידיעות ברורות, וואס דער נכד הרמב"ם ובנו של הרמב"ם שרייבן בפירוש אז די פטירה פון דעם רמב"ם איז געווען בעשרים בטבת.

וואס די שייכות פון דעם אלטן רבי'ן מיטן רמב"ם איז דאך מובן ופשוטה פון כמה סיפורים און פון כמה ענינים,

נוסף אויף דערויף וואס יעדער'ער פון זיי איז דאך געווען א נשיא בדורו, און יעדערער פון זיי איז געווען א פוסק בדורו, וואס לאורו איז מען געגאנגען בימיו ובזמנו, און דערנאך גייט מען בדרכיו אשר הורנו ונלכה באורחותיו נצח סלה ועד, אין די דורות שלאח"ז,

וואס דאס זעט מען דאך סיי בא דעם רמב"ם און סיי בא דעם אלטן רבי'ן;

דערנאך געפינט מען א שייכות מיוחדת ומודגשה, וואס בשעת מ'זאגט רמב"ם - איז צום אלעם ערשטן, ביי א אידן, וואס א איד איז דאך פארבונדן מיט תורה, און פארזוכט יעדער ענין ווי שפיגלט זיך דאס אפ אין תורה,

איז בשעת מ'דערמאנט דעם רמב"ם, איז ניט מ'פרעגט זיך נאך לכל לראש וועגן זיין עסקנות ציבורית, און הפצת היהדות ולהעמיד הדת על תילה,

וואס אין דערויף האט ער דאך אויפגעטאן מעשים נפלאים ונצורות עד בלי קץ;

בשעת אבער מ'טרעפט א אידן א בן תורה, עאכו"כ א ישיבה-בחור, א לומד תורה בקטנותו, ווייס ער ניט וועגן אט די אלע פרטים - ער ווייס אבער א דבר ברור: וועגן די ספרים פון דעם רמב"ם.

וואס די ספרים פון דעם רמב"ם איז דא כו"כ ספרים; אט די וואס זיינען מפורסם לכל וידוע לכל - איז דאס דער רמב"ם ווי ער ווערט אנגערופן, דער ספר - בפשטות אז מ'זאגט רמב"ם מיינט מען דאס דעם משנה תורה להרמב"ם, די "יד החזקה" -

דערנאך גיט מען א פרעג וואס טוט זיך בנוגע צו עבודת התפלה, צו השקפת עולם, בנוגע צו ענינים פון רגש שבלב - כאפט מען דעם ענין פון "מורה הנבוכים", אדער ווי ער ווערט אנגערופן, ביז דורנו זה, בפשטות - "מורה נבוכים".

און ערשט דערנאך ווייס מען פרטים, אז צו ספר "יד החזקה" איז דא די הקדמה פון ספר המצוות דערנאך איז דא כמה אגרות פון דעם רמב"ם, די שו"ת פון דעם רמב"ם וכו'; אבער אז מ'זאגט רמב"ם - איז צום אלעם ערשטן דערמאנט מען זיך תורתו בספרו, ביז וואנענט אז דער ספר ווערט אנגערופן סתם "רמב"ם",

און דער צווייטער ספר - "מורה נבוכים".

אז מ'זאגט "דעם אלטן רבי'ן" [אדער ווי מ'פלעגט אים רופן און מ'רופט אים אין פולין - "דער רב"], דערמאנט מען זיך לכל לראש וואס איז זיינע ספרים - שולחן ערוך און דער תניא,

וואס מ'דארף דאך ניט האבן קיין ביאור ופירוש ווי אזוי דער שו"ע איז דאס בהתאם צו הלכות הלכות, וואס דאס איז דער ספר הרמב"ם,

און דערנאך - ווי אזוי דער ספר התניא, ווי דער אלטער רבי אליין איז מבאר אין דער הקדמה און אגרת המלקט ווי אזוי דאס איז די נתינת עצות צו אט די וואס שטייען בספיקות און זיי זיינען "נבוכים" וכו'.

וואס ס'איז דאך דא א המון ענינים פון תושבע"פ פון דעם אלטן רבי'ן; מ'רעדט דאך אבער בנוגע צום רמב"ם, צו תורתו שבכתב וואס נתפרסמו בכתב תיכף ומיד - איז דאס אט די צוויי ספרים, דער ספר הרמב"ם און דער ספר פון מורה נבוכים.

און בנוגע צו דעם אלטן רבי'ן - דער ספר השו"ע. וואס אע"פ אז ער איז געדרוקט געווארן נאך דער הסתלקות פון דעם אלטן רבי'ן - איז שוין אבער געווען בכתב, און געווען בכתב ע"י פון דעם אלטן רבי'ן עצמו,

[ניט ווי די מאמרי חסידות וואס זיינען געשריבן געווארן ע"י מניחים, און די וואס האבן געמאכט די הנחות, אפילו אט די וואס זיינען געווען נאמנים ביותר - דאס איז אבער בנוגע צו דעם אלטן רבי'ן - יצא מפיו, אין אן אופן פון תושבע"פ,

און געבליבן אזוי מצדו, דערנאך איז דאס פארשריבן געווארן דורך דעם מיטעלן רבי'ן דורך דעם צ"צ, דורך זיין ברודער, און דורך די מניחים: ר"פ שקלאווער וכו'].

עד"ז איז אויך באם רמב"ם איז דאך מובן אז עס זיינען געווען כמה הוראות בע"פ, אויך מובן בנוגע צו די אגרות, וואס זיי זיינען געווען טאקע בכתב, ס'איז אבער געווען ניט אין אן אופן מפורסם.

וכמדובר, אז מ'דערמאנט רמב"ם - פארבינדט מען דאס אין תורה מיט צוויי ספרים שלו: רמב"ם און מו"נ.

און אז מ'זאגט דער אלטער רבי פוסק בנגלה דתורה, שו"ע, פוסק בנסתר דתורה - ספר התניא.

און ווי נשיא דורנו איז מדגיש און מבאר באריכה אז דאס איז די תושב"כ פון תורת החסידות, אע"פ וואס ס'איז דא דער תורה אור, און דערנאך דער חלק שני שלו [וואס איז דערנאך געגעבן געווארן א נאמען לקו"ת ווי נשיא דורנו איז מבאר באריכה די השתלשלות הענינים], מיט די המון מאמרים וואס איצטער איז זכה דוקא דורנו און מ'האט אפגעדרוקט א ריבוי מאמרים וואס זיינען ביז איצטער געווען מערניט ווי בא יחידים אדער מערניט ווי בא יחידי סגולה, והולך ומוסיף ואור: זיי ווערן תושב"כ, און זיי זיינען נאכמער מוסיף אין יפוצו מעינותיך חוצה, מיט די אלע ענינים וואס זיינען דערמיט פארבונדן.

לט. וואס אין דערויף איז דאך נאך א קשר מדוייק יותר: אז מ'גיט א קוק דעם שו"ע פון דעם אלטן רבי'ן, ובפרט די מהדו"ת שלו,

וכידוע אז אויך אין ספר הרמב"ם איז געווען כמה מהדורות, וואס דער רמב"ם אליין האט געהאט א מהודו"ק, דערנאך איז דא וואס ס'איז געווען א מהדורא שני', און ס'איז דא ענינים וואס ס'איז גאר געווען דערנאך א מהדורא שלישית,

ווי מ'זעט דאס אויך אין כת"י הרמב"ם ווי ס'איז דא ענינים וואס ער אליין האט אויסגעמעקט נאך אין דער מהדורא זו עצמה, און ער האט אנגעשריבן א נוסחא אחרה,

און דערנאך אויך ווי דער רמב"ם אליין שרייבט אין זיינע אגרות, וואס מ'האט געפרעגט שאלות אויף ענינים וואס ער האט געשריבן אין רמב"ם, און ער האט געענטפערט אז דאס איז געווען די גירסא ראשונה, "משנה ראשונה" שלו, און דערנאך האט ער דאס איבערגעטראכט און זיך מתבונן געווען און האט דאס משנה געווען און די מסקנא איז געווען באופן כך וכך.

איז די מסקנא, מהדורא אחרונה, פון דעם ספר הרמב"ם - הויבט זיך אן "יסוד היסודות ועמוד החכמות", אז מ'זאל וויסן זיין אז כל המציאות איז נמצא און כל הנמצאים לא נמצאו אלא מאמיתת המצאו, ווי ער איז דערנאך מאריך באריכה.

שרייבט דער נכד הרמב"ם שה"ג להחיד"א בערכו - בשם ר' דוד נכדו של הרמב"ם (און מפרשי הרמב"ם), אז וואס איז די התחלה "יסוד היסודות ועמוד החכמות" - איז דאס בכוונה פון דעם רמב"ם ווארום דער ר"ת דערפון איז שם הוי'.

וכדרך הרמב"ם (ובפרט בספרו הרמב"ם) [שרייבן] ענינים הלכות הלכות - קומט דאס אין א ר"ת, ווארום די הלכה שבדבר איז, און די הלכה וואס זי איז א יסוד היסודות ועמוד החכמות פון אלע הלכות שלאח"ז - איז דאס דער יסוד און דער עמוד אז מ'זאל וויסן זיין לידע אז די אלע מציאות איז נמצא מאמיתת המצאו וכו' מיט דער גאנצער אריכות הביאור שלאח"ז.

אז מ'גיט א קוק די התחלה פון מהדו"ת פון שו"ע - הויבט [זי] זיך אן בשינוי פון מהדו"ק, מיט די ווערטער יהודה בן תימא אומר.

זאגט די גמרא אין סוטה אז אין יהודה שטייט דער שם הוי', נאר וואס דען - נאך מיט א תוספת ד', ווי די גמרא איז דארט מאריך בארוכה.

און וואס דאס איז די מהדו"ת, מהדורא אחרונה, ווי דער אלטער רבי האט דאס אליין געשריבן, און האט משנה געווען און מוסיף געווען ניט ווי אין מהדו"ק אז עס הויבט זיך אן פון גבור כארי וקל כצבי, נאר עס הויבט זיך אן פון יהודא,

וואס דאס איז בדוגמא פון יסוד היסודות ועמוד החכמות.

וואס וואס שטייט נאך דערויף, אז לידע אז אלע דברים נמצאים איז נמצאו מאמיתת המצאו;

וואס ברענגט מען אראפ די הלכה וואס יהודה בן תימא אומר, וואס קומט דערפון ארויס די הלכה - אז ס'איז דא א נמר - איז כדי א איד זאל זיין אן עז כנמר, [און דאס אויסנוצן, ווי ער איז דערנאך ממשיך, ניט אויף שאר ענינים, וואס עס קען גאר ווערן א טבע בנפשו, טויג דאס ניט; ער זאל דאס אויסנוצן אויף שויתי הוי' לנגדי תמיד, ווי [ער איז] דערנאך ממשיך, וואס דאס איז דאך אויך שויתי דוקא הוי' - דער שם הוי'],

ועד"ז בא צבי און ביי ארי און ביי א נשר, מיט נאך כמה ענינים שבדומה לזה.

און בכללות, דער ענין וואס מ'זאגט אז דאס איז ספר המדע, וואס דער רמב"ם האט דאך אזוי א נאמען געגעבן דעם ערשטן חלק פון ספרי הרמב"ם, וואס איז פאנאנדערגעטיילט אויף פערצן ספרים, און דער ערשטער ספר איז ספר המדע, וואס דאס איז דאך דער ענין פון חב"ד.

וואס חב"ד איז דאך די הדגשה אויף מדע, נאר א מדע וואס איז פארבונדן מיט תורה,

און דער פלא בזה איז נאכמערער: דער אלטער רבי איז מבאר בארוכה (און די נשיאים שלאח"ז מיט נאכמער אריכות), ווי אזוי אין חב"ד עצמו ווי אזוי דער עיקר איז אז עס זאל אראפקומען אין דעת, וואס דעמולט ווערט די חכמה בשלימותה, און בינה בשלימות - בשעת ס'איז דא דער ענין פון "מדע", דער ענין פון דעת.

און ברענגט אויך גלייך דערנאך דער רמב"ם בהמשך לזה, אין פרק שני, כיצד יבוא לאהבתו וליראתו, און זאגט דארטן כשיתבונן, וואס דאס איז דער ענין פון בינה, בחכמתו, וואס דאס איז דער ענין פון חכמתו, דערנאך לידע וואס דאס איז דער ענין פון דעת,

נאר כדרך הרמב"ם, אז די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט תורת הסוד שרייבט ער זיי ברמז און דעם ספר שרייבט ער בגלוי ענינים פון הלכות הלכות.

מיט נאך כמה ענינים שיש להאריך בזה, נאר אין הזמן גרמא.

מ. עד"ז בנוגע צו מורה נבוכים און דעם תניא.

וואס אע"פ וואס לכאורה אין תניא ברענגט ער אראפ כמה ענינים פון רמב"ם, אבער פון ספר הרמב"ם, ניט פון מו"נ, אבער די ענינים שטייען דאך און זיינען אויך נתבאר אין מורה נבוכים.

און דערנאך כמדובר די אגרת המלקט איז, אז דער תניא איז - כדי עס זאל זיין די עצות צו אט די אלע וואס שטייען אין ספיקות, ובלשון הרמב"ם וואס זיי זיינען נבוך, וואס צו טאן און ווי אזוי צו טאן, אדער ווי אזוי צו לערנען און ווי אזוי צו פארשטיין די ענינים שבתורה (וואס דאס איז דאך בפשטות דער ענין פון מורה נבוכים),

און דאס איז דער ליקוט און די עצות פון דעם מלקט פון לקוטי אמרים, וואס נקרא ע"ש התחלתו - ספר התניא.

און דערנאך קומט נאך צו דער דיוק נאכמערער: ס'איז דאך דא די אגרת המלקט, וואס דאס קומט אלס א הקדמה און אלס א פתיחה פון דעם אלטן רבי'ן צו דעם ספר התניא, ווי ער איז דערנאך מסיים, לאחרי אריכות הביאור אז אין שכלו פון איינעם גלייך צו א צווייטן וכו' - אז דערפאר שרייבט ער דאס בכתב, און דאס איז דאס וואס ער האט געענטפערט פריער בע"פ וכו', וואס דאס איז דער ספר התניא.

וואס פאר דערויף איז אויך דא דער שער התניא, וואס אין אים איז דאך דא (ווי נשיא דורנו האט געזאגט) דער נוסח פון דעם שער וואס איז געשריבן געווארן דורך דעם אלטן רבי'ן אליין, וואס דאס איז ביז די ווערטער בעזה"י.

וואס וואס איז דאס, ווי ער זאגט - אויף מבאר זיין אט דאס וואס עס שטייט כי קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו בדרך ארוכה וקצרה בעזה"י.

דערנאך הויבט זיך אן אגרת המלקט: אליכם אישים אקרא שמעו אלי רודפי צדק, מבקשי ה' וישמע אליכם אלקים, מיט די אריכות הביאור לאחרי זה,

און דערנאך אויך ווי ער שרייבט פריער אין דעם שער - אז דאס איז מלוקט מפי ספרים ומפי סופרים, און דערנאך אין אגרת המלקט, וואס דאס איז דאך אויך דער לשון פון דעם אלטן רבי'ן.

וואס דאס איז די פתיחה און די הקדמה און די אגרת וואס קומט אלס "באגלייט" אבער אלס הקדמה צום ספר התניא.

בשעת מ'גיט א קוק אין מו"נ - האט דער רמב"ם געשריבן א פתיחה צו מו"נ: וכדרכו אויך אין ספר הרמב"ם וואס ער הויבט אן מיט א פסוק, כאטש אפילו למרבה התמי' איז די וואס לערנען רמב"ם און קאכן זיך אין רמב"ם און מדייק אין רמב"ם - איז רובם ככולם ניט משים לב צו די פסוקים פון תורה וואס דער רמב"ם אליין ברייננגט זיי, און שטעלט זיי אוועק אלס א התחלה און אלס א פתיחה און אלס אן ארייננגאנג אין דעם ספר שבא לאח"ז.

און דער פתיחה פון מו"נ ברענגט דער רמב"ם דריי פסוקים,

דער ערשטער פסוק איז הורינו דרכיך הודיעונו דרכיך, דער צווייטער פסוק איז שמעו אלי אישים, און דער דריטער פסוק איז שמע בני דברי חכמים והקשב לדעתי.

וואס דאס איז בדיוק וואס דער אלטער רבי זאגט: בדרך ארוכה וקצרה אלס א הקדמה ופתיחה צו ספר התניא, בדוגמא ווי ער זאגט דא אז ס'זאל זיין הודיעונו דרכיך מיט א אריכות הפסוק; מפי ספרים ומפי סופרים, ווי ער זאגט דא אז הקשיבה בני דברי חכמים והקשיבה לדעתי; און שמעו אלי אישים, דער זעלבער לשון פון דעם זעלבן פסוק ווי ער ברייננגט אין פתיחה פון מו"נ און דער פתיחה פון תניא.

וואס ס'איז דאך דא כמה מפרשים ומדייקים וואס איז די שייכות און די פתיחה דוקא מיט אט די ענינים,

וואס אין דערויף איז דאך דא כמה וכמה ביאורים פון בעלי סמכא, וואס אין כאן המקום להאריך בזה, ובפרט אז מ'האט אין דערויף ניט געהערט פון רבותינו נשיאינו.

אבער "שמעו אלי אישים", דארף דאך ניט האבן קיין ביאור פארוואס עפעס מ'דארף מקדים זיין דאס כדי ס'זאל זיין דער לערנען פון די ספרים אין אן אופן פון "שמעו" וואס דאס איז דאך דער טייטש דבר כי שומע עבדך - דער ענין פון הבנה והשגה, נעשה ונשמע, וואס דאס איז דאך דער דער אפטייטש פון פארשטיין.

און אין אן אופן פון "אישים", וואס דאס איז איש מלחמה וואס דאס פארלאנגט מלחמתה של תורה, א שקו"ט, הבנה והשגה, והתבוננות ארוכה.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דרך הוי' לעשות צדקה ומשפט, ווי גערעדט בארוכה אין דער התוועדות שלפנ"ז, אז יעדער ענין פון תורה ומצוותי' זאגט מען אויף דערויף דעם ללכת בדרכיו און דערנאך מפרש חוקיו ומשפטיו ועדותיו ווי גערעדט בארוכה אין דער התוועדות שלפנ"ז.

וואס דאס איז דאך אויך די כוונה אין דרך ארוכה וקצרה - כדי דאס זאל ברענגען צו קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו,

און דאס איז מפי ספרים ומפי סופרים, ווי ער ברענגט אין מו"נ אין דער פתיחה, אז ס'איז דא "דברי חכמים", און דערנאך איז דא "ידעתי", ווי דער לשון הכתוב ביידע ענינים,

וואס דאס איז דאך אזוי אויך פארשטאנדיק בפשטות, אז אע"פ וואס דער אלטער רבי מפני ענויות וכיו"ב שרייבט אז דאס איז מלוקט מפי ספרים ומפי סופרים, איז דאך דאס תורתו פון דעם אלטן רבי'ן שנקראת על שמו, כמוזכר לעיל, דער <u>בעל</u> התניא.

ובפרט ע"פ ביאור פון נשיא דורנו אז דאס איז די "תושב"כ פון תורת החסידות",

וואס י"ל אז דא איז די כוונה פון "תורת החסידות" ניט נאר פון חסידות חב"ד, נאר פון <u>גאנץ</u> חסידות אויך פון חסידות הכללי, ווארום סיי דער בעש"ט און סיי דער מגיד האבן דאך ניט געשריבן אין אן אופן פון תושב"כ תורתם - ביי זיי איז דאס געווען תושבע"פ, ס'איז פארשריבן געווארן ע"י תלמידיהם,

ווען איז געווארן תושב"כ ע"י <u>בעל</u> התורה, וואס נקראת ע"ש - איז דאס איז געווען דער ספר התניא.

- ס'איז דא דער ספר "תולדות", וואס ווערט געבראכט פון צ"צ בכ"מ - וואס דאס האט ער אבער פארשריבן אלס א תלמיד ששמעתי ממורי, דערנאך מיט א ביאור אדער הוספות משלו -

אבער תושב"כ בדוגמא ווי תושב"כ פון כללות ענין התורה וואס דאס איז דאך געשריבן געווארן ע"י נותן התורה, דורך דעם אויבערשטן, עד"ז צדיקים דומין לבוראם וואס איז געשריבן געווארן דורך א נשיא אין חסידות, איז דאס געווען תושב"כ פון חסידות איז דאס דער ספר התניא.

און כדי צו באווייזן אט די וואס זיי זיינען נבוכים אין עבודת השם, כמבואר אין די אגרת המלקט, ווערט דאס באוויזן די דרך, און די דרך איז "דרך ארוכה וקצרה" וכו'.

מא. וואס אין דערויף זעט מען די הוספה וואס ס'איז דא ביי דעם אלטן רבי'ן לגבי דעם רמב"ם,

אין די פתיחה פון מו"נ איז דער רמב"ם מדגיש אז דאס איז געשריבן פאר די וואס זיי זיינען מבינים ומשכילים ובעלי החכמה ובעלי מדע און האבן די הקדמה פון אלעערליי ידיעות סיי אין תורה סיי אין אנדערע ענינים;

דער אלטער רבי איז מוסיף ומדגיש אז דאס איז א ספר של בינונים, וואס בינונים איז דאס מדת כל אדם ואחרי' כל אדם ימשך.

וואס דאס איז דאך ווי אין ענין פון כללות ענין החסידות און תורת הסוד, אז פריער איז דאס געווען פאר יחידי סגולה, און דערנאך איז מצוה לגלות זאת החכמה, און דערנאך איז דאס געווארן אין אן אופן פון יפוצו, אפילו מעינותיך, ברייננגען די מעיינות אליין אין חוצה, ניט ווי ס'איז געווען אין זמן הרמב"ם וואס דעמולט איז דאס געווען ווי דער רמב"ם שרייבט פארבונדן מיט א הכשרה און מיט א הקדמה און מיט א הכנה און מיט לימוד בפועל אין אן אופן פון לימוד בתכלית השלימות אין כמה ענינים שלפנ"ז.

דאס איז אבער אויך פארבונדן ווי אין מו"נ כפשוטו, ווי ער שרייבט אין פתיחה מערער בארוכה, אזוי ווי ס'איז דא ענינים פון תורה ה' וואס אין זיי ווערט א שאלה און א נבוכה און מ'ווערט א נבוך ווי אזוי קען מען זאגן עיני השם קוצי השם הדום רגליו וכיו"ב, איז קומט ער און שרייבט לתלמידי שרייבט און שיקט ער אים דעם ספר הנבוכים וואס דארט איז ער מבאר, ובעיקר ווי אזוי ס'איז שייך זאגן די תוארים אט די אלע וואס ער ברענגט דערנאך ומבאר בנוגע צו השם.

וואס דאס איז די התחלה פון "תורה אור",

וואס תו"א האט דאך שוין דער ממלא מקומו, דער צ"צ, מסדר געווען אז דאס זאל ווערן דברים שבכתב, הויבט זיך אן דער ערשטער ענין: ווי אזוי קען מען זאגן הארץ הדום רגלי למעלה בשעת ער איז ניט אין דמות גוף ולא בגדר מקום,

וואס אין דערויף רעדט זיך בארוכה אין מו"נ.

וואס בזמן פון דעם אלטן רבי'ן איז דאס טאקע געווען תושבע"פ פונקט אזוי ווי מ'געפינט בנוגע צו ספר הרמב"ם בכלל, אז בזמן המשנה והגמרא איז דאס געווען תושבע"פ; דער רמב"ם האט דאס דוקא קובע געווען דוקא בכתב און געהייסן מעתיק זיין בכתב און האט מגיה געווען די כתבים, כדי ס'זאל ווערן תושב"כ און דאס זאל פאנאנדערגעשיקט ווערן בכל מקום ומקום צו וועלכן מ'האט געקאנט דערגרייכן.

וואס עד"ז איז געווען דערנאך אין תורת החסידות,

מב. וואס לכאורה דאס גופא דארף דאך האבן א ביאור:

וויבאלד אז ס'איז א זמן וואס ס'איז דא תושבע"פ איז דאך א סימן אז די וועלט דארף דאס האבן, האט דאך דאס געקאנט גלייך דער בעש"ט פארשרייבן, דער מגיד פארשרייבן, ניט פארלאזן זיך אויף תלמידים,

וואס לאחרי כל הדיוק איז דאך אינו דומה,

[בדוגמא ווי מ'געפינט ביי דעם אלטן רבי'ן אז ס'איז דא "לשון אדמו"ר נ"ע בעצמו"

- וואס דאס איז הנחות וואס דער צ"צ האט מאשר געווען, און רובם זיינען פארשריבן פון דעם מיטעלן רבי'ן, ממלא מקום פון דעם אלטן רבי'ן, און פון אחיו וואס איז געווען "אחיו" מיט אלע פירושים וואס ס'איז דא אין דעם ווארט "אח", און וואס אמר דער אלטער רבי ידיו עליו אויף זיינע הנחות ורשימות,



הנחה פרטית בלתי מוגה

אעפ"כ איז מען מדייק אז אט אדער דרוש אין חיי שרה איז דאס "לשון אדמו"ר נ"ע בעצמו", ועד"ז בנוגע צו (משכן?).]

בדוגמא ווי ס'איז געווען באם אלטן רבי'ן מערניט ווי דער ספר התניא

מיט נאך כמה פרטים שאין כאן המקום להאריך בזה.

מג. די כוונה איז אבער, וכמדובר, בהמשך אז מ'קומט פון שבת פון כ' טבת, וואס דעמולט איז ווי דער אלטער רבי איז מבאר דאס אן ענין וואס כל עמלו אשר עמל בו רער רמב"ם, איז דעמולט איז דאס "פועל ישועות בקרב הארץ",

ומדי שנה בשנה איז "הימים האלו נזכרים", אז מ'דערמאנט זיי ווי ס'דארף צו-זיין, איז אט דעמולט "ונעשים", ווי ער איז מבאר אין כהבי האריז"ל, טוען זיך אויף די המשכות והשפעות ווי כ'איז געווען בפעם הראשונה, און נאכמערער, דערפאר וואס ס'דארף ראך זיין דער להעלות בקודש למטה, איז להעלות בקודש איז דא אויך דער ציווי און דער קיום "דבריו ליעקב חוקיו ומשפטיו לישראל" מצד ההשפעות שלמעלה, -

ווערט דערנאך "מינל' מתברכין כולהו יומי",

ביז וואנענט ווי ידוע אויך דער נשיא דורנו, אז באם אלטן רבי'ן איז געווען א קביעות צו לערנען מיט נכדו, ממלא מקומו לאחרי זה, מיטן צ"צ, מו"נ.

ביז ווי דער צ"צ ברענגט דאס אראפ בארוכה די ביאורים בזה בכ"מ ובכמה תוארים, אנהויבנדיק טאקע אז ס'שטייט אין מו"נ אין דעם חלק און אין דעם פרק אט דער און דער ענין און דאס איז דער ביאור ווי ער איז דערנאך מבאר, וואס ווי פארשטאנדיק פון דעם סיפור פון דעם שווער איז דאס א תורה פון דעם אלטן רבי'ן.

מד. און דערנאך קומט צו נאך אן ענין:

מו"נ האט דער רמב"ם פאנאנדערגעטיילט אויף דריי חלקים; דעם תניא האט דער אלטער רבי פאנאנדערגעטיילט אויף דריי חלקים, אנגערופן אגה"ק נאך בזמן פון דעם אלטן רבי'ן, מהדו"ת וואס זי איז דאך די וואס מ'לערנט איצטער, זאגט ער אז דאס איז חלק שלישי, ווי אין מו"נ - חלק שלישי.

און פאנאנדערגעטיילט אויף פרקים:

- אגה"ק איז פאנאנדערגעטיילט אויף סימנים, און דאס איז דערנאך נצטרף געווארן אז עלה בדעתם לתת הורמנא, ווי דער לשון בארוכה פון די רבנים הגאונים בני הגאון המחבר -

ווי דער אלטער רבי האט דאס פאנאנדערגעטיילט איז געווען דריי חלקים אין ספר התניא, ווי דריי חלקים אין ספר פון מו"נ.

די התחלה וענין אז דאס זאל מורא-דרך זיין צו די נבוכים, דערנאך איז ער מורא דרך אט די וואס זוכן א דרך אין עבודה השם,

און אויך אין אן אופן ובהקדמה - אז ס'דארף זיין "שמעו אלי אישים" מיט אלע פרטי הביאורים וואס מ'קען אויף דערויף זאגן, נוסף אויף דעם דרך אפשר וואס מ'האט דערמאנט פריער.

ועד"ז בנוגע צו "חכמים" לשון רבים, און דערנאך "דעתי", ווי די פתיחה אין מו"נ "מפי ספרים ומפי סופרים", און דערנאך ווי דער אלטער רבי האט דערפון אויפגעמאכט תורתו, וואס נקראת על שמו, ספר התניא.

ועד"ז אין דער פסוק ראשון וואס ער ברייננגט אז דער אויבערשטער זאל אים באווייזן דרכיו און דערנאך וועט ער גיין אין דעם דרך, וואס דאס איז עד"ז אויך ווי ער זאגט בדרך ארוכה וקצרה און איז גלייך מוסיף בעזר השי"ת.

וואס קומט דערפון ארויס בנוגע למעשה בפועל,

וואס כאמור לעיל דארף מען דאך האבן דעם מעשה הוא העיקר:

אז אט די וואס ווילן ח"ו פאנאנדערטיילן צווישן תורת החסידות און די תורה הכללית, וואס דער פס"ד קומט ארויס דערנאך אין הלכות הלכות - איז דאס היפך פשטות פון עניני התורה.

וואס תורה אחת לכולנו, אע"פ וואס הכל עשה יפה בעתו, איז געווען א זמן וואס מ'האט געהאט מערניט ווי חמשה חומשי תורה, דערנאך איז יפה בעתו - צוגעקומען די עניני הנביאים, וואס די נבואה איז געווען בזמן מסויים במקום מסויים און ניט פריער, און דערנאך איז דאס געווארן א חלק און א המשך פון תושב"כ,

און דערנאך איז צוגעקומען כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש, בעתו ובזמנו,

און מ'זאגט אבער גלייך אז דאס איז ניתן למשה מסיני, און דאס גייט איין המשך, און דאס איז תורה אחת פון זמן מתן תורה און נתינת התורה בזמן ההיא, ביז וואנענט ווי ער זאגט בפירוש אין מדרשי חז"ל אויף מזה ומזה הם כתובים איז דאס אויך כולל כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש,

במילא איז די שאלה: אויב דאס איז א חלק פארוואס איז דאס ניט געווען איידער דער אלטער רבי איז נתגלה געווארן, אדער איידער דער בעש"ט איז נתגלה געווארן - איז דאס בדוגמא פון דער שאלה, אט דאס וואס תלמיד ותיק עתיד לחדש אויב דאס איז ניתן למשה מסיני איז פארוואס איז דאס ניט געווען מיט א טאג און מיט דורות איידער דער תלמיד האט דאס מחדש געווען,

און פארוואס איז ניט געווען נבואה פון שמואל הנביא איידער שמואל הנביא איז געבארן געווארן און געווארן א נביא, ועד"ז די חלק הנביאים וואס אין ספר יהושע, און ספר שופטים, ועד"ז כתובים ועד"ז כל שאר חלקי התורה.

ועד"ז אין תושב"כ עצמה:

ויכתוב משה את דברי התורה הזאת וואס ס'איז געווען נאך פאר מ"ת, און ווי רש"י טייטשט דאס אפ אז דעמולט האט ער פארשריבן פון ספר בראשית ביז די ענינים וואס זיינען געווען בזמן פון פאר מ"ת, דערנאך איז צוגעקומען עשה"ד, דערנאך איז צוגעקומען ואלה המשפטים מוסיף על הראשונים,

ביז וואס ס'איז צוגעקומען אין לעצטן טאג, היום, אין וילך, וואס ער זאגט דארטן היום, אז דאס איז געווען בשבעה באדר, ביז ס'איז צוגעקומען די שמונה פסוקים אחרונים שבתורה וואס איז כותב בדמעה, כמבואר אין ב"ב ווי דער פירוש בזה איז, ווייל אזוי איז דאס אויסגעהאלטן, שלימות פון תורה מוז דאך האבן די שמונה פסוקים שבתורה, און געשריבן בדיו, ווי די דינים אין אלע ספרי תורה.

עד"ז במכ"ש וק"ו בנוגע צו נביאים וכתובים.

וואס אויף דערויף זאגט מען בפשטות און מ'דארף ביי קיינעם זיך אין דערויף ניט דינגען אז פונקט אזוי ווי פון בראשית ביז מ"ת, וואס דאס האט משה רבינו אנגעשריבן פאר שנה בסיון, ווען ס'איז געווען מ"ת בפעם הראשונה, האט דאס דעם זעלבן תוקף און ס'קומט בהמשך אחד און ס'איז תורה אחת לכולנו, און ס'דארף זיין אנגעשריבן פאר דעם ענין פון עשה"ד,

און דערנאך איז מגילה מגילה ניתנה אדער חתומה ניתנה, אבער לדעת הכל איז דאך געווען יפה בעתו, אז די פרשיות איז געווען כמה פרשיות ווי בנות צלפחד וואס דאס איז געווען ווען ס'איז שוין געווען דער דור שנכנסו לארץ בסוף ארבעים שנה, עאכו"כ פרשת וזאת הברכה אשר ברך משה את בנ"י וואס דאס איז געווען ביום שבעה באדר פון שנת הארבעים לצאתם ממצרים.

וואס עד"ז איז מובן בפשטות בנוגע צו כל ענייני התורה וואס ווי דער פס"ד ברור ברמב"ם, וויבאלד אז ס'איז אנגענומען געווארן ווערט דאס דערנאך א ענין וואס אויף דעריוף שטייט, און ס'איז דא דער חיוב סיי פון די מ"ע שבתורה און מל"ת שבתורה, אז מ'זאל טאן "ככל אשר ירוך" ולא תסור ימין ושמאל, ווי ער איז מבאר בארוכה אין די הלכות בספרו יד החזקה.

מה. וואס דאס איז די הוראה במעשה בפועל און א ענטפער בפועל אויף די שאלות וואס עס פרעגן די נבוכים, מסיבות שונות ומשונות, ווארום לולא סיבות שונות ומשונות דארף מען גאר לאחרי ריבוי הדורות והשנים וואס פון דעמולט - האט מען די אלע ענינים קיין ארט ניט אויף צו פרעגן איצטער.

און ווי מ'האט בשעת מעשה אויך געזאגט אז די איינציקע זאך און דער איינציקע טעם וואס מ'וויל באווארענען, ווארום מ'האט מורא אז דאס וועט אנרירן אין התמדה אדער אין אהבה פון לימוד התורה אדער הידור בקיום המצוות.

בשעת מ'האט דערזען לאחרי זמן און געזען בפועל אז מ'פרעגט און מ'זעט א בחור וואס ער איז ערשט געווארן בר מצוה, און ער לייגט צוויי פאר תפילין, תפילין דרש"י ותפילין דר"ת, איז גאר בא קיינעם קיין שאלה ניט אז מסתמא האט ער באקומען א חינוך פון א חסיד, וואס חסידים זיינען <u>מהדר</u> (נוסף אז מ'איז מהדר און מקיים תפילין דרש"י איז מען מהדר) ווי ער פסק'נט אפ בפירוש אין שו"ע, אין שו"ע פון ב"י, אז יעדערער וואס ער איז א ירא-שמים דארף לייגן ר"ת'ס תפילין!

און בשעת מ'זאגט אז וראו כל עמי הארץ כי שם ה' נקרא עליך ויראו ממך, יראה פון ענייני העולם, איז דאס פארבונדן מיט אלו תפילין שבראש - איז דאך פארשטאנדיק אז זיין יראת שמים מוז אים סוכ"ס ברייגנען אז ער וועט זיך פירן ווי דער ב"י זאגט, באווייזן אז ער איז א ירא-שמים, אויך בפועל - ער לייגט צוויי פאר תפילין!

ועד"ז אז מ'דערהערט אז ער איז מקפיד אין ציצית כפול שמונה, וכיו"ב, אין הכנסת שבת און יציאת שבת,

און טראגט א גאנצע בארד, ער רירט איר גאר מלכתחילה ניט אן, וכיו"ב -

זאגט מען אז דאס איז א סימן - מסתמא האט ער באקומען א חסידישן חינוך.

וואס דאס האבן מלכתחילה באווארנט אט די וואס בשעתם, איז מצד ענינים שאין כאן המקום להאריך בזה, זיינען זיי ניט געווען תמימי דעה מיטן בעש"ט, אדער עד"ז מיטן אלטן רבי'ן בזמנו, -

האבן זיי גלייך באווארנט טעמם בצידם, וואס דעמולט איז א כלל אין הלכה אז בשעת ס'איז דא א גזירה וואס מ'גיט איר און מ'זאגט איר צוזאמען מיטן טעם, איז דעמולט איז דאס א הלכה, אז ס'איז בטל דער טעם איז בטל די הלכה.

און מכ"ש וק"ו אז ס'האט זיך דערנאך גאר ארויסגעוויזן, וכידוע פון כמה סיפורים פון דעם אלטן רבי'ן, נאך בזמן פון דעם אלטן רבי'ן ווי אזוי ס'איז געווארן דער שלום צווישן אט די מיטן אלטן רבי'ן, וואס מלכתחילה האבן זיי ניט מסכים געווען לשיטתו, און ס'איז געווארן דער שלום מיט כמה דרגות בדבר,

אט די שלום וואס בפשטות האבן זיי מפסיק געווען לגמרי די התנגדות שלהם,

און מיטן ביאור הפשוט, אזוי ווי ס'איז געווען מבוסס אויף א טעם און אויף א חשש וואס איז נברר געווארן אז אין לו יסוד, איז בדרך ממילא בטילה ההתנגדות, מ'דארף אויף דערויף גארניט האבן נאך קיין ענינים און נאכאמאל צוזאמען רופן א בי"ד, ווי דער דין איז בזה, וויבאלד מ'האט דאס מפרסם געווען צוזאמען מיטן טעם.

און דערנאך איז געווען מדרגה לדרגה, אט די וואס מצד זקנה בשנים אדער מצד כמה ענינים, וואס אין כאן המקום להאריך בזה, זיינען זיי ווייטער ניט געגאנגען, מערניט ווי אויפגעהערט מנגד זיין, איז געווען נאך אזוינע וואס זיינען געווארן מסייעים,

ביז ס'איז געווען אזוינע וואס זיי זיינען געווארן הולכים בדרכיו ולומדים תורתו,

ביז ס'איז געווען אזוינע, און אויך אין א אופן מפורסם, אז זיי זיינען געווארן פון די חסידים הכי מקושרים והכי ראשונים פון די יחידי סגולה פון חסידים הראשונים בזמן פון דעם אלטן רבי'ן עצמו.

מו. און אט דא געפינט מען אויך א דבר פלא:

רמב"ם האט געהאט עד"ז ובדומה לזה, און אפשר נאך שארפער פון דערויף,

וכידוע די התנגדות וואס איז געווען אויפן רמב"ם, ביז אין אן אופן נאך מערער ווי ענינים של רדיפה ווי ס'איז געווען באם אלטן רבי'ן, וכידוע אין די אגרות ותשובות פון דעם רמב"ם, די אגרות ותשובות פון בני דורו.

און דערנאך אז מ'האט מברר געווען אויף וואס די חשדים און די התנגדות איז מבורר ומבוסס - איז, ח"ו לא ירים איש את ידו ואת רגלו זאגן עפעס אנטקעגן דעם רמב"ם.

אע"פ וואס דער ראש פון תורת המוסר בדורו פון דעם רמב"ם אדער בדור שלאח"ז איז דאך ידוע ווי ס'איז געווען פריער זיין יחס צום רמב"ם און דערנאך ווי אזוי ער האט געזען און מברר געווען דעם ענין,

און האט ניט געררוט ביז ער האט מברר געווען דעם ענין, ווארום ער האט דאס ניט געקענט רוען האט ער דאס מברר געווען, און געקומען להמסקנא האמיתית, און האט דאס מפרסם געווען, און איז געווארן פון אט די וואס זיי זיינען געווארן פון די חסידים הכי נלהבים פון דעם רמב"ם, אע"פ וואס דעמולט האט מען נאך ניט גענוצט אט דעם תואר, אע"פ וואס בנוגע צו עם זאגט מען אויך דעם ווארט - א חסיד.

וכידוע ליודעי פון דברי ימי תורת ישראל.

וואס דאס באווייזט אויך, און די הוראה למעשה, אויף ניט נתפעל ווערן,

אז לכאורה איז ניט פארשטאנדיק ווי אזוי ס'איז געווען אין זמן פון אלטן רבי'ן, אט דער און דער וואס האט געזאגט באופן כך וכך?

איז אזוי געווען בזמן הרמב"ם,

און דערנאך ווייס מען ווי אזוי ס'איז געווארן דער המשך הענינים און מ'ווייס ווי אזוי ער איז נתהפך געווארן מן הקצה אל הקצה, ביז אין א אופן פון יתרון האור און יתרון החכמה מיט א להט און מיט א התקשרות מיוחדה צו כל עניני הרמב"ם.

וואס דער סדר איז געווען, וואס אין דערויף גלייכט זיך אויך אויס:

דער רמב"ם שרייבט אין זיינע אגרות, אז ער האט ניט געוואלט זיך אריינלאזן אין וויכוחים,

- ער האט געוואוסט פון די רדיפות, און האט געענטפערט אויף די שאלות מיט די קשיות, מ'האט אבער געוואלט פירן מלחמה - האט ער ניט געוואלט,

וואס דאס איז די אגרת שכתב תיכף בבואו מפטרבורג, אז ח"ו, נאר אדרבה, וכולי האי ואולי, אז כמים הפנים לפנים, ווי ס'איז אפגעדרוקט אין די אגה"ק גלייך די צווייטע נאך דער אגה"ק פון פותחין בברכה, וואס דאס איז א ענין של פתיחה בברכה דערנאך גלייך אט די באווארעניש.

ועד"ז ווי מ'געפינט דאס אין די אגרות פון דעם רמב"ם, און די הנהגה פון דעם רמב"ם, און ווי ער האט דאס אנגעזאגט לתלמידיו, כמבואר אין אגרות הרמב"ם.

און די הוראה למעשה, גאר די עיקר'דיקע הוראה איז:

איז בלשון הרמב"ם, אז מ'זאל וויסן זיין אז "יסוד היסודות ועמוד החכמות" וואס לכל לראש מיינט ער דאך דער רמב"ם (אדער גאר איינגאנצן - ער מיינט מערניט ווי דאס) מיינט ער דאס יסודות אין תורה, און מיינט חכמה אמיתית וואס דאס איז חכמת התורה, וואס אין איר גופא איז דאך דא א ריבוי חכמות, אע"פ וואס דאס איז א תורה אחת -

אז מ'זאל וויסן זיין אז יעדער זאך אין וועלט איז דאס מאמיתית המצאו, און לולא פון דעם אמיתית המצאו פון דעם אויבערשטן ווערן זיי גלייך בטל בכל רגע ורגע, וואס דאס איז תורת הבעש"ט נאר וואס דען ער האט דאס מפרט געווען,

און דער אלטער רבי ברייננט דאס אראפ אין התחלה פון שעהיוה"א, וואס אין מחשבה ראשונה איז דאך געווען אז דאס זאל זיין דער חלק ראשון שבתניא, כמדובר בארוכה במקום אחר.

וואס אט דעמולט, בשעת מ'גיט א קוק אויף א מציאות, וואס די מציאות זאל ניט זיין, דארף ער זיך גלייך דערמאנען אז ראס האט דעם קיום פון דעם ראשי תיבות פון יסוד היסודות ועמוד החכמות וואס דאס איז שם הוי', דערמאנט ער זיך וואס ס'שטייט אין שו"ע, אויב ער דארף האבן א דערמאנונג אז הוי' דארף זיין "שויתי הוי' לנגדי תמיד",

און גלייך מבאר אפילו ער געפינט זיך בחדרי חדרים, איז אט דעמולט דארט דא דער אויבערשטער, און "נצב עליו ובוחן כליות ולב אם עובדו כראוי",

און אט דעמולט טוט זיך אויף דער עיקר הענין, אז מ'ווערט אויס "נבוך", און מ'גייט בדרך השם, ווי ער זאגט אין התחלה פון מו"נ די ביידע לשונות אין דרך,

און ווי דער אלטער רבי זאגט גלייך נאך אין דעם "שער" פון דעם תניא, אז ס'איז א "דרך ארוכה וקצרה", אבער אויף ביידע ענינים האט מען "בעזהי"ת",

ולפני זה - אז דאס איז "קרוב אליך הדבר", און ניט סתם "קרוב" נאר "מאד", און ס'איז ניט נאר "קרוב" אין איין ענין אין איין לבוש, נאר - "בפיך ובלבבך לעשותו",

און די אלע ענינים ביז אין עשי' בפועל, והמעשה הוא העיקר, האט מען דעם "עזהי"ת",

וואס "ית'", איז דאך אויך איינע פון די אפטייטשטן אין דערויף אז ער ווערט געבענטשט דורך אידן, וואס זיי זיינען מברכי השם, און ער בענטשט אידן און איז מברך ומשפיע און בריינגט אראפ די ברכת השם ביז למטה מטה אין עשי' בפועל,

און אין אן אופן אז "ברכת השם היא תעשיר", אז מ'האט עשירות ברוחניות און עשירות בגשמיות,

ביז וואנענט מ'מאכט די גאנצע וועלט א "רייכע" וועלט, דורך ונגלה כבוד הוי' וראו כל בשר יחדיו כי פי הוי' דיבר, אז מ'זעט ווי אזוי את השמים ואת הארץ אני מלא, זעט מען דאס בעיני בשר,

בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו, און אין אן אופן פון "נאו"!

* * *

[צוה לנגן ניגון הכנה, ניגן אדמו"ר הזקן (בבא הרביעית פ"א), ניע זשוריצי חלאפצי].

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

ברך ברכה אחרונה, וטרם צאתו התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

* * *

בס"ד. שיחת ש"פ וארא, מבה"ח שבט ה׳תשמ"א.

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

א. מ׳האט גערעדט אין דער התוועדות פון כ"ד טבת, אז די ששת ימי השבוע שחל בו כ"ד טבת, ווי די ששת ימים דכל שבוע ושבוע, זיינען עולה אין דעם שבת שלאח"ז, ביז אז זיי קומען דעמולט צו צו א מעלה ודרגא פון שלימות.

ווייל ביום השבת איז דער "ויכולו"[1] פון די ששת ימי השבוע שלפניו, וואס אין "ויכולו" זיינען פאראן צוויי הפכיות׳דיקע פירושים: "ויכולו" מלשון כליון[2], אז די ששת ימי החול ווערן ביום השבת אויס מציאות, און "ויכולו" מלשון תענוג[2], וואס תענוג איז שלימות און תכלית המציאות, און דאס מיינט אז די ששה ימים שטייען דעמולט בתכלית המציאות והשלימות,

און ווי מ׳זעט עס בפשטות ביי א מענטשן, ביי א אידן - וואס "אתם קרויים אדם"[3], אדם ע"ש אדמה לעליון[4] - אז בשעת ער שטייט בתענוג, שטייט ער בתכלית המציאות שלו, ווארום תענוג איז תכלית ההתרחבות והתפשטות.

ב. וואס די צוויי ענינים אין ("ויכולו" וואס איז דא אין) שבת, זיינען אויך אין פשטות הענינים,

וואס פשטות הענינים איז גאר דער עיקר פון אלץ, ווארום "המעשה הוא העיקר"[5], וואס "מעשה" איז אויך כולל עולם העשי׳ בכלל, און אין עולם העשי׳ גופא איז עס דער "עקב", סיי "עקב" אין זמן, עקבתא דמשיחא, סיי "עקב" אין נפש, אין עבודת האדם, דער ענין המעשה כפשוטו, און סיי דער "עקב" אין מקום, אין עולם - און אויף דעם אלעמען זאגט מען "המעשה הוא העיקר".

וכידוע המשל פון אויפהויבן א בנין[6], אז בשעת מ׳הויבט אויף א בנין מתחתיתו, דעמולט הויבט מען אויף דעם <u>גאנצן</u> בנין, משא"כ בשעת מ׳איז מגבי׳ דעם בנין מאמצעיתו, ווערט ניט אויפגעהויבן דעם גאנצן בנין, עס ווערט אויפגעהויבן נאר דער חלק וועלכן מ׳האט עס אנגענומען און העכער, אבער דער חלק התחתון פון דעם בנין בלייבט במקומו.

און דאס (וואס דער חלק התחתון איז געבליבן למטה) איז ניט נאר נוגע צו דער שלימות פון דעם חלק התחתון (אז ער איז געבליבן במקומו למטה) - נאר וויבאלד אז דאס זיינען אלץ חלקים פון דעם זעלבן בנין, איז בשעת איין חלק פון איט ווערט ניט אויפגעהויבן, איז דאס נוגע אין דער שלימות פון

- דעם -

דעם גאנצן בנין (אויך אין דעם חלק וואס ווערט יע אויפ-געהויבן).

דערפון איז אויך פארשטאנדיק לאידך גיסא, אז בשעת מ'הויבט אויף דעם בנין כהתחיתו, פועל'ט עס אין דער שלימות פון דעם גאנצן בנין.

ועד"ז איז פארשטאנדיק אין דעם נמשל, אז דער ענין המעשה, דער "עקב" בנפש, בעבודת האדם (ועד"ז "עקב" אין עולם און שנה), איז דער עיקר פון דער גאנצער זאך, און דאס פועל'ט א שלימות אין דער גאנצער זאך, ד.ה. אז ווען עס פעלט ענין המעשה פעלט ניט נאר אין מעשה, נאר אין דער (שלימות פון די) גאנצער זאך; און אזוי אויך לאידך גיסא, אז מעשה גיט שלימות אין אלץ.

ג. וכמבואר אין דער אגרת הקודש[7] וואס דער אלטער רבי האט געשריבן (ניט אום שבת געזעדט) קרוב לזמן הסתלקותו (ווי דער צ"צ זאגט[8] און ווי דערמאנט אין דער התוועדות פון כ"ד טבת),

ועד"ז אין דער רשימה "נפש השפלה"[9], וואס אויך די האט דער אלטער רבי געשריבן קרוב לזמן הסתלקותו[10],

[באטש אין חסידות געפינט מען ניט אז עס זאל זיך ברענגען די רשימה, אדער אפילו אז מ'זאל זיך פאררופן אויף איר, און כ'האב דערויף ניט קיין שום טעם וביאור] -

ווען גודל הענין והמעלה פון עשי' (גשמיות)[11].

וואס לכאורה דארף דאס גופא האבן ביאור: פאר דעם וואס דער אלטער רבי האט געשריבן די אגה"ק און די רשימה הנ"ל (קרוב לזמן הסתלקותו) איז ער שוין געווען א נשיא במשך פון צענדליקער יארן, און ער האט זיך עוסק געווען אין יפוצו מעינותיך חוצה, וואס חוצה שאין חוצה הימנו איז דער ענין המעשה, און ער האט געשריבן דעם שו"ע און דעם תניא און א ריבוי מאמרים בבמות ובאיכות - און די גאנצע צייט האט ער ניט געפונען פאר נויטיק צו מבאר זיין גודל המעלה פון עשי'; ערשט ווען ער האט געהאלטן בא דעם "עקב" פון חיים חיותו עלי אדמות, קרוב לזמן הסתלקותו, ערשט דאן האט ער דאס געשריבן און מבאר געווען?!

וואס ווי דער ביאור זאל נאר זיין אין דעם, אויב מ'וועט געפינען דערויף א ביאור - זעט מען אבער עכ"פ אז דארטן איז מודגש גודל הענין פון מעשה בפועל.

- ד. -

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

ד. דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צום ענין המדובר לעיל, אז אין שבת זיינען דא צוויי ענינים, כליון ותענוג, אוים מציאות און תכלית המציאות - אז דער עיקר איז ווי דאס איז נוגע און קומט אראפ אין מעשה בפועל.

וואס די צוויי (לכאורה הפכיות'דיקע) ענינים זיינען דא בכל רגע ורגע פון שבת.

ואע"פ אז די צוויי ענינים אין שבת טיילט מען אין צוויי באזונדערע זמנים אין שבת: לילא דשבתא איז דער ענין פון מנוחה ממלאכה, דער ענין פון כליון, ניט אזוי פארבונדן מיט תענוג; און יומא דשבתא, ובפרט בזמן פון רעוא דרעוין[12], איז עיקר ענינו תענוג, תכלית המציאות -

איז אבער בפרטיות, אדער בכללות יותר, זיינען דא ביידע ענינים אין יעדער רגע פון שבת.

און ווי די ביידע ענינים זיינען אויך מרומז אין דעם נאמען "שבת":

שבת איז מלשון שביתה, וואס דאס איז דער ערשטער ענין, ענין הכליון;

און שבת איז אויך מלשון "שבתאי", כמבואר אין מפרשי התורה (דער בחיי[13] וכו'), אז בא גוים איז אין דעם טאג פון שבת מאיר דער מזל שבתאי, וואס ענינו איז אן ענין בלתי רצוי, היפך פון מציאות וקיום וחיזוק וגידול, אבער פאר אידן האט מען באוויזן א "קונץ", אז "מאותות השמים אל תחתו"[14], אז טראץ דעם וואס בא גוים איז דאס א טאג פון היפך הטוב כו', איז דאס בא אידן אדרבה א טאג פון ברכה, וואס שבת "מיני' מתברכין כולי' יומין".

ה. וע"פ האמור לעיל אז דער עיקר דערפון איז ווי דאס קומט אראפ אין מעשה בפועל - איז די ידיעה פון דעם ענין הנ"ל, אז מ'ווייסט אז אין (כל רגע פון) שבת זיינען דא די צוויי ענינים (פון כליון און תענוג ושלימות), גורם אז מ'זאל זיך נאכמער מתבונן זיין אין יוקר ענין השבת.

ובנוגע לעבודה בפועל:

בשעת מ'טראכט זיך אריין בכל יום ויום פון ימות השבוע, וואס מ'האט אויפגעטאן אין יענעם טאג, און ווען עס קומט צו ק"ש שעל המטה פון יעדן טאג מאכט מען דערפון א חשבון צדק און מ'קומט צו דער מסקנא אז מ'האט אויפגעטאן ניט מער ווי כך וכך:

ביום ראשון בשבוע האט מען אויפגעטאן כך וכך, דערנאך

- ביום -

ביום שני בשבוע האט מען אויך אויפגעטאן בלויז כך וכך, ווארום יעדער טאג איז "דיו שיפקיע את עצמו"[16], און דערפאר טוט ער ניט אויף ביום השני אן ענין פון "לעשירו", צו משלים זיין די עבודה פון יום ראשון, ועד"ז אין שאר ימות השבוע;

בשעת מ'גיט זיך אבער א כאפ, אז ביום ראשון בשבוע האט מען געזאגט "היום יום ראשון", און דערצו מוסיף געווען "היום יום ראשון בשבת", אז דאס איז א יום ראשון פון שבת, ועד"ז ביום שני "היום יום שני בשבת" וכו', וואס אין שבת זיינען דא די בײדע ענינים הנ"ל, דער ענין העלי' וכליון און דער ענין השלימות והתענוג אין דער עבודה פון די ששת ימי השבוע שלפני השבת - פארשטייט מען דאן, אז שבת איז משלים די גאנצע עבודה מוגבלת פון כל יום ויום מימות השבוע ביז אין תכלית השלימות, ועאכו"כ אז ער איז משלים "די מחסורו אשר יחסר לו"[17].

ו. דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם שבת נאך כ"ד בטבת, וואס דערפאר איז אין דעם שבת די צייט צו משלים זיין סיי די ביאורים וואס האבן זיך גערעדט אין דער התוועדות פון כ"ד טבת מיוסד אויף מדרשי חז"ל און אויף דברי רבותינו נשיאינו, און סיי משלים זיין אן ענין פארבונדן מיט דער פעולה פון יענעם טאג.

אנהויבנדיק דערפון וואס מ'דארף באווארנען אן ענין וואס האט זיך שוין גערעדט כמ"פ:

בשעת מ'לערנט א הוראה פון א קביעות מיוחדת פון א שנה מיוחדת, איז דאס א הוראה ניט נאר פאר יענעם יאר, נאר פאר אלע יארן און אלע זמנים, ס'איז מער ניט וואס אין יענעם יאר ווען ס'איז דא די קביעות מיוחדת, שטייט דער ענין מערער בגלוי ובהדגשה און מ'האט דאן דערצו א נתינת כח מיוחדת, אבער דאס איז שייך לכל שנה ושנה, און ווי געבראכט דערויף די דוגמא פון פסח, אז הגם דער ענין פון יציאת מצרים איז מאיר בעיקר בפסח, דארף מען דערפון ארויסנעמען על כל השנה כולה.

ז. וואס דערפאר איז א פלא גדול, אז נאך דערויף וואס עס האט זיך גערעדט ובארוכה אין די שנים שלפנ"ז בכ"ד טבת וועגן געוויסע פעולות וואס מ'זאל טאן בקשר מיט אט דעם טאג, און ס'איז שוין אויך געדרוקט און מפורסם וכו' - איז בכ"ד טבת בשנה זו, האט מען די ענינים ניט געטאן און דעם תירוץ גיט מען אן אז ס'איז ניט נויטיק צו טאן אין

- דעם -

דעם והדאי׳ אז מ׳האט וועגן דעם ניט דערמאנט אין דער ההוועדות פון כ"ד טבת!

זעלבסטפארשטענדלעך, אז דאס איז היפך המציאות, און מ׳האט געדארפט אין דעם טאן אויך בכ"ד טבת בשנה זו.

און דאס וואס מ׳טענה׳ט אז מ׳האט וועגן דעם ניט דערמאנט בשנה זו און דערפאר האט מען דאס ניט געטאן - איז אן "אבתלא", וואס "אמתלא" איז, ווי עס שטייט אין ראשונים אדער אין אחרונים, אז דאס שטעלט זיך צוזאמען פון צוויי ווערטער - "אמת לא": דאס איז היפך האמת.

און פארשטאנדיק, אז די טענה איז ניט אז וויבאלד אז מ׳האט וועגן דעם ניט דערמאנט - וועט מען גארניט טאן; נאר די טענה איז אז מ׳וועט ניט טאן דעם ענין. דערפון וואס מ׳האט וועגן דעם ניט דערמאנט וויל מען ברענגען א ראי׳ אז דעם יאר פאדערט זיך ניט דער ענין און מ׳וועט טאן אנדערע ענינים אין עבודת התומ"צ -

האט מען שוין אויף דעם די באווארעניש אין פסוק[18] (וואס אע"פ אז פרעה האט עס געזאגט, שטייט עס אבער אין תורה אמה), "נרפים אתם נרפים על כן אתם אומרים נלכה ונזבחה לה׳". ובעניננו: אזוי ווי "נרפים אתם נרפים", האט מען געפונען א תירוץ און אן אמתלא, אז דערפון וואס מ׳האט וועגן דעם ענין ניט דערמאנט בכ"ד טבת שנה זו, איז א ראי׳ אז בשנה זו דארף מען דאס ניט טאן. אבער מ׳קען דאך ניט זאגן אז מ׳דארף גארניט טאן, זאגט מען "נלכה ונזבחה לה׳" - מ׳וועט טאן א־צווייטע עבודה!

וואלט מען וועגן דעם דערמאנט בפירוש, וואלט מען געוואוסט אז אויך דאס יאר איז עס אן ענין שהזמן גרמא; אבער וויבאלד מ׳האט וועגן דעם דערמאנט בפירוש נאר אין די שנים שעברו און ניט בשנה זו, פארשטייט ער אז אין די פריערדיקע יארן איז דאס געווען אן ענין שהזמן גרמא, משא"כ איצטער, ובמילא וועט ער איצטער טאן ווי ער פארשטייט.

וואס כאמור, איז דאס היפך המציאה, ווארום דעמולט האט מען דאס געזאגט א מילתא בטעמי׳, איז פארשטאנדיק, אז כל זמן דער טעם איז קיים, דארף מען אויך טאן די זאך וואס איז א הוצאה פון דעם טעם, און דעריבער דארף מען טאן אויך איצטער די ענינים וואס מ׳האט דעמולט גערעדט.

ח. פארוואס דערמאנט מען וועגן דעם איצטער, ס׳איז דאך שוין נאך כ"ד טבת - וויל מען דען סתם מאכן קאלאמוטנע

- אויפן -

הנחה פרטית בלתי מוגה

אויפן הארצן?!

ובפרט אז ער מאכט דעם זעלבן חשבון הנ"ל אויך איצטער – אז וויבאלד מ'האט עס דערמאנט נאר אין דער רגע, איז דאס נוגע נאר צו דער רגע, אבער ווען עס קומט די רגע שלאח"ז, איז דאך כל רגע ורגע עביד עבידתי', במילא פארגעסט ער וועגן דעם, און ער טראכט שוין וועגן א צווייטער זאך!

נאר מ'דערמאנט עס איצטער ע"פ הוראת כ"ק מו"ח אדמו"ר בקשר מיט פסח שני[19], אז "ס'איז ניטא קיין פאדפאלן". וואס מצד דער אמתלא הנ"ל, קען מען זאגן אויך וועגן דעם אז דאס איז א הוראה נאר ביי פסח שני, אבער באמת איז דאך דאס א הוראה בשייכות צו יעדער עבודה פארבונדן מיט תומ"צ, כולל אויך בנוגע לענייננו, וואס מ'האט געראפט סאן בכ"ד טבת אויך בשנה זו.

ס. מ'האט גערעדט בהשנים שלפנ"ז[20], אז בכ"ד טבת זאל מען לערנען (נוסף צו די שיעורים הקבועים): פרק אחד (עכ"פ) פון משניות וואס הויבט זיך אן מיט אן אות פון דעם נאמען פון בעל ההילולא (דער אלטער רבי), א סעיף בשולחן ערוך שלו, א סעיף, אדער עטלעכע שורות אדער א פרק תניא, און אויך געבן צדקה (בהוספה), ווארום צדקה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון אהבת ישראל, וואס דאס איז געווען בהדגשה ביי דעם בעל ההילולא אין זיין עבודה פון הפצת המעינות.

נאך כ"ד טבת (בשבוע העבר) האב איך געפרעגט בא כו"כ צי זיי האבן דאס געטאן בכ"ד טבת אויך בשנה זו.

האט איינער געזאגט, אז וויבאלד מ'האט וועגן דעם ניט דערמאנט בשנה זו האט ער דאס ניט געטאן, פארשטייענדיק אז דאס איז איצטער ניט נוגע.

א צווייטער, וואס איז געווען מער קרוב אל האמת, האט געענטפערט אז ער האט וועגן דעם פארגעסן.

עכ"פ – וויבאלד אז דער שבת איז פארבונדן מיט כ"ד טבת, וואס בשבת זה ווערן נתעלה אלע ענינים פון כ"ד טבת, ואדרבה – בשבת זה איז די שלימות פון עניני כ"ד טבת (כנ"ל) – קען מען איצטער (עכ"פ בדיעבד) משלים זיין די ענינים וואס מ'האט געדארפט טאן בכ"ד בטבת, די דריי ענינים האמורים, אדער פיר ענינים, אדער צוגעבן נאך א פינפטן ענין – כאו"א לפום שיעורא דילי', און יעדערער וואס וויל קען אין דערויף מוסיף זיין.

ווארום די עשי' בזה איז פארבונדן מיטן זכות און

- התעוררות -

התעוררות פון כ"ד טבת, ועאכו"כ מיטן שבת שלאחרי'.

י. אין דער התוועדות פון כ"ד טבת האט מען אויך גערעדט וועגן האמור אין דעם שיעור חומש פון כ"ד טבת - וואס בקביעות שנה זו איז דאס געווען פון רביעי ביז חמישי אין פ' וארא.

וואס אין דער קביעות מיוחדת פון כ"ד טבת בשנה זו איז אויך בהדגשה אז דאס איז אין פ' וארא דוקא.

וואס וויבאלד אז כ"ד טבת איז חל אין פ' וארא - וואס כ"ד טבת איז דער יום ההילולא פון דעם אלטן רבי'ן, וואס דעמולט ווערט נתעלה כל עבודתו וואס ער האט געטאן בחיים חיותו[21], און דאס ווערט אויך נמשך מלמעלה למטה, ביז אז דעמולט איז "מאיר חסד ה' מעולם עד עולם על יראיו ופועל ישועות בקרב הארץ"[22] - איז פארשטאנדיק אז צווישן (פ') וארא מיט דעם אלטן רבי'ן ועבודתו איז פאראן א קשר[23], און א קשר וואס איז פארשטאנדיק בפשטות ניט נאר צו "האנשים והנשים"[24], נאר אויך צו טף.

יא. איז דער ביאור אין דעם:

וואס עס איז ידוע לכל (אויך צו טף) וועגן דעם אלטן רבי'ן - איז דאס שמו, זיין נאמען.

און פון די צוויי נעמען פון דעם אלטן רבי'ן - איז דער עיקר זיין ערשטער נאמען, ווי דאס איז אויך ע"פ הלכה, ונוסף לזה: דוקא זיין ערשטער נאמען איז, בלשון הידוע[25], שמו אשר יקראו לו בלה"ק - שניאור.

וואס נוסף צו די ביאורים אין דעם נאמען דורך דעם בעש"ט[26] וכו' - איז בפשטות פארשטאנדיק דער טייטש פון "שניאור", אז דאס איז אור, און אין אור גופא - "שני אור", צוויי אורות,

און יעדער איינער וואס האט נאך געהערט וועגן דעם אלטן רבי'ן, ניט דוקא א למדן אדער א משכיל, צי א מתנגד אדער א חסיד, ווייסט, אז דער אלטער רבי האט באלויכטן די וועלט מיט צוויי אורות - אן אור פון נגלה דתורה און אן אור פון פנימיות התורה.

וואס איז דער ענין פון אור?

איר איז ניט מהווה און שאפט ניט קיין נייע מציאות, ער טוט אויך ניט קיין פעולה - אור איז נאר ענינו, וואס ער באלייכט און איז מגלה א מציאות וואס איז שוין דא פון

- פריער -

פריער - און במילא ווייסט מען ווי מ'דארף זיך אויפפירן דערמיט און וואס מ'דארף טאן מיט דעם, סיי פאר זיך, סיי פארן זולת, און סיי פאר חלקו בעולם:

לדוגמא: אור איז מגלה אז דאס איז א טיר, וואס דורך איר גייט מען אריין און ארויס; אז דאס איז א פענסטער, וואס מ'קוקט אדורך דורך אים, אבער מ'גייט דורך אים ניט אריין אדער ארויס, ווארום אין דעם איז ניטא קיין תועלת; און אז דאס איז א טיש און דאס איז א באנק, א "מטה וכסא ושולחן ומנורה וכו'"[26].

וואס דאס איז געווען דער אויפטו פון דעם אלטן רבי'ן ("שניאור") לגבי פריער: דער אלטער רבי איז געווען א נשמה חדשה[27] און ער האט באלויכטן די וועלט מיט אן אור חדש, ער האט באלויכטן די וועלט מיט "שני אור" פון תורה, מ'זאל וויסען וואס עס קומט פאר און במילא - וואס מ'דארף טאן.

יב. עד"ז איז "וארא" אויך אותיות "אור" בהוספת אל"ף, וואס אויך דער אל"ף איז מרמז אויף אור בר"ת, ד.ה. אז אין "וארא" שטייען אויך די צוויי אורות, "שני אור", נאר איין אור שטייט בגלוי (כאטש בצירוף אחר) און איין אור שטייט בהעלם אין א ר"ת.

וואס עד"ז איז אויך ביי די שני אורות פון דעם אלטן רבי'ן, אז, איין אור איז בגלוי און איין אור איז בהעלם: דער אור וואס ער האט אויפגעטאן בגלוי איז אין נגלה דתורה, און דער אור וואס ער האט אויפגעטאן בהעלם איז אין פנימיות התורה, ווארום דער אלטער רבי האט אויפגעטאן אין פנימיות התורה אין תורת הבעש"ט, אין חסידות הכללית, ער האט עס מגלה געווען און מבאר און מסביר געווען ביז אין אן אופן פון "יהפרנסון מיני'"[28].

און דאס (אז אין "וארא" זיינען דא שני אור) איז אויך פארבונדן מיט פשטות הפירוש אין "וארא":

"וארא" איז דער טייטש: איך האב זיך באוויזן. ס'מיינט ניט אז דא איז עפעס נתהווה געווארן, אדער אז דא איז געטאן געווארן א פעולה, "ועשיתי", אדער "והוצאתי", "והצלתי", "וגאלתי", "ולקחתי" וכו' ווי עס שטייט ווייטער[29] - נאר אז די מציאוה וועגן וועלכער עס רעדט זיך איז שוין דא פון פריער, אבער יעצט האט זיך די מציאות באוויזן בגלוי.

וואס דאס איז דער ענין פון אור, כנ"ל - אז ער טוט ניט אויף קיין נייע מציאות, ער איז מער ניט ווי מגלה וואס

- ס'איז -

ס'איז שוין דא פון פריער.

און אין דערויף גופא איז "וארא" שני אור (אותיות אור ואל"ף נוספת ר"ת אור), אזוי ווי שמו פון דעם אלטן רבי'ן.

יג. וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער קשר פון כ"ד טבת, יום ההילולא פון דעם אלטן רבי'ן, מיט פ' וארא,

וואָרום וויבאלד אז בקביעות שנה זו איז כ"ד טבת אויסגעקומען אין פ' וארא, וע"פ תורה אדה"ז[30] אז בכל יום ויום דארף מען לעבן מיט דער צייט, מיט פרשת השבוע וואס מ'לערנט דאן און דערפון ארויסנעמען א הוראה - איז פארשטאנדיק אז אין פ' וארא דארף זיין א לימוד והוראה פארבונדן במיוחד מיט כ"ד טבת.

און וויבאלד אז דער נאמען פון דער גאנצער פרשה, כולל אויך דעם שיעור פון כ"ד טבת - איז פ' <u>וארא</u>, ווי מ'זעט בפשטות אז בשעת מ'פרעגט וועגן א חלק אין דער פרשה וואו דאס שטייט, וועלכן חלק ס'זאל נאר זיין, ענטפערט מען אז דאס שטייט אין פ' וארא - איז פארשטאנדיק אז דער לימוד והוראה אין דער פרשה וואס איז פארבונדן מיט כ"ד טבת ליגט עס אין דעם נאמען פון דער פרשה - "וארא".

וואס דאס איז, כנ"ל באדוכה - אז אין בײדע פון זיי, אין "וארא", און אין דעם נאמען פון דעם אלטן רבי'ן, דער בעל ההילולא פון כ"ד טבת - איז מודגש דער ענין פון "שני אור",

וואס אין דעם איז באשטאנען עבודתו פון דעם אלטן רבי'ן, וואס זיין יום ההילולא איז בכ"ד בטבת, וואס דעמולט האט מען דער סך-הכל פון עבודתו בכשך חיים חיותו בעלמא דין.

יד. דער עיקר דערפון איז דאך אז דאס זאל אראפקומען אין מעשה בפועל (כנ"ל):

שטייענדיק אין דעם שבת נאך כ"ד טבת, ווען די אלע ענינים פון כ"ד טבת שטייען אין אן עלי' וכליון, און צוזאמען דערגרייכט אין תכלית המציאות, בהענוג ובשלימות, און דאס איז אויך שבת פ' <u>וארא</u> - נעמט מען דערפון ארויס די הוראה אז די עבודה דארף זיין אין אן אופן פון "שני אור", ב'פעמים אור.

און וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט כ"ד טבת, וואס דעמולט ווערט נתעלה כל עבודתו פון דעם אלטן רבי'ן

- בתכלית -

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

בתכלית העילוי, און דערנאך ווערט דאס נמשך מלמעלה למטה ביז אין תחתון, ביז אז דאס איז "פועל ישועות בקרב הארץ" -

דארף אויך די עבודה פון א אידן דערגרייכן ביז אין מעלה מעלה, און דערנאך ממשיך זיין פון דארטן ביז למטה מטה.

און דאס ליגט אויך אין דעם לשון "פועל ישועות בקרב הארץ": ישועה איז א דרגא וואס איז העכער ווי ראש, כמבואר אין אגה"ק[31] "וכובע ישועה בראשו"[32], וואס דאס איז די בחי' פון רי ש"ע (אדער שע"ה) נהורין דעתיק, און די ישועה דארף מען ממשיך זיין עד למטה מטה, עס זאל זיין "פועל ישועות", וואס פעולה איז אין א דבר נפרד, נאך נידעריקער ווי עשי'[33], און וואו דארף מען פועל זיין ישועות - "בקרב הארץ", אין גאר דעם נידעריקסטן תחתון, אין "ערות הארץ"[34], און דארטן גופא "בקרב הארץ".

טו. לכאורה איז דאס אבער א שווערע עבודה?

זאגט מען אבער אז לאחרי ווי דער אלטער רבי פתח הדרך[35] צו טאן די עבודה באופן פון "שני אור", צוויי אורות, אור הנגלה און אור פנימיות התורה - איז דאס אויך בכח פון כאו"א מישראל צו טאן אזוי, ביז צו ממשיך זיין דאס "בקרב הארץ", למטה אין וועלט.

ובפרט אז ס'איז ניט נאר וואס פתח הדרך, נאר אויך איצטער איז דער אלטער רבי "לא יעזוב את צאן מרעיתו"[36], ער איז מיט אונז צוזאמען, ובמיוחד אז מ'גייט אין דעם דרך "אשר הורנו מדרכיו ונלכה באורחותיו נצח סלה ועד", וואס מיינט אין לה הפסק[37] -

האט מען זיכער דער כח אויפצוטאן דאס סיי ביי זיך און סיי ביי זולת, וואס ווירקן אויפן זולת פועל'ט אז אויך בא זיך זאל זיין מיט מער הצלחה.

טז. בפשטות מיינט די הוראה הנ"ל במעשה בפועל:

אז די עבודה וואס מ'האט געטאן ביז איצטער פארבונדן מיט אור, מיט "אין אור אלא תורה"[38], און די עבודה פון יפוצו מעינותיך חוצה - איז איצטער דארף מען די עבודה (נאכמער) פארבינדן מיטן אלטן רבי'ן, "שניאור" וואס דורך דערויף קומט צו א תוס' אין דער עבודה.

וואס דאס איז אין אלע עבודות וואס א איד טוט - אין "כל מעשיך יהיו לשם שמים", און "בכל דרכיך דעהו", ועאכו"כ אין דער עבודה פון תומ"צ עצמן, וואס איז ניט

- קיין -

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

קיין ענין פון רשות.

און טאן איך דעם סיי מיט זיך און סיי מיטן זולת, ביז מ'מאכט ליכטיק מיט צוויי אורות, מיטן אור הנגלה און דעם אור הפנימיות - און מ'באלייכט סיי די חיצוניות און סיי די פנימיות פון יעדער זאך,

ביז אז מ'איז דאס ממשיך אין "זלמן" (דער צווייטער נאמען פון דעם אלטן רבי'ן), ווי חסידים זאגן[40] אז "זלמן" איז אותיות "לזמן", ד.ה. אז מ'איז ממשיך דעם "שני אור" אין זמן און מקום.

און דערצו איז דאס א המשכה אין זמן ניט ווי דאס איז אין דעם צירוף פון "לזמן", אווארט אין לה"ק, נאר ווי דאס שטעלט זיך אויס אין דעם צירוף פון "זלמן", אויף אידיש, וואס אידיש איז א לשון פון גלות און א לשון תרגום, נאר אידן האבן דאס מקדש געווען, ובפרט דורך דער בעש"ט, ועד"ז רבותינו נשיאינו לאח"ז ביז כ"ק מו"ח אדמו"ר וואס זיי האבן געזאגט תורתם בלשון אידיש, ווי עס שטייט אין אגה"ק[41] (געבראכט אין דער התוועדות פון כ"ד טבת).

און פארוואס דערציילט מען דאס אלץ - בכדי דאס זאל אראפקומען לפועל. און מ'מיינט ניט אז מ'זאל פארשרייבן די רשימה פון די דייך און די אוועקלייגן אויף דער פאליצע צווישן שיינע טאוולן, און מ'זאל אין איר קיינמאל ניט ארייננקוקן, נאר ווען עס וועט קומען ערב פסח וועט מען אפרייניקן דעם "פיל", דעם "דאסט", דעם עפר, וואס וועט זיך אנזאמלען אויף דעם, נאר די כוונה איז אז מ'זאל דאס לערנען און דער לימוד זאל ברענגען לידי מעשה בפועל, וואס "גדול לימוד תורה שהלימוד מביא לידי מעשה"[42].

יז. און מ'זאל טאן די עבודה באופן פון "יגעת" - וועט זיכער זיין "ומצאת"[43],

און אויך טאן דאס מתוך שמחה, וכידוע דער סיפור מיטן צ"צ (פארבונדן אויך מיטן בעל ההילולא פון כ"ד טבת געדרוקט אין מאה שערים[44]), אז דער צ"צ האט אמאל געזונגען א ניגון של מדירות, האט דער אלטער רבי דאס שולל געווען, און האט אים געזאגט וואס עס שטייט אין זהר פ' הבזה[45], אז כגוונא ווי די ענינים זיינען למטה, אזוי זיינען דיר למעלה (וכמאדז"ל[46] "מלכותא דארעא כעין מלכותא דרקיע"), אז בשעת למטה האט מען א פנים שוחקות, ווערט אזוי אויך למעלה א פנים שוחקות.

- און -

הנחה פרטית בלתי מוגה

און דורך דעם ענין השמחה איז מען פורץ גדר[47],

ביז דאס ברענגט אז בשעתא חדא וברגעא חדא[48] ווערט דער נגאלין[49], די גאולה האמיתית והשלימה, במהרה בימינו ממש.

* * *

יח. אין דער התוועדות פון כ"ד טבת האט מען אויך גערעדט וועגן דעם שיעור חומש פון כ"ד טבת, פון רביעי ביז חמישי אין פ' וארא.

וואס וויבאלד אז בשבת ווערן נתעלה און נשלם די ענינים פון די ששת ימי השבוע שלפנ"ז (כנ"ל) - איז כאן המקום צו משלים זיין וואס עס האט זיך דעמולט גערעדט.

אין דעם שיעור חומש רעדט זיך וועגן מכת דם און מכת צפרדע, און פאר דעם וועגן דעם מופת פון מטה אהרן - "וישלך אהרן את מטהו לפני פרעה ולפני עבדיו ויהי לתנין (נחש[50])".

תורה איז דאך "בפירושה ניתנה"[51], איז צוזאמען מיט די פסוקים פון דעם שיעור חומש אויך געגעבן געווארן וואס עס שטייט אין מדרש אויף די פסוקים.

בנוגע צו מכת צפרדע שטייט אין מדרש[52]: "אלולי הצפרדע היאך הי' (הקב"ה) פורע מן המצריים הה"ד[53] הנה אנכי נוגף וגו'".

וואס דאס קומט אין מדרש בהמשך להאמור לפני זה:

דער מדרש שטעלט זיך אויף "ויאמר ה' אל משה בא אל פרעה גו' ואם מאן אתה לשלח הנה אנכי נוגף את כל גבולך בצפרדעים וגו'"[54], און ברענגט דעם פסוק[55] "ויתרון ארץ בכל הוא", און איז מפרש: "רבותינו אמרין מהו ויתרון ארץ בכל הוא, אפילו דברים שאתה רואה אותן כאילו הם מיותרין בעולם כגון זבובים ופרעושים ויתושין, הן היו בכלל בריתו של עולם כו' ורבי אחא ב"ר חנינא אמר אפילו דברים שאתה רואה אותן כאילו הן מיותרין בעולם כגון נחשים ועקרבים, הן היו בכלל ברייתו של עולם. אמר להן הקב"ה לנביאים מה אתם סבורים אם אין אתם הולכין בשליחותי וכי אין לי שליח, ויתרון ארץ בכל הוא אני עושה שליחותי אפי' ע"י נחש אפילו ע"י עקרב ואפילו ע"י צפרדע, תדע לך שאלולי הצרעה (אזא מין שפין וואס גיט ארוים אן ארס, סם, און דערמיט הרג'ט ז"[56]) היאך הי' הקב"ה פורע מן האמוריים, (און ער איז

- מסיים): -

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

מסיים:) ואלולי הצפרדע היאך הי' פורע מן המצריים הה"ד הנה אנכי נוגף וגו'".

דארף מען פארשטיין: וואס הייסט "אלולי הצרעה היאך הי' הקב"ה פורע מן האמוריים, ואלולי הצפרדע היאך הי' פורע מן המצריים" - צי דען האט עס דער אויבערשטער ניט געקענט טאן באופן אחר?!

יט. בשלמא בנוגע צו צרעה קען מען נאך פארענטפערן בדוחק:

די צרעה וואס איז געווען בימי משה וואס דער אויבערשטער האט געשיקט אויף די אמוריים "לא עברה את הירדן"[57], נאר זי איז געווען בעבר הירדן מזרחה, און פון דארטן האט זי ארויסגעשיקט איר ליחה און סם צו די אמוריים אויף צד הירדן מערבה און בא זיי געמאכט א חורבן, און דורך דערויף איז געווען גרינגער זיי איינצונעמען, ווי דאס איז געווען בגשמיות בפשטות, ועאכו"כ ווי דער ענין איז ברוחניות - ד.ה. אז די צרעה איז געקומען פאר דעם ווי אידן זיינען אריבער דעם ירדן אין פאר כיבוש יריחו, פריער ווי אידן האבן בכלל געהאט צו טאן און מלחמה האבן מיט די אמוריים.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק (בדוחק) ווי מ'קען זאגן "אלולי הצרעה היאך הי' הקב"ה פורע מן האמוריים" - ווארום די צרעה איז געקומען פאר אלע ענינים, און האט אויפגעטאן א חורבן בא די אמוריים נאך איידער ס'איז עפעס געטאן געווארן צו זיי באופן אחר.

כאטש לפי"ז דארף מען נאך אלץ האבן ביאור פארוואס מ'האט געדארפט אנקומען צו צרעה דוקא, און פארוואס איז ניט גענוג געווען דער שפעטערדיקער כיבוש יריחו ע"י יהושע מיט די כהנים און דעם ארון וכו', און דערנאך מלחמת ישראל מיט די גוים.

אבער בנוגע צו מכה צפרדע - איז דאך דאס געווען ניט די ערשטע מכה און ניט די לעצטע מכה וואס דער אויבערשטער האט געשיקט אויף מצרים, פאר צפרדע איז געווען מכת דם און נאך פאר דעם איז געווען דער ענין וואס מטה אהרן "ויהי לתנין" - אבער דאס איז ניט געווען קיין מכה וואס האט פורע געווען מן המצריים, נאר דאס איז געווען א מופת בכדי אז די מצריים זאלן זיך כאפן צום אמת, און נאך צפרדע זיינען געווען אכט מכות מיט וועלכע הקב"ה נפרע במצרים - איז ווי קען מען זאגן אז "אלולי הצפרדע היאך הי' פורע מן המצריים"?!

- ובפרט -

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

ובפרט נאך אז די ערשטע מכה, פאר מכת צפרדע, מכת
דם - האט פורע געווען אין רער עיקר פון מצרים, אין
אלקיהם, ווי עס שטייט אין מדרש[58] "למה לקו המים תחלה
בדם מפני שפרעה והמצריים עובדים ליאור", "לפיכך הלקה
את יראהם ואח"כ הלקה אותם", מיט דעם גאנצן שטורעם
שבזה, אז זיי האבן ניט געהאט קיין וואסער צום טרינקען,
סיידן זיי האבן דאס געקויפט בא די אידן וכו'[59] מיט די אלע
פרטים וואס ווערן דערציילט אין מדרש - איז היתכן אז
"אלולי הצפרדע", וואס איז געקומען ערשט נאך מכה דם,
"היאך הי' פורע מן המצריים"?

און פון דעם הסבר בזה דארף מען אויך ארויסנעמען
א הוראה פאר אונז.

כ. וי"ל הביאור בזה בדא"פ - ובהקדם החילוק צווישען
מכת דם און מכת צפרדע וואס זיי האבן אויפגעטאן אין
מצרים:

מכת דם איז געווען אין די מים פון מצרים, אין נהר
נילוס, ווי עס שטייט אין פשטות הכתובים,

וואס מים איז א דבר הכרחי, ווארום אין דעם איז
תלוי די חיות פון מין המדבר, מין החי און מין הצומח,

און דערפאר האבן סאקע פרעה און די מצריים געדינט
צום נילוס און געמיינט אז דאס איז זייער ג-ט, ווארום
מצרים איז א לאנד וואו עס פאלט ניט קיין רעגען און די
צמיחה פון תבואה וכו' און אלע וואסערן פון לאנד קומען
נאר פון דעם נהר נילוס, וואס ער איז עולה און משקה די
פעלדער[60], און מאכט וואקסן תבואה, זייער מקור החיות והפרנסה,
כמ"ש[60*] "לחם לבב אנוש יסעד", נוסף לזה וואס זיי מוזן
האבן מים צום טרינקען, אין וואס ס'איז תלוי חיותם כנ"ל.

ד.ה. א מכת דם איז געווען אין דעם עיקר ויסוד
וקיום פון מצרים.

ובפרט נאך ע"פ קבלה וחסידות, וואס זיינען מבאר
אז די מצריים האבן געדינט צום נילוס ווייל ער איז סאקע
געווען מקור ההשפעה שלהם מלמעלה, בגשמיות ובפרט
ברוחניות,

און ווי עס שטייט[61] "ונהר יוצא מעדן להשקות הגן
ומשם יפרד והי' לארבעה ראשים שם האחד פישון גו'", וואס
"פישון הוא נילוס נהר מצרים כו'"[62], וואס בחי' "עדן"
איז דער מקור כל ההשפעות, און דערפון ווערט נמשך א נהר,

- וואס -

וואס דורך אים ווערן נמשך אלע השפעות ביז עס קומט אן אין "גן", און דערנאך איז "ומשם יפרד", און עס ווערט נתחלק לד' נהרות, ביז עס קומט אראפ למטה אין נהר פישון, וואס דאס איז נילוס שר של מצרים, און פון אים באקומט מצרים אלע אירע השפעות[63].

און אין דעם נהר נילוס, אין דעם עיקר יסוד וקיום פון מצרים איז געווען מכת דם.

מכה צפרדע איז געווען א מכה פונקט אין דער קצה ההפכי:

ניט נאר וואס די מכה איז ניט געווען אין דעם עיקר פון מצרים, און ניט נאר אין אן ענין טפל - נאר די מכה איז געווען (ווי עס שטייט אין מדרש הנ"ל) אין א זאך וואס איז גאר א יתר, אן איבעריקע זאך, א זאך וואס האט ניט קיין שום תועלת, ואדרבה - "כל יתר כנטול דמי"[64]. א צפרדע איז א דבר מאוס ובזוי איז אין דעם געווען די מכה און דערמיט האט מען געשלאגן די מצריים.

וויבאלד אבער אז עס האט געדארפט זיין "וינצלו את מצרים"[65] - האט מען געדארפט אויפטאן א בירור אין אלע זייערע ענינים, ניט נאר אין ענינים עיקרים און ניט נאר אין ענינים טפלים, נאר אויך אין זייערע ענינים וואס זיינען לכאורה מיותרים, און נאך מער דברים מאוסים וטפלים. דערפאר האט געדארפט זיין מכת צפרדע.

כא. והביאור בזה (פארוואס עס האט געדארפט זיין די צוויי מכות, מכת דם און מכת צפרדע, אויף מצרים) בפרטיות:

קליפת* מצרים (פרעה) איז ערגער ווי די קליפה פון שאר אוה"ע - ווארום אלע אוה"ע "קרו לי' אלקא דאלקיא" (ווי די גמרא זאגט אין סוף מנחות[66]), משא"כ פרעה האט געזאגט[67] "לי יאורי ואני עשיתני", וואס דאס איז ע"ד ווי מציאותו מעצמותו וואס איז נאר בא עצמות ומהות וואס "אינו עלול באיזה עילה שקדמה לו ח"ו"[68], וואס בפשטות איז דאס פארקערט פון קרו לי' אלקא דאלקיא, וואס ער איז מודה אז דער אויבערשטער האט אים מהווה געווען, נאר אויך ער איז אן אלוקה.

עס ווערט אבער נתבאר אין דער דרוש תער השכירה (פון דעם אלטן רבי'ן מיט הגהות והוספות פון צ"צ (געדרוקט אין דרמ"צ[69]), אז אויך פרעה האט מודה געווען אז דער אויבערשטער איז אלקא דאלקיא (משא"כ סנחריב איז געווען חמור מפרעה, וואס ער האט ניט מודה געווען אז דער אויבערשטער איז

- אלקא -

---

*) לשלימות הענין - ראה שיחה ש"פ בשלח.

אלקא דאלקיא) - וואָס דאָס איז ביי מיר אלעמאל געווען ניט
פארשטאנדיק: צו זאגן אז פרעה קרי לי' אלקא דאלקיא איז
לכאורה א סתירה צו זיין זאגן "לי יאורי ואני עשיתני",
אז ער האט זיך אליין געמאכט?!

ביז איך האב געפונען אז דער צ"צ שרייבט* בנוגע
צו פרעה אז ער האט געזאגט "לי יאורי ואני עשיתני רק דקרו
לי' אלקא דאלקיא", ד.ה. ער ברענגט ביידע ענינים צוזאמען**,

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק אז ס'איז קיין סתירה ניט
צווישן זיי. וי"ל הביאור בזה:

קרו לי' אלקא דאלקיא קען מען לערנען אויף צוויי
אופנים: א) אז ער גלויבט אז אלקא דאלקיא האט אים מהווה
געווען און אן אים איז ער כלל ניט קיין מציאות,
נאך דערויף וואס ער איז נתהווה געווארן איז ער א מציאות
לעצמו ובהוקף און האט כח כו': ב) ער זאגט אז ער האט זיך
אליין מהווה געווען, ד.ה. אז מציאותו מעצמותו (ח"ו),
נאר (מצד איזה סיבה צדדית) איז דא א צווייטער
כח וואס איז שטארקער פאר אים, וואס דאס איז אלקא דאלקיא,
און דעריבער האט ער פאר אים מורא.

און ווי פארשטאנדיק פון דער משל וואס ווערט געבראכט
אין דרוש תער השכירה לענין קרו לי' אלקא דאלקיא
פון אן "עבד המורד באדונו דגם שמורד ואינו רוצה לישא עול
- אדוניו -

------------

*) אוה"ת שמות ח"ז ע' ב'תרו.

וכ"ה גם בתו"א נז, א. אבל באוה"ת שם הועתק לשון
זה מתו"א בהוספות בי' וענינים. ובלקו"ת שה"ש כ, ריש
ע"א (ושם הוא הגה"ה מהצ"צ) - בלי כל ביאור כלל.

**) גם בתניא ספכ"ב (כח, א) הובאו ב' הענינים ד"יאור
לי ואני עשיתני" ו"קרו לי' אלקא דאלקיא" בהמשך זל"ז -

אבל מפורש שם עוד יותר מסנחריב ועכ"פ (י"ל בדוחק)
כסנחריב - "אני ואפסי עוד וכמאמר יאור לי ואני עשיתני"
- וכנראה ששם מחלק בין "עיקר ושרש ע"ז" - דקרו לי' אלקא
דאלקיא.

אדוניו מ"מ יודע ומודה שהוא עבד והוא אדונו ומלכו רק שאינו חפץ להיות בביטול אליו" -

וואס דער עבד איז דאך ניט נתהווה געווארן ע"י האדון (ער איז געבארן געווארן צו אן אנדער איש ואשה), נאר מצד א סיבה איז ער געווארן דעם אדון'ס עבד, און צוליב יראה הרצועה אדער יראת העונש האט ער פאר דעם אדון מורא.

עפ"ז קען מען זאגן אז פרעה האט מודה געווען אז דער אויבערשטער איז אלקא דאלקיא כאופן הב' (און שאר אוה"ע זיינען מודה אז דער אויבערשטער איז אלקא דאלקיא כאופן הא'), און דערפאר איז קיין סתירה ניט צווישן פרעה'ס הודאה אין אלקא דאלקיא מיט זיין זאגן "לי יאורי ואני עשיתני", וואדום עס קענען זיין ביידע זאכן צוזאמען.

כב. עפ"ז וועט מען פארשטיין פארוואס דער אויבערשטער האט אנגעשיקט די צוויי מכות, מכת דם און מכת צפרדע, אויף מצרים:

די מצריים האבן טאקע מודה געווען אז דער אויבערשטער איז אלקא דאלקיא, זיי האבן אבער געהאלטן אז (אויך) דער נהר נילוס איז אלקא, א מציאות לעצמו וואס האט אן אייגענע תוקף וכח כו' (ס'איז נאר וואס דער אויבערשטער איז אלקא דאלקיא, אבער דאס איז ניט שולל די מציאות וכח פון דעם נהר), וואדום פון דעם נהר האבן זיי באקומען זייער חיות וקיום, און אין דעם איז באשטאנען זייער עיקר מציאות, כנ"ל.

אויף דעם איז געקומען מכת דם, וואס איז געווען דוקא אין די ענינים הכרחיים פון די מצריים, זייער מים - בכדי צו באווייזן זיי אויף וויפל דער אויבערשטער איז בעה"ב אויף זיי, אז ער איז ניט נאר אלקא דאלקיא (כדעתם), נאר ער איז דער גאנצער בעה"ב אויף זייער עצם מציאות, עד כדי כך אז די גאנצע מים זייערע, דער מקור החיות וההשפעה שלהם, ווערט אוים מים און ווערט דם,

ד.ה. אז די מכה האט באוויזן צו מצרים אז דער אויבערשטער איז ניט נאר אלקא דאלקיא, שם אלקים, ווי פרעה האט בע'טענה'ט[71]"לא ידעתי את ה'", ער ווייס פון דעם שם אלקים, אבער ניט פון שם הוי', נאר "וידעו מצרים כי אני ה'"[72].

כג. אין קליפת מצרים איז אבער געווען (ניט בלויז ווי בא שאר אוה"ע וואס קרו לי' אלקא דאלקיא, נאר אויך) אן

- ענין -

הנחה פרטית בלתי מוגה

ענין מיוחד וואס איז ערגער ווי בא שאר אוה"ע - דער ענין פון (ווי פרעה האט געזאגט) "לי יאורי ואני עשיתני", דער הרגש אז מציאותו מעצמותו (ח"ו).

וואס דערפאר האט געדארפט זיין די מכה פון צפרדע, וואס דוקא די מכה האט שולל געווען דעם ענין פון "לי יאורי ואני עשיתני" (און דעריבער "אלולי הצפרדע היאך הי׳ פורע מן המצריים").

והביאור בזה:

א צפרדע איז דאך לכאורה א דבר מיותר ווי עס שטייט אין מדרש, כנ"ל, וואס "כל יתר כנפול דמי", און דערצו איז דאס א דבר מאוס ובזוי כו׳ - אעפ"כ זאגט מען א כלל אז "לא ברא הקב"ה דבר אחד בעולמו לבטלה"[73], און דאס איז "אני נבראתי לשמש את קוני"[74], און "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא ברא אלא לכבודו"[75], דארף דאס א איד אויסנוצן אין עבודהו לקונו, וואס דאס איז כולל אויך דברים וואס זיינען לכאורה מיותרים און דברים מאוסים כו׳, אז כל מציאותם איז צו מקדש זיין שם שמים, און דורך דערויף מגלה זיין אלקות.

ס׳איז אבער פארשטאנדיק אז בשעת א דבר מיותר כו׳ ווי א צפרדע איז מגלה אז "לא ברא אלא לכבודו" און דאס איז מגלה אלקות - איז דאס באי"ע א גרעסערער גילוי אלקות ווי בשעת מ׳זעט אין א דבר הכרחי אין וועלט, א דבר וואס מ׳מוז האבן בכדי צו לעבן (ווי מים, כנ"ל) און דאס איז מקדש שם שמים און מגלה אלקות - ווארום דאס באווייזט ווי אלקות נעמט אדורך אפילו דברים וואס זיינען מיותרים און דברים מאוסים וכו׳ פון וועלט, וואס דאס באווייזט אויף דער טיפקייט פון דער גילוי אלקות.

איז אין עולם האצילות דארף מען ניט באווארענען אז אויך דברים מיותרים און דברים מאוסים וכו׳ זיינען "לא ברא אלא לכבודו"; אפילו אין עולמות בי"ע, דארף מען דאס אויך ניט באווארענען, און ניט נאר אז מ׳דארף דאס ניט באווארענען אין עשי׳ רוחנית, נאר אפילו אין עשי׳ גשמיות, און נאך נידעריקער דערפון - עשי׳ חומרית דארף מען דאס אויך ניט באווארענען;

וואו דארף מען דאס באווארענען - דוקא אין עולם העשי׳ חומריות גופא, אין דער דרגא הכי תחתונה דארטן גופא - וואס דאס איז ארץ מצרים, וואו ס׳איז דא דער

- הרגש -

הרגש פון "לי יאורי ואני עשיתני" - איז דוקא דארטן
דארף מען פודע זיין מיט צפרדע, וואדום דוקא
דארטן דארף מען באווייזן אז יעדער זאך בעולם,
אפילו א דבר מיותר אדער א דבר מאוס וכו׳ - נעמט זיך
פון דעם אויבערשטן, און דאס איז "לא ברא אלא לכבודו"
- נאר צו מקדש זיין שם שמים און דורך דערויף מגלה
זיין אלקות בעולם.

וואס אין דברים טובים וקדושים איז ניט אזא
חידוש צו זאגן אז זיי זיינען מגלה אלקות, דוקא אין
דברים מיותרים און דברים מאוסים ובזויים כו׳ איז א
חידוש גדול ביותר צו זאגן, אז ניט נאר וואס מ׳איז
זיי ניט מבטל, נאר מ׳איז זיך מיט זיי משתמש לשם
שמים - צו פורע זיין אין מצרים פאר ניט פאלגן וואס
דער אויבערשטער האט זיי געהייסן.

איז בא כנען וואס בא זיי איז ניט געווען "לי
יאורי ואני עשיתני" - האט מען דערצו ניט געדארפט
אנקומען; משא"כ אבער בא מצרים וואס בא זיי איז דא
דער הרגש פון "לי יאורי ואני עשיתני" האט מען דערצו
געדארפט אנקומען,

ואדרבה - דוקא דורך דערויף האט מען שולל געווען
דער ענין אין וואס מצרים טיילט זיך אויס פון שאר
אוה"ע - וואט דעריבער איז "אלולי הצפרדע היאך הי׳
פורע מן המצריים": דוקא בשעת ס׳איז געווען מכת צפרדע
האט מען געקענט זאגן אז מ׳האט פורע געווען אין מצרים,
וואס בא זיי איז "לי יאורי ואני עשיתני".

משא"כ די אנדערע מכות האבן אויפגעטאן אנדערע
ענינים: מכת דם האט אויפגעטאן אין די דברים הכרחים
פון די מצריים וואס אין דעם איז באשטאנען עיקר מציאותם,
פונקט דער קצה ההפכי פון מכת צפרדע (כנ"ל ס"ב), ועד"ז
די אנדערע מכות, ווי מכת ערוב און מכת בכורות, זיינען
געווען אין ענינים עיקריים פון די מצריים, ובפרט מכת
בכורות - ווארום די בכורי מצרים זיינען די וואס זיינען
דער תוקף און מובחר פון די מצריים[76].

כד. לפי"ז ווערט אבער א שאלה:

מכת צפרדע איז לכאורה ניט געווען די איינציקע
מכה אין א דבר מיותר, א דבר בזוי ומאוס - מכת כנים
און מכת ארבה זיינען לכאורה אויך אין אזעלכע ענינים -

- איז -

איז פארוואס "אלולי הצפרדע היאך הי' פורע מן המצריים"?

איז בנוגע צו ארבה באמת קיין שאלה ניט – ווארום ארבה איז א מאכל אדם וואס ווערט דם ובשר כבשרו[77], ביז אז עס זיינען דא מיני ארבה וואס זיינען כשר (זיי האבן סימנים כו'[78]), וואס א איד קען זיי אויך עסן, און עס זיינען דא מיני ארבה וואס זיינען ניט כשר, אבער אויך זיי זיינען א דבר מאכל וואס א ניט איד קען עסן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ארבה איז ניט קיין ענין מיותר ודבר מאום כו'.

מ'דארף אבער פארשטיין בנוגע צו מכת כנים, וואס לכאורה איז כנים א דבר מיותר כו'?

איז דער ביאור בזה:

ס'איז ידוע דער מאמר פון דעם אלטן רבי'ן (און צ"צ)[79] אויף דער מאמר הגמרא אין בבא בתרא[80] "רבי בנאה הוה קא מציין מערתא כי מטא למערתא דאברהם אשכחי' לאליעזר עבד אברהם כו' א"ל מאי קא עביד אברהם, א"ל גאני בכנפה דשרה וקא מעיינא לי' ברישי'", אז שרה האט דאס געטאן בכדי ארויסצונעמען די כנים פון שערות אברהם.

איז אויב כנים וואלטן געווען א דבר מיותר – וואלט די מציאות פון כנים ניט געקענט זיין ביי אברהם'ן, און מ'וואלט ניט געדארפט אנקומען אז שרה זאל זיי אויסריינ יקן.

איז פארשטאנדיק אז כנים האבן א שייכות צו מעלה און שלימות. והביאור בזה:

בשעת עס ווערן נשלט שערות וצפרנים פון א מענטשן באווייזט דאס אויף שלימות האדם, ווארום דאס איז א סימן אז ער איז א בר קיימא[81], און דוקא ווען ס'איז דא די שלימות פון שערות ביי א מענטשן, ווערט דערפון פסולת, און פון די פסולת ווערט נתהווה כנים (כמבואר אין דעם מאמר הנ"ל).

איז דערפון פארשטאנדיק, אז אע"פ וואס כנים איז טאקע פסולת וכו' – קען מען דאס אבער ניט אנרופן א דבר מיותר לגמרי, ווארום דאס ווערט פארט פון שלימות האדם, פון דער שלימות פון שערות.

כה. די הוראה מהנ"ל אין עבודת האדם:

יעדער איד האט זיין מקור פאר פרנסה, וואס דאס איז

- געגליכן -

נעגליכן צו דעם ענין פון מים (ע"ד ווי מים פון נהר נילוס, איז דער מקור פון פרנסת מצרים), ווארום דאס איז א דבר הכרחי ביי אים, בכדי ער זאל קענען לעבן.

זאגט מען אים, אז ס'איז רעכט אז צוליב א כוונה פון דעם אויבערשטן זאלן די "מים" (מקור פרנסתו) ווערן אויס "מים" און ווערן "דם", בכדי אז דורך דערויף זאל ווערן א קידוש שם שמים, "אתקלא שם שמים".

אין פשוט'ע אותיות:

א איד דארף אפגעבן פון זיין פרנסה (מקור חיותו) אויף צדקה, וואס דאס איז "חיי נפשו", וכמבואר אין תניא[82], אז אפילו בשעה ער איז זיך ניט מתייגע אין מלאכתו ופרנסתו און ער גיט דערפון אויף צדקה, איז דאס אויך "חיי נפשו", ועאכו"כ בשעת ער איז טרוד אין דער פרנסה.

וואס דורך דערויף באווייזט א איד אז מקור פרנסתו, "מים", איז ניט א זאך פאר זיך, נאר ס'איז דא א רבונו של עולם וואס פירט אן דערמיט.

כו. נוסף לזה ועיקר:

דער גאנצער צוגאנג פון א אידן צו מקור פרנסתו דארף זיין, אז ניט נאר איז מקור הפרנסה ניט קיין מציאות פאר זיך און ס'האט א בעה"ב איבער זיך, נאר ס'איז באמת גאר קיין מציאות ניט, אז פון "מים" ווערט נתהפך צו "דם", באווייזט עס אז מים איז כלל קיין מציאות ניט.

אויב אבער די הנהגה איז באופן אחר, טויג עס ניט און ס'קען דערפון ארויסקומען אן ענין שלא כדבעי: א דוגמא דערצו קען מען זען בא דעם פארברייינגען גופא:

עס זיינען דא אזוינע (ובפרט אין ניו-יארק) וואס בעת ההתועדות בשבת טראכטן זיי מחשבות אין מסחר - ווי ער האט געדרייט געכטן און ווי ער וועט דרייען מארגן.

וואס פון די אלע מחשבות איז דאך ניטא קיין תועלת בנוגע לפועל, און ער אליין ווייסט דערפון אז ס'איז ניטא קיין תועלת.

פון וואנעט ווייסט ער? ער האט א ראי' פון דעם עבר: בא דעם פארברייינגען לפנ"ז האט ער אויך געהאט אזעלכע מחשבות, ועד"ז צוויי פארברייינגען און דריי פארברייינגען לפנ"ז - און ס'איז דערפון גארניט ארויסגעקומען קיין תועלת לפועל אין זיין מסחר.

- אפילו -

החנה פרטית בלתי מוגה

אפילו אויב ס'זאל דערפון עפעס יע ארויסקומען – איז דאך שבת ניט די צייט צו טראכטן וועגן דעם; ועאכו"כ אז פון רובו פון די מחשבות ווי צו דרייען וכו' קומט ניט ארויס קיין תועלת.

טענה'ט ער, אז דאס גייט אריין אין דעם גדר פון "עבר ושנה הותרה לו"[83] – ער פארגעסט אבער אז די גמרא זאגט ניט נעשה היתר, נאר "נעשה כהיתר", מיט א כ"ף הדמיון.

און דערצו קומט נאך צו, אז אויב ער טראכט אזעלכע מחשבות בעת'ן פארברייינגען – ווערט דאס אן ענין פון ביטול תורה:

וואלט ער געזעסן באם פארברייינגען און ארויסגענומען דערפון אן ענין פארבונדן מיט תומ"צ, צו מוסיף זיין חיות אין עבודתו בתומ"צ וכו' – איז דעמולט גדול ביטולה של תורה וואס ברענגט שפעטער צו א חיזוק און חיות אין תומ"צ[84];

אבער אויב ער זיצט סתם באם-פארברייינגען און טראכט ווי ער האט נעכטן געדרייט און ווי ער וועט מארגן דרייען אין מסחר – איז דאס ממש אן ענין פון ביטול תורה, ווארום אויב ער וואלט ניט געזעסן דאס פארברייינגען. וואלט ער אפשר אויפגעגעבן א סך, אין אי[illegible]נגעקוקט און עפעס געלערנט. און כאטש אז אויך דעמולט וואלט זיין מחשבה געווען אין זיינע ענינים, אבער עכ"פ זיין דיבור וואלט געווען אין דעם וואס עס שטייט אין ספר, און ער וואלט עכ"פ מקיים געווען מצות ת"ת בדיבור, ווי א גוף בלא נשמה, כמבואר בתניא[85],

משא"כ בשעת ער זיצט באם פארברייינגען ער רעדט דאן ניט בד"ת; די מחשבה זיינע ארבעט אבער יע, און וואס טראכט ער – ער טראכט המצאות ווי ער וועט קענען דרייען אין מסחר, און דרייען יענעם וכו' איז דאס דאך ביטול תורה.

זיין מחשבה גייט נאך ווייטער: ער ווארט און קוקט אויפן זייגער ווען וועט מען שוין קענען מאכן הבדלה, וואס דעמולט וועט ער קענען מצרף זיין די מחשבה באם פארברייינגען – וואס "במקום שמחשבתו של אדם שם הוא נמצא"[86] – למעשה[87]:

באלד נאך הבדלה וועט ער קענען אנקלינגען א צווייטן

– און –

הנחה פרטית בלתי מוגה

און אויך יענעם מבלבל זיין און פארדרייען מיט זיין המצאה - וואס איז באשאפן געווארן בעת'ן זיצן בא דער התוועדות - ווי צו דרייען און באקומען א ריוח. און בשעת יענער איז אים מסביר ווי די המצאה וועט גארניט אויפטאן און וועט ניט ברענגען קיין ריוח - האט ער זיך עכ"פ אראפגערעדט פון הארצן פאר יענעם!

כז. וואס דאס איז א דוגמא וואו מקור פרנסתו פון א מענטשן ווערט בא אים צופיל מציאות, ביז אז דאס איז אים מבלבל מעבודתו, כמבואר בתו"א[87] ד"ה מים רבים לא יוכלו לכבות את האהבה ונהרות לא ישטפוה[88].

און דערפאר דארף מען מאכן פון דעם "מים", מקור פרנסתו - "דם", מ'דארף ביי זיך מבטל זיין די מציאות פון מקור פרנסתו, ניט אז דאס איז א דבר בפ"ע און ער איז אויף דעם בעה"ב, נאר דאס קומט פון דעם אויבערשטן און באמת איז דאס לגמרי קיין מציאות ניט, ע"ר ווי פון דער מים, דער מקור הפרנסה והחיות וההשפעה פון מצרים, איז געווארן ום, ובלשון הידוע[88*] אז דאס זאל ביי אים זיין "בלא לב ולב".

דער חילוק איז אבער אז בא מצרים איז דאס געווען מכת דם, משא"כ בא אידן אין עבודת האדם איז דאס ניט קיין מכה ח"ו, און דורך דערויף וועט אים ניט פעלן ח"ו אין זיין פרנסה, נאר אדרבה, דאס איז אן ענין פון "רפוא"[89]: מ'נעמט נאר צו דעם ענין המים פון דעם "מצרי" שבקרבו, וואס דאס איז די נה"ב - אז אין זיין חלל השמאלי זאל לפי שעה זיין "דם" אנשטאט "מים"; אבער בעת מעשה (ווען בחלל השמאלי, בא דעם "מצרי", איז דא "דם" איז) אין דעם אידן שבקרבו, און דער נה"א, בחלל הימני איז דא "מים"; אין דער זעלבער רגע וואס "נגוף למצרים" איז "רפוא לישראל"[89*].

כח. דערנאך קומט צו די הוראה פון מכת צפרדע - אז מ'דארף מבטל זיין ניט נאר די ענינים הכרחיים וואס מ'דארף האבן צום לעבן, ועי"ז מגלה זיין אין דעם ג-טלעכקייט (אז פון מים ווערט דם) - נאר אפילו אין די דברים וואס זיינען לכאורה מיותרים אין וועלט און דברים מאוסים וכו', דארף מען אויך אין זיי מגלה זיין ג-טלעכקייט.

והענין בזה:

יעדער איד האט דער שליחות פון דעם אויבערשטן וע"י כ"ק מו"ח אדמו"ר צו מאכן א דירה לו יתברך בתחתונים -

- צו -

צו פארשפרייטן אידישקייט אומעטום.

מ'געפינט זיך אבער אין א וועלט וואו די השפעה צו אידן קומט אן ע"י שרים פון אוה"ע וואס זיינען שייך למדינה וואו דער איד געפינט זיך, וואס דערפאר, בשעת דער איד וויל מקיים זיין שליחותו בעולם, דארף ער ארויסגיין אין וועלט און האבן צו טאן מיט ניט-אידן [ניט ווי ס'איז געווען בזמן שלמה, ווען מלכת שבא האט אליין געבראכט צו אים די ניצוצי קדושה],

וואס כאטש א ניט איד דארף און קען מקיים זיין זיינע שבע מצוות - איז אבער אלע אנדערע ענינים מיט וואס ער פארנעמט זיך, סוט ער זיי ניט לשם שמים, און ער דארף גאר די ענינים ניט טאן לשם שמים, ווארום ער האט ניט דעם ציווי פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים", [וואס דאס גופא דארף טאקע האבן ביאור פארוואס ניט-אידן האבן ניט דעם ציווי] -

איז בשעת דער איד, וואס זיינע מעשים דארפן זיין לשם שמים, האט צו טאן מיט דעם ניט-אידן - קען זיך צו דעם אידן עפעס צוקלעפן, ע"ד ווי מ'זאגט[90] "המתאבק עם מנוול מתנוול ג"כ".

כט. האט מען דערויף די עצה און הוראה פון מכת צפרדע:

די גמרא זאגט[91] "ת"ח שנמצא רבב על בגדו וכו'", א רבב על בגדו פון אן עם הארץ, איז ניט קיין געוואלדיקע זאך, ווארום ביי אן עם הארץ איז דאס א דבר הרגיל, וויבאלד ער האט צו טאן מיט א חמור, מיט א מרדעת וכו'; בשעת מ'געפינט אבער א רבב על בגדו פון א ת"ח, דירט עס אן אין זיין עצם מציאות, און דערפאר איז דער עונש זיינער פארבונדן מיט זיין עצם מציאות.

וואס דאס איז ברוגמא פון ענין הנ"ל, אז בשעת א איד גייט ארויס אין וועלט און האט צו טאן מיט גוים, קען זיך עפעס צוקלעפן.

זיינען דערביי פאראן צוויי אופנים ווי צו פטור ווערן פון דעם רבב שעל בגדו:

א) ער קען דאס אראפווארפן פון בגד, אינגאנצן מבטל זיין,

אדער נאך טיפער: ב) כתורת הבעש"ט, אז פון יעדער זאך וואס א איד זעט אדער הערט נעמט ער ארויס אן

- ענין -

ענין אין עבודת השם - איז אפילו בשעת ער האט צו טאן מיט א דבר מיותר לגמרי לכאורה, אדער א דבר בזוי ומאוס וכו' - איז ער דאס ניט מבטל און מאכט דאס פאר אויס מציאות, אר ער נוצט דאס גופא לעבודת ה'. אז דאס גופא זאל מגלה זיין אלקות,

ועוד יותר, אז עס זאל זיין ביידע זאכן:

ער דארף דאס טאקע אראפווארפן מבגדו, אבער דאס גופא זאל ער טאן באופן וואס איז מקדש שם שמים.

און ווי מ'דארף דאס טאן - איז ידע אינש בנפשי' כל חד וחד לפום שיעורא דילי'.

ל. און בנוגע צו די ביידע עבודות - די עבודה וואס מ'נעמט ארויס פון מכת דם, אז אין די דברים הכרחיים וואס א איד דארף צוליב חיותו, זאל ער דארטן מגלה זיין אלקות, אז דער אויבערשטער איז דערויף בעה"ב און דאס איז קיין מציאות ניט, און די עבודה וואס מ'נעמט ארויס פון מכת צפרדע, אז אויך אין דברים מיותרים (לכאורה) און דברים מאוסים כו' דארף מען מגלה זיין אלקות, און אויך דאס אויסנוצן אין עבודת ה' (כתורת הבעש"ט) -

האט מען די הבטחה אז דאס וועט ניט זיין אין אן אופן פון "נגוף", ווי דאס איז געווען למצרים, נאר אין אן אופן פון "רפוא לישראל",

וכמארז"ל[93]"עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים", ווי מפרשים[94]זיינען מפרש, אז די עשרה נסים זיינען דאס וואס יערער מכה פון די "עשר מכות" וואס "הביא הקב"ה על המצריים", האט ער פון איר געראטעוועט די אידן, קומט אויס אז "עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים".

וואס דערפון קומט אויס, אז דאס וואס די מכות זיינען ניט געווען בא די אידן כאטש זיי זיינען געקומען אויף די מצריים, איז עס ניט ווי די מכות וואלט דער אויבערשטער לכתחילה אויף זיי ניט געשיקט - נאר דא איז געווען א נס ("עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים"), אז די מכות וואס זיינען געווען בא די מצריים האבן ניט געשעדיקט די אידן, וואס א נס איז מלשון[95]"ארים נסי"[96], דאס האט זיי אויפגעהויב העכער ווי זיי וואלטן יעשטאנען אן דעם נס,

וואס דאס איז דער פשט פון "נגוף למצרים (און צוזאמען דערמיט) רפוא לישראל", וואס "רפוא", דער ענין הרפואה, איז ניט ווי לכתחילה "לא אשים עליך", נאר רפואה - באווייזט -

באווייזט אז ס'איז געווען א מציאות כך וכך און דערפון איז מען נתרפא געווארן, וואס דאס איז נאך א גרעסערע מעלה ווי מלכתחילה וואלט ניט געווען וואס צו היילן, וווארום דורך דער ירידה איז מען דערנאך אויפגעהויבן געווארן נאך העכער ווי מ'איז פריער געשטאנען-"ארים ניסי".

ומה-דאך אז דאס איז אזוי געווען ביי די אידן אין ארץ מצרים ווי מצרים איז געווען פאר מ"ת - ט"כו"כ אז אזוי איז עס איצטער,

אז די הוראות וואס מ'נעמט ארויס אין עבודת ה' פון די צוויי מכות, מכת דם און מכת צפרדע, איז ניט ח"ו אן ענין פון מכות, נאר אן ענין פון "רפוא", דאס זיינען נסים-דאס זיינען צוויי אופנים גילוי אלקות, אז עס זאל ניט זיין "לא ידעתי את ה'", ווי ס'איז געווען בא מצרים (בא פרעה), נאר עס זאל זיין""ונגלה כבוד ה' גו'"[98] : איין אופן אז אלקות איז אין די ענינים הכרחיים פון חיי אדם, און דער צווייטער אופן ווי אלקות ווערט נתגלה אפילו אין דברים לכאורה מיותרים און דברים שפלים אין וועלט, כנ"ל באריכה.

לא. ויה"ר אז מ'זאל טאן די ביידע עבודות הנ"ל ומתוך שמחה וטוב לבב,

ובפרט אז אידן האבן די ידיעה אז זיי זיינען מלכים, ווי עס שטייט אין הקדמה פון תקו"ז; ואפילו ווי דאס שטייט אין מס' שבת[99] ובכ"מ אז זיי זיינען "בני מלכים", פועל'ט דאס אויך שמחה.

און די שמחה נעמט דעם "באור פני מלך חיים"[100] , ווי גערעדט-אין דער התוועדות פון כ"ד טבת, ביז אז די שמחה איז פורץ גדר, כולל די גדרים פון גלות.

און פון דער הילולא פון כ"ד טבת קומט מען צו דער הילולא פון עשירי בשבט "העשירי יהי' קודש"[101], און אויך מתוך שמחה,

און אין אופן פון להעלות בקודש, אז מ'איז מוסיף והולך ואור ביז צו אין סוף, אין דעם אין סוף פון די גאולה האמיתית והשלימה שאין אחרי' גלות[102] , וויבאלד אז די וועט זיין א גאולה נצחית, במהרה בימינו ממש.

* * *

לב. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה ויאמר ה' אל משה ואל אהרן לאמר גו' קח את מטך גו'.

* * *

- לג. -

הנחה פרטית בלתי מוגה

לג. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פירוש פון פרשת השבוע, און אויך אן ענין אין די הערות אויפן זהר פון פרשתנו (פ' וארא).

אין פרשתנו איז דא א רש"י וואס איז כולה מוקשה. וכמדובר כמה פעמים, שטעלן זיך מפרשים אויף כמה פרטים אין דער רש"י, אבער אויף א פשוט'ער קשיא, א קלאץ קשיא, שטעלט זיך קיינער ניט.

נאך דערויף ווי רש"י איז מפרש די פסוקים (בריש הפרשה) "וידבר אלקים אל משה גו' וארא אל אברהם וגו'" (וואס דער אויבערשטער האט געענטפערט משה'ן אויף טענתו "למה הרעותה לעם הזה גו'" (סוף פ' שמות))- ע"פ פשוטו של מקרא, איז רש"י[103] מפרש די אלע פסוקים ע"ד הדרוש:

"ורבותינו דרשוהו[104] לענין של מעלה, שאמר משה למה הרעותה. אמר לו הקב"ה חבל על דאבדין ולא משתכחין יש לי להתאונן על מיתת האבות, הרבה פעמים נגליתי עליהם בא-ל שדי ולא אמרו לי מה שמך ואתה אמרת מה שמו מה אומר אליהם.

"וגם הקימותי וגו'[105], וכשביקש אברהם לקבור את שרה וכו', וכן ביצחק ערערו עליו וכו', וכן ביעקב ויקן את חלקת השדה לנטות אהלו וכו'[106], (און ער רעכנט אויס בפרטיות דעם לא טוב וואס ס'האט געטראפן יעדערן פון די אבות האט געהאט צרות), ולא הרהרו אחר מדותי ואתה אמרת למה הרעותה".

און רש"י איז מסיים: "ואין המדרש מתיישב אחר המקרא מפני כמה דברים, אחת שלא נאמר ושמי ה' לא שאלו לי כו', ועוד היאך הסמיכה נמשכת בדברים שהוא סומך לכאן[107] וגם אני שמעתי וגו' לכן אמור לבני ישראל, לכך אני אומר יתיישב המקרא על פשוטו דבר דיבור על אופניו והדרש תדרוש שנאמר[108] הלא כה דברי כאש נאום ה' וכפטיש יפוצץ סלע מתחלק לכמה ניצוצות".

לד. דארף מען פארשטיין:

א) וויבאלד אז "אין המדרש מתיישב אחר המקרא כו'", ווי רש"י אליין זאגט - איז פארוואס ברענגט ער דעם מדרש, און נאך אזוי בפרטיות ובארוכה?!

עניניו פון רש"י אין חומש איז צו מפרש זיין די פסוקים ע"פ פשוטו של מקרא, ווי ער אליין זאגט[109] "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא", וואס דערפאר ברענגט ער ניט קיין מדרשים, ווייל דאס איז ניט ענינו;

- וועו -

הנחה פרטית בלתי מוגה

וועז ברענגט רש"י יע פון מדרש - דוקא ווען דער פירוש ע"פ פשט איז נים מספיק צו מפרש זיין די פסוקים; אבער אויך דעמולט, ע"פ רוב, דערמאנט ער נאר אז אין מדרש איז דא א פירוש אין דעם פסוק, אדער כמה פירושים, ער איז אבער נים מעתיק וואס עס שטיים אין מדרש;

אפילו ווען רש"י איז יע מעתיק א מדרש, איז דאס נאר ווען עפעס פעלט אין פירוש הפשט און דער פירוש אין מדרש פארענטפערט עס וכדומה,

אבער בנדו"ד שרייבט רש"י נאכן מעתיק זיין דעם מדרש, "אין המדרש מתיישב אחר המקרא כו׳, לכך אני אומר יתיישב המקרא על פשוטו דבר דיבור על אופניו", ואעפ"כ איז ער נים נאר מעתיק דעם מדרש, נאר ער איז אים מעתיק מים אלע פרטים ובאריכות?!

ב) פאר אונזער פסוק (אין פ׳ וארא) ברענגט רש"י כמה פעמים פון מדרש, אין א גאנצן חומש בראשית און אין פ׳ שמות אוך ער איז גארנים מוסיף - היינט פארוואס ערשט בפרשתנו זאגט ער "והדרש תדרוש" און ברענגט דערצו די ראי׳ פון פסוק "שנאמר הלא כה דברי כאש נאום ה׳ וכפטיש יפוצץ סלע מתחלק לכמה ניצוצות", און נים פריער אין איינעם פון די ריבוי פעמים וואו ער ברענגט פון מדרש?!

נאכמער: אין פ׳ בראשית[110] זאגט רש"י אויף א פסוק "יש מדרשי אגדה רבים וכבר סדרום רבותינו על מכונם בב"ר ובשאר מדרשות ואני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא ולאגדה המיישבת דברי המקרא דבר דיבור על אופניו" - וואלט דארטן לכאורה געפאסט ברענגען די ראי׳ פון "הלא כה דברי כאש נאום ה׳ וכפטיש יפוצץ סלע" וואס איז "מתחלק לכמה ניצוצות", אז אין איין פסוק זיינען דא כמה פירושים, און דעדפאר איז "הדרש תדרוש"?

ובפרט אז די רש"י אין בראשית איז בתחלת פירוש רש"י על התורה - איז אויב ער וואלט עס געבראכט דארטן וואלט עס געווען ווי א כלל צו גאנץ פירוש רש"י על התורה?

לה. דעם עצם פסוק וואס רש"י ברענגט, "הלא כה דברי כאש נאום ה׳ וכפטיש יפוצץ סלע מתחלק לכמה ניצוצות", אז אין איין פסוק זיינען דא כמה פירושים - דארף מען אויך פארשטיין:

עד"ז ווי רש"י ברענגט פון דעם פסוק, ברענגט זיך

- אין -

לו. אויך דארף מען פארשטיין:

אין מס' שבת שם אויף די ווערטער פון גמרא "מה פסיש זה נחלק לכמה ניצוצות כו'" - איז רש"י מפרש: "מה פסיש מתחלק הסלע על ידו לכמה ניצוצות".

ד.ה. אז רש"י באווארנט אז ניט דער פטיש איז מתחלק אויף כמה ניצוצות, נאר דער סלע (ע"י הפטיש) מתחלק לכמה ניצוצות.

איז מה-דאך אז רש"י דארף דאס באווארענען אין גמרא פאר א בן עשר למשנה און פאר א בן חמש עשרה לגמרא[116] - איז עאכו"כ אז ער האט עס געדארפט באווארענען פאר א בן חמש למקרא אין חומש. פארוואס שרייבט ער בפירושו אין חומש סתם "וכפטיש יפוצץ סלע מתחלק לכמה ניצוצות", ניט אויסטייטשנדיק צי דער סלע ווערט מתחלק אדער דער פטיש מתחלק לניצוצות?

מפרשים[117] זאגן, אז רש"י בפרשהנו לערנט ווי ער טייטשט אין גמרא שבת (אז דער אבן ווערט מתחלק ע"י הפטיש), ניט ווי תוס' און דער ר"ת לערנען דארטן[118] - אבער מ'קען ניט זאגן אז רש"י על התורה וואס לערנט ביט א בן חמש למקרא פשוטו של מקרא פארלאזט זיך אויף דעם וואס ער איז מפרש אין גמרא.

מיט נאך כמה דיוקים, וואס דארפן אלע זיין פארשטאנדיק בפשטות פאר א בן חמש למקרא, ניט אנקומענדיק צו קיינע מפרשים.

לז. אין די הערות אויפן זהר פון פרשתנו[119] רעדט ער וועגן אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פטירת צדיקים.

ער שטעלט זיך אויף דעם וואס עס שטייט אין זהר בנוגע צו ההתלקות פון רשב"י,[120] "ווי כד תתחלק מעלמא וישתאר עלמא יתום מינך מאן יכיל לאנהרא מלין דאורייתא", און ער פרעגט: "לכאורה וישתאר עלמא יתום מינך למותר נוא כי ממילא מובן שכשיסתלק ישאר העלמא יתום מבנו, ומאי בעי בזה במה שהוסיף לומר וישתאר עלמא יתום מינך?"

און ער איז דאס מבאר (אויך) ע"פ המבואר אין אגה"ק סכ"ז וביאורו, אז לאחר פטירתו פון א צדיק "שבק חיים לכל חי"[121], און זיינע תלמידים וואס זיינען געווען מיט אים פארבונדן בחייו זיינען פון אים דעמולט מקבל מ"רוחו העצמיות" שבגן עדן, וואס דאס איז א המשכה פנימית, און זיי זיינען פון אים אויך מקבל א צווייטע הארה וואס איז

- זיך -

הנחה פרטית בלתי מוגה

זיך ניט מתלבש בהם בפנימיות ווי די ערשטע המשכה, ס'איז נאר בבחי' מקיף ("רק מאירה עליהם מלמעלה") "בהעלם והסתר גדול"?

ועפ"ז איז ער מבאר אין דער הארה די צוויי לשונות "כד תתלק בעלמא" און "וישתאר עלמא יתום מינך":

"כד תתלק בעלמא הוא על התלקות בחי' הראשונה האמור באגה"ק שם שמבחי' הרוח דהרב (שהיא מתפשטת בתלמידיו, ומהעולם נסתלקת) וישתאר עלמא יתום מינך הוא מהבחי' השני' מהאור זרוע לצדיק שנזרע בעליית רוחו ונשמתו למקור חוצבו לחקל תפוחין קדישין כו' שגם בתלמידיו היא מאירה עליהם רק מלמעלה בהעלם והסתר גדול כמש"ש, הנה העלמא (לא תלמידיו) ישאר יתום לגמרי מזה כי על עלמא אינה מאירה ההארה הזאת אפילו בבחי' העלם ומקיף מלמעלה ג"כ לא".

מ'פרואווט דאך אויף יעדער זאך צו געפינען אויך א רמז אין נגלה דתורה – עד"ז דארף מען וויסן וואו איז דער ענין הנ"ל נרמז אין נגלה דתורה?

וואס באמת איז די זעלבע שאלה אויך אויף דער אגה"ק הנ"ל, און דארסן קומט צו נאך א שטארקערע שאלה:

ער איז דארטן מבאר (אין אגה"ק) דעם מאמר הזהר[122] אז "צדיקא דאתפטר אשתכח בכלהו עלמין יתיר מבחיוהי" (ווי געברא כט אויך אין דער הערה),

וואס לכאורה איז ניט נאר וואס דאס שטייט ניט אין נגלה – נאר אדרבה; אין נגלה שטייט בפשטות גאר פארקערט!

וכפי שיתבאר לקמן.

לח. דער ענין הנ"ל – אז די תלמידים זיינען מקבל פון רבם אחר פטירתו אין צוויי אופנים כו', און אז "צדיקא דאתפטר אשתכח בכלהו עלמין יתיר מבחיוהי" – איז עס אזוי, צי מ'פארשטייט דאס, מ'פילט דאס אדער ניט; צי דאס דארף האבן ביאור והסבר – אזוי ווי די אגה"ק גופא האט אויף זיך א ביאור, און עס קען זיין אז דאס גופא דארף האבן ביאור – צי דאס דארף ניט האבן ביאור והסבר; דער ענין איז זיכער אמת.

דער ענין איז געווים אמת, און דער עיקר איז, אז דאס דארף ברענגען לידי מעשה,

וידוע הסיפור פון דעם רבי'ן נ"ע (ווי שוין געדרוקט[123]), אז ס'איז געפארן א וואגן מיט פערד געפירט

- דורך -

דורך א בעל עגלה, און חכמים זיינען געזעסן אין דעם וואגן און גערעדט דברי חכמה.

די פערד וואס שלעפן דעם וואגן טראכטן וועגן דעם האבער וואס זיי וועלן באקומען ווען זיי וועלן אנקומען צו זייער ארט, צום שטאל, און דערפאר לויפן זיי וואס שנעלער;

דער בעל עגלה וואס פירט דעם וואגן, ער טראכט וועגן די פאר קאפיקעס (צי עטלעכע רובל) וואס ער וועט באקומען פאר זיין פירן דעם וואגן, וואס הערמיט וועט ער קענען מפרנס זיין זיך מיט אשתו ובני ביתו;

איז צי דען - האט דער רבי נ"ע מסיים געווען - וואס די פערד טראכטן וועגן האבער און דער בעל עגלה טראכט וועגן די פאר קאפיקעס וואס ער וועט באקומען - רירט עס דען אן אין דער אמת'קייט פון דער חכמה וואס די חכמים רעדן אין דעם וואגן ח"ו?!

וואס פון דעם סיפור איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס די חכמים האבן גערעדט חכמה אין דעם וואגן און די אמת'קייט פון דער חכמה, איז ניט שולל די מציאות אז דא זיינען טאקע געווען פערד וואס האבן געטראכט וועגן האבער, ועד"ז א בעל עגלה וואס האט טאקע געטראכט וועגן פרנסה; ס'איז בלויז וואס כאטש די פערד טראכטן וועגן האבער און דער בעל עגלה טראכט וועגן די פאר רובל פאר פרנסתו - רירט עס ניט אן אין דער אמת'קייט פון דער חכמה פון די חכמים וואס זיצן אין דער עגלה.

און וויבאלד אז דאס איז א משל ודוגמא אין תורה. איז פארשטאנדיק אז יעדער פרט פון דער סיפור איז מכוון און אמת, ד.ה. אז אלע דריי ענינים, וואס די פערד טראכטן וועגן האבער, דער בעל עגלה טראכט וועגן פרנסתו און די חכמים רעדן אין חכמה - זיינען אלע אמת, יעדערע איז אמת בעולמו.

פון דעם סיפור איז אויך פארשטאנדיק, אז פונקט ווי דאס וואס די פערד האבן זינען אין האבער און וואס דער בעל עגלה טראכט וועגן פרנסה זיינען פארבונדן מיט א נסיעה, אז די פערד לויפן שנעל בכדי פריער אנקומען צום מקום וואו זיי וועלן באקומען האבער, און דער בעל עגלה פירט די עגלה טראכטנדיק וועגן די געלט וואס ער וועט קריגן פאר זיין פרנסה אנקומענדיק צום ארט וואו ער דארף אנקומען -

- אזוי -

הנחה פרטית בלתי מוגה

אזוי מוז מען אויך זאגן, אז די חכמים מיט דער חכמה וואס זיי האבן געהעדט, איז פארבונדן מיט א נסיעה, אז דורך דער נסיעה וועלן זיי צוקומען צו נאך א העכערע שלימות אין זייער חכמה - ווארום אויב ניט, איז ניט פארשטאנדיק אין דעם סיפור די שייכות צווישן די חכמים מיט דעם וואס זיי זיינען געפארן אין אן עגלה און דעם סיום הסיפור, אז צי דען דאס וואס די פערד טראכטן וועגן האבער און דער בעל עגלה טראכט וועגן געלט - רירט עס אן אין דער אמת'קייט פון דער חכמה וואס די חכמים האבן גערעדט, ווייל דאן זיינען די פערד און האבער און דער בעל עגלה מיט די געלט פארבונדן מיט דער נסיעה, משא"כ די חכמים מיט דער חכמה זיינען ניט פארבונדן מיט קיין נסיעה, איז דערפון גופא מוכח, אז אויך די חכמים מיט דער חכמה זיינען פארבונדן מיט א נסיעה בכדי צו דערגרייכן א העכערע שלימות אין חכמה.

ד.ה. אז דא איז געווען א נסיעה און אין דער נסיעה גופא זיינען דא דריי דרגות: די דרגא פון די פערד וואס ווילן אנקומען למקומם צו באקומען האבער, די דרגא פון דעם בעל עגלה וואס וויל אנקומען למקומו צו באקומען פרנסתו, און די דרגא פון די חכמים וואס ווילן אנקומען למקומם בכדי באקומען א העכערע שלימות בחכמתם.

לס. והביאור בכל זה בעבודה:

עבודת ה' בכלל איז דער ענין פון א "נסיעה" אויפן "דרך ה' לעשות צדקה ומשפט"[124], בכדי אנצוקומען פון דער דרגא וואו מ'האלט צו א העכערע' דרגא (אנהויבנדיק ווי דאס איז געווען בא מ"ת).

וואס דאס איז א דרך מלמעלמ"ט און מלמטלמ"ע - אז ס'איז דא א המשכה מלמעלמ"ט און אן עלי' מלמטלמ"ע.

און אין דער "נסיעה" זיינען דא דרגות: ס'איז דא די דרגא וואס ער איז א חכם און האלט ביי חכמה און וויל אנקומען צו העכערער שליבות אין חכמה, דערנאך זיינען דא נידעריקערע דרגות דערפון, וואו די נסיעה איז בכדי צו אנקומען און קריגן פרנסה, און דערנאך נאך נידעריקער - א נסיעה צו באקומען "האבער", מאכל בהמה.

וואס די אלע דרגות זיינען א "נסיעה" פארבונדן מיט תומ"צ, ס'איז נאר דער חילוק צי די כוונה אין אט דער נסיעה איז צוליב תומ"צ, אדער צוליב אן אנדער סיבה ופני' וואס בסיבתם איז ער מקיים תומ"צ (בדלקמן).

- מ. -

מ. וכמבואר בארוכה אין פירוש המשניות להרמב"ם[125], אז סדר העבודה איז מלמטלמ"ע. דער אדם העובד שטייט בתחילה אין א מעמד ומצב ודרגא וואו ער וויל מקיים זיין תומ"צ לשמה ובתכלית השלימות וכו׳ - נאר בכדי דערגרייכן דערצו דארף ער אנקומען צו א "נסיעה" מלמטלמ"ע:

פריער הויבט זיך אן די עבודה אין אן אופן פון שלא לשמה כמארז"ל[126] "לעולם יעסוק אדם בתומ"צ שלא לשמה כו׳", אז בכדי ער זאל וועלן מקיים זיין תומ"צ גיט מען ענינים גשמיים, ע"ד ווי עס דארף זיין בהתחלת החינוך פון א קינד, אז מ׳זאגט אים צו ענינים גשמיים וואס ער האט ליב בכדי אז ער זאל לערנען תורה.

וואס דאס איז בדוגמת הנסיעה פון די "פערד" וואס טראכטן "האבער"; אויך זיי ווילן אנקומען צו א געוויסן ארט, ד.ה. אין עבודה, אז אויך זיי זיינען מקיים תומ"צ, אבער מיט דער כוונה צו באקומען "האבער",

און ווי עס שטייט[127] "אם בחוקותי תלכו ואת מצוותי תשמרו ועשיתם אותם ונתתי גשמיכם בעתם וגו׳" מיט די אלע יעודים גשמיים וואס ער רעכנט דערנאך אויס -

איז ער מקיים תומ"צ ניט צוליב תומ"צ עצמם, נאר צוליב די יעודים גשמיים וואס ער וועט דורך זיי באקומען: ער וויל האבן א "זיסן עפעל", און ער ווייסט אז ער קען דאס האבן דורך "בחוקותי תלכו ואת מצוותי תשמרו" - דעריבער איז ער מקיים תומ"צ.

ער וויל ניט די יעודים גשמיים בכדי אז עבודתו בתומ"צ זאל זיין במנוחה, ווי דער רמב"ם איז מבאר אין הל׳ תשובה[128] - נאר ער וויל זיי צוליב די יעודים אליין. ער וויל די פני׳ גופא, און ער איז מקיים תומ"צ, ווייל ער ווייסט עז אנדערש וועט ער דאס ניט באקומען.

מא. דערנאך ווערט מען נתעלה צו א העכערע דרגא אין עבודה - די דרגא פון אדם, וואס דאס איז די דרגא אין עבודה פון דעם בעל עגלה:

בכללות איז דער חילוק צווישן דער ערשטער דרגא, די עבודה פון די "פערד", און דער צווייטער דרגא, פון דעם "בעל עגלה" - דער חילוק צווישן "זרע בהמה" און "זרע אדם"[129]; אדער צווישן דער עבודה פארבונדן מיט דער נה"ב און די עבודה פארבונדן מיט דער נה"א:

- די -

די נה"ב וויל האבן עניני עוה"ז, "האבער", נאר וויסנדיק אז דער איינציקער וועג צו באקומען דאס איז "אם בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו גו׳" איז זי מסכים אז דער מענטש זאל מקיים זיין תומ"צ, כנ"ל.

די נה"א וויל מקיים זיין דעם רצון העליון, וואס דאס איז תומ"צ, כולל אויך די מצוה פון "שארה כסותה וגו׳" - וואס דאס[130] איז ווי דער בעל עגלה טראכט וועגן די עסלעכע רובל בכדי צו מפרנס זיין אשתו ובניו, ער וויל מקיים זיין די מצוה פון "שארה כסותה וגו׳".

וואס וויל די נה"א, די נשמה - זי וויל גן עדן, און זי וויל דאס האבן זייענדיק אין עוה"ז, "עולמך תראה בחייך"[131], איז זי דערפאר מקיים תומ"צ.

דאס איז נאך אבער ניט תכלית השלימות פון עבודה - די דרגא פון די חכמים וואס זיצן אין דער עגלה, זיי האלטן ביי דער דרגא פון חכמה, וואו עס ווערט א "יחוד נפלא שאין יחוד כמוהו ולא כערכו נמצא כלל כו׳"[132], אז דער חכם ווערט אינגאנצן אויס מציאות, ער ווערט איין זאך מיט דער חכמה.

דאס וואס די נה"א איז מקיים תומ"צ - איז בכדי צו זיין א מציאות, בכדי צו האבן ג"ע, "עולמך תראה בחייך".

די העכסטע דרגא איז אבער ווי עס שטייט אין הל׳ תשובה להרמב"ם[133] - אז ער איז מקיים תומ"צ נאר ווייל דער אויבערשטער האט אזוי געהייסן, און דאס איז תכלית השלימות פון עבודה - און דורך דערויף ווערט ער אויס מציאות און ער ווערט נתאחד מיט אלקות,

וואס דאס איז אין עבודה די דרגא פון די חכמים וואס זיצן אין דער עגלה און רעדן חכמה - וועגן עס ווערט א "יחוד נפלא שאין יחוד כמוהו ולא כערכו נמצא כלל כו׳", און אויך א יחוד מיט אלקות, וואס "הוא המדע והוא היודע והוא הידוע"[134].

מב. וכאמור לעיל איז יעדערער פון די דריי - די "פערד", דער "בעל עגלה" און די חכמים, ווי זיי זיינען אין עבודת האדם - געפינט זיך אויף א נסיעה וואס איז פארבונדן מיט תומ"צ: יעדערער פון זיי האלט ביי א געוויסן דרגא און ארבעט מיט א כוונה צו אנקומען צו א געוויסן תכלית - ס׳איז נאר א נפק"מ צי די "נסיעה" איז תכליתה תומ"צ, עבודה לשמה, אדער די כוונה איז שלא לשמה, ד.ה. א פני׳ גשמיות אדער א פני׳ רוחניות.

- לפי"ז -

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

לפי"ז דארף מען אבער פארשטיין: מיר ווייסן וואס די פערד טוען צוליב האבער - זיי הארעווען און שלעפן דעם וואגען; ועד"ז פארשטייען מיר אין וואס ס'באשטייט די עבודה פון דעם בעל עגלה בכדי צו באקומען פרנסתו - ער איז מסדר זיין עגלה, ער שמירט די רעדער, שפאנט איין די פערד, גיט זיי האבער וכו'. אין וואס באשטייט אבער די עבודה פון די חכמים אין דער נסיעה צו אנקומען צו זייער תכלית?

איז דער ביאור בזה - אז די חכמים גיבן זייער געלט, וואס דאס איז חיי נפשם צום בעל עגלה בכדי ער זאל זיי פירן. אט אין דעם באשטייט זייער <u>עבודה</u> אין דער נסיעה.

ועפ"ז זיינען פארשטאנדיק די אלע דריי דרגות אין עבודה, די דרגא פון די "פערד", דעם "בעל עגלה", ביז צום תכלית השלימות אין עבודה - די חכמים אין דעם עגלה,

וואס דאס איז א סדר העבודה מלמטלמ"ע - פריער עבודה שלא לשמה, די "פערד"; דערנאך א העכערע דרגא - די עבודה פון בעל עגלה; ביז צו עבודה לשמה, אז ער ווערט אויס מציאות פאר זיך - די עבודה פון די חכמים.

און די <u>אלע דריי</u> עבודות זיינען פארבונדן מיט א "נסיעה", אנקומען פון איין "ארט" צו א צווייטן "ארט".

וואס דער ענין הנסיעה געפינט מען בא כללות ענין התורה, כמבואר אין תניא[135], אז די תורה איז "<u>נסעה וירדה</u>" מלמעלה למטה.

ועד"ז געפינט מען דאס בא דעם אויבערשטן אז ער דארף האבן א מרכבה, כמארז"ל[136] אז בלילה איז הקב"ה "רוכב על כרוב קל שלו ושט בשמונה עשר אלף עולמות".

מג. אע"פ וואס די תכלית הכוונה איז צו זיין חכמים וואס זיצן אין דער עגלה און רעדן דברי חכמה - דארף מען אבער אויך האבן "פערד", און גוטע פערד, און די פערד זאלן ניט טראכטן חכמה נאר טראכטן וועגן האבער, ווארום עס דארף דאך זיין די נסיעה אין דעם "דרך המלך", וואס דאס איז דוקא אויב מ'האט פערד און די פערד טוען תפקידם, אויב אבער די פערד וועלן זיך ניט אויפפירן ווי פערד און וועלן נאר טראכטן חכמה וועלן זיי בלייבן ערגעץ שטעקן אדער אפילו אראפפארן פון וועג וכו'.

ועד"ז דארף דער בעל עגלה זיך אויפפירן ווי א בעל עגלה און טאן זיין תפקיד פון האלטן א בייטש און פירן דעם וואגן. ווייל אויב דער בעל עגלה וועט זיך אריינמישן אין דעם פלפול פון די חכמים וואס זיצן אין וואגען - וועלן דאן די פערד פארפירן דעם וואגן מיט דעם בעל עגלה מיט די חכמים מיט זייער חכמה כ'ווייס וואו!

- נאר -

נאר דער בעל עגלה דארף האלטן דעם בייטש און פירן דעם וואגן אין דעם ריכטיקן דרך, און "לא תסור ימין ושמאל"[137] פון דעם דרך התורה.

מד. וואס דאס איז באמת ניט קיין פשט'ל, נאר דאס שטייט בפירוש אין פסוק ע"פ מדרשי חז"ל:

ווען יוסף האט געשיקט זיינע ברידער צו גיין צוריק צו יעקב'ן און אים איבערגעבן אז ער זאל יורד זיין אין מצרים, האט זיי יוסף געזאגט[138] "אל תרגזו בדרך".

זאגן חז"ל[139] אז דאס מיינט "אל תתעסקו בדבר הלכה שלא תרגז עליכם הדרך".

וואס לכאורה איז דאס א באדנע זאך: תורה איז דאך די העכסטע זאך וואס עס קען נאר זיין, ובפרט פלפולא דאורייתא, וואס דאס האט מען אפגעגעבן נאר צו משה רבינו, נאר בלויז ווייל "טוב עין הוא יברך"[140] האט מען דאס אפגעגעבן אויך צו אלע אידן[141] - איז בשעת די שבטים זיינען געגאנגען בדרך, ובפרט נאך אין א דרך וואס וועט דערנאך ברענגען צו דער ירידה אין מצרים, איז וואס קען זיין בעסער און העכער ווי זיך דעמולט צו עוסק זיין אין ליבוד התורה (לעיונא - פלפולא דאורייתא, ווי די גמרא זאגט דארטן) - הייינט ווי זאגט יוסף "אל תרגזו בדרך - אל תתעסקו בדבר הלכה שלא תרגז עליכם הדרך"?!

מה. איז דער ביאור בזה:

יוסף האט געשיקט די שבטים זיי זאלן גיין צו יעקב'ן און ברענגען אים מיט כל בני ביתו קיין מצרים - "מהרו ועלו אל אבי גו' כה אמר בנך יוסף שמני אלקים לאדון לכל מצרים רדה אלי אל תעמוד"[142], וואס די כוונה אין דער ירידה איז געווען, צו מברר זיין די בירורים אין מצרים ועי"ז צוקומען צו נאך העכער ווי מ'איז געשטאנען פאר דער ירידה, ביז צו "אנכי אעלך גם עלה"[143].

דאס הייסט: ס'איז טאקע געווען א ירידה אין מצרים און יעקב האט דערפון געוואוסט. און ווי דער אויבערשטער האט אים געזאגט[144] "אנכי ארד עמך מצרימה" - ער האט אים ניט געזאגט אז ס'איז ניט קיין ירידה, נאר ס'איז בפירוש א ירידה, און ער דארף וויסן אז ס'איז א ירידה; ער דארף אבער אויך וויסן (ווי דער אויבערשטער איז ממשיך זאגן יעקב'ן) אז "אנכי אעלך גם עלה", אז די גאנצע און איינציקע כוונה פון דער ירידה איז דאס צוקומען צו אן עלי' נעלית ביותר, צו זיין א סך העכער ווי יעקב שטייט אין ארץ כנען

- פאר -

הנחה פרטית בלתי מוגה

פאר דער ירידה אין מצרים.

און פארשטייט זיך אז אן דער ירידה וואלט בשום אופן ניט געקענט זיין די עלי׳ אין אזא הויכער דרגא, ווארום אויב ס׳וואלט געווען אן אנדער אופן ווי אזוי מ׳קען צוקומען צו אזא דרגא נעלית ביותר, וואלט דער אויבערשטער, וואס ער איז עצם הטוב ומטבע הטוב להטיב[145], קיינמאל ניט צוגעלאזט אז יעקב ובניו זאלן אראפנידערן אין אזא ירידה.

און וויבאלד אז די ירידה איז דער איינציקע וועג ווי מ׳קען דערגרייכן צו אט דער עלי׳ נעלית און ס׳איז א דבר מוכרח אז יעקב זאל יורד זיין אין מצרים, דעריבער האט יוסף געבעטן יעקב׳ן "רדה אלי" [וואס האט יעקב׳ן געגעבן א מעגלעכקייט צו קומען אין מצרים בכבוד ובשלום ובנ׳ און ניט בשלשלאות של ברזל[146]].

דלכאורה, פארוואס האט יוסף אנגעזאגט די ברידער "מהרו ועלו אל אבי ואמרתם אליו גו׳ רדה אלי", און ער האט ניט געטאן פארקערט, אז ער, יוסף. זאל פארן אין ארץ כנען צו באגעגענען יעקב׳ן?!

נאר וויבאלד אז די ירידה האט געמוזט זיין בכדי צו מברר זיין די בירורים אין מצרים, האט דעריבער יעקב געמוזט אהינצו קומען.

מו. ועפ"ז איז פארשטאנדיק וואס יוסף האט געזאגט "אל תרגזו בדרך – אל תתעסקו בדבר הלכה שלא תרגז עליכם הדרך", דלכאורה:

בשעת מ׳האלט בא יורד זיין אין מצרים, וואס די כוונה פון דער ירידה איז אז זי זאל זיי ברענגען צו אן עלי׳ נעלית ביותר – האט דאך זייער געפאסט אז אויפן וועג זאלן זיי זיך עוסק זיין אין לימוד התורה.

זאגט אבער יוסף – ניין: "אל תרגזו בדרך – אל תתעסקו בדבר הלכה", ווארום איצטער דארף זיין "מהרו", מ׳דארף זיך איילן צו יורד זיין אין מצרים און דארטן אנהויבן די עבודת הבירורים; איצטער דארף זיין די עבודה פון גיין אין וועג אריין. און אויב אין וועג וועט מען זיך מתעסק זיין אין לערנען תורה – איז "תרגז עליכם הדרך", מ׳וועט פשוט אראפגיין פון וועג און מ׳וועט ניט אנקומען אין מצרים.

און ווי ס׳איז דער פירוש אין דעם בפשטות אין

- פשש"מ -

פשש"ם, אז אויב זיי וועלן זיך עוסק זיין ברבר הלכה, וועלן זיי פשוט בגשמיות פארקריכן; איז פארשטאנדיק דערפון אז אויך ברוחניות, בשעת מ'גייט בדרך דארף מען טראכטן וועגן דעם דרך און ניט וועגן לימור התורה.

לימור התורה איז טאקע אן ענין הכי נעלה, אבער ווען מ'איז אין מיטן וועג וכיו"ב, דארף מען בשעת מעשה ניט פארנעמען זיך מיט לימוד התורה, וואס קען גורם זיין אז מ'וועט ניט טאן כדבעי וואס מ'דארף דעמולט טאן - גיין אין וועג און אנקומען וואו מ'דארף אנקומען.

מז. דערפון האט מען אויך א הוראה:

עס זיינען דא די וואס האבן זוכה געווען אז כ"ק מו"ח אדמו"ר זאל זיי שיקן אויף א שליחות, בשליחות פון דעם אויבערשטן, וואס "גלה סודו אל עבדיו הנביאים"[147]:

כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געשיקט דעם יונגער באן אין ערי השדה, אין כדינת השדה - במקום של עשו, "איש שדה"[148] - אז דער יונגער מאן זאל דארטן טאן עבודתו אין פארשפרייטן אידישקייט; ער האט אים אוועק-געשיקט פון היכל המלך און פלטרין של המלך צו גיין בדרך אין ארץ מרחקים אין א פינה נידחת (בלשון ווי עס שטייט אין ביאורי הזהר פ' וישלח[149]).

קען ער דאך טענה'ן אז ער וויל ניט אוועקגיין פון היכל המלך צו זיין ערגעץ וואו אין א פינה נידחת - ער וועט לערנען תורה און עובד זיין עבודתו במקומו אין היכל המלך.

זאגט מען אים אז עד"ז האט אויך יעקב געקענט טענה'ן:

יעקב איז געווען א "יושב אהלים" און א רועה צאן, ובפרט אין זיינע שפעטערדיקע יארן, ווען זיינע בנים זיינען געווען רועי צאן און ער איז געזעסן די גאנצע צייט און געלערנט תורה.

איז בשעת דער אויבערשטער האט אים געהייסן אראפ-נידערן אין מצרים - האט ער דאך געקענט טענה'ן: ער זיצט דאך אין ארץ ישראל, אין "ארצות החיים"[150], וואס דאס איז "ארץ מגורי אביו"[151], ובפרט ע"פ המבואר אין חסידות אז "ארץ מגורי אביו" איז אין ארץ ישראל גופא דער מובחר שבארץ, און ער לערנט דארטן תורה, און דערצו איז ער נאך דער "בחיר שבאבות"[153] - טא פארוואס זאל ער

- פון -

פון דארטן אוועקגיין און יורד זיין אין מצרים?!

איי ער דארף טאן מצוות - איז ער דאך אין ארץ כנען, כנען דקדושה!

עד"ז טענה'ט דער יונגער מאן וועמען מ'האט געשיקט אין ערי השדה:'

פארוואס דארף ער אוועקגיין פון "ארצות החיים" און יורד זיין אין א פינה נידחת: ער וויל זיין א חכם וואס זיצט אין עגלה און לערנט תורה; ער וויל ניט האבן צו טאן מיט "פערד", וואס דאס איז די נה"ב פון די אידן מיט וועלכע ער דארף האבן צו טאן ביים ארויסגיין אין וועלט, ובמילא וועט ער דארפן באווארענען אויך זיין נה"ב (ווייבאלד אז ער וועט האבן צו טאן מיט אנדערע נה"ב), און ווי מ'זעט בטבע הבהמות, אז ווען צוויי בהמות טרעפן זיך זיינען זיי בשמחה -ער האט געטראפן נאך א בהמה! און די בהמות לאזן דאן ארויס א קול צהלה; און ניט זיי רעדן חכמה צווישען זיך, נאר זיי רעדן בשפה שלהן - וויל ער דערמיט ניט האבן צו טאן!

ער וויל זיצן "בארץ מגורי אביו". און ניט בלויז וועט ער זיצן און לערנען תורה - נאר ער איז אזיך אין "ארץ כנען", ער וועט אויך טאן אין מבצעים, אבער דער עיקר עבודה זיינע וועט זיין "ארץ מגורי אביו".

אעפ"כ זאגט מען אים: הער זיך איין, פאק איין דיין פעקל און גיי אוועק אין א פינה נידחת אין וועלט, אין "שוקא דבורסקי" - ווי עס שטייט אין זהר סוף פרשה אם בחוקותי תלכו ואת מצוותי תשמרו ועשיתם אותם גו' ונתנה הארץ יבולה"[154] - און פארשפרייט דארטן אידישקייט!

און דערויף האסטו דעם לימוד פון יעקב אבינו, וואס מעשה אבות סימן לבנים[155] - אז אע"פ וואס ער איז געזעסן "בארץ מגודי אביו" און דארטן געלערנט תורה וכו', האט ער אבער געמוזט יורד זיין אין מצרים - ווארום בכדי עס זאל דערנאך זיין די עלי' גדולה ביותר, איז דער איינציקע וועג דערצו, אדאפקומען דארטן און אין מצרים מברר זיין די בירורים.

און דערפאר, בשעת מ'איז יורד אהינצו דארף מען בעת מעשה פארנעמען זיך ניט מיט חכמה און תורה, נאר מיט גיין בדרך און זען וואו מ'גייט און מאכן זיכער אז מ'קומט אן וואו מ'דארף אנקומען און ניט פארבלאנדזשען אין וועג.

- מח. -

הנחה פרטית בלתי מוגה

מח. דערביי דארף מען אויך האבן די באווארעניש לאידך גיסא:

בשעת ער איז א בחור אין ישיבה און מ'מאנט פון אים אז זייענדיק אין "ארץ כנען" זאל ער גיין טאן אין מבצעים - וועט ער אוודאי גיין; און בשעת מ'מאנט פון אים עבודה למעלה ממדידה והגבלה - איז ער גרייט צו גיין אויף מבצעים אויך אין זמן פון סדר הישיבה!

זאגט מען אים, אז כל זמן ער איז א תלמיד אין ישיבה דארף ער זיין אן אור מקבל[156], ער דארף פאלגן הנהלת הישיבה, און אויב ניט איז ער ניט ממלא די כוונה צוליב וועלכער זיין נשמה האט יורד געווען למטה!

וכמבואר אין קונטרס עץ החיים[157], וואס הגם אז דארפן רעדט זיך נאר וועגן געוויסע פרטים אין סדר הלימוד בישיבה - איז אבער דערפון פארשטאנדיק בנוגע צו אלע עני[נים] וואס האבן צו טאן מיט סדר הישיבה.

דערנאך, ווען ער ווערט א יונגער מאן, וואס "הכל עשה יפה בעתו"[158] - איז די כוונה אז ער זאל יורד זיין אין "מצרים" און גייענדיק אויפן וועג אהינצו און שפעטער אנקומענדיק דארטן טאן עבודתו המתאימה וואס מ'פאדערט פון אים.

מט. אומקערנדיק צו די נקודה וואס מ'האט פריער גערעדט אין דעם סיפור פון דעם רבי'ן נ"ע וועגן די פערד, דעם בעל עגלה און די חכמים -

זיינען דא, כנ"ל בארוכה, בכללות דריי דרגות אין עבודה: די דרגא פון די "פערד", וואס זיי דארפן זיך עוסק זיין במשאו ובמתנו באמונה[159], די דרגא פון דעם בעל עגלה, וואס אויך ער דארף זיך עוסק זיין במשאו ובמתנו באמונה, ביז צו דער העכסטער דרגא אין עבודה - די דרגא פון די חכמים, וואס זיינען זיך עוסק אין חכמה.

וואס צווישען אידן זיינען דא די וואס זיינען שייך צו איין סוג און ניט צו א צווייטן: עס זיינען דא אידן וואס דארפן וויסן אז זייער עבודה באשטייט ניט אין עסק החכמה, נאר האבן צו טאן מיט "פערד", און אזוינע וואס דארפן טאן די עבודה פון א "בעל עגלה" כו', און אזוינע וואס דארפן האבן צו טאן מיט חכמה און זיצן אין וואגן.

- וואס -

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

וואס יעדער סוג דארף טאן זיין עבודה און ניט טאן א זאך וואס איז ניט שייך צו אים נאר צו א צווייטן סוג - די "פערד" און דער "בעל עגלה" דארפן זיך ניט פארנעמען (בעיקר) מיט חכמה, ועד"ז פארקערט.

ס'איז אבער ניט דער פירוש אז דער חכם איז א חכם סתם אזוי. ער דארף וויסן אז וויבאלד ער האט זוכה געווען צו זיצן אין דער עגלה און אנדערע זאלן אים משמש זיין און פירן אים למקומו כו' - זאל דאס בא אים ניט פועל'ן הגבהה והתנשאות - נאר ער דארף דערפאר אפגעבן חיי נפשו צו די אנדערע צוויי סוגים אידן.

וואס דא מיינט עס ניט קיין געלט וואס ער האט דערצו סייודי ניט קיין שייכות און דערפאר איז ער גרייט דאס אפצוגעבן - נאר חיי נפשו.

וואס אין עבודה מיינט עס: ער דארף זיך עוסק זיין מיט די אנדערע אידן מיט מסירת נפש, טאן מיט זיי אז זיי זאלן אנקומען צו זייער שלימות; ער דארף זיך פארנעמען מיט אידן וואס זיינען כביכול בבחי' "פערד", און מיט אידן וואס זיינען בבחי' פון א "בעל עגלה".

והנמשל מובן.

ג. די תורה איז דאך כללות ופרטות נאמרה[160], און ס'איז דאך "זאת התורה אדם"[161] - איז אזוי ווי בכללות טיילן זיך אלע אידן אין דריי סוגים הנ"ל - אזוי אויך זיינען דא די דריי סוגים בפרטיות בא יעדן אידן אין פארשיידענע תקופות אין זיין לעבן.

ובפרט אז מענטשן היינט זיינען ניט באשאפן געווארן ווי אדה"ר וואס איז גלייך באשאפן געווארן בבן עשרים שנה[162], נאר פריער איז מען א קטן און דערנאך וואקסט מען לאט לאט, און מ'גייט דורך כמה תקופות ביז מ'ווערט א בר דעת אדער א בת דעת:

בקטנותו איז דער עיקר עבודה פון א מענטשן שלא לשמה, כמבואר בארוכה אין פיהמ"ש, כנ"ל (ס"מ) - וואס דאס איז דער סוג בעבודה פון די "פערד" וואס טראכטן וועגן "האבער";

דערנאך ווערט דער מענטש גרעסער און זיין עבודה ווערט אויף א העכערן אופן - די עבודה פון א "בעל עגלה" וואס וויל טאן מצוות, כולל אויך מקיים זיין די מצוה פון "שארה כסותה וגו'", כנ"ל (סמ"א);

- דערנאך -

דערנאך וואקסט ער אויס און קומט צו דער דרגא אין עבודה בדוגמא ווי ס'איז געווען בא רשב"י - "תורתו אומנתו"[163], וואס דאס איז די דרגא בעבודה פון די חכמים. אבער אויך דעמולט, מזמן לזמן, איז ער מפסיק צו טאן מצוות, (די עבודה פון "בעל עגלה") בדוגמא ווי רשב"י האט מפסיק געווען ניט נאר צו זיצן אין א סוכה און נעמען דעם לולב, נאר צו מאכן די סוכה און מאכן דעם לולב[164], כמדובר כמ"פ.

וואס בשעת מעשה ווען ער האט זיך עוסק געווען אין עשיית סוכה ולולב, איז ער ניט געווארן אויס תורתו אומנתו, נאר אדרבה - דוקא עי"ז איז צוגעקומען א שלימות אין תורתו אומנתו, ווארום "לימוד שלא ע"מ לעשות" ווייס מען דאך[165] צו וואס דאס ברענגט.

נא. וכידוע הסיפור (וואס איז געדרוקט אין פוקח עורים[166]) וועגן איינעם א חסיד וואס איז געווען א חסיד אמיתי, און אן עילוי ניט נאר אין נגלה דתורה נאר אויך אין פנימיות התורה,

וע"פ הוראה פון נשיא שבדורו איז ער געווארן א בעל עגלה כפשוטו, און בשעת מעשה האט ניט געזען קיין שום עילוי וואס זאל אים צוקומען דורך ווערן א בעל עגלה.

ערשט א זמן ארוך לאח"ז ווי ער איז געווארן א בעל עגלה - האט ער גע'פועל'ט אויף א אידן ער זאל חוזר בתשובה זיין און ווערן א שומר תומ"צ, און ערשט דעמולט האט ער דערזען די כוונה פאר וואס ער איז געווארן א בעל עגלה.

און נאכדעם ווי ער האט דורכגעפירט זיין שליחות אלס בעל עגלה, איז ער געווארן א משפיע, ווי עס ווערט דערציילט אין דעם סיפור בקיצור.

וואס דאס ווערן א משפיע איז דער עילוי וואס איז אים צוגעקומען דורך זיין דורכפירן די שליחות און זיין א בעל עגלה, אן עלי' וואס ער האט ניט געקענט האבן פריער.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס ער דערציילט אין דעם סיפור אז ער איז שפעטער געווארן א משפיע: דאס קומט בהמשך צום גאנצן סיפור פון זיין ירידה צו ווערן א בעל עגלה וכו'.

- וואס -

וואס דערפון האט מען דעם לימוד בנוגע לבאו"א: עס קען זיין אז דער משכיל און דער עובד דארף גאר ווערן א בעל עגלה וכו' און דורך דעם דערגרייכן זיין עלי'.

נב. דער עיקר פון אלץ איז דאך - מעשה בפועל, "מאמאי' דא פלאחו"[167].

ויה"ר אז פון דעם דיבור וועגן ביאת משיח "נאו", זאל דאס מאקע זיין בפועל "נאו".

אז מ'זאל גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו והם בתוכם, ווארום "והקיצו ורננו שוכני עפר"[168],

בגאולה האמיתית והשלימה. במהרה בימינו ממש.

* * *

נג. ע"ד ווי מ'האט פריער גערעדט (ס"ו ואילך) אז די ענינים המדוברים בכ"ד טבת בשנים שלפנ"ז, זיינען אויך שייך צו כ"ד טבת בשנה זו (אע"פ וואס מ'האט וועגן דעם ניט דערמאנט בפירוש בכ"ד טבת) -

עד"ז איז אויך בנוגע צו יו"ד שבט: אז די אלע ענינים וואס דארף געטאן ווערן נאך פאר יו"ד שבט אלס הכנות ליום זה, ועאכו"כ די ענינים וואס דארפן געטאן ווערן ביו"ד שבט עצמו, וועגן וואס ס'איז גערעדט געווארן בשנים שלפנ"ז - דארף מען טאן אויך בשנה זו.

און מ'דארף ניט נאכאמאל איבערחזר'ן וואס די ענינים זיינען, ווארום מ'האט שוין גערעדט וועגן דעם כמ"פ. און ס'איז שוין אויך געדרוקט[169]. וואס די כוונה אין דעם ריידן איז ניט בכדי מ'זאל האבן נאך עטלעכע שורות צו פארשרייבן אין דער רשימה, נאר בכדי מ'זאל אין דעם ארייננקוקן און טאן בפועל ווי דארטן שטייט.

און מ'זאל מאקע ארייננקוקן אינעווייניק, און ניט פארלאזן זיך אז מ'געדענקט וואס עס שטייט דארטן. ווארום זכרון קען ניט זיין אין יעדן פרט, ובפרט נאך אז דער קלוגינקער בישט זיך ארייך און העלפט אים פארגעסן וואס ער האט געלייענט, וויבאלד אז אים איז דאס מער נוגע ווי אנדערע.

- און -

הנחה פרטית בלתי מוגה

און מאן איז די אלע ענינים אין אן אדפן. פון להעלות בקודש - נאכמער וויפל מ'האט געטאן בשנים שלפנ"ז, און אין אן אופן פון "יגעת" וואס דעמולט וועט זיבער זיין "ומצאת"[170], אז דערפון וועט ארויסקומען באי"ע מערער ווי לויט דער יגיעה וואס ער האט אין דעם אריינגעלייגט, ווי א מציאה, וואס איז נים לפי ערך העבודה.

נד. די ענינים אין דער הערה אויפן זהר ווי זיי זיינען אין נגלה דתורה:

די גמרא זאגט אין תענית "יעקב אבינו לא מת", ווי עס שטיים "ואתה אל תירא עבדי יעקב נאום ה' ואל תחת ישראל כי הנני מושיעך מרחוק ואת זרעך מארץ שבים" - "מקיש הוא לזרעו, מה זרעו בחיים אף הוא בחיים", און ווי רש"י איז מסביר: "מה זרעו בחיים - כשהוא מקבץ את ישראל מארץ שבים החיים הוא מקבץ שהן בשבי שהמתים אינן בשבי. אף הוא בחיים - שיביאנו בגולה כדי לגאול את בניו לעיניו כמו שמצינו במצרים וירא וגו'[173] ודרשינן ישראל סבא כו'".

דערביי קומט צו נאכמער ע"פ דעם פירוש הפנימי אין דעם מארז"ל: "מה זרעו בחיים אף הוא בחיים" - דורך דערויף וואס זרעו בחיים אין זייער עבודה פון תומ"צ, איז ער בחיים,

ווארום דאס וואס זרעו איז בחיים בעבודתם אין תומ"צ, איז דאס בנתינת כח שלו, זיי גייען "בדרך ישרה אשר הורנו בדרכיו ונלכה באורחותיו". איז בשעת אז מ'זעט ווי זרעו איז "בחיים" אין אט די ענינים, באווייזט עס אז אויך ער איז "בחיים".

און דא קומט צו נאך א דבר נפלא - ע"פ ביאור פון דעם ראגאטשאווער אין נגלה דתורה:

דער ראגאטשאווער איז מבאר[174] אז א יורש איז נים נאר ווי א מקבל אדער א לוקח פון דעם מוריש, נאר ער איז במקום המוריש ממש, ער איז פונקט ווי דער מוריש עצמו [וואס דערפון קומט אויך ארויס א נפק"מ להלכה: אויב די ירושה איז פארקויפט געווארן לאחרים, צי דאס באלאנגט צו דעם מוריש אדער נים].

וואס לפי זה איז "מה זרעו בחיים אף הוא בחיים" נים נאר דערפאר וואס זיי האבן פון אים באקומען א

- נתינת -

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

נהיגת כה, נאר נאכמער - זיי זיינען ער אליין:

בשעה ס'זעט הויינט צו טאג טויזענטער אידן, טויזענטער אייניקלעך פון יעקב אבינו (בגשמיות אדער ברוחניות), דרייען זיך ארום און זיינען "בחיים" אין תומ"צ - איז דאס יעקב אליין וואס גייט ארום און איז "בחיים"!

נוסף לזה איז אויך דא דער ענין ע"פ נגלה פון "מנהג אבותיכם בידכם"[175].

נה. דערביי קומט צו נאך א דבר נפלא:

אויף "יעקב אבינו לא מת" פרעגט די גמרא (דארטן אין תענית): "וכי בכדי ספדו ספדיינא וחנטו חנטייא וקברו קברייא"?

און רש"י פארענטפערט דארטן אז דאס וואס "חנטו חנטייא כו'" איז עס דערפאר ווייל "נדמה להם שמת אבל חי הי'".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז פון איין זייט איז "נדמה להם שמת" א דמיון פון תורה אמת, און דערפאר איז דאס מחייב כמה ענינים ע"פ הלכה וואס קומען ארויס פון אזא דמיון - דער ענין הקבורה, "קברו קברייא", דער ענין פון אמירת קדיש. לימוד המשניות. "ספדו ספדיינא" וכו'. ווארום אע"פ אז דאס איז נאר א דמיון, "נדמה להם שמת", איז דאס אבער פארט א שינוי המצב פון דעם אדם, אזא שינוי וואס פאדערט צו מאן כמה ענינים ע"פ הלכה;

בגשמיות אבער איז "לא מת" (און דאס וואס עס זעט אויס אזוי (וואס דערפאר איז "ספדו ספדיינא כו'") איז נאר "נדמה להם שמת"), ווארום ער איז נאר אריבערגעגאנגען ממקום אחד למקום שני, און "מה זרעו בחיים אף הוא בחיים",

ואדרבה - "אשתכח בכלהו עלמין יתיר מבחיוהי כו'".

און אין דערויף גופא זיינען דא צוויי ענינים - א הכשבה פנימית און א הכשבה מקיפית - ויש להאריך בזה, ואין כאן מקומו.

נו. דער ביאור אין פירוש רש"י:

דאס וואס רש"י ברענגט דא א גאנצן פירוש ובפרטיות

- ע"ד -

הנחה פרטית בלתי מוגה

ע"ד הדרש און זאגט דערנאך "אין המדרש מתיישב אחר המקרא כו׳" - איז מכריח אז דא איז דער "רבותינו דרשוהו" בשינוי פון אלע אנדערע ערטער וואו רש"י ברענגט א פירוש ע"ד הדרש. והביאור בזה:

דאס וואס רש"י שרייבט ע"ד הדרש אז דער אויבערשטער האט געזאגט (אויף טענת משה "למה הרעותה לעם הזה גו׳") "חבל על דאבדין ולא משתכחין יש לי להתאונן על מיתת האבות הרבה פעמים נגליתי עליהם בא-ל שדי ולא אמרו לי מה שמך ואתה אמרת מה שמו וכו׳" - איז עס ניט א זאך וואס מ׳קען דאס וויסן נאר פון "רבותינו דרשוהו" נאר דער בן חמש למקרא וועט זיך אליין כאפן אז דער אויבערשטער האט עס געדארפט זאגן:

בשעת דער בן חמש למקרא וועט דא לערנען די פסוקים, און ער וועט קומען צו משה׳ס טענה "למה הרעותה לעם הזה גו׳" - און דער קינד געדענקט דאך וואס ער האט געלערנט וועגן די אבות און די צרות וואס זיינען זיי באפאלן און פונדעסטוועגן האבן זיי ניט געהאט קיין טענות צו דעם אויבערשטן כו׳ - וועט בא אים גלייך ווערן א שאלה: פארוואס שטייט ניט אז דער אויבערשטער האט געענטפערט משה׳ן "חבל על דאבדין ולא משתכחין כו׳"? און אויב ער האט עס אזוי ניט געענטפערט - איז די שאלה: פארוואס טאקע ניט?!

דערפאר מוז רש"י זאגן אז דער אויבערשטער האט עס יא געזאגט, און דערפאר איז רש"י מאריך אין די אלע פרטים אין די פסוקים, וואו מ׳געפינט אז אברהם האט געהאט צרות און אויך יצחק און אזוי אויך יעקב האבן געהאט צרות און אז פונדעסטוועגן האבן זיי ניט געהאט קיינע טענות צו דעם אויבערשטן - ווארום די פסוקים וואו עס ברענגען זיך די אלע פרטים בנוגע צו די אבות, און משה׳ס טענה "למה הרעותה לעם הזה גו׳", דאס אלץ איז מכריח אין <u>פשוטו של מקרא</u> אז דער אויבערשטער האט געזאגט "חבל על דאבדין כו׳".

נז. היינט אויב אזוי, פארוואס שטייט טאקע ניט בפירוש אז דער אויבערשטער האט אזוי געזאגט?

ב׳קען ניט ענטפערן אז דאס איז ווי אין אנדערע ערטער אין תורה, וואו ניט אלעמאל שטייט בפירוש וואס ס׳איז געזאגט געווארן, כאטש בפועל איז עס געזאגט

- געווארן, -

געווארן, און דער טעם איז ווייל דאס איז פארשטאנדיק בעצמו. לדוגמא: עס שטייט אבאל וואס משה האט געזאגט צו די אידן אין נאמען פון דעם אויבערשטן, אבער עס שטייט ניט פריער אז דער אויבערשטער האט עס צו אים געזאגט – ווארום ס'איז דארטן מובן מעצמו אז דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה'ן וואס ער זאל זאגן די אידן. ועד"ז פארקערט: אמאל שטייט אז דער אויבערשטער האט געזאגט משה'ן וואס ער זאל זאגן די אידן, אבער דערנאך שטייט ניט אז משה האט עס זיי בפועל געזאגט, ווארום דארטן איז מובן מעצמו אז משה האט עס צו זיי געזאגט –

אבער דא איז ניט שייך אזוי צו זאגן. ווייל במה דברים אמורים ווען אין פסוק שטייט גארניט וואס ס'איז געזאגט געווארן בא דער געלעגנהייט; בשעת עס שטייט אבער אין פסוק וואס דער אויבערשטער האט געזאגט משה'ן, ווי בנדו"ד, איז ווי קען מען זאגן אז ער האט בשעת מעשה געזאגט משה'ן (נאך) א זאך וואס עס שטייט ניט אין פסוק.

דערפאר איז רש"י ממשיך: "ואין המדרש מתיישב אחר המקרא כו'" – סיי מצד די פסוקים אליין און סיי מצד דעם המשך פאסט זיך דאס ניט אריין אין פסוק, און דערפאר שטייט דאס ניט בפירוש אין די פסוקים אין חלק המקרא, אבער אין חלק הדרוש שטייט דאס יע – ווי רש"י איז ממשיך: "והדרשה תדרוש", און היות אז אין דער תוכן פון פשש"מ איז דא מכריח אז דער אויבערשטער האט דאס געזאגט, דערפאר ברענגט עס רש"י – טאקע ניט פון חלק המקרא שבתורה, וואו דאס איז ניט מתיישב (און דעריבער שטייט עס ניט בפירוש אין פסוק) – נאר פון חלק הדרש שבתורה.

אין אנדערע ווערטער: דא איז פשש"מ מכריח צוויי פירושים (אז דער אויבערשטער האט געזאגט צוויי זאכן), ביידע ע"ד הפשט: איין פירוש וואס שטייט אין חלק הפשט שבתורה, ד.ה. אין פשטות הכתובים (וואס דער פירוש איז מוכרח לויט דעם לשון און המשך הכתובים, ווי רש"י איז פריער מפרש; און א צווייטער פירוש וואס שטייט אין חלק הדרש שבתורה (אז דער אויבערשטער האט געזאגט "חבל על דאבדין כו'"), אבער דאס איז אויך פשש"מ, פשש"מ זאגט אז "הדרשה תדרוש"

[משא"כ אין אלע אנדערע ערטער וואו רש"י ברענגט א דרש, איז דאס א פירוש ע"ד הדרש (ביחס לפירוש הפשוט שבכתוב), און ניט א פירוש ע"ד הפשט וואס שטייט נאר אין חלק הדרש שבתורה].

אויף דעם ווערט אבער די שאלה: ווי קענען טאקע ביידע זאכן שטימען צוזאמען – אז אין חלק הפשט שבתורה

זאלן זיין צוויי פירושים (ד.ה. אז דער אויבערשטער האט געזאגט משה'ן צוויי זאכן), איין פירוש וואס שטייט בפירוש אין פסוק וואס דער אויבערשטער האט געזאגט, און דער צווייטער פירוש וואס שטייט ניט אין פסוק, נאר עס שטייט במקום שני. אין חלק הדרש שבתורה?!

[וואס די שאלה ווערט דוקא דא אין דעם רש"י, ווייל נאר דא איז פאראן דער אויסנאם אז דער דרש וואס רש"י ברענגט איז אן ענין וואס איז מוכרח ע"פ פשוטו של מקרא, ס'איז מערניט וואס דאס שטייט נאר אין חלק הדרש שבתורה; משא"כ אלע אנדערע ערטער וואו רש"י ברענגט א דרש איז מאקע א פירוש ע"ד הדרש].

איז דעריבער רש"י ממשיך און ברענגט א ראי' דערצו (אז "לכך אני אומר יתיישב המקרא על פשוטו דבר דבור על אופניו והדרשה הדרוש") - "שנאמר הלא כה דברי כאש נאום ה' וכפטיש יפוצץ סלע, מתחלק לכמה ניצוצות":

דברי (און פסוקי) תורה זיינען "כאש", און בשעת אין אש ווערט בדוגמת "כפטיש יפוצץ סלע", אז בדוגמא ווי א פטיש איז יפוצץ סלע, ווי א האמער צוטיילט א סלע אויף כמה חלקים, עד"ז ווערט אין אש - ווערט דער אש מתחלק לכמה ניצוצות.

וואס בשעת אש ווערט מתחלק לכמה ניצוצות זעט מען במוחש אז די ניצוצות בלייבן ניט במקום אחר, נאר זיי פליען זיך פאנאנדער - איין ניצוץ במקום אחד און א צווייטער ניצוץ במקום שני וכו'.

וואס עד"ז איז אין דעם נמשל:

דברי תורה (וואס איז כאש) ע"ד הפשט (אדער ע"ד די אנדערע אופני הלימוד אין תורה. רמז, דרוש און סוד) קען מכריח זיין כמה פירושים, כמה ניצוצות, אבער אזוי ווי אין אש אז בשעת אש ווערט מתחלק לכמה ניצוצות פליען זיך פאנאנדער די ניצוצות, איין ניצוץ במקום אחד א צווייטער ניצוץ במקום שני - אזוי אויך בשעת די דברי תורה ווערן מתחלק לכמה פירושים, געפינט זיך יעדער פירוש במקומו הוא, וואס איז ניט במקום פון א צווייטן פירוש: איין פירוש שטייט אין חלק הפשט שבתורה, אין פשטות הכתובים. דאס געפינט זיך אין איין "מקום", און א צווייטער פירוש שטייט אין חלק הדרש שבתורה, דאס געפינט זיך במקום שני וכו';

און דעריבער, בשעת מ'געפינט זיך במקום אחד, ד.ה. בשעה מ'האלט בא דעם לימוד באופן אחד. זעט מען דארטן נאר דעם פירוש וואס געפינט זיך במקום ההוא, אבער ניט די אנדערע פירושים וואס שטייען במקומות אחרים, ווארום ער שטייט נאר אין יענעם ארט. ס'איז מער ניט וואס זייענדיק דארטן ווייסט ער אז עס זיינען דא נאך פירושים וואס געפינען זיך במקומות אחרים, ד.ה. אין אנדערע חלקי התורה ווי דער חלק בא וועלכער ער האלט.

הנחה פרטית בלתי מוגה

עד"ז איז אין אונזער פסוק: בשעת רער בן חמש למקרא לערנט דעם פסוק איז דאן זיין לימוד ע"ד הפשט, אבער דער פסוק ע"ד הפשט זאגט אים אז נוסף צו דעם פירוש וואס שטייט אין פשטות הכתובים וואס דער אויבערשטער האט געזאגט מוז דא זיין נאך א פירוש וואס דער אויבערשטער האט געזאגט, אז דער אויבערשטער האט געזאגט "חבל על דאבדין כו'" (וואס ער זעט נים זאל שטיין אין פשטות הכתובים), וואס דער פירוש, זאגט אים רש"י, שטייט אין דרוש.

אבער וויבאלד אז ער געפינט זיך אין דער "מקום" פון פשט, איז טאקע במקום זה ניטא דער פירוש, ווארום דאס שטייט אין חלק הדרש שבתורה, וואס דערפאר זעט ער ניט אין פסוק אז דער אויבערשטער האט געזאגט "חבל על דאבדין כו'", אבער במקום שני, אין דעם "מקום" פון דרש, שטייט יע דער פירוש.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער פירוש פון רש"י דא אין וכפטיש וגו' איז ניט ווי מפרשים לערנען אז דאס איז פונקט ווי פי' רש"י אין גמרא (אין שבת) – אז אין איין פסוק זיינען דא כמה פירושים ע"ד ווי א סלע ווערט מתחלק לכמה חלקים (דורך דעם פטיש), וואס דעמולט איז טאקע מספיק צו ברענגען נאר סיום הפסוק "וכפטיש יפוצץ סלע" – נאר דא טייטשט רש"י אז תורה איז ווי אש, און דער אש ווערט מתחלק לכמה ניצוצות בדוגמא ווי "פטיש יפוצץ סלע", און דערפאר ברענגט רש"י אויך התחלת הכתוב – "הלא כה דברי כאש".

ווארום בשעת א פטיש איז מחלק א סלע לכמה חלקים בלייבן דאן אלע חלקים במקום אחד ווי מ'זעט במוחש, משא"כ ווען אש ווערט מתחלק לכמה ניצוצות פליען ארויס די ניצוצות לכמה מקומות, ועד"ז אין דעם נמשל, כנ"ל*.

נט. די הוראה דערפון:

די גאנצע תורה, סיי פנימיות התורה און סיי חיצוניות התורה, איז א תורה אחת, נשמתא און גופא פון דער זעלבער תורה176 , וואס דערפאר דארף מען לערנען אלץ.

און ווי מ'זעט בפועל, אז (כמה ענינים אין) נשמתא דאורייתא זיינען מכריח אז ס'איז דא דער פירוש אין גופא דאורייתא, ועד"ז פארקערט, (כמה ענינים אין) גופא דאורייתא (נגלה דתורה) זיינען מכריח דעם פירוש אין נשמתא דאורייתא, ווי מ'געפינט דערויף כמה דוגמאות אין נגלה דתורה.

- און -

---

*) לשלימות הענין – ראה שיחת ש"פ בא.

און ווי דאס איז מודגש אין פירוש רש"י גופא (בכ"מ):

מ'געפינט כמה פעמים אז רש"י (על התורה) זאל זאגן "לא ידעתי". וואס לכאורה איז עס ניט פארשטאנדיק: דער אויבערשטער האט דאך געגעבן די תורה בכדי מ'זאל לערנען און פארשטיין בהבנה והשגה וואס מ'לערנט, ווי אויך א בן חמש למקרא פארשטייט דאס - היינט ווי זאגט עס רש"י "לא ידעתי"?!

איז דער ביאור בזה: רש"י מיינט רעדמיט אז "לא ידעתי" דעם פירוש אין פסוק ע"ד הפשט (וואס דאס איז זיין דרך הלימוד על התורה), אבער ע"ד הדרש וכו' ווייס איך א פירוש (נאר ווייל דאס איז ניט דרך לימודו בפירושו - איז עס "לא ידעתי").

איז "לא ידעתי" נאך א דוגמא אז איין חלק פון תורה איז מכריח דעם פירוש פון אנדערע חלקים - ובנדו"ד: חלק הפשט (וואו דער ענין איז "לא ידעתי"), איז מכריח אז אין די אנדערע חלקים שבתורה (ווי רמז, דרש וסוד) איז יע דא א פירוש אין דעם פסוק (ווארום אויב ניט ווערט די שאלה הנ"ל: תורה איז געגעבן געווארן בכדי מ'זאל זי פארשטיין בהבנה והשגה - איז וואס הייסט "לא ידעתי").

און ווי דאס איז מודגש אויך אין דעם וואס מלמדים זיינען רגיל זאגן צו זייערע תלמידים [מיין מלמד פלעגט דאס זאגן, און מסתמא איז אזוי אויך געווען בא אנדערע, און מסתמא אויך בא די קינדער וואס געפינען זיך דא און ווילן משיח "נאו" - אז זייערע מלמדים זאגן צו זיי, אדער וועלן צו זיי זאגן מארגן]: ווען דו וועסט עלטער ווערן וועסטו פארשטיין.

וואס אויך אין דערויף ליגט דער תוכן פון "לא ידעתי" אין פרש"י. און די מיינונג דערביי איז: דו זאלסט ניט מיינען וויבאלד מ'פארשטייט ניט איצטער איז דאס א זאך וואס מ'וועט שוין קיינמאל ניט פארשטיין, ניין, בשעה מ'וועט עלטער ווערן וועט מען זען אז ס'איז דא א פירוש ע"ד הרמז ע"ד הדרוש ע"ד הסוד וכו', און דעמולט וועט מען עס פארשטיין [כאטש כמה מלמדים בשעת זיי זאגן אז דו וועסט עלטער ווערן וועסטו פארשטיין - ווייסן זיי אליין ניט דעם פירוש (ע"ד הרמז וכו') אין דעם דבר הקשה].

- אין -

הנחה פרטית בלתי מוגה

ס. און דא קומט צו נאך א לימוד והוראה:

דאס וואס מ'מאטערט זיך אין גלות - איז דער אמת'ער ענין פון "לא ידעתי", דאס האט קיין הסברה ניט אין שכל, וואס אמת טאקע אז "חבל על דאבדין ולא משתכחין כו'" און מ'דארף ניט פרעגן קיין שאלות וכו', און מ'דארף האבן אמונה און בטחון וכו' -

איז אבער לאחרי כל הביאורים בדבר און וויפל מ'קען פארשטיין בשטחיות השכל, איז אויב מ'וועט זיך ניט נארן - בלייבט די שאלה וואס האט ניט קיין ביאור: פארוואס איז די גאולה נאך ניט געקומען, ווארום ס'איז דאך שוין "כלו כל הקצין ואין הדבר תלוי אלא בתשובה"[177], און ס'איז א זיכערע זאך אז ס'איז ניטא קיין איד וואס האט ניט געגעבן א קרעכץ פון תשובה בשעתא חדא וברגעא חדא,

ואע"פ אז דאס האט מען ניט געטאן בזמן אחד, נאר יעדער איינער בזמנו - קען דאס אבער דער אויבערשטער אלץ מצרף זיין צוזאמען?!

וואס דאס איז אן אמת'ער ענין פון "לא ידעתי" - אבער בשעת מ'זאגט "לא ידעתי" מאכט דאס ניט לייכטער אויפן הארצן, און מ'וויל דאך אז דאס זאל זיין בהבנה והשגה, וואס אין דערויף קאכט זיך דאך חב"ד, אז מ'זאל זיין אן "עם חכם ונבון"[178].

ויה"ר אז דאס זאל אראפקומען אין חב"ד, און עס זאל טאקע זיין "ידעתי", און דער עיקר - אז עס זאל זיין די גאולה און אין אן אופן פון "נאו", וואס דאס וועלן אויך די ענגלענדער הערן - גאולה האמיתית והשלימה, בעגלא דידן ממש.

צוה להכריז אודות המלוה מלכה של גמ"ח קרן ישראל ארי' לייב שתתקיים במוצש"ק.

נתן היין והמזונות (לרש"צ פ.) עבור המלוה מלכה.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

66) קי, א. 67) יחזקאל כב, ג. 68) אגה"ק כ"ב (קל, ריש
ע"ב). 69) ח"ב רצ, ב ואילך. וגם באוה"ת נ"ך ח"ב ע' תתכז
ואילך. 70) ב"ה (אוה"ת כב ע' תתצא). 71) שבות ח, ב.
72) יחזקאל כב, ו. ב. כז. 73) במדב"ר פי"ח, יח. זח"א
כג, א. 74) מבנה ובריית' בבה קידושין. 75) אבות פ"ו.
76) ראה ח"א ויחי כט, ג. 77) תניא ב"ה (יג, א). 78)
ראה תו"ח נב, א. נה, א ואילך. הרמב"ם הל' מאכלות אסורות
פ"א הי"ב-כג. 79) נדפס באוה"ת ... עזרה קיב, ב ואילך.
בם ברך ב' (הוספות) תכב. א ואילך. 80) נח, א. 81) ראה
יבמות ב, ב. רמב"ם הל' מילה פ"א הי"ג. טוש"ע יו"ד סרס"ו
סי"א. וראה הז"א ו, ב. 82) פל"ז (מח, ב). 83) יומא פז.
ב. 84) ראה ברכות ז, ב. זח"א צח, ב. 85) פל"ח (נ, א).
86) אוה"ת במדבר (הוספות) ע' א'תכב. וראה כתר שם טוב
(הוצאת קה"ת) הוספות סל"ח. וש"נ. 87) ראה קידושין כ,
א. 87*) ח, ג ואילך. 88) שה"ש ה, ז. 88*) ראה לקו"ת
שלח מב, ד. 89) יב, כב. 89*) זח"ב לו, א. וראה בארוכה
סה"מ תש"ה ע' 137 ואילך. 90) תניא פכ"ח (לה, ב). 91)
שבת קיד, א. 92) כתר שם טוב הוספות סקכ"ח. וש"נ.
93) אבות פ"ד מ"ה. 94) רש"י, רמב"ם ורע"ב שם. ועוד.
95) פרש"י עה"פ יתרו כ, יז. וראה בידור כד, סע"ב. ועוד.
96) ישעי' מט, כב. 97) בשלח טו. כו. 98) יחזקאל ט, ה.
99) טז, א. 100) משלי טז, טו. 101) בחוקותי כז, לב.
102) ראה מכילתא בשלח טו, א. 103) פרשתנו ו, ט.
104) שמו"ר פ"ו, ד. 105) פרשתנו שם, ד. 106) וישלח לג,
יט. 107) פרשתנו שם, ה-ו. 108) ירמי' כג, כט.
109) בראשית ג, ח. 110) שם. 111) פח, ב. 112) לד, א.
113) נב, ב. 114) ל, ב. 115) רש"י שם. 116) אבות ספ"ה.
117) רא"ם, שפ"ח. 118) ד"ה מה פסיש. 119) לקוטי לוי"צ
לזח"ב ס"ע נ ואילך. 120) ח"ב כג, ב. 121) ראה רי"ף
יבמות ספי"ב. רמב"ם הל' יבום וחליצה פ"ד הכ"ס. 122) ח"ג
עא, ב. 123) ראה סה"ב הרפ"ח ע' רא (שיחת כ"ק אדמו"ר
מיהריי"ץ). וראה גם שיחת אחש"פ תשח"י סכ"ה. 124) וירא
כס, ט. 125) ר"פ חלק ד"ה וכת חמישית. 126) פסחים נ, ב.
וש"נ. 127) ר"פ בחוקותי. 128) פ"ט ה"א. 129) ראה
הז"א ר"פ משפטים. וראה ג"כ זח"ב צד, סע"ב. רמ"ז שם.
130) משפטים כא, י. 131) ברכות יז, א. וראה תניא פי"ד.
132) תניא פ"ה (ט, ב). 133) פ"י. 134) ראה רמב"ם הל'
יסוה"ת פ"ב ה"י. 135) פ"ד (ח, ב). 136) ע"ז ג, ב.
137) ע"פ ל' הכתוב שופטים יז, יא. 138) ויגש מה, כד.
139) תענית י, ב. הובא בפרש"י עה"פ. 140) משלי כב, ט.
141) נדרים לח, א. 142) ויגש שם, ט. 143) שם מו, ד.
144) שם. 145) ראה עמה"מ ש' שעשועי המלך רפ"א. שעהיוה"א
פ"ד. שובא אמונים ויכוח ב' סי"ד. וראה גם שו"ת ח"צ סי"ח.
146) שבת פט, ב. 147) עמוס ג, ז. 148) תולדות כה, כז.
149) יט, ב ואילך. 150) תהלים קטו, ט. 151) וישב לז, א.

152) ראה תו"א וישב כז, ב. ועוד. 153) שער הפסוקים
תולדות כז, כה. וראה ג"כ ב"ר פע"ו, א. זח"א קיט, ב.
קכז, ב. 154) בחוקותי כז, ג-ד. 155) ראה תו"ח לך לך
פג, סע"ג ואילך. ועוד. וראה רמב"ן לך לך יב, ו. וראה
גם תנחומא לך לך ט. ב"ר פ"מ, ו. 156) ראה ספר השיחות
תורת שלום ע' 75 ואילך. 157)פכ"ב ואילך. 158) קהלת ג, יא.
159) ראה שבת לא, סע"א. 160) ראה תו"כ ופרש"י ר"פ בהר.
161) חוקת יט, יד. 162) ב"ר פי"ז, ז. 163) שבת יא, א.
טושו"ע בו"ס קי. 164) ירושלמי ברכות פ"א ה"ב.
165) אגה"ק ס"כ (קל"א, א). 166) בהקדמה. 167) ראה ספר
התולדות אדמו"ר מהר"ש (לכ"ק אדמו"ר שליט"א) ע' 69.
168) ישעי' כו, יט. 169) ראה מכתב כ"ק אדמו"ר שליט"א
ר"ח שבט תשי"א (נדפס בבה"ב באתי לגני ע' שמ ואילך.
ועוד. 170) מגילה ו, ב. 171) ה, ב. 172) ירמי' ל, י.
173) בשלח יד, לא. 174) שו"ת צפע"נ ח"א סי' קיח. וראה
ב"ב סה, א. זבחים ד, ב. 175) ביצה ד, ב. 176) זח"ג
קנב, א. 177) סנהדרין צז, א. זח"ג קכב, א. 178)
ואתחנן ד, ו.

א. ס'איז דאך ר"ח שבט, און בשנה זו קומט דאס אויס בפ' בא.

וואס פרשת בא איז דאס די סדרה אין וועלכע ס'ווערט אנגעזאגט דער ענין פון חידוש חדשים "החודש הזה לכם" - כזה ראה וקדש.

און לויט דעם ציווי און מיט דעם כח זיינען דערנאך (און האבן) אידן מקדש (געווען) דעם חודש מידי חודש בחדשו, אין זמן וואס מ'האט מקדש געווען ע"פ הראי' איז געווען דער "כזה ראה וקדש" ממש'דאה"בראיית העדים; אפי' לאחרי זה בימינו אלו, אז מ'איז מקדש ע"פ החשבון, איז דאך ידוע (און ווי געבראכט אין פוסקים), אז מ'דארף דאך האבן א כח בי"ד אויף מקדש זיין דעם חודש.

וואס דאס היינגט דאך אפ אויף דעם בי"ד שלמעלה, איז דערפאר הלל [דאס איז ניט הלל הזקן נאר זיינער אן אורא‏ייניקל] האט אויסגערעכנט און קובע געווען בזמנו די אלע ראשי חדשים לכל השנים כולם, עד יבוא מורה צדק - ביז וואנעט ס'וועט קומען משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט דאך זיין "ואשיבה שופטיך כבראשונה" - מ'וועט ווידער אמאל אנהויבן מקדש זיין דעם חודש ע"פ הראי' און קבלת עדים בבי"ד וסנהדרין.

און דאס איז נאכמערער: אז דאס איז די הכנה אז דורך דערויף וואס אידן לערנען תורה און זיינען מקיים מצוות בכלל, און בפרט אין מדה כנגד מדה - אין דעם ענין וואס מ'טוט בכל ר"ח את השייך לחודש זה, איז דאך מדה כנגד מדה איז דאס נאכמער מקדים אין דעם "אחישנה" און אין דעם "בעתה אחישנה" - אין דעם ענין פון "ואשיבה שופטיך כבראשונה" קידוש חדשים ע"י סנהדרין, ובביהמ"ק ובירושלים עיה"ק, ובארצנו הקדושה - וועט דאס קומען נאך פריער, דורך מעשינו ועבודתינו בזמן הגלות.

אבער דא איז נאך דא א הוספה, און א תוספת כח:

מעשינו ועבודתינו בזמן הגלות אין קידוש חדשים, איז דאס מיט דעם כח ווי ס'איז געווען בזמן [כאמור לעיל] ע"י קביעת חדשים פון הלל וואס דעמולט איז געווען דער קידוש חדשים ווי דאס איז מן התורה בכל התוקף.

וואס דאס איז דאך בכל ר"ח, און כל חדשי השנה.

ביתר שאת ויתר עוז בקביעות ש.ז. און ר"ח שבט פון ש.ז. אז דאס איז אין פרשת בא גופא, איז דאך דאס דעמולט כפתגם פון דעם אלטן רבי'ן אז "מ'לעבט מיט דער צייט" מיט דער פ' השבוע.

און מיט נאך א הדגשה בזה:

דער ענין פון קיום המצוות דארף דאך זיין אין א אופן פון הקדמת נעשה לנשמע, וואס דאס איז געווען ביי כללות ענין מתן התורה, אזוי אויך ביי יעדער מצוה בפ"ע דארף זיין לכל לראש מצד קב"ע דער "נעשה" וואס ער איז בטל לבעל הרצון, און ערשט דערנאך קומט דער "נשמע" ונבין - און מ'וועט וויסן טעמי המצוות, סגולת המצוה וכו',

עד"ז איז דאס מודגש אין קביעות ש.ז., אז ביום שלישי בשבוע איז מען מקיים די מצוה - דער "נעשה" פון ר"ח בפועל, ולמחרתו [ערשט נאך דערויף] קומט דער שיעור פון יום רביעי, דער ענין ווי דאס ווערט געלערנט אין תורה מיטן גאנצן שטורעם וואס ס'קומט צו ע"י לערנען תורת חיים און תורת אמת, חכמתו - וואס פון איר ווייס מען רצונו של הקב"ה ביז אז דאס ווערט א יחוד נפלא כמבואר-בארוכה אין תניא.

במיוחד נאך, אז דאס איז פארבונדן און דאס קומט אויך אין שנת "הקהל", וואס הקהל את האנשים ואת הנשים ואת הטף - וואס דער חידוש איז דאך דא, עלי' ברגל בכל שנה ושנה איז דאך געווען מערניט ווי בא אנשים, בנוגע צו נשים איז דאס א ענין פון א מצוה שהזמ"ג וכו'.

עאכו"כ טף; ובפרט ווי ער זאגט אין ירושלמי אז דאס איז אויך כולל קטני קטנים וויארום "טף" איז דאך קלענערע ווי קטנים,

און מ'מאכט פון זיי א ענין אחד, א קהל אחד לעשות את כל דברי התורה הזאת.

וואס דאס איז דאך דער ענין פון לבנה און קידוש לבנה, וואס אין לבנה איז דאך שייך די חילוקים פון קטנות און גדלות, און דער ענין וואס זי איז מקבל און לע"ל וועט זי זיין משפיע, משא"כ בשמש וואס אין איר איז ניטא קיין שינויים.

ובמיוחד אין דעם טאג פון ר"ח זעט מען ווי אזוי פריער איז דא דער העלם הלבנה, און דערנאך שטייט זי אין א אופן פון קטנות בתכלית - קטנות דקטנות - זי ווערט ערשט נולד נקודה ראשונה - כזה ראה וקדש.

און ערשט דערנאך שטייט זי אין א אופן וואס זי איז מקבל פון אור השמש, פריער איז זי מקבל מערביט ווי א נקודה און דערנאך איז הולך ומוסיף ואור, ביז וואנענט ס'ווערט קיימא סיהרא באשלמותא - בשלימות פון זמן הגלות.

וואס דאס ווערט אויכעט א הכנה קרובה כמדובר לעיל, צו די גרעסערע שלימות וואס ס'איז דא אין דעם ענין הלבנה, אז "והי' אור הלבנה כאור החמה ואור החמה כאור שבעת הימים",

ובפרט נאך כמבואר בארוכה אין חסידות דער ענין פון נקבה תסובב גבר, אז דאס איז אויכעט דא בנוגע לענין הלבנה והשמש, וואס דעמולט וועט דאס זיין דער סיהרא באשלמותא אין תכלית השלימות.

און די אלע ענינים זיינען דאך תלוי במעשינו ועבודתינו במשך שיתא אלפי שני דהוה עלמא בכלל, און אין זמן הגלות און עקבתא דמשיחא וואס דעמולט איז א חושך כפול ומכופל "החושך יכסה ארץ" אין תכלית החשכות, אז ס'איז אינגאנצן אותותינו לא ראינו, ס'איז אינגאנצן א העלם והסתר "אנכי הסתר אסתיר פני ביום ההוא".

און דערפון קומט גאולתן של ישראל, ווי ער זאגט אין ירושלמי "כאילת השחר" - אז הולך והוסף ואור, אין אור הלבנה ביז אין תכלית השלימות אירע.

וואס דאס ווערט אויכעט בשעת א איד בעבודתו איז אויכעט עובד עבודתו לבוראו באופן כך אז בכל יום איז דאס בעיניך חדשים, און ער הויבט אן גאר מתחילה וויארום ער איז א ברי' חדשה בכל יום, הויבט ער אן עבודתו מחדש, אנהויבנדיק פון א נקודה "ונפשי כעפר לכל תהי'",

און דערנאך ווערט גלייך הלוך והוסיף ואור, ביז וואנעט ער שטייט בתכלית השלימות אין די שלימות וואס ס'קען זיין נאך זייענדיק אין גלות, ווי ס'איז געווען אין דעם ערשטן גלות אז "ולכל בנ"י הי' אור במושבותם", וואס דעמולט איז דאך אויך געווען אין דעם ארט וואו ס'איז געווען "חשך יכסה ארץ" אפי' בבית המצרי, איז בא אידן דארטן געווען אור און געזען אפי' בענינים וואס זיינען געווען באהאלטן פון אור היום ע"ד הרגיל כמבואר אין מדרשי חז"ל - וואס דאס איז דאך א חלק פון תושבע"פ, וואס ענינה איז דאך א הוראה און א הוראה נצחית בכל המקומות ובכל הזמנים.

עאכו"כ ווען הנה זה עומד אחר כתלינו, אז אט אט ווערט די לבנה נולד מחדש, און הם עתידים להתחדש כמותה, וואס ישראל מונין ללבנה, וואס דאס לערנט מען אויך אפ פון פרשת שבוע זה "החודש הזה <u>לכם</u>" ואין לזרים אתך [ווי ער זאגט אויף דערויף אין מדרש],

און ס'ווערט דער "החודש הזה לכם ראש חדשים", וואס דאס איז כולל און גייט במיוחד אויף ניסן און חודש הגאולה, אז נאך ניט ווארטנדיק אויף ניסן איז דא די



<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

אולה אין א אופן פון "נגאלין מיד", און דער גאנצער סדר אז מ'הויבט אן פון נקודה און דערנאך איז הולך ומוסיף ואור טוט זיך אפ בשעתא חדא וברגעא חדא, ערפאר וואס דאס איז בזמננו זה דורך "ישראל עושין תשובה", וואס דאס איז דער ופן העבודה ע"י התשובה, מ'גייט דורך אלע דרגות אבער דאס ווערט אפגעטאן אין אופן פון מיד - בשעתא חדא וברגעא חדא,

און ס'קומט בפועל - אין ענין ואין מקרא יוצא מידי פשוטו:

אז ס'קומט די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו דוד הוא הקטן, ווי י לבנה וואז זי איז "מאור הקטן", און וואס דאס איז ווי ישראל מונין ללבנה וואס י יקום יעקב כי קטן הוא",

און פון אט דער קטנות ווערט דער יתרון האור מן החושך, און יתרון החכמה ן הסכלות, און [כאמור לעיל] אין עבודה בפועל - דורך "ונפשי כעפר לכל תהי'"- יי עם איז דא דער ענין פון "נעשה" בפועל.

קומט ער גלייך תיכף לאח"ז צו מקיים זיין די מצוה פון החודש הזה לכם - זה ראה וקדש, אין ואשיבה שופטיך כבראשונה.

צוזאמען אויכעט מיט פירוש רש"י בתחילת התורה כולה "לא הי' צריך להתחיל ת התורה אלא מהחודש הזה לכם" נאר דאס האט אויפגע'פועל'ט אז ס'זאל זיין דער כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים" אז "ברצונו נתנה להם ונטלה מהם" און יס דאס אפ נחלת עולם לעם ישראל א"י לגבולותי' ,

בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות ארצנו, און אין א אופן פון "נגאלין מיד".

* * *

ב. האמור לעיל אז דער ענין פון קידוש חדשים און כל עניני ר"ח איז שייך נו אנשים און אויכעט צו נשים.

געפינט מען אבער אז ס'איז דא א יתרון בזה דוקא בא נשים, ווי געבראכט אויכעט פון פרקי דר"א, ביז וואנענט אז ס'איז געווארן א מנהג ישראל תורה הוא בנוגע אז דוקא נשים זיינען זהיר במלאכה ביום ראש החודש, כמבואר בארוכה אין אחרונים, און אויכעט אין ראשונים און כמבואר לעיל אנהויבנדיק נאך פאר דערויף - פון פדר"א.

און געגעבן האט זיך דאס פון זינט מ"ת אן, וואס בשעת ס'איז געווען מ"ת איז דאך אויך געווען די הקדמה פריער "תאמר לבית יעקב - אלו הנשים" און דערנאך ותגיד לבנ"י".

און דערנאך אויך זעט מען אז מ"ת האט גע'פועל'ט ביי נשים נאכמערער ווי ס'האט אויפגעטאן ביי אנשים, דערפאר אז ס'איז געקומען צו דעם ענין הידוע האבן די נשים ניט געגעבן פון זייער זהב וכו', און דערפאר איז [ווי ער איז מבאר אין פדר"א] נקבע געווארן על כל הדורות כולם אז ס'קומט ר"ח ווערט נאכאמאל מודגש דער יתרון וואס ס'איז דא, נקבה תסובב גבר בזמה"ז - דער יתרון פון נשים אויף אנשים.

וואס מ'געפינט במיוחד אין דערויף אויך א הדגשה אין דעם שיעור חומש פון יום זה:

וואס ער איז אויך כולל דער ציווי מיוחד, נוסף וואס ס'איז געווען דער ציווי כללי פון "ונצלתם את מצרים", דער ציווי כללי מיט די הבטחה כללית אז "ואחרי כן יצאו ברכוש גדול" - איז געווען א ציווי מיוחד אז "ושאלה אשה משכנתה ומגרת ביתה" ווי ער זאגט דאס אין דעם שיעור פון יום זה.

וואס דארט איז דאך אויך געווען [ווי ער זאגט אין מדרש] אז דער אויבערשטער האט זיך געבעטן אז מ'זאל דאס טאן כדי אז מ'זאל זען אז ס'איז נתקיים געווארן הבטחתו פון "ואחרי כן יצאו ברכוש גדול", איז אין דערויף אויכעט געגעבן געווארן א יתרון לנשים.

מיט דער הדגשה - אז ס'איז דא דער ענין פון "שכנתה וגרת ביתה" - אויף וואס ניצט דאס אויס א אידישע פרוי? - אויף מקיים זיין מיט "שכנתה וגרת ביתה" נאך א מצוה, וואס לולי די שכנה'טע און גרת ביתה קען מען דאס ניט דורכפירן.

וואס דעמולט "ושאלה אשה משכנתה ומגרת ביתה", און דער אויבערשטער מיט אידן איז דאך בדוגמא צו איש ואשה, כמבואר בארוכה [און דאס איז דער גאנצער תוכן פון] שיר השירים - וואס "כל התורה קודש ושיר השירים קדש קדשים".

וואס דארט איז דאך מודגש ומפורט און מוסבר אין כמה ערליי אופנים וענינים ווי אזוי די אידן מיט דעם אויבערשטן איז דאס בדוגמא פון איש ואשה, מיט אלע ענינים, אנהויבנדיק פון "איזוהי אשה כשרה העושה רצון בעלה" - אז מ'איז מקיים מצוות ה', און מקיים זיי ניט מצד הטעם והשכל והבנה והשגה והסברה ווארום דאס איז א מצוה שכלית - נאר דערפאר וואס דאס איז רצון בעלה.

וואס אזוי איז בנוגע צו אידן מיטן אויבערשטן.

וואס דערפון ווערט אויך דער לימוד אז כל התורה כולה כללות ופרטות נאמרה, לערנט מען אויכעט אפ א פרט אז יעדער עקרת הבית אדער יעדער מיידל און מיידעלע וואס גרייט זיך צו ווערן עקרת הבית, איז די הכנה און די פעולה באשטייט אין דערויף אז זי זאל זיין א בונה בית בישראל, און ווי ער זאגט אין מגילה רות [בשעה ער איז מסיים דער ענין פון הולדת משיח צדקנו וואס ער וועט ברייבגען די גאולה "כימי צאתך מאמ"צ", אז דאס איז] כבית האמהות וואס זיי האבן "בנו את בית ישראל".

און דאס ווערט א נתינת כח צוזאמען מיט א הוראה ודרך ברורה וצלולה ווי אזוי מ'מאכט אויף בתים בישראל, בתי ישראל כולל אויכעט ווי ס'ווערט פון זיי אויפגעטאן בתי כהונה לוי' און מלכות, ווי דאס איז געווען ביי שפרה ופועה - ביי יוכבד ומרים בתה.

וואס דאס איז דאך אויכעט בדוגמא ווי נשים ובנות, וואס מרים איז דאך דעמולט געווען א קליינע מיידעלע פון פינף יאר, זיינען זיי ביידע געגאנגען צוזאמען "ויעש להם בתים" - אז זיי האבן מיטגעבראכט אז ס'איז געבארן געווארן גואלם של ישראל - גואל ראשון הוא גואל אחרון - וואס דעמולט איז אויך געבארן געווארן גאולתם של ישראל, אז ס'איז שוין דא דער ענין אין א ענין [וגוף] גשמי וואס אין עם האט זיך אנגעטאן די נשמה ע"י וואס מרים האט געטאן פעולתה און גערעדט מיט עמרם'ן, און יוכבד האט געטאן פעולתה.

און צוזאמען מיט זיי, און צוזאמען מיט עמרם וואס ער איז געווען דער אנפירער פון אידן בזמן ההוא און דער מורה דרך פון אידן בזמן ההוא, ביז וואנענט [ווי ער זאגט אין רמב"ם] אז ער איז צווישן די וואס האבן מחדש געווען מצוות בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי די אבות [ווי ער רעכנט דארט אויס] אז ס'איז געווען די שבע מצוות ב"נ און דערנאך איז צוגעקומען מצוות ע"י אברהם יצחק יעקב ועמרם, און דערנאך איז משה בן עמרם איז געווען דער משה קבל תורה מסיני ומסרה עד סוף כל הדורות אין א אופן פון מורשה קהלת יעקב.

וואס בפשטות איז לידה משה און חינוך משה, וואס דאס האט עם געפירט אין דעם וועג איז דאס געווען ע"י שפרה און פועה, ע"י יוכבד און מרים, ווי דאס איז אין פשוטו של מקרא, ובביאור יתר און בפרטיות גדולה ווי דאס איז אין מדרשי חז"ל אין תושבע"פ.

וכאמור - אז די תורה איז נצחית אין דעם ענין אירע וואס זי איז תורה מלשון הוראה:

אט דאס האט דורכגעטראטן די וועג און געגעבן כח יעדער אידישע פרוי און יעדער אידישע מיידעלע אפי' אז זי איז מערניט בגיל פון מרים, אדער ווי דערמאנט פריער בנוגע צו טף "קטני קטנים" נאך אינגער דערפון -

אז מ'זאל וויסן זיין אז תורה אור און זי באלייכט די וועג, וואס די וועג אירע איז - דורך דערויף וואס מ'איז מקיים נר מצוה ותורה אור,

און ס'איז א זיכערע זאך אז פונקט אזוי ווי תורה איז לא בשמים היא און זי איז געגעבן געווארן לנשמות בגופים, און מ'האט געזאגט אז די התחלה בזה הייבט אפ אן דעם הסכם און דעם רעדן צו נשי ובנות ישראל במדובר לעיל,

און שטעלט אויף ווי ס'איז געווען אין ימי צאתך מאמ"צ, די "צבאות ה'", וואס זיי גייען ארויס "ביד רמה" פון גלות מצרים, אזוי אויכעט איז יכלו כל הנשמות שב(אוצר הקרוי) גוף ע"י נשי ישראל,

און מ'שטעלט אויף די "צבאות ה'" אין דעם גלות, אין די לעצטע טעג פון גלות,

- אט די קינדער מיט וועלכע מ'איז שוין געבענטשט געווארן, איז מען זיי מחנך אין דעם וועג אז זיי זאלן זיין "צבאות ה'" וואס התחלת החינוך הייבט זיך אפ אין די יארן ווען דער תינוק איז נאך "זקוק לאמו" דוקא, כמבואר בהלכה און בפרטיות אין כ"מ אין תושבע"פ,

און אויכעט דורך דער קיום המצוה פון "פרו ורבו ומלאו את הארץ" וואס דערויף ווערט דער ענין פון "וכבשוה" - מ'נעמט אין די אייגענע ארציות וגשמיות דורך דעם פירן זיך לויט תורה אור, וואס מ'באלייכט דעם טאג-טעגליכן לעבן מיט די ליכטיקי פון תורה און מיט די ליכטיקייט פון אידישקייט.

וואס דאס ברייבגט מיט זיך - בדוגמא ווי ס'איז געווען כימי צאתך מאמ"צ, אז דורך דערויף וואס ביי אידן איז געווען אור במושבותם נאך זייענדיק אין מצרים און אין גלות מצרים, ווארום ס'איז דאך געווען פאר דעם "בא הקץ" וואס דעמולט "לא עיכבם אפי' כהרף עין",

האט דאס אויך געבראכט דער אור בפשוטו, אז ס'איז געווען דער ענין פון כסף וזהב אויכעט כפשוטו, נוסף אויף דעם עיקר גליק וואס ס'איז געווען"בנערינו ובזקינינו בבנינו ובבנותינו", ניט ווי פרעה האט גע'טענה'ט "לכו נא הגברים ועבדו את ה'", און די קינדער ר"ל זאלן בלייבן אונטער זיין שליטה און פירן זיך לויט זיין הנהגה וכו',

האט משה - רעיא מהימנא פון כל ישראל, וואס עניננו איז דאך [ווי ער זאגט אין תניא] אז בכל נפש ונפש מבית ישראל איז דא מבחי' משה רבינו ע"ה ווארום ער איז א רעיא מהימנא,

פירט ער און באלייכט דעם אידישן וועג מ'זאל זיך פירן ווי אנגעוויזן אין תורת משה, וואס דעמולט שטעלט מען אויף אויכעט גשמיות'דיקע רחבות, כאמור, ווי ס'איז געווען דעמולט אויכעט בפשטות בנוגע צו "יצאו ברכוש גדול", וואס דער אויבערע לויט זיינע השגות זאגט אז דאס איז ניט סתם א "רכוש", נאר לויט דעם אויבערשטן'ס השגות איז דאס אויכעט א "רכוש גדול", אויכעט - אין ענין יוצא מידי פשוטו - הרחבה בפרנסה גשמית,



הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס ווען גייט איין פרנסה, און פרנסה בהרחבה - ווען דאס ווערט אויפגענומען דורך א געזונטן גוף, הי׳ת הגוף בריא ושלם, וואס דעמולט ערשט קען ער הנאה האבן אין א אופן המותר ע"פ שו"ע, וואס דעמולט איז פארקערט - עצם הטוב להיטיב וויל דער אויבערשטער אז יעדער איד זאל זיין גוט סיי בגשמיות און סיי ברוחניות.

און כאמור כמ"פ לכאורה דער פלא אין רמב"ם:

וואס בשעת ער דערציילט די הפלאה פון ימות המשיח נאך דעריוף וואס משיח וועט שוין קומען, איז ניט ער איז מפליא אז דעמולט וועט מען ניט דארפן האבן קיין מעדנים, און מעדנים וועט ניט זיין ווארום מ׳וועט ליגן מערניט ווי אין רוחניות - איז נאך איידער וואס ער זאגט אז מ׳וועט ליגן מערניט ווי אין רוחניות, זאגט ער אז ס׳וועט זיין "מעדנים" - וואס תורת אמת רופט דאס אן בשם "מעדנים", און אין הלכה יוצאה מידי פשוטה אז דאס מיינט מען מעדנים פון דעם גוף הגשמי,

- נאר ווארען [דאס וועט זיין] יהיו כעפר, דאס וועט ניט תופס מקום זיין מצ"ע, מערניט אזוי ווי מ׳דארף האבן א גוף בריא ושלם, און מ׳דארף האבן א דירה נאה און כלים נאים דערפאר וואס זיי זיינען מרחיבים דעתו של אדם [ווי ער זאגט אין סיום וחותם פון מס׳ ברכות],

און מ׳דארף האבן [ווי דער רמב"ם איז דערנאך ממשיך] אז די אידן וועלן זיך עוסק זיין אין לדעה את ה׳ כפי יכולת פון א נברא, אבער אין א אופן פון "כמים לים מכסים", וואס אין דעריוף העלפט אויס [כאמור] דער דירה נאה און כלים נאים און מאבלים נאים ועדינים, ווי חסידות ברייננגט אראפ פון אלשיך אז בשעת מ׳עסט איידעלע מאכלים, איידלט דאס אויכעט אויס דעם גוף כולל אויכעט דעם מוח במילא אויכעט דעם שכל, און דאס ברייננגט א תועלת אין חכמה בינה דעת בכלל, און אין דעה בפרט, וואס דאס איז תכלית השלימות אין שכל האדם, ובפרט נאך ווען ער נוצט אויס צוליב די תכלית השלימות פון לדעת את ה׳.

אזוי אבער ווי מ׳זאגט אז "לעולם ילמוד אדם בתומ"צ שלא לשמה" און מ׳האט די הבטחה "שמתוך שלא לשמה" - גיט תורה אויכעט די הסברה ביז וואנענט אז ס׳לייגט זיך אפ אין שכל פון נפש האלקית, ניט נאר מצד זיין קב"ע ומס"נ, נאר אויכעט בשכלו, קומט דאס אויכעט אראפ און דער נפה"א איז דאס מסביר ביז וואנענט דאס לייגט זיך אפ אין שכל אנושי, וואס ער איז דאס אויכעט מסביר ביז וואנענט אז דאס לייגט זיך אפ אין שכל פון נפה"ב.

און דאס איז כמדובר כמ"פ [עכ"פ בריינגען די נקודה]:

ס׳איז דאך ידוע די טענה וואס ליידער ס׳איז דא אזוינע וואס זיי זיינען נאך ניט דורכגענומען מיט נר מצוה ותורה אור, ווארום מ׳האט צוטאן מיט "שכנתה וגרת ביתה" - ניט נאר אויף מקיים זיין דורך איר א מצות ה׳, און אזוי איז כל כבודה בת מלך פנימה, ניט "מגרת ביתה און שכנתה".

בשעת מ׳שטייט ניט אין דעריוף בשלימות איז אט דעמולט קלעפט זיך עפעס צו.

און מ׳דארף דאך האבן [און מ׳וויל דאך האבן] אז בחסד וברחמים זאל דאס אליין אפוואשן, איז אט דאס אין אזא מין סארט הסברה [כאמור לעיל] וואס תורה גיט דאס אלס חכמתו של הקב"ה, און דאס קומט אראפ לכל לראש אין חלק אלוקה ממעל ממש, אין נפש השנית בישראל.

וואס איר תפקיד און שליחות איז דאך - ווי ער ברייננגט אראפ אין תניא פון ע"ח - אז לא ירדה לברר עצמה [די נשמה נאר] מברר זיין חלקו בעולם דער גופו ונפש השכלית און נפש הבהמית, האט מען דאס אויכעט מסביר געווען אין א אופן אז דאס איז פארשטאנדיק [כאמור] אפי׳ פאר א שכל כון נה"ב, ביז וואנענט אז מ׳קען דאס

זויכעט מסביר זיין צו "שכנתה וגרת ביתה" אויב מ'האלט נאך ניט ביי דער אופן העבודה אע"פ וואס דאס איז די התחלה פון אלע ענינים פון שו"ע - "אל יבוש מפני המלעיגים".

און דאס איז כמדובר כמ"פ:

אז דער אויבערשטער האט געגעבן בכמה ענינים, בפרט בנוגע צו קיום המצוות כולל אויכעט לימוד התורה, אז ס'זאל זיין א בחירה חפשית, און בעט זיך אז ס'זאל זיין "ובחרת בחיים", אע"פ וואס ער איז מקדים לזה אז דער אויבערשטער איז'נתתי לפניך את החיים"און דרך החיים, און אויכעט דעם ענין הפכי, ווארום ער וויל אז מ'זאל בשכל עצמו [און אויב מ'קען דאס ניט פועל זיין בשכל ורצון עצמו ובבחירתו עצמו] אויסקלייבן דעם דרך החיים,

ס'איז דאך אבער דא כמה ענינים בעולם וואס ער האט ניט אפגעגעבן לבחירתו של האדם, נאר דאס הייגט אפ אינגאנצן אן דעם אויבערשטן.

אט דאס איז אויכעט בנוגע לקיום המצוה פון "פרו ורבו".

און דאס איז ניט ווי רש"י טייטשט אז "פרו" קען זיין אפי' אחד, נאר ס'זאל זיין "ורבו" ביז וואנענט אין א אופן פון "מלאו את הארץ", וואס אויף קיום מצוה זו דארף מען דאך אנקומען צו די צוויי שותפים: צו דעם אב ואם.

דערנאך אבער אז ס'זאל זיין דער קיום המצוה בפועל, וואס דאס איז הולדת הבן והבת, הולדת הבנים והבנות, הייגט דאס אפ אן דעם דריטן שותף - אן דעם אויבערשטן, וואס דוקא פון עם נעמט זיך דער כח הא"ס, ווי ער ווערט נתגלה דא למטה, וואס דאס איז הולדת בנים ובנות, וואס זיי גייען בדרך התורה ומצוותי', כולל אויכעט דער קיום המצוה "פרו ורבו" - זיי שטעלן אויכעט אויף "צבאות ה'", ודורות בישראל פירות ופירי פירות עד סוף כל העולם.

וואס בפשטות איז דאס: אז בנוגע צו מקיים זיין די מצוה מוז זיין די התחלה און די אתעדל"ת פון דעם אב ואם, אויף אויספאלגן דעם ציווי פון עצם הטוב וטבע הטוב להיטיב, וואס דאס איז איינע פון די גרעסטע גליקן און עצם הטוב - געבענטשט ווערן בבנים ובנות, אז די ברכה זאל אראפקומען בפועל,

הייגט דאס אפ בעיקר און מ'מוז אנקומען צו דער שותף השלישי - צו ברכת ה'.

ברכת ה' בכלל - אז מ'זאל געבענטשט ווערן מיט קינדער בנים ובנות; אין דערויף גופא זאל דאס זיין אין א אופן פון "תעשיר" - אין א אופן פון עשירות, אז דאס איז קינדער, אינגלאך און מיידלאך, וואס זיי זיינען רייך אין כל ענינים רוחניים וואס דאס ברייגגט דערנאך אויכעט צו זיי די רייכקייט אין כל ענינים גשמיים, וואס דאס קומט צו א אידן דורך "בחוקותי תלכו ואת מצוותי תשמרו ועשיתם אותם" - אז די קינדער פירן זיך אזוי, ווערן זיי געבענטשט אז ונתתי גשמיכם בעתם, און ווי דער אפטייטש הידוע פון בעש"ט אז די גשמיות האט מען דאס אין א אופן פון "ונתתי" - כל הנותן בעין יפה נותן, און נאכמערער: דאס קומט אן בעתה, ווען מ'איז יונג און שטארק און פריילאך און מ'קען אויפנעמען די עשירות רוחנית וגשמית אין א אופן פון היות הגוף בריא ושלם אין תכלית הבריאות און אין תכלית השלימות.

וואס אין דערויף הייגט דאס אפ [כמדובר] אינגאנצן אין דעם אויבערשטן, וואס דער אויבערשטער ווייס ווען ס'איז די בעסטע צייט, ניט נאר ברוחניות נאר אויך בגשמיות, [כמדובר] אז די ברכת ה' גייט סיי ברוחניות סיי בגשמיות, ווארום ביי דעם אויבערשטן איז רוחניות וגשמיות איז שוה ומשוה כאטש אפי' דאס איז קטן און דאס איז גדול.

- ווייס דער אויבערשטער ווען ס'איז די בעסטע צייט אז א קינד זאל געבארן ווערן, און ווען ס'איז די בעסטע צייט סיי פאר דעם קינד סיי פאר דעם מוטער און סיי פאר דעם פאטער.

און אז מ'מישט זיך אריין מיט אייגענע חשבונות און מ'זאגט אז דאס וועט מען אפלייגן אויף מחר און דעם צווייטן ענין וועט מען אפלייגן אויף מחר - לאחר זמן, איז דא א סיפור נפלא וואס די גמרא דערציילט בנוגע צו משה רבינו:

[וואס כאמור איז ער געווען דער גואל ראשון, דורך דערויף וואס מ'האט אויפגעשטעלט די "צבאות ה'" - דער "הם הכירוהו תחלה" בגלות מצרים, און ער איז אויך דער גואל אחרון "משה ואהרן עמהם"],

זאגט די גמרא אין מסכתא ברכות בתחילתה: אז בשעת משה רבינו האט געבעטן ביי דעם אויבערשטן "הודיעני נא את דרכיך" - האט עם דער אויבערשטער געענטפערט "כשרציתי לא רצית" - בשעת איך האב דיר געזאגט אז איך האב דיר גערופן און איך האב דיר געוואלט מאכן פאר א שליח, איז דעמולט געווען "לא רצית", און דערפאר איז געווען אויך דערנאך "וראית את אחורי ופני לא יראו".

וואס ס'איז דאך ח"ו צו זאגן אז דער אויבערשטער איז געווארן ברוגז ח"ו אויף משה רבינו, דערפאר האט ער עם אפגעטאן און האט ניט מקיים געווען רצונו - אפי' ביי א בו"ד השלם איז דאס אויך ניט שייך צו זאגן.

נאר אין דערויף איז א הוראה: אז דער אויבערשטער וויל אז אין יעדער ענין זאל מען פילן אז מ'האט אין דערויף א חלק און א אנטייל, ניט אז מ'באקומט דאס אלס מתנה, אלס נהמא דכסופא, אע"פ וואס דאס איז א מתנה פון דעם אויבערשטן וואס "לי הכסף ולי הזהב".

און ער איז דער כל יכול, און ח"ו ביי עם וועט גארנישט ניט פעלן, איז אעפ"כ איז וואס שאט דאס אז ס'וועט זיין א מתנה און כל הנותן איז דאך בעין יפה נותן?

- זאגט דער אויבערשטער, אז ער וויל אז א איד זאל האבן נחת, און זאל האבן טוב, סיי בגשמיות און סיי ברוחניות, מיט דעם געפיל אז דאס איז ניט ח"ו נהמא דכסופא, אפי' ניט מתנה אליין פון דעם אויבערשטן, נאר דאס איז צוזאמען מיט קב שלו - אז ער האט אין דערויף זיך אריינגעלייגט און אין דערויף גענומען אנטייל, ביז וואנענט ווי תורת אמת רופט אן דער פאטער מיט דער מוטער בשם "שותף" צו דעם אויבערשטן, וואס ער בענטשט מיט די ברכות בכלל ברכת בנים ובנות במיוחד.

וכמדובר - אז בשעת מ'פארלאזט זיך אויפן אויבערשטן, איז ער יודע עתידות, און יודע המצב בהווה מיט אלע פרטים שבדבר, קלייבט ער אויס די בעסטע צייט און גוטע צייט, ביז תכלית השלימות סיי פארן קינד און סיי פאר דער מוטער, און סיי פאר דעם פאטער.

משא"כ אז מ'זאגט "כשרציתי לא רצית" - אז מ'פארלאזט זיך ניט ח"ו ווען ס'וועט זיין דער רצון ה', און מ'מישט אריין דעם אייגענעם רצון, און מ'מאכט א חשבון וואס יעדער מענטש אפי' די גרעסטע צווישן זיי זיינען דאך מדוד ומוגבל אויף וויפל ער קען אויסרעכענען און וויפל ער קען וויסן און וויפל ער קען אפשאצן, און ער אליין ווייס אז ער איז מדוד ומוגבל,

איז בשעת ער לייגט ארויף אט די מדידות והגבלות, און ער זאגט אז ניט עד פארלאזט זיך ווען ס'וועט זיין "רציתי" - דער רצון ה', און ער ווארט אז ס'זאל זיין און שטעלט אויס דעם חשבון "רצית" אין זמן פלוני ביום פלוני,

איז אט דעמולט פעלט דער ענין פון דער כלי מתאים אויף אריפנעמען אז דערנאך

הנחה פרטית בלתי מוגה

זאל זיין דער"ברכת ה' היא תעשיר," ביז"היא תעשיר"אויכעט אין תכלית השלימות אין ענינים רוחניים.

ובפשטות בענינינו:

אז זיכער איז דער אויבערשטער מאריך אף, עאכו"כ אז די כוונה איז לטובה כדי מ'זאל האבן א גוף בריא ושלם, ווייזט זיך אויס אז אויב מ'וועט זיך ניט אריינמישן אין דעם אויבערשטן'ס סדרים, וועט דאס שאטן דורך צער העיבור און צער הלידה און צער גידול בנים, וועט דאס שאטן אדער דער מוטער אדער דער פאטער אדער דערנאך אין דעם גידול בנים, דערפאר וואס ס'וועט זיין א קינד נאך א קינד, און ווי אזוי קען מען זיך מיט זיי מטפל זיין בטיפול הראוי.

און בשעת מ'גיט זיך אליין א פרעג: ער זאגט דאך און זי זאגט דאך אין ברכת המזון, אז דער אויבערשטער איז "זן ומפרנס לכל בטוב בחסד וברחמים", און מ'זעט בפועל אז ער האט בכח צו מפרנס זיין פיר ביליאן מענטשן.

ווארום דאס וואס מ'זאגט "הזן ומפרנס לכל" גייט דאס דאך ניט נאר אויף אידן, נאר דאס אויך לכל - אויף אלע בני אדם וואס זיי זיינען עלי אדמות, און נאכמערער: אויכעט כולל די בעלי חיים, און די גראז וואס יעדערער פון זיי דארף דאך אנקומען צו מזונו, אע"פ וואס דער מזון איז ניט גלייך ביי א מדבר צו א בע"ח און צו א עשב, און ביי מדבר גופו מזונו של בנו אדער בתו של ממה"מ הקב"ה!

אבער דאס נעמט מען ביי זיך אליין צו, אט דעם עילוי וואס מ'האט דורך דערויף וואס מ'ווערט א שותף אמיתי, וואס א שותף איז ניט דער פירוש אז ער זאגט אז ער איז מחליט על דעת עצמו, און די אנדערע שותפים דארפן עם פאלגן,

א שותף בנוגע צו אב ואם, איז קענען זיי טראכטן [און זאגן] א דעה, דערנאך דארף מען אבער מחליט זיין לויט די דעה אויכעט פון כל השותפים כולם, עאכו"כ פון דעם שותף השלישי - פון דעם אויבערשטן, וואס ער האט געזאגט זיין דעה אין תורתו תורת חיים - הוראה בחיים, כמבואר אין שו"ע "לפניהם" אין הלכה ברורה.

וואס דערפאר וויבאלד מ'איז א נוגע בדבר, איז דער איינציקער מחליט בדבר וואס איז דעם אויבערשטן'ס [דעם דריטן שותף'ס] דעה בזה איז דאס מערניט ווי א רב וואס ער האט מקדיש געווען זמנו ושכלו, אויף מברר זיין פסקי דינים פון תורתנו הורת אמת, און מ'גיט איבער די דעה פון שו"ע לכל השואלים אותו אדער לכל השואלות אותו, ווי אזוי מ'דארף זיך פירן און וואס מ'דארף טאן, לאחרי וואס ער הערט אויס אט די אלע טענות.

ובפרט נאך אז בשעת מ'וועט זיך מתבונן זיין אין די דברים האמורים, כאמור לעיל, אז מ'האט די דעה מערניט ווי אויף מעכב זיין [אפלייגן דאס אויף שפעטער] צי מ'וועט דערנאך געפינען די פאסנדע צייט וואס דאס דארף זיין דער פאסנדער צייט פאר דער מוטער און פאר דער פאטער און דער עיקר פאר די קינדער, ווארום זיי דארפן דערנאך לעבן כל חייהם עלי אדמות, וואס דאס הויבט זיך אן און דאס איז תלוי במידה גדולה אן דעם אופן וזמן ההריון והלידה והחינוך, ובפרט אין "חנוך לנער ע"פ דרכו גם כי יזקין לא יסור ממנה," אין דעם חינוך אין די ערשטע יארן גלייך מרגע הראשון שבא לעולם, און דערנאך אין די ערשטע יארן וואס לייגן דעם יסוד.

אז מ'זאל זיך ניט רעכענען מיט מלעיגים, אפי' ניט מיט שכנתה וגרת ביתה.

און די טענה אז דער אויבערשטער האט געמאכט אז מ'זאל האבן צו טאן מיט שכנתה און גרת ביתה -

דערציילט ער אין שיעור פון היינטיקן טאג, אז דאס דארף מען אויסנוצן ווי

דער אויבערשטער וויל, כדי דורך דערויף מקיים זיין מצוות ה', און ניט ח"ו וויבאלד אז דאס איז א שכנה'טע אדער א גרת ביתה וואס איז מלעיג, איז דערפאר טוט ער [אדער זי] נאך, בשעת אז ער [אדער זי] ווייס בעצמו אז דער ענין איז ניט אויסגעהאלטן ע"פ שכל פון נפה"א אפי' ניט ע"פ שכל פון נפש השכלית, אפי' ניט ע"פ שכל פון נפה"ב, ווארום יעדער איד איז דאך א מאמין ומאמינה בן מאמין ובת מאמינה, און גלויבט אז דער אויבערשטער איז זן ומפרנס לכל בטוב ובחסד וברחמים,

און אמת טאקע - ס'דארף זיין א כלי און א הנהגה אז מ'איז זיך ניט סומך על הנס, נאר "וברכך הוי' בכל אשר תעשה", אבער אעפ"כ וועט מען ניט טאן יל יסוד זה א ענין וואס איז היפך השו"ע, מאכן א מסחר וואס איז ניט אויסגעהאלטן ע"פ שו"ע חו"מ, אדער הל' שבת ויו"ט ור"ה ויוה"כ וכיו"ב.

און דאס גייט בפשטות, און דוקא אין אזא מין ענין עיקרי, וואס אין דערויף [כאמור] ווערט נתגלה דער כח הא"ס פון דעם אויבערשטן, עד סוף כל הדורות בשעת ס'ווערט געבארן בנים ובנות, וואס בשעת זיי גייען אין דרך התורה האבן זיי אייכעט בנים ובנות, עד סוף כל הדורות, וכמדובר בארוכה און שוין געדרוקט אין ספרים און נאכמערער אין מאמרים און מדרשי חכמינו ז"ל [וואס זיי זיינען אייכעט רבותינו ז"ל].

און ווי כאמור, אז א חשבון וואס ווערט פארשטאנדיק אויך פאר דעם נה"ב, אז די טעמים וואס מ'זאגט אז מ'דאדף זיך אפרוען פון דעם צער העיבור והלידה וגידול בנים א משך זמן, כדי ס'זאל דערנאך קענען זיין דער עיבור און לידה און גידול בנים אין א אופן בשלימות -

ווייס דער אויבערשטער אויך דעם חשבון, במכ"ש וק"ו, אבער בהוספה בזה: אז דער אויבערשטער ווייס דער חשבון ניט נאר ווי מ'קען עס זען בעיני בשר ווי דאס וועט זיך פירן די נעקסטע פאר טעג, אדער פאר חדשים, אדער פאר יארן, נאר ווי ס'וועט זיך פירן און ווי ס'וועט זיך אויסווירקן אויף די קינדער עד סוף כל הדורות.

וואס דערפאר איז דער חשבון - איז ניט ח"ו וואס מ'וויל עמעצן אנשרעקן - מערניט ווי איבער'חזר'ן אט דאס וואס שטייט אין תורת אמת [וואס זי איז תורת חיים - הוראה בחיים]: אז מצד טבע הטוב וויל דער אויבערשטער ניט מכריח זיין, און גיט איבער די בחירה חפשית ווי מ'לאזט דעם אויבערשטן געבן ברכת בנים ובנות בזמן המתאים ובאופן המתאים.

און גיט אייכעט די בחירה אויב מ'איז ניט ווי ס'דארף זיין עם חכם ונבון, און מ'מישט אריין דעם שכל פון חלל השמאלי, וועלכער נוצט אויס די ענינים, וואס אזוי וועט מען עס דאך ניט פאלגן,

כידוע דער פתגם פון נשיא דורנו דעם רבי'ן דער שווער, אז דער יצה"ר קען זיך אנטאן אין א זיידענע זופיצע, און קומען צוגיין מיט דער התחלה "היום אומר לו עשה כך" - אז ער איז מסכים דערצו וואס א איד וויל, און אז ער זאגט אז מ'וויל זיך משתתף זיין אין מבצעים - איז ער זיכער מסכים!

דערנאך מאכט ער דערפון א מסקנא, אז וויבאלד מ'וויל טאן אין מבצעים דארף מען דאך האבן פרייע צייט אויף דעם במילא קען מען דאך ניט פארלאזן די קינדער ח"ו אויף הפקר, במילא דארף מען אפוואַרטן א משך זמן צווישן איין קינד מיטן צווייטן, [אדער צווישן צווייטן מיטן דריטן] כדי ס'זאל בלייבן זמן פנוי אויף טאן אין די מבצעים של הקב"ה אין הפצת התורה והיהדות כולל הפצת המעיינות, וואס דאס איז מעיינות הבעש"ט, וואס זיי זיינען מעיינות פון תורת דא"ח פון תורת ממה"מ הקב"ה!

איז כאמור לעיל - דער אויבערשטער ווייס אויך אט דעם חשבון, און אויב ס'איז וויכטיקער איר טאן אין מבצעים אדער אין הפצת היהדות בכלל וכיו"ב וועט דער אויבערשטער אזוי אויסשטעלן אז ס'זאל זיך אפהאלטן און ס'זאל קומען "הכל עשה יפה בעתו",

און אויב דער אויבערשטער בענטשט מיט א קינד נאך פאר דער צייט וואס איר ווייזט אויס אז ס'איז בעסער פאר מבצעים - איז דאס גופא א הוכחה אז דאס איז אין איר לעבן און במילא אויכעט פאר דעם לעבן און קיום פון דעם גאנצן אידישן פאלק - טוט זי אויף מערער און שלא בערך דורך קיום המצוה פון "פרו ורבו" אין אן אופן פון "מלאו את הארץ" ווי זי וואלט געקענט אויפטאן דורך מבצעים.

וכמדובר און אויכעט מרומז אין מדרש, אז דער ענין פון תורה ומצוותי' [וואס לימוד מביא לידי מעשה] מחשבתה של תורה קדמה לעולם. ס'איז אבער דא א מחשבה וואס ס'איז פאר דערויף, וואס דאס איז א מחשבה פון אידן.

- אז ס'זאל געבארן ווערן נאך א איד, צי דאס איז א אינגעלע אדער א מיידעלע, זאגט תורת אמת און תורת חיים אז דאס איז קדמה אפי' למחשבתה של תורה!

וואס דאס איז אויכעט די הסברה בזה, [אויכעט אין א אופן פארשטאנדיק אפי' פארן שכל פון נה"ב]:

אז ס'ווערט געבארן נאך א קינד און מ'איז עם מחנך מיוסד על התורה והמצוה, איז אט דער קינד ווערט דערנאך א פועל א אויפטוער, אין אלע ענינים פון די מבצעים נאכמערער [קען זיין] ווי ס'וואלט אויפגעטאן ווערן דורך דער מוטער אדער דורך דעם פאטער.

ובפרט נאך אז דערנאך גיט דער אויבערשטער גענוג צייט, און גיט הצלחה אין דעם זמן, אז מ'זאל קענען אויפטאן אין דעם זמן וואס בלייבט פנוי פון קיום שאר המצוות אויפטאן אין מבצעים,

וואס בשעת מ'האט הצלחה אין דעם זמן, טוט מען אויף בשעתא חדא וברגעא חדא כמה פעמים ככה, ווי מ'וואלט געקענט אויפטאן ווען מ'לייגט אפ דער קיום המצוה העיקרית והראשונה בתורה פון "פרו ורבו ומלאו את הארץ" מפני די טענה פון מבצעים.

און אט דא קומט צו נאך א ענין און נאך א טענה [וואס איז אויך מיוסד ומבוסס אויף א טענות גמורה]:

עי"פ תורת אמת און תורת חיים, זאגט די תורה אז "לא נבראה האשה אלא ליופי".

וואס דאס איז אין הלכה יוצאה מידי פשוטה, און אין תורה ומאמרי חז"ל יוצאים מידי פשוטם - אז תורה ווילל אז יעדער אידישע פרוי זאל זיין אין א מעמד ומצב פון יופי, זעלבסטפארשטענדלאך יופי רוחני, און זעלבסטפארשטענדלאך אבער אויכעט יופי בגשמיות, וכפשוטו!

וואס דאס איז דאך פארשטאנדיק פון דער סוגיא, וואס ס'ווערט געבראכט אז ס'איז דא אזוינע וואס זיינען יראות ה' און מיוחסות וכו', און דערנאך איז דא "יפיפיות שבהן אומרות".

דער אויבערשטער האט אנגעזאגט אין תורה, אז ס'דארף זיין "כל כבודה בת מלך פנימה", אז דער יופי דארף מען נוצן "פנימה" בביתה, אין א אופן פון צניעות וואס דעמולט איז מען זוכה לכל טוב בעולם ביז אין אופן פון תכלית הנחת וואס מ'האט פון קינדער, ווי די גמ' ברענגט אויף דערויף די דוגמא אז ס'איז געווארן דער איש הקדוש ביותר צווישן אידן - א כה"ג, און געבארן געווארן ניט נאר איינער נאר כו"כ, וואס א כה"ג איז ניט נאר געווען א קדוש ברוחניות נאר אויכעט ער איז געווען "גדלהו מכל אחיו", א גדול באחיו, ער האט געהאט עשירות בגשמיות כפשוטה!

וואס דאס איז אויכעט כולל עשירות אין בריאות הגוף, וואס א כהן בכלל העובד בקודש טאר דאך בא עם ניט זיין קיין מום ובפרט נאך א כה"ג וואס ער דארף זיין בתכלית היופי אויכעט יופי כפשוטו.

אבער וואס וויל דער אויבערשטער בנוגע יעדער אידישע פרוי - אז ס'זאל זיין תכלית הצניעות פנימה, און דארטן אין פנימה זאל דאס זיין אין א אופן פון "כל כבודה", ניט נאר סתם כבוד, און ניט נאר סתם יופי, נאר אזא מין יופי רוחני צוזאמען מיט יופי גשמי,

ביז יופי כפשוטו, וואס דערפאר איז דאס אויכעט פארבונדן אז ס'איז דא די מצוה בתורה פון שארה כסותה לא יגרע - אז מ'דארף צושטעלן נשי ובנות ישראל "כסותה" לבושים יפים, ביז וואנענט אז דאס ווערט א מצוה בהורה צוזאמען מיט שמחת יו"ט וואס בזה"ז איז ניטא קיין שלמי שמחה, איז די שמחה בבשר לויט כמה דעות מערניט ווי מדרבנן, אבער "משמחה בנעלים ושמלות ובגדים יפים" איז דאס א מ"ע מה"ת!

און דאס איז פארבונדן מיט שמחת יו"ט, "ושמחת בחגיך" וואס דאס איז פארבונדן מיט ראיית פני ה' - עלי' לרגל כפשוטה בזמן שביהמ"ק הי' קיים. עלי' לרגל ברוחניות כמבואר בארוכה בכ"מ וואס איז דער ענין בזמה"ז בכל יו"ט ויו"ט, וואס דער ענין פון יו"ט איז דאך, אז מ'זאל ממשיך זיין פון יו"ט וכל ענינים טובים שבו על כל ימות השנה עד יו"ט הבא לאח"ז וואס דעמולט ווערט דאס נתחדש ביתר שאת וביתר עז.

וואס דאס איז כאמור די טעמים פשוטים בדבר.

און די טענה אויכעט זאגט אז בשעת ס'איז דא עיבור און דערנאך איז דא לידה רירט דאס אן דער יופי האשה -

האט דאך דער אויבערשטער זיכער געוואוסט דערפון, און תנאים ואמוראים האבן זיכער געוואוסט דערפון. און אעפ"כ האבן זיי מבטיח געווען אז לא נבראה האשה אלא ליופי,

און בשעת מ'היט אפ דעם "פנימה" - אט דעמולט האט מען דעם כל כבודה בת מלך פנימה.

און אע"פ וואס לימים ולשבועות ארער אפי' לחדשים אחדים ווייזט זיך אויס אז ס'פעלט עפעס אין דעם ענין, [און קען גאר זיין אז ס'פעלט טאקע אין דעם ענין], איז דערנאך ווערט פארקערט דער יתרון האור, פארבונדן מיט יתרון החכמה - אז מ' כאפט זיך אויפן אמת'ן שכל, און אויף דער אמת'ער חכמה.

און כמדובר כמ"פ אז לכאורה דער ענין וואס ס'איז דא דער טהרת המשפחה וואס דאס איז פארבונדן אז כו"כ ימים דארף זיין דער ענין פון פרישות, אע"פ וואס ס'איז דאך א מ"ע מה"ת אז "שארה כסותה ועונתה לא יגרע", און מ'זאגט אז דאס איז א קיום מצוה בפ"ע, בשעת מ'איז מקיים "עונתה לא יגרע" -

אעפ"כ צוזאמען דערמיט זאגט דער אויבערשטער אז ס'איז דא זמנים וואס דעמולט דארף זיין דוקא פרישה, ביז וואנענט אז ס'ווערט אזוי אנגערופן "נדה מבעלה" - די איז אפגעשייד ביז אין א אופן אז זי ווערט אזוי אנגערופן בימים אלו, וואס ניט ח"ו כדי צו מאטערן עמעצן אדער כדי צו פועל זיין היפך החביבות, נאר אדרבה: דאס איז די וועג אז דערנאך ווערט די חביבות ביתר שאת וביתר עז,

ווי מ'זעט דאס אויך בפועל אין די וואס היטן אפ די דינים וחוקים [וואס באמת איז דאס גאר ניט קיין חוקים אע"פ וואס מ'דארף זיי מקיים זיין אלס חוקים, ווארום דאס איז אויך מובן ע"פ שכל אנושי] און ווי מ'זעט דאס אויכעט בפועל אז וואו איז דער ענין פון חביבות אשה על בעלה שלא בערך מערער ווען מ'היט אפ די זמנים פון פרישות, ווי די וואס פירן זיך היפך ההלכה אין די ענינים, וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

וואס דא קומט מער צו נאך א נקודה:

[כמדובר כמ"פ אז מ'קען זיך דינגען אין שכל בשעת ס'איז פארבונדן מיט השערות, איז אין דעוויהן שוות זה לזה,, רעדט מען און מ'טענה'ט איין און מ'באווייזט אלע ראיות שכליות און דערנאך זאגט ער אז זיין שכל איז טאקע א קרומער, אבער 'אין לו כו'" ער פירט זיך לויט זיין שכל,

בד"א ווען דאס רעדט זיך אין א שכל איידער ס'איז געווען דערנאך דער פועל, און מ'האט א ראי' פון א מעשה בפועל - מעשה רב]:

בשעת ס'רעדט זיך וועגן די אלע טענות, מיט די טענות וואס מ'האט זיי דא ניט דערמאנט אבער ס'איז ידוע איניש בנפשי' וואס מ'האט געהערט וכיו"ב, האט מען [ווי דער אידישער פאלק האט] אז ער איז דורכגעגאנגען דריי מיט א האלבן טויזנט יאר זינט מ"ת, און במשך זמנים אלו איז געווען אידן, סיי ראשיכם סיי שואב מימיך, סיי אט די וואס האבן מקיים געווען מצוות אין א אופן פון מהדרין מן המהדרין, סיי אט די וואס האבן זיך געפירט אין א אנדער אופן לגמרי.

אזוי אויכעט בנוגע לקיום מצוה ראשונה שבתורה "פרו ורבו ומלאו את הארץ".

וואס דער שינוי ההנהגה בזה, איז ניט נאר מכאן ולהבא און מ'דארף ניט מבאר זיין וואס וועט זיין די תוצאות אויב מ'וועט זיך פירן באופן כך אדער מ'וועט זיך פירן אין א אופן שונה, דאס איז ניט קיין ענין של השערה, מ'האט פאר די לעצטע פופציק יאר אדער זעכציק יאר אדער פערציק יאר, עכ"פ במשך מערער ווי צוויי דורות, זעט מען די ענינים ווי זיי שטייען במעשה בפועל.

אין די משפחות וואס האבן זיך געפירט מיט אט די אלע חשבונות, און מ'האט דאס אזוי דורכגעפירט במעשה בפועל, און מ'פארגלייכט זיי מיט די משפחות וואס האבן זיך פארלאזט אויפן אויבערשטן און האבן זיך געפירט ע"פ דרך התורה ומצוותי' כולל ועיקר אויכעט אין די מצוה ראשונה בתורה,

און מ'פארגלייכט ווי אזוי ס'איז געווען דער אחוז [דער פראצענט] אז דער שלום בית און דער שלום בית אמיתי, עאכו"כ אז ס'האט ניט געבראכט צו א גט ח"ו, אדער צו א קריגעריי ח"ו, אדער צו פוגע זיין אין דעם מהלך הנפש [אין די אינער-איבערלעבונגען] פון דער חינוך פון די קינדער, איז צי זיי זיינען געוואקסן אין א אוירה [אין א שטוב] וואו ס'איז געווען שלום ושלוה, אדער ס'איז געווען אנגעצויגן און "נערוועס" און קריגעריי בדיבור, אדער עכ"פ ניט קיין קירוב הלבבות, ניט קיין קירוב הבנים [ניט קיין קירוב הלבבות בין איש לאשתו וואס דאס קען און מוז זיך אויסווירקן אויף די בנים און די בנות וואס געפינען זיך אין הויז],

וועט מען פארגלייכן דעם אחוז, ווי ס'איז געווען אין די הייזער וואס האבן זיך געפירט אן חשבונות נאר פארלאזן זיך אויף דעם אויבערשטן'ס חשבון, און האבן זיך געפירט אן די חשבונות, וועט מען זען אז די מוטערס און די פאטערס זיינען געווען געזינטער און האבן פרנסה ניט שווערער ווי ס'איז געווען די פרנסה אין אנדערע הייזער, ואדרבה: בעסער.

און דער עיקר: די פרנסה איז אוועקגעגאנגען מערניט ווי אויף געזונטע זאכן; מ'האט ניט געדארפט פרעגן עצות ביי א "סייקייעטריסט" און ביי א נערוון דאקטער, ווי אזוי קען מען זיך באהאלטן בשעת מ'איז אויפגערעגט, ווארום מ'פירט א לעבן וואס איז ניט נארמאל לויט די דרישות פון דעם גוף הגשמי, מ'רעדט שוין ניט וועגן די דרישות פון תורתנו הקדושה להבדיל.

וכאמור - דאס איז ניט א ענין וואס דאס איז רזי וסתרי העולם מ'זעט דאס בפועל אז מ'איז ניט קיין משוחד און מ'קוקט אין א חשבון צדק בעיני בשר, און מ'פארגלייכט ווי ס'האט אויסגעזען במשך פון די צוויי דריי דורות האחרונים און ביז דעמולט איז גאר ניט געווען קיין קס"ד אז מ'זאל זיך אריינמישן אין דעם

אויבערשטן'ס הנהגה בפרט אין אזא מין ענין עיקרי ווי הולדת בנים בנות, אבער געבארן געווארן מיט דריי דורות פריער [אדער בערך מיט דריי דורות צוריק], איז שוין דא דער ענין פון בתלתא זימני הוי חזקה, אז מ'זעט די תוצאות דערפון ווי דאס האט זיך אויסגעווירקט אויפן אמת'ן גליק, און אמת'ן לעבן פון פאטערס און מוטערס,

און דערנאך אויכעט ווען זיי זיינען געווארן זיידעס און באבעס, און די יחסים בין איש לאשתו כאטש אפי' זי איז דורכגעגאנגען מיט איינמאל מערער דעם צער העיבור און צער הלידה און צער גידול בנים, אדער מיט צוויי מאל מערער און מיט דריי מאל מערער ווי ס'איז געווען ביי "שכנתה וגרת ביתה", וועט מען פארשפארן ליגן אין השערות ווארום די תוצאות פון דעם חשבון פשוט, זיינען בולט ומודגש עד כדי כך אז ס'בלייבט ניט קיין ספק און ניט קוקנדיק וואס דער שכל הבהמי וויל איינרעדן, ביז וואנענט אז ער פועל'ט אויכעט אויף שכל אנושי, ביז וואנענט אז ער פועל'ט אויף דער שכל פון נפה"א, און מ'פועל'ט ביי א רב אז ער ברייננגט די טענות און זאגן דאס כאילו אז דאס זאגט א פרוי צו עם, ער זאגט דאס אבער מיט אזא מין חיות, און מיט אזא מין לעבעדיקייט, אז מ'זעט אז ביי עם איז דער ענין שוואכלעך,

- ער איז א רב, קען ער ניט זאגן פארקערט פון שו"ע, ער דארף דאך אבער פועל זיין אויף א צווייטן, דארף דאס זיין דברים היוצאים מן הלב! ניט נאר מן השכל,

און בשעת לבו, איז מסיבות שונות ומשונות, אז ער האט ניט אין זיך אט די תקיפות - ענטפערט ער אויף אזא מין אופן אז דערנאך בלייבט ביי דער שומע און בא דער שומעת [בלייבט אויכעט] א ספק, צי דאס זאגט ער און מיינט טאקע אזוי, צי דאס זאגט ער אזוי ווייל ער דארף זאגן אזוי, און במילא מה-דאך אז ביי א רב איז דאס ניט בתוקף איז דאך דאס גופא א הוכחה אז זי מעג זיך פירן ווי ביי איר קומט אויס.

און כמדובר - בעצם דארף מען גארניט פרעגן בא רבנים, ווארום ס'איז דאך איצטער געווארן א צייט אז יעדערער לייענט צייטונגען און יעדערע קוקט אין ביכער, און יעדערער ווערט א מומחה בכל ענינים שבעולם, עאכו"כ אז ער רעבנט אז ער איז א מומחה אין ענינים וואס זיי זיינען נוגע לו, אדער לה.

בשעת ער וועט אבער געפינען א געדרוקטע בוך, וואס דעמולט איז דער בוך שוין געדרוקט און וועט דארט א קוק טאן די תוצאות - איז נוסף וואס ער דארף גאר ניט קוקן אין די ביכער ער וועט זיך צוקוקן צו די זיידעס און באבעס, [צו זיין זיידע צו איר זיידע צו איר באבע] אדער צו אנדערע עלטערן, וועט ער זען, אז וואו זיינען געווען חיים של אושר, און וואו איז געווען חיים של קירוב הלבבות של איש לאשתו, און וואו איז געווען א אשה יפה באמת] אבער זי האט דאס געהאלטן פנימה - ווייס דערפון ניט די שכנה'טע און גרת ביתה, און וויל איר איינרעדן אז די מעשה איז קאפויר ווי די מעשה איז בפועל] ווארום דאס איז כאמור א יסוד אין תורה, אז א איד דארף האבן אלע צרכים זיינע, במילא וויל דער אויבערשטער אז אזוי זאל דאס זיין בפועל, כולל אויכעט אז וויבאלד לא נבראה האשה אלא ליופי, אז זי זאל האבן דעם יופי, אע"פ וואס דאס איז פארבונדן אז מזמן לזמן איז דא זמני פרישות, און ס'איז דא זמנים וואס זיינען פארבונדן מיט עיבור, לידה און גידול בנים, איז דעמולט ע"פ טבע וויל דער אויבערשטער אז דאס זאל מאכן א רושם אויף דער יופי לפי שעה בדי א אידישע פרוי זאל באווייזן אז זי שטייט ביי דעם נסיון,

און ניט זי טוט דאס דערפאר וואס זי האט מערניט ווי טוב גלוי, און ס'איז ניטא אין דערויף קיינע נסיונות און קיינע שוועריקייטן און קיינע השתדלות, און כולו טוב,

- זאגט דער אויבערשטער אז ער גיט מלכתחילה צוויי וועגן, אבער מודיע אז דאס איז דער וועג פון "החיים", וואס דאס איז פארבונדן מיט "ואת הטוב".

וואס חיינו ואורך ימינו איז דאס דער ענין פון תורה בכלל,

און בפרט נאך אין א ענין עיקרי כמדובר, אז מחשבתם של ישראל איז קדמה אפי' למחשבת התורה.

און בנוגע צו דעם עיקר בזה וואס דאס איז אמור לבית יעקב - אמירה רכה, בית יעקב אלו הנשים, אבער מ'זאגט דעם אמת, און ווי מ'זאגט א דבר אמת, ווארום ואס איז דבר ה', ווארום ה' אלקים אמת, און ער האט דאס איבערגעגעבן דורך תורת אמת.

אט דעמולט שרעקט מען זיך ניט, וואס לרגע קטן אדער לימים ספורים אדער אפילו לחדשים ווייזט זיך אויס אז מ'דארף טאן ווייניקער אין מבצעים אדער מ'וועט <u>טאקע</u> דארפן טאן ווייניקער אין מבצעים דערפאר וואס דאס איז נאך טייערער - דאס איז נאך בעסער פאר די מבצעים עצמם [כמדובר לעיל]!

בדוגמא ווי מ'פירט זיך אן קיינע ספיקות, און ס'איז דא בזמנים של פרישות און מ'ווייס ברור ווי יעדערער ווייס דאס ביי זיך, אז דערנאך איז דא דער יתרון אין דער אור און אין דער חכמה אין דער חביבות און קירוב הלבבות,

- זעט מען דאס אזוי אויכעט אפילו בקירוב זמן פון דעם עיבור און לידה און גידול בנים, עאכו"כ ווען ס'גייט דורך נאך עטליכע יאר, און די קינדער וואקסן אויף, און דער אויבערשטער איז מצליח אז מ'זעט "עולמך תראה בחייך", אז זי זעט עוה"ב <u>בפשטות</u> אין עוה"ז, דורך אמת'ן אייניקן נחת פון קינדער און קינדס-קינדער צוזאמען מיט אויכעט נחת בפשטות וואס אפי' "שכנתה"און גרת ביתה" מוז שוין אויכעט מודה זיין אז זי האט זיך געפירט אין דעם וועג אע"פ וואס דאס איז דער וועג וואס האט זיך געפירט "זקניך ויאמרו לך", אזוי האט זיך געפירט די באבע, און די באבעס באבע וכו',

וואס אט דא זעט מען א דבר פלא, וואס דאס איז אויכעט א הוראה אין תורה:

יעדער פון די פיר אמהות שרה רבקה רחל לאה, ווערט וועגן זיי דערציילט פארשידענע הנהגות זייערע, און פארשידענע פעולות זייערע,

דערציילט אין תורה שבכתב, און באכמערער אין תושבע"פ מיט דער כוונה אז דאס זאל ווערן א הוראה פאר יעדער אשה ובת בישראל עד סוף כל הדורות.

וואס כאמור, איז איבו דומה די הנהגה פון יעדערע פון די ד' אמהות צו די אנדערע דריי; מיט איין אויסנאם: ס'ווערט דערציילט דער צד השוה שבכולן, און דערציילט מיטן גאנצן תוקף, אז יעדערע פון זיי סיי שרה סיי רבקה סיי רחל און סיי לאה, האט זיך יעדערער פון זיי געשטעלט בתוקף און געמאנט ביי די מענער און געמאנט ביי דעם אויבערשטן און מתפלל געווען און מבטל געווען גזירות [אויב ס'איז ח"ו געווען א גזירה] כדי מ'זאל האבן קינדער!

און דערציילט ניט נאר אין תושבע"פ באריכות בזה, אפי' אין תושב"כ וואס יעדער ווארט איז אויסגערעכנט ביז וואנענט אז פון איין ו' אין תורה לערנט מען אפ א גאנצן פרק, ווי דער אלטער רבי איז דאס מדגיש כמ"פ, איז אט דער סיפור אז יעדערע פון די פיר אמהות, וואס יעדער אידישע טאכטער ווערט דאך אנגערופן בת שרה רבקה רחל ולאה, כדי זיך אפלערנען פון שרה און אירע מעשים מיוחדים כשם שאברהם מגייר את האנשים איז שרה מגיירת את הנשים.

וואס דאס געפינט מען ניט ביי רבקה ניט ביי רחל, ניט ביי לאה.

עד"ז איז דא פעולות וואס מ'געפינט ביי רבקה און מ'געפינט דאס ניט ביי אנדערע, עד"ז ביי רחל און עד"ז ביי לאה.

איז הושב"כ מאריך ומבאר און דערציילט בפרטיות ווי אזוי שרה האט איינגעלייגט די וועלט און געהאט טענות צו אברהם אבינו, און האט עס ניט געלאזט רוען - זי האט געמוזט האבן קינדער!

און ס'גייט אויף דערויף אוועק אריכות הסיפור.

עד"ז בנוגע צו רבקה, עד"ז בנוגע צו רחל, עד"ז אפי' ביי לאה וואס זי איז שוין געווען געבענטשט - "ותעמוד מלדת", האט זי אויך דערנאך ניט גערוט, אפשר וועט איר דער אויבערשטער בענטשן מיט נאך קינדער און זי האט אויסגעפירט!

וואס כאמור אויב יעדער אידישע פרוי און מיידל וויל זיך זיכער פירן ווי די אמהות האבן זיך געפירט אין יעדער פעולה אין וועלכן יעדערע פאר זיך האט זיך אויסגעצייכנט, עאכו"כ אין דעם צד השוה שבהם, וואס דער צד השוה גיט אפ דער תורה דערצו די חשיבות הכי גדולה, ביז וואנענט אז מ'פארלאזט זיך ניט אויף א רמיזא באורייתא, ס'זאל שטיין מיט א רמז און תושבע"פ זאל דאס דערנאך אפלערנען און מפרש זיין, וואס דאס איז דאך אויכעט ניתן למשה מסיני,

נאר מ'דערציילט דאס בפירוש און באריכות און מיט אלע פרטים.

איז דערפון גופא פארשטאנדיק, אויף וויפל דאס איז א יסוד, און אויף וויפל דאס איז טוב בפשוטו של מקרא, וואס דאס פועל'ט אויכעט אין פשוטם של דברים, אז בשעת מ'פירט זיך [כאמור] ווי יעדערע פון די אמהות האט זיך געפירט עאכו"כ די צד השוה שבכולן. עאכו"כ אין דעם יסוד העיקרי,

אט דעמולט איז מען אויך זוכה, נוסף אויף די ברכת ה', אז דער אויבערשטער בענטשט מיט בנים ובנות בעתם ובזמנם, און זיי ווערן געבארן בריאים ושלימים בגשמיות און בריאים ושלימים ברוחניות, און מ'האט פון זיי דעם נחת בשלימות סיי בגשמיות און סיי ברוחניות, און מ'איז זיי מגדל לתורה ולחופה ולמע"ט מתוך הרחבה אמיתית,

און דאס איז אויכעט מוסיף ביופי האשה ברוחניות, אויכעט אין יופי האשה בגשמיות, ווארום דער אויבערשטער זעט אז זי נוצט דאס אויס "פנימה" - אין דעם אופן ווי דער אויבערשטער וויל, און ווי דער אויבערשטער גיט כח אויף דורכגיין די נסיונות פון "שכנתה" און "צרת ביתה" וכיו"ב.

און מ'טוט די אלע ענינים מתוך שמחה וטוב לבב, און ס'ווערט דעמולט [ווי דערמאנט פריער] אז מ'שטעלט אויף בנים ובנות וואס זיי זיינען "צבאות ה'",

און מ'גייט מיט זיי צוזאמען און מ'זאגט דעם אויבערשטן "ראה גידולים שגידלנו"!

און מ'ברענגט אראפ משיח צדקנו, בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו, במהרה בימינו ממש.

* * *

ג. מאמר (כעין שיחה) ד"ה החודש הזה לכם גו' ראשון הוא לכם לחדשי השנה.

* * *

ד. ס'האט זיך גערעדט פריער בנוגע וואס דאס איז יום השלישי שהוכפל בו כי טוב פון פרשה בא, און פארבונדן אויכעט מיטן שיעור אין חומש פון יום השלישי, וואס קומט בהקדמה פון שיעור חומש פון יום הרביעי, וואס דארטן זאגט מען החודש הזה לכם - דער ענין פון ר"ח, וואס דאס איז דאך דער נעשה קודם לנשמע,

עד"ז איז דאס דאך אויכעט יום השלישי שהוכפל בו כי טוב אין פרשה בא.

וואס דארטן זאגט מען "ולכל בנ"י הי' אור במושבותם", און דאס קומט אויס בעשתי עשר חודש באחד לחודש, און אין שנת הקהל את העם האנשים והנשים והטף,

וואס כידוע ומדובר כמ"פ תורת הבעש"ט איז אין די אלע ענינים איז דא א הוראה אין עבודת האדם לקונו,

עד"ז אויכעט עכ"פ בקיצור, אז לכל בנ"י הי' אור במושבותם איז דאך דאס דעמולט געווען בשעת אידן זיינען געווען אין מצרים, ווי דערמאנט פריער, אידער ס'איז געקומען זמן יציאת מצרים, וואס דעמולט איז לא עכבם אפי' כהרף עין, איז שוין ביי אידן געווען אור במושבותם, דורך דערויף וואס זיי האבן דאס אויסגענוצט און אויס געפירט די הוראות פון משה, וואס בעשתי עשר חודש באחד לחודש, דערמאנט זיך דאס גלייך וואס דער פסוק זאגט אויף דערויף אז דעמולט "הואיל משה באר את התורה הזאת" צו יעדער אידן און אלע אידן.

וואס ביי יעדערער פון זיי [ווי דערמאנט פריער וואס דער אלטער רבי זאגט אין תניא] בכל נפש ונפש מישראל איז דא מבחי' משה רבינו ע"ה,

און בשעת ס'קומען ימים אלו, בעשתי עשר חודש באחד לחודש, וואס דעמולט זיינען זיי "נזכרים" - מ'דערמאנט זיי ווי תורת אמת וויל אז מ'זאל זיי דערמאנען, איז אט דעמולט איז "נעשים" - ווערט נתעורר די בחינת משה וואס ס'איז דא בא יעדער אידן, אויף לבאר את דברי התורה הזאת ביתר שאת וביתר עז, ווי ס'איז געווען אין די ימים שלפנ"ז.

וואס זיי האבן דאס מקבל געווען פון דעם עשתי עשר חודש באחד לחודש, וואס ס'איז געווען אין א שנה השביעית, און איצטער האט מען דאס ווי דאס איז שנת הקהל.

וואס הקהל איז דאך הקהל את האנשים והנשים והטף, וואס דאס איז במיוחד מודגש וואס מ'זאגט אז הוכפל בו כי טוב, טוב לשמים וטוב לבריות, אז ער איז כולל און משפיע און טוט מיט יעדער איד און מיט אלע אידן אפי' מיט אט די וואס זיי זיינען טף און קטני קטנים אין עניני יהדות מאיזה סיבה שתהי',

און ניט נאר ער גיט זיך אפ מיט זיי, נאר ער לייגט זיך אין זיי אריין ביז אויף צו זען פועל זיין, אז "ושמרו לעשות את כל דברי התורה הזאת".

- ער הויבט טאקע אן רעדן מיט זיי מן הקל אל הכבד, אבער די כוונה און די מטרה און סוכ"ס ווירקט ער דאס אויס וויבאלד אז מצוה גוררת מצוה, ער פירט אויס איין מצוה, העלפט עס דערנאך דער מושפע אליין אז ער זאל עס אריינבציען אין א צווייטע מצוה, ביז וואנענט אז ס'ווערט דער לשמור ולעשות - "לשמור זו מצות ל"ת" כ"מ שנאמר השמר פן ואל איז דאס א ל"ת, "לעשות זו מ"ע", און "כל דברי התורה הזאת" אלע עניני תורה, ביז כולל אויכעט כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש.

און אט דאס ווערט געטאן אין א אופן אז ער אליין איז לשמור ולעשות את כל דברי התורה הזאת, עאכו"כ א ענין עיקרי שבתורה, עאכו"כ א ענין אין תורה וואס מ'זאגט אויף דערויף אז דאס איז כל התורה כולה, ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא פרק לב.

במילא טוט ער מיט א צווייטן "כמוך" - ווי ער טוט מיט זיך, אזוי ווי ביי זיך האט ער גע'פועל'ט אז ער איז געווארן א משפיע, און טוט אויף מיט א צווייטן אידן אוועקשטעלן עם בקרן אורה, טוט ער מיט עם אויף "כמוך" ביז וואנענט ער איז זוכה אז דער מושפע זיינער ווערט אויכעט א משפיע.

וואס דאס איז דאך דער ענין פון פירות ופירי פירות, בנים ובני בנים, וואס

"התלמידים קרויים בנים והרב קרוי אב", עד סוף כל הדורות, אז די פעולה זיינע ווערט נמשך עד סוף כל הדורות.

און אט דאס פועל'ט ער אויך אויף מקיים זיין דעם אויבערשטן'ס רצון ותאוה, וואס "נתאווה הקב"ה לעשות לו דירה בתחתונים", דורך דערויף וואס ס'וועט זיין "ושכנתי בתוכם - בתוך כל אחד ואחת מישראל",

וואס דעמולט ווערט דער "באתי לגני - לגנוני", אז דער עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו ווערט א מקום של תענוג וטיול שעשועים וואס עתיד קוב"ה וצדיקיא להשתעשע בג"ע,

וואס דאס איז תלוי במעשינו ועבודתינו, און בפרט אין דעם חושך כפול ומכופל, וואס דעמולט איז דאך אתכפיא סט"א, און אתהפכא סט"א, און אסתלק יקרא דקוב"ה אין א אופן של הסתלקות וואס ענינה איז גילוי שאין כמוהו, ווי ער איז מבאר בארוכה אין דעם המשך פון באתי לגני פון יום ההילולא פון עשירי בשבט, אנהויבנדיק גלייך בתחילתו, און דערנאך אין דעם המשך, ווי אזוי דער אויבערשטער העלפט און גיט יעדער אידן פון די אוצרות הון יקר ונעים וואס אצרו אבותיו ואבות אבותיו, און מ'ניצט דאס אויס און דער מלך גיט דאס ארויס ביז אין א אופן פון מבזבז אוצרותיו כדי די אנשי חיל [די צבאות ה'] זאלן מנצח זיין די מלחמה.

וואס דאס פארענדיקט די לעצטע בירורים פון זמן הגלות פון עקבתא דמשיחא,

און ברייינגט אראפ דעם נצחון גמור פון והיתה לה' המלוכה, ביז והנצח זו ירושלים, בנין ירושלים עיה"ק, וואס מציון תצא תורה ודבר ה' מירושלים, און עתידה ירושלים שתתפשט בכל ארץ ישראל, א"י לגבולותי' שלימות הארץ, וואס דאס איז כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים. ווי דער אויבערשטער האט דאס אפגעגעבן אין א נחלת עולם, און אין א אופן אז דאס קומט אן צו האנשים והנשים והטף - שלימות העם.

ווארום מ'פירט זיך אין א אופן פון לשמור ולעשות את כל דברי התורה הזאת - שלימות התורה,

וואס דאס אויכעט דריקט זיך אויס און קומט בגלוי, ובפשטות אין המעשה הוא העיקר, לימוד התורה בהתמדה ושקידה, און קיום המצוות בהידור, אנהויבנדיק פון די מבצעים הידועים והמפורסמים, פון מצות אהבת ישראל וואס דאס איז כל התורה כולה ואידך פירושה הוא זיל גמור, וואס דאס קומט דערנאך ארויס אין דעם פירוש אין חינוך און אין תורה און אין תפילין און אין מזוזה און אין צדקה און בית מלא ספרים יבנה וחכמי', און אין נרות שבת קודש און כשרות האכו"ש און טהרת המשפחה,

און דאס ברייינגט דעם מבצע הגדול והעיקרי, פון ונגלה כבוד ה' והיתה לה' המלוכה בקרוב ממש, בגאולה האמיתית והשלימה,

וואס ובנ"י יוצאים ביד רמה, ולא עיכבם אפי' כהרף עין.

וואס כאן איז אויכעט המקום דערמאנען - און ווי געזאגט פריער מ'דארף ניט איבער'חזר'ן נאכאמאל די פרטים. בנוגע צו די הנהגות פון יום ההילולא, די הנהגות אין דעם שבת שלפני יום ההילולא, און אין די הנהגה שבכל יום שלפני יום ההילולא בכל דורו, וואס ער איז דאך נשיא דורנו, עאכו"כ אין ר"ח פון דעם חודש וואס העשירי בו יהי' קודש, בעשתי עשר חודש באחד לחודש, והולך ומוסיף ואור,

ובקרוב ממש, והקיצו ורננו שוכני עפר והוא בתוכם,

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

און מ'וועט גיין בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו, לקבל פני משיח צדקנו אין אה"ק אשר תמיד עיני ה"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה,

במהרה בימינו ממש.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

* * *

ניגנו "נאפוליון'ס מארש" ורמז בידו להגביר השירה. וחזר להיכלו הק'.

* * *

בס"ד. שיחת ש"פ בא, ה' שבט ה'תשמ"א. <u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. ס'איז דאך דער שבת פאר יום העשירי בשבט, "העשירי יהי' קודש"[1], דער יום ההילולא פון כ"ק מו"ח אדמו"ר.

און וויבאלד אז שבת איז "מיני' מתברכין כולהו יומין"[2] – איז פארשטאנדיק, אז דער שבת איז מברך די גאנצע וואך, כולל אויך, ובעיקר – דעם טאג פון יו"ד שבט.

וואס אין דעם לשון הזהר "מיני' מתברכין כולהו יומין" זיינען דא כמה פירושים וענינים; ס'איז אבער דא דער ענין עיקרי, דער ענין פון מעשה, וואס "המעשה הוא העיקר"[3] – איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "מיני' מתברכין כולהו יומין", איז (אויך ובעיקר) אויף ענין המעשה.

און נאכמער: פון די מעשים וואס מען טוט בשבת זו, נעמט מען דעם כח אויף דער ברכה פון דעם אויבערשטן אויף די מעשים וועלכע מ'דארף טאן ביום יו"ד שבט.

ווארום וויבאלד אז אין יעדער עבודה דארף מען האבן דעם "הקב"ה עוזרו"[4], דעם עזר און ברכה פון דעם אויבערשטן, און דעם אויבערשטן'ס ברכות זיינען דאך "מדה כנגד מדה"[5] – דארף מען האבן ענינים וואס זיינען ווי א כלי וואס זיי זיינען ממשיך דעם אויבערשטן'ס ברכות אין אן אופן פון "מדה כנגד מדה",

וואס דאס זיינען די ענינים וואס מען טוט בשבת זו, וואס זיי זיינען די כלי וואס דורך זיי איז מען ממשיך דעם אויבערשטן'ס ברכה און עזר אין די ענינים פון יו"ד שבט.

ב. די פעולות וואס מען טוט בשבת זו דארפן זיין ניט נאר ווי א כלי וואס נעמט אין זיך ארייין דעם אור, נאר – ווי א כלי וואס איז <u>ממשיך</u> אור, ווי אן "אבר", וואס אן אבר איז ניט נאר א <u>כלי</u> צו דער חיות שבו, נאר – ער איז אויך <u>ממשיך</u> אין זיך דעם חיות[6].

והביאור בזה:

ביי סתם א כלי גשמי זעט זיך ניט אן בעיני בשר אז זי איז ממשיך דעם אור, ולדוגמא: אין א כוס, א בעכער, אין

– וועלכן –

---

1) ל' הכתוב – בחוקותי כז, לב. וראה זח"ב רעא, א.
2) ראה זח"ב סג, ב. פח, א. 3) אבות פ"א מי"ז.
4) קידושין ל, ב. סוכה נב, ריש ע"ב. 5) ראה סוטה ח, ב (במשנה). ט, ב. יא, א. סנהדרין צ, סע"א. 6) ראה תו"א ויקהל (הוספות) קיד, ב. לקו"ת ראה כב, סע"ד. ד"ה אדון עולם תשי"ג פ"ה (סה"מ תשי"ג ע' 14).

וועלכן מען גיסט אריין יין אויף קידוש, זעט זיך ניט אז עס איז אין זיך ממשיך דעם יין;

משא"כ אן אבר, וויבאלד אז ער וויל האבן אין זיך דעם חיות איז דער אבר ממשיך אין זיך דעם חיות - ווי מען זעט עס אויך בפשטות אז ער גייט, און מאכט תנועות, מיט די פינגער, און טוט כל הענינים התלויים בו, אויף ממשיך זיין אין זיך דעם חיות.

ג. האמור לעיל בנוגע דעם הילוך פון א כלי מיט אן אבר - איז ווי דאס איז בגשמיות; ברוחניות הענינים אבער, איז אויך בא יעדער כלי דא דער ענין אז זי איז ממשיך דעם אור:

עס איז א דבר ברור אז יעדער ענין גשמי איז זיך משתוקק און שואף צו אנקומען לשלימותו,

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז א כוס, אויב ער איז ראוי ע"פ דין צו געניצט ווערן אויף קידוש און הבדלה, אז ער איז א כוס שלם, אן א פגימה וכו'[7] - איז דער חיות שבו זיך משתוקק צו ממשיך זיין אין זיך דעם יין אויף מאכן קידוש אדער הבדלה וכיו"ב, וואס דורך דעם דוקא וועט ער קומען לשלימותו,

און וויבאלד אז אויך אין דעם יין וועט צוקומען אן עלי' שלא בערך ווען מ'וועט אויף אים מאכן קידוש און הבדלה, ווייל דורך עשית המצוה מיט א דבר גשמי ווערט אין אים אן עלי' שלא בערך -

איז פארשטאנדיק, אז די כלי איז פועל אויך אויף דעם יין וואס דארף אין איר נמשך ווערן - אז ער זאל נמשך ווערן, ווארום וויבאלד אז ברוחניות הענינים איז די כלי שואף און משתוקק אז דער יין זאל אין איר נמשך ווערן - איז פארשטאנדיק, אז די שאיפה און השתוקקות פון דעם כוס איז פועל אויך אויף דעם חיות שביין אז דער יין זאל וועלן נמשך ווערן אין דער כלי.

וכנ"ל אז דורך דער עשית המצוה פון קידוש און הבדלה קומט-צו אן עלי' שלא בערך אין דעם יין.

ד. וואס אע"פ אז אויך התהוות הגשמי איז פון א מקום נעלה ביותר, אן ארט וואס איז העכער פון זמן ומקום, כמבואר אין אגה"ק ד"ה איהו וחיוהי חד[8] - אעפ"כ טוט זיך אויף אין דעם דבר גשמי אן עילוי שלא בערך דורך עשית המצוה מיט אים.

- וכמבואר -

------------

7) טור או"ח ר"ס רצו. שו"ע אדה"ז שם סרע"א סי"ח.
8) ס"כ (קל, ב).

וכמבואר אין שערי אורה פון דעם מיטעלן רבי׳ן[9] אז עס זיינען דא צוויי מדריגות בשייכות צו עשית המצוות מיט א דבר גשמי:

איין מדריגה איז - א דבר גשמי וואס איז ראוי ונתקדש צו טאן מיט אים א מצוה (דאס הייסט, ניט יעדער דבר גשמי, נאר אזא גשמי וואס איז ראוי ונתקדש צו טאן מיט אים א מצוה), וואס אויך דאס נעמט זיך פון בחי׳ סובב,

און די מדריגה הב׳ איז - דאס וואס ווערט אויפגעטאן דורך קיום המצוה בפועל מיט דעם דבר גשמי, אז עס ווערט אין אים אויפגעטאן שלא בערך.

וואס דערפאר טוט אויף די שאיפה פון דער כלי אויך אין דעם יין אז ער זאל נמשך ווערן אין דער כלי - ווארום דורך דערויף (דער עשית המצוה) קומט ער צו לשלימותו.

ה. וואס כל זה איז, כנ"ל, נאר ברוחניות העניינים; בחיצוניות אבער, בעיני בשר, זעט זיך ניט דער ענין אז (דער חיות פון) סתם א כלי זאל ממשיך זיין אור,

משא"כ ביי אן אבר זעט זיך אן אויך מיט פליישיקע אויגן ווי אזוי דער אבר איז ממשיך חיות, וכנ"ל - אז וויבאלד דער אבר וויל האבן אין זיך דעם חיות, טוט ער כל התלוי בו אז דער חיות זאל אין אים נמשך ווערן.

ו. המבואר לעיל וועגן אברים, אז זיי זיינען ממשיך אור - איז אויך דער טעם וואס מ׳זאגט[10] אויף מצוות "רמ"ח פיקודין אינון רמ"ח אברין דמלכא" [וכמבואר אין תו"א[11] אין דעם וואס עס שטייט אין זהר[12] אויפן פסוק[13] "ועשיתם אותם, אתם כתיב, מעלה אני עליכם (דורך עשית המצוות) כאילו עשאוני"].

והביאור בזה:

מען געפינט בא תפילין, לדוגמא, אז עס זיינען דא די ד׳ בתים, און דער קלף אויף וועלכן מ׳קען שרייבן די ד׳ פרשיות, דערנאך איז דא ווי עס זיינען שוין אנגעשריבן די ד׳ פרשיות אויפן קלף, וואס דעמולט איז אויך דא אין דעם קדושת הפרשיות,

אבער אעפ"כ, איז דאס נאך אלץ נאר אין אן אופן פון א

- כלי -

---

9) ד"ה יביאו לבוש מלכות פע"ג (עז, ב). 10) ראה תקו"ז ת"ל. תניא רפכ"ג. ובכ"מ. וראה במקומות שבהע׳ 6. 11) בשלח סג, ג. וראה גם לקו"ת בחוקותי מה, ג. מח, א. שה"ש כא, סע"ג. לד, ד. 12) ח"ג קיג, סע"א. 13) בחוקותי כו, ג (ובתו"א שם הוא עה"פ עקב ז, יב).

הנחת הח׳ בלתי מוגה

כלי סתם, אז מ׳קען מיט דעם אויפטאן, אבער ניט ווי אן אבר - אז דאס איז ממשיך אור,

און דוקא בשעת א איד איז מניח די תפילין - איז דאס ממשיך אור; דערפולט דוקא איז דאס ע"ד ווי אן אבר,

וואס דערפאר ווערן מצוות (בשעת מען איז זיי מקיים) אנגערופן "אברים".

ועד"ז איז אויך פעולתם פון די מצוות למעלה - אז זיי זיינען ממשיך אור אין ז"א, אין "רמ"ח אברין דמלכא"[14], ד.ה. אז אויך פון פריער איז דא דער ענין פון ז"א, און אין דעם איז מען ממשיך אור דורך עשיית המצוות,

ביז אז מען טוט-אויף אויך דעם ענין פון "ועשיתם אתם" - "מעלה אני עליכם כאילו עשאוני", אז דורך עשיית המצוה מאכט מען אויף כביכול די רמ"ח אברין דמלכא.

ז. וואס דאס איז אויך דער טעם פארוואס מ׳קאכט זיך אז מ׳זאל זיך קאכן אין דעם ענין אז משיח זאל קומען דוקא איצטער, ובלשון הרמב"ם[15] אז "מיד הן נגאלין" דוקא, און מ׳קאכט זיך אז מ׳זאל דאס זאגן און שרייען, און דוקא אין אן אופן פון א שירה אדירה,

און אז דאס זאל אנקומען אויך צו די וואס "בשם ישראל יכונה"[16], אז אויך אויף זייער לשון זאל מען דאס זאגן,

און אז דער אפקלאנג זאל פועל זיין אויך אויף זיי, אז זיי זאלן דאס דערהערן, ביז אז עס וועט פועל זיין בא זיי די התעוררות, אז נאך איידער זיי האבן זיך אויסגעלערנט לה"ק, צי די שפראך וואס איז נתקדש געווארן דורך אמירה תורה פון רבותינו נשיאינו, אנהויבנדיק פון דעם בעש"ט[17] (אידיש) - זאלן זיי שוין אויך קענען זאגן בלשונם, בכל מקום ומקום, אז זיי ווילן משיח׳ן איצטער,

און ניט נאר ווען און טראכטן וועגן דעם, אדער זאגן דאס בניהותא, נאר - זאגן דאס בקול רעש גדול, ובקול שירה וזמרה -

ווארום דורך דעם וואס מ׳קאכט זיך אין אזא אופן אז מ׳וויל האבן משיח׳ן איצטער - איז דאס ווי אן אבר וואס איז

- ממשיך -

---

14) ראה קיצורים והערות להניא שם (ע׳ קו). לקו"ת שלח מה, ד. ועוד. 15) הל׳ תשובה פ"ז ה"ה. 16) לשון כ"ק אדמו"ר הריי"ץ במכתבו - נדפס בסה"כ הדפ"ח ע׳ קמו ואילך. השי"ח ע׳ 263 ואילך. 17) ראה אגה"ק סכ"ה (קמא, א). שיחת ש"פ וארא, מבה"ח שבט סי"ח.

ממשיך אור והיוה – דאס פועל'ט אז משיח זאל טאקע קומען איצטער. ובלשון הרמב"ם[15] "ומיד הן נגאלין",

וואס דאס קומט דורך הקדמת התשובה (ווי דער רמב"ם שרייבט דארט). וואס דורנו זה איז א דור של תשובה,

וואס דורך תשובה איז "טרם יקראו ואני אענה"[18], ועאכו"כ אז עס איז שוין געווען דער "יקראו", וכנ"ל.

ה. וואס מכל האמור לעיל איז מובן, אז די פעולה וואס מען טוט אין דעם שבת שלפני יו"ד שבט דארפן זיין אין אן אופן ווי אן אבר וואס איז ממשיך אור, ד.ה. אז זיי זאלן זיין אין אן אופן אז זיי זיינען ממשיך ברכה אויף די פעולות פון יו"ד שבט.

ובדוגמת דער ענין פון אתעדל"ת וואס איז ממשיך אתעדל"ע, ביז – אן אתעדל"ע שלא לפי ערך דער אתעדל"ת, וכמבואר במ"מ (ובעיקר אין לקו"ה שה"ש[19]) וואו ער איז מבאר כמה דרגות אין אתעדל"ת און אתעדל"ע – אז די אתעדל"ת איז ממשיך אן אתעדל"ע ביז – אן אתעדל"ע שלא לפי ערך דער אתעדל"ת,

וואס דאס איז דוקא דורך די אתעדל"ת, וכמבואר דארטן[20], אז עס איז דא די אתעדל"ע וואס קומט איידער, און איז מעורר, די אתעדל"ת, אבער דערנאך דארף זיין די אתעדל"ת וואס זי דוקא איז ממשיך די אתעדל"ע, ביז – די אתעדל"ע וואס איז שלא לפי ערך דער אתעדל"ת.

וע"ד ווי עס איז בענין השבת[21], אז עס איז דא דער ענין וואס "שבת מקדשא וקיימא"[22] מצד עצמו. בדוגמת די אתעדל"ע וואס איז מעורר די אתעדל"ת; דערנאך דארף אבער זיין דער "לעשות את השבת"[23], עבודת האדם, דער ענין פון אתעדל"ת,

וואס עד"ז דארף זיין, כמובן, אויך בשבת זו, אז עס דארף זיין עבודת האדם, און, כנ"ל, אין אן אופן אז דאס זאל ממשיך זיין ברכה אויף די פעולות וואס וועלן זיין ביו"ד שבט,

וואס די פעולות פון יו"ד שבט זיינען די כלי אויף מקבל זיין אלע ברכות והמשכות וואס קומען ביום זה.

ו. ובפשטות מיינט דאס, אז אין דעם שבת דארפן זיין די

– ההלטות –

---

18) ישעי' סה, כד. רמב"ם הל' תשובה שם ה"ז. 19) כג, ד ואילך. 20) וראה גם לקו"ת ויקרא ג, א. 21) ראה לקו"ת שם. ד"ה את שבתותי ה'ש"ת (סה"מ ה'ש"ת ס"ע 79 ואילך). 22) ביצה יז, א. 23) תשא לא, טז.

החלטות בענין הפעולות פון יו"ד שבט [נוסף אויף די החלטות וואס מ'האט שוין אנגענומען אנהויבנדיק פון ר"ח אב],

און ניט נאר החלטה במחשבה אדער אפילו בדיבור, נאר - עס דארף אויך זיין עשי', מעשה בפועל, כפי האפשרי אוס שבת.

דער ענין העשי' בנוגע לפועל: ס'איז דא דער ענין התפלה וואס איז דא בשבת, ואדרבה - עיקרו איז בשבת[24], ווארום די תפלוה פון כל ימי החול זיינען נכלל אין שבת, און אין זיי איז דא מעין השבת[25].

און אויך דער ענין פון "ויקהל משה", ווי עס שטייט אין מדרש[26] "אמר הקב"ה למשה (דער "רעיא מהימנא") . . עשה לי קהילות גדולות בשבת כדי שילמדו הדורות הבאים אחריך להקהיל קהילות בכל שבת . . ללמוד בהם תורה לרבים", נוסף צו די שעורים הקבועים וואס זיינען דא אויך בשבת.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם מנהג וואס איז נתפשט און נתקיים געווארן, אז בשבת שלפני יו"ד שבט איז מען עולה לתורה בתור הכנה צו יו"ד שבט, וואס דאס איז א מנהג נכון וטוב, און אויך אט-די וואס קענען דאס ניט טאן בפועל (מפני סיבות) - זיינען זיי עולה במחשבה, און - "מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה"[27], וואס דער ענין העלי' לתורה איז כשמו - אז מען איז עולה צו דער בחי' פון תורה[28].

און די עלי' לתורה גיט א התעוררות און א הוספת כח ביתר שאת וביתר עז אין דעם לימוד התורה בימים שלאח"ז, סיי אין לימוד הנגלה, און סיי אין לימוד החסידות, וואס עס איז דאך "תורה אחת לכולנה", ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האט זיך געקאכט אין דעם,

און אויך אין דער גדלות פון לימוד ("גדול לימוד"), וואס דאס איז - ווען עס ברענגט צו קיום המצוות[29] - אז דער קיום המצוות זאל זיין בהידור, כדרישת כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס קיום המצוות בהידור איז אן ענין פון "עלי'" ("גדול") אין קיום המצוות עצמם.

וואס דורך די ענינים במעשה אין יום השבת - איז מען ממשיך א ברכה אין די פעולות פון יו"ד שבט.

י. וויבאלד מ'זאגט אז פון די פעולות ביום השבת איז

- מהברך -

---

24) ראה תו"א תשא (הוספה) קיג, א-ב. סידור רצז, ד. ובכ"מ. 25) לקו"ת בהר מא, א. וראה גם לקו"ת שה"ש יט, א. 26) יל"ש ר"פ ויקהל. הובא בשו"ע אדה"ז או"ח סר"צ ס"ג. 27) קידושין מ, א. 28) לקו"ד כרך א כה, ב ואילך. סה"ש תש"ב ע' 75. תש"ד ע' 40. 29) ראה קידושין שם, ב.

מהברך ("בינני בהברכין") אויך אזא יום געלה ווי דער יום העשירי, וואס "העשירי יהי' קודש", ד.ה. אז דער טאג מצד עצמו איז אויך א יום נעלה ("קודש"), און אעפ"כ איז דער שבת שלפניו אים מברך - איז פארשטאנדיק דער גודל הענין, און גודל העבודה וואס עס דארף זיין בשבת זו,

וואס דאס איז דאך (לכאורה) א דבר גדול - אעפ"כ איז "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן"[30], און אפילו אויב עס איז שווער, עס איז עמל - דארף די עבודה זיין אין אן אופן פון הארעוואניע, ווי עס שטייט[31] "אדם לעמל יולד",

און בשעת מ'האט די יגיעה איז - "יגעת ומצאת"[32], וואס דער דיוק הלשון איז[33] - "ומצאת", ווי דער ענין פון א מציאה. ד.ה. אז דורך דער יגיעה באקומט מען ניט נאר ענינים וואס קומען דורך דער יגיעה. נאר אויך ענינים וואס זיינען ווי א מציאה. ענינים וואס זיינען באי"ע העכער פון דער יגיעה.

יא. און דורך די אלע (החלטות ו)פעולות אין די ענינים פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, אין ענין התפלה און אין ליכוד התורה, נגלה און חסידות, און אין הפצה היהדות והפצת המעיינות -

קומט מען צו דעם מבצע הכי גדול - דער ענין פון מאכן א דירה בתחתונים. וואס דאס וועט זיין דורך משיח'ן דוקא, וואס ער וועט דאס אויפטאן.

און ישראל עושין תשובה ומיד הן נגאלין, "והיתה להו' המלוכה"[34], "ונגלה כבוד הוי'"[35]. לכמה בעשרה טפחים,

במהרה בימינו ממש.

יב. די קביעות פון דעם שבת שלפני יו"ד שבט בימי החודש קען זיין בכמה אופנים. איז אע"פ אז דער שבת שלפני יו"ד שבט איז פארבונדן מיט ימות השבוע - דארף אבער אויך זיין א הוראה פון דער קביעות פון דעם שבת בימי החודש, ע"פ תורת הבעש"ט[36] אז פון יעדער זאך דארף מען אפלערנען א הוראה בעבודתו לקונו. ובפרט אין די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן יום ההילולא.

און ווי כ'געפינט בנוגע צו י"ט-כ' כסלו. אז עס איז דא די שיחה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר פון ליל כ' כסלו תרצ"ד[37],

- וואו -

---

30) במדב"ר פי"ג. ב. 31) איוב ה. ז. 32) מגילה ו, ב. 33) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1165. 34) עובדי' א, כא. 35) ישעי' מ. ה. 36) כש"ט (הוצאה קה"ת) הוספות אות קכז-קכט. וש"נ. 37) לקו"ד כרך א צז. א ואילך. וראה מכ' ח' טבת תרצ"ו - קובץ מכתבים לתהלים (אהל יו"י) ע' 200 ואילך.

וואו ער איז מבאר די הוראה פון דעם ערשטן קאפיטל אין דעם שיעור תהלים פון דעם טאג י"ט כסלו[38], ווי עס איז פאנאַנדער-געטיילט לימי החודש.

וואס דאס איז נוסף צו דעם וואס אויך בנוגע צו דער גאולה פון דעם מיטעלן רבי'ן, וואס איז געווען ביו"ד לחודש כסלו[39] - לערנט מען אפ פון דעם שיעור תהלים ליום זה ווי עס איז פאנאנדערגעטיילט לימי החודש, וכמבואר אין די דרושים ד"ה פדה בשלום.

וואס מיוסד אויף די אלע זאכן (הורת הבעש"ט, ווי מען געפינט בא י"ט כסלו און בא יו"ד כסלו) - דארף מען אויך אפלערנען א הוראה פון דער קביעות פון דעם שבת שלפני יו"ד שבט בימי החודש,

וואס די הוראה לערנט מען אפ פון די שיעורי תורה ליום זה.

יג. אין די שיעורי תורה ליום זה, איז דאך דא די תקנה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר - וועלכע איז נתפרסם געווארן בכל תפוצות ישראל בנוגע צו דעם ענין פון חת"ת, חומש תהלים און תניא,

און דערפון וואס דער רמב"ם[40] שרייבט אז יעדער ענין פון מנהגים טובים וואס איז נתפרסם געווארן בכל תפוצות ישראל, איז אין דעם קיום פון דעם מנהג דא אן עשה און א לא תעשה - איז פארשטאנדיק, אז אזוי איז דאס אויך בנוגע צו דעם ענין פון שיעורי חת"ת, אז זיי זיינען ביז אין אן אופן פון אן עשה און א לא תעשה.

וואס בשעת מ'וויל אפלערנען א הוראה פון דער קביעות פון דעם שבת שלפני יו"ד שבט בימי החודש, איז צווישן די שיעורי חת"ת עצמם - דארף מען דאס אפלערנען פון דער שיעור תהלים פון דעם טאג,

ווארום די שיעורים אין תניא זיינען דאך נחלק געווארן לימות השנה. די שיעורים אין חומש - לימות השבוע, און דוקא דער שיעור תהלים איז נחלק געווארן לימי החודש.

דערפון איז פארשטאנדיק, אז אפלערנען א הוראה לענינינו, אויף דער קביעות בימי החודש - איז דאס דוקא פון דעם שיעור תהלים ליום זה.

- וואס -

------------

38) קאפיטל צ. 39) "ההכים" הובהר ב ע' פד (פט, ד). כבוא לקונטרס "בד קודש" ע' 9. "היום יום" י' כסלו (ע' קיא). וראה בית רבי ח"ב ספ"ה בהערה. 40) ראה רמב"ם הל' ממרים פ"א ה"ב. פ"ב ה"ב.

וואס דער שיעור תהלים פון היינטיקן שבת, יום ה' בחודש, הויבט זיך אן מיט "מזמור לדוד הבו לה' בני אלים וגו'", און גלייך דערנאך - "מזמור שיר חנוכה הבית לדוד": קאפיטל כ"ט און ל' אין ספר תהלים (ווי מען האט עס געזאגט לאחרי ההפלה) - איז פארשטאנדיק, אז מ'דארף אפלערנען א הוראה פון די צוויי מזמורי תהלים.

יד. דער ענין פון דעם קאפיטל "מזמור לדוד הבו לה' בני אלים" איז - דער סיום פון דער עבודת ההכנה לשבת ביום הששי, וואס מיט דעם גייט מען אריין אין שבת:

דער מזמור ("הבו לה' בני אלים") זאגט מען בא <u>קבלת שבת</u>, צוזאמען מיט נאך פינף מזמורים (וואס התחלתם איז דער מזמור "לכו נרננה")[41].

וואס קבלה שבת זאגט מען דאך ע"פ דין - פאר שבת, ווארום עס דארף דאך זיין תוספת שבת, וואס דאס איז כדאורייתא[42] (און אפילו לויט דער דעה אז ס'איז נאר מדרבנן - איז דאס אויך אן ענין עיקרי) -

דערפון איז פארשטאנדיק, אז קבלה שבת, דער אנעמען פון שבת - איז ביום הששי (טאקע ניט בבוקר, נאר בזמן כניסה השבת (בזמן תוספת שבת) - אבער ביום <u>הששי</u>).

און ווי עס ווערט געבראכט[43] דער מנהג אז "יש נוהגין לצאת השדה" (ביום ו') צו מקבל-שבת זיין (און ווי מרומז אויך אין גמרא[44]).

ביחד עם זה אבער, איז דער סדר פון קבלת שבת, כשמו - אז דערמיט איז מען מקבל, מ'ברענגט אריין, דעם שבת, און ווי מ'זאגט גלייך נאך דעם מזמור "הבו לה' בני אלים" - "פני שבת נקבלה", אז מ'גייט מקבל זיין דעם שבת.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ענינו פון דעם מזמור "הבו לה' בני אלים" איז - דער סיום פון עבודת ההכנה לשבת ביום הששי, און מיט דעם גייט מען אריין אין שבת.

טו. אע"פ אז עס זיינען דאך דא אויך די אנדערע פינף מזמורים וועלכע מ'זאגט צו קבלת שבת, ווי דער אלטער רבי האט ארייננגעשטעלט די אלע זעקס מזמורים אין זיין סידור, וואס ער איז שוה לכל נפש[45] - אעפ"כ, איז אין דעם מזמור "הבו לה' בני אלים" מער מודגש דער ענין פון דער

- צוגרייטונג -

-------------

41) ראה שו"ע אדה"ז או"ח סרס"א ס"ז. 42) שו"ע אדה"ז שם ס"ד. 43) מג"א או"ח סרס"ב סק"ג. שו"ע אדה"ז שם ס"ד. 44) שבת קיט, א. 45) ראה לקו"ש ח"ב ע' 298.

צוגרייטונג אויף אריינגיין אין שבת:

דער אלטער רבי שרייבט בסידורו[46]: יו"ט וחוה"מ שהל בשבת אין אומרים "לכו נרננה" רק מתחילין לומר "מזמור לדוד", ד.ה. אז "מזמור לדוד" זאגט מען אלעמאל, משא"כ די אנדערע פינף מזמורים -

דערפון איז פארשטאנדיק ווי דער ענין פון דעם מזמור במיוחד איז - די צוגרייטונג אויף אריינגיין אין שבת.

טז. נאך אן ענין אין דעם יתרון פון דעם מזמור אויף די אנדערע פינף מזמורים בשייכותו צו דער צוגרייטונג אויף אריינגיין אין שבת:

דער אריז"ל איז ניט מבאר די כוונה פון די אנדערע פינף מזמורי תהלים. און אע"פ אז די מזמורים אליין שטייען יע אין סידור האריז"ל איז אבער אין די כוונות, דארט וואו ער רעדט וועגן דעם וואס איז בדיוק ובהכרח, שטייט ניט וועגן די מזמורים.

דער אלטער רבי אבער האט יע אריינגעשטעלט בסידורו אלע זעקס מזמורים, וואס דאס גופא איז א דבר פלא:

פארוואס האט זיך דער אלטער רבי אריינגעשטעלט בסידורו בשעת אין די כוונות פון דעם אריז"ל איז דאס ניטא?

די קשיא ווערט נאך שטארקער:

עס ווערט געבראכט[47] פון יעב"ץ אז דער ענין פון זאגן די פינף מזמורים צו קבלת שבת איז א תקנה וואס דער רמ"ק (ר' משה קורדווירו) האט איינגעפירט, און זיכער האט דער אריז"ל געוואוסט דערפון, ווארום דער רמ"ק האט געלעבט פאר דער אריז"ל,

וכידוע גודל ההפלאה פון דעם רמ"ק, ביז אז דער אריז"ל האט אים מספיד געווען[48], און האט געזאגט ביים הספד, אז אויף אים שטייט דער פסוק[49] "ותליה אותו על עץ", אז דער גאנצער ענין וואס ער האט זיך געפעלט איז דאס געווען "בעטיו של נחש" וואס ער האט מכשיל געווען אדה"ר אז ער זאל עסן פון דעם עץ הדעת[50], און אן דעם וואלט דאס ניט געווען,

וואס אויך דערפון גופא (וואס דער אריז"ל האט מספיד

- געווען -

------------

46) לפני "לכו נרננה". 47) ראה סידור הגאונים והמקובלים כרך ד ע' נז. 48) נהל קדושים להחיד"א עה"פ הצא כא, כב. הועתק בלקו"ש ה"ז ע' 167 הע' 38. וראה גם סדה"ד ה'של"ב. 49) תצא כס. 50) ראה שבת נה, ריש ע"ב.

געוועז דעם רמ"ק) איז מוכח אז דער אריז"ל האט געלעבט נאכן רמ"ק,

איז פארשטאנדיק, אז דער אריז"ל האט געוואוסט פון דעם -

און אעפ"כ האט דאס דער אריז"ל ניט ארייגעשטעלט אין די חיובים,

וואס לכתחלה איז נתפשט געווארן אז מ'זאל זאגן די מזמורים נאר בכמה קהילות, און ערשט דערנאך איז נתפשט געווארן דער מנהג צו זאגן זיי אין אלע קהילות -

איז ווי קומט דאס אז דער אלטער רבי זאל ארייננשטעלן בסידורו די פינף מזמורים, ובפרט אז דער סידור פון אלטן רבי'ן איז, כשמו כן הוא - "סידור ע"פ נוסח האריז"ל"[51]?

אבער עכ"פ אין די כוונות פון דעם אריז"ל איז דא דוקא דער מזמור "הבו לה' בני אלים", און די אנדערע פינף מזמורים זיינען ניטא.

יז. נאך אן ענין אין דער שייכות פון דעם מזמור דוקא צו דער צוגרייטונג צו שבת:

עס שטייט אין סידורים[52], אז די פינף מזמורים, אנהויבנדיק פון דעם מזמור "לכו נרננה", זיינען "נגד ה' ימים אבגד"ה", און מזמור "הבו לה' בני אלים" "נגד יום השׁשי", און ווי עס איז מבואר אין סידורים אז אין דעם ערשטן מזמור זאל מען מכווין זיין כנגד יום א', אין צווייטן מזמור - כנגד יום ב', און אין דריטן - כנגד יום ג' וכו' (כידוע צו די וואס זאגן די כוונות און נוסחאות),

וואס אויך דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער מזמור בכיוהד האט א שייכות צו יום הששי, ערב שבת.

וי"ל אז דאס איז אויך דער ביאור פארוואס מ'זאגט ניט די אנדערע פינף מזמורים ווען יו"ט אדער הוה"כ איז חל בשבת (כנ"ל בסידור אדה"ז) - ווארום עס פאסט דעמולט ניט זאגן די פינף מזמורים וואס זיינען כנגד ימי החול שהם, ווארום עס פאסט דא ניט ארייננמישן ענינים של חול,

משא"כ דעם מזמור "הבו לה' בני אלים", וואס ער איז כנגד יום הששי, וואס ענינו פון יום הששי איז דאך - צו צוגרייטן אויף שבת - פאסט צו אים זאגן אויך ווען ערב שבת איז חל ביו"ט אדער בחול המועד.

- ובפרט -

---

51) וראה הקדמה לשער הכולל. הועתק ב"פתח דבר" לסידור עם דא"ח. 52) קול יעקב - לפני "לכו נרננה". ועוד.

הנחת הת' בלתי מוגה

ובפרט ע"פ המבואר לעיל, אז ענינו פון דעם מזמור "הבו לה׳ בני אלים" איז - דער סיום פון די הכנות צו שבת גואס איז אין יום השישי - פאסט זיכער צו זאגן דעם מזמור אויך ווען ערב שבת איז חל ביו"ט אדער בחול המועד.

יח. ע"פ כל זה קען מען מבאר זיין אן ענין תמוה:

די משנה[53] זאגט און דער צ"צ ברענגט עס אראפ אין אור התורה ("יהל אור") אויף ההלים אויף דעם קאפיטל[54]: "בכל יום מתפלל אדם שמונה עשרה", און די גמרא זאגט אויף דערויף: "הני י"ח כנגד מי . . כנגד י"ח אזכרות שאמר דוד בהבו לה׳ בני אלים".

וואס לכאורה איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: וואס פאר א שייכות מיוחדת האט דער מזמור תהלים מיט דעם ענין התפלה, אז וויבאלד אין דעם מזמור זיינען דא י"ח אזכרות - דערפאר זאלן זיין י"ח ברכות אין תפלה?!

עס זיינען דאך דא א סאך קאפיטלעך אין תהלים, סיי פאר דעם קאפיטל און סיי נאך דעם קאפיטל, וואס אין אנדערע פון זיי זיינען דא מער אזכרות ווי אין דעם מזמור, און אין אנדערע פון זיי זיינען דא ווייניקער - האט מען אויסגעקליבן דוקא דעם מזמור, און איבערגעציילט וויפל אזכרות עס זיינען דא אין אים, און געזאגט אז דערפאר דארף מען זאגן י"ח ברכות אין תפלה?!

אבער ע"פ המבואר לעיל אין דעם ענין פון דעם קאפיטל, אז ענינו איז דער סיום פון די הכנות צו שבת - ווערט זיין פארשטאנדיק דער קשר צו ענין התפלה, וכדלקמן.

יט. דער ענין פון שבת קומט ע"י ההכנה אין די פריערדיקע טעג - פון יום השישי, און אויך פון די טעג שלפנ"ז, אנהויבנדיק פון אנהויב וואך, יום א׳ בשבוע,

און ווי די גמרא[55] זאגט "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת", וואס ס׳איז פארשטאנדיק אז אע"פ דא שטייט "ערב שבת" - גייט עס אבער אויך אויף די אנדערע טעג פון דער וואך[56], ווי ס׳זעט עס בפשטות, אז ער נעמט אויף שבת ניט נאר פון דער טרחא פון ערב שבת אליין (יום השישי), נאר אויך יעדער טאג בעבודתו לייגט ער אפ א חלק פון זיינע ענינים אויף שבת[57] -

- אבער -

------------

53) ברכות כח, ב. 54) ע׳ קי. 55) ע"ז ג, א. 56) ראה לקו"ש חט"ז ע׳ 46 הע׳ 40. 57) ראה ביצה טז, א. מכילתא עה"פ יתרו כ, ח. שו"ע אדה"ז או"ח סרמ"ב ס"י.

אבער דער עיקר ההכנה איז ביום השישי, וואס דעמולט קומען-צו די הכנות לשלימותם.

און ווי רש"י ברענגט אראפ עה"פ[58] "ויברך אלקים את יום השביעי ויקדש אותו" - "ברכו במן . . וקדשו במן", אז ביום השבת איז ניט אראפגעגאנגען קיין מן, און מ'האט געהאט מן אויף שבת דורך דעם וואס עס איז אראפגעקומען "לחם משנה" ביום השישי.

וואס אויך דא זעט מען, אז ווען איז אראפגעקומען דער מן צוליב יום השבת - ביום השישי דוקא.

כ. וואס אזוי איז דאס אויך אין דעם ענין פון עבודת האדם בכללותו, אז ביום השישי שטייט ער אין א שלימות בעבודתו:

ס'איז דאך "כל יומא ויומא (וכל ספירה וספירה) עביד עבידתי'"[59], דערנאך אז עס קומט יום השישי דוקא, שטייט אויף דעם[60] "ויכל אלקים ביום השביעי" און "וירא[61] אלקים את כל אשר עשה והנה טוב (און ניט נאר "טוב" סתם, נאר - "טוב מאד"),

וואס "(טוב) מאד" ווייזט אויף דעם ענין פון אתהפכא, וואס דערפאר טייטשט ער אין מדרש[62] "והנה טוב מאד זה יצה"ר, זה מלאך המות", ווייל דורך אתהפכא סט"א (פון דעם יצה"ר ומלאך המות) ווערט אויפגעטאן "טוב מאד"[63],

וואס אויף וועלכן טאג זאגט מען דאס - אויף יום השישי דוקא, ד.ה. אז דעמולט קומט ער צו צו א שלימות בעבודתו פון כל ימות השבוע,

וואס דערפאר איז דעמולט, ביום השישי דוקא - די פאסיקע הכנה און מצב אז כל עבודתו זאל עולה זיין ביום השבת.

און דאס איז דער ענין פון דעם מזמור "הבו לה' בני אלים": דער מזמור איז דאך ענינו (כנ"ל) דער סיום פון די הכנות צו שבת, וואס דעמולט, אין די לעצטע רגעים פאר שבת, קוקט ער זיך צו צו כל עבודתו פון אלע ימות השבוע שטייט אין א שלימות וואס איז מתאים אז דערנאך זאל עס עולה זיין בשבת.

כא. וואס עפ"ז וועט מען פארשטיין דעם קשר פון דעם מזמור

- מיט -

---

58) בראשית ב, ג. מב"ר פי"א, ב. וכ"ה גם במכילתא (הובא בפרש"י) עה"פ יתרו שם, יא. 59) זח"ג צד, ב. 60) בראשית שם, ב: וראה פרש"י עה"פ. 61) שם א, לא. 62) ב"ר פ"ט, ז. שם, י. וראה גם זח"א קמד, סע"ב. ח"ב סח, ב. קג, א. ועוד. 63) ראה אוה"ת בראשית (כרך ג) תקכב, ב. אחרי ע' עס.



הנחת הת' בלתי מוגה

מיט ענין התפלה:

דער ענין התפלה איז דאך "סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה"[64], אז מען איז מעלה די נידעריקסטע ענינים, "ארצה"[65], ביז אין שמים, און נאך העכער - ביז אין שמים באופן הכי נעלה, "השמימה"[65],

און דאס איז אויך דער ענין פון דעם מזמור "הבו לה׳ בני אלים" - די שלימות אין דער עבודה פון דער וואך, און אין אן אופן אז עס זאל דערנאך עולה זיין בשבת.

כב. ע"פ הנ"ל קען מען מבאר זיין דעם המשך פון די צווייי ערשטע מזמורי תהלים אין דעם היינטיקן שיעור תהלים, וואס נאך דעם מזמור "הבו לה׳ בני אלים" קומט מען צו דעם צווייטן קאפיטל, "מזמור שיר חנוכת הבית לדוד":

אזוי ווי דאס איז אין טעג, אז פריער זיינען דא די ששת ימים, וואס אויך זיי שטייט[66] "ששת ימים תעבוד" [פונקט אזוי ווי בא דעם אויבערשטן איז "ששת ימים עשה גו׳"[67] - אזוי איז דאס אויך בא "אתם קרויין אדם, ע"ש אדמה לעליון"[68], און בא צדיקים ("ועמך כולם צדיקים"[69]) וואס "דומין לבוראן"[70], אז "ששת ימים תעבוד"], וואס דאס איז א מצוה עשה (ווי ער זאגט אין מכילתא[71]); און דערנאך (נאך דער שלימות אין דער עבודה) איז די עבודה עולה בשבת -

אזוי איז דאס אויך אין דעם ענין פון די צווייי קאפיטלאך תהלים, אז פריער איז דא דער קאפיטל "הבו לה׳ בני אלים", וואס ענינו איז, כנ"ל - דער סיום און שלימות פון די עבודות פון די ששת ימים אלס הכנה ליום השבת, און דערנאך איז דא דער "מזמור שיר חנוכת הבית לדוד", וואס ענינו איז - ע"ד יום השבת ווי ער קומט לאחרי די הכנות פון די ימים שלפנ"ז, וכדלקמן.

כג. אין "מזמור שיר חנוכת הבית לדוד" ווערט דער ביהמ"ק אנגערופן על שם דוד ("חנוכת הבית לדוד"), אע"פ אז ניט ער האט געבויט דעם ביהמ"ק נאר שלמה המלך -

ווארום דוד האט מכין געווען אלע ענינים פאר׳ן בנין ביהמ"ק; ער האט צוגעגרייט דעם כסף וזהב[72], און ער האט

- צוגעגרייט -

---

64) ויצא כח, יב. זהא"א רסו, ב. ח"ג שו, ב. תקו"ז תי׳ מה. 65) ראה ד"ה זה היום תרצ"ד ספ"א (סה"מ קונטרסים ח"ב שיט, א). 66) יתרו שם, ט. 67) תשא לא, יז. 68) יבמות סא, רע"א. של"ה ג, א. כ, ב. שא, ב. ובכ"מ. 69) ישעי׳ ס, כא. 70) ב"ר פס"ז, ח. 71) ראה לקו"ש אמור תשל"ו הע׳ 20. 72) דה"א כב. יד-טז. שם כח, יא ואילך.

צוגעגרייט ניט נאר כסף וזהב, נאר ער האט אויך געהאט א מגילה אין וועלכע עס איז געווען אנגעצייכנט די אלע פרטים ווי צו בויען דעם ביהמ"ק, ווי עס שטייט[73] "הכל בכתב מיד ה' עלי השכיל", אז די נביאים האבן איבערגעגעבן דוד'ן די מגילה (ווי דערציילט אין גמרא עירובין[74]).

וואס דער ענין אז דוד האט צוגעגרייט די אלע ענינים פאר'ן בנין ביהמ"ק (איידער דעם בויען אליין) - איז (במקום) ע"ד דער ענין פון דעם מזמור פון "הבו לה' בני אלים" (בזמן) - די שלימות אין די הכנות צו שבת (כנ"ל),

און דער ענין פון ביהמ"ק וואס איז געקומען ע"י די הכנות וואס דוד האט געמאכט - איז (במקום) ע"ד דער ענין פון שבת וואס קומט דורך די הכנות פון ימות השבוע שלפנ"ז (בזמן).

און אויך דער בנין ביהמ"ק ווי ער איז שוין בנוי איז ע"ד ווי דער ענין פון שבת, ווארום אין שבת איז דא דער ענין פון "ויכולו"[75], וואס אין "ויכולו" איז דא אויך דער אפטייטש אז דאס איז מלשון תענוג[76], נוסף אויף דער אפטייטש "ויכולו" מלשון "כליון"[76], וואס עד"ז איז ווען דער ביהמ"ק ווערט בנוי, אז עס זיינען דא אין דעם די ביידע ענינים פון "ויכולו".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז "מזמור שיר חנוכת הבית לדוד" איז ע"ד דער ענין השבת, ווי שבת קומט נאך דער הכנה שלפנ"ז, וואס דאס איז דער ענין פון דעם מזמור שלפניו - "מזמור לדוד הבו לה' בני אלים".

כד. די ענינים פון ביידע מזמורים (אז "מזמור לדוד הבו לה' בני אלים" איז ענינו די שלימות און די הכנות לשבת אלס איבערגאנג צו שבת (ווארום אויך דער מזמור איז א טייל פון קבלה שבת וואס מ'זאגט אין אנהויבס פון שבת), און אז "מזמור שיר חנוכת הבית לדוד" איז ענינו שבת) - זיינען אויך מרומז אין די פרטים פון די מזמורים:

אין דעם מזמור "הבו לה' בני אלים" שטייט דריי מאל "הבו" און זיבן מאל "קול ה'" ("קול ה' במים וגו'"), וואס די דריי מאל "הבו" זיינען בנגד ג' מוחין חב"ד, און די זיבן מאל "קול ה'" (ז' קולות) זיינען בנגד די שבעה מדות[77],

- ד.ה. -

---

73) שם כח, יט. 74) וראה אנציקלופדי' תלמודית ערך בית המקדש רל, א ואילך. וש"נ. 75) ל' הכתוב - בראשית ב, א. 76) ראה אוה"ת בראשית מב, ב ואילך. שם (כרך ג) תקה, ב ואילך. תקח, ואילך. 77) אוה"ת לתהלים (יהל אור) עה"פ (ע' קט ואילך).



הנחה הת' בלתי מוגה

ד.ה. דער שלימות אין עבודת האדם,

וואס דאס איז דער ענין פון דעם מזמור - די שלימדת אין עבודת האדם שלפני השבת, (נאר) אלס הכנה צו יום השבת.

און דערנאך קומט מען צו "מזמור שיר חנוכה הביה לדוד", וואס ער איז קאפיטל ל׳, וואס דאס ווייזט אויף דעם ענין פון שבת מלכתא (עצמה), ווארום "המלכות נקנית בשלשים מעלוה"[78].

כה. וואס דורך די הכנוה ע"י ההחלטוה ומעשים בקשר מיטן יום ההילולא, "העשירי יהי׳ קודש" - קומט מען צו דעם "עלי עשור" (ווי עס שטיט אין "מזמור שיר ליום השבה"[79]), וואס דאס גייט אויף כנור של לעהיד לבוא,

וואס "כנור של מקדש על שבעה נימין הי׳", און כנור של ימוה המשיח וועט זיין של שמונה נימין, און כנור של עוה"ב וועט זיין של עשרה נימין[80],

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דער שירה העשירית, וואס פון די "עשר שירוה" זיינען שוין געווען לפנ"ז און די ערשטע פון אלע שירות איז - שירת "אז ישיר" וואס שטייט אין פ׳ בשלח[81] וואס מען גייט ליינען (און לערנען) צו מנחה, און די שירה העשירית וועט זיין לעהיד לבוא[82].

כו. די הוראה מכל הנ"ל:

אנהויבנדיק פון שבה דארפן זיין די הכנות צו יו"ד שבט, די הכנוה פון אלע צען ענינים, די דריי מאל "הבו" און די זיבן מאל "קול ה׳", די דריי מוחין און די זיבן מדוה, און ווי ער זאגט אין הניא[83] אז די מוחין ווערן אנגערופן "אמוה ומקור למדוה כי המדוה הן הולדוה חב"ד".

און אויך אין דעם ענין פון "ושכנהי בהוכם, בתוכו לא נאמר אלא בהוכם, בתוך כל אחד ואחד"[84], און מען בויט דארטן אויף דעם ביהמ"ק, דירה לו יה׳ בההחונים.

און אויך טאן די אלע ענינים פון כ"ק מו"ח אדמו"ר,

און ניט באגנוגענען זיך נאר מיט בהשבה - אז ער טראכט אז עס איז א גלייכע זאך, אדער אויך מיט דיבור - אז ער

- זאגט -

---

78) אבוה פ"ו מ"ו. וראה ספר הערכים-חב"ד ע׳ אוהיוה ההורה - לכ"ד ס"ח סק"ג ה"א. וש"נ. 79) תהלים צב, ד. 80) ערכין יג, ב. 81) טו, א ואילך. 82) מכילתא עה"פ. וראה אוה"ה שה"ש בתחלהו. 83) רפ"ג. 84) תרומה כה, ח. של"ה סט. א. ובכ"מ. ר"ה שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו.

זאגט אז עס איז א גלייכע זאך. נאר - סאן בכעשה בפועל (אויף וויפל ס'איז שייך דער ענין העשי' בשבת),

ווי עס שטייט[85] "כי קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו". אז עס איז ניט גענוג די מחשבה און דיבור[86], "בפיך ובלבבך", נאר דער עיקר איז אז עס זאל זיין דער "לעשותו".

ובפשטות: יעדער איינער האט דאך זיכער געמאכט החלטות טובות (אנהויבנדיק פון ר"ח שבט) בנוגע צום יום ההילולא, איז די כוונה אבער. אז עס זאל ניט בלייבן נאר אין החלטה נאר עס זאל זיין (אויך) אין עשי',

און סאן עבודתו מיט אלע דריי לבושים (מחשבה דיבור ומעשה), אין די ענינים פון הפצה המעינות חוצה, און אויך אין דעם ענין פון "לאלתר להשובה לאלתר לגאולה", וואס דאס איז פון די ענינים פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס ער האט דאס קורא געווען, און קורא געווען אין אן אופן פון "הקריאה והקדושה", א קריאה של קדושה (און האט דאס אויך אפגעדרוקט[87]).

און מען טוט אין די ענינים פון תורה ומצוותי', ובפרט אין די ענינים פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, און מען איז זיך ניט מסתפק מיט זיך אליין נאר מ'טוט אויך מיטן זולה, ביז מיט "את אשר בשם ישראל יכונה".

און עס ווערט (כלשון הרמב"ם) ישראל עושין תשובה ומיד הן נגאלין, דער "לאלתר להשובה" וואס ברענגט דעם "לאלתר לגאולה",

בעגלא דידן.

* * *

כז. מאמר (כעין שיחה) ד"ה ויאמר גו' בעשור לחודש גו'.

* * *

כח. כרגיל צו אפלערנען א פסוק חומש פון פרשת השבוע מיט פירוש רש"י, ועד"ז אן ענין אין די הערות פון טאטן אויפן זהר.

וואס בנוגע צו פרש"י, זיינען דאך דא ביידע אופני הדיוקים: א) א דיוק וביאור אין דעם וואס רש"י איז מפרש, און יש לעיין בפירושו, ב) אן ענין וואס איז שווער אין פשוטו של מקרא (וואס דרכו של רש"י בפירושו עה"ת איז דאך צו מפרש זיין פשש"מ[88]), און רש"י איז עס ניט מפרש,

- און -

---

85) נצבים ל, יד. 86) ראה קצוה"ע לתניא ע' צג. סה"מ הרצ"ט ע' 31. תשי"א ע' 320. 87) הקוה"ק שנת ה'הש"ג. 88) פדש"י עה"פ בראשית ג, ה. ועוד.

און וויבאלד אז אין פרש"י איז ניטא קיין יתיר און אויך קיין חסר

- כדמוכח מזה וואס אויב עס איז דא אן ענין וואס אין פשש"מ איז ניטא קיין ביאור אויף דעם - שרייבט רש"י "לא ידעתי" (כמדובר כמ"פ[89]), און אויב רש"י שרייבט עס ניט איז דערפון א הוכחה אז ס'איז דא א ביאור אויף דעם -

איז פארשטאנדיק אז דער בן חמש למקרא פארשטייט עס אליין; אדער פון דעם וואס רש"י האט פריער מפרש געווען דרך אגב, אדער פון א בפירוש'ן פסוק לפנ"ז, און דערפאר דארף אים רש"י עס ניט מפרש זיין.

ועד"ז זיינען דא בפרשתנו ביידע דיוקים (צווישן כו"כ אנדערע דיוקים), וואס איין דיוק איז פון אני הקטן, און דער צווייטער דיוק - פון דעם אריז"ל, וואס דער דיוק איז אויך ע"פ פשש"מ,

ווארום כמדובר כמ"פ (וואס מ'איז ניט משים לב דערצו) אז אלע חלקים אין תורה, פשט, רמז, דרוש און סוד, זיינען כלול איינער פון דעם אנדערן, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז הגם דער דיוק, די שאלה שטייט אין חלק הסוד, אדער חלק הרמז, חלק הדרוש - קען דאס אבער אויך זיין א דיוק אין חלק הפשט,

וואס עד"ז איז בנוגע צו דעם דיוק פון דעם אריז"ל, אז דאס איז א דיוק און א שאלה אויך אין דרך הפשט, ובמילא דארף דאס זיין פארשטאנדיק בפשוטו של מקרא.

כט. אנהויבנדיק פון דעם דיוק האריז"ל:

אין לקוטי תורה להאריז"ל בפרשתנו, אין דעם שיעור חומש היומי. שביעי, שטעלט ער זיך גלייך אין אנהויבס, און פרעגט א קשיא: "יש כאן קושיא בפסוקים הללו, כי תחלה אמר הש"י[90] קדש לי כל בכור, ומשה לא עשה כן רק ויאמר משה אל העם זכור וגו'[91], אח"כ בפ' שני'[92] אז צוה משה והעברת כל פטר רחם, וזה תימא גדול".

וואס דאס איז דאך א קשיא בפשוטם של כתובים; דער אויבערשטער האט אנגעזאגט משה'ן "(וידבר ה' אל משה) לאמר", צו אנזאגן אידן[93], קדש לי כל בכור פטר כל רחם וגו', האט ער לכאורה צום אלעם ערשטן געדארפט גיין און דאס אנזאגן צו די אידן

- זאגט -

---

89) ראה בהנסמן בלקו"ש ח"ה ע' 1 בשוה"ג הא' להע' 2.
90) פרשתנו יג, ב. 91) שם, ג ואילך. 92) בפרשה "והי' כי יביאך" - פרשתנו שם, יב. 93) ראה לקו"ש ח"ו ע' 119 הע' 1-2*.

– זאגט דער פסוק אז "ויאמר משה אל העם זכור את היום הזה וגו'", אז ער איז געגאנגען און האט זיי גאר אנגעזאגט וועגן אנדערע ענינים (וועגן פסח, און מצה, און חמץ, ביז דער גאנצער אריכות), און ערשט דערנאך האט ער זיי אנגעזאגט "והעברת כל פטר רחם לה' וגו' והי' כי ישאלך בנך וגו'"[94] – דלכאורה איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק ווי קומט דאס צו משה רבינו?!

אה"נ דער בן חמש למקרא ווייס נאך ניט וועגן מעלה משה רבינו בנוגע צו מהן הורה וכו'[95] – ער ווייס שוין אבער מעלה משה רבינו פון דעם וואס ער האט געלערנט פריער אין פרשה שמות און וארא.

ועוד: דער בן חמש פארשטייט און ווייס אז אפילו א פשוט'ער איד (ניט דוקא משה רבינו), בשעה ער ווערט באקומען א שליחות פון דעם אויבערשטן צו אנזאגן זיין פאלק – ווערט ער לויפן און עס מקיים זיין בזריזות! און דא זאגט מען בנוגע צו משה רבינו אז אנשטאט גיין און גלייך איבערגעבן וואס דער אויבערשטער האט אים אנגעזאגט, "קדש לי כל בכור וגו'" – איז ער געגאנגען און גערעדט וועגן פסח, חמץ, מצה וכו', און ערשט דערנאך וועגן "פטר רחם"?!

ובפרט אז די ענינים וואס ער האט צו זיי גערעדט דא (פסח, חמץ ומצה וכו') זיינען ענינים וואס ער האט זיי שוין אנגעזאגט פריער ובאריכות, ווי עס שטייט[96] "ויקרא משה לכל זקני ישראל ויאמר אליהם וגו'", עס איז מערניט וואס דא זיינען צוגעקומען אייניקע פרטים, אבער עיקר הענין האבן זיי שוין געוואוסט פון פריער – האט ער זיי צום אלעם ערשטן געדארפט אנזאגן דעם ענין וואס דער אויבערשטער האט אים ערשט אנגעזאגט?

וכאמור, די קשיא פרעגט דער אריז"ל, און ער איז דאס מבאר ע"ד הסוד, ע"ד הרמז – אבער דאס דארף אויך האבן א ביאור אין דרך הפשט, אין פשוטו של מקרא, און רש"י באווארנט עס גארניט.

ל. עד"ז איז אויך דא דער צווייטער דיוק:

בנוגע צו מכת חושך זאגט דער פסוק[97], "ולכל בני ישראל הי' אור במושבותם".

וואס אין דערויף איז דא א שאלה, און א קשיא:

– רש"י –

---

94) פרשתנו שם, יד. 95) ראה פרש"י עה"פ יתרו יט, יד.
96) פרשתנו שם, כא. 97) פרשתנו י, כג.

רש"י האט מפרש געווען מיט א פסוק לפנ"ז[98]: "ויהי חושך אפילה שלשת ימים", חושך של אופל שלא ראו איש את אחיו. אותן ג' ימים, ועוד שלושה ימים אחרים חושך מוכפל על זה שלא קמו איש מתחתיו, יושב אין יכול לעמוד ועומד אין יכול לישב. ולמה הביא עליהם חושך . . שחפשו ישראל וראו את כליהם, וכשיצאו והיו שואלין כהן והיו אומרים אין בידינו כלום, אומר לו אני ראיתיו בביתך ובמקום פלוני הוא".

ד.ה. אז וויבאלד ס'איז געווען דער ציווי "ושאלה אשה משכנתה ומגרת ביתה כלי כסף וכלי זהב ושמלות" (ווי דער בן חמש האט שוין געלערנט[99]), און (ווי ער וועט אויך לערנען בסיום הענין[100]) "דבר נא באזני העם וישאלו איש מאת רעהו ואשה מאת רעותה כלי כסף וכלי זהב",

איז בשעת בא די מצריים איז געווען חושך, און א חושך כפול ומכופל, אז "יושב אין יכול לעמוד ועומד אין יכול לישב" - זיינען אידן געגאנגען צו די מצריים, בבתיהם של המצריים, און דארטן גופא איז פאר די אידן געווען אור (וואו א איד איז נאר געגאנגען איז אים געווען ליכטיק), און דערפאר האבן זיי געקענט אריינגיין און ארויסגיין און זיך ארומקוקן צו זען וואו עס ליגן זייערע כלי כסף וכלי זהב [זיי האבן מאקע גארנים גענומען - אבער זיי זיינען אריין און זיך ארומגעקוקט], כדי אז דערנאך זאלן זיי דאס קענען בעטן בא די מצריים, און אז די מצריים וועלן זיי לייקענען און זאגן אז "אין בידינו כלום" - וועט זיי דער איד ענטפערן, "אני ראיתיו בביתך ובמקום פלוני הוא".

און רש"י זאגט דא ניט "ורבותינו דרשו" (וואס דאס איז דאך גענומען פון מדרש[101]), וכיו"ב, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז אינגאנצן פשוטו של מקרא.

וואס אויף דערויף איז דא א קשיא פון דעם פסוק שלאח"ז, וואס דער פסוק זאגט "ולכל בני ישראל הי' אור במושבותם", וואס דערפון איז משמע אז וואו איז געווען אור (פאר אידן) - דוקא "במושבותם", און ניט בביתו של המצרי?!

דלכאורה האט דער פסוק געקענט זאגן "ולכל בני ישראל הי' אור בכל מקום", אדער זאגן כהם "ולכל בני ישראל הי' אור", וואס דעמולט וואלט דער בן חמש למקרא אליין פארשטאנען אז עס איז געווען אור אומעטום -

זאגט אבער דער פסוק: ניין! "ולכל בני ישראל הי' אור - במושבותם" - ד.ה. דוקא "במושבותם", וואס עפ"ז איז ניט - פארשטאנדיק -

---

98) עם, כב (ד"ה ויהי חושך אפילה). 99) שמות ג, כב.
100) פרשתנו יא, ב. 101) שמו"ר פי"ד, ג. ועוד.

פארשטאנדיק אונזער פירוש רש"י, אז וואו אידן זיינען נאר געווען איז בא זיי געווען ליכטיקייט, און אפילו בביתו של מצרי!

לא. לכאורה וואלט מען דאס געקענט ענטפערן, עפ"ז וואס רש"י זאגט דא צוויי פירושים: איין פירוש, "ולמה הביא עליהם חושך - שהיו בישראל באותו הדור רשעים ולא היו רוצים לצאת [און אזוי ווי דער אויבערשטער האט ניט געוואלט אז זיי זאלן בלייבן אין גלות מצרים - איז] וכהו בשלושה ימי אפילה, כדי שלא יראו מצרים במפלתם ויאמרו אף הן לוקין כמונו", און דערנאך זאגט רש"י א צווייטן פירוש "ועוד שחפשו ישראל וראו את כליהם וכו'", אבער דאס איז מערניט ווי א צווייטער פירוש, און דער עדשטער פירוש איז דער עיקר -

איז דאס אבער ניט ריכטיק: כמדובר כמ"פ[102] אז ווען רש"י זאגט צוויי פירושים, זאגט ער "דבר אחר", אדער "יש אומרים", און אבאל ברענגט ער גלייך בתחלת הפירוש אז עס זיינען דא צוויי פירושים בזה וכו' - דא זאגט אבער רש"י "ועוד", ד.ה. אז ס'איז ניט א צווייטער פירוש, נאר דאס איז נאך א טעם, נוסף אויפן טעם הקודם לזה, אבער בידע טעמים זיינען דא.

איז אין דערויף ניט פארשטאנדיק, כנ"ל: ס'איז דאך א קשיא אויף דעם וואס רש"י זאגט (אז ס'איז געווען אור (פאר די אידן) אויך בבית המצרי), פון דעם וואס דער פסוק שלאח"ז זאגט (אז ס'איז געווען אור מערניט ווי "במושבותם", אבער ניט בביתו של המצרי), און ווען עס קומט צו דעם פסוק שלאח"ז - שטעלט זיך רש"י ניט אפילו אויף דעם?!

וכמדובר, אז די אלע דיוקים דארפן זיין פארשטאנדיק פאר א בן חמש למקרא: אדער פון דעם וואס ער האט שוין געלערנט, אדער אז ער פארשטייט עס מעצמו, און דארף אויף דערויף ניט אנקומען צו פרש"י.

וכפי שיתבאר לקמן.

לב. בנוגע צו די הערה פון טאטן אויפן זהר בפרשתנו, שטעלט זיך דער טאטע[103] אויף דעם וואס עס שטייט אין זהר בפרשהנו[104] (פארבונדן מיט פסוק[105] "ולקחו מן הדם ונתנו על שתי המזוזות ועל המשקוף"), "אמר רבי אבא בכמה אהרין חס קוב"ה על בנוי, עבד בר נש ביתא וקוב"ה אמר לי' כתוב שמי

- ושוי -

---

102) שיחת ש"פ וישב, שבת חנוכה תש"מ ס"ל, סמ"א.
103) בלקוטי לוי"צ לזח"ב ע' נס. 104) ח"ב לו, מ.
105) פרשתנו יב, ז.

ושוי לפתחך, ואת שרי לגו ביתא ואנא אותיב לבר בפתחך לנטרא לך כו'", אז בשעת עס איז "כתוב שמי ושוי לפתחך", שטייט דער איבערשטער מבחוץ און פארהיט אים מבפנים, ער איז אויף אים מגין און אים מציל פון ענינים בלתי רצויים.

שטעלט זיך דער טאטע אין די הערות אויף "כתוב שמי (ושוי לפתחך)" און זאגט "עיין בנצוצי אורות או"ק א'" (וואס ער איז (אויך) געווען א גדול בישראל).

וואס אין נצוצי אורות טייטשט ער, אז "כתוב שמי" "היינו סוד מזוזה העולה אדנ' כו'", ד.ה. אז "כתוב שמי" מיינט מ'זאל שרייבן א מזוזה. און די שייכות פון "אדנ'" וואס ער איז בגימטריא 65, ע"ד ווי די גימטריא פון "מזוזה" - 65.

דערנאך איז דער טאטע ממשיך אין די הערות: "ולכאורה יותר קרוב לפרש ששמי קאי על השם שד-י שבחוץ המזוזה שהוא השומר, ר"ת שומר דלתות ישראל (משא"כ לפירושו ששמי קאי על מזוזה גימט' אד', הרי תיבת מזוזה וכן שם אד' אין נכתב במזוזה ואיך אמר כתוב שמי) וכו'".

וואס דערפון וואס ער זאגט (מערניט) "ולכאורה יותר קרוב לפרש", איז משמע, אז דער ערשטער פירוש (פון ניצוצי אורות) האט אן ארט, ס'איז מערניט וואס דער פירוש פון דעם טאטן איז "יותר קרוב לפרש" -

וואס אין דערויף איז ניט פארשטאנדיק: לכאורה האט דער פירוש הנצו"א קיין ארט ניט, און דער פירוש הפשוט איז - דער פירוש וועלכן דער טאטע איז מפרש; ס'איז ניט נאר וואס "יותר קרוב לפרש" - דאס איז גאר דער פירוש הפשוט, ווארום:

א) דער ענין אז מ'דארף שרייבן דעם שם שד-י אויף א מזוזה ("בחוץ המזוזה") - ווערט ניט געברענגט אין דער סוגי' וועגן מזוזה אין מנהות[106], נאר דער גאנצער מקור אויף דעם איז פון זהר (בפ' ואתחנן[107]) [עס ווערט טאקע דערנאך אראפ-געברענגט להלכה בשו"ע[108] וכו', אבער דער מקור אויף דעם איז פון זהר] - לייגט זיך דאך צו זאגן בפשטות אז "כתוב שמי" מיינט - דעם שם שד-י.

ב) די תמי' איז נאך שטורעם'דיקער: כאמור, איז דער מקור אויף דעם וואס מ'שרייבט דעם שם שד-י - אין זהר פ' ואתחנן; בשעת מ'גיט דארטן א קוק ווער האט דאס געזאגט - איז דאס ר' אבא[109] דער זעלבער בעל המאמר וואס זאגט דא דעם - ענין -

---

106) לב, א ואילך. 107) זח"ג רסו, א. 108) יו"ד סו"ס רפח. 109) בהתחלת הענין שם - רסה, ב.

ענין פון "כתוב שמי ושוי לפתחך", און זאגט אויך דעם זעלבן ענין, אז דאס טוט אויף דעם ענין השמירה -

לייגט זיך צו זאגן אז אויך דא זאגט ער דעם זעלבן ענין (און "שמי" גייט אויף "שד-י", אז דאס טוט אויף דעם ענין השמירה)!

ג) ער זאגט דאך דא אין זהר אז דורך דעם "כתוב שמי ושוי לפתחך" וועט זיין "אנא אוהיב לבר בפתחך לנטרא לך" - דער ענין השמירה, וואס דער ענין השמירה שטייט בגלוי אין שם "שד-י" "שבחוץ המזוזה", און דאס איז דער ר"ת "שומר דלתות ישראל"[110] (אדער "שומר דירת ישראל"[111], ווי די צוויי נוסחאות בזה).

ד) ווי קען מען זאגן אז "כתוב שמי" מיינט אז מ׳זאל שרייבן א "מזוזה", ווייל "מזוזה" איז בגימטריא שם "אדנ׳" (כנ"ל) - דער טייטש פון "מזוזה" בפשטות איז ניט מצות מזוזה, פרשה מזוזה, נאר - דער עמוד אויף וועלכן מ׳לייגט ארויף א מזוזה.

[ובפרט אז מ׳פארבינדט עס מיט אונזער פסוק "ונתנו על שתי המזוזות ועל המשקוף", וואס דאס מיינט די עמודים בא דער זייט פון דער טיר מימין ומשמאל] -

איז ווי פאסט זאגן אויף דעם "כתוב שמי"?!

וואס מצד די אלע טעמים איז ניט פארשטאנדיק, ווי שרייבט דער טאטע, אז דער פירוש "שמי קאי על השם שד-י" איז מערניט ווי "יותר קרוב לפרש" - דער פירוש איז דאך דער פירוש הפשוט, און דער פירוש ה"ניצוצי אורות" אז "כתוב שמי" "היינו סוד מזוזה העולה אדנ׳" - איז אינגאנצן שווער?!

לג. דערנאך איז דער טאטע ממשיך אין די הערות [לאחרי וואס ער איז מבאר נאך ענינים]: "שוב מצאתי כן ברמ"ז", אז דער רמ"ז ברענגט טאקע אראפ ביידע פירושים,

[וואס בשעת איך בין נאך דארטן געווען, האט מען דעם ספר ניט געהאט (ווארום בכלל איז דער ספר ניט אזוי מצוי), וכנראה אז דערנאך האט מען אים געקראגן, האט דער טאטע געפונען אז עס שטייט דארטן ביידע פירושים, האט ער עס צוגעצייכנט],

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ביידע פירושים זיינען דא.

- און -

---

110) סידור האריז"ל (כוונת מזוזה). מ"ח מס׳ מזוזה פ"ג מ"ט. 111) כל בו הל׳ מזוזה (הובא בר"מ יו"ד שם).

און בעיקר דארף מען פארשטיין: וואס איז די הוראה דערפון אין עבודת ה', בענין המעשה, וואס "המעשה הוא העיקר".

וכידוע, אז דער טאטע האט געשריבן די ענינים בקיצור נמרץ, און ער איז נאר מבאר די ענינים ע"פ קבלה - בקיצור, און די ענינים ע"פ הסידות - ברמז, און די איבעריקע ענינים - האט ער זיך פארלאזן אז מ'וועט זיך אליין מאפן,

וכפי שיתבאר לקמן.

לד. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

* * *

לה. בכלל אז עס זיינען דא ענינים צו משלים זיין - געפינט מען אין דינים ומנהגים צוויי אופנים מיט וואס צו אנהויבן, וואס ביידע אופנים זיינען ע"פ תורה, און עס זיינען דא סברות לכאן ולכאן.

איין אופן איז. צו פריער טאן דעם ענין פון איצטער, און ערשט דערנאך דעם ענין וואס קומט אלס תשלומין.

ע"ד ווי מ'געפינט אין דעם ענין התפלה, וואס א תפלה האט דאך איר זמן וועמן מ'איז מחוייב בה, און אויב ער האט ניט מתפלל געווען די תפלה בזמן חיובה (מאיזה סיבה שתהי') - דארף ער עס דערנאך משלים זיין,

איז דעמולט דער דין[112] אז פריער דארף ער מתפלל זיין די תפלה חובה און דערנאך די תפלה התשלומין. און אזוי איז דער דין אויך בדיעבד ולעיכובא, אז אויב ער האט פריער מתפלל געווען די תפלה התלוכין - דארף ער דערנאך נאכאמאל מתפלל זיין (לויט איין דיעה).

עס איז אבער אויך דא א צווייטער אופן, אז פריער זאל ער משלים זיין וואס ער האט געדארפט טאן פון פריער, און דערנאך טאן וואס ער דארף איצטער טאן.

ועד"ד ווי מ'געפינט די הנהגה וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט איבערגעגעבן (וואס ער האט באקומען במסורה מאב לאב וכו') בנוגע צו השעה באב, וואס עס זיינען דא ענינים וואס מ'מאר זיי ניט טאן בבוקר, און מ'דארף זיי משלים זיין לאחרי הצות בא תפלה המנחה - אז פריער זאל מען משלים זיין די ענינים וואס ער האט געדארפט טאן בתפלה שחרית בבוקר, און דערנאך - די ענינים השייכים למנחה[113].

- ועד"ז -

------------

112) מושו"ע (ואדה"ז) או"ח ר"ס קח. 113) "היום יום" ט' מנחם אב (ע' עז).

ועד"ז געפינט מען ביי אברהם אבינו, וואס "אחד הי' אברהם"[114], אז בשעת "ויעל אברם וגו' הנגבה[115] ("לבא לדרומה של א"י כמו שאמר למעלה[116] הלוך ונסוע הנגבה להר המוריה"[117]) – איז געווען "וילך למסעיו"[118], אז "בחזרתו פרע הקפותיו"[119], ד.ה. אז נאך איידער ער האט עפעס אנדערש געטאן – איז צום אלעם ערשטן "פרע הקפותיו".

און ווי מ'זעט עס אויך בפשטות, אז די ערשטע זאך – צאלט מען אפ וואס מ'קומט פון פריער, און ערשט לאח"ז קומען די נייע ענינים וכו'.

וואס דערפון קומט אויס בנוגע לעניננו, וואס עס זיינען דא ענינים צו משלים זיין פון וואס מ'האט גערעדט בשבת זו, און ענינים פון פאראכטאגן שבת, צוויי וואכן צוריק וכו' – אז עס זיינען דא צדדים לכאן ולכאן מיט וואס צו אנהויבן,

ובפרט אז עס קומט אויך צו דער ענין פון "תדיר ושאינו תדיר, תדיר קודם"[120], וואס ס'איז תדיר צו שטעלן זיך אויף ענינים פון דעם שבת.

עכ"פ, וויבאלד אז ס'איז ניטא גענוג צייט אויף אלע ענינים, וועט מען צוטיילן דעם זמן אויף א חלק פון ביידע ענינים.

לו. אנהויבנדיק פון "ולכל בני ישראל הי' אור במושבותם" (וואס מ'האט גערעדט בשבת זו).

איז דער ביאור אין דעם בהקדים הביאור אין רש"י'ס הכרח אויף דעם ענין אז "חפשו ישראל וראו את כליהם, וכשיצאו והיו שואלין מהן והיו אומרים אין בידינו כלום – אומר לו אני ראיתיו בביתך ובמקום פלוני הוא" (און דערפאר איז געווען מכה חושך):

דער בן חמש למקרא האט געלערנט פריער[121], אז דער אויבערשטער האט געזאגט צו אברהם'ן "ידוע תדע כי גר יהי' זרעך בארץ לא להם ועבדום וענו אותם ארבע מאות שנה . . ואחרי כן יצאו ברכוש גדול". און ער האט שוין אויך געלערנט ווי אזוי דאס וועט זיין, אז ס'וועט זיין "ושאלה אשה משכנתה ומגרת ביתה כלי כסף וכלי זהב ושמלות וגו' ונצלתם את – מצרים" –

---

114) יחזקאל לג, כד. 115) לך לך יג, א. 116) שם יב, ט. 117) פרש"י עה"פ. 118) לך לך יג, ג. 119) פרש"י עה"פ. מב"ר פמ"א, ג. 120) ברכות נא, סע"ב. וש"נ. 121) לך לך טו, יג-יד.

מצרים" - "והרוקנון"[122], און ווי ער וועט אויך לערנען בסיום הענין אז דער אויבערשטער האט אנגעזאגט משה'ן "דבר נא באזני העם וישאלו איש מאת רעהו ואשה מאת רעותה כלי כסף וכלי זהב" וואס (כפרש"י[123]) "אין נא אלא לשון בקשה [אז דער אויבערשטער בעט זיך בא משה'ן] בבקשה ממך הזהירם על כך - שלא יאמר אותו צדיק אברהם, ועבדום וענו אותם קיים בהם, ואחרי כן יצאו ברכוש גדול לא קיים בהם".

וואס אין דערויף פרעגט דער בן חמש למקרא א שאלה:

מ'האלט דאך שוין אין סוף זמן הגלות, און מ'גייט שוין באלד ארויס ממצרים (ס'איז שוין די נייענטע מכה), און ער ווייס דאך אז אידן זיינען געווען עניים מרודים, אז אפילו קיין תבן וקש האבן זיי אויך ניט געהאט[124], און זיי האבן געדארפט אנקומען צו די מצריים אויך פאר עניני אוכל[124*] -

איז פון וואנעט וועט מיטאמאל בא זיי ווערן "(ואחרי כן יצאו ב)רכוש גדול", און ניט סתם א רכוש גדול, נאר א רכוש גדול פאר ששים רבוא אנשים, וואס דאס איז "הגברים לבד מטף"[125], נוסף צום רכוש גדול פאר נשים וטף?!

און אע"פ אז ער ווייס אז עס וועט זיין "ושאלה" "וישאלו" וכו' (כאמור לעיל) - פארשטייט ער אבער ניט פאר-וואס זאלן די מצריים געבן זייער רכוש צו די אידן; וועלכער מצרי וועט זיין א שוטה צו געבן עפעס די אידן?!

און אפילו אז מ'וועט זאגן אז די מצריים וועלן זיי געבן, ווארום זיי וועלן מורא האבן פאר זיי, וכיו"ב - איז אבער פארשטאנדיק אז זיי (די מצריים) וועלן געבן מערבים ווי די עטלעכע כלי כסף וכלי זהב וואס ליגן אויבן-אויף, אבער די באהאלטענע כלי כסף וכלי זהב - וועלן זיי ניט געבן,

וואס אויך דער בן חמש ווייס אז ניט אלע כלים לאזט מען בגלוי אין פענצטער, נאר אדרבה, די טייערע כלים באהאלט מען, און מ'לאזט בגלוי מערניט ווי עטלעכע - איז בשעת די אידן וועלן זיי בעטן די טייערע כלים (די באהאלטענע), וועלן זיי לייקענען, און די אידן וועלן זיי גארניט קענען ענטפערן אויף צוריק [ווארום, צי-דען זיינען אלע אידן געווען נביאים?!] -

איז פון וואנעט וועלן אידן האבן דעם "רכוש גדול"?!

נאכמער: דער אויבערשטער האט געזאגט אז ס'וועט זיין "ונצלתם את מצרים", "והרוקנון" - ווי האט געקענט זיין - "והרוקנון" -

------------

122) פרש"י עה"פ שמות ג, כב. מה"א עה"פ. 123) עה"פ. מברכות ט, סע"א ואילך. 124) שמות ה, ז ואילך. *124) ראה פרש"י בהעלותך יא, ה. 125) פרשתנו יב, לז.



הנהה הה' בלתי מוגה

"ותרוקנון" בשעה אז דאס איז געווען באהאלטן (כנ"ל)?!

און מ'קען ניט ענטפערן אז דאס איז געווען אין אן אופן פון מלחמה, אז די אידן זיינען אריינגעקראכן צו די מצריים אין די הייזער און זיך מיט זיי געשלאגן וכו' - ווארום עס זיינען ניט געווען קיינע מלחמות אין מצרים (ביז בא קריעת ים סוף וואס דעמולט איז געווען (מערניט ווי) א סברא אויף א מלחמה[126]).

לז. וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז ס'איז געווען ערגעץ-וואו א געלעגנהייט וואס אידן זיינען אריין צו די מצריים אין די הייזער און געקענט ארומקוקן זיך וואו עס ליגן אויף די באהאלטענע כלים, כדי אז דערנאך ווען זיי וועלן קומען און עס בעטן בא די מצריים און די מצריים וועלן לייקענען - וועלן די אידן זיי ענטפערן "אני ראיתיו בביתך ובמקום פלוני הוא".

ווען האט דאס געקענט זיין - איז רש"י מפרש אז דאס איז געווען בא מכת חושך: וויבאלד אז ס'איז געווען חושך בא די מצריים - האבן אידן געקענט אריינגיין צו די מצריים אין די הייזער, און די מצריים וואלטן אפילו ניט געוואוסט דערפון,

און אפילו אויב זיי וואלטן יע געהערט א טומל פון א פענצטער און א טיר וכו' - האבן זיי אבער סיי-ווי גארניט געקענט טאן, ווארום "יושב אין יכול לעמוד ועומד אין יכול לישב".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק רש"י'ס הכרח אז בא מכת חושך זיינען אידן אריין צו די מצריים אין די הייזער "ודאו את כליהם וכו'", און דערפון קומט ארויס (נאך) א טעם אויף דעם וואס "הביא עליהם חושך" (נוסף אויפן (ערשטן) טעם "שהיו בישראל באותו הדור רשעים וכו'").

לח. ע"פ כהנ"ל וועט אויך זיין פארענטפערט ווי ס'איז קיין סתירה ניט פון פסוק "ולכל בני ישראל היי' אור __במושבותם__" צו דעם וואס רש"י זאגט אז (אויך) בבית המצרי איז געווען ליכטיק פאר אידן - ווייל דאס וואס דער פסוק זאגט "במושבותם", מיינט ער צו זאגן (__ניט__ אז ס'איז געווען אור __נאר__ "במושבותם", נאר ארבה) אז ס'איז געווען אור אפילו "במושבותם":

אז פאר אידן איז געווען ליכטיק בביתו __של מצרי__ - איז

- גאר -

---

126) ראה בשלח יד, יד. וראה ירושלמי תענית פ"ב ה"ה. מכילתא, תיב"ע והי"ע עה"פ שם, יג-יד.

__הנחת__ __הת'__ __בלתי מוגה__

גאר קיין חידוש ניט, דאס איז דאך א דבר המוכרח: בכדי עס זאל נהקיים ווערן הבטחתו של הקב"ה "ואחרי כן יצאו ברכוש גדול" (ובפרט אין אן אופן פון "ונצלתם את מצרים, והרוקנוה") – איז געווען מוכרח (כנ"ל) אז פאר אידן זאל זיין ליכטיק בבית המצרי;

משא"כ עס זאל זיין ליכטיק פאר אידן אויך "במושבותם" – איז ניט קיין דבר המוכרח.

און דערפאר זאגט דער פסוק "ולכל בני ישראל הי' אור במושבותם", אז אפילו "במושבותם" "הי' אור" (כאטש אז דאס איז ניט קיין דבר הכרחי).

ועפ"ז איז פארשטאנדיק אויך וואס דער פסוק זאגט ניט "ולכל בני ישראל הי' אור" סתם, נאר ער איז מוסיף – "במושבותם":

"ולכל בני ישראל הי' אור" (אין דעם זמן וואס ס'איז געווען "חושך אפילה בכל ארץ מצרים") איז א ענין פון א נס, און וויבאלד אז לא עביד קוב"ה ניסא למגנא[127] – איז אויב דער פסוק וואלט געזאגט "ולכל בני ישראל הי' אור" (סתם), וואלט מען געלערנט, אז דער נס (אז פאר אידן זאל זיין ליכטיק) איז געווען נאר בביתו של המצרי, מצד דערויף וואס דארטן איז מוכרח אז אידן זאלן קענען זען;

משא"כ "במושבותם", וואס דארטן איז קיין הכרח ניט – וואלט מען געמיינט, אז דארטן איז ניט געווען דער נס –

דעריבער דארף דער פסוק מפרש זיין "ולכל בני ישראל הי' אור במושבותם", אז אפילו "במושבותם" איז געווען ליכטיק.

לט. כאן המקום צו משלים זיין ("פרע הקפותיו" –) דעם ביאור אין פרש"י וואס מ'האט גערעדט דעם פריערדיקן שבת[128].

וואס רש"י שטעלט זיך בהחלה הפרשה[129] און ברענגט אראפ דעם פירוש המדרש[130], אז אויף דעם וואס משה האט געזאגט דעם אויבערשטן[131] "למה הרעותה לעם הזה", האט אים דער אויבערשטער געענטפערט "חבל על דאבדין ולא משתכחין וכו'", מיט דעם גאנצן אריכות המדרש (בנוגע צו אברהם, יצחק ויעקב).

און דערנאך זאגט רש"י "ואין המדרש מתיישב אחר המקרא מפני כמה דברים", און פרעגט כמה שאלות, און איז מסיים – "לכך" –

------------

127) ראה דרשות הר"ן דרוש ה (נעתק בלקו"ש ח"ב ע' 966). וראה לקו"ש חט"ז ע' 79 ובהנסמן בהע' 5. 128) ש"פ וארא, מבה"ח שבט. 129) ו, ט (ד"ה מקוצר רוח). 130) שמו"ר פ"ו, ד. 131) שמות ה, כב.

"לכך אני אומר יתיישב המקרא על פשוטו דבר דבור על אופניו והדרשה תדרש, שנאמר[132] הלא כה דברי כאש נאום ה' וכפטיש יפוצץ סלע, מתחלק לכמה ניצוצות".

דלכאו' איז אין דערויף אינגאנצן ניט פארשטאנדיק (איינע פון די שאלות): רש"י האט שוין געבראכט מדרשים בפירושו עה"ת ביז איצטער צענדליקער מאל! און ער ברענגט ניט אראפ "הלא כה דברי כאש וגו'"* - איז פארוואס עפעס דא רש"י מיטאמאל מבאר ומאריך בפירושו אז ס'איז דא "פשוטו - דבר דבור על אופניו" און "הדרשה תדרש", און "שנאמר הלא כה דברי כאש", ביזן סיום אז "מתחלק לכמה ניצוצות"?!

מ. איז דער ביאור בזה, בהקדים הטעם וואס רש"י דארף בכלל ברייגנען דעם מדרש ("חבל על דאבדין ולא משתכחין וכו'") - ווארום באם בן חמש למקרא שטעלט זיך א שאלה: בשעת משה רבינו פרעגט דעם אויבערשטן "למה הרעותה לעם הזה" - האט אים דער אויבערשטער געדארפט ענטפערן, "חבל על דאבדין ולא משתכחין וכו'", ווארום דער בן חמש ווייס שוין פון פריער בנוגע צו אברהם'ן אז דער אויבערשטער האט אים אוועקגעגעבן גאנץ ארץ ישראל, און פונדעסטוועגן "כשבקש אברהם לקבור את שרה לא מצא קרקע עד שקנה בדמים מרובים", ועד"ז בנוגע צו יצחק אז "ערערו עליו על הבארות אשר חפר", ועד"ז בנוגע צו יעקב "ויקן את חלקת השדה לנטות אהלו"[133], ואעפ"כ "לא הרהרו אחר מדותי", זיי האבן גארניט געפרעגט בא דעם אויבערשטן -

דערפאר זאגט אים רש"י, אז דער אויבערשטער האט עס אים טאקע געענטפערט, וואו שטייט דאס - אין מדרש.

פרעגט אבער דער בן חמש למקרא:

ער ווייס טאקע אז ניט אלץ שטייט אין פשטות הכתובים,

און ווי ער האט שוין געלערנט כמ"פ, אז עס זיינען געווען ציוויים וואס דער אויבערשטער האט אנגעזאגט משה'ן צו איבערגעבן אידן - און עס ווערט ניט דערציילט אז משה האט עס איבערגעגעבן, ועד"ז להיפך עס ווערט דערציילט אז

— משה —

---

*) בפרש"י עה"פ וישלח לג, כ כותב: "ודברי תורה כפטיש יפוצץ סלע, מתחלקים לכמה טעמים כו'". אבל: (א) לא הובא שם תחלת הפסוק "הלא כה דברי כאש", (ב) שם כותב "מתחלקים לכמה טעמים", משא"כ כאן - "לכמה ניצוצות". וראה לקמן סמ"א.

---

132) ירמי' כג, כט. 133) וישלח לג, יט.

כשה האט איבעו'געגעבן וואס דער אויבערשטער האט אים געהייסן, און עס שטייט ניט אז דער אויבערשטער האט עס אים געהייסן, און ס'איז ביי אים קיין שאלה נים, פארוואס שטייט טאקע ניט, ווארום כאי קמ"ל;

דא אבער פרעגט ער א קשיא: אויב עס וואלט ניט געשטאנען בכלל אז דער אויבערשטער האט אים עפעס געענטפערט - איז ביי אים אלץ רעכט: מ'קען זאגן אז דער אויבערשטער האט אים געענטפערט וואס עס שטייט אין כדרש וכו'; דער פסוק זאגט אבער יע וואס דער אויבערשטער האט אים געענטפערט - האט דער פסוק געדארפט זאגן אויך דעם ענטפער, ווארום אויך דער ענטפער איז פשוטו של מקרא, איז ער דאך אויך אן עיקר, און אפשר נאכמער עיקר פון דעם ענטפער וואס עס שטייט בפירוש אין פסוק,

און אעפ"כ זאגט עס דער פסוק ניט, עס איז מערניט וואס רש"י ברענגט אים דעם מדרש, אבער מיט דער באווארעניש אז פשוטו איז "דבר דבור על אופניו", "והדרשה הדרש"!

וואס דאס איז דער איינציקער מאל אין תורה וואס מ'געפינט אזא ענין.

מא. אויף דעם איז אים רש"י מסביר, "שנאמר הלא כה דברי כאש נאום ה' וכפטיש יפוצץ סלע, מתחלק לכמה ניצוצות":

ע"ד ווי מ'זעט ביי "אש", אז בשעת ער איז אין אן אופן פון "כפטיש יפוצץ סלע" (וואס דעמולט איז זיך דער סלע מתחלק לכמה ניצוצה, עד"ז) אז דער אש איז זיך "מתחלק לכמה ניצוצה", עס גייען פון אים ארוים פונקען - זיינען די פונקען (די ניצוצות האש) זיך מתחלק, דער גייט מזרחית און דער גייט מערביה, אבער זיי זיינען אין דער זעלבער איכות, דער זעלבער כמות, לפי ערך, און דער זעלבער מהות -

עד"ז איז בנוגע צו "(כה) דברי", אז ס'קען זיין די זעלבע זאך, ד.ה. די זעלבע דרגה; ביידע זאכן זיינען מוכרח בשוה בחלק הפשט, און אעפ"כ זיינען זיי זיך מהפשט אין באזונדערע ערטער: דער ענין אין פשט (דער ניצוץ) - קומט אין פשוטם של כתובים, און דער ענין אין פשט (דער ניצוץ) - קומט אין מדרש.

וואס דאס איז ניט ווי רש"י איז מפרש אין מס' שבת[134], אז "מתחלק הסלע . . לכמה ניצוצה" (ווי מפרשים[135] ווילן עס דא איינלערנען) וואס דעמולט האט דאך רש"י געדארפט מפרש

- זיין -

---

134) פח, ב - ד"ה מה פטיש. 135) רא"ם ושפ"ח כאן.

זיין אז דאס מיינט מען "הסלע (מהחלק לכמה ניצוצות)", במכ"ש וק"ו פון וואס ער איז עס מפרש צו א (בן עשר למשנה ו)בן חמש עשרה לגמרא[136] (ווי מ'האט געפרעגט בשבה העברה[137]) -

וואדום אויב מ'ווענט ברענגען פון דעם ענין הסלע - ווענט די שאלה נאך אלץ בלייבן:

אז דער סלע איז זיך מהחלק לכמה ניצוצות - איז ניטא אזא מציאות אז אלע חלקים זאלן זיין בשוה, נאר זיי קומען אויס אין פארשידענע מדות, איין חלק א גרעסערער, א צווייטער חלק א קלענערער וכו' -

איז דאס ניט דומה לנדו"ד אז ביידע ענטפער'ס (פון דעם אויבערשטן צו משה) זיינען מוכרח ע"פ פשוטו של מקרא; ביידע זיינען אין דער זעלבער דרגא.

און עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק פארוואס רש"י ברענגט דעם ערשטן האלבן פסוק "הלא כה דברי כאש" (דלא כבגמ' שבת, ווי מ'האט געפרעגט בשבת העברה) - ווארום דא איז דער דיוק דוקא "כאש", ווי דער אש איז "מהחלק לכמה ניצוצות", און אע"פ אז אלע ניצוצות זיינען בשוה (ווי דער בן חמש למקרא ווייס דאס שוין) - זיינען זיי זיך אבער מהחלק - דער גייט לצד מזרח און דער גייט לצד מערב,

וואס דאס איז פונקט ווי בנדו"ד, כנ"ל.

מב. בנוגע צו דעם זהר (עכ"פ בקיצור):

בנוגע צו מזוזה, איז דא די מצוה, דער דין המזוזה, ווי אויף דערויף מאכט מען די ברכה "אשר קדשנו במצוותיו וצונו לקבוע מזוזה", און דאס איז אויך א שמירה, מצד עיקר המצוה;

און ס'איז אויך דא די סגולה אין דער מצוה, דאס וואס מ'שרייבט אן אויף דער מזוזה (מבחוץ להמזוזה) דעם שם "שד-י" (ווי ער איז מבאר אין זהר ואתחנן), וואס דאס איז א שמירה מצד די סגולה פרטית שבהמצוה[138].

און עפ"ז איז פארשטאנדיק וואס דער טאטע שרייבט אויף דער פירוש אז "כתוב שמי קאי על השם שד-י" - אז עס איז מערניט ווי "יותר קרוב לפרש" - ווארום אויך דער פירוש פון ניצוצי אורות (און דער רמ"ז, רנ"ל) אז שמי איז דער ענין פון מזוזה (בגימטריא אדנ'), האט אן ארט, ווארום מצד עיקר המצוה, מצות מזוזה, איז אויך דא א שמירה כנ"ל[139].

- מג. -

---

136) אבות ספ"ה. 137) וכמו שהקשה בראב"ם שם. 138) ראה בארוכה לקו"ש עקב תשל"ו. 139) ראה לקו"ש שם שוה"ג להע' 7.

מג. האמור לעיל אז ס'איז דא דער כללות ענין המצוה, און די פרטים אין דער מצוה, געפינט מען אויך אין כללות ענין המצוות:

עס איז דא דער "אשר קדשנו במצוותיו וצונו". וואס דאס איז די כוונה כללית פון כללות ענין המצוות. און דאס איז בשוה ביי אלע מצוות, און דערנאך זיינען דא די כוונות פרטיות אין יעדער מצוה[140].

ועד"ז ווי דאס איז בנוגע צו מצות תפילין. וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[141], אז ס'איז דא די מצוה פון תפילין מצד דעם "אשר קדשנו במצוותיו וצונו (על מצות תפילין - להניח תפילין)", און ס'איז דא די כוונה פון דער מצוה, לשעבד הלב והמוח[142], וואס דאס איז א כוונה פרטית בערך צו "אשר קדשנו במצוותיו וצונו על מצות תפילין".

עד"ז אין דעם ענין התפלה, איז דא די כוונה כללית פון "דע לפני מי אתה עומד"[143], און עס זיינען דא כוונות פרטיות.

עד"ז אין תורה, איז דא די כוונה כללית פון "אשר בחר בנו מכל העמים ונתן לנו את תורתו", עס דארף אבער זיין "לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא"[144], וואס כדי צו קענען וויסן וואס די הלכה איז - דארף מען זיך פאנאנדערקלייבן אין די פרטים פון דעם מקרה פרטי, וואס ערשט נאך די התבוננות בפרטיות בזה - קען ער וויסן וואס די הלכה בזה איז.

מד. עד"ז זיינען דא ביידע ענינים אין עבודה בשייכות צו די הוראות פארבונדן מיט "העשירי יהי' קודש" (יו"ד שבט), דער יום ההילולא פון כ"ק מו"ח אדמו"ר:

ס'איז דא דער "אשר קדשנו במצוותיו וצונו" (פון דעם בעל ההילולא) צו טאן די ענינים והוראות וואס ער האט ארויפגעלייגט אויף יעדערן און יעדערע, און אין דערויף איז די התבוננות כללית מיט די החלטות כלליות מיט דער מס"נ כללית;

וויבאלד אבער אז מ'וויל עס זאל זיין "ולכל בני ישראל הי' אור במושבותם" נאך זייענדיק אין גלות - דארף זיין "מאפארו דא פלאחו"[145]. - עס זאל אראפקומען אין פרטים,

- אנהויבנדיק -

------------

140) ראה רד"ה וטהר לבנו הרפ"ה. סה"מ קונטרסים ח"א רכג, א-ב. לקו"ש ח"ד ע' 1193. ועוד. 141) קידושין לה, א. 142) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סכ"ה ס"ה (ס"א). 143) ראה ברכות כח, ב. 144) יומא כו, א. 145) ראה ספר התולדות אדמו"ר מהר"ש (לכ"ק אדמו"ר שליט"א) ע' 69. סה"ש תש"ד ע' 104.

אנהויבנדיק פון די מבצעים כלליים (זיי זיינען אבער פרטים), דער ענין פון "אהבת ישראל", וואס "זוהי כל התורה כולה, ואידך פירושה הוא זיל גמור"[146], און די מבצעים: "חינוך", "תורה", "תפילין", "מזוזה", "צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה והמכי'", "נרות שבת קודש", "כשרות האכילה ושתי'" און "טהרת המשפחה", און דער תיקון פון אלע ענינים,

און דאס אלץ איז אן אופן פון "והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם"[147], וואס דאס איז דאך מוין א סימן אויף משיח'ס קומען (עקבתא דמשיחא),

יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, ובאופן ד"ופרצת ימה וקדמה וצפונה ונגבה"[148], אז ער קלייבט צוזאמען אלע אידן פון "ימה וקדמה וצפונה ונגבה", "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו"[149], ו"כספם וזהבם אתם"[150], "לא תשאר פרסה"[151], "ונצלהם את מצרים",

ובעגלא דידן ממש.

צוה לנגן ניגון "ופרצת".

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן "ניעט ניעט ניקאַוואַ".

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

---

146) שבת לא, א. הובא בתניא פל"ב. 147) מלאכי ג, כד.
148) ויצא כח, יד. 149) ל' הכתוב - פרשתנו י, ט.
150) ישעי' ס, ט. 151) פרשתנו שם, כו.

הנחת הת' בלתי מוגה

ב"ה. קטע משיחת ש"פ בא, ה' שבט ה'תשמ"א.

א. עס איז דא די שמירה פון דעם אויבערשטן בכל זמן, וועאכו"כ אז מ'דארף דאס האבן איצט, וואס די וועלט שאקלט זיך, און נאכמער - זי טומלט זיך,

און ס'איז דערגאנגען צו א מצב ע"ד ווי עס איז געווען אין די צייטן פון דעם וואס עס ווערט דערציילט אין דער הפטרה (אז נבוכדנצר מלך בבל וויל חרוב מאכן ארץ מצרים דערפאר) וואס דעמולט האבן זיך אידן בוטח געווען אויף "משענת הקנה הרצוץ הזה על מצרים" (מלכים ב יח, כא. ישעי' לו, ו).

וואס עד"ז איז דאס איצטער, אז מען זאגט אז מ'קען מאכן א חוזה מיט מצרים, און ניט נאר אז מ'קען מאכן א חוזה, נאר - מ'האט בפועל געמאכט א חוזה און אים אפגע'חתמ'ט,

וואס דאס איז אויך ע"ד ווי בטחון אויף פרעה מלך מצרים, ווארום דער נאמען פרעה איז ניט קיין נאמען פון איין פרטיות'דיקן מלך, נאר אלע וואס זיינען געווען מושלים אויף ארץ מצרים (וואס זיי זיינען געווען "מושל בכיפה") האבן געהייסן מיטן נאמען פרעה,

און איצטער חזר'ט זיך איבער נאכאמאל וואס ס'איז דעמולט געווען.

ב. וואס די וואס טוען דאס זיינען אזעלכע וואס קיינן זיך אין לימוד התנ"ך, און מ'מאכט פירושים אין ספרים - שטייט דאך במפורש אין תנ"ך וועגן אזא מעמד ומצב!

וואס אויב אפילו עס וואלט ניט געשטאנען אזא זאך אין תנ"ך, איז אויב מ'וואלט געוואלט זיך צוקוקן צו וואס עס קומט פאר, וואלט מען געזען פונקט אט דעם מעמד ומצב, אז מען פארלאזט זיך אויף "משענת קנה רצוץ"!

ג. וואס דער טעם וואס דער אויבערשטער האט דעמולט געזאגט אז ער ברענגט נבוכדראצר אויף מצרים איז געווען לכבודם של ישראל,

וואס דאס איז נאר ווען אידן האלטן זיך אויף כבודם של ישראל, בשעת עס איז אבער ניטא, ער זאגט אז ער ווייס בעסער פון דעם אויבערשטן! ער ווייס בעסער פאר תורה! ער ווייס בעסער פון הלכה!

מען דארף ניט האבן קיין נייע לימודים, לימוד הירושלמי, אויף דעם - אפגעבן די שטחים איז היפך ההלכה,

ווי ס'איז אפגע'פסק'נט אין שו"ע סימן שכ"ט אז "עכו"ם שצרו על ערי ישראל" איז אפילו על עסקי קש ותבן דארף מען ארויסגיין למלחמה מיט זיי.

ד. דערצו איז דא איינער (שאינו יודע ברור את המצב) וואס נעמט שוחד, ער נעמט געלט אויף זיין מוסד און דערפאר פסק'נט ער אז ע"פ הלכה דארף מען אפגעבן די שטחים.

וואס ע"פ תורה בשעת מען קריגט שוחד ווערט מען פסול אויף פסק'נען דעם דין, און ווי ... האט געזאגט "פסילנא מדינא" דורך נעמען א מתנה, עד"ז האט ער זיך אליין פוסל געווען פון דין!

נאר וואדען, וויבאלד אז ער איז משוחד פון יענעם - וויל ער דאך זאגן ווי ער (המשחד), און ער דארף דאך אויך זאגן ווי עס איז בקשר מיט תורה - פסק'נט ער אפ היפך ההלכה!

ה. זאגט מען תירוצים מבהילים וואס וואלט קיינמאל ניט איינגעפאלן, מ'זאגט אז עס איז ניט קיין מצב פון "עכו"ם שצרין על עיירי ישראל"; די גוים וואס זיינען ארום זיינען אוהבי שלום (און אוהבי אמי ) און מ'מאכט מיט זיי אפ א חוזה.

וואס דאס איז דער גרעסטער ענין פון היפך ידיעת המציאות!

מ'דארף זאגן מיט א תוקף אז דאס איז א מצב פון "עכו"ם שצרו"!

ו. וואס דאס האט ניט צוטאן מיט גאולה, עס האט ניט צוטאן מיט קדושת הארץ, עס האט ניט צוטאן מיט "לא תחנם" - עס איז א דין אפילו אין נהרדעא אין חו"ל!

וואס עס איז שוין אפגעדרוקט אין די צייטונגען (שנתנו ויתנו עוד ), און מ'האט אפגעגעבן דעם נשק הכי עיקרי באם היינטיקן טאג - דער נפט,

און איצטער רייסט מען זיך די האר פון קאפ - ואין להחזיר!

נאר יענער האט גענומען שוחד, במילא פסק'נט ער אז ע"פ הלכה דארף מען אפגעבן די שטחים!

ז. דערנאך איז דא נאך א תירוץ: דער דין פון "עכו"ם שצרו" איז דאך בשעת זיי קומען נעמען זאכן וואס געהערן צו אידן; דא קומען זיי נעמען וואס איז געווען זייערס.

דער דין פון עכו"ם שצרו איז אז מ'טאר ניט לאזן אז "תפתח הארץ לפניהם", אפילו אויב זיי ווילן נעמען נאר "קש ותבן", אפילו אויב זיי גייען דערנאך אוועק - און דא זאגן זיי אז זיי ווילן נאך בלייבן!

און מען טענה'ט אז "ליסטים אתם", מ'האט דאס וואס עס געהערט צו די גויים.

רש"י באווארנט (אז "כח מעשיו הגיד לעמו") בכדי צו באווארענען א טענה פון גוים, עס וואלט קיינעם ניט איינגעפאלן אז אידן זאלן אזוי טענה'ן!

ח. וואס אויב מ'האלט אז מ'דארף זיי אפגעבן וואס זיי מאנען - ווייס מען דאך וואס זיי ווילן, דארף מען זיי דערפאר אפגעבן רמת הגולן, יהודה ושומרון, ובעיקר - ירושלים העתיקה, און תל אביב, און חדרה, און בני ברק, און כפחב"ד!

מען ווייס דעם עבר פון דעם מושל פון מצרים, און ער האט געשריבן זיינע דברי הימים - האט ער געהאט צו טאן מיט היטלער'ן, וחברייא דיליי,

א מענטש קען חרטה האבן - האט מען אבער צו טאן מיט סורי' און ירדן מצפון און ממזרח. און זיי ווילן אז מ'זאל זיי אפגעבן רמת הגולן, מיט ירושלים העתיקה און ירושלים החדשה חדרה און בני ברק און כחב"ד מיט יהודה ושומרון!

ט. וואס דאס איז פונקט דער היפך פון דעם ענין "ולכל בני ישראל הי' אור" אפילו אין בית המצרי,

דא איז פונקט פארקערט: בא דעם מצרי איז ליכטיק - זיי זאגן: היתכן צו אפטאן אזא נארישקייט (און דאס נאך פארבינדן מיט דעם אויבערשטן)?!

משא"כ ביי אידן איז א חושך כפול ומכופל, מ'האט אפגעגעבן אזויפיל, און מ'וויל נאך אפגעבן מער!

און מען טענה'ט נאך די אלע טענות האמורים לעיל, און אז ליסטים אתם!

י. איז דא איינער וואס זאגט אז ער פארלאזט זיך אויף איינעם וואס זאגט אז מ'דארף אפגעבן די שטחים, וואס ער איז א איד מיט א בארד.

דער איד מיט דער בארד האט אבער געגומען געלט! און תורה פסק'נט אז "שוחד יעור עיני חכמים ויסלף דברי צדיקים", ד.ה. אז ער קען טאקע זיין א חכם און א צדיק לגבי אנדערע ענינים, אבער לגבי דעם ענין איז "יעור עיני חכמים ויסלף דברי צדיקים"! און וויבאלד ער האט גענומען שוחד איז צוגענומען געווארן בחירתו ווי צו פסק'נען!

און דער וואס זאגט אז שוחד איז ניט מעורר און מסלף - איז דאס היפך תורת אמת!

יא. וואס דוד המלך האט געזאגט "שגיאות מי יבין", און אים פאסט עס ניט צו זאגן!

וואס קיינער זאגט גארניט וועגן דעם, זיינע תלמידים זאגן גארניט, און ער אליין וואלט געדארפט זאגן אז "שגיאות מי יבין", און קיינער זאגט גארניט.

אין פוצה פה ומצפצף!

ס'איז דאך תסמרנה שערות הראש!

יב. וכנ"ל, עס איז ממש דער היפך פון "ולכל בני ישראל הי' אור" אפילו בבית המצרי: דער מצרי, דער אדון הגדול פון וואשינגטאן האט געשיקט א שליח וואס האט געזאגט, אז מען האט ניט געטראכט אז מ'וועט טאן אזעלכע זאכן - פארוואס האט מען דאס געטאן!

און ווי האט מען אויסגענוצט דאס וואס ער האט געזאגט - (מען פירט זיך ווייטער פונקט ווי פריער ).

(ומזה למד אדון הגדול מצפון ).

יג. און מ'טענה'ט אז וויבאלד אז (מען היט ניט אפ תו"מ כדבעי ) דערפאר איז "נטלה ממנו ונתנה להם" (פונקט פארקערט ווי דאס וואס רש"י זאגט מיט דעם ), אויף ארץ ישראל זאגט מען אז דאס איז "ארצנו" (גלינו מארצנו) . וואס דאס איז אלעמאל ארצנו אפילו אז עס איז דער חושך כפול ומכופל פון גלות.

וואס דערפאר דארף מען היטן אלע מצות התלויות בארץ (תרומות ומעשרות.), ווי ס'איז געווען ביתר הדגשה בשנה שעברה, וואס ס'איז געווען א שנת השמיטה.

וואס מ'האט געפרעגט ביי איינעם צי האט מען אפגעהיט די מצות אין דער און דער שטאט, האט מען געענטפערט אויף יע,

דארף מען אפגעבן די שטאט - זיכער!

ס'איז דאך א סתירה מני' ובי': דער אנהויב איז ניט דער סוף!

יד. דערצו איז דא די טענה הידועה: פארוואס איז מען דאס מפרסם אויף א שפראך וואס אויך גויים פארשטייען

מען איז מפרסם אויף אזא שפראך בכל מקום, אז ע"פ הלכה דארף מען אפגעבן די שטחים!

און עס שטייט ניט אין א סתם צייטונג, נאר עס שטייט נאך אין אן "עדיטאריאל", דער מאמר פון דעם עורך ראשי, וואס יעדערער וואס נעמט די צייטונג אויף ליינען, איז דאס די ערשטע זאך וואס ער ליינט.

מען האט עס אנגעשריבן אין ארץ ישראל, און פון דארטן האט מען עס איבערגעגעבן אין ניו-יארק, און דערנאך בכל מקום.

וואס מ'שרייבט דארטן אז אן אטאריטעט זאגט אז ע"פ הלכה דארף מען אפגעבן די שטחים!

וואס מישט מען דעם אויבערשטן?! וואס מישט מען תורה?!

ואין פוצה פה ומצפצף!

ס'איז אדורך א טאג, א וואך, א חודש, עטלעכע חדשים, און אזוי גייט עס ווייטער!

טו. עס איז ניט מיין ענין צו מלחמה האבן מיט אים, אבער וויבאלד אז עס איז א געדרוקטע זאך וואס יעדערער קען זען - מוז ער מאכן א הכחשה!

מ'קען ניט זאגן אז מ'האט אנדערע מחשבות, ווארום וויבאלד אז עס איז אפגעדרוקט איז ניט נוגע קיין מחשבות, ווארום דאס איז געדרוקט ווייזט אן וואס מ'מיינט.

וואס ביי א ינוקא, נאך זיינע מעשים זעט מען ווער איז אביו ואמו (מחז"ל - "שותא דינוקא בשוקא או דאבוה או דאימי'" (סוכה בסופה) (מה שהתינוק מדבר בשוק מאביו או מאמו שמע - פרש"י)), איז עד"ז דא, די וואס טוען דאס (וואס זיי טענה'ן אז זיי זיינען מעמיד הדת על תילה כו') זעט מען בא וועמען זיי זיינען נתגדל געווארן.

טז. וואס "דבר אלקנו יקום לעד", און מ'וועט ניט נתפעל ווערן פון די זידלערייי, און נאך ערגער,

מען האט געזען די אלע ענינים ע"ד ווי ס'איז געווען בי"ט כסלו; האב איך געטראכט וואו איז דא דער ענין פון מסירה - איז איצטער שוין דא מסירה אויך!

מ'האט גע'מסר'ט צו די פון וועמען מ'האלט אז זיי טוען אלץ נאר פאר זיך וכו'! ( - אמר כאן: עס זאל בטל ווערן די מחלוקת'ן וכו').

יז. ויהי"ר אז בשעתא חדא וברגעא חדא זאלן מיר אלע זיך כאפן אויף די אלע ענינים (און מ'זאל זיי פאררי‌כטן).

און ניט אזוי ווי די וואס ווילן אז עס זאל שטיין גיור אן הלכה,

און מ'טענה'ט נאך, אז דאס וואס עס שטייט ניט "כהלכה" איז דאס בעסער פאר תורה, ווארום טאמער וועט מען צושרייבן "כהלכה" און מ'וועט דעמולט מגייר זיין שלא כהלכה - וועט מען דאס טאן טראץ דעם וואס עס שטייט "כהלכה", משא"כ איצטער אז עס שטייט ניט גיור כהלכה!

ואין פוצה פה ומצפצף!

וואס "מדשתקו רבנן שמע מינה כו'", וואס דאס איז ניט נאר אן ענין פון אגדתא פון תורה,

ס'איז געווען אן אסיפה, האט מען געזאגט די אויבנדערמאנטע סברא און קיינער האט גארניט געזאגט,

און מ'פארענטפערט זיך, אז עס האט זיך געענדיקט זיין צייט אויף רעדן; האט

ער אפגערעדט וועגן ... אבער דערנאך דארף רעדן א צווייטער, ווארום ס'איז ניט געבליבן קיין צייט (דער זייגער לאזט ניט).

און דערנאך בשעת דער "סעקרעטאר" וועט שרייבן דעם "פראטאקאל" פון וואס ס'איז פארגעקומען בא דער אסיפה, דארף ער דאך שרייבן פאר יעדער איינעם זיין צייט.

יח. ועכ"פ קיינער רעדט ניט וועגן דעם, און מ'טענה'ט אז דאס איז ניט די איינציקע זאך, עס זיינען דא אויך נאך זאכן -

איז צי-דען וויבאלד אז "אכל שום וריחו נודף - יאכל שום וריחו נודף"?!

און דאס וואס מ'טענה'ט אז אזוי איז בעסער פאר תורה - האט מען געזען וואס איז ארויסגעקומען פון דעם, און מ'זעט עס שוין במשך פון מער ווי שלשה שני חזקה!

יט. וואס ביז איצט האב איך געשוויגן, און דער אויבערשטער האט געשוויגן

און מ'טענה'ט אז מ'דארף אפגעבן די שטחים, און אז עס דארף ניט שטיין גיור כהלכה און ...

כ. ויה"ר אז דאס וואס עס שטייט אין דער הפטרה זאל זיין נאר בעבר דעמולט, און איצט זאל זיין נאר דער לימוד פון די נבואה פון ירמי',

און מ'זאל ניט נתפעל ווערן פון דעם וואס החושך יכסה ארץ וערפל לאומים,

און ס'זאל זיין "והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם", וואס דאס וועט זיין בשעת אליהו הנביא וועט קומען, וואס ער וועט ענטפערן אלע שאלות,

און דער אויבערשטער וואס ער איז עצם הטוב (טבע הטוב) זאל נאכגעבן זיין טבע, ובפרט אז ער איז עצם הטוב,

און עס זאל זיין "יקום איש מבית דוד ... וילחם מלחמת ה' וינצח", ניט ווי די וואס זאגן אז מ'דארף אפגעבן שטחים, און אז עס דארף ניט שטיין "כהלכה", און ... (חסר

הנחה פרטית בלתי מוגה

ב"ה. י' שבט ה'תשמ"א. סיום שנת השלושים.

הנחה פרטית בלתי מוגה

א. ס'איז דאך א התוועדות - א פארברייננגען וואס מ'קומט זיך צוזאמען אין צוזאמענהאנג מיט א יארצייט.

וואס ווען ס'קומט דער יום בשנה וואס מיט אזוי פיל יאר צוריק (מיט איין און דרייסיק יאר צוריק) איז געווען א באשטימטע מאורע, און מידי שנה בשנה אז ס'קומט דער זעלבער טאג - "העשירי יהי' קודש" דער צענטער טאג אין שבט, קומט מען זיך צוזאמען, און בל' העולם אנגערופן (צוליב א) יארצייט,

ובל' הפוסקים און חסידות און קבלה - פון פטירה און הסתלקות.

וכמדובר - ווי דער בעל ההילולא אליין זאגט אין די מאמרים וואס ער האט ארויסגעגעבן אפאר טעג פאר זיין הסתלקות אז מ'זאל לערנען בי' שבט (אין דעם טאג פון הסתלקות) גלייך אין אנהויב, אז דער לשון פון "הסתלקות" - "אסתלק יקרא דקוב"ה" איז ניט דער פירוש אז ס'גייט אוועק, נאר ס'איז אין אזא מין אופן אז ניט אז דער שכל והבנת האדם נעמט דאס ארום, נאר דאס שטייט העכער פון עס, דערפאר וואס דאס וואס פריער האט ער פארשטאנען ניט קוקנדיק אויף זיין גאר גרויסן פארשטאנד, איז דאס נאכמערער ווי דער גרעסטער פארשטאנד קען נעמען.

און דערפאר ווערט דאס אנגערופן (דער גילוי) אין א לשון (אויסדרוק) פון "הסתלקות".

ס'איז דאך ידוע אויכעט אז ס'איז דא מנהגים (ביז דינים) וואס זיינען פארבונדן מיט א יארצייט, [אפילו ביי די וואס ביי זיי איז דער יארצייט (ווי געזאגט פריער) אנגערופן בשם הסתלקות, ובשם הילולא [וואס דאס איז דאך אויך דער אפטייטש פון חתונה]].

אעפ"כ איז די מנהגים און די דינים זיינען פארבונדן מיט א ענין פון מוסיף זיין נאכמערער אין לימוד התורה, אע"פ וואס יעדער טאג איז דא דער חיוב פון לימוד התורה, און נאכמערער "יומם ולילה" און אין א אופן פון "לא ימיש",

איז אין דעם טאג איז מען מוסיף נאכמערער אויף די שיעורים הרגילים מידי יום ביומו,

עד"ז אויכעט בנוגע צו צדקה; וואס צדקה איז דאך א מצוה תדירית, ניט פארבונדן מיט א זמן מיוחד, ביז אפילו ווי מ'זעט דאך מנהג ישראל בכלל און אין דער מדריגה במיוחד, אז מ'צייכנט זיך אויס אין צדקה:

אז ניט מ'ווארט ביז וואנענט ס'קומט צוגיין אן עני - אט דער וואס איז זקוק אין דער נתינה און מאנט דאס ביי עם, אדער עכ"פ ער בעט ביי עם, אדער עכ"פ ער דערמאנט עם אז ס'איז דא א ענין פון צדקה,

נאר מצד טבע וואס ס'איז איינגעשטעלט געווארן ביי אידן וואס זיינען דאך מלידה די ג' סימנים, איז דאך איינע פון זיי "גומלי חסדים" דער ענין פון צדקה.

ביז אין דעם העכסטן אופן פון צדקה וואס דאס איז דאך גמ"ח, כמבואר אין פוסקים, און מ'פארשטייט דאס אויכעט בפשטות.

איז אין דעם טאג איז מען מוסיף נאכמערער אין נתינת צדקה.

און מ'זאגט אז דאס איז א עילוי און א תועלת פאר די נשמה באך ווועלכער מ'פראוועט דעם ענין און דער יארצייט אדער די הסתלקות אדער די הילולא.

איז דאך ידוע אין דערויף די תמי' און די שאלה (וואס ווערט שוין געבראכט בכמה מקומות):

אז ס'איז דאך דא די משנה מפורשת אין עדיות, ביז וואנענט אז ס'איז אויכעט אראפגעקומען אין א דין בפשטות, אז אפילו א פשוט בישראל נאך די ערשטע עלף חדשים - נאך דערויף וואס די נשמה איז עלתה לעולם האמת, הערט מען אויף זאגן קדיש; און אז מ'פרעגט מאי טעמא - פריער יא און דערנאך איז מען מפסיק, -

- זאגט מען אז ס'איז א זיכערע זאך אז נאך די עלף חדשים געפינט זיך שוין די נשמה אין ג"ע, עאכו"כ ווען ס'גייט אדורך צוועלף חדשים וואס דעמולט איז לויט אלע מנהגים הערט מען אויף זאגן קדיש.

וואס דאס איז געזאגט געווארן ביי יעדער אידן, ביז אפילו צו די וואס מ'זאגט אז זיי זיינען מלאים מצוות כרימון, אבער אזוי בתואר איז מערניט ווי "שם ישראל יכונה",

איז אז ס'גייט דורך די עלף - צוועלף ערשטע חדשים געפינט ער זיך שוין אין ג"ע.

ווערט זיך דעמולט די שאלה: וואס דארף מען דעמולט אנקומען צו א פעולה מיוחדת, לערנען תורה במיוחד, אדער געבן צדקה שלא לפי הרגיל כדי די נשמה זאל האבן א תועלת,

בשלמא די ערשטע עלף - צוועלף חדשים איז ביי די וואס זיי זיינען בגדר ספק דארף מען האבן די הנהגות מיוחדות אויף דעם זמן, כדי ארויסהעלפן די נשמה, משא"כ לאחרי זמן זה; און משא"כ צו די וואס לכתחילה האבן זיי גאר קיין שייכות ניט צו דעם ענין ההפכי פון ג"ע, און גלייך בשעת ההסתלקות בדוגמא ווי מ'זאגט בנוגע נשיאי הדור אין זמנו פון רבינו הקדוש, איז גלייך איז רבינו הקדוש אריבערגעגאנגען פון דעם עולם אין דעם עולם שכולו טוב, וואס עד"ז איז דאס ביי כל נשיא שבכל דור ודור און ביי גדולי ישראל שבכל דור ודור.

אעפ"כ כאמור - איז בנוגע צו יעדערער פון זיי איז דא דער מנהג, ביז וואנענט אז ס'ווערט א דין אין שו"ע, און נתפשט בכל תפוצות ישראל, וואס דעמולט [ווי דער רמב"ם פסק'נט אפ] האט דאס א תוקף פון א מ"ע מה"ת און א מל"ת מה"ת.

איז דאך טעמא בעי, וואס דארף מען דערצו אנקומען, און וואס טוט מען דערמיט אויף?

שטייט אויף דערויף אויך דער ביאור:

אז שלא כדעת התועים - אט די וואס בלאנדזשען און מיינען אז א נשמה לאחר וואס זי קומט אין עולם האמת, איז אט דעמולט ווי זי קומט אהינצו אן, בלייבט זי אין דער דרגא, נאר ווי די גמ' זאגט [און דאס איז אויכעט דער סיום פון כמה מסכתות, אנהויבנדיק פון מס' ברכות וואס דאס איז תחלת הש"ס] אז "ת"ח אין להם מנוחה לא בעוה"ז ולא בעוה"ב".

אע"פ וואס כאמור זיי האבן דאך קיין שייכות ניט צו ענינים שלילים? זאגט די גמרא די ראי' אויף דערויף: וויבאלד אז ס'שטייט "ילכו מחיל אל חיל" - גלייך אנקומענדיק פון עוה"ז, גייען זיי אריין אין א מצב וואס ווערט אנגערופן "חיל", מיט די אלע מעלות שבזה, און אעפ"כ "אין להם מנוחה" - זיי באגנוגענען זיך ניט דערמיט, און "ילכו מחיל אל חיל".

דערפון וואס מ'זאגט אז "אין להם מנוחה" איז דאך פארשטאנדיק אז די הליכה איז מידי יום ביומו, ס'איז אבער איננו דומה, בדוגמא ווי מ'זעט ביי א מענטשן

אז ס'ענדיקט זיך א תקופה מסוימה - אז ס'ענדיקט זיך א יאר, הויבט זיך ביי אים דעמולט אן א רצון און א חשק אז דעמולט זאל ער ווערן שטארקער אדער גרעסער אדער קליגער אדער פרימער וכיו"ב, וויבאלד אז ס'האט זיך געענדיקט א תקופה מסוימה

ביז וואנענט אז ס'איז געווארן דערפון אן אור בכל העולם כולו, וואס סוכ"ס איז "יצב גבולות עמים למספר בנ"י", אז ס'איז א ענין וואס שטייט אין תורה, איז די תורה א הוראה, און תורה אור באלייכט די וועג פאר אידן צו וועלכן די תורה איז געגעבן געווארן בהר סיני, און דורך דעם מ"ת ווערט אויך ליכטיקער די גאנצע וועלט, אויכעט כל עמי הארץ.

וואס דאס איז דאך די הוראות וואס ס'איז אין תורה גופא בנוגע צו ישוב העולם, ווי אזוי מ'דארף זיך משתדל זיין אז די גאנצע וועלט מיט אלע פעלקער זאלן זיך פירן לויט דעם רצון ה', כדי ס'זאל זיין אן עולם (א וועלט) וואס איז ראוי אז דער אויבערשטער זאל זאגן אויף איר "באתי לגני - לגנוני, מקום שהיתה שכינה בתחילה" אז אין עוה"ז ווערט א שפאציר ארט, א פארגעניגן אַפט פאר דעם אויבערשטן, ווי דער בעל ההילולא איז מאריך אין די מאמרים פון י' שבט כמוזכר לעיל.

וואס דאס ווערט דורך דערויף וואס כל עמי הארץ פילן זיך אין א וועלט פון צדק ויושר, וואס דאס איז מיוסד (באגרינדעט) ניט דערפאר וואס דאס איז מעשה בנ"א - אז מ'רעדט זיך איין צווישן זיך איינפירן אזא מין סדר, וואס דעמולט האט דאס א קיום כל זמן דאס רירט ניט אן די פערזענליכע רווחים און תשוקות און רצונות פון די באטייליקטע, בשעת דאס שאט עס, אדער ס'ווייזט זיך אים אויס אז דאס וועט שאטן זיין מציאות, הויבט ער אן זוכן וועגן ווי אזוי צו ארומגיין די אפגערעדטע דרכים ואופנים און משנה זיין זיי אין אזא מין וועג אז ער זאל מרוויח זיין (ער זאל פארדינען) אויף דעם חשבון און דורך דערויף, אע"פ וואס דאס וועט צוגענומען ווערן ביי אנדערע וואס זיי זיינען אויכעט בנ"א דוגמתו.

וואס דערפאר איז דאך שבע מצוות ב"נ, וואס ענינם איז דאך (ווי מ'זעט בפשטות) דער ענין פון ישוב העולם, איז דאך דער תנאי בזה, ווי דער רמב"ם [וואס ער איז געווען דער מורה נבוכים (דער וואס האט געוויזן די וועג פאר די פארבלאנדזשעטע בדורו, און אויכעט בדורות שלאח"ז) ובפרט אין זיין ספר יד החזקה] האט ער דארטן ארויסגעגעבן אלס א הלכה, אז די שבע מצוות ב"נ דארפן ארויסגעגעבן ווערן און געלערנט ווערן, און ערפילט ווערן דערפאר וואס דאס איז רצון הבורא, וואס ער איז העכער פון אלע רצונות און פון אלע ברואים במילא איז פארשטאנדיק אז זיין רצון מוז ערפילט ווערן אפילו ווען ס'ווייזט זיך אויס (אדער ס'איז באמת אזוי) מ'דארף צוליב דערויף אויפגעבן פערזענליכע אינטערעסן.

און וואס נאכמערער:

וויבאלד אז ער איז דער עצם הטוב וטבע הטוב להיטיב, איז זיכער אז סוכ"ס וועט זען אויכעט אט דער וואס גיט אויף זיינע פערזענליכע זאכן, כדי צו פאלגן און אויפפירן זיך ווי די ז' מצוות ב"נ, וועט ער זען אז סו"ס איז דאס אויכעט זיין אמת'ע טובה, אע"פ וואס לפי שעה (צייטווייליק) האט ער זיך געדארפט אפזאגן פון באשטימטע וועגן.

וואס דאס איז אויכעט כאמור, אז פון תורה איז דאס נמשך געווארן (ווי כמה ענינים פון תורה) ביז אפילו אין וועלטליכע ענינים, אין "בכל מעשיך"; און ניט נאר אין "בכל מעשיך" פון אידן, נאר אויך פון ניט אידן,

איז דאך דער מנהג כל העולם כולו אז אחת בשנה (איין מאל א יאר) איז מען קובע א טאג אז מ'זאל דעמולט מאכן דעם חשבון פאר כל השנה כולה, כדי און על מנת אויף דערפון אפלערנען וואס מ'דארף משנה זיין, אדער וואס מ'דארף משלים זיין, און וואס מ'דארף טאן נאך בעסער כדי צו דערגרייכן נאך א גרעסערן הישג פון דעם וואס מ'האט געהאט אין שנה שעברה.

וכמדובר - אע"פ וואס יעדער טאג איז יעדער זיך משתדל עפעס וואס צו אויפטאן, ניט ווען ס'ענדיקט זיך עפעס א תקופה - אבער דעם גרויסן חשבון, און דער חשבון כללי, [און דערפאר ווערט אויכעט געמאכט מיט שימת לב און מיט איבערגעגעבנקייט, מ'זאל אין דערויף קיין טעות ניט האבן] פירט זיך דאס אחת בשנה.

וואס אזוי אויכעט ביי די נשמה, בשעת זי געפינט זיך שוין אין עולם האמת, און וואס זי איז גאר מלכתחילה קיינמאל ניט געווען אין א אנדער עולם, אפי' לעבנדיק דא אין עוה"ז התחתון, האט זי אויכעט געלעבט מיט חיי הצדיק [ווי דער אלטער רבי שרייבט אין אגה"ק שלו, אז די חיים פון א צדיק איז דאס חיים רוחניים: אהבה ויראה ואמת ואמונה (ווי ער איז דארט מאריך די פרטי הדברים],

איז דארטן אויכעט גייט זי מחיל אל חיל, וואס דאס איז "אין להם מנוחה" יעדער טאג.

בשעת ס'קומט אבער א שנה חדשה, אז ס'קומט דער טאג אין יאר ווען ס'איז געווען די ערשטע מאל די עלי' צום עולם האמת, איז אט דעמולט ווערט לתקופת השנה אן עלי' שלא בערך לגבי די הליכה מחיל אל חיל מידי יום ביומו.

וואס בפשטות איז דאס, אז דאס וואס מ'איז מוסיף אין לימוד התורה און נתינת הצדקה לזכות ועליית הנשמה איז דאס דער ענין וואס די נשמה איז דעמולט עולה מחיל אל חיל אין א אופן פון באי"ע.

און וויבאלד אז די נשמה וויל אז ס'זאל זיין אויסגעהאלטן, ניט א ענין פון נהמא דכסופא נאר א פארדינטע זאך, - איז דערפאר העלפן ארויס אט די וואס זיינען שייכות צו דער נשמה, און וואס די נשמה בהיותה בחיים חיותה בעלמא דין האט געהאט א חלק און גאר א גרויסן חלק, אט דאס וואס זיי לערנען תורה און זיי גיבן צדקה און טוען גוטע זאכן לאחרי כו"כ שנים, איז דאס צוליב דער ווירקונג און צוליב דער חינוך און צוליב (וע"י) הברכות פון דער נשמה.

זיינען זיי מסייע - און דאס איז ניט א סיוע פון געשיינקטע זאך, נאר דאס וואס זיי זיינען מסייע איז דאס דערפאר וואס דער בעל ההילולא האט אויף זיי געהאט א השפעה, אדער פנים אל פנים, ופה אל פה, אדער ע"י תורתו אדער ע"י שלוחו [וואס שלוחו של אדם כמותו].

און בשעת מ'גייט אריבער ובפרט אן עלי' שלא בערך, און די נשמה וויל אז ס'זאל זיין ניט נהמא דכסופא, אט דעמולט ווערט דער "זרעו בחיים" - אט די וואס זיינען זרעו - תלמידיו, אדער זרעו בפשטות, ובנוגע צו א חכם ונשיא איז דאך ווי ער זאגט אין שו"ע אז ביי א חכם איז אלע תלמידיו זיינען שייכות צו עם און ביי א נשיא איז כל הדור כולו שייך צו עם.

איז דורך דער הוספה אין צדקה און אין מצוות בכללותם, העלפט מען נאכמערער באווייזנדיק למטה ולמעלה די פעולות, אז דאס וואס "בחיים" איז דאס דערפאר וואס דאס איז "זרעו" - דורך זיין השפעה -

במילא איז פארשטאנדיק אז ס'איז א פארדינטע זאך אז די עלי' זאל זיין שלא בערך ווען ס'קומט א טאג מיוחד וואס דעמולט הויבט זיך אן א נייע תקופה.

און ווי גערעדט כמ"פ, אט דאס וואס די גמ' טראכט דעם ענין אין נגלה: צי יש בגר בקבר - צי ס'איז דא דער שינוי פון קטנות ובגרות אע"פ וואס די נשמה איז אוועק פון דעם גוף אידער ס'איז געווען דער ענין הבגרות, וואס דערפון איז אויכעט פארשטאנדיק לאחרי זה.

בנוגע אבער צו א נשמה - נשמת ישראל, איז [כאמור לעיל] האט מען דעם פס"ד

ברור פון די הלכות וואס זיי זיינען פארבונדן מיטן יום ההילולא, אדער יום ההסתלקות אדער אפי' מיט יום היארצייט בפ"ע, אז זי' נשמה איז הולכת מחיל אל חיל, ווי דער מאמר רז"ל המפורש בכ"מ אין ש"ס, און ווי אראפגעבראכט דער מאמר אויכעט אין שו"ע פון דעם אלטן רבי'ן אין חלק או"ח, וואס דאס איז די הוראה אז דאס איז א פס"ד ברור שוה לכל נפש, און אז אין דערויף באשטייט דער אורח חיים פון א אידן.

יעדער איד בענטשט דאך עס דער אויבערשטער מיט אורך ימים ושנים טובות ביז וואנענט "והיו ימיו" בגבורות שמונים שנה, און נאכמערער: והיו ימיו מאה ועשרים שנה, אז מ'קומט דערנאך אין עלמא דקושטא אין עולם האמת, איז אט דארטן ווערט ער געבענטשט אין "ילכו מחיל אל חיל", און וויבאלד אז ער האט געטאן אויף אויפשטעלן זרעו וואס זיי וועלן גיין בחיים, איז דאס נאכמער מוסיף אין זיין הליכה מחיל אל חיל בכלל, ווארום דורך זרעו בחיים אף הוא בחיים.

ובפרט אז ס'קומט א יום פון דעם יארצייט, און נאכמער: יום הילולא און יום הסתלקות איז דעמולט איז דאס א עלי' שלא בערך, און ווי די גמ' זאגט אז בתר רישא גופא אזיל, אז בשעת די קאפ הויבט זיך אין העכערע מעמד ומצב איז בדרך ממילא הויבט זי אויף די אלע טיילן פון דעם גוף, ווי מ'זעט דאס אויכעט בפשטות;

עד"ז אויכעט ברוחניות הענינים, ווען מ'גייט ארויס פון מדידות והגבלות פון מקום, און מ'שטייט אין אן עולם שכולו אמת וחיים, און אזוי איז מען משפיע בעוה"ז, איז דאך פארשטאנדיק אז בתר רישא גופא אזיל, אז "זרעו" סיי תלמידיו [און ווען ס'רעדט זיך וועגן נשיא הדור] כל הדור כולו, ובפרט נאך וואס "ועמך כולם צדיקים", איז דאס א טאג וואס ס'ווערט אן עלי' שלא בערך לגבי דער חיוב און זכות וואס יעדער איד האט יעדן טאג פון דעם גאנצן יאר, אויף זיין א מהלך, ניט קיין עומד במקומו [וואס דאס איז די נשמה קודם שירדה לגוף, משא"כ לאחרי שירדה לגוף איז דעמולט "ונתתי לך מהלכים בין העומדים האלה" אז העומדים האלה, ווי די גמרא טייטשט גייט דאס אויף מלאכים, און "ונתתי לך מהלכים" א נשמה ווי זי געפינט זיך אין גוף].

אז דאס איז דער יום המסוגל אויסצונוצן די ברכה והצלחה מיוחדת, וואס ווערט געגעבן אין דעם טאג לכל בני ישראל שבדור אז זיי זאלן האבן אן עלי' שלא בערך, מ'דארף נאר האבן זייער רצון הטוב, ווארום ס'איז דאך געגעבן געווארן א בחירה לכל אחד ואחת מישראל.

בשעת ער איז מקיים דעם אויבערשטן'ס בקשה און ציווי "ובחרת בחיים", אין תורה וואס "היא חיינו ואורך ימינו" און אירע מצוות אויף וועלכע מ'זאגט "וחי בהם",

וואס דאס איז אויכעט כולל אז מ'איז משפיע אויף די אלע וואס געפינען זיך ארום עם, אפי' ניט אידן בנוגע צו שבע מצוות ב"נ, און אויף חלקו בעולם און אויף כל העולם כולו וואו ער קען דערגרייכן, אויך דארטן ממשיך זיין אור ושפע פון תורה ומצוותי'.

איז אט דעמולט ווי די החלטות טובות וואס מ'נעמט אן אין דעם טאג, און אין דעם מוצאי פון דעם טאג, ובפרט אז דאס ווערט געטאן במעמד פון כמה עשיריות מישראל, וואס ס'איז דאך "איש את אחיו יעזורו" - יעדערער ווינטשט אט די אלע וועלכע ער זעט און מיט וועמען ער געפינט זיך, אז זיי זאלן גיין מחיל אל חיל נאך בעוה"ז, ומתוך שמחה וטוב לבב.

אויף אננעמען די החלטות טובות בתוקף המתאים ובבחירתו,

און אט דעמולט האט מען די הבטחה אז הקב"ה עוזרו, ביז וואנענט אז "יגעת ומצאת" - ער געפינט אין א אופן פון מציאה, נאכמערער וויפל ער איז זיך אליין מתייגע, אעפ"כ איז דאס ניט נהמא דכסופא, ווארום עפעס וואס א יגיעה דארף מען



הנחה פרטית בלתי מוגה

דאך האבן ביי א מציאה צו קונה זיין, צי ער איז מגבי' את המציאה אדער נפל עלי' וכיו"ב,

איז אט דעמולט ווערן די החלטות נתקיים, און נתקיים בשלימותם און נאכמערער וויפל ער האט מחליט געווען, בנוגע צו לערנען תורה און געבן צדקה און טאן מעי"ט כל השנה כולה, ווערט דערנאך ביי עם דעם "מי שיש לו מנה רוצה מאתיים", אז נאך דערויף וואס ער איז מקיים די החלטות טובות, וויל ער נאכמערער, און טוט און איז מחליט אויף נאכמערער און טוט אזוי אויף נאכמערער.

און טוט אין די אלע ענינים בשמחה ובטוב לבב, וואס שמחה איז דאס פורץ גדר איז דאס פורץ די אלע גדרים ביי עם אין זיין הנהגה א פריצה לטובה, און דאס אויכעט ווירקט אין דער גאנצער וועלט, אז ניט קוקנדיק וואס "החושך יכסה ארץ" - אז ס'איז דא פינצטערניש היפך התורה ומצוותי' הצדק והיושר,

זאל זיין דער "יעלה הפורץ לפנינו", אז ס'קומט צוגיין אט גלייך משיח צדקנו, וואס ער איז מתקן די גאנצע וועלט במלכות ש-ד-י, ביז וואנענט אז אהפוך אל כל העמים כולם שכם אחד, לעבדו כולם שכם אחד,

ובקרוב ממש, ובמהרה בימינו ממש.

* * *

ב. וואס די אויבנגעזאגטע איז דאך שייכות און האט א שייכות בפועל צו יעדערן לאחרי מאה ועשרים שנה.

עאכו"כ צו יעדער ת"ח, צו יעדער חכם און יעדער גדול בישראל, איז אעפ"כ זעט מען דאך בדוגמא ווי ער זאגט אין ת"ז אז אידן ווערן געטיילט אויף צען סוגים, וואס דאס איז דאך אויכעט נרמז אין אתם נצבים, וואו ער רעכנט אויס פון ראשיכם ביז שואב מימיך,

וואס יעדערער פון די סוגים האט זיך דאך זיין תפקיד עיקרי, און דערנאך איז ער אויך מחוייב אין כל תרי"ג מצוות, אויך כולל פרטים ופרטי פרטים שבהם; איז די נפק"מ וואס איז ביי אים דער תפקיד עיקרי, און במילא גיט ער אוועק אויף דערויף (אפגעגעבן) עיקר זמנו, און דער עיקר פון זיין השתדלות, און בעיקר פון זיין פעולתו בחיים חיותו עלי אדמות - משא"כ ביי א צווייטן סוג איז דאך אין א צווייטן ענין;

ס'איז דאך אבער דא אזוינע וואס ביי זיי זיינען ביידע זאכן - אי יששכר, אי זבולון, ביז אז זיי טוען ענינים וואס דערפאר ווערן זיי אנגערופן איש האשכולות שהכל בו - אז ער איז געגעבן געווארן כחות, און ער האט אויסגענוצט די כחות אין הכל, צו טאן סיי אין אן אופן פון יששכר, און סיי אין אן אופן פון זבולון, סיי אין אן אופן ווען מ'דארף ראשיכם, סיי אין אן אופן ווען מ'דארף האבן שואב מימיך.

ובכללות איז דאך דאס דער ענין וואס לכאורה איז דאך ניטא קיין גרעסערע זאך פון דעם ענין פון ראשיכם - לימוד התורה,

איז דאך אויך דא דערביי דער דין פון א מצוה עוברת, און אויך דער דין פון עוסק בצ"צ באמונה, וואס דעמולט (ווי ער זאגט אין ירושלמי) זיינען זיי "כה דברי תורה" (?) (דער עסק בצ"צ), און ווי מ'פרעגט אויף דערויף די הערה (כמדובר כמ"פ) אז ע"פ דין איז דער עסק בצ"צ באמונה נאך מערער ווי דער לימוד התורה,

און דערביי איז דא דער משה דער רעיא מהימנא, דער נשיא הדור, וואס בדוגמא ווי דער ערשטער נשיא הדור וואס דאס איז געווען משה רבינו, איז דאך געווען ענינו זכרו תורת משה עבדי - דער ענין פון תורה,

און ביחד עם זה איז דאך מקרא מפורש דיבר הכתוב אז כל צרכי העם איז אלץ געטאן געווארן על ידו צי דאס איז געווען אן ענין פון מים צי פון מזון, ווי דערציילט אין היינטיקע סדרה אין דעם שיעור פון היינטיקן טאג בענין המן, צי דאס איז געווען ענני הכבוד - אז אע"פ וואס מלכתחילה איז דאס געווען ע"י מרים, די מים, און ענני הכבוד בזכותו של אהרן, און מן ע"י משה - האט זיך דערנאך ארויסגעוויזן ווי די גמרא זאגט אין תענית ווען שלשת הרועים ביום אחד, אז כולם חזרו בזכות משה, פארשטייט מען דאך דערפון, וויבאלד אז חזרו בזכות משה - אז דאס האט א שייכות צו משה,

ובפרט נאך ווי דער פס"ד ברור אין רמב"ם, וואס ער זאגט אז מלך (וואס נשיא איז דאך ענינו מלך) איז לבו איז לב כל ישראל (וראה לקו"ש שופטים תש"מ בארוכה), [וואס די זאך פון א הארץ איז דאך, אז ליבא פליג לכולא שייפין, אז אע"פ אז עס איז דא דער אבר וואס ענינו איז לימוד התורה, ביז צו דעם נידעריקסטן אבר אין דעם מצב הגוף - רגליים, וואס ער איז א רץ לדבר מצוה קלה כבחמורה - איז לבא פליג לכולא שייפין, און ניט נאר דורך דערויף וואס זי גיט הוראות און אליין בלייבט זי במקומה, נאר ווי דער ענין איז בפשטות בגשמיות (דערפון איז פארשטאנדיק ברוחניות העניינים) אז די בלוט (וואס הדם הוא הנפש, און איז מחי' סיי דעם מוח שבראש, סיי דעם עקב שברגל, סיי די כל האברים שבנתיים), איז כדי די בלוט זאל זיין ריין און זאל קענען מחי' זיין כדרוש, דארף זי געשיקט ווערן פון דעם לב, און בשעת ליבא לכל שייפין, דעמולט ווערט הדם הוא הנפש.

וואס דאס איז כאמור, ניט יעדערן האט מען געגעבן אט די כחות, און ס'ווייזט זיך ארויס ע"י השגחה פרטית וואס איז זיין עיקר תפקיד, און וועלכע תפקידים ער טוט כדי צו משלים זיין דעם ענין פון תורה ומצוותי' - במילא איז דאס ניט אין עיקר זמנו און ניט אין עיקר השתדלותו אבער זיי אלע זיינען מיוסד אויף דעם שליחות וואס איז דא ביי יעדער אידן וואס אני נבראתי לשמש את קוני - דורך מפיץ זיין (פארשפרייטן) תורה ומצוותי'.

אעפ"כ זעט מען דאך, אז בשעת מ'דארף טאן א תפקיד עיקרי, וואס ווערט געטאן דורך אן אבר מיוחד שבגוף [אי דאס אן ענין שבשכל - ווערט דאס געטאן פארבונדן מיטן חב"ד שבנפש מיטן שכל שבראש; אי דאס אן ענין של הליכה - איז דאס פארבונדן מיט רגליים, איז דאס הליכה מחיל אל חיל; איז דאס אן ענין של עשי' כתיבה ואמירה - איז דאס פארבונדן מיט יד ופה];

אעפ"כ זעט מען אז כדי דער מוח זאל דורכפירן זיין שליחות בשלימות, אדער כדי דער פה און דער יד און רגל זאלן דורכפירן זייער שליחות בשלימות - דארפן זיי זיין פארבונדן מיט א קומה שלימה, פארבונדן אויך מיט דעם מוח מיטן הארץ, און מיטן יד ורגל ופה, און דער יד ורגל דארפן זיין פארבונדן מיטן מוח ולב,

אט דאס איז דאך אויך א ביאור (כמרומז אין תורת הבעש"ט הידועה, איבערגעגעבן ע"י בעל ההילולא בכמה משיחות שלו) אז א נשמה קומט אראפ למטה זיבעציק אכציק יאר כדי צו טאן איין מאל א פעולה טובה פאר א אידן,

איז דאך ניט ח"ו דער פירוש אז די אלע איבעריקע יארן האט ער גארניט געטאן, אדער געטאן ענינים של מה בכך, אדער געטאן ענינים של רשות אדער אפי' ענינים של מצוות, אבער בדרך ניט אלץ א דבר בכל לבבך בכל נפשך ובכל מאודך - ווי א מצוה דארף געטאן ווערן,

- נאר דאס איז אן ענין אז זיכער איז דאס געווען (די אלע זיבעציק אכציק יאר) אין אן אופן פון בא בימים, אז ער ברייגנגט מיט זיך אלע טעג,

אבער אין די טעג איז דא די מצוה דהוה זהיר בה טפי, וואס דאס איז זיין עיקר שליחות, און די אלע איבעריקע מצוות וואס זיינען מצוות בפני עצמם,

אבער ביחד עם זה העלפן זיי ארויס אין דער שלימות פון דערפירן זיין עיקר מצוותו ושליחותו [צי דאס איז פארבונדן מיט שכל שבמוח, מיט רגש שבלב, מיט אמירה שבפה, אדער ביז הליכה שברגלים.

ביז וואנענט אז מ'מאכט דעם סך הכל פון זיבעציק אכציק יאר, קען זיך ארויסווייזן אז די פעולה וואס ער האט געטאן דעם איין-און-איינציקן מאל - צוליב דערויף איז געווען די שליחות נשמתו בעלמא דין (ווי די תורת הבעש"ט),

און די אלע ענינים טובים איז זיכער אז יבא על שכרו, ביז שכר בשלימותו מיט אלע פרטים שבדבר,

- אבער באמת לאמיתתו זיינען זיי געקומען דורך די שליחות העיקרית, וואס זי איז געווען די איינציקע פעולה טובה.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק אן ענין וואס איז שייכות אויך צו דער התוועדות:

וואס ס'קומט-צו-גיין (קען זיין, אדער מ'זעט אויפן פנים) א מענטש צו א התוועדות און טראכט זיך וואו איז דא געזאגט געווארן אן ענין וואס האט א שייכות צו אים!

און מ'קען דאך ניט זאגן אז אלע ענינים זיינען מכוון צו איין אידן, און צו זיין שליחות פרטית; און לאידך גיסא: איז א התוועדות וואס עס רעדט זיך ברבים - דארף דאך זיין א שייכות צו רבים, אז ניט ח"ו איז מען דאך מבטל זמנם ללא תועלת.

ס'איז אבער אין דערויף גופא דא דער חילוק, אז אויב מ'האט גע̇דולד און מ'הערט זיך צו, איז סוכ"ס, וויבאלד אז בהשגח"פ האט אים דער אויבערשטער אראפגעבראכט, ניט קוקנדיק אויף מניעות ועיכובים, און האט אים אריינגעשטעלט צווישן אזויפיל אידן (קיין-עין-הרע-ניט) כ"י, און אין א מקום שמגדלין בו תורה און מגדלין בו תפלה - אין א מקום קודש וואו מ'לערנט און מ'דאווענט, און אין א מעמד ומצב וואס איז פארבונדן מיט א הילולא, מיט א הסתלקות אין אן אופן של גילוי עצום, פון נשיא דורינו!

איז א זיכערע זאך, אז וויבאלד דאס איז געקומען בהשגחה פרטית, וועט ער געפינען די נקודה וואס ער וועט דערפילן אז דאס מיינט מען אים, אעפ"י וואס עס קען זיין אז דער מדבר ווייס ניט דערפון,

ווארום ס'איז דאך אן ענין וואס יעדער ענין טוט זיך בהשגחה פרטית, וע"פ רוב, איז עכ"פ כדי אן ענין זאל זיין מסודר - טאר מען זיך ניט פארלאזן אויף די לעצטע מינוט, און מ'דארף מאכן ביי זיך עפעס א סדר מיט א צוגאנג ווי אזוי צו רעדן און וואס צו רעדן, אע"פ וואס א"א אז ס'זאל בשעת מעשה אויך עפעס ניט צוקומען,

[ווי חסידות איז מבאר בארוכה אז בשעת הדיבור עצמו ווערן נתחדש ענינים ע"י הדיבור, וואס בשעת עס איז געווען במחשבתו איז דאס ביי אים נאך ניט געווען,

און רעדן רעדט ער לתלמידיו, איז אעפ"כ דורך דערויף וואס ער ברענגט ארויס זיין מחשבה לדיבור - ווערט די זאך ביי אים אויך קלארער און ליכטיקער, ביז וואנענט אז ביי אים קומט צו אויך ענינים וואס איז אים נוגע, נוסף אויף דערויף וואס איז נוגע לתלמידיו].

און דערנאך קומט צו נאך אן ענין, אז ניט אלע מאל קען ער פילן און גלייך על אתר מרגיש זיין וואס איז דער ענין וואס ער קען דאס נוצן בכלל, און קען עס נוצן בשליחותו העיקרית פון אני נבראתי לשמש את קוני;

נ.שא"כ אין די אנדערע ענינים פילט ער עס מערניט ווי אין א מחז"ל מיוחד, אדער אין א פסוק מיוחד -

איז וויבאלד דאס איז בהשגחה פרטית, איז די ענינים וואס ער וועט געדענקען, און עס וועט אויף מארגן און איבער-מארגן ויש מחר לאחר זמן - אז ער קען אין זיי געפינען א הוראה און אן עזר און א סיוע בדומה ווי אט דער ענין וואס ער קאכט זיך און ער ווייס אדער מ'האט אים געזאגט אז דאס איז שליחותו העיקרית,

אבער ס'איז ניט פארבונדן מיט דעם גדלות של המדבר, ווארום דאס רעדט ער דאך אין א מקום קודש, וכמדובר, אין א מעמד ומצב וואס שכינתא שריא אויף די אלע וואס געפינען זיך בשעת מעשה,

- איז א זיכערע זאך אז דער אויבערשטער וועט ניט צולאזן אז מ'זאל מבטל זיין אידן פון לימוד התורה וקיום מצוותי', מיט אן ענין וואס דערפון וועלן זיי ניט האבן קיין תועלת,

נאר אדרבה, ס'איז א זיכערע זאך (כמדובר לעיל) אז אפילו פון די ענינים וואס אים ווייזט זיך אויס אז וואס האט דאס פאר א שייכות צו אים, אדער ער ווייס פון די ענינים בלאה"כ, און ווייס נאך אפשר בעסער ווי ס'ווייזט זיך אים אויס ווי מ'זאגט דאס בדיבור,

איז אבער א זיכערע זאך, אז נוסף אויפן ענין אז מ'חזר'ט איכער דעם זעלבן ענין נאכאמאל און נאכאמאל איז דאס א דבר טוב, איז אפילו מאה פעמים ואחת איז אויך א דבר גדול כאטש אז ער ווייס דערפון הונדערט מאל,

עד"ז אויך איז ניט א חיוב אז גלייך על אתר זאל מען זיך כאפן וואס איז דאס אים נוגע, און ווי אזוי ער קען דאס נוצן, ס'אבער א זיכערע זאך אז וויבאלד דאס איז געטראפן בהשגח"פ, איז ווי דער בעש"ט זאגט און נשיא דורנו האט דאס איבער-גע'חזר'ט כו"כ פעמים, אז יעדער זאך וואס א איד הערט אדער א איד זעט, איז אין דערויף דא א הוראה אין זיין אופן דינען דעם אויבערשטן,

נאר וואדען, ס'איז דא הוראות וואס זען זיך אויף אויבן-אויפיק, מ'דארף אויף דערויף ניט הארעווען זיך מתבונן זיין; ס'דא הוראות וואס ס'איז גענוג א התבוננות קלה אדיינטראכטן זיך אביסל אין דעם; און ס'דא א הוראה וואס מ'דערגרונטערט זיך צו איר ע"י התבוננות אליבא דנפשי' אז ער וויל ארויסגעפינען אז וויבאלד דער בעש"ט האט געזאגט אז אין דערויף איז דא א הוראה פאר אים, ווארום ער הערט דאס אדער ער זעט דאס,

עד"ז אויך אז ער זעט אזא עולם, און ער הערט ענינים וואס מ'חזר'ט פסוקים פון תושב"כ, מאמרים פון תושבע"פ, און סיפורי התורה, ביז סיפור נשיא דורנו - איז א זיכערע זאך אז סוכ"ס, אדער גלייך בשעת מעשה, האט ער אין דעם אן ענין וואס ער קען דאס אויסנוצן בשליחותו.

עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן איינעם וואס ער קומט במגע ומשא מיט מערערע מענטשן און ווייס ניט היינט מיט וואס פאר א מענטש וועט ער זיך טרעפן מארגן - במילא ווייס ער ניט וואס וועט יענער בא אים פרעגן, אדער וואס וועט יענער ביי אים בעטן, און וואס קען ער אים אויף דערויף ענטפערן אדער געבן, און קען ניט משער זיין ניט ווייסנדיק וואס פאר א סוג מענטשן און וואס פאר א סוג בקשה דאס וועט זיין, וואס ער זאל דערצו צוגרייטן;

משא"כ אויב ער נעמט אריין אין זיך אט די אלע ענינים וואס בהשגח"פ איז אריינגעקומען אין זיינע דל"ת אמות, איז כאמור תורת הבעש"ט אז ס'איז א זיכערע זאך אז יעדער ענין וועט ער קענען אויסנוצן, און ס'קען גאר זיין אז בהשגח"פ, ניט ווייסנדיק,

ניט האבנדיק אין דערויף קיין השערה היינט - וועט ער עס קענען אויסנוצן מארגן אינדערפרי, אעפ"י וואס בשעת מעשה ווייזט זיך אים אויס אז ס'האט צו אים קיין שייכות ניט, און ער הויבט אן איבערטראכטן מה זה עשה ה', ער גלויבט בהשגח"פ, ער האט אבער קיין פארשטאנד ניט און ער הויבט אן איבערטראכטן, וואס האט אים אהערצו געבראכט.

וואס דאס איז כאמור, דאס איז ניט געזאגט געווארן ח"ו בדרך של מוסר, אדרבה, אין לו לדיין אלא מה שעיניו רואות - מאנט תורה ער זאל דאס זען מיט זיינע אויגן, און זאל דאס פארשטיין מיט עיני השכל - מיט <u>זיין</u> שכל,

אבער דאס גייט צוזאמען מיט די אמונה פשוטה, וואס די איז אויך אן אמונה שלימה, אין די הוראות און די דינים פון תורתנו תורת חיים - הוראה בחיים, כולל אויך די הוראה בחיים אז יעדער זאך וואס א איד הערט אדער זעט איז אין דערויף דא א הוראה בעבודתו לקונו, וואס דאס איז דאך אויך כולל אין זיך אין מילוי שליחותו וואס די איז זיין שליחות עיקרית ע"פ השגח"פ.

וביותר זעט מען דאס, כאמור, און שנעלער, און פריער און בשלימותם, ביי די וואס תפקידם איז אויף טרעפן זיך מיט פארשידענע אידן און פארשידענע מענטשן בכלל, כמדובר לעיל, אז ס'איז א תפקיד און א שליחות פון א אידן פארשפרייטן דעם קיום פון שבע מצוות בני נח אויך צווישן ניט אידן -

וועט ער דאס קענען אויסנוצן אויב ער וועט נאר אין דערויף ליגן אסאך פריער וויפל עס ווייזט זיך אים אויס.

מיט דער הקדמה (בהמשך להאמור לעיל) אז ס'דא מענטשן וואס ענינם בעיקר איז - תורה, און מענטשן וואס עיקר ענינם איז - עוסק בצ"צ,

אע"פ וואס כדי אז זיין עסק בצ"צ זאל זיין באמונה, מוז ער לערנען תורה, און לערנען תורה אין אן אופן וואס דאס זאל ביי אים ווערן א הוראה בחיים, וואס דעמולט וועט ווערן זיין עסק בצ"צ אין אן אופן פון אמונה,

עד"ז אויך דער וואס עיקר ענינו איז תורה, מוז ער אויך "כל האומר אין לי אלא תורה, אפי' תורה אין לו", נאר ס'דארף זיין תורה און גמ"ח, ווי ער ברייגגט אראפ אין רבינו חננאל און חסידות איז מבאר דאס בארוכה,

וואס דאס איז דאך דער אופן פון גמ"ח לרבים ע"י עסק בצ"צ באמונה, אע"פ וואס כאמור איז דא דער חילוק פון די וואס עיקר ענינם איז תורה, און די וואס עיקר ענינם איז עוסק בצ"צ.

וואס די התחלקות געפינט מען ביי גדולי ישראל בכל הדורות.

ס'איז אבער דא די וואס דער אויבערשטער האט זיי געשיקט למטה, כדי זיי זאלן האבן אין זיך בײדע ענינים,

וואס דאס איז דאך די ענינים פון נשיא ומלך:

וואס א מלך דארף זיין אשר יוציאם ואשר יביאם, וביחד עם זה איז דאך אן ענין פון א מלך כדי ער זאל זיין בכל מדינתו ובכל דורו דער ענין פון חסד ומשפט, און אשר יוציאם ואשר יביאם, זאל זיין מיט אן אופן אז דער "ארון הולך לפניהם" [וואס דאס רעדט זיך דאך בעיקר בנוגע למלחמה (אשר יוציאם ואשר יביאם)],

און דער ארון הולך לפניהם אויך ווי דאס קומט ארויס בכל דור ודור, אז כשעת מ'גייט אשר יוציאם ואשר יביאם במלחמת היצר, איז דאך דעמולט בראתי לו תורה תבלין

וואס ער איז מלמד תורה את כל העם כולו, ביחד מיט דעם אשר יוציאם ואשר יביאם כפשוטו - עסקנות ציבורית,

און ווי דערמאנט בהנוגע צו דעם נשיא הראשון, און מלך הראשון - ויהי בישורון מלך, וואס עניננו איז דאך געווען משה קיבל תורה מסיני, און דערנאך ומסרה, ביז מורשה קהילת יעקב לכל אחד ואחת מישראל עד סוף כל הדורות,

ביחד עם זה ווי ער דערציילט אין דעם שיעור פון היינטיקן טאג כפי שהוקבע ע"י בעל ההילולא, וואס דאס איז דאך פון חמישי ביז ששי פון פרשת בשלח, ווערט דא דערציילט ווי אזוי משה האט אנגעזאגט אידן אז דער אויבערשטער גייט זיי געבן מן,

וואס מן איז דאך זיך געווען די תכונה אז טועם בו כל הטעמים, דאס איז כולל אין זיך אלע עניני מזונות מכל הסוגים כולם וואס א איד דארף האבן בשעת ער איז מגלה רצונו איז דעמולט וויל ער האבן דאס וואס ער דארף האבן כדי מקיים זיין שליחותו, איז דער שיעור פון היינטיקן טאג די הוראה, און מ'לעבט דערמיט (כתורה פון דעם אלטן רבי'ן איבערגעגעבן דורך בעל ההילולא) - דער ענין פון פרנסה ווי ס'איז געווען פרנסה ברוחניות, ופרנסה בגשמיות, למען אנסנו הילך בתורתי - אז דאס זאל זיין הליכה אין לימוד התורה, איז דאס פארבונדן מיטן מן, נוסף אויף דעם ענין כפשוטו, וואס משה איז דאך עניננו "מסר נפשו עלי'" איז נקראת על שמו.

און וואס דאס איז אויכעט געווען די אויסגעטיילטקייט ווי דאס איז געווען ביי נשיא דורנו - בעל ההילולא:

אז נאך קודם שנעשה נשיא, און דערנאך לאחרי שנעשה נשיא, איז ביחד עם לימוד התורה,

[וכידוע - כאטש אפי' ער האט דערפון ניט מפרסם געווען, איז נאך פאר דער חתונה (צו זיבעצן יאר וואס דעמולט איז דאך געווען חתונתו) האט ער געהאט א ציווי און האט דאס מקיים געווען כדרוש, דער ענין פון באקומען "סמיכות",

וואס ווי ער האט דערציילט בחשאי, אז וויסנדיק אז ער האט אין דערויף א ציווי, איז די וואס האבן עם פארהערט אויף סמיכות האבן עם גוט געמאטערט אין דעם פארהערן אויף סמיכות, ביז וואנענט אז מ'האט געזען אז מ'מוז עם געבן סמיכות ווארום נאך אלע מאטערנישן איז געווען אלץ בתכלית ההידור],

דערנאך עאכו"כ אין הרבצת התורה, צוזאמען מיט לימוד תורה לעצמו, וואס איז געווען אויכעט פארבונדן מיט יסוד פון ישיבת "תומכי תמימים" נאך אין די שבע ימים פון שבעת ימי המשתה שלו,

און דערנאך אויכעט במשך כל ימי חייו, צוזאמען מיט לימוד התורה בעצמו און לימוד התורה ברבים ביז רזין דרזין דאורייתא, איז געווען אויכעט די עסקנות ציבורי פון עיקר ההתעסקות שלו, כידוע ומפורסם,

סיי בשעת הרווחה און סיי בשעת מצור ומצוק, פונקט ווי לימוד התורה איז ווי דער רמב"ם זאגט אין הל' ת"ת, און דער אלטער רבי איז דאס מעתיק אין הל' ת"ת שלו כמעט בלשונו ממש, אז יעדערער צי א זקן צי א בעל יסורים (ווי ער רעכנט דארט אויס די אלע דרגות) איז מחוייב בלימוד התורה, איז אט די וואס תפקידם איז אין עסקנות ציבורית, וואס זי איז נאך גרעסער פון תורה, ווי דערמאנט פריער דעם דין ע"פ הלכות התורה, איז דאס אויכעט אין א אופן אז אייגענע איבערלעבעניש אויכעט אין א ענין וואס דאס נעמט צו צייט פון לערנען תורה, אדער אפי' פון לערנען תורה לרבים און ברבים, איז דאך דאס א ענין וואס א בעל תורה "מסר נפשו עלי'" - איז דאס א ענין פון יסורים לפי שעה.

ביחד ע"ז - טוט מען דאס באמונה, ובמילא בשמחה ובטוב לבב מסירת נפש ורצונו צוזאמען מיט מסירת נפש אויכעט בפשטות.

וכידוע ומפורסם כמ"פ פון דברי ימי בעל ההילולא, אז נאך אידער כשנתמנה נשיא איז ביי עם געווען דער זעלבער קאך און שליחות פון נשיא הדור ההוא - פון זיין פאטער, סיי בנוגע צו לימוד התורה, און סיי בנוגע צו עסקנות ציבורית, עאכו"כ ווען ער האט איבערגענומען נשיאות מאביו און אין א אופן פון ממלא מקום, [כמדובר כמ"פ אז דאס איז א תואר ע"פ תורת אמת, איז "ממלא מקום" דער אפטייטש אז ער "פילט אן" דעם גאנצן ארט וואס איז געווען פארנומען ע"י קודמו],

און דערנאך איז נאך פארשטאנדיק אז ווייבאלד אז "ילכו מחיל אל חיל" איז דאך פארשטאנדיק אז ס'קומט דערנאך נאך צו א ענין וואס איז איינגאנצן שלו, און א אופן וואס דאס ווערט אויכעט א שלשלת פון מאורות, ביז אין א אופן וואס איז אין שייך בזה כל ערך ומדידה והגבלה.

וואס די שייכות דערצו וואס ס'רעדט זיך ברבים, אע"פ וואס כאמור - איז דאך ניט יעדערער קען אויספירן בידע שליחות'ן כדרוש, אע"פ וואס ביי יעדערער מוז זיין סיי לימוד התורה און סיי גמ"ח - טאן א טובה א צווייטן אידן, און א טובה אין חלקו בעולם כולל אויכעט דעם ניט-אידן וואס געפינט זיך בחלקו,

און יעדערער פון זיי דארף האבן בידע ענינים, אע"פ וואס איין ענין איז דאס תכלית שלימותו -

איז אויכעט אין דערויף דא פאר יעדערער פון זיי די נתינת כח פון דעם עת סגולה פארבונדן מיט יום ההילולא, וואס ער איז דאך א נשיא במילא איז ער ממציא כל הצרכים לכל אנשי דורו - צו יעדערן פון אונז בתוך כלל ישראל.

און ער איז דאס ממציא אין א אופן אז ער בעט זיך "עמדו הכן כולכם" מקיים זיין די השפעות און די ברכות הבאות מלמעלה.

און גיט אויכעט א הוראה מיוחדת בנוגע צו עסקנות אין צרכי ציבור פון הנהגתו.

וואס איינע פון די סיפורים זיינע וואס ער האט מאריך געווען, אז נאך בחיי אביו האט עם דער פאטער זיינער עם געשיקט אין א שליחות אין פעטערבורג, וואס איז דעמולט געווען דער עיר הבירה, און ס'איז געווען ווינטער צייט,

און ער האט דערנאך דערציילט אז בשעת ער איז געווען ביי איינע פון די שרי המלוכה, וואס איז געווען א היפך פון אוהב ישראל, און האט באשטעלט א זמן מיוחד, - יענער האט זיך בכלל געפירט ווילד - איז דאס געווען בלילה, און האט מאריך געווען בביקורו אצלו, און בשיחה, און דערנאך בשעת אוועקגייענדיק איז דאס געווען שפעט ביינאכט.

און דערנאך האט ער געזאגט, אז כאטש אפילו ער איז געווען אנגעטאן אין א גרויסן פוטער (א פעלץ מאנטל) ווי ס'פאסט פאר דעם אקלים (דעם אויר) אין פ"ב וואס איז געווען בימות החורף, איז דאס געווען אזא מין קעלט, אז ניט קוקנדיק אויף די זהירות און לבושים מיוחדים, האט ער געמוזט ארייגגיין אין א בית מרזח - אין א ארט וואס דארט האבן זיך געפונען פארשידענע מענטשן, אבער וואו שפעט ביינאכט איז דאס געווען אפן, כדי ער זאל זיך קענען דערווארימען ניט קוקנדיק אויף אט די לבושים.

וואס אין דעם סיפור פון נשיא דורנו איז דא כמה פרטים, און ווייבאלד ער האט דאס דערציילט מיט די פרטים, איז דאך יעדער פרט א הוראה,

אין ?ערויף איז אבער דא א הוראה כללית פאר יעדער עסקן ציבורי:

וואס יעדער עסקן ציבורי - כאמור - גייט דאך ארויס פון די ד' אמות של תורה, ניט ח"ו ער גייט ארויס ווייל ער וויל ניט לערנען, נאר ער מוז מפסיק זיין און נעמט מיט מיט זיך תורה בזכרונו, ער מוז אבער דורכפירן זיין שליחות אלס אן עסקן ציבורי דארף ער אבער וויסן זיין אז מ'גייט ארויס פון ד' אמות של תורה ותפלה, <u>דארף מען אנטאן א פעלץ</u> - <u>א פוטער מאנטל, לבושים מיוחדים!</u>

- ווארום ער גייט ארויס פון דער ווארימקייט פון לערנען תורה און מקיים זיין מצוות און דאוונען - "דע לפני מי אתה עומד" - ער דאוונט צו דעם אויבערשטן אליין, אליו ולא למידותיו כדאיתא בספרי, [וואס מיט דעם לשון ווערט דאס געבראכט אין פרדס אע"פ וואס אין ספרי שלנו געפינט מען דערווייליע ניט דעם מאמר],

און ער גייט ארויס בחוץ, און דארף זיך דארטן טרעפן מיט ענינים וואס זיי זיינען ענינים של חוץ, אויכעט מיט מענטשן וואס זיי זיינען מחוץ ליישוב העולם.

איז איידער ער טוט דאס - דארף ער נאך זייענדיק אין זיין הויז אין אידישקייט, דארטן אנטאן לבושים מיוחדים,

אע"פ וואס ער טענה'ט אז וואס דארף ער [דאס] האבן, ער האט ביז איצטער געלעבט א משך זמן, און ניט געטראגן קיין פוטער מאנטל - קיין פעלץ,

עאכו"כ אז דאס פארלאנגט אז מ'זאל אויסגעבן א סכום גדול, און דערנאך דארף מען דאס טראגן, און ס'ווייזט אויס אז דאס איז א משא, און אן דעם פעלץ פילט ער זיך פרייער און זעט ניט קיין נויטיקייט אין דעם -

זאגט מען עם אז אט די וואס זיינען רופאי הנפש, וואס דאס איז בדוגמא פון רופאי הגוף, און זיינען זיך מוסר נפש אויף וויסן די הוראה פאר די בנים, און וויסן אן וואס האלט זיך דער בריאות הנפש, וואס דער אמת'ער רפואת הנפש און רפואת הגוף איז ניט ביז וואנענט ס'קומט דער חולי און דערנאך היילט מען עם, נאר דער אמת'ער רפואה איז - כל' הכתוב פון היינטיקער סדרה "כל המחלה אשר שמתי במצרים לא אשים עליך" ס'ועט מלכתחילה ניט זיין, "ואני ה' רופאיך", דאס איז דער אמת'ער רופא וואס דאס איז דער אויבערשטער, לאזט ער גארניט מלכתחילה אז מ'זאל ווערן ניט געזונט, ווארום ער ווייס מלכתחילה און גיט די הוראות ווי אזוי מ'זאל זיך פירן כדי די "קעלט" וואס געפינט זיך אין עיר הבירה, אדער בכלל "בחוץ" - אין עניני חוץ זאל עם ניט פארשאטן.

- און דאס קען ער אליין ניט וויסן, ווארום ער איז ניט קיין רופא גוף און רופא נפש, ער האט ניט געהאט קיין צייט, אדער מאיזה סיבה שתהי'.

אז ס'קומט צוגיין א מנוסה ומומחה באותו ענין, און דערציילט אז עם האט מען געשיקט אין עיר הבירה, און דארט האט ער זיך געטראפן מיט שרי המלכות, איז צום-אלעם-ערשטן איז געווען די שליחות אז ס'זאל זיין אין א אופן אז דערפון זאל ארויס א טובה פאר אידן,

דאס איז אבער אויך פארבונדן מיט עוסק בצרכי ציבור באמונה, איז דאס פארבונדן בדוגמא ווי משא ומתן באמונה - אז דאס איז "באמונה" לטובת כל אלה מיט וועמען ער רעדט און דורך וועלכע ער פירט דאס דורך,

ער דארף אבער וויסן אז איידער ער גייט אין דער שליחות, און ווי מ'זעט בפשטות אז דער סדר איז, אז ניט מ'גייט בלבושי קיץ בחורף און ערשט דארט גיט מען א קוק וואס ס'טוט זיך מיט דער אקלים (מיט די "טעמפרעטשור") און דערנאך גייט ער צוריק און שלעפט דעם פעלץ מאנטל און טוט עם אן, נאר ער פרעגט ביי אט

די וואס האבן שוין דאס געפרואווט: וואס דארף מען טאן אויף צוגרייטן זיך כדי צו דורכפירן די שליחות אין א אופן אז זיך זאל דאס ניט שאטן,

- זאגט מען עס אז לכל לראש דארף ער אנטאן לבושים מיוחדים,

אט די אלע לבושים וואס זיי זיינען געווען פאר א אידן ווען ער געפינט זיך אין ד' אמות של תורה און ד' אמות של תפלה - מוז ער האבן לבושים נוספים ווען ער גייט ארויס לפרקמטיא ווען ער האט צוטאן מיט תגרי לוד און מיט תגרי או"ה,

עד"ז אויכעט אין עסקנות ציבורית, עד"ז אין די אלע ענינים וואס א איד דארף דורכפירן זייענדיק "מחוץ" פון זיין אייגענער היים וואס דאס איז ד' אמות של תורה ותפלה, כמדובר ומבואר ומובן בפשטות לכל אחד ואחת מישראל,

אז לכל לראש טוט ער אן לבושים וואס זיי זיינען מפסיק און זיי זיינען מגין פאר דער "קעלט" וואס געפינט זיך מחוץ הימנו, איז דאס א הגנה און א הפסק און דאס טיילט עס אויס צווישן די קאלטקייט וואס איז אין גאס, און זיין ווארעמקייט פון דעם גוף,

וואס כדי דאס זאל זיין אן אמת'ער אידישער לעבעדיקער גוף, דארף ער זיין אנגעווארימט מיט תורה ומצוות - מיט אידישקייט,

אע"פ וואס בשעת ער געפינט זיך ביי זיך אין שול אדער ביי זיך אין ישיבה אדער ביי זיך אין הויז, איז געווען אזויפיל און אזויפיל מצוות, וואס יעדער מצוה ווערט דאך אנגערופן בשם לבוש, איז ארויסגייענדיק מחוץ פון דעם אויר וואס דעמולט איז א הכרח גמור אז ער זאל מוסיף זיין מיט נאך לבושים.

ער קען דאך טענה'ן: ער טוט אן נאך א לבוש, ווערט דאך א הפסק צווישן עס און די קאלטקייט פון גאס, וועט ער ניט קענען אויף איר פועל זיין - בכדי אויף איר פועל זיין דארף ער זיך צוגלייכן צו איר, און אראפלאזן פון זיין ווארימקייט, ואדרבה: אויסטאן ח"ו עפעס פון זיינע אידישע לבושים -

זאגט מען עס, אדרבה - כדי צו מצליח זיין דארף ער זיין א געזונטער מענטש, כדי צו זיין א געזונטער מענטש דארף ער זיין א געזונטער איד, און כדי צו זיין א געזונטער איד איז "הם חיינו ואורך ימינו" - דארף ער זיין דורכגענומען מיט אידישקייט, מיט תורה ומצוותי', וואס תורה איז תורת חיים און א הוראה בחיים, און זי גיט עם אן אנווייזונג אז איידער ער גייט ארויס אין גאס, איז אט דעמולט כדי ער זאל זיין געזונט און זאל קענען אויפטאן אין גאס, אז די גאס זאל ווערן אויס רה"ר, נאר דארט זאל זיין דער "כליא ריגלא דתרמודאי" - ס'זאל ווערן א רשות וואס דארטן זעט מען יחידה של עולם - מ'זעט דארט ג-טליכקייט, און מ'פירט זיך אזוי אויף, דארף ער מוסיף זיין אין לבושים,

און אזוינע לבושים וואס זיינען מפסיק צווישן עם מיט קאלטקייט, במילא זיינען זיי מגין אויף עם פון דער קאלטקייט,

און דוקא דורך דערויף איז ער מצליח אז קאלטקייט זאל ווערן אלס וויינציקער און וויינציקער, ביז וואנענט אז ס'ווערט באלויכטן און אנגעווארימט כל העולם כולו מיט דער ווארימקייט פון תורה ומצוותי'.

און ווי דערמאנט פריער אז "ונגלה כבוד ה' וראו כל בשר יחדיו" "לעבדו כולם שכם אחד" - ביי אידן מאי קמ"ל - דער עיקר אויפטו איז דאך אפי' ביי ניט אידן, אז זיי זיינען מקיים און נעמען אן זיינע הוראות, ווארום מ'זעט אז ער איז געזונט בגופו ובנפשו, וואס בריאות הגוף איז תלוי אין בריאו. הנשמה, און בריאות הנשמה - פון חלק אלוקה ממעל ממש, איז תלוי אין שלימות בתורה ומצוותי'.

און אט דעמולט האט ער א הצלחה במילוי שליחות אין צרכי ציבור.

ובפרט נאך אז מ'נעמט אן אין דעם די החלטות טובות אין יום ההילולא, וואס כמה פון זיינע הוראות האט ער געגעבן אין א אופן און א סגנון פון סיפורים.

- ניט ער האט געזאגט מ'דארף טאן כך וכך, נאר ווי תורה ווייזט אן די וועג, אז כמה הוראות בתורה שטייען אין א לשון ציווי "דבר אל בנ"י, צו את בנ"י", און דערנאך איז דא כמה הוראות פון תורה וואס מ'לערנט זיי אפ פון סיפורי התורה, ובל' הידוע "מעשה אבות - סימן לבנים" - מערניט ווי דערציילט א מעשה וואס האבן געטאן די אבות, ווערט דאס א סימן לבנים ווי אזוי זיי דארפן זיך אויפפירן, וואס זיי דארפן טאן און פון וואס זיי דארפן זיך אויסהיטן.

און ווי דער בעל ההילולא האט געזאגט, אז קודם לקבלת הנשיאות האט ער געבעטן ובנוסח של תנאי, אז ס'זאל זיין בחסד -

אזוי איז אויכעט אז מ'נעמט אן זיינע הוראות, סיי די הוראות בסגנון פון הוראה מפורשת, און סיי די הוראות אין א סגנון של סיפור, קומט אן די הצלחה ביי זיי אין א אופן פון חסד באופן הטוב, בטוב הנראה והנגלה.

אז די וואס תפקידם איז בנוגע צו הפצת התורה - אין הפצת התורה, און די וואס תפקידם איז אין עסקנות בצרכי ציבור באמונה - אין הצלחה אין צרכי ציבור אז ס'זאל זיין באמונה ובהצלחה,

ועד"ז אין די אלע עשר סוגים, פון "ראשיכם" ביז "שואב מימיך", אדער בל' הידוע פון מכתב הגאולה, אנהויבנדיק פון "חובבי תורה ומצוות" ביז אט די וואס "אשר בשם ישראל יכונה",

אז זיי זאלן טאן אין מילוי שליחותם, וואס יעדערער פון זיי האט זיך באווארנט מיט לבושים מיוחדים וואס זיי זיינען צוגעפאסט למילוי שליחותו, ווי געררעדט פריער בנוגע צו עסקנות ציבורית, עוסק בפקרמטיא, און די וואס דארפן צו טאן מיט ניט אידן.

עד"ז איז דאך אויכעט לימוד התורה פארלא נגט דאך לבושים מיוחדים, ווי די גמ' זאגט אז "בונייך" ת"ח, דארפן האבן לבושים נקיים, און ביי דעם וואס איז ניט קיין ת"ח איז א דבר הרגיל אז ס'איז דא רבב על בגדו, משא"כ ביי א "בונה" - ביי א ת"ח שנמצא רבב על בגדו איז דאס היפך פון זיין מציאות! וואס דערפאר איז דער עונש - העדר המציאות!

וואס אז יעדערער טוט אין דעם אופן כל אחד בעניינו, און וויבאלד אז אדם קרוב אצל עצמו, פארלאזט ער זיך ניט אויף זיין אייגענעם אפשאצונג, און פרעגט ביי איינעם וואס איז ניט נוגע בדבר, און וואס ער ווייס אין תורה און אין מעשה שבתורה - אין הלכה שבתורה וואס פאר א לבושים מיוחדים ער דארף האבן כדי ס'זאל זיין מילוי שליחותו באמונה ובהצלחה, און איז דערנאך מקיים בפועל,

איז אט דעמולט יעדער איד וכולם יחד טוען את התלוי בהם אויף מפיץ זיין תורה בכלל און מעיינות במיוחד ביז אפילו אין חוצה, ואדרבה: אין חוצה דארטן זאלן זיין די מעיינות עצמם,

און זיי ברייגגען אראפ דעם "קאתי מר - דא מלכא משיחא" כאגרת הבעש"ט הידוע, במהרה בימינו ממש.

* * *



הנחה פרטית בלתי מוגה

ג. על דרך ווי געוועדט פריער צו דער גברא, אז בשעת א מענטש אדער א איד בפרט, הויבט זיך בייַ עם אן א נייער יאר, דארף בייַ עם אויכעט ווערן א באנייטקייט אין זיין אידישקייט אין לימוד התורה וקיום מצוותי'.

וואס אע"פ וואס בכל יום ויום איז דאך יעדער נארמאלער מענטש, עאכו"כ א איד וואס ער ווייס אז ער דארף זיין א "מהלך", איז ער מהלך בכל יום ויום, ובל' הגמ' "אין להם מנוחה" ווארום "ילכו מחיל אל חיל" אין א אופן אז מ'רוט זיך ניט אפ א גאנצן טאג, ווארום אז ניט האט ער דאך א יום מנוחה,

- אז מ'זאגט אין להם מנוהה, איז דערפון די הוכחה בפשטות אז בכל יום ויום האלט ער אין זיין א הולך.

איז אבער ווי מ'זעט אין טבע העולם, ביז אז דאס איז אויך אין דעם מנהג ישראל אז ווען ס'קומט דער יום בשנה המיוחד, וואס דעמולט איז בייַ עם געווען א התחדשות, איז אט דעמולט איז מידי שנה בשנה איז דאס עם נעורר אז די הליכה זאל ווערן אין א אופן שלא בערך לגבי די הליכות אין די ימים אין כל שאר ימות השנה.

וואס דאס איז דאך בנוגע צו דער גברא; עד"ז איז אויך בנוגע צו דער חפצא:

אז ס'איז דא א ענין של משרה: א תפקיד, א שליחות, א שטעלע וכיו"ב, איז בשעת זי איז מלכתחילה נתייסד געווארן אויף א תקופה קבוע, איז בשעת ס'קומט אין אט דער חפצא א תקופה חדשה איז אט דעמולט לערנט מען דערפון אפ (פון גברא אויף חפצא) אז דאס איז פארבונדן מיט א השתדלות מיוחדה אין דער מילוי התפקיד דורך דעם וואס נעמט איבער אט די חפצא, אז זי זאל זיין ביתר שאת וביתר עז.

בדוגמא ווי מ'געפינט בנוגע אלע משרות, וואס מ'לערנט זיי אפ פון "שום תשים עליך מלך", וואס כל משימות לערנט מען דאס אפ בדוגמא ווי דאס איז בייַ א מלך.

וואס דערפון לערנט מען אפ ביז א "ריש גרגותא", און ביז א משימה א פקיד, אין איזה ענין שיהי' - דארף דאס זיין בדוגמא ווי מ'לערנט דאס אפ פון " מלך, ווי אראפגעבראכט אויכעט בפוסקים בנוגע לכמה דינים והנהגות.

ובפרט נאך אין א ענין וואס דאס איז בדוגמא קרובה צו א מלך, איז דאך דעמולט פונקט אזוי ווי מ'זאגט אז בשעת א מלך ביום שנעשה מלך, און דערנאך איז אין דעם "יום גינוסא" אין כמה שנים לאח"ז ווען ס'קומט אט דער טאג, איז דאס פארבונדן מיט "הנחה למדינות עשה",

וואס ווי דאס איז בפשטות, איז דאס מובן נאכמער ע"פ מדרשי חז"ל אז מ'טוט טוב וחסד לאנשי המדינה יתר על המידה, אע"פ וואס הוכן בחסד כסאו אז כל השנה כולה דארף אזוי זיין די הנהגה פון דעם מלך, צוזאמען וואס "מלך במשפט יעמיד ארץ".

עד"ז אין כל משימות שאתה עושה, אויכעט אין אזא מין אופן, אז ס'קומט דער תקופה חדשה, ווארום ס'איז געקומען דער יום שבו נתמנה למלך, ווי די גמ' איז מאריך אין מס' ע"ז (עכו"ם).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויכעט בנוגע צו דער חפצא:

אז אע"פ דאס איז ניט דער זעלבער פקיד נאר א אנדער פקיד, וויבאלד אז ס'הויבט זיך אן א תקופה חדשה, ובפרט נאך ווען ס'רעדט זיך וועגן א חפצא בדוגמא פון מלכות, אט דעמולט דארף זיין דער ענין פון הנחה מיוחדת "עשה למדינות", יתר על המידה אין ענינים פון טוב וחסד.

ס'איז דאך יעדער ענין בהשגח"פ, אע"פ וואס די מענטשן אדער די וואס זיינען ארום זיעט ווייסן זיי ניט וכו', אבער ס'איז בהשגח"פ:

מלכות איז דאך דא אין א אופן ווי דאס איז ע"י יחיד, און דערנאך איז געווארן א סדר אז ס'איז אויך ע"י רבים, אבער ניט אין א אופן ווי מלכות בישראל וואס דאס איז "יאריך ימים על ממלכתו הוא ובניו בקרב ישראל", נאר דאס איז פארבונדן מיט בחירות, אבער די חפצא בלייבט דאך די זעלבע, במילא איז אויף דערויף אויך חל די השגחה מיוחדת וואס ס'איז דא דער "לב מלכים ושרים ביד ה'", דא איז אבער נוגע ניט דער שם "אלקים" נאר "הוי'" וואס דאס איז למעלה פון "אלקים" בגימטריא "הטבע" וכו', כמבואר ומדובר כמ"פ.

איז בהשגח"פ איז אט דאס וואס ס'איז געווען דער שינוי גברא, וואס איינער האט זיך געזעגנט און ארויסגעפארן, און א צווייטער האט געמאכט א ענין של [איך ווייס ניט ווי דאס אנצורופן, בכל אופן און] אריינגעפארן, איז דאס געווען ביום ההילולא, נעכטן ביינאכט, און דערנאך דער המשך היינט בייטאג אע"פ וואס לגבי כמה פרטים איז געווען התחלתו לפנ"ז און לכמה פרטים איז דער סיום וועט זיין לאח"ז.

און אט דא איז - ווי געזאגט תורת הבעש"ט וואס איז דא דא דער ענין וואס א איד - יעדערער פון אונז דארף ארויסנעמען בנוגע לעבודתו לקונו:

וואס דאס איז דער ענין פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים, איז דאך ווי בפשטות הענין עאכו"כ ווי די הלכה שבדבר, איז דער לעשות לו ית' בתחתונים איז דאס ביי אידן, אבער דורך אלקי ישראל ווערט דאס דערנאך "מלך העולם" פון כל העולם כולו, אז די גאנצע וועלט איז איינגעשלאסן אין דעם תואר פון "תחתונים" - וואס דאס מיינט מען דאך כל עוה"ז התחתון,

איז אט דא האט א איד די שליחות [ווי געזאגט פריער] הפצת התורה והיהדות כולל הפצת מעיינות התורה, אז זיי זאלן אנקומען אין "חוצה", און ניט נאר זייערער וואסער, נאר ווי דער לשון איז יפוצו מעיינותיך חוצה - ער ברייננגט די "מעיינות" אליין אין חוצה, וואס דארטן שפרודלען זיי און טוען אויף וואס א מעיין דארף אויפטאן, ובפרט נאך ווען ער געפינט זיך אין חוץ.

און דורך זיי איז אויך ווי די הוראה אין תורה ווי אראפגעבראכט אין רמב"ם אין הל' מלכים

[און ווי דער נאמען איז, ווי דער רמב"ם האט דאס א נאמען געגעבן אע"פ וואס אין כמה דפוסים (מסיבות משונות) האט מען דאס ניט אראפגעבראכט, איז דאס "הל' מלכים ומלחמותיהם"],

אז ס'איז א ציווי אויף אידן אז ער זאל מפיץ זיין און משתדל זיין און טאן כל התלוי בו, אז אלע מענטשן זאלן מקיים זיין די ז' מצוות ב"נ ובל ההסתעפיות - פירותיהם והסעיפים שלהם ביז אין די פרטי פרטים,

און טאן דאס [ווי ער זאגט דאס גלייך בחדא מחתא] דערפאר וואס דאס איז א ציווי הקב"ה, וואס ער איז דער ממה"מ הקב"ה.

וואס דערפאר איז אויכעט די וואס קענען טאן אין דערויף אין א אופן ישר אט די וואס קענען ניט טאן אין א אופן ישר בזה - זיך משתדל זיין, ניט בעקיפים ע"י זירוז די וואס קענען טאן, אדער דורך דערויף וואס ער וועט מוסיף זיין אין זיין ווינקל אין לערנען תורה און קיום המצוות, מאכט ער ליכטיקער אין דעם ווינקל,

און ווי דער טבע האור איז, אז ניט מ'דארף זיך משתדל זיין אז ער זאל זיך מתפשט זיין, נאר דער אור בטבעו אויב נאר מ'מאכט ליכטיק, איז ער זיך מתפשט עד אין סוף.

מ'דארף נאר זען וואס ס'הייבגט אפ אין עס, ער זאל ניט אויפשטעלן קיין מחיצות צווישן דעם אור מיט דעם ארט אין וועלכן ס'איז חושך לפי שעה, אדער אין דעם ארט וואו ס'איז דערווייליע ניט גענוג ליכטיקייט.

וואס דאס איז בנוגע אויכעט לעניננו, ובהקדים:

ס'איז דאך א ציווי אין תורה "והתפללו אל שלום העיר כי בשלומה לכם שלום" אז מ'איז מתפלל אין דעם שלום פון די מלכים ושרים של המדינה, ובפרט אין מדינת חסד, אז זיי זאלן מצליח זיין אין מילוי תפקידם האמיתי,

וואס דאס - כאמור - קען יעדער איד טאן אין דעם, דורך מוסיף זיין ליכטיקייט אין זיין ווינקל און ניט מאכן קיין מחיצות, וועט דאס במילא נתפשט ווערן בכל העולם כולו, עאכו"כ אין א ענין וואס דאס איז נוגע צו אידישקייט, און נוגע צו יישוב העולם, און נוגע צו קיום ז' מצוות ב"נ, מיוסד דערפאר וואס דאס איז דער ציווי פון בורא העולם (און נוסף ע"ז) ומנהיגו בהשגח"פ ווי דער בעל ההילולא האט מבאר געווען בארוכה בכמה ממאמריו, איז די השגח"פ על כל פרט ופרט שבעולם, ביז אין דעם עולם הדומם.

[און ידוע אין דערויף די שקו"ט ווי שטימט דאס מיט שיטת הרמב"ם אין מורה נבוכים, וואס אין כאן המקום להאריך בזה,

וואס דארטן זאגט ער אז ס'איז מערניט ווי אויף מן המדבר, און דערנאך איז דאס אראפגעבראכט אין שומר אמונים, ווי גערעדט אמאל בארוכה, וואס אין כאן המקום להאריך בדבר].

איז דעמולט קען ער אויפטאן אין דעם, עאכו"כ די וואס קענען טאן באופן ישר.

עאכו"כ וואס מ'לעבט דאך אין א מדינה וואס מ'קען דארטן רעדן פריי, וואס דאס איז אלס יסוד פון יסוד החוק פון דער מדינה, הקרוי בלשון עם זה "קאנסטיטושן", איז דאך דאס אויכעט אז מ'קען זאגן פריי, און דאס דערגרייכט (אויב מ'וויל און מ'איז זיך משתדל) במקום וואו ס'דארף דערגרייכן,

בנוגע צו דער כללות פון דער איינשטעלונג, וואס דאס זיינען זיי אנגעוויזן אין תורת אמת דורך די שבע מצוות וכל הסעיפים שבהם.

ובפרט נאך [כמדובר אמאל בארוכה] א ענין, וואס אין די ענינים גופא, האט די מדינה אליין געמאכט דערפון א יסוד, ביז וואנענט אז מ'האט דאס קובע געווען אויף דעם ממון המדינה אויף די מטבעות המדינה און אויף שטרי כסף פון דער מדינה די צוויי עיקרים: א) אז מ'גלויבט אין דעם אויבערשטן [ווי מ'זאגט דאס אויף ענגליש - ווי ס'איז אפגעדרוקט) ב) און אויכעט דער צווייטער ענין: אז מ'זאל מאכן פון א רבים זאל מען מאכן א איינציקייט.

וכמדובר אמאל בארוכה [ש"פ בשלח, ט"ו בשבט תש"מ סכ"ב ואילך] אויכעט דער חילוק: וואס דאס איז געזאגט געווארן אין א שפה ברורה אין לשון המדינה, און די צווייטע זאך איז געזאגט געווארן אין א לשון וואס איז לשון לימודים, שייכות צו די וואס האבן געלערנט און האבן זיך משתדל געווען בהבנה והשגה אנהויבנדיק פון לימוד לשונות.

וואס אט דאס איז לכל לראש ובהקדמה:

אז ח"ו שלא כדעת התועים, אז בשעת מ'זעט אז איינער איז אראפ ממדריגתו, נוצט מען אויס די געלעגנהייט און מ'גיסט צו צער על צערו, ביז וואנענט אז מ'פארקוקט אינגאנצן די מעלות און דברים טובים וואס ער האט (געזאגט און) געטאן.

וואס דאס איז דער היפך הוראת התורה, "באשר משפטו שם פעל;"!

אז ביחד וואס מ'דערמאנט די דברים וואס האבן געדארפט זיין אנדערש אדער בעסער, ווי זיי זיינען געווען, דארף מען אויבעט זיין א מכיר תודה פאר די ענינים טובים, ולכל לראש אז אין וואס פאר א וועג ס'איז געווען, און ס'איז געווען כאמור אז לב מלכים ושרים ביד ה' - ע"י ממה"מ הקב"ה, ס'איז אבער דורכגעפירט געווארן דורך עם דער ענין עיקרי, אויסגעהיט געווארן די מדינה - כל העמים שבה פון דעם ענין פון מלחמה.

וואס ס'איז געווען כמה פעמים במשך פון די פיר יאר, וואס ס'איז געווען אין דרך הטבע גאר ניט ווייט דערפון, און אפשר גאר נאנט דערפון, און הודות להשתדלותו בשליחות דמזלי' חזי וכיו"ב - האט ער דאס אויסגעהיט.

וואס דאס איז דער ענין בעבר - אבער כאמור, ס'איז לא טובה השמועה אז יעדערער באזונדער איז זיך משתדל דוקא אין די חסרונות, וויסנדיק אז איצטער קען ער פון עם ניט דערווארטן קיין טובה, אדער מאיזה טעם שונה ומשונה וואס ס'קען זיין, איז דאס היפך תורת אמת, און היפך תורת חיים - הוראה בחיים, אז פאר יעדער גוטע זאך וואס א מענטש טוט קומט עם דערפאר שכר, און דורך דערויף פירט ער דורך שליחותו של הקב"ה כביכול אויף להוסיף טוב בעולם, עאכו"כ אין אזא מין ענין עיקרי פון אויסהיטן א מדינה מיט הונדערטער מיליאנען בנ"א פון א ענין של מלחמה.

ובפרט נאך - אז דעמולט וואלט דאס ארייננגעשלעפט ר"ל ווען ס'וואלט געווען מלחמה, וואס ווי ס'זאל זיין שלום איז דאס בעסער ווי די מלחמה עצמה, וואלט דאס ארייננגעשלעפט - נוסף למדינה זו אויך כו"כ מדינות, ובדרך הטבע כל העולם כולו - במלחמה.

און אע"פ וואס לכאו' וועט מען דאך זאגן, אז דאס איז ניט אויסגעהאלטן פאליטיש, זאגן א דאנק, וכו', צו איינעם וואס ירד ממדריגתו און ס'איז געקומען א צווייטער במקומו, און קען גאר זיין אז ער וועט זיין ברוגז פארוואס מ'גיט אים אפ א שבח -

דארף מען שטעלן אים על חזקתו, אז ער וועט זיכער אויכעט אנערקענען אז פאר א דבר טוב קומט הכרת טובה, עאכו"כ אויף א טובה כללית און וואס זי איז פארבונדן מיט טובת כל העולם כולו, וואס בדרך הטבע איז ער געווען אט דער וואס האט דאס פארהיט במשך פון כו"כ מצבים (צושטאנדן), וואס כאמור, וואלטן געבראכט היל"ת צו א ענין פון מלחמה מדינה זו, און ארייננשלעפן כו"כ מדינות בהוספה עליהם.

וואס דא דארף מען אויכעט האבן א מאמר המוסגר:

דאס איז לגמרי ניט בסתירה אט דאס וואס ס'האט זיך גערעדט כמ"פ, אז דער חוזה פון "קעמפ דייוויד" איז דאס געווען אן אומגליק און א צרה און א סכנה פאר אידן, און דאס איז אן אומגליק און א צרה און א סכנה פאר אידן אויכעט איצטער היל"ת, ובמילא אויכעט א סכנה און א צרה און א אומגליק פאר כל העולם כולו, אע"פ וואס לכאורה האט דאס געבראכט שלום.

האט מען מבאר געווען, אט וואס איצטער זיינען שוין מודה און מ'דרוקט שוין אפילו אין די "פיפערס" בנוסח זה אז ניט דאס האט געבראכט צו שלום - שלום וואלט סיי-ווי-סיי געווען, נאר מ'האט אפגעגעבן ענינים וואס זיי האבן מגדיל געווען סכנת המלחמה דורך דערויף וואס מ'האט אפגעשוואכט איין צד וואס ער איז בלא"ה "המעט מכל הגוים" - האט מען אפגעגעבן די אלע ענינים ללא כל צורך כלל!

ווארום אין עיר הבירה האט זיך דער אדון [וועגן וועלכן ס'רעדט זיך איצטער] ושריו געוואונדערט היתכן אז מ'גיט אפ בידים דער נשק,- וואס בימינו אלו איז דער עיקר נשק, "נעפט" - ללא כל הכרח כלל,

אע"פ וואס זיי האבן לוחץ געווען און דאס איז געווען א לחץ לפנים, ווי מ'האט דעמולט געוואוסט די חידי סגולה און איצטער איז דאס שוין נתפרסם געווארן, - ס'האבן דאך אבער געוואוסט די וואס האבן גע'חתמ'עט אויף דעם, ותחת לחץ וואס "היינו בעינינו כחגבים" - מ'איז געווען ביי זיך אראפגעפאלן, האט מען מגדיל געווען די סכנת המלחמה דורך אפשוואכן איין צד, דעם צד החלש בגשמיות ובכמות, און ללא כל צורך כלל,

כמדובר - דער לחץ איז געווען מערניט ווי לפנים, און שלום איז ערשט געווען אין דערויף א מוכרח נאכמערער ווי די אנדערע צוויי צדדים, כמובן ופשוט אויכעט דעמולט,

ואדרבה - מ'האט נאך מעורר געווען דורך דעם חתמ'ענען און דורך מקיים זיין בפועל דעם לחץ נוסף וואס מ'זאגט "הב הב" - גיב אלץ מערער און מערער, זעענדיק אז בשעת מ'שרעקט בדברים גיט מען אפ דברים חיוניים בנוגע אין דרך הטבע כדי ס'זאל זיין שלום בשטח ההוא, און כדי כ'זאל זיין שלום בשטח ביז אין כל העולם כולו און אדרבה - מגדיל געווען סכנת המלחמה.

וואס אמת טאקע - ער איז אויך געווען פון די וואס האבן זיך משתתף געווען ער איז אבער ניט קיין בעל בחירה, משא"כ די אידן זיינען געווען בעלי בחירה און איצטער בעלי בחירה, ולמרבית הצער בעוונותינו הרבים, איז נוסף וואס מ'האט גע'חתמ'עט דעמולט, און נוסף אויף דערויף וואס מ'האט דערנאך אנגעהויבן מקיים זיין בפועל זעענדיק די סכנה אז מ'זאל ברייננגען ע"ז מלחמה!

האלט מען נאך - עכ"פ בדיבור אין איין חזר'ן אז מ'וועט מקיים זיין אויכעט אפגעבן אט די ענינים און אט די שטחים און די איבערגעבליבענע אויכעט פון דעם נשק פון דעם אויל פון נאפט, וויבאלד ס'איז אזוי פארשריבן אויף א פאפירל וואס א-חוץ דער צד פון די אידן האט דאס דער צד השני ניט מקיים געווען, כמדובר כמ"פ, אע"פ וואס דער גודל פון אי הקיום ע"י צד השני איז מען מעלים ומסתיר מכל העולם, ובעיקר: מעלים ומסתיר פון אידן!

וואס כאמור - אז אע"פ וואס דערפאר קען מען עם ניט געבן קיין הכרת טובה - די הכרת טובה איז אבער אין דעם אז ער האט געמיינט אדער מ'האט עם איינגערעדט אז דאס וועט מחזק זיין דעם שלום, אע"פ וואס בשעת מעשה ווען ס'האט זיך גערעדט דערפון האט מען אוועקגעלייגט א "מאפע" אויפן טיש, און מ'האט עם באוויזן דעם שטח פון א"י און מ'האט עם באוויזן אז מ'קען ר"ל דורכרייסן די עטליכע קילומעטער (די עטליכע מייל) וואס דאס איז דער רוחב פון א"י, פון ירדן ביז דעם ים התיכון.

וואס דורך יעדער שטח וואס מ'וועט אפגעבן, עאכו"כ יעדער נשק וואס מ'וועט אפגעבן, וועט מען מגדיל זיין אט די סכנה, וואס מוז ברייננגען הילי"ת צו מלחמה.

וואס בשעת ס'איז געווען אט דער דיון, זיינען געווען כו"כ אנשים אין דעם חדר, און ווי די גמ' זאגט א כלל אפי' אז ס'איז דא מילתא דמספרא קמי' תלתא - אז דריי מענטשן זיינען דא דערביי, איז סוכ"ס ווערט דאס נתפרסם, עאכו"כ וואס דארט איז געווען כמ"פ שלשה, און כמה פון זיי האבן געהאט און געוואלט (צי ניט געוואלט) אויכעט דערציילט וועגן דעם פרט וואס ער איז געווען קודם החתימה פון דעם חוזה מחנה דוד כאמור, וואס ער האט געבראכט א צרה און א מצוקה און א סכנת מלחמה און האלט נאך אן איצטער אויכעט אט די אלע ענינים הילי"ת,

מיר האבן נאר די הבטחה אז "הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל" - וועט ער דאס ניט צולאזן, און וועט ברייננגען אז ס'זאל זיין שלימות הארץ א"י לגבולותי' ובדרך של שלום, דורך דערויף וואס אידן וועלן זיך שטעלן מיט א שטארקייט ווי אפגע'פסק'נט אין הל' שבת אין שו"ע או"ח ס' שכ"ט, וואס ס'איז נאך שווערער דער מצב איצטער, ווי דער מצב וועגן וועלכן ס'רעדט זיך אין אט דער סעיף.

כידוע איצטער לכל אלו וואס ווילן וויסן דער מצב און ווילן זיך ניט נארן, און ווי ס'איז געווען מפורסם וידוע חדשים לפנ"ז און א יאר פאר דערויף לכל אלו וואס האבן זיך ניט פארלאזן אויף לוקחי שוחד, און דערנאך געבראכט די שאלה צו רבנים אין א צוקאלעטשטן אופן אז ס'איז געווען פונקט דער היפך ווי דער מצב איז בפועל, און דערפאר האבן זיי ארויסגעקראגן דעם פס"ד וויבאלד דער מצב איז ווי מ'איז עם מתאר איז דעמולט דער פס"ד כך וכך, וואס כאמור - ס'איז געווען א צוקאלעטשטן תיאור המצב, ס'האט זיך ניט גערעדט דער מצב וואס זיי האבן דערציילט די רבנים, נאר אין היפך התכלית נאך שווערער ווי דער מצב וועגן וועלכן ס'רעדט זיך אין דעם סעיף,

וואס דאס איז א מאמר המוסגר, כדי ניט צו א טעות האבן אז דא איז דא עפעס - ח"ו - א ענין פון חרטה אויף א ענין פון הלכה בתורה היל"ת, וואס דבר ה' זו הלכה קען זיך דאך ניט בייטן אפי' אז ס'קומט צוגיין א איד און זאגט אז דער מצב איז א היפך ווי דער מצב איז במציאות.

קען ער בייטן דאס וואס מ'וועט עם זאגן בדיבור, אויב יענער איז א תם און פארלאזט זיך אויף עם און עס פאלט ניט איין (מצד התמימות) אז אפשר איז דער וואס דערציילט עם א משוחד, אבער די מציאות האט אויף דערויף קיין שליטה ניט אט דער וואס ער איז א משוחד, עאכו"כ אז אלע וויסן אז ער איז א משוחד, און אעפ"כ אכלתי ואוכל עוד - ער איז עומד בתקפו עד היום הזה, אויף אראפפירן רבנים פון געבן דעם פס"ד דורך דערויף וואס ער צוקאלעטשט דעם תיאור המצב אפילו ווי ער איז איצטער, און דערציילט זיי ניט דער מצב ווי ער איז באמת.

וואס כמדובר כמ"פ, אין עניני אויף אנרופן נעמען, און בפרט נאך לכאו' דאס איז דאך נוגע לפועל, און בשעת ס'איז נוגע לפועל טאר מען זיך ניט אפהאלטן פון תיאור וסיפור הדברים לאמיתתם, ובפרט נאך אז ס'איז נוגע צו פקוח נפשות פון דריי מיליאן אידן היל"ת,

- דארף מען אבער ניט אנקומען אז איך זאל אנרופן נעמען, ווארום דער משוחד (משוחדים) אליין וויסן, אז דאס זיינען זיי; און די רבנים צו וועלכן זיי זיינען געקומען וויסן אויכעט אז די וואס האבן זיי דערציילט איז דערנאך נתגלה ונתפרסם געווארן אז ס'איז געווען היפך המציאות, און אויף דערויף האבן זיי געגעבן דעם פס"ד.

ואין עניני דוקא אנרופן מיט די נעמען בשעת דאס איז א דבר מפורסם פאר ארץ הקודש והדרים עלי', און ס'איז שוין אויכעט דערגאנגען אין חו"ל.

וואס כמדובר - איז דאס אלץ א מאמר המוסגר.

בנוגע אבער א ענין וואס ס'קומט הכרת תודה, איז קיין אונטערשייד ניט, אפילו א ירוד ממדריגתו מ'קען פון עם ניט ערווארטן און בעטן ער זאל טאן א טובה באופן זה או טובה בענין אחר,

איז ע"פ תורת אמת און תורת חיים דארף מען אנערקענען די הכרת טובה פאר יעדער דבר טוב עאכו"כ פאר א דבר עיקרי: אז בדרך הטבע איז ער געווען דער שליח אויף אפהיטן די הונדערטער מיליונען מענטשן וואס זיינען ניט אריינגעפאלן ר"ל אין א מעמד ומצב של מלחמה.

דערנאך קומט צו (ווי געזאגט פריער) אז די חפצא איז די זעלבע, ס'איז אבער א נייע תקופה אין די חפצא, איז לכל לראש וואס ס'דארף זיין די השתדלות אע"פ וואס ס'איז דאך א זיכערע זאך אז וויבאלד אז דאס איז א יסוד פון די גאנצע הנהגה פון דער מדינה, ביז וואנענט אז דאס ווערט געדרוקט אפי' אויף "היקום אשר ברגליהם", זה ממונו של אדם שמעמידו על רגליו (ווי די גמ' זאגט אין סנהדרין), איז דאך

אבער אינו דומה, ובפרט נאך אז דאס קומט ע"י בחירות דער מינוי פון אדב חדש אויף די חפצא, ע"י בחירות וויל מען דאך וויסן דעת הקהל, ובפרט נאך אז מ'דארף האבן אין דערויף דעם אופן פון "הנחה למדינות עשה" יתר ווי מ'האט געטאן ביז איצטער, אע"פ וואס עס האט דעמולט אויך געדארפט געטאן ווערן מיוסד אויף די יסודות פון קיום מדינה זו.

און דאס איז מיט די תוצאות שבזה, כמדובר, אז לכל לראש איז דער יסוד אז מיר גלויבן אין דעם אויבערשטן, וכמדובר כמ"פ אז זאגן בשפת המדינה דער ווארט פון אמונה (גלויבן) קען מען זאגן אין פארשידענע-ערליי ווערטער.

וואס דא האט מען אויסגעקליבן דעם ווארט "טראסט", וואס "טראסט" האט אין זיך דער מיינונג און דאס איז דער חילוק לגבי שאר ביטויים וואס זיינען כולל אין זיך דער ענין האמונה, אז דאס איז ניט נאר א אמונה בפשטות ובנוגע אין חקירה שבדבר, אן אמונה אין שכל שבלב, אן אמונה בשעת ער רעדט מיט א צווייטן זאגט ער אז ער איז א מאמין, און אזוי איז מחנך אפילו את בניו ואת ביתו אחריו אז זיי זאלן אויכעט זיין מאמינים.

בשעת מ'נוצט אויף אמונה דעם ווארט "טראסט" איז דאס דער ענין אז מ'גלויבט אין עם און מ'פארטרויט זיך אין עם, ד.ה. אז מ'גיט עם אפ כל עניניו בדוגמא ווי מ'נוצט דעם זעלבן ווארט אז מ'נעמט נכסים און מ'גיט דאס איבער א מענטשן אדער א ארגון אז זיי זאלן דערמיט אנפירן, ווערט דאס אויכעט אנגערופן בשם "טראסט" מצד דעם טעם גופא.

און אט דאס זאגט מען, אז אין דעם אויבערשטן איז ניט אז מ'איז מאמין בו, און דערנאך פירט ער זיך ווי די גירסא אין עין יעקב אין סוף ברכות "גנבא אפום מחתרתא רחמנא קריא" - ער גלויבט אין דעם אויבערשטן, און גלויבט עם אז ניט נאר אז דער אויבערשטער איז "אבסטראקט" - א ענין בפ"ע, נאר ער איז משגיח עליו און קען עם העלפן, דערפאר איז ער "רחמנא קריא" - ער בעט ביי דעם אויבערשטן ער זאל עם מצליח זיין - בריינגען הצלחה, אבער ניט ער פארטרויט זיך און גלויבט דעם אויבערשטן - "טראסט" אז ער וועט עם צושטעלן פרנסה אין א וועג ווי דער אויבערשטער וויל - אין דערויף האט ער ניט קיין צוטרוי צו דעם אויבערשטן.

- ער טראכט ביי זיך אז ווי אזוי קען ער באקומען זיין פרנסה, דורך דערויף וואס ער וועט זיין "גנבא אפום מחתרתא".

וואס דאס איז אויכעט ווי געזאגט ס'איז "רחמנא קריא", און מיינט דאס מיט אן אמת אז דער אויבערשטער העלפט עם, אבער זאגן אז ער פארטרויט זיך, און האט א צוטרוי צו דעם אויבערשטן בכל עניניו ביז אין א אופן פון "טראסט" זאגט ער ניין! אט דא האט ער א שכל עצמו, און שכל עצמו זאגט עם אז דער אויבערשטער קען עם ניט געבן קיין פרנסה סיידן אז ער וועט זיך פירן פארקערט פון דער ציווי פון "רחמנא", במילא ווערט ער א "גנבא בפום מחתרתא".

וואס עד"ז איז דאס דא בדקות: אז מ'זאגט אז ער גלויבט אין דעם אויבערשטן און גלויבט אין אידישקייט און ער גלויבט אז אזוי דארף ער זיך פירן בחייו הפרטים. בשעת ס'קומט אבער אין א שאלה מיוחדת וואס דארטן דארף ער האבן צו טאן מיט ניט אידן, און וואס נאכמערער - ער דארף האבן צו טאן מיט ניט אידישקייט, איז אט דעמולט האלט ער אז ער קען זיך ניט פארלאזן אויף דעם אויבערשטן, וואס דער אויבערשטער האט געזאגט אז "התורה זו לא תהי' מוחלפת" - מ'טאר אין איר ניט מאכן קיינע שינויים, - נאר ער האלט אז ווי אזוי קען מען מקרב זיין אידישע יוגנט (א אידישער בחור אדער א אידישע מיידל) צו אידישקייט דורך דערויף וואס ער וועט זיי זאגן אז תורת ה' האט מערניט ווי 612 מצוות ניט 613 מצוות,

אדער מערער: ער האט מערניט ווי די מצוות שבין אדם לחבירו אבער ניט די מצוות שבין אדם למקום.

וכיו"ב אין פשרות איז דאך ניט שייך קיין מספר, וואס כמדובר כמ"פ "אמת" אז מ'זאגט תורת אמת איז דאס איין און איינציקע תורה.

אז מ'הויבט אן מאכן פשרות קען דאס זיין למחצה לשליש ולרביע ביז אין חלוקות עד אין סוף.

וואס דאס איז אויכעט אלס א מאמר המוסגר בנוגע צו די השתדלות, אויף מסביר זיין, אז די אמונה וואס די מדינה האט דאס געשטעלט אלס א יסוד פאר הנהגות כלל המדינה און הנהגות כל אנשי המדינה, אלערליי פעלקער וואס געפינען זיך אין דער מדינה, איז דאס נוסף אויף.דערויף וואס מ'גלויבט אז ס'איז דא א בורא עולם, גלויבט מען אויכעט אז דער בורא עולם איז מנהיג את העולם; און מ'גלויבט אויכעט אז ער איז מנהיג ניט נאר כללות המדינה, נאר אט דער וואס ס'האלט איין און איינציקן שטר כסף, האלט ער ביי זיך און זעט אז די מדינה איז עם מודיע אז אין דעם אויבערשטן איז "ווי טראסט",

וכמדובר, אז דער איש פרטי אדער אשה פרטית אדער קטן וואס האלט אט דעם שטר כסף אדער מטבע כסף, זאגט אן הנהגת המדינה אז ער דארף גלויבן אין דעם אויבערשטן, און ניט סתם גלויבן אז דער אויבערשטער געפינט זיך בשמים, נאר אז דער אויבערשטער געפינט זיך דארט וואו מיר געפינען זיך און 'זוי' געפינען זיך.

און געפינט זיך דארט אין א אופן וואס מיר פירן זיך יעדערער פון אנשי המדינה, אלס יחיד, עאכו"כ אלס א גרופע אלס א כיתה און אלס א קיבוץ, אין א אופן וואס "טראסט" - אז מ'פארטרויט זיך אין דעם אויבערשטן ביז ווי אין א "טראסט" כפשוטו, מ'גיט איבער לרשותו כל נכסיו הגשמיים און כל נכסיו הרוחניים, ניט דורך דערויף וואס ער ווארפט עס ארויס ח"ו, דאס איז היפך התורה ווי ס'שטייט "המבזבז אל יבזבז יותר מחומש",

נאר בשעת ער פירט אן מיט זיינע נכסים, צי דאס איז נכסים גשמיים, צי דאס איז נכסים רוחניים, כולל אויכעט די השפעה וואס ער קען האבן בסביבתו און די השפעה וואס ער קען האבן על אנשי המלוכה - פירט ער דאס דורך אלס א שליח פון דעם בעל ה"טראסט" - פון דעם אויבערשטן לויט זיינע הוראות.

וואס דערפון קומט גלייך ארויס (כמדובר כמ"פ) המעשה הוא העיקר:

אז מ'רעדט ובפרט מיט אנשי המלוכה, און מיט אנשי המלוכה וואס האבן נאך א ידיעה אין חקירה און זיינען אליין חוקרים, איז קען זיין אז מרוב ההעמקה והסברה אין דער חקירה שבדבר און אין די פילוזופיע שבדבר וועט גארנישט ניט ארויס במעשה בפועל.

וואס דער עיקר איז - ובפרט הנהגה פון א מדינה, ובפרט העומד בראש ההנהגה - אז ס'זאל אראפקומען במעשה בפועל בנוגע לכל אנשי המדינה.

און אט דאס איז כאמור לכל לראש אז מ'זאל מסביר זיין ביז וואנענט אז דאס וועט ווערן א דבר פשוט ביי כל אנשי המדינה, אז אין דעם אויבערשטן גלויבט מען ביז אין א אופן פון "טראסט" - אז מ'פארטרויט זיך אין עם, און מ'טרויט עם אן אלע ענינים וואס מ'האט ביי זיך, סיי רוחניים, און סיי גשמיים.

ווי אזוי קען מען דאס דורכפירן מיט כל אנשי המדינה - היינגט דאס אפ אן דער חינוך פון אנשי המדינה:

וואס א חינוך פון א מענטשן הויבט מען ניט אן ווען ער קען שוין גיין "וואטער" און ער ווערט אלט אכצן-צוואנציק יאר - א חינוך הויבט זיך אן "משהגיע לחינוך", ווי אנגעוויזן אין תורת אמת, און דערנאך אראפגעקומען אויכעט אין כל העולם כולו

אז ס'הויבט זיך אן בקטנות האדם, - "חנוך לנער" וואס דעמולט ווייס מען וואס ס'וועט זיין "כי יזקין" ווי אזוי ער וועט זיך פירן ווען ער וועט שוין ווערן אן ערוואקסענער.

ד.ה. אין אנדערע ווערטער: בשעת א מדינה שטעלט אין איר יסוד אז דער חינוך פון אנשי המדינה דארף דאס געפירט ווערן, און באצאלט ווערן ע"י המדינה, ווארום דאס איז א תביעה ודרישה עיקרית, און א זכות וחיוב עיקרי פון דער מדינה צושטעלן דעם חינוך המתאים והטוב לכל אנשי המדינה, און אין א אופן ווי דאס איז פארבונדן אז אין דעם אויבערשטן "טראסט" מען.

ווי אזוי ווערט דאס אויפגעטאן, אז בשעת מ'איז מחנך קינדער אין די בתי ספר של המלוכה, און כאמור - דאס רעדט זיך פון כל בני המדינה, סיי אידן און סיי ניט אידן, איז אט דעמולט דארף דער חינוך זיין מיוסד (ווי געזאגט געווארן) על יסוד כל המדינה כולה שנתפרסם, אז דאס איז באשטימט און דאס ווערט אנגעפירט דורך דערויף וואס מ'פארטרויט זיך אין דעם אויבערשטן, נוסף אויף דערויף וואס ער גלויבט אין דעם אויבערשטן און האלט אז דער אויבערשטער האט באשאפן די וועלט, און איז א גרויסע זאך מיט אלע מעלות וואס ער ווייס וועגן דעם אויבערשטן -

איז ניט דאס איז דער עיקר אין חינוך - דער חינוך איז אז ער פועל'ט ביי דעם קינד המתחנך [א איד צי ניט קיין איד, א אינגעלע אדער א מיידעלע, אז ער פועל'ט אין עם] אז ער זאל גלויבן אין דעם אויבערשטן, און זיך אנפארטרויען אין דעם אויבערשטן ביז אין א אופן פון "טראסט" - אז ער גיט זיך איבער אינגאנצן צו עם.

וואס אט דא הויבט זיך אן די טענה הידוע:

דאס איז לכאו' בסתירה, אז מ'דארף מבדיל זיין צווישן דער הנהגת המדינה מיט עניני דת?!

איז כמדובר כמ"פ אט דאס וואס ס'איז מפורסם לכל, אז די כוונה בזה איז געווען ניט אלס א ענין פון מלחמה בדת, אפילו ניט התנגדות לדת, אפילו ניט אויף ח"ו ניט רעדן וועגן דת,

- אזוי ווי בשעת מ'איז געקומען למדינה זו, זיינען געקומען אט די וואס זיינען אנטלאפן פון רדיפות, וואס זיי האבן געהאט דורכדעם וואס זיי האבן זיך געפירט ע"פ דתם, געהאט די רדיפות פון די מלוכות פון יענע מדינות פון וואנענט זיי האבן אנטלאפן, האבן זיי דאס גלייך באווארנט אז מכאן ולהבא זאל זיך די מלוכה ניט קענען מישן זיך אין אמונה ודתו של בני המדינה, אבער די כוונה בזה איז געווען ניט מישן זיך אין א אופן אויף זיי רודף זיין!

כאמור - אט דאס איז געווען די איינציקע סיבה המפורסמת וידועה לכל.

וואס דערפאר איז ניט נאר דאס איז ניט קיין סתירה צו כל האמור לעיל, נאר דאס איז מסייע לזה;

בשעת מ'גיט ניט קיין סיוע צו די בתי ספר דתיים, איז אט דעמולט איז מען רודף אט די וואס גיבן אפ זייערע קינדער אויף חינוך אין די בתי ספר דתיים, רודף דורך זייער ממון וואס ער איז מקים את האדם על רגליו כמדובר לעיל, דורך דערויף וואס נוסף אויף דערויף וואס זיי זיינען זיך משתתף ע"י המיסים אין אונטערהאלטן די בתי ספר המונהגים ע"י המלוכה [אזוי גערופענע "פאבליק סקול"] וואס דאס איז געמאכט געווארן אויכעט צוליב זייער חינוך וואס זיי ווילן אז דאס זאל ניט זיין בסתירה און רדיפה פון זייער חינוך, און מ'גיט און מ'איז זיי מעניש - אין אנדערע ווערטער, דאס איז א רדיפה, פון די וואס זיי זיינען אמת'ע דתיים מיזן זיי זיך

מחנך זיין זייערע קינדער ווי ס'שטייט אויף א דאלער אפגעדרוקט אין א אופן אז דער קינד זאל זיך פארטרויען אין דעם אויבערשטן, און אין "פאבליק סקולי" האט מען ביז איצטער ניט געלאזט דערציילן וועגן דעם,

און במילא דארפן זיי האבן בתי ספר משלהם, און בעטן מ'זאל זיי מסייע זיין, אדער אומקערן פון זייערע מיסים כדי זיי זאלן קענען דערמיט שטיצן די בתי ספר וואו זיי זיינען מחנך זייערע קינדער לפי דת שלהם, איז מען רודף זייער דת, מישט זיך אריין הנהגת המדינה אין די ענינים של דת, נאר מישט זיך אריין בעקיפים ניט אין א אופן פון קום ועשה נאר אין א אופן וואס מ'קערט זיי ניט אום די מיסים וואס פון זיי וואלטן זיי געקענט אויסהאלטן זייערע בתי ספר, אנשטאט אז דערמיט זאל אויסגעהאלטן ווערן די בתי ספר הכלליים.

אפילו מ'וועט דאס נאכגעבן, איז דאס אויך ניט אט דאס וואס ס'שטייט אפגעדרוקט על יסוד המדינה, אט די קינדער פון דעם מדינה וואס זיי גייען אין די בתי ספר וואס ווערן אנגעפירט ע"י המדינה, איז פונקט אזוי ווי די מדינה דרוקט אפ און איז מפרסם בדפוס, אז מ'פארטרויט זיך אין דעם אויבערשטן, און מ'זאגט אז דאס איז ניט נאר מ'פארטרויט זיך אין עם די דתיים שבמדינה וואס שיקן די קינדער אין בתי ספר דתיים, נאר אין דערויף פארטרויען זיך אין א אופן פון "טראסט" כל אנשי המדינה,

דארף ווערן א יסוד אין דער חינוך פון כל בתי ספר, ואדרבה - לכל לראש אין די מדינה וואס ווערט אנגעפירט און אויסגעהאלטן דורך די וואס דרוקן די געלט פון דער מדינה, און די וואס עומדים על גביהם, אז ס'זאל זיך דא אט דער אין וועלכן מ'דארף ניט נאר גלויבן נאר אויכעט פארטרויען, וואס דאס איז ג-ד [כנהוג - אז מ'דערמאנט ניט דעם נאמען וואו מ'קען דאס אויסמיידן, אפי' ניט בשם לע"ז וכו', ווי דער אלטער רבי ברייננגט דאס אויכעט אראפ אין שו"ע].

וואס זעלבסטפארשטענדליך כמדובר, די מדינה טאר זיך ניט אריינמישן אין די ענינים וואס ס'איז דא א חילוק בין דת לדת, וואס דעמולט ווערט א רדיפה פאר איין דת אויפן חשבון פון נאכגעבן א צווייטן דת,

ס'איז אבער דא דער ענין המשותף לכל הדתות כולם, וואס דאס איז אט דער הכרזה אז ס'איז דא אן אויבערשטער און אין עם גלויבט מען און אין אים פארטרויט מען זיך מיט דעם גאנצן אינהאלט וואס ס'איז דא אין דער ווארט "טראסט", וואס דאס איז א דבר המשותף לכל הדתות,

וכאמור - דאס איז ניט אריינגעמישט זיך און מבטל געווען די "סעפאריישן" (די אפטיילונג) צווישן די הנהגת המדינה מיט דת, וואס זי איז איינגעשטעלט געווארן כדי ס'זאל ניט זיין קיין רדיפות הדת,

די בעסטע ראי' אז ס'איז ניט קיין סתירה - וואס מ'דרוקט דאס על ידי הנהגת המדינה אויף יעדן דאלער, א קלארע הכרזה פון אמונה בה' און אמונה אין א אופן פון "טראסט",

ובפרט נאך ווי מ'זעט דאס בפועל: אז כדי קינדער זאלן זיך איינהאלטן פון תאוות ורצונות וואס קען אריינפאלן א קטן אדער א קטנה, מפני קטנותם בשכל, און ניט רעכענענדיק זיך אז דורך דערויף איז ער עובר אויף לא תגנוב וכיו"ב, זעט מען בפועל אז ס'איז ניט גענוג אט דאס וואס דער לערער אדער דער מדריך וועט עם זאגן אז מ'וועט אים מעניש זיין, דאס דארף זיין פארבונדן אז גלייך ווי ס'הויבט זיך אן זיין חינוך, איז דאס מיוסד און אזוי ווערט דאס איבערגע'חזר'ט בכל יום ויום מיט א "סיילענט פרייער", מיט מחשבת אמונה בלב און נאכמערער - אז ס'זאל ארויסגעזאגט ווערן בדיבור אז מ'פארטרויט זיך אין דעם אויבערשטן.

און אט דעמולט ווערט ער סוכ"ס דורכגענומען מיט דער אמונה, אז בשעת ער וויל טאן א ענין ווי לא תגנוב וכיו"ב, גיט ער זיך א כאפ אז דאס איז היפך פון דעם אויבערשטן'ס רצון, און וועלכן ער האט געזאגט אינדערפרי אז ער פארטרויט זיך אין עם מיט אלע זיינע ענינים.

וכמדובר כמ"פ - אז אע"פ אז מ'האט זיך גערעדט כו"כ פעמים אין דעם ענין, און מ'האט זיך משתדל געווען אין דעם ענין וכו', און עד היום הזה האט מען דאס לײדער ניט דורכגעפירט, און ס'איז א בזיון צו דערציילן יד ישראל באמצע, די מערסטע וואס האבן זיך געקאכט אז מ'מוז אפהיטן דעם אמענדמענט פון "סעפארײשן" איז דאס געווען דוקא אידן, און אידן וואס שטאמען ניט פון די אזוי גערופענע "פאונדערס" - פון די וואס האבן געגרינדעט די מדינה ווארום אבותיו זיינען געקומען מעבר לים,

איז ער געשטאנען בראש, און שטייט עד היום בראש, היתכן אז מ'גייט אנרירן א ענין פון די "אמענדמענט" ניט רעכענען זיך לגמרי מיט דער מציאות כמו שהיא וואס זי איז ניט געקומען אין א אופן ניסי, אט די ירידה מבהילה וואס ס'איז דא אין די הנהגה פון די יוגנט, ובפרט די יוגנט וואס לערנט זיך אין די "פאבליק סקולס", דוקא במשך פון די שנים אחרונות, וואס אפי' אז דעמולט איז דאס ניט געווען אין "פאבליק סקול" (דער ענין האמונה), האט אבער דעמולט געהאט א שליטה אין חינוך הבנים והבנות [איז געווען בעיקר ע"י] האבות והאמהות שלהם (דורך זייערע עלטערן), וואס זיי האבן זיך מתחנך געווען על יסוד פון אמונה בבורא עולם ומנהיגו ביז אין א אופן פון "טראסט",

בשעת ס'איז אויסגעוואקסן א דור חדש, וואס איז אויסגעוואקסן אין די "פאבליק סקול" און ווייס ניט - "לא ידעתי את ה'" און "לא ידעתי" אפי' את האלקים, האבן זיי ניט געהאט קיין השפעה בכלל אויף חינוך בניהם ובנותיהם, ווארום אט דאס פילן זיי אויך ניט אלס זייער התחייבות! זיי דארפן אויף דערויף אפגעבן פון זייער צייט, פון זייערע תענוגים, און אדם קרוב אצל עצמו אפילו מערער ווי בניו ובנותיו!

איז אויסגעוואקסן א דור חדש וואס לא ידע את ה' ולא ידע את האלקים, ביז וואנענט צו די ירידה מבהילה ווי ס'איז געווארן אין דעם דור האחרון.

און דערנאך קומט צו דער צווייטער ענין: אז מ'זאל מאכן פון א ריבוי, זאל מען מאכן אז ס'זאל זיין א התאחדות.

וכמדובר בארוכה אין א פריערדיקער געלעגנהייט, אז די מדינה איז דאך איינגעשטעלט אויף בחירות, וואס ביי די בחירה מוז זיין א ריבוי, און דעמולט זאגט מען אז "אחרי רבים להטות",

איז דאס אלץ בד"א אז ס'בלייבט דער "פלוריבוס" - דער ריבוי קודם גמר הבחירה, אבער די גאנצע כוונה פון דעם רבים איז אז מ'זאל מאכן פון דעם רבים ע"י בחירות אין א אופן פון צדק ויושר - בחירות אמיתיות, אז מ'זאל מאכן פון זיי א ענין א אחדות און א התאחדות בכו"כ ענינים וואס דערפון האלטן אלע, און דאס זאל ווערן די מיינונג אפילו אויכעט פון דער מיעוט, אפי' אז ער האלט שלא באופן כך, אבער ער איז מוותר, וויבאלד אז דאס איז ניט א ענין עיקרי, א ענין וואס איז תלוי אין בחירת האדם, און די בחירה האט מחליט געווען באופן כך ווערט דאס אויכעט זיין דיעה.

וואס דאס איז בכלל ביי יעדער ענין וואס קומט ע"י בחירות,

עאכו"כ אין א בחירה עיקרית, אז אע"פ וואס קודם הבחירה איז געווען אין א אופן פון "רבים", און רבים ניט נאר בגוף נאר נאכמערער: רבים באיכות, וואס יעדערער האט געהאלטן אנדערש ווי ס'האט געהאלטן א צווייטע מפלגה, אויכעט בנוגע ווען מ'זאל אויסקלײַבן אויף דער חפצא צו אנפירן מיט דעם תפקיד.



הנחה פרטית בלתי מוגה

איז לאחרי ווי ס'איז שוין געווען די בחירות, איז אט דעמולט איז די כוונה אז פון דעם רבים זאל מען מאכן א התאחדות אז לאחרי זה איז הכל מודים בו.

און עד"ז אויכעט אין כיוון מלמעלה למטה:

אע"פ וואס ער איז אויסגעקליבן געווארן ע"י הרבים, און ס'איז דא א מיעוט וואס איז געווען נגדו, איז דאס אלץ דער חילוק פון "נגד" און "בעד" לפני הבחירות.

אבער לאח"ז וואס ער איז אויסגעקליבן, ווערט ער דעמולט א פארשטייער אויכעט פון דער מיעוט - און ניט נאר אויכעט בדרך טפל, נאר בשוה ממש, ווארום דאס ווערט איין מציאות, מ'האט אויסגעקליבן איין מענטשן, און ער ווערט דערנאך אלס א בא-כח און אלס א מנהיג פון דער מיעוט אזוי ווי פון דעם רבים.

וואס דערפאר ווערט פארלאנגט פון עם און געהאפט פון עם די הנהגה באופן אז ס'וועט ניט זיין קיין אונטערשייד צווישן די וואס האבן געהאלטן "בעד" און צווישן די וואס האבן געהאלטן "נגד", צווישן דעם מיעוט און דעם רבים - און ער איז ממלא תפקידו באמונה בנוגע לכל אחד ואחד בשוה ממש.

וכמדובר לעיל, אין די אלע ענינים וויבאלד אז דאס איז דער טאג, וואס דעמולט ווערט די תקופה חדשה, כמדובר אויכעט אז מ'האט דאס געזען אין א מעשה גשמי וואס דער האט זיך געזעגנט און א צווייטער איז אריינגעפארן און דער איז ארויסגעפארן וכו' - איז דאס אין א אופן פון "והנחה למדינות עשה" - אז ניט ווארטן און ציען און פלפול'ן זיך בנוגע צו שטיצן די בתי ספר דתיים, נאר טאן דאס בפועל ובהקדים ויפה שעה אחת קודם.

עד"ז אין א ענין ניט ווייניקער עיקרי, און בכמות נאכמער עיקרי, און אפשר אויך באיכות מערער עיקרי:

אויף מאכן דער קיום פון שבע מצוות ב"נ, דורך דערויף וואס מ'וועט לייגן דעם יסוד און דער התחלה פון כל יום ויום אין חינוך פון די קינדער שהגיעו לחינוך וואס דעמולט איז דאך ע"פ חוק המדינה מוזן זיי גיין אין בית ספר, זאלן זיי אין דעם בית ספר הערן ניט נאר וועגן מעשה אנוש ותחבולותיו, און וועגן בע"ח און צומח און חי ומדבר,

נאר הערן וועגן יסוד היסודות ועמוד החכמות וואס ער איז אמיתית המציאות ומאמיתית המצאו נמצאו כל הנמצאים כולם,

וואס אע"פ פאר א קינד קען מען דאס ניט מבאר זיין - אבער די נקודה בדבר איז דאך, אז דער יסוד און די אמיתית פון דעם קינד און פון דעם בית ספר און פון דעם מורה און מחנך, און פון דעם מנהיג המדינה, איז דאס אמיתית המצאו.

און דערפאר איז בדרך פשטות מובן פארוואס ער גלויבט אין עם, און נאכמערער: ער "טראסט" אין עם - ווארום דאס איז זיין גאנצע מציאות!

וואס ביי א קינד דריקט זיך דאס אויס כמדובר, אין עטליכע ווערטער וואס זיי זיינען אנגענומען ביי כל הדתות כולם, עאכו"כ אויב ס'וועט זיין במחשבה, אבער במחשבה זעט יעדער מחנך אז ס'מאכט ניט קיין איינדרוק אויף א קינד! מחנך זיין א קינד, עכ"פ איזה רושם אויף א קינד, דארף דאס דער קינד הערן בדיבור.

אט דאס וואס מ'וועט עם זאגן וואס ער זאל טראכטן, אדער דאס וואס א צווייטער טראכט, איז אין חינוך, אדער ס'איז לגמרי קיין ממשות ניט, אדער א ממשות שאין בה ממש!

וואס דאס איז כמדובר - דער אופן פון איינפירן א קורצע תפילה השוה לכל דת ודת, און וואס וויינקער ווערטער איז אלס בעסער, ביז וואנענט - עכ"פ און דאס איז געגוג און כולל הכל-בשעת מ'וועט דעם קינד פארטייטשן און ער וועט דאס זאגן בתחלת כל יום אט די פיר ווערטער.

און זאגן עס אז דאס איז ניט מן השפה ולחוץ, נאר מ'זאגט דאס אלץ א יסוד צו די אלע ענינים וואס מ'גייט מיט עס לערנען לאח"ז,

און כמדובר אין א אופן פון "הנחה למדינות עשה" - ניט ווארטן אויף אלערליי דרייעריי און מאכן דערנאך "קאמיטיס", און ממנה זיין אנשים מיוחדים וואס זיי מאכן א רעסערטש וואס וועט זאגן פלוני און וואס פאר א תועלת דאס וועט ברענגען און וויפל דאס דארף קאסטן, און דערנאך וועט מען דאס ברענגען צו אפשטימונגען, און דערנאך וועט מען דאס ברענגען פון איין הויז אין דער צווייטער הויז, און דערנאך דארף מען מאכן א קאמיטי וואס זאל אויסגלייכן (כנהוג במדינה זו) דער נוסח פון איין הויז ביז דער צווייטער הויז, [אע"פ וואס מ'קען זיין דער אונטערשייד מערניט ווי אין ווערטער און ניט אין תוכן], און דערנאך וועט דאס אוועקגיין ווען דער יושב ראש פון דעם וועד הממונה אויף דער סדר היום וועט זיין גוט געשטימט און וועט וועלן טאן א טובה און דאס ארויפשטעלן על סדר היום, מיט די אלע דרכים וואס מ'האט געטאן בכו"כ ענינים חשובים.

איז אט דאס איז דער סדר, וכמדובר דאס איז ניט אנטקעגן א קונסטיטוציע און ניט אנטקעגן א חוק נאר אדרבה - אין דערויף באשטייט דער יסוד וקיום המדינה פונקט אזוי ווי אין דערויף באשטייט מציאות כל הנמצאים כולם אין די אמונה אין א אופן פון "טראסט".

און טאן דאס בהקדם - "יפה שעה אחת קודם", נוסף ביז אין מעשה בפועל - דאס זאל איינגעפירט ווערן בפועל - (במעשה בפועל),

און נוסף אויכעט אין מעשה בפועל - ארויסהעלפן אט דארטן וואס ס'איז דא דער חינוך דתי אין בתי ספר דתיים, אז זיי זאלן קענען אריינגעמען מספר תלמידים וואס ווילן אהינצו אריינגיין.

עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן באצאלן די הוצאות פון די נסיעות, אוו פון די ענינים בריאות און פון די ענינים לימוד חול וכו', וואס אויף דערויף איז גאר ניטא קיין תירוץ און בארעכטיקונג און אמתלאות,

און טאן דאס אין א אופן פון יפה שעה אחת קודם, עאכו"כ יום אחד קודם.

און ויה"ר, אז דאס זאל זיין די התחלה טובה, און דאס זאל דערנאך ממשיך זיין א טוב הנראה והנגלה אין הנהגת המדינה בכל שאר עניני המדינה ביז אין א אופן אז ס'וועט זיין "טוב לשמים וטוב לבריות", וואס דאס איז דאך מיוסד אויף אמת אמיתי - אמת לאמיתתו, און שלום אמיתי, וואס דאס ברענגט אראפ ברכת ה' בגלוי למטה מעשרה טפחים, ובפרט אין דעם ענין פון "לב מלכים ושרים ביד ה'" אז זיי זאלן גיין און טראכטן און ריידן און טאן ווי דער אויבערשטער וויל,

וועט דאס זיין דער טוב בגלוי, כאמור - למטה מעשרה טפחים, אויף צוגרייטן די מדינה און צוגרייטן די גאנצע וועלט, אין א אופן אז ס'זאל זיין ראוי צו ביאת משיח צדקנו,

וואס דעמולט וועט דאך זיין דער שלימות התיקון פון לשבת יצרה - לתקן עולם במלכות שד"י,

אז נוסף אויף דערויף וואס ס'וועט זיין "לא לתוהו בראה אלא לשבת יצרה",

בנוגע .. א יענטשן - א מדבר, וואס דאס איז אויכעט כולל ב"נ, וואס דערפאר איז דער ענין פון "לשבת" אויכעט דא ביי ב"נ, כמבואר בגמ' ובפוסקים,

און צוגרייטן ראס צו א דירה פאר אדם העליון שעל הכסא, לעשות לו ית' דירה בתחתונים, ובתכלית השלימות,

בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

* * *

ד. ס'איז דאך נהוג אויף מאכן א סיום בהתוועדות זו - עכ"פ מפני קיצור הזמן, בקיצור.

ובהקדים - ס'איז דאך כמדובר כמ"פ, א סיום איז דאך דא ס"ג מסכתות בש"ס, עכ"פ "ששים המה מלאכות" - ששים מסכתות.

בהתאם להמדובר לעיל אז דאס איז א התוועדות פארבונדן מיט א נשיא, און פארבונדן מיט א נשיא וואס ער איז אין עולם האמת איז במילא מצד כל הענינים השייכים לזה, און פארבונדן מיט א נשיאות ולאמיתתה וואס זי איז אויכעט צרכי ציבור צוזאמען מיט לימוד התורה כמדובר לעיל בנוגע צו רעיא מהימנא - משה רבינו, און דערנאך "אתפשטותא דמשה בכל דרא ודרא" ביז דורנו זה - נשיא דורנו דער רבי דער שווער, וואס ביי עם איז אויכעט געווען די הנהגה פון הפצת התורה ולימוד התורה ביז תורה ברבים, און צוזאמען דערמיט עסקנות בצ"צ ביז אין דעם אופן פארבונדן מיט עיר הבירה, סיי בנוגע לפני הנשיאות שלו און סיי בנוגע אין די זמנים וואס איז נאך ניט געווען תוקף הרדיפות,

און אזוי אויכעט בשעת ס'איז געווען תוקף הרדיפות במדינה ההיא, ועד"ז אויכעט בבואו למדינה זו, ע"י שלוחיו וואס שלוחו של אדם כמותו אין עסקנות ציבורית אין כו"כ ענינים.

וואס אט די ענינים, נשיאות, און פארבונדן מיט עסקנות וכיו"ב, איז דאך דא אין מקומות מפוזרים אין ש"ס בכמה מסכתות,

ס'איז דאך אבער דא אין א מסכתא וואס דארט געפינען זיי זיך רובם, און עכ"פ אויב ניט רובם בכמות, עכ"פ די ענינים העיקריים שבזה.

און דאס איז בפרט אין א סיום המסכתא, און דאס איז דער סיום פון מס' הוריות.

וואס דער סיום פון מסכתא הוריות איז: אז ס'איז געווען א שוק"ט צי סיני עדיף, צי עוקר הרים עדיף, און דערנאך איז געווען די מסקנא אז "הכל צריכים למארי חטיא" וואס דערפאר איז דאס דער ענין פון סיני.

וואס ס'איז דאך ידוע אויף דערויף די שאלה: דער דין אין הל' ת"ת איז אז בשעת דער וואס קען מחדש זיין בתורה, און דער לימוד זיינער וועט זיין מערניט ווי חזר'ן אט די זאכן וואס ער ווייס שוין, און דאס חזר'טער'זיי כמ"פ ביז מאה פעמים ואחת אדער נאכמערער, איז אט דעמולט [ווי דער אלטער רבי ברייננגט דאס אויכעט אראפ אין הל' ת"ת שלו, און שוין אויכעט אנגעוויזן די מקורות אויף דערויף] איז ער ניט יוצא.

אע"פ וואס ער איז ניט מוותר קיין שעה אחת פון לימוד התורה בפשטות, וויבאלד אז זיין לימוד התורה איז מערניט ווי חזר'ן, און ער איז בכח אויף צו מחדש זיין איז אט דעמולט מוז ער מחדש זיין, עד כדי כך אז דאס ווערט אנגערופן (אויב ער טוט דאס ניט לאפשה לה איז דאס) א ענין פון ביטול קיום מצות ת"ת!

וואס עפ"ז איז דאך דא די נקודת החילוק צווישן סיני וואס ענינו איז בקיאות, כדי מ'זאל זיין א בקי דארף מען האלטן אין איין חזר'ן אע"פ וואס ער האט דאס שוין געלערנט מאה פעמים ואחת, ווי מ'זעט דאס אויכעט בפועל,

משא"כ א ענין פון חידוש איז דאס די נקודה פון עוקר הרים.

עד"ז איז דאך אויכעט ידוע די קושיא פון באר שבע:

אז דאס איז דאך די מסקנא אז סיני עדיף ווארום הכל צריכים למרי חטיא, און דערנאך זאגט די גמ' אין שבת אז בשעת מ'קומט אין עולם האמת און מ'פרעגט ווי האט מען זיך געפירט אין דער וועלט, איז בנוגע לתורה פרעגט מען "פלפלת בחכמה"?! ניט דער ענין פון בקיאות נאר דער ענין פון פלפול בתורה.

און ס'איז דא לכאו' דער תירוץ בזה:

אז דער ענין פון פלפול בתורה קען מען מאנען ביי יעדערן משא"כ דער ענין פון בקיאות איז דאס א ענין וואס מ'דארף האבן סייעתא דשמיא, ווי די גמ' זאגט, איז דאך ידוע אויכעט אויף דערויף די הלכה אין הל' ת"ת [וואס דער אלטער רבי ברייננגט דאס אראפ] אז דער עיקר הלימוד בתחילתו מוז פארקערט זיין ניט פלפלת בתורה נאר וויסן די הלכות הצריכות.

און מפורש מדייק <u>הלכות</u> - פסקי דינים.

און וויסן זיי [ווי פארשטאנדיק פון דעם טעם] כדי ער זאל וויסן את המעשה אשר יעשון איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז ניט בשעת'ן לערנען פארשטייט ער דאס בפשטות אן א פלפול - נאר בשעת'ן לערנען פארשטייט ער דאס אין א אופן אז ער ווערט דערנאך <u>בקי</u> בזה, בשעת ס'קומט די מעשה בפועל ווייסער מצד זיין בקיאות ווי אזוי זיך צו פירן.

ביז וואנענט [ווי ער איז דארט מאריך] אז אפי' דער וואס איז א שכחן בטבעו, איז אעפ"כ דארף ער טאן און חזר'ן די הלכות הצריכות, ווארום ער דארף טאן את התלוי בו.

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק אז די הסברה פון "פלפלת בחכמה" פארוואס מ'פרעגט ניט דעם ענין פון בקיאות, וויבאלד אז דאס איז תלוי בידי שמים - איז דער דין אין הל' ת"ת אז אדרבה: א עיקר אין תורה איז "לדעת את המעשה אשר יעשון" און ערשט דערנאך קומט דער ענין פון "פלפלת בחכמה".

עד"ז איז דאך אויכעט כנהוג אין א סיום אויף מקשר זיין דעם סיום המסכתא מיט תחלתה:

וואס דער סיום המסכתא, סיי אין דער משנה, און סיי אין דער גמרא, וביתר הדגשה אין משנה, איז דאס דער ענין פון תכלית און שלימות און יוקר פון תורה.

ביז וואנענט ווי ער רעכנט דארט אויס כמה דרגות אין בנ"י, ביז די דרגא הכי עליונה, דער ענין פון כה"ג, וואס דאס איז די משנה בסיום מסכתא הוריות.

און דערנאך איז ער מסיים: אז ווען איז דאס געגעדט געווארן, אז ס'איז ניטא קיין צווייטער וואס ער איז א ת"ח, אבער אויב ס'איז דא א צווייטער א ת"ח הכי ירוד ופחות אין יחוסי בנ"י, און דער כה"ג איז אן ע"ה, איז דער צווייטער קודם לו [און די גמרא זאגט דער טעם] וויבאלד ס'שטייט "יקרה היא מפנינים", אפי' מזה [פון דעם] וואס ער איז נכנס "לפני ולפנים".

וואס דא רעדט זיך וועגן דער ענין פון תוקף התורה.

און ס'איז דאך דא די צוויי סוגיות אין גמרא, צי ס'דארף זיין מערער כבוד צו תורה אדער מערער כבוד צו לומדי תורה, ביז וואנענט אז מ'זאגט אז "טפשאי בבלאי" וואס מ'איז זיך נוהג כבוד בתורה און ניט נוהג כבוד בלומדי התורה, אז ס'איז א ק"ו, און דערנאך די צווייטע סוגיא אויף פארקערט.

איז די סוגיא אין די משנה אין הוריות, און אויכעט די משנה שבסיום הוריות, און אויכעט די גמרא שבסיום הוריות, רעדט זיך וועגן דעם ענין פון לומדי התורה.

אמת טאקע - דורך דערויף וואס זיי לערנען תורה, אבער דורך דערויף ווערט דערנאך אז ווער איז קודם, איז קורם דער גברא - דער וואס האט געלערנט די תורה וואס זי איז "יקרה".

אבער וועגן וועמען רעדט דער דין וועגן לומדי התורה.

עד"ז אויכעט אין דעם סיום המסכתא, רעדט זיך דער ענין וועגן וועמען מ'זאל <u>ממנה</u> זיין.

אמת טאקע - ס'איז סיני עדיף אין מינוי דערפאר וואס ער האט אין זיך ידיעת התורה, בקיאות נפלאה - אבער אעפ"כ רעדט זיך דאס אין דער מעלה פון דער גברא.

וואס עפ"ז ווערט ניט מובן די שייכות פון סיום המסכתא לתחילתה, אז ניט נאר ס'איז ניט שייכות נאר פארקערט, דאס איז גאר בסתירה:

דער תחילת המסכתא הויבט זיך אן אז בשעת ס'איז געווען "הורו בי"ד" היפך הדין, און ניט נאר זיי האבן הורה געווען פאר זיך אזוי, נאר ס'איז אראפגעקומען צו אידן, ביז וואנענט אז ס'איז געקומען א יחיד און עשה על פיהם, איז אט דעמולט ווי איז דער דין פון דער יחיד וואס עשה על פיהם פון בי"ד, און צי דאס איז א יחיד וואס ער איז סומך על הבי"ד אדער א יחיד וואס ער איז ניט סומך על הבי"ד, כמבואר די פרטים בבבא שבמשנה.

וואס דא איז די התחלת המסכתא [ווי דער רמב"ם זאגט, פארוואס האט מען געשטעלט הוריות לבסוף וואדום נאך דערויף וואס מ'האט מבאר געווען מוסר הסנהדרין און מוסר הדיינים די מעלות פון סנהדרין - דיינים, איז דערנאך שטעלט ער צום סוף די דינים פון מס' הוריות, וויבאלד אז א בי"ד איז א בו"ד קען דאך זיין א ענין פון שגיאות מי יבין, אבער דאס קומט לבסוף - נאך דערויף וואס ס'איז געווען סדר הדינים - די מעלות פון דיינים,

קומט דאך אויס אז תחילת המסתכתא] רעדט זיך וועגן די בקיאות פון לומדי תורה ביז צו שגיאות פון סיני וואס עם האט מען ממנה געווען ער זאל זיין אין סנהדרין, און ער זאל זיין דער דיין,

און דער סיום המסכתא רעדט זיך וועגן דער מעלה פון דעם וואס ער איז א לומד תורה, און וואס ער איז א לומד תורה ניט נאר פאר זיך נאר מ'איז ממנה, און מ'איז ממנה ניט מצד מעלתו עצמו, נאר מצד מעלתו פון "ורב תבואות בכח שור" דער סיני, וואס מ'זאגט דאס אויף ר' יוסף וואס "זה סיני" ווי אראפגעבראכט אין סיום פון דער מסכתא.

וואס דאס איז נוסף אויף דער תמי' אין התחלת המסכתא:

וואס לכאו' ע"פ הסדר האט ער פריער געדארפט דערציילן וועגן הורו בי"ד שלא כדבעי וואס ס'דארף זיין מיט זיי, און דערנאך דערציילן אז הורו בי"ד און ס'איז

געקומען א תלמיד אדער א יחיד ועשה על פיהם וואס ס'דארף זיין מיט עם - ער איז דאך א תלמיד און א תוצאה פון דעם בי"ד והוראתו,

דער סדר אין מסכתא איז א פארקערטער:

אז כאטש א מסכתא איז וואס ס'דארף זיין דער דין, און ווי דער דין איז מיט א יחיד שעשה ע"פ הוראת בי"ד, אדער עשה און ס'איז געווען ניט וואס ער איז סומך אויפן בי"ד - און ערשט דערנאך אין כמה משנות ופרקים לאח"ז ווערט דערציילט וואס ס'דארף זיין מיטן בי"ד, און וואס פאר א קרבן זיי דארפן ברייננגען וכו'.

וכמדובר - דער דיוק עיקרי:

בנוגע צו נשיא ומלך - אע"פ וואס ס'ווערט געבראכט אין סוטה ובכ"מ, איז דאך דא אין התחלת המסכתא איז דאס דא אין מס' הוריות, בהתחלה ובסיומה, ווארום סנהדרין איז דאך דא דער נשיא פון סנהדרין, און ווי פארשטאנדיק פון דער המשך השקו"ט איז געווען א זמן מסוים וואס דער נשיא פון סנהדרין איז געווען דער נשיא שאין עליו אלא הוי' אלקיו - וואס דאס איז בדוגמא מיט די ענינים ווי דיני מלך עליו, (ווי געבראכט דא וואס דער רבי האט גערזאגט בנוגע דעם דין וואס ער איז מסדר המשנה ועד"ז בנוגע לר"ג וכו').

וואס בכללות ענין הנשיאות והמלוכה, ובהתאם להמדובר לעיל, אז דאס איז א התוועדות וועו ס'הויבט זיך אן א תקופה חדשה ביי נשיא דורנו מצד דערויף וואס ס'קומט עשירי בשבט אין א שנה חדשה -

איז אט דעמולט אויכעט דעד דין וואס ווערט געבראכט אין מס' הוריות אז א מלך וואס נמשך פ"א איז דאס א ענין וואס איז געגוג על כל משך ימי מלכותו.

דערנאך טראכט די גמרא, ווי איז דער דין א מלך בן מלך, צי דארף ער האבן משיחה.

[וואס ס'איז דא משיחה אויכעט ביי מלכי ישראל, אויב ס'איז פארבונדן מיט מחלוקת - עאכו"כ ביי מלכות בית דוד וואס משיחתם איז בשמן המשחה און ניט בשמן אפרסמון]

זאגט מען אז א מלך בן מלך דארף ניט האבן משיחה, דערפאר וואס מ'האט איינמאל מושח געווען דאס איז געגוג און דאס פטר'ס דעם זמן שלאח"ז, דעמולט דארף מען דאס ניט האבן, אדער דער פירוש בזה איז אז דאס איז א <u>פעולה נמשכת,</u>

בדוגמא ווי מ'זאגט ביי ענין פון מילה: אז אע"פ אז נאך דערויף וואס מ'האט מל געווען איין מאל "ביום השמיני ימול" - איז דאס א פעולה נמשכת במשך כל ימי חייו, וואס דערפאר בשעת דוד האט געזען אז "ערום מן המצוות" - אע"פ וואס ער האט יענעם טאג געלייגט תפילין, און געזאגט ק"ש וכל הענינים, איז מיט וואס האט ער זיך מיישב געווען זיין צער, וואס ער האט זיך דערמאנט און געכאפט אז ער איז מול, "שש אנכי על אמרתיך".

וואס דער חילוק אין דערויף איז: אז די פעולה פון מילה איז זי בכל יום ויום און כולל כל משך ימי חייו לאחרי שנימול פ"א איז דאס א פעולה נמשכת.

ביז וואנענט ווי די גמרא זאגט אז מלך בן מלך [עכ"פ ווי מ'זאל דאס ניט מסביר זיין, אבער] אינו צריך משיחה.

דערנאך זאגט די גמרא א פאל אז מלך בן מלך דארף אויכעט האבן משיחה, און דאס איז וואס ס'שטייט "יאריך ימים על ממלכתו הוא ובניו בקרב ישראל". איז דאס "בקרב ישראל" - אז אלע אידן זיינען אויף דערויף מסכים.

מצא׳ . אבער אויב ס׳איז נתעוררה מחלוקת, איז בשעה ס׳איז ניטא דער ענין פון "בקרב ישראל" איז אט דעמולט דארף מען עם מושח זיין.

וואס אין דערויף איז אויכעט דא צוויי שיטות:

א) איין שיטה איז, אז וואס טוט אויף די משיחה, אז באמת דארף ער ניט האבן די משיחה, נאר ס׳איז דאך דא א ענין המבלבל, ס׳האט אנגערירט דער ענין "בקרב ישראל" איז אט דעמולט אויף מבטל זיין דעם בלבול ומחלוקת איז דאס טוט אויף משיחה, ד.ה. א נייער סארט משיחה.

אזוי איז א משיחה כדי ער זאל ווערן א מלך - און דאס איז א משיחה לסלק המחלוקת וואס דאס איז דער שיטת הרמב"ם, אזוי שרייבט דער רמב"ם בפירוש אז דאס וואס מ׳איז מושח א מלך בן מלך וואס איז געווארן אויף עם מחלוקת או מלחמה (ווי ער זאגט [וואס דאס איז אויכעט א חידוש נוסף] איז די משיחה כדי לסלק המחלוקת.

ב) רש"י אין כריתות זאגט אז די משיחה בשעת ס׳איז דא א מחלוקת איז אט דעמולט וויבאלד אז ס׳איז געווארן א מחלוקת דארף מען עם מושח זיין - זאגט רש"י אז מ׳איז עם מושח (מ׳זאלבט עם) כבתחילה, בדוגמא פון די משיחה וואס זי איז געוועזן בתחילה.

וואס די משיחה שבתחילה איז געוועזן בכדי לעשותו מלך - ניט אויף מסלק זיין די מחלוקת.

וואס דער חילוק איז (כמדובר כמ"פ, פון יעדער ענין דארף זיין א חילוק במעשה בפועל, "מאי ביניהו" בלשון הגמרא):

איז אויב מ׳וועט זאגן אז ס׳איז מערניט אויף מסלק זיין א מחלוקת, איז אויכעט קודם מ׳האט עם מושח געוועזן איז כל דיני מלך עליו, ווארום דאס וואס ס׳פעלט דער ענין המשיחה האט דאס קיין שייכות ניט דערצו וואס ער איז מל דאס איז מערניט וואס ס׳איז מסלק א מחלוקת,

כשיטת רש"י - וואס זאגט אז דאס איז א משיחה כלכתחילה, איז כל זמן ס׳איז ניטא די משיחה איז ער ניט ווי לכתחילה, האט ער ניט אויף זיך דיני מלך כל זמן מ׳וועט עם ניט מושח זיין.

מיט נאך כמה חילוקים שבדבר.

וואס עד"ז [ווי דערמאנט פריער] איז דא א עילוי וואס ווערט געגעבן מלמעלה בשעת ס׳ווערט נתחדש א שנה, און בנוגע צו א נשיא בישראל ווערט אויכעט נתחדש הנשיאות שלו.

וואס לבאו׳ ער איז דאך געוועזן א נשיא כל ימיו, ביז דעם טאג פון דעם יום שנתמנה מלך - זאגט מען אעפ"כ, אז דעמולט מאכט מען א יו"ט משתה דבו׳ אדער א התוועדות וכיו"ב וויבאלד אז ס׳איז צוגעקומען א התחדשות שלא בערך ניט ווי דער ילבו מחיל אל חיל מידי יום ביומו.

וואס אין דערויף איז אויכעט די שאלה:

א) צי דאס איז א ענין חדש, ווערט דאס א מלכות חדשה, אדער ב) דאס איז א ענין וואס דאס ווערט נמשך די מלכות [און מאן מלכי רבנן, עאכו"כ אין רבנן גופא אזא מין וואס אין עליו אלא ה׳ אלקיו בפשטות - אז בעת מ׳פרעגט ביי עם א שאלה און ער גיט ארויס א פס"ד, איז אין עליו אלא ה׳ אלקיו! עם רירט ניט אן קיין חניפה, עם רירט ניט אן קיין שקר עם רירט ניט אן קיין מוציאי לה"ר, עם רירט ניט אן דער פערטער ענין - פון ליצנות, אל יבוש מפני המלעיגים,

- מ'פרעגט ביי עם א שאלה און ביי עם ווערט א חשד, צי מ'האט עם דערציילט די שאלה ווי זי איז, אדער מ'האט עם צודרייט דעם תיאור השאלה, יוארום ער זעט אז דער וואס פרעגט ביי עם די שאלה איז מעוניין און משוחד ער זאל עם זאגן דעם פס"ד ווי ס'וועט לוינען פאר דעם שואל השאלה, און ער שטעלט זיך ניט אפ און צודרייט דעם ענין היפך פון אמת לאמיתתו, ביז וואנענט היפך האמת כפשוטו,

- שרעקט ער זיך ניט, וואס לכאו' יענער איז א חונף, און יענער איז מגדיל שבחו, און זעט אז יענער שרעקט זיך ניט אפ פון זאגן א שקר, אבי ער זאל ביי עם נושא חן זיין!

איז דאס אויף עם ניט פועל כלל וכלל ווארום אין עליו אלא ה' אלקיו.

וואס דאס איז ווי דער ענין הנשיאות וואס ס'איז דא ביי "מאן מלכי רבנן" ביי יעדער רב בישראל, ווי ס'דארף זיין די הנהגת הרבנות והדיינות בכל מקום שהוא, לכל בנ"י במושבותם.

דערנאך איז נאך דא, ביתר שאת וביתר עז, ביי א נשיא (ווי גערעדט פריער בנוגע צו נשיא דורנו):

וואס אין עליו אלא ה' אלקיו - האט מען דאס געזען בפשטות בכל הנהגותיו ההיא, אז ניט קוקנדיק אויף דעם וואס ס'איז ניט נאר געווען איומים בדברים, נאר אויכעט איומים במעשה בפועל, ביז אין מעשה בפועל דער ענין המאסר מיט די אלע פרטים וואס ס'איז דארט געווען אין מאסר,

איז זייענדיק דארטן איז געווען אין א אופן וואס אין עליו אלא ה' אלקיו!

וואס ס'איז דא די ביידע ענינים און שיטות והסברות - וואס אלו ואלו דברי אלקים חיים:

צי דאס איז א ענין וואס דאס נעמט אראפ דעם מחלוקת פון דעם זמן, אז אע"פ לכאו' מה יום מיומיים - אז דאס איז די זעלבע הליכה און התחדשות ווי ס'איז געווען נעכטן און אייערנעכטן און מיט כמה ימים לפנ"ז - נעמט דאס אראפ אט דעם ענין, און זאגט אז וויבאלד אז דאס איז א יום מיוחד וואס בו נתמנה למלך לפני כו"כ שנים, און בו עלה השמימה וואס דעמולט איז ער געשטאנען אין א אופן וואס כל עמלו אשר עמל בו שטייט אין א אופן גלוי ווי דער אלטער רבי [וואס ער איז געווען ממלא מקומו] איז מבאר אין אגרת הניחומין שלו.

נעמט דאס אראפ אט די טענה - און זאגט אז ס'איז יום מיומיים, ביז וואנענט ס'ווערט א מעשה חדשה אויף מסלק זיין די בלבולי הזמן והחשבונות וכו'.

דערנאך איז דא נאך א גרעסערע זאך:

ניט נאר א משיחה חדשה פון לחדש הישנות, דורך דערויף וואס ער איז מסלק דעם בלבול הזמן, נאר אויך - פונקט ווי לכתחילה פון ניט מלך האט מען געמאכט א מלך דורך דער משיחה, אזוי איז אויכעט - אין מלוכה איז דא דרגות במלוכה: ס'איז דא א מלך און דערנאך איז דא מלכי המלכים הקב"ה, וואס אין דערויף זעט מען אז ס'איז דא מלך, און דערנאך איז דא מלכי (ל' רבים), און יעדער פון זיי אנגערופן בל' מלך, און אונטער זיי איז דא מלכים - ווליטער ל' רבים.

וואס דאס איז דאך א תואר און א מציאות וואס תורת אמת און תורת חיים באשרייבט דאס.

וואס אמת טאקע - ס'דארף האבן א יישוב ווי שטימט דאס דערמיט וואס מ'זאגט

בנוגע צו רבינו הקדוש אז צרתיו בבבל, וואס דערפאר האט ער ניט קיין דין מלך, בשעת מ'זאגט אז ס'איז דא מלכי און דערנאך איז דא מלכים, און יעדערער פון זיי איז א ענין פון דרגות און מלכי זיינען גרעסער פון די מלכים שתחתיהם?!

וואס עכ"פ בנוגע לעניננו:

אין יעדער ענין איז דא א מעלה לגבי ענין השני, כמדובר לעיל:

בשעת ס'איז דא די הסברה אז דא איז מערניט ווי לסלק המחלוקת, איז קיינמאל ניט געווען קיין הפסק אין זיין מלוכה; איז די מלוכה זיינע א ענין תמידי, "כל הימים".

בשעת מ'זאגט אט די משיחה טוט אויף מלכתחילה, איז אט דעמולט ווערט דער ענין פונקט ווי די ערשטע משיחה - א ענין שלא בערך, משא"כ לסלק המחלוקת.

אע"פ וואס מ'זאגט אז דערווייילע (כמדובר לעיל - ווי געזאגט פריער) איז כל דיני מלכות עליו, ווארום ס'איז מערניט ווי לסלק המחלוקת, משא"כ לויט דער שיטה אז דאס איז א משיחה ווי לכתחילה איז אט דעמולט איז געווארן א הפסק אין דיני מלכות.

וואס עפ"ז איז דא די מעלה און די הסברה אז מ'זאגט אז דאס איז מערניט ווי לסלק המחלוקת, וואס אט דעמולט איז מלכתו גייט אן א הפסק, א פעולה נמשכת פון די משיחה ראשונה עד סוף כל ימיו, און דערנאך גייט דאס אויכעט איבער ביים בן מלך, אין א אופן אויכעט פון פעולה נמשכת, ווארום די משיחה וואס מ'איז עם מושך איז דאס מערניט כדי לסלק המחלוקת, האט דאס די מעלה וואס דאס איז די זעלבע אן שינויים.

[בדוגמא ווי די מעלה פון א ענין טבעי, און די מעלה פון לחדש הישנות:

וואס מ'זאגט אויכעט דער לשון "לחדש" - אבער וואס איז דאס - דער ענין פון לחדש הישנות].

דערנאך איז דא די מעלה וואס איז דא אין דעם ענין צי מלכתחילה:

וואס ס'איז דאך פארשטאנדיק דער עילוי שלא בערך בשעת מ'זאגט אז די משיחה איז דאס ווי די משיחה ראשונה וואס מאכט פון אן אדם פשוט (א אדם סתם, מאכט ער דערפון) א מלך, און אז ס'רעדט זיך וועגן מלכות בית דוד, איז דאס א מלכות וואס דער אויבערשטער האט צוגעזאגט אז דאס איז "לעד ולעולמי עולמים",

און מ'זאגט אז די משיחה וואס בדוגמא זה [עכ"פ בדא"פ] די התחדשות אין יום שבו נתמנה מלך, אדער אין יום שבו עלה השמימה און אין א אופן וואס "לא יעזב צאן מרעיתו" - ער בלייבט א נשיא אויך דעמולט ווארום "לא יעזב צאן מרעיתו" ווי ער שרייבט אליין במכתבו הידוע וכבר נדפס, האט דאס אין זיך די מעלה בדוגמא ווי נס לגבי טבע.

וכמבואר בארוכה אין המשך פון ס"ו, אז ס'איז דא אויכעט א מעלה אין אני ה' לא שניתי, וואס העדר השינוי - נצח ישראל לא ישקר - דער ענין פון העדר השינוי, דערנאך איז דא א מעלה אין הליכה שלא בערך ביז אין א אופן פון ניסי.

וואס אלו ואלו דברי אלקים חיים - וואס אזוי ביי הלכה כפשוטה דא, דארף מען אננעמען א הלכה חתוכה,

בנוגע דעם ענין קען זיין ביידע ענינים, אז הא והא איתנהו בהו.

וואס עפ"ז איז דאס אויכעט דער קשר און דער המשך וואס מ'זאגט בנוגע צו סיני ועוקר הרים:

בנוגע ווען ס'רעדט זיך וועגן א אידן פאר זיך, אפי' וועגן א לומד תורה בקביעות, ביז אפי' תורתו אומנתו, איז אט דעמולט [ווי די גמ' זאגט אין שבת] איז די ערשטע שאלה פלפלת בחכמה -

ווארום אט דאס איז דער ענין פון תורה "לאפשה לה", ווי דערמאנט פריער פון הלכות ת"ת.

בשעת ווי די גמ' ברייגנגט אראפ די שאלה, איז דאס ניט בנוגע ווי ס'איז געווען דער בקי און עוקר הרים פאר זיך, נאר דאס האט זיך גערעדט וועגן דערויף וואס מ'דארף פון זיי ממנה זיין א נשיא, ראש ישיבה, אדער נשיא הישיבה, אדער נשיא הדור וכיו"ב, ובפשטות - א ראש הישיבה.

און ראש הישיבה ווי ס'איז געווען בימיהם, וואס ענינם איז געווען. "לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא" - המעשה הוא העיקר, ארויסגעבן מורי הוראה בישראל, וואס זיי זאלן מלמד זיין את העם את המעשה אשר יעשון ואלה אשר לא תיעשנה".

איז ווען דער זעלבער ווען ער איז פאר זיך, דעמולט פרעגט מען ביי עם פלפלת בחכמה, ווארום אט דאס איז דער ענין [ואדרבה: אויב תורתו אומנתו איז ביי עם נאכמער די תמי' פון פלפלת בחכמה - דאס איז דאך זיין גאנצע אומנות,

וואס דערפאר איז דאך אויכעט ווי דער אלטער רבי ברייגנגט אראפ אין אגה"ק אז מ'קען ניט זאגן אז רשב"י זייענדיק אין דער מערה האט גע'חזר'ט די ענינים וכו' - מ'מוז זאגן אז ער האט זיך דעמולט עוסק געווען אין פלפולא דאורייתא, וואס דערפאר איז געווען [ווי די גמ' ברייגנגט אראפ אין שבת] פריער אזויפיל קושיות און דערנאך אזויפיל תירוצים, וואס ע"י צער המערה האט מען עם געפרעגט צוועלף קושיות האט ער געענטפערט פיר און צוואנציק תירוצים,

אלץ ענינים פון פלפולא דאורייתא, און ווי אראפגעבראכט און מבואר בזה אין קו"א פון אלטן רבי'ן אין הל' ת"ת שלו [אז אע"פ וואס לא נמצא בש"ס ז' או ח' פעמים, איז אבער ווי די גמ' זאגט אז ס'איז געווען כ"ד תירוצים אויף א קושיא, עאכו"כ ווי ס'איז געווען זייענדיק אין דער מערה, וואס דארטן איז געווען צוועלף יארן אויך דערנאך נאך א דרייצנטן יאר].

וואס דאס איז אויכעט דער פארענטפערונג אויף אראפנעמען די סתירה:

וואס בשעת ער גייט ארויף און רעדט מיט עם אלס א יחיד, איז יעדער יחיד אפי' תורתו אומנתו איז די שאלה איז (בנוגע צו תורה) פלפלת בחכמה,

בנוגע וואס מ'דארף ממנה זיין א ראש ישיבה אדער ראש הדור אדער א נשיא, איז לכל לראש נוגע ווי דער אלטער רבי זאגט אין הל' ת"ת בנוגע איידער ער ווערט א גדול בתורה, דארף ער פריער וויסן בקיאות, אבער ער טאר זיך דערביי ניט אפשטעלן, במילא ניט דאס פרעגט מען עם מאי קמ"ל?! מ'פרעגט ביי עם פלפלת בחכמה. בשעת שלחו מתמן, און פריער איז געווען די איבעי' ווער איז עדיף, איז אט דא איז די מסקנא אז סיני עדיף, ווארום "הכל צריכים למרי חטיא".

דאס רעדט זיך וועגן "הכל" - אלעמען האנשים והנשים והטף, און וואס דארפן זיי האבן - דארפן זיי האבן די הלכה פסוקה, און דערפאר דארף מען האבן דעם סיני.

און דערנאך איז די גמ' גלייך מבאר, אז ס'איז דאך דא אין דערויף גופא (לכאו') וויבאלד אז סיני עדיף - ניט דער ענין פון עוקר הרים, איז אט דעמולט וואו איז דא דער אויפטו פון פלפלת בחכמה?

ועד"ז [ווי ס'ווערט אראפגעבראכט אין מפרשים, און ער איז מאריך בזה אין שערי אורה אין די דרושים פון צ"צ] אז מ'קען ניט זאגן אז סיני איז אינגאנצן ניט קיין עוקר הרים, ווארום אט דעמולט וועט ער ניט קענען קומען צו א מסקנא להלכה - כדי ארויסברייגגע א מסקנא להלכה, איז מיני' ומיני' ווערט נתברר ההלכה ע"י שקו"ט שבתורה.

נאר דער ענין איז:

וואס איז עיקר ענינו, צי סיני, צי עיקר ענינו איז עוקר הרים,

און מ'איז אויכעט מבאר, ווי קען זיין א קס"ד אז ער איז מערניט ווי עוקר הרים, און ער האט ניט דעם ענין פון מתון ומסיק להלכה בפועל, איז ווי איז דא די קס"ד מ'זאל פון עם מאכן א ראש ישיבה, אז ער קען ניט קומען צו א מסקנא, און ער זאל זיין מסיק מסקנות אליבא דהלכתא?

נאר דער אונטערשייד איז: במה איז עיקר ענינו.

וואס אין וואס באשטייט דער ענין פון עוקר הרים, באשטייט דאס אין דעם ענין פון עקירה,

וואס כאמור דארף דאס זיין אויכעט ביי סיני, אז ניט קען ער ניט קומען צו די הלכה, בפרט נאך אין בבלי, וואס הלכה כבבלי לגבי ירושלמי איז דאך דא א: רגבול פון קושיות ורמינהו'ס כמבואר בארוכה אין שערי אורה.

מוז ער האבן א ענין פון שקו"ט.

אין וואס באשטייט שקו"ט?

אז בשעת ס'איז דא א סברא ראשונה, ובל' הסגנון סברא חיצונית, דערנאך טראכט ער זיך אין דערויף אריין - שלאגט ער איר אפ, - עוקר די סברא, אע"פ וואס די סברא איז געווען א "הר" - ניט א סתם "הר", א הר אין תורה!

- "עוקר הרים" איז דער פשט אז ס'איז דא א ענין אין תורה וואס דאס איז א "הר" - א געזונטע סברא לכאו' און א הויכע סברא און א שטארקע סברא, אבער דערווייל "רייסט" ער אפ און "צורייסט" דעם הר ביז וואנענט ער קומט לאסוקי שמעתתא אליבא דהילכתא.

און דוקא עי"ז ווערט דער בירור ההלכה כדבעי.

וואס דערפאר איז כאמור, הלכה כבבלי לגבי ירושלמי, ניט ווי אנדערע זאגן אז אע"פ וואס אין בבלי איז "מחשכים" און ס'איז דא קושיות, און "ירושלמי" איז ניטא קיין קשיות - דאס איז ניט אע"פ, נאר דערפאר וואס אין בבלי איז דא קושיות, און דערפאר וואס אין ירושלמי איז ניטא אזא מין שקו"ט, און דערפאר וואס דער בבלי האט געזען דערנאך דער ירושלמי מיט כמה טעמים בדבר,

איז פון דעם וואס "במחשכים הושיבני" - שקו"ט, און עוקר הרים, דערפון איז געווארן הלכה כבבלי לגבי הירושלמי.

בדוגמא ווי מ'זאגט אין כללות התורה כולה, כיתרון האור מן החושך און כיתרון החכמה מן הסכלות, ווי ער זאגט אין זהר פ' יתרו, וכמדובר כמ"פ אז דאס איז געווען דער תנאי צו קבלת התורה, און דערנאך האט געקענט זיין מ"ת נאך דערויף וואס "וישמע יתרו" און "ויבא" כמבואר בארוכה אין די דרושים.

וואס דאס איז אויכעט די התחלת המסכתא - און ווי א מאמר מפורש אין גמרא:

די גמרא זאגט אז "מכשולה תחת ידיך - אין אדם עומד על דבר הלכה אא"כ נכשל בה תחילה"! ווי אזוי קען מען קומען אז ער זאל שטיין אין דער דרגא אז ער ווערט א גברא וואס ער איז קודם אפי' לכה"ג, וואס נכנס לפני ולפנים און גייט ארויס דערנאך בשלום [ווארום אויב ניט איז דעמולט ניטא די שאלה ווער איז קדום לזה],

איז ער נכנס לפני ולפנים און דערנאך איז ער ארויס בשלום פון קה"ק, און דעמולט ווערט די שאלה "מי קדם למי" -

זאגט מען - אז דורך דערויף וואס ער איז געווארן א בן תורה, און ניט נאר א בן תורה נאר א בעל התורה - אז "נקראת על שמו", און מ'זאגט עם אז ער איז סיני -

- וואס וואס איז דער ענין פון סיני - אז סיני גיט תורה! - "קיבל תורה" זאגט מען אז דאס איז מסיני!

תורתו נקראת על שמו - און ער איז דער סיני!

און ווי ער זאגט אין פדר"א בנוגע ווי ר"ע האט געזאגט אויף ר' אלעזר אז דאס איז מסיני, ובכ"מ אין מדרשי חז"ל.

ווערט דאך לכאו' די שאלה:

וואס דארף מען האבן אז ס'זאל זיין "במחשכים", און "במחשכים" זאל זיין "הושיבני" ער זאל זיך אין דערויף "באזעצן" און ארייגזעצן זיך אין דערויף און זיך מפלפל זיין אין דערויף, און א פלפול ביז אין א אופן פון "עוקר הרים וטוחנן" - א טירחא עצומה?!

וכמדובר - ווי ר"ח וויטאל דערציילט אויפן אריז"ל, אז בשעת ער האט געלערנט נגלה, הי' מתייגע ביז וואנענט אז ס'האט געגאסן בגשמיות ובפשטות זיעה מעל פניו,

ביז וואנענט אז ר"ח וויטאל זייענדיק א תלמיד פון אריז"ל איז ער געווען זקן ממנו בשנים, און איז געווען א למדן סיי אין נגלה און סיי אין קבלה (- רזי תורה), ס'קומט אבער ניט ווי ער איז דערנאך געווארן תלמיד האריז"ל, און אעפ"כ איז ביי עם געווען א תמי' אויף דער זיעה, אע"פ וואס ער איז שוין דעמולט געווען ר"ח וויטאל מיט די אלע מעלות גדולות ונפלאות וואס ער האט געהאט נאך קודם ווערן א תלמיד באם אריז"ל וואס האט אינגאנצן אנגעהאלטן א קורצע צייט (א יאר אדער צוויי יאר מיט א האלבן).

פארשטייט מען דאך ווי ס'איז געווען די זיעה פון אריז"ל.

- אעפ"כ זאגט מען (כמדובר וכאמור) אז ניט אע"פ - נאר דערפאר איז דאס,

- דערפאר וואס "במחשכים הושיבני", ביז וואנענט וואס ער נעמט א הר וואס די הר איז אן אמת'ער הר פון תורה, אזוי זאגט תורה - עוקר הרים - און ער איז איר עוקר, און דערנאך איז ער עם טוחן, ניט ח"ו בשכל עצמו, נאר "טוחנן זה בזה" - אלץ מיט סברות פון תורה,

אבער וואס טוט ער אויף דורך זיין שקו"ט, א יגיעה עצומה, און זאגט אז די סברא וואס פריער האט ער גערעכנט אז דאס איז תורה אור איז דאס א ענין וואס במחשכים, און דארף איר אפפרעגן, און פרעגט איר אפ - און פסק'נט פארקערט פון דער סברא.

וואס אט דאס הויבט זיך אן די מסכתא - אין די מעלה פון דיינים -

מ'זאגט אז אין אדם עומד על דבר הלכה אא"כ נכשל בה תחילה, וואס דערפאר זאל

מען זיך ניט שרעקן, און ער אליין זאל זיך ניט שרעקן, היתכן - וויבאלד אז ביי עם האט זיך פריער געלייגט די סברא, און ס'איז געווען ביי עם אין א אופן אז דאס איז א הר בתורה, און דערנאך מיטאמאל כאפט ער זיך אז דאס איז היפך ההלכה, און פסק'נט דערנאך אפ פארקערט?!

זאגט מען עס אז דאס איז די מעלה פון א בי"ד בו"ד, וואס דערפאר אז "חברים מקשיבים לקולך" - קומט צוגיין הקב"ה מיט פמליא של מעלה מתיבתא דרקיע און מתיבתא דקוב"ה פרעגן ביי דעם בי"ד בו"ד ווי איז דער דין אין הלכה.

שטייט אויף דערויף-אין חסידות דער טעם אז היא הנותנת - אזוי ווי ס'איז דא סברות לכאן ולכאן, און אזוי ווי ס'איז דא ספיקות, דארף דאס נפתר ווערן און געפינען דעם פתרון ההלכה דורך אזא מין מציאות, וואס האט סברות און האט קושיות און האט "רמינהו'ס" און ביי עם ווערט דערנאך דער בירור ע"י יגיעה שלו דער "יתרון האור מן החושך" און "יתרון החכמה מן הסכלות" וואס דורך דערויף ווערט ער באצאלט אין תורה, אז אין תורה נעמט ער אויכעט ארויס דער דבר תורה וואס איז געווען בהעלם, און ס'איז געשטאנען אין א אופן פון קושיות רמינהו מחלוקת וכו', האט ער ארויסגעבראכט דער פס"ד בדבר.

וואס דעמולט דורך דערויף וואס ס'איז דער "הורו בי"ד" אין א אופן וואס איז געווען שלא כדבעי און נאכמערער: אז ס'איז געווען אין א אופן אז דאס איז אראפגעקומען צו דעם און (דער יחיד) ועשה על פיהם אדער ניט עשה על פיהם, (ס'קען דאך זיין כמה ערליי אופנים) אט דעמולט איז דאס א בי"ד פון א בו"ד וואס איז שייכות צו שגגה, און דעמולט איז דאס אזא מין בי"ד וואס איז מחוייב אין דער פר וואס א בי"ד דארף ברייגגען, מיט די אלע דינים וואס ווערן געבראכט שפעטער.

און וואס דאס איז אויכעט (כמדובר לעיל) ס'איז דא דער חידוש אין דעם ענין ניט נאר "לחדש הישנות", נאר ס'ווערט אין אזא מין סארט אור, וואס בערך פון אור זה איז דער פריערדיקער אור לגמרי ניט תופס מקום.

און ווי מ'געפינט אויף דערויף די דוגמא, אז מ'זאגט אז אור איז נברא געווארן (א נברא) ווי אלע נבראים, ווי ער זאגט אין התחלת מעשה בראשית "ויאמר אלקים יהי אור ויהי אור", און ווי דער מגיד איז מסביר אז ס'שטייט ניט "ויהי כן" נאר ס'איז געווארן א אור - שירד ממדריגתו, ניט אין דער דרגא ווי ס'שטייט דיבורו של הקב"ה, ווי ער איז דארט מאריך בארוכה, און פארבינדט דאס אויכעט מיט דעם וואס מ'זאגט אז ס'איז דא דער אור וואס נברא ביום ראשון, און דערנאך איז דא דער אור שלאח"ז.

וואס דער אור שלאח"ז ווערט דאך לכאו' שמו אשר יקראו לו בלה"ק איז דאך דער ווארט "אור" -

איז דאס ניט נאר א חילוק בכמות - דער אור שנברא ביום ראשון איז אדם מביט בו מסוף העולם ועד סופו, וואס לגבי אט דעם אור איז דער אור וואס איז דערנאך געווען איז דאס א חושך, ווארום ניט נאר מ'זעט ניט מסוף העולם ועד סופו - מ'זעט מערניט ווי א שטח מסויים, בפרט אויב מ'דארף האבן א היכר, ווי די גמ' זאגט אין בכורות וואס דעמולט איז דער שיעור "עין הרואה שולט" איז דאס זעכצן מייל וכיו"ב, מיט די שיעורים עד היכן ראיית האדם משגת אין א אופן אז דאס זאל זיין א ראי' אין א אופן של היכר.

וואס דערפאר איז קיין קושיא ניט וואס א מענטש זעט שמש וכוכבים וירח אע"פ וואס זיי געפינען זיך מהלך ת"ק שנה, ווי די גמ' זאגט אין בכורות בנוגע צו ששה עשר מיל, וואס דאס איז דער חילוק א שיעור אז ער דערקענט אז דאס איז צאן און צאן שלו, משא"כ אין דעם הכרה און דער ראי' פון שמש וירח וכוכבים וכו'.

וואס דאס איז בנוגע לעניננו און דער שייכות לענין זה, וואס מ'שטייט דאך אין א טאג וואס דעמולט איז דא וואס ס'ווערט א נשיאות חדשה, און ס'איז דא אין דערויף א מחלוקת פון דעם זמן, אז לכאו'                     וואס איז דער חילוק פון דעם זמן ביז א צווייטן טאג -

זאגט מען אבער - אז אין רערויף איז דא ביידע מעלות: דער ענין פון די מעלה וואס דאס איז א ענין ניצחי, און דער ענין המשיחה איז מסלק מערניט ווי די מחלוקת, און כל דיני מלך בו פון די מלכות שלפנ"ז,

דערנאך איז דא אין מלכות גופא אז ער ווערט מלכי המלכים, ביז וואנענט ער ווערט איין זאך "אילו ידעתיו הייתיו" מתאחד במקורו ושרשו מיטן ממה"מ הקב"ה, וואס מלכי המלכים לגבי דעם מלך, אדער לגבי מלכי, דארפן זיך נוהג ווי ס'פירט זיך אן אדם פשוט לגבי א מלך.

ווי פארשטאנדיק בנוגע די הנהגה פון א שר לגבי א מלך, וואס דערפאר איז דאך אורי' החיתי איז געווען מחוייב אין דעם עונש היפך המציאות שלו דערפאר וואס ער האט אנגערופן דעם שר המלך יואב בן צרוי', אע"פ וואס ער איז געווען דער שר אויף אורי' החתי, האט ער אים אנגערופן מיט א תואר וואס באווייזט אויף מציאות וואס דאס ר' אן אין דעם ענין, - ער האט עם ניט אנגערופן מלך - שר, אבער דאס רירט אן אין דעם תוקף פון ענין המלך במילא ווערט דאס א ענין פון ניט די הנהגה פון א אדם פשוט אפי' פון יואב בן צרוי' ווי ס'ווערט גערעדט וועגן דעם דורך איינעם וואס ער איז בדוגמא ווי מלכים לגבי מלכי, ווארום דא רעדט זיך וועגן א מלך וואס ער איז נאך העכער אפי' פון מלכי.

וואס דאס איז אויכעט די ביידע ענינים, דער שייכות און דער קשר פון תחילת המסכתא לסופה:

אז אדרבה: אז דאס וואס מ'זאגט אז סיני איז הלכה כמותו, איז דאס פארבונדן דערמיט וואס ער איז בגדר אז ס'זאל זיין נכשל בה תחילה, וואס דערפאר אין א אופן ניט נאר נכשל בה תחילה און ער ווייס דאס פאר זיך, נאר נכשל בה תחילה און הלך היחיד ועשה, אבער דערנאך פארכאפט מען זיך גלייך אז דער "עשה" איז גאר "לא עשה", ווארום ער האט דאס געטאן דערפאר וואס ער האט זיך סומך געווען אויף א צווייטן, ס'איז ניט זיין עשי' רערפאר איז ער פטור.

וואס אין דערויף גופא זעט מען דעם תוקף פון בי"ד, אפי' א בי"ד טעה.

וואס לכאו' ס'איז דאך געווען די עשי', און ס'איז געווען אן עשי' וואס די עשי' דארף אויף זיך האבן א ענין פון הקרבת קרבן, - זאגט מען אז ברייננגט ניט א קרבן, ער איז פטור דערפון, און מ'זאגט אז פארוואס איז ער פטור, דערפאר וואס ער האט געטאן ע"פ בי"ד, און אזא מין בי"ד וואס ראוי להוראה, ווארום אז ניט פטר'ט ער ניט דעם יחיד.

איז אפי' בשעת אט דער בי"ד איז "הורו", און "הורו" ע"י מכשול מאיזה סיבה שתהי', איז אט דעמולט האט ער אין זיך אט דעם תוקף אז אט די מעשה היחיד דארף ניט האבן אויף זיך קיין כפרה, וואס דאס איז דער אמת'ער ענין הפטור.

און דערפון קומט דערנאך ארויס אין סיום וחותם המסכתא:

אז ס'איז דער ענין פון "עוקר הרים" ווי דאס איז ביי "סיני", און אט דעמולט ווערט דער "סיני", וויבאלד אז דאס רעדט זיך וועגן א רב א דיין און א ראש ישיבה וואס דארף ארויסגעבן מורי הוראה בישראל "לדעת את המעשה ואלה אשר לא תיעשנה" - דארף מען האבן - הכל צריכין למרי חטיא.

וואס עד"ז אויכעט בנוגע צו התוועדות פון יום זה, נעמען דערפון בנוגע למעשה בפועל:

איז דאך דא אין דערויף כל ענינים פון שקו"ט, ביז דער ענין העיקרי פון שקו"ט אז אידן קומען מיט א טענה: במחשכים הושיבני! מ'געפינט זיך אין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, און דא מאנט מען אז מ'זאל מפיץ זיין יהדות, און מפיץ זיין מעיינות חוצה, און מ'זאל דאס טאן מיט מס"נ, און אל יבוש מפני המלעיגים, און ניט נתפעל ווערן פאר דער וועלט,

- ונוסף על כל זה, זאל מען ניט אנטלויפן פון דער וועלט און לאזן זיך די וועלט מאטערן, נאר אין וועלט מתקן זיין ווי ער ברייננגט אראפ אין תניא פון ע"ח אז "הנשמה לא ירדה לתקן את עצמה" נאר מתקן זיין די וועלט!

נאר וואדען - אט די וואס דארפן אנטאן א "פעלץ מאנטל" כמדובר לעיל זאלן פריער אנטאן דעם פעלץ מאנטל, אויב "בקעה מצא" איז אט דעמולט "גדר בה גדר" - דארף מען מוסיף זיין א גדר, וואס במקום אחר איז דאס א דבר המותר(!), און וויבאלד אז "בקעה" איז אט דעמולט גדר בה גדר - האט ער מוסיף געווען א איסור, מוסיף געווען א גדר, מוסיף געווען א הגנה והצלה אויף א זאך וואס איז מפסיק ומגין עליו מפני דעם חושך העולם.

זאגט מען אז אט דער "הר", וואס דאס איז דאך א טענה ע"פ תורה - עד מתי! כלו כל הקיצין! - און מ'געפינט זיך במחשכים, און אין די מחשכים מאנט דער אויבערשטער אז ס'זאל זיין הושיבני - מ'זאל טאן ביישוב הדעת, און לערנען תורה ווי די גמרא זאגט אין בכורות כדי צו לערנען תורה ווי ס'דארף צו זיין, דארף מען האבן א מנוחה, להבדיל, ווי ס'איז געווען ביי חכמי אתונה, משא"כ אז מ'געפינט זיך אין גלות, וואס דאס איז א סברא אין תורה.

ועד"ז בנוגע צו קיום המצוות, וואס מ'דארף זיי טאן מיט דברים גשמיים, וואס דארף מען נעמען פון עוה"ז הגשמי והחומרי, אז ער וועט נעמען אן עור פון דער בהמה ווי זי געפינט זיך אין עולם היצירה - טאר מען ניט מיט איר מקיים זיין (מיט יענעם עור) דעם ענין פון מצות תפילין! ער קען לערנען ווי דער עור שטייט אין תורה, ווי דער עור פון דער בהמה שטייט אין הלכות תפילין, אבער מקיים זיין די מצוה דארף ער האבן א בהמה גשמית און אן עור גשמי פון דעם חושך פון דעם עוה"ז הגשמי!

און פון אט דער קושיא איז מען "טוחן" אט די סברא, און מ'איז איר "טוחן" מיט א צווייטע סברא פון תורה:

וואס די צווייטע סברא פון תורה איז אז "מגיד דבריו ליעקב חוקיו ומשפטיו לישראל" אז מה שהוא מצוה לאחרים לעשות אזוי טוט ער אליין, און טוט דאס נאך פריער,

אז טרם יקראו ואני אשמע און ואני אענה, אז נאך איידער יקראו, ובפרט נאך אז כלו כל הקיצין, ברייננגט דער אויבערשטער די גאולה האמיתית והשלימה, וכפס"ד הרמב"ם [וואס דאס איז א הר בתורה און א הלכה פסוקה בתורה] אז מיד הן נגאלין,

במהרה בימינו ממש.

* * *

ה. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה באתי לגני וגו'.

* * *

ו. מ'האט דאך גערעדט כמ"פ לויט תורת הבעש"ט אז פון יעדער ענין איז דא א הוראה, אין עבודת האדם לבוראו,

עאכו"כ פון שינוי הזמנים וואס זיי זיינען פארבונדן מיט די קביעות ראשי חדשים וואס דאס איז דאך ע"פ התורה,

עד"ז אויכעט אין עשירי בשבט וואס דאס איז דאך נקבע לויט דעם טאג וואס מ'האט קובע געווען ר"ח, וואס דאס איז לויט דעם קידוש וואס ס'האט מקדש געווען הלל, און מקדש געווען כל ראשי חדשים, כמבואר באחרונים ופוסקים ובראשונים ובכמה מקומות,

וואס אין דערויף איז דא שינויים ווי דאס קומט אויס אין פרשת התורה, און ווי דאס קומט אויס ביום בשבוע.

וואס בשנה זו קומט דאס אויס ביום החמישי פון פרשת בשלח.

וואס אויף דערויף איז דא די תקנה וואס דער בעל ההילולא האט מפרסם געווען פון דעם אלטן רבי'ן אז מ'זאל לעבן מיט דער צייט - מיט די פרשה פון דער וואך, און אין דער וואך גופא בכל יום ויום מיט דעם חלק פון דער פרשה און פון דער סדרה וואס איז פארבונדן מיט דעם טאג.

וואס דאס איז פרשת בשלח פון חמישי ביז ששי.

וואס התחלת השיעור הויבט זיך פון "ויבואו אלימה" און מ'האט דארט געפונען "שתים עשרה עינות ושבעים תמרים וישבו שם על המים", און ס'ענדיקט זיך מיט דעם ענין פון דעם מן, און אמירת המן - ווי משה רבינו האט דערציילט וועגן דערויף לכל בנ"י.

וואס עכ"פ נקודת הביאור, ווי פארשטאנדיק פון דער תורה פון דער מגיד אויף "ויבואו אלימה" [כאטש ער זאגט דאס אין פרשת מסעי וואס דארט שטייט דאס אויכעט, נאר בהקדמה אז מ'איז אהינצו געקומען פון "מרתה", ווארום ער איז דארט מבאר דער ענין און דער קשר פארוואס איז "ויבואו אלימה" דערפאר וואס מ'איז געקומען פון "מרתה" - פון די עבודה אין מרתה און דער ביאור פון דעם וואס ס'איז דא פון צ"צ (אויכעט אין פ' מסעי).

וואס בפרשתינו הויבט זיך אן גלייך פון "ויבואו אלימה", מ'ווייס פון פריער אז מ'איז אהינצו געקומען פון "מרתה" אבער ניט אין שיעור פון יום זה.]

טייטשט אפ דער מגיד "אלימה" - אז לכאו' איז דאס די אותיות פון שם אלקים.

וואס "אלקים" איז פארבונדן מיט ענינים פון גבורה דין וצמצום, ווי רש"י ברייננגט אראפ בתחילת פירושו על התורה ובכ"מ.

בשעת ס'שטייט אבער "אילימה" איז דאס א אנדער צירוף, ווארום דער צירוף ווערט נשתנה, ווארום דאס איז צוויי ווערטער: "א-לי מה".

וואס "א-ל" איז דאך אין די שבעה שמות דער ערשטער שם, פארבונדן מיט דער ערשטער ספירה, מיט ספירת החסד, "חסד א-ל כל היום".

אין חסד שלמעלה איז דא כמה אופנים: אופן החסד גלוי, און א חסד וואס ער איז העכער פון גילוי,

און דא זאגט מען "א-לי <u>מה</u>" - אז דאס איז אזא מין ארט און אזא מין מעמד ומצב

אז דארט איז היפך פון אלקים, ווערט איבערגעענדערט דער צירוף און ס'ווערט א צירוף וואס דאס "א-לי מה" - א ענין של חסד וואס מ'פרעגט אויף עם "מה", וואָרום דאס נעמט זיך דער חסד הגנוז ביז ווי דער חסד שטייט גאר למעלה מעלה ביז שאין למעלה הימנו, און ס'איז אראפגעקומען אין א אופן אז ויבואו אלימה.

און דערנאך איז ער ממשיך: (אז דארט איז געווען) שתים עשרה עינות מים, ווי ער (דער צ"צ) טייטשט דארטן אפ אז דאס איז "לנגד י"ב שבטים" ווי רש"י ברייגגט אויכעט אראפ בפירושו על התורה, און דערנאך אויכעט "שבעים תמרים", ווי דער צ"צ טייטשט אפ אז דאס איז כנגד ע' נפש וואס זיינען "באו מצרימה", וואס זיי זיינען כללות כל העם כולו, עד סוף כל הדורות, און ווי רש"י טייטשט אפ אז דאס איז כנגד "שבעים זקנים", וואס זקנים איז ענינם דער ענין התורה, אבער דאס איז ניט א ענין וואס דאס איז תורה ווי דאס איז פאר זיך אין א אופן אז "זה שקנה" תורה און דאס בלייבט ביי עם, נאר ווי ס'איז געווען דער ענין פון שבעים זקנים, וואס ענינם איז געווען "ואצלתי מן הרוח אשר עליך ונתתי עליהם" אז זיי זאלן טראגן במשא העם וואס דאס איז געווען דער ענין פון די שבעים זקנים, ווי דאס איז בפשטות וואס דאס איז פארבונדן ווי די ענינים זיינען לאמיתתם ברוחניות ובפנימיות וכו'.

וואָס דאס איז אויכעט די הוראה בפשטות:

אז אע"פ וואס מ'געפינט זיך אין חושך כפול ומכופל, און ס'רעדט זיך - אמת טאקע ער זאגט אז ס'איז יום ההילולא, און יום ההסתלקות ווי דער אפטייטש פון בעל ההילולא אז דאס איז א גילוי נאר אין א אופן וואס ווערט אנגערופן הסתלקות, אבער בפשטות איז דאס פארבונדן מיט כמה ענינים ווי אמירת קדיש און לימוד משניות לזכר ועילוי הנשמה וואס עלתה מלמטה למעלה, וואס דאס איז דאך ענינים וואס זיינען לכאו' היפך החיות והאור -

זאגט מען אז פון דעם "מה" וואס מ'פארשטייט דאס ניט, איז "ויבואו אילימה" - דערפון מאכט מען ע"י מעשינו ועבודתינו, אז ס'קומט ארויס ענינים וואס זיי זיינען חסד, און חסד אין א אופן אז "ויבואו אילימה", - אז מ'קומט אהינצו אריין מיטן גוף ונפש הבהמית ע"ד ווי ס'איז געווען דעמולט,

עאכו"כ וואס דעמולט איז דאס געווען לפני מ"ת, און איצטער איז דאס לאחרי מתן תורה,

און מכ"ש ווי אידן שטייען אין דעם מעמד ומצב וואס "כלו כל הקיצין" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז מ'איז שוין מוכן צו מקבל זיין דער "ונגלה כבוד ה'", ואין הדבר תלוי מערניט ווי אין איין קער - דער קער פון תשובה.

און דאס איז ניט אז דאס בלייבט "אילימה" ווי דאס איז למעלה אין דעם "מה" העכער פון הבנה והשגה, נאר דאס קומט אראפ אין א אופן פון י"ב שבטים, און קומט ארויס אין א אופן פון ע' נפש, און ס'קומט ארויס אין אידן אז זיי שטעלן אויף זקנים, וואס זיי זארגן זיך אפילו פאר בשר לכל העם הזה, ווי ס'איז געווען בזמנם פאר ע' זקנים, נוסף וואס זיי זיינען געווען די וואס "זה שקנה חכמה" און דערפאר ווערן זיי אנגערופן באמיתית התואר פון "זקן" זה שקנה חכמה, ווי די גמ' זאגט אין קידושין.

און "וישבו שם על המים" ווי ער זאגט אין אונזער סדרה, אז דארט שטייט מען בהתיישבות, און ווי רש"י זאגט אז בשעת ס'שטייט וישב יעקב באווייזט דאס אויף לישב בשלוה,

אז נאך אין די לעצטע טעג פון גלות, און נאך פאר דער קיום היעוד פון "והקיצו ורננו שוכני עפר" וואס דערפאר דארף מען זאגן קדיש ביום ההילולא, און שאר פעולות בדומה לזה,

איז ביחד ע"ז איז דא די שמחה עצומה, ביז אין א שמחה פון יתרון האור מן החושך און יתרון החכמה מן הסכלות, און דורך וואס האט מען דאס - דורך דערויף וואס דאס איז פורץ גדר, למעלה ממיצר והגבלות.

און דורך דערויף וואס מ'איז זיך אזוי נוהג במושבותם, בדוגמא ווי ס'איז געווען דער כימי צאתך מאמ"צ וואס לבל בנ"י הי' אור במושבותם נאך זייענדיק אין מצרים, נאך זייענדיק אין גלות, איז אט דארט שטייט מען שוין אין א אופן פון תורה ומצוותי' וואס זיי ווערן אנגערופן "נר מצוה" - ענינים וואס באלייכטן,

ביז אז זיי גייען מיט מיט א אידן ווען ער גייט בבית המצרי, גייט מיט עם דער ליכטיקייט, ביז וואנענט אז דארט ווערט ליכטיק און מ'זעט ענינים בעיני בשר שלו! ניט נאר בעיני שכל און ענינים של נפה"א שלו, ווי דאס איז דער ענין וואס אין ענין יוצא מידי פשוטו ווי ס'ווערט געבראכט אין מדרשים אז לכל בנ"י הי' אור במושבותם, און ווי רש"י ברייגנגט דאס אויכעט אראפ בפירוש על התורה, וואס דערפון איז די הוכחה אז דאס איז פשש"מ, אז דעמולט האבן זיי געזען בפשטות וואו ס'ליגן די כלי כסף וכלי זהב אין דער צייט ווען דאס איז געווען כלי כסף וכלי זהב פון דער מצרי! ניט ווי ס'זיינען שוין נתגלה געווארן די ניצוצי קדושה - דאס איז געקומען שפעטער נאך דערויף וואס ושאלה אשה משכנתה ואיש מאת רעהו איז דעמולט איז דאס אריבערגעגאנגען לרשות ישראל,

האבן זיי געזען אין דעם חושך פון "וימש חושך" אויף א כלי בשעת ער געהערט נאך צום מצרי, אבער ס'איז א זיכערע זאך (זיי האבן געהאט די הבטחה) אז ונצלתם את מצרים, וואס דאס איז דאך אויכעט בלשון של הבטחה, האבן זיי געווען זיכער, און דערפאר איז במשך פון דריי טעג איז דאס מקויים געווארן בפועל אדער נאך וויינקער ווי די מדרשות חלוקות בזה.

און דערפאר איז אויכעט וואס מ'זאגט אין דעם שיעור און מ'לערנט דאס אין דעם טאג, וואס מ'זאגט קדיש לעילוי הנשמה, און מ'זאגט אז בשעת מעשה איז דאס "ויבואו אילימה", און ניט סתם א חסד א-ל, נאר א חסד וואס נעמט זיך פון "מה" וואס דאס איז אין א ארט וואס מ'ווייס ניט וואס דאס איז און מ'פרעגט "מה",

בדוגמא ווי מ'זאגט אויפן מן [וואס דאס איז דער המשך הענין] אז מ'האט עס אנגערופן בשם מן כי לא ידעו מה הוא - א ענין של "מה",

און דאס ווערט אראפגעבראכט אז אידן געפינען זיך דארטן אין א אופן פון לישב בשלוה, געפינען זיך דארטן וואס ביי יעדערן איז ניכר אז ער געהערט צו אן עבודה פון א שבט, ווארום דאס איז שוין אראפגעבראכט געווארן אין י"ב שבטים און אין ע' נפש, ווארום ער פירט זיך ע"פ ההוראה פון ע' זקנים, ביז אתפשטותא דמשה בכל דרא ודרא, וואס "משה" ווערט דאך אנגערופן כל חכם ורב שבדורו ובעירו ווי דער אלטער רבי ברייגנגט אראפ אין תורה אור פון כ"מ בש"ס און אין נגלה דתורה.

און ס'ווערט דארטן "וישבו שם על המים" ווי דער "אין מים אלא תורה" מ'פארנעמט זיך דארטן מיט לימוד התורה אין א אופן פון "ויחבו שם" בהתיישבות,

וואס דאס ברייגנגט אויכעט אז זייענדיק אין ארץ צי' ועיף, אין מדבר העמים ווי ס'איז דעמולט געווען, האבן זיי דעם "מים" וואס דאס איז דער ענין עיקרי, אין אן ארץ צי' ועיף.

און גלייך נאך דערויף באקומען זיי דעם אנזאג און די הבטחה פון משה רבינו, אז מ'האט דעם מן מיט אלע פרטים ווי ער איז מבאר, וואס דער ענין פון דעם מן איז [ווי ער זאגט אין דעם שיעור] "לחם מן השמים" - אז ניט קוקנדיק [illegible] אלע זיינע השבונות אז אויב ער וועט זיך פירן ע"פ התורה ומצוותי' מיט א [illegible] מצוה, און זיין אפגעהיט פון השגת גבול, און ניט זאגן ניט ווי דער אמת איז וכיו"ב, און ניט

אנרירך א צוזליטן באיזה אופן שיהי', ווי אזוי וועט ער האבן פרנסתו ער איז פארבונדן מיט לחם מן הארץ?! - זאגט מען עס אז יעדער איד האט צוגעגרייט לחם מן השמים און דער לחם מן הארץ איז דאס מערניט ווי א לבוש ווארום מ'דארף דאך האבן אז וברכך הו"א בכל אשר תעשה, טוט ער אן עשי' וואס איז פארבונדן מיט לחם מן הארץ, אבער מזונו איז, דער ענין פון לחם מן השמים.

וואס עפ"ז ווערט פארענטפערט א תמי' עצומה:

בשעת מ'זאגט אין ברכת המזון אז "ואכלת ושבעת וברכת את הו"א" זאגט מען אז די ברכה ראשונה [ביז וואנענט ס'איז דא אופנים בנוגע צו קטנים וכיו"ב, זאגט מען מערניט ווי די ברכה ראשונה,

און מ'זאגט אז די ברכה ראשונה] האט מתקן געווען משה רבינו, דערפאר וואס דאס איז פארבונדן מיט לחם מן השמים?!

וואס בשעת ער וועט עסן לחם מן השמים, ד.ה. לחם תורה "לכו לחמו בלחמי", ווי דאס איז לחם מן השמים - ווי דאס שטייט בשמים טאר מען ניט מאכן קיין ברכה ראשונה פון ברכת המזון! ס'דארף זיין ואכלת ושבעת - אן אכילה ביז כדי שביעה, און דאס דארף זיין פארבונדן מיט חטה ושעורה דוקא מיט לחם מן הארץ.

און אויך דערויף זאגט מען אז די ברכה ראשונה, און די ברכה העיקרית בזה, וואס דערפאר איז דאך דא בכמה מקומות וואס די ברכה ראשונה זאגט מען מיט א העכערן קול, כמבואר וכנזכר לעיל אז ס'איז דא אופנים וואס מ'זאגט מערניט ווי די ברכה ראשונה, און מ'פארבינדט דאס מיט "ואכלת ושבעת" כדי שיעור שביעה, און נאכמערער שביעה פון דוקא לחם מן הארץ, וואס דאס איז גאר די ברכה שני' וואס איז פארבונדן מיט ביאת הארץ און זכירת און ברכת הארץ, וואס ס'האט מתקן געווען יהושע ווי די גמרא זאגט אין ברכות?!

וואס ס'רעדט זיך וועגן די ענינים פון משה בכל דור ודור ביז נשיא דורנו, וואס ער האט דאך אויכעט איבערגעזאגט בשם פון זיין זיידן, פון דער רבי מהר"ש, אז ער האט געזאגט אז פרנסה פון א אידן איצטער, איז מצד מעמד ומצב פון חשבונות טבעים איז דאס בדוגמא פון דעם מן, ווארום ס'איז ניט אויסגעהאלטן אז דאס זאל זיין בדרך הטבע, נאר דאס איז בדוגמא ווי דער מן וואס דאס איז לחם מן השמים.

וואס דאס איז מבטל די אלע חשבונות, וכמבואר המקור בזה, אז וואס איז די פעולה אז ער וועט אנגרייטן אלערליי לבושים פאר א קינד בשעת דער קינד געפינט זיך במקום אחר,

וועז איז די תועלת פון די לבושים, און ווען איז די תועלת אז ער האט א דירה נאה און כלים נאים, און האפט אז דערנאך וועט דאס אריבערגיין לאחר מאה ועשרים שנה צו בניו וביתו אחריו, וואס זיי שטייען במקום המוריש ממש, איז דאס ניט גענוג און דער עיקר איז אז מ'זאל האבן אסאך געלט און די דירה און די נסכים, - צום אלעם ערשטן דארף ער באווארענען אז ער האט בנים ובנות!

און דערנאך גרייט ער פאר זיי לבושים לפי ערכם ולפי יכלתו ומעמדו, וואס דערפאר וויל ער אז ס'זאל זיין ווי מ'וויל פאר קינדער אלס מערער און מערער כלים נאים ודירה נאה וכו'.

וואס עד"ז איז אויכעט בפרנסת עצמו, איז וואס איז די פעולה אז מ'מאכט חשבונות מעשה ידי אדם ותחבולותיו, אז ער וויל זיך אנקלייבן אזוי פיל און אזוי פיל געלט, און ערשט דערנאך וועט ער קענען טראכטן וועגן מקיים זיין מצות ה' כדבעי, און מקיים זיין מצות ה' פון פרו ורבו, אין א אופן פון ומלאו את הארץ, בשעת ער גרייט צו דעם לחם מן הארץ וואס איז מערניט א לבוש, און ס'פעלט אין זיין גרייטן דער

לחם מן השמים, וואס דאס איז דורכדעם וואס ער מאכט פון זיין לעבן א הוראה און חיים ע"פ הוראה וואס זי איז דבר ה' תורה מן השמים.

וואס אט דעמולט אז ער האט דעם לחם מן השמים, איז אט דעמולט ווערט דער לחם מן הארץ לתועלת.

און נאכמער, ווי ס'שטייט ביי אידן און ס'שטייט אין גשמיות פון א"י, וואס דארטן ועט מען אידישקייט און אלקות בגשמיות בארץ מערער ווי אין חו"ל:

זאגט מען אז דאס איז "ארץ הצבי", - אז לכתחילה בגשמיות איז דאס א מקום קטן.

בשעת ס'קומט אבער צו ברוחניות - וואס רוחניות לגבי ארץ ישראל איז דאס אידן, איז אז ס'קומט צו א איד דאגה'ט דער אויבערשטער און טוט אויף לפועל, אז א צבי איז עורו גדל לפי בשרו,

אפי' אז די חשבונות זאלן זיין אויסגעהאלטן - איז דאס אויסגעהאלטן ווען דאס רעדט זיך ניט וועגן ארץ חפץ אתם לי, וואס דאס זאגט דער אויבערשטער בנוגע צו יעדער אידן, ביז אז דאס איז ארץ הצבי אז יעדער איד דארף זיין "קל כצבי לעשות רצון אביו שבשמים",

און אט דעמולט אפי' בשעת מעשה איז ביי עם אן עור קצר ווי ביי עם קומט אויס דער לחם מן הארץ איז ניט גענוג אויף ארייננעמען א ריבוי פון מלאו את הארץ - פון בנים ובנות,

האט ער די הבטחה פון תורת אמת, געגעבן געווארן דורך אלקים אמת, וואס ער איז דער מנהיג העולם נוסף וואס ער איז דער בורא העולם, אז עורו גדל לפי בשרו!

וואס דערפאר איז די ראי' וואס ער ברייגגט אז ער הארעוועט אין פרנסה און האט ניט פארדינט אויף אזויפיל וויפל ער זאל קענען אויסהאלטן אזויפיל און אזויפיל קינדער איז דאך א סימן אז ער איז געווען גערעכט - ער איז געווען אומגערעכט! ווארום די פרנסה קומט ווי די גמ' זאגט באה בככרי אמו, אט דאס וואס מ'גיט עם פרנסה אזוי ווי דער אויבערשטער האט עם געגעבן א קינד, איז דאס דעם אויבערשטן'ס א קינד וואס ער איז א שותף אין דעם קינד צוזאמען מיט דעם אויבערשטן,

און דער אויבערשטער גיט עם פרנסה דערפאר וואס ס'איז דא דער קינד.

און בשעת ער איז מעכב איז דא <u>שלאגט</u> ער זיין אייגענע פרנסה!

ס'איז דא אמאל אז דער אויבערשטער פארלאזט זיך אויף עם און גיט עם נאמנות, אז ער וועט עם פריער געבן הרחבה אין פרנסה ווארום זיכער וועט ער וויסן און פארשטיין אז ער אליין דארף ניט האבן אזויפיל דאס איז מערניט וואס מ'דארף האבן, און דארף אויסהאלטן ובשמחה ובטוב לבב, בנים לשון רבים ובנות לשון רבים עוסקות בתורה ומצוותי' דערפאר קאסט מערער דער חינוך און האט הוצאות נוספות מיט אלע ענינים פארבונדן מיט אידישקייט, ווארום דער אויבערשטער וויל אז ניט ס'זאל זיין חינם, נאר ס'זאל זיין דוקא ע"י מעשינו ועבודתנו "בכל אשר תעשה" רוקא,

און ס'איז דא אמאל וואס דער אויבערשטער וויל עם אויספרואוון, כדי מאכן לייכטער דעם נסיון - באווייזט ער עם אז אט זעסטו א צווייטע משפחה וואס האט זיך ניט גערעכנט מיט אט די חשבונות וואס זיי זיינען מערניט ווי תחבולות בלשון פון דעם אלטן רבי'ן אין תניא, און תחבולות פון אנוש! וואס אנוש הוא! ער האט ניט די געזונטקייט וואס אידישקייט גיט אריין אין יעדער ענין, און יעדער אידן, במילא אז ער איז אן אנוש - אנוש במילא איז ניט נאר אז ביי עם איז דא דער שכל פון אן אנוש נאר ס'ווערט נאך א ענין פון תחבולות - אזוי ווי ער וויל זשאלעווען

זיין טירחא, און וויל כמה ענינם של שטות, וואס ער אליין ווייס אז דאס איז שטות לגבי דער נחת וואס ער אדער זי וועט האבן פון נאך א קינד און נאך א קינד, און פון נאך קינדער לשון רבים, אעפ"כ לאזט ער זיך אריין אין די "תחבולות"!

און בשעת מעשה זאגט מען אז דאס איז מערניט ווי תחבולותיו - ער מיינט אז דאס איז א תחבולה, דער וואס קוקט אויף עם [אבער], זעט אז דאס איז א נארישקייט, און א נאכגעגעבנקייט און א ענין של שטות פון זיין ר"ל ביי זיך צונעמען דעם נחת וואס מ'קען האבן און דער אויבערשטער וויל געבן, און וויל געבן למעלה ממדידה והגבלה דורך נאך א אינגעלע און נאך א מיידעלע און נאך בנים ובנות, וואס ער און זי וועלן זיי מחנך זיין בדרך התורה ומצוותי'.

און די חשבונות ווי דער חשבון געזאגט אין תושב"כ וואס אפילו הצדוקים מודים בו, אז אידן האט מען געגעבן לחם מן השמים, נאך פאר מ"ת איידער מ'איז געווארן לומדים, האבן זיי שוין געהאט לחם מן השמים, און דערנאך זאגט מען אז התורה נצחית, אז דארט איז א הוראה לכל אחד ואחת עד סוף כל הדורות, ובפרט נאך אז מ'האט דעם קלארן פתגם והוראה פון רבי'ן מהרי"ש דורך נשיא דורנו, אז די פרנסה פון א אידן בזה"ז איז דאס אין א אופן פון מן - לחם מן השמים.

צוזאמען וואס מ'דארף האבן "בכל אשר תעשה" ווארום אין סומכין על הנס - מ'דארף אבער וויסן דעם אמת און ניט אפנארן זיך אליין, אז דאס איז דער עיקר, היפך וואס מ'זאגט אז "ברכת ה' היא תעשיר".

און אז בכל אשר תעשה דארף מען ערשט אנקומען צו וברכך ה"א, און די ברכה איז אין א אופן ניט נאר פאר די מחסורו אשר יחסר לו נאר אויכעט אתה מחוייב לעשרו, ניט ווי ביי צדקה כפשוטה.

וואס דאס איז אויכעט דער לימוד און הוראה פון דער שיעור פון חומש פון יום זה און פרשה זו:

אז צום אלעם ערשטן דארף א איד וויסן אז "ויבואו אילימה" - דער אויבערשטער האלט פאר עם אנגעגרייט חסד, ניט נאר דער חסד פון עולם העשי' ביז דער חסד פון עולם האצילות, וואס דאס איז נאך אלץ א חסד וואס מ'זאגט ניט אויף דערויף "מה", ווארום ידעו מה הוא - עולם האצילות איז איינע פון די עולמות,

נאר דא איז אילימה - א-לי מה - אז מ'פרעגט אויף דערויף "מה" איז לא קיימא לשאלה ער ווייס ניט וואס דאס איז, מערניט וואס ער קען זאגן אויף דעם די שאלה "מה הוא".

און דאס קומט אראפ אין מן אין לחם מן השמים, און דאס קומט אראפ ביז אין א אופן אז יעדער טעם וואס ער דארף וועלן אדער אפילו וואס ער וויל "פותח את ידיך ומשביע לכל חי רצון" (ווי ס'זיינען מפורש די פשטנים פון דעם פסוק: כפי רצונו פון דעם חי).

כאטש אפילו דאס איז ניט קיין אויסגעהאלטענער - אבער דער אויבערשטער וויל אז ער זאל זיין אין א אופן פון "ויבואו" און א אופן פון "וישבו שם" - ביקש לישב בשלוה.

איז נאך בשעת ער איז א קטן בידיעה, גיט מען עם שוין די אלע ייעודים גשמיים, ווי זיי שטייען בפשטות אין תורה, ווארום עם קען מען צוציען צו תורה, ווי דער רמב"ם זאגט ע"י שלא לשמה בדוגמא פון א ילד קטן, און דערנאך אפילו גדול ביז וואנענט ער וועט צוקומען, ווי דער רמב"ם זאגט אין סוף פון הל' תשובה, ס'איז עבודה לשמה ואם דאס איז עבודה גדולה היא.

וואס דאס איז די הוראה בנוגע לפועל - וואס המעשה הוא העיקר:

נעמען פון דעם דערמאנענדיק זיך אז דאס איז די הסתלקות והילולא פון נשיא דורנו, נעמט מען מיט די הבטחה, אז אויב מ'מאכט נאר "עמדו הכן כולכם" כלשון פון דעם בעל ההילולא, איז אט דעמולט ווערט נאך איצטער "ויבואו אילימה" מ'גייט אריין אין א אופן פון חסד מרובה, וואס ס'נעמט זיך פון א ארט וואס דאס איז "מה", וואס ס'ווערט אנגערופן "מה" דערפאר וואס דאס איז "מה", און פון דארטן ווערט אראפגעבראכט ביז אין מדבר העמים ווי ס'איז דעמולט געווען בפשטות הענינים, און התורה היא נצחית,

און דארט געפינט מען פארטיקערהייט אנגעגרייט, י"ב מינות מים און שבעים תמרים און דארטן "וישב שם" אין א אופן און א ענין פון "לישב בשלוה",

און דערנאך גייט מען פון דארטן אין דעם מדבר וואס דארט איז געגעבן געווארן תורה, בדוגמא ווי איצטער גייט מען לקבל פני משיח צדקנו,

און לערנען תורה מפיו של משיח וואס ילמד תורה את כל העם כולו.

וואס אויכעט בהמשך לזה איז אויכעט דא דער ענין אויף צו דערמאנען נאכאמאל און מזרז זיין אויף די תקנה וואס נשיא דורנו דער בעל ההילולא האט מפרסם געווען, די שיעורי חת"ת כאמור לעיל:

לערנען דעם שיעור חומש שבשבוע בכל יום ויום עביד עבידתי', ויום חמישי פון חמישי ביז ששי עד"ז בימים שלפנ"ז ושלאח"ז,

און וויסן אז מ'האט די הבטחה גמורה אז דאס וועט ניט נאר ניט אנרירן פרנסתו נאר אדרבה: דאס איז די הקדמה אז דערנאך גייט מען אין א ווייטערדיקן און א העכערן מצב, און מ'קומט צו דעם ארט וואו מ'באקומט אין קיימא סיהרא באשלימותא בחמשה עשר בחודש באקומט מען מן - לחם מן השמים, און ס'ווערט דערפון דם ובשר כבשרו ווי ס'איז געווען דעמולט.

און ס'ווערט אויכעט די הכנה קרובה צוזאמען מיט די שיעורים אין תהלים כפי שנחלק לימי החודש, וואס אין דעם טאג איז דאך אויכעט דער שיעור וואס ס'הויבט זיך אן גלייך אין דעם ערשטן מזמור "פדה בשלום נפשי",

עד"ז די שיעורים אין תניא כפי שנחלק לימי השנה, און די שיעורים פון שנה זו ווי ער איז נחלק לימי שנה מעוברת וואס דעמולט האט מען דאך א שנה שלימה,

און צוזאמען אויכעט ווי געערעדט פריער אין שלימות היראה, איז דאס דאך אויכעט פארבונדן אז ס'זאל זיין אין שלימות העבודה, וואס די עבודה אויף אראפברייגנגען די גאולה, איז דאך צוויי ענינים: ציון במשפט תפדה - וואס דאס גייט אויף תורה, און ושבי' בצדקה - דער ענין פון גמ"ח און צדקה.

וואס דאס איז אויכעט דערמאנען דעם מנהג ביום ההילולא אז יעדערער איז זיך מתנדב לפי נדבת לבו הטהור אין קופת רבנו, אויף אויסהאלטן לימוד התורה באופן ווי ס'איז געווען למקבלי המן ואוכלי המן, וואס מ'לערנט תורה און מ'פארגעסט אויף אלע דאגות איז דאס עס ניט מבטל פון זיין לימוד התורה.

וואס דאס איז אין הדבר תלוי אלא ברצוננו והחלטתו.

וואס דערפאר וועט מען אויכעט איצטער אויסטיילן צעטלען, אט די וואס ווילן רושם זיין שמו ושם אמו כדי צו דערמאנען עס (און ברייגגען דעם צעטל) אויפ'ן ציון פון בעל ההילולא בעת הרצון,

נוסף אויף די החלטות טובות אין תורה, אנהויבנדיק פון די שיעורי חת"ת, נוסף אויף די החלטות טובות אין די עשרה מבצעים, אנהויבנדיק פון דעם מבצע פון אהבת ישראל, וואס אין דערויף האט זיך דאך געקאכט ז'ער בעל ההילולא, און דערנאך דאס אראפגעבראכט אין מבצע חינוך, ביז צו מס"נ בזה כמוזכר לעיל,

און אויכעט וואס דאס קומט ארויס אין פרטים אין די מבצעים כללים אין מבצע תורה, און מבצע תפילין, און מבצע מזוזה, און מבצע צדקה, בית מלא ספרים - יבנה וחכמי', און מבצע נרות שבת קודש, וועגן וועלכן ס'רעדט זיך אין דעם שיעור פון יום הששי פון דער נאכט איצטיקער ווי דאס איז שייכות צו דער יום שלאח"ז.

און מבצע פון כשרות האכילה ושתי' וואס דאס איז דאך בדוגמא פון המן, און מבצע פון טהרת המשפחה.

און דאס ברייגנגט אראפ אז "ויהי (און ס'זאל זיין) בשלח פרעה את העם" - ניט נאר אז או"ה שטערן ניט ח"ו צו דעם ארויסגייין פון דעם גלות, נאר אדרבה: ס'איז בשלח פרעה את העם - זיי זיינען נאך מסייע ובכל האופנים האפשריים, אז ס'זאל זיין ובני ישראל יוצאים ביד רמה, בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס ילמד תורה את כל העם,

וואס זי איז אויכעט געגעבן געווארן - ווי דערציילט אין דער פרשה שלאח"ז - אין פ' יתרו, וואס מ"ת איז דאך מערניט ווי איין מאל, און אין די עשרת הדברות - אין די לוחות וואס מזה ומזה הם כתובים, והתורה בפירושה ניתנה ווי דער רמב"ם זאגט אין הקדמת פירושו, אז מ'האט דאס גלייך געגעבן צוזאמען מיט רזי תורה,

און ווי גערעדט אמאל בארוכה אז אדרבה: בשעת מ"ת איז רזי תורה געווען בגלוי, מ'האט געזען די מרכבה בעיני בשר! און נגלה דתורה איז געווען בהעלם, מ'האט געגעבן עשרת הדברות בכללות האט מען געהערט, און מ'האט דערפון געדארפט ארויסלערנען פרטים און פרטי פרטים, ביז וואנענט אז ס'האט גענומען א ריבוי זמן אויף דערויף.

"וירד ה' על הר"ס" און דאס האט האבן געזען כל העם ביז וואנענט אז "וינועו ויעמדו מרחוק" אפי' ערב רב, ווי מפרשים זאגן, האט מען געזען די מרכבה ביז אלע אירע פרטים כמבואר במדרשי חז"ל בארוכה.

וואס התורה היא נצחית:

אט אזוי איז ביכולתו של כל אחד, אפילו די וואס לכאורה זיינען ניט שייכות צו הבנה והשגה אין רזי תורה אבער די עיקרי פון רזי תורה, פונקט ווי דער רמב"ם מאכט דאס פאר א עיקר בספרו, יסוד היסודות ועמוד החכמות וואס דאס איז ר"ת ה', ווי ס'שרייבט זיין איניקל, און דאס שטייט אין א אופן פון רמז וסוד,

אט אזוי איז אויכעט בשעת א איד כאפט זיך אויף אינדערפרי, און זאגט מודה אני לפניך מלך חי וקיים שהחזרת בי נשמתי בחמלה רבה אמונתך, וואס ער דערמאנט אין דעם ניט קיין שם, איז דאס בדוגמא פון מגילת אסתר, וואס לא נזכר בה כל שם, און מ'איז מבאר בארוכה, אז דאס איז דערפאר וואס דאס נעמט זיך פון "הסתר אסתיר - למעליותא" פון מוחא סתימאה און עתיקא קדישא ביז עצמות ומהות, וואס דערפאר איז לא אתרמיז לא בשום אות ולא בשום קוץ,

און אז מ'פרעגט ביי א קליין קינד וועמען מיינט ער, וואס ער ווייס נאך ניט וועגן ז' שמות פון שם ה' ושם אלקים וכו'; און אעפ"כ זאגט ער מודה אני -

וועמען מיינט ער - באווייזט ער מיטן פינגער למעלה און ער זאגט אז ער מיינט דעם אויבערשטן!

ניט ער איז שייכות צו ספירות, ניט ער איז שייכות צו רזי תורה, און ניט ער איז שייכות צו נגלה דתורה,

ער האט שוין אבער אן אמונה פשוטה, און אמונה פשוטה אין עצמות ומהות, ווארום צו גילויים האט ער קיין שייכות ניט!

און ויה"ר אז פון דעם דיבור בכל ענינים אלו זאל דאס אראפ במעשה בפועל,

אז מ'זאל גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו בפשטות, און למטה מעשרה טפחים, און בנערנו בזקננו בבנינו ובבנותינו, וכספם וזהבם אתם, לא תשאר פרסה, וגם אתה תתן עמנו, ווארום ס'איז בשלח פרעה את העם,

און מ'נעמט מיט אלע ניצוצי קדושה און מ'זעט אז והיתה לה' המלוכה ונגלה כבוד ה' אין א אופן וואס וראו כל בשר אז דאס איז אזוי אין דירה לו ית' בתחתונים.

*　　　　*　　　　*

צוה לנגן הבינוני (דיבר ליאלעס ע"ד נכדו ואמר לו (בין השאר): תפארת זקנים בני בנים. אח"כ אמר לו: ס'איז געווען א צייט וואס דער צ"צ האט ניט געוואלט נעמען די נשיאות, האבן די חסידים עם געזאגט (ר' אייזיק האמליער - חסידים הראשונים) אז זכר מזריע תחלה יולדת נקבה איז דאס די טאכטער פון דעם אלטן רבי'ן, און דערנאך איז נקבה מזריע תחלה יולדת זכר איז דאס זיינט איר - אזוי האבן זיי געזאגט צום צ"צ, און דערנאך האט ער אנגענומען די נשיאות ... ס'זאל זיין א בנין עדי עד).

ניגון הכנה, ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א ) ניע זשוריצי (ניגן עם הקהל כמעט כל הזמן).

התחיל לנגן: ווי וואנט משיח נאו (מחא כפיו הק' בחוזק) ניעט ניעט ניקאווא,

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, ווען זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה. וחזר להיכלו הק'.

*　　　　*　　　　*

א. ס'איז דאך דער שבת נאך "העשירי יהי' קודש", דער יום ההילולא וההסתלקות - איז היינט בשבת איז דער "ויכולו" פון אלע ששת ימי המעשה שלפנ"ז, כולל אויך דעם "העשירי יהי' קודש".

וואס איינע פון די (צוויי) פירושים וואס זיינען דא אין "ויכולו" איז - מלשון כליון, אז עס ווערט אויס מציאות, דאס הייסט, אז עס ווערט א מציאות נעלית יותר, וואס צוליב דעם דארף ווערן דער כליון, אויס מציאות פון דער פריערדיקער מציאות.

און ווי מ'געפינט דאס בנוגע צו דעם לימוד פון תלמוד בבלי און פון תלמוד ירושלמי, אז בכדי צו איבערגיין אין דעם סדר הלימוד פון תלמוד ירושלמי - האט געדארפט זיין (בא ר' זירא) דער פארגעסן פון תלמוד בבלי.

ב. וואס דערפון ווי דאס איז בתורה קומט דאס ארויס בכל הענינים, און ווי מ'געפינט אויך בנוגע צו די עליות פון די נשמות בג"ע, אז בכדי צו אנקומען צו א העכערע מדריגה דארף פריער זיין דער ביטול פון דער מדריגה שלפנ"ז, וואס אין דעם זיינען דא כמה דרגות וענינים: דער ענין פון נהר דינור, און דער עמוד שבין ג"ע התחתון לג"ע העליון ווי ער זאגט אין תניא, וכו'.

וואס ס'איז פארשטאנדיק אז די ערשטע מדריגה פון דער נשמה אין ג"ע איז אן ענין אין קדושה, און ווי מ'זאגט אויף די עליות פון די נשמות - "ילכו מחיל אל חיל", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אויך די ערשטע דרגא הייסט "חיל" - אעפ"כ, בכדי צו צוקומען צו די העכערע דרגא דארף זיין דער ביטול פון די מדריגה הקודמת.

וואס אין די עליות הנשמות בג"ע זיינען דא א ריבוי מדריגות, ווי מ'זאגט אז "ילכו מחיל אל חיל", אבער בכללות צוטיילט זיך דאס אויף צוויי כללות'דיקע מדריגות - איין מאל "חיל", און דער צווייטער מאל "חיל",

וואס בכדי צו נכלל ווערן אין די העכערע מדריגה - דארף זיין דער ביטול פון די מדריגה הקודמת.

וואס פון דעם אלעם איז פארשטאנדיק, אז בשבת איז דא דער ענין פון "ויכולו", כליון, פון די ששה ימים שלפנ"ז, ד.ה. אז בשבת ווערט א מציאות נעלית יותר, וואס דערפאר דארף ווערן דער כליון פון דער מציאות אין די ששה ימים שלפנ"ז.

ג. לכאורה דארף מען פארשטיין: מ'געפינט דאך כמה עניני עלי' אין וועלכע מ'דארף ניט האבן ביטול מדריגה הקודמת - איז וואס זאגט מען דא, אז בכדי אנצוקומען צו די העכערע מדריגה מוז דוקא זיין דער ביטול פון דער מדריגה הקודמת?

ולדוגמא: אין דעם לימוד פון בבלי גופא, אדער פון ירושלמי גופא (ניט דער איבערגאנג פון בבלי צו ירושלמי), זיינען דאך דא עליות, וואָרום ת"ת דארף דאך זיין אין אן אופן פון "לאפשא לה", און ס'דארף זיין שטענדיק אן עלי' אין זיין לימוד, און א מענטש דארף אלעמאל זיין א "מהלך" -

געפינט מען ניט אז בשעת מ'גייט איבער אין א העכערע דרגא זאל דארפן זיין ביטול פון די ערשטע דרגא,

איז וואס זאגט מען דא אז בשעת ס'איז דא אן עלי' מוז זיין דער ביטול פון די מדריגה הקודמת?

ד. דער ביאור אין דעם:

עס זיינען דא צוויי אופני עלי': ס'איז דא אן עלי' שבערך, און ס'איז דא אן עלי' שלא בערך,

איז בשעת ס'איז אן עלי' שבערך מוז ניט זיין ביטול מדריגה הקודמת. משא"כ ווען ס'איז אן עלי' שלא בערך - דעמולט מוז זיין ביטול מדריגה הקודמת.

וואס אמאל איז דא אן ענין פון הליכה, אן איבערגאנג שבערך, און אמאל איז ניט מספיק הליכה סתם, נאר עס דארף זיין אן עלי' שלא בערך,

און ווי ס'איז געווען בא דעם אויבערשטן בשעת יציאת מצרים, אז ס'האט דעמולט ניט מספיק געווען הליכה, נאר ס'האט געדארפט זיין "מדלג" און "מקפץ" - אן ענין שלא בערך.

וואס ע"ד ווי דאס איז בא דעם אויבערשטן - עד"ז איז דאס אויך ביי א נשמה למטה בעוה"ז, און אויך ביי א נשמה בעוה"ב, אז ס'איז בא זיי דא עליות שלא בערך.

וואס בשעת מ'דארף עולה זיין אין אן עלי' <u>שלא בערך</u> - דארף זיין ביטול מדריגתו הקודמת, כנ"ל.

ה. די עליות שלא בערך וואס זיינען דא בא נשמות (וואס התחלתם איז בתורה, כנ"ל) - זיינען זיי דא בא יעדער אידן:

עס שטייט "וכל בניך לימודי ה'", און ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר איז מבאר, אז יעדער איד ("וכל בניך") איז (א תלמיד חכם -) א תלמיד פון חכמה, וואס בא יעדן אידן איז דא דער ענין פון לימוד התורה, און עס איז ביי אים שטענדיק דא דער חיוב אויף לימוד התורה.

וואס דאס איז דאך א חילוק צווישן תורה און מצוות:

בא מצוות געפינט מען ניט אז יעדער איד זאל זיין מחוייב אין אלע מצוות בגלגול זה, ואדרבה - ס'קען ניט זיין אז ער זאל זיין מחוייב אין אלע מצוות בגלגול זה, ווארום עס זיינען דאך דא די חילוקים פון כהן, לוי, און ישראל, וואס בא יעדער סוג זיינען דאך דא ענינים מיוחדים וואס זיינען דא דוקא בא דעם סוג און ניט בא די אנדערע סוגים,

משא"כ לימוד התורה איז דאס א חיוב תמידי בא יעדער אידן.

ביז אז תורה איז גאר די מציאות פון א אידן, ווי מ'זאגט אז "ישראל" איז ר"ת "יש ששים ריבוא אותיות לתורה", ד.ה. אז "ישראל" שטעלט זיך צונויף פון "יש ששים ריבוא אותיות לתורה".

אבער עס פאדערט זיך אז עס זאל ניט זיין נאר דאס וואס מציאותו איז תורה, אבער ער געפינט זיך אין אן עולם אחר, נאר - דארטן וואו ער געפינט זיך, וואס ער איז אוכל ושותה ועושה וכו', זאל ער אויך דארטן האבן דעם ענין פון תורה,

דאס הייסט, אז אויך בפועל (ניט נאר בעצם מציאותו) זאל ער לערנען תורה, ביז אז לימוד התורה איז ביי אים א חיוב תמידי, כנ"ל,

און - לימוד התורה בדיבור (וואס "עקימת שפתיו הוי מעשה").

ו. און דער חיוב תמידי אין לימוד התורה איז אויך דא אין אלע שינויי הזמנים, אויך שינויים שלא בערך:

דער חיוב פון לימוד התורה איז ניט נאר פעם אחת ביום, נאר - פעמיים ביום, וואס דער צווייטער מאל איז ניט ביום נאר בלילה,

וואס צווישן יום און לילה איז א שינוי שלא בערך, ביז מ'זאגט אויף דעם "להבדיל", ווי עס שטייט "להבדיל בין האור ובין החושך",

ע"ד איז דאס בענין הצירופים: אויך יעדער שעה איז אן אנדער צירוף, אבער אעפ"כ זיינען זיי אלע פון איין שם, ס'איז מערניט אן אנדער צירוף, משא"כ דער חילוק צווישן יום און לילה איז א חילוק שלא בערך, א הילוק אין די שמות [אע"פ אז אויך די ערשטע איז נוגע אין התהוות, ס'איז א שם הוי'].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ'זאגט אז לימוד התורה, וואס יעדער איז איז מחוייב אין דעם (כנ"ל), דארף זיין סיי ביום און סיי בלילה - איז פארשטאנדיק, אז בא יעדער אידן זיינען דא שינויים שלא בערך, אנהויבנדיק פון לימוד התורה, וואס בכדי איבערצוגיין אין א שינוי שלא בערך מוז זיין ביטול מדריגה הקודמת.

ז. וואס עדכ"ז איז דער ענין פון א יום הילולא, אז ס'איז א שינוי שלא בערך, ווי ס'איז דא די ענינים פון קדיש און משניות וכו',

וואס אזוי איז דאס בא יעדער אידן, ועאכו"כ ביי א צדיק און ביי א נשיא, און עאכו"כ ביי איינעם וואס האט אין זיך די אלע זאכן.

און דאס שפיגלט זיך אפ אויך אין דעם שבת שלאחרי יום ההילולא, אז דעמולט בשבת איז (אויך) דא אן עלי' שלא בערך, וואס בכדי צו עולה זיין אין דער עלי' שלא בערך - דארף זיין דער "ויכולו", דער כליון, פון די מדריגה הקודמת, כנ"ל.

ע"ד ווי דאס איז ביום ההילולא, "יום המות", אז ס'איז דעמולט אן עלי' שלא בערך - עד"ז איז דאס אויך ביום ההולדת, "יום הולדו".

און ווי ס'שטייט אז ביום ההולדת האט ער געזאגט תורה, און נתקבצו וכו', און ער האט געזאגט תורה מיט א ד"ה וואס איז שייך צו דעם יום ההולדת.

וואס בא נשמות אין ג"ע איז שטענדיק דא דער ענין פון לימוד התורה, ווארום בא זיי איז דאך דא דער ענין פון "להתענג בנועם הוי'", וואס דאס קומט צו זיי מלמעלה דורכדעם וואס זיי זיינען שטענדיק עובד עבודתם,

וואס אע"פ אז דער ענין פון מצוות איז ניטא בא נשמות בג"ע, ווארום דעמולט איז דאך "ימים אשר תאמר אין לי חפץ בהם" - אעפ"כ איז אבער עבודתם יע דא, וואס דאס איז די עבודה פון לימוד התורה.

און אין לימוד התורה גופא קומט בא זיי שטענדיק צו, ווי מ'זאגט אז "אין להם מנוחה" -

און אעפ"כ זעט מען אז בשעת ס'איז געווען א יום הולדת איז געווען אן ענין מיוחד, וואס ער האט געזאגט תורה במיוחד, און בד"ה וואס איז שייך צום יום ההולדת, און מ'האט זיך צוזאמען געקליבן וכו' - דערפאר וואס ביום ההולדת איז דא אן עלי' (ניט נאר ווי די שטענדיקע עליות, נאר אן עלי') שלא בערך:

ח. וואס אויך דאס וואס ער האט דעמולט געזאגט תורה מיט א ד"ה וואס איז שייך צו יום ההולדת - איז בדיוק:

אויף דער ענין פון ד"ה איז דא דער ווארט פון רביים אז דאס איז דער "פאספארט" פון דעם מאמר,

וואס דאס האבן זיי געזאגט אלס ענטפער צו די שאלה פון חסידים, אז מ'זעט אמאל א מאמר אין וועלכע ס'איז דא א שייכות קלושה ביותר לכאורה פון דעם ד"ה צו דעם תוכן המאמר,

וואס אזוי האט זיך אפגעלייגט בשכל הפשוט, און אויך בשכל הפשוט פון חסידים,

און ווי עס זיינען געווען חוזרים וואס האבן זיך געקאכט אין איבער'חזר'ן בדיוק יעדער ווארט פון דעם מאמר; אבער זיי האבן ניט געהאט אזויפיל דיוק אין דעם אנהויבס און סוף מאמר.

און זיי ברייננגען נאך א ראי' צו זיך: עס זיינען דא המשכים פון כ"ק אדמו"ר (מהורש"ב) נ"ע, המשך תרס"ו און תער"ב, ועד"ז המשכים פון דעם רבי'ן מהר"ש, און דערפון פארשטאנדיק אויך אין די המשכים פון די נשיאים שלפניהם - וואס זיינען געשריבן געווארן אן די התחלות וסיומי המאמרים, סיידן פון דעם ערשטן און לעצטן מאמר -

האט ער צו זיך א ראי': דער וואס האט געשריבן די מאמרים האט זיי אויך געשריבן אן די התחלות און אן די סיומים,

און ס'איז דערפון פארשטאנדיק אז זיי האבן דאס אזוי אויך געלערנט מיט הקרובים אליהם - איז לכאורה דערפון פארשטאנדיק אז די התחלות וסיומים זיינען ניט אזוי בדיוק.

ט. אבער באמת איז דאס ניט אזוי, נאר בשעת די מאמרים זיינען לפועל ארויסגעגעבן געווארן מיט די ד"ה און די סיומים - איז "נתנו מרועה אחד", און אויך זיי זיינען בדיוק.

און ווי מ'געפינט עס אויך אין נגלה, אז עס זיינען דא כמה ענינים פון הלכה וועלכע חזר'ן זיך איבער כמה פעמים, יעדער מאל פאר אן ענין מיוחד, און געוויינלאך איז בא יעדער מאל וואס ס'חזר'ט זיך איבער איז דא (נוסף אויפן צד השוה) א הוספה וואס איז נוגע צו דעם פאל במיוחד, און נאכמער: פון דער הוספה לערנט מען אויך אמאל בנוגע צו דעם צד השוה.

וואס עד"ז איז בעניננו, אז דער ד"ה און סיום פון מאמר, אע"פ אז זיי קוקן אויס ווי א הוספה אויפן עצם המאמר - זיינען זיי בדיוק, און זיי האבן אויך א שייכות צו דעם עצם המאמר.

וואס מכ"ז איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס ער האט דעמולט געזאגט תורה מיט א ד"ה וואס איז שייך צו דעם יום ההולדת - האט אויך דאס (בהוספה אויף דעם וואס מ'האט זיך צוזאמענגעקליבן וכו') א שייכות מיוחדת צו דעם ענין פון א יום הולדת, וואס ביום ההולדת איז דא אן עלי' שלא בערך, כנ"ל.

י. כאמור לעיל, איז דא דער צד השוה צווישן אלע שבתים, אז יעדער שבת איז דא דער ענין פון "ויכולו", אז ס'ווערט אויס דער פריערדיקער מציאות, ווארום ס'ווערט אן עלי' שלא בערך, און דערצו זיינען אויך דא זמנים מיוחדים, וואס אין די זמנים, ועד"ז אין די שבתים שלאחריהם - איז דא אן עלי' שלא בערך, ווי לדוגמא ביום ההסתלקות וביום ההולדת.

וואס די ביידע זמנים מיוחדים, דער יום ההולדת און דער יום ההסתלקות, זיינען ביידע זמנים וואס זיינען כולל כל חיי האדם; אבער ס'איז דא א חילוק ביניהם:

א יום הולדת איז כולל כל חיי האדם - בכח, משא"כ א יום הסתלקות, וואס דעמולט שטייט "כל עמל האדם שעמלה נפשו בחייו" אין א שלימות - איז דאס דא בפועל.

וכידוע דער גודל העילוי פון פועל אויף כח, וואס צוליב די מעלה פון פועל איז נברא געווארן גאנץ סדר השתלשלות, און אויך דער ענין עיקרי פון מ"ת האט געקענט זיין דוקא נאכדעם וואס ס'איז דא בריאת כל ההשתלשלות בפועל,

וואס אע"פ אז "קדמה תורה לעולם" - בכדי אבער ס'זאל זיין מ"ת למטה בעוה"ז ("וירד ה' על הר סיני") בפועל האט געדארפט זיין בריאת כל ההשתלשלות בפועל, און ס'איז ניט מספיק דער בכח.

וואס אע"פ אז דער כח שלמעלה האט אין זיך אלע ענינים נעלים - איז אעפ"כ אצלנו, ובמילא - בא עצמות ומהות כביכול וואלט געפעלט דער ענין.

וואס יעדער ענין איז דאך דא אין כללות און פרטות, איז אזוי ווי ס'איז דא די מעלה פון פועל אויף כח בכללות העולם - אזוי איז דאס אויך בא יעדן מענטשן אז ס'איז דא די מעלה פון פועל אויף כח; ס'איז דא די מעלה פון יום ההסתלקות וואס דעמולט איז דא "כל עמל האדם שעמלה נפשו בחייו" בפועל, אויף יום ההולדת וואס דעמולט איז דאס כלול בכח.

יא. ס'איז דאך המעשה הוא העיקר - דארפן זיין די ענינים פון דער יום ההסתלקות, די ענינים פון דער בעל ההילולא, במעשה;

ס'איז ניט גענוג במחשבה, און ס'איז אויך ניט גענוג בדיבור וואס עקימת שפתיו הוי מעשה - נאר ס'מוז זיין במעשה.

וואס אויף דעם אז ס'דארף זיין במעשה דוקא און ס'איז ניט גענוג בדבור - האט ער די זעלבע ראי' וואס דער אלטער רבי זאגט אין תניא פארוואס ס'איז ניט גענוג כוונה במחשבה:

דער אלטער רבי ברענגט אין תניא, דאס וואס "הרהור לאו כדבור דמי ואם קרא ק"ש במחשבתו ובלבו לבד בכל כח כוונתו - לא יצא ידי חובתו וצריך לחזור ולקרות ... ואם הוציא בשפתיו ולא כיון לבו יצא ידי חובתו בדיעבד",

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק אויך בא מצוות וואס ענינם איז (ניט נאר בדבור, מעשה זוטא, נאר) במעשה ממש - אז אויב ער האט נאר געטאן דעם דיבור, ולדוגמא: ער האט נאר געמאכט ברכת המצוות - איז ער ניט יוצא, און ער דארף דאס טאן במעשה דוקא.

וכמבואר אין תורה אור, אז אין יעדע מצוה איז דא מחשבה דיבור און מעשה: ס'איז דא כוונת המצוה, און ברכת המצוה און מעשה המצוה [ועד"ז בא מצוות שבדיבור (וועגן וועלכע דער אלטער רבי רעדט במפורש), אז ס'איז דא כוונת המצוות, ברכת המצוות, ולדוגמא: ברכת התורה, און דער מעשה (זוטא, עקימת שפתיו דהוי מעשה) המצוה, דער לימוד התורה און קריאת שמע וכדומה],

וואס ס'איז ניט מספיק נאר די מחשבה אדער נאר דער דיבור פון דער מצוה, נאר ס'דארף זיין אויך די מעשה המצוה [און אין מצוות שבדבור - דער קיום המצוה בדבור, ניט נאר ברכת המצוה און כוונת המצוה].

ועד"ז אין די ענינים פון דער בעל ההילולא - אז זיי דארפן זיין במעשה דוקא.

יב. וואס לכאורה די ענינים פון דעם בעל ההילולא זיינען דאך בעיקר בדיבור - רעדן בדרכי נועם ובדרכי שלום אבער מיטן תוקף המתאים; ס'איז אבער אויך דא דער ענין פון מעשה:

ס'איז דא מעשה אין דער הכשר מצוה - דער "הוי רץ" צו טאן א מצוה, און ס'איז אויך דא מעשה אין די ענינים פון דער בעל ההילולא אליין: מען טוט יענעם אן תפילין, מען גיט יענעם געלט ער זאל קענען מקיים זיין די מצוה פון מתנות לאביונים דורך אריינוווארפן די געלט לצדקה, בא מבצע נש"ק - מען טיילט ליכט און לייכטער אז מ'זאל קענען אנצינדן ליכט וכיו"ב.

וואס כמדובר לעיל, ס'איז ניט גענוג נאר דער דיבור - נאר ס'דארף זיין די מעשה דוקא.

יג. וואס אויך דער דיבור קען זיין אין אן אופן פון מעשה און - נאכמער ווי בא סתם א מעשה פון עשית מצוה:

דער אלטער רבי איז מסביר אין תניא די מעלה פון עקימת שפתיו דהוי מעשה אויף הרהור במחשבה, וואס דערפאר מוז מען דוקא האבן דעם "עקימת שפתיו" - וואס דורך "עקימת שפתיו" איז ער מכניס און מלביש כחות פון דעם נפש החיונית הבהמית, און דערנאך איז ער מסביר דאס וואס ס'שטייט "אם ערוכה בכל רמ"ח אברים משתמרת כו'".

וואס בשעת מ'טוט דעם דיבור אין אן אופן פון "ערוכה בכל רמ"ח אברים" - איז דאס דאך מכניס ומלביש מער כחות פון דעם נה"ב ווי אין סתם א מעשה,

ווארום, לדוגמא בא נטילת לולב, וואס מ'איז מנענע דעם לולב מיטן יד - טוט אבער דער רגל גארניט,

ועד"ז בא תפילין, בשעת ער שטעקט ארויס די האנט אז מ'זאל אויף איר אנטאן תפילין, צי ער שטעקט ארויס די קאפ אז מ'זאל אויף איר אנטאן תפילין - טוט דער רגל גארניט בשעת מעשה, ועד"ז אנדערע אברים,

וואס בא תפילין טוט טאקע אויך דער לב, ווארום די כוונה פון מצות תפילין איז דאך א חלק פון מצות תפילין; אבער וואס טוט דער כבד - גארניט, וואס אויך דער כבד איז איינער פון די "תלת שליטין",

קומט אויס דערפון, אז בשעת מ'טוט בדיבור אין אן אופן פון "ערוכה בכל רמ"ח אברים" - איז דאס נעלה יותר אויך פון דער מעשה פון סתם א מצוה.

און ווי די ראי' דערצו (וואס דער אלטער רבי ברענגט) פון גמרא עירובין, אז בשעת מ'לערנט ניט בדיבור איז מען דאס משכח,

וואס אויף פארגעסן דעם לערנען איז דא דער דבר משנה הידוע (אבער דאס איז נאר בשעת ער איז זיך משתתף אין דעם פארגעסן, אדער ער טוט ניט אויף אפהיטן אז ער זאל ניט פארגעסן - משא"כ ביי א שכחן בטבעו).

יד. וואס כ"ז איז אין דעם ענין הדיבור אין די פעולות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, דער בעל ההילולא; עס דארף אבער אויך זיין דער מעשה,

ס'דארף זיין דער "צא הלחם", ער זאל ארויסגיין ("צא") פון זיין ישות ומציאות, וואס ער טענה'ט אז דאס איז ניט ראוי פאר אים, און דאס פאסט ניט, און ער איז באין ערוך פון דעם צווייטן, ואדרבה - דאס גופא וואס מ'זאגט אז ער דארף מאכן פון דעם צווייטן א שומר תורה ומצוות - באווייזט אז ער איז באין ערוך פון יענעם -

זאגט דער אלטער רבי אז ס'איז "מאיר עיני שניהם ה'", און טאמער ער טוט דאס ניט דערפאר וואס ער טענה'ט אז ס'זיינען דא אנדערע וואס זיינען בעסער פון אים איז דאס - ווי חסידים פלעגן זאגן - א שי"ן מיט דריי קעפלאך, "שפלות של שקר",

וואס דאס איז אפילו בשעת ער איז בשפלות באמיתית, ומכ"ש בשעת ס'איז ניט אמת ווארום אין אנדערע ענינים האלט ער אז "אני ואפסי עוד".

טו. מ'האט מיר לעצטנס דערציילט א מעשה מיט א רב, וואס ער האט געדארפט עדות זאגן אין א בי"ד של עכו"ם, עדות זאגן באופן המותר,

איז נאכן עדות זאגן האט אים דער שופט געזאגט אז זיין עדות זאגן האט א תוקף מיוחד וואָרום איר זיינט דאך "וואן אף דא מאוסט רענאונד ראבייס" (איינער פון די מערסטע בארימטע רבנים),

האט אים דער רב געענטפערט: "נאט וואן אף דא מאוסט רענאונד ראבייס - דאה (מיט א ה' הידיעה) מאוסט רענאונד" (ניט איינער פון די מערסטע בארימטע רבנים - דע (מיט א ה' הידיעה) בארימסטער רב".

האט אים דער שופט געפרעגט: ענוות איז דאך א גרויסע זאך, בא יעדן איינעם, בפרט נאך ביי א רב?...

האט אים דער רב געענטפערט: "יאר האנר" (אזוי רעדט מען מיט א שופט: "אייער כבוד") "וואט קען איי דו, איי עם אנדר אוט" (וואס קען איך טאן, איך בין אונטער א שבועה),

וויבאלד ער איז אונטער א שבועה (וואס וויבאלד ס'איז געווען א רב, א מדקדק במצוות, און א פוסק בישראל - איז דאס זיכער געווען א שבועה באופן המותר, ווי מען מאכט א הן צדק, אדער - ער האט זיך ניט געקענט ארויסדרייען דערפון) מוז ער דערציילן דעם אמת.

וואס אזוי איז דאס בא אסאך מענטשן אז מ'וועט אים צוקוועטשן צום וואנט מיט א שבועה וועט ער זאגן וויפל ער האלט פון זיך -

איז וויבאלד אז זיין שפלות אין טאן די ענינים פון דעם בעל ההילולא איז "שפלות של שקר" - איז זיכער מובן ווי ס'איז מושלל.

[וואס אויך דאס וואס דער סיפור איז צו אונז אנגעקומען איז א הוראה אז דערפון דארף מען אפלערנען א הוראה:

אזוי ווי ס'איז געווען אין דער סיפור, אז דאס וואס ער האלט פון זיך איז אנגעקומען צו דעם שופט (א גוי), און דערנאך האט ער דאס מסתמא איבערדערציילט צו אנדערע -

דארף יעדערער וויסן ווי צו זיך אפהיטן פון טראכטן עד"ז וועגן זיך, וואס ידע אינש בנפשי' די ענינים שעד"ז וואס ער האלט בא זיך].

טז. ועכ"פ - ס'איז ניט מספיק אז ער זאל טאן נאר במחשבה, צי נאר בדיבור, נאר ס'דארף זיין אויך במעשה; וואס דעמולט זעען דאס אויך אנדערע, במילא איז ער מער מקפיד אין דעם.

וע"ד דאס וואס די גמרא זאגט אז נודרין על קיום המצוה, אע"פ (ווי מ'פרעגט) אז ער איז דאך מושבע ועומד אויף קיום המצוות מהר סיני - וואָרום דורך דעם וואס ער מאכט דער נדר וועט ער זיין מער נזהר אין די עשיית המצוה.

און וויבאלד מ'שטייט איצט אין דעם שבת שלאחרי יום ההילולא, איז פארשטאנדיק דער תוקף וואס ס'דארף זיין אין די החלטות פון איצטער,

און פון איצטער - זאל עס נמשך ווערן על כל השנה,

און מ'זאל צוקומען צו דעם "והקיצו ורננו שוכני עפר",

וואס אע"פ אז אויך איצטער איז דא דער ענין פון "מה זרעו בחיים" אף הוא בחיים" - איז אבער בפועל איז ער א שוכן עפר, און לעתיד וועט זיין "והקיצו ורננו

שוכני עפר", נשמות בגופים,

במהרה בימינו ממש.

* * *

טז. המדובר לעיל איז יעדער יאר אין דעם שבת שלאחרי יו"ד שבט, ס'קומט אויך צו א הוראה פון די שינויים וואס זיינען דא משנה לשנה, ווי דער תורת הבעל שם טוב אז פון יעדן ענין דארף מען אפלערנען א הוראה אין עבודת ה',

וואס דעם יאר פאלט אויס דער שבת שלאחרי יו"ד שבט - אין פרשת בשלח.

וואס די הוראה פון דער קביעות פון שנה זו איז - לכל לראש פון דעם נאמען פון דעם סדרה, פון דעם "שמו אשר יקראו לו בלשון הקודש".

וואס מ'האט אמאל גערעדט בארוכה, אז דער נאמען בשלח איז שייך צו דעם בעל ההילולא און צו מבצעים,

ווארום, דער פירוש פון דעם ווארט "בשלח", ווי ס'איז מובן אויך בפשטות - איז, אז ער שיקט א צווייטן אז דער צווייטער זאל אויפטאן.

און דער נאמען פון דער סדרה איז "בשלח פרעה", וואס דאס מיינט, אז מען שיקט א צווייטן אז ער זאל אויפטאן אפילו דורך א מנגד; אז אפילו א מנגד, "פרעה", זאל אויך מיטשיקן מיט אידן,

און ווי עס שטייט "בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה", ד.ה. אז פרעה שיקט מיט אין אן אופן אז ס'זאל זיין א הכנה צו מ"ת.

און ווי פארשטאנדיק אויך פאר א קינד, אז די אלע ענינים וואס ס'דערציילט זיך אין תורה זיינען ניט סתם סיפורים, נאר - זיי זיינען הוראות,

און ווי ער זאגט אז "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב", ד.ה. אז יעדער איינער קען אפלערנען פון דעם ענין פון "בשלח פרעה", אז דער וואס האט פריער געוואלט טאן, און געטאן דעם "ועבדום וענו אותם" - איז איצט, תמורת זה, שיקט ער נאך מיט ענינים מיט אידן.

און "בשלח" איז דער נאמען פון דער גאנצער סדרה, ד.ה. אז אלע ענינים וואס רעדן זיך אין די סדרה, דער ענין השירה, ביז דאס וואס ס'רעדט זיך בסיום השירה (כדלקמן) - זיינען פארבונדן מיט די עבודה פון "בשלח", דער עבודה וואס מ'שיקט יענעם טאן (כנ"ל), וכדלקמן.

וואס היינט, בשבת, איז במיוחד שייך דער סיום פון. סדרה בשלח, ווארום היינטיקן שיעור אין חומש, ע"פ די תקנה פון דעם בעל ההילולא איז - דער סיום פון פרשת בשלח (וואס עד"ז האט מען מבאר געווען ביו"ד שבט דעם ענין פון "ויבואו אלימה" וואס איז געווען אין דער שיעור פון יו"ד שבט, און היינט - קומט מען צו דעם סיום פון פרשת בשלח).

וואס אע"פ אז שבת האט אויך א שייכות צו די גאנצע וואך, ווארום ס'זיינען דאך דא צוויי ענינים אין שבת: איין ענין אין שבת - ס'זיינען דא שבעת ימי בראשית, און שבת איז איינער פון זיי, א צווייטער ענין אין שבת - (נוסף אויף דעם וואס ס'איז יום השביעי -) וואס דעמולט איז דער "ויכולו" פון די ששת ימים שלפנ"ז -

אעפ"כ, האט דאך שבת אין זיך אויך אן ענין מיוחד (וכנ"ל אז ס'איז דא ווי

שבת איז איינער פון די שבעת ימים), און פון די ענינים וואס זיינען שייך צו שבת אלס יום מיוחד - ע"פ די תקנה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר - דער שיעור חומש אין סיום פון דער סדרה.

וואס דער שיעור חומש איז שייך אויך צו די גאנצע סדרה, ווארום ס'איז דאך "הכל הולך אחר החיתום", ווארום אלע ענינים פון דער גאנצער סדרה זיינען כלול אין דער סיום הסדרה.

יז. וואס אע"פ אז די גאנצע סדרה, כולל אויך דער סיום הסדרה - איז א טייל פון דער סדרה "בשלח", ד.ה. אז אויך דער סיום הסדרה איז שייך צו ענינו פון "בשלח", וואס שטייט בתחלת הסדרה, ווארום אויך אין תחלת הסדרה איז כלול די גאנצע סדרה - אבער אעפ"כ איז דא א יתרון אין דער סיום הסדרה אויף תחלת הסדרה:

מען געפינט בא דער ענין פון א הדרן, אז ס'איז דא דער מנהג פון מקשר זיין דער סיום המסכת מיט התחלת המסכת, ווארום דער סיום המסכת איז כולל די גאנצע מסכת, ווי מ'זאגט "הדרן עלך" מסכת פלוני (און ווי ס'איז געווען ביו"ד שבט - מסכת הוריות), וכמאמר "נעוץ תחלת בסופן", ועד"ז לאידך - אין תחילת המסכת איז כלול די גאנצע מסכת, וכמאמר "נעוץ סופן בתחלתן",

אבער ס'איז דא א יתרון ווי די מסכת איז כלול בסיומה, ווארום בתחלת המסכת איז די גאנצע מסכת כלול - בכח, משא"כ בסיום המסכת - איז די גאנצע מסכת כלול בפועל,

וואס בשעת מ'קומט צו דעם סיום המסכת וואס דארט איז דאס כלול בפועל - איז דאס גרינגער צו פארשטיין ווי ס'איז בתחלת המסכת, אע"פ וואס אויך דארט איז כלול די גאנצע מסכת (און בסיומה - פארשטייט מען וואס איז געווען כלול בתחלתה).

[וואס דאס איז אויך דער טעם וואס מ'האט מקשר געווען דעם סיום מסכת הוריות מיט תחלתה ביו"ד שבט - ניט כדי צו וויילזן א קונץ אז מ'לייגט צונויף א הר מיט א הר: בגשמיות? אזוי איז "טורא בטורא לא פגע", און דא אין לערנען קען מען דאס טאן - נאר דערפאר וואס דער אנהויבס מסכתא מיטן סוף זיינען טאקע קשור זל"ז באופן הנ"ל, און בסיום המסכתא איז דאס גרינגער צו פארשטיין, כנ"ל].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויך בעניננו, אין דער סדרה בשלח - אז ס'איז דא א יתרון אין דער סיום הסדרה, און אין דער סיום הסדרה גופא - בסיומה.

יח. דער סיום הסדרה איז - די פרשה פון מלחמת עמלק, וואס אין די פרשה גופא זיינען דא ניין פסוקים.

וכידוע די שקו"ט בהלכה בנוגע די פרשה (בשייכות צו קריאתה בפורים), אז צו קריאת התורה דארף מען לייענען לכה"פ צען פסוקים, און די פרשה לייענט מען בפ"ע בשעת ס'האט נאר אין זיך ניין פסוקים, וואס ס'איז דא ביאורים בדבר,

ועכ"פ איז מובן אז די ניין פסוקים זיינען כולל עשר, א מספר שלם.

און דאס איז אויך בדוגמא צו תקיעת שופר, וואס דארטן איז אויך דא ניין קולות, שלש של שלש, ואין כאן מקומו להאריך.

ובנוגע לעניננו - אין דער סיום הסדרה זיינען דא כמה פסוקים, ביז ניין פסוקים, וואס ס'איז פארשטאנדיק, ע"פ המבואר לעיל, אז צווישן די פסוקים גופא איז דא א יתרון אין זייער סיום.

יט. דער סדרה ענדיקט זיך מיט די ווערטער "מלחמה לה' בעמלק מדור דור",

וואס אין די ווערטער זיינען דא כמה פירושים וואס רש"י טייטשט אז "מדור דור" מיינט נצחיות, וואס נצחיות איז דאך דער פשט - אז ס'איז העכער פון זמן; ס'איז ניט בגדר זמן,

ס'איז אויך דא דער פירוש נפלא פון תרגום יונתן, אז דער פירוש "מדור דור" איז (אן ענין אין זמן, אבער ניט צווייי דורות, "מדור דור" כפשוטו, נאר) "תלתא דרייא", דער דור פון עוה"ז, און דער דור פון משיח, און דער דור פון עלמא דאתי, אז אין די אלע דורות איז דא דער "צא הלחם בעמלק".

כ. וואס תרגום יונתן איז אן ענין נעלה - ובהקדמה:

דער ענין פון דער שיעור חומש פון יום זה, וכנ"ל, - איז דער ענין פון "מלחמה לה' בעמלק מדור דור"; אבער נוסף צו דעם איז מען אויך מעלה די גאנצע סדרה בשבת דורך דעם וואס מ'לייענט ברבים די גאנצע סדרה,

און נוסף לזה - מ'לערנט שנים מקרא ואחד תרגום, ד.ה. אז מ'לערנט די סדרה אויך אין אן אופן אז עס זאל אנקומען אויך צו אוה"ע וואס זיי פארשטייען אויף לשון תרגום.

וואס עד"ז איז דאס אויך אין דער שיעור מיוחד פון שבת - אז נוסף אויפן מקרא איז אויך דא דער ענין התרגום, אז ס'זאל אנקומען אויך צו אוה"ע וואס זיי פארשטייען לשון תרגום.

כא. וואס אויך דער ענין אז ס'זאל אנקומען אויך אין לשון תרגום - איז בדוגמת דאס וואס ס'רעדט זיך בסיום הסדרה, ווארום דאס וואס דער מקרא קומט אן אין לשון תרגום איז בדוגמת דער ענין פון "צא הלחם בעמלק", ווי רש"י איז מפרש "צא מן הענן והלחם בו",

וואס דערפאר דארף טאקע זיין "שנים מקרא", ווארום וויבאלד אז ס'דארף "ארויסגיין מן הענן" און אנקומען אויך אין לשון תרגום - דארף זיין א הוספה יתירה אין דער ענין ווי דאס שטייט בקדושה עצמה.

ובדוגמת ווי ס'האט זיך געזעדט יו"ד שבט וועגן די הוראה פון דער מעשה מיט כ"ק מו"ח אדמו"ר וואס וויבאלד ס'איז געווען שטארק קאלט אויפן גאס - איז איידער ער איז ארויסגעגאנגען האט ער זיך אנגעטאן מיט א פוטערמאנטל.

כב. וואס כל זה איז אין אלע תרגומים,

וואס אע"פ אז דער ענין פון שנים מקרא ואחד תרגום כפשוטו איז דאך מיט תרגום אונקלוס, און אין תרגום אונקלוס איז דא א ספעציעלע מעלה והפלאה, ווי ס'שטייט אין גמרא אז תרגום אונקלוס איז ניתן למשה מסיני כו' - אעפ"כ איז דאך דער דין אז טאמער ער קען ניט זאגן תרגום אונקלוס קען ער אנשטאט דעם לערנען פירוש רש"י,

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס איז עד"ז אין תרגומים בכל לשון ולשון - ווארום דער עיקר איז אז ס'זאל זיין א פירוש אין פשוטו של מקרא וואס ער פארשטייט.

וואס מכ"ז איז מובן, אז אויך תרגום יונתן, ובענינינו - זיין תרגום אויף "מדור דור" לתלתא דרייא - איז אן ענין נעלה.

כג. וואס כאמור לעיל, דער ענין פון "מדור דור", האט א יתרון אין זיך דערפאר וואס ס'איז דער סיום פון דער סיום הסדרה, און דאס במיוחד איז שייך צו דעם שבת פרשת בשלח - וכדלקמן (נאכן ביאור אין נאך אן ענין וואס רעדט זיך אין דער סדרה).

כד. דער שבת ווערט אנגערופן שבת פרשת שירה, וואס דאס איז ע"ד די שירה "אז ישיר" וואס איז אין פרשת בשלח, וביותר - ע"ש "ותשר דבורה", שירת דבורה, וואס איז די הפטרה פון שבת זה,

ווארום בנוגע צו די שירה פון "אז ישיר" - זיינען דאך דא אין דער סדרה כמה פסוקים לפנ"ז און כמה פסוקים לאח"ז, משא"כ אין די הפטרה איז בכמה קהילות ליינט מען נאר די שירה אליין,

וואס מנהג חב"ד איז אז מ'ליינט אויך וועגן די מלחמה מיט סיסרא וואס שטייט לפנ"ז (וואס דאס איז אויך שייך צו דער ענין פון מלחמת עמלק וואס רעדט זיך בפרשה) - אבער דער ענין משותף פאר אלעמען, אויך פאר דעם וואס ער איז געווארן א חב"ד'ניק - איז צו ליינען שירת דבורה ותקח מרים וגו"),

איז פארשטאנדיק אז אין די הפטרה איז מודגש דער ענין פון שירה,

וואס (במיוחד) דערפאר ווערט דער שבת אנגערופן שבת פרשת שירה.

כה. פון יעדער ענין דארף דאך זיין א הוראה - איז די הוראה פון דער ענין פון שירה, אז די עבודה דארף זיין אין אן אופן פון שירה, ד.ה. אז די עבודה דארף זיין בשמחה.

און ווי ס'שטייט "עבדו את ה' בשמחה", און ווי דער רמב"ם שרייבט אז עבודה בשמחה איז אן עבודה גדולה,

און אע"פ אז ער שרייבט דארט אז דאס איז אן עבודה וואס איז שייך צו דוד המלך, און כנ"ל, אז ס'איז אן עבודה גדולה - אעפ"כ ברענגט ער דאס דאך בספרו אין סיום הלכות לולב,

און ער זאגט דארט "וכל המונע עצמו משמחה זו ראוי להפרע ממנו, שנאמר תחת אשר לא עבדת את ה' אלקיך בשמחה ובטוב לבב",

וואס דער עונש איז ניט קיין ענין סגולי, נאר ס'איז אן עונש בבחינת סיבה ומסובב,

וואס פון דעם אלעם איז פארשטאנדיק דער גודל הענין פון עבודה בשמחה; וואס דאס איז אויך די הוראה וואס מ'לערנט אפ פון שבת פרשת שירה - אז ס'דארף זיין עבודה בשמחה, כנ"ל.

כו. דער ענין פון "מלחמה לה' בעמלק <u>מדור דור</u>" איז - אז אע"פ וואס ס'איז דעמולט בזמן משה שוין געווען מלחמת עמלק, אעפ"כ דארף שטענדיק זיין די מלחמת עמלק, דער "צא הלחם בעמלק".

א איד קען לכאורה טראכטן: ער וועט זיצן בא זיך און זאגן א קאפיטל תהלים, אדער דאווענען און דאס וועט העלפן געווינען דער מלחמה,

און ווי ס'איז געווען מיט דוד און יואב בן צרוי', אז דוד'ס תפלות האבן געהאלפן יואב'ן געווינען די מלחמה -

איז וואס דארף ער דוקא ארויסגיין למלחמה - ער וועט זיך פארנעמען מיט תורה און תפלה?!

און ער ברענגט נאך א ראי' פון ווי ס'איז געווען בא מלחמת עמלק גופא: משה

איז עלה ראש הגבעה און האט מתפלל געווען, און אהרן און חור האבן תומך געווען בידיו, וואס דאס איז געווען אין אן אופן אז אלע אוה"ע האבן דאס געקענט זען - "וכאשר ירים משה ידו וגבר ישראל וכאשר יניח ידו וגבר עמלק".

כז. זאגט מען אים: ווען איז משה ארויף ראש הגבעה אויף מתפלל זיין - נאכדעם וואס ער האט געזאגט יהושע'ן "בחר לך אנשים וצא הלחם בעמלק".

וואס יהושע'ס ענין איז דאך וואס "לא ימיש מתוך האהל", אעפ"כ איז דא אמאל ווען מ'דארף ארויסגיין להלחם בעמלק, וואס דעמולט זאגט אים דער בעל האהל "צא הלחם בעמלק", וכפרש"י "צא מן הענן והלחם בו".

וואס לכאורה וואס האט אים משה געדארפט זאגן "צא", אז ער זאל ארויסגיין פון דעם ענן דערפאר וואס עמלק געפינט זיך מחוץ לענן - יהושע ווייס דאך אליין וואו זיי געפינען זיך?

נאר משה האט געדארפט מדגיש זיין אז ס'איז דא אמאל וואס ס'דארף זיין "צא" - צא מן הענן און "הלחם בעמלק".

קען ער דאך טענה'ן: ער וויל טאן ווי משה האט געטאן - ער וועט זיצן און דאווגען

איז אויף דעם דא דער דין אין יורה דעה אז דער וואס גלייבט זיך צו משה רבינו קומט אים א קנס.

וואס דא רעדט זיך דאך וועגן איינעם וואס ביי אים איז יורה דעה ניט בפשטות, ווארום טאמער יע - וואלט ער זיך ניט געגליכן צו משה רבינו,

פרעגט זיך די שאלה: ווענען ארט עס אז ער וועט האלטן אז ער איז ווי משה רבינו? טאמער ער איז א שוטה וואס האלט אזא שטות, און אלע ווייסן דערפון - ווענען ארט עס?

נאר דערפון איז פארשטאנדיק, אז האבן אזא הוא אמינא טויג ניט, וואס דערפאר דארף מען אים געבן א קנס -

יורה דעה וועט אים דאך ניט דערנעמען; דארף מען אים טאן אן ענין וואס אויך זיין נפש הבהמית וועט פילן - גיט מען אים א קנס גשמי פון געלט.

וואס אזוי זאגט מען דאך אויף געלט אז "התורה חסה על ממונם של ישראל", און בפרט ווי דער בעש"ט איז דאס מסביר, אז דאס איז דערפאר וואס אין געלט זיינען דא ניצוצות קדושה -

און אעפ"כ זאגט מען דא, אז טאמער ער וויל זיך גלייכן צו משה'ן - דארף ער געבן א קנס פון געלט.

כח. און הלואי זאל ער זיין ווי יהושע, וואס אפשר איז ער גאר קלענער פאר אים אויך - דארף ער טאן ווי יהושע האט געטאן: "צא הלחם בעמלק", "צא מן הענן והלחם בו".

ד.ה. אז ער דארף ארויסגיין און טאן מיט אידן, און טאן אויך מיט אזא איד וואס איז שלא בערך צו אנדערע אידן,

ווארום דאס איז דאך דער ענין פון "צא מן הענן", ווארום דער ענן איז א דבר המתפיק - קומט אויס, אז "צא מן הענן" מיינט אז מ'דארף ארויסגיין און האבן צוטאן מיט ענינים וואס ס'איז דא א דבר המפסיק צווישן זיי,

וואס בא אידן הייסט דאס - אז מ'דארף האבן צוטאן אויך מיט אן אידן וואס איז שלא בערך צו אנדערע אידן,

וואס געוויינלאך, הגם אז ס'זיינען דא חילוקים צווישן אידן, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך" - אעפ"כ זיינען זיי בערך זל"ז; און דא איז א מציאות פון א אידן וואס ס'איז דא אן "ענן", א דבר המפסיק צווישן אים -

וואס דערצו דארף זיין "צא מן הענן", אז מ'זאל טאן אויך מיט אים.

כט. און אין דעם איז דא די הוספה "מלחמה לה' בעמלק מדור דור", אז אע"פ אז ס'איז שוין געווען מלחמת עמלק, און די מלחמה איז דאך געפירט געווארן דורך יהושע'ן, וואס זיכער האט ער געטאן ווי ס'דארף צו זיין, און ס'איז אויך געווען דורך משה רבינו - אעפ"כ איז דא די מלחמה בעמלק "מדור דור"; ס'דארף שטענדיק זיין די מלחמה מיט עמלק.

און דער אויבערשטער האט געזאגט משה'ן "כתב זאת זכרון בספר", ד.ה. אז ס'זאל זיין נצחי וואס לכאורה: אלע רמ"ח מצוות עשה און שס"ה מצוות לא תעשה זיינען דאך כתובים בספר?

- נאר דא איז דא א הדגשה מיוחדת אז די מלחמה דארף זיין נצחית.

און מ'זאגט "כתב זאת זכרון בספר", אז מ'דארף דאס געדענקען, וואס אויך אויף דעם פרעגט זיך לכאורה די זעלבע קשיא - אלע מצוות התורה דארף מען דאך געדענקען?

נאר ע"ד האמור לעיל - אין דערויף דארף זיין א זכרון מיוחד,

ד.ה. אז אע"פ אז אלע מצוות דארף מען געדענקען, איז אבער דער פשט אין דעם אז בשעת ס'קומט דער זמן צו טאן די מצוה - דעמולט דארף מען דאס געדענקען, משא"כ דער ענין פון זכירת עמלק - דארף דאס זיין שטענדיק,

און ווי דער אלטער רבי שרייבט אין שו"ע, אז פאר ק"ש איז גוט צו דערמאנען די זכירות,

וואס דאס איז במחשבה - דערצו איז דא דער ענין פון זאגן די שש זכירות בדיבור; וואס צווישן די שש זכירות איז דא דער ענין פון זכירת עמלק.

און מ'דארף ניט נאר געדענקען עמלק, נאר ס'דארף אויך זיין - מחיית עמלק,

און אע"פ אז דארטן אין פסוק שטייט "כתוב זאת זכרון בספר כי מחה אמחה גו'" - דארף אבער אויך שטענדיק זיין דער "מחה תמחה את זכר עמלק"; דער עבודת האדם אין מחיית עמלק.

ל. די הוראה דערפון בפשטות - מ'קען דאך טענה'ן: ער האט געטאן אין די פעולות פון דעם בעל ההילולא שוין דריי טעג נאכאנאנד - יום חמישי, יו"ד שבט, יום ששי און היינט בשבת - איצטער וויל ער זיך פארנעמען מיט אן אנדער עבודה -

זאגט מען אים: עס דארף שטענדיק זיין מלחמת עמלק, מלחמת עמלק איז "מדור דור", און כל זמן ס'איז נאך דא די מציאות פון א איד וואס צו אים קען זיך עמלק צוטשעפען - טאר מען ניט זיצן רואיק און ס'מוז זיין דער "צא הלחם בעמלק", ביז צו מחיית עמלק.

לא. און אין דערויף קומט צו די הוראה פון דער פירוש נפלא פון תרגום יונתן

בן עוזיאל אז דער פירוש "מדור דור" איז - לתלתא דרייא, דרא דעוה"ז, און דרא דמשיחא און דרא דעוה"ב - ובהקדים דער ביאור אין דער חילוק צווישן די צוויי ענינים פון דרא דמשיחא און דרא דעוה"ב:

מען האט אמאל גערעדט אז נאך משיח'ס קומען וועלן זיין צוויי תקופות,

און ווי ס'איז מוכרח אויך פון די סתירה וואס מ'געפינט אין רמב"ם: דער רמב"ם שרייבט אז "אין בין עוה"ז לימות המשיח אלא שיעבוד מלכיות בלבד" וביחד עם זה ברענגט דער רמב"ם כמה נסים וואס וועלן זיין אז משיח וועט קומען?!

און דערצו איז נאך דא די שטורעמדיקע קשיא: ס'איז דאך דא דער ענין פון תחיית המתים, וואס תחיית המתים איז דאך איינע פון די י"ג עיקרים - איז ווי פאסט זאגן אז "אין בין עוה"ז לימות המשיח אלא שיעבוד מלכיות בלבד"?!

נאר דערפון איז מוכרח אז ס'וועלן זיין צוויי תקופות נאך משיח'ס קומען - איין תקופה ווען "אין בין עוה"ז לימות המשיח אלא שיעבוד מלכיות בלבד", און א צווייטע תקופה ווען עס וועלן זיין נסים און תחיית המתים וכו'.

וואס דאס זיינען די דריי ענינים וואס דער תרגום יונתן זאגט "דרא דמשיחא", און "דרא דעוה"ב",

און די ביידע תקופות זיינען נכלל אין די ווערטער "מדור דור", ד.ה. אז די מלחמה מיט עמלק וועט זיין שטענדיק, אויך אין "דרא דמשיחא", און אפילו אין "דרא דעוה"ב".

לב. די הוראה דערפון:

די מלחמה מיט עמלק ברוחניות, ד.ה. די עבודה וואס דער בעל ההילולא מאנט אויף ארויסצוגייין און טאן אויך מיט אידן וואס זיינען מחוץ לענן, כנ"ל - דארף זיין אין אן אופן אז ס'האט א שייכות אויך צו "דרא דמשיחא" און אויך צו דרא דעוה"ב,

ד.ה. אז זיין עבודה אין די פעולות דארף זיין אין אן אופן אז דורך דעם זאל קומען דער "דרא דמשיחא" און "דרא דעוה"ב".

און אויך - דורך דער התבוננות פון ווי ס'וועט זיין אין "דרא דמשיחא" און "דרא דעוה"ב" - וועט צוקומען אין זיין טאן אין די פעולות:

בשעת ער וועט זיך מתבונן זיין, אז ס'וועט זיין "והקיצו ורננו שוכני עפר" ובתוכם כ"ק מו"ח אדמו"ר, און ער וועט דארפן צושטעלן צו משיח'ן צי צו דעם אויבערשטן דעם "ראו גידולים שגידלתי", וועט ער נעמען זיינער א תלמיד, צי איינער וואס האט באקומען א שייכות צו אים דורך די פעולות - און וועט אנווייזן אויף די פעולות וואס ער האט אויפגעטאן במשך זיבעציק יאר, און וועט זאגן "ראו גידולים שגידלתי" -

איז אפילו אויב ער איז זיך בדרך כלל מצדיק מיט אלע הצדקות - איז בשעת ער וועט זיך מתבונן זיין אז באלד וועט ב"ק מו"ח אדמו"ר אים אננעמען און באווייזן זיינע פעולות - איז דאך מובן דער תוספת וואס עס וועט צוגעבן בעבודתו.

לג. און אע"פ אז ער זאגט אין זהר אז תחיית המתים וועט זיין ערשט פערציק יאר נאך ביאת המשיח - איז אויך לפי"ז קען אין דערויף זיין דער "אחישנה" און ע"ד ווי מ'זאגט "אחכה לו בכל יום שיבוא",

ונוסף לזה: די גמרא פרעגט: אז בשעת משיח וועט קומען און מ'וועט הוי..



הנחה פרטית בלתי מוגה

דעם ..., און מ'וועט דארפן מקריב זיין קרבנות - ווי וועט מען וויסן די אלע פרטים? ענטפערט די גמרא אז משה ואהרן וועלן דארט זיין וועלן זיי באווייזן, ווי מ'זאגט "משה ואהרן עמהם",

און אע"פ אז מ'זאגט אז ס'וועט זיין פערציק יאר פון משיח'ס קומען ביז תחיית המתים - זיינען דא די ביאורים און תירוצים, ומהם - אז יחידי סגולה וועלן אויפשטיין פריער.

וואס אע"פ אז זיי זאגן דאך דאס אויף יחידי סגולה - רעדט מען דאך וועגן כ"ק אדמו"ר נשיא דורנו, אתפשטותא דמשה בכל דרא ודרא, וועט ער דאך זיין פון די ערשטע צו אויפשטיין -

איז בשעת ער וועט זיך מתבונן זיין ווי ס'וועט אויסזען וועט באלד וועט דער בעל ההילולא אויפשטיין און אננעמען א אידן פארן קאלנער און ווייזן אויף עבודתו במשך די זיבעציק יאר וואס ער געפינט זיך א נשמה בעוה"ז, און וועט זאגן אויף דעם ראו גידולים שגדלתי - איז דאך מובן די הוספה וואס דאס וועט ברענגען בעבודתו.

וכנ"ל אז אויך דורך עבודתו וועט מען קומען צו דעם זמן ווען ס'וועט זיין "והקיצו ורננו שוכני עפר".

ויה"ר אז אויך דער חשבון זאל מען מאכן אין אן אופן פון שירה, אין אן אופן פון שמחה וטוב לבב,

און דורך דער יגעת וועט זיין ומצאת (שלא לפי ערך די יגיעה).

לד. ויה"ר אז פון דעם ענין פון מחיית עמלק, וואס דאס איז דאך שייך צו פורים, וואס דעמולט איז דאך געווען המן וואס ער איז געווען מזרעו של עמלק - זאל זיין דער מסמך גאולה לגאולה,

און פון ווי דאס איז אין תורה זאל דאס אראפקומען בפועל, אז פון די גאולה אין א מעמד ומצב פון "אכתי עבדי דאחשורוש אנן" - זאל מען קומען צו די גאולה האמיתית והשלימה,

און ס'זאל זיין אין אן אופן פון הקהל את האנשים הנשים והטף, און אין אן אופן פון שירה, וואס בא דער שירה איז געווען "הם הכירוהו תחילה", און אפילו עובר שבמעי אמו (האט באוויזן און געזאגט "זה א-לי ואנוהו"),

און ס'זאל זיין והקיצו ורננו שוכני עפר והוא בתוכם, און מ'זאל גיין לקבל פני משיח צדקנו,

במהרה בימינו ממש.

* * *

לה. ס'איז דא א שיחה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר וואו ער ברענגט אראפ אז מ'האט געפרעגט בא דעם אלטן רבי'ן אין דעם ענין פון די הפטרה פון "ותשר דבורה": דער ענין פון א הפטרה איז - אז אין איר ברענגט זיך ארויס דער ענין פון די סדרה; אין אונזער סדרה רעדט זיך דאך באריכות וועגן שירת משה און נאר בקיצור וועגן שירת מרים - איז פארוואס איז די הפטרה אין שירת דבורה און ניט אין א שירה פון אן איש, וואס ס'זיינען דאך געווען כמה שירים פון אנשים, ווי לדוגמא שירת דוד?

און אויך באך מנהג חב"ד אז מ'הויבט אן ליינען פון דער ענין המלחמה וואס

איז דעמולט געווען - איז דאס אויך וואס דבורה האט געשיקט נאך ברק'ן און דערנאך האט זי אים געזאגט "אפס כי לא תהי' תפארתך על הדרך אשר אתה הולך כי ביד אשה וגו'",

און אויך דערנאך אין די ווערטער פון די שירה גופא זעט מען אלץ די הדגשה אויף דבורה'ן: עס שטייט "ותשר דבורה" און ערשט דערנאך, און מיט א וא"ו המוסיף - "(ותשר דבורה) וברק", און דערנאך - "עד שקמתי דבורה עד שקמתי אם בישראל",

וואס אע"פ אז דאס וואס זי האט אזוי געזאגט איז געווען אן ענין בלתי רצוי, - אבער עכ"פ ווי הייסט די שירה, ביז אז דאס איז שם השיר אין הלכה - ניט שירת ברק ודבורה, און ניט שירת דבורה וברק, נאר - "שירת דבורה".

און ער ברענגט דארט אראפ וואס דער אלטער רבי האט געענטפערט אויף דעם; אבער עכ"פ אין דעם ענין איז מודגש די מעלה פון נשי ובנות ישראל.

לו. ס'איז אויך דא די שיחה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר וואו ער איז מבאר אז ביי צוויי ענינים עיקריים זיינען נשים געווען פאר די אנשים: בא מ"ת און בא נדבת המשכן -

בא מ"ת שטייט "כה תאמר לבית יעקב ותגיד לבני ישראל", פריער צו "בית יעקב" (די נשים), און דערנאך צו "בני ישראל" (די אנשים), און עד"ז בא נדבת המשכן שטייט "ויבואו האנשים על הנשים".

וואס סיי דער ענין פון מ"ת און סיי דער ענין פון נדבת המשכן זיינען ענינים עיקריים, וכדלקמן.

און ס'איז אויך דא נאך אן ענין וואו נשים האבן געהאט א חלק חשוב - אין דער ענין השירה (וואס רעדט זיך בפרשתנו),

וואס דער שירה איז דאך געווען בא קריעת ים סוף וואס זי איז געווען א הכנה צו מ"ת, און ווי דער אלטער רבי ברענגט פון תוספתא אז מ'דארף מזכיר זיין בכל יום אויך דער ענין פון קרי"ס -

געפינט מען בא דער שירה אז ס'איז געווען אויך שירת מרים,

ועד"ז געפינט מען אויך אין דער הפטרה וואו ס'רעדט זיך וועגן שירת דבורה, "ותשר דבורה וגו'".

לז. בשעת מ"ת איז געגעבן געווארן צו אידן די חמדה גנוזה פון דעם אויבערשטן, וואס דאס איז ניט געווען לפנ"ז, ניט אדם הראשון, אפילו לפני החטא, האט געהאט די חמדה גנוזה, ועד"ז שטייט ניט אויף די אבות אז זיי האבן געהאט די חמדה גנוזה, ואדרבה - עס שטייט "לריח שמניך טובים", און מ'טייטשט דאס אפ אז "כל המצות שעשו האבות לפניך ריחות היו" -

און דוקא בשעת מ"ת איז געגעבן געווארן צו אידן די חמדה גנוזה.

דער טעם הדבר: ס'איז מבואר אין דרושי ההילולא, מיוסד אויף די דרושים פון די רביים שלפנ"ז אנהויבנדיק פון דעם אלטן רבי'ן (וואס איצטער האט מען אפגעדרוקט זיינע דרושים, און ס'וועלן אויך ארויסגיין באלד פון זיינע דרושים) - אז צוליב ניצוח המלחמה איז מען מבזבז אלע אוצרות המלך וואס זיינען געווען באהאלטן די גאנצע צייט;

וואס עד"ז איז געווען במ"ת, אז וויבאלד ס'דארף זיין די מלחמה (דער בירור פון עוה"ז התחתון) - האט מען דעמולט געגעבן אידן די חמדה גנוזה...

לח. וואס מ'געפינט דאס אויך אין גמרא (שבת פח, ב), וואס "בשעה שעלה משה"האבן די מלאכים געפרעגט בא דעם אויבערשטן ווי קומט דאס אז ער וויל געבן די חמדה גנוזה צו א בשר ודם, און ווי האבן געזאגט "תנה הודך על השמים",

האט זיי משה געענטפערט "תורה שאתה נותן לי מה כתיב בה, אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים - אמר להם למצרים ירדתם ... אב וואס יש לכם (קנאה יש ביניכם ... יצר הרע יש ביניכם)",

ד.ה. אז וועמען פאסט געבן די חמדה גנוזה-דוקא צו די וואס ירדו למצרים און האבן די אנדערע ענינים הנ"ל פון עוה"ז, און ניט צו די מלאכים וואס זיינען ניט אראפ למצרים וכו',

ווארום, די חמדה גנוזה גיט מען אפ, כנ"ל, דוקא אויף דער ניצוח המלחמה; אויף דער ניצוח המלחמה מיט ענינים ווי ירידה למצרים וכדומה.

לט. וואס דאס איז אויך וואס ס'איז מבואר אין די דרושים אויף דער פסוק "צדקת פרזונו", אז צוליב דעם וואס ס'איז דא די מלחמה וואס "צדקה עשה הקב"ה לישראל שפיזרן לבין האומות" (כפירוש חז"ל על הפסוק) ד.ה. די מלחמה מיט ענינים וואס זיינען שייך בשעת מ'איז בין האומות - איז דערפאר דא דער ענין פון "פרזונו", דער גילוי פון די אוצרות המלך (כמבואר שם).

און מ'איז דאס אויך מקשר דארט מיט דעם מאמרז"ל "ונצח זו ירושלים", (ווארום אויך דער ענין פון ירושלים איז - דער גילוי פון אוצרות המלך, וואס דאס איז צוליב "נצח", דער ניצוח המלחמה, כמבואר שם),

וואס אויך בפשטות איז ירושלים פארבונדן און געקומען דוקא דורך נצח, דער ניצוח המלחמה - ווארום ירושלים איז דאך שייך צו דוד המלך, וואס אויף דוד שטייט "דם לרב שפכת", און אויך - דוד האט געדארפט אפקויפן דער גורן אין ירושלים, ד.ה. ווען איז געקומען דער ענין נעלה פון ירושלים - דוקא בשייכות מיטן ענין המלחמה.

וואס עד"ז איז אויך אין דער ענין פון מ"ת, אז ווען האט מען אפגעגעבן די חמדה גנוזה - דוקא צו אידן בשעת מ"ת, און ניט צו די אבות און ניט צו אדם הראשון, ווארום עס איז אפגעגעבן געווארן דוקא צוליב ניצוח המלחמה.

מ. עד"ז געפינט מען אויך אין דעם ענין פון משיח:

דער גילוי פון משיח איז א זאך וואס די אבות און אויך אדם הראשון האבן ניט געהאט, און משיח "ילמד תורה את כל העם" כולל אויך די אבות, און משה רבינו, און אפי' אדם הראשון (אע"פ אז מ"ת וועט נאך אמאל ניט זיין.

ווארום משיח וועט זיין העכער אויך פון די אבות און משה רבינו און אפילו פון אדם הראשון, ווי עס שטייט אז דהע"ה זכה לנפש, אלי' זכה לרוח, משה לנשמה, אדם לחי' און משיח - יזכה ליחידה, נאך העכער אפילו פון אדם הראשון.

און ווי ס'שטייט אויף משיח "וירום ונשא וגבה מאד", וואס "מאד" איז אותיות "אד"ם", ד.ה. אז ער וועט זיין העכער אויך פון אדם הראשון,

און ס'איז דא די שקו"ט אין לקוטי תורה - צי דאס מיינט אז משיח וועט זיין העכער נאך פון אדם (אותיות מאד) לאחר החטא, צי אויך פון אדם ווי ער איז געווען לפני החטא, און עס ווייזט אויס אז די הכרעה דארטן איז - אז משיח וועט זיין העכער פון אדם הראשון אויך ווי ער איז געווען לפני החטא.

מא. וואס ע"ד ווי דאס וועט זיין בא דעם גילוי חדש פון משיח עד"ז איז דאס אויך געווען בא דער גילוי פון מ"ת, ווי עס שטייט אין תניא אז דער גילוי פון משיח איז "כבר הי' לעולמים בשעת מ"ת" - אז דער גילוי איז געווען העכער אויך פון ווי ס'איז געווען בא אדם הראשון, וואס בא אדם הראשון איז ניט געווען די חמדה גנוזה כנ"ל,

און מ'דארף אויף דעם ניט האבן קיין ראי' פון לקו"ת - ס'איז דא אין גמרא שבת: בשעת די מלאכים האבן גע'טענה'ט צו דעם אויבערשטן פארוואס ער גיט אידן תורה (כנ"ל), שטייט אין גמרא אז זיי האבן גע'טענה'ט "מה אנוש כי תזכרנו ובן אדם כי תפקדנו", ד.ה. יעדערער וואס איז אן "אנוש" און אויך דער לשון איז "ובן אדם כי תפקדנו", וואס מ'ווערט אנגערופן "בן אדם" ע"ש וואס מ'שטאמט פון אדם הראשון - ד.ה. אז די טענה פון די מלאכים איז (אויך) פארוואס גיט מען די תורה צו די וואס שטאמען פון אדם הראשון,

וואס דערפון קומט אויס אז די מעלה פון תורה איז נאך העכער פון דעם ענין פון אדם הראשון;

און ווען האט מען געגעבן די חמדה גנוזה - דוקא בשעת מ"ת, נאך דעם וואס ס'איז געווען דער "למצרים ירדתם", ווארום מען גיט אפ די חמדה גנוזה - מען איז מבזבז די אוצרות - דוקא צוליב ניצוח המלחמה.

מב. עס פרעגט זיך אבער לכאורה די קשיא:

אויב דער טעם וואס מ'גיט אפ די חמדה גנוזה איז דאס צוליב ניצוח המלחמה - איז אויך פאר מ"ת געווען דער ענין המלחמה, איז פארוואס האט מען דוקא דעמולט, בשעת מ"ת, געגעבן אידן די תורה, די חמדה גנוזה?

ווארום אויך אברהם האט דאך געהאט דער ענין המלחמה - די מעשה מיט אבימלך און ער האט אויך געהאט דעם "למצרים ירדתם", ועד"ז יצחק, וע"ד בא יעקב איז געווען "איש וביתו באו", און אידן זיינען דאך געווען אין מצרים א משך זמן, און משה האט אויך געהאט דער ענין המלחמה פאר דערויף,

און אויך פאר דערויף איז געווען דור אנוש און דער דור הפלגה און "נח איש צדיק תמים הי' בדורותיו",

און אויך בא אדם הראשון, עכ"פ לאחר החטא, איז געווען דער ענין המלחמה, און בא אים האט געדארפט זיין דער ענין התשובה,

ועד"ז, נוסף אויף די ג' אבות, אברהם יצחק ויעקב, איז אויך געווען דער ענין המלחמה בא דער רגל הרביעי פון מרכבה - בא רחל, צו יוסף -

איז אויב מ'גיט אפ די חמדה גנוזה צוליב ניצוח המלחמה - האט מען דאס דאך פריער געדארפט געבן?!

און מ'געפינט אז אפילו בא אברהם איז נאר געווען דער ענין פון "זכה והוריד את השכינה מרקיע הז' לו'" - אבער דער ענין פון וישכנו לעד עלי', (ושכנתי בתוכם) דער ענין פון בזבוז האוצרות, דער ענין פון שם צבאות, וואס איז געווען בא מ"ת [ווי ס'איז משמע אין המשך באתי לגני אז דאס איז דער ענין פון בזבוז האוצרות און דער ענין פון שם צבאות (וואס איז צוליב ניצוח המלחמה)] - געפינט מען ניט פריער?!

וואס עכ"פ - ווי ז'ער ביאור אין דעם זאל זיין - איז דער ענין פון מ"ת אן ענין עיקרי, און אין דעם זיינען געווען נשים פאר אנשים; ס'איז פריער געווען "כה תאמר לבית יעקב", און ערשט דערנאך "ותגיד לבני ישראל", (כנ"ל),

וואס דאס איז געווען בכדי צו באווארענען אז ס'זאל ניט זיין ווי ס'איז געווען בחטא עץ הדעת.

מג. אויך איז דא דער צווייטער ענין בא וועלכע די נשים זיינען געקומען פאר די אנשים (כנ"ל) - בא מלאכת המשכן, ווי עס שטייט "ויבואו האנשים על הנשים".

וואס דער ענין פון בנין המשכן איז - דער ענין פון מאכן א דירה בתחתונים; ניט נאר ווי ס'איז געווען די דירה בתחתונים בא מ"ת, וואס דעמולט איז דאס געווען אין תחתונים פון אידן, ווארום מ"ת איז אן ענין וואס איז שייך צו דעם נפש האלקית, נאר דער ענין פון בנין המשכן איז - דירה בתחתונים ממש, אין גוף און נפש הבהמית און אויך אין חלקו בעולם,

וואס דער ענין פון דער משכן איז צו מהפך זיין דער שקר פון עוה"ז און מאכן דערפון קרשים למשכן.

וואס אויך דער ענין פון אויפטאן אין תחתונים, בחינת מקבל - ווייזט אויף א שייכות מיוחדת צו נשים.

מד. די הוראה דערפון (וואס נשים האבן געטאן אין נדבת המשכן איידער די אנשים):

ס'איז דא דער ענין פון א מקדש מעט, וואס דאס איז יעדער אידישע שטוב - זעט מען בפועל אז ווער פארנעמט זיך בעיקר אין איינשטעלן די שטוב כדבעי - איז דאס די אשה, וואס זי איז די עקרת הבית.

ועד"ז איז דאס ווען ס'קומט צו דער ענין פון "בית גדול - בית שמגדלין בו תורה" און "בית שמגדלין בו תפלה", ד.ה. צו דער ענין החינוך - דארף די פרוי נעמען אין דעם חלק יותר חשוב.

און אזוי אויך ווען ס'קומט צו אויסקלייבן א בית ספר פארן קינד - איז דאס די פרוי וואס האט דער עיקר דעה.

און די כח וואס זי האט אויף דעם - איז פון (דער צווייטער ענין וואו נשים זיינען געווען פריער פאר די אנשים) "תורה צוה לנו משה מורשה קהילת יעקב":

זי זאגט צום מאן: דו אליין האסט דאך געלערנט מיטן קינד משהתחיל לדבר - "תורה צוה לנו משה מורשה קהילת יעקב", איז איצטער בשעת ס'קומט צו אויסקלייבן א בית ספר פארן קינד - דארף עס זיין אין אן אופן המתאים צו "תורה צוה לנו משה וגו'", ד.ה. וויבאלד אז ס'איז "מורשה קהילת יעקב", אז דער קינד איז א יורש דערפון - דארף מען אים דאך מחנך זיין אין אן אופן המתאים לזה.

מה. און דער עיקר - די פרוי זאל זיך פירן אן חשבונות,

און אז ס'קומט צו דער ענין פון "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה" - זאל זי ניט אנהויבן מאכן חשבונות, אז וואו וועט מען נעמען פרנסה, און ס'קען דאך שאטן צו בריאת הגוף וואס "היות הגוף בריא ושלם מדרכי השם הוא" - ווארום איר ענין איז צו מאכן "ושכנתי בתוכם",

וואס דער טייטש פון "ושכנתי בתוכם" פארשטייט אויך א קינד: "ושכנתי" - איך וועל רוען, "בתוכם" - אין זיי.

וואס בכדי ס'זאל קענען זיין דער "ושכנתי בתוכם" - מוז דאך דער קינד געבארן ווערן,

און ניט מ'מאכט חשבונות, אז וואו וועט מען נעמען אויף פרנסה - וואָרום דער אויבערשטער שפּייזט דאך פיר מיליארד מענטשן - וועט ער אויך שפּייזן דער קינד, וואס דער אויבערשטער איז אויך איינער פון די ג' שותפים אין דעם קינד - וועט ער אים זיכער שפּייזן,

ואדרבה: דאס וואס די פיר מיליארד מענטשן, ווערן געשפּייזט - איז דאס דורך דער קינד, וואס בא דעם קינד איז הבל שאין בו חטא, וואס אויף זיי איז העולם מתקיים,

בנוגע די עלטערן, וואס זיי זיינען ניט בבחינת "הבל שאין בו חטא" - מאכט מען א חשבון וואו זיי האלטן אין תורה ומצוות; משא"כ בנוגע צו דער קינד וואס ער איז הבל שאין בו חטא - גיט מען פאר אים פרנסה בפשטות, און דורך אים באקומען אויך די עלטערן און אלע פיר מיליארד מענטשן.

און די עלטערן דארפן נאר טראכטן אז זיי אליין זאגן "הזן את העולם כולו בטובו בחן בחסד וברחמים" - וועלן זיי זען אז זיכער קען דער אויבערשטער שפּייזן אויך דעם קינד.

און וויבאלד אז תורת אמת זאגט די אלע ענינים - איז דער אמת אזוי; תורה איז ניט קיין "טראנקועלייזער" - נאר ס'איז תורת אמת, ד.ה. אז וואס זי זאגט איז דער אמת אזוי.

מו. און דער ענין איז אויך נוגע צו ביאת המשיח, ווי ס'שטייט אין גמרא "אין בן דוד בא עד שיכלו כל הנשמות שבגוף", ד.ה. ביז מען נעמט ארויס יעדער נשמה פון דעם אוצר הנקרא גוף,

און די נשמה איז מען ממשיך אין א גוף כפשוטו.

וואס דעמולט - האט עס די מעלה פון "הבל שאין בו חטא", וואס רב פפא האט געזאגט צו אביי "דידי ודידך מאי?" האט ער אים געענטפערט "אינו דומה הבל שיש בו חטא להבל שאין בו חטא".

וואס אפילו אז די עלטערן האבן אלע שלימות'ן קומט עס ניט צו די שלימות ווען מען האט א קינד,

און די עלטערן האט מען אפגעגעבן די בחירה צו אראפברענגען אויך אט דער שלימות.

מז. און ווי ס'שטייט אז בשעת שירת הים האבן אפילו עוברין שבמעי אמן אנגעוויזן און געזאגט "זה א-לי ואנוהו",

וואס דאס וואס דער עובר האט דעמולט געזען האט אפילו יחזקאל הנביא ניט געזען, וואס אויף יחזקאל הנביא זיינען דא די אלע הפלאות: ער איז געווען א כהן, און ער האט געזען און מגלה געווען די מרכבה, און - אין אן אופן פון א בן כפר:

דער ענין המרכבה איז דאך געווען אויך פריער - "האבות הן הן המרכבה", און בכלל די מרכבה איז דאך דא די גאנצע צייט,

נאר אזוי איז דאס ניט בגילוי, און דערנאך - האט ישעי' הנביא דאס געזען און מגלה געווען, אבער דאס איז געווען א גילוי ווי א בן כרך שראה את המלך, וואס דער ענין פון א בן כרך איז - אז ער זעט שטענדיק דעם מלך -

יחזקאל האט אויפגעטאן אז ס'זאל אנקומען די מרכבה אויך צו א בן כפר, וואס

אין מרכבת יחזקאל איז דאס אראפגעקומען אויך אין ווערטער ווי "פני נשר", און "פני שור", און רגליהם רגל ישרה וכו'.

וואס לכאורה: אויב ס'איז א מענטש פון כפרים - ווער זאגט טאקע אז ער דארף זען דעם מלך?

- און אעפ"כ האט יחזקאל אויך פאר בני כפרים אראפגעטראגן די מרכבה.

ולאחר די אלע גדולות, זאגט מען אז דער עובר, גלייך נאך דעם וואס ער ווערט געבארן, און אפילו אז ער איז א בן יום אחד - האט געזען נאכמער ווי יחזקאל (ועד"ז אויך א שפחה, וויבאלד זי איז געווען "על הים" - איז "ראתה שפחה על הים מה שלא ראה כו'"),

וואס דאס שטייט דוקא אויף א נשמה למטה, משא"כ אויף א נשמה למעלה שטייט דאס ניט - איז פון דעם נאכמער פארשטאנדיק דער גודל העילוי אין אראפברענגען א נשמה למטה.

מח. וואס דורך דעם, און אפהיטענדיק טהרת המשפחה - שטעלט מען אויף די משפחות מיוחסות בישראל (וואס מיט זיי גייט מען לקבל משיח'ן, און ס'ווערט והנצח זו ירושלים),

און מ'טוט ווי ס'שטייט אין די ביידע שיחות הנ"ל פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס איינער פון זיי איז כנ"ל, בשם דעם אלטן רבי'ן - וועגן דער עילוי פון נשים, און מ'טוט אין אלע ענינים וואס שטייען אין די שיחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר און כ"ק אדה"ז,

און מ'מאכט די הכנות אויף משיח'ס קומען, און - אן טרייסלעניש -

וואס דאס וואס מ'מאכט הכנות - איז א דבר הפשוט, ווארום יעדער ענין של קדושה דארף דאך האבן א הכנה, וואס דאס איז א חילוק פון ענינים קדושה און ענינים חול, כמבואר אז סעודות חול דארפן ניט האבן קיין הכנה, משא"כ סעודות שבת ויו"ט - איז דאך מובן אז מ'מאכט הכנות אויף ביאת המשיח -

אבער די הכנות דארפן זיין אמת'ע הכנות, ניט מן השפה ולחוץ, און - אן טרייסלעניש

און מ'קומט צו "והקיצו ורננו שוכני עפר" וואס דעמולט וועלן כ"ק מו"ח אדמו"ר און כ"ק אדה"ז זאגן נאך א ביאור וכו',

במהרה בימינו ממש.

* * *

מט. כרגיל אויף אפלערנען אן ענין אין פרש"י, און - עס אפלערנען כדבעי, ד.ה. מדייק זיין בכל פרט; און אין די ביידע אופנים: פארשטיין אן ענין וואס רש"י איז יע מפרש, און פארשטיין פארוואס רש"י איז ניט מפרש אן ענין וואס ער וואלט לכאורה געדארפט מפרש זיין,

עד"ז איז דא בפרשתנו אן ענין אויף מבאר זיין אין פרש"י אויף די ביידע אופנים.

אין קאפיטל טו פסוק כ' איז רש"י מעתיק די ווערטער "בתפים ובמחולות" און איז מפרש אז פון וואנענט האבן זיי געהאט "תפים און מחולות" - "מובטחות היו צדקניות שבדור שהקדוש ברוך הוא עושה להם נסים והוציאו תופים ממצרים".

רש"י דארף ניט מסביר זיין פון וואנענט זיי האבן געהאט תופים זייענדיק אין מצרים - ווארום ס'איז א געוויינליכע זאך אז אין יעדע שטוב זאל זיין א תוף: אמאל איז דא א שמחה, א חתונה וכדומה - האט מען א תוף אויף נוצן אין די זמנים.

אבער לפי"ז ווערט לכאורה שווער: אויב רש"י דארף ניט באווארענען ווי זיי האבן געהאט תופים אין מצרים דערפאר וואס ס'איז א געוויינליכע זאך - איז שוין פארענטפערט ווי זיי האבן געהאט תופים ביי שירת הים: בשעת אידן זיינען ארויס פון מצרים האבן זיי דאך ארויסגענומען אלע זייערע ענינים,

ס'איז מערניט וואס "וגם צידה לא עשו להם", ווייל זיי האבן זיך געהיילט - אבער אלע אנדערע ענינים האבן זיי דאך ארויסגענומען, ביז ווי ס'שטייט אין מדרש אז ארויסגייענדיק פון מצרים האט יעדער איד געהאט תשעים חמורים טעונים -

פארשטייט זיך שוין אז זיי האבן ארויסגענומען אויך תופים - איז וואס דארף רש"י באווארענען ווי זיי האבן געהאט תופים בא שירת הים?

ב. מ'געפינט נאך אן ארט וואו רש"י זאגט עד"ז - אבער ס'איז ניט בדומה:

בא ציווי מלאכת המשכן, אויפן פסוק "ועשית את הקרשים" איז רש"י מפרש "הל"ל ועשית קרשים כמו שנאמר בכל דבר ודבר, מהו הקרשים - מאותן העומדין ומיוחדין לכך, יעקב אבינו נטע ארזים במצרים וכשמת צוה לבניו להעלותם עמהם כשיצאו ממצרים ואמר להם שעתיד הקב"ה לצוות אותן לעשות משכן במדבר - ראו שיהיו מזומנים בידכם",

ד.ה. אז ווי זיינען די קרשים געווען מזומנים בידם - דוקא דערפאר וואס מ'האט זיי אנגעזאגט ארויסצונעמען קרשים ממצרים - אבער אויב מ'וואלט זיי ניט אנגעזאגט ארויסצונעמען קרשים וואלטן זיי ניט געהאט,

זעט מען לכאורה אז ניט אלץ האט מען ארויסגענומען פון מצרים - קען מען זאגן אז אויך תופים האט מען ניט ארויסגענומען.

ס'איז אבער אינו דומה: דארטן האנדלט זיך וועגן ארויסנעמען האלץ, וואס האלץ דארף מען ניט האבן אין מדבר - אין מדבר לעבט מען אין אן אהל,

און אויך דערנאך אז מ'וועט קומען אין אן ארץ נושבת לאחר פערציק יאר, אדער אפילו ווי ס'איז געווען דעמולט אז מ'וואלט גלייך אריין אין אן ארץ נושבת, און מ'וועט דארפן בויען הייזער - וועט מען בויען הייזער מיט די האלץ פון די ביימער פון דער ארץ נושבת;

האט ניט קיין זין ארויסצונעמען האלץ פון ארץ מצרים - מוז רש"י מפרש זיין אז יעקב אבינו האט געזען אז זיי וועלן בויען דעם משכן ניט אין קיין ארץ נושבת, נאר אין מדבר - און דערפאר האט ער זיי געהייסן ארויסנעמען קרשים פון מצרים.

נאכמער: רש"י איז דאך מוכיח פירושו דארטן דערפון וואס ס'שטייט "הקרשים" מיט א ה' הידיעה - מוז מען זאגן אז ס'מיינט "מאותן העומדין ומיוחדין לכך", דערפאר וואס יעקב האט זיי געהייסן ארויסנעמען די קרשים פון מצרים.

משא"כ בנוגע צו תופים - האט דאך יעדער נארמאלער שטוב א תוף, צוליב א שמחה וכיו"ב, כנ"ל, און אויך אין מדבר וועלן זיי דאך דארפן האבן תופים, ווארום אויך אין מדבר וועלן זיין די שמחות, א ברית, א פדיון הבן וכו',

- אויך ע"פ די שקו"ט צי ס'איז שוין געווען דער ענין פון פדיון הבן אין מדבר - אבער ברית מילה איז זיכער געווען -

איז פונקט ווי זיי האבן ארויסגענומען אלע זאכן פון מצרים (מלבד נאר צידה כנ"ל) האבן זיי אויך ארויסגענומען תופים - איז וואס דארף רש"י באווארענען פון וואנענט זיי האבן געהאט תופים בא שירת הים?

נא. אויך דארף מען פארשטיין: פארוואס איז רש"י מעתיק דעם ווארט "ובמחולות" פון פסוק - ער איז לכאורה נאר מפרש "והוציאו תופים ממצרים" און ניט "תופים ומחולות"?

אין מכילתא שטייט טאקע "וכי מנין היו להם לישראל תופים ומחולות במדבר - אלא הצדיקים היו מובטחים ויודעים שהקב"ה עושה להם נסים וגבורות עת שיוצאין ממצרים והתקינו להם תופים ומחולות", ד.ה. סיי תופים און סיי מחולות.

איז דאס וואס רש"י זאגט ניט אז "ורבותינו דרשו" איז פארשטאנדיק, ווארום רש"י איז ניט עניבו אראפברייינגען מדרשים, נאר ער איז דא מפרש אין פשוטו של מקרא -

אבער בשעת רש"י איז נאר מפרש דעם ווארט "תופים" און ער איז משמיט דעם ווארט "מחולות" פון ווי ס'שטייט אין מכילתא - פארוואס איז ער מעתיק פון פסוק אויך דער ווארט "מחולות"?

נב. נאך א שינוי איז דא צווישן פרש"י און דער מכילתא: דער מכילתא שטעלט זיך אויף דעם ערשטן מאל וואו ס'שטייט "תוף" - "ותקח מרים הנביאה את התוף בידה", משא"כ רש"י איז דאס ערשט מפרש אויף "ותצאן כל הנשים אחרי' בתופים ובמחולות".

אויף די ווערטער "את התוף" איז רש"י נאר מפרש "כלי של מיני זמר", וואס דאס דארף ער מפרש זיין - ווארום דער בן חמש האט געלערנט אין בראשית וועגן כמה מיני כלי שיר און תוף שטייט דארטן ניט; זאגט אים רש"י "את התוף - כלי של מיני זמר" -

אבער פון וואנענט זיי האבן געהאט תופים - אויף דעם ווארט רש"י אויף די ווערטער "בתופים ובמחולות" און ערשט דארט איז ער דאס מפרש.

נג. וואס מ'קען דאס מבאר זיין בפשטות, אז אויף מרים איז ניט קיין קשיא פון וואנענט זי האט געהאט א תוף - ווארום, ס'איז פארשטאנדיק אז מרים האט מער מדקדק געווען בעניני' ווי אלע אנדערע פרויען, ובפרט נאך אז זי איז געווען "מרים הנביאה" - האט זי געוואוסט אז זי וועט דארפן נוצן דעם תוף - דארף רש"י נאר מבאר זיין וואס דאס איז א תוף, אבער ניט פון וואנענט זי האט עס געהאט,

משא"כ בנוגע די "צדקניות שבדור", וואס גייט דאך אויף אלע אידישע פרויען - אויף זיי פרעגט זיך: פון וואנענט האבן זיי געהאט תופים?

און ס'איז פארשטאנדיק אז ניט אלע נשים זיינען דעמולט געווען נביאות, ואדרבה - דער פסוק איז מדגיש "ותקח מרים הנביאה", אז דוקא זי איז געווען א נביאה - איז ניט פארשטאנדיק, פון וואנענט האבן זיי געהאט תופים;

איז רש"י מסביר אז "מובטחות היו צדקניות שבדור שהקדוש ברוך הוא עושה להם נסים וכו'".

וואס דאס איז אלע צו מבאר זיין דער חילוק צווישן מרים און אלע אנדערע פרויען, וואס דערפאר דארף זיך רש"י ניט שטעלן אויף "ותקח מרים את התוף בידה", ס'כלייבט אבער שווער, כנ"ל - ס'איז דאך א געוויינליכע זאך אז יעדער שטוב זאל האבן א תוף, און די אידן האבן דאך ארויסגענומען אלע זייערע זאכן פון מצרים - איז וואס איז די שאלה פון וואנענט זיי האבן געהאט תופים.

נד. אויך דארף מען פארשטיין: פארוואס איז רש"י מוסיף "צדקניות שבדור": אז מ'וועט זאגן דעם בן חמש אז "מובטחות היו צדקניות כו'" - וועט ער אליין פארשטיין אז ס'מיינט צדקניות שבדור; וועלכע אנדערע צדקניות זאל דאס מיינען - די צדקניות פון אן אנדער דור?!

ס'איז דאך היפך פשוטו של מקרא אזוי צו זאגן, און דערווייל האב איך קיין מדרש אויך ניט געפונען וואו ס'זאל שטיין אזא זאך; און אפילו אז מ'וועט יע געפינען אזא מדרש - איז דאס היפך פשוטו של מקרא.

מיט נאך כמה דיוקים בזה, און ס'דארף זיין דער תנאי בדבר אז ס'זאל זיין פארשטאנדיק פאר א בן חמש למקרא אן דערויף אז ער זאל דארפן אנקומען צו מפרשים, ובפרט - אז מפרשים שטעלן זיך ניט אויף דעם.

נה. אן ענין אין פרש"י וואס רש"י וואלט לכאורה געדארפט מסביר זיין און ער איז ניט מסביר:

אין קאפיטל יז פסוק טו איז רש"י מפרש "ויקרא שמו - של מזבח - ה' נסי - הקב"ה עשה לנו כאן נס גדול, לא שהמזבח קרוי ה' אלא המזכיר שמו של מזבח זוכר את הנס שעשה המקום - ה' הוא נס שלנו".

די ווערטער "של מזבח" איז רש"י מוסיף אויף לשון הכתוב, כאילו ווי ס'וואלט געשטאנען אין פסוק "ויקרא שמו של מזבח ה' נסי", און דערנאך איז ער מפרש זיין פירוש.

וואס דאס וואס ער זאגט "לא שהמזבח קרוי ה'" - איז פארשטאנדיק אין פשוטו של מקרא, און מ'דארף מפרש זיין "המזכיר שמו של מזבח זוכר את הנס שעשה המקום וכו'".

נו. ס'איז דא אויך נאך אן ארט וואו רש"י איז מפרש עד"ז - אין וישלח קאפיטל לג פסוק כ:

רש"י איז מפרש די ווערטער "ויקרא לו א-ל אלקי ישראל - לא שהמזבח קרוי אלקי ישראל, אלא על שם שהיה הקב"ה עמו והצילו קרא שם המזבח על שם הנס להיות שבחו של מקום נזכר בקריאת השם, כלומר, מי שהוא אל הוא הקב"ה הוא לאלקים לי ששמי ישראל".

דארטן אבער באגנוגנט זיך ניט רש"י מיט דעם, ווארום אע"פ אז ס'איז פארשטנדיק אין פשוטו של מקרא אז ניט דער מזבח איז אנגערופן "אלקי ישראל" - איז דאס אבער דאך א חידוש דוחק צו לערנען אז "ויקרא לו א-ל אלקי ישראל" מיינט "קרא שם המזבח על שם הנס להיות שבחו של מקום נזכר בקריאת השם",

דערפאר ברענגט רש"י א ראי': "וכן מצינו במשה ויקרא שמו ה' נסי - לא שהמזבח קרוי ה', אלא על שם הנס קרא שם המזבח, להכיר שבחו של הקב"ה ה' הוא נסי", און אויך מיט דעם באגנוגנט זיך ניט רש"י, נאר ער ברענגט אראפ א צווייטן פירוש.

איז לכאורה ניט פארשטאנדיק: אויב ס'איז דחוק אזוי איינצולערנען אין פשוטו של מקרא, און רש"י ברענגט א ראי' און אויך א צווייטן פירוש - ווי קומט עס אז אין אונזער פסוק איז רש"י אזוי מפרש, און ברענגט ניט קיין ראי' און ניט קיין צווייטן פירוש?

וואס אע"פ אז ס'איז פארשטאנדיק אין פשוטו של מקרא, כנ"ל, אז "לא שהמזבח קרוי ה'" - אבער אויך רש"י'ס פירוש איז דאך דחוק ביז אז דארטן ברענגט ער א ראי' און א צווייטן פירוש - איז ווי קומט עס אז דא זאגט ער נאר דער פירוש אן קיין ראי' און אן ברענגען דערנאך נאך א פירוש?

נז. נאך דעם וואס רש"י ברענגט דארט אראפ זיין צווייטן פירוש "ורבותינו דרשו כו'" איז ער ממשיך "ודברי תורה כפטיש יפוצץ סלע, מתחלקים לכמה טעמים כו'".

וואס אויך פאר יענער פסוק האט רש"י כמה פעמים אראפגעבראכט פירושים פון דרש - איז פארוואס דוקא אין דער פסוק ברענגט רש"י אראפ "ודברי תורה כפטיש יפוצץ סלע, מתחלקים לכמה טעמים כו'"?

וואס דאס איז ע"ד וואס מ'האט גערעדט אין ש"פ וארא אין דעם ענין פון "חבל על דאבדין ולא משתכחין" אז רש"י ברענגט דוקא דארט אראפ" ... שנאמר הלא כה דברי כאש נאם ה' וכפטיש יפוצץ סלע מתחלק לכמה ניצוצות".

וואס בשעת מ'האט גערעדט וועגן דעם בש"פ וארא האט מען געזאגט אז דארט אין וארא איז דער ערשטער מאל וואס רש"י ברענגט עס אראפ - און חוץ איינער, א יחיד מיוחד - האט קיינער ניט געפרעגט אז אין דער פסוק אין וישלח ברענגט עס שוין רש"י אראפ?!

און אויך דער יחיד מיוחד וואס האט געהאט דער זכות צו פרעגן האט אויך נאר געזאגט א האלבע זאך - ווארום ס'זיינען אויך דא שינויים צווישן דעם פרש"י אין וישלח און דער פרש"י אין וארא:

אין וארא ברענגט רש"י אויך אראפ דעם ערשטן האלבן פסוק "הלא כה דברי כאש", משא"כ אין וישלח ברענגט ער דאס ניט אראפ,

וואס אין וישלח ברענגט ער אראפ נאר דעם צווייטן האלבן פסוק "וכפטיש יפוצץ סלע" ע"ד ווי ס'איז אין גמרא שבת און סנהדרין לגבי אן ענין שעד"ז.

אויך איז דא א חילוק: אין פרשת וארא זאגט רש"י "מתחלק לכמה ניצוצות" און אין פרשת וישלח זאגט רש"י "מתחלקים לכמה טעמים".

נח. וואס כאמור, א חוץ דעם יחיד מיוחד האט קיינער בכלל גארניט געפרעגט,

וואס דאס ווייזט אז מ'קאכט זיך ניט אין דעם, און מ'רייסט זיך אפ אום שבת אין א זמן וואס ער האט געקענט מקיים זיין "שינה בשבת תענוג", אדער ער האט געקענט זיצן און לערנען, וואס' פקודי ה' ישרים משמחי לב" - און ער רייסט זיך אפ און זיצט דריי שעה נאכאנאנד ביים פארברענגען בשעת ער ליגט ניט בכלל אין וואס מ'רעדט.

און ער זיצט דא און מ'קוועטשט אים, און מ'לאזט אים ניט שלאפן,

וואס באמת קען מען מקיים זיין דעם "שינה בשבת תענוג" אויך בשעת מ'שלאפט דא באם פארברייינגען - אבער דא קוועטשט מען אים דאך, און ער קען דאך דאס טאן על מטתו, אין אן אופן אז ער זאל האבן הנאה.

נט. וואס דאס וואס מ'רעדט וועגן דעם איצטער - איז בכדי צו ווייזן "מי כעמך ישראל" -

ווי באלד אז מ'האט אין דעם ניט קיין געשמאק - איז דאך מובן דער גודל המס"נ וואס איז דא אין דעם וואס ער רייסט זיך אפ פון די ענינ' תענוג וואס ער וואלט געקענט טאן, און ער זיצט באם פארברענגען,

ער לאזט דעם קוגל אין מיטן, און ער קומט צו גיין צום פארברייינגען, און אויפן גאס איז קאלט און גליטשיק, און גיין שנעל קען ער ניט אויך ווייל ס'איז שבת, טאר מען ניט גיין שנעל,

לאזט ער א האלבן קוגל, דער טשאלענט, די געבראטענע פלייש און די געזאלצענע פיש - און קומט צו דעם פארברייינגען בכדי דער פארברייינגען זאל זיין ברוב עם.

ער זיצט און וויל מ'זאל זען דעם ארט וואו ער זיצט, און ער פאטשט מיט די הענט, צי צוליב מיר באווייזן אז ער פאטשט, צי צוליב יוצא זיין, צי צוליב יראת העונש - ער האט מורא אז איך וועל ווערן ברוגז.

לאזט ער אלץ אפ און ער קומט צום פארברענגען בכדי אז דער פארברענגען זאל זיין ברוב עם - איז דאס דאך א גרויסע מסירת נפש!

ס. איז הגם אז מס"נ און קבלת עול איז "ראשית העבודה ועיקרה ושרשה" - מאנט אבער חב"ד אז ס'זאל זיין הבנה והשגה, אז מ'זאל האבן הבנה והשגה אין דעם וואס מ'רעדט!

וואס כ"ז איז בא אזא וואס האט זיך קיינמאל ניט געקאכט אין דעם און קיינמאל ניט געלעגן אין דעם, דערצו איז דא אזא וואס "שנה ופירש" - ער איז אמאל יע געלעגן אין די ענינים.

איז בא אזא וואס איז קיינמאל ניט געלעגן אין דעם און האט דאס קיינמאל ניט טועם געווען - איז דא האפענונג אז ער קען אמאל אנהויבן, אבער בא דעם וואס ער איז אמאל יע געלעגן אין דעם, און דערנאך האט ער אויפגעהערט, און ס'איז קיין רושם ניט געבליבן - איז דאך זיכער מובן דער גודל המס"נ זיינער אין זיצן ביים פארברענגען.

סא. מען האט געפרעגט מכמה צדדים אין דעם ענין וואס ס'האט זיך גערעדט וועגן דעם וואס אוה"ע "קרו לי' אלקא דאלקייא" וואס ס'האט זיך גערעדט בש"פ וארא.

איז דאס בכלל ניט קיין סדר הלימוד צו פרעגן: ווי איז מען מבאר אין דעם אופן בשעת אין אן אנדער מאמר וכו' שטייט עס אין אן אנדער אופן?

דער סדר אין לימוד התורה איז אז ס'דארף זיין "לאפשא לה", ס'דארף שטענדיק צוקומען, איז מען אמאל מבאר אויף איין אופן, דערנאך קען מען מבאר זיין אויף נאך אן אופן.

און אפילו פאר א בן חמש איז דאס ניט קיין סדר פון שאלות, ווארום אויך ער ווייס אז אמאל לערנט מען אין איין אופן, און מ'קען אויך לערנען אין אן אנדער אופן (ער ווייס אז דאס וואס ער לערנט אין פשוטו של מקרא איז ניט אלץ), און ווי רש"י שרייבט אמאל, אז אין דעם ענין איז דא צוויי פירושים.

וכמ"ש אז ס'איז ניט דער סדר אזוי לערנען אין דא"ח וכו'.

און ווי מ'געפינט דאס אין די מאמרים פון דעם מיטעלן רבי'ן, אז פריער שרייבט ער איין פירוש, און דערנאך שרייבט ער נאך א פירוש - און שרייבט צו "דלא כנ"ל".

און מען האט ארויסגעגעבן אלע פירושים אין דפוס - אויך דעם ערשטן פירוש.

סב. און ס'האט אויך ניט קיין ארט צו פרעגן: וויבאלד מ'האנדלט דאך דא וועגן א בן אדם חי (פרעה וכיו"ב) - האט ער דאך געהאלטן בא א געוויסע דרגא - דארף מען דאך וויסן בא וואס פאר א דרגא האט ער געהאלטן?

ווארום, אויך אן אדם חי שטייט ניט אויף איין ארט: א מענטש ווערט נולד א תינוק, דערנאך שטייט ער במדריגת צדיק, דערנאך קען זיין "חטא ופגם ועבר את הדרך", דערנאך קען ער ווערן א בעל תשובה,
נאך העכער ווי א צדיק;

קען מען ניט פרעגן אז וויבאלד ער איז א לעבעדיקער מענטש דארף מען וויסן אויף וועלכער איין דרגא איז ער געשטאנען.

סג. וואס עד"ז געפינט מען דאך בא פרעה גופא, אז ער איז ניט געווען שטענדיק אין איין מדריגה: פריער האט ער געזאגט לא ידעתי את ה' און ידעתי נאר שם אלקים, דערנאך איז ער צוגעקומען אויך צו שם ה', אויך איז בא אים געווען "ויכבד את לבו", (אלקא דאלקיא),

וואס דאס וואס פרעה'ס יחס צו אידן האט זיך געביטן בא "והכבד את לבו" איז דער פשט אז זיין יחס צו אלקות האט זיך אויך געביטן.

ועד"ז איז אויך געווען בא סנחריב, אז פריער האט ער געזאגט "מי בכל אלקי הארצות" און דערנאך איז נפל ממדריגתו און חירף וגידף
און דערנאך האט ער געזאגט אני ואפסי עוד, וואס דער פסוק שטייט אויף אשור.

וואס דערפאר איז ניט שייך פרעגן בא וועלכער איין מדריגה האבן זיי געהאלטן.

סד. דאס וואס מ'האט יא געפרעגט - איז:

ס'איז מבואר אין תניא אז די התהוות פון קליפה איז אין אן אופן אז "קרו לי' אלקא דאלקיא", ביז אז אפילו בלעם האט געזאגט אז "לא אוכל לעבור את פי הוי' וגו'",

ד.ה. ניט אז דאס איז אן ענין וואס איז תלוי בבחירתם ובעבודתם; נאר אזוי איז התהוותם אז "קרו לי' אלקא דאלקיא", און ווי ער זאגט אין תניא (פכ"ב) אז "עיקר ושרש ע"ז הוא מה שנחשב לדבר בפני עצמו נפרד מקדושתו של מקום ולא כפירה בה' לגמרי כדאיתא בגמ' דקרו לי' אלקא דאלקייא", ד.ה. אז אזוי איז דאס מצד התהוותם -

איז ווי איז שייך אז פרעה זאל זאגן "לי יאורי ואני עשיתני"?

סה. און דאס איז די קשיא וואס מ'האט דעמולט געפרעגט, וואס אין תניא זאגט ער ".. לומר אני ואפסי עוד וכמאמר יאור לי ואני עשיתיני",

וואס דער ענין פון "אני ואפסי עוד" (שנאמר על אשור) איז נאך מער ווי דער ענין פון "לי יאורי ואני עשיתיני":

דער ענין פון דעם וואס זיי זאגן "לי יאורי ואני עשיתיני" מיינט אז זיי האלטן אז מציאותם מעצמותם ח"ו,

וואס אויך בשעת זיי האלטן אז מציאותם מעצמותם איז שייך אז ס'זאל זיין נאך א מציאות, ווארום ס'איז שייך דער ענין פון שיתוף,

ד.ה. אז טאקע ער האט זיך אליין געמאכט, "אני עשיתיני", אבער ס'איז דא אויך נאך א מציאות וואס איז אויך "אני עשיתיני",

און ווי די וואס האלטן אז ס'איז שתי רשויות, און דער וואס האט באשאפן אור האט ניט באשאפן חושך, און דער וואס האט באשאפן חושך האט ניט באשאפן אור, וכמאמר "מפלגך ולעילא להורמי ומפלגך ולתתא להורמי";

אבער דער ענין פון "אני ואפסי עוד" איז - אז ס'איז אויך ניטא קיין אנדער מציאות חוץ פון אים; ניט נאר אז ער האט זיך אליין מהוה געווען נאר - ס'איז ניטא קיין אנדער מציאות חוץ פון אים.

סו. ווי קומט עס טאקע אז ס'זאל זיין אזא קליפה?

איז דער ביאור אין דעם: ס'איז דאך "את זה לעומת זה עשה אלקים" (קהלת), דארף זיין אן ענין אין לעו"ז קעגן יעדער ענין פון קדושה.

איז אנטקעגן דער ענין פון "מאמיתית המצאו נמצאו כל הנמצאים" איז דא דער ענין פון "אני ואפסי עוד", אז ער האלט אז אלץ איז פון אים נתהווה געווארן ובהבטלו - יבטל כל המציאות;

וואס דאס איז דער היפך הגמור, דער לעו"ז, פון "מאמיתת המצאו נמצאו כל הנמצאים".

סז. עס איז אבער דא איין שאלה וואס מ'קען יע פרעגן אויף דעם וואס מ'האט מבאר געווען אין דעם ענין:

בנוגע סנחריב מלך אשור שטייט: "ביום ההוא יגלח ד' בתער השכירה גו' במלך אשור את הראש ושער הרגלים וגם את הזקן תספה", וואס דאס איז כעין חוכא ואיטלולא וואס דער אויבערשטער וועט מאכן פון סנחריב מלך אשור,

וואס מ'איז מסביר פארוואס דאס איז דוקא בא סנחריב און ניט בא קיין אנדערע שרים משרי עו"ג, אויך ניט בא פרעה - איז דערפאר וואס דוקא סנחריב האט געהאלטן אז מציאותו איז מעצמותו און בא אים איז ניט געווען "קרו לי' אלקא דאלקייא", וואס דאס איז דערפאר וואס יניקתו איז פון שערות - וועט מען דערפאר מגלח זיין ביי אים די שערות, כדי אפצושניידן די יניקה שמבחי' שערות.

וואס ווי מ'האט מבאר געווען אין ש"פ וארא - איז דאך אויך פרעה האט געהאלטן אז מציאותו מעצמותו, "לי יאורי ואני עשיתיני" - איז דאך שווער עפ"ז: פארוואס וועט דער ענין פון גילוח בתער השכירה זיין דוקא בא סנחריב און ניט אויך בא פרעה?

וכפי שיתבאר לקמן.

סח. בנוגע צו די הערות אין זהר - שטעלט ער זיך אויף דעם וואס ס'שטייט אין זהר (דער מעתיק האט טועה געווען און נאר אראפגעבראכט דעם סוף, בשעת ער באציט זיך דארט צו דעם גאנצן ענין -) "נחית בחסדך עם זו גאלת - כמה דכתיב (תהלים מד) כי ימינך וזרועך ואור פניך כי רציתם, כי ימינך דא גדולה (אנטקעגן "נחית בחסדך"), נחלת בעזך דא דכתיב וזרועך, דא גבורה, אל נוה קדשך דא דכתיב ואור פניך כי רציתם דא צדיק (ד.ה. יסוד), וכלהו משתכחי בקרא":

שרייבט ער אין די הערות "לא דריש ואור פניך, וכן נוה קדשך, על ת"ת (וכמו לעיל נ"ג ע"א בפניו דא יעקב), הוא כי כתיב ואור פניך, פניך הוא ת"ת יעקב כמ"ש מבקשי פניך יעקב, ואור דהפנים הוא ברית יוסף, שגוף וברית כחד חשבינן, וכן נוה קדשך, קדשך הוא ת"ת שנק' קדוש ונוה קדשך הוא יסוד שהוא הדורא דגופא, וי"ל זהו מה שסיים וכלהו משתכחו בקרא, שלכאורה מאי בעי ומוסיף בזה, הוא לרמז גם על ת"ת זהו וכלהו היינו חג"ת יסוד", ד. ה אז מ'האט דא דער גאנצער ציור קומה: חג"ת און יסוד - דערפאר שטייט "וכלהו משתכחי בקרא".

וואס אין דעם וואס ער שרייבט אין זהר איז דא א דיוק אויף וועלכער ער שטעלט זיך ניט אין די הערות:

בשעת ער פארגלייכט אונזער פסוק "נחית בחסדך עם זו גאלת וגו'" מיט דעם פסוק "ימינך וזרועך ואור פניך כי רציתם", אז אין בײדע פסוקים רעדט זיך װעגן חסד און װעגן גבורה און װעגן יסוד - איז דא א שינוי אין סדר:

ער זאגט "כי ימינך" װאס שטײט אין יענער פסוק "דא גדולה" אנטקעגן דעם װאס ס'שטײט אין אונזער פסוק "נחית בחסדך",

דערנאך בא די אנדערע צװײ ענינים זאגט ער מיט א פארקערטן סדר: "נהלת בעזך" װאס שטײט אין אונזער פסוק - "דא דכתיב וזרועך" אין יענער פסוק, און "אל נוה קדשך" װאס שטײט אין אונזער פסוק - "דא דכתיב ואור פניך כי רציתם" אין יענער פסוק;

בא אײן ענין זאגט ער פריער װאס שטײט אין יענער פסוק, און בא די אנדערע צװײ ענינים זאגט ער פריער װאס שטײט אין אונזער פסוק.

אויך דארף מען פארשטײן אין דעם װאס ער איז יא מסביר אין די הערות - אז "וכלהו משתכחי בקרא", אז ס'איז דא דער גאנצער ציור קומה פון חג"ת און יסוד - פארװאס האט אזוי געדארפט זײן בא קריעת ים סוף?

װאס דאס איז ער ניט מבאר אין די הערות.

סט. ס'איז דא אויך צו מוסיף זײן בנוגע צו דעם ענין פון "ותשר דבורה" - די מעלה מיוחדת װאס ס'איז דא בא נשים:

עס שטײט אין פסוק ".. וברך את לחמך ואת מימך והסירותי מחלה מקרבך",

װאס דער שלימות הענין פון "והסירותי מחלה מקרבך" איז װי ס'שטײט "כל המחלה אשר שמתי במצרים לא אשים עליך כי אני ה' רופאך", ד.ה. אז מצד דעם ענין פון "אני ה' רופאך" איז ניט (נאר) ער הײלט אויס א מחלה װאס איז שוין דא, נאר - ס'איז מלכתחלה "לא אשים עליך",

[װאס כ"ז אין דעם ענין פון רפואה איז אויך קשור צו דעם ענין פון תשובה, װאס תשובה איז מביאה רפואה לעולם].

װאס װי זעט מען צו אז ס'זאל זײן מלכתחילה "לא אשים עליך", איז דאס דורך דעם װאס דער אכילה ושתי', דער "לחמך" און "מימיך", איז כדבעי, אז ס'איז דא דער "וברך את לחמך ואת מימיך" בשלימות.

װאס אויף װעמען הענגט אפ אז די אכילה ושתי' זאל זײן כדבעי - איז דאס אויף דער פרוי, די עקרת הבית.

װאס דאס איז אויך װי ס'שטײט אין גמרא (יבמות סג, א) "כתיב אעשה לו עזר כנגדו, במה אשה עוזרתו לאדם? א"ל אדם מביא חטים - חטים כוסס? ..", נאר די עקרת הבית איז דאס טוחן אויף קמח און באקט דערפון אז מ'זאל קענען עסן.

און װי מ'געפינט טאקע אין גמרא אז מ'לערנט אפ אז מ'זאל עסן פת שחרית דערפון װאס ס'שטײט "ועבדתם את הוי' אלקיכם וברך את לחמך ואת מימיך" און אז דורך דעם װערט "והסירותי מחלה מקרבך".

װאס בשעת א קינד װערט שוין ניט געזונט איז דעמולט גײט סײ די מוטער, און סײ דער פאטער, און אמאל - דער פאטער נאך מער װי די מוטער; אבער בשעת דער קינד איז געזונט און ס'רעדט זיך װעגן צושטעלן אכילה ושתי' כדבעי, בכדי אז עס זאל זײן "לא אשים עליך" מלכתחילה - דעמולט נעמט די עקרת הבית דער חלק יותר חשוב.

ע. וואס אזוי ווי דאס איז בגשמיות - איז דאס ברוחניות, אז אויף די עקרת הבית הענגט אפ אז די אכילה ושתי' רוחנית פון די קינדער זאל זיין כדבעי, ד.ה. אז בעיקר זי דארף זיך אפגעבן מיט זייער חינוך.

און בשעת ס'רעדט זיך וועגן חינוך הבנות - דארף מען זיי מחנך זיין באופן אז זיי זאלן ווערן דערנאך אליין אן עקרת הבית, און נאך פאר דערויף - זאלן זיי זיך מטפל זיין מיט זייערע אינגערע ברידער און שוועסטער,

אזוי ווי מ'זאגט אז "בת תחילה סימן יפה לבנים", וואס דער טעם בדבר איז - דערפאר וואס זי איז זיך מטפל מיט די בנים.

עא. וואס דער חינוך פון די קינדער הויבט זיך אן גלייך ווי זיי ווערן געבארן, אז מ'וויגט איין דעם קינד גלייך מיט דעם לידל אז "תורה איז די בעסטע סחורה" - ס'איז טאקע דא כמה ענינים, ס'איז דא "ראש ינקעס מיט מאנדלען", אבער תורה איז די בעסטע סחורה,

וואס אע"פ אז דער קינד איז ערשט געבארן געווארן, און מ'קען טראכטן וואס הערט דער קינד און וואס פאר א פעולה וועט עס האבן - האבן זיך אבער אזוי געפירט נשים בישראל פון אלעמאל, און דורך דעם האט מען אויפגעשטעלט דורות אידן,

און ניט נאר דער קינד זעט אז די "נורס" מיטן דאקטער גייען ארום אין בגדים לבנים, און די עלטערן גייען ארום אין בגדים לבנים, דערפאר וואס מ'דארף פארהיטן פון ענינים בלתי רצויים - דארף מען נוצן ענינים וועלכע זיינען "סטערעלייזט" -

נאר מ'טוט אויף פארהיטן אלע ענינים אויך ברוחניות.

עב. וואס כאן המקום צו רעדן וועגן דער מלוה מלכה [וואס אמאל רופט מען אן שבת "מלך" און אמאל "מלכה", וואס דאס איז במיוחד שייך צו דעם מלוה מלכה, ווארום "מלכה" איז דאך לשון נקבה], וואס וועט זיין במוצאי שבת, וואס זיכער וועט יעדערער זיך משתתף זיין, און זיך משתתף זיין בטרחתו, און מיט כל הענינים,

- מ'וועט מיר חושד זיין אז איך בין א נוגע בדבר, דערפאר וואס דער מוסד ווערט אנגערופן על שם מיין מוטער, "מכון חנה" [וואס זי האט זיך אפגעגעבן מיט מיין חינוך, וואס די מעלות בא מיר זיינען דאך זיכער געווען איר שאיפה] - איז ערשטנס איז דאס דאך אן ענין וואס ס'איז מובן אז ס'דארף אזוי זיין, און צווייטנס איז "אין אדם נחשד אלא אם כן יש בו" - ארט מיר ניט טאקע אויב ס'איז טאקע אזוי, און דריטנס - צי איך בין יע נוגע צי ניט איז דאס ניט קיין נפקא מינה, ווארום מ'רעדט דאך בנוגע לפועל,

אז יעדערער זאל זיך משתתף זיין, און משתתף זיין זיך מיט זיין טירחא, און מיט זיין געלט וכו'.

עג. און במוצאי שבת קומט מען צו דעם ענין וואס מ'זאגט בקידוש לבנה, וואס מ'זאגט קידוש לבנה בשעת מ'איז אנגעטאן בבגדים יפים - "דוד מלך ישראל חי וקים", וואס דער פשט אין דעם איז - אז ער איז "חי וקיים" ווי א <u>מלך</u>,

און פון די שלימות אין די אלע ענינים - קומט מען צו שלימות התורה, און שלימות העם, און שלימות הארץ, ביז "כי ירחיב ה' אלקיך את גבולך", פון ים סוף ביז נהר פרת,

במהרה בימינו ממש.

* * *



<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

הכריזו ע"ד המלוה מלכה דמכון חנה באנגלית, ואמר כ"ק אדמו"ר שליט"א:

בא משה רבינו איז געווען "הואיל משה באר את התורה הזאת באר היטב", אז נאך דעם ווי ער האט עס געזאגט בלשון הקודש האט ער דאס געזאגט בשבעים לשון;

מ'קען זיך טאקע ניט גלייכן צו משה רבינו - איז עכ"פ נאך דעם וואס מ'האט עס מכריז געווען אויף שבעים לשון - זאל מען דאס מכריז זיין אין אידיש.

לאחר ההכרזה הוסיף כ"ק אדמו"ר שליט"א: בשירה ובזמרה.

* * *

עד. דער ביאור אין פירוש רש"י:

דאס וואס רש"י איז ניט מפרש ווי דער מכילתא אז "הוציאו תופים ומחולות ממצרים" - איז דערפאר וואס רש"י טייטשט מחולות אנדערש ווי ס'טייטשט דער מכילתא:

אין מכילתא טייטשט מען אז מחולות איז א מין כלי זמר; רש"י אבער טייטשט אז מחולות איז (ניט כלי של מיני זמר, נאר) - טענץ,

און ווי מ'געפינט אין דעם פסוק "הללוהו במחול", אז עס זיינען דא צוויי פירושים אין דעם: איין פירוש - א מין כלי זמר, און א צווייטער פירוש - טענץ - לערנט רש"י אז "מחולות" וואס שטייט דא אין פסוק מיינט - טענץ.

און ווי מ'געפינט בא דעם עגל אין פרשת כי תשא אז ס'שטייט "וירא את העגל ומחולות", וואס וויבאלד אז ס'שטייט "וירא" איז פארשטאנדיק אז מחולות איז א זאך וואס מ'קען זען,

וואס אויף דער קול שטייט אז יהושע האט עס געהערט, משא"כ די מחולות שטייט "ויהי כאשר קרב אל המחנה - וירא את העגל ומחולות".

און אעפ"כ טייטשט דער מכילתא אז "מחולות" איז א מין כלי זמר - ווארום דער מכילתא טייטשט אז דאס גייט אויף א מין כלי זמר וואס מאכט טאנצן.

רש"י אבער לערנט ניט אזוי - און עס איז פארשטאנדיק אין פשוטו של מקרא: וואס דארף מען לערנען אז "מחולות" זיינען א מין כלי זמר, און זיי ווערן אנגערופן "מחולות" דערפאר וואס זיי מאכן טאנצן - מ'קען דאך לערנען אז "מחולות" ווערן אנגערופן די טענץ אליין.

וואס דערפאר, וויבאלד אז רש"י איז מפרש אז "מחולות" מיינט טענץ (און ניט א מין כלי זמר ווי דער מכילתא) - איז ער מפרש נאר אז "הוציאו תופים ממצרים", און ניט אויך מחולות ווי ס'שטייט אין מכילתא.

עה. און דאס וואס רש"י איז דאס ניט מפרש אז מחולות מיינט טענץ - ווארום ס'איז ניט ענינו פון רש"י צו אפטייטשן יעדער ווארט וואס שטייט אין לה"ק אויף לע"ז, און ווי מ'זעט אז אויך דער פריערדיקער מאל וואו ס'שטייט "מחולות", בא דעם חטא העגל - איז רש"י גארניט מפרש.

רש"י איז אבער מפרש די ווערטער "את התוף - כלי של מיני זמר", ווארום דער בן חמש האט שוין געלערנט וועגן כמה מיני כלי זמר אין בראשית און דארט שטייט ניט "תוף", און אויך נאכדעם האט ער ניט געלערנט וועגן אזא תוף - שרייבט דערפאר רש"י אז אויך "תוף" איז "כלי של מיני זמר", וכנ"ל.



<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

עו. דערנאך אויך "בתופים ובמחולות" איז רש"י מפרש "מובטחות היו צדקניות שבדור שהקדוש ברוך הוא עושה להם נסים הוציאו תופים ממצרים".

בא רש"י איז טאקע ניט קיין קשיא ווי אזוי ס'איז געקומען צו מרים א תוף בכלל, ווארום יעדער נארמאלער שטוב האט א תוף, וכנ"ל -

ס'ווערט אבער שווער: ס'שטייט אין פסוק "ותצאן כל הנשים אחרי' בתופים ובמחולות", אז אלע נשים זיינען ארויס נאך מרים "בתופים ובמחולות", און ס'איז פארשטאנדיק, אז אזוי ווי "ותצאן כל הנשים אחרי' .. במחולות", מיינט דאך אז אלע האבן געטאנצט - מיינט אויך דאס וואס, 'שטייט דערביי "בתופים" - אז אלע נשים זיינען ארויס מיט תופים -

ווערט די שאלה: פון וואנענט האבן אלע נשים געהאט תופים?

אין א שטוב איז טאקע דא א תוף - אבער נאר איין תוף, צי צוויי תופים - אבער ווי קומען תופים צו "כל הנשים"?

וואס סתם אזוי אז ס'שטייט "כל" איז לאו דוקא אז ס'מיינט ממש יעדערער, ווארום עס קען מיינען דער רוב, און די אנדערע זיינען מסכים, צי זיי זיינען נאר א מיעוטא -

אבער דא שטייט דאך "כל" צוזאמען מיט "מחולות", וואס בא מחולות איז דאך דער פשט אז אלע נשים ממש האבן געטאנצט, איז דאך דא דער פשט "כל" - ממש אלע -

איז בשעת ס'שטייט דא "ותצאן כל הנשים בתופים" מיינט עס ממש אלע נשים - ווערט די שאלה: ווי קומען תופים צו אלע נשים?

דערפאר איז רש"י מבאר אז "מובטחות היו צדקניות שבדור שהקב"ה עושה להם נסים והוציאו תופים ממצרים".

עז. די תופים וואס זיינען דא אין א שטוב נוצט מען אויך צו איינוויגן דעם קינד וואס מ'וויגט איין דעם קינד דורך זינגען צי דורך צוקלאפן אויפן תוף א לידל וואס איז מעורר צו תורה, כנ"ל,

וואס מיט דעם פארנעמט זיך אויך די בת, וואס "בת תחילה סימן יפה לבנים" דערפאר וואס זי איז מטפלת מיט אירע אינגערע ברידער און שוועסטער - וויגט זי זיי איין מיט אזא לידל,

און ניט זי גייט אוועק, צי זי מאכט איר "האמווערק" צי זי גייט קריגן א "דעגרי"צי - סתם האבן א "גוד טיים",

ווארום זי לערנט זיך פון דער מוטער: אז ס'קומט צו דעם.אז די מאמע זאל טאן אין פרו ורבו הויבט זי זיך אן מיט חשבונות: וואו וועט מען נעמען אויף פרנסה, מ'דארף דאך היטן די בריאות הגוף וכו',

איז במילא אויך די טאכטער - לערנט זי זיך פון דער מאמען און מאכט אויך אלע מיני חשבונות און וויל זיך ניט פארנעמען מיט אירע אינגערע ברידער און שוועסטער.

עח. דערצו קומט צו נאך א זאך: מען דארף דאך געבן געלט אויף "מכון חנה", און געבן געלט אויף צדקה - דארף מען געבן פון די אייגענע געלט, און ניט אנלייען זיך און געבן אויף צדקה, ווי ער זאגט אין ספר חסידים,

און אפילו אז מ'זאל יע אנלייען אויף געבן אויף צדקה - איז דאך "עבד לוה לאיש מלוה", דארף מען וואס פריער אפצאלן -

איז במילא גייט זיך אוועק די בת מאכן געלט, צי לערנען זיך ווי צו מאכן געלט, ווארום זי דארף דאך זיין א "קאריער וואומאן", און ווי מ'זאגט עס אויף רוסיש.

און אויך דאס לערנט זי זיך פון דער מוטער: די מוטער מאכט אויך די אלע חשבונות אז זי דארף האבן אויף פרנסה, און זי דארף זיין א "קאריער וואומאן",

און במילא צוליב איר שטעלע - דארף זי זיין אנגעטאן גוט, און אויסקוקן גוט, און מ'זאל אויף איר ניט זען אז זי האט אמאל חתונה געהאט, ועאכו"כ אז זי האט י"ב שבטים - דעמולט איז זי בכלל ניט פון עוה"ז!

און וויבאלד אז זי דארף זיין אנגעטאן גוט צוליב איר קאריערע און שטעלע - דארף זי נוצן כמה וכמה שעות אויף גיין "שאפינג" בכדי צו געפינען א קלייט וואו זיי האבן אזא מין קלייד וואס ס'האבן ניט קיינער פון "שכנתה ומגרת ביתה"!

עט. בנוגע צו פירוש רש"י אויף "בתופים ובמחולות":

דאס וואס רש"י איז מוסיף "מובטחות היו צדקניות שבדור" - איז דאס ע"ד פרש"י אויף "נח איש צדיק תמים הי' בדורותיו",

וואס רש"י איז מפרש אז "יש דורשין לשבח ויש דורשין לגנאי", וואס וויבאלד אז "יש דורשין לשבח" איז דער ערשטער פירוש, איז מובן אז דאס איז דער עיקר -

איז עד"ז דאס וואס רש"י זאגט דא "מובטחות היו צדקניות שבדור" מיינט ער צו מוסיף זיין בשבחם, אז הגם אז זיי זיינען געווען "צדקניות שבדור", פון יענעם דור און צייט - האבן זיי אעפ"כ ארויסגענומען תופים ממצרים.

די נשים זיינען דאך כמה זמן געווען אונטערגעדריקט אונטער פרעה, און דערנאך האט מען שוין געהאלטן בא ארויסגיין - איז "וגם צידה לא עשו להם",

וויבאלד אז ס'איז געווען "כי גורשו ממצרים" - האבן זיי ניט געהאט קיין צייט צו ארויסנעמען אפילו צידה - און אעפ"כ, אין דעם מעמד ומצב, "בדור" - "הוציאו תופים ממצרים"!

וואס מילא דאס וואס זיי האבן ארויסגענומען די כלי כסף און כלי זהב - האבן זיי דאך געהאט א ציווי אויף דעם, משא"כ אויף זאגן שירה בשעת ס'וועלן זיין נסים - האבן זיי ניט געהאט קיין ציווי אויף דעם,

אט דער ענין קענען זיי יוצא זיין פון די אנשים, ע"ד ווי מ'געפינט בכמה מקומות אז בא ברכת הגומל זיינען די נשים יוצא פון די אנשים,

און אעפ"כ, הגם זיי זיינען ניט געווען מצווה אויף דעם, און ס'איז געווען א מעמד ומצב וול ס'איז דעמולט געווען, און אעפ"כ "הוציאו תופים ממצרים"!

בנוגע צידה - איז דאס זיי גארניט געלעגן אין זינען; מ'דארף דאך האבן עסן אויף מארגן, און זיי זיינען דאך די עקרת הבית - וואס ליגט זיי יא אין זינען, זיי הערן נאר אז מ'דארף טאנצן און זאגן שירה - נעמען זיי דערפאר ארויס תופים ממצרים!

וואס בכדי צו מדגיש זיין אט דער שבח - איז רש"י מוסיף "מובטחות היו צדקניות שבדור", אז "בדור", אין דעם מעמד ומצב וואס ס'איז דעמולט געווען איז אויך געווען "הוציאו תופים ממצרים".

דאס וואס רש"י איז מעתיק פון פסוק אויך דעםווארט "ובמחולות", הגם אז ער איז נאר מפרש אז "הוציאו תופים ממצרים", און "מחולות" טייטשט ער אז ס'מיינט טענץ:

בשעת מען טאנצט, און דערצו קלאפט מען אין א תוף, אין א בארּאבאן - גיט עס צו אויך אין דעם טאנצן - קומט אויס, אז דאס וואס זיי האבן דעמולט געהאט סיי תופים און סיי מחולות בשלימות - איז דאס דערפאר וואס "מובטחות היו צדקניות שבדור שהקב"ה עושה להם נסים והוציאו תופים ממצרים"; וואס דערפאר איז רש"י מעתיק אויך דעם ווארט "ובמחולות".

וואס הגם אז מרים האט דאך שוין געהאט א תוף - אעפ"כ איז דאס ניט בדומה צו ווען ס'איז דא נאך תופים,

און הגם אז יעדע פרוי האט דאך געקענט הערן ווי איין פרוי וועט קלאפן אין תוף, און אויך דאס וואלט מוסיף געווען אין די מחולות, און ס'איז נאך מרים וואס קלאפט אין דעם תוף, וואס זי איז דאך געווען א נביאה - איז דאך פארשטאנדיק ווי איר קלאפן וואלט מעורר געווען אלעמען -

אעפ"כ איז דאס איננו בדומה צו ווען מען קלאפט אליין אין תוף בשעת'ן טאנצן; אליין קלאפן אין תוף איז מוסיף אסאך מער אין די שמחה און אין דעם טאנצן,

וואס אויך דערפאר איז "הוציאו תופים ממצרים",

פ. די הוראה מזה:

מ'קען טראכטן אז מ'וועט נתעורר ווערן דערפון וואס יענער וועט קלאפן אין תוף, ומה גם אז ס'איז מרים הנביאה וואס קלאפט אין תוף,

ע"ד ווי ס'איז שיטת פולין אז "צדיק באמונתו יחי' אל תקרי יחי' אלא יחַי'", אז דער צדיק "קלאפט אין תוף" און דורך דעם ווערן אלע נתעורר -

איז הגם אז דאס איז א שיטה - איז דאס אבער ניט שיטת חב"ד,

און ווי דער פתגם "פאן דא פאן נא ניע מאי, חלאפעץ דא חלאפעץ נא ניע טוואי",

וואס ס'איז געווען די מעשה מיט איינעם פון די חברים פון דעם אלטן רבי'ן, האט ער גערעדט מיט איינעם פון דעם אלטן רבי'נס תלמידים אז ער זאל ווערן פון זיינע מענטשן, און ער האט אים צוגעזאגט אלע ענינים נעלים: שיחת דקלים, און שיחת בהמות וכו',

האט ער אים געענטפערט: "פאן טא פאן נא ניע מאי", דער אדון איז אן אדון אבער ניט מיינער, "חלאפעץ טא חלאפעץ נא ניע טוואי", דער עבד איז אן עבד אבער ניט דיינער,

איז שיטת חב"ד אז "צדיק באמונתו יחי'", וואס "ועמך כולם צדיקים", אז יעדערער דארף אליין קלאפן אין זיין תוף, ווארום יעדערער דארף ארויסגיין פון זיין מצרים.

פא. וואס עד"ז איז געווען אויך בא מ"ת וואס שטייט אין פרשת יתרו וואס מ'גייט איצט לייענען וואס ס'איז דאך בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה" - אז הגם אז ס'איז געווען משה מחיצה לבדו וכו', איז אבער די עשרת הדברות האבן אלע אידן געהערט בשוה.

און עד"ז איז (כנ"ל) בא קריעת ים סוף, וואס זי איז א הכנה צו מ"ת, און

אין די צווי אופנים בדבר (ווי ער רעדט אין המשך וככה) צי מלמעלה למטה צי מלמטה למעלה,

וואס אויך קריעת ים סוף דארף מען דערמאנען יעדער טאג, ווי עס שטייט אין תוספתא -

איז אויך בא קריעת ים סוף געווען נוגע אז דוקא יעדערער זאל זיך אליין משתתף זיין.

פב. וואס דאס איז אויך דער ביאור אין דעם ענין אין זהר, אז כולהו משתכחי בקרא, אז ס'איז נוגע אז ס'זאל זיין דער גאנצער ציור קומה פון חג"ת און יסוד -

ווארום קריעת ים סוף, וואס זי איז א הכנה צו מתן תורה, איז זייענדיק אן ענין כללי - דארף דארטן זיין אלע ספירות דוקא, ע"ד ווי בא שירת הים איז געווען נוגע אז יעדערער זאל זיך משתתף זיין.

פג. און מ'קומט צו צו דעם ענין פון "ה' נסי", און ס'ווערט "לדור ודור נספר תהלתיך", וואס דאס איז בדוגמת די שירה,

וואס דער פירוש פון "לדור ודור" איז ע"ד דער פירוש וואס תושבע"פ איז מפרש אויף "מדור דור", אז דאס איז תלתא דרייא,

האט מען דעם ענין ווי דאס איז אין תושב"כ און אין תורה שבעל פה;

אבער דער ענין פון נס, "ה' נסי" איז אן ענין שלמעלה ממדידה והגבלה, דארף מען דערצו האבן דעם ענין פון מעשה, למטה מעשרה טפחים,

און אין אופן פון מיד, גייט מען בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו, וכספם וזהבם אתם, און "לא תשאר פרסה";

און מען גייט ארײן ווי א קהל, און מען קומט צו בנין בית המקדש, וואס ער קען זיין בלילה און אויך בשבת - ווארום ער איז בנוי ומשוכלל מלמעלה און מ'ווייזט דאס צו יעדן אידן,

און מ'דארף ניט קוקן אויפן זייגער ווארום ס'איז "מיד הן נגאלין",

ובשמחה ובטוב לבב.

* * *

**א.** ס'איז דאך א התוועדות פארבונדן מיט חמשה עשר בשבט.

וואס הויבט זיך שוין אן פון ביינאכט, ווי פארשטאנדיק אויכעט פון די מנהגים וואס דער אלטער רבי ברענגט אויך אראפ בסידורו, צו מ'דארף זאגן תחנון אין די מנחה שלפנ"ז, איז דאך דא אזוינע טעג וואס מ'זאגט יע תחנון, דערפאר וואס עיקר הענין (אדער כל הענין) הויבט זיך ערשט אן אויף מארגן אינדערפרי, משא"כ חמשה עשר בשבט וכו"כ ענינים הויבט זיך אן התחלת הענין (וואס דערפאר איז אויך פארבונדן דערמיט שלילת אמירת תחנון) אין דעם מנחה שלפנ"ז.

וואס אע"פ וואס זי איז אין דעם טאג שלפנ"ז - איז דאך שוין אין דעם מנחה, הויבט זיך אן די הכנה צו דעם יום שלאחריו, ביז וואנעט אז די הכנה אליין פועל'ט שוין אויף אז מ'זאגט ניט קיין תחנון.

און כמדובר כמ"פ אז דער ניט זאגן תחנון איז דאך זיכער א ענין למעליותא, ווערט דאך אין דערויף גלייך די שאלה: אמירת תחנון איז כדי ס'זאל זיין די סליחה ומחילה וכפרה ביז נעשה רצוי לפניו (ווי דער רמב"ם זאגט) נאכמערער ווי ס'איז געווען קודם החטא, - היינט וואס איז דא דער עילוי אז מ'זאגט אז ער איז זיך ניט מתוודה און ניט מבקש מחילה וסליחה וכפרה?

איז דאך דערפון גופא פארשטאנדיק אז קדושת היום וסגולת היום ופעולת היום, פארבייט דאס און טוט אויף אט דאס וואס ס'טוט אויף אמירת תחנון.

ואדרבה: ס'האט נאך אין זיך די הוספה מיטן עילוי, אז בשעת מ'טוט אויף דורך אמירת תחנון, איז אט דעמאלט היינגט זיך דאס אן לפי אמירתו, וואס די כוונה זיינע בזה איז, און אויף וויפל טיף זי איז, און אויף וויפל ברייט און לייגנג זי איז, ובפרטיות וכל הענינים שבדבר, ד.ה. דאס מעסט זיך אפ לויט זיין מדידה והגבלה וכוחות הנפש.

משא"כ אז דאס טוט זיך אויף מצד סגולת היום, און מצד עילוי ומעלת היום, וואס דאס איז געגעבן געווארן מלמעלה - פונקט אזוי ווי מ'זאגט ביי קדושת שבת ויו"ט ור"ח, עד"ז בנוגע צו שאר מועדים בישראל כולל חמשה עשר בשבט, איז דאך אטא דעמאלט טוט זיך אויף דער ענין לפי האופן וואס מ'האט דאס געגעבן מלמעלה.

און ס'איז דאך זיכער אז "מלמעלה" - איז הנותן בעין יפה נותן.

ועד"ז איז דאס בשוה אין די אלע ימים כיו"ב, אויסגערעכנט (כמדובר ומוזכר לעיל) אין סידור פון דעם אלטן רבי'ן, וואס ער האט ארייגעשטעלט אהינצו "דבר השוה לכל נפש".

- ובפרט נאך אז מ'קוקט נאך די מקורות, זעט מען אויף וויפל דאס איז שוה לכל נפש.

אין יעדער טאג פון די טעג און מועד פון די מועדים - דארף דאך זיין א דבר המיוחד, אז ס'איז דא ביי ט"ו בשבט וואס ס'איז ניטא אין שאר ימים אלו.

און וויבאלד אז דאס פועל'ט ביי יעדערן און ביי אלעמען, איז דאך פארשטאנדיק אז ס'דארף זיין א דבר המיוחד וואס דאס פארשטייט און ס'ווייס דערפון און מ'קען דאס געבן צו פארשטיין פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך".

וואס דאס איז דאך אויך ווי ס'שטייט כפשטות דער טעם אויף ט"ו כשבט, אז דאס איז **ראש השנה לאילנות.**

וואס עיקר הענינים פון דער גאנצער וועלט איז אין אה"ק, "ארץ אשר תמיד עיני ה"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה", וואס דערפאר איז אפילו ווען עס רעדט זיך וועגן אילנות, איז די גאנצע וועלט מיט אלע אירע אילנות הייבגט אפ אויף דערויף - בל' הגמ': מתמצית א"י שותה כל העולם כולו, הייבגט אפ ווי דאס קומט פאר מיט די אילנות אין אה"ק.

און אין אה"ק איז טבע האדמה און טבע הארץ און טבע האילנות אז דער שרף איז עולה באילנות, די לחלוחית און די לעבעדיקייט וואס ליגט אין די לחלוחית באנייט זיך אויף דער שנה חדשה אין א אופן אז ס'הויבט אן שוין זיין בגלוי -

די התחלה בזה איז ווי אלע ענינים (ווי גערעדט אמאל בארוכה) אין חודש תשרי, בסוכות, וואס דעמאלט איז דאך אויך דער ענין פון אילנות, די ד' מינים מיט די הושענות וכו'.

אבער דערנאך קומט דאס ארויס אין א אופן אז מ'זעט אז שרף איז עולה כאילנות אז אין די ביימער באווייזט זיך די פייכקייט, וואס אין די פייכקייט איז די לעבעדיקייט וואס די ארץ גיט אין דעם צומח - אין דעם אילן, אין א אופן אז נאך דעם ווינטערדיקן און דעם הפסק פון סתיו און חורף, זאל זיך דעמאלט אנהויבן די שנה חדשה לאילנות.

וואס דערנאך לאחרי משך זמן, קומט ארויס [דאס איז א אילן און א אילן כדרוש, וכדבעי, איז ער דאך עושה] פירות, איז לאחרי משך זמן איז פון דעם שרף וואס עלה באילנות בט"ו בשבט, איז דערנאך אין חדשים נאך דערויף [ווי די גמ' אין בכורות רעכנט אויס די פארשידנע זמנים, ווי מ'זעט דאס אויך בעיני כשר] וואקסט דערפון ארויס פירות כל אחד בזמנו.

וואס אט דא ווערט גלייך די שטורעמדיקע שאלה:

וויבאלד אז פארוואס איז מען חוגג אט דעם טאג, דערפאר וואס דעמאלט איז עולה שרף באילנות,

מיט וואס איז דער סדר, און מ'פארבינדט אט די חגיגה - מיט אכילת פירות פון די אילנות?!

וואס א אילן אליין איז מכריח אז ס'מוז נעמען זמן, און ס'מוז נעמען א זמן ארוך, וכמבואר בארוכה (און מ'זעט דאס אויך בפשטות) אז בשעת ס'רעדט זיך וועגן זריעה, וואס דאס איז פארבונדן מיט תבואה וכיו"ב קומט דאס ארויס במשך זמן לא ארוך, [נ"ב ימים וכו', ווי די גמ' רעכנט דארט אויס].

בשעת ס'רעדט זיך אבער וועגן נטיעה, וואס דער לשון נטיעה בל' הקודש איז דאס אילנות, דארף זיין גאר אסאך א גרעסערער זמן.

וכמבואר בארוכה אויך די ענינים אין חסידות, און ווי דאס איז אין עבודת האדם, ביז וואנעט אז מ'ברייבגט דארט די דוגמא אז א ענין פון א תמר (כתמר יפרח) געדויערט שבעים שנה [וועג דער תמר וואס דער פסוק רעדט דא, געדויערט שבעים שנה] פון התחלת הנטיעה ביז וואנעט ס'איז דא די פירות פון דעם תמר, וואס דערפאר פארבינדט מען דאס (כתמר יפרח) מיט שבעים שנה.

און אט דא זאגט מען אז בשעת מ'דארף אפצייכענען - און אפצייכענען דורך שלילת תחבון וואס דאס איז דאך א ענין של שלילה, און דערנאך אויך - והוא העיקר (וואס מעשה הוא העיקר) מיט מנהגי ישראל, וואס א מנהג ישראל תורה הוא.

ובפרט נאך אז ס׳איז דא אין כמה קהילות מנהגים אז ס׳איז דא א גאנצער סדר תיקון וואס מ׳זאגט עם בט"ו בשבט, אע"פ וואס אין חב"ד איז דאס ניט אנגענומען אבער א מנהג ביי כמה קהילות קדושות איז דאך אלו ואלו דברי אלקים חיים, איז אין חב"ד פארבינדט מען דאס מיט א לימוד בתורה, חזר׳ן א ווארט פון רבותינו נשיאינו אדער א ווארט פון די דורות שלפנ"ז - עכ"פ א ענין פון תושב"כ און תושבע"פ וואס זיי זיינען פארבונדן און האבן עפעס א שייכות צו דער יום האמור וענינו.

איז אויף דערויף קען מען געפינען א הסברה;

- אפי׳ לכאו׳ דער ענין איז ניט אזוי בגלוי שייכות [צו] עליית שרף באילנות.

- דער טעם אבער וואס שטייט בפירוש ובביאור פארוואס איז דאס דוקא בט"ו בשבט [ניט אט דעמאלט ווען ס׳וואקסט אויס די חטה ושעורה וגפן ותאנה ורימון און זית שמן ודבש] איז דאס דערפאר וואס יעלה שרף באילנות,

און דערפאר איז דא דער מנהג אז מ׳זאל מאכן א ברכה (והמשכה והשפעה) אין פירות פון די אילנות, ובמיוחד אזוינע אילנות וואס זיי האבן די פירות שנשתבחה בהם א"י.

וואס לכאו׳ איז דאס ניט נאר ניט פארשטאנדיק, נאר אדרבה, דאס איז גאר א סתירה:

אז מ׳זאגט אז דא איז א טאג ווען עולה שרף באילנות, איז אין דערויף שוין בכלל אז ס׳קען ניט זיין נאך קיין פירות, ווארום כדי די פירות זאלן זיין ווי ס׳דארף צו זיין דארף דאס נעמען א זמן ארוך, און אויב ס׳זאל-זיין בשלימות - **סוף גארניט** אז ס׳זאל זיין לפני זמנו,

ווי מ׳זעט דאס בפשטות, און דאס איז אויך נוגע אין כמה דינים בנוגע אנטקעגן תרומות ומעשרות וכיו"ב, דארף זיין דוקא אזא מין פרי וואס איז געווען אויפן אילן אדער אויפן גבעול - אויף דעם ארט וואו ס׳וואקסט די תבואה, איז געווען בזמן הצריך, און ניט ס׳איז אראפגעבלאזן געווארן אדער מ׳האט איר אפגעריסן קודם זמנה.

וואס נוסף אויף דערויף וואס דארף האבן א ביאור, איז אויך דארף מען גלייך צוזאמען מיט דערויף - (מיטן ביאור) האבן די הוראה אין דערויף (כתורת הבעש"ט הידועה); וואס איז די הוראה נוסף אויף כללות ההוראה פון ט"ו בשבט - אויך די הוראה דערפון וואס דאס איז א טאג וואס עולה שרף באילנות,

און דעם זעלבן טאג - איז מיט וואס צייכנט מען דאס אויס [אין א ענין וואס איז פארבונדן מיט אילנות], בשעת מ׳צייכנט דאס אויס מיט א ענין פון אמירה בתורה און לימוד התורה - איז דאך דאס סאקע מצד דערויף וואס "האדם עץ השדה" - דאס איז אבער ניט עליית שרף באילנות, וואס דאס איז דאך אין ענין יוצא מידי פשוטו - אן אילן גשמי.

מוז מען דאס אפצייכענען עכ"פ אין א אופן של מנהג בנוגע צו אכילת פירות ווי מנהג בני ובנות ישראל - צייכנט מען דאס אויס מיט אכילת פירות. וואס כמדובר איז דאס א הדגשה אז זרע וקציר וקיץ וחורף ויום ולילה לא ישבותו, איז דאס ארייננגעשטעלט געווארן פון דעם אויבערשטן אין די אילנות - אין דעם ארץ, כולל אויך ארץ הקדש ארץ אשר תמיד עיני ה"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה.

וואס אין דערויף איז דאך דא כמה ביאורים, [ווי אין יעדער ענין ברורה, ווי רש"י ברייננט אראפ "הלא כה דברי כאש וכפטיש יפוצץ סלע" (אט דאס : דאס די גמ׳

דאגט) אז פ.ך איין ענין אין תורה ווערט פון דעם כו"כ טעמים און ניצוצות וחלקים ופירושים] און איינע פון די ביאורים בזה איז:

אז אט דא באווייזט מען דעם אילן און מ'באווייזט זיך אליין, וואס איז די וויכטיקייט און דער עילוי און די שלימות וואס איז אין עם דא בכח.

אמת טאקע דאס איז מערניט ווי בכח, די כוונה איז דאך אבער מ'זאל זיך מטפל זיין מיטן אילן, און ער זאל האבן די אלע מלאכות הדרושות וואס דאס איז פארבונדן מיט טירחא,

און אויב ס'רעדט זיך נאך וועגן א אילן ניט וועגן א שיבולת פון חיטה ושעורה - איז (כאמור לעיל) די טירחא נאך א גרעסערע.

ביז וואנעט אז ס'קען זיין א טירחא אז מ'דארף אפהיטן א אילן שבעים שנה ביז וואנעט מ'וועט זען די פירות.

און כידוע דער סיפור במיוחד מיט חוני המעגל.

הויבט אן א מענטש ביי זיך טראכטן:

צום אלעם ערשטן דארף ער ארייגלייגן טירחא, און ארייגלייגן צייט, און ארייגלייגן יגיעה, און דאס דארף עם אפרייסן זויבאלד דאס דארף זיין באמונה וואס יעדער מענטש איז דאך אדם לעמל יולד, דארף ער דאך דעם עמל טאן בנוסח הידוע: נשאת ונתת באמונה (משאו ומתנו באמונה), במילא לייגט ער זיך אין דעם,

ביז ווי מ'זאגט אז "עד מתי ישבע לחם", אז ווען איז דא דער "ישבע לחם" און מאכט ברכת המזון און ברכה ראשונה וכיו"ב, אויב ער איז עובד אדמתו אין א אופן פון עבודה.

און נאכמערער: אז מ'זאגט אז אפילו א מלך איז אויך לשדה נעבד.

אלץ אין א אופן של עבודה - ווערט דאך ביי עם א תמי', און ס'קען ווערן א רפיון ידים: אדער ער וועט זיך איינגאנצן דערפון אפטרייסלן, טראכטנדיק ביי זיך וואס דערוואַרטעט מען פון עם, אז צום אלעם ערשטן זאל ער ארייגלייגן א גרעין, און כדי צו באקומען א גרעין טוב דארף דאס עם קאסטן חיפוש און געלט וכו', ווארום איין גרעין איז ניט מספיק, און ווי מ'זעט בפשטות אז מ'שיט אסאך און א טייל פון זיי ווערט נקלט בארץ.

און דערנאך זאגט מען אים: אז ער דארף גיין און משגיח זיין און מסקל זיין את השדה פון ענינים בלתי רצויים, און צושטעלן אין שדה די ענינים הדרושים. און באהיטן דאס פון חיות השדה און עוף השמים זי זאלן ניט אויפעסן די גרעינים מיט די שבלים מיט דעם אילן, מזיק זיין, כמבואר ומדובר אין מסכתות פון סדר זרעים בתורה, און דערנאך ווי די ענינים שטייען בפשטות אין עוה"ז הגשמי למטה מעשרה טפחים.

- זאגט מען אים אז בשעת ס'האט ערשט אנגעהויבן עלית שרף באילנות, זאל ער וויסן זיין וואס מ'גיט אים בכח.

און דאס דארף אים דערנעמען, ער זאל טאן באמונה את התלוי בו והמוטל עליו, ברייגנט מען אים אט די פירות, וואס בשעת ער וועט זיך פירן ווי ס'דארף צו זיין, וועט אט דעד אילן אדער דער אילן כיוצא בו, ארויסגעבן אט די און די פירות, וואס ער מאכט אויף זיי א ברכה ומשבח הקב"ה וואס ער האט אים געגעבן אזא מין גוטע זאך וואס ראוי לברך את בורא העולם ומנהיגו, פאר יעדער פרי לפי ענינו.

עאכו"כ די פירות שנשתבחה בהם א"י.

וואס אין דערויף ליגט דאך א מורא'דיקער אויפטו:

מ'זאגט אז ארץ ישראל איז ארץ אשר תמיד עיני ה"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה, איז וואס דארף מען האבן נאך א גרעסערער שבח?!

זאגט מען: ניין! ס'איז נאך א גרעסערער שבח, וואס דער שבח איז, ארץחטה ושעורה וגפן ותאנה ורמון ארץ זית שמן ודבש, וואס דאס איז נוסף אויף דער שבח וואס א"י האט לפנ"ז וואס תמיד עיני ה"א בה.

און מ'זאגט אים אז ס'קומט ט"ו בשבט, און ער דארף דעמאלט מחליט זיין, און אויסשטעלן פאר זיך א סדר הנהגה ועבודה ווי ער זאל זיך פירן מיט די אילנות.

איז בשעת ער וועט זען דער בוים ווי ער ווערט געזען אויך בעיני בשר, אן קליינע ביאורים בזה, און האט נאר דעם ביאור אז עלה שרף באילנות, - ענטפערט ער כמה הרפתקאות ביז מ'וועט צו קומען עד נהר גיחון.

דערווייל איז עלה שרף באילנות, און דערנאך דארף דורכגיין אזויפיל און אזויפיל טעג און וואכן און חדשים, און דערווייל איז דא רוחות, און דערנאך איז דא גשמים, און דערנאך איז דא פארשידענע - ערליי זאכן, און דערנאך קומען נאך צוגיין עוף השמים און חית השדה און ווילן ארייננכאפן אט די גרעינים וואס ער האט איינגעזייט, זורע געווען אדער נוטע געווען,

און דערנאך אז דער אילן הויבט שוין אן באווייזן אויף אים די התחלה פון די פירות, ווילן זיי גלייך צוכאפן פון די פירות פאר זיך, און ניט לאזן זיי זאלן נגמר ווערן כדי בישולו, וואס דעמאלט איז ער מחוייב ווארום ער ווערט שוין א כלי טוב אויף המשכת וברכת ה', אנהויבנדיק פון מקיים זיין מיט דער פרי די מצוות ה', צי דאס איז תרומה צי מעשרות, צי מה"ת אדער מדרבנן וואס חביבין עלי ד"ס יותר מד"ת וכיו"ב.

איז דערווייל דארף ער אפגעבן זיינע טעג און נעכט און זאגן א קאפיטל תהילים אז ס'זאל זיין רעגן בזמנו, און שלא בזמנו זאל ניט זיין קיין רעגן, און זאל זיין רוחים טובים און טללים טובים מיט די אלע ענינים, ביז וואנעט וואס דער עובד אדמתו איז עובד ומצליח און זעט פרי טוב בעמלו.

באווייזט מען אים גלייך אז אט האסטו און דו זעסט בעיני בשר, און נאכמערער: דו מאכסט אויף דערויף גלייך א ברכה לבורא עולם ומנהיגו, און דערנאך פילסטו אין דערויף דעם טעם, ניט ח"ו א זולל וסובא - נאר אלס מקיים מנהג ישראל וואס תורה היא, ובפרט אין א יום סגולה, ובפרט אז דאס איז פארבונדן מיט א מקום סגולה - מקום תפלה ותורה.

וואס אט דאס גיט אים - וויבאלד אז ער מאכט א ברכה, און מאכט א ברכה ע"פ ציווי תורת אמת וואס זי איז אויך תורת חיים א הוראה בחיים, און זי גיט ארויס דעם אמת פון יעדער זאך.

גיט זי אויך ארויס דעם אמת פון ט"ו בשבט, אז בכח איז דארט ארייננגעגעבן געווארן די אלע ענינים ביז דעם פועל, בתכלית השלימות,

ואדרבה: ווי אזוי קען ער קומען צו פועל בתכלית השלימות, בשעת ער הויבט אן דערמיט וואס ער האט די ענינים בכח, און דערנאך דורך ה' אלקיך הוא הנותן לך כח לעשות חיל, איז ער זיך משתדל און עובד אדמתו, ביז וואנעט ס'ווערט "ישבע לחם".

וואס "לחם" איז דאך אויך כולל אין דעם סיי שדה און סיי כרם, כולל במיוחד די אלע שבעה מינים שנשתבחה בהם א"י.

וואס דערפון נעמען זיך די ענינים שבכל העולם כולו כמדובר לעיל.

וואס אט דעמאלט, אז דער בכח האט ער שוין ביי זיך, און ער דארף ניט האבן קיין התבוננות עמוקה און הערן פון א צווייטן, וואס וועט זיין דערפון, ווארום ער שטעלט דאס אוועק אויפן טיש, און מ'זאגט אים כזה ראה און בענטש דעם אויבערשטן!

מיט אלע פירושים וואס איז דא אין ברכת הפירות כמבואר אין ביאורי זהר, און זהר אין עקב ובכ"מ, ובמיוחד ווי דער פירוש המילות איז כפשוטו: אז מ'בענטשט דעם אויבערשטן, און מ'בענטשט אים אויף אן איילן און איינציקע פרי, און דערביי זאגט מען אז דאס איז פארבונדן אז דער אויבערשטער איז מלך העולם - ער איז דער(א) וואס האט באשאפן און פירט אן די גאנצע וועלט.

פארוואס דערמאנט ער דאס, און דערמאנט דאס ע"פ הציווי, און דערמאנט דאס באמיתית - דערפאר וואס אזוי ווי ער דארף נהנה זיין פון א פרי אחת, זאגט אים אן תורת אמת אז ער דארף זיך דערמאנען אז ס'איז דא דער אויבערשטער, וואס דער אויבערשטער איז אלקינו, און ער איז מלך העולם - די גאנצע וועלט, וואס דאס איז כולל כל סדר ההשתלשלות.

און דערנאך זאגט ער "בורא פרי העץ", אז אין דעם גאנצן סדר השתלשלות האט דער אויבערשטער אויך געוואלט און האט באשאפן א פרי פון א אילן, און ערשט דערנאך מוז ער עסן א - ניט קען ער די ברכה ניט מאכן,

ווערט דערנאך א מצוה זיין עסן די פרי, און אויב ער עסט נאך כשיעור איז דערנאך נאך אויך דא די ברכה לאחרי'.

וואס דאס איז אויך די הוראה אין עבודת ה':

אז בשעת מ'קומט צוגיין צו א אידן וואס ער האט ערשט אויפגעשטאנען פון שלאף, פון שלאף כפשוטו, בבקר, נאך אידער ער קען זאגן איינע פון די שבעה שמות, און דערפאר זאגט ער "מודה אני", וואס דארט איז קיין שם ניט דערמאנט, איז שוין דעמאלט זאגט ער "מודה אני לפניך" - און נעמט אויף זיך אן בקב"ע, ווי דער אלטער רבי ברייננגט אין התחלת שו"ע שלו (און אויך אראפגעבראכט אין שו"ע פון ב"ל, און ווי דער אלטער רבי ברייננגט אויך אראפ בסידורו) אז ער איז זיך גלייך מתבונן אז ער געפינט זיך און ער ליגט לפני ממה"מ הקב"ה.

וואס דאס איז אים מעורר, אז גלייך זאל ער אויפשטיין משינתו וממיטתו, און זאל אנהויבן מיט עבודת ה' מחיל אל חיל, מן הקל אל הכבד, שוין אין דער מצב נאך אידער ער זאגט איינע פון די שבעה שמות, און דערנאך הויבט ער אן מיטן גאנצן סדר היום שלאח"ז, ובכללות - בביהכ"נ, ומביהכ"נ לביהמ"ד, און דערנאך "הנהג בהם מנהג דרך ארץ".

פרעגט זיך ביי אים די שאלה (ובפרט אז ס'מישט זיך דערנאך דער "קלוגינקער"):

ער האט זיך ערשט אויפגעכאפט פון שלאף, איז אט דעמאלט וויל ער ליגן נאך אביסל מיט די אלע ענינים ווי מבואר בקיצור נמרץ אין שו"ע און אין סידור, וואס דערפאר דארף מען אנקומען צו דעם "שויתי ה' לנגדי", כדי אויף צו מבטל זיין אט די טענות, מיט די איינרעדעניש, וואס אמת טאקע - זיי קומען פון דעם חלל השמאלי און פון דעם מלך כסיל, ער טוט זיך אבער אן אין לבושים פון הנחש הי' ערום.

און גיט גאר צו פארשטיין אז ער איז גאר דער קליגסטער פון אלע חיות הארץ און בהמת הארץ און כולל אויך דעם מין המדבר, און ברייננגט א ראי' פון תורה! אזוי איז געווען מיט'ן ערשטן נחש!

וואס ער האט זיי ניט געזאגט קיין ליגן, ווארום א ניט וואלטן זיי אים געענטפערט: דו זאגסט א ליגן, און וואס איז דערנאך געווארן, ער האט געזאגט (כאילו) אן אמת, און דערנאך איז געווארן לכל הדורות כולם.

און אט דאס איז די הוראה בזה:

אז גלייך ווי ער כאפט זיך אויף פון שלאף, דערזעט ער דעם אויבערשטן מיטן גאנצן שטורעם, און ווייס אז דאס איז מיט אים.

און אן וואס היינגט דאס אפ אז דאס זאל זיין בגלוי "ונגלה כבוד ה'", איז דאס דורך דערויף ע"י מעשינו ועבודתינו, און דאס איז ניט קיין ענין פון קדירא דבי שותפי, דאס מיינט מען אים אליין - מודה אני לפניך - לשון יחיד! החזרת בי נשמתי - לשון יחיד!

וואס אט דאס גיט אים דעם גאנצן שטורעם אין עבודתו במשך כל היום כולו, אנהויבנדיק פון דעם ערשטן רגע וואס ער האט זיך אויפגעכאפט נאך איידער ער זאגט מודה אני, דורך דערויף וואס ביי אים איז דא דער "שויתי".

דערנאך ווערט דאך די שאלה:

דאס איז דאך אין התחלת היום, איז וואס איז שוין אין התחלת היום דארף ער שטיין מיט א זריזות, און לא השחר מעיר אותי נאר אני מעיר את השחר (ווי געבראכט אין שו"ע און אין ט"ז און ראשונים און אחרונים וכו'),

ובפרט נאך ע"פ ביאור פון תורת החסידות, אז דאס וואס ווען ער האט זיך אויפגעכאפט איז ער געלעגן אין **דעם** ווינקל פון דעם בעט אדער אין דער צווייטער ווינקל פון דער בעט, איז דאס השגח"פ פון אדם קדמון שלמעלה!

ניט ער האט עפעס א מושג - בפרט נאך איידער ער וואשט אפ נעגל וואסער - וואס איז דאס אדם קדמון, אדער וואס איז דאס בכלל די הבנה והסברה צו האט ער זיך אויפגעכאפט אין דער צד פון דער מיטה צו דער צווייטער צד פון דער מיטה, איז דאס בהשגח"פ מכ"ש וק"ו וואס ס'טוט זיך מיט א עלה נידף ווי אזוי ער קערט זיך איבער מצד אל צד!

אמת טאקע - טענה'ט ער - בשעת במשך היום, דערנאך וועט ער דאווענען און בעטן דעם אויבערשטן הצלחה אין חכמה בינה ודעת - אין זיין שכל, און דערנאך וועט ער לערנען די ענינים אין תורה, ביז וואנעט אז ס'וועט ווערן ווי ער זאגט אין תניא פרק ה' - זיין מציאות אליין, אז ער מיט די הבנה והסברה מיטן שכל ווערט דאס איין זאך אין א אופן פון יחוד נפלא,

איז אט דעמאלט גלויבט ער אז ער וועט זיכער קומען וויבאלד ער האט אויסגעבעטן חננו מאתך חכמה בינה ודעת האט דער אויבערשטער אים נאכגעגעבן, וועט ער דעמאלט קומען לידי החלטה אז לאחרי התפלה דארף ער טאן די נעיכים בזריזות. ענינים

אבער גלייך ערשט אויפגעכאפט זיך פון שלאף, איז גלייך דארף ביי אים ווערן אני מעיר את השחר, און ניט מ'זאגט דאס אז דאס זאל בלייבן ביי אים במחשבה, נאר דאס זאל דורכנעמען זיין שלאפנדיקן גוף, אז דער גוף וואס האט זיך ערשט אויפגעכאפט פון דעם שלאף, זאל זיך מתנהג זיין בזריזות הכי אפשרית?!

איז אט דאס זאגט מען אים - און דא האט ער די הוראה פון חמשה עשר בשבט:

ווארום "האדם עץ השדה" - און פארוואס איז דאס דא אין עץ השדה, דערפאר וואס דאס איז פריער דא אין דעם האדם, און דערנאך אז דער אדם וועט דארפן עובד זיין עבודתו, וועט ער לויט תורת הבעש"ט זיך אפלערנען פון ד,ם עץ השדה, ווי אזוי ער דארף זיך פירן אין זיין וואקסן, וואס ער איז דאך א מהלך און א צומח במכ"ש וואס ער איז א מדבר, איז ער דאך זיכער א חי, און נאכמער זיכערער א צומח, מיט די מעלות וואס דומם האט אין זיך, קב"ע וכיו"ב,

ווי אזוי זעט ער - האט אים דער אויבערשטער באווויזן בעולמו א מוסר השכל, און ניט א מוסר השכל דרך גזירה בעלמא, נאר מ'גיט אים גלייך די הסברה, ווי דער רמב"ם זאגט אז מתחילה איז מען זיך עוסק שלא לשמה ווארום ער וועט עסן די פירות - עובד אדמתו ישבע לחם, ביז וואנעט אז דורך דעם עסן באופן כך איז מתוך שלא לשמה - פון דעם "תוך" פון עסן, וועט ער קומען צו די עבודה לשמה.

און מ'באוויזט אים - נעם אפ א מכ"ש וק"ו וואס ס'טוט זיך אפ מיט א אילן:

אט דאס וואס דו עסט היינט די פרי, איז דאס דערפאר וואס חמשה עשר בשבט שבשנה שלפ"ז אדער בשתי שנים שלפנ"ז אדער ביי א בתר ג' שנים לפנ"ז, אדער ביי א תמר שבעים שנה לפנ"ז, האט ער זיך דעמאלט געפירט מיטן גאנצן שטורעם אויף ארויסנעמען די ענינים מן הכח אל הפועל, ווייסנדיק אז די פירות פון דעם תמר וועט ער האבן אין זיבעציק יאר ארום, אדער ס'וועט האבן ווי די מעשה פון חוני המעגל, וועט דאס האבן א צווייטער ענין.

און ער זעט דאס בעיני בשר, אז דאס איז ניט א אויסנאם אזוי ווי ס'איז דא א אילן וואס ער איז יחידי סגולה, און א אילן מיוחד - אזוי איז איינגעשטעלט דער טבע פון עוה"ז הגשמי והחומרי.

איז תורה אים מבאר אז כדי דער אדם וואס ער האט אין זיך אויך דעם ענין פון "עץ השדה" - זאל אים דער חומריות העולם און גשמיות העולם לערנען אט דעם ענין וואס איז נוגע בכל יום ויום בהתחלת עבודתו, איז גלייך ווי ער וועט זיך אויפכאפן, דארף ער וויסן זיין אז ער האט א גאנצער טאג פאר זיך, און דער טאג איז כל יומא ויומא עביד עבידתי', און כדי ס'זאל זיין עביד עבידתי' במשך כל היום כולו, דארף מען האבן אז ביי התחלת היום, האט מען אים שוין אלע ענינים אפגעגעבן בכח, און מ'האט אים איבערגעגעבן דעם זכות מיטן כח, און מיטן ברכת ה' אז ער זאל ארויסנעמען מן הכח אל הפועל, ובשמחה ובטוב לבב, און אין א אופן וואס ברכת ה', היא תעשיר, ניט נאר "די מחסורו אשר יחסר לו" וואס דאס איז "חטה ושעורה" נאר אויך די אנדערע פינף מינים וואס כללותם איז דאך אז זיי גיבן אויך די עניני תענוג, כמבואר בארוכה בכ"מ, און אויך בפשטות ווי אראפגעבראכט אין חסידות פון טור אין פירוש הברכה פון בורא נפשות רבות וחסרונן, און אויך להחיות בהם, די ענינים וואס זיי זיינען מוכרח, און אויך "להחיות בהם נפש כל חי" די ענינים של תענוג,

און וואס איז פארבונדן במיוחד מיט חמשה עשר בשבט, אז מ'זאגט אים בפירוש אז דאס וועט זיין אין א אופן פון **תעשיר!**

ווארום ניט דער מנהג ישראל אז מ'פראוועט די מנהגים ט"ו בשבט דורך עסן חטה ושעורה, נאר אפגעבאקט אין לחם ופת, נאר דער מנהג באשטייט אין דערויף אז פון די שבעה מינים שנשתבחה בהם א"י זאל מען עסן פירות וואס זיי פארשאפן להחיות בהם נפש כל חי, דער ענין פון תענוג, דער ענין פון היא תעשיר.

ויה"ר אז יעדערער זאל זיך מתבונן זיין לפום שיעורא דילי' אין די הוראה ברורה וואס מ'נעמט ארויס בט"ו בשבט, און ניט אין א אופן אז דאס בלייבט בחכמה

ובבינה ובדעת, נאר אויך ווי ס'קומט דערנאך אראפ בהרגש שבלב, און דערנאך דער עיקר ווי דאס קומט אראפ במעשה בפועל.

וכאמור לעיל אמת טאקע חמשה עשר בשבט איז איינמאל א יאר, די הוראה ברורה בזה איז אבער נוגע צו כל יומא ויומא ווען ס'כאפט זיך אויף דער האדם עץ השדה משלנתו, בדוגמא ווי דער אילן עץ השדה כאפט זיך אויף פון דער שינה וואס איז פארבונדן מיט ימי החורף.

און ס'הויבט זיך אן דער "אביב" און דערנאך דער "קיץ" און דערנאך דער ענין פון "תקופת תמוז", אז שמש ומגן ה' אלקים, איז ביי אים מאיר מיטן גאנצן תוקף.

און מ'ברייגנט אראפ ווי מ'זאגט בנוגע צו לע"ל אין דעם שמש ומגן, אז לע"ל הקב"ה מוציא חמה מנרתקה וצדיקים מתרפאים וואס כל ישראל ועמך כולם צדיקים.

אז מ'ווערט אויסגעהיילט נאך אין די לעצטע טעג פון גלות פון די ניט געזונטקייט וואס האט זיך צוגעקלעפט ע"י הגלות, און פון די ניט געזונטקייט וואס מ'האט פון חולי זה היצר, און פון די ניט געזונטקייט בדקות, ווי געבראכט אין מאמרי רבותינו נשיאינו פון כתבי האריז"ל אז חולה איז בגימטריא מ"ט, ווארום א איד אז ער האט מערניט ווי מ"ט שערי בינה און אים פעלט דעם שער החמישים, און ער שרייט וואס האט מען צו אים - אויף משה רבינו זאגט מען אויך אז מ'האט אים געגעבן נ' שערי בינה איז דא בעולם, ותחסרהו מעט מאלקים - האט מען אים געגעבן מערניט ווי מ"ט! זאגט דער אריז"ל און דער רבי נ"ע און דער נשיא דורינו דער רבי דער שווער זיינען דערנאך מעתיק דעם מאמר מיט הסברה בדבר אז חולה בגימטריא מ"ט, ווארום א איד דארף זיין חולת אהבה אני - ער האט די גאנצע השגה והבנה פון מ"ט שערי בינה, ואדרבה: דורך דעם ווערט ביי אים מיטן גאנצן שטורעם דער חולת אהבה - ווען וועט ער שוין באקומען דער שער החמישים!

דער דבר השוה לכל נפש כאמור לעיל, איז בפשטות:

אז בשעת מ'גייט צו - לאו דוקא איז אנהויבס טאג, אין מיטן טאג אין מיטן נאכט אין אנהויבס נאכט ווען ס'זאל ניט זיין, און מ'זעט עפעס א נעיין בחלקו בעולם, צי דאס איז א פרי, צי דאס איז - להבדיל - א צווייטער איד, אדער ער גיט א קוק אויף זיך אליין,

דארף ער וויסן זיין אז אדם לעמל יולד!

אט דאס וואס מ'האט אים באוויזן אט די פרי, וואס מ'האט אים באוויזן א צווייטן אידן, וואס מ'האט אים באוויזן זיך אליין איז דאס ניט מערניט ער זאל זען ברוך שככה לו בעולמו -

מ'האט דאס אים באוויזן כדי ער זאל דערמיט מקיים זיין דעם אני נבראתי לשמש את קוני, און נאך מערער: אני **לא** נבראתי **אלא** לשמש את קוני.

און אזוי ווי ער זאגט אין דעם מאמר פון יום ההילולא, אז אין אדם יודע עיתיו און ח"ו אויף צו אפלייגן אויף שפעטער, ניט ח"ו מצד די ענינים מבהילים, נאר מצד דערויף וואס שפעטער איז יעדער רגע האט זיך איר עבודה.

פונקט אזוי ווי מ'זאגט כל **יומא** ויומא עביד עבידתי' אין דעם טאג גופא, איז כל שעה האט דאך איר צירוף מיט איר עבודה גופא, און אין יעדער שעה איז "המחדש בטובו בכל יום תמיד מעשה בראשית" - בכל רגע מאפס ואין האט זיך די עבודה פון דעם רגע! איז וואס הייסט ער וועט אפלייגן שפעטער - דין שיפקיע את עצמו! אז ס'וועט קומען דער רגע שלאח"ז איז הלוואי זאל ער דעמאלט אפטאן די עבודה וואס איז פארבונדן מיטן צווייטן רגע.

ובפרט נאך אז אין אדם יודע עיתיו ורגעיו, קען זיין אז דערווייללע גיט מען אים דעם צווייטן אידן ער זאל מציל זיין אדער מעלה זיין מחיל אל חיל, און דערנאך וועט דער איד אוועקגיין צו א צווייטן און יענער וועט אים מעלה זיין מחיל אל חיל.

ווארום ס'איז דאך הרבה שלוחים למקום.

איז אט אזוי ווי בתחילת היום איז דאס אין א אופן כללי אזוי איז דאס במשך כל היום כולו אין א אופן פרטי ומיוחד, אבער דער צד השוה שבשניהם אז יעדער רגע האט יעדער איד בכח עניני׳ם נפלאים, און ס'איז איינגאנצן בכוחו ארויסנעמען ווי די ענינים נפלאים שטייען בכח, און ער זאל זיי ארויסברייננגען בפועל און זאל ברייננגען אין זיין חיים און אין זיין חלקו בעולם און אין דעם מאורע פרטי דעם ענין פון ונגלה כבוד ה'.

און דערנאך לייגן זיך צוזאמען כו"כ ווערט דאס אין א אופן כללי אז ונגלה כבוד ה' וראו כל בשר יחדיו - גילוי - ביז וואנעט מ'זעט דאס בראי' מוחשית, ווי ער איז מבאר אין תניא, און זאגט אז כבר הי' מעין זה לעולמים, וואס דאס איז געווען במ"ת וואס מ'געפינט זיך איצטער אין דער וואך פון פ' יתרו, אין דער וואך פון מ"ת! וואס דאס איז נאכמער מחזק אויף צו לעבן מיט אט דעם ענין, און לעבן היינט דאס, ניט אז ער שלאפט אדער ער דרעמלט וכיו"ב, חיים אמיתיים איז, אז ער נוצט אויס אלע זיינע כוחות בתכלית השלימות.

וואס דאס איז אויך דער ענין מיוחד וואס דאס האט א שייכות צו פ' יתרו, וואס דאס איז דאך די פ' פון מ"ת:

און אין א אופן ווי מ'האט דעמאלט געזאגט, און ווי חז"ל זיינען מבאר, אז דאס האט אויפגעטאן אין דער גאנצער וועלט אז שור לא געה וצפור לא צפצף, און פון אלע זייטן איז געגאנגען דער קול אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך מאמ"צ און דאס האבן געהערט דער צפור און דער דומם און צומח און חי און מדבר שבכל העולם כולו, וואס האבן זיי געהערט - ווענן דעם אויבערשטן, און ווענן א אידן, און ווי אזוי א איד געפינט זיך אין א בירא עמיקתא, און דער אויבערשטער האט אים **שוין** ארויסגענומען מאמ"צ.

ויהי"ר כמדובר, אז דאס זאל ארויס בפועל בנוגע ווי דאס שטייט (די ענינים) אין מחשבה ודיבור, וואס דאס איז נאך אבער אלץ **בכח** לגבי דער תכלית שבזה, אז ס'זאל זיין בפועל ממש אין א אופן של פעולה ועשי'.

און מתוך שמחה וטוב לבב, וואס דעמאלט איז דאס אין א אופן פון אתה מחוייב לעשרו.

און גלייך מקבל זיין פני משיח צדקנו מיט עשירות אמיתית ברוחניות, במילא וועט דאס אויך מיטנעמען דער וינצלו את מצרים (עשירות) אויך בגשמיות, ובמהרה בימינו ממש.

ב. אזוי ווי האמור לעיל איז דאס בשעת ס'ווערט געבארן דער ערשטער פרי, וואס דאס הויבט זיך אן ווען יעלה הלחלוחית (שרף) באילנות, וואס דעמאלט הויבט זיך אן די התחלה אז דערנאך ווערט דערפון א פרי,

עד"ז בכל יום ויום איז דורך דערויף וואס ער שטייט אויף פון שלאף כדבעי, מיטן זאגן דעם "מודה אני" און וואשן נעגל וואסער קודם הליכה ד' אמות און דערנאך זאגן ברכות השחר מיט די גאנצע הנהגה שלאח"ז, וואס דאס איז אויך א הקדמה כללית און הכנה כללית אויף די אלע צען ענינים וואס ער טוט במשך היום ווי דער רמב"ם רעכנט זיי אויס כמדובר כמ"פ, באכילתו ובשתיתו וכו' אין וועלכן ס'צייכנט זיך אויס א חכם משאר העם.

וואס אויף יעדער אידן איז דאך געזאגט געווארן אז "רק עם חכם ונבון הגוי הגדול הזה".

עד"ז איז דאך כאמור, איז דאס ביי יעדער עשי', וואס יעדער פעולה וואס א בר שכל טוט האט זיך אין דערויף א גאנצן סדר השתלשלות ווי דער מיטעלער רבי ברייננגט דאס אראפ אין דרושי נים,]

וואס דארט איז ער מבאר באריכה אז כדי א מענטש זאל טאן עפעס וואס א פעולה, הויבט זיך אן די התחלה מיט א סדר השתלשלות פון זיין פנימיות התענוג ביז וואנעט דאס קומט אראפ אין כח העשי' שביד און ווי ער רעכנט דארט אויס בפרטיות די אלע דרגות.

וואס ער רעדט דארטן וועגן א פעולה הכי גדולה אין דעם נמשל, אבער דער משל איז פון א פעולה כפשוטה, און פון א בן אדם כפשוטו, ווי דער אויבערשטער האט דאס אזוי איינגעשטעלט,

וואס אין דערויף איז דא וואס מ'איז מדגיש וואס דער מגיד האט דערקענט כח הפועל בנפעל, וואס דאס איז א דרגא פון דעם מגיד, איז ניט דער פירוש אז ביי אנדערע איז די מציאות ניט אזוי - ביי אנדערע איז ניטא די הכרה, אבער בשעת זיי האבן צוטאן און זיי זעהן עפעס א דבר הנפעל אדער א כלי איז דאס אויך אין דער כלי דא דער כח הפועל, כח האומן,

און ניט נאר סתם דארט, נאר ס'איז אויך מכיר די ער זעט מיט ביידע אויגן, אדער ח"ו מערניט ווי איינע כידוע דער סיפור בזה, ס'איז מערניט וואס דער חילוק איז אין דער גברא וואס קוקט אויף דער כלי, אבער די כלי איז די זעלבע, נאר אז ס'קוקט אט דער וואס ער איז א פיקח און עיניו פקוחות איז אט דעמאלט זעט ער דער כח האומן בהכלי כפשוטו, וואס דאס איז פארבונדן מיט זען.

ומכ"ש וקי"ו דעם כח הפועל של כל הפעולות פון כל העולם כולו כפשוטו וואס דא רעדט זיך וועגן דער דרגא פון אלקות אויף וועלכע מ'זאגט דער ענין פון כח הפועל וואס דאס איז מער בהעלם והסתר אפילו פון ענין העשי'.

וואס דאס איז דאך אויך די דרגא הכי תחתונה ווי דער אלטער רבי איז מבאר דער לשון "כולם בחכמה עשית" אז דאס איז גענומען מן הקצה אל הקצה, און דער קצה הכי תחתון איז דאס "עשית" וואס בכלל איז דאס אויך כולל אין זיך זיין עשי' און זיין פעולה.

וואס אין אט די אלע ענינים איז כמדובר לעיל איז דאס וואס מ'לערנט אין היינטיקער סדרה אז בשעת ס'איז געווען אז די גאנצע וועלט איז געשטאנען אין א אופן פון מקבל בגלוי, און דערפאר צפור לא צפצף און שור לא געה, און וואס האט מען געהערט מכל ד' הצדדים און מלמע' און מלמטה, האט מען געהערט "אנכי", און צוזאמען דערויף "ה' אלקיך" ל' יחיד, און צוזאמען דערמיט אז וואס איז דאס פאר א יחיד - וואס מ'האט אים געדארפט ארויסנעמען מאמ"צ.

וואס מ'זאגט דאס מחדא מחתא, ניט נאר ווי די אלע עשרת הדברות וואס זיינען געווען בדיבור אחד, אפילו ניט ווי די גאנצער ערשטער דיבור איז געווען בדיבור, נאר אין דעם ערשטן דיבור גופא שטייט דאס אין דעם ערשטן פסוק, און ס'שטייט בהמשך אחד,

און באכמערער: מ'זאגט אז פארוואס איז "אנכי ה' אלקיך" דערפאר (א טעם אויף דערויף) "אשר הוצאתיך מאמ"צ" ווי דש"ל ברייננגט דאס אראפ אין פשש"מ.

ד.ה. אז אין דעם ערשטן דיבור, אין דעם ערשטן פסוק איז דא א יחוד במיוחד צווישן די ענינים פון "אנכי ה"א" מיט "אשר הוצאתיך מאמ"צ".

וואס בכללות איז דאך דאס, וואס אט דא זעט מען גדלוה הבורא מיט גדלות פון אידן.

דער לשון הרגיל איז דאך "גדלות הבורא מיט שפלות האדם", איז אט דאס גופא וואס מ'דערציילט אים וועגן גדלות הבורא און ער איז אין דערויף מתבונן ביז וואנעט ער ווערט איין זאך דערמיט, ווערט ער אין א אופן פון "צדיקים דומין לבוראם",

ווערט ער אין א אופן אלס "אדם אדמה לעליון", אין א אופן פון גדלות האדם.

ביז וואנעט אז מ'זאגט אז "אנכי" ווערט "אלקיך - כחך וחיותיך" כמבואר דער פירוש המילות פון די שמות אין שו"ע, וואס דאס באוויזט דאך אז דאס איז א "שוה לכל נפש", עאכו"כ ווי דאס איז מבואר אין ספרי קבלה און דערנאך אין ספרי חסידות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דערפון וואס מ'זאגט "ה"א" לשון יחיד, "אשר הוצאתיך" לשון יחיד, אז בשעת מ'קומט צוגיין און מ'זאגט אז ס'איז דא קיין ע"ה ניט אזויפיל און אזויפיל אידן, איז וואס וועט זיך דא אויפטאן - אז ס'וועט געבארן ווערן נאך א קינד, נאך א אידן?

ובפרט נאך אז מ'זאגט אז מ'האט די הבטחה, אז ס'איז אלעמאל דא "ששים רבוא מישראל" ווארום דאס איז א דבר הכרחי, "בשביל ישראל שנקראים ראשית" און דאס איז א ר"ת "יש ששים רבוא...", איז אלעמאל א הכרח אז ס'זאל זיין עכ"פ ששים רבוא מישראל,

און מ'זאגט אז דאס איז א מספר השלם און דערנאך קומט מען צוגיין און מ'זאגט הער זיך איין, מ'דארף זעהן אז ס'זאל צוקומען נאך א איד.

וואס כדי ס'זאל צוקומען נאך א איד א בר מצוה, דארף ער פריער געבארן ווערן "יצא לאויר העולם", אלס א קטן, און די זעלבע זאך ביי א בת מצוה, אלס א קטנה.

בעט ער א הסברה - וואס איז אזוי דער שטורעם, משיח קומט באלד ווארום "ווי וואנט משיח נאו", און "כלו כל הקיצים" ס'איז א דבר ברור אז ער קומט, און ס'וועט זיין די הבטחה און זיכער מקויים ווערן "בנערינו ובזקנינו בבנינו בבנותינו", וכמדובר כמ"פ אז קיין איין און איינציקער איד בלייבט ניט אין גלות פונקט אזוי ווי ס'איז געוועז ביי די גאולה ראשונה ביי גאולת מצרים אזוי איז "אראנו נפלאות" אין די גאולה פון איצטיקן גלות,

- מלסאמאל שטורעמ'ט מען הער זיך איין, (אדער זי זאל זיך איינהערן) מ'דארף טאן כל התלוי בו און לאז דאס איבער צו דעם אויבערשטן צי דאס זאל זיין א אינגעלע אדער א מיידעלע, צי ס'זאל זיין תאומים אדער תאומות, אדער א בן מיט א בת, און וועז זאל זיין דערנאך די קינדער שלאח"ז.

און מ'איז נאך מסביר אז נוסף לזה וואס דאס איז נוסף לטובתו הפרטית פון דעם מאן אדער דער פרוי - איז דאס אויך א טובה כללית פאר כלל ישראל, און א טובה כללית פאר כל העולם כולו!

בעט מען א הסברה - וואס איז דא דער שטורעם?

און דאס איז דאך ניט דאס וואס מ'זאגט "חוקה חקקתי", די מצוה פון פרו ורבו איז ניט קיין חוקה, ס'איז א מצוה שבשכל, און מ'זאגט דאך פירושים בזה און ס'שטייט אין תורה שבכתב "ומלאוה" "וכבשוה את הארץ" מיט א גאנצע אריכות הביאור וההסבר אין תושבע"פ.

- זאגט מען אז אין היינטיקער סדרה שטייט אויף דערויף א קלארער ענטפער:

בשעת אט דער קינד וועט געבארן ווערן איז צו אים האט דער אויבערשטער געזאגט ביי מ"ת, וואס דעמאלט זיינען געווען אלע נשמות בגוף, און די נשמה פון דעם קינד וואס וועט געבארן ווערן אין נייען חדשים ארום,

האט דער אויבערשטער געזאגט צו אט דער נשמה בלשון יחיד "אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים"!

און האט דאס דערנאך ניט נאר אים געזאגט וואס ער האט דאס געהערט, נאר ארייגעשריבן בתורה, און פון די עשרת הדברות אין תורה דער **ערשטער** דיבור אין תורה, און אין דעם ערשטן דיבור בתורה די **התחלה** פון דעם ערשטן דיבור,

און האט דאס דערנאך מפרסם געווען אז בשעת ס'וועט דורכגיין פינף טויזנט מיט זיבן הונדערט מיט איין און פערציק יאר און דערנאך אין נייען חדשים ארום וועט געבארן ווערן דער אינגעלע אדער די מיידעלע, דערנאך וועט דורכגיין א איד און וועט זען דעם קינד ווי ער ליגט נאך אין וויגעלע ערשט געבארן געווארן, וועט עס א שיין סאך אין קאפ - אט ליגט א קינד וואס דער אויבערשטער האט אים געזאגט "אנכי ה"א אשר הוצאתיך מאמ"צ"!

און די <u>גנאצע</u> מרכבה איז דערביי געשטאנען משה ואהרן און שבעים זקנים און ששים רבוא מישראל זיינען דערביי געשטאנען, און האבן געהערט צוזאמען מיט שור וצפור ווי אזוי דער אויבערשטער רעדט מיט דער קינד וואס איז געבארן געווארן נשמתו אין א גוף למטה אין שנת ה' אלפים תשמ"א אין נייען חדשים פון איצטער!

וואס דאס איז ניט א ענין פון רזין דרזין און ס'איז ניט קיין ענין פון רזי תורה, ס'איז ניט קיין ענין וואס מ'דארף אויף דערויף זיין א למדן, און קענען כל הש"ס כולו, אדער עכ"פ א האלבן ש"ס, און האבן סמיכות אויף רבנות, אדער עכ"פ לערנען אין ישיבה כו"כ שנים!

- אז מ'וויס נאר פון דעם פסוק, און מ'וויס אפילו דעם פסוק ווי ער איז איבערגעזעצט אין שבעים לשון, ווארום דער לשון הקדש פארשטייט ער נאך ניט, קען ער נאך ניט,

אבער ער פרעגט זיך נאך צי די העתקה אין די שבעים לשון איז א מדוייקת, וואס אט דעמאלט מוז מען אים זאגן אז דאס וואס ס'שטייט בכמה העתקות בלשון רבים איז דאס מצד די ווילדקייט פון דעם ענגלישן לשון אז מ'וויל ניט מחלק זיין זאגן "דו", זאגט מען א יחיד אויך "יו" לשון רבים,

בשעת אבער מ'איז מעתיק ווארום דאס איז נוגע ער זאל וויסן דעם אמת פון תורת אמת זאגט מען אים "דו" בלשון יחיד, אפילו אין ענגליש!

ועד"ז בשאר הלשונות.

וואס אט דאס איז די הסברה וואס מ'דארף אויף דערויף ניט זיין קיין דובנער מגיד מיט משלים, און מ'דארף אויף דערויף ניט זיין קיין געוואלדיקער רעדנער און מאכן מיט די הענט און טאנצן מיט די פיס און שפרינגען פון איין פוס אויף דער צווייטער און מאכן אלערליי ענינים וואס זיי זיינען מוסיף אין דעם חיות אין דעם נאום פון דעם דיבור וואס מ'זאגט מיט א צווייטן,

בשעת מ'וועט איר זאגן - אים זאגן, דברים כפשוטם ארויסגענומען פון חומש וואס מ'הויבט אן לערנען ביי א בן חמש למקרא בכתב, מ'דערציילט אים אבער דערפון אסאך פריער ווען ער ווערט בן חמש, אדער עד"ז בנוגע צו דער מיידעלע.

אבער דער פאטער מיט דער מוטער זיינען שוין מערער פון בר מצוה און בת מצוה והראל' מ'זאגט אז זיי האט מען געגעבן דעם זכות פון מקיים זיין אט די מצוה, און אראפברייגגען אט די נשמה וואס האט געהערט אלס א נשמה "אנכי ה"א אשר הוצאתיך מאמ"צ" מיט אזויפיל יארן צוריק, וועלן זיי זוכה זיין הערן דאס אלס א נשמה בגוף,

וואס אויף דערויף דארף זי ניט ווארטן דעם הערן - בנוגע צו הבנה והשגה דארף זי ווארטן ס'וועט גיין דער חינוך און פארשטיין דער תוכן בהבנה והשגה דעם תוכן פון די ווערטער - דערהערן הערט זיך דא די נשמה דערהערט זי דאס גלייך ווי יצא לאויר העולם,

נוסף אויף דערויף וואס זי ווייס "עובר במעי אמו לומדים אותו כל התורה כולה", אבער דעמאלט איז דאס ניט דער אמיתית הקשר והחיבור פון דעם נפש האלקית מיטן בשר הגשמית.

דער אמיתית הקשר והחיבור וואס דעמאלט ווערט אנגערופן א איד מיט כל הענינים בכח, וואס דערנאך קומען זיי בפועל,איז דאס לאחר שיצא לאויר העולם אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה הימנו.

און דערנאך קומט צו נאך דער געשמאק און דער תוספת הסברה, וואס מ'נעמט פון חמשה עשר בשבט:

אז בשעת ס'ווערט געבארן דער "גרעינ" - דער קינד, איז אט דעמאלט דא אין אים בפועל דער תכלית השלימות שלו, "כל עמלו אשר עמל כל משך ימי חייו" און וואס אין דערויף האט מען געגעבן אויך די בחירה צו די מחנכים זיינע, ולכל לראש צו דער מוטער און דערנאך אויך צו דעם פאטער ולשניהם יחד אז זיי זאלן מצליח זיין אין זייער יגיעה אין זיין חינוך (אדער אין איר חינוך אויב דאס איז א מיידעלע) אז ס'זאל זיין דער תכלית השלימות פון די אלע ענינים וואס ער האט בכח, וואס דאס האט ער גלייך ווען ער איז ארויס לאויר העולם.

וכמדובר לעיל בנוגע דעם לימוד פון חמשה עשר בשבט, אז דאס איז "אתה מחוייב לעשרו" דאס איז ענינים נוסף אויף הכרח "חסרונן" האט מען "להחיות בהם נפש כל חי" דער אמת'ער תענוג פון דער פאטער מיט דער מוטער מיט דער באבע מיט דער זיידע מיט די ברידער און מיט די שוועסטער און תענוג כל העם כולו, ביז דעם תענוג האמיתי פון דעם בעל התענוג - דער תענוג פון דעם אויבערשטן אליין.

וכידוע תורת הבעש"ט בנוגע דעם אויבערשטן'ס יחס צו יעדער אידן אין וואס פאר א מעמד ומצב ער זאל זיך ניט געפינען, איז דאס "ארץ חפץ אתם לי".

און דערביי זאגט מען אז דאס איז א ענין אז כדי מ'זאל האבן אין דערויף א געשמאק איז דאס ניט "נהמא דכסופא" נאר דער אויבערשטער האט געוואלט אז מ'זאל האבן דעם געפיל אז מ'האט עפעס צוגלייגט אין דעם און געהארעוועט אין דעם עכ"פ במקצת דמקצת,

און פארלאזט זיך אויף דעם אויבערשטן (ווי ביי ווען דאס איז) צו א מקצת ומקצת איז אזויפיל און אזויפיל אדער אביסל מער אדער אביסל וויניקער, איז די הבטחה גמורה אז "מאן דיהיב חיי יהיב מזוני", נוסף אויף דעם ענין אז מ'ברייגגט אראפ משיח "נאו" מיט א רגע לפני"ז.

וואס דאס האט אויך א שייכות מיוחדת צו די פרשה יתרו וואס דאס איז די פרשה פון מ"ת, נוסף על הענין וואס מ'האט גערעדט אז דער אויבערשטער האט געזאגט לכל אחד ואחד מישראל אלס א יחיד בעשה"ד וועגן וועלכע ס'שטייט אין היינטיקער סדרה.

זאגט מען אז דאס וואס דער אויבערשטער האט דאס געזאגט לכל אחד ואחת מישראל במשך כל הדורות כולם האט דער אויבערשטער פריער געזאגט אז ער וויל האבן ערבים, ער וויל האבן אן ערב. און קיין ערב האט ער ניט אנגענומען ביז וואנעט מ'האט אים געזאגט "בנינו עורבים בעדינו",

און אז ס'קומט צוגיין דער פאטער און דער מוטער אדער די מוטער, און זיי לערנען אין דער פרשה אז דער אויבערשטער האט געזאגט צו יעדערן פון זיי "אנכי ה"א אשר הוצאתיך מאמ"צ" און ווי מ'זאגט אין הגדה און געבראכט אין דער משנה און אראפגעבראכט אין תניא מיט א ביאור אז "בכל יום ויום חייב אדם לראות עצמו כאילו הוא יצא ממצרים".

איז דאך היינט ארויס פון מצרים! און ווי אזוי - דערפאר וואס "אנכי ה"א אשר הוצאתי מאמ"צ".

- דערציילן אים חכמינו ז"ל (אדער איר) אז פארוואס האט דאס אזוי געטראפן און זיי האבן דאס געהערט ע"י נשמתם פון דעם אויבערשטן אליין דערפאר וואס זייער קינדער זיינען געווען צווישן אט די ערבים וואס זיי האבן דאס געפועל'ט און דער אויבערשטער האט זיך אויף דערויף פארלאזט און האט געגעבן כל התורה כולה למשה ולאהרן ולשבעים זקנים ולכל העם כולו עד סוף כל הדורות.

און אט די נשמה וואס זי וועט געדויערן נאך נייען חדשים ביז זי וועט געבארן ווערן איז זי אויך געשטאנען ביים בארג סיני, און בשעת מ'האט געזאגט "בנינו עורבים בעדינו" האט מען דאס געמיינט "בנינו" עד סוף כל הדורות, ווי פארשטאנדיק פון פשטות הענין, פארוואס האט דער אויבערשטער אנגענומען די ערבות דוקא פון
בנים - איז די הסברה בזה אין פשטות - אין פשש"מ:

אזוי ווי דער אויבערשטער האט געוואלט אז תורה זאל זיין א תורה נצחית, ניט נאר פאר די וואס זיינען במעמד הר"ס, און ס'זאל זיין א תורה נצחית היינגט דאס אפ אז די אבות און די אמהות (די פאטערס און די מוטערס) ערציהען אזוי די קינדער אז די קינדער וועלן זיך האלטן ביי דער תורה, לערנען איר און מקיים זיין אירע מצוות, און דערנאך ערציהען זייערע קינדער אויך באופן כזה, עד סוף כל הדורות, וואס אט דעמאלט ווערט די תורה נצחית צו נשמות בגופים בעוה"ז הגשמי,

במילא איז נוגע אז דער קינד וואס וועט געבארן ווערן אין נייען חדשים ארום, האט מען געדארפט האבן זיין ערבות, און מ'האט צוגעשטעלט זיין ערבות וואס דאס איז געווען צווישן די אלע ערבים, וואס האבן אראפגעבראכט די אמירת עשרת הדברות כאמור צו משה ואהרן און שבעים זקנים און צו דער פאטער און דער מוטער פון דער קינד וואס וועט געבארן ווערן אין נייען חדשים ארום.

וואס דאס איז דאך א ענין וואס איז דערציילט אין היינטיקער סדרה, אין דער תושבע"פ פון דער סדרה, און אין דערויף גופא קומט אויך די הוראה אין דער סדרה, אז פריער איז "אמור אל בית יעקב" און דערנאך "ותגיד לבנ"י" אז לכל לראש דארף זיך דאס אנהויבן באמירה רכה אבער מיט בית יעקב, און דערנאך "ותגיד לבנ"י - אלו האנשים" ווי רש"י טייטשט אפ אויף דערויף וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק אז דאס איז פשש"מ.

און אפי' אויב מאיזה סיבה שונה ומשונה האט זיך דאס ביי אים נאך ניט אפגעלייגט (ביי איר זיך ניט אפגעלייגט) - זאגט מען אז כבר הי' לעולמים, אז נאך די אלע הכנות און נאך די אלע ניסים ומופתים ונפלאות, האבן אידן געזאגט אז זיי פארלאזן זיך ניט אויף זייער נשמע ונבין נאר צום אלעם ערשטן איז דא דער ענין בפועל, און דערנאך וועט זיין דער "ונשמע" מיט דעם אפטייטש אז דער [illegible] עס מען דאס אויך פארשטיין לאחרי העשי'.

אבער לכל לראש איז הקדמת נעשה לנשמע אט דאס האט געבראכט מ"ת צוזאמען מיט די ערבות פון די קינדער.

און אין אופן אז דאס ווערט "קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו", וואס "הדבר" גייט דאס אויף כל התורה כולה,

ובמהרה ובקרוב ממש לערנען די תורה מפיו של משיח צדקנו, וואס דאס וועט דאך זיין לאחר שיכלו כל הנשמות אין אוצר הקרוי גוף, דערפאר וואס זיי וועלן זיך אנטאן אין א גוף כפשוטו, וואס אין דערויף כביכול דארף דער דריטער שותף (דער אויבערשטער) אנקומען צו דעם רצון און צו דער בחירה טובה פון דער פאטער מיט דער מוטער, ער האט זיך איבערגעגעבן אין זייערע הענט!

און דאס זאל זיין מתוך שמחה וטוב לבב ומתוך הרחבה, אז נאך זייענדיק אין די מיצרים פון גלות איז "לכל בנ"י הי' אור במושבותם" ביז אין אזא מין אופן אז אפי' אט די וואס מאיזה סיבה שתהי' דארפן זיי האבן צוטאן מיט א "מצרי", און דארפן האבן צוטאן מיט א מצרי ווי ער איז "בביתו",

און בשעת דער "מצרי" שטייט אין אזא מין פינצטערניש ביז וואנעט אז ס'איז "וימש חשך" - איז אט דעמאלט גייט מיט אידן מיט די אמת'ע ליכטיקייט ביז וואנעט אז דאס מאכט אים ליכטיק און ער זעט אין די כלי כסף און די כלי זהב ווי נאך ע"פ תורה זיינען זיי דעם מצרי'ס - דערזעט ער דארטן דער ניצוץ קדושה וואס געהערט צו אים!

וואס דאס גופא איז דאך א נס הכי גדול און א פלא הכי גדול,

פון וואנעט האט געוואוסט דער איד וועלכע כלי כסף און כלי זהב האבן דעם ניצוץ קדושה וואס געהערט צו אים,

- ס'איז דאך ניט אז כלי כסף און כלי זהב האט מען אפגעגעבן יעדער אידן און אלע אידן - יעדער איד האט זיך געהאט זיינען תשעים חמרי לוב וואס זיי זיינען געווען אנגעלאדן מיט כסף וזהב מיט בּיזת מצרים, יעדער איד אלס א איש פרטי (אדער אשה פרטית "ושאלה אשה משכנתה"),

ווי אזוי האבן זיי דאס געהאט - אזוי ווי זיי זיינען אריינגעגאנגען צו דעם שכן ("מגרת ביתה") און מ'האט געזען אז במקום פלוני ליגט כלי כסף און כלי זהב, און דערנאך אז יענער (אדער זי) האט זיך געוואלט משתמט זיין האט ער געזאגט אז ס'געפינט זיך במקום פלוני.

ווערט דאך די שאלה: ס'איז דאך "לא עביד רחמנא ניסא למגנא", אז דער אויבערשטער האט באוויזן א נס ער זאל זען דעם כלי כסף און כלי זהב איז דאס דערפאר וואס דערנאך האט ער געבעטן ביי אים כלי כסף און כלי זהב און ער האט דאס באקומען פון מצרי, און דאס איז געווען זיין ניצוץ קדושה,

איז דאס איז פארשטאנדיק וואס דער אויבערטשער ווייס דאס,

אבער דער איד איז דאך געגאנגען בבחירתו חפשית ניט צו אלע מצרים, ער איז געגאנגען אין א בית מסויים און דארטן האט ער געזען די באשטימטע כלי כסף און כלי זהב, אריינגעגענדיק אין חדר פלוני וכו', און ס'שטייט אין ערגעץ ניט אז א מלאך האט אים געשיקט?!

בפרט נאך ווי חסידות איז מבאר אז א מלאך האט גארניט ניט געקענט אויפטאן אין מצרים דערפאר וואס די איז געווען "מלאה גילולים", און ס'האט געדארפט זיין דוקא "ועברתי - אני ולא מלאך אני ולא שרף ולא השליח", מערניט "אני הוא ולא אחר"!

- זעט מען דאך אז ס'איז געווען בהשגח"פ אז יעדער איד האט צוגעטראפן אין וועלכן חדר ער דארף אריינגיין, אין וועלכן ווינקל ער דארף זען די כלי כסף און כלי זהב, און דערנאך איז דאס געווען זיין קיום פון דעם ציווי פון "ונצלתם את מצרים".

וואס דאס איז דאך נאכמער בהדגשה אז דאס וואס ס'איז געווען דער רוב אידן אפילו ווען דער איד איז געווען בבית המצרי בשעת אין בית המצרי איז געווען "וימש חושך", און דער כלי כסף און כלי זהב ע"פ דין האט געהערט צו דער מצרי ווארום ניט וואלט מען ניט געקענט מקיים זיין די מצוה פון "ושאלה אשה משכנתה" - דאס געהערט ניט צו די שכנתה,

מוז דאס געהערן צו "שכנתה וגרת ביתה" ועד"ז "איש מרעהו" פון דער מצרי,

האט ער דעמאלט געזען אין דעם "וימש חושך" פון דעם מצרי וכל נכסיו, האט ער געזען דעם ניצוץ קדושה, און ער האט אים געזען צי איז ער אנגעטאן אין כלי כסף אדער אין כלי זהב, און וואו איז מקומו בבית המצרי אז במקום פלוני הוא מונח!

און מ'זאגט אויף דערויף אז "כימי צאתך מאמ"צ אראנו נפלאות", אז בשעת מ'פארלאזט זיך אויפן אויבערשטן און "תמים תהי' עם הו"א" איז אט דעמאלט האט מען מיט זיך די אמת'ע ליכטיקייט און אזא מין ליכטיקייט אז אפילו אויב מאלזה סיבה שתהי' דארף מען אריינגיין לפי שעה אדער אויף א רגע אין א בית המצרי און האבן צו טאן מיט א כלי פון דעם מצרי, און מ'ווייס אז ס'טאר ניט זיין קיין גזל עכו"ם ווארום דאס איז היפך התורה וכיו"ב,

איז אט דעמאלט האט ער מיט זיך תורה אור, און דערנאך נוצט דאס אים, נוסף אויף דעם ענין וואס ער איז מקיים מצוות ה', און נוסף אויף דעם ענין וואס ער האט אין עוה"ב ביז אין די ש"י עולמות, נוצט ער דאס פשוט אין עוה"ז הגשמי,

און ער גייט ארויס "ובנ"י יוצאים ביד רמה", און "בהוציאך את העם הזה ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה", ווי דערציילט בארוכה אין דער פרשה יתרו - פרשת שבוע זה,

ומתוך שמחה וטוב לבב.

ג. וואס בהמשך להאמור פון דעם ענין פון מ"ת וואס דאס איז פון היינטיקער סדרה,

און כתורה פון אלטן רבי'ן איבערגעגעבן געווארן דורך נשיא דורינו, אויף לעבן מיט דער סדרה פון דער וואך,

איז אויך מבואר בכ"מ אז דער ענין פון מ"ת איז דאס די חתונה פון דעם אויבערשטן מיט אידן, און אויף דערויף איז געזאגט געווארן דער ענין פון שיר השירים, וואס דער אויבערשטער און אידן איז בשת מ"ת איז דעמאלט געווען זייער חתונה, וכמבואר בארוכה אין כמה דרשות פון חכמינו ז"ל ביז וואנעט אויך כמה הוראות וואס קומען דערפון ארויס בפעול. [בזמן - handwritten margin note]

וואס איינע פון די הוראות איז דער ענין פון "שושבינין", וואס מ'זאגט אז בשעת מ"ת זיינען געווען צוויי שושבינין: משה ואהרן. כמבואר אין דרשות רז"ל בנגלה ובזהר ובכ"מ.

וואס איך ווייס ניט צי מ'האט מכוון געווען אבער יעדער ענין איז דאך בהשגח"פ, איז דאך אויך איינע פון די קובצים (הערות וביאורים - אהלי תורה) וואס זיינען ארויס לשבת שלפנ"ז וואס "מיני' מתברכין כולהו יומי" שלאח"ז - פון שבת פרשת יתרו, האבן זיי דארט אויך אראפגעבראכט דער ענין פון שושבינין.

בנוגע צו א מנהג ישראל אז א אשה זאל ניט זיין קיין אשה מעוברת.

און מ'האט אראפגעבראכט אויף דערויף כמה אחרונים וואס זיינען זיך מפלפל און זוכן א טעם מאי טעמא?

און ווי דארט אנגעצייכנט די נעמען מיט די סימנים וכו' מיט א גאנצע שקו"ט.

און לאחרי כל ההסברה, און ווי זיי ברייננגען דארט גופא אראפ פון די אחרונים בלייבט דער ענין אז דאס איז א מנהג, וויבאלד אז דאס איז אבער א מנהג איז ווי דער רשב"א זאגט- אז א מנהג פון נשים זקנות איז אפילו אז ס'וועלן קומען די גרעסטע חכמים פון די אידן איז ח"ו דאס מבטל זיין, וואס דער רשב"א מיינט דארטן חכמים אין חכמת התורה, וויבאלד אז דאס איז א מנהג מערניט פון נשים זקנות און אעפ"כ וועגט דאס אריבער די אלערליי שאלות וקושיות וסברות והסברות וואס ס'ווערן געבראכט פון חכמים מישראל און דער רשב"א פסק'נט אלס פוסק און דאס ווערט אזוי אנגענומען עד סוף כל הדורות א הלכה אין תורה אז אזוי דארף מען זיך נוהג זיין אין דעם ענין.

וואס אעפ"כ איז דאך יעדערער משתדל אז א ענין וואס בלייבט אין א צ"ע אדער ניט פארשטאנדיק אפשר קען מען אין דערויף עפעס אויפסאן און געפינען עפעס א הסברה - און כשמדובר כמ"פ אז דאס איז ניט נאר אז דאס מעג מען נאר דאס איז א זאך וואס דאס איז א חיוב אין לימוד ההורה אז בשעת ס'איז דא א זאך וואס ער פארשטייט ניט, זאל ער זיך מתייגע זיין עד כמה שכוח שכלו מגיע אפשר וועט ער פארט געפינען עפעס א טעם והסברה בזה.

וואס דאס גייט אויך אפילו אויף אט די ענינים וואס מ'האט שוין געטראכט אין דערויף און ניט געפונען קיין טעם בדוגמא פון נידון זה - באפרייט דאס ניט א אידן פון דעם חיוב לימוד ההורה אין אן אופן פון הבנה והשגה, צוזאמען מיט די טראכטעניש היתכן - ווי קען ער זיך פארגלייכן צו די, און לאחרי אפילו פון דעם בירור און הסברה פון "בנס ע"ג הענק", דארף מען דאך אבער ארויפקריכן און שטייען על כתפות הענק אדער על ראשו של ענק, וואס דאס איז לכאו' [קומט ביי אים אויס] אז דאס איז ער אויך ניט בכח,

סיידן דער ענק וועט אים אליין נעמען און ארויפשטעלן אויף זיינע פלייצעס אדער אויף זיין קאפ, דאר ער דאך האבן אויף דערויף א שייכות מיוחדת מיטן ענק און א זכות מיוחדת.

איז אעפ"כ, דאס איז דאך ענינים פון כבשי דרחמנא, צי איז ער ראוי לזה צי ניט ראוי זה -

ס'איז א פסק דין פשוט אין הל' תלמוד תורה אז בשעת ס'איז דא א ענין אין אידישקייט דארף ער טאן אלץ וואס ס'היינגט אפ אין אים אויף דאס מקיים זיין, איז לכל לראש איז הקדמת נעשה, אפילו כולל מנהג נשים זקנות ווערט דאס אויך א הלכה אין שו"ע אין תורת ה' וואס ניתנה למשה מסיני ווי דערציילט אין היינטיקער סדרה, און ער דארף זיך מתייגע זיין לאחרי ווי ער האט דאס געטאן און דאס ניט אז ח"ו אלס א תנאי בתורה בעשי' דארף ער זיך אויך מתייגע זיין אויף דערגרייכן צו נשמע אין הבנה והשגה נוסף אויף דערויף וואס דאס איז ביי אים א גזירה גזרתי און ס'מוז זיין ער ענין פון נעשה.

עד"ז איז אויך בנוגע וואס ידע איניש בנפשי' וכו' - אבער אויף אים איז דאך דא דער חיוב וואס ס'שטייט אין הל' תלמוד תורה ער דארף זיך מייגע זיין כפי שכלו, וכאמור - אפילו אז אין די ספרים וואס ער האט געזען אדער מ'האט אים דערציילט דערפון איז מען געבליבן מיט "צ"ע" - באפרייט דאס אים ניט אז ער זאל

טאן כפי שכלו עכ"פ אויף גריבלען זיך און הארעווען אפשר וועט ער געפינען עפעס א טעם בדבר.

וואס י"ל הטעם בזה, ובהקדים:

אז אין דעם מנהג זעט מען א דיוק, אז מ'איז מדייק אז בשעת ס'איז דא שושבינין צו א חתונה זאל דאס זיין א מאנסביל און א פרוי.

עד"ז דעם צווייטן מנהג וואס מ'ברענגט די דוגמא לדבר, און ווי ער שרייבט (דער מונקאטשער) אז דאס איז "חד הוא" זיי דארפן האבן דעם זעלבן טעם, אז בנוגע צו א ברית מילה איז דאך אויך דא דער מנהג ישראל אז ס'זאל זיין א "קוואטער" אט דער וואס דערלאנגט דעם תינוק, איז אויך דא א "קוואטערן" וואס זי דערלאנגט אויך דעם תינוק און אויך מיט א דיוק אז ס'דארף זיין א מאנסביל און ס'דארף זיין א פרוי.

און אויף די ביידע ענינים מאטערט מען זיך וואס ביי ביידע שטייט אז אן אשה מעוברת זאל אין דעריוף ניט זיין, און מאי טעמא בשעת זי איז כל עניני התורה ומצוותי' איז זי ניט נאר ניט ווייניקער נאר אדרבה - זי האט נאך א עילוי וואס זי איז א אשה מעוברת וכמדובר ומבואר לעיל בארוכה אז זי האט זוכה געווען ארויסנעמען א נשמה מאוצר הקרוי גוף און ארויסברענגען איס און מקיים זיין די מצוה וכל הענינים כפי שמדובר לעיל בארוכה.

וואס י"ל הטעם בזה אויף דעם מנהג:

אז דאס גופא וואס מען זעט אז בכל מקום וואס ס'איז דא דער מנהג דער ענין אז מ'זאל ניט נעמען און ס'זאל ניט זיין די השתתפות פון א אשה מעוברת גייט דאס בכל מקום צוזאמען מיטן דיוק אז ס'דארף זיין א מאנסביל און ס'דארף זיין א פרוי.

דערנאך ברענגט דער אלטער רבי אראפ בסידורו, וואס דאס איז גענומען טאקע פון כתבי האריז"ל אבער ס'שטייט אויך אין אחרונים פון נגלה און דאס איז געווארן א מנהג הפשוט בכל תפוצות ישראל, אז בשעת ס'איז דא דער ערב יום הקדוש וואס אט דעמאלט איז דאך דער מנהג ישראל תורה הוא דער ענין פון "כפרות" וואס דעמאלט דארף זיין א תרנגול לזכר "זכר לזכר" און נקבה לנקבה, תרנגולת לאשה אדער לבת, זאגט מען דארטן אז אויב דאס איז אן אשה מעוברת איז אט דעמאלט דארף זי נעמען **דריי**, איינע דארף זיין כשבילה א תרנגולת, און דערנאך דארף זיין נאך צוויי: א זכר און א נקבה, אזוי ווי זי האט דאך אן עובר און מ'ווייסט ניט צי דאס וועט זיין א זכר צי דאס וועט זיין א נקבה, דערפאר דאר פזי האבן **נוסף** אויף די תרנגולת וואס זי נעמט בשביל עמה דארף זי נעמען א תרנגול ותרנגולת בשביל העובר.

וואס האט מען דערפון ארויס?

אז בשעת ס'רעדט זיך וועגן א אשה מעוברת איז דאס ניט **איינע** נאר דאס איז **דריי**, וואס אפילו שתי נשים איז אויך ניט דער ענין פון אשה יחידה, און דערנאך קען גאר זיין אז דאס איז **דריי** - אז אין דעריוף איז דא דער ענין פון א זכר.

וואס אט דעמאלט איז דאס ניט דער ענין פון "שושבינין", ווארום די שושבינין איז כמדובר איז מנהג ישראל איז מדייק אז ס'זאל זיין **דוקא** א זכר און א נקבה.

וואס אפילו צוויי נקבות איז אויך ניט דער ענין פון איינע, עאכו"כ ביי אשה מעוברת איז קען גאר זיין אז בנוסף אויף דער שושבין הזכר איז דא נאך . צווייטער שושבין א זכר און כנגדם מערניט ווי **איין** אשה.

וואס דעמאלט ווערט דאס אינגאנצן א שינוי בכל הענינים.

עד"ז בנוגע צו א קוואטער און א קוואטערן:

וויבאלד אז מנהג ישראל וואס תורה היא איז אז מ'איז מדייק אז ס'זאל זיין **איין** קוואטער און **איין** קוואטערן, דוקא איין זכר און איין נקבה - קען מען ניט נעמען קיין אשה מעוברת דערפאר וואס דעמאלט איז דאס א ענין וואס דאס איז "שלשה"!

מילא איז דאס ניט פארבונדן מיט סכנות ח"ו עין הרע'ס וכיו"ב און ניט ח"ו אימעצן אנרירן עאכו"כ פון דורות שלפנינו, גדולי ישראל און פוסקי ישראל וכו', אבער ע"פ ההסברה אין שכל הפשוט מיוסד אויף דעם ענין ווי דאס איז אין דעם מנהג פון א אשה מעוברת פון לקחת שלשה - איז דער טעם כפשוטו.

דערביי בלייבט נאך אבער, וויבאלד אז מ'דארף זיך מתייגע זיין איז הא גופא איז בעי טעמא:

אמת טאקע דער מנהג איז אז די שושבין איז איין מאנסביל און איין פרוי, אדער אויב מ'נעמט ווי ס'פירט זיך צוויי פארלאך סיי מצד החתן סיי מצד הכלה איז אבער אויך איין מאנסבול אנטקעגן איין פרוי אבער ניט איין מאנסבול אנטקעגן צוויי פרויען אדער איין פרוי אנטקעגן צוויי מאנסבול - דער מנהג איז אינגאנצן ניט אנגענומען, דער מנהג איז אז מ'נעמט צוויי פארלעך סיי מצד החתן און סיי מצד הכלה, און דערנאך איז דא ערטער וואס מ'איז נאך מוסיף בזה, אבער עכ"פ אלס שושבינין איז דאס אחד זכר און אחד נקבה וואס דערפאר איז דאס שולל דער ענין פון אשה מעוברת.

וואס איז אין דערויף דעם טעם?

איז ווי דערמאנט פריער אז אזוי איז געווען ביי די חתונה פון אידן מיטן אויבערשטן וואס דאס איז דאך "איש ואשה זו שכינה שרוי' ביניהם", אז יעדער פארפאלק וואס האט חתונה כדת משה וישראל איז פארגלייכט מען דאס גלייך, אז דאס איז "כשמחך יצירך בג"ע מקדם", די ערשטע חתונה, און דערנאך ווי ס'איז געווען ביי הר סיני (מ"ת) די חתונה הכללית פון הקב"ה מיט כנסת ישראל מיט אידן.

און ווי ער זאגט אין מדרש אז דעמאלט ביי מ"ת זיינען געווען צוויי שושבינין ניט מער, משה ואהרן.

זאגט ער אויף דערויף אין זהר אז משה איז געווען שושבינא דמלכא און אהרן איז געווען שושבינא דמטרוניתא, פון די אידן.

וואס כאטש אפילו עפ"ז קומט דאך אויס אז ס'דארף זיין צוויי מאנסבול - איז דא אן אריכות אין דרושים פון דעם אלטן רבי'ן אין תורה אור אין תצוה, און דער ביאור נוסף אין די הוספות צו תורה אור, און איז מסביר דארטן וואס האט אויפגעטאן אהרן: אהרן איז געווען עבודתו "בהעלותך את הנרות" אויף מעלה זיין מלמטה למעלה, בהעלותך את הנרות און די אלע שבעה פני המנורה וואס דאס איז כולל אלע אידן כמבואר בדרושי בהעלותך, ענין פון משה איז געווען "זכרו תורת משה עבדי" שושבינא דמלכא ממשיך זיין מלמעלה למטה.

און מ'טייטשט דאס אפ אז דאס איז מיא דדכורא ביי משה און מיא דנוקבא פון אהרן. וואס דאס איז דער חילוק פון זכר און נקבה.

אויף אפטייטשן דאס אין איינפאכע אותיות און ניט שרעקן זיך אז מ'מוז יענעם דוקא מסביר זיין אין אותיות פון חסידות...

איז דער אלטער רבי אויך מבאר דארטן (וואס דאס איז אויך א טעם פשוט בפשטות אין טבע האדם) אז וואס דארף מען בכלל האבן שושבינין ביי א חתונה, און מ׳זעט אז ווען דארף מען האבן די שושבינין איז דאס מערנט ווי איין מאל (קודם החתונה) קודם החופה אבער דערנאך דארפן זיי ניט אנקומען צו שושבינין?

וואס שושבינין פירן דאך דער חתן צוזאמען מיט דער כלה (די כלה צוזאמען מיטן חתן),

- זאגט דער אלטער רבי אז בפשטות איז דער טעם אז אזוי ווי זיי האבן בושה אין להם כח מצ"ע זיי אליין זאלן זיך מתקרב זיין מפני הבושה, איז בשעת ס׳קומען צוגיין א גוטער פריינט ווי דער צ"צ ברייננט אראפ אויף רועה דוד דער פריינט פון דוד טילטשט ער אפ אין תרגום "שושבינא" א שושבין איז דאס א ענין וואס דאס איז זיינער א גוטער פריינט און אירער א גוטער פריינט, איז דארף מען האבן אז ס׳זאל קומען צוגיין א גוטער פריינט און זאל מחזק זיין און געבן כח און נעמען אונטערן (א) האנט און פירן וואס דאס איז זיך מתגבר על הבושה ועל הענינים וואס ער פילט זיך ניט באקוועם און ס׳זאל זיין דער ענין החתונה ככל הדרוש.

וואס עפ"ז איז שוין פארשטנאדיק ווי מ׳זעט בטבע:

אז ווער קען מערער אולפטאן אויף דער כלה אויף **איר** ערמוטיקן און **איר** געבן כח און **איר** פירן אונטערן האנט איז דאס ווען דאס קומט פון אן אשה כמותה, וואס זי איז אויך געווען אמאל פאר דער חתונה און דערנאך האט זי חתונה געהאט און זי איז אירע א גוטע פריינט אדער איר מוטער אדער אירער אן עלטערע שוועסטער וכיו"ב, און א חתונה-געהאטע, און אט דעמאלט אז זי איז איר מעודד און מחזק און משמח ווי ער זאגט אין תו"א אז די שושבינין און אהרן בפרט ברייננט דער ענין השמחה שמחה של מצוה איז אט דאס איז מעודד די כלה משא"כ ווען דאס ווערט קומען פון א זכר, וואס דאס איז בטבע בני אדם.

עד"ז איז בנוגע צו דעם חתן:

נוסף אויף דעם ענין הצניעות סיי בנוגע צו די כלה סיי בנוגע צו דעם חתן האט דאך אן ארט אז ביי דער כלה זאל דאס זיין פארבונדן מיט אן אשה און ביי דער חתן זאל דאס זיין פארבונדן מיט אן איש, זעט מען דאס אויך בפשטות אז ווער קען מערער דורכנעמען זיין געפיל (פון דעם חתן) איז בשעת דאס רעדט זיך וועגן איינעם וואס איז אמאל געווען א חתן און דורכגעגאנגען די זעלבע ענינים, משא"כ אז ער וועט דאס הערן אפילו פון דער מוטער, איז דאס ניט די זעלבע זאך, דערפאר וואס די געפילן פון די אשה איז ניט די זעלבע געפילן און בושה וכיו"ב ווי דאס איז ביי דעם בעל און ביי דעם איש.

דאס איז ניט קיין סתירה וואס ס׳איז דא חילוקי מנהגים אז ס׳איז דא אמאל ווי ס׳פירט זיך בכמה קהילות אז דעם חתן פירן **זיינע** עלטערן (דער פאטער מיט די מוטער), און די כלה פירן **אירע** עלטערן (דער פאטער מיט די מוטער) אדער אן אנדער מנהג אז דער חתן פירן די פאטערס פון חתן כלה און די כלה פירן די מוטערס פון חתן כלה, וואס לכל הדעות בשעת מ׳שטילט אונטער דער חופה וואס דעמאלט איז דער עיקר ענין החתונה והשושבינין וכו׳, איז אט דעמאלט שטילט א חתן און א כלה און ס׳שטילט א פאטער מיט א מוטער צוויי פאטער׳ס און צוויי מוטערס אדער צוויי מאנסבילן און צוויי פרויען.

וואס דעמלאט דארף מען ניט אנקומען דוקא צו אותיות פון חסידות און קבלה וואס מיט זיי איז ח"ו אויך ניטא וואס צו שעמען זיך - ואדרבה, אבער אפילו אט די וואס טענה׳ן ווי ס׳איז געווען נאך די טענה צו דעם אלטן רבי׳ן אז מ׳וויל האבן דעם ענין זאל ער דאס באווייזן אין נגלה, אויף דעם ענין וואס ער האט געזאגט אז ס׳איז דא על השמים און "עד השמים", דאס וואס ס׳שטילט אין זהר אז בלי דחילו ורחימו איז לא יכלא לפרחא און שטייען למיקם קדם ה׳.

האט מען אים געזאגט פון וואנעט נעמט ער דאס - האט ער געזאגט אז אזוי שטייט אין זהר אין דעם און דעם ארט, האט מען אים געענטפערט אז מ'געפינט זיך צווישן רבנים, פוסקים און בעלי הלכה דארף דאס שטיין און ברייננגען אין נגלה! האט ער געבראכט די גמ' שבת וואס כתוב אחד אומר עד שמים חסדך און כתוב אחד אומר מעל חסדך כאן בעוסק לשמה און כאן בעוסק שלא לשמה - א גמ' מפורשת!

וואס עד"ז בעניננו:

אז מ'דערציילט ווי דער אלטער רבי האט זיך געפירט, איז כמדובר כמ"פ איז דאס ניט מערניט ווי א סיפור יפה נאר דאס איז אויך א הוראה, אז דאס איז א דבר ברור אז יעדער ענין וואס ס'שטייט אין נגלה מוז שטיין אין זיין נשמה אין פנימיות התורה, און אויך א דבר ברור אז יעדער ענין וואס ס'שטייט אין דער "נשמה" אין פנימיות התורה מוז זיין דער ענין אין נגלה דתורה.

נאר וואדען, ס'איז דא אין ערטער און ענינים דאס וואס איז ברור אז ס'דארף זיך אין דערויף גארניט מתייגע זיין און ס'איז דא ענינים וואס מ'פאדערט ביי א אידן אז ער זאל זיך אין דערויף מתבונן זיין און מתייגע זיין אבער ער האט אין דערויף די הבטחה אז "יגעת ומצאת".

וואס אט דאס איז אויך די הסברה בפשטות, לויט ווי מ'ווייסט אז דאס וואס מ'דארף האבן שושבינין דוקא צו א חתונה אע"פ וואס לאחרי זה לעבן זיי צוזאמען עד מאה ועשרים שנה דארפן זיי ניט אנקומען צו אונטערפירערס - איז דאס דערפאר וואס בהתחלה און בתחילת הענין און בראשית הענין האבן זיי בושה און האבן ניט קיין כח עצמי דארפן זיי האבן אימעצן וואס זאל זיי מעודד זיין און מחזק זיין ביז אין אן אופן אויף אריינברייננגען אין זיי שמחה, איז דאס בטבע האדם אז בנוגע צו דער כלה איז דאס מצליח במיוחד אז דאס קומט פון א אשה וואס זי איז אליין דאס דורכגעגאנגען,

וואס דערפאר איז דאך אויך דער מנהג אז צו אונטערפירן נעמט מען חתונה-געהאטע ניט א מיידל אילדער זי האט חתונה געהאט אדער א בחור אילדער ער האט חתונה געהאט, וואס זי אדער ער זיינען דאס שוין דורכגעגאנגען וואס דעמאלט האט מען א צוטרוי צו די הסברה און ער ווייס ווי אזוי צו מסביר זיין וכו', ביז וואנעט אז ער ברייננגט אריין שמחה.

וואס עפ"ז איז מובן דער ענין פון דעם טעם פארוואס ניט קיין אשה מעוברת, און ניט ח"ו אז דאס באווייזט אז ביי איר פעלט עפעס, אדרבה - דאס איז דערפאר וואס ביי איר איז דא באכמערער אבער אין דעם ענין דארף מען האבן אן א צומיש פון א ענין פון א זכר און מ'דארף האבן מערניט ווי א אשה.

ובפרט נאך אין א ענין פון א חתונה וואס דארטן איז דאך פארבונדן אז ס'זאל זיין דוקא א יחיד דער זכר און ניט ח"ו צוויי, אפילו א קרוב ביותר.

עפ"ז דארף מען נאך האבן דער ביאור דער צווייטער מנהג שבזה: אז די זעלבע זאך איז ביי א קוואטער און ביי א קוואטערן, איז אנהויבנדיק פון אותיות פון קבלה, אין קבלה שטייט אז "שושבין" איז דאס מידת היסוד, געבראכט אין קהלת יעקב פון כתבי האריז"ל ובכ"מ פון זהר וכו', וואס מילא אט דאס איז א מצוה וואס זי איז פארבונדן מיט ספירת היסוד, במילא איז פארשטאנדיק אז דארט איז דא דער ענין פון שושבין.

און וויבאלד אז א שושבין איז אט דעמאלט איז דא וואס פארבונדן מיט שני הענינים ווי א שושבין בנוגע צו חתונה און ווי געבראכט אויך פון די אחרונים אז זיי זאגן אז דאס מוז זיין דער זעלבער ענין מיטן זעלבן טעם וכו'.

ווי אזוי איז דאס אין פשוט'ע אותיות, אין נגלה אותיות?

דער ענין פון מילה איז, אז דאס איז א ברית עולם און בריתו של הקב"ה בבשרכם פון א אידן, וואס דאס איז די דוגמא נוסף אויף דעם ענין אז דער תכלית פון א חתונה איז דאך אז ס'זאל זיין א ברית עולם בדוגמא ווי די חתונה פון דעם אויבערשטן מיט כנסת ישראל, וואס דאס איז במיוחד פארבונדן ווי די גמ' לערנט אפ אז פון וואנעט ווייס מען אין ועלכן אבר ס'איז דער ענין פון דער מילה אט דארט וואו ס'איז ניכר דער חילוק פון א זכר און א נקבה,

און אין דעם גופא אז מ'זאגט אז דאס איז בבשרכם, און דאס איז "ברית עולם", פון דעם אויבערשטן, איז דאס בדוגמא פון דער חתונה פון דעם אויבערשטן מיט כנסת ישראל וואס כוונתה איז דאך דער "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה" פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים.

במילא איז אויך דארטן דער זעלבער דיוק, וואס דער דיוק דארף ניט האבן קיין ראיות, מ'זעט דאס בפשטות אז מ'איז מדייק אז ס'זאל זיין איין קוואטער און איין קוואטערן און דוקא איש ואשה, און דעמאלט האט קיין ארט ניט אן אשה מעוברת דערפאר וואס זי האט מערער, זי האט ווי געזאגט פריער זי און דערנאך א זכר און דערנאך א נקבה.

וואס דער ענין פון ברית מילה האט דאך אויך א שייכות מיוחדת צו א חתונה, וואס דער ענין פון מתן תורה איז דאך געווען אז עליונים ירדו למטה און תחתונים יעלו למעלה והיו לבשר אחד, וואס דאס האט זיך אויפגעטאן ביי מתן תורה, מיט איין אויסנאם, אז די התחלה בזה איז געווען ביי אחד הי' אברהם דורך דעם ענין פון ברית מילה שניתנה לו ולזרעו אחריו עד עולם, וואס אע"פ אז דערנאך איז מען מקיים די מצות מילה ווי דער רמב"ם זאגט אין פירוש המשניות אין חולין דארף מען דאס טאן ניט דערפאר וואס אזוי נצטווה אברהם, נאר דערפאר וואס אזוי איז נצטווה געווארן משה רבינו בשעת מ"ת, אבער ביי מילה דערמאנט מען דאך אז דאס איז בריתו של אברהם און חוק שם לזרעו ביי יצחק'ן מיט די גאנצע אריכות אין ברכת מילה.

און וואס האט אויפגעטאן ברית מילה ביי אברהם'ן וואס קיים אברהם את כל התורה כולה עד שלא ניתנה - האט אויפגעטאן דוקא די מצוה פון מילה אז דאס זאל מקשר זיין דער "בשרכם" דער גשמיות העולם מיט די רוחניות פון דיר מצוה אז דערנאך ווערט די גשמיות א חפץ של מצוה, און דערפאר איז שים נא ידך תחת ירכי אז ס'זאל זיין א שבועה בנקיטת חפץ איז געווען דער איינציקער חפץ של קדושה בימי אברהם איז דאס געווען "שים נא ידך תחת ירכי" האט ער זיך ניט געקענט רעכענען מיט א ענין וואס לא הכניס ידו מתחת אבנטו, ס'איז ניט געווען קיין ברירה.

וואס דאס איז אויך דער שייכות און דער קשר צווישן די ביידע ענינים, ווי געזאגט אין די אחרונים, ווארום דער ענין פון מילה מאכט א "חתונה" אז גשמיות איז עולה למעלה און רוחניות איז יורד למטה, ביז וואנעט אז דאס ווערט איין זאך א חפץ של קדושה די קדושת המצוה מיט די גשמיות התפילין אדער צמר עור התפילין אדער די צמר הציצית וכיו"ב,

און דערפאר אויך ווי דארט איז געווען שושבינין איז דא אויך שושבינין, און אויך מיט דעם דיוק און מיט דעם אופן אז ס'זאל זיין אן איש ואשה,

און דורך אלע ענינים ווערט די שכינה שרוי' ביניהם, ברית עולם בבשרכם דער ענין המילה, וואס דאס איז א ברית עולמית צווישן יעדער אידן און דעם אויבערשטן, ביז וואנעט ווי די גמ' זאגט אז אפילו ביי א אישה איז אשה כמאן דמהלא דמיא,

און ע"פ המדובר לעיל האט דאס נאך אין זיך אט די מעלה וואס ווילבאלד אז כמאן דמהלא דמיא ע"פ תורה האט אט די מילה די גאנצע שלימות ווי [illegible] הבירה. משא"כ די מילה וואס איז בזכר דארף דאס זיין דוקא "המול ימול" ע"י בשר ודם -

האט דאס טאקע אין זיך די מעלה וואס דאס איז א מעשה און א פעולה מיט א השתדלות מיט פריעה און מציצה וכו' בגשמיות אין ענינים פון א אבר גשמי כפשוטו, משא"כ אשה כמאן דמהילא - משא"כ אבער מצד רוחניות הענינים איז כמדובר לעיל האט דאס אין זיך אט די שלימות וואס מילה בזכר האט דאס ניט.

און ויהי רצון אז בשעת מ'שטייט אין פרשת יתרו, וואס דעמאלט ווי די גמ' זאגט אין יבמות, איז דאך דעמאלט געווען בתוקף דער ענין המילה, אע"פ וואס ביי רובם ככולם איז דאס נאך געווען זייענדיק אין מצרים איז דאס אבער געווען א התחלה און דערנאך איז געקומען די טבילה און מ"ת וואס דאס איז געווען דער סיום פון יענער מילה וואס דאס איז געווען בשעת מ"ת וועגן וועלכע ס'ווערט דערציילט אין פ' יתרו, עאכו"כ די וואס זיינען געבארן געווארן שפעטער,

און דאס איז פארבונדן אז דוקא עי"ז האט געקענט זיין מ"ת וואס דאס איז די חתונה אין אן אופן מער בולט'ער ווי די חתונה וואס ווערט אויפגעטאן ע"י מדת היסוד וואס דאס איז שושבין, און ווי ס'שטייט אויך אין ספרים די הסברה בזה, אז ער איז דער שושבין בין החתן והכלה און בלשון הגמ' משים שלום בבית, ווי די גמ' זאגט אין שבת.

און ויהי רצון אז דאס זאל אראפקומען בפועל אין כל ענייני תורה ומצוותי' ובהקדמת נעשה לנשמע און אנהויבנדיק אין די ענינים וואס ס'האט זיך אין זיי געקאכט און אנגעזאגט און געגעבן כח און ברכה והצלחה פון דעם בעל ההילולא, וואס האט מסיים געווען בזה און האט מכריז געווען אז עמדו הכן כולכם און אט דעמאלט וועט יעדערער פון אייך באקומען די אלע ברכות והצלחות אנהויבנדיק אין די הצלחה אין מילוי שליחותו.

און כמדובר כמ"פ אנהויבנדיק פון די מבצעים הכלליים והפרטיים פון אהבת ישראל און חינוך און תורה און תפילין און מזוזה און צדקה און בית מלא ספרים - יבנה וחכמי', און נרות שבת קודש און כשרות האכילה ושתי' און טהרת המשפחה,

און דער מבצע הכי גדול, אז פון די אירוסין וואס ס'איז געווען אין פרשת יתרו און פון די חתונה וואס ס'איז דעמאלט געווען גייט מען גלייך צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס דעמאלט איז דער ענין הנישואין דער תכלית השלימות אין דער חתונה ומשה ואהרן עמהם, והקיצו ורננו שוכני עפר והם בראשנו, במהרה בימינו ממש.

**ד.** אזוי ווי מ'האט דאך גערעדט וועגן די מעלה פון "בנינו ערבים בעדינו", און תינוקות ע"פ דין ווען מ'האלט קרוב צו חצות לילה איז אויב מ'שטעלט ניט קיין קערה מיט אלע מינים און מ'איז משנה פרעגן זיי ניט קיין קושיות - דארפן זיי גיין שלאפן,

דארף מען ארייננכאפן זאלן זיי זינגען דעם "ווי וואנט משיח נאו", ובשמחה ובטוב לבב דערנאך זאלן זיי גיין בשמחה ובטוב לבב לקבל פני משיח, און טאקע "נאו" אז אפילו א ענגלאנדער זאלן אויך זען אז ס'איז "נאו".

התחילו לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

* * *

**ה.** אזוי ווי מארגן כמדובר וועט דאך זיכער זיין "עמדו הכן כולכם" ווי מ'האט גערעדט ביי די פריערדיקע התוועדות פון די קינדער אז מ'זאל מאכן חמשה עשר בשבט אויך כינוס פון כולם יחד מיט החלטות טובות, מיט כל הענינים,

אויף להוסיף אין די ענינים וואס מ'האט גערעדט ביז איצטער, און אזוי ווי ס'דארף זיין יעדערער פון זיי א מהלך, זאלן זיי אויך גיין מחיל אל חיל מוסיף זיין אין החלטות.

ועוד והוא העיקר: מוסיף זיין אין מע"ט, כל אחד ואחת בעניני', און דער אויבערשטער וועט זיכער מוסיף זיין מדה כנגד מדה נאר כמה פעמים ככה במדתו של הקב"ה אין די ברכה והצלחה צו יעדערער פון זיי, בגשמיות אין בריאות הגוף כפשוטו, און אויך ברוחניות אין הצלחה אין אידישקייט, לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, כולל אויך "ואהבת לרעך כמוך" אז די אינגעלאך זאלן משפיע זיין און מגייס זיין און אריינציען און "דערפטן" אלע זייערע חברים אין "צבאות השם".

און דארטן שטייגן מדרגא לדרגא, כמדובר בארוכה אין די פריערדיקע געלעגנהייטן.

ועד"ז די מיידלאך בנוגע צו זייער "צבאות השם", וכמוסבר אנהויבנדיק פון הדלקת נרות שבת קודש ויו"ט, וואס דאס איז דאך במיוחד אפגעגעבן געווארן צו נשי ובנות ישראל, נוסף אויף לימוד התורה ווי דער אלטער רבי איז מאריך אין הל' ת"ת אין דער סיום וחותם פון פ' ראשון, כמבואר כמ"פ בארוכה די תורה וואס זיי דארפן לערנען און וויסן און מסביר זיין אויך צו חברה'טעס,

נוסף אויך אויף זיי אריינציען אין "צבאות השם",

וואס אע"פ אז לכאו' צבא האט קיין שייכות ניט צו נשים, דאס איז דאך מערניט א ענין פאר אנשים,

איז דאס אבער ניט דער דין אזוי בנוגע צו מלחמת מצוה, וואס דא רעדט זיך דאך וועגן מלחמת מצוה אנטקעגן דעם יצר, וואס אט דעמאלט איז אפילו כלה מחופתו גייט ארויס און משתתף און נעמט אייגנטליך אין מלחמת מצוה.

ובפרט אז דאס איז א מלחמת מצוה ווי דערציילט אין פרשת יתרו דער ענין פון מ"ת, וואס "בראתי יצה"ר בראתי לו תורה תבלין", און ווי געבראכט אין דעם פריערדיקן פארברייינגען אט דאס וואס די גמ' זאגט "הלא כה דברי כאש וכפטיש יפוצץ סלע", אם פגע בך מנוול זה איז נעם אים אריין אין ביהמ"ד, אם סלע הוא און אם ברזל הוא מתמוגג - דורך דעריויף ווערט בטל דער יצר,

געפינט מען ביי מ"ת אז ניט נאר אז נשים זיינען בשווה צו אנשים, נאר כמדובר לעיל אדרבה - די הקדמה איז גאר געווען, און ס'איז געווען א תנאי כדי צו באווארענען אז ס'זאל ניט זיין ווי ס'איז געווען ביי חטא הראשון האט געמוזט זיין פריער "כה תאמר לבית יעקב" און ערשט דערנאך "תגיד לבנ"י".

וואס דאס מיינט מען ניט ח"ו אנרירן דעם כבוד פון די אינגעלאך, (כ"ק אד"ש חייך) אבער מסביר זיין יעדער ענין לאמיתתו וואס דאס איז שוין אויך שייכות הבנה והסברה בזה.

און דער עיקר איז אז די מיידעלאך זאלן וויסן דעם גודל הזכות וואס זיי האבן נוסף בנוגע לעצמם און צו זייערע חברה'טעס, נאר אויך אז דאס איז מכשיר און מקדים און מאכט לייכטער די וועג פאר די אינגעלאך אז זיי זאלן טאן את המוטל עליהם בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי מ"ת.

וואס מ"ת כמדובר איז פארבונדן מיט די ערבות וואס מ'זאגט אז "בנינו עורבים בעדינו" וואס דוקא דורך דעריויף ווערט פארזיכערט נצחיות התורה אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו, בשעת ס'איז דא דער נער און די נערה וועו זיי זיינען נאך קטני קטנים, ובמיוחד ובהדגשה אין שנת הקהל אז דאס איז ניט סתם קטנים נאר "טף" וואס דאס איז קטני קטנים,

און מ'קלייבט זיי צוזאמען "האנשים והנשים והטף למען ישמעו ושמרו את כל **דברי התורה הזאת"** סיי מל"ת און סיי מ"ע חתם סיי מ"ע שהזמ"ג איז דאס אויך שייכות בנוגע לנשים.

נוסף ווי דער אלטער רבי איז דאס מסביר ווי דערמאנט פריער אין סוף פרק ראשון מהל' ת"ת שלו, איז דאס אויך וואס בדורנו זה זעט מען דאך בפשטות אז ס'איז דא בכמה נשים ובנות בישראל וואס זייער שליחות בעלמא דין איז אויף מלמד זיין און מדריך זיין אידישע קינדער כולל אויך אידישע אינגעלאך אין לימוד התורה וקיום מצוותי',

ובפרט ווי מ'זעט בפועל בנוגע צו קטני קטנים איז סיי אינגעלאך און סיי מיידעלאך ברובא דרובא ליגט דאס בדוקא בידי נשים ובנות בישראל, ניט ביי אנשים ובנים.

צי דאס איז ריכטיק צי ניט ריכטיק אבער די מציאות איז אזא מין, און זיי שטעלן אויף די "צבאות ה'" אויף גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו.

וואס דאס איז דאך אויך כמדובר דער תוכן פון פרשת שבוע זה, דער ענין פון פרשת יתרו;

און אויך דער ענין פון חמשה עשר בשבט כמדובר אז "האדם עץ השדה" - אז מ'דארף האבן דעם פרי האילן וואס דערפאר איז דאך דער מנהג פארבונדן דוקא מיט דעם ענין פון דוקא עסן די פירות פון דעם אילן.

וואס ווי אזוי ווערט א פרי אין א אילן, איז דאס אויך דורך דערויף וואס ס'איז דא די חתונה און די השתתפות און דער יחוד פון מים דכורים מיט מים דנוקבא, כמבואר אין ספרי חכמי הטבע, און נאכמערער ווי מבואר אין קבלה און אין חסידות און אויך אין נגלה, ווי ער זאגט אין מדרש אז ס'איז געווען א תמר אין בבל און א תמר אין א"י און ס'האט ניט געקענט זיין קיין פירות משניהם סיידן דורך דערויף וואס דערנאך איז געקומען דער צירוף שלהם,

וכמבואר בארוכה, וכמדובר אז אזוי איז דאס אויך ע"פ חכמת הטבע שהטביע הקב"ה בעולמו,

וואס דאס איז אויך א נקודה בנוגע צו די התוועדות און דער כינוס וואס זיי וועלן מאכן ובודאי ברוב פאר והדר, און ברוב עם הדרת מלך פון אנשים ונשים, און דער עיקר פון אסאך ילדים וילדות, נערים ונערות, סיי אסאך בכמות און אויך אסאך באיכות,

און אין אן אופן אז יעדערער פון זיי זאל ווערן אן "עץ פרי עושה פרי למינהו" - אז יעדער אינגעלע און יעדער מיידעלע זאלן ארייננציען אין צבאות השם אלע זייערע חברים (און די מיידעלאך זייער חברה'טעס) אט די חברים און חברה'טעס וואס מאיזה סיבה שתהי' זיינען זיי נאך ניט דערוויילע אין צבאות ה',

וכמדובר דאס איז א מלחמת מצוה און דאס איז מלחמת היצר איז דאס שניהם בשוה, ואדרבה - הנשים קודמין,

און דאס זאל אויך זיין די הקדמה קרובה, פונקט אזוי ווי ס'איז געווען באם "תעבדון את האלקים על ההר הזה" פון מ"ת, איז דאך אויך דערנאך געווען דער צווייטער ענין וואס הנשים קודמין, דער ענין פון בנין המשכן וואס משכן איקרי מקדש,

גייען צבאות השם בדוגמא וואס "יצאו כל ישראל לצבאותם" בימי צאתך מאמ"צ, אט אזוי אויך ביים ארויסגיין פון איצטיקן גלות.

אזוי אבער אז ס'איז ידוע די דוגמא וואס נשיא דורינו האט געזאגט, בשעת מ'האט ביי אים געפרעגט די שאלה, אז בשעת ער שטורעמט "לאלתר לתשובה לאלתר לגאולה" און טייטשט אפ אז "לאלתר" מיינט מען דאס בפשטות אין גיכן, ובזהד ע"ז פארפירט ער זיך מיט תכניות און פלענער פון בויען ישיבות און מחנך זיין קינדער, וואס דאס דארף נעמען כמה שנים לויט דעם מצב פון גלות ווארום דערנאך וועט דאס איבערנעמען משיח,

האט ער אויף דערויף געענטפערט: אז כבר הי' לעולמים!

מקרא מלא דיבר הכתוב אין חומש, אז בשעת מ'איז געגאנגען אין מדבר, איז מען געגאנגען מיטן משכן, און דערנאך איז געווען אז מ'איז געגאנגען צום מסע שני (צו א צווייטן ארט) האט מען געדארפט פאנאנדערנעמען און דערנאך צוריק אויפשטעלן אין דעם מקום וואו ס'איז געווען "ויחנו" פון דעם "ויסעו".

- זאגט ער אין חומש בפירוש אז ס'איז געווען אזא מין "ויחנו" וואס ווי רש"י טייטשט דאס אפ איז מען דארט געווען ח"י שנים אכצן יאר נאכאנאנט אויפן זעלבן ארט, איז פארשטאנדיק די גאנצע טירחא מיט אויפשטעלן מיטן גאנצן שטורעם שבדבר.

דערנאך זאגט ער אין חומש אז ס'איז געווען אזא מין מסע וואס ס'איז געווען מערניט וואס מ'איז געקומען בבקר און אועקגעגאנגען בערב, צי בערב און מ'איז אוועקגעגאנגען בבקר.

אדער יומם ולילה, ויסעו.

זעט מען דאך אז צוליב איין נאכט, אדער צוליב איין מעת-לעת, האט מען געמאכט דעם גאנצן אויפשטעלן דעם משכן דאיקרי מקדש מתחילתו ועד סופו מיט די אלע דיוקים פונקט אין דעם אופן וואס ער איז געווען אויפגעשטעלט אין דעם ארט וואו מ'איז געווען ח"י שנים אין מדבר קדש!

וואס אזוי איז אויך בנוגע לענינינו:

אז משיח קומט "נאו", אבער אעפ"כ דארף א איד טאן יעדער רגע וואס ער האט נאך אין זמן הגלות מיטן גאנצן שטורעם און מיט די גאנצע פארנעם [illegible] מיט די גאנצע ברייטקייט, און מ'גיט אים כח אויף צו טאן אין אזא מין אופן אויף אריינבציען האנשים והנשים והטף, כאמור לעיל יעדער אינגעלע צו אלע אינגעלאך וואס ער קען דערגרייכן און יעדער מיידעלע צו אלע מיידעלאך וואס זי קען דערגרייכן, ואדרבה - דאס ברענגט אין דעם "נאו" גופא קען דאך זיין מיט א "סעקונדע" פריער, מיט א רגע פריער, דורך דערויף וואס מ'וועט טאן אין אזא מין אופן וועט דער "נאו" זיין מיט א רגע פריער.

און די טענה אז לאחרי וואס מ'איז אין גלות 1900 יאר איז וואס שפילט דאס א ראלע נאך א רגע?! און וואס צוליב דערויף דארף מען שטערן דעם שלאפן און שפילן זיך און עסן כשר'ע קענדי וכיו"ב -

איז מען מסביר דעם קינד אז דער אויבערשטער געפינט זיך צוזאמען מיט אים אין גלות, און דער אויבערשטער איז א ממה"מ הקב"ה, און ער האט אלף אלפים ישמשוני' און רבוא רבבא קדמוהי יקומון, איז אז דער אויבערשטער געפינט זיך אין גלות געפינען זיך דארטן אלף אלפי אלפים מלאכים ורבוא רבבות מלאכים!

און דערנאך אז מ'וועט מסביר זיין דעם קינד וויפל דאס קומט אויס רבוא רבבות אין "פעני'ס" וועט דאס אויסקומען אז אפילו דער "טרעזשורער" אין וואשינגטאן פון דעם אדון הגדול האט ניט אזויפיל רבוא רבבות ואלפי [illegible] פעני'ס וויפל דער אויבערשטער האט מלאכים,

און זיי אלע געפינען זיך אין גלות,

און יעדער רגע איז דאס ניט איין רגע, דאס איז א רגע פון שכינתא בגלותא, דאס איז א רגע פון יעדער מלאך, במילא ווערט דאס אלפי אלפים רגעים פון די ישמשוני' און רבוא רבבות רגעים פון די וואס קדמוהי יקומון,

נוסף אויף דערויף וואס דאס נעמט ארייך זיין פאטער און זיין מוטער און זיין ברודער און זיין שוועסטער אדער איר פאטער און איר מוטער און איר ברודער און איר שוועסטער.

דערנאך איז מען נאך מוסיף אז מ'זאל וויסן אז כל זמן דער אינגעלע און די מיידעלע איז ניט ארויס פון גלות איז אלע נשמות פון אלע אידן פון משך כל הדורות כולם געפינען זיך איצטער אין גלות!

ס'איז ניט דער פשט אז די אידן וואס האבן געלעבט בזמן הבית האט דער גלות ניט אנגערירט - דאס איז היפך פון דאס וואס הורת אמת זאגט! - הורת אמת זאגט אז בשעת ס'איז געווען "נתרחקנו מעל אדמתנו" און בשעה ס'איז געווען "גלינו מארצנו" איז געווארן א הסתר והעלם אלקות בכל העולמות כולם!

ס'איז קיין סתירה ניט פון דעם סיפור הידוע געדרוקט פון ר' הלל פאריטשער, אז בא רשב"י איז קיין גלות ניט געווען ווארום ער איז געווען למעלה מכל ענין החורבן, אעפ"כ איז א דבר ברור אז רשב"י האט זיך געפירט תשעה באב אלע מנהגים פון תשעה באב, געפארן אין רומי כדי צו מבטל זיין גזירות פון מלכות רומי הרשעה האט ער זיך געמוזט באהאלטן אין שלא כדרך הרגיל אין גלות גופא גלות לפנים מגלות פריער צוועלף יאר אין מערה און דערנאך א דרייצנטן יאר אין מערה און רופט דאס בפירוש אן אז דאס איז **צער** מערה, א ענין של גלות!

ועד"ז אז מ'זאגט "אנכי" גלו לבבל שכינה עמהם, אנכי עמהם בצרה, איז דאס **אנכי** איז עמהם בצרה! העכער פון אלקים, העכער פון ה', אנכי דלא איתרמיז לא בשום אות ולא בשום קוץ.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ס'וועט קומען מיט איין און איינציקער רגע פריער איז דאס א זמן ארוך ביותר בכמות, עאכו"כ ווי דער ענין איז באיכות.

וכאמור - א קינד וועט גאר ניט פרעגן די קשיא, דאס וואס מ'דארף באווארענען - אן עלטערן זאל ניט פרעגן די קשיא!

וכמדובר, אז דער וואס איז א בעל שכל, איז ביי אים דער שכל מעלים אויף אמונה פשוטה, מעלים אויף מס"נ, במילא דארף מען זיך מיט אים אויס'טענה'ן, במילא האט ער קשיות וואס האט אן ארט אין זיין שכל, און קשיות וואס ער האט אן ארט אין שכל - קומט ער צו א קשיא משונה.

וואס אין כאן המקום להאריך אין א ענין ווי אזוי די קינדער זיינען העכער פון (כ"ק אד"ש חייך) זייערע עלטערן זיי קענען דאס נעמען און אפלערנען דערפון וואס ס'דארף זיין מיט "כבד את אביך ואת אמך", און אין דערויף פועל זיין ביי זיי נעשה קודם לנשמע - איז גלייכער אז זיי זאלן ניט האבן דעם אריכות הביאור בזה, און זאלן גלויבן און האלטן פון דעם טאטן און די מוטער אז דער פאטער איז דאס דוגמת אבינו שבשמים כביכול, און די מוטער איז דאס בדוגמת פון כנסת ישראל, און זיי זיינען די קינדער ווארום זכו איז שכינה שרוי' ביניהם פון דער איש ואשה.

וואס דאס איז בכללות אט די נקודה וואס זיכער וועט מען דאס זיי מסביר זיין און אין שפת המדינה, און אין אנדערע מדינות אין יענע שפות ולשונות, כפטיש יפוצץ סלע,

און דער עיקר איז אז ס'זאל זיין אם ברזל הוא נימוח אם אבן הוא מתפוצץ, עאכו"כ אז ח"ו חושד זיין א אידן אז ער האט א יצה"ר כברזל און א יצה"ר כאבן, מ'איז אזוי שוואך בגשמיות אז אפילו דער יצה"ר איז שוין אויך אפגעשוואכט געווארן,

מ'דארף אים מערניט ווי ניט צולאזן אויפהויבן די קאפ, וואס באמת איז דאך דאס ניט קיין קאפ, דאס איז פארבונדן מיטן זנב פון נחש הקדמוני, נאר וואדען בכדי ס'זאל זיין דער ענין פון בחירה איז דאס בדוגמא פון ראש ושכל אע"פ וואס דאס איז א ענין פון זקן וכסיל,

און דער עיקר איז המעשה הוא העיקר:

אז די קינדער זאלן דאס טאן אין די אלע ענינים האמורים ועוד כהנה וכהנה און גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו "נאו",

בשמחה ובטוב לבב.

* * *

**ו.** אויף צו אויך מסיים זיין אט דאס וואס מ'האט גערעגט אין די התוועדות הקודמת וואס איין שאלה איז געווען מ'האט געזאגט בנוגע די התוועדות פון יום ההילולא וואס איז געווען ביום חמישי, אז בנוגע צו מן בינון השישי רעדט זיך ערשט אין דעם שיעור פון יום חמישי, ניט צווישן חמישי און שישי,

איז דאך געווען אין דערויף די הערה, אז מ'רעדט דאך אדרבה - דער אויבערשטער האט דאס געזאגט איז שטייט שוין אין דעם שיעור פון יום החמישי נאך פאר ס'קומט צו שישי,

איז דער ביאור בזה אויך בפשטות:

ס'האט זיך דעמאלט גערעדט ווי אזוי דער מן איז אראפגעקומען צו אידן, במילא איז דא נוגע ווי מ'רעדט דאס אידן,

אט דאס איז נאכמער די הדגשה בזה:

משה רבינו איז מעצמו מובן אז וויבאלד דער אויבערשטער האט אים געזאגט האט ער דאס דערנאך איבערגעזאגט אידן, וואס עפ"ז לכאו' אפי' אז ס'וואלט ניט געשטאנען אין שיעור פון יום השישי אז משה רבינו האט דאס איבערגעגעבן אידן איז דאס שוין משמע ובפשטות פון דעם שיעור פון יום החמישי.

אט דא איז אבער אן אויסנאם יוצא מן הכלל נפלא לגבי שאר כל ההורה כולה ווי רש"י ברייננגט אראפ (וואס דאס איז פשש"מ) נאך דערויף ווי דער אויבערשטער האט געזאגט מ"ר דעם ענין המן מיט די גאנצע אריכות ווי עס ווערט דערציילט אין דעם שיעור פון יום חמישי, האט מ"ר איבערגעגעבן אלץ צו אידן, אע"פ וואס בפועל שטייט דאס אין דעם שיעור פון יום חמישי, דערנאך שטייט בפשטות אין פשש"מ אז דער ענין פון מן ווי ער איז פארבונדן מיט יום השישי האט משה רבינו ניט דערציילט אידן!

ביז וואנעט ס'איז געקומען יום השישי בפשטות, און ס'איז געקומען דער שיעור פון יום השישי אין דער סדרה און דארטן ווערט דערציילט אז זיי האבן געזעהן ביום השישי אז זיי האבן אן עומר כפליים, "שני העומר לאחד" זיינען זיי ערשט דעמאלט געקומען צו מ"ר האט מ"ר זיי געזאגט אז איר זאלט וויסן זיין אז דער אויבערשטער האט געזאגט ווי אזוי ס'וועט זיין פרייטאג דער ענין פון מן הנוגע מיט אלע פרטי הדברים.

ד.ה. אז ניט נאר אז דא איז ניט געווען די אמירה בפועל ממש, נאר אדרבה -
ד.ה. אז ניט נאר אז דא איז ניט געווען די אמירה בפועל ממש. נאר אדרבה -
דא איז די הדגשה אין הושב"כ אז מ"ר האט דאס מערב געווען, און האט דאס ניט איבערגעגעבן אידן אין דעם שיעור פון יום חמישי, דאס איז געבליבן ביי משה'ן,

און ווען קומט דאס אויס צו אידן, אפי' אין אמירת משה בשם הקב"ה - קומט דאס ערשט ארויס אין יום השישי אין דעם שיעור פון יום השישי.

עד"ז איז געווען א שאלה:

אט דאס וואס ס'האט זיך גערעדט "בתפים ובמחולות" מיט די גאנצע אריכות וואס ס'האט זיך גערעדט שבת, וואס דארט האט מען געזאגט אז רש"י איז דארט מבאר אז "בתופים" איז דאס א כלי זמר, פארוואס דארף דאס רש"י מבאר זיין - דערפאר וואס "תפים" איז ביז דעמאלט ניט דערמאנט, אע"פ וואס אזוי כלי זמר זיינען דערמאנט נאך אין פרשת בראשית אין דער ערשטער סדרה פון פרשת בראשית, איז געווען אויף דערויף די הערה:

ס'רעדט זיך און דערמאנט דער "בתף וכינור" אין פרשת ויצא ווי לבן האט געזאגט יעקב אבינו, אז "למה רימיתני" - אזוי וואלט ער זיי געגאנגען באגלייטן בתוף וכינור.

אין דערויף קומט צו כמה דיוקים:

אויב דער בן חמש למקרא בימי רש"י וויים ניט וואס איז דאס א "תף" בלשון קדש, האט דאס רש"י אים געדארפט מפרש זיין ווען ס'שטייט דעם ערשטן מאל אין חומש.

אבער ניט פארלאזן זיך אז דעם ערשטן מאל וועט ער וויסן און די צווייטע מאל וועט ער ניט וויסן, און ערשט דעמאלט דארף מען דאס באווארענען.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דארט וואו "תף" דארף האבן א ביאור, איז דאס דוקא ווי "תף" ווערט געבראכט אין דער פרשה פון בשלח פון די שבת שעבר דמיני' מתברכין כולי יומי', און דערפאר דוקא דארטן איז רש"י מפרש משא"כ בתף וכינור דארף רש"י ניט מפרש זיין, ווארום דארט האט דער בן חמש למקרא קיין שאלה ניט וואס "תף" איז - וויים ער, און קיין קשיא איז דאס ביי אים ניט מעורר דערפאר דארף רש"י אים ניט מפרש זיין.

אט דא וואס ס'שטייט דא דער ענין פון "תף", הויבט זיך אן אן אזוי ווי מרים האט געוואלט זאגן שירה האט זי גענומען "ותקח התף בידה" און האט געזאגט שירה און דערנאך "ותצאנה כל הנשים אחרי'" אויך "בתופים ובמחולות".

בשעת ס'שטייט דער ענין פון ויצא, שטייט אז לבן האט געזאגט יעקב אז ווי ס'פירט זיך (און ווי ער וואלט זיך געפירט) אז בשעת מ'באלייט "הבנים בני והבנות בנותי וכל אשר אתה רואה לי הוא" באלייט מען דאס אין א אופן של שמחה במילא וואלט ער אויך באלייט בתף ובכינור,

וואס דארטן וויסנדיק וואס א "תף" איז האט דער בן חמש למקרא קיין שאלה ניט. במילא דארף אים רש"י פארענטפערן אפטייטשן אליין איז ניט אזוי נוגע.

בשעת ס'קומט אבער אין פרשת בשלח ווערט באם בן חמש א שאלה:

ס'שטייט א מרים האט גענומען דעם תף כדי ס'זאל קענען זיין "ותשר מרים",

א קינד ווייס אויף וואס מ׳נוצט א "תף", א "תף" איז ניט קיין כלי זמר,

בשעת ס׳איז דא א כינור, א פידל, איז א כינור איז א ענין וואס גיט ארויס פון זיך אליין א זמר, א שירה וזמרה א ניגון וכו׳, עד"ז כו"כ כלי שיר וזמר,

דער ענין פון א "תף" ווי מ׳זעט דאס בפשטות איז ניט דער ענין אז מ׳קלאפט א "תף" קומט ארויס א ניגון, ניטא אזא מין תוף, ס׳קומט ניט ארויס קיין ניגון, ס׳קומט ניט ארויס קיין שיר, ס׳קומט ניט ארויס קיין זמר קיינע ענינים ניט.

בשעת אבער מ׳דארף א ענין וואס איז פארבונדן מיט "מחולות" מיט טאנצן, וואס דעמאלט דארף מען דאך טאנצן מיט א קצב מיוחד, א באשטימטן סדר, א צעד לפנים א צעד לאחור וכיו"ב,

בשעת א קינד אויך בזמן רש"י האט געזען אז בשעת ס׳גייט א גדוד ברחוב און מ׳וויל ער זאל גיין באופן מסודר, איז גייט לפניו איינער וואס האלט א תף און קלאפט אין דעם תף וואס דורך דעריוף ווייס מען צי מ׳זאל גיין שנעלער צי לאנגעזאמער צי אפשטעלן זיך צו לויפן וכיו"ב.

בשעת אבער ס׳איז געווען "ותשר מרים" זי האט געוואלט זינגען א ניגון - וואו פאסט דארטן א ענין נעמען א באראבאן?!

אט דאס איז רש"י מחדש, ביי "תף וכינור" איז ביים קינד קיין קשיא ניט ווארום דעמאלט איז געווען א הליכה מחרן אין אה"ק במילא איז מען געגאנגען בתף וכינור פונקט אזוי ווי ער זעט ביי זיך אין גאס, אז דער כינור גיט ארויס א ניגון, און דער תף אז מ׳קלאפט אין דעם "תף" גייט מען שנעלער גייט מען לייגזאמער גייט מען פריילעכער לויפט מען וכיו"ב,

- אט דא הויבט זיך אן ניט "בתופים ובמחולות", ס׳הויבט זיך אן פאר דעריוף אז מרים האט גענומען א "תף",

- און וואס האט זי דערמיט געטאן - זי האט דאס געדארפט האבן צו "ותשר מרים"?! ווערט דעמאלט גלייך די שאלה פארוואס האט משה רבינו ניט גענומען קיין תף, דא איז דאך אויך געווען א שירה,

אבער דאס איז ביים בן חמש למקרא קיין שאלה ניט, ווייל אויף צו זינגען א ניגון דארף מען ניט האבן קיין באראבאן,

איז רש"י מחדש אז נוסף אויף דעריוף אז א תף קען באווייזן ווי אזוי ס׳זאל זיין די הליכה, איז אויך א תף איז דאס א "מין כלי זמר הוא", אז מ׳קען אזוי קלאפן אין דעם תף אז פון דעם זאל אויך ארויסקומען א זמר,

במילא בשעת מרים האט געוואלט זאגן "ותשר מרים", האט זי אויך "ותקח התף בידה" כדי דער תף זאל איר העלפן ניט ווי זי זאל גייען - זי איז אין ערגעץ ניט געגאנגען, ניט ווי זי זאל טאנצן - ס׳שטייט ניט אז זי האט געטאנצט!

נאר דאס זאל איר העלפן אין איר זמן און אין שירה דורך דעריוף וואס זי האט א כלי זמר וואס באווייזט ווי אזוי דער זמר זאל גיין, צי שנעלער צי לייגגעזאמער צי פריילעכער צי ניט אזוי פריילעך וכו׳,

וואס עפ"ז איז באכמער מודגש פארוואס רש"י פארבונדט אין דעם צווייטן דיבור המתחיל "ובתופים ובמחולות",

ס'איז פארשטאנדיק פארוואס ווען ס'שטייט "בתוף ובכינור" דארף רש"י ניט מפרש זיין, און ס'איז פארשטאנדיק פארוואס דוקא דא איז דאס רש"י מדייק פון "הוציאו תפים ממצרים", משא"כ ווי ער זאגט אין מכילתא:

אין מכילתא רעדט ער ניט וועגן נשים צדקניות שבדור, נאר סתם צדקניות.

מיט נאך כמה דיוקים שבדבר.

וואס כאן אויך המקום עכ"פ בקיצור וואס ס'האט זיך געדעדט דער חילוק וואס רש"י זאגט "כפטיש יפוצץ סלע" אין דער התחלת הפסוק ווי אין פ' וישלח, און מיט התחלת הפסוק אין פ' וארא "הלא כה דברי כאש" און איז מחלק: דארט זאגט רש"י מתחלק לטעמים, און דא זאגט רש"י "מתחלק לנצוצות".

וואס דא איז כמובן, דער חילוק צווישן נצוצות און טעמים איז מן הקצה אל הקצה:

אז מ'וועט פרעגן א בן חמש למקרא אדער אפילו א דערוואקסענעם אז בשעת ס'שפריצט פונקען צי ס'איז דא א חילוק צווישן איין פונק און דעם צווייטן, וועט ער זאגט אז ער קען דאס ניט מבחין זיין, כאן

ער זעט נאר אז דער פליט אין איין זייט און דער פליט איז א צווייטער זייט.

אבער זאגן אז דאס איז צוויי מאל די גרויס, איין מאל די גרויס וכו' - ניט דאס זעט זיך אן אין ניצוצות,

בשעת מ'וועט ביי אים פרעגן וואס איז דער ענין "מתחלק לטעמים" - דער גאנצער ענין פון טעמים לשון רבים איז אויב ס'איז דער זעלבער טעם איז דאס ניט קיין לשון רבים! איז דאס טעם לשון יחיד!

דער גאנצער ענין פון טעמים איז אז דאס איז **מתחלק** ביניהם און אין דערויף באשטייט דער חילוק:

בשעת אט דא ווי די קשיא איז וארא אז בײדע ענינים זיינען פשוטם של דברים: ס'איז מוכרח ע"פ פשוטו של מקרא שלפני פרשה וארא, אז דער אויבערשטער מוז אים זאגן "חבל על דאבדין", ס'איז אויך מוכרח ווי ס'שטייט בפירוש אין פשש"מ אז דער אויבערשטער האט אים געזאגט ווי רש"י איז מפרש פשש"מ אין וארא.

במילא האט דאס דעם זעלבן דעם טעם, דעם זעלבן פשש"מ.

די נפק"מ איז נאר, אז דאס געפינט זיך אין איין חלק פון תורה אין תושב"כ וואס דער אויבערשטער האט געזאגט, - דער ענין פון "חבל על דאבדין" איז דער זעלבער "ניצוץ" פון דעם זעלבן פריער מיטן זעלבן פארנעם, ער געפינט זיך אבער במקום אחר - ער געפינט זיך אין מדרש!

דער חילוק אין וישלח איז דארט איז ניט דער חילוק דער ארט וואו ער געפינט זיך, דארט איז א חילוק אין דעם קשר ווי דאס האט מיט פשש"מ, און אין דעם קשר ווי דאס איז געשמאק צי ע"ד הדרוש צי דאס איז דער געשמאק ע"ד הפשט.

וואס דערפאר איז דארט קען דאס זיין אפילו פון א סלע, כמדובר, אז בשעת מ'צעקלאפט א סלע איז דעמאלט איז ניטא קיין צוויי גלייכע שפאלטן, יעדער חלק הסלע וואס ווערט פון כפטיש יפוצץ סלע איז אי אפשר לצמצם ע"י דין, און ווי ער בן חמש זעט דאס אויך בפשטות: ס'איז דא א חילוק דער איז גרעסער דער איז קלענער,

דער איז פירקאנטיקער און דער איז קיילעכדיקער, און דער איז שפיציק און דער איז בלי ניצוצות איז פונקט פארקערט.

וואס דערפאר בשעת רש"י ברייננגט אין א ענין וואס דארט איז דער זעלבער פארנעם און דער זעלבער פייער, דארף רש"י זאגן "מתחלק לנצוצות", און קען ניט זאגן מתחלק לטעמים: ס'איז דער זעלבער געשמאק אין פשטות הדברים, צי מ'וועט זאגן "חבל על דאבדין ולא משתכחין" אדער מ'וועט זאגן די טעמים וואס ס'שטייט אין הושב"כ, ס'איז נאר א חילוק וואו דער ענין שטייט דערפאר איז דאס מתחלק לניצוצות.

- מתחלק לניצוצין קען דאס ניט האבן קיין שייכות צו סלע, דארף רש"י ברייננגען "הלא כה דברי כאש".

משא"כ אין פרשת וישלח וואס דארטן רעדט זיך מתחלק לטעמים, ניט ביידע זיינען אין דער זעלבער גרויס נאר אדרבה - זיי זיינען גאר מחולק כמדובר, און אין דערויף באשטייט דער אונטערשייד, אט דארט איז ניט נוגע די התחלת הכתוב "הלא כה דברי כאש" ואדרבה - דעמאלט וואלט דאס געדארפט זיין "ניצוצות" מיטן זעלבן געשמאק מיטן זעלבן פייער מיטן זעלבן חיות.

ויה"ר אז ס'איז דא איינע פון די ענינים פון לע"ל איז, אז דאס וואס די גמ' זאגט אז "כפטיש יפוצץ סלע" זאגט דאך די גמ' איז זבת אז אזוי איז תורה זיך מתחלק לע' לשונות.

און אויך ווי די גמ' זאגט אין קידושין ובכ"מ אז "כפטיש יפוצץ סלע אם אבן הוא נימוח" ביז וואנעט אז ס'ווערט איינגאנצן אויס מציאות - "את רוח הטומאה אעביר מן הארץ", און די ביידע ענינים זיינען ביידע לע"ל בביאת משיח צדקנו,

איז דעמאלט "אהפוך אל העמים כולם לעבדו כולם שכם אחד", און אויך פארבונדן - פון וואנעט וועלן זיי וויסן ווי אזוי "לעבדו" - דורך דערויף וואס מתחלק לע' לשונות.

זאל דאס זיין בקרוב ממש, און אין א אופן פון "נאו", כמדובר כמ"פ למטה מעשה טפחים, ובשמחה ובטוב לבב.

צוה לנגן ניגון הכנה, ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א) ניע זשוריצי.

אח"כ אמר: אזוי ווי דער מארגנדיקער כינוס פון די קינדער וועט זיין בהמשך צו דעם פארברייננגען, וועט מען אפשר מיטנעמען אט דאס (כתן המזונות להר' י.י.ה. ואמר לו) איר האט אילרע סגולים אויך? דריי? התחיל לנגן ניעט ניעט.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

* * *

א. די התוועדות קומט בהמשך צו דער התוועדות שלפנ"ז, אבער אעפ"כ איז זי שייך לכל לראש מיט דעם ענין מיוחד פון דעם שבת,

ווארום אע"פ אז שבת האט א פעולה אויף די ימים שלפנ"ז און אויף די ימים שלאח"ז - איז אבער לכל לראש דא דער ענין מיוחד פון שבת ווי ער איז בפ"ע.

ב. דער ענין מיוחד פון דעם שבת איז - דער ענין פון מתן תורה, ווארום ס'איז שבת פרשה יתרו, שבת פרשה מתן תורה. (מ'לייענט דעמולט וועגן דעם ענין פון מ"ת).

ובפרט ע"פ וואס מ'האט גערעדט אמאל בארוכה, אז אויך אין דעם שם פון דער סדרה, "יתרו", איז מרומז דער ענין פון מ"ת, ווארום דער ענין פון תורה איז דאך - אז ס'זאל צוקומען אין וועלט ווי זי איז מצ"ע, וואס דאס איז אויך ענינו פון דעם נאמען "יתרו" - דער ענין פון יתרון והוספה.

וואס דער ענין אז ס'זאל צוקומען א הוספה - איז דער טעם אויף גאנץ סדר השתלשלות, מיט דעם גאנצן סטורעם שבזה, און פון דער ירידה און פון די עלי', וואס דאס איז אלץ געווען צוליב דער הוספה און יתרון וואס וועט דערנאך ארויסקומען,

וכמבואר אין חסידות אז דער טעם אויף בריאת העולמות איז - דערפאר וואס "נתאוה הקב"ה להיות לו (ית'[2]) דירה בתחתונים"[3], ד.ה. בכדי אז מ'זאל ממשיך זיין א הוספה ויתרון פון אלקות אין "התחתונים".

וואס דער טעם פון "נתאוה הקב"ה להיות לו ית' דירה בתחתונים" (דער ענין פון פ' "יתרו"), איז דער טעם עיקרי אויף בריאת העולמות, ווארום אויך לאחרי כל הטעמים וואס מ'גיט אויף בריאת העולמות - דארף מען אנקומען צו דעם וואס דער אלטער רבי זאגט, און ס'ווערט אראפגעבראכט אין המשך הרס"ו[4] ובכמה מקומות אין חסידות[5], אז דער טעם אויף בריאת העולמות איז דערפאר וואס "נתאוה הקב"ה להיות לו ית' דירה בתחתונים", וואס "אויף א תאוה איז קיין קשיא"

ג. אע"פ וואס לאחרי כל הטעמים וואס מ'גיט אויף בריאת

- העולם -

------------

1) וראה גם לקו"ש הט"ז ע' 200. 2) ראה לקו"ש דברים תשל"ז ס"ו ואילך. 3) ראה תנחומא נשא טז. בחוקותי ג. בכדב"ר פי"ג, ו. תניא רפל"ו. 4) ס"ע ז ואילך. 5) אוה"ת בלק ע' תתקצז.

העולם מוז מען אנקומען צו דעם וואס דער אלטער רבי זאגט אז דער טעם אויף בריאת העולם איז דערפאר וואס "נתאוה הקב"ה להיות לו ית' דירה בתחתונים" וואס "אויף א תאוה איז קיין קשיא" - אעפ"כ זיינען דא א ריבוי טעמים אויף דער בריאה [ווי אויך אראפגעבראכט אין המשך תרס"ו[6], וואו ער איז אויך מתווך ביניהם (און אין שבת פ' יתרו שטייט דער טעם פון "נתאוה הקב"ה להיות לו ית' דירה בתחתונים" - בהדגשה מיוחדת)]

והביאור בזה:

די בריאה איז דאך אין דעם גאנצן סדר ההשתלשלות, און יעדער סדר ודרגא - דארף דערפאר זיין א טעם אויף בריאת כל סדר ההשתלשלות לפי ענינו פון יעדער סדר ודרגא: פארן שכל - דארף זיין א טעם אין שכל אויף בריאת כל סדר ההשתלשלות, פארן רגש - דארף זיין א טעם אויף דערויף אין רגש און פארן עקב - דארף זיין א טעם אין קבלת עול, וכיו"ב.

וואס דערפאר קומט אויס, אז עס זיינען דא א ריבוי טעמים אויף בריאת העולמות - בכדי אז ס'זאל זיין א טעם פאר יעדער סדר ודרגא לפי ענינו.

ד. א דוגמא לדבר געפינט מען אויך בא תורה און בא מצוות, וואס זיי זיינען די מציאות פון א אידן - ווארום "אסתכל באורייתא וברא עלמא"[7]:

דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא[8] וועגן דער מעלה פון לימוד התורה אין אן אופן פון "כל עצמותי תאמרנה וגו'"[9], און ער ברענגט אויף דערויף אויך אראפ דעם מאמר רז"ל[10] אז "אם ערוכה בכל רמ"ח אברים משתמרת וכו'", ד.ה. אז לימוד התורה דארף דורכנעמען "כל עצמותי" און "כל רמ"ח אברים",

וואס וויבאלד אז דער לימוד התורה דארף דורכנעמען <u>יעדן</u> אבר און <u>יעדן</u> עצם - איז פארשטאנדיק, אז דער לימוד התורה דארף דורכנעמען יעדן אבר און עצם <u>לפי ענינו</u>: בשעת לימוד התורה נעמט-דורך דעם עקב - דארף עס דורכנעמען בענין קבלת עול, וואס דאס איז ענינו פון דעם עקב; עד"ז וועגן לימוד התורה נעמט-דורך דעם מוח שבראש - דארף עס דורכנעמען דעם אבר - מיט שכל, וואס דאס איז ענינו פון מוח שבראש; ועד"ז וועגן לימוד התורה נעמט-דורך דעם אבר הלב - דארף עס דורכנעמען דעם אבר לפי ענינו - מיט דעם ענין הרגש (ענינו פון דעם לב),

- וואס -

---

6) ע' ד ואילך. 7) זח"ב קסא, ב. 8) פל"ד (מז, א). 9) תהלים לה, י. 10) עירובין נד, רע"א.

וואס דערפון קומט אויס, אז דער פירוש פון "כל עצמותי תאמרנה" און פון "ערוכה בכל רמ"ח אברים" איז ניט נאר אז ס'דארף דורכנעמען "כל עצמותי" און "כל רמ"ח אברים" בשוה, נאר דער פירוש דערפון איז - אז (וויבאלד אז ס'דארף דורכנעמען "כל עצמותי" און "כל רמ"ח אברים", דארף זיין אז) דער לימוד התורה דארף דורכנעמען יעדן אבר ועצם לפי ענינו.

ה. וואס עד"ז איז דאס אויך בא מצוות, אז אע"פ אז אלע מצוות זיינען כלולות זו מזו, און זיי זיינען אלע שייך צו אלע אברי האדם - אעפ"כ איז יעדער מצוה כנגד אן אבר מיוחד.

והביאור בזה:

אע"פ אז די רמ"ח מצוות עשה זיינען כנגד די רמ"ח אברים [ע"ד ווי דאס איז למעלה אז די מצוות זיינען "רמ"ח אברים דמלכא"[11]] און יעדער מצוה איז לכאורה שייך נאר צו אן אבר מיוחד -

אעפ"כ זיינען אלע מצוות כלולות זו מזו, וכמרז"ל[12] "העוסק במצוה פטור מן המצוה", וואס דער פשט דערפון איז ניט אז ער איז דעמולט סתם פטור פון דער אנדער מצוה, ווארום דעמולט פעלט אים דאך די אנדער מצוה, נאר - אז ער דארף ניט טאן די אנדער מצוה, דערפאר וואס יעדער מצוה איז כלול פון אלע מצוות[13], איז בשעת ער איז עוסק אין איין מצוה האט ער בשעת מעשה אלע אנדערע מצוות.

וע"ד ווי דאס איז אין רמ"ח אברים כפשוטם, אז אע"פ אז יעדער אבר איז מיוחד לעצמו - אעפ"כ, איז דא דער דם וואס ער איז מייחד אלע אברים צוזאמען, וואס דוקא דעמולט זיינען זיי געזונטע אברים, און די הארץ איז געזונט,

און נוסף אויף דעם חיבור אין אלע רמ"ח אברים וואס דער דם טוט-אויף, טוט ער אויך אויף דעם חיבור פון די שס"ה גידים, וואס זיי האלטן-אויף און גיבן חיות צו די אברים, און - דעם חיבור פון כל מציאות האדם.

[ועד"ז איז עס אויך אין דער מצוה פון "ואהבת לרעך כמוך"[14], וואס ענינה איז צו כולל זיין אלע אידן צוזאמען[15],

וואס ער גיט אויף דערויף דעם משל אין אגה"ק[16], אז ע"ד ווי ביי אברי האדם איז "אם סבוב והילוך הדם חיים הלז הוא

- כהלכהו -

---

11) ראה תקו"ז ת"ל. הובא בתניא רפכ"ג. זח"א קע, ב.
12) סוכה כה, א. 13) המשך תרס"ו ס"ע סה. שם ע' הקכב. ס"ה עטר"ת ע' תסג ואילך. סה"מ הרפ"ח ע' קמג ואילך.
14) קדושים יט, יח. 15) ראה דרמ"צ מצות אהבת ישראל.
16) סל"א.

כהלכתו תמידי כסדרו . . אזי האדם בריא בתכלית כי כל האברים מקושרים יחד ומקבלים תיוהם הראוי להם מהלב ע"י סיבוב הלז" - עד"ז איז דאס אין נשמות, בשעת אלע נשמות זיינען דבוקים ומקושרות יחד, וואס דעמולט איז אויך די שכינה (כביכול) געזונט (דעמולט זאגט מען ניט אויף איר, אז "שכינתא איהי מרעא בגלותא כביכול", און דעמולט איז אויך די וועלט "געזונט")].

וואס מכל זה קומט אויס, אז אלע מצוות (כולל אויך די שס"ה מצוות לא תעשה) זיינען כלולות זו מזו, און זיי זיינען שייך צו אלע אברי וגידי האדם, און אעפ"כ, זיינען די מצוות צוטיילט, און יעדער מצות עשה איז כנגד איין אבר, און ווי ער איז מבאר אין ספר חרדים ווי יעדער מצוה איז שייך צו אן אבר מיוחד.

וואס דער ביאור בזה איז, ע"ד המבואר לעיל וועגן תורה, אז ע"פ וואס מצוות זיינען אן ענין כללי - דארפן זיי אבער דורכנעמען יעדן אבר לפי ענינו, וואס דערפאר זיינען מצוות אויך צוטיילט, אז יעדער מצוה איז כנגד אן אבר מיוחד.

ו. ע"ד ווי דאס איז אין תורה און מצוות אז "ההורה כללות ופרטות נאמדה"[17] (אז ס'איז דא אין זיי דער ענין כללי, דאס וואס זיי זיינען שייך צו אלע אברים, און ס'איז דא אין זיי די ענינים פרטיים, דאס וואס זיי זיינען צוטיילט, און זיי דארפן דורכנעמען יעדן אבר במיוחד) - עד"ז איז דאס אויך ביי אלע ענינים.

און עד"ז איז דאס אויך בענין השבת, וואס שבת איז דאך דער "חמדת ימים", איז דא אין שבת דער ענין ווי אלע טעג פון דער וואך זיינען כלול אין אים ביז אין אן אופן פון תענוג, "חמדת ימים"; ס'איז אבער אויך דא דער ענין מיוחד פון שבת ווי ער איז בפ"ע (כנ"ל ס"א).

נאך אן ענין פון "כללות" און "פרטות" אין שבת:

יעדער שבת נעמט זיך פון שבת בראשית (וואס דעמולט האט דער אויבערשטער שובת געווען פון די מלאכה פון די זעקס טעג, און ווי ס'איז געווען בשבת בראשית בפעם הראשונה הזר'ט זיך איבער בכל שבת), וואס דאס איז מקשר אלע שבתים יחד, אן קיין הילוק צווישן איין שבת מיט דעם צווייטן;

ס'איז אבער אויך דא דער ענין פרטי מיט וועלכן יעדער שבת איז אויסגעטיילט פון אלע אנדערע שבתים,

וואס בשבת זו איז דאס דער ענין פון מ"ת וואס איז

- פארבונדן -

------------

17) ראה חגיגה ו, ריש ע"ב. תו"כ ופרש"י ר"פ בהר.

פארבונדן מיט דעם ענין פון "יתרו", ד.ה. דער ענין פון אויפטאן א הוספה ויתרון אין עולם ווי ער איז מצ"ע (וכדלקמן).

ז. וואס ע"ד כל זה איז דאס אויך בענין בריאת העולמות, אז אע"פ וואס דער אלטער רבי זאגט אז דער טעם אויף דעם איז ווייל "נתאוה הקב"ה להיות לו ית' דירה בתחתונים" וואס "אויף א תאוה איז קיין קשיא" - אעפ"כ, וויבאלד די התהוות נעמט דורך יעדער סדר ודרגא פרטי, דארף דערפאר זיין א טעם פאר יעדער סדר ודרגא לפי ענינו.

ובעניננו: וויבאלד אז דער ענין הפרטי פון דעם שבת (בהוספה אויף דעם ענין כללי מיט וועלכער דער שבת איז משותף צו יעדער שבת, ובהוספה צו פעולתו אויף די טעג שלפנ"ז) איז (כנ"ל) - דער ענין פון מ"ת, וואס איז אויך מרומז אין דעם נאמען "יתרו", דער ענין וואס מ'טוט-אויף א הוספה ויתרון אין וועלט דורך תורה (כנ"ל) -

דערפאר איז אין דעם שבת דער טעם כללי אויף בריאת העולמות - דער ענין פון "נתאוה הקב"ה להיות לו ית' דירה בתחתונים", אז בריאת העולמות איז צוליב די הוספה ויתרון וואס ווערט אויפגעטאן אין וועלט דורך תורה.

ח. וואס אע"פ אז "תורה קדמה לעולם"[18] - דארף אבער אעפ"כ זיין א הוספה אין עולם דורך תורה,

ווארום, אע"פ אז "תורה קדמה לעולם" (האט תורה לכאורה קיין שייכות ניט מיט עולם) - איז דאך באשאפן געווארן א וועלט, און נאכמער: די וועלט איז גאר באשאפן געווארן "בשביל התורה (שנקראת ראשית)"[19] - איז דאך פארשטאנדיק, אז בשעת תורה מיט וועלט האבן יע א שייכות, איז די שייכות זייעדער - אז תורה איז פועל א הוספה ויתרון אין וועלט,

וואס דאס איז ענינו פון דעם נאמען פון דער סדרה "יתרו" בשייכות מיט מתן תורה, כנ"ל.

און וויבאלד אז תורה איז פועל א הוספה אין וועלט, איז "מדה כנגד מדה" - ס'ווערט דורך דעם אויך אויפגעטאן א הוספה אין תורה (נוסף אויף דעם ווי תורה איז "קדמה לעולם").

און אויך דאס זעט מען בפשטות אין דער סדרה "יתרו":

דער נאמען יתרו איז בפשטות "על שם שיתר פרשה אחת - בתורה" -

---

18) ראה מדרש תהלים צ, ד. ב"ר פ"ח, ב. וראה פסחים נד, א. ב"ר פ"א, ד. 19) פרש"י ר"פ בראשית.

הנחת התו' בלתי מוגה

בהורה"[20], ד.ה. אז ס'איז געווען תורה אײדער יתרו האט זיך מגייר געווען און אויפגעטאן די הוספה פון דער "פרשה אחת", און דערנאך האט ער אויפגעטאן א הוספה אין תורה.

ס. די הוספה וואס מ'טוט-אויף אין וועלט דורך תורה און די הוספה וואס קומט-צו אין תורה דורך דעם וואס זי געפינט זיך דא אין וועלט - דארף זיין א הוספה נוספת אויף דער שלימות וואס איז דא אין תורה און אין וועלט מצד עצמם:

דער ענין פון דער הוספה פון פ' יתרו (אין תורה, ועד"ז וואס תורה איז פועל אין וועלט) איז מרומז, כנ"ל, אין דעם וואס ער איז אנגערופן געווארן בשם "יתרו",

וואס (ווי ס'ברענגט זיך אין רש"י און אויך א בן חמש למקרא ווייס פון דעם -) אויך פאר דערויף האט ער געהייסן "יתר", נאר דערנאך, בשעת "יתר פרשה אחת בתורה" האט מען אים צוגעלייגט א וא"ו על שמו (וואס דאס איז ע"ש דעם ערשטן אות פון דער פרשה וואס ער האט מוסיף געווען בתורה, ע"ש דעם וא"ו פון "ואתה תחזה"), איז ער דעמולט אנגערופן געווארן "יתרו"[21],

ואדרבה: אויך דערנאך, בשעת מען האט אים גערופן "יתרו" - איז דאס דאך אויך בעיקר על שם די אותיות "יתר", ווי מ'זעט בפשטות, אז מ'וועט פרעגן ביי איינעם וואו איז אנגעוויזן אין דעם נאמען "יתרו" דער ענין פון הוספה - וועט ער ענטפערן אז דאס איז אין די אותיות "יתר", וואס זיי זיינען מלשון "יתרון",

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז נאך אײדער די הוספה מיוחדת וואס מ'טוט-אויף, וואס דאס איז עניננו פון "יתרו" - איז דא א פריערדיקער שלימות, דער ענין פון "יתר", און די עבודה פון "יתרו" איז - צו מאכן א הוספה אויך אויף דער שלימות.

י. דער ביאור אין דער הוספה אין תורה וואס ווערט אויפגעטאן דורך דעם וואס תורה איז דא אין וועלט (דער ענין פון "יתרו" בהוספה אויף "יתר"):

ס'איז דא דער ענין פון לימוד התורה אין אן אופן פון

- "לאפשא" -

---

20) מכילתא (הובא בפרש"י) ריש פרשתנו. תנחומא פרשתנו ד. שמו"ר פכ"ז, ח. ספרי (הובא בפרש"י) עה"פ בהעלותך י, כט.
21) כ"ה בספרי ושמו"ר שם. פרש"י עה"פ בהעלותך שם (בדפוסים הראשונים ורוב כת"י רש"י - ראה לקו"ש חט"ז ס"ע 203 ואילך, בשוה"ג להע' 8).

הנחת הת' בלתי מוגה

"לאפשא לה"[22], וואס דעמולט זיינען דא כמה סברות, וואס דער ענין איז דא אויך אין לימוד הנשמות בג"ע, ואדרבה: דארטן איז גאר דא א ריבוי פון סברות, ווארום וויבאלד אז דארטן איז דאך עולם השכל והנשמות זיינען דאך דארטן דא סברות באין ערוך מער פון ווי ס'איז למטה (וואס די שלימות איז דער ענין פון "יתר");

אבער אעפ"כ, זיינען די סברות דעמולט אין אן אופן פון "מ"ט פנים טהור ומ"ט פנים טמא"[23], וואס "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[24], און דוקא בשעת ס'איז נוגע צו מברר זיין א ספק און א שקו"ט אז דערפון זאל ארויסקומען הלכה למעשה בפועל, "דבר ה' זו הלכה"[25], דא בעולם - דוקא דעמולט קומט מען צו צו אמיתית התורה, כמבואר אין המשך תרס"ו[26], וואס דאס איז דוקא אין לימוד התורה דא למטה כמבואר אין תניא[27].

וואס דאס איז די הוספה מיוחדת וואס ווערט אויפגעטאן בתורה דוקא דורך דעם וואס זי געפינט זיך בעולם, דער ענין פון "יתרו".

יא. דער ענין פון דער הוספה וואס מ'טוט-אויף אין וועלט ע"י העבודה - איז מודגש אין דעם לשון און ענין פון "יתרון האור מן החושך" און "יתרון החכמה מן הסכלות"[28], וואס ווערט אויפגעטאן דורך דער עבודה למטה - נאכמער (ניט נאר ווי אין דעם ווארט וענין פון "יתר", נאר אויך נאכמער) ווי אין דעם ווארט "יתרו",

ווארום אין דעם לשון "יתרון" קומט-צו (נוסף אויף דעם וא"ו וואס קומט-צו אין "יתרו" אויף "יתר") אויך א נו"ן פשוטה ("יתרון").

והביאור בזה:

די צורות האותיות ווייזן אויף ענינם[29], איז א נו"ן פשוטה וואס צורהה איז אז זי ווערט נמשך למטה מן השורה - ווייזט אויף המשכה למטה מטה[30].

- וכמבואר -

---

22) זח"א יב, ב. תו"א מקץ לט, ד. 23) מדרש תהלים יב, ז. ירושלמי סנהדרין פ"ד ה"ב. 24) שבת קלח, ב. 25) עירובין יג, ב. 26) ע' תלא ואילך. וראה גם אוה"ת פרשתנו ע' תתצ ואילך. ד"ה וידבר אלקים תרכ"ז. 27) ראה אגה"ק סכ"ו (קמד, ב ואילך). קו"א ד"ה ולהבין פרטי ההלכות כו' (קנט, ב ואילך). 28) קהלת ב, יג. וראה ספר הערכים-חב"ד ערך אור - ביחס לחושך ס"ח. וש"נ. 29) ראה שעהיוה"א פי"א. פי"ב בהגה"ה. 30) תו"א קי, ג. לקו"ת ראה כ, סע"ב. ביאוה"ז בהעלותך צ, א. אוה"ת שם ע' תרפא. ביאוה"ז להצ"צ ע' תנט. ועוד.

וכמבואר אין דעם ענין פון דעם נאמען "אהרן"[31], אז ער שטעלט זיך צונויף פון די אותיות א' "הר" און ן':

"הר" ווייזט אויף דעם ענין האהבה, וואס די אהבה פון אהרן, איז געווען בחי' אהבה רבה (וואס זי איז נאך העכער ווי די אהבה פון אברהם); א' ווייזט אויף "אלופו של עולם", וואס פון דארטן נעמט זיך דער "הר", די אהבה [און דערפאר וואס די אהבה נעמט זיך פון "אלופו של עולם" דערפאר איז זי בחי' אהבה רבה (נאך העכער ווי די אהבה פון אברהם)]; און ן' ווייזט אויף דער המשכה פון דער אהבה רבה למטה,

ד.ה. אז דער ענין פון אהרן איז - די המשכה פון "אלופו של עולם", דורך און מיט דער "הר", די אהבה רבה - למטה, בחי' ן'.

וכמבואר[32] אין דעם ענין פון דער נו"ן פשוטה וואס אין "ובו תדבקון"[33], אז דער תכלית העילוי פון "ובו תדבקון" דארף מען ממשיך זיין למטה מטה.

וואס עד"ז איז דאס אויך אין דער נו"ן פשוטה אין דעם ווארט "יתרון" - אז דאס ווייזט אויף די עבודה אין מטה מטה, וואס דורך דעם ווערט אויפגעטאן דער "יתרון האור מן החושך" און "יתרון החכמה מן הסכלות".

יב. האמור לעיל איז כללות ענין עבודת האדם:

ס'איז דאך "עולם על מילואו נברא"[34], אבער אעפ"כ וויל דער אויבערשטער אז מ'זאל צוגעבן א הוספה אויף דעם וואס "עולם" איז "על מילואו" מצד דער בריאה,

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דוקא דורך א נשמה בגוף, וואס געפינט זיך במקום ה"חושך" וה"סכלות" און טוט עבודה דארטן - וואדום דורך דעם ווערט אויפגעטאן דער "יתרון האור מן החושך" און דער "יתרון החכמה מן הסכלות".

וואס דורך דעם, איז מען ממלא דאס וואס דער אויבערשטער וויל האבן אז "נעשה שותף להקב"ה במעשה בראשית"[35],

וואס ס'איז פארשטאנדיק אז בשעת עס זיינען דא צוויי שותפים, דארף איין שותף זיין מעין ובדומה צו דעם צווייטן שותף[36] - איז לכאורה ניט פארשטאנדיק: ווי איז שייך צו זאגן

- אז -

---

31) תו"א שם. ועוד - ראה ספר הערכים-חב"ד ערך אהרן סט"ו סק"א. וש"נ. 32) לקו"ת שם. וראה גם אוה"ת וביאוה"ז שם. 33) ראה יג, ה. 34) ראה ב"ר פ"י ד, ז. פי"ג, ג. 35) ראה שבת י, א. קיט, ב. טור או"ח ר"ס רסח. שו"ע אדה"ז שם ס"א. 36) ראה - בנדו"ד - לקו"ש חי"ג ע' 42. חי"ד ע' 162.

אז א מענטש זאל ווערן א "שותף להקב"ה במעשה בראשית", אז ער זאל אויפטאן מעין וואס דער אויבערשטער טוט אין "מעשה בראשית" - בשעת דער אויבערשטער באשאפט דאך די וועלט יש מאין, וואס דאס איז נאר בחיק הבורא און ניט בחיק הנברא?!

זאגט מען אבער אז דורך עבודתו דא למטה - ווערט ער א "שותף להקב"ה במעשה בראשית", און נאכמער: דער אויבערשטער באשאפט מאין ליש, "משמיא מיהב יהבי", אבער - "מישקל לא שקלי" (און ווי דער סיפור בזה אין גמרא[37]), און דורך עבודתו פון א אידן למטה אין וועלט טוט ער אויף אז אין "שמיא" זאל זיין "מישקל שקלי", ווארום דורך עבודתו איז ער מעלה די ענינֵי העולם אין אן עלי׳ ממטה למעלה, ביז אין עלי׳ אחר עלי׳[38],

ביז - נאך העכער ווי דער ענין העלי׳, ווארום דער ענין פון אויפטאן א הוספה אין וועלט איז, כאמור, דער ענין וואס ער מאכט א "דירה לו ית׳ <u>בתחתונים</u>", וואס דאס איז נאך העכער ווי אלע עניני עלי׳,

ובדוגמא ווי ס׳וועט זיין לע"ל, וואס אויף לע"ל שטייט[39] "נפלה לא תוסיף קום", ד.ה. אז דעמולט וועלן מערניט זיין די ענינים פון רצוא ושוב, ווארום ס׳וועט אלץ זיין (בשלימות) דא למטה - "דירה לו ית׳ בתחתונים".

יג. די הוראה מכל זה:

בשעת עס ווייזט זיך איינעם אויס אז ער האט געטאן כל עבודתו, און ער האט געטאן כל עבודתו בשלימות,

און נאכמער, ניט נאר אז עס ווייזט זיך אים אזוי אויס - נאר אזוי איז דער <u>אמת</u>, ובפועל, ער האט טאקע געטאן כל עבודתו בשלימות, ביז אז ער וועט גיין פרעגן בא א רב, וועט אים דער רב זאגן אז ער האט טאקע אפגעטאן כל עבודתו בשלימות ע"פ שו"ע, און אויך ע"פ חסידות -

קומט פ׳ יתרו און לערנט, אז ס׳איז ניט גענוג די פריערדיקע שלימות ("יתר") נאר עס דארף זיין "יתר<u>ו</u>", א הוספה אויף דעם,

און ניט נאר א הוספה בבחי׳ "יתרו", נאר נאכמער: א

- הוספה -

------------

37) תענית כה, א. 38) ראה תו"א תולדות יז, ג. שמות נד, ב. בשלח סו, ג. ד"ה גדולים מעשה צדיקים תרפ"ה פ"ז ואילך (סה"מ קונטרסים ח"ב תסב, סע"א ואילך). ובכ"מ. 39) עמוס ה, ב. וראה זח"ג ו, א. רנז, א. ועוד. תו"א מג"א צד, ב. לקו"ת תצא לו, ריש ע"ד. שם מא, ב. שבת שובה סה, ד. אוה"ת ראה ע׳ תרפב. ובכ"מ.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

הוספה בבחי' "יתרון" - אז ער טוט מיט די ענינים וואס זיינען ביי אים "למטה מן השורה" (שבדוגמת נו"ן פשוטה), און אויך מיט אנדערע אידן וואס זיינען בבחי' "למטה מן השורה".

און ס'דארף זיין א הוספה אין מעשה, וואס "המעשה הוא העיקר"[40].

וואס דער ענין פון די הוספה אין עבודה למטה אין וועלט איז קשור אויך צו דעם ענין פון "ויבא יתרו" וואס איז געקומען דורך "וישמע יתרו"[41], וכמבואר אין זהר[42] אז מ'האט געדארפט אנקומען צו די הודאה פון יתרו בכדי מ'זאל קענען גיין צו מתן תורה.

יד. דברי תורה זיינען נצחיים בכל מקום ובכל זמן[43] - איז אויך די הוראה פון תורה א הוראה נצחית בכל מקום ובכל זמן,

ובפרט נאך דעם וואס "הואיל משה באר את התורה הזאת"[44], נאך דעם וואס נשיא דורנו האט געזעהן אז מ'זאל אנשרייבן ענינים פון תורה מיט נקודות, בכדי ס'זאל אנקומען אויך צו די וואס קענען ניט דערוויילע ליינען אן נקודות, און נאכמער: ער האט געהייסן איבערזעטצן ענינים פון תורה אויף "שבעים לשון"[45] וואס זיי זיינען אויסגעשטעלט מלכתחלה אז מ'דארף ניט האבן קיין נקודות -

דארף זיין "הקהל את העם האנשים והנשים" און אויך "טף"[46],

וואס הגם אז לכל לראש דארף מאקע זיין "קשוט עצמך"[47], וואס דעמולט טוט עס אויף ווי דער רמב"ם שרייבט[48] אז דורך א פעולה אחת (מיט זיך אליין) איז "הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות וגרם לו ולהם תשועה והצלה",

אבער אעפ"כ איז דאס ניט מספיק, און אע"פ אז ער איז מאמין באמונה שלימה אין דער אמיתיות פון דעם וואס דער רמב"ם שרייבט - דארף ער זיך ניט באגנוגענען מיט דעם, נאר ער דארף ארויסגיין, ס'דארף זיין "צא הלחם בעמלק, צא מן הענן והלחם בו"[49],

- וואס -

---

40) אבות פ"א מי"ז. 41) פרשתנו יח, א-ה. 42) ח"ב סז, ב. סח, א. וראה אוה"ת ריש פרשתנו. ד"ה ויאמר משה תש"ט פ"ג ואילך. לקו"ש חי"א ע' 74 ואילך. 43) ראה תניא רפי"ז. 44) ל' הכתוב - דברים א, ה. 45) ראה סוטה לו, א. פרש"י עה"פ דברים שם. תבוא כז, ח. 46) ל' הכתוב - וילך לא, יב. (בקשר למצות הקהל). 47) ראה ב"מ קז, סע"ב. וש"נ. 48) בהל' תשובה פ"ג ה"ד. 49) בשלח יז, ט ובפרש"י.

וואס כמדובר אין די פריערדיקע התוועדויות[50] דארף ער
טאקע אנטאן א "פעלץ", ספעציעלע לבושים, איידער ער גייט
ארויס, ד.ה. ער דארף זיך פארשטארקן בעניני קדושה וכמאמר[51]
"בקעה כצא וגדר בה גדר" - אבער אעפ"כ דארף זיין "צא מן
הענן" און "הלחם בעמלק".

אע"פ אז עמלק האט געקענט מלחמה האבן נאר מיט "הנחשלים
אחריך"[52], מיט אידן וואס זיינען געווען מחוץ לענן[53], ווארום
די אידן וואס זיינען געווען אין ענן האט עמלק ניט געקענט
אנרירן - אעפ"כ דארף מען צוליב די אידן ארויסגיין מן הענן
און מלחמה-האבן מיט עמלק, און אריינברענגען די אידן בתוך
הענן,

און דוקא דעמולט קען מען גיין צו מ"ת, ווארום די
אידן זיינען משלים דעם מספר פון ששים ריבוא, און ווי
ס'שטייט אין מדרש[54] אז "אם היו ישראל חסרים אפילו אדם אחד"
פון די ששים ריבוא וואלט תורה ניט געגעבן געווארן ח"ו.

טו. וואס די ענינים פון מ"ת זיינען דאך נוגע בכל יום,
ווי מ'זאגט יעדער טאג "נותן התורה", לשון הווה[55];

ס'איז אבער דא ווי די ענינים שטייען בהדגשה מיוחדת
בימים מסוגלים, ווען מ'לייענט דעם ענין פון מ"ת, ווי
לדוגמא בחג השבועות ווען מ'לייענט פון "בחודש השלישי",
ובמיוחד אין דעם שבת ווען מ'לייענט פרשת "יתרו".

ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו שבת, אז בכל יום איז דא
דער ענין פון שבת, ווי דער רמב"ן שרייבט עה"פ[56] "זכור את
יום השבת לקדשו" אז "מצוה שנזכור תמיד בכל יום את השבת",
וואס וויבאלד אז די זכירה בכל יום איז א זכירה אמיתית
ווארום ס'איז א זכירה מן התורה קומט אויס אז ס'איז דא
שבת בכל יום - אעפ"כ קומט עס ניט צו שבת כפשוטו.

וואס מ"ת און שבת האבן א שייכות מיוחדת ווי ס'שטייט
אין גמרא[57] אז "לכולי עלמא בשבת ניתנה תורה", ווי דער
אלטער רבי איז מבאר[58] דעם קשר פון שבת מיט מתן תורה.

טז. וואס דורך דעם אלעם קומט מען צו צו דעם "יום שכולו
שבת ומנוחה לחיי העולמים"[59], צו דעם "שבת בשבתו", ובלשון

- ההניא -

---

50) דיו"ד שבט וש"פ בשלח. 51) עירובין ו, א. וש"נ.
52) תצא כה, יח. 53) ראה פרש"י עה"פ. 54) מכילתא עה"פ
פרשתנו יט, יא. דב"ר פ"ז, ח. 55) לקו"ת תזריע כג, א.
56) פרשתנו כ, ח. 57) שבת פו, ב. 58) תו"א ויקהל פח, א
ואילך. וראה לקו"ש ח"ו ע' 217 הע' 47. 59) סוף מס' תמיד.

התניא[60] - אז דאס איז דורך מעשינו ועבודתנו במשך שית אלפי שנין דהוי עלמא,

ובמיוחד דורך דער עבודה פון יום השׁשי לאחר חצות, וואס דעמולט איז דא דער "טועמי' חיים זכו", אז מ'איז טועם פון די מאכלים פון שבת[61],

וואס די מאכלים ליגן גרייט, און מ'דארף נאר האבן א גאָפּל און א לעפל, און - "טאפארו דא פלאחו"[62], מצרף זיין דעם גאָפּל און דעם לעפל צו דעם מאכל און אויפעפענען דעם מויל, און מאכן א ברכה, און עסן דעם מאכל.

און ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט[63] אז איצטער, בדרא דעקבהא דמשיחא, דארף מען נאר צופוצן די קנעפלעך,

וואס א קנעפל איז א טפל דטפל, ווארום א קנעפל איז נאר א משמש צו א לבוש, און מ'דארף איס נאר צופוצן, ד.ה. מ'דארף ניט אויפמאכן דעם קנעפל, צי איס מחבר זיין צום בגד, איס צונייען אויף זיין פלאץ און מאכן אז די לולאות זאלן זיין מקבילות צו די קנעפלעך, וואס דאס איז אן עבודה גדולה לפי ערך - ווארום די אלע זאכן זיינען שוין פאראן;

מ'דארף נאר <u>צופוצן</u> די קנעפלעך, ד.ה. א רייב-טאן און א בלאז-טאן דעם "דאסט" (דעם אבק) וואס האט זיך צו זיי צוגעקלעפּט.

וואס אע"פ אז וויבאלד דאס איז די עבודה פון איצטער - איז איצטער אויך דאס אן עבודה גדולה, ובפרט נאך אז מ'ווייס וואס מ'זאגט[64] אז "אם הראשונים כמלאכים אנו כבנו ארם, ואם הראשונים כבני אדם כו'", איז אויב בכל זאת טוט מען די עבודה און מ'ווערט ניט נתפעל פאר מלעיגים[65], אנהויבנדיק פון דעם מלעיג שבקרבו - איז דאס דאך אן עבודה גדולה -

אבער אעפ"כ, וויבאלד אז "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן"[66] - האט מען דעם כח אויף דערויף, און אין הדבר תלוי אלא ברצוננו.

און מ'פוצט אפ די קנעפלעך, ומיד הן נגאלין.

* * *

- יז. -

------------

60) רפל"ז. 61) ראה לקו"ש חט"ו ע' 282. י"ט כסלו ש.ז. ס"ד. וש"נ. 62) ראה סה"ש תש"ר ע' 104. ספר התולדות אדמו"ר מהר"ש (לכ"ק אדמו"ר שליט"א) ע' 69. 63) שיחת שמח"ת הרפ"ט. 64) נסמן בלקו"ש חט"ו ס"ע 281 הע' 14. 65) ראה רמ"א או"ח ס"א ס"א. שו"ע אדה"ז שם מהדו"ק ס"ג. מהדו"ב ס"א. 66) במדב"ר פי"ב, ג.



<u>הנחת הח' בלתי מוגה</u>

יז. כאמור לעיל, קומט דאך די התוועדות בהמשך צו די ענינים שלפנ"ז, אויך בהמשך צו דעם כינוס (און התוועדות) פון "צבאות השם" וואס איז פארגעקומען ביום השלישי ("שהוכפל בו כי טוב") בשבוע זה.

וואס נוסף אויף דעם וואס יום השלישי מצד עצמו האט די מעלה פון "הוכפל בו כי טוב"[67], "טוב לשמים וטוב לבריות"[68] - האט עס אויך א שייכות מיוחדת מיט פרשת יתרו, פרשת מתן תורה, וואו ס'איז מודגש די מעלה פון שלישי, "בחודש השלישי", און "ביום השלישי"[69],

ובפרט אז די גמרא[70] פארבינדט דאס ("בחודש השלישי" ("בירחא תליתאי") און "ביום השלישי" ("ביום תליתאי")) מיט דעם וואס אויך תורה און אידן האבן די מעלה פון שלישי, "אוריאן תליתאי", און "עם תליתאי", נוסף אויף די מאמרי חז"ל הקשורים בזה[71] (כמדובר בזה בארוכה כו"כ פעמים[72]).

האט מען גערעדט אין דער התוועדות הקודמת[73], וועלכע איז געווען א הקדמה צו דעם כינוס פון "צבאות השם", אז ע"ד ווי מ'געפינט בא יציאת מצרים, אז ארויסגייענדיק פון מצרים ווערן אידן אנגערופן "צבאות ה'" (ווי עס שטייט "יצאו כל צבאות ה' מארץ מצרים"[74], און "הוציא ה' את בני ישראל מארץ מצרים על צבאותם"[75]) - עד"ז איז דאס אויך בדורות שלאח"ז.

וכמובן אויך פון דעם ביאור פון אלטן רבי'ן[76] אויף "אלה מסעי":

עס שטייט[77] "אלה מסעי בני ישראל אשר יצאו מארץ מצרים לצבאותם". פרעגט דער אלטער רבי: ווי זאגט מען "אלה מסעי (לשון רבים) . . אשר יצאו מארץ מצרים" - ארויסגייענדיק פון מצרים איז דאך נאר געווען איין נסיעה, "ויסעו בני ישראל מרעמסס . . ויחנו בסכות"[78]?!

און ער איז מבאר, אז אלע מ"ב מסעות זיינען געווען "אשר יצאו מארץ מצרים", ווארום "עיקר ותכלית נסיעתן הי' לצאת מבחי' מצרים, בחי' מיצר וגבול . . ולכן כל המ"ב מסעות נק' הכל אשר יצאו מארץ מצרים, והיינו עד חנייתם בירדן יריחו".

- וואס -

---

67) פרש"י עה"פ בראשית א, ז. 68) ראה קידושין מ, א. וראה אוה"ת בראשית לג, ב. משפטים ע' א'קנז. ועוד.
69) פרשתנו יט, א. שם, טז. 70) שבת פח, א. 71) ראה תנחומא פרשתנו י. תנחומא באבער שם ח. ר"נ לשבת שם.
72) ראה גם לקו"ש ח"ב ע' 301 ואילך. 73) אור לט"ו בשבט.
74) בא יב, מא. 75) שם, נא. 76) ראה לקו"ת מסעי פח, ג ואילך. וראה בהבא לקמן - לקו"ש ח"ג ע' 976. מסעי תשל"ז ס"ג. 77) מסעי לג, א. 78) שם, ג-ה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די גאנצע צייט.האלט מען אין איין ארויסגיין פון מצרים, פון בחי' מיצר וגבול, ביז מ'וועט קומען צו "ירדן ירחו", און דעמולט גייט מען גלייך אריבער פון "עבר הירדן מזרחה", אין דער גאולה האמיתית והשלימה, אין "ארץ טובה ורחבה"[79], און "רחבה" אין אן אופן פון "ירחיב ה' אלקיך את גבולך וגו'"[80].

וואס דערפון קומט אויס, אז אזוי ווי בא יציאת מצרים כפשוטו ווערן אידן אנגערופן "צבאות ה'" - עד"ז ווערן אידן אנגערופן "צבאות השם" אין אלע זמנים, ווארום מ'האלט אין איין ארויסגיין פון מצרים.

אזוי ווי מ'וויל דאך אבער אין יעדער זמן (ובכל מקום) פארבינדן דאס מיט ענינו פון דעם זמן (ומקום) - איז וויבאלד אז איצטער איז א זמן פון "והשיב לב אבות על בנים - על ידי בנים"[81] - האט מען דעם ענין פון "צבאות ה'" פארבונדן בעיקר מיט קינדער, סיי בנים און סיי בנות.

יח. און ווי גערעדט אין דער ההוועדות הנ"ל אז אויך בנות דארפן אריינגענומען ווערן אין "צבאות השם",

ווארום דאס רעדט זיך וועגן מלחמת ה', די מלחמה אנטקעגן דעם יצה"ר[82] - איז דאך דאס א "מלחמת מצוה", און אויף א מלחמת מצוה דארף ארויסגיין אפילו "כלה מחופתה"[83], ד.ה. אז <u>אלע</u> דארפן ארויסגיין - "האנשים והנשים והטף".

וואס בנוגע צו א מלחמה סתם איז ניט נאר וואס נשים ובנות <u>דארפן ניט</u> ארויסגיין - נאר זיי זיינען גאר <u>אסורות</u> צו ארויסגיין, ווארום אויף דעם איז (אויך) דא דער לאו פון "לא יהי' כלי גבר על אשה"[84], וואס נשק איז דאך "כלי גבר";

דא אבער רעדט זיך וועגן א מלחמת מצוה, וואס אויף א מלחמת מצוה דארף ארויסגיין צו דער מלחמה אויך "כלה מחופתה", ועאכו"כ אז סתם נשים ובנות דארפן ארויסגיין - ווארום <u>די</u> לבושים - מצוות, וואס ווערן אויך אנגערופן לבושים - <u>דארפן</u> זיי אנטאן,

ווארום אויך זיי זיינען מחוייב אין מצוות, סיי אין

- אלע -

------------

79) שמות ג, ח. 80) ראה יב, כ. וראה ספרי עה"פ. שופטים יט, ח. וראה ספרי (הובא בפרש"י) עה"פ. 81) מלאכי ג, כב ובפרש"י. 82) ראה שיחת יום ב', ג' דחוהמ"ס ש.ז. ס"ד ואילך. יום ד', כ"ח תשרי ש.ז. סוס"ו ואילך. יום ד', כ"ה כסלו ש.ז. ס"ג ואילך. 83) סוטה מד, ב.במשנה. רמב"ם הל' מלכים פ"ז ה"ד. 84) תצא כב, ה. וראה נזיר נט, א. רמב"ם הל' ע"ז פי"ב סוף ה"ד. טושו"ע יו"ד סקפ"ב ס"ה.



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

אלע מצוות לא תעשה, און סיי אין מצוות עשה שאין הזמן גרמא,

ביז אויך די מצוות עשה שהזמן גרמא אין וועלכע זיי זיינען ניט מחוייב מצד עצמם - דארפן זיי אבער האבן די ידיעה אין דערויף, כדי צו קענען מחנך זיין זייערע ברידער[85] און זין[86], וואס אויף צו מחנך זיין אן אנדערן - דאדף מען דאך אליין האבן א ידיעה אין דערויף, ווי עס פארשטייט אויך א ילד און א ילדה.

און ווי אויך גערעדט אין דער התוועדות הנ"ל, אז ניט נאר זיי גייען אויך אריין אין "צבאות השם", אין דער מלחמה, פונקט אזוי ווי בנים - נאר בא זיי איז דאס נאכמער בהדגשה,

ווי פארשטאנדיק פון דעם וואס בא מתן תורה[87] שטייט "כה תאמר לבית יעקב ותגיד לבני ישראל", אז פדיער האט מען גערעדט צו די פרויען ("בית יעקב אלו הנשים"[88]), און ערשט דערנאך צו די מענער ("בני ישראל אלו האנשים"[88]), וואס אין דעדויף איז מודגש די מעלה פון נשים אויף אנשים.

און עד"ז איז אויך געווען דערנאך: אויף אויפמאכן א דירה לו ית' בתחתונים, וואס דאס איז דורך עשיית המשכן, ווי עס שטייט[89] "ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" ("בתוך כל אחד ואחד"[90]) - איז דאך געווען "ויבואו האנשים על הנשים"[91], אז פריער האבן די נשים מנדב געווען צו דעם משכן, און ערשט דערנאך די אנשים[92], כמודגש אין דער שיחה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[93].

וואס דעדפון איז אויך פארשטאנדיק בענינינו, בנוגע צו "צבאות השם" - אז די מיידעלעך האבן א מעלה אויף די אינגעלעך.

יט. מ'האט אויך גערעדט אין א פריערדיקער התוועדות[94] אז אויף דער מלחמה ("מלחמת ה'") דארפן <u>אלע</u> ארויסגיין, בדוגמא ווי ס'איז געווען בא מלחמת עמלק אז אלע (וועלכע זיינען געווען שייך דערצו, "גבורים ויראי חטא וכו'"[95]) זיינען

- ארויס -

---

85) ראה ב"ב קמא, א. שיחת ש"פ ויחי ש.ז. סמ"ט.
86) ראה ברכות יז, א. סוטה כא, א. של"ה מד, א (הובא בקונטרס "חנוך לנער" ס"ע 34 ואילך). 87) פרשתנו יט, ג.
88) מכילתא (הובא בפרש"י) עה"פ. שמו"ר פכ"ח, ב.
89) תרומה כה, ח. וראה רד"ה באתי לגני ה'שי"ת. דד"ה זה דיו"ד שבט ה'תש"מ. 90) של"ה סט, א. ועוד. ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו. 91) ויקהל לה, כב. 92) רמב"ן עה"פ.
93) לנשי ישראל - בעת ביקורו בריגא י"ב-כ אדר תרצ"ד (נדפסה בקונטרס בפ"ע ווארשא, תרצ"ה. לקו"ד כרך ג בסופו).
94) שיחת ש"פ בשלח. 95) פרש"י עה"פ בשלח יז, ט.

ארויס למלחמה, מיטן אויסנאם פון משה רבינו.

קען ער דאך טענה'ן, אז ער וויל זיך - גלייכן צו משה רבינו:

האט מען אויף דעם געענטפערט אז מ'קען זיך ניט גלייכן צו משה רבינו, ווי גערעדט דעמולט בארוכה.

כ. איז אויף דערויף אנגעקומען א שאלה פון א פרש"י אין דער פרשה (פון מלחמת עמלק) (און איך בין געווען צופרידן אז די שאלה איז געקומען פון א קטן):

רש"י שטעלט זיך אויף וואס עס שטייט אין פסוק[96] "וידי משה כבדים", און איז מפרש "בשביל שנתעצל במצוה ומנה אחר תחתיו נתייקרו ידיו".

און ס'איז פארשטאנדיק פארוואס רש"י דארף עס מפרש זיין ווארום ביי א בן חמש ווערט א שאלה - ווי קומט עס אז "וידי משה כבדים": ער ווייס דאך אז משה רבינו איז געגאנגען צו פרעה'ן, און געטאן כמה נסים, ס'איז מערניט וואס ער איז געווען א "כבד פה וכבד לשון"[97] - דאס איז אבער געווען די איינציקע זאך, משא"כ אין אלע אנדערע ענינים איז ער געווען בשלימות, איז ווי קומט דאס אז "וידי משה כבדים"?!

זאגט אים רש"י, אז דאס איז געקומען אלס אן עונש, ווארום אזוי ווי ער האט דאך געדארפט גיין למלחמה, און לפועל איז "נתעצל במצוה" און ער איז ניט געגאנגען - דערפאר איז "נתייקרו [דער ענין פון יקרים וכבדים] ידיו".

וואס לויט דעם איז געקומען די קשיא: פארוואס האט מען גערעדט אז משה האט ניט געדארפט גיין למלחמה, און פארענטפערט אז מ'קען זיך ניט גלייכן צו משה'ן וכו' - פון דער רש"י קומט גאר אויס אז משה רבינו אליין האט אויך געדארפט גיין למלחמה (וואס דאס איז פשוטו של מקרא)! און דאס וואס ער איז בפועל ניט געגאנגען (דערפאר וואס "נתעצל במצוה") - האט אים טאקע דערפאר געקומט אן עונש!

כא. דעם בא ווען דער קינד האט דאס געפרעגט - איז אינגאנצן צעטומל'ט געווארן! איז פאר א קטן איז דאס טאקע א קושיא טובה; פאר א גדול אבער איז דאס קיין שאלה ניט,

ווארום דאס וואס מ'האט גערעדט אין דער התוועדות (אז ח"ו צו זיך גלייכן צו משה'ן וכו'), איז - לויט די שיטות וואס לערנען אז משה האט ניט געדארפט גיין למלחמה, און

- לויט -

---

96) בשלח שם, יב. 97) שמות ד, י.

לויט די שיטות האט מען מבאר געווען אז אעפ"כ קען מען זיך אבער ניט גלייכן צו אים, און אלע אנדערע דארפן יע ארויסגיין למלחמה;

לדעת רש"י אבער, וואס ער לערנט אז משה האט אויך געדארפט גיין למלחמה - איז דאך אדרבה - לפ"ז האט אפילו משה רבינו געדארפט גיין למלחמה.

איז מה-דאך אז משה האט געדארפט גיין למלחמה - עאכו"כ אז אלע דארפן גיין למלחמה!

וואס עס זיינען דאך דא אנדערע פירושים אויף "וידי משה כבדים" (ווי אנגעצייכנט אין "תורה שלימה"[98]): דער פירוש אז דאס איז געווען "מפני עונותיהם של ישראל"[99], און דער פירוש פון תרגום יונתן וכו׳, לויט זייערע פירושים קומט אוים אז משה האט טאקע ניט געדארפט גיין למלחמה, קען דאך אימעצער זיך וועלן גלייכן צו אים - אויף דעם האט מען גערעדט, אז מ׳קען זיך ניט גלייכן צו אים;

לויט פירוש רש"י אבער איז מובן במכ"ש פון משה אז אלע דארפן ארויסגיין למלחמה.

כב. אזוי ווי מ׳האלט שוין בא דער רש"י - איז כאן המקום צו מבאר זיין די רש"י, דלכאורה דארף דאך דאס גופא האבן א ביאור: ווי קומט עס טאקע צו משה רבינו אז אע"פ אז ער האט געדארפט גיין למלחמה - איז "נתעצל במצוה"?!

די קשיא ווערט נאך שטארקער: דער בן חמש געדענקט וואס ער האט געלערנט אין פ׳ שמות[100] בנוגע צו משה רבינו, אז בשעת ער איז געווען אויפן וועג צו מצרים איז "ויפגשהו ה׳ ויבקש המיתו", איז רש"י מפרש אז דאס איז געווען דערפאר וואס "לא מל את אליעזר בנו, ועל שנתרשל נענש עונש מיתה" -

האט דאך משה רבינו שוין געוואוסט וואס פאר אן עונש עס קומט אויף התרשלות - איז ווי קומט דאס צו אים אז לאחרי זה זאל זיך ביי אים נאכאמאל איבער׳חזר׳ן דער ענין?!

די קשיא וועט ווערן נאך שטארקער, בשעת ער וועט אנקומען צו פ׳ פינחס[101], און וועט לערנען אז משה האט געבעטן בא דעם אויבערשטן "יפקוד ה׳ . . איש על העדה אשר יצא לפניהם ואשר יבוא לפניהם", און רש"י איז מפרש: "לא כדרך מלכי האומות שיושבין בבהיהם ומשלחין את חיילותיהם למלחמה, אלא כמו שעשיתי אני שנלחמתי בסיחון ועוג וכו׳", ד.ה. אז

- אן -

---

98) עה"פ אות פא-פד. צ. 99) פס"ר פי"ב, ח. פס"ז עה"פ שם, יא. 100) ד, כד. 101) כז, טז-יז.

אן "איש על העדה", א מנהיג בא אידן, דארף אליין ארויסגיין למלחמה -

וועט ער דעמולט פרעגן: היתכן אז בא מלחמת עמלק איז משה "נתעצל במצוה" און ניט געגאנגען למלחמה?!

נאכמער: רש"י זאגט דאך אז משה האט געזאגט "כמו שעשיתי אני וכו'", ד.ה. אז ניט קוקנדיק אויף דעם וואס ער איז געווען "ענו מאד מכל האדם אשר על פני האדמה"[102] - אעפ"כ האט ער איינגעשטעלט זיין עניוות, און האט זיך ארויסגעשטעלט אלס א ביישפיל אז ביי אים איז געווען "אשר יצא לפניהם ואשר יבוא לפניהם" -

איז ווי האט ער זיך געשטעלט אלס א ביישפיל און געזאגט "כמו שעשיתי אני", בשעת בא מלחמת עמלק איז ער טאקע ניט ארויס למלחמה?!

די קשיא ווערט נאך שטורעם'דיקער: אז מ'גיט א קוק אין פרש"י הנ"ל בפ' שמות, איז רש"י גלייך ממשיך "תניא א"ר יוסי ח"ו לא נתרשל אלא וכו'", אז ח"ו צו זאגן אז בא משה'ן איז געווען אן ענין של התרשלות, און רש"י זאגט עס בהמשך אחד, און זאגט דאס בפשטות הכתובים,

[רש"י זאגט ניט אז עס זיינען דא דרשות חז"ל בזה (און מ'זאל דארפן א קוק-טאן), נאר- ער ברענגט עס אראפ בפירושו (און נאכמער: ער זאגט ניט "דרשו רבותינו" וכיו"ב), ד.ה. אז אזוי איז דאס בפשטות הכתובים],

זעט מען, אז פשש"מ קען ניט צולאזן אז מ'זאל זאגן אן ענין של התרשלות אויף משה רבינו -

און דא (אין אונזער פסוק) זאגט רש"י אז משה "נתעצל במצוה" (און איז גארניט מוסיף - אע"פ אז עס זיינען דאך דא אנדערע פירושים, כנ"ל)!

כג. איז דער ביאור בזה בהקדים נאך א דיוק, וואס רש"י איז משנה בפירושו דא פון דעם פירוש אין פ' שמות:

א) דארטן זאגט רש"י "שנתרשל" סתם, ניט "שנהרשל במצוה", ארער "שנהרשל במילה", משא"כ דא זאגט ער "שנתעצל במצוה", ב) דארטן זאגט רש"י דעם לשון "שנתרשל" און דא איז דער לשון "שנתעצל".

והביאור בזה:

דער פירוש פון עצלות איז, ניט אז ער וויל סתם שלאפן

- במילא -

-------------

102) בהעלותך יב, ג.

במילא לייגט ער זיך שלאפן, נאר ער לייגט זיך שלאפן ווייל ער האלט אז ער קען ניט טאן די זאך, ס'איז ניט בכחו צו דאס טאן.

עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס רש"י זאגט דא "שנתעצל", ווארום בא משה'ן איז ניט שייך דער ענין ההתרשלות ח"ו, ובפרט אז דא רעדט זיך וועגן א מצוה ("שנתעצל במצוה"), און א מלחמה אנטקעגן דעם וואס "וילחם עם ישראל"[103].

וואס דער בן חמש האט שוין געלערנט אין פ' שמות[104] אז בשעת "וירא (משה) איש מצרי מכה איש עברי מאחיו" - האט ער זיך גלייך מוסר-נפש געווען און "ויפן כה וכה וירא כי אין איש ויך את המצרי ויטמנהו בחול",

וואס דאס איז אפילו בנוגע צו אן איש פרטי; עאכו"כ בנוגע צו מלחמה-האבן אנטקעגן דעם וואס "ויבוא עמלק וילחם עם ישראל", מיט אלע אידן,

[ווארום אע"פ אז ער האט לוחם געווען נאר מיט "הנחשלים אחריך", וואס (נאר) זיי האבן זיך געפונען מחוץ לענן - אעפ"כ איז דאך זיין כוונה געווען צו לוחם זיין מיט אלע אידן, ווי עס שטייט "וילחם עם ישראל"].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ח"ו צו זאגן דעם ענין ההתרשלות אויף משה'ן -

דערפאר זאגט רש"י אז ס'איז געווען מערניט ווי "נתעצל במצוה", ער האט געהאלטן אז ער האט ניט דעם כח און דערפאר דארף ער ניט ארויסגיין מלחמה-האבן, וואס דאס איז (נאר) דער ענין פון עצלות (כנ"ל).

כד. דער טעם פארוואס משה האט געהאלטן אז ער האט ניט דעם כח, און דערפאר דארף ער ניט ארויסגיין מלחמה-האבן:

משה איז דעמולט געווען אלט שמונים שנה[105], פארשטייט מען דאך, און ווי מ'זעט עס אויך בפשטות, אז צו א מלחמה גייען די וואס זיינען אינגער פון שמונים שנה, און אזוי איז דאס אויך ע"פ דין - דערפאר האט משה געהאלטן אז ער דארף ניט גיין אויף דער מלחמה.

בילא זיך געפינען בהוך הענן, און דארטן טאן נסים מיטן "מטה האלקים"[106], ע"ד ווי ס'איז געווען בא קריעת ים סוף אז ער האט נאר אויפגעהויבן דעם מטה און דער ים האט זיך שוין געשפאלטן[107] און דערנאך ווען דער ים איז געווארן

- אוים -

---

103) פרשתנו שם, ח. 104) ב, יא-יב. 105) ראה וארא ז, ז. 106) פרשתנו שם, ט. 107) בשלח יד, כא.

אויס יבשה, האט ער איינגעשלונגען די מצריים[108] - דאס האט משה געקענט טאן;

אבער ארויסגיין אויף א מלחמה בפועל, א מלחמה מיט א חרב [ווי דאס איז געווען בא דער מלחמה, "ויחלוש יהושע את עמלק ואת עמו לפי חרב"[109]] - דאס האט משה געהאלטן אז ער קען ניט (ווארום ער איז בן שמונים שנה), ובמילא דארף ער עס ניט טאן.

כה. נאכמער:

נוסף אויף דער מלחמה בפועל האט אויך געדארפט זיין דער ענין התפלה [ווי רש"י האט פריער מפרש געווען אויף "ומשה אהרן וחור עלו ראש הגבעה"[110] אז "מכאן לתענית שצריכים שלשה לעבור לפני התיבה שבתענית היו שרויים", ד.ה. אז ס'האט געדארפט זיין דער ענין התפלה],

און איינער קען ניט טאןביידע ענינים, סיי מלחמה און סיי תפלה, ווארום זיי זיינען צוויי באזונדערע ענינים [ווי פארשטאנדיק פון יעקב'ן אז "התקין עצמו לשלשה דברים, לדורון לתפלה ולמלחמה"[111], ד.ה. אז תפלה מיט מלחמה זיינען צוויי באזונדערע ענינים] -

איז אז מ'וועט א פרעג-טאן ביי א בן חמש, ווער איז דער מער פאסיקסטער אויף דעם ענין התפלה - וועט ער גלייך ענטפערן - אז דאס איז משה רבינו.

און דער ענין המלחמה וועט געטאן ווערן דורך אן אנדערן, דורך יהושע - ווארום ס'איז פארשטאנדיק אז ווער איז דער מער פאסיקסטער צו טאן דעם ענין המלחמה אנשטאט ובשליחות משה (וואס "שלוחו של אדם כמותו"[112]) - איז דאס דער וואס איז אמנאָענטסטן'ס צו משה, וואס דאס איז יהושע,

ווי רש"י טייטשט אפ אויף "בחר לנו"[113] - "לי ולך, השוהו לו וכו'", און דאס האט משה אים צוגעגליכן צו זיך, וואס משה וועט ניט זאגן אן ענין וואס איז ניט אמת ח"ו, סתם אזוי משוה זיין - נאר אזוי האט ער געהאלטן באמת.

וואס דערפון איז נאכמער פארשטאנדיק פארוואס משה האט געהאלטן אז ער קען ניט גיין למלחמה, ווארום ער דארף מתפלל זיין, און בנוגע צו דער מלחמה בפועל וועט ער שיקן יהושע'ן.

- כו. -

---

108) שם, כו ואילך. 109) בשלח יז, יג. 110) בשלח שם, י. 111) פרש"י עה"פ וישלח לב, ט. תנחומא באבער וישלח ו. קה"ר פ"ט, יח. יל"ש וישלח רמז רלא. פסדר"כ יט.
112) ברכות לד, ב (במשנה). וש"נ. 113) בשלח שם, ט.

כו. נאך א טעם פארוואס בא משה'ן איז אויסגעקומען אז ער קען ניט גיין למלחמה:

רש"י האט מפרש געווען (כאמור לעיל) אז משה אהרן וחור "בתענית היו שרויים", און דער דין איז דאך[114] אז בשעת א מלחמה טאר ניט זיין דער ענין התענית, און וויבאלד אז משה האט געדארפט פאסטן האט ער ניט געקענט גיין למלחמה.

און אע"פ אז בשעת מ'מאכט א החלטה אויף א תענית, ווערט עס שוין פארערעכנט ווי מ'וואלט געפאסט - דארף מען אבער אויף דעם אנקומען צו א ראי' פון דניאל[115], און דאס קומט ניט צו פאסטן כפשוטו.

ועד"ז בנוגע צו אהרן וחור, וואס זיי האבן געדארפט פאסטן צוליב משה'ן, ווארום "(מכאן ל)תענית (ש)צריכים שלשה' וכו'" - האבן זיי אויך ניט געקענט גיין למלחמה.

וואס עפ"ז ווערט פארענטפערט נאך א טענה:

דלכאורה בנוגע צו משה'ן האט מען טאקע מבאר געווען אז מ'קען זיך ניט גלייכן צו משה'ן, איז דערפאר, אע"פ אז ער איז ניט געגאנגען למלחמה - קען מען זיך צו אים ניט גלייכן (ולפרש"י איז אדרבה - ער האט אויך געדארפט גיין למלחמה);

ער קען דאך אבער טענה'ן אז ער וועט זיך גלייכן צו אהרן וחור, וואס אויף זיי זיינען געשטאנען צוזאמען מיט משה אויפן "ראש הגבעה" - און ניט געגאנגען מלחמה-האבן?

איז דער ענטפער בזה, ע"פ האמור: דאס וואס זיי זיינען ניט געגאנגען למלחמה (דערפאר וואס בשעת המלחמה טאר ניט זיין דער ענין התענית) איז געווען צוליב משה, וואס ער האט צו זיי געדארפט אנקומען אויף דעם ענין התענית.

כז. אין דערויף קומט-צו נאך א טעם:

רש"י איז מפרש אויף "כאשר ירים משה ידו"[116] - "וכי ידיו של משה נוצחות היו המלחמה וכו' כדאי' בר"ה"; רש"י איז מציין אז מ'זאל א קוק-טאן אין מסכת ר"ה[117] און זעהן דעם המשך הענין, איז די משנה דארטן ממשיך "אלא לומר לך כל זמן שהיו ישראל מסתכלין כלפי מעלה ומשעבדין את לבם לאביהם שבשמים - היו מתגברים וכו'".

ד.ה. אז דער טעם וואס משה איז געשטאנען אויפן "ראש הגבעה" איז געווען, בכדי אז אלע אידן זאלן אים קענען זעהן,

- און -

---

114) שו"ע או"ח סתקע"ב ס"ג. 115) דניאל י, יב. תענית ח, ב. 116) בשלח שם, יא. 117) כט, א.

און "כאשר ירים משה ידו וגבר ישראל", אז דורך דעם וואס ער האט אויפגעהויבן לבם של ישראל לאביהם שבשמים - "היו מתגברים".

עפ"ז קומט ארויס נאך א טעם פארוואס משה האט ניט געקענט גיין למלחמה, ווארום אלע אידן האבן אים געדארפט זעהן (אז "ירים משה ידו"), כדמוכח דערפון וואס ער איז געשטאנען אויפן "ראש הגבעה" דוקא, וואס דאס איז דאך געווען בכדי אז אלע אידן זאלן אים קענען זעהן -

איז טאמער ער וואלט געגאנגען למלחמה, וואלטן נאר א טייל אידן אים געקענט זעהן, נאר די וואס זיינען געשטאנען מסביבו ובסמיכות אליו.

[מ'קען ניט זאגן נאך א טעם פארוואס משה האט געהאלטן אז ער דארף ניט גיין למלחמה - דערפאר וואס וויבאלד אז מלחמת עמלק איז דאך געקומען אלס אן עונש אויף דעם וואס עס זיינען געווען אזעלכע אידן. וואס נאך אלע נסים פון קריעת ים סוף וכו' האבן זיי נאך אלץ געפרעגט "היש ה' בקרבנו אם אין"[118], און דערפאר האט זיי דער אויבערשטער געזאגט "חייכם שהכלב בא ונושך אתכם ואתם צועקים אלי", ווי רש"י[119] איז מפרש,

וואס דערפון קומט אויס, אז די גאנצע כוונה פון "ויבוא עמלק וילחם עם ישראל" איז געווען בכדי אידן זאלן תשובה טאן,

וואלט מען עפ"ז לכאורה געקענט זאגן אז דערפאר האט משה געהאלטן אז ער דארף ניט גיין למלחמה, און דער גאנצער ענין וועט זיך אויפטאן מאליו -

ס'לייגט זיך אבער ניט צו זאגן אזוי, ווארום בשעת עמלק קומט צוגיין און שלאגט א אידן, איז ניט קוקנדיק וואס די כוונה בזה זאל נאר זיין - דארף מען זיך גלייך איינשטעלן פאר אים, ועאכו"כ אז משה רבינו האט אזוי געדארפט טאן].

כח. וואס מצד די אלע טעמים האמורים, האט משה געהאלטן אז ער דארף ניט גיין למלחמה, "נתעצל במצוה", און א בן חמש פארשטייט אויך אז אזוי האט משה געדארפט טאן.

און דערפאר איז קיין שאלה ניט פון פ' שמות, אז משה האט זיך מוסר-נפש געווען אפילו פאר איין אידן - ווארום ס'איז א זיכערע זאך אז בא משה'ן איז געווען דער ענין

- הזריזות -

---

118) בשלח שם, ז. 119) עה"פ שם, ח.

הזריזות, נאר דא האט ער געהאלטן אז ער קען ניט, און ער דארף ניט גיין.

ועד"ז איז קיין שאלה ניט פון פ' פינחס, אז משה האט געזאגט אז ס'דארף זיין "אשר יצא לפניהם ואשר יבוא לפניהם", און ער אליין איז דער ביישפיל אויף דעם ("כמו שעשיתי אני") - ווארום אויך דא האט ער עס געטאן - בתפלה ובתענית און מיטן "מטה האלקים בידי", און געשטאנען בראש הגבעה וכו'.

כט. עפ"ז ווערט אבער די שאלה לאידך: פארוואס האט אויף דעם געקומט משה'ן אן עונש (אז ס'זאל זיין "וידי משה כבדים") - דלכאורה מצד די טעמים הנ"ל האט ער טאקע ניט געדארפט גיין למלחמה?!

באווארענט דאס רש"י מיט מוסיף זיין "(שנתעצל) במצוה"; רש"י זאגט ניט "שנתעצל במלחמה", נאר - "שנתעצל במצוה",

ד.ה. אז וויבאלד די מלחמה איז געווען א מצוה פון דעם אויבערשטן - האט ער גלייך געדארפט ארויסגיין מלחמה-האבן,

ווארום בנוגע צו א מצוה דארף זיין "נעשה" קודם ל"נשמע", ער דארף עס מקיים זיין אן קיינע חשבונות, אפילו אויב דאס זיינען חשבונות ע"פ שכל ("נשמע"), און אפילו אין שכל פון חכמה דקדושה - נאר עס דארף זיין "נעשה",

[איי עס דארף זיין "ומטה האלקים בידי" - קען ער גיין למלחמה מיטן "מטה האלקים" און צוזאמען דערמיט אויך מיט א חרב, אויב ער האט געדארפט האבן א חרב,

ווי מ'געפינט אז משה איז געקומען צו פרעה און ביחד עם זה האט ער מיטגענומען דעם "מטה האלקים", און האט מיט אים געטאן כמה נסים (וואס דער מטה איז נהפך געווארן לתנין[121], און "ויבלע מטה אהרן את מטותם"[122] וכו')].

און וויבאלד אז בפועל איז משה "נתעצל במצוה", ער האט זיך גערעכנט מיט די חשבונות - האט אים דערפאר געקומט אן עונש.

און דער עונש איז געווען "מדה כנגד מדה" [וואס וועגן דעם עניין פון "מדה כנגד מדה" האט שוין דער בן חמש געלערנט אין היינטיקע פרשה[123] - "כי בדבר אשר זדו עליהם"], אז בעניין וואס משה האט געטאן דערפאר וואס "נתעצל", וואס דאס איז דער עניין ההפלה, דער "מטה האלקים" וואס ער האט געהאלטן בידיו - איז געווען "מדה כנגד מדה" אז "וידי משה כבדים", "נתייקרו ידיו".

- ל. -

---

120) ראה שבת פח, א. 121) וארא שם, י. 122) שם, יב. 123) יח, יא.

ל. לפ"ז ווערט אבער צוריק די שאלה - ווי קומט דאס צו משה רבינו צו מאכן חשבונות בשעת עס דארף זיין הקדמת "נעשה" ל"נשמע",

ובפרט אז דא רעדט זיך וועגן א מצוה צו לוחם זיין אנטקעגן דעם וואס "וילחם עם ישראל", און דאס איז א מלחמת הגנה - האט דאך משה זיכער געדארפט גלייך ארויסגיין למלחמה און ניט מאכן קיינע חשבונות?

איז דער ביאור בזה:

דא איז ניט געווען א ציווי פרטי און א ציווי מפורש צו משה'ן "צא הלחם בעמלק"; אויב עס וואלט געווען אזא ציווי פון אויבערשטן - וואלט ער עס זיכער גלייך מקיים געווען;

דא איז געווען מערניט וואס בא משה'ן איז געווען פארשטאנדיק מעצמו אז מ'דארף ארויסגיין למלחמה (ס'שטייט ערגעץ ניט מפורש בכתוב אז ס'איז געווען א ציווי פון אויבערשטן אויף דעם),

ווארום אז ס'קומט צוגיין אימעצער און איז לוחם אנטקעגן אידן - דארף מען גלייך ארויסגיין למלחמה,

און ווי דאס איז בפשטות אז "שופך דם האדם באדם דמו ישפך"[124], ובפרט בא משה רבינו וואס ער האט געהאט א זריזות מיוחדת אין דעם ענין, ווי מ'זעט עס אין פ' שמות אז גלייך ווען "וירא בסבלותם וירא איש מצרי מכה איש עברי מאחיו" - איז גלייך "ויך את המצרי ויטמנהו בחול", ועאכו"כ בנוגע צו א מלחמת הגנה פון אלע אידן ("וילחם עם ישראל"), כנ"ל;

בנוגע צו אים אליין איז אבער ביי אים אויסגעקומען אז ער דארף ניט גיין (כנ"ל בארוכה).

[און אעפ"כ האט אים געקומט אן עונש אויף דעם, ווארום ס'איז פארט געווען "נתעצל במצוה"].

לא. עס בלייבט נאך אבער די שאלה, פארוואס דארף רש"י לערנען אז די סיבה אויף "וידי משה כבדים" איז געווען צוליב דעם וואס "נתעצל במצוה וכו'", וואס עפ"ז קומט אויס אז ער האט יע געדארפט גיין למלחמה נאר ער איז ניט געגאנגען -

רש"י האט דאך געקענט לערנען ווי אנדערע מפרשים לערנען, אז פארוואס איז געווען "וידי משה כבדים" - "מפני עונותיהם של ישראל", אדער כפירוש התרגום יונתן אז דאס איז

- געווען -

------------

124) נח ט, ו.

געוועזן דערפאר וואס ער האט אפגעשטופט די מלחמה אויף "מחר" ("מחר אנכי נצב וגו'"[125]), וואס לויט די פירושים קומט אויס אז ער האט לכתחלה ניט געדארפט גיין למלחמה, איז דאס לכאורה א סאך גלאטער ווי צו זאגן אז ער האט יע געדארפט גיין נאר "נתעצל"?!

לב. איז דער ביאור בזה:

רש"י קען ניט לערנען אז דערפאר וואס משה האט געזאגט "מחר" זיינען "ידי משה" געוועזן "כבדים" - ווארום רש"י אליין איז מפרש "מחר - בעת המלחמה", וואס מיט דעם ברענגט רש"י ארויס אז אזוי האט טאקע געדארפט זיין:

ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אז אויף א מלחמה דארף זייך אן "עת מלחמה", און מ'דארף האבן א הכנה, מ'קען ניט גלייך ארויסגיין למלחמה,

[און ווי ס'איז געוועזן בא יעקב'ן, אז ער האט זיך געדארפט צוגרייטן צו דער מלחמה, "התקין עצמו . . ולמלחמה"],

ובפרט אז מ'האט געדארפט אויסקלייבן די וואס זאלן גיין למלחמה ("בחר לנו אנשים"[126]), און ס'איז געוועזן א מלחמה כפשוטה מיט נשק (כנ"ל) - דארף מען דאך צוגרייטן די שווערדן וכו' (ווי עס פירט זיך בא יעדער מלחמה) -

איז וויבאלד אז מ'דארף האבן א הכנה צו דער מלחמה - האט משה געדארפט זאגן "מחר", במילא קען מען אין פשוטו של מקרא ניט זאגן אז דערפאר איז געוועזן "וידי משה כבדים".

ער"ז קען רש"י ניט לערנען אז "וידי משה כבדים" איז געוועזן "מפני עונותיהם של ישראל":

רש"י האט שוין מפרש געוועזן אויף "בחר לנו אנשים" - "גבורים ויראי חטא שתהא זכותן מסייעתן . . אנשים שיודעין לבטל כשפים", ד.ה. אז מ'האט ספעציעל אויסגעקליבן צדיקים ("גבורים ויראי חטא וכו'"), וואס דעמולט איז ניטא קיין עוונות וואס זאלן מבלבל זיין -

קען מען ניט זאגן אז "וידי משה כבדים" איז געוועזן "מפני עונותיהם של ישראל".

דערפאר איז רש"י מוכרח צו זאגן אז דאס איז געוועזן אלס אן עונש אויף דעם וואס "נתעצל במצוה ומנה אחר תחתיו" (און דערפאר איז "נתייקרו ידיו"), ד.ה. אז משה אליין האט (אויך) געדארפט גיין למלחמה, און דערפאר וואס "נתעצל במצוה" איז "נתייקרו ידיו".

- וואס -

---

125) בשלח שם, ט. 126) בשלח שם.

וואס דוקא דער פירוש איז לויט פשש"מ (כנ"ל בארוכה).

לג. ע"פ האמור (אז ס'איז געווען מערניט ווי "נתעצל", ווארום ע"פ החשבון האט משה ניט געדארפט גיין -) יומתק וואס רש"י זאגט רעם לשון "נהייקרו ידיו", און ניט כלשון הכהוב "כבדים" - נאר כלשון התרגום "נתייקרו" ("יקרן"), און דאס איז אויך פון די נפלאות שבתורה[127] אין דער פרש"י:

סיי דער לשון "כבדים" און סיי דער לשון "יקרים" האבן אין זיך צוויי אפטייטשן, א) דער פירוש "כובד" (שווער), אז דאס איז כבד און יקר, ב) דער פירוש חשיבות, אן ענין של כבוד (מיט א וא"ו) ויקר.

בנוגע צו "כבדים" אבער איז דאס צוויי פירושים, און "כבד" (אן א וא"ו) איז דער טייטש מלשון כובד (ס'איז שווער), ניט מלשון כבוד (ווארום עס דארף זיין א וא"ו);

משא"כ לויטן תרגום, איז דער לשון פון "יקר" - דער טייטש פוןביידע ענינים, סיי פון "כובד" און סיי פון "כבוד".

און ווי דער צ"צ[128] איז מבאר ומקשר ביידע ענינים.

דערפאר שרייבט רש"י דעם לשון "נתייקרו", ווארום אין דעם קען זיין דער טייטש אויף ביידע אופנים - אדער מלשון כבד ויקר, אז דאס איז שווער, און אויך מלשון כבוד ויקר, אן ענין של חשיבות.

לד. מכל האמור, האט מען די הוראה בעבודת האדם לכל אחד ואחת, אז מ'דארף ארויסגיין אויף דער מלחמת מצוה, ובפרט לויט פרש"י אז אפילו משה רבינו האט געדארפט גיין אויף דער מלחמה.

און ס'דארף זיין "צא הלחם בעמלק", "צא מן הענן", ווארום עס זיינען דא אידן וואס געפינען זיך מחוץ להענן, "הנחשלים אחריך" - דארף מען ארויסגיין און (אויך) אויף זיי מגין זיין, אז עמלק בגימטריא ספק[129] זאל זיי ניט אנרירן.

נאר ס'דארף זיין די באווארעניש פון "בחר לנו אנשים", אז ס'דארף זיין א הוספה אין יראת שמים וכו' ("גבורים ויראי חטא" וכו')[130], וואס דאס איז כהודאת הסיפור פון כ"ק

- מו"ח -

---

127) ראה של"ה במס' שבועות שלו קפא, א. 128) אוה"ת בא ריש ע' רמו. 129) ד"ה זכור תרצ"ד ספ"ב (סה"מ קונטרסים ח"ב רפז, א). ד"ה ויבוא עמלק תש"ט פ"ו (סה"מ תש"ט ס"ע 40 (השני)). 130) ראה ויאמר משה תש"ט פ"א. פ"ח ואילך (סה"מ שם ע' 51 (השני) ואילך. ע' 59 (השני) ואילך).

מו"ת אדמו"ר[131] - אז מ׳דארף אנטאן א "פעלץ", מ׳דארף אנטאן לבושים מיוחדים, און ערשט דעמולט ארויסגיין צו טאן מיט די וואס געפינען זיך מחוץ להענן.

לה. איך דערויף קומט אויך צו די הוראה פון "כתוב זאת זכרון בספר"[132]:

ער דארף טאן אין די אלע זאכן ניט נאר פאר זיך, נאר אויך פאר אנדערע, ביז אין אן אופן אז דאס זאל פארשריבן ווערן און דערנאך אויך אפגעדרוקט ווערן.

וואס דאס גיט איס אן עידוד מיוחד אין טאן זיין עבודה העכער פאר אלע חשבונות, אין אן אופן פון הקדמת "נעשה" ל"נשמע".

דלכאורה, ער רעכנט זיך טאקע ניט מיט די אלע חשבונות; ס׳איז אבער ניט דער פשט אז ער רעכנט זיך בכלל ניט מיט די ענינים, ע"ד "פתי יאמין לכל דבר"[133] - דאס איז דרגת משה רבינו[134], און לאו כל מותא סביל דא!

און ווי מ׳זעט עס ביי רוב מענטשן אז ס׳איז ביי איס תופס-מקום ווי עס קומט אויס אין זיין שכל, און ס׳איז ביי איס תופס-מקום צי וועט ער דערעסן, צי וועט ער דערשלאפן, צי וועט ער דערטרינקען, צי קען ער געבן אויף צדקה - ס׳איז דאך "פן בתחסר לחמו", ועד"ז זיינען ביי איס תופס-מקום די מלעיגים, וכיו"ב,

און ער מאכט חשבונות פון דעם שכל הבהמי, פון דעם שכל האנושי, ביז חשבונות פון שכל דקדושה,

ווארוס ער טענה׳ט אז ער האלט נאך ניט בא דער דרגא פון "בכל מאדך", אינגאנצן העכער פאר חשבונות; ער האלט ערשט בא דער דרגא פון "בכל לבבך ובכל נפשך", וואס דאס איז די דרגא פון פרשה שני׳ דקריאת שמע [טאקע אויך א פרשה אין ק"ש, הויכע דרגות - דאס איז אבער אלץ ניט די דרגוה צו וועלכע א איד דארף דערגרייכן],

און אויך אין די דרגות פאלן אריין חשבונות - ס׳איז מערניט וואס ער איז זיי דוחה.

איז בשעת ער הויבט-אן צו מאכן חשבונות, אז טאמער ער וועט טאן אזוי פיל - קען דאך זיין אז ער וועט ניט דערעסן, אדער ניט דערשלאפן, ועד"ז בנוגע צו צדקה, און בנוגע צו מלעיגים, וכיו"ב -

- זאגט -

---

131) ראה שיחה ב׳ דיו"ד שבט. 132) בשלח שס, יד.
133) משלי יד, טו. 134) שמו"ר פ"ג, א.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

זאגט מען אים: "כתוב זאת זכרון בספר", איז בשעת ער וועט טראכטן אז דאס וואס ער וועט טאן וועט פארשריבן ווערן און נתפרסם ווערן, און דערנאך אפגעדרוקט ווערן, וואס דעמולט איז דאך דאס לדורי דורות[135] - וועט ער באטראכטן אז במה נחשב אט-דאס וואס ער וועט ניט דערעסן און ניט דערטרינקען און ניט דערשלאפן, אדער ער וועט געבן אביסל מער אויף צדקה, וכיו"ב, לגבי דעם וואס דאס וועט אויפטאן אויף אנדערע ביז לדורי דורות.

ד.ה. אין אנדערע ווערטער אז די אלע חשבונות זיינען דאך נאר בנוגע לעצמו, אז ער וועט ניט דערעסן, ער וועט ניט דערשלאפן, וכיו"ב - דאס האט אבער קיין ארט ניט בשעת ער ווייס אז זיינע פעולות וואס ער וועט טאן וועלן דערגייין צו אנדערע און פועל'ן אויך אויף זיי אז זיי זאלן אזוי טאן.

וואס דעמולט האט ער א חלק אין אלע פעולות וואס אנדערע וועלן טאן על ידו, וכידוע די תורה פון דעם אלטן רבי'ן[136] אויף "שנים אוחזין בטלית"[137].

און עאכו"כ ווען דאס איז ניט איין "טלית" נאר כו"כ "טליתים", וואדום דאס ווערט נתפרסם, און ס'ווערט פארשריבן און אויך אפגעדרוקט, וואס דורך דעם קומען ארויס פירות ופירי פירות עד סוף כל הדורות!

ווארום דורכן "כתוב זאת זכרון בספר" איז אפילו אויב ער וועט אויפטאן נאר בנוגע צו איין מצוה און איין מאל - איז אבער "מצוה גוררת מצוה"[138], ובפרט אז ער וועט פועל'ן אויף זיין גאנצע סביבה און שטאט און מדינה, קומט אויס אז אלע פעולות טובות וואס וועלן דערנאך ארויסקומען - איז בזכותו, און ער איז אין זיי א שותף!

במילא פאלן אראפ אלע חשבונות פון דעם שכל פון נפש האלקית, און אויך די חשבונות פון דער נפש הבהמית וואס האט א חוש אין כבוד,

וכמדובר לעיל (ס"ד ואילך) אז תורה דארף דורכנעמען יעדער פרט פון דעם מענטשן, שכל, יד ורגל, איז דערפון פארשטאנדיק אז עס דארף אויך דורכנעמען דעם שכל פון נה"ב.

ביז אז אויך בנוגע צו חוקים שטייט "חוקה חקקתי גזירה גזרתי ואין לך רשות להרהר אחרי'"[139], ד.ה. אז אע"פ אז דאס

- איז -

---

135) ראה לקו"ש ח"ב ע' 522. 136) דאה ד"ה רבי אומר ה'ש"ת ספ"ג (סה"מ ה'ש"ת ע' 75). קונטרס לימוד החסידות ע' 20. 137) משנה ריש מס' ב"מ. 138) אבות פ"ד מ"ב. 139) תנחומא חקת ג, ח. במדב"ר פי"ט, א. שם, ח. ילק"ש ר"פ הקת.

איז א חוקה שלמעלה מהשכל - דארף עס אבער פועל'ן אויך אויפן שכל, אז דער שכל זאל ניט מהרהר זיין אחרי', ווארום אויך חוקים דארפן דורכנעמען דעם שכל[140].

און אע"פ אז דאס איז דאך א "חוקה", דאס איז העכער פאר שכל און טעם ודעת - איז מען אבער גלייך מסביר אז דאס איז "חוקה חקקתי", ס'איז ניט סתם א "חוקה" נאר ס'איז א חוקה וואס "חקקתי", דער אויבערשטער האט דאס חוקק געווען, במילא קען דאס אויך דורכנעמען זיין שכל,

ביז דאס נעמט-דורך אויך זיין עשי' שביד, און הליכה שברגל, אז דער רגל זאל זיין רץ לדבר מצוה[141],

בשמחה ובטוב לבב.

* * *

לו. וויבאלד אז די התוועדות קומט בהמשך צו די פריערדיקע התוועדויות (כאמור לעיל) - איז כאן המקום צו רעדן וועגן אן ענין וואס מ'האט ניט דערמאנט אין דער התוועדות פון יום ההילולא, "העשירי יהי' קודש"[142], וואס דערפאר וואס מ'האט עס ניט דערמאנט - איז מסיבות שונות ומשונות (וואס איך ווייס ניט קיין טעם אויף דעם), ולצערי הכי גדול, האט מען גארניט געטאן אין דעם.

וואס דאס איז - דער ענין וואס מ'האט שוין גערעדט כמה פעמים, בנוגע צו מייסד זיין א כולל "תפארת זקנים - לוי יצחק"[143] בכל מקום, ווי אויך דער ענין פון "חכמות נשים"[144], און כולל "הפארה בחורים", און אויך בנוגע דעם ענין פון "והשיב לב אבות על בנים - על ידי בנים"[145], ועד"ז די אנדערע "מבצעים".

וואס איך האב גערעכנט אז מ'וועט זיכער וועגן די ענינים מאכן א גאנצן שטורעם בקשר מיטן "העשירי יהי' קודש", דער יום ההילולא, אבער ווי עס ווייזט אויס איז וויבאלד אז מ'האט זיי ניט דערמאנט בא דער התוועדות - האט מען אפילו ניט גערעדט וועגן די ענינים; עכ"פ צו מיר איז ניט דערגאנגען אז מ'האט עפעס געטאן וועגן דערויף.

לז. וואס ס'איז שוין דורכגעגאנגען 31 יאר וואס מ'רעדט - וועגן -

---

140) ראה לקו"ש ח"ח ע' 131 הע' 52. 141) ראה אבות שם. וראה בארוכה לקו"ש פרקי אבות פרק ד תשל"ט. 142) ל' הכתוב - בחוקותי כז, לב. וראה זח"ב רעא, א. 143) ראה שיחות ש"פ ומוצאי ש"פ עקב, כ"ף מנ"א; ש"פ ראה, כבה"ח אלול; ר"ח אלול ויום ג', י"ד אלול - ה'תש"מ. 144) ע"פ ל' הכתוב שם יד, א. 145) ראה שיחת אור לר"ח ניסן ה'תש"מ וההתוועדויות שלאח"ז.

וועגן די ענינים - איז דען א הכרח גמור אז בא יעדער התוועדות זאל מען איבער'חזר'ן אלע ענינים וואס מ'האט גערעדט במשך פון די 30-31 יאר?!

ס'רעדט זיך וועגן 31 יאר! ניט וועגן 3 חדשים, צי פינף חדשים, און אויך ניט וועגן י"ב חדשים!

וואס אין די ענינים פון כולל "תפארת זקנים" און "חכמות נשים" האט מען גערעדט מיט פינף חדשים צוריק - דארף מען נאכאמאל זיי איבער'חזר'ן?!

און אפילו אויב מ'וואלט זיי גערעדט לפני י"ב חודש - וואלט מען זיי אויך ניט געדארפט איבער'חזר'ן, ווארום אויף א משך פון צוועלף חדשים געדענקט מען דאך,

און אפילו אויב ס'וואלט שוין אדורך מער ווי י"ב חודש - וואלט מען אויך געדארפט געדענקען, ווארום ס'איז ניט נגזר געווארן אז מ'זאל פארגעסן א דבר חי לאחר י"ב חודש[146]

- וואס דא רעדט זיך דאך וועגן א דבר חי! ווארום אלע ענינים פון תורה און מצוות זיינען דאך חיים, ווי מ'זאגט "כי הם חיינו ואורך ימינו",

וע"ד ווי ס'איז געווען בא יוסף'ן, אז ס'איז אדורך כמה וכמה שנים פון ווען ער איז אוועק, ביז אז ס'איז אדורך כ"ב שנה - און אעפ"כ האט מען אים געדענקט[147]!

וואס עד"ז איז בנוגע צו ענינים פון תורה ומצותי', אז אויב נאר ער לעבט אין דעם במשך 120 יאר בחיים חיתו בעלמא דין (ועאכו"כ נאך פאר דערויף, און אויך אויב ער לעבט אין דעם לאח"ז) - איז דאס ביי אים א דבר חי, במילא פארגעסט ער ניט.

לח. נאכמער: די ענינים וואס מ'האט גערעדט האט מען ניט גערעדט אלס סתם פשט'לעך נאר מ'האט אויך געזאגט א מילתא בטעמא,

און ווי גערעדט בנוגע צו דעם ענין פון "כולל תפארת זקנים - לוי יצחק", אז וויבאלד אז ער איז געווארן עלטער, און ער האט שוין ניט קיין כח אויף כמה ענינים, און מ'האט אים נאך אפגעזאגט פון זיין משרה אין וועלכע ער האט זיך עוסק געווען ביז איצטער,

ווי ס'פירט זיך במדינה זו אז בכמה משרות איז ווי נאר

- ער -

-------------

146) ראה ברכות נח, ב. 147) ראה פרש"י עה"פ וישב לז, לה. מס' סופרים ספכ"א. וראה גם ב"ר פפ"ד, כא. תנחומא באבער וישב ח.

ער ווערט א ביסל עלטער זאגט מען אים גלייך אפ פון זיין משרה, ניט קוקנדיק אויף זיינע מעלות און כשרונות, און ער האט נאך דעם נסיון פון כו"כ שנות עבודה וכו׳; וויבאלד אבער אז אויף א פאפירל שטייט אז ער איז אזוי און אזוי אלט - זאגט מען אים אפ, און מ׳נעמט אריין א יונגן דוקא!

עכ"פ אפילו אז מ׳האט אים אפגעזאגט פון די משרות - דארף ער אבער פילן אז "גם זו לטובה"[148], כדי אז איצער זאל ער האבן מער צייט אויף לימוד ההורה, ווארום ביז איצטער האט ער אפגעגעבן זיין צייט אויף פרנסה, צי אויף פאליטיק, צי אויף עניני כבוד - איצטער אבער קען ער אפגעבן זיין צייט אויף לימוד התורה, און איצטער קען ער משלים זיין וואס עס האט בא אים געפעלט במשך ימי חייו.

דערצו זיינען דא אזעלכע וואס זיינען אין א תנועה פון ברוגז, זיי זיינען ברוגז אויף דער גאנצער וועלט, ביז אז זיי זיינען אויך ברוגז אויפן אויבערשטן, כביכול,

ווארום אזוי ווי ער קען דאך אנפירן מיט א גאנצע שכונה, און מיט א גאנצע שטאט ביז - מיט דער גאנצער וועלט; ער קען אנפירן מיט א גאנצער דרייערריי - אויב נאר מ׳וועט אים צושטעלן א שכונה צי א שטאט צי די גאנצע וועלט,

און דער אויבערשטער ווייס דאך דעם אמת אז ס׳איז טאקע אזוי, און אז ער קען אנפירן מיט גרויסע, מיט מיטעלע, און מיט קליינע, ביז מיט טף, אויב מ׳וועט אים נאר צולאזן -

אעפ"כ דארפן זיי פילן אז "גם זו לטובה", ווארום איצט קענען זיי ארייננכאפן כו"כ פעמים ככה טאן אין זייער אמת׳ע שטעלע - "אני נבראתי לשמש את קוני"[149], וואס דאס איז זייער אמת׳ע חיות, ובפרט בשעת ס׳קומען זיך צוזאמען כמה וואס זיינען אין זיין עלטער און מ׳לערנט צוזאמען.

וואס וויבאלד ס׳איז אמאל שווער פאר א מענטשן צו דאס אליין טאן - איז אז דאס וועט קומען דורך א צווייטן וואס וועט מעורר זיין ווערט עס אים זיין גרינגער.

לט. און דאס (האמור לעיל) איז געווען דער טעם וואס מ׳האט געמאכט דעם טומל, אז מ׳דארף מאכן די כוללים בכל מקום, און מ׳דארף מודיע זיין דעם זמן הלימוד און דעם מקום הלימוד וכו׳.

און מ׳האט גערעדט אז יעדערער דארף טאן אין דעם, און מ׳דארף אויף דעם ניט האבן דוקא א ראש ישיבה וכיו"ב, נאר

- ע"ד -

---

148) ראה תעניה כא, א. סנהדרין קח, סע"ב ואילך.
149) משנה ובריתא סוף מס׳ קידושין.

ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו דעם ענין פון "ורפא ירפא"[150], אז הגם אז בשעת ס'איז דא א קראנקער און מ'דארף אנקומען צו א דאקטאר, ווארום דער דאקטאר איז דער איינציקער וואס קען היילן [דורך דעם וואס דער אויבערשטער גיט אים דעם כח אויף דעם] - אעפ"כ דארף מען אנקומען צו איינעם וואס ער זאל צוזאמענברענגען דעם חולה און דעם דאקטאר, עד"ז א צווייטער זאל געבן די געלט, ועד"ז קען, ובמילא - דארף יעדערער טאן עפעס אין דעם מיט דער גאנצער טירחא,

וואס אזוי איז דאס אויך בעניננו - אז יעדערער קען, ובמילא דארף ער עפעס טאן אין דעם.

און דערפאר האט מען געבעטן, און מפציר געווען ובכל לשון של בקשה - אז מען זאל טאן אין דעם ענין.

מ. וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז א מילתא בטעמא - אעפ"כ האט קיינער וועגן דעם ניט גערעדט;

עס זיינען דאך געווען אסיפות, דינער'ס, מלוה מלכה'ס - וועגן דעם האט מען אבער ניט גערעדט,

מ'דארף טאקע מאכן געלט ביי די אסיפות - דאס איז אבער ניט גענוג, נאר מ'דארף אויך האבן דעם פועל, ווארום ס'איז ניט גענוג האבן נאר דעם גוף נאר מ'דארף אויך האבן די נשמה, און אויף דער נשמה האט מען פארגעסן!

איז אז כמה נשים טרעפן זיך צוזאמען אין די זעלבע ד' אמות - האט מען גערארפט (בא דער מלוה מלכה) רעדן וועגן דעם [און דאס איז אויך נוגע צו אנשים ווארום די נשים אליין זיינען "פלג גופא"[151]] - ואין פוצה פה ומצפצף!

וואס איך וויל ניט חושד זיין קיין אידן, ובפרט א גאנצע עדה קדושה - האב איך געשטעלט אויף הזקת כשרות[152] אז מסתמא האט מען וועגן דעם גערעדט בחשאי ובקול דממה דקה, צו מיר עכ"פ איז די ידיעה ניט דערגאנגען.

מא. אפילו אז מ'האט וועגן דעם גערעדט בקול דממה דקה (צוויי צוזאמען, אדער אפילו בעשרה וכו') דאדף מען אבער האבן דעם עיקר - דער מעשה בפועל, און לפועל איז דערפון גארניט געווארן.

וכמבואר בנוגע למצוות אז ס'איז ניט גענוג אז מ'האט

- כוונות -

------------

150) משפטים כא, יט. וראה ברכות ס, סע"א. 151) זח"ג ז, ב. רצו, א. וראה גם שם פא, ב. קס, ריש ע"ב. 152) ראה רמב"ם הל' קדה"ח פ"ב ה"ב.

כוונות וועגן דעס, און אפילו די כוונות הכי נעלות, כוונות פון עשי׳, צי פון יצירה, צי פון בריאה, צי אפילו כוונות פון אצילות - נאר כ׳דארף האבן ס׳זאל זיין בפועל ממש,

ווי ער איז מבאר אין תניא[153] אז אפילו אויב ער האט מכוין געווען כוונות בשלימות און די מעשה בפועל האט ער ניט געטאן איז לא יצא -

נאר מ׳דארף האבן דוקא א קלף פון א בהמה, און געבן דאס צו א סופר ער זאל אויף איר אנשרייבן פרשיות (ניט-אום-שבת-געערדט), און פון דעם עור דארף מען מאכן רצועות, און דערנאך דארף מען האבן א יד גשמי, און א מוח גשמי (במקום שמוחו של תינוק רופס[154]), און נעמען די תפילין און זיי אנטאן.

מב. און ס׳איז ניט גענוג אז ער זאל אליין אנטאן די תפילין נאר ער דארף גיין און אנטאן זיי מיט א צווייטן אידן.

וכידוע וואס דער בעש"ט[155] זאגט אז "עס קומט אראפ א נשמה אויף דער וועלט און לעבט אפ זיבעציג אכציג יאר, צוליב טאן א אידן א טובה",

איז אויך בא דעם מקובל און למדן - קען גאר זיין אז ירידת נשמתו למטה איז צוליב איינמאל א טובה-טאן א אידן, אז דער איד זאל אנטאן די תפילין!

ער ווייס טאקע ניט וועלכע פעולה טובה איז די פעולה צוליב וועלכע זיין נשמה איז אראפ למטה - ס׳קען אבער זיין אז דאס איז די טובה!

איז בשעת ער ווערט זיך מתבונן זיין, אפילו על הספק וספק ספיקא וכו׳, אז ס׳קען זיין אז אלע זיינע זיבעציק, אכציק יאר זיינען צוליב אט-די פעולה טובה - איז דאך פארשטאנדיק ווי ער ווערט טאן די פעולה טובה.

מג. וואס כאמור מ׳האט גערעדט וועגן די ענינים כמה פעמים - איז צי-דען דארף מען בא יעדער פארברייינגען איבער׳חזר׳ן אלע הוראות פון מ"ת ביז יו"ד שבט תשמ"א (ובחו"ל)?! ס׳איז בא קיינעם ניט געווען אזא הנהגה!

און אפילו אז מ׳וואלט גערעדט וועגן דעם מערניט ווי איינמאל - זיינען זיי דאך הוראות פון רבינו נשיאינו, וואס ער האט גערעדט וועגן זיי מער ווי שלשה פעמים, און האט זיך געקאכט אין זיי, און האט זיך מוסר נפש געווען פאר זיי,

- ביז -

---

153) רפל"ח. 154) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סכ"ז ס"ט (סי"ד). 155) "היום יום" ע׳ נא. סה"מ קונטרסים ח"ג ע׳ מו.

ביז אז ער איז פאר זיי געזעסן אין טורמע בסכנת נפשות!

מד. וכאמור לעיל, אז ס'איז שוין אדורך איינמאל דרייסיק יאר, און איצטער ענדיקט זיך שוין א יאר פון דעם צווייטן מאל דרייסיק יאר, וואס איצטער גייט מען אריין אין שנת הל"ב, וואס אזוי ווי מ'האט דעמולט געגעבן א הוראה פון דעם ענין פון "שלשים שנה" - אזוי דארף אויך זיין א הוראה פון דעם ענין פון שנת הל"ב.

וואס דער ענין פון ל"ב איז - לב (א הארץ), וואס דאס ווייזט אויף דעם ענין פון א מלך, ווארום "לבו (פון א מלך) הוא לב כל קהל ישראל"[156], און אויף דער לב פון כל העולם, אויף דעם אויבערשטן'ס שכינה, כמבואר אין אגה"ק[157].

און אין עבודת האדם איז דאס דער ענין פון "בכל לבבך", וואס הגם אז דער שלימות העבודה[158] איז "בכל מאדך" - ההחלת העבודה אבער איז די עבודה פון "בכל לבבך", און ערשט דעי נאך קומען די העכערע מדריגות.

און נאך כמה הוראות פון דעם ענין פון ל"ב, ווי ס'איז מבואר דער ענין הלב אין נגלה און אין חסידות, ואכ"מ.

עכ"פ וויבאלד אז מ'שטייט נאך אין חודש שבט בסמיכות ליום ההילולא - האט מען די כחות צו טאן אין די אלע ענינים האמורים לעיל - דער ענין פון כולל "תפארת זקנים", און "חכמות נשים" וכו' און דער ענין פון "והשיב לב אבות על בנים - על ידי בנים" וכו'.

מה. וואס בשעת מ'רעדט וועגן די ענינים האמורים לעיל זיינען דא אזוינע וואס טענה'ן: ער איז פארנומען מיט "צבאות השם"; מ'טומל'ט און מ'שטורעם'ט וועגן דעם ענין פון "צבאות השם" - איז ער מיט דעם פארנומען, במילא האט ער ניט קיין צייט צו טאן אין די ענינים האמורים!

איז דער ענטפער אויף דעם: "מקום יש בראש"[159] צו טאן אלע ענינים.

און ווי מ'זעט עס ביי אים אליין: בשעת מ'ווענט אים א פרעג-טאן: ווילסט עסן? ענטפערט ער: יא; ווילסט טרינקען? ענטפערט ער: יא; ווילסט געלט? - וואס הייסט - עאכו"כ אז יא! - ווילסט אויך ליינען א "פייפער"? ענטפערט ער אויך: יא!

- זעט -

---

156) רמב"ם הל' מלכים פ"ג ה"ו. וראה לקו"ש שופטים חש"מ הע' 6. 157) סל"א. 158) ראה ספר הערכים-חב"ד ערך אהבת ה' בכל לבבך, נפשך ומאדך ס"ד. וש"נ. 159) ל' חז"ל - עירובין צה, ב. ועוד. וראה גם סה"ש ה'ש"ת ע' 113 ואילך.

הנחת הת' בלתי מוגה

זעט מען דאך אז אע"פ אז ער דארף עסן און טרינקען וכו׳
- האט ער אבער נאך אלץ צייט צו ליינען א "פייפער" - ניט א
צייטונג, נאר - א "פייפער"! וואס א צייטונג איז פארבונדן
מיט דער צייט - ער ליינט אבער אויך א "פייפער", אין ניו-
יארק, און אפגעטייטשט אויף שפת המדינה, וואס מ׳קען דאס
גארניט אויסנוצן אויף א דבר טוב.

[די איינציקע זאך איז, אז ס׳פירט זיך אין דער מדינה
אז מ׳נעמט דערנאך געניצטע פאפיר און מ׳מאכט דערפון שמאַטעס,
אמת׳ע שמאַטעס, און דערנאך מאכט מען דערפון נאכאמאל פאפיר
- וואס דעמולט וועט מען קענען אויף דערויף אנשרייבן
תידושים אין נגלה און אין חסידות, און אויב ס׳איז פאפיר
וואס איז ראוי לדפוס - נוצט מען עס אוים אויף דרוקן
חסידות, אויף הפצת המעיינות;

אבער ער ליינט עס איידער מ׳וועט דערפון מאכן
סמרטוטים, און דערנאך פאפיר, און דערנאך אנשרייבן אויף
דערויף חידושים; ער ליינט א "פייפער" - א ניר בעלמא!] -

איז ע"ד ווי ס׳איז אין זיינע ענינים, אז הגם אז ער
איז פארנומען האט ער אבער צייט אויך אויף דערויף, "מקום
יש בראש" - עאכו"כ אז "מקום יש בראש" אויף צו טאן אין
"צבאות השם" און אויך אין די ענינים פון כולל "תפארת
זקנים" און "חכמות נשים" און אין דעם ענין פון "והשיב לב
אבות על בנים", און אויך אין דער ענין פון "תפארת בחורים",
און די אנדערע "מבצעים".

מו. וואס איצטער איז א צייט ווען מ׳קען טאן, און מ׳גיט
כח אז מ׳זאל אויספירען טאן אלע ענינים וואס מ׳דארף,

און דער עיקר איז אז מ׳זאל ניט אריינגיין אין
חשבונות, נאר אלע ענינים זיינען ענינים שהזמן גרמא, און
"חטוף ואכול חטוף ושתי"[160].

און וויבאלד אז מ׳געפינט זיך אין א שנת העיבור -
זיינען דא נאך כמה טעג און וואכן אין וועלכע מ׳קען טאן
ביהר שאת, ס׳די אין נייע ענינים און סיי אין ענינים וואס
מ׳טוט שוין, ביז אין אן אופן פון שלימות; און די אלע
ענינים ווערן פאררעכנט אז זיי ווערן געטאן בשנה זו.

וואס די כוונה פון דעם רעדן איצטער איז ניט בכדי צו
מאכן קאלעמוטנע, נאר בכדי אז "כולי האי ואולי" וועט מען
טאן אין די ענינים האמורים לעיל, ועוד ועיקר - "תן לחכם
ויחכם עוד": קאכן זיך אין די שיחות און מאמרים, אין די

- ענינים -

---

160) עירובין נד, א (וראה דק"ס לעירובין כאן).

ענינים וואס שטייען דארטן, וואס מ'האט דעס כת אויף זיי אלע טאן.

מז. בהמשך לזה - איז כאן המקום צו משליס זיין נאך אן ענין וואס מ'האט גערעדט בהתוועדות הקודמת - דער ענין וועגן שושבינין,

וואס מ'האט דעמולט מסביר געווען דעס טעם וואס אויף שושבינין דארף זיין אן אשה וואס איז ניט קיין מעוברת, אז דאס איז דערפאר וואס בא שושבינין דארף זיין א נקבה כנגד יעדער זכר, און ניט אנדערש - וואס בשעת די אשה איז מעוברת איז דא נאך א מציאות בהוספה אויף די אשה אליין,

ובדוגמא ווי עס שטייט אין שו"ע[161] בא כפרות, אז פאר אן אשה מעוברת נעמט מען אויך א תרנגול צי א תרנגולת כנגד דעם עובר, וואס דאס איז דערפאר וואס דא איז צוגעקומען נאך איינער.

וואס ס'איז פארשטאנדיק אז ס'איז ניט קיין נפק"מ נאך וועלכע דיעה מ'לערנט בנוגע צו כפרות וענינינו, ווארום אויב מ'לערנט אז מ'נעמט פאר אן אשה מעוברת צוויי תרנגולות - איז פארשטאנדיק, אז דאס איז דערפאר וואס דא איז צוגעקומען נאך א מציאות, וואס עד"ז איז דאס אויך בנוגע צו שושבינין, אז וויבאלד די אשה איז מעוברת קומט צו נאך א מציאות - ובמילא קען זי ניט זיין קיין שושבין, ווארום ס'איז ניט איין נקבה כנגד יעדן זכר.

מח. דער ענין השושבינין געפינט מען אז ס'האט א שייכות מיוחדת צו פ' בשלח

און ווי גערעדט אין רער פריערדיקער התוועדות אז בהשגחה פרטית איז די הערה (וואו מ'האט געפרעגט וועגן דעם ענין פון שושבינין) ארויסגעקומען צו שבת פרשת בשלח[162], וואס דער ענין השושבינין איז שייך צו פרשת בשלח, ע"ד ווי מ'האט גערעדט[163] בנוגע צו די הערה וועגן "והלכת בדרכיו" וואס איז ארויסגעקומען צו שבת פרשת ויחי[164], דערפאר וואס דער ענין פון "והלכת בדרכיו" איז שייך צו דער הפטרה פון פרשת ויחי,

וואס אין דעם מאמר פון ש"פ בשלח תר"מ[165] רעדט ער

- וועגן -

---

161) אדה"ז סתר"ה ס"ג. 162) בקובץ "הערות וביאורים" אהלי תורה בשלח גליון ט (עה). 163) בשיחת ש"פ ויחי. 164) בקונטרס "הערות התמימים ואנ"ש" - מאריסטאון ויחי גליון טז (קצ, א). 165) בהמשך "זאת חנוכת המזבח - תר"מ" פי"א (ע' יד ואילך).

וועגן דעם ענין פון שושבינין (וואס דאס איז דער תוכן הענין פון די מאמרים דארטן, בהמשך צו וואס ער הויבט אן מבאר זיין אין פ' וארא[166]),

און ער איז דארטן מבאר דעם ענין וואס אהרן איז "שושבינא דמטרוניתא"[167], וואס דאס איז דער ענין פון דעם וואס אהרן האט געטאן דעם "בהעלותך את הנרות"[168].

ער פרעגט דארטן: "צ"ל הלא נהוג עלמא שהשושבין הוא רק בעת החתונה לבד, משא"כ אח"כ אינם צריכים לשושבין כלל וכלל, ובענין הערכת והעלאת הנרות זהו בכ"י תמיד, אשר לכאו' אינו מובן כלל מ"ע השושבין בכי"ת כל בין הערבים".

און ער איז מסביר, אז דער ענין פון שושבינין דארף זיין יעדער מאל ווען ס'איז דא א הוי' חדשה, וואס אזוי איז דאס ביי א חתונה, וואס דער חתן און כלה זיינען יעדערער א פלג גופא, אבער דערנאך איז "ענין החתונה הוא להיותה דבר חדש לזווג הו"כ הבלתי מכירים זא"ז כלל ואשר היו נפרדים ורחוקים זמ"ז מאז שנולדו [אכצן יאר, ווארום "בן שמונה עשרה לחופה"[169], ועד"ז איז פארשטאנדיק בא דער כלה (ובפרט אז אמאל פארציט זיך דאס נאך לענגער), וואס דערפאר איז אויך דא בא זיי דער ענין הבושה], ומקרבים אותם, בכדי שיולידו בנים שז"ע המשכת או"ח ממש כו' לזה צריכים שושבין דוקא ["לפי שא"א להם לילך בעצמם מהמה הבושה וצריכין סעד לתמכם"[170]], ומזה נמשך שמחה נפלאה על בחי' האו"ח כו'",

און עד"ז איז אויך ביי דעם ענין פון די בירורים, אז ס'איז א בחי' התחדשות, וואס די רפ"ח ניצוצין "נפרדו מאז הי' בשבה"כ", און שוין צענדליקער, הונדערטער צי טויזענטער יארן וואס זיי זיינען נפרד געווארן בשבה"כ, "ולזאת בכדי שיעלו ניצוצות אלו זהו ע"י השושבינין".

וואס דאס איז דער ענין פון אהרן שושבינא דמטרוניתא וואס האט געדאפט זיין בכל יום בין הערביים, ווארום דעמולט איז דא דער העלאת הניצוצות המהבררים [וואס בהעלותך את הנרות "מחוץ לפרכה"[171] איז דער ענין פון אריינברענגען פון "מחוץ לפרוכת" - פנימה, ווי ער איז מבאר אז מפנים לפרכת איז אצילות[172]],

- וואס -

---

166) שם פ"ו (ס"ע יג). 167) זח"א רסו, ב. ח"ב מט, ב. ח"ג כ, א (ברע"מ). נג, ב. עדה, ב. 168) בהעלותך ח, ב. 169) אבות ספ"ה. 170) תו"א ד"ה ואתה תצוה (פא, א). 171) תצוה כז, כא. 172) ראה גם המשך הנ"ל שם. תו"א שם פא, ד. הוספות קי, א ואילך.



הנחת הת' בלתי מוגה

וואס דער ענין וואס אהרן טוט-אויף בעבודה איז דער ענין פון שמחה של מצוה[173].

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דער המשכת מיין דכורין און העלאת מיין נוקבין, וואס בפשטות איז דאס אז בא שושבינין דארף זיין א נקבה כנגד א זכר.

מט. וואס מ'האט דעמולט גערעדט וועגן שושבינין, ובמילא זיינען צווישן זיי אויך דא שאלות וואס האבן גאר קיין ארט ניט.

מען האט געפרעגט: וואס האט מען גערעדט אז בשעת די אשה איז מעוברת איז דעמולט שטערט דער עובר צו דעם ענין פון שושבינין - ס'איז דאך "עובר ירך אמו הוא"[174]?

איז דער ענטפער אויף דעם: לאחרי כל הלומדות - געפינט מען אזוי בא כפרות אז אן עובר איז א מציאות, איז וויבאלד אז ס'איז דא נאך א מציאות - איז דאס שוין ניט א נקבה כנגד א זכר, במילא איז דאס ניט גוט פאר דער ענין השושבינין.

נ. אויך האט מען געפרעגט: וויבאלד אז דער ענין השושבינין איז, כנ"ל, בכדי צו באווארענען די בושה פון חתן כלה - וואס וועט שטערן אין דעם אן עובר?

איז דער ביאור בזה: דער עיקר הביאור וואס מ'האט דעמולט גערעדט פארוואס מ'נעמט ניט קיין אשה מעוברת איז געווען - אז וויבאלד אז מ'דארף האבן א נקבה כנגד א זכר (מאיזה טעם שיהי') קען מען ניט נעמען קיין אשה מעוברת, ווייל ס'קומט-צו נאך א מציאות,

מען האט נאר צוגעגעבן ביאור אין דעם ענין השושבינין, אז דער ענין השושבינין איז צוליב בושה; אבער ניט דאס (דער ענין הבושה) איז דער עיקר וואס מ'האט דעמולט מבאר געווען פארוואס מ'קען ניט נעמען קיין אשה מעוברת.

נא. און מ'קען ניט פרעגן: וואס איז דער חילוק צווישן דעם עובר און א קינד וואס דרייט זיך אונטער דער חופה -

ווארום דער קינד וואס דרייט זיך אונטער דער חופה - קומט ניט אלס א שושבין, משא"כ דער עובר וויבאלד אז ער קומט דאך ווי א (חלק פון א) שושבין, און ער איז נאך א מציאות - איז ער מבלבל.

- וויבאלד -

------------

173) המשך הנ"ל פי"א (ע' טו). תו"א שם פא, א ואילך. הוספות שם. וראה גם ספר הערכים-חב"ד ערך אהרן ס"ג סק"ח. וש"נ. 174) גיטין כג, ב. חולין נח, א. וראה רמב"ם הל' שחיטה פי"ב ה"י.

וויבאלד אז מ'וויל דוקא האבן א דוגמא אויף דעם אין הלכה - איז אויך אויף דערויף דא א דוגמא בהלכה:

דער דין איז[175] אז "נמצא אחד מהם קרוב או פסול עדותן בטלה", און אפילו אויב ס'איז דא מער ווי צוויי עדים כשרים, אדער אפילו כמה פעמים צוויי עדים, וויבאלד אבער אז "נמצא אחד מהם קרוב או פסול" - איז "עדותן בטלה".

קען מען לכאורה פרעגן: עס קען דאך זיין אז עס זיינען געשטאנען מער ווי צען מענטשן אפילו בשעת מעשה, און זיי האבן געזעהן דעם עדות, איז אויב ס'איז צווישן זיי דא א קרוב אדער א פסול דארף דאך דעמולט בטל ווערן זייער עדות?

איז דא א חילוק: בשעת זיי זיינען ניט בתורת עדות איז דעמולט זיינען זיי זיך ניט מצטרף, במילא איז זייער פסול ניט מבטל דעם עדות, און די כשר'ע עדות קומען אין ב"ד און מ'מאכט די (דריי צי זיבן וכו'[176]) חקירות און די דרישות וכו'; משא"כ בשעת זיי זיינען בתורת עדות - דעמולט זיינען זיי זיך מצטרף, און אויב "נמצא אחד מהן קרוב או פסול" - איז "עדותן בטלה".

וואס עד"ז איז דאס אויך בעניננו: אז בשעת ס'איז דא נאך א מענטש (וואס ס'איז דא אן ארט אז ער קען מאכן אז ס'זאל ניט זיין א נקבה כנגד א זכר) - איז דא א חילוק ווי זיין יחס איז צו די שושבינין:

בשעת א קינד דרייט זיך אונטער די חופה, אדער גדולים דרייען זיך אונטער די חופה - זיינען זיי דעמולט ניט דארטן אלס שושבינין - במילא שטערן זיי ניט,

משא"כ ביי אן עובר קומט דאך דער עובר בתור שושבינין, ווארום מען קען דאך ניט פאנאנדערטיילן אז די אשה קומט בתורת שושבינין און דער עובר ניט - איז במילא (וויבאלד אז ס'איז דא נאך א מציאות, און ס'איז שוין ניט א נקבה כנגד א זכר -) שטערט עס צו דעם ענין השושבינין.

וואס במילא איז פארשטאנדיק אז ס'איז קיין נפק"מ ניט צי עובר ירך אמו צי ניט - ווארום דער עובר קומט בתור שושבינין פונקט ווי די אשה, און וויבאלד ס'איז דא נאך א מציאות, און ניט א נקבה כנגד א זכר - שטערט דאס צו דעם ענין השושבינין, ווי מ'האט דעמולט מבאר געווען.

נב. וואס מכל זה איז פארשטאנדיק, אז דער ביאור וואס

- מ'האט -

---

175) מכות ה, סע"ב (במשנה). טושו"ע חו"מ רסל"ו.
176) ראה סנהדרין מ, א (במשנה). וראה אנציקלופדי' הלמודית ערך דרישה וחקירה ס"ב. וש"נ.

מ׳האט דעמולט מבאר געווען איז א ביאור בפשטות - און דאס איז דער איינציקער חסרון,

מ׳האט מיר געזאגט אז מ׳האט געענטפערט א בעה"ב׳טישע סברא, אז אזוי ווי דאס איז בא כפרות בשייכות מיט יום הכפורים אז אן עובר איז נאך א מציאות, עד"ז איז דאס אויך בא שושבינין - און מיט דעם האט זיך געענדיקט דער גאנצער פלפול!

וואס ס׳איז פארשטאנדיק אז איך ווער ניט נתפעל פאר די סברות פון א בן חמש למקרא, און רש"י לערנט אזוי מיט א בן חמש למקרא, ועד"ז ווער איך ניט נתפעל פאר א בעה"ב׳טישע סברא.

ובפרט ווי מ׳געפינט אז דער אלטער רבי האט געזאגט אויף אן ענין אז "התירוץ פשוט והקושיא טוב"[177] (אז אע"פ אז דער תירוץ איז פשוט - אעפ"כ "הקושיא טוב"), און דער צ"צ האט דאס אריינגעשטעלט אין לקו"ת.

נג. מ׳האט דעמולט אויך מבאר געווען עפ"ז דעם מנהג [וואס דער מנהג איז לאו דוקא אנגענומען אין אלע ערטער, און איך זאג ניט אז מ׳זאל זיך אזוי פירן - איז דאס אבער א מנהג פון כמה קהילות קדושות, און אזוי זאגן כמה גדולי ישראל] אז פאר א "קוואטער" נעמט מען ניט קיין אשה מעוברת, דערפאר וואס אויך דארטן דארף זיין א נקבה כנגד א זכר.

וואס אויך דער ענין פון "קוואטער" איז קשור צו דער ענין פון שושבינין, וכמבואר לעיל פון דעם מאמר פון תר"ם אז דער ענין פון שושבינין איז דא בשעת ס׳איז דא א הוי׳ חדשה, וואס אויך דער ענין פון מילה איז א הוי׳ חדשה,

ווי דער אלטער רבי שרייבט בשו"ע שלו[178] אז "תחלת כניסת נפש הקדושה" איז "במצות מילה", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דעמולט ווערט דער חיבור הנשמה בגוף דורך דעם כח המפליא לעשות[179], וואס דאס איז בדוגמת ענין החתונה, און דערפאר ווערט א ברית מילה אויך אנגערופן בשם הילולא,

און ס׳איז אויך מיוסד (ווי מ׳האט דעמולט מבאר געווען) אויף קבלה וואס ס׳איז מבואר[180] אז יסוד איז בחי׳ שושבין, ביז אז יסוד איז דער שושבין שבין חתן לכלה.

נד. מאמר (כעין שיחה) ד"ה מזבח אדמה תעשה לי וגו׳.

* * *

- נה. -

---

177) לקו"ת נצבים נג, סע"ג. 178) או"ח מהדו"ב סוס"ד.
179) ד"מ או"ח ס"ו. רמ"א או"ח שם סוס"א. 180) קה"י ערך שושבינים.

נה. כרגיל צו אפלערנען א פסוק פון פרשת השבוע מיט פירוש רש"י, און אויך אן ענין אין די הערות פון טאטן אויפן זהר.

וואס בנוגע צו א פרש"י - זיינען דאך דא כמה ענינים בפרשתנו, וועט מען מבאר זיין אן ענין וואס מ'האט נאך ניט גערעדט [וואס אין די מפתחות איז ניט אנגעצייכנט אז מען האט דעם ענין גערעדט (און מסתמא וועט מען קיין פאראיבל ניט האבן טאמער האט מען שוין יע גערעדט דעם ענין)].

אין קאפיטל י"ט פסוק ו', זאגט דער פסוק "אלה הדברים אשר תדבר אל בני ישראל", שטעלט זיך רש"י אויף דערויף און איז מפרש: "אלה הדברים - לא פחות ולא יותר".

וואס רש"י'ן איז דא שווער, דלכאורה מאי קמ"ל "אלה הדברים אשר תדבר אל בני ישראל"?! - און דערפאר איז רש"י מפרש "לא פחות ולא יותר".

דאס גופא דארף אבער האבן א ביאור: פארוואס זאל משה עפעס פוחת זיין אדער מוסיף זיין, וואס דערפאר זאל אים דער אויבערשטער דארפן באווארענען און זאגן "אלה הדברים" - "לא פחות ולא יותר"; מאי קמ"ל?!

נו. בנוגע צו "לא פחות" איז די קשיא נאך שטארקער, ווי קומט עס צו משה'ן ער זאל עפעס וועלן פוחת זיין פון דעם אויבערשטנ'ס רייד:

מילא בנוגע צו "לא יותר" וואלט מען נאך געקענט פאר-ענטפערן בדוחק הכי גדול[181] אז אָן די באווארעניש (פון "לא יותר") וואלט משה מוסיף געווען הסבר אויף דעם אויבערשטנ'ס רייד בכדי אז ס'זאל זיין בהשגה ובהסברה,

און ווי דער בן חמש למקרא זעט אז רש"י איז אים מפרש און איז מוסיף ביאור אין דעם וואס עס שטייט אין פסוק וואס דער אויבערשטער האט געזאגט - לייגט זיך ביי אים אז עד"ז האט משה מסביר געווען צו אידן נוסף אויף וואס דער אויבערשטער האט אים געזאגט,

און דערפאר האט אים דער אויבערשטער געזאגט אז ס'זאל זיין "אלה הדברים" - "לא יותר";

עס בלייבט נאך אבער שווער בנוגע צו "לא פחות" ווי קומט עס אז משה זאל וועלן פוחת זיין?!

ובפרט אז מ'געפינט אין פ' בשלח[182] בנוגע צו דעם מן אז משה האט מחסר געווען אין דעם אויבערשט'ס רייד, ווי רש"י

- איז -

------------

181) ראה מרכבת המשנה למכילתא פרשתנו יט, ג. 182) טז, כב.

הנחת הת' בלתי מוגה

איז דארטן מפרש אז "עדיין לא הגיד להם משה פרשת שבת שנצטוה לומר להם[183] והי' ביום הששי והכינו וגו', עד ששאלו את זאת אמר להם[184] הוא אשר דבר ה' שנצטויתי לומר לכם", און רש"י איז גלייך ממשיך אז "לכך ענשו הכתוב שאמר לו[185] עד אנה מאנתם, ולא הוציאו מן הכלל" -

איז דאך פארשטאנדיק, אז נאך דערויף וואס משה איז נענש געווארן אויף דעם וואס ער האט ניט איבערגעגעבן דעם אויבערשטן'ס ציווי בשלימותו - וואלט ער אזוי ניט געטאן נאכאמאל!

ובפרט אז דאס איז ערשט (קארגע) צוויי וואכן נאך דעם (וואס דער ציווי אויפן מן איז געווען בט"ו באייר[186], און דער ציווי "אלה הדברים וגו'" איז געווען ב' סיון[187])!

איז פארוואס דארף מען באווארענען "אלה הדברים - לא פחות"?

נז. אויך דארף מען פארשטיין בנוגע צו "לא יותר":

תורה איז דאך "בפירושה ניתנה" ווי דער רמב"ם זאגט[188],

וכאמור לעיל, אז דער בן חמש ווייס דערפון, ער דארף ניט אנקומען אז דער רמב"ם זאל אים דאס זאגן - ווארום ער לערנט רש"י, וואס דאס איז פשוטו של מקרא - פארשטייט ער אז משה האט דעם פירוש פון רש"י (אויך) געזאגט צו אידן,

און אויך וואס רש"י איז ניט מפרש - ווייס ער אבער דערפון וואס רש"י זאגט כמ"פ "רבותינו דרשו" וכיו"ב, און ער זעט דאך אויך גמרות - ווייס ער דערפון אז עס זיינען דא נאך ענינים ופירושים וואס ער וועט לערנען ווען ער וועט עלטער ווערן - פארשטייט ער אז דאס האט משה רבינו אויך געלערנט מיט אידן -

איז ניט פארשטאנדיק: עפ"ז קומט אויס אז אלע ענינים האט משה מפרש געווען מיט פרטים וכו' - און דוקא אין דעם ענין האט אים דער אויבערשטער אנגעזאגט ("לא יותר"), אז ער זאל ניט מוסיף זיין?!

עס זיינען דא מפרשים וואס ווילן ענטפערן אז דער אויבערשטער האט אים אנגעזאגט אז ער זאל פאנאנדערטיילן צווישן זיינע רייד מיט דאס וואס ער איז מוסיף -

ס'איז אבער פארשטאנדיק אז משה וואלט דאס געטאן מעצמו,

- כדי -

---

183) שם טז, ה. 184) שם, כג. 185) שם, כח. 186) ראה פרש"י עה"פ שם, א. 187) ראה פרש"י עה"פ פרשתנו שם. 188) בהקדמתו לס' יד החזקה בתחלתה.

כדי צו פאנאנדערטיילן צווישן דברי הרב מיט דברי התלמיד (ווארום צי-דען האט ער זיך ניט געקענט איינהאלטן אנדער-האלבן מינוט צי צוויי, נאר זאגן עס צוזאמען דוקא?!), און מ'דארף אויף דערויף ניט האבן קיין ציווי מיוחד.

נח. עד"ז דארף מען פארשטיין דעם פירוש רש"י אויפן פסוק[189] "ועושה חסד לאלפים וגו'".

רש"י שטעלט זיך אויף די ווערטער "נוצר חסד" [און ווי מפרשים[190] שטעלן זיך שוין אויף דעם, דלכאורה אין פסוק שטייט "ועושה חסד" (און "נוצר חסד" שטייט ערשט אין פ' תשא[191]), און זיי זיינען דאס מבאר מיט דער גאנצער אריכות שבדבר (ואכ"מ)]; און איז מפרש: "נוצר חסד שאדם עושה, לשלם שכר עד לאלפים דור, נמצאת מדה טובה יתירה על מדת פורעניות אחת על חמש מאות, שזו לארבעה דורות [ווי מ'האט געזאגט אין דעם פריערדיקן פסוק[192] "פוקד עון אבות על בנים על שלשים ועל רבעים"] וזו לאלפיים", וואס פינף הונדערט מאל פיר איז צוויי טויזנט.

איז אין דערויף ניט פארשטאנדיק (ווי מפרשים[193] פרעגן טאקע): פארוואס שרייבט דאס רש"י - ס'איז ניט רש"י'ס עניין צו מאכן חשבונות?!

מפרשים[194] ווילן ענטפערן אז רש"י מיינט דא דעם עניין פון ת"ק שנה - מ'קען אבער אזוי ניט ענטפערן אין פשוטו של מקרא, ווארום:

א) דער בן חמש ווייס ניט פון דעם עניין פון ת"ק שנה,
ב) וואס איז דער קשר צווישן די ת"ק שנה מיט אונזער עניין,
ג) נאכמער: דורות און שנים זיינען ניט בדומה, און ווי דער בן חמש ווייס אז א דור איז א סאך מער ווי א שנה.

און די אלע דיוקים דארפן זיין פארשטאנדיק פאר א בן חמש למקרא פון זיך אליין, ער זאל ניט דארפן אנקומען צו מפרשים,

וכפי שיתבאר לקמן.

נט. בנוגע צו די הערות אויפן זהר[195], שטעלט זיך דער טאטע אויף דעם וואס ער ברענגט אין זהר אין אונזער פרשה[196] א "תוספתא" -

- דלכאו' -

---

189) פרשתנו כ, ו. 190) שפ"ח עה"פ. 191) לד, ז.
192) פרשתנו שם, ה. 193) גו"א ושפ"ח עה"פ. 194) גו"א שם. 195) לקוטי לוי"צ לזח"ב ע' עד. 196) זח"ב סח, ב.

דלכאו' זיינען דאך דא כמה חלקים אין זהר, "סתרי תורה", "רזי תורה", "רעיא מהימנא", און אין אונזער פרשה ברייננגט ער רעם ענין פון "תוספתא" דוקא?

און ער איז מבאר די שייכות פון "תוספתא" דוקא מיט אונזער פרשה, ווארום אונזער פרשה איז פרשת "יתרו"[197], און ווי ער איז דארטן מבאר בארוכה.

וואס דערפון דארף זיין א הוראה, מיוסד אויף די פרטי הדיוקים וואס ער איז מבאר (ע"פ קבלה וכו') – וכמדובר כמ"פ אז בנוגע צו דער הוראה האט ער זיך פארלאזן אז מ'וועט דאס אליין ארויסנעמען פון דעם ביאור וואס ער האט געשריבן,

וכפי שיתבאר לקמן.

ס. מען האט פריער גערעדט וועגן דעם ענין פון כולל "תפארת זקנים" און "תפארת נשים", און "והשיב לב אבות על בנים", אז מ'דארף ניט איבער'חזר'ן די ענינים יעדער מאל, נאר מ'דארף סיי-ווי טאן אין די ענינים,

וואס עד"ז איז דאס אויך אין אלע "מבצעים" –

אנהויבנדיק פון "מבצע אהבת ישראל", "מבצע חינוך", און די אנדערע "מבצעים" – "תורה", "תפלין", "מזוזה", "צדקה", "בית מלא ספרים – יבנה וחכמי'", "נרות שבת קודש", "כשרות האכו"ש", "טהרת המשפחה", און דער ענין פון "והשיב לב אבות על בנים – על ידי בנים", און דער תיקון פון "מיהו יהודי", מיט שאר כל הענינים.

וואס בהמשך צו דעם ענין פון "תפארת חכמות נשים", זאל מען איצט מכריז זיין וועגן דער מלוה מלכה וואס וועט פארקומען במוצאי שבת (פארבונדן מיט דעם ענין פון טהרת המשפחה וכו'),

וואס "מלוה מלכה" האט אויך א שייכות במיוחד מיט נשים, ווארום שבת ווערט אמאל אנגערופן "מלך"[198] און אמאל "מלכה"[199] "שבת מלכתא" – און דא רופט מען דאס אן (ניט מלוה את המלך, נאר) "מלוה מלכה",

וואס דער ענין פון א "מלוה מלכה" האט אויך א שייכות מיט דוד מלכא משיחא[200].

– און –

---

197) ראה לקוטי לוי"צ שם ע' פג. 198) ראה שבת קיט, ב ובפרש"י. שו"ע אדה"ז או"ח ס"ש ס"ב. 199) שבת שם, א. 200) ראה סידור האדיז"ל (להר"ש מדשקוב). פע"ח סוף שער השבת.

און אזוי ווי מ'דארף משלים זיין די ענינים וועלכע מ'האט וועגן זיי געדארפט רעדן ביו"ד שבט - וועט מען זיכער דארפן רעדן וועגן דעם ענין פון "תפארת חכמות נשים" און אויך וועגן "כולל תפארת זקנים" וכו', אז יעדערער זאל פועל זיין אויף זיין סביבה, און אויף זיין שכונה, און אויף זיין שטאט אין די אלע ענינים.

און אויך די אורחים וואס זיינען דא מכל קצוי תבל און פארן צוריק "איש תחת גפנו ותחת תאנתו"[201], וואס זיי נעמען מיט זיך כיט די ענינים וואס זיי האבן דא געהערט - זאלן זיי זיך אויך משתתף זיין אין דער מלוה מלכה, און דער עיקר - מיטנעמען די ענינים וואס מ'וועט דארטן מעורר זיין,

און מיטנעמען אין אן אופן אז זיי זאלן משפיע זיין אויף זייער סביבה און זייער שטאט, ביז אויף דער גאנצער מדינה.

און דער עיקר - אז ס'זאל זיין ניט נאר החלטות וואס זיי זיינען "מעשה זוטא" - נאר "מעשה רבה"[202].

מ'זאל איצטער מכריז זיין וועגן דעם, און דער עיקר - אז ס'זאל זיין במעשה בפועל, ובהצלחה רבה ומופלגה.

[אמר: זאל דער וואס האט א שייכות צו דער "מלוה מלכה" מכריז זיין וועגן דעם (אף אחד לא נענה, ואמר כ"ק אדמו"ר שליט"א):

זאל דער וואס האט מכריז געווען בבוקר לאחרי התפלה מכריז זיין עד"ז (ופנה להרב מ.פ. הכהן שי' כ"ץ ואמר:) דער "הכהן הגדול מאחיו".

לאחרי שהכריז הנ"ל, אמר כ"ק אדמו"ר שליט"א: בשמחה ובטוב לבב.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן "ופרצת"].

*          *          *

סא. דער ביאור אין דעם פרש"י "נוצר חסד שאדם עושה לשלם שכר עד לאלפיים דור, נמצאת מדה טובה מרובה על מדה פורעניות אחת על חמש מאות, שזו לארבעה וזו לאלפיים" - ובהקדים א קשיא אין כללות הענין:

מ'זאגט דא אז דער אויבערשטער היט אפ דעם חסד וואס א מענטש טוט, אויף איס געבן שכר ביז "לאלפיים דור", ביז

- צוויי -

------------

201) ל' הכתוב - מ"א ה, ה. 202) ראה סנהדרין סה, א.

הנחת הת' בלתי מוגה

צוויי טויזנט דורות - פרעגט זיך די שאלה: עס זיינען דאך ניטא קיין צוויי טויזנט דורות במציאות?!

ס׳איז דאך "שיתא אלפי שני הוי עלמא[203], און דער בן חמש למקרא האט שוין פריער געלערנט וועגן די עשרה דורות פון אדם ביז נח, און דערנאך וועגן די עשרה דורות פון נח ביז אברהם, און דערנאך וועגן די זעקס דורות פון אברהם ביז משה רבינו (ולא עד בכלל) - ווייס ער שוין וויפל ס׳איז א דור, ועאכו"כ אז א גרעסערער פון א בן חמש ווייס וויפל ס׳איז א דור,

איז אז א דור איז פינף און צוואנציק יאר לערך - זיינען ניטא צוויי טויזנט דורות אין "שיתא אלפי שני דהוי עלמא"?!

נאכמער: דאס וואס ס׳שטייט אין פסוק "ועושה חסד לאלפים", איז ניט דער פשט אז נאר ווען איינער האט דעמולט, בשעת מ"ת, געטאן א חסד איז דער אויבערשטער אים משלם שכר ביז "אלפיים דור" - נאר ס׳איז אזוי אויך בזמן רש"י, אז אויב איינער טוט חסד דעמולט - גיט אים דער אויבערשטער שכר ביז צוויי טויזנט דורות, און - ס׳איז אזוי אויך שטענדיק ביז היינטיקן טאג, אז אויך אויף דעם חסד וואס מ׳טוט איצטער שטייט אז דער אויבערשטער גיט שכר ביז צוויי טויזנט דורות פון איצטער - פרעגט זיך די שאלה, ס׳איז דאך זיכער ניטא קיין צוויי טויזנט דורות פון איצטער?!

סב. עס זיינען דא מפרשים[204] וואס ווילן זאגן, אז "נוצר חסד שאדם עושה לשלם שכר עד לאלפיים דור" מיינט ניט כפשוטו, אז דער אויבערשטער גיט שכר אויף אזויפיל דורות, נאר - אז דער אויבערשטער גיט אזא גרויסן שכר, אז אילו יצוייר עס וואלטן זיין צוויי טויזנט דורות - וואלט דער שכר סטייען אויף אזויפיל צייט -

דער פירוש איז אבער היפך פשש"מ, ובפרט אז פאר "ועושה חסד לאלפים לאוהבי ולשומרי מצותי" שטייט "על שלשים ועל רבעים לשונאי" - איז פארשטאנדיק, אז פונקט ווי "שלשים" און "רבעים" מיינען דריי דורות און פיר דורות כפשוטו, אזוי אויך מיינט "לאלפים" - כפשוטו, און ניט אז דער שכר וועט זיין "לאלפיים דור" באיכות.

אין דערויף גופא קומט נאך צו: "מדה טובה יתירה על מדת פורעניות אחת על חמש מאות" לערנט מען דאך אפ פון די השוואה פון "על שלשים ועל רבעים לשונאי" און "ועושה חסד לאלפים", אז וויבאלד "לשונאי" צאלט אפ דער אויבערשטער דריי



------------

203) ר"ה לא, א. 204) שפ"ח עה"פ.

צי פיר דורות, און "לאוהבי ולשומרי מצוותי" היט אפ דער אויבערשטער זייער חסד אויף זיי אפצאלן שכר ביז צוויי טויזנט דורות - "נמצאת מדה טובה יתירה על מדת פורעניות אחת על חמש מאות",

איז לפ"ז - פאסט לכאורה ניט צו זאגן אז "שלשים" און "רבעים" זיינען כפשוטם און "לאלפיים דור" מיינט - באיכות.

איז וויבאלד אז "לאלפיים דור" מיינט כפשוטו - קערט זיך אום די שאלה: עס זיינען דאך ניטא במציאות קיין "אלפיים דור"?!

סג. דער ביאור אין דעם:

ע"פ פשוטו של מקרא איז ניטא דער עניין פון "שיתא אלפי שני דהוי עלמא", ווארום רש"י האט עס ניט געבראכט בפירושו פארן בן חמש למקרא,

און עאכו"כ אז ער ברענגט ניט אז פאר דער שמיטה ("שיתא אלפי שני הוה עלמא וחד חרוב"[203]) איז געווען א שמיטה פון זיבן טויזנט יאר, און אז נאך דער שמיטה וועלן זיין נאך ה' שמיטות, און דערנאך דער "יובל הגדול",

וואס דער עניין ברענגט זיך אין חסידות אין געציילטע ערטער[205] רש"י אבער ברענגט עס ניט, אויך ניט בפירושו בגמרא;

נאר ע"פ פשש"מ וועלן זיין דורות עד סוף כל הדורות - און דערפאר איז פארשטאנדיק וואס מ'זאגט אז דער אויבערשטער איז משלם שכר ביז "אלפיים דור".

סד. פון די נפלאות אין פרש"י - וואס דא זעט מען וואס מען קען געפינען אין פרש"י בשעת מ'זוכט:

ס'איז דא די מחלוקת צווישן דעם רמב"ם מיטן רמב"ן וועגן דעם תכלית השלימות פון שכר: דער רמב"ם האלט אז תכלית שלימות השכר וועט זיין פאר נשמות אליין, ד.ה. נאך דעם שכר בא תחה"מ וועלן עס וועלן זיין נשמות אָן גופים, און דער רמב"ן האלט אז תכלית שלימות השכר וועט זיין לנשמות בגופים, אז נאך תחה"מ וועלן זיין חיים נצחיים נשמות בגופים,

וואס חסידות[206] איז מכריע כשיטת הרמב"ן, און ווי מ'זעט עס אויך פון דעם וואס עס שטייט אין תניא[207] אז "קבלת שכר עיקרו באלף השביעי" - וואס דעמולט וועלן דאך זיין נשמות בגופים.

- זעט -

---

205) חו"א שמות נא, ד. תו"ח שם נט, א ואילך (מס' התמונה). 206) לקו"ת צו טו, ג. וראה אוה"ת חוקת ע' תתט. שם ע' א'הרלז. 207) פל"ו בהגה"ה.

זעט מען קלאר פון דעם פרש"י אז רש"י האלט כשיטת הרמב"ן, אז תכלית שלימות השכר וועט זיין נשמות בגופים, און אויך לאחרי אלף השביעי וועלן זיין חיים נצחיים נשמות בגופים,

ווארום וויבאלד רש"י זאגט אז דער אויבערשטער צאלט שכר ביז "לאלפיים דור" - מוז מען זאגן אז במשך צוויי טויזנט דורות וועט מען זיין נשמות בגופים, ד.ה. אז נאך תחה"מ וועלן אידן אויפשטיין און דער אויבערשטער וועט דעמולט געבן שכר אויף צוויי טויזנט דורות,

ווארום אויב מ'האלט אז עס וועלן ניט זיין נשמות בגופים במשך צוויי טויזנט דורות - איז דאך ניט שייך ציילן אז ס'איז צוויי טויזנט דורות כולל אויך דאס וואס די נשמות וועלן זיין בג"ע, ווארום וויבאלד אז ס'איז ניט בגדר - קען מען דאס ניט ציילן צוזאמען אלץ צוויי טויזנט דורוה שכר;

און וויבאלד אז רש"י זאגט אז דער אויבערשטער צאלט שכר "לאלפיים דור", זעט מען קלאר אז ער האלט כשיטת הרמב"ן, אז תכלית שלימות השכר וועט זיין לנשמות בגופים, און עס וועלן דערפאר זיין נשמות בגופים (עכ"פ) במשך צוויי טויזנט דורות.

סה. דער בן חמש למקרא קען לכאורה פרעגן א קשיא:

מ'זאגט דא אז דער אויבערשטער צאלט שכר פארן חסד ביז צוויי טויזנט דורות, ד.ה. אז ווען נאר א איד איז מקיים תומ"צ צאלט אים דער אויבערשטער שכר ביז צוויי טויזנט דורות - וואלטן לכאו' אלע אידן במשך כל הדורות געדארפט האבן בני חיי ומזוני רויחי, ובכולם רויחי,

און פון זמן רש"י ביז זמננו זעט דער בן חמש למקרא, אז צו זאגן אז ס'איז אזוי במציאות - איז א ווייטע זאך, און נאר בא יחידי סגולה איז דאס אזוי?!

דלכאורה: עס זיינען דאך געווען כמה וכמה צדיקים: ס'איז געווען חנוך[208], און מתושלח[209], און די אבות, און די שבטים און משה רבינו וכו', איז אויב דער אויבערשטער צאלט שכר צוויי טויזנט דורות - וואלט געדארפט זיין בא יעדער איד ובמשך אלע דורות בני חיי ומזוני רויחי, ובכולם רויחי?!

ובפרט בשעת מ'דערציילט דעם קינד סיפורים, וואס איינער פון די סיפורים וואס (אלע) מלמדים דערציילן נאך איידער מ'לערנט חומש מיט פרש"י [מיין מלמד האט עס דערציילט, און עד"ז דערציילן דאס אויך אנדערע מלמדים] איז - אז עס זיינען

- דא -

---

208) ראה פרש"י עה"פ בראשית ה, כד. 209) ראה יל"ש בראשית רמז מב.



הנחת הת' בלתי מוגה

דא ל"ו צדיקים בכל דור ודור וואס אויף זיי האלט זיך די וועלט[210], און מ'טייטשט גלייך אויס אז זיי זיינען "צדיקים נסתרים",

און בכדי צו דאס ממתיש זיין פארן קינד, בכדי אז ער זאל דאס מער גלויבן - ווייזט מען אים אן אויף א "טשודאק", וואס ער איז זיכער ניט קיין צדיק בגלוי, האט ער דעם סימן אז ער איז א נסתר

- וואס אין יעדער שטעטל איז געווען איין "טשודאק", איינער וואס האט זיך געפירט אינגאנצן ניט "בדרא דאונא" -

וואס ער איז ניט מהדר אין תורה ומצוות, ער דאווענט ניט און לערנט ניט כדבעי, איז ער דאך ניט קיין צדיק בגלוי, נאר ער גייט ארייך אין שול, ער ענטפערט איש"ר, צי ער הייצט דעם אייווען (ניט אום-שבת-גערעדט) - כאפט מען זיך אן דוקא אויף אים, אז ער איז דאך א צדיק נסתר! וואס דאס גופא וואס ער האט ניט די סימנים איז א ראי' - אז ער איז א אמת'ער צדיק נסתר!

אויך אין מיין שטאט איז געווען איינער אזא, און דער מלמד פלעגט זאגן אז עס קען זיין אז ער איז א ל"ו'ניק.

איז וויבאלד אז דער בן חמש ווייס אז ס'זיינען געווען אזויפיל צדיקים: עס איז געווען חנוך און מתושלח און "נח איש צדיק"[211], און די אבות, און די שבטים און משה רבינו, און אויך די ל"ו צדיקים נסתרים וואס זיי זיינען דא אין יעדער דור, און אויך איצטער זיינען דא ל"ו צדיקים נסתרים וואס אויף זיי האלט זיך די וועלט,

איז וויבאלד אז דער אויבערשטער צאלט שכר ביז צוויי טויזנט דורות - וואלטן אלע דורות אידן געדארפט האבן בני חיי ומזוני רויחי, ובכולם רויחי?!

סו. מ'קען ניט זאגן אז זיי האבן דאס ניט דערפאר וואס זיי זיינען ניט אוחז מעשה אבותיהם בידיהם, ע"ד ווי דער תרגום טייטשט אפ אויף "לשונאי"[212] ("כד משלמין בניא למחטי בתר אבהתון") - ווארום דוקא <u>דארטן</u> זאגט עס דער תרגום,

און צי-דען וועט מען זאגן אז דער שכר וואס ער האט בירושה ביז צוויי טויזנט דורות, איז דערפאר וואס ער איז ניט אוחז מעשה אבותיו בידיו - נעמט ביי אים צו דער אויבערשטער דעם שכר?!

- איז ווי קומט עס אז ס'איז ניטא בא אידן דער שכר פון די אלע צדיקים?

- סז. -

---

210) ראה גם סוכה מה, ב. 211) ר"פ נח. 212) פרשתנו כ, ה. הובא בפרש"י עה"פ.



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

סז. איז דער ביאור בזה:

עס שטייט ערגעץ ניט אז דערפאר וואס איינער טוט א מצוה - זאל דערפאר קומען שכר פאר יעדער איד אין דעם גאנצער דור,

ס'שטייט נאר אז דער שכר ווערט נמשך אויף "אלפיים דור" - אבער אין יעדער דור ווערט ער נמשך נאר צו איינעם,

ווארום אזוי ווי דער וואס האט געטאן די מצוה איז איינער - אזוי קומט אויך אן דער שכר צו איינעם במקומו במשך צוויי טויזנט דורות, אבער ניט צו יעדערן אין דעם גאנצן דור.

וואס דער איינער קען זיין דער בכור, צי דער גדול בבנים ובבנות, צי דער מערסטער ראוי, צי דער וואס איז דער מערסטער שייך צו אים, ער פירט זיך דער מערסטער ווי ער; וואס ווי מ'זאל מפרש זיין ווער עס איז דער איינער - איז דאס אבער עכ"פ נאר איינער.

און בשעת עס רעדט זיך וועגן דעם שכר פון א צדיק נסתר - איז י"ל אז עס קומט אן דער שכר אויך צו אזא וואס איז נסתר, און - "מדה כנגד מדה", אזוי ווי עבודתו פון דעם צדיק נסתר איז געווען בהעלם - אזוי קומט אויך אן דער שכר אויף זיין עבודה - בהעלם.

סח. דער ביאור אין דעם וואס רש"י ברענגט בכלל אראפ דעם חשבון "נמצאת מדה טובה יתירה על מדת פורעניות אחת על חמש מאות, שזו לארבעה וזו לאלפיים" - אע"פ אז ס'איז לכאו' ניט ענינו פון רש"י צו אראפברענגען חשבונות:

דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט דעם פסוק[213] "ושמרו דרך ה'", ועד"ז וועט ער דערנאך לערנען דעם פסוק[214] "והלכת בדרכיו", וואס ס'איז דאך דא אויף דעם דרשת חז"ל אז מ'דארף זיך מדמה זיין צו דעם אויבערשטן וועגן - "מה הוא נקרא חנון אף אתה הי' חנון, מה הוא נקרא רחום אף אתה הי' רחום"[215],

דעריבער זאגט אים דא רש"י אז בא דעם אויבערשטן איז "מדה טובה יתירה על מדה פורעניות אחת על חמש מאות" - בכדי אז ער זאל וויסן, אז אויך ביי אים דארף זיין מדה טובה פינף הונדערט מאל מער וויפל ער איז מעניש, ווארום ער דארף זיין גלייך צו דעם אויבערשטנ'ם וועג.

- סט. -

---

213) וירא יח, יט. 214) תבוא כח, ט. 215) רמב"ם הל' דעות פ"א ה"ה-ו. שו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ו רס"ג. וראה גם סוטה יד, א. ספרי (הובא בפרש"י) עה"פ ראה יא, כב.

סט. כאמור לעיל, אז מ'זעט וואס מ'קען ארויסנעמען פון פרש"י בשעת מ'קוקט זיך צו - איז דא נאך אן ענין וואס מ'קען ארויסלערנען פון דער רש"י:

עם שטייט בא מרים[216] "ותתצב . . מרחוק לדיעה מה יעשה לו",

וואס לכאורה איז ניט קלאר (בא א בן חמש למקרא אין פשוטו של מקרא, משא"כ אין גמ'[217] שטייט יע) - וויפל צייט איז מרים דארטן געשטאנען - א מינוט צי א טאג צי א האלבן טאג?

איז בשעת מ'קומט צו אונזער פירוש רש"י - קען מען ארויסנעמען וויפל צייט מרים איז געשטאנען:

בשעת מרים איז געווען מצורעת שטייט[218] "ותסגר מרים מחוץ למחנה שבעת ימים והעם לא נסע עד האסף מרים",

וואס דאס וואס מ'איז ניט געפארן ביז זי איז געזונט געווארן איז - צוליב דער צייט וואס זי האט געווארט צוליב משה'ן ווען ער איז אריינגעווארפן געווארן אין יאור, ווי ס'שטייט "ותתצב אחותו מרחוק וגו'",

איז בשעת מ'לערנט דעם פרש"י דא, אז "מדה טובה יתירה על מדת פורעניות אחת על חמש מאות" - פארשטייט מען אז די צייט וואס מ'האט אויף איר געווארט איז געווען פינף הונדערט מאל די צייט וואס זי האט געווארט צוליב משה'ן.

דערפון קומט אויס, אז הגם דעם ענין שרייבט רש"י ניט ספעציעל - בשעת מ'קומט אבער צו אונזער פסוק, פארשטייט מען פון רש"י בדרך אגב אז די צייט וואס מרים האט געווארט צוליב משה'ן איז געווען א פינף הונדערט טייל פון זיבן טעג.

ע. דער ביאור אין דעם פרש"י אויף "אלה הדברים" - "לא פחות ולא יותר":

מ'האט געלערנט עטלעכע פסוקים לפנ"ז אז דער אויבערשטער האט אנגעזאגט משה'ן "כה תאמר לבית יעקב ותגיד לבני ישראל", און רש"י איז דארטן מפרש "לבית יעקב - אלו הנשים תאמר להן בל' רכה", "ותגיד לבני ישראל - עונשין ודקדוקין פרש לזכרים, דברים הקשין כגידין".

וואס לכאורה עפ"ז איז דא אן ארט צו זאגן אז בשעת משה וועט רעדן מיט "בני ישראל" (מיט די אנשים) וועט ער מוסיף זיין אויף דברי ה', ווארום ער האט דאך דעם ציווי צו רעדן מיט זיי "דברים הקשין כגידין", אבער בשעה ער וועט

- רעדן -

------------

216) שמות ב, ד. 217) סוטה ט, ב. במשנה (ובגמרא שם יא, א). 218) בהעלותך יב, טו.

רעדן מיט "בית יעקב" (מיט די נשים) וועט ער פוחת זיין
פון דברי ה׳, ווארום ער האט דאך דעם ציווי צו רעדן מיט
זיי "בלשון רכה" -

דערפאר איז געקומען דער אנזאג "אלה הדברים - לא פחות
ולא יותר", אז אע"פ אז צו אנשים דארף ער רעדן דברים קשים
און צו נשים בלשון רכה - אעפ"כ זאל ער גארניט מוסיף זיין
אדער פוחת זיין (כדלהלן), נאר ער זאל זאגן די זעלבע זאך,
די זעלבע רייד סיי צו אנשים סיי צו נשים.

עא. און ס׳איז קיין שאלה ניט באם בן חמש: ווי קען מען
דאס טאן, זאגן דעם זעלבן לשון (גארניט מוסיף זיין אדער
פוחת זיין) און צוזאמען רעדמיט זאל דאס צו איינעם זיין
דברים קשין און צו א צווייטן בלשון רכה -

ווארום ער פארשטייט אז מ׳קען זאגן די זעלבע זאך אין
צוויי אופנים, און ווי ער זעט די צוויי אופנים בשעת זיין
מלמד לערנט מיט אים:

ס׳קען זיין אין אן אופן אז זיין מלמד שטעלט אים אן
א בייזן פנים, און האלט א "קאנטשיק" אין דער האנט, און
לערנט מיט אים בקול רעש גדול אז "אנכי ה׳ אלקיך";

און ס׳קען זיין אינגאנצן א צווייטער אופן, אז פארן
לערנען גיט ער אים ממתקים[219], און דערנאך גיט ער אים א גלעט,
און זאגט אים לשונות של חיבה (ע"ד די לשונות וואס דער
אויבערשטער האט געזאגט אברהם׳ן[220]).

[און ווי דער סיפור פון דעם בארדיטשעווער, אז ער
האט מליץ זכות געווען אויף אידן: פארוואס ווייזט זיי דער
אויבערשטער דעם עוה"ז הגשמי והחומרי, אז דאס זעען זיי מיט
פליישיקע אויגן, און דעם ג"ע מיטן גיהנום האט ער אריינ-
געשטעלט אין ספרים -

זאל ער זיי געבן דעם ג"ע מיט דעם גאנצן שכר, בני חיי
ומזוני רויחי, דא אין עוה"ז, אז דאס זאלן זי, זעען בעיני
בשר, און זיי זאגן אז ער גיט דאס זיי היינט בכדי אז מארגן
זאלן זיי לערנען תורה וכו׳ - און דעמולט וועלן מיר זעען!].

עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע לעניננו אז ס׳איז ניט
געווען קיין חילוק אין לשון, נאר ס׳איז געווען דער זעלבער
לשון, און אעפ"כ האט משה געקענט רעדן די זעלבע ווערטער
וואס דער אויבערשטער האט אים אנגעזאגט צו אנשים - אין אן

- אופן -

---

219) ראה פיה"מ להרמב"ם לסנהדרין פ׳ חלק ד"ה וכח
חמישית. 220) ויראי שם ובפרש"י.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

אופן פון דבריס קשין, און צו נשים - בלשון רכה*.

עב. נאך א ביאור אין דעם וואס רש"י איז מפרש "אלה הדברים - לא פחות ולא יותר":

ס'איז קרוב לומר (עכ"פ לפענ"ד) אז דער "אלה הדברים" גייט ניט נאר אויף די "דברים" פון דער פרשה, נאר אויך אויף דער גאנצער תורה, ווארום דא רעדט זיך וועגן דער הכנה צו די עשה"ד, וואס אין זיי איז כלול די גאנצע תורה[220] - איז פארשטאנדיק אז "הדברים" מיינט די גאנצע תורה (ע"ד ווי דער "כה תאמר וגו'" גייט אויף דער גאנצער תורה)*.

וואס עפ"ז קען מען אויך מבאר זיין דעם פירוש רש"י:

מ'געפינט עטלעכע מאל אין דער תורה דעם איסור פון "לא תוסיפו . . ולא תגרעו"[221], און ס'איז קיין שאלה ניט פארוואס מ'דארף עס באווארענען, און נאך איבער'חזר'ן עטלעכע מאל -

ווארום וויבאלד אז עס זיינען דאך דא ז' מצוות דרבנן און סייגים וכו' - קען מען מיינען אז מ'קען מוסיף זיין אין דער תורה;

עד"ז קען מען מיינען אז מ'קען גורע זיין ענינים פון דער תורה - ע"ד ווי מ'געפינט בא יעקב'ן אז ער האט זיך געפירט אין אן אופן פון "במרמה"[222] (וואס באמת איז דאס ניט געווען קיין גרעון, ווי רש"י טייטשט "במרמה - בחכמה", אבער בפשטות שטייט דאך "במרמה") -

דערפאר דארף מען באווארענען אז "לא תוסיפו . . ולא תגרעו".

עד"ז קען מען זאגן אז דאס מיינט רש"י צו זאגן מיט "לא פחות ולא יותר" - אז דער "אלה הדברים אשר תדבר אל בני ישראל" קומט צו זאגן נאכאמאל דעם ענין פון "לא תוסיפו . . ולא תגרעו" - "לא פחות ולא יותר".

עג. די הוראה פון דעם ביאור אין זהר, אז דער קשר פון "תוספתא" מיט "יתרו" איז - וואס ביידע זיינען דער ענין היתרון וההוספה (כמבואר דארטן אין די הערות):

------------ - מ'דארף -

*220) ראה פרש"י עה"פ משפטים כד, יב. 221) ואתחנן ד, ב. ראה יג, א. וראה רמב"ם הל' יסוה"ת רפ"ט. הל' ממרים פ"ב ה"ט. 222) תולדות כז, לה.

------------

*) לשלימות הענין - ראה שיחת ש"פ משפטים, מבה"ח אדר ראשון.



הנהת הת' בלתי מוגה

מ'דארף מוסיף זיין אין עניני תורה ומצוותי', און ניט נאר מוסיף זיין מצד דעם ציווי פון "להעלות בקודש"[223], נאר אין דעם "מעלין בקודש" גופא - מוסיף זיין נאכמער,

ווארום דער ענין פון "מעלין בקודש" איז דאך דא אין אלע ענינים. איז מובן אז אויך אין דעם ענין פון "מעלין בקודש" גופא - דארף אויך זיין "מעלין בקודש".

וע"ד ווי ס'איז דא דער ענין פון "מהדרין" און "מהדרין מן המהדרין"[224], וואס אין יעדער דרגא דארף זיין "מעלין בקודש"[225].

און ע"ד ווי אין דעם ענין הצדקה, וואס זי איז כללות המצוות[226], וואס עס זיינען דא כמה דרגות זו למעלה מזו באופן נתינת הצדקה[227]:

ס'איז דא דער ענין פון "מעשר", העכער דערפון דער ענין פון "חומש", נאך העכער - דער ענין פון שליש ("הידור מצוה")[228], און נאך העכער - דער ענין פון "כל אשר לאיש יתן בעד נפשו"[229] (ווי ער זאגט אין תניא[230]), וואס אויך דאס איז ניט דער ענין ה"בזבוז" ("המבזבז אל יבזבז יותר מחומש'[231], (כמבואר בתניא שם[232])).

ועד"ז געפינט מען אויך אין חושן משפט אז ס'איז דא דער ענין פון געבן במדה בינונית, און ס'איז דא נידעריקער דערפון און העכער דערפון.

ועד"ז איז דאס אויך לענין תרומה, אז ס'איז דא "אחד מארבעים" ("עין יפה"), "אחד מחמשים" און "אחד מששים" ("רעה")[233],

וואס אין יעדער איינער פון די דרגות - דארף זיין דער ענין פון "מעלין בקודש", דער ענין פון "הוספתא" און "יהדו".

עד. נאך דעם ענין פון "יתדו", וואס ענינו איז, כנ"ל, אויפטאן דעם "יתרון האור מן החושך" און "יתרון החכמה מן הסכלוה" - קומט מען צו "ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם"[234].

ויהי רצון אז פון דעם ענין פון "יתרו" וואס איז דער

- ענין -

------------

223) ברכות כח, א. וש"נ. 224) שבת כא, ב. 225) ראה שבת שם. 226) לקו"ת ראה כג, ג. וראה גם תניא פל"ז (מח, ב). 227) ראה רמב"ם הל' מת"ע פ"ז ה"ח. טושו"ע יו"ד ר"ס רמט. 228) ראה ב"ק ט, ריש ע"ב. 229) איוב ב, ד. 230) אגה"ק ס"י (קטו, ב ואילך). וראה גם אגה"ת ספ"ג. 231) כתובות סז, ב. 232) אגה"ת שם. 233) תרומות פ"ד מ"ג. רמב"ם הל' תרומות פ"ג מ"ב. 234) משפטים כא, א.



הנחת הת' בלתי מוגה

ענין הדיבור - זאל מען קומען צו "ואלה המשפטים וגו׳", אז ס׳זאל אראפקומען במעשה אין חיי יום יום,

וואס אויף "(ואלה המשפטים) אשר תשים לפניהם" טייטשט רש"י "כשולחן העדוך ומוכן לאכול לפני האדם",

וואס דער ענין פון אכילה איז דאך, אז ס׳איז פועל דעם חיבור פון דער נשמה מיטן גוף, דורך דעם ניצוץ-אלקי וואס איז דא אין דעם מאכל, כמ"ש[235] "לא על הלחם לבדו יחי׳ האדם כי על כל מוצא פי הוי׳ יחי׳ האדם",

וואס ע"ד ווי דאס איז בגשמיות - עד"ז איז דאס אויך ברוחניות, אז די "משפטים" זיינען פועל דעם חיזוק און בריאות פון דער נשמה.

עה. און דערנאך שטייט אין דער פרשה[236] "כי תקנה עבד עברי וגו׳", וואס עס רעדט זיך ניט דוקא וועגן "תקנה" ווי דאס איז אין אצילות[237] נאר אויך וועגן התחלת העבודה, וואס איז למטה אין עוה"ז - דרגת עבד כנעני,

און דערנאך איז מען עולה אין דרגת עבד עברי, און דערנאך אין אמה העברי׳, און דערנאך ווערט "והפדה"[238], און דערנאך דער ענין פון "לבנו ייעדנה"[239] און דערנאך נאך העכער - "לו יעדה"[240],

וכמבואר פרטי מדריגות אלו - אין די דרושים וואס רעדן וועגן דעם - אין דעם דרוש פון כ"ק אדה"ז, וואס דער צ"צ[241] שרייבט אויף אים אז "הוא דרוש נכבד מאד כו׳ מלא מוסר השכל כו׳", און ער איז געדרוקט אויך אין הו"ח[242] און אין אוה"ח[243], און אין דרושי רבותינו נשיאנו שלאח"ז[244].

וואס דאס מיינט בפועל, אז ס׳דארף זיין די עבודה אנהויבנדיק פון עבודה אין דעם חושך פון עוה"ז, בחי׳ עבד כנעני, "עבדא בהיפקירא ניחא לי׳"[245].

עו. ויה"ר אז בקרוב זאל דער אויבערשטער קומען און ארויס-

- נעמען -

------------

235) עקב ח, ג. וראה ל"ת להאריז"ל עה"פ. לקו"ת צו יג, ב ואילך. 236) כא, ב. 237) ראה רד"ה כי תקנה בתו"א והו"ח פ׳ משפטים. 238) משפטים שם, ח. 239) שם, ט. 240) שם, ח. 241) באוה"ח משפטים ע׳ א׳קכז. 242) שמות עא, ב ואילך. 243) שם ואילך. 244) ראה ד"ח שער התפלה פס"ו ואילך. דרמ"צ מצות דין עבד עברי (פ, א ואילך). וראה ד"ה ואלה המשפטים דמוצאי ש"פ משפטים תשל"ח ס"ד ואילך. 245) גיטין יג, א.

נעמען דעם עבד, אירך, פון דעם גלות, וואס דארטן איז בחי' עבד כנעני, ווארום ס'איז דאך "כלו כל הקיצין"[246],

און דער אויבערשטער וועט פועל זיין אין אידן אז זיי זאלן עולה זיין אין אלע דרגות פון עבד עברי, אמה העבריה און "והפדה", ביז צו יעוד לבנו און נאכמער: יעוד לעצמו.

ביז אז אידן ווערן איין זאך מיט דעם אויבערשטן, ווי ס'שטייט אין מדרש[247] אז איצט איז בחי' "אירוסין", און לע"ל וועלן זיין די "נישואין" פון אידן מיט דעם אויבערשטן, וואס נשמות ישראל זיינען בחי' "פלג גופא", ווי "שתי חצאי צורות"[248], מיט למעלה,

און בשעת די "נישואין" וועט זיין "אהרן ומשה עמהם"[249], וואס זיי זיינען בחי' "שושבינין".

וואס כ"ז קומט דורך די עבודה דא למטה דוקא, וואס עבודה דא למטה דוקא, אין התחונים, אין עוה"ז, פועל'ט די עלי' אין אלע עולמות שלמעלה מזה, ביז אין עלי' אחר עלי'.

עז. און פון דעם דיבור זאל עס אראפקומען אין פועל, און ס'זאל זיין דער "מזבח אדמה תעשה לי", און "אם מזבח אבנים תעשה לי"[250], ווארום ס'וועט זיין דער בנין ביהמ"ק שלמעלה,

און וויבאלד אז די המשכה איז פון למעלה ממדידה והגבלה (וואס דארטן זאגט מען "אנכי"), פון אן ארט וואס איז למעלה מזמן ומקום - ווערט עס נמשך ביז אין מטה מטה, און עס קומט אראפ אין דער נקודה אין מקום.

ווארום, ווי ס'איז פארשטאנדיק פאר יעדערן בשכל הפשוט - וויבאלד אז ס'איז אן ענין שלמעלה מזמן און מקום, איז בשעה דאס ווערט נמשך אין זמן ומקום - ווערט עס נמשך אין דער נקודה פון זמן און מקום,

ומיד, אין אן אופן פון ממש.

[כ"ק אדמו"ר שליט"א צוה לנגן ניגון "הבינוני"].

* * *

עח. השיחה אודות הספר "שיעורים בספר התניא - באידיש" (שי"ל ז"ע), וכן ע"ד לימוד השיעור ברדיו - הוגהה ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א וי"ל בפ"ע.

- עס. -

------------

246) סנהדרין צז, ב. 247) שמו"ר ספט"ו. 248) ראה תורת הה"מ - או"ת מה, ד ואילך. הובאה ונתבארה באוה"ת לתהלים (יהל אור) ס"ע שנז ואילך. ובארוכה - המשך תער"ב ח"ב פשפ"ד ואילך. 249) ראה יומא ה, ב. תוד"ה אחד - פסחים קיד, ב. 250) פרשתנו ב, כא-כב.

עס. ויה"ר אז דורך דער שלימות אין די דריי ענינים, "שלימות התורה", "שלימות העם" און "שלימות הארץ", ווי דאס איז בזמן הגלות -

זאל מען קומען צו דער גאולה האמיתית והשלימה, וואס דעמולט וועט זיין "פרזות תשב ירושלים"[251], "קרית מלך רב"[252], "עיר בה חנה דוד"[253], וואס "דוד מלך ישראל חי וקיים"[254], ועתידה ירושלים שתתפשט בכל ארץ ישראל, ועתידה ארץ ישראל שתתפשט בכל הארצות[255].

ובעגלא דידן ממש, ובשמחה ובטוב לבב.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

נהן המזונות עבור ה"מלוה מלכה".

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

---

251) זכרי׳ ב, ח. 252) תהלים מח, ג. 253) ע"פ ישעי׳ כט, א. 254) ר"ה כה, א. 255) ראה יל"ש ישעי׳ רמז תקג.

# שיחה לקבוצת תלמידים ותלמידות „צבאות השם" שיחיו,

## ממאסאטשוסעטס בעת ביקורם בניו־יארק

### – בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה –

### יום א' פ' משפטים, כ' שבט ה'תשמ"א

א. [אמרו את הי"ב פסוקים ומאמרי חז"ל[1].

אח"כ נגנו הניגון „ווי וואנט משיח נאו"].

ב. אזוי ווי די קינדער וואס זיינען דאָ, און אויך די אין אַנדערע ערטער וואס הערן זיך צו, זיינען שוין זיכער אַריינגעגאַנגען, אָדער וועלן גאַר אינגיכן אַריינגיין אין „צבאות השם"[2] —

איז פאַרשטאַנדיק אַז מ'דאַרף צו זיי רעדן ווי צו מענטשן, צו אידן, וואס זיינען שוין אין „צבאות השם":

זייענדיק אַ „סאָלדזשער" (אַ חיל) אין דעם אויבערשטנ'ס אַרמיי (אין „צבאות השם") — איז פאַרשטאַנדיק אַז וואו ער געפינט זיך, און וואו ער גייט און וואס ער טוט, געדענקט ער אַז ער געהערט צו דעם אויבערשטנ'ס אַרמיי, און ער פירט זיך אויף בפועל ווי עס פּאַסט זיך אויפפירן פאַר איינעם וואס איז אַ „סאָלדזשער" אין דעם אויבערשטנ'ס צבא.

דאָס הייסט, אַז וואו ער גייט און וואס ער טוט דאַרף דאָס אים צוהעלפן אין מלחמת היצר, וואס די מלחמה איז דאָך דער תפקיד און די „מישאָן" און די שליחות פון צבא השם און פון יעדערן וואס געפינט זיך אין צבא השם.

ג. אין אַנדערע ווערטער:

אפילו אויב אַ „סאָלדזשער" אין צבא השם (אָדער מערערע „סאָלדזשערס") גייט און פאָרט פון זיין שטאָט אין אַן אַנדער שטאָט (ווי איר האָט איצטער געטאָן): אפילו אויב מ'איז אין דער זעלבער שטאָט און מ'גייט אַרויס פון בית ספר וואו מ'לערנט תורה —

איז זיכער אַז מ'פאַרגעסט ניט אַז אין די אַלע זאַכן וואס מ'זעט אָדער מ'הערט אָדער מ'טוט — דאַרף מען זיך אַריינטראַכטן וואס קען מען פון זיי אָפּלערנען, און ווי אַזוי קען מען דאָס אויסנוצן בהמלחמה — ביז אַז מ'זאָל דערקענען דורך דעם אַז ער געהערט צום צבא השם[3].

און אויך — אַז דורך דעריוף זאָל ער נאָכמער דערוועקט ווערן צו מלחמה קעגן מיטן יצר,

סיי ער אַליין זאָל דערוועקט ווערן, סיי אויך די אַלע וואס זען אים, דורך דעריוף וואס זיי לערנען זיך אָפּ פון אים.

ד. דערפון איז פאַרשטאַנדיק אויך בנוגע אייער באַזוך דאָ:

צוליב דעם טעם הנ"ל, אַז וואו אַ „סאָלדזשער" פון צבא השם זאָל נאָר זיין, אפילו ווען ער פאָרט אין אַ צווייטער שטאָט, דאַרף ער דאָס אויסנוצן — ביז אַז מ'זאָל דורך דעריוף

---

1) נדפסו בחוברת „י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל" (ברוקלין, ה'תשל"ו). בחוברות „צבאות השם" בכ"מ. ועוד.

2) בא יב, מא.

3) וכתורת הבעש"ט הידיעה — הוספות לכש"ט סי' קכח. וש"נ.

דערקענען אַז ער געהערט צום צבא השם —

איז אויך אייער באַזוך דאָ פאַרבונדן מיט זיין אין אַ בית־הכנסת און אין אַ בית־המדרש, אין אַן אָרט וואו מ׳דאַווענט צו דעם אויבערשטן⁴, און אַן אָרט וואו מ׳לערנט תורה⁵ פאַר דעם אויבערשטן,

און איר האָט אַזוי געטאָן בפועל: איר האָט געדאַוונט תפלת מנחה צו דעם אויבערשטן, וואָס תפלת מנחה איז איינע פון די וויכטיקסטע תפלות⁶, און איר האָט געזאָגט און געלערנט די י״ב פסוקים ומאמרי חז״ל פון דעם אויבערשטנ׳ס תורה,

וואָס דורך יעדער תפלה און דורך יעדן ענין וואָס מ׳לערנט אין תורה פאַרשטאַרקט מען די מלחמה אַנטקעגן דעם יצר, און מ׳איילט צו דעם נצחון פון דער מלחמה,

ביז צו דעם אַלגעמיינעם נצחון פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק אַנטקעגן דעם גלות.

ה. אין דערויף קומט צו נאָכמער הדגשה דערפון וואָס (ווי מ׳האָט מיר איבערגעגעבן אַז) איר האָט דאָ אויך באַזוכט די מצה בעקעריי, וואו איר האָט געזען ווי מ׳באַקט מצות, גרייטנדיק זיך צו זמן חירותינו, צו חג המצות און חג הפסח.

וואָס דאָס דערמאָנט יעדן אידן אַז מ׳דאַרף זיך גרייטן צו זמן חירותינו אויך פון איצטיגן גלות, און „כימי צאתך מארץ מצרים״⁷, אַזוי ווי מ׳איז דעמולט אַרויס פון מצרים — אַזוי וועט מען אויך גאָר אין גיכן אַרויסגיין פון דעם גלות, דורך משיח צדקנו, ווי איר האָט ערשט געזונגען אַז מ׳וויל (און מ׳וועט) האָבן משיח „נאַו״.

ו. וואָס בזה (אין דעם נצחון און יציאה פון דעם גלות) טוט אויף יעדערער פון אייך דורך דערויף וואָס יעדערער פון אייך וועט מוסיף זיין נאָך אַ תפלה און מוסיף זיין נאָך אַן ענין אין תורה.

און אפילו אַז איר פאָרט אין אַ נסיעה, וואָס אַ צווייטן קען זיך אויסווייזן אַז די נסיעה איז מער ניט ווי צוליב אַ תענוג, צוליב אַ פאַרגעניגן פון דעם גוף —

מאַכט אָבער דער וואָס איז אַ „סאָלדזשער״ פון צבא השם דערפון „נשק״, וואָפן, אַנטקעגן דעם יצר מיט וועמען ער האָט מלחמה,

אַז ער פאָרט אין אַ נסיעה — ווערט ביי אים די כוונה פון דער נסיעה, אויף מלחמה האָבן אַנטקעגן דעם יצר, ד. ה. אַז אין צוגאָב צו דעם וואָס ער האָט מלחמה מיטן יצר וואָס געפינט זיך ביי אים אין שטאָט, האָט ער אויך מלחמה מיטן יצר וואָס געפינט זיך אין אַנדערע שטעט (וואוהין ער קומט און — באַזוכט),

און ער העלפט אויך די קינדער וואָס זיינען אין דער שטאָט וואו ער איז געקומען צופאָרן — אַז אויך זיי זאָלן זיך שטאַרקן אין זייער מלחמת היצר, און

---

4) ושעת צלותא שעת קרבא (לקו״ת ר״פ תצא בשם הזהר).

5) שהיא תבלין ליצה״ר (קידושין ל, ב). — החילוק דמלחמה ע״י תפלה או תורה — ראה סה״מ תרנ״ט ע׳ קנב ואילך. תש״ד ע׳ 83 ואילך. ובכ״מ.

6) ראה ברכות ו, ב. וראה בארוכה ד״ה לעולם יהא אדם זהיר בתפלת המנחה כו׳ עזר״ת (סה״מ עזר״ת ע׳ פב ואילך). תרצ״א (סה״מ קונטרסים ח״א רג, ב ואילך). ובכ״מ.

7) מיכה ז, טו.

אל״ז בערער צוגעבן אין לערנען תורה און מקיים זיין מצוות און מתפלל זיין צו דעם אויבערשטן די תפלות וועלכע מ׳דארף מתפלל זיין.

וואס דאס זיינען די דריי זאכן דורך וועלכע אידישע קינדער, און אידן בכלל, העלפן אז די וועלט זאל האבן א קיום, אז די וועלט זאל זיך האלטן[8].

און גרייטן זיך אויף גאר אינגיכן מקבל זיין משיח צדקנו, ״נאו״.

ז. מ׳קען דאך אבער פרעגן די שאלה:

ס׳איז דאך דא אזא גרויסע וועלט — איז ווי אזוי קען אן איין און איינציקער אידיש קינד, אפילו בשעת ער קלייבט זיך צייזאמען מיט נאך קינדער, און א סך קינדער — איינעמען די גאנצע וועלט און איר איבערמאכן און צוגרייטן אז זי זאל זיין צוגעפאסט צו משיח׳ס קומען?!

איז דער ענטפער אויף דעם ארויס־געגעבן אין תורה, ווי געריידט מערערע מאל, אז תורה גיט א הוראה[9], אן אנ־ווייזונג און אן ענטפער אויף אלערליי שאלות וואס מ׳האט.

ובפרט אין דעם חלק אין תורה וואס איז פארבונדן מיטן זמן וואו מ׳האלט:

דער חלק פון תורה וואס מ׳האט ערשט נעכטן (שבת[10]) אין דערפרי גע־לייענט (געלערנט) — איז פ׳ יתרו. וואס דארטן שטייט[11] ״בכל המקום אשר אזכיר את שמי אבוא אליך וברכתיך״.

דערקלערט אונז תושבע״פ דעם אינהאלט פון דעם פסוק אין דער ערקלערונג אויף דער ערשטער משנה פון דעם ערשטן פרק פון דער ערשטער מסכת אין תושבע״פ — אין מסכת ברכות[12]:

[וואס זי ווערט אנגערופן ״ברכות״, ווארום דארטן רעדט זיך (ווי אזוי דער אויבערשטער בענטשט אידן, און) ווי אזוי אידן זאגן ברכות צו דעם אוי־בערשטן פאר יעדן עסן און פאר יעדן טרינקען, און גלייך באם אויפשטיין — קריאת שמע שחרית, און איידער מ׳גייט שלאפן — קריאת שמע ערבית מיט זייערע ברכות].

די ערקלערונג: דא שטייט ״אבוא אליך וברכתיך״ לשון יחידי[13], אז איך וועל צו דיר קומען און דיר בענטשן, וואס דערפון לערנט מען אפ אז ״אפילו אחד שיושב ועוסק בתורה״ איז ״שכינה עמו״.

דאס הייסט:

אפילו ווען איין און איינציקער אידיש קינד, וואס איז א ״סאלדזשער״ אין ״צבאות השם״, זיצט און לערנט תורה, דעם אויבערשטנ׳ס ״דבר״, אדער ער איז מקיים דעם אויבערשטנ׳ס מצוות,

ווי רש״י טייטשט אפ[14] ״אשר אזכיר את שמי — אשר יזכיר שמי על מצותי ודברי״ (וואס ״דברי״ איז תורה) — וואס דערפאר וועט איר זיכער דערנאך אויך געבן אויף צדקה[15] איינע פון די מטבעות וואס מ׳וועט אייך געבן, בנוסף אויף

8) ראה אבות פ״א מ״ב. מי״ח.

9) ״תורה היא מלשון הוראה (זח״ג נג, ב).

10) דמיני׳ מתברכין כולהו יומין (דשבוע שלאחרי״) — זח״ב סג, ב. פח, א.

11) בסוף הפרשה — כ, כא.

12) ו, א.

13) פרש״י שם — ד״ה אביא.

14) שם — ד״ה אשר.

15) ששקולה כנגד כל המצוות (ב״ב ט, א).

דעם ענין פון תורה וואס איז שוין געווען (אמירת י״ב פסוקים ומאמרי חז״ל) —

בענטשט אים דער אויבערשטער, דער „קאמענדער־אין־טשיף״ אליין,

און בענטשט אים ניט ווי להבדיל אן אנדער „קאמענדער־אין־טשיף״, א בשר ודם, אז דער „קאמענדער־אין־טשיף״ געפינט זיך בא זיך אין זיין ארט, און די „סאלדזשערס״ געפינען זיך דארט וואו מ׳דארף פירן די מלחמה —

נאר דער אויבערשטער זאגט אז זיין הנהגה איז גאר אן אנדערע — „אבוא אליך״: דער אויבערשטער, דער „קאמענדער־אין־טשיף״, אליין, קומט צו גיין צו יעדן איין און איינציקן פון אייך בשעת איר פירט מלחמה מיטן יצר, און אפילו ווען איר פירט מלחמה מיטן יצר פון א צווייטער שטאט (כנ״ל ס״ו), אדער פון דער גאנצער וועלט,

און ניט נאר וואס ער געפינט זיך מיט אייך צוזאמען, און האט מלחמה צוזאמען מיטן קינד וואס האט מלחמה — נאר „וברכתיך״: דער אויבערשטער בענטשט יעדערן פון אייך אין אלע אייערע זאכן, און העלפט אייך ארויס אין אלץ,

אנהויבנדיק דערפון אז איר זאלט האבן א גרויסן נצחון אין דער מלחמת היצר, און איר זאלט זיין געזונט, און אייערע פאטערס און מוטערס זאלן פון אייך האבן א סך אמת׳ן נחת —

אז איר באווייזט אז איר געהערט צו „צבאות השם״, סיי בא זיך אין הויז, אז איר האט א גוטע ווירקונג אויף דער גאנצער הויז, און סיי בא זיך אין שטאט,

און סיי ווען איר פארט איבער דעם אויבערשטנ׳ס וועלט און איר קומט צו פארן אין א צווייטער שטאט און פירט דארטן דורך דעם אויבערשטנ׳ס שליחות,

איר ווירקט אויך אויף די קינדער וואס איר טרעפט אין אנדערע שטעט, ווי רבי עקיבא האט געזאגט[16] „ואהבת לרעך כמוך[17] — זה כלל גדול בתורה״ (ווי איר האט ערשט געזאגט אין די י״ב פסוקים ומאמרי חז״ל) — אינגעלעך ווירקן אויף אינגעלעך, און מיידעלעך אויף מיידעלעך, וועלכע מ׳טרעפט אין די אנדערע שטעט, אז זיי זאלן זיין „כמוך״, ווי איר זייט —

אז זיי (פונקט ווי איר) טרעטן אריין אין דעם אויבערשטנ׳ס צבא, און פירן דעם אויבערשטנ׳ס מלחמה, דורך מלחמת היצר, און באקומען „וברכתיך״, דעם אויבערשטנ׳ס ברכות אין אלץ וואס מ׳נויטיקט זיך.

במילא איז גאר קיין וואונדער ניט אז אן איין און איינציקער אידיש קינד זאל אין דעריוף מצליח זיין — ווארום דער אויבערשטער אליין דער „קאמענדער־אין־טשיף״ פון אלע „צבאות השם״, דער זעלבער אויבערשטער וואס פירט אן מיט די גאנצע וועלט, און מיט אלע מדינות און מיט אלע „גאווערנמענטס״ און מיט אלעמען וואס געפינען זיך אין וועלט — קומט ספעציעל צו דעם „סאלדזשער״, אפילו צו א יחיד און בענטשט אים!

• • •

ח. המדובר לעיל איז וואס מ׳לערנט אפ פון דער תורה וואס מ׳האט גע־לייענט און געלערנט אין דעם שבת פון וועלכן מיר קומען:

16) תו״כ ופרש״י קדושים יט, יח. ועוד.

17) קדושים שם.

ס'איז אבער זיכער אויך דא אן אפלערנונג פון דער תורה וואס איז פארבונדן במיוחד מיט היינטיקן טאג, ווי די אנווייזונג פון דעם אלטן רבי'ן[18] אז מ'דארף לעבן מיט דער צייט, מיט דער פרשת השבוע וואס מ'לערנט אין דער צייט.

וואס דאס איז אן אנווייזונג וואס עס גיט דער „קאמענדער־אין־טשיף" פון דער ארמיי, דער אויבערשטער, צו זיינע „סאלדזשערס".

ווי מ'זעט אין אן ארמיי גשמית, אז ס'איז איינגעפירט, אז אין צוגאב צו דער „ארדער", צו דער הנהגה און אנווייזונג וואס די ארמיי באקומט פון צייט צו צייט — איז דא דער „ארדער או דהי דעי", די אנווייזונג און לערנונג וואס איז ספעציעל פאר דעם טאג,

עד"ז איז אויך אין „צבאות השם", אז ס'איז דא דער „ארדער או דהי דעי", די אנווייזונג און לערנונג וואס איז דא ספעציעל אויף דעם טאג, וואס דאס איז ארויסגעגעבן געווארן אין דעם חלק פון תורה וואס איז פארבונדן מיט דעם טאג, כתורת אדה"ז הנ"ל.

ט. דער שיעור חומש פון היינטיקן טאג הויבט זיך אן (דער ערשטער פסוק פון דער פרשה משפטים): „ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם".

דער אפטייטש און אינהאלט פון דעם פסוק, לערנט רש"י מיט יעדן אידיש קינד אין אלע דורות, אנהויבנדיק פון זמן רש"י, און נאך פריער, און ביז אין אונזער דור:

די „משפטים", די אלע „רולינגס" (געזעצן) און זעלבסטפארשטענדלעך די אנווייזונגען פארבונדן מיט „סאל־דזשערס" פון „צבאות השם", דארפן זיין אין אן אופן פון „תשים לפניהם — כשולחן הערוך ומוכן לאכול לפני האדם" — די „משפטים" זיינען צוגע־גרייט פאר די „סאלדזשערס", אז זיי קענען דאס גלייך נוצן, ווארום זיי זיינען פאר די „סאלדזשערס" אזוי קלאר, און אויך אזוי קלאר פאר די אלע וואס געפינען זיך ארום זיי, פונקט ווי מ'זעט דעם עסן, דעם „מיעל", וואס מ'דארף אים האבן בכדי מ'זאל האבן א געזונטן גוף, איז ער צוגעגרייט אויפן טיש, און ער איז גרייט צום עסן, מ'דארף מער ניט ווי עסן בפועל:

און פונקט ווי דער עסן בגשמיות שטארקט דעם געזונט פון דעם גוף — אזוי איז דער „עסן" ברוחניות, דער „תורה־עסן", שטארקט דעם געזונט פון דער נשמה פון יעדער אידן,

און במיוחד די נשמה פון א איד וואס האט א ספעציעלע שליחות פון דעם אויבערשטן — צו מלחמה האבן דעם אויבערשטנ'ס מלחמה אנטקעגן דעם יצר.

י. דאס איז, כאמור, דער „ארדער או דהי דעי" וואס דער „קאמענדער־אין־טשיף" זאגט אן די „צבאות השם" ווי אזוי זיי זאלן זיך פירן, דער חלק אין תורה פון דעם טאג וואס דער אויי־בערשטער גיט ארויס אין זיין תורה ווי אזוי אידן זאלן זיך פירן אין דעם טאג.

און דער אויבערשטער גיט דערביי די אידן דעם „וברכתיך", די ברכה, אז זיי זאלן פארשטיין און אויסנוצן ווי עס דארף צו זיין און אין א געבענטשטן אופן, די הוראה פון דעם חלק אין תורה.

יא. די הוראה פון האמור לעיל איז:

בשעת א „סאלדזשער", אן איש צבא,

18) היום יום ע' קא. סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך.

באקומט אז אנווייזונג פון דעם אויבערשטן אויף מלחמה האבן מיטן יצר, דורך דערויף וואס ער איז א איד און פירט זיך אויף ווי א איד — דארף זיין אויפפירונג זיין קלאר, אז מ׳זאל גלייך דערקענען אז דאס איז א אידיש קינד:

אז מ׳פרעגט אים — וואס איז ער? אדער א מיידעלע — וואס איז זי? ענטפערן זיי גלייך, אז זיי זיינען אידישע קינדער און זיי געהערן צום צבא השם.

און אז מ׳פרעגט בא יעדערן פון זיי — ווי אזוי זעט מען דאס קלאר אז איר געהערט צום צבא השם?

נעמט א אינגעלע גלייך ארויס די ציצית און באווייזט זיי״, וואס דאס איז א קלארער באווייז און אן עדות, אז ער געהערט צום צבא השם[20].

עד״ז א אידישע מיידעלע האט א ספעציעלן וועג צו באווייזן אין א קלארן אופן אז זי איז א אידישע מיידעלע — דורך דעם וואס זי (באווייזט אז זי) טראגט צניעות׳דיקע קליידער, ווי עס איז פאסיק פאר א אידישע מיידעלע.

יב. ונוסף לזה באווייזן זייביידע קלאר אז זיי זיינען אידן — דורך דעם וואס זיי זאגן אויסווייניק (זיי דארפן ניט זוכן אין ספר) „שמע ישראל ה׳ אלקינו ה׳ אחד״[21], און זיי זאגן דאס מיט א לעבעדיקייט, מ׳זעט אז זיי לעבן דערמיט,

און זיי זאגן „בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ״[22] — וואס דאס איז אן ענטפער אויף דעם ווען מ׳פרעגט דעם אידישן קינד: פון וואנעט ווייסט מען אז זיי קענען פירן די מלחמה ווייל ער אדער זי איז א אידיש קינד, און ווייל ער אדער זי געהערט צום צבא השם?

ענטפערן זיי גלייך אויסווייניק: „בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ״: פון אנהויבס אן, פון דעם ערשטן טאג און רגע אן האט דער אויבערשטער באשאפן די אלע הימלען און די גאנצע ערד, מיט אלץ וואס געפינט זיך אין די הימלען און אויף דער ערד[23].

וואס דערמיט איז פארשטאנדיק וואס דער קינד גייט אין צבא השם ומנצח — ווארום שמים און ארץ זיינען באשאפן געווארן און געהערן צו דעם אויבערשטן, און ער, דער קינד, דורך אריינגיין אין צבא השם, גייט אפשלאגן און מנצח זיין דעם יצר וואס וויל באהאלטן אז מ׳זאל ניט קענען דערקענען אז אין שמים און ארץ איז דער בעה״ב דער אויבערשטער.

בשעת דער יצר הרע וויל אזוי טאן — גייט דער אינגעלע און די מיידעלע און

---

19) ולהעיר שבנוגע למצות ציצית נאמר „וראיתם אותו״ (שלח טו, לט), שיראו הציצית תמיד (שו״ע או״ח ס״ח ס״א. שו״ע אדה״ז שם ס״ח. וראה שם ס״ט). וראה מנחות מג, א: שו״ע אדה״ז שם ס״ח ס״א, ש„וראיתם אותו״ הוא (גם) בראי׳ אצל אחרים. אבל ראה בספרים שהובאו בנ״כ השו״ע שם ובס׳ מאסף לכל המחנות שם ס״ח ס״א.

20) ולהעיר שמצות ציצית היא מצוה בללית המביאה לזכירת כל תרי״ג מצוות כמ״ש (שלח שם. וראה פרש״י שם. ולהעיר מברכות יב, ב) „וראיתם אותו וזכרתם את כל מצות ה׳״ (ראה שו״ע אדה״ז שם ס״ח ס״ז. וראה טושו״ע שם ס״ח), „וכיון שטעם לבישת הציצית הוא כדי לזכור המצוות לפיכך הלובש טלית קטן יזהר ללובשו על בגדיו כדי שתמיד יראוהו ויזכור המצוות, ואותן הלובשים אותו תחת הבגדים יזהרו שילבשו אותו באופן שיראו הציצית תמיד שע״י ראייתן יזכרו המצוות תמיד״ (שו״ע אדה״ז שם ס״ח).

21) ואתחנן ו, ד.

22) בראשית א, א.

23) ראה פרש״י שם.

זיינען מכריז, און אויף אויסנווייניק, און זאגן דאס אויף א קלארן אופן — „כשולחן הערוך ומוכן", דאס איז אנגע־גרייט בא זיי און קלאר — אז „בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ", דער אויבערשטער איז דער איינציקער בעה"ב פון אלע הימלען און די גאנצע ערד, און אלץ וואס געפינט זיך אין זיי.

יג. דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז אויב עס קומט צוגיין דער יצר און זאגט מ'זאל ניט פאלגן דעם אויבערשטן ח"ו, אדער עס קומט צוגיין א ניט־אידיש קינד און זאגט דעם אידישן קינד, ער זאל עסן א ניט כשר'ע זאך, אדער טרינקען א ניט כשר'ן טרונק, אדער עסן און טרינקען אן א ברכה, ח"ו —

האט ער גלייך דעם ענטפער: „בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ" — דער אויבערשטער האט באַ־שאפן דעם עסן וואס ער גייט איצטער עסן, און דעם טרונק וואס ער גייט איצטער טרינקען, און איידער ער עסט אדער טרינקט מוז ער דאנקען דעם אוי־בערשטן דורך מאכן א ברכה[24].

און דאס איז „תשים לפניהם", דאס איז ביי אים אזוי קלאר, אז אין דערויף איז ניט שייך קיין ספק און קיין איבער־טראכטן.

יד. ועד"ז פירט זיך אויף דאס קינד אין אלע ענינים — ווי עס שטייט אין דער תורה, לויט אירע „משפטים", וואס דער אויבערשטער האט געגעבן יעדערן פון אונז און יעדערן פון אייך און יעדערן פון דעם אידישן פאלק אין אלע דורות,

און האט דאס געגעבן אין אן אופן און אין א וועג פון „אבוא אליך" — דער אויבערשטער קומט און שטייט מיט יעדערן און העלפט אים אויס,

„וברכתיך" — און בענטשט אים, אז ער זאל זיך פירן ווי מ'דארף זיך פירן אין צבא השם, און מנצח זיין די מלחמה.

און מאכן א „דירה לו ית' בתחתונים" (ווי איר האט ערשט געזאגט אין די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל[25]), אז מ'זאל דער־קענען, און ס'זאל זיין קלאר „בתח־תונים", אז דאס געהערט צום אויבערשטן,

און טאן דאס בשמחה — „ישמח ישראל בעושיו"[26], אז ער איז שמח „בשמחת ה' אשר שש ושמח בדירתו בתחתוני'" (ווי איר האט ערשט גע־זאגט[27]), וואס דאס איז „ישמח[28] ה' במעשיו"[29].

און מען טוט דאס אלעס אין אן אופן אז מ'רעכנט זיך ניט אז ס'איז דא דער גלות, ווארום „בכל דור ודור חייב אדם לראות את עצמו כאילו הוא יצא היום[30] ממצרים" (ווי איר האט ערשט גע־זאגט[31]) — איר גייט ארויס היינט פון די אלע זאכן וועלכע זיינען פארבונדן מיט גלות, וואס זיי זיינען פארבונדן (אויך) מיטן ערשטן גלות, גלות מצרים[32].

טו. און דורך דעם אלעם, און דורך דעם וואס מ'טוט די אלע זאכן אין א קלארן אופן, „תשים לפניהם", אז דאס

---

24) ראה ברכות לה, סע"א ואילך.

25) מתניא פל"ג (מב, א).
26) תהלים קמט, ב.
27) מתניא שם (מב, סע"ב ואילך).
28) תהלים קד, לא.
29) ולהעיר מלקו"ת שמע"צ פח, א ואילך.
30) הוספת אדה"ז בתניא רפמ"ז.
31) מפסחים קטז, ב.
32) ראה ב"ר פט"ז, ד. וראה רד"ה קול דודי תש"ס.

שטייט אָנגעגרייט, און דאָס איז „מוכן לאכול לפני האדם״, ביז אַז ער „עסט״ און לעבט דערמיט — און דאָס גיט אים געזונט אין זיין נשמה, און דורך דערויף האָט ער דעם אויבערשטנ׳ס ברכות, אַז ער האָט אויך אַ געזונטן גוף —

איז מען זוכה, אַז אַזוי ווי מ׳איז ארויס ממצרים, און מ׳געדענקט דאָס און מ׳דערמאָנט עס יעדער טאָג — זאָל אַזוי אויך גאָר אינגיכן קומען די גאולה האמיתית והשלימה ע״י משיח צדקנו,

און ס׳וועט זיין „כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות״[33], אַז מ׳וועט ארויסגיין אויף אַ וואונדערליכן אופן פון דעם איצטערדיקן גלות, נאָך מער וואונדערלעך ווי ס׳איז געווען דער ארויסגיין פון גלות מצרים, ווי ער זאָגט אין זהר[34].

און דאָס וועט זיין גאָר אינגיכן, ווארום דער אויבערשטער וועט אָננעמען די תפלות און די בקשות פון יעדערן פון אייך און פון אַלע אידן אַז משיח זאָל קומען „נאַו״[35].

ובפרט אַז איר וועט איצטער אויך געבן די מטבעות אויף צדקה, וואָס צדקה מאַכט דאָך אַז די גאולה זאָל קומען נאָך שנעלער און נאָך פריער[36].

טז. און מיר אַלע וועלן גיין צו־זאַמען, און דער „קאָמענדער־אין־טשיף״ בראשינו, פון פאָרענט און צוזאַמען מיט יעדערן פון אייך און אונז, און וועט פירן אַלע „צבאות השם״, די וואָס זיינען איצטער דאָ און די וואָס הערן, און די וואָס מ׳וועט זיי דאָס דערנאָך איבער־געבן, און אַלע אידישע קינדער, און אַלע אידן „בנערינו ובזקנינו״[37], אַלט און יונג — גאָר אינגיכן לארצנו הקדושה, אין אונזער הייליקער לאַנד, ארץ ישראל,

וואָס די וועט זיין אינגאַנצן גאַנץ, גאַנץ ארץ ישראל לגבולותי׳, אין אַלע אירע גרענעצן וועט זי געהערן נאָר צו אידן,

ווארום אַזוי האָט דער „קאָמענדער־אין־טשיף״ אָפּגעגעבן איר צו אידן, און האָט געזאָגט אַז דאָס וועט בלייבן אַ „נחלת עולם״, אַן אייביקע נחלה, פאַר יעדער אידן, און זיכער פאַר די קינדער וואָס זיי געהערן צו דעם אייבערשטנ׳ס אַרמיי, און פירן זיינע מלחמות.

און קיינער וועט ניט קענען צונעמען בײַ קיין איין אידיש קינד עפּעס וואָס וואָס איז אַ טייל פון ארץ ישראל, וואָס יעדער אידיש קינד איז דאַרט בעה״ב, ווארום דער „קאָמענדער־אין־טשיף״ געפינט זיך מיט יעדערן פון זיי — „אבוא אליך וברכתיך״, ווי גערעדט פריער (ס״ז).

יז. און בשעת מ׳וועט קומען אינ־גיכן אין ארץ ישראל, וועט מען טרעפן אַ גאַנצע, הייליקע, שלום׳דיקע ארץ ישראל, ווארום מ׳וועט זיך פירן ווי „צבאות השם״ דאַרפן זיך פירן אין שלימות התורה — מקיים זיין אַלע מצוות, און די רייד פון דעם „קאָמענ־דער־אין־טשיף״, דער אויבערשטער.

און איינוווירקן אויך אַז אַזוי זאָלן זיך

---

33) מיכה ז, טו.

34) ראה אוה״ת נ״ך עה״פ מיכה שם (ע׳ תפו ואילך). וש״נ.

35) ראה שיחה ל„צבאות השם״ — אור לב׳ דחנוכה תשמ״א סעיף ו׳ (לקו״ש ח״כ ע׳ 458-9).

36) ראה ב״ב י, א. וראה תניא פל״ז (מח, ב ואילך).

37) בא י, ט.

פירן אלע קינדער, און אזוי זאלן זיך פירן „אבות על בנים — ע״י בנים״[38] — איינווירקן בא זיך אין הויז[39] אז ס׳זאל זיין נאכמער היילי̇קער ווי ס׳איז געווען ביז איצטער,

וואס דורך דערויף וועט זיין שלימות העם — די גאנצקייט פון דעם אידישן פאלק.

און דורך די אלע דריי שלימות׳ן — אז מ׳האלט זיך ביי א גאנצע תורה, און מ׳האלט זיך בא גאנץ ארץ ישראל, און מ׳האלט זיך צוזאמען מיטן גאנצן אידישן פאלק, ביז אין אן אופן פון „כמוך״, ווארום מ׳האט ליב יעדער איינער דעם צווייטן, און יעדערן — „כמוך״, ווי זיך אליין —

ברענגט מען דעם אמת׳ן שלום, און די אמת׳ע גאולה, דורך משיח צדקנו, און אין אן אופן פון — משיח „נאו״.

• • •

[כ״ק אדמו״ר שליט״א נתן מטבעות של עשר סענט לתת לכל אחד ואחת מהילדים והילדות שיחיו שתי מטבעות: א׳ לתת לצדקה, והב׳ — לעשות בה כטוב בעיניהם.

טרם צאתו התחיל כ״ק אדמו״ר שליט״א לנגן „עוצו עצה גו׳ עמנו א־ל״].

---

38) מלאכי ג, כד ופרש״י שם.

39) שעלי׳ נאמר (תרומה כה, ח) ושכנתי בתוכם — בתוך כאו״א מישראל (ראה שלי״ה סס, א. ועוד).

בס"ד. שיחה ש"פ משפטים, מבה"ח אד"ר ה'תשמ"א.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. עס איז א התוועדות פארבונדן מיט שבת מברכים אדר ראשון.

וואס בנוגע צו די צוויי חדשי אדר וואס זיינען דא בשנת העיבור - איז דא א שקו"ט וועלכער איז דער חודש הרגיל און וועלכער איז דער חודש הנוסף, דער חודש העיבור, וואס מאכט אז עס זאל זיין א שנת העיבור,

ולאחרי השקו"ט בזה איז די מסקנא בפוסקים - אז דער ערשטער חודש איז דער חודש העיבור, און דער צווייטער חודש איז דער חודש הרגיל,

און ווי דער דין איז[1], אז בשעת איינער מאכט א נדר אז ער וועט טאן א זאך בחודש העיבור - דארף ער עס טאן אין חודש אדר הראשון.

וואס אע"פ אז דאס (אז דער ערשטער חודש איז דער חודש העיבור, און דער צווייטער איז דער חודש הרגיל) איז א דבר פלא, און מ'דארף האבן א ביאור, וכיו"ב - אעפ"כ, איז אזוי דער ענין, ביז אין הלכה בפועל, ווי דער אויבנדערמאנטער דין, אז בשעת איינער מאכט א נדר צו טאן א זאך בחודש העיבור - דארף ער עס טאן אין חודש אדר הראשון.

ב. דער ענין פון א התוועדות בשבת מברכים איז א תקנה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[2],

וואס נוסף צו דעם (אויפטו פון) ענין ההתוועדות עצמה, כידוע דער פתגם[3] אז "דאס וואס עס קען אויפטאן א חסידישער פארברייינגען קען מלאך מיכאל ניט אויפטאן" - דארף א התוועדות אויך האבן א פעולה לאח"ז אין לימוד התורה און קיום המצוות, ובמכ"ש אין עבודת האדם לקונו וואס איז אן ענין עיקרי.

ובדוגמא ווי דאס איז אין אלע ענינים פון דינים תקנות און מנהגים פון תורה, אז נוסף אויף ענינם עצמם - זיינען זיי אויך פועל און מהפשט און טוען-אויף אין אנדערע ענינים.

ג. דער ענין פון א התוועדות עצמה (בעבודת האדם) איז - אז דעמולט קלייבן זיך צוזאמען אידן, און עס קלייבן זיך צוזאמען פארשידענע סוגי אידן, און מ'ווערט פאראייניקט,

- ווארום -

------------

1) ראה אנציקלופדי' תלמודית ערך אדר צב, א ואילך. וש"נ.
*1) שו"ת הרדב"ז ח"א סק"נ (הובא באנציקלופדי' תלמודית שם).
2) קובץ מכתבים לתהלים (אהל י"י) ע' 192 ואילך. "היום יום" ע' ו. 3) קובץ מכתבים שם ע' 199.

וואדום מ'שטייט דעמולט "לפני ה' אלקיכם"[4],

ובלשון הכתוב פון דער פריערדיקער סדרה[5]: "ויחן שם ישראל נגד ההר", אז וויבאלד כ'איז געקומען "נגד ההר", "ההר" בה' הידיעה, דער הר הידוע, וואס דאס איז דער הר אויף וועלכן ס'איז געגעבן געווארן די הורה[6] - דערפאר איז געווען "ויחן" (ווי עס טייטשן אפ מדקדקים און גדולי ישראל און אזוי איז "לשון הורה" -) לשון יחיד, אז זיי זיינען געווארן א מציאות אחת[7].

וואס ווי אזוי ווערט מען א מציאות אחת - איז דאס דורך דעם וואס מ'פאראייניקט זיך מיט אמיתית המציאות, וואס ער איז אחדות הפשוטה, און דורך דעם וואס מ'איז זיך מקשר מיט אחדות הפשוטה איז מען פועל אחדות אויך בא נפרדים,

און נאכמער: מ'איז פועל אחדות אויך אין אן ארט וואס מצד עצמו איז ער רהה"ר, "טורי דפרודא"[8],

דאס הייסט, ניט נאר מ'איז פועל אז דארטן זאל זיין שלום, וואס שלום קען מיינען - היפך המלחמה, אדער אז עס איז דא סיוע מזה לזה, וואס דעמולט זיינען זיי נאך אלץ נפרדים, צוויי באזונדערע מציאות'ן - נאר מ'איז פועל א פאראייניקונג, אז עס ווערט "ויחן" - "לשון יחיד",

וואס דאס איז אויך דער טעם פארוואס טאקע א פארברייננגען טוט-אויף וואס מלאך מיכאל קען ניט אויפטאן - וואדום א פארברייננגען איז פועל אחדות ביז אויך אין רשות הרבים, "טורי דפרודא".

ד. דער ענין האחדות דארף זיין ניט נאר אין אן אופן פון "אחד" נאר אין אן אופן פון "יחיד", ווי מ'זאגט "ויחן - לשון יחיד".

וואס "אחד" איז ניט שולל אז נוסף אויף אים זאל זיין נאך איינער, משא"כ "יחיד" ווייזט אז דאס איז די איינציקע מציאות, און אויך אין דעם לשון "אחד" הערט זיך נאך אלץ דער ענין פון א התאחדות פון פרטים, משא"כ דער לשון "יחיד" ווייזט אויף אן ענין וואס איז למעלה מגדר התחלקות[9].

וע"ד ווי דער חילוק צווישן "אחד" און "יחיד" אין די תוארי ה';

- עס -

---

4) ל' הכתוב - נצבים כט, ט. 5) יתרו יט, ב. 6) ראה רשב"ם עה"פ. 7) ראה תנחומא באבער יתרו. ויק"ר פ"ט, ט. דא"ז פ' השלום. מכילתא ופרש"י עה"פ. כלי יקר עה"פ. 8) ראה לקו"ת במדבר טז, א. 9) ראה תו"א ר"פ וארא. אמ"ב שער הק"ש פ"ח ואילך. דרמ"צ שרש מצות התפלה פי"ח ואילך. ועוד.

עס שטייט אין גמרא[10] און אין ב"י[11] ומבואר בארוכה אין חסידות[12] - אז דער ווארט אחד ("ה׳ אחד") צוטיילט זיך אויף דריי: דער אל"ף ווייזט אויף "אלופו של עולם", דער ח׳ - אויף ז׳ רקיעים וארץ, און דער ד׳ - אויף ד׳ רוחות העולם,

וואס אויך יעדערער פון די ענינים האט אין זיך כמה פרטים: דער אל"ף וואס ווייזט אויף "אלופו של עולם" איז כולל אין זיך דעם "עולם" און "אלופו של עולם", דער ח׳ איז כולל אין זיך די ז׳ רקיעים וארץ, און דער ד׳ איז כולל אין זיך די ד׳ רוחות העולם.

ד.ה. אז אין דעם ענין פון "אחד" זיינען דא כמה פרטים, ס׳איז מערניט וואס די אלע ענינים שטייען אין א התאחדות, אין איין ווארט, אין איין תוכן, מיט כל הפירושים שבזה, וכמבואר אין חסידות און אין קבלה;

משא"כ דער וואר "יחיד" באווייזט אויף אלקות שלמעלה פון גדר ההתחלקות, און למעלה פון די אלע פרטים וואס זיינען כלול אין דעם לשון "אחד" - למעלה פון די ד׳ רוחות העולם, און למעלה פון די ז׳ רקיעים וארץ, ביז - למעלה אויך פון "אלופו של עולם",

ווארום "אלופו של עולם" ווייזט, כנ"ל, אז ס׳איז דא אן "עולם" און דערצו איז דא "אלופו של עולם", און זיין יחס צום עולם איז אין אן אופן פון "אלופו של עולם", אין אן אופן פון כח, השתדלות, יגיעה, ממשלה און שליטה.

משא"כ דער לשון "יחיד" ווייזט אויף אלקות שלמעלה מגדר פון די אלע ענינים.

וואס דאס איז דער חילוק צווישן "אלופו של עולם" און די ענינים פון "אין עוד מלבדו" און (אפילו) "כח הפועל בנפעל":

אין "אין עוד מלבדו" איז ניטא קיין אנדער מציאות א חוץ אים, און אויך בבחי׳ "כח הפועל בנפעל" איז מציאותו פון דעם נברא - דער כח הפועל - דארף מען ניט אנקומען צו שליטה וממשלה, ווארום אלקות איז מציאותו,

משא"כ בשעה מען זאגט (אין דעם פירוש פון דעם לשון "אחד") "אלופו של עולם" - ווייזט עס אז ס׳איז דא א מציאות פון "עולם", ווארום עס הערט זיך ניט דער כח הפועל בנפעל, און מען דארף אנקומען צו כח און השתדלות און ממשלה וכו׳ וואס דורך דעם איז ער "אלופו של עולם",

- און -

------------

10) ברכות יג, ב. 11) או"ח סס"א (בסמ"ק). שו"ע (ואדה"ז) שם ס"ו. 12) לקו"ה תזריע כג, ג. תו"א ודרמ"צ שם.

און דערצו, צו דעם "אלופו של עולם", איז נאך דא אין "אחד" א ח׳, די ז׳ רקיעים וארץ, און א ד׳, די ד׳ רוחות העולם, מערנים וואס זיי זיינען זיך מצטרף (און מהבטל) צום "אלופו של עולם".

ועד"ז איז בעבודת האדם, אז עס דארף זיין אחדות ניט נאר אין אן אופן פון "אחד", נאר עס דארף זיין "ויחן - לשון יחיד".

ה. די התאחדות בבחי׳ יחיד - ווערט אויפגעטאן ע"ד ווי עס איז געווען בא מ"ת, אז דער "ויחן - לשון יחיד" איז אויפגעטאן געווארן דורך דעם וואס ס׳איז געווען "נגד ההר", דער הר אויף וועלכן עס איז געגעבן געווארן די תורה (כאמור לעיל), ד.ה. אז דורך תורה ווערט אויפגעטאן אין וועלט די התאחדות שבבחי׳ יחיד,

וכמאמר רז"ל[13] אז בריאת העולם איז געווען "בשביל התורה"; שמים וארץ וכל צבאיהם, און אלע עולמות, זיינען באשאפן געווארן "בשביל התורה" - אז א איד זאל נעמען די הוראות התורה און מיט זיי פועל זיין א התאחדות, ביז אין אן אופן פון יחיד, אין חושך העולם, עולם מלשון העלם והסתר[14], און אין אלע פרטי העולם - שמים וארץ וכל צבאיהם, און אין גאנץ סדר ההשתלשלות.

ו. עס איז מובן, אז ס׳איז איננו בדומה בשעת מ׳טוט-אויף דעם תיקון אין אן ארט וואו עס פעלט ניט, און ס׳איז ניטא קיין העלם, וואס דעמולט דארף מען נאר מדייק זיין אז אויך פון איצט און ווייטער זאל זיין ווי ס׳איז געווען ביז איצט - צו מ׳טוט-אויף דעם תיקון אין אן ארט וואו עס איז פריער געווען חסר אדער בהעלם, וואס דעמולט איז דער אויפטו א סאך א גרעסערער,

וואס עד"ז איז דאס אויך אין דעם אויפטו פון דער התאחדות אין וועלט דורך תורה - אז מ׳איז פועל די ההאחדות אויך אין אן ארט וואו עס האט פריער געפעלט.

וואס דער ענין פון אויפטאן אחדות אויך אין אן ארט פון העלם - איז אויך מודגש אין "ויחן שם ישראל נגד ההר".

והביאור בזה:

דער דיוק הלשון אין פסוק איז "ויחן . . נגד ההר", ד.ה. אז ניט נאר בשעת עס איז שוין געווען מ"ת האט דאס אויפגעטאן דעם "ויחן - לשון יחיד", נאר גלייך ווי עס איז

- געווען -

---

13) פרש"י ר"פ בראשית. 14) לקו"ת שלח לז, ד. ובכ"מ.

געווען דער "ויחן . . נגד ההר", ווי נאר אידן זיינען געקומען "נגד ההר" - האט זיך אויפגעטאן דער "ויחן - לשון יחיד".

און נאכמער: דער "ויחן" איז געווען נאך איידער אידן האבן מקדים געווען נעשה לנשמע (ווי עס ווערט דערציילט בסיום פרשתנו[15]), ווארום הקדמת נעשה לנשמע איז געווען בהמשה בסיון[16], ערב מ"ת, און דער "ויחן" איז געווען בר"ח[17],

[דעמולט, בר"ח, איז געווען דער "ויחן", דערפאר וואס עס האבן געדארפט זיין זיבן וואכן אלס הכנה צו מתן תורה, "ובשבוע הז' ביום ג' בו (בר"ח סיון) הוא כאילו כבר נכנסה כל השבוע", ווי עס שטייט אין תורה אור[18]],

קומט אויס, אז שוין בר"ח איז געווען דער "ויחן - לשון יחיד" - דערפאר וואס שוין בר"ח איז געווען דער "נגד ההר".

וואס עס איז דא א חילוק צווישן דער אחדות וואס איז אויפגעטאן געווארן בא מ"ת מיט דער אחדות וואס איז אויפגעטאן געווארן "נגד ההר":

די אהדות וואס איז אויפגעטאן געווארן בא מ"ת איז - דאס וואס הורה איז פועל אחדות, ווארום דורך לימוד התורה ווערט מען מציאות התורה, ווארום דורך לימוד התורה ווערט דער "יחוד נפלא" (ווי דער אלטער רבי שרייבט אין תניא[19]);

משא"כ די אחדות וואס איז געווען "נגד ההר" איז מצד דעם וואס אידן האבן זיך מכין געווען צו קבלת התורה, וואס דעמולט איז דא דער ענין ההעלם - און אויך דארטן איז אויפגעטאן געווארן דער "ויחן - לשון יחיד".

ז. און נאכמער: דער "נגד ההר" האט גע'פועל'ט אויך דארטן וואו ס'איז פריער געווען א חסרון, וואס דאס איז א גרעסערע פעולה כנ"ל,

ווארום פאר מ"ת איז געווען א חסרון, ווי עס שטייט[20] "ויסעו מרפידים", ודרשו חז"ל[21] "שרפו ידיהם מדברי תורה", און אויך דערנאך ווען ס'איז געווען דער "ויסעו מרפידים"; איז נאך אלץ ניט געווען קיין אחדות, ווי עס שטייט "(ויסעו מרפידים) . . ויחנו" - לשון רבים - .

- ערשט -

---

15) כד, ז. 16) פרש"י עה"פ פרשתנו שם, ד. 17) שבת פו, ב. פרש"י עה"פ יתרו שם, א. 18) יתרו סז, ג. 19) פ"ה (ט, ב). 20) יתרו שם, ב. 21) מכילתא ויל"ש עה"פ. וראה גם סנהדרין קו, א. תנחומא בשלח כה. יתרו ג.

ערשט דערנאך שטייט אין פסוק "ויחן" - לשון יחיד; וואס איז דא צוגעקומען בינהיים וואס האט פועל געווען דעם "ויחן - לשון יחיד" - דער "נגד ההר".

וואס דערפון קומט אויס, אז דער "נגד ההר" האט פועל געווען אויך דארטן וואו ס'איז פריער געווען א חסרון, אז אויך דארטן זאל זיין אחדות, ביז אין אן אופן פון "יחיד".

ח. כל הנ"ל (דער ענין האחדות ביז אין אן אופן פון "יחיד") איז דער ענין פון יעדער התוועדות (כנ"ל); במיוחד אבער איז דאס בהדגשה אין א התוועדות פארבונדן מיט א חודש העיבור, ווארום דער ענין פון א חודש העיבור ווייזט אז ס'איז געווען א חסרון (ווארום שנת הלבנה איז עשרה ימים כ"א שעות און ר"ד חלקים קלענער ווי שנה החמה[22]) און דער חודש העיבור קומט משלים זיין דעם חסרון[23], ביז אז בשנת העיבור ווערט שנת הלבנה נאך גרעסער ווי שנת החמה - ווארום (א שנת החמה איז שס"ה ימים און) א שנת הלבנה בשנת העיבור איז שפ"ג (צי שפ"ד צי שפ"ה) ימים.

וואס אן דעם חודש העיבור איז די שנה א שנה חסרה, און דוקא דורך דעם חודש העיבור ווערט די שנה א שנה תמימה, ווי די גמרא[24] זאגט "תמימה" - לרבות חודש העיבור, און ווי דער צ"צ[25] ברענגט אראפ עה"פ[26] "תורת ה' תמימה".

און אע"פ אז אויך שנים רגילות (ניט קיין שנים מעוברות) זיינען שנים תמימות - איז אבער בשנה מעוברת בכדי עס זאל זיין א שנה תמימה מוז מען האבן דעם חודש העיבור, און אן אים איז די שנה א שנה חסרה.

ד.ה. אז די נקודה פון חודש העיבור איז - צו משלים זיין דעם חסרון, און ביז - אויך צוגעבן א "אדרויף".

ס'איז טאקע דא אין דעם חודש גופא באזונדערע טעג, וואס "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"[27] - עס איז אבער דא דער צד-השוה פון אלע טעג פון דעם חודש העיבור, ווי מ'זעט עס בשעת מ'גיט א פרעג ביי א מענטשן אין וועלכן טאג פון חודש עס זאל נאר זיין: וואס פאר א טאג איז דאס - זאגט ער אז דאס איז א טאג פון דעם חודש העיבור,

וואס דאס איז דער צד-השוה פון אלע טעג פון דעם חודש העיבור - אז ענינם איז צו משלים זיין דעם חסרון, ביז - אויך מוסיף זיין.

- ט. -

---

22) רמב"ם הל' קדה"ח פ"ו ה"ד. 23) רמב"ם שם פ"א ה"ב. 24) ערכין לא, ב. 25) אוה"ת (יהל אור) לתהלים יט, ח ס"ד (ע' סז). 26) תהלים שם. 27) זח"ג צד, ב.

ט. והביאור בזה:

לבנה און חמה דארפן זיין בשוה, ווי ס׳איז געווען בסדר הבריאה אז די לבנה און די חמה זיינען געווען בשוה איינע צו די צווייטע, "שני המאורות הגדולים"[28],

נאר דערנאך האט געטראפן וואס עס האט געטראפן[29] און די לבנה איז געווארן דער "מאור הקטן"[30], וואס דעמולט איז אויך געווארן אז שנת הלבנה איז מיט עשרה ימים כ"א שעות און ד"ד חלקים קלענער ווי שנת החמה.

דערפון קומט אויס, אז דאס וואס שנת הלבנה איז קלענער ווי שנת החמה - איז א חסרון לגבי ווי <u>שנת הלבנה</u> וואלט געדארפט זיין, וואס שנת הלבנה וואלט געדארפט זיין שוה צו שנת החמה, און דער ענין פון א שנת העיבור איז - אז דעמולט איז דא א דרייצנטער חודש וואס איז משלים דעם חסרון וואס איז געווארן אין שנת הלבנה, און נאכמער: שנת העיבור איז משלים דעם חסרון פון כמה שנות לבנה שלפני׳, און בכמה משנוה העיבור איז שנת העיבור ניט נאר משלים דער חסרון שבשנים שעברו - נאר עס בלייבן נאך איבער טעג אויפן עתיד.

י. וואס דער ענין אז פריער איז דא א חסרון אין שנת הלבנה, און דערנאך ווערט עס אפגעצאלט בשנת העיבור, און ביז אז עס בלייבט נאך איבער אמאל אן "אדרויף" אויפן עתיד, איז ע"ד וואס עס שטייט אין מדרש[31] "היום לוה מן הלילה ולילה לוה מן היום ופודעין זה לזה",

וואס דער פירוש דערפון איז: אזוי ווי אין א מעת-לעת זיינען דא יום און לילה, "יום ולילה לא ישבותו"[32], קומט לכאורה אויס ע"פ סברא (ביז אין שכל דקדושה) אז יום ולילה וואלטן געדארפט זיין א כשך זמן שוה, י"ב שעות ביום און י"ב שעות בלילה;

אעפ"כ איז דאס ניט אזוי, און מערניט ווי אין (דעם ערשטן טאג פון תקופת) ניסן און (אין דעם עדשטן טאג פון תקופת) תשרי זיינען יום ולילה שוין, און במשך דעם קיץ איז דער טאג גרעסער, און במשך דעם חורף איז די נאכט גרעסער.

און דאס איז וואס עד זאגט "היום לוה מן הלילה", וואס דאס איז בקיץ, ווען דער טאג איז גרעסער ווי די נאכט, און "הלילה לוה מן היום", וואס דאס איז חורף, ווען די נאכט

- איז -

------------

28) בראשית א, טז. 29) ראה חולין ס, ב. פרש"י עה"פ. 30) בראשית שם. 31) ראה שמו"ר פל"א, טו. תנחומא משפטים יב. שם, טו. ויק"ר פכ"ו, ד. מדרש תהלים באבער עה"פ יט, ג ובהערות שם. 32) נח ח, כב.

איז גרעסער ווי דער טאג (און דערנאך איז דא ווען "פורעין זל"ז") "בתקופת ניסן ותשרי אינן חייבין זל"ז כלום[33] ("שלמו זל"ז"[34]).

וואס ע"ד ווי דאס איז אין יום ולילה, וואס זיי זיינען פארבונדן מיט חמה ולבנה - עד"ז איז דאס אויך אין שנת החמה און שנת הלבנה, אז ס'איז דא ווי די חמה איז לוה מן הלבנה, וואס דאס איז בשנה רגילה ווען שנת החמה איז גרעסער ווי שנת הלבנה, און בשנת העיבור איז די לבנה (לפעמים) לוה מן החמה, און ס'איז דא אמאל ווען זיי זיינען שוין (ווי זיי דארפן זיין ע"פ סדר הבריאה) - ווי דאס איז יעדער ניינצן יאר, בסיום המחזור[35], וואס דעמולט איז ע"ד "אינן חייבין זל"ז כלום" ("שלמו זל"ז").

וואס מכל זה קומט אויס, אז דער ענין פון חודש העיבור איז - אויף צו משלים זיין דעם <u>חסרון</u> וואס איז געווען בעבר, און ביז - מוסיף זיין אויפן עתיד.

יא. וכאמור לעיל, איז דער ערשטער - דער חודש העיבור, און ערשט דערנאך קומט דער חודש הרגיל.

וואס אע"פ אז בפשטות וואלט לכתחלה געדארפט קומען דער חודש הרגיל, און ערשט דערנאך דער חודש העיבור,

און ווי דער דין איז בא דעם ענין התפלה[36], אז טאמער ער דארף משלים זיין א תפלה, איז פריער דאוונט ער די תפלה אין וועלכע ער איז מחוייב און ערשט דערנאך די תפלה וואס קומט צו משלים זיין די תפלה וואס ער האט פארפעלט (מאיזה טעם שיהי') -

אעפ"כ, איז בנדו"ד דער דין אז פריער הויבט מען אן מיט דעם צוגעקומענעם חודש, דער חודש העיבור, און ערשט דערנאך קומט דער חודש הרגיל, כמבואר לעיל לענין נדר.

וואס דערפון קומט אויס אויך, אז דער סדר איז ניט אז פריער ענדיקט מען דעם יאר שע"ד הרגיל, און דערנאך קומט דער חודש העיבור, נאר פריער קומט דער חודש העיבור און ערשט דערנאך קומט דער חודש הרגיל.

יב. וואס דערפון איז דא א הוראה נפלאה אויף אלע יארן, אויך ווען ס'איז ניט קיין שנת העיבור:

בשעת עס קומט צו דעם ענין פון א גמילת חסד, אדער צו

- דעם -

---

33) לשון המדרש תהלים שם. 34) מהרז"ו לשמו"ר שם.
35) רמב"ם שם פ"ו ה"י. 36) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח ר"ס קח.

דעם עניין פון הידור מצוה, אדער צו דעם עניין פון "מעלין בקודש"[37] - טענה'ט ער: פריער וועט ער אפטאן אלע ענינים וואס זיינען שייך צו דעם טאג, און דערנאך בשעת ער וועט אפטאן די אלע התחייבויות פון דעם טאג - וועט ער זיך פארנעמען מיט ענינים פון גמילות חסדים וכו' וועלכע זיינען נוסף אויף די חיובים -

זאגט מען אים נייין! עס דארף זיין ווי דער לימוד פון חודש העיבור, אז אמאל דארף פריער זיין די הוספה און ערשט דערנאך די עבודה ע"ד הרגיל.

ער טענה'ט: ער וויל פריער דאוונען די תפלה אין וועלכע ער איז מחויב און ערשט דערנאך וועט ער דאוונען די תפלת תשלומין!

זאגט מען אים, אז אמאל דארף מען פריער טאן עניין ההוספה, און ערשט דערנאך טאן דאס וואס מ'איז מחוייב, דער "תמידים כסדרם".

יג. עס שטייט אין ספר חסידים[38], אז "מי שחייב לאהרים לא ירבה בצדקות עד שיפרע" - טענה'ט ער אז פריער וועט ער אפצאלן זיינע חובות און דערנאך וועט ער געבן לצדקה!

איז דאס איז טאקע דער סדר העבודה שע"ד הרגיל; שנת העיבור לערנט אבער אז אמאל איז דא וואס מ'דארף גלייך געבן לצדקה,

וואס ס'איז דא אמאל אז עס פאדערט זיך אז דוקא איצט זאל מען געבן אויף צדקה, און אויב מ'לייגט עס אפ אויף שפעטער קען מען אנווערן דעם גאנצן עניין, און ווי דער סיפור וואס די גמרא[39] דערציילט מיט "נחום איש גם-זו".

יד. וואס די הוראה פון שנת העיבור איז נאכמער ווי דער סיפור וואס ווערט דערציילט אין גמרא:

אין גמרא[40] ווערט דערציילט א סיפור אז איינער האט ניט געוואלט פוחת זיין פון דעם סכום וואס ער פלעגט אלע-מאל געבן, בכדי שלא לחת מגרעה בקודש, אע"פ אז עס וועט אים אנקומען שווער -

איז די הוראה פון שנת העיבור - נאך מער דערפון,

ווארום דארטן האט ער געוואלט געבן לצדקה

- (אע"פ -

---

37) ברכות כח, א. וש"נ. 38) סתנ"ד. וראה בהנסמן במקור חסד שם סק"א. 39) תעניה כא, א. וראה גם ירושלמי שקלים פ"ה ה"ד. 40) ראה תעניה כד, א.

(אע"פ אז עס קומט אים אן שווער) - דערפאר וואס עס האט געהאט אין זיך דעם תוקף פון א הנהגה טובה אין וועלכע ער האט זיך געפירט דריי מאל;

משא"כ די הוראה פון חודש העיבור איז - אז אפילו אז ס'איז ניטא דער ענין, דארף מען אמאל גלייך געבן א הוספה לצדקה.

וואס דאס איז, לדוגמא, בשעת ער טרעפט א גבאי צדקה, אדער דער גבאי צדקה טרעפט אים און זאגט אים אז מ'איז מוכרח האבן געלט אויף א צדקה אין אן אופן מיוחד, און מ'דארף האבן א סכום אין אן אופן מיוחד - וואס דעמולט, איז אע"פ אז ע"ד הרגיל איז דא וואס עס שטייט אין ספר חסידים אז דער סדר דארף זיין אז מ'זאל פריער אפצאלן די חובות און דערנאך געבן לצדקה; בא דעם פאל אבער, לדוגמא, דארף מען גלייך געבן לצדקה.

וואס דערפאר זיינען געווען כמה גדולי ישראל וואס האבן געליען געלט און עס אפגעגעבן לצדקה אע"פ וואס זיי האבן געוואוסט, כמובן, פון דעם וואס עס שטייט אין ספר חסידים.

טו. והמעשה הוא העיקר:

בשעת עס קומט צו געבן אויף א גמילת חסד, טענה'ט ער, אז ער האט עניינים אין וועלכע ער איז מחוייב: ער דארף צאלן שכר לימוד בניו ובנותיו; ער האט די מצות עשה פון "שארה כסותה . . לא יגרע" (וואס שטייט אין אונזער פרשה[41]), וואס מ'דארף אויף דערויף האבן געלט, און ער דארף אויך געבן א נתינה רגילה לצדקה - איז פריער וועט ער אפצאלן די אלע עניינים, און דערנאך וועט ער געבן אויף עניני הוספה,

איז אויף דערויף דא דער לימוד פון שנת העיבור, אז אע"פ אז ע"ד הרגיל איז טאקע דער סדר העבודה אזוי - אבער אמאל דארף מען גלייך געבן די הוספה.

[און ווי דאס איז אויך בענין השנים, אז ע"ד הרגיל איז א שנה ניט קיין שנת העיבור, נאר לפעמים איז דא א שנת העיבור, וואָרום אין א מחזור זיינען דא צוועלף שנים פשוטות און זיבן שנים מעוברות].

טז. וואס מכל זה קומט אוים אז עס זיינען דא צוויי סדרים - ס'איז דא דער סדר ווי עס שטייט אין ספר חסידים, און דערנאך איז דא דער ענין אז מ'דארף ניט ליגן אין מדידה

- והגבלה -

---

41) כא, י. וראה טושו"ע אה"ע סי' ע-עג.

והגבלה, אויך ניט אין "בצרים" דקדושה, האט עס דארף אמאל זיין עבודה שלמעלה ממדידה והגבלה.

ואדרבה דוקא דורך דעם וואס בזמן מן הזמנים איז זיין עבודה שלמעלה ממדידה והגבלה - דוקא דורך דעם איז עבודתו אין אן אופן פון "תמידים כסדרם", במדידה והגבלה - כדבעי.

וכמבואר בקונטרס עץ החיים[42] בענין יחו"ע און יחו"ת, אז אויך דער וואס האלט בא יחו"ת דארף אמאל האבן דעם ענין פון יחו"ע, און דוקא דורך דערויף איז עבודתו בבחי' יחו"ת כדבעי.

יז. בכדי צו האבן א הבחנה וועלכע עבודה ער דארף טאן - איז דא דער סיפור[43] וועגן דער הבחנה ווען ס'איז אים איינגעפאלן דער געדאנק.

וואס עד"ז איז דאס בנדו"ד: עס איז תלוי ווען ס'איז אים איינגעפאלן דער ספר חסידים: צי דער ספר חסידים איז אים איינגעפאלן בשעת ער שטייט אין א סדר פון ספר חסידים, אדער דאס איז אים איינגעפאלן בשעת ער איז אין אן אנדער ענין,

וואס אין זיינע עניינים פאלט אים דאס ניט איין -

פריער עסט ער, דערנאך טרינקט ער, דערנאך לערנט ער די שיעורים בתורה, און דערנאך איז ער מטייל, ווארום דער רמב"ם[44] שרייבט דאך אז כדי דער גוף זאל זיין "בריא ושלם", דארף מען האבן דעם ענין הטיול, און אזוי ווי ער איז מקיים אלץ וואס שטייט אין רמב"ם - איז ער מקיים אויך דאס, במילא גייט ער שפאצירן!

דערנאך בשעת ער האט געענדיקט - קומט ער אהיים און ער מאכט א חשבון: עסן - האט ער שוין געגעסן, און געגעסן ווי עס שטייט אין דער תורה, און מקיים געווען די מצוה פון "ואכלת ושבעת"[45],

און ער האט שוין אויך געטרונקען, ווארום טאמער ער וואלט ניט געטרונקען וואלט דאך געפעלט אין דעם "ואכלת ושבעת", ווארום לדיס אייך דעה[46] איז "ושבעת זו שתי'", און דערצו איז נאך דא דער שטורעם און שארפקייט וואס עס שטייט אין גמרא[47] וועגן "אכל ולא שתה"!

און -

---

42) פ"ד ואילך. 43) סה"ש תש"ג ע' 67 ואילך. 44) ראה רמב"ם הל' דעות ספ"ג. שם רפ"ד. שם רפ"ה. 45) עקב ח, י. 46) ר"מ - ברכות מט, ב. וראה שו"ע אדה"ז או"ח סקצ"ז ס"ז. רמ"א שם ס"ד. בהנסמן באנציקלופדי' תלמודית ערך ברכת המזון הע' 34. 47) שבת מא, א.

און דערנאך בכדי צו גיין שפאצירן - האט ער געלייענט דעם "פייפער", ווארום טאמער וועט ער טרעפן א גוטן פריינט - דארף ער דאך וויסן וואס עס טוט זיך, אז יענער זאל אים ניט האלטן פאר קיין בטלן,

איי ער האט דאך חובות - האט ער דאך ניט אפגערעדט בשעת׳ן לייען אז ער וועט אים אומקערן בבוקר, און ער האלט נאך ניט בא "וישכם . . בבוקר" צו לויפן אפגעבן די געלט מיט א זריזות, נאר עס קען זיין נאך מנחה, עכ"פ לאחרי חצות היום.

יח. וואס די ענינים פון עסן און טרינקען זיינען דאך עניני רשות, און ס׳איז ניטא קיין חיוב צו זיך נאכיאגן נאך זיי, ווארום די מצוה פון "(ואכלת ושבעת) וברכת" איז ניט קיין מצוה חיובית אז מען זאל זיין מחוייב צו עסן בכדי צו מקיים זיין מצות "וברכת"[48] (א חוץ פון שבת ויו"ט, וואס דעמולט איז מען מחוייב באכו"ש[49]) -

אבער ער האט מהדר געווען און געגעסן און געטרונקען, און דערצו דארף ער האבן הידור מן ההידור, במילא באגנוגנט ער זיך ניט מיט די שיעורים וואס "מדקדקין על עצמם עד כזית ועד כביצה"[50] סתם, נאר אזוי ווי ער איז מהדר מן המהדר - איז ער מהדר אין די שיעורים -

און ערשט דערנאך, נאך דעם וואס ער האט אפגעטאן די אלע עניני רשות - טראכט ער וועגן זיינע התחייבויות אין קדושה.

איז בשעת ער פארנעמט זיך מיט די אלע ענינים - פאלט אים דארט ניט איין דער ספר חסידים; דוקא ווען עס קומט צו עניני קדושה - דארטן פאלט אים איין אז פריער דארף ער אפצאלן די חובות וכו׳.

יט. איז אויף דעם דא דער סיפור הנ"ל, אז מ׳דארף וויסן ווען עס פאלט איין די סברא.

וואס עס איז דא די אריכות הסיפור, ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האט עס דערציילט, מיטן נאמען פון דעם גדול בישראל מיט וועמען דאס האט געטראפן;

איז בשעת דער סיפור האט זיך געטראפן - האט זיך דער גדול בישראל גלייך געכאפט, אבער בא סתם מענטשן, איז וויבאלד אז עס קען זיין אז מ׳זאל זיך אמאל ניט כאפן - איז

- דא -

---

48) ראה רמב"ם הל׳ ברכות פ"ו ה"ב. 49) שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס רמב. סתקכ"ט ס"ג-ד. 50) ראה ברכות כ, ב.

דא דער סיפור, וואס דער סיפור וועט אים ארויסהעלפן אין דעם.

וואס דער סיפור האט כ"ק מו"ח אדמו"ר דערציילט און ער איז שוין אפגעדרוקט, אויף אידיש - אויף זשארגאָן - קען ער דאס מסביר זיין אויך לאשתו ולעמי הארץ וכו׳, וואס אויך בא זיי קען זיין דער ענין,

אז זיי זאלן וויסן אז מ׳דארף מבחין זיין ווען עס איז אים איינגעפאלן דער ספר חסידים - ווארום ס׳איז דא אמאל ווען מ׳דארף זיך פירן שלא ע"ד הרגיל, ווי לדוגמא, ווען א גבאי צדקה טרעפט אים און זאגט אים אז מ׳איז מוכרח האבן געלט אויף א צדקה אין אן אופן מיוחד, און מ׳דארף אויף דעם א סכום אין אן אופן מיוחד.

כ. ע"ד ווי דאס איז בא כסף וזהב אויף צדקה כפשוטו - עד"ז איז דאס אויך בא כסף וזהב ברוחניות, כמבואר אין תורה אור[51] אויף "וישב יעקב בארץ מגורי אביו בארץ כנען", וואס כסף וזהב רוחניים (אהבה ויראה) ווערן אנגערופן "כנפים" און "גדפין"[52] צו אלע ענייני תורה ומצוותי׳ -

אז עס זיינען דא ענינים אין וועלכע מ׳איז מחוייב, ענינים שהזמן גרמא, און ענינים וואס מ׳דארף זיי טאן ע"פ השגח"פ - און דוקא אויף דעם טשעפעט זיך דער "קלוגינקער"[53],

וואס אויך אויף דעם איז דא די הוראה פון שנת העיבור, אז הגם ע"פ שו"ע דארף זיין עבודה במדידה והגבלה, און פריער דארף ער אפטאן די ענינים אין וועלכע ער איז מחוייב און ערשט דערנאך די ענינים של הוספה ותשלומין, ווי מ׳געפינט בא הלכות תפלה, כנ"ל -

איז עס אבער אויך ע"פ שו"ע אז אמאל דארף מען האבן עבודה שלמעלה ממדידה והגבלה, כמבואר לעיל בנוגע צו דער הלכה וואס בשעת איינער מאכט א נדר צו טאן א זאך בחודש העיבור - איז ע"פ דין דער ערשטער חודש - דער חודש העיבור, דער חודש וואס קומט אויף תשלומין און הוספה, און ערשט דערנאך קומט דער חודש הרגיל.

כא. נאך אן ענין בזה:

דוקא נאך דעם חודש העיבור - קומט דער חודש הרגיל, ד.ה. אז דוקא דורך דעם וואס עס איז דא די עבודה אין דעם חודש העיבור - קומט דערנאך דער חודש הרגיל, און אָן דעם קען ניט זיין דער חודש הרגיל כדבעי,

- וכמובן -

---

51) ר"פ וישב. 52) תקו"ז תי׳ מה. שער היחודים להרח"ו (הובא בתניא פ"מ (נה, א)). 53) ראה לקו"ש חי"א ס"ע 305.

וכמובן בפשטות, אז ביי אלע ענינים איז דער סדר אז פריער דארף מען אפטאן דעם פריערדיקן ענין כדבעי און ערשט דערנאך קומט מען צו דעם צווייטן ענין,

וואס עד"ז איז דאס אויך בענינינו - אז דוקא דורך די ענינים ופעולות פון חודש העיבור - קומט מען צו דעם חודש הרגיל.

און וויבאלד אז נאך אדר (וואס איז געוויינטליך דעם צוועלפטן חודש) ענדיקט זיך דער יאר, און דערנאך בר"ח ניסן הויבן זיך אן א מגבית חדשה און א תרומה חדשה און נייע קרבנות[54] וכו' -

קומט אויס, אז דוקא בשעת מ'האט פריער די עבודה פון דעם חודש העיבור כדבעי, דוקא דעמולט קען מען ענדיקן דעם יאר כדבעי.

ועפ"ד ווי מ'געפינט דאס אין דער עבודה אין בית המקדש:

צווישן די עבודות וואס זיינען געווען אין ביהמ"ק - זיינען געווען צוויי סוגי עבודות, כמבואר אין די סוגיא אין מסכת יומא[55]: "עבודה תמה", וואס דאס זיינען נאר איינציקע עבודות ("עבודה שהיא גומרת ומתממת את הדבר"), און עבודה שאינה תמה ("עבודה שיש אחרי' עבודה"),

וואס אויך אן עבודה וואס איז ניט קיין עבודה תמה - איז אן עבודה, און מ'דארף אויף (כמה פון) דיי האבן א כהן און בגדי כהונה וכו', און נאר צו דעם ענין פון תמות דארפן זיי אנקומען צו אן עבודה תמה וואס וועט זיין דערנאך,

און ע"ד ווי דאס איז אין ביהמ"ק - עד"ז איז דאס אויך אין עבודת האדם

- ווארום אלע ענינים וואס זיינען דא אין ביהמ"ק זיינען דא בעבודת האדם[56], ווי עס שטייט[57] "ושכנתי בתוכם",

און ע"ד ווי אין ביהמ"ק איז געווען די השראת השכינה אין דעם ארון[58] - עד"ז איז דאס בא יעדער אידן, אז ס'איז דא ביי אים אן ארט פון השראת השכינה, דער מזבח שבו, וואס דאס איז דער לב, און ביי אים איז אויך דא ע"ד די צוויי מזבחות,

- דער -

---

54) ראה רמב"ם הל' שקלים ספ"א. ר"ה ז, סע"א. מגילה כט, ריש ע"ב. 55) כד, א (וראה זבחים קטו, ב) ובפרש"י שם ד"ה עבודה תמה. רמב"ם הל' ביאת המקדש פ"ט ה"ב ואילך. 56) ראה לקו"ת סוכות עח, ג ואילך. 57) תרומה כה, ח. וראה של"ה סט, א. ובכ"מ. ד"ח שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו. 58) ראה רמב"ן ר"פ תרומה.

דער מזבח החיצון און דער מזבח הפנימי - חיצוניות הלב און פנימיות הלב, כמבואר אין לקו"ת[59] ובכ"מ[60] -

אז פריער איז דא די עבודה פון חודש העיבור, וואס אויך די איז אן עבודה, עס איז מערניט וואס דערנאך קומט די עבודה פון חודש הרגיל, וואס דערמיט ענדיקט זיך דער יאר.

כב. ויה"ר אז עס זאל זיין "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר"[61], וואס דאס איז שייך צו דעם גאנצן חודש, ווי עס שטייט[62] "והחודש אשר נהפך להם",

וואס אע"פ אז דאס שטייט אויף חודש אדר שני - אעפ"כ איז עד"ז אויך אין חודש אדר ראשון, ווארום אויך זיין נאמען, "שמו אשר יקראו לו בלה"ק"[63], איז אדר (מיט די אלע רמזים וואס זיינען דא אין דעם נאמען),

און אויך - אין דעם ערשטן חודש אדר איז אויך דא פורים [מערניט אז ער ווערט אנגערופן "פורים קטן"], וואס (ער ווערט אנגערופן "פורים" אין הורה), "שמו אשר קראו לו בלה"ק" איז "פורים", וואס דער פורים מאכט אז דער גאנצער חודש זאל זיין "החודש אשר נהפך להם".

וואס בעבודה איז דאס - אז אין דעם מקום החושך זאל מען אויפטאן דעם אתהפכא חשוכא לנהורא וטעמין ומרירו למיתקא.

כג. דער אויבערשטער זאל בענטשן און מצליח זיין יעדערן און יעדערער פון אייך, בתוכבי כלל ישראל -

אין דעם ענין פון שנת העיבור וואס קומט פאר דעם חודש הרגיל, און אין דעם ענין וואס אויך דער חודש ווערט אנגערופן חודש אדר.

און עס זאל זיין די נקודה עיקרית פון דעם חודש, וואס דאס איז דער מסמך גאולה דפורים לגאולה דניסן[64], וואס "בניסן נגאלו בניסן עתידין ליגאל"[65],

בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

* * *

כד. האמור לעיל איז דאך פארבונדן מיט יעדער מאל ווען עס קומט א שנת העיבור, ובשנה זו קומט אויך צו דאס וואס זי

- איז -

---

59) שם, ד. 60) ראה לקו"ש חט"ז ע' 472. וש"נ.
61) אסתר ח, טז. 62) שם ט, כב. וראה רמ"א או"ח סו"ס תרפח.
63) ראה שעהיוה"א פ"א. 64) מגילה ו, סע"ב ובפרש"י.
65) ר"ה יא, רע"א. שמו"ר פט"ו, יא.

איז א שנת הקהל, וואס שנת העבור קען דאך זיין בככה אופנים, און ס'איז לאו דוקא אז די זאל אויך זיין א שנת הקהל, ועד"ז לאידך: עס איז לאו דוקא אז שנת הקהל זאל אויך זיין שנת העיבור; און בשנה זו קומען זיי ביידע צוזאמען.

וואס דער ענין פון הקהל איז נוגע לכל השנה כולה, ווארום דער גאנצער יאר איז א שנת הקהל, כמדובר כמ"פ, און דאס איז נוגע לכל ישראל, "האנשים והנשים והטף"[66], און נוסף צו דעם וואס דאס איז שנת הקהל, קומט אויך צו [מצד דעם חודש העיבור (וואס דאס איז אדר ראשון, כנ"ל)] אז דאס איז שנת העיבור.

אין דערויף גופא (וואס דער יאר איז סיי שנה הקהל און סיי שנת העיבור) זיינען דאך דא ימים מיוחדים, מאורעות מיוחדות, און קביעות'ן מיוחדות -

איז בשנה זו, אלס א יוצא מן הכלל, קומט-צו דער ענין פון א שנת לומדוה, וכדלקמן.

כה. אין לימוד התורה דארף לכל לראש זיין דער לימוד ההלכות כדי צו וויסן "את המעשה אשר יעשון"[67], און ערשט דערנאך קומט דער לימוד פון שאר הענינים, ווי אפגע'פסק'נט אין הל' ת"ת[68].

דערפון איז פארשטאנדיק אז ווען עס קומט א זמן מיוחד בשנה - דארף מען דעמולט לערנען די הלכות פארבונדן מיט דעם זמן; די ענינים שהזמן גרמא (הלכות המועד במועדו).

און ווי די גמרא זאגט אין סיום מס' מגילה, און דער אלטער רבי ברענגט דאס אויך אראפ בשו"ע שלו (ריש הל' פסח), אז מ'דארף לערנען "הל' חג בחג",

און ניט לערנען זיי גלייך לפני החג, אדער בחג עצמו, נאר ווי דער דין איז[70] אז עס דארף זיין לימוד הלכות הרגל - "שלשים יום לפני הרגל".

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע די ענינים מיוחדים שבשנה זו - אז מ'דארף לערנען די הלכות פארבונדן מיט די ענינים.

כו. די הלכות מיוחדות וואס מ'דארף לערנען בשנה זו, דער-פאר וואס די ענינים זיינען במיוחד בשנה זו, זיינען:

- א) די -

---

66) ל' הכתוב בפרשת הקהל (וילך לא, יב). 67) ל' הכתוב - יתרו יח, כ. 68) ראה הל' ת"ת לאדה"ז פ"ב ס"ט. וש"נ. 69) מתכ"ט ס"ד. 70) שו"ע אדה"ז שם ס"א-ב.

א) די הלכות וואס זיינען פארבונדן מיטן ענין העיבור, ווארום שנה זו איז א שנת העיבור (כנ"ל), וואס דאס איז פארבונדן מיט עניני "קידוש החודש" וכו׳.

ב) די הלכות וואס זיינען פארבונדן מיט הקהל, ווארום שנה זו איז א שנת הקהל (כנ"ל).

און אע"פ אז בגשמיות איז איצטער ניטא דער ענין פון הקהל - איז אבער כמדובר כמ"פ, אז עס זיינען דא די הלכות ברוחניות ווי זיי שטייען בתורת המוסר ובתורת החסידות והקבלה[71], וואס די ענינים דארף מען לערנען.

ג) די הלכות וואס זיינען פארבונדן מיט פורים בשנה זו

[וואס פורים האט א שייכות מיוחדת צו דעם שבת מברכים, ווארום דאס איז שבת מברכים חודש אדר, און נקודתו פון חודש אדר איז - פורים (אע"פ אז דאס איז שבת מברכים חודש אדר ראשון, און ווי גערעדט פריער (סכ"ב)],

ווארום לויט דער קביעות מיוחדת פון פורים בשנה זו, אז פורים איז ביום השׁשי בשבוע, ערב שבת קודש - קומען צו א ריבוי הלכות פארבונדן מיט דעם.

וואס אלעמאל איז דער דין בנוגע צו סעודת פורים, אז מ׳דארף איר אנהויבן לאחרי חצות, און (ווי עס איז אויך איינגעפירט) איר אריינציען אין דער נאכט שלאח"ז[72] -

איז בשעת פורים קומט אויס (כבקביעות ש.ז.) ביום הששי - דעמולט איז דאך דער דין אז מ׳דארף עסן די סעודה בבוקר[73],

און אויך לויט דער דיעה אז מ׳הויבט אן די סעודה פאר-נאכט (כרגיל) - איז דעמולט שוועך ווי קען מען איר אריינ-ציען אין שבת, מ׳דארף דאך וויסן ווי צו זיך פירן בנוגע צו קידוש[74] און "רצה והחליצנו"[75] וכו׳.

ועד"ז דארף מען וויסן ווי צו פירן זיך בנוגע צו כמה מנהגים וואס זיינען פארבונדן מיט "שושן פורים", וואס בשנה זו קומט עס אויס בשבת.

ובפרט בנוגע צו די ערים המוקפות חומה, וואס דארטן איז פורים בט"ו בהודש), איז בשנה זו וואס ט"ו בחודש קומט אויס בשבת - ווערט דאך א שאלה בנוגע צו קריאת המגילה, און מתנות לאביונים, און משלוח מנות וכו׳,

- און -

---

71) ראה גם מכתבים כלליים לר"ה שנה זו. מכתב כללי דז׳ מ"ח ש.ז. 72) רמ"א או"ח סתרצ"ה ס"ב. 73) רמ"א שם. 74) ראה מ"א או"ח שם סק"ט. 75) ראה פמ"ג (מ"ז) או"ח שם סק"ג. שו"ע אדה"ז או"ח סקפ"ח ס"ז.

און מ׳טיילט זיי פאנאנדער אויף דריי טעג[76]: עס זיינען דא ענינים וואס מ׳דארף טאן בי"ד בחודש (בקביעות ש.ז. - ביום השש׳), און עס זיינען דא ענינים וואס מ׳דארף טאן בט"ו בחודש (בקביעות ש.ז. - ביום השבת), און ענינים וואס מ׳דארף טאן אין דעם דריטן טאג, בט"ז בחודש (בקביעות ש.ז. - ביום הראשון שלאח"ז), וואס דערפאר ווערט דער פורים אויך אנגערופן "פורים המשולש".

וואס כדי צו וויסן די דינים, און תקנות והוראות אין די אלע ענינים - דארף מען דאך זיי לערנען, ד.ה. אז די קביעות פון פורים בשנה זו מאנט ארויס א לימוד מיוחד וואס איז ניטא אין אנדערע קביעות׳ן.

ד) עאכו"כ די הלכות בנוגע צו ערב פסח בשנה זו, ווארום בקביעות שנה זו איז ערב פסח חל בשבת.

וואס בכלל דארף מען דעם ביעור חמץ און בדיקת חמץ טאן בערב פסח, ובשנה זו ווערן אין דערויף כמה דינים, בנוגע צו ביעור חמץ ובדיקת חמץ, און אויך בנוגע להכנות צו דעם סדר וכו׳[77].

ה) עד"ז דער ענין וואס בשנה זו מאכט מען א ברכת החמה[78].

כז. פון דעם אלעס איז פארשטאנדיק אז ווען עס קומט א יאר (כבשנה זו) וואס איז שנת העיבור, און שנת הקהל, און א יאר וואס פורים איז חל בערב שבת, און א יאר וואס ערב פסח איז חל בשבת, און א יאר וואס מ׳מאכט ברכת החמה - כאפט מען זיך פארן קאפ, אז אין די אלע זאכן זיינען דא א ריבוי ענינים צו לערנען,

במילא מאנט דאס ביי אים ארויס א הוספה מיוחדת אין לימוד התורה, דער לימוד פון די ענינים,

און אויך א הוספה אין לימוד התורה בכלל, דער לימוד פון אלע ענינים (כדלקמן).

ד.ה. אז נוסף אויף דעם חיוב פון לימוד התורה וואס איז דא בכל יום, ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ[79] פון רמב"ם[80] אז יעדערער איז מחוייב אין לימוד התורה בכל יום,

- און -

---

76) שו"ע או"ח סתרפ"ח ס"ו. וראה ספר "פורים משולש" (אה"ק, תשמ"א). 77) ראה טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סתמ"ד. ובארוכה - ספר "ערב פסח שחל בשבת" (אה"ק, תשל"ד, תשמ"א). 78) ראה טושו"ע או"ח סרכ"ט ס"ב. ובארוכה - אנציקלופדי׳ תלמודית בערכו. ספר "ברכת החמה" (אה"ק, תשמ"א). 79) בהל׳ ת"ת פ"ג סוס"ד. 80) הל׳ ת"ת פ"א ה"ח.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

און ניט נאר פעם אחת ביום, נאר פעמיים בכל יום,

ביז אז בכל רגע פנוי וואס ער האט איז ער מחוייב בלימוד התורה, כמבואר אין סנהדרין[81], און דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ אין הניא גלייך אין דעם ערשטן פרק בתחלתו אויפן ערשטן עמוד, דער גודל הענין שבזה מיט דער גאנצער הארבקייט -

איז נוסף דערצו דא די הוראה פון שנה זו במיוחד אז ס'דארף זיין א הוספה אין לימוד התורה בכלל.

כח. די הוראה בפועל איז, אז עס דארף זיין א הוספה בלימוד התורה, אין די ענינים מיוחדים שבשנה זו, און אויך אין דעם לימוד פון <u>אלע</u> ענינים בתורה:

בשעת מ'זאגט אים אז וויבאלד עס זיינען דא ענינים מיוחדים בשנה זו, און דערפאר דארף ער לערנען די הלכות פארבונדן מיט אט-די ענינים - טענה'ט ער: ער וועט יוצא-זיין מיט לערנען די הלכות אין קיצור שו"ע, אדער אין שו"ע -

איז אבער כמדובר כמ"פ אז כדי צו וויסן די הלכות לאשורן, מוז מען לערנען נאך ענינים נוסף אויף די הלכות; בשעת מ'לערנט נאר די הלכות, "מורין הלכה מתוך משנתן" - זאגט די גמרא[82] אז דעמולט איז דאס אן ענין פון "מבלי עולם", און דער אלטער רבי ברענגט עס אראפ[83], ד.ה. אז מ'דארף לערנען די מקורות וכו', און די <u>טעמי</u> ההלכות.

וכידוע די צווי שיטות פון דעם רמב"ם מיטן רא"ש[84] (ועד"ז דער בית יוסף[85]) וואס דער רמב"ם גייט לשיטתו "שחיבר ספרו משנה תורה בלי נתינה טעמים להלכות כלל, ועשאו להורות מתוכו לבדו, כמ"ש בהקדמתו שם וכו'"[86]; משא"כ שיטת הרא"ש וכיו"ב איז, אז מ'דארף אויך לערנען נאך ענינים, און ווי ער האט געשריבן זיין חיבור מיט אן אריכות פון די טעמים וכו'[87],

און דער אלטער רבי איז אין דערויף מאריך בהל' ה"ת שלו[88], און מ'זעט אז דער אלטער רבי האט טאקע געשריבן זיין שו"ע מיטן זעלבן סדר ווי דער רמב"ם (און בכלל גייט ער בשיטת הרמב"ם) - אבער מיטן אויסנאם פון א שינוי עיקרי, אז דער אלטער רבי שרייבט "הלכות <u>בטעמיהן</u>"[89], ואין כאן המקום להאריך בזה.

- און -

------------

81) צט, סע"א. 82) סוטה כב, א. 83) בהל' ת"ת שלו פ"ב ס"א ובקו"א שם. 84) הובאו בקו"א שם. 85) ראה בהקדמתו לספרו. וראה גם הל' ת"ת לאדה"ז שם. 86) לשון אדה"ז בקו"א שם. 87) ראה מעדני יו"ט בהקדמתו. 88) בקו"א שם.
89) לשון הקדמת הרבנים בני הגאון המחבר ז"ל לשו"ע אדה"ז.

און נוסף צו די טעמים דארף מען אויך לערנען נאך ענינים און סוגיות, "ולדמות דבר לדבר", צוגלייכן די הלכות צו אנדערע הלכות, און אויך דאס גיס-צו אין די הלכות וואס מ'לערנט.

וכמובן פון די הלכות פון דעם ענין העיבור, אז מ'מוז דערצו וויסן כו"כ אנדערע ענינים בתורה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז וועו עס קומט-צו א הוספה בלימוד התורה פון ענינים מיוחדים שבשנה זו - מוז אויך צוקומען א הוספה אין לימוד התורה בכלל, אין אלע ענינים בתורה (ניט נאר די ענינים המיוחדים).

כט. האמור לעיל - איז נוסף אויף דעם וואס בשעה עס קומט-צו א הוספה אין תורה, אפילו אין איין ענין - קומט-צו בדרך ממילא א הוספה אין אלע ענינים אין תורה, ווארום דאס איז אלץ א הוספה אין לימוד התורה,

איז דאך מי שיש לו מנה רוצה מאתים[90], אז בשעה ער האט א "מנה" רופט דאס ביי אים ארויס א רצון אויף צוויי מאל אזוי פיל, "מאתים" -

אזוי איז אויך בנוגע צו א הוספה אין לימוד התורה באיזה ענין שיהי', אז דאס רופט ביי אים ארויס א רצון אויף א הוספה בלימוד התורה בכלל.

[אע"פ אז עס איז ניט קיין הכרה אז דורך א הוספה אין לימוד התורה זאל ביי אים ווערן א רצון אויף א הוספה אין קיום המצוות - ס'איז אבער יע מוכרח אז א הוספה אין לימוד התורה באיזה ענין שיהי', זאל ביי אים ארויסרופן א רצון אויף א הוספה אין דעם ענין, אין לימוד התורה,

ווי דער דיוק בזה איז, אז רוצה "מאתים": עס שטייט ניט מי שיש לו מנה רוצה "ב' פירות" נאר רוצה "מאתים", ד.ה. אז דאס רופט ביי אים ארויס א רצון אויף דעם זעלבן ענין, אז ער וויל צוויי מאל דעם ענין].

ל. און טאמער זעט ער אז עס איז ביי אים ניטא קיין רצון אויף נאכמער מוסיף זיין אין לימוד התורה - איז דאס דערפאר וואס ער האט ניט דעם "טעמו וראו כי טוב ה'"[91] (דעם "מנה"), במילא פעלט ביי אים דער רצון אויף נאך (דער "מאתים");

בשעת אבער עס וועט ביי אים זיין דער "טעמו", עד וועט

- מוסיף -

---

90) ראה קה"ר פ"א, יג. פ"ג, י. שערי תשובה לר"י שער שני פכ"ז. רמב"ן ובחיי ס"פ ח"ש. מנוה"מ להר"י אלנקווה ח"ד פי"ד (ע' 250). 91) תהלים לד, ט.

מוסיף זיין אין לימוד ההורה - וועט דאס ביי אים ארויסרופן א רצון אויף נאכמער מוסיף זיין.

און ניט ווי מ'זעט עס בנוגע צו דעם ענין וואס מ'רעדט איצטער, אז עס זאל זיין א הוספה אין לימוד ההורה -

זיצט ער טאקע דערביי (נאר ער שלאפט!), און דערנאך קומט ער צו הזרה, און מאטערט זיך, מ'שטופט אים, ער שטופט אנדערע; אבער בנוגע לפועל האט דאס ניט צוטאן מיט אים - ניט דערפאר וואס ער איז מורד בזה ח"ו, אדער ווייל ער האלט אז דאס האט קיין שייכות ניט צו אים, נאר ער ווייס אז דאס מיינט מען אים, אבער ער געפינט זיך אין איין וועלט און תלמוד הורה געפינט זיך אין א צווייטע וועלט!

לא. ער דארף אבער לערנען די הורה אין אן אופן אז ער מיט דער תורה ווערן איין זאך, איין מציאות, ביז אז די תורה איז "נקראה על שמו"[92].

און מ'דארף אויף דעם ניט זיין קיין "רשכבה"ג", נאר יעדערער איז שייך דערצו.

ווי אויך פארשטאנדיק פון דעם וואס עס שטייט בנוגע צו ר' אפרים מקשאה, אז ער ווערט אנגערופן ר' אפרים מקשאה, על שם וואס ער האט געזאגט א מאמר פארבונדן מיט "מקשאה"[93].

דלכאורה, ער האט דאך געזאגט און געלערנט נאך כמה ענינים, און ער איז געווען א תנא, און ער האט זיכער געהאט סמיכה (ווי פארשטאנדיק פון דעם וואס מ'רופט אים אן ר' אפרים מקשאה), ביז אז ער האט זוכה געווען צו ווערן פארשריבן אין הושבע"פ אין אן אופן נצחי - אעפ"כ רופט מען אים אן ר' אפרים מקשאה ע"ש וואס ער האט געזאגט א מאמר וואס איז פארבונדן מיט "מקשאה", דערפאר וואס אין דעם ענין איז געווען די הורה "נקראה על שמו".

וואס דערפון וואס מ'האט דאס דערציילט יעדערן פון אונז - איז פארשטאנדיק אז דאס איז צוליב די הוראה אז בא יעדערן קען זיין דער לימוד התורה אין אן אופן אז די תורה איז "נקראה על שמו".

לב. וואס דאס איז ע"ד ווי אין דעם ענין פון "הורהו אומנהו":

דער פס"ד איז, אז איצטער איז ניטא דער גאנצער ענין

- פון -

---

92) ראה ע"ז יט, א. 93) ראה הערת כ"ק אדמו"ר שליט"א בשיחת מוצאי ש"פ חקת, יו"ד תמוז ה'תשל"ח ס"ל.

פון "תורתו אומנתו"[94], און צוזאמען דערמיט זאגט מען אז "לא ניתנה תורה כו׳ אלא לאוכלי המן"[95], אז אויף צו מקבל זיין די תורה דארף ער זיין אין דער דרגא פון "אוכלי המן",

און אע"פ אז "אוכלי המן" האבן ניט געהאט דעם גאנצן ענין פון "חורש" און "זורע", און אויך ניט "ואספת דגנך ותירושך ויצהרך"[96], משא"כ איצטער דארף זיין "חורש" און "זורע" און "קוצר" וכו׳ - אעפ"כ דארף ער זיין ווי "אוכלי המן",

און ניט נאר אז ער זאל דעמולט מסיח-דעת זיין פון עניני הפרנסה, וואס זיי זיינען פארבונדן מיט חרישה וזריעה וקצירה וכו׳ - נאר ער זאל קיין שייכות ניט האבן צו די ענינים, ער איז בדרגת "אוכלי המן",

וואס לכאורה ווי שטימט עס מיט דעם וואס מ׳זאגט אז היינט איז ניטא דער ענין פון "תורתו אומנתו"?!

איז דער ביאור אין דעם בפשטות (כמדובר כמ"פ), אז אין דער רגע, אין דער שעה, אין דעם טאג וואס ער לערנט תורה - דארף ער דעמולט שטיין אין דער דרגא פון "אוכלי המן",

ד.ה. אז אין דער רגע, אין דער שעה, אין דעם טאג וואס ער לערנט, איז ביי אים דער לימוד התורה אין אן אופן פון "תורתו אומנתו"[97],

און דעמולט איז די תורה "נקראת על שמו", אז עס איז "ניתנה תורה (לאוכלי המן)", און ווי מ׳זאגט בברכות התורה "אשר נתן לנו את תורתו".

לג. עד"ז אין דער שליחות פון נשיא דורנו, אין דעם ענין המבצעים:

טענה׳ט דער קלוגינקער: ס׳איז דאך "שלוחו של אדם כמותו"[98], איז צי-דען דערפאר וואס ער געפינט זיך אין דעם דור, און האט געלערנט די חסידות פון נשיא דורנו - שטעלט ער זיך אריין אין דער שליחות?! און ס׳דארף דאך זיין משאו ומתנו באמונה[99] - איז ווי קען ער זיין "שלוחו של אדם כמותו"?!

- זאגט -

---

94) שבת יא, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס קו. הל׳ ת"ת לאדה"ז פ"ד ס"ב. וראה לקו"ש חט"ז ע׳ 379 ובהע׳ 32.
95) מכילתא ר"פ בשלח. שם טז, ד. 96) עקב יא, יד. וראה ברכות לה, ב. 97) ראה גם לקו"ש חי"ב ע׳ 229 ובהערה שם. 98) ברכות לד, ב (במשנה). וש"נ. 99) ראה שבת לא, סע"א. שו"ע או"ח רסקנ"ו. שו"ע אדה"ז שם ס"ב.

זאגט מען אים: אז עכ"פ אין דער רגע צי אין דער שעה צי אין דעם טאג פון דער שליחות - זאל ער זיין איבערגעגעבן צום משלח, וואס אויף דעם האט אים דער רבי נשיא דורנו געשיקט, און אים געמאכט פאר א שליח, וואס "שלוחו של אדם כמותו".

און אז עס וועט זיין אין דערויף דער "ובחרת", און מיט זיין רצון, וואס דעמולט קומט-צו אז דאס איז בשמחה ובטוב לבב - איז דעמולט די הצלחה נאכמער פון וואס ער האט בא זיך מער געווען.

לד. ובנוגע לעניננו - אז עס דארף זיין א הוספה אין לימוד התורה אין די ענינים מיוחדים שבשנה זו, און דאס וועט ארויסמאנען א הוספה אין לימוד התורה בכלל, ע"ד דער ענין פון מי שיש לו מנה רוצה מאתים, און ע"ד דער ענין פון "מצוה גוררת מצוה"[100], וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו הוספה אין לימוד התורה.

און דאס איז די הוראה בפועל, אז עס דארף זיין א הוספה בלימוד התורה; דער לימוד פון די ענינים פון הקהל, און עיבור, און פורים שחל בערב שבת, און ערב פסח שחל בשבת, און ברכת החמה - און אויך א הוספה בלימוד התורה בכלל, סיי אין נגלה סיי אין חסידות, און אין אן אופן פון "הולך ומוסיף ואור".

וואס דורך דעם קומט מען צו לימוד הורתו של משיח, וואס אמת טאקע די תורה וואס מ'לערנט איצטער איז "הבל היא לפני הורתו של משיח"[101] - אבער דער לימוד התורה איצטער איז דער כלי, דער "תלמודו בידו"[102], צו לערנען הורה מפיו של משיח[103].

און מ'זאל מאכן החלטות טובות, אין די אלע ענינים האמורים לעיל, און אין נאך ענינים, "תן לחכם ויחכם עוד"[104], און דער אויבערשטער איז מצרף אלע החלטות למעשה[105],

וואס דאס ברענגט בהקדם ובפועל משיח צדקנו, ויבוא בקרוב ממש ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, ובעגלא דידן,

ובשמחה וטוב לבב.

* * *

לה. מאמר (כעין שיחה) ד"ה ואלה המשפטים וגו'.

* * *

- לו. -

---

100) אבות פ"ד מ"ב. 101) קה"ר פי"א, ח. וראה גם שם פ"ב, א. 102) פסחים נ, א. וש"נ. 103) ראה לקו"ת שה"ש כב, ד. 104) משלי ט, ט. 105) ראה סה"מ תש"ב ע' 87.

לו. כרגיל צו אפלערנען א פסוק מיט פרש"י אין פרשת השבוע, און אויך אן ענין אין די הערות אויפן זהר.

וואס אין היינטיקע פרשה, אין קאפיטל כא פסוק טז, זאגט דער פסוק "וגונב איש ומכרו ונמצא בידו מות יומת".

וואס דער פסוק האט אויך א שייכות צו אונזער צייט, ווארום מ׳געפינט זיך אין גלות, און דער ענין הגלות איז דאך פארבונדן מיט מכירת יוסף[106] ("וגונב איש ומכרו"),

וכידוע אז דער ענין פון די עשרה הרוגי מלכות איז געווען צוליב מכירת יוסף, ווי ס׳שטייט אין "אלה אזכרה"[107] אז וויבאלד ס׳איז ניט געווען קיין בעסערע און גרעסערע פאר זיי דערפאר איז בא זיי געווען דער ענין וכו׳;

דאס האט אבער נאר אראפגענומען די שארפקייט פון דעם ענין (פון מכירת יוסף), עס איז אבער נאך אלץ געבליבן עפעס א רושם דערפון,

אבער אעפ"כ איז דאס נאר געווען דעמולט, משא"כ איצטער איז שוין אראפגענומען געווארן דער גאנצער ענין, ווי דער מיטעלער רבי שרייבט אין שערי תשובה[108], אז לאחרי וואס עס זיינען געווען די גזירות און שמדות וכו׳ וועלן שוין ניט זיין קיין גזירות וכו׳ און משיח וועט קומען איצטער, ומהון חסד.

לז. שטעלט זיך רש"י אויף "וגונב איש ומכרו ונמצא בידו מות יומת", און איז מפרש: "מות יומת - בחנק", וואס וויבאלד אז אין פסוק שטייט סתם "מות יומת" און עס שטייט ניט אין וואס פאר אן אופן עס דארף זיין - דערפאר זאגט רש"י אז דער אופן פון "מות יומת" איז - "בחנק".

דערנאך איז רש"י ממשיך [דלכאורה פון וואנעט איז די ראי׳ אז דער אופן פון "מות יומת" איז "בחנק" - ווארום]: "כל מיתה האמורה בתורה סתם, חנק היא".

און ווי מפרשים[109] שטעלן זיך שוין אויף דעם און פרעגן: דאס איז דאך ניט דעם ערשטן מאל וואס רש"י איז מפרש "מות יומת בחנק", רש"י האט דאס שוין מפרש געווען ערשט מיט א פסוק פאר דערויף: אויף "ומכה אביו ואמו מות יומת" זאגט רש"י "בחנק", און רש"י זאגט דארטן ניט פון וואנעט ער ווייס דאס, ווארום "כל מיתה האמורה בתורה סתם חנק היא" - איז פארוואס זאגט ער דאס עדשט אין אונזער פסוק?!

- אבער -

---

106) ראה עמוס ב, ו. פדר"א פל"ח. 107) פיוט בסדר עבודה ליוהכ"פ (בתפלת מוסף). 108) שעה"ת ספ"ה (ה, ב). 109) ראה דבק טוב עה"פ.

אבער כמדובר כמ"פ דער כלל אין פרש"י, אז בשעת רש"י דארף מפרש זיין אן ענין וואס איז מתאים און גייט אויף דעם גאנצן ענין המדובר בפרשה זו, אדער אויף אן ענין וואס ווערט דערמאנט עטליכע מאל בהמשך הענין - זאגט עס רש"י אדער בראש וההחלה הענין אדער בסופו וסיומו,

[און ווי מ'געפינט עס אין דער תורה גופא (בהתחלת פ' בראשית), אז וועו שטייט "וירא אלקים את כל אשר עשה והנה טוב מאד"[110], וואס דאס גייט דאך אויף דעם גאנצן ענין (אויף דער גאנצער בריאה) - ערשט בסיום הענין (אע"פ אז דארטן האט אנדערש ניט געקענט שטיין, ווארום מ'דארף ווארטן ביזן סיום הענין צו זעהן אויב "כל אשר עשה" איז "טוב מאד")].

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק בפשטות בעניננו ("כל מיתה האמורה בתורה סתם - חנק היא"): אויב רש"י וואלט עס מפרש געווען באמצע הענין וואלט מען דעמולט געקענט פרעגן פארוואס איז ער דאס ניט מפרש במקומו; דא אבער איז דאס רש"י מפרש בסיום הענין, אז די ראי' אויף דעם וואס ער האט ביז איצט מפרש געווען אז "מות יומת בחנק" איז - פון דעם וואס "כל מיתה האמורה בתורה סתם חנק היא".

לח. דערנאך איז רש"י ממשיך: "והפסיק הענין וכתב וגונב איש בין מכה אביו ואמו למקלל אביו ואמו, [וואס דאס איז דאך א שאלה בפשוטם של כתובים, און רש"י ענטפערט אויף דעם:] ונראה לי היינו פלוגתא[111] דמר סבר מקשינן הכאה לקללה ומר סבר לא מקשינן",

טייטשן די מלמדים (ווי מפרשים[112] לערנען דעם פירוש אין דעם) אז ס'איז דאך דא איין מאן-דאמר וואס האלט אז "לא מקשינן הכאה לקללה", און דערפאר איז אונזער פסוק מפסיק צווישן "מכה אביו ואמו" מיט "מקלל אביו ואמו" - ווארום בא "מקלל אביו ואמו" איז די מיתה בסקילה (ווי רש"י איז דארטן מפרש), משא"כ בא "מכה אביו ואמו" איז די מיתה בחנק,

וואס דאס (אז "לא מקשינן") ווייס מען פון דעם וואס אונזער פסוק ("וגונב איש ומכרו וגו'") איז מפסיק צווישן זיי, און ווי מפרשים זיינען עס מבאר בארוכה.

וואס לויט דעם פירוש המפרשים קומט אויס אז דער גאנצער ביאור פון רש"י אויף דעם וואס "הפסיק הענין וכתב וגונב איש בין מכה אביו ואמו למקלל אביו ואמו" איז - פון דער דעה וואס האלט אז "לא מקשינן".

דאס איז אבער אינגאנצן ניט אויסגעהאלטן (וכמדובר

- כמ"פ -

------------

110) בראשית א, לא. 111) ראה לקמן סנ"ב. 112) משכיל לדוד עה"פ.



הנחה הת' בלתי מוגה

כמ"פ אז אויף א "קלאץ קשיא" שטעלט זיך קיינער ניט):

רש"י זאגט אז דער ביאור אויף דעם וואס "הפסיק העניך" איז - "היינו פלוגתא", ד.ה. אזביידע דעות ("פלוגתא") זיינען א הסבר אויף דעם?!

מוז מען דאך זאגן אז רש"י׳ס ביאור איז פון ביידע דעות אויך פון דער דעה אז "מקשינן הכאה לקללה" - איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: פון דער דעה אז "מקשינן הכאה לקללה" איז ניטא קיין ביאור פארוואס "הפסיק העניך" (ווארום דער גאנצער ביאור איז - פון דער דעה אז "לא מקשינן") - איז א) פארוואס ברענגט דאס בכלל רש"י אראפ, און נאכמער: ב) ווי שטימט טאקע דאס וואס "הפסיק העניך" לויט דער דעה?!

לט. די קשיא ווערט נאך גרעסער:

רש"י ברענגט פריער די דעה אז "מקשינן הכאה לקללה", און דערנאך די דעה אז "לא מקשינן",

וכמדובר כמ"פ[113] אז בשעת רש"י ברענגט איין פירוש פאר דעם צווייטן, איז א הוכחה אז דער ערשטער פירוש איז נענטער צו פשוטו של מקרא, וואס דערפאר ברענגט אים רש"י אלס ערשטן, און דערנאך ברענגט ער דעם צווייטן פירוש וואס איז ווייטער פון פשוטו של מקרא ווי דער ערשטער,

איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק, פארוואס ברענגט רש"י די דעה אז "מקשינן" אלס ערשטן, וואס דאס ווייזט אז די דעה איז נענטער צו פשש"מ - ס׳איז (ניט נאר וואס לויט דער דעה איז ניטא קיין ביאור (לכאורה), ס׳איז נאכמער: ס׳איז) גאר היפך הדבדים?!

מ׳האט טאקע אויך גערעדט כמ"פ[114] אז בשעת רש"י וויל מדגיש זיין אז ביידע פירושים זיינען שקול אין פשש"מ, איז ער מקדים בפירושו אז עס זיינען דא צוויי פירושים, וואס עפ"ז פאלט אפ די שאלה האמורה, ווארום אויך בא אונז איז רש"י מקדים אז "היינו פלוגתא", ד.ה. אז ביידע דעוה זיינען שקול אין פשוטו של מקרא;

איז אבער סדר אין הורה אויך תורה[115], און יעדער עניך איז בדיוק (כמדובר כמ"פ), איז וויבאלד אז לפועל קען מען דאך ניט שרייבן ביידע פירושים בבת אחת, נאר עס דארף זיין

- זה -

113) לקו"ש ח"י ע׳ 19. שם ע׳ 152. 114) לקו"ש ח"ט ע׳ 197. חי"א ס"ע 141 ואילך. ועוד. 115) ראה לקו"ד כרך א ח, א. כרך ד תשמו, א. לקו"ש ח"ב ע׳ 551. שם ע׳ 563.

זה אחר זה - איז פארשטאנדיק אז דער פירוש וואס בפועל ווערט ער געבראכט דער ערשטער - האט עפעס א יתרון אויף דעם צווייטן, אז ער איז מער געשמאקער וכו׳ (אע"פ אז אויך דער צווייטער פירוש איז אינגאנצן אויסגעהאלטן אין פשש"מ וואס דערפאר איז רש"י מקדים אז עס זיינען דא צוויי פירושים).

וואס לפ"ז ווערט צוריק די שאלה, וואס איז דער יתרון און מיט וואס איז די דעה אז "מקשינן" געשמאקער פאר דער צווייטער דעה - זי איז לכאורה ניט נאר ניט נענטער צו פשש"מ, נאר זי איז גאר היפך פשטות הכתובים?!

מ. אויך דארף מען פארשטיין:

פון דעם וואס רש"י זאגט "ונראה לי" - איז פארשטאנדיק אז דער פירוש איז ניט אינגאנצן גלאטיק, און עס קען זיין אן אנדער פירוש, אבער אעפ"כ איז "נראה לי" דער פירוש,

וואס דערפון גופא וואס רש"י זאגט "ונראה לי" (וואס דאס איז ניט קיין לשון הרגיל בפירושו) איז פארשטאנדיק אז עס איז ניט אזוי גלאטיק, ווארום אויב אלץ איז פארשטאנדיק - דארף דעמולט רש"י ניט זאגן "ונראה לי" - אזוי איז מוכרח אין פשוטם של כתובים,

עפ"ז האט רש"י לכאורה געדארפט ברענגען דעם פירוש פון די מפרשים וואס איז אינגאנצן גלאטיק לכאורה, וכדלקמן:

דער אבן עזרא וואס ער איז פון די פשטני המקרא ברענגט א פירוש וואס איז (לכאורה) אינגאנצן אויסגעהאלטן אין פשש"מ, און ער ברענגט דעם פירוש בשם ר׳ סעדי׳ גאון, און אויך דער רמב"ן ברענגט אראפ דעם פירוש [וואס אע"פ אז דער רמב"ן איז אויך מפרש ענינים וואס זיי זיינען ע"פ חכמת האמת ורמזים, "קצת דברים נעימים לשומעים וליודעי חן"[116], און ברענגט אויך אראפ דרשות חז"ל וכו׳ - ער ברענגט אבער אויך אראפ פירושים ע"פ פשוטו של מקרא, ועד"ז איז דער פירוש א פירוש פון דעם רס"ג וואס ער איז פון די פשטני המקרא],

און דער פירוש איז:

לכאורה פרעגט זיך א שאלה, ווי קען זיין די מציאות פון "מכה אביו ואמו" אדער "מקלל אביו ואמו" - ס׳איז היפך המציאות?!

אויף דעם איז דער פסוק מסביר אז דאס קען זיין דורך "וגונב איש ומכרו", וואס ע"פ רוב איז די מציאות בא א קטן,

- ווארום -

------------

116) רמב"ן בפתיחתו לפירושו על התורה.

ווארום בא א גדול איז ניט אזוי שייך די מציאות אז עס זאל זיין "וגונב איש ומכרו", ווארום ער וועט זיך ניט לאזן מ׳זאל אים צונעמען, משא"כ בא א קטן איז בשעת ער גייט אליין אויפן גאס - קען זיין די מציאות אז אימעצער זאל אים א שלעפ-טאן און אים פארקויפן ("וגונב איש ומכרו"),

וואס בשעת דער קינד איז צוגעכאפט געווארן, ובמילא איז ער אפגעריסן געווארן פון זיינע עלטערן - קען דערנאך זיין די מציאות פון "מכה אביו ואמו" אדער "מקלל אביו ואמו", מצד איינס פון די ביידע:

אדער ער דערקענט ניט אז דאס זיינען זיינע עלטערן, ווארום ער איז צוגעכאפט געווארן בשעה ער איז נאך געווען א קטן און מ׳האט אים דערנאך ניט אויפמערקזאם געמאכט אז דאס זיינען זיינע עלטערן - קען דעמולט זיין די מציאות פון "מכה אביו ואמו" פונקט ווי עס קען זיין די מציאות פון "מכה איש" סתם.

אדער, מצד דערויף וואס ער האט זיך אפגעריסן פון זיי בשעת ער איז נאך געווען א קטן - האט ער פארלארן דעם יחס און געפיל וואס א זון האט צו זיינע עלטערן,

און ווי עס פארשטייט אויך א בן חמש למקרא, אז דער יחס וואס ער האט צו זיינע עלטערן איז דערפאר וואס זיי זיינען אים מאכיל ומשקה, און זיי גיבן אים אלע זיינע צרכים, במילא פארשטייט ער אז איינער וואס זיינע עלטערן האבן אים ניט מאכיל ומשקה געווען וכו׳ [ס׳איז טאקע ניט זייער שולד, ווארום מ׳האט אים צוגעכאפט ובמילא איז די בא וועמען ער געפינט זיך גיבן אים אלע זיינע צרכים; בפועל אבער קריגט דער קינר גארניט פון זיי] - פארלירט ער דעם יחס און געפיל צו זיי.

און עס קען זיין נאכמער אז ער איז גאר ברוגז אויף זיינע עלטערן, ווארום ער פארשטייט ניט און האט טענות פארוואס זיי האבן זיך פאר אים ניט איינגעשטעלט דעמולט, און ער האט זיך געמוטשעט וכו׳.

עכ"פ, דורך אזא מציאות, אז מ׳האט אים צוגע׳גנב׳ט בשעת ער איז געווען א קטן, קען דערנאך זיין א מציאות פון "מכה אביו ואמו" אדער "מקלל אביו ואמו".

און דאס איז וואס דער רס"ג פארענטפערט פארוואס די תורה האט אריינגעשטעלט דעם פסוק "וגונב איש ומכרו" צווישן "מכה אביו ואמו" און "מקלל אביו ואמו" - אז דאס איז בכדי צו מסביר זיין ווי ס׳קען זיין אזא מציאות,

ווארום אויב די תורה וואלט ניט אריינגעשטעלט דעם פסוק דא נאר (אפילו) גלייך לאח"ז - וואלט מען ניט

פארשטאנען אז דער פסוק מיינט (אויך) דאס צו מסביר זיין, דערפאר האט די תורה ארייגעשטעלט דוקא צווישן "מכה אביו ואמו" און "מקלל אביו ואמו" - בכדי צו מדגיש זיין (אז וויבאלד אז דאס איז לכאורה ניט במקומו - זאל מען פארשטיין) אז דאס איז אויך א הסברה אויף דער מציאוה, כנ"ל.

וואס עד כאן איז דער תירוץ וואס דער אבן עזרא מיטן רמב"ן ברענגען אראפ (פון דעם רס"ג).

וואס עפ"ז איז ניט פארשטאנדיק וואס רש"י זאגט "ונראה לי וכו׳", וואס דערפון איז משמע אז דער פירוש איז ניט אזוי גלאטיק - אויב אזוי האט רש"י געדארפט ברענגען דעם פירוש האמור, וואס ער איז (לכאורה) אינגאנצן גלאטיק און אויסגעהאלטן לויט די כללים פון פשוטו של מקרא?!

די קשיא איז נאך שטארקער:

רש"י אליין זאגט כמ"פ אין אונזער פרשה (בנוגע צו "וכי יגח שור"[117] וכו׳[118]) דעם כלל אז "דבר הכתוב בהוה" - האט רש"י לכל לראש געדארפט ברענגען דעם פירוש האמור (אז דער פסוק איז דא ארייגעשטעלט געווארן אלס א הסברה אויף די מציאוה), ווארום דער פירוש איז מתאים מיטן כלל אז "דבר הכתוב בהוה",

און מה-דאך אז בא "וכי יגח שור" וכו׳ שטעלט דער פסוק אריין ווערטער, בכדי אז עס זאל שטימען מיטן כלל אז "דבר הכתוב בהוה", און אזוי איז דאס בפשוטו של מקרא אז דער פסוק איז מוסיף ווערטער צוליב דעם -

איז עאכו"כ בא אונז אז דער פסוק איז גארניט מוסיף (ווארום דער פסוק וואלט דאך סיי-ווי געשטאנען), עס איז מערניט א שינוי אין סדר - איז במכ"ש אז דאס איז אויסגעהאלטן אין פשוטו של מקרא,

איז ניט פארשטאנדיק, כאמור, פארוואס נעמט רש"י ניט אן דעם פירוש אין פשוטו של מקרא?!

וכמדובר כמ"פ אז דאס אלץ דארף זיין פארשטאנדיק בפשטות פאר א בן חמש מעצמו, און ער זאל ניט דארפן אנקומען צו מפרשים, וכאמור אז די מפרשים שטעלן זיך גארניט אויף די "קלאץ קשיא".

מא. עד"ז בנוגע צו די הערה פון סאמן אויפן זהר:

עס שטייט אין זהר בפרשתנו[119] "וכד האי נשמתא נפקת

- מהאי -

------------

117) פרשתנו כא, כח. 118) פרשתנו כב, יז. שם, כא. וראה לקו"ש ח"ו ע׳ 130 ואילך. 119) ח"ב צז, א.

מהאי עלמא זכייא נקי' ברירה, קוב"ה אנהיר לה בכמה נהורין",

שטעלט ער זיך אויף דעם אין די הערות[120] און איז מדייק וואס ער זאגט דא דריי לשונות, "זכייא", "נקי'" און "ברירה",

און ער איז מבאר אז "הג' לשונות י"ל לנגד נר"נ, גם לנגד מחשבה דבור ומעשה, גם לנגד הג' בחי' שבכלים חיצון תיכון פנימי . . גם י"ל זכייא בקיום מ"ע נקי' במל"ת ברירא בלימוד התורה",

דערנאך איז ער מוסיף:

"ועיין בלקו"ת בד"ה מה טובו כו'", וי"ל אז דאס איז כנגד די ג' עולמות בי"ע, ובפרט אז ער צייכנט-צו צום לקו"ת פ' בלק, וואס דארטן[121] פארבינדט ער די ג' בחי' נר"נ מיט בי"ע.

ער איז אבער ניט מבאר:

א) דעם לשון "(אנהיר לה ב)כמה נהורין", וואס לכאורה וויבאלד אז דא רעדט זיך וועגן ג' ענינים - האט אויך בנוגע צו "נהורין" געדארפט זיין דער לשון "ג' נהורין"; פארוואס זאגט ער דעם לשון "(אנהיר לה ב)כמה נהורין"?

ב) וואס איז דער קשר דערפון צו פרשת משפטים.

וכפי שיתבאר לקמן.

מב. דובר* כמה פעמים ע"ד גודל ההנאה והנח"ר מהקובצים וההערות בהשיחות וכו',

והנה בא' הקובצים[122] נדפסה הערה במה שנתבאר בהגדה של פסח[123] שיש ב' גירסאות בהמכילתא: במכילתא שהביא בסהמ"צ להרמב"ם מ"ע קנז כ': והגדת לבנך[124] אע"פ שאינו שואלך כו' בינו לבין אחרים מנין ת"ל כו'. אבל במכילתא דרשב"י מוסיף: בינו לבין עצמו בינו לבין אחרים מנין ת"ל כו'.

ונתבאר בזה[125]: דלגירסא זו (דהמכילתא דרשב"י) צע"ג: לאחרי שאומר "בינו לבין עצמו" "בינו לבין אחרים" מיותר.

והעיר א' דאפ"ל הכוונה במכילתא דרשב"י: שהו"א דאין

- שוס -

---

*) סעיף זה הוגה ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א.

---

120) לקוטי לוי"צ לזח"ב ע' פח. 121) עד, ב.
122) קובץ הערות וביאורים - אהלי תורה גליון יא (עז) אות ג. 123) עם לקוטי טעמים ומנהגים (הוצאת קה"ת) ע' טו.
124) בא יג, ח. 125) נדפס בהשמטה ללקו"ש פ' בא ש.ז.

שום מצוה ויתרון לספר לאחרים שאינם בנו לגבי בינו לבין עצמו. וקמ"ל דכשיש אחרים נהוסף בהמצוה והחיוב שצריך לספר לאחרים.

והנה אף שהיא סברא טובה אבל אין לבאר כן במכילתא דרשב"י.

ובהקדם דמצינו שמבארים קושיא או קס"ד וכיו"ב, אשר כצ"ע היא סברא טובה וישרה בביאור הקושיא או הקס"ד כו׳, אבל כההירוץ והמסקנא מוכח דלא זו הי׳ הסברא בהקס"ד, כיון שההירוץ והמסקנא אינו מהרץ ושולל סברא זו.

וכ"ה בנדו"ד: דהרי הסיום במכילתא דרשב"י הוא: ת"ל[126] ויאמר משה אל העם זכור את היום הזה, ודכשיש אחרים נתוסף בהמצוה והחיוב, אינו מבואר (ואפילו לא נרמז) בהכתוב.

ולכן נתבאר[127], דמכיון שגירסא זו (דהמכילהא דרשב"י) צע"ג, אין מוכרח לומר שבהגירסא "בינו לבין אחרים מניין" (בלי התיבות "בינו לבין עצמו") יש השמטת הדפוס, כ"א היא גירסא שיש לה מקום.

מג. ע"ד האמור אז מען געפינט מ׳זאל אמאל מבאר זיין א קשיא כו׳, אבער פון דעם תירוץ זעט מען אז ניט דאס איז געווען די סברא, וויבאלד אז דער תירוץ פארענטפערט עס ניט -

עד"ז (ומעין זה) געפינט מען בפרש"י הנ"ל (אויף "וגונב איש ומכרו וגו׳"):

עס זיינען דא מפרשים וואס ווילן ענטפערן[128] אז דער גאנצער ענין וואס עס שטייט בא אונז אין רש"י אז "הפסיק הענין וכתב וגונב איש בין מכה אביו ואמו למקלל אביו ואמו, ונראה לי היינו פלוגתא דמר סבר מקשינן הכאה לקללה ומר סבר לא מקשינן" - איז ניט פון דברי רש"י, און דערפאר שטייט דאס בכמה דפוסים בחצאי-עיגול,

וואס לכאורה איז דאס א הירוץ אויף אלע שאלות הנ"ל;

באמת אבער איז דאס קיין הירוץ ניט, ווארום ערשט דעמולט איז די שאלה - פארוואס באווארענט דאס רש"י טאקע ניט - ס׳איז דאך א שאלה אין <u>פשטות</u> הכתובים, פארוואס "הפסיק הענין" צווישן "מכה אביו ואמו" און "מקלל אביו ואמו", און אינמיטן איז ארייגעשטעלט געווארן דער פסוק?!

און אפילו אויב מ׳וועט זאגן אז רש"י האט אויף דעם

- קיין -

------------

126) בא שם, ג. 127) בהגש"פ ובהשמטה בלקו"ש שם.
128) ראה גם הו"ש עה"פ פרשתנו כא, טז (אות דצט).

קיין ביאור ניט בדרך הפשט – וואלט רש"י געזאגט "לא ידעתי", ווי ער זאגט בכ"מ וואו ער געפינט ניט קיין ביאור אויף א שאלה בדרך הפשט[129].

ובפרט ע"פ האמור לעיל, אז אין דעם ענין איז דא א ביאור בדרך הפשט (דער ביאור וואס דער אבן עזרא ברענגט בשם הרס"ג) –

איז לויט די מפרשים וואס ווילן זאגן אז דאס איז ניט דברי רש"י און אז דאס שטייט בחצאי-עיגול וכו' – איז די קשיא נאך שטארקער: פארוואס איז דאס רש"י טאקע ניט מבאר?!

וואס דאס איז ע"ד האמור לעיל, ווארום דאס איז א הירוץ שלא במקומו.

און די אלע שאלות האמורות דארפן זיין פארשטאנדיק פאר א בן חמש למקרא, אדער דערפאר וואס רש"י האט אים שוין פריער מפרש געווען, אדער דערפאר וואס ער פארשטייט עס אליין, ווארום רש"י האט אים פריער ניט מפרש געווען דעם ענין, און ווי דאס איז בנדון דידן.

וכפי שיתבאר לקמן.

* * *

מד. אין דער התוועדות פון פאריקן שבת (ש"פ יתרו) האט מען זיך געשטעלט אויף דעם וואס רש"י זאגט אויף[1] "אלה הדברים" – "לא פחות ולא יותר", און מ'האט געפרעגט: בשלמא "לא יותר" איז פארשטאנדיק פארוואס כ'דארף באווארענען משה אז ער זאל זאגן "לא יותר", ווארום עס קען זיין אז משה זאל וועלן צוגעבן פירוש הדברים (בדברי ה'), באווארנט מען אים "לא יותר"; אבער עס איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק פארוואס מ'דארף אים באווארענען "לא פחות" – ווי איז שייך אז משה זאל וועלן פוחת זיין בדברי ה'?!

ובפרט ווי רש"י האט שוין פריער געזאגט[2], אז משה "לא הי' פונה לעסקיו, אלא מן ההר אל העם" בכדי איבערגעבן דברי ה' צו אידן, וואס דערפון זעט מען די איבערגעגעבנקייט פון משה אין מקיים זיין די שליחות פון הקב"ה – היינט ווי איז שייך אז ער זאל פוחת זיין בדברי ה'?!

האט מען מבאר געווען אז עטלעכע פסוקים לפנ"ז האט מען געלערנט אז דער אויבערשטער האט אנגעזאגט משה'ן "כה תאמר

---

129) ראה בהנסמן בלקו"ש ח"ה ע' 1 שוה"ג הא' להע' 2.

1) יתרו יט, ו. 2) שם, יד. 3) שם, ג.

---

***) מכאן עד סוף סי' מו הוגה ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א.**

לבית יעקב ותגיד לבני ישראל", און רש"י איז דארטן מפרש: "לבית יעקב - אלו הנשים תאמר להן בל' רכה. ותגיד לבני ישראל - עונשין ודקדוקין פרש לזכרים, דברים הקשין כגידין".

[וואס דאס איז אויך די כוונה אין דער רש"י שלפנ"ז - "כה תאמר - בל' הזה וכסדר הזה": "בל' הזה" - כמפורש בפרש"י: "רכה" ו"כגידין"; "וכסדר הזה" - נשים קודם לאנשים].

וואס הערנדיק דאס קען זיין אז בא משה זאל זיין א סברא אז ווען ער וועט רעדן מיט "בני ישראל" (מיט די אנשים) זאל ער מוסיף זיין אויף דברי ה', ווארום צו זיי דארף ער רעדן "דברים הקשין כגידין", און ווען ער וועט רעדן מיט "בית יעקב" (מיט די נשים) וועט ער פוחת זיין פון דברי ה', וויבאלד אז ער דארף מיט זיי רעדן "בל' רכה" -

דערפאר האט דער אויבערשטער אנגעזאגט משה'ן "אלה הדברים אשר תדבר אל בני ישראל" - "לא פחות ולא יותר",

בכדי באווארענען אז אע"פ אז צו אנשים דארף ער רעדן "דברים הקשין כגידין" און צו נשים "בל' רכה", פונדעסטוועגן זאל ער גארניט מוסיף זיין אדער פוחת זיין, נאר ער זאל זאגן די זעלבע זאך צו די אנשים און צו די נשים.

און ס'איז קיין שאלה ניט ווי קען טאקע זיין אז משה זאל טאן ביידע זאכן צוזאמען: רעדן מיט די אנשים און מיט די נשים די זעלבע זאך "לא פחות ולא יותר" און צוזאמען דערמיט רעדן מיט די אנשים "דברים הקשין כגידין" און מיט די נשים "בלשון רכה" -

ווארום דער הילוק ווי ער האט גערעדט מיט די אנשים לגבי ווי ער האט גערעדט מיט די נשים איז ניט אין דער כמות הדיבור, נאר אין דעם אופן ווי ער האט מיט זיי גערעדט - ער האט גערעדט מיט די אנשים די זעלבע זאך וואס ער האט גערעדט מיט די נשים, נאר מיט די אנשים האט ער דאס גערעדט באופן קשה, מיט א שטרייגן פנים* וכו', און צו די נשים בלשון רכה.

ע"כ איז דער תוכן וואס מ'האט דעמולט גערעדט.

**מה.** האט מען אויף דערויף אויפגעהויבן א שטורעם און געפרעגט כו"כ שאלות - וואס ווי עס ווייזט אויס אז מ'האט ניט תופס געווען דעם ענין.

מ'האט דעמולט גערעדט בסוף הענין, אז דעה ציווי "כה תאמר לבית יעקב ותגיד לבני ישראל", גייט בפשטות ניט אויף

------------

*) ע"ד וידבר אלקים - ופרש"י דיין להפרע (יתרו כ, א). וראה פרש"י ר"פ וארא ובכ"מ.

די עטלעכע פסוקים וואס שטייען דא, נאר דאס קומט אלס א הקדמה צו מ"ת, ד.ה. דאס גייט אויך אויף גאנץ עשרת הדברות און אלץ וואס איז אין זיי כלול, כל התורה כולה, אז די עשה"ד (און כל התורה כולה) דארף משה זאגן אין אן אופן פון "כה תאמר לבית יעקב ותגיד לבני ישראל".

[וכמודגש אויך אין דעם וואס דא שטייט (אין די פסוקים נאך "כה תאמר גו׳") "ועתה אם שמוע תשמעו בקולי" - וואס דאס מיינט בפשטות אלץ וואס זיי וועלן הערן דערנאך, ובפרט לויט פרש"י עה"פ "והי׳ אם שמוע תשמעו" (ע"ד ווי "שמוע תשמעו בקולי" דא) - "אם השמע בישן השמע בחדש כו׳"].

און ווי ס׳איז מוכח דערפון וואס רש"י שרייבט (כנ"ל) "ותגיד לבני ישראל - עונשין ודקדוקין פרש לזכרים כו׳",

ווארום אין די פסוקים דא זיינען אינגאנצן ניטא קיינע עונשין ודקדוקין, ופשוט אז דאס גייט אויף די עשה"ד וכו׳,

און אין עשה"ד כו׳ האט טאקע משה מוסיף געווען* פירוש צו די אנשים אויף דעם וואס דער אויבערשטער האט געזאגט - ווי רש"י זאגט "עונשין ודקדוקין פרש לזכרים" - ווארום אויף עשה"ד כו׳ איז ניטא די באווארעניש פון "אלה הדברים - לא פחות** ולא יותר".

אויף וואס שטייט "אלה הדברים - לא פחות ולא יותר" (און דאס האט מען דעמולט מבאר געווען) - איז דאס אויף די דריי פסוקים וואס שטייען נאך "כה תאמר גו׳" (ביז "אלה הדברים").

און וויבאלד עס שטייט "כה תאמר לבית יעקב ותגיד לבני ישראל - תאמר להן (להנשים) בל׳ רכה" און צו די זכרים "דברים הקשין כגידין" פאר די דריי פסוקים (ביז "אלה הדברים") - קען זיין אז בא משה זאל זיין א סברא אז אין די דריי פסוקים זאל ער אויך מוסיף זיין אויף דברי ה׳ ווען ער רעדט מיט די אנשים און פוחת זיין אין דברי ה׳ ווען ער

---

*) לדוגמא י"ל: ונשמרתם מאד גו׳ השמים (ואתחנן ד, טו-יט).

**) שגם "פחותה" מצינו (ואדרבא נצטווה לפחות, לא לפרש עונשין) ולפני פרשהנו (שלכן אין צריך רש"י להסביר היתכן כו׳. כיון שטעם בדבר): ויאמר אלקים אל משה גו׳ ויאמר כה תאמר לבנ"י (שמות ג, יד. ובפרש"י).

---

4) פרש"י משפטים כד, יב. 5) יט, ה. 6) עקב יא, יג.

במילא איז קיין שאלה ניט פון "פרש" אויף דעם וואס רש"י זאגט דערנאך "אלה הדברים לא פחות ולא יותר", דערפאר וואס דער "פרש" איז נאר אין דעם אופן ווי ער האט מיט זיי גערעדט, און ניט אז ער האט מוסיף געווען בדברים אויף דבר ה׳.

דאס איז אבער א כאמר המוסגר (אויב מ׳וויל טייטשן אז אויך אין די דריי פסוקים זיינען פאראן ברמז "עונשין ודקדוקין"); דער עיקר נקודה איז (כנ"ל) — אז "כה תאמר לבית יעקב ותגיד לבני ישראל" און דאס וואס רש"י זאגט "עונשין ודקדוקין פרש לזכרים" — גייט אויף עשה"ד וכו׳, און דארטן איז טאקע ניטא די באווארעניש פון "אלה הדברים — לא פחות ולא יותר".

ג. דער ביאור אין פירוש רש"י "מות יומת":

רש"י זאגט "הפסיק הענין וכתב וגונב איש בין מכה אביו ואמו למקלל אביו ואמו", און דערנאך איז ער מוסיף "ונראה לי היינו פלוגתא כו׳", וואס דערמיט וויל ער זאגן אז (ניט נאר די דעה וואס האלט "לא מקשינן הכאה לקללה" איז מסביר פארוואס "הפסיק הענין", נאר) ביידע דעות זיינען מסביר פארוואס "הפסיק הענין":

די ערשטע דעה, וואס איז מער קרוב לפשט, האלט אז "מקשינן הכאה לקללה". איי אזוי, אז "מקשינן הכאה לקללה" — פארוואס "הפסיק הענין וכותב וגונב איש בין מכה אביו ואמו למקלל אביו ואמו"?

איז די דעה מסביר, אז אע"פ אז "מקשינן הכאה לקללה" בנוגע צו אנדערע ענינים (כדלקמן) איז "הפסיק הענין" מיט דעם פסוק "וגונב איש" בכדי צו זאגן אז בא "מכה אביו ואמו" איז מיהתו בחנק ניט ווי בא "מקלל אביו ואמו" וואס מיהתו

— איז —

------------

143) שמיני יא, ב ובפרש"י.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

רעדט מיט די נשים - דעריבער קומט דער פסוק באווארענען "אלה הדברים" שבנדו"ד "לא פחות ולא יותר"***.

אבער בנוגע צו שאר כל התורה (וואס (אויך) אויף דעם גייט "כה האמר גו׳") איז ניטא די באווארעניש, ואדרבה - ווי רש"י זאגט "עונשין ודקדוקין פרש לזכרים".

מו. אפילו אויב מ׳וויל זאגן אז אויך אין די דריי פסוקים איז דא (ברמז) "עונשין ודקדוקין" (כמרומז אין "שמוע השמעו בקולי", כנ"ל) -

איז אבער "פרש" ("עונשין ודקדוקין פרש לזכרים") איז לאו דוקא דער פירוש אז ער האט מוסיף געווען אויף דברי ה׳ (בכמות הדיבור), נאר עס קען מיינען אז "פרש" צו זיי דורך דעם אופן ווי ער האט מיט זיי גערעדט (ובפרט אז רש"י איז משנה פון לשון הכתוב "ותגיד לבני ישראל" און שרייבט "פרש לזכרים"): בשעת ער האט גערעדט מיט זיי איז עס געווען מיט א פנים* פון א רב (לתלמידו) וואס האלט אין האנט א קאנטשיק מיט וועלכן מ׳גיט מלקות, אדער וועלכער באווייזט א מענטש וואס מ׳האט מעניש געווען וכיו"ב (כנ"ל),

ובדוגמא ווי ס׳איז געווען בשעת משה האט געזאגט פרשה "זאת החי׳ אשר תאכלו", אז "הי׳ משה אוחז בחי׳ ומראה אותה לישראל זאת תאכלו"7,

***) ואין סתירה מזה לזה ש"התורה בפירושה ניתנה" (רמב"ם בהקדמתו לס׳ יד החזקה) - שהרי הכוונה ב"לא יותר" הוא שלא יהי׳ פירוש והוספה בדברי ה׳ עצמם, משא"כ "תורה בפירושה ניתנה" - פירוש דתורה שבע"פ בחושב"כ (שנאמר בתור ענין בפ"ע אחר סיום אמירת דברי ה׳ עצמם). ולהעיר מבר"כ (שו"ע אדה"ז או"ח סקכ"ח ס"מ).

*) ע"ד פרש"י יתרו כ, ב (ממכילתא עה"פ. דחז"ל עה"פ ה׳ איש מלחמה (מכילתא ועוד לבשלח טו, ג)) נגלה בים כגבור כו׳ כאן (בסיני) כזקן כו׳. ולהעיר מפרש"י לפנ"ז (וישלח לב, ל).

---

7) שמיני יא, ב ובפרש"י.

איז בסקילה[144].

און די צווייטע דעה איז מסביר דעם "הפסיק הענין": וויבאלד אז "הפסיק הענין" - דערפאר איז לגמרי "לא מקשינן הכאה לקללה".

וואס דערמיט איז פארשטאנדיק פארוואס רש"י ברענגט אראפ די דעה אז "מקשינן הכאה לקללה", און נאך אלס די ערשטע דעה - ווארום רש"י איז מפרש נאך ביידע דעות, ווי ער איז מקדים "היינו פלוגתא".

נא. דערמיט איז אויך פארשטאנדיק דער המשך פון פרש"י, וואס פריער זאגט ער "בוה יומה - בחנק, כל מיתה האמורה בתורה סתם חנק היא", און גלייך בהמשך אחד זאגט ער "והפסיק הענין וכו'" - דלכאורה: דער ענין פון "בחנק וכו'" און "הפסיק הענין" זיינען דאך צוויי באזונדערע ענינים, וואלט לכאורה געווען מתאים אז רש"י זאל זיי שטעלן אפילו אין צוויי באזונדערע ד"ה - און רש"י שטעלט זיי בהמשך אחד, און נאך מיט א וא"ו המוסיף, "והפסיק הענין"?!

און מ'זעט טאקע אז דער אבן עזרא שרייבט דעם ענין פון דעם הפסק הפסוק אלס א דיבור בפ"ע - איז פארוואס שרייבט זיי רש"י בהמשך אחד, און נאך מיט א וא"ו המוסיף.

ע"פ האמור לעיל אבער איז דאס פארשטאנדיק: וויבאלד אז רש"י איז מפרש דעם "הפסיק הענין" אויך נאך דער דעה אז "מקשינן הכאה לקללה" (און די דעה איז די ערשטע דעה, כנ"ל), וואס לויט דער דעה איז דער גאנצער "הפסיק הענין" נאר צו זאגן דעם חילוק אז "מכה אביו ואמו" איז בחנק, ניט ווי "מקלל אביו ואמו" וואס איז בסקילה (ניט ווי לויט דער צווייטער דעה וואס דער "הפסיק הענין" איז צו זאגן אז "לא מקשינן הכאה לקללה" לגבי אלע ענינים) - דערפאר קומט דער ענין וואס רש"י שרייבט וועגן "הפסיק הענין" אלס א המשך ישיר צו דעם וואס ער איז פריער מפרש אז "מכה אביו ואמו מות יומת" איז "בחנק וכו'".

נב. דער ענין צי "מקשינן הכאה לקללה" אדער "לא מקשינן הכאה לקללה" איז דא אין סנהדרין[146] און אין מכות[145] [רש"י בפירושו ציינט ניט אן קיין מראה-מקום (דעם מ"מ צו סנהדרין האט דער מעתיק צוגעשריבן)], און עס זיינען דא אין דעם כמה ענינים:

- ס'איז -

---

144) פרש"י עה"פ פרשתנו כא, יז. 145) פה, ב. 146) ס, רע"א.

הנחת הת' בלתי מוגה

ס'איז דא א נפק"מ צי "מקלל אביו ואמו" לאחר מיתה איז חייב, ווארום בא "מכה אביו ואמו" איז א דבר הפשוט אז ער איז ניט חייב לאחר מיתה, ווארום "המכה אביו ואמו אינו חייב עד שיעשה בהן חבורה", אז עס זאל ארויסגיין בלוט (ווי מ'לערנט דאס אפ[147] פון "מכה אדם ומכה בהמה, מה מכה בהמה עד דעביד בה חבורה דכתיב בה נפש (ונפש משמע דם דהוי חבורה - פרש"י) אף מכה אדם עד דעביד חבורה"), און דאס איז ניט שייך לאחר מיתה -

איז אויב "לא מקשינם הכאה לקללה" - דעמולט איז מקלל חייב אויך לאחר מיתה[148] ניט ווי בא מכה, און אויב "מקשינן הכאה לקללה" - איז מקלל ניט חייב לאחר מיתה פונקט ווי מכה איז ניט חייב לאחר מיתה (נאר דעם חילוק קען מען ניט לערנען אין פרש"י, ווארום רש"י זאגט בפירוש אין פ' אמור[149] אז "המקלל לאחר מיתה חייב").

נאך א חילוק איז דא: "מקלל אביו ואמו" איז ניט חייב בא א כותי, ווארום בא מקלל דארף דער וועמען מען איז מקלל זיין "עושה מעשה עמך" בכדי אז מ'זאל זיין חייב[150] - איז אויב "מקשינן הכאה לקללה" איז אויך בא הכאה ניטא קיין חיוב בא א כותי, משא"כ אויב "לא מקשינן הכאה לקללה" - איז בא הכאה דא א חיוב אויך בא א כותי וואס איז ניט "עושה מעשה עמך". [סעיף זה אינו ור].

נג. דער טעם פארוואס רש"י לערנט ניט ווי די אנדערע פשטנים, אז "הפסיק הענין" מיט דעם פסוק "וגונב איש וגו'" דערפאר וואס "דבר הכתוב בהוה", אז ווי אזוי קען זיין "מכה אביו ואמו" צי "מקלל אביו ואמו" איז דאס דערפאר וואס עס רעדט זיך וועגן א קינד וואס איז גע'גנב'ט געווארן מביתו,

וואס בשעת מ'לערנט אזוי ווערט פארענטפערט נאך אן ענין:

דער בן חמש קען פרעגן: פארוואס קומט מיתה אויף "וגונב איש וגו'" - דלכאורה מיתה גיט מען נאר אויף די שווערסטע ענינים, און אפילו אויב ער איז מכה איש דארף ער נאר צאלן "נזק", "צער", "ריפוי", "שבת" און "בושה", און אויב זיין עבד איז "יום או יומים יעמוד" און דערנאך שטארבט ער - איז ער פטור[151] -

איז ווי קומט עס אז אויף "וגונב איש וגו'" זאל קומען עונש מיתה, וואס איז דא נאר בא די שווערסטע ענינים, ווי לדוגמא בא "מכה אביו ואמו" און "מקלל אביו ואמו"?

- איז -

---

147) סנהדרין שם. וראה גם מכילתא עה"פ. 148) ראה סנה' שם במשנה. 149) כד, כא. 150) סנהדרין שם, א-ב. 151) פרשתנו שם, כא.

איז אויב מ׳לערנט ווי די אויבנדערמאנטע מפרשים - איז דאס פארשטאנדיק, ווארום בשעת ער גנב׳ט אוועק דעם קינד מאכט ער דאך אז דער קינד זאל פארלירן זיין געפיל און יחס צו זיינע עלטערן, וואס דורך דעם קען סוכ"ס ווערן אז ער זאל זיין "מכה אביו ואמו" צי "מקלל אביו ואמו" - איז וויבאלד אז דער "גוזר איש וגו׳" איז גורם אז דער ווען ער האט גע׳גנב׳ט זאל סוכ"ס צוקומען צו "מכה אביו ואמו" און "מקלל אביו ואמו" איז ער נידון על שם סופו, און אים קומט מיתה,

וע"ד ווי דאס איז בא א בן סורר ומורה אז ער איז נידון על שם סופו[152].

וואס אע"פ אז דער בן חמש האט נאך ניט געלערנט וועגן בן סורר ומורה - האט אבער רש"י דאס יע געלערנט, וואלט רש"י לכאורה געדארפט שרייבן אז דער טעם וואס "הפסיק הענין" מיט "וגונב איש וגו׳" איז דאס דערפאר וואס "דבר הכתוב בהוה", וואס דורך דעם וואלט מען אויך פארשטאנען פארוואס ס׳קומט דעם "גונב איש" מיתה?

נד. איז דער ביאור אין דעם: רש"י קען אזוי ניט לערנען, ווייל ער האט שוין פון פריער, פאר פירושו אין דעם פסוק שולל געווען אזא פירוש:

רש"י האט פריער[153] מסביר געווען פארוואס מ׳דארף האבן אלע פסוקים אין פרשת רוצחין, איז ער מסביר אז אויב עס וואלט געשטאנען נאר דער פסוק "מכה <u>איש</u>" וואלט מען געמיינט אז ער איז ניט חייב סיידן ער איז מכה אן איש, אבער ניט אויב ער איז מכה (אן אשה און) א קטן - און אויף דערויף אז מ׳איז חייב אויך אויב מ׳איז מכה א קטן דארף שטיין אן אנדער פסוק.

וואס פון דעם פרש"י קומט אויס אז אויך דער פסוק "וגונב <u>איש</u> וגו׳" רעדט וועגן גונב זיין א גדול דוקא,

דערפאר קען רש"י ניט מפרש זיין אז "הפסיק הענין" דערפאר וואס "דבר הכתוב בהוה", וואס רוב נפשות גנובות זיינען קטנים.

און אפילו אויב דער דין בלייבט ניט אזוי, ווארום מען וועט געפינען א לימוד פון אן אנדער פסוק אז מ׳איז מחוייב אויך אויף גניבה פון א קטן[154] -

- קען -

------------

152) סנהדרין עב, א. ספרי עה"פ תצא כא, כא. פרש"י עה"פ שם, יח. 153) פרשתנו שם, יב. 154) ראה מכילתא עה"פ.

קען מען אבער ניט זאגן אז דאס וואס "הפסיק הענין" מיטן פסוק "וגונב איש" איז בכדי צו מרמז זיין דעם ענין פון גניבת קטן – היות אז אין דעם פסוק (מיט וועלכן "הפסיק הענין") שטייט "וגונב איש", גדול.

וואס דערפון זעט מען ווי פרש"י איז (בלשון רש"י –) "לא פחות ולא יותר".

נה. דער ביאור אין די הערות אויפן זהר:

דער קשר פון דער הערה צו פ' משפטים איז בפשטות, ווארום דער ענין פון א "משפט" איז, ווי ס'איז בפשטות א משפט ע"פ תורת אמת – אז מ'דארף אויף דעם האבן ג' אנשים, א בית דין של שלשה [אויף דעם ענין העדות איז גענוג ב' אנשים ("על פי שני עדים . . יקום דבר"[155]), משא"כ אויף א משפט מוזן זיין ג' אנשים],

און ווי מ'איז מבאר אין די מאמרים אויף "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה"[156] אז דאס (וואס "המשפט הוא דוקא בשלשה") איז דער ענין פון חג"ת, חסד, גבורה, תפארת.

וואס דאס איז דער תוכן וואס ער איז מבאר אין דער הערה – די דריי לשונות ("זכייא, נקי', ברירה"), און ווי ער איז דארטן מבאר אז דאס איז נגד מחשבה דיבור ומעשה.

נאך א שייכות פון דער הערה צו אונזער פרשה: די דריי לשונות ("זכייא, נקי', ברירה") זיינען נגד די דריי עולמות בי"ע, ווי געזאגט פריער, וואס דאס זיינען אויך די דריי דרגות ועניינים וואס רעדן זיך גלייך בתחלת פרשתנו, די דרגא פון עבד עברי, די דרגא פון אמה העברי', און די דרגא פון עבד כנעני (כמבואר לעיל (בהמאמר)).

נו. די דריי דרגות האמורות, וואס בכללותם זיינען זיי די דריי דרגות פון חסד, גבורה, תפארת – זיינען די דרגות אין וועלכע עס זיינען כלול אלע דרגות, ווי מבואר אין תניא[157], "אהבה (חסד) וענפי' ויראה (גבורה) וענפי'".

און דערפאר זאגט דא דער זהר דעם לשון "(אנהיר לה ב)כמה נהורין" (ניט "בג' נהורין") – ווארום די דריי דרגות זיינען כולל אלע דרגות, וואס עס זיינען דאך דא כמה דרגות: ס'איז דא בריאה, אצילות שבבי"ע וכו', כמה דרגות אין יעדער עולם, און די דריי דרגות האמורות זיינען כולל אלע דרגות, "כמה נהורין".

- און -

---

155) שופטים יט, טו. 156) בהגהות הצ"צ ללקו"ת ד"ה ציון במשפט תפדה – אוה"ת דברים ע' לב. וראה גם אוה"ת פרשתנו ע' א'קא ואילך. 157) ספ"ג.



הנחת הת' בלתי מוגה

און דער טעם וואס ער זאגט דא "נהורין" דוקא, איז - ווארום אין די דריי דרגות גופא איז דער עיקר פון זיי - חסד.

און ווי מ׳זאגט[158] "מלך במשפט יעמיד ארץ", אבער די התכוננות פון זיין כסא איז בחסד ("והוכן[159] בחסד כסא")[160]; עס הויבט זיך אן פון "משפט", דריי, אבער דער עיקר איז - חסד.

און אויך - חסד איז דאך "יומא אזיל עם כולהו יומין"[161],

און אויך איז "אבא יסד ברתא"[162], וואס "אבא" איז בקו החסד, און דוקא פון "אבא", חסד, ווערט מלכות ("יסד ברתא").

וואס דערפאר איז דער לשון "(אנהיר לה בכמה) נהורין", וואס דאס איז דער ענין החסד.

ויהי רצון אז אלע ענינים זאלן זיין בחסד, און אע"פ אז עונשין פון דער תורה (תורת חסד) זיינען אויך חסד (חסדים המכוסים) -

אבער ווי געזאגט פריער (סל"ו), אז איצטער זיינען שוין ניטא די אלע גזירות, און אלץ וועט זיין בחסד וברחמים, ווי דער מיטעלער רבי זאגט אין שערי תשובה.

און ס׳איז דאך "כלו כל הקיצין"[163], במילא דארף שוין זיין די גאולה און ניט אין אן אופן פארבונדן מיט ענינים בלתי רצויים, ווארום "לא בחפזון תצאו ובמנוסה לא תלכון"[164] נאר בחסד און "בשובה ונחת תושעון"[165].

נז. און פון פ׳ משפטים גייט מען צו פ׳ תרומה וואס מ׳גייט איצטער ליינען, וואס "ג׳ הרומות אמורות כאן"[166], תרומת המשכן [וואס דער משכן האט מכפר געווען אויך אויף די וואס האבן עובר געווען אויף חטא העגל[167], און ווי ער זאגט אין ירושלמי[168] עה"פ[169] "כל העובר על הפקודים" אז דער טייטש דערפון איז - "דעבר על פיקודייא"], הרומה האדנים, און תרומת המזבח.

וואס מעשי ידי משה זיינען דאך נצחיים[170] - איז פון דעם משכן משה, קומט מען צום בית המקדש השלישי לע"ל, בגאולה האמיתית והשלימה.

- נח. -

---

158) משלי כט, ד. 159) ישעי׳ טז, ה. 160) ראה המשך תער"ב ח"ב ע׳ א׳קג. ובכ"מ. 161) ראה לקו"ש ח"ה ע׳ 174 שוה"ג להע׳ 12. 162) זח"ג רנח, א. 163) סנהדרין צז, ב. 164) ישעי׳ נב, יב. 165) שם ל, טו. 166) ירושלמי שקלים פ"א ה"א. פרש"י ר"פ תרומה. 167) ראה תנחומא תרומה ח. 168) שם ה"ג. וראה גם תנחומא תשא י. 169) תשא ל, יד. 170) סוטה ט, א.

הנחת הה׳ בלתי מוגה

נח. אלע גילויים דלעתיד זיינען דאך תלוי אין מעשינו ועבודתנו במשך זמן הגלות[171], וואס מעשינו ועבודתנו זיינען די "מבצעים",

אנהויבנדיק פון "מבצע תורה", אז עס זאל זיין א הוספה בלימוד התורה, וואס כמדובר לעיל, איז דאס פארבונדן במיוחד מיט דעם יאר, דערפאר וואס דער יאר איז א שנת הקהל און א שנת העיבור מיט די אלע ענינים האמורים לעיל, וואס זיי אלע מאנען ארויס אז עס זאל זיין א הוספה מיוחדת בלימוד התורה.

און ניט באגנוגענען זיך מיט הוספה בלימוד התורה בעצמו, נאר אויך זעהן אז אויך א צווייטער זאל מוסיף זיין ("מבצע תורה"),

וואס דאס איז פארבונדן מיט "מבצע אהבת ישראל", ווארום בהקדמה צום "ומקרבן לתורה" דארף זיין "הוי מתלמידיו של אהרן, אוהב שלום ורודף שלום, אוהב את הבריות"[172], און בשעת ער איז "אוהב את הבריות" - דעמולט איז "ומקרבן לתורה" ("מבצע תורה").

ד.ה. אז ער דארף רעדן מיטן צווייטן לויט זיין אופן, "ומקרבן לתורה",

וואס דאס איז פארבונדן מיט "מבצע חינוך", ווי דער רמב"ם איז מאריך בפירוש המשניות שלו[173] אז צו מחנך זיין א קטן - דארף מען אים מחנך זיין לויט זיינע ענינים ("חנוך לנער על פי דרכו"[174]), און דערנאך איז "מתוך שלא לשמה בא לשמה"[175],

וואס דער רמב"ם רעדט בנוגע צו קטנים כפשוטו, ס'איז אבער פארשטאנדיק אז עד"ז איז בנוגע צו קטנים אין אידישקייט,

ובפרט אז היינט זיינען רובם בבחי' "תינוקות שנשבו לבין העכו"ם", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז הגם איצטער איז ער א גדול, וויבאלד אבער אז "נשבה לבין העכו"ם" - ווערט ער אויך איצטער אנגערופן "תינוק (שנשבה)",

ער איז טאקע נאך בר-מצוה, און ער איז א גאנצער מענטש אין דער "בערזע", און האט א "באנק-אקאונט", און קריגט אויך א געוויסע עלי' לתורה, און האט "קאנעקשאנ'ס" אין וואשינגטאן - ער איז אבער א "תינוק שנשבה", און ס'איז ניט זיין שולד - אזוי איז ער אויפגעהאדעוועט געווארן; אז מ'וועט זיך צוקוקן נאענט צו אים - וועט מען זעהן אז ער

- האט -

---

171) תניא רפל"ז. 172) אבות פ"א מי"ב. 173) סנהדרין פ' חלק ד"ה וכת חמישית. 174) משלי כב, ו. 175) פסחים נ, ב. וש"נ.

האט ניט געקראגן קיין געהעריגן חינוך, ס'איז בא אים געווען "וגונב איש ומכרו", ער איז א "תינוק שנשבה", במילא איז ער אויסגעוואקסן אין א סביבה וואו ער האט ניט געקענט באקומען קיין אידישן חינוך,

און מ'דארף און מ'קען מיט אים רעדן, און אפילו אז ער וועט ווערן ברוגז - דארף מען וויסן אז דאס איז ניט ער ווערט ברוגז, נאר דאס וואס האט זיך צו אים צוגעקלעפט, דער ענין ה"שבוי" שבו, דערפאר וואס ער איז א "תינוק שנשבה".

נט. און "מבצע תפילין" - רעדן מיט אים וועגן מצות תפילין, וואס מצות תפילין איז כולל אלע מצוות, ווארום "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[176].

און בפרט אויב ער האלט שוין אין א העכערע דרגא - רעדן מיט אים אויך וועגן שעבוד הלב והמוח להקב"ה[177].

דערנאך רעדט ער מיט אים וועגן א מזוזה, "מבצע מזוזה", און ער איז אים מסביר אז בשעת ער וועט ארויפלייגן א מזוזה אויף דער טיר - וועט יעדערער וואס גייט-פארביי זיין הויז, דערקענען אז דאס איז א אידישע הויז,

און דעמולט שטייט דער אויבערשטער מבחוץ און פארהיט אויף אים, און ער פארהיט ניט נאר אים - נאר אויך אלע זיינע ענינים וואס געפינען זיך בפנים הבית, כולל אויך זיינע געלט, אז זיי זאלן אוועקגיין מערניט ווי אויף געזונטע זאכן, פריילעכע זאכן, אידישע זאכן און גוטע זאכן.

און מ'קען דאס מסביר זיין אויך צו א "תינוק שנשבה לבין העכו"ם".

ס. מ'טשעפעט זיך דאך אז אויף יעדער ענין זאל מען ברענגען א ראי' פון נגלה דוקא - איז אויך אויף דעם (אז מ'קען עס מסביר זיין צו א "תינוק שנשבה לבין העכו"ם") איז דא א ראי' פון נגלה:

ס'איז דא דער סיפור אין גמרא[178], אז א מלך, צי א שר גדול, א גוי, האט געשיקט צו רבינו הקדוש א מתנה, אן אבן טוב, האט אים רבינו הקדוש צוריקגעשיקט א מזוזה,

האט ער זיך צוקאכט און אים געפרעגט: איך האב דיר געשיקט א זאך וואס האט גאר קיין שיעור ניט, גאר א טייערע זאך, א הון עצום[179], און דו שיקסט מיר א קליינעם קלף (ווי

- די -

---

176) קידושין לה, א. 177) ראה טושו"ע או"ח סכ"ה ס"ה (סי"א). 178) ירושלמי פאה פ"א ה"א (ג, ב). וראה גם ב"ר ספל"ה. 179) ראה פנ"א לירושלמי שם. מת"כ לב"ר שם.

די כזוזות זיינען געווען אין יענע צייט)?!

האט אים רבינו הקדוש געענטפערט: דו האסט מיר געשיקט א זאך וואס איך דארף איר היטן; איך האב דיר געשיקט א זאך וואס היט דיך מיט דיין כסף וזהב!

וואס דאס האט רבינו הקדוש מסביר געווען צו (דעם קיסר, צי דעם שר גדול) א גוי,

[עס זיינען דא אזעלכע וואס ווילן זאגן אז ער איז געווען א "יהודי חשוב"[180], וואס ער איז געווען כמדינת הים וכו' - דאס זיינען אבער אלץ קרומע סברות.

און אע"פ אז דאס האבן געזאגט גדולי ישראל - איז כבודם במקומו מונח, אבער עכ"פ ווי ס'איז משמע בפשטות (און אזוי טייטשן רוב המפרשים[181]) איז דער מלך צי דער שר געווען א גוי (אע"פ אז דאס גופא דארף דאך האבן א ביאור, וואס איז די שייכות פון א מזוזה צו א גוי[182])],

און ניט נתפעל געווארן פאר אים, און ווי ס'איז משמע פון דעם המשך הגמרא איז דאס בא דעם גוי נתקבל געווארן[183].

עד"ז קען יעדערער מסביר זיין צו יעדערן וועמען ער טרעפט אָן, און ניט נתפעל ווערן פאר יענעם, הגם אז יענער האט אים געקראגן "קרעדיט", און נאכמער (ניט נאר ער האט פאר אים געקראגן קרעדיט, נאר), ער האט אים געגעבן געלט, ע"ד ווי דער מלך צי דער שר האט געשיקט צו רבינו הקדוש דעם אבן טוב - נאר אויך יענעם איז ער מסביר וועגן דעם, וויבאלד אז ער גייט בשליחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, נשיא דורנו.

סא. ועד"ז "מבצע צדקה", און "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'".

ועאכו"כ די שלשה עמודים שעליהם נשען בית ישראל, "בית יעקב - אלו הנשים" - "מבצע נרות שבת קודש", וואס דאס טוט-אויף אז "לא יכשל בעץ או באבן"[184]; נוסף אויף די רמזים שבזה בנגלה ובקבלה - אויך דער "לא יכשל בעץ או באבן" כפשוטו, וואדום דאס איז א לשון פון שו"ע איז לכל לראש דער פירוש בזה כפשוטו.

און "מבצע כשרות האכו"ש", וואס דאס האט א שייכות - מיוחדת -

---

180) פנ"מ שם. 181) ראה בס' שהובאו ב"עמודי ירושלים" (לר"י אייזנשטיין) לירושלמי שם. 182) ראה "עמודי ירושלים" שם. 183) ראה שאילהות פ' עקב (שאילתא קמה), הובא ב"עמודי ירושלים" שם. 184) שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס רסג. ממג"א שם סקי"ג-יד.

מיוחדת מיט אונזער פרשה, ווי רש"י ברענגט גלייך בתחלת הפרשה (אויף "אשר השים לפניהם") "כשולחן הערוך ומוכן לאכול לפני האדם".

וואס אין דעם איז דא א דיוק נפלא:

פארוואס זאגט רש"י די דוגמא דוקא פון "כשולחן . . לאכול" - רש"י האט געקענט זאגן אן אנדער דוגמא, "בשולחן . . לשתות", אזוי ווי עס איז מוכן פאר אים דער ענין פון טרינקען, אדער א דוגמא פון א בגד, אזוי ווי א בגד וואס איז מוכן ללבוש (ווארום אין פסוק שטייט דאך ניט א שולחן דוקא) -

אעפ"כ זאגט רש"י דוקא די דוגמא פון "כשולחן . . לאכול", ווארום דער ענין המזון איז א זאך וואס ווערט "דם ובשר כבשרו" (ווי דער לשון פון דעם אלטן רבי׳ן אין הניא[185]), איז במילא וואו נאר ער גייט - גייט דאס מיט מיט אים, און אויך בשעת ער טוט אנדערע ענינים, ער איז מטייל וכו׳[186], ביז אפילו בשעת ער שלאפט - איז דער מזון מיט אים, ווארום דאס איז געווארן זיין "דם ובשר".

עד"ז דארף די תורה וואס ער עסט - ווערן דם ובשר כבשרו כפשוטו, וע"ד דער סיפור הידוע מיט ר׳ נחום טשערנאבעלער, וואס דער רבי נ"ע ברענגט אין א מאמר[187] (אנדערע דערציילן דאס אויף אנדערע גדולים), אז פון ענטפערן איהש"ר איז ביי אים צוגעקומען פעטקייט כפשוטו, וואס ער איז געווען א דיקער בגשמיות.

טענה׳ט ער אבער: ער האט שוין היינט געענטפערט דורכן טאג כו"כ פעמים איהש"ר, און ביי אים איז נאך אלץ ניט צוגעקומען קיין וואג, ער איז נאך אלץ דאַר!

דא האט מען דאס איינגעשטעלט אין א מאמר, וואס די נקודה זיינע איז - דער ענין פון א "בכן"[188] - וואס לכאורה וואס פאר א שייכות האט דער ענין אז אים קומט-צו תענוג דורך ענטפערן איהש"ר, צו (א מאמר וואס רעדט וועגן) א "בכן" לכאו"א?!

וויבאלד אבער א נשיא הדור (בדורו) האט דאס איינגעשטעלט אין א מאמר, און דערנאך האט מען דאס מעתיק געווען און אפגעדרוקט וכו׳ - איז דערפון גופא א הוכחה אז דאס האט א שייכות צו יעדערן און יעדערע צו ווענען דאס דערגרייכט.

- און -

---

185) פ"ה (ט, סע"ב). 186) ראה רמב"ם הל׳ דעות רפ"ה. 187) סה"מ הרע"ח ע׳ קצט. 188) ראה סה"מ קונטרסים ח"א קצה, סע"א ואילך. ה׳ש"ת ע׳ יא. הש"א ע׳ 57. ובכ"מ.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

און יעדער איינער קען דאס אויספרואוון: סאמער איז ער א דארער און ער וויל באקומען נאך וואג, עסליכע "אנצעס" צי אפילו א "פונט" - זאל ער ענטפערן איהש"ר כדבעי וועט ער דאס זעהן במוחש.

און אויב ער זעט דאס ניט, ער איז נאך אלץ א דארער - איז דאס ווייל עס פעלט זיין יגיעה אין דעם, און "<u>לא</u> יגעתי ומצאתי - אל תאמין"[189], משא"כ אז ער וועט יע האבן יגיעה אין דעם - איז דעמולט זאגט מען פארקערט "יגעתי ולא מצאתי <u>אל תאמין</u>".

סב. ויהי רצון אז מ'זאל טאן אין אלע ענינים, און "חטוף ואכול חטוף ושתי"[190],

און מ'זאל מייקר זיין יעדער רגע פון דעם זמן, ווי ער זאגט אין דעם מאמר ההילולא[191] אז "מי הוא היודע עתו וזמנו", און ניט דערפאר וואס עס קען זיין ענינים בלתי רצויים, נאר ווי געריעדט אין דער ההוועדות פון יום ההילולא אז ער לעבט 120 יאר, אבער ער דארף מייקר זיין יעדער רגע, ווארום ער ווייס דאך ניט וואס וועט זיין אין דער רגע שלאח"ז, דער ניצוץ קען זיך בייטן, אדער דער צווייטער וועט זיך בייטן, אדער א דריטער וועט אים אויסכאפן,

און אע"פ אז דער ענין וועט זיך זיכער אפטאן, דאס איז א זיכערע זאך אז "רוח והצלה" וועט זיין, נאר וואס-דען - <u>אים</u> וועט פעלן אין זיין שלימות!

ע"ד ווי מ'זאגט אין דער מגילה[192] "רוח והצלה יעמוד ליהודים <u>ממקום אחר</u> ואת ובית אביך גו'",

און ווי דער סיפור מיטן רבי'ן מהר"ש[193] בנוגע צו עסקנות ציבורית, וואס בימינו איז דאס דער ענין פון די "מבצעים".

און טאן אויך מיט זיך אליין, וואס אפילו אויב בנוגע צו אנדערע טענה'ט ער אז אויף דעם זיינען דאך דא א סאך <u>עסקנים</u>, לשון רבים - בנוגע צו זיך אבער פארשטייט ער אז ער דארף אליין טאן מיט זיך,

דערנאך אבער זאל ער טאן אויך מיט א צווייטן, ווארום דאס וואס ער זאגט אז אן אנדערער קען טאן - איז בשעת מ'וועט אים אבער א רוף-טאן אן א זייט, און מ'וועט ביי אים

- א פרעג-טאן -

------------

189) מגילה ו, ב. 190) עירובין נד, א (וראה דק"ס לעירובין כאן). 191) סד"ה באתי לגני ה'שי"ת. 192) ד, יד. 193) ספר התולדות אדמו"ר מהר"ש ע' 61.

א פרעג-טאן צי ס'איז טאקע שייך אז עס איז דא נאך אימעצער וואס וואלט דאס געקענט טאן אזוי גוט ווי ער - וועט ער גלייך ענטפערן: ער פארשטייט ניט וואו איז דא א מקום לשאלה! וואס-הייסט?! אזוי גוט ווי ער קען קיינער ניט! און ער האט אויף דערויף ראיות שכליות, און גאנצע השכלות און הרגשים וכו' וכו'.

סג. וכאמור לעיל, גייט מען איצטער צו פ' תרומה, וואס איינע פון די ג' תרומות וועגן וועלכע דער פסוק רעדט - איז הרומת המזבח, וואס "באחד באדר משמיעין על השקלים"[194].

וואס אע"פ אז איצטער האלט מען ביי אדר ראשון, און "משמיעין על השקלים" איז "באחד באדר" הסמוך לניסן - קען דאך אבער משיח קומען פאר דעם צווייטן חודש, וואס דעמולט וועט מען דאך מקדש זיין ע"פ הראי', קען דאך זיין אז מאיזה סיבה שהי' זאל מען דעמולט מאכן אז עס זאל זיין נאר איין אדר - וועט במילא דער אדר זיין דער אדר הסמוך לניסן.

אבער אעפ"כ, לאידך: ע"ד ווי דאס איז בא הקדש און הרומה וואס מ'קען אויף זיי שואל זיין, אז כל זמן אז מ'האט אויף זיי ניט שואל געווען - האבן זיי דעם תוקף פון הקדש און תרומה -

עד"ז איז דאס אויך בנוגע צו דעם חודש, אז אע"פ אז עס קען זיין אז משיח וועט קומען און מ'וועט מאכן נאר איין אדר - אעפ"כ, האט דער חודש אין זיך די מעלות והוראות פון חודש העיבור.

סד. וואס דאס האט א שייכות צו אן ענין וואס מ'האט געפרעגט און געענטפערט לחידודי (וויבאלד מ'האט זיך מפלפל געווען אין דעם) - און מ'האט דערפון געמאכט א גאנצע מסכה און דאס אפגעדרוקט וכו':

מ'האט געפרעגט: פארוואס ווערט אדר ראשון אנגערופן[195] "אדר א'"?

וואס בעצם איז ניטא קיין מקום לשאלה, ווארום: דער לשון "אדר א'" מוז ניט דוקא מיינען אדר אחד (איין אדר), עס קען מיינען אדר ראשון; דער "א'" קען זיין במספר סידורי, ע"ד ווי מ'זאגט חלק א', חלק ב', חלק ג' - במילא איז ניט שווער וואס מ'רופט אן אדר ראשון - "אדר א'";

וויבאלד אבער אז מ'קאכט זיך אין "משיה נאו" - קען מען דאס ענטפערן לחידודי:

- וויבאלד -

---

194) דיש מס' שקלים. 195) בלוח "היום יום".

וויבאלד עס קען זיין אז משיח וועט קומען "נאו", אין אד"ר, און עס וועט זיין "ואשיבה שופטיך כבראשונה"[196], וועט דעמולט משיח מיט די סנהדרין וכו׳ בייסן אז דעם יאר זאל ניט זיין קיין חודש העיבור (ווארום דעמולט וועט מען דאך מקדש זיין ע"פ הראי׳ וכו׳), און מ׳וועט מאכן אז עס זאל זיין נאר איין אדר - וועט זיין ("אדר א׳" -) "אדר אחד".

און אע"פ אז "בניסן נגאלו ובניסן עתידין ליגאל", ד.ה. (לכאורה) אז משיח וועט קומען ערשט בניסן -

איז אבער פארשטאנדיק, אז דאס וואס מ׳זאגט "בניסן עתידין ליגאל", איז ניט קיין סתירה צו דעם וואס מ׳זאגט אין די י"ג עיקרים[197], אז "אחכה לו בכל יום שיבוא", וואס דער פירוש אין דעם איז ניט אז "אחכה" אז ער וועט קומען כ׳וויס-וועז, נאר - "אחכה" אז ער וועט קומען היום, און ווי מ׳זאגט אין דאווענען "לישועתך קוינו כל היום", און "מהרה תצמיח"[198],

וואס דער ביאור אין דעם (ווי דאס איז ניט קיין סתירה) איז - ע"ד ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר איז מבאר[199] דעם ענין פון "לשנה הבאה בירושלים", אז דאס מיינט ניט אז מ׳דארף ווארטן ביז "לשנה הבאה" אויף צו זיין "בירושלים", נאר - עס וועט זיין איצטער, ובמילא אז עס וועט קומען "לשנה הבאה" וועט מען בדרך ממילא זיין "בירושלים",

עד"ז איז אויך דער ביאור אין "בניסן עתידין ליגאל", אז משיח קען קומען פריער, וואס דעמולט וועט בדרך ממילא שוין זיין דער "בניסן עתידין ליגאל",

און מ׳וועט פראוועז פסח אין דעם ביהמ"ק, "ונאכל שם מן הפסחים ומן הזבחים", צי "מן הזבחים ומן הפסחים", ווארום מ׳ווייסט דאך ניט וועז עס וועט זיין די קביעות פון ערב פסח (ווארום מ׳וועט דאך מקדש זיין ע"פ הראי׳), און דעמולט וועט מען זיך אויך מפלפל זיין אין דעם,

און דעמולט וועט זיין "אהרן ומשה עמהם"[200], וועט מען וויסן אלע דינים ווי מ׳דארף טאן.

סה. וואס בינתיים דארף מען טאן ווי די הוראה פון קביעות שנה זו, אז עס דארף זיין "הקהל את העם האנשים והנשים והטף" אויף לימוד התורה, אז ס׳זאל זיין תלמוד תורה דרבים, "כולל

- תפארת -

---

196) ישעי׳ א, כו. 197) עיקר הי"ב. 198) ראה שיחת יום ד׳, כ"ה כסלו ש.ז. ס"ו. שיחת ש"פ מקץ, שבת חנוכה סכ"ה-כו. 199) ראה לקו"ש ח"ב ע׳ 543. 200) ראה יומא ה, ב. תוד"ה אחד - פסחים קיד, ב.

תפארת זקנים – לוי יצחק", און "תפארת חכמות נשים", און "תפארת בחורים",

וואס זקנים האבן א מעלה מיוחדה ווארום "כמה הרפתקי עדו עלייהו"[201], ובפרט בשעת זיי האבן אויך די מעלה פון "זקן – זה שקנה חכמה"[202], אז די חכמה איז בא זיי אין אן אופן פון קנין[203].

און מ'וועט קומען צו דעם ביהמ"ק השלישי, בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

*    *    *

סו. בהמשך להמדובר לעיל וועגן דעם חודש אדר ראשון וואס ער איז דער חודש העיבור – האט דאס א שייכות מיוחדת מיט היינטיקע "מלוה מלכה" וואס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "גמילות חסדים",

ווארום דער ענין פון חודש העיבור איז פארבונדן מיט דעם ענין פון לבנה <u>לוה</u> מן החמה וחמה <u>לוה</u> מן הלבנה.

וועט מען איצטער מכריז זיין וועגן דער מלוה מלכה, אע"פ אז מ'האט שוין וועגן דעם מכריז געווען בבוקר לאחרי התפלה – איז אבער איצטער דער זמן פון רעוא דרעוין.

און עס זאל זיין בהצלחה רבה, אנהויבנדיק פון די החלטות ומחשבות טובות נאך פון איצטעד בשבת, וואס "מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה"[204], און דערווייל אין דעם זמן שבינתיים זאל מען מאכן נאך החלטה טובה אז עס זאל צוקומען נאכמער פון וואס מ'האט פריער מחליט געווען, וואס דאס וועט ברענגען נאכמער הצלחה.

[כ"ק אדמו"ר שליט"א אמר להר"ר ש. גאלדמאן שי': גייט ארויף אויף דער בימה, און זאגט א דרשה בפני כל עם ועדה.

שאל אם יש מישהו עם "שטריימל", ולא הי', ואמר: דא איז דאך דא איינער מיט א "פוטער".

אחרי ההכרזה אמר לו כ"ק אדמו"ר שליט"א לומר "לחיים" על כוס מלא.

אח"כ אמר: וואו זיינען די וואס ווילן משיח "נאו"?! והילדים ד"צבאות השם" התחילו לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

– אח"כ –

---

201) קידושין לג, א. 202) שם לב, ב. תו"כ (הובא בפרש"י) עה"פ קדושים יט, לב. 203) ראה לקו"ת ס"פ קדושים. 204) קידושין מ, א.

- ש"פ משפטים, מבה"ח אד"ר -

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו"].

—— * ——

בס"ד. שיחת ש"פ תרומה, ג׳ אדר ראשון ה׳תשמ"א.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

א. ס׳איז דאך א שבת און א התוועדות וואס קומען בהמשך צו ר"ח אדר ראשון. וואס באמת האט די ההוועדות געדארפט זיין בר"ח עצמו, נאר מפני כמה סיבות איז דאס דעמולט ניט געווען - איז דערפאר די התוועדות איצטער, אין דעם שבת וואס איז נאך ר"ח, ווייל דער שבת קומט בהמשך צו ראש חודש.

ובפרט אז בשבת איז דער "ויכולו", דער כליון ועלי׳, פון אלע ששה ימי השבוע שלפנ"ז[1], עאכו"כ פון ימים מיוחדים וואס זיינען געווען אין דער שבוע שלפנ"ז, אז אין זיי טוט זיך אויף נאכמער דער "ויכולו" אין דעם שבת שלאח"ז.

און אזוי איז אויך בנוגע צו אזעלכע ימים מיוחדים ווי ראש חודש, וואס אין אים זיינען כלול אלע טעג פון דעם חודש - אז אין דעם שבת שלאח"ז זיינען עולה די טעג פון ר"ח, ובמילא - אויך די אלע טעג פון דעם חודש (ניט נאר די טעג פון דעם חודש וואס זיינען געווען לפני השבת נאר <u>אלע</u> טעג פון דעם חודש), וויבאלד זיי זיינען כלול אין ראש חודש.

והביאור בזה:

עס איז מבואר אין לקו"ת[2], עטרה ראש[3] און אוה"ת[4], בנוגע צו ראש השנה, אז ע"ד ווי א ראש כפשוטו, ביי אן אדם בריא, איז אין זיך כולל דעם היוח פון אלע אברי הגוף, און אויך דערנאך ווען יעדער אבר געפינט זיך באזונדער במקומו - פירט מיט אים אן דער ראש -

עד"ז איז ראש השנה - וואס ער ווערט אנגערופן <u>ראש</u> השנה און ניט <u>תחלת</u> השנה - כולל אין זיך אלע טעג פון דעם יאר און ער פירט-אן מיט זיי,

וואס עד"ז איז אויך בנוגע צו <u>ראש</u> חודש - וואס ער ווערט אנגערופן <u>ראש</u> חודש און ניט <u>תחלת</u> החודש[5] - אז ער איז כולל אין זיך אלע טעג פון דעם חודש, און ער פירט-אן מיט זיי.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשבת זו, ווען עס איז דער "ויכולו" פון די טעג פון ר"ה וואס זיינען געווען אין דער שבוע שלפנ"ז - איז דעמולט ניט נאר דער "ויכולו"

- פון -

------------

1) ראה אוה"ת בראשיה מב, ב ואילך. כרך ג תקה, ב ואילך. תקח, א ואילך. 2) הבוא מא, ג. נצבים מז, א ואילך. ר"ה נח, א ואילך. ובכ"מ. 3) בההלתו. 4) נצבים ע׳ א׳רמט ואילך.
5) ראה לקו"ת ר"ה שם. עט"ר שם ספ"ב.

פון ר"ח (און פון די טעג פון חודש שלפני השבה) - נאר אויך דעד "ויכולו" פון אלע טעג פון דעם חודש, ווארום זיי זיינען אלע כלול אין (דער עלי' פון) ר"ח.

ב. די עלי' פון אלע טעג פון דעם חודש בשבת - איז אויך כולל דעם שבת עצמו, אז אויך שבת עצמו איז עולה אין שבת, ווארום אויך ער איז איינער פון די ימי החודש וואס זיינען כלול אין ראש חודש.

און דאס (אז אין דעם שבה ווערט אויך אויפגעטאן דער "ויכולו" פון דעם שבת עצמו) איז קיין פלא ניט -

ווארום אין שבת גופא זיינען פאראן צוויי דדגוה, און איין דרגא פון שבת איז עולה אין דער העכערער דרגא.

והביאור בזה:

עס איז דא ווי שבת איז העכער פון די ששת ימי בדאשית, און עס איז דא ווי שבת איז איינער פון די "שבעת ימי הבנין", ווי מ'זאגט דעם לשון (ניט "ששת ימי הבנין", נאר) "שבעת ימי הבנין", אז אויך שבת איז איינעד פון די "שבעת ימי הבנין" בדוגמא ווי די אנדערע ששה ימים.

ובענין הספירות: ס'איז דא ווי שבת איז ספירה הבינה, וואס דאס איז די דדגא אין שבת ווי עס איז העכער פון סדר זמנים, און ס'איז דא ווי שבה איז ספירת המלכות, וואס זי איז איינע פון די ז' ספידות, וואס דאס איז ווי שבת איז איינער פון די זיבן טעג פון דעד וואך, וואס "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"[7].

און עד"ז זיינען דא די צוויי דרגות אין שבת אויך בפשטות:

עס איז דא דער ענין וואס שבת איז פון "שבעת ימי הבנין" ווי רש"י[8] איז מפרש בנוגע צו שבת אז "מה הי' העולם חסר - מנוחה, באת שבת באת מנוחה", דאס הייסט[9] אז אויך בשבת איז געווען א בריאה, בדוגמא ווי ס'איז געווען אין די ששת ימי הבריאה - די בריאה פון דעם ענין המנוחה,

און לאידך זאגט מען אויף שבת[10] "ויברך אותו . . ויקדש

- אותו" -

---

6) בהבא לקמן - ראה לקו"ה שה"ש בה, א. אוה"ת שבועות ע' פו. ברכה ע' א'תתצא. א'התצט. סה"מ תש"ד ע' 192 ואילך. הש"ה ע' 167 ואילך. ובכ"מ. 7) זח"ג צד, ב. 8) עה"פ בראשית ב, ב ד"ה ויכל. וראה גם פדש"י ד"ה זה - מגילה ט, א. הוד"ה חצבה - סנהדדין לח, א. 9) סה"מ תש"ד ותש"ה שם. 10) בראשית שם, ג.



הנחה הת' בלתי מוגה

אותו" וואס "ויקדש אותו", דער ענין הקדושה, איז דער ענין ההפרשה וההבדלה[11] - ווי שבת איז העכער פון די אנדערע טעג.

און וויבאלד אז אין שבת זיינען דא צוויי דרגות - איז פארשטאנדיק ווי אזוי שבת טוט-אויף דעם "ויכולו" אין שבת עצמו.

ובדוגמא ווי מען געפינט בכמה ענינים, אז עס זיינען דא אין זיי צוויי ענינים, עס איז דא א משפיע און עס איז דא א מקבל; און עס איז דא אמאל ווי ער איז מקבל פון דעם וועמען ער אליין איז משפיע,

וואס עד"ז איז דאס אויך אין שבת, אז די נידעריקע דרגא אין שבת איז עולה אין דער העכערער דרגא אין שבת, ובמיוחד אין דעם שבת - וואס אין דעם שבת איז דא דער "ויכולו" פון ר"ח און פון אלע ימי החודש וואס זיינען כלול אין אים - כולל אויך דער שבת עצמו.

ג. נוסף להאמור לעיל, איז דער ענין השבת אויך מודגש אין היינטיקער סדרה - והביאור בזה:

דער ענין התורה איז מודגש במיוחד אין היינטיקן שבת, וואַרום גלייך אין אנהויב סדרה[12], נאך דעם "ויקחו לי תרומה" אויף צו בויען דעם משכן, "ועשו לי מקדש"[13] - האט דער אויבערשטער אנגעזאגט אז מ'זאל מאכן די כלי המשכן [וואס אע"פ אז בפועל האט מען פריער געבויט דעם משכן און דערנאך די כלים[14] - איז אבער אין ציווי הקב"ה פריער געווען דער ציווי אויף מאכן די כלים און דערנאך אויף מאכן דעם משכן], וואס דער (עיקר און דער) ערשטער פון די כלים אויף וועלכע מ'איז נצטווה געווארן צו מאכן איז - דער ארון[15],

וואס דער ענין הארון איז - דער ענין התורה, ווארום דער ארון איז געווען צוליב די לוחות וואס האבן זיך אין אים געפונען[16], און ניט נאר די לוחות האבן זיך דארטן געפונען, וואס זיי זיינען תורה שבחקיקה, נאר ווי חז"ל טייטשן אין תושבע"פ[17], און אויך רש"י ברענגט דאס אראפ[18] - איז דארטן געווען אויך א ספר תורה, תורה שבכתב.

- און -

---

11) ראה פרש"י עה"פ קדושים יט, ב. וראה גם פרש"י עה"פ בראשית שם. ב"ר פי"א, ב ובמהרז"ו שם. 12) כה, י ואילך. 13) שם, ח. 14) ראה ברכות נה, א. ב"ר פ"א, יד. פרש"י עה"פ פקודי לח, כב. 15) ראה רמב"ן ריש פרשתנו. וראה שמו"ר רפ"נ. 16) ראה פרש"י עה"פ פרשתנו כה, טז (ע"פ פירוש ה"משכיל לדוד" - ראה לקו"ש ח"ט ע' 196 הע' 6 בסופה). פקודי מ, כ. 17) ב"ב יד, א. 18) עה"פ וילך לא, כו.

און וויבאלד אז אין היינטיקער סדרה איז מודגש דער ענין התורה - איז פארשטאנדיק אז ס'איז אויך מודגש דער ענין השבת -

ווארום ס'איז דאך "לכולי עלמא בשבת ניתנה תורה לישראל"[19], און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תו"א[20] דעם קשר פון שבת מיט תורה, אז זיי זיינען איין ענין - קומט דערפון אויס, אז אין היינטיקער סדרה וואו ס'איז מודגש דער ענין התורה - איז אויך מודגש דער ענין השבת.

וכאמור לעיל, אין דעם שבת איז עולה ר"ח, און אלע טעג פון חודש - כולל אויך שבת עצמו.

ד. דער ענין פון ר"ח אדר ראשון, און דער ענין פון אדר ראשון בכלל איז - חודש העיבור, ווארום אדר ראשון איז דער חודש העיבור,

ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[21], און ווי אפגע'פסק'נט אין פוסקים[22] אז דער וואס איז נודר צו טאן א זאך בחודש העיבור - דארף ער דאס טאן אין חודש אדר הראשון, ווארום ער איז דער חודש העיבור.

ד.ה. אז אד"ר איז דער חודש וואס איז ממלא און משלים דעם חסרון וואס איז דא אין א שנת הלבנה לגבי שנת החמה, דער חודש וואס גלייכט זיי אויס, און דער חודש איז ניט נאר משלים דעם חסרון פון איין שנת הלבנה נאר דעם חסרון פון כמה שנות הלבנה.

ה. די הוראה דערפון אין עבודת ה':

וואלט ביי אים געווען די עבודה אין אן אופן פון "חמה", אז ביי אים לייכט בגילוי דער "שמש ומגן ה' אלקים"[23], (וואס דאס איז די עבודה אין אן אופן פון חמה, כמבואר בכ"מ אין חסידות[24]) און אן קיינע שינויים - דארף ער דעמולט גארניט משלים זיין, ווארום ביי אים איז אלץ בשלימות;

וויבאלד אבער אז ביי אים איז די עבודה אין אן אופן פון "ירח", וואס דעמולט איז ביי אים דא דער ענין פון חסרון און שינויים בעבודתו, בדוגמא ווי דאס איז בא דער לבנה - דארף ער אנקומען צו דעם ענין פון חודש העיבור, דער

- ענין -

---

19) שבת פו, ב. 20) ויקהל פח, א ואילך. וראה לקו"ש ח"ו ע' 217 הע' 47. 21) דש"פ משפטים - ס"א. 22) שו"ת הרדב"ז ח"א סק"נ. וראה אנציקלופדי' תלמודית ערך אדר צב, א ואילך. וש"נ. 23) תהלים פד, יב. וראה שעהיוה"א פ"ד. 24) ראה לקו"ש חט"ו ע' 382 ובהנסמן שם בהע' 8.

ענין פון משלים זיין דעם חסרון בעבודתו.

וואס אע"פ אז עס איז דא א טעם אויף דעם חסרון אין דער לבנה, ווארום (ווי די לבנה האט גע׳טענה׳ט) "אי אפשר לשני מלכים שישתמשו בכתר אחד"[25], און דאס איז א טעם ע"פ קדושה, ווארום הורה ברענגט אים אראפ,

און ניט נאר תורה ברענגט אים אראפ, נאר - הורה נעמט-אן דעם טעם, ווי מ׳געפינט בנוגע צו א כהן גדול אז עס דארף זיין נאר איינער און ניט צוויי, און ווי מ׳זאגט דעם טעם אויף דעם[26] אז דאס איז בכ. י צו באווארענען דעם ענין פון איבה -

אעפ"כ איז דאס אבער א חסרון אין דער לבנה, ביז אז דער אויבערשטער זאגט[27] "הביאו כפרה עלי שמיעטתי את הירח" (מיט די אלע ענינים הקשורים בזה), וואס דערפאר דארף מען משלים זיין דעם חסרון.

וואס עד"ז איז דאס אויך בעבודת האדם, אז בשעת זיין עבודה איז אין אן אופן פון לבנה - דארף ביי אים זיין ע"ד דער ענין פון הודש העיבור, אז ער דארף משלים זיין וואס עס פעלט ביי אים.

ו. והביאור בזה:

וואלט ביי אים מאיר געווען דער "שמש הוי׳" (מצד דער עבודה אין אן אופן פון "חמה") - איז דעמולט, אזוי ווי "אני ה׳ לא שניתי"[28] אזוי איז אויך "אתם בני יעקב לא כליתם", אז אויך בא "בני יעקב" איז "לא שניתי", אז די עבודה זייערע איז אן שינויים;

בשעת אבער ביי אים איז מאיר די לבנה, איז אזוי ווי בא דער לבנה איז דא א חסרון און שינויים, אזוי איז עס אויך בעבודהו, אז עס איז דא דער ענין פון חסרון און שינויים,

ווארום ער הויבט אן צו מאכן השבונות - אז איצטער געפינט מען זיך ניט אין זמן הביה נאר אין זמן הגלוה[29], און אין זמן הגלות גופא - געפינט מען זיך ניט אין ההלה זמן הגלות, בסמיכות צו זמן הבית[30] וואס דעמולט איז געווען "והוהר", אז עס זיינען געווען שיריים פון

- די -

------------

25) הולין ס, ב. פרש"י עה"פ בראשית א, טז. 26) יומא יב, ב. עג, א. ובכ"מ. 27) חולין שם. ב"ר פ"ו, ג. פרש"י עה"פ פינחס כה, טו. 28) מלאכי ג, ו. 29) ראה ד"ה נחמו עה"ר. 30) ראה ד"ה הנ"ל פ"ח.

די גילויים פון דעם ביה הבקדש[31], ווי מ'געפינט אז עס זיינען דעמולט געווען תנאים און (אויך לאח"ז -) אמוראים וואס זייער ענין איז געווען צו מאכן אותות ומופתים און שינויי הטבע[32] - נאר מ'געפינט זיך אין סוף זמן הגלות, וואס דעמולט ענדיקט זיך שוין דער אור, און עס איז חושך, און ניט סתם חושך נאר א חושך כפול ומכופל, מיט אלע סימנים וואס די גמרא זאגט אויף דעם אין סיום מסכת סוטה,

און בשעת ער מאכט די חשבונות - האבן די שינויים בעולם א השפעה און א ווירקונג בעבודתו, אז אויך אין זיין עבודה זיינען דא שינויים.

ז. וואס באמת, אע"פ אז עס זיינען דא שינויים אין וועלט - דארפן די שינויים ניט פועל'ן קיין שינוי בעבודתו, ווי עס שטייט "מאותות השמים אל תחתו"[33], ד.ה. אז הגם ער ווייס, און עס איז א זיכערע זאך, אז די "אותות השמים" זיינען פון דעם אויבערשטן (ניט מעשה ידי אדם) - ווייס ער אבער אז צו א אידן האט דאס קיין שייכות ניט, "מאותות השמים אל תחתו".

איי, אויב אזוי, צוליב וואס האט דער אויבערשטער געמאכט די "אותות השמים"? איז דער ביאור בזה: דאס איז ניט צוליב אידן, נאר צוליב גוים, כדי אז "(כי) יחתו הגוים מהמה".

דאס איז אבער ניט מספיק: די גאנצע וועלט איז דאך באשאפן געווארן "בשביל ישראל"[34], און אלע ענינים הויבן זיך דאך אן פון אידן, און דורך אידן קומען אן די ענינים צו גוים, איז ווי איז שייך זאגן אז דאס וואס עס איז דא "אותות השמים" איז דאס נאר צוליב גוים, כדי אז "יחתו הגוים מהמה" - עס דארף עפעס האבן א שייכות אויך צו אים?

איז דער ביאור בזה: דאס וואס דער אויבערשטער האט געמאכט "אותות השמים" איז (ניט בכדי א איד זאל מאכן חשבונות מצד "אותות השמים", נאר פארקערט) אז עס זאל זיין "מאותות השמים אל תחתו"; "אותות השמים" זיינען דא בכדי א איד זאל וויסן אז ער האט ניט קיין שייכות מיט זיי.

וואס מכל זה קומט אויס, אז א איד טאר ניט מאכן קיין חשבונות מצד "אותות השמים", און ניט ברענגען קיינע ראיות פון טבע,.

אעפ"כ, וויבאלד אז בפועל אבער, מאכט ער יע חשבונות - האבן די חשבונות א השפעה און א ווירקונג אויף עבודתו, אז

- עס -

------------

31) רות ב, יד. שבת קיג, ב. 32) ראה לקו"ת תזריע כב, ג. 33) ירמי' י, ב. וראה סוכה כט, א. 34) פרש"י ר"פ בראשית.

עס איז דא א חסרון בעבודתו – וואס אויף משלים זיין דעם חסרון איז דא דער ענין פון חודש העיבור.

ח. וואס באמת, דער גאנצער ענין החסרון איז נאר צוליב די עלי' וואס וועט דערנאך זיין, ווארום די כוונה אין דעם חסרון איז אז דורך דעם זאל דערנאך זיין די עלי' כיתרון האור מן החושך[35].

וע"ד ווי מען געפינט דאס בא דוד[36], וואס "דוד הוא הקטן"[37], בדוגמת ענין הלבנה וואס זי איז "מאור הקטן"[38].

וואס דערפאר זאגט מען בא קידוש לבנה "דוד מלך ישראל חי וקים"[39], ווארום דוד איז שייך צו דעם ענין הלבנה,

וואס אע"פ אז קידוש לבנה איז (מפני סיבות) ערשט ז' ימים נאך דעם מולד[39*] – איז אבער דער ענין[39] פון דוד שייך גלייך במולד הלבנה, ביז ווי מ'געפינט אין גמרא[40] "קדשי' לירחא ושלח לי סימנא דוד מלך ישראל חי וקיים", ווארום דער ענין פון דוד איז שייך גלייך במולד הלבנה –

געפינט מען בא דוד[36]

אז "לא דוד ראוי לאותו מעשה" און דאס איז נאר געווען בכדי עס זאל זיין "הקים עולה של השובה", ד.ה. בכדי צו באווייזן אז יעדער איד און אלע אידן קענען תשובה טאן.

וואס עד"ז איז דאס אויך אין דעם כללות הענין פון ירידות וואס זיינען דא אויך בא יעדער אידן – איז די כוונה בזה צוליב די עלי' וואס וועט דערנאך זיין,

וכמרז"ל עה"פ "נורא עלילה על בני אדם"[41] – "מהחילה בעלילה באת כו'", ד.ה. אז דער ענין פון די ירידות וואס זיינען דא בא אידן איז דאס מצד "נורא עלילה על בני אדם", איז דערפון פארשטאנדיק אז די כוונה דערפון איז בכדי עס זאל דערנאך זיין די עלי'[42].

און ווי ס'איז מבואר אין חסידות דער משל פון דעם ענין פון "קניגא"[43], אז עד"מ ווי ביי א מלך, אז ער מאכט א "קניגא", אז היות שלאגן זיך איינע מיט די אנדערע און

- דער -

------------

35) קהלת ב, יג. וראה ספר הערכים-חב"ד ערך אור – ביהם לחושך ס"ת. וש"נ. 36) ע"ז ד, סע"ב ואילך. 37) ש"א יז, יד. וראה חולין שם. 38) בראשית א, טז. 39) ראה ר"ה כה, א. 39*) ראה תו"א הוספות קט, ג. 40) ר"ה שם. 41) תהלים סו, ה. וראה תנחומא וישב ד. תו"ח תולדות יג, א-ב. שעה"ת לאדהאמ"צ ח"א כ, ד ואילך. ועוד. 42) ראה לקו"ש מסעי תשל"ז ס"ז ובהערות שם. 43) ראה תו"ח שם יב, ד ואילך. שעה"ת שם. אוה"ת תולדות קסב, ב. ועוד.

דער מלך האט דערפון תענוג -

עד"ז איז דאס אויך בא דעם אויבערשטן, אז עס איז דא די מלחמה צווישן דעם יצר טוב און דעם יצר וואס איז היפך הטוב און דערפון איז ער זיך כביכול מהענג.

וואס דער ענין דערפון איז - ס׳איז א זיכערע זאך אז סוף סוף איז "לא ידח ממנו נדח"[44], נאר אין דעם קענען זיין צוויי אופנים, אדער אין אן אופן פון צדיקים אדער אין אן אופן פון בעלי תשובה,

כמבואר אין דעם מאמר פון דעם אלטן רבי׳ן[45] (וואס ווי עס ווייזט אויס איז ער פון די מאמרים קצרים פון דעם אלטן רבי׳ן) און מער בארוכה אין די מאמרים פון רבותינו נשיאינו שלאח"ז - אז "לויתן" און "שור הבר" (די וואס נעמען איינטייל אין דעם ענין הקניגא) זיינען די ענינים פון צדיקים ובעלי התשובה.

וואס מכל זה איז פארשטאנדיק אז דער ענין החסרון וואס איז דא בעבודת האדם, וואס איז שייך צו דעם חסרון פון שנת הלבנה - איז צוליב דעם אז עס זאל דערנאך זיין די עלי׳ נאך מער ווי לפני החסרון - כיתרון האור מן החושך.

וואס די עלי׳ איז בהדגשה מיוחדת בחודש העיבור, אין דעם חודש וואס ענינו איז צו משלים זיין דעם חסרון וואס איז פריער געווען.

ט. דער חודש העיבור איז ממלא און משלים ניט נאר דעם חסרון פון איין שנת הלבנה לגבי א שנת החמה - נאר ער איז ממלא און משלים דעם חסרון פון כמה שנים,

ווארום א שנת החמה האט אין זיך עשרה ימים, כ"א שעות און ר"ד חלקים מער ווי א שנת הלבנה[46], וואס דאס איז לפי ערך א דריטל פון די טעג וואס עס זיינען דא אין א חודש, וואס עפ"ז קומט אויס אז איין חודש איז ממלא א חסרון פון צוויי יאר און א חלק (כמעט רוב) פון א דריטן יאר.

ד.ה. אז א חודש העיבור איז ממלא און משלים ביז א חסרון פון שלשה שני חזקה (לפי"ע) אין "ארץ חפץ".

און וויבאלד אז כאמור לעיל, דער שבת טוט-אויף דעם "ויכולו" אין אלע ענינים פון דעם חודש העיבור - שטייט דער ענין פון השלמת החסרון נאכמער בהדגשה אין דעם שבת.

- י. -

---

44) ע"פ ש"ב יד, יד. וראה הל׳ ת"ת לאדה"ז פ"ד סוס"ג. תניא ספל"ט. 45) ראה ד"ה להבין המדרש על ענין הקניגי, תרס"ג (בוך מס׳ 757). 46) רמב"ם הל׳ קדה"ח פ"ו ה"ד.

י. והמעשה הוא העיקר[47]:

דער שבת איז דער זמן המתאים בנוגע אויף משלים זיין אלע ענינים אין וועלכע עס איז דא א חסרון,

און בעיקר - אז דאס זאל זיין במעשה בפועל: די ענינים וואס זיינען שייך צו טאן במעשה אין שבת - זיי טאן בשבת, און די ענינים וואס זיינען ניט שייך צו טאן במעשה אין שבת - עכ"פ מאכן החלטות בנוגע צו זיי.

אבער, ווי געזאגט, די ענינים וואס ער קען זיי יע טאן שוין בשבת - איז ניט גענוג אז זיי זאלן זיין נאר במחשבה אדער אפילו בדיבור, נאר זיי מוזן זיין אויך במעשה.

ווארום אויב עס איז שייך אז עס זאל זיין מעשה אבער לפועל איז דאס ניטא - איז דאס מחליש זיין החלטה בדבר, און נאכמער: עס ווערט גאר א ספק אויף דער החלטה (ניט ווי בשעת ער קען דאס ניט טאן במעשה דערפאר וואס ער טאר דאס ניט טאן בשבת וכיו"ב).

ע"ד ווי מ'געפינט בנוגע צו דעם ענין התשובה, אז בזמן הבית האט מען געדארפט אנקומען צו "והביא את אשמו", דער ענין הקרבן;

משא"כ איצטער איז גלייך ווי "הרהר התשובה" ווערט ער גלייך (פון דעם היפך פון א צדיק גמור נתהפך צו) א צדיק גמור[48], און ער דארף מער גארניט טאן.

וואס דער ביאור בזה איז - עס ווענדט זיך צוליב וואס עס איז דער העדר המעשה:

בזמן הביה, ווען ער געפינט זיך.אין ירושלים און האט אלע מעגליכקייטן אויף ברענגען א קרבן, און לפועל ברענגט ער אים ניט, איז אפילו ער שטייט און איז "צועק כי כדוכיא" אז ער האט תשובה געטאן - איז דאס ניט מספיק, ווארום דער העדר המעשה פון ברענגען דעם קרבן איז אין א מצב וואו ער האט די מעגליכקייט צו ברענגען דעם קרבן, איז דערפון וואס אעפ"כ ברענגט ער ניט קיין קרבן - א הוכחה אז זיין תשובה איז ניט כדבעי;

משא"כ איצטער, וואס דער העדר המעשה פון ברענגען א קרבן איז דערפאר וואס די מעשה (הבאת הקרבן) איז איצטער ניט שייך - איז אויב נאר הרהר התשובה ווערט ער גלייך א

- צדיק -

---

47) אבות פ"א מי"ז. 48) קידושין מט, ב. וראה או"ז או"ח סקי"ב. לקו"ת דברים א, ב.

צדיק גמור, ווארום מען שטעלט אים אויף זיין חזקה כשרוה אז זיין תשובה איז כרבעי.

און ער"ז בענינינו: די ענינים וואס ער קען טאן במעשה בשבת - מוז ער זיי טאן, און אויב ער טוט זיי ניט איז דאס מחליש און עס ווארפט אריין א ספק אין זיין החלטה,

ד.ה. אז נוסף צו דעם וואס עס דארף זיין דער ענין המעשה דערפאר וואס כוונת ירידת הנשמה איז צוליב דעם בירור פון חלקו בעולם[49], וואס דאס איז דורך דעם ענין המעשה דוקא, ווי ער זאגט אין תניא[50] - איז נוסף לזה, אויב עס פעלט אין מעשה איז דאס מחליש און מטיל ספק אין די החלטה עצמה.

און כאמור, די ענינים וואס בשבת קען ער זיי ניט טאן במעשה - דארף ער דעמולט אויף זיי מחליט זיין,

און די החלטה זאל זיין אין אן אופן אז ער איז גרייט צו זיי טאן במעשה שוין איצטער - עס פעלט מערניט ווי דער זמן וועט ער וועט עס שוין קענען טאן, וואס דעמולט "מחוסר זמן" איז ניט "מחוסר מעשה"[51], ווארום די החלטה איז ביי אים אין אן אופן אז עס פעלט מערניט ווי דער ענין הזמן.

וואס האמור איז נוסף אויף דעם וואס "המעשה הוא העיקר".

יא. האמור לעיל (אז בשבת דארף זיין החלטות און דער ענין המעשה) איז בנוגע צו אלע ענינים, עאכו"כ בנוגע צו די ענינים פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, נשיא דורנו, וואס ווי מ'האט זיי א נאמען געגעבן - ווערן זיי אנגערופן בשם "מבצעים",

"מבצע אהבת ישראל", "מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש" און "מבצע טהרת המשפחה".

און וויבאלד אז מ'שטייט אין דעם זמן פאר משיח'ן - אויך, דער ענין פון "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים"[52], וואס דאס איז דער ענין פון "צבאות הוי'", בשייכות מיט קינדער.

וכמדובר כמ"פ[53] אז צו דעם זיינען שייך סיי בנים און סיי בנות.

יב. דער ענין אז "צבאות השם" איז בהדגשה בנוגע צו קינדער,

- און -

---

49) תניא פל"ז (מח, ב). 50) ראה שם בתחלת הפרק.
51) ראה יומא סב, סע"ב. מפענ"צ פ"ג ס"כ. 52) מלאכי ג, כד ובפרש"י. 53) ראה שיחת ש"פ בשלח וש"פ יתרו (סי"ח) שנה זו.

און אז דאס איז שייך סיי צו בנים און סיי צו בנות - איז אויך מודגש אין אונזער סדרה.

אין התחלת הסדרה[54] רעדט זיך וועגן עשיית הארון, וואס דער ארון איז געווען צוליב אריינלייגן אין אים "את העדות אשר אתן אליך"[55], און אזוי ווי דער ארון איז געווען אן אפגעדעקטער קאסטן ("פתוח מלמעלה"[56]) - האט מען געדארפט האבן א "כסוי על הארון"[57], וואס דערפאר איז געווען דער ציווי[58] "ועשית כפורת זהב טהור", אויף צו צודעקן דעם ארון, "ונתת את הכפורת על הארון מלמעלה"[59].

איז בנוגע דעם כפורת דא דער ציווי[60] "ועשית שנים כרובים זהב, מקשה תעשה אותם משני קצות הכפורת", אז פון דעם "כפורת" וואס האט צוגעדעקט דעם ארון האט מען געדארפט אויסקלאפן "כרובים".

שטייט אין רש"י[61] אז די "כרובים" האבן געהאט א "דמות פרצוף תינוק (להם)", ווארום "כרובים" איז אותיות "כרביא"[62], וואס "רביא" מיינט קינדער ("שכן בבבל קורין לינוקא רביא"[63]).

וואס דערפון קומט אויס, אז דער ענין וואס איז געווען אויסגעקלאפט פון דעם כפורת וואס דעקט צו דעם ארון - איז געווען דער ענין פון קינדער.

און די צוויי כרובים זיינען געווען ניט בצורת צוויי קינדער סתם, נאר, ווי ער זאגט אין זהר[64] - בצורת זכר ונקבה, וכמבואר אויך אין דעם דרוש[65] וואס איז "לשון אדמו"ר נ"ע בעצמו"[66], אז איין כרוב איז בחי' ז"א, און איין כרוב איז בחי' נוקבא; די כרובים זיינען בחי' זו"נ, דכר ונוקבא.

און אע"פ אז דער בחיי[67] און אנדערע מפרשים ווילן לערנען אז דאס וואס די כרובים זיינען געווען זכר ונקבה, איז געווען אויף צו באווייזן אז די <u>חיבה</u> פון דעם אויבערשטן צו אידן איז אזוי ווי די <u>חיבה</u> פון זכר ונקבה[68] -

איז אבער אין זהר און אין "לשון אדמו"ר נ"ע בעצמו" איז בפשטות, אז זיי זיינען געווען <u>בצורת</u> זכר ונקבה כפשוטם.

- ד.ה. -

---

54) כה, י ואילך. 55) שם טז, כא. 56) פרש"י עה"פ שם, יז. 57) פרש"י שם. 58) פרשתנו שם. 59) שם, כא. 60) שם, יח. 61) עה"פ. 62) סוכה ה, ב. 63) שם. 64) ח"ב רעז, ב. ח"ג נט, א. ובכ"מ. 65) תו"א ס"פ תרומה. 66) בתו"א שם: "כי"ק אדמו"ר נ"ע", אבל: כ"ה בה"כותרה" של הדרוש דתו"א ס"פ חיי שרה. ובכ"מ נקרא דרוש זה דס"פ תרומה בשם "ל' אדמו"ר נ"ע" (המשך תער"ב ח"ב פשכ"ח (ע' תערג). פשל"ט (ע' תרצז). ח"ג (ע' א'תמז). 67) עה"פ שם. 68) וראה יומא נד, א.

ד.ה. אז נוסף אויף דעם ענין פון די כרובים וואס ווייזן אויף זו"נ, ז"א ובלכות, משפיע און מקבל - זיינען זיי געווען בציור פון קינדער כפשוטו, און פון א זכר ונקבה כפשוטו.

וואס דערפון האט מען אויך די הדגשה בנוגע צו "צבאות השם", אז דאס איז במיוחד פארבונדן מיט קינדער, און סיי בנים און סיי בנות.

יג. פון דעם ענין אז פון דעם כפורת האט מען געמאכט די "כרובים" "כרביא" - האט מען נאך א הוראה:

דער כפורת איז געווען צו פארדעקן און מגין זיין אויף דעם ארון מיט די לוחות און די ספר תורה וואס האבן זיך געפונען בפנים הארון.

און דערפון וואס צו דעם כפורת האט מען גערארפט האבן "כרובים" - קומט אויס אז די כרובים זיינען מגין און פארהיטן דעם ארון מיט די לוחות, ווארום אין די כרובים הענגט אפ די כשרות פון דעם ארון.

און עס הענגט אויך אפ אין די כרובים די סגולה פון דעם ארון, וואס דער כפורה איז דער ענין פון כפרה (לשון נופל על לשון) - קומט אויס אז אין די כרובים הענגט אפ אז דער אויבערשטער זאל מכפר זיין.

[וואס דאס, אז אין די כרובים הענגט אפ די כשרות און די סגולה פון דעם ארון - איז אויך פארשטאנדיק אין פשוטו של מקרא, ווי רש"י טייטשט אפ אויף "ואל הארון תתן את העדות" - "לא ידעתי למה נכפל שהרי כבר נאמר ונתת אל הארון את העדות, ויש לומר שבא ללמד שבעודו ארון לבדו בלא כפורת יתן תחלה העדות להוכו ואח"כ יתן את הכפורת עליו וכו׳"].

וואס וויבאלד אז די "כרובים" זיינען "כרביא", דער ענין פון קינדער - זעט מען דערפון דעם גודל הענין פון קינדער, אז אין זיי הענגט אפ די הגנה און פארהיטונג פון דעם ארון מיט דער תורה, און אז זיי טוען-אויף דעם ענין הכפרה.

וע"פ המבואר אין דעם דרוש "לשון אדמו"ר נ"ע בעצמו" אז די כרובים זיינען ז"א און מלכות, וואס ז"א איז סוף עולמות הא"ס (אצילות) און מלכות איז תחלת עולמות המוגבלים (בי"ע), ד.ה. אז די כרובים זיינען כולל אלע עולמות, "מן העולם ועד העולם" - קומט אויס אז אין די קינדער הענגען אפ אלע עולמות.

יד. מהאמור לעיל, אז די כרובים זיינען געווען א זכר און

- א נקבה -

א נקבה - קומט דערפון ארויס נאך א הוראה:

די צוויי כרובים האבן געדארפט זיין "כרוב אחד מקצה מזה וכרוב אחד מקצה מזה"[69], זיי האבן געדארפט זיין בנפרד איינער פון צווייטן, ד.ה. אז דער זכר האט געדארפט זיין פון איין קצה און די נקבה פון דער אנדער קצה.

דערפון האט מען גלייך די הוראה, כמדובר כמ"פ, בנוגע צו "צבאות השם", אז אע"פ אז דאס איז שייך סיי צו בנים און סיי צו בנות - דארף עס אבער זיין בתכלית הצניעות, בנים ובנות בנפרד, אינגעלעך באזונדער און מיידעלעך באזונדער.

טו. עס זיינען דא די וואס טוען זיך אן אין א זשופיצע און פרעגן: ווי נעמט מען אזא ענין נעלה ווי כרובים, וואס זיי זיינען געווען על הכפורת, און אין משכן - און מ'לערנט דערפון אפ איצטער בנוגע הנהגת קטן וקטנה כפשוטם?!

דער ענין הכרובים איז דאך אן ענין נעלה וואס איז געווען מערניט ווי אין משכן, און דערנאך בבית ראשון, אבער אפילו בבית שני איז דאס ניט געווען (בגלוי), ווארום דער ארון איז נגנז געווארן[70] (וואס ער איז געווען פון די ה' דברים שחסרו) -

איז ווי נעמט מען דאס אזא ענין נעלה, דער תכלית העילוי - און מען לערנט אפ דערפון פאר דער הנהגה פון א קטן און א קטנה כפשוטם אין זמן הגלות?!

און "אם הראשונים כמלאכים אנו כבנ"א וכו'"[71] מיט אלע ענינים וואס ער זאגט דארטן ווייטער - איז ווי איז שייך אפלערנען פון די כרובים אויף דער הנהגה איצטער?!

טז. איז דער ענטפער אויף דעם: אזוי איז דאס אין כללות התורה:

אויף הורה שטייט[72] "ואהי' אצלו גו' שעשועים" און אז די איז "נעלמה מעיני כל חי"[73] - און אעפ"כ איז זי דערנאך "נסעה וירדה" ביז אין עולם הזה הגשמי, און נאכמער: החומרי, ביז אז די איז נהלבש געווארן "בדיו על הספר"[74],

און נאכמער: זי איז נמשך געווארן ניט נאר "בדיו על הספר" נאר זי איז אויך אראפגעקומען אין טענות של שקר, ביז

- אז -

---

69) פרשהנו שם, יט. 70) יומא נג, ב ואילך. *70) שם כא, ב. וראה גם לקו"ש חי"א ע' 36 שוה"ג להע' 16. 71) ראה שבת קיב, ב. תוד"ה ר"נ - שבת יב, ב. ד"ה צדיקים - חולין ה, ב. ועוד. 72) משלי ח, ל. 73) איוב כח, כא. 74) ראה תניא פ"ד (ח, ב).

אז זי איז זיך מהלבש אין די טענות צו זיי מברר זיין,

און אין דערויף גופא, איז די תורה אראפגעקומען ניט נאר אין די טענות של שקר נאר אויך צו דעם טוען, אז אויך בשעה דער טוען טענה'ט "מאיזה טעם דנהוני" (אע"פ אז ער ווייסט אז ער טענה'ט שקר) - דארף מען אים ענטפערן וואס זיינען די הסברות ע"פ תורה פארוואס מ'איז אים אזוי דן[75],

וואס לכאורה קען ער דאך טענה'ן: וויבאלד אז יענער טענה'ט טענות של שקר, און ער אליין ווייס אז ער טענה'ט שקר - איז וואס דארף איך בכלל ענטפערן, איך וויל ניט האבן צוטאן מיט ניט קיין איש אמת! עכ"פ בדרכי נועם ובדרכי שלום וכו' -

זאגט אבער תורה, און אזוי פסק'נט תורה אפ, אז בשעת דער טוען פרעגט "מאיזה טעם דנהוני" - דארף מען אים מסביר זיין וואס תורה זאגט פארוואס עס קומט אים דעם עונש וכו'.

וואס דערפון זעט מען, אז אע"פ אז תורה איז א היכע זאך, "שעשועים לפניו" וכו' - אעפ"כ איז די אראפגעקומען דא למטה ביז צו דעם טוען טענות של שקר.

יז. עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק דער ענין וואס יעדער איד איז מחוייב צו לערנען תורה, און לערנען פעמיים בכל יום, סיי ביום און סיי בלילה[76],

ע"ד ווי קיום המצוות איז שייך צו יעדער אידן, און צו יעדער אידן אלעמאל, ניט נאר אחת בשנה, ביום הקדוש, אדער בשבת ויו"ט - נאר שטענדיק,

און ניט נאר ער איז אליין מחוייב אין לערנען תורה, נאר ער דארף אויך פועל זיין אויף א צווייטן, און ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר טייטשט[77] דעם מארז"ל[78] "כל ישראל ערבים זה בזה", אז אלע אידן זיינען אויסגעמישט איינער מיטן צווייטן, איז וויבאלד אז ער איז אויסגעמישט מיטן צווייטן - דארף ער אויף אים פועל זיין אז ער זאל לערנען תורה ביום ובלילה,

ד.ה. אז ער דארף ניט נאר באווארענען בא יענעם "סור מרע", אין נידעריקע ענינים, נאר ער דארף אויך באווארענען אין "ועשה טוב", און אויך אין לימוד התורה, און לימוד התורה פעמיים ביום, אין די העכסטע ענינים -

- ווארום -

---

75) סנהדרין לא, ב. רמב"ם הל' סנהדרין פ"ו ה"ו. טושו"ע חו"מ סי"ד. 76) הל' ה"ה לאדה"ז פ"ג ס"ד. 77) שיחת י"ב תמוז תש"א ס"ז (סה"ש תש"א ע' 144. וראה גם שיחה זו ב"הקריאה והקדושה" אלול תש"א). וראה גם לקו"ש חי"ב ע' 264. 78) שבועות לט, סע"א.

ווארום אע"פ אז תורה איז אזא הויכע זאך, "ואהי׳ גו׳ שעשועים לפניו" וכו׳ - איז זי אבער "נסעה וירדה" אויך צו יענעם אידן, במילא דארף אויך יענער לערנען תורה, און דערפאר ליגט א חיוב אויף אים ראס צו פועל זיין אויף יענעם.

יח. ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו תורה בכלל, עד"ז איז דאס אויך בנוגע צו פנימיות התורה, וואס מ׳האט דאס מגלה געווען פאר יעדערן.

וואס דא ווערט אויך די טענה: ווי נעמט מען דאס אזא הויכע זאך ווי חסידות, רזי תורה, און מ׳לערנט עס מיט קינדער און נשים און עמי הארץ?!

וואס די טענה איז געווען אויך אמאל אויף דעם ענין פון לימוד החסידות בכלל, עאכו"כ איצטער ווען עס איז צוגעקומען דער ענין פון הפצה, און ניט סתם הפצת המעינות, נאר הפצת המעינות חוצה, מ׳זאל נעמען די "מעינות" און זיי אריבערשטעלן אין הוץ, און זיי מפיץ זיין אויך פאר אזא וואס קען ניט קיין לשון הקודש כפשוטו, ביז אויך פאר אזא וואס קען ניט קיין לשון הקודש אין הוכן -

איז די טענה נאך שטארקער: ווי נעמט מען אזא הויכן ענין און מ׳לאזט עס אראפ אזוי ווייט?!

יט. איז דער ביאור אין דעם:

אויך דער איד וואס איז אין דעם אויבנדערמאנטן מצב - אויך ער איז מחוייב אין לימוד התורה, און אויך צו אים איז אפגעגעבן געווארן תורה אלס א יורש, ווארום צו יעדן אידן איז אפגעגעבן געווארן גאנץ תורה אלס א ירושה, כמ"ש[79] "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב", און ס׳איז אים אפגעגעבן געווארן אלע חלקי התורה - כולל אויך פנימיות התורה (און ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האט שוין באווארענט די טענות אין די קונטרסים "תורת החסידות" און "לימוד החסידות"),

און אויף יעדערן ליגט צו זיך משהדל זיין אז אויך יענער איד וואס איז בשפל המצב זאל האבן די אלע ענינים, ביז אויך פנימיות התורה.

כ. ע"פ האמור פאלט אויך אפ נאך א טענה:

עס זיינען דא אזעלכע וואס טענה׳ן: ווי רעדט מען דאס וועגן משיח׳ן מיט קינדער?! משיח איז דאך א ענין נעלה, ביז אז משיח איז דער מבחר פון מין האנושי, מיט אלע מעלות -

- איז -

---

79) ברכה לג, ד. וראה סנהדרין נט, רע"א.

איז ווי לאזט מען אראפ אזא ענין נעלה צו א קינד, און
מ׳פארבינדט דעם ענין מיט פרסים און מיט צאַצקעס וכו׳?!

כא. אז מ׳פרעגט די שאלה צו א שליח חב"ד - איז מצד דעם
חושך כפול ומכופל, איז די ערשטע זאך, ווערט ער אינגאנצן
צוטומלט! דערנאך פועל׳ט דאס ביי אים א חלישות אין דעם
ענין - מ׳האט דאך אים געפרעגט א שאלה! במילא גייט ער
גלייך און דערציילט דאס א צווייטן, און פועל׳ט א חלישות
אויך בא יענעם!

נאכמער: ער איז דאך א שליח חב"ד; איז יענער וואס האט
אים געפרעגט די שאלה, ווייס אויך מעלת משיח - ער אבער האט
געלערנט חסידות, ווייס ער דאך אז מעלת משיח איז עד כדי כך,
אז משיח איז דער ענין היחידה[80], און יחידה פון גאנץ כלל
ישראל אין אלע דורות, און ווייס נאך ענינים וואס חסידות
זאגט אויף משיח׳ן, צי ער פארשטייט וואס עס שטייט אין חסידות
אינגאנצן, צי דריי-פערטל, צי האלב, עכ"פ ווייס ער מעלת
משיח מער ובאי"ע פון יענעם וואס האט אים געפרעגט -

איז ווי קומט דאס טאקע - אזא ענין נעלה ווי משיח,
און אעפ"כ זאל מען דאס אראפלאזן צו קינדער כפשוטם?! און
בשעת ער רעדט מיטן צווייטן איז ער אים נאך מסביר די אלע
עילויים וכו׳ - פועל׳ט דאס א חלישות אויף אים!

אז מ׳פרעגט בא דיר א שאלה, וואס ווערסטו גלייך
צוטומלט - זעץ זיך אוועק א פאר מינוט און טראכט, אבער
טראכט מיט א יגיעה, וואס "יגעת ומצאת תאמין"[81]!

און טראכט מיט א זיכערקייט, אז וויבאלד דו גייסט אין
דער שליחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו - איז דאך א
דבר הפשוט אז דאס איז זיכער אמת!

און וויבאלד אז דאס איז זיכער אמת - איז זיי דאס
מסביר צום צווייטן בדרכי נועם ובדרכי שלום, ובמילא - אז
ער דארף אויך טאן אין דעם ענין.

כב. איז דער ביאור אויף דער טענה הנ"ל:

די גאנצע תורה איז דאך געגעבן געווארן צו יעדער אידן
(כנ"ל), און אויך צו א קינד, ווארום "תורה צוה לנו משה
מורשה קהלת יעקב",

ד.ה. אז מ׳דארף מחנך זיין א קינד אין אלע ענינים פון
תורה ומצוותי׳, ועאכו"כ בנוגע צו עיקרי האמונה, וואס

- עיקרי -

---

80) ראה סה"מ תרצ"ט ע׳ 207 בשם הרמ"ז. 81) מגילה ו, ב.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

עיקרי האמונה זיינען דאך י"ג עיקרים, איז איינער פון זיי[82] - דער עיקר אז "אחכה לו בכל יום שיבוא", וואס דאס איז דער ענין פון ביאת המשיח.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז מ'דארף מחנך זיין א קינד אויך אין דעם עיקר (ווארום אויב ניט איז דאס נאר צוועלף עיקרים, און עס זיינען דאך דא דרייצן עיקרים), דער ענין פון משיח.

און דאס דארף מען רעדן מיט יעדער קינד,

וואס לכאורה קען ער דאך טענה'ן: דער קינד געפינט זיך אין ארצות-הברית, איז גענוג אז ער וועט מיט אים רעדן וועגן תורה און מצוות, און אזוי ווי ארה"ב איז א מדינה אין וועלכע אלץ איז בהרחבה, ס'איז דאך א מלכות של חסד - וועט ער אויך דעם חינוך צופאסן צו די הנהגות פון דער מדינה; פארוואס דארף ער אים טומלען וועגן משיח?!

ער וועט נאר זאגן דעם קינד אז משיח איז א גאר געהויבענע זאך, ע"ד ווי א גילדענע כלי וואס מ'לייגט אויף א הויכע פאלקע, און בשעת ער וועט עלטער ווערן, דעמולט וועט ער אים דערציילן וועגן דעם מער באריכות וכו';

אבער גיין צום קינד און אים זאגן, שרייַ אז דו ווילסט משיח'ן, און זינג א "סאָנג" אויף ענגליש, און דערפאר וועסטו באקומען א צוקערקע - דאס, טענה'ט ער, ווי קען מען נעמען אזא הויכן ענין און אראפלאזן צו א קינד?!

אויף דעם זאגט מען אים: דאס איז איינע פון די י"ג עיקרים, און בכילא דארף מען דאס מסביר זיין צו א קינד און אים מחנך זיין אין דעם.

און אויב מ'לערנט דאס ניט מיטן קינד, איז דאס היפך אן עיקר אין אמונה, היפך התורה!

כג. ער טענה'ט אבער נאך אלץ:

היתכן צו נעמען אזא ענין נעלה ווי משיח, און עס פארבינדן מיט פרסים, צאַצקעס, און צוקערקעס, מיט אזעלכע ענינים פשוטים?!

איז דער ביאור בזה:

דער רמב"ם שרייבט בפירוש המשניות[83], און עד"ז איז אויך פארשטאנדיק פון הלכות תשובה להרמב"ם[84], אז דער חינוך פון א קינד דארף זיין אין אן אופן, אז פריער הויבט מען

- אים -

---

82) עיקר הי"ב. 83) לסנהדרין פרק חלק ד"ה וכת חמישית. 84) פ"י.



הנחה הה' בלתי מוגה

אים אן כהנך זיין דורך געבן אים ענינים וואס זיינען שייך צו אים, ממתקים וכיו"ב, און כבוד המדומה וכו׳.

וואס דאס איז דער ענין פון "מהוך שלא לשמה בא לשמה"[85], ד.ה. אז אנהויבן דארף מען מיט "שלא לשמה", מיט ענינים פשוטים.

און אע"פ אז עס דארף זיין לימוד התורה לשמה, וואס אפילו דער ענין פון ג"ע און עוה"ב איז נאך אלץ שלא לשמה, ווארום עס דארף זיין אינגאנצן "שלא על מנת לקבל פרס"[86] - איז אבער דערווייל, כל זמן ער האלט נאך ניט בא דעם לשמה, דארף מען אים מחנך זיין מיט ענינים וואס זיינען שייך צו אים, צי דאס איז פרסים, אדער געלט, אדער א צוקערקע וכיו"ב.

ווארום וויבאלד אז ער האלט נאך ניט בא העכערע ענינים - איז כדי צו פועל זיין אויף אים - מוז ער רעדן מיט אים לפי ערכו, וואס דאס זיינען ענינים פשוטים.

וואס דערפאר רעדט מען אז מ׳זאל מסביר זיין די קינדער דעם ענין פון משיח, און זיי אויך מסביר זיין אז בשעת משיח וועט קומען וועלן זיי האבן א ריבוי ממתקים וכיו"ב, וואס דוקא דערמיט קען מען אויף זיי פועל׳ן.

כד. דער ענין אז בכדי צו פועל זיין קיום המצוות דארף מען רעדן לפי ערכו פון דעם אויף וועמען מ׳דארף פועל זיין - געפינט מען אויך אין תורה שבכתב:

דער פסוק[87] זאגט "אם בחוקותי תלכו וגו׳ - ונתתי גשמיכם בעתם וגו׳", זעט מען אז בכדי צו פועל זיין אז מען זאל מקיים זיין מצוות - זאגט מען א שכר גשמי פון "ונתתי גשמיכם בעתם וגו׳".

און עד"ז געפינט מען אויך אין פסוק[88] "פותח את ידך ומשביע לכל חי רצון":

מפרשים[89] טייטשן אז דער ווארט "רצון" וואס שטייט אין פסוק מיינט - דער "רצון" פון דעם "חי" (פון דעם מענטש וואס בעט בא דעם אויבערשטן),

קומט אוים פון דעם פסוק, אז דער אויבערשטער עפנט-אויף אלע זיינע ענינים ("פותח את ידך") בכדי צו געבן דעם "חי" <u>זיין</u> "רצון", דאס וואס <u>ער</u> וויל.

- כה. -

---

85) פסחים נ, ב. רמב"ם שם ה"ה. הל׳ ת"ת פ"ג ה"ה. הל׳ ת"ת לאדה"ז פ"ד ס"ג. 86) אבות פ"א מ"ג. רמב"ם הל׳ תשובה שם ה"ד. 87) בחוקותי כו, ג-ד. 88) תהלים קמה, טז. 89) ראה פרש"י, מצו"ד ועוד עה"פ.

כה. עפ"ז וועט אויך ווערן פארשטאנדיק אן ענין וואס דער רמב"ם שרייבט בשייכות מיט משיח׳ס קומען:

דער רמב"ם שרייבט אין זיין ספר "יד החזקה" בסיומו[90], אלס א פס"ד להלכה, אז בשעה משיח וועט קומען וועלן "מעדנים" זיין "מצויין כעפר", וואס "מעדנים" מיינט דאך מעדנים בגשמיות כפשוטו, בשר שמן ויין ישן.

דלכאורה, דער רמב"ם רעדט דארטן וועגן וואס עס וועט זיין ווען משיח וועט קומען און שרייבט דאס אלס א הלכה, און ער זאגט אז דעמולט וועלן אידן ליגן אין פארשטיין אלקות, עס וועט זיין "ישיגו דעת בוראם" - איז ווי פאסט דארטן ארייך אז "מעדנים" וועלן זיין "מצויין כעפר", וואס מעדנים זיינען ענינים וואס זיינען שייך צו "משכא דחויא"[91], און זיי וועלן זיין "מצויין כעפר", אז מ׳וועט גארניט דארפן אנקומען צו קיין טירחא אויף דעם?!

איז דער ביאור בזה - ע"פ הנ"ל:

מיט שרייבן אז בשעת משיח וועט קומען וועלן מעדנים זיין "מצויין כעפר" וויל דער רמב"ם מסביר זיין דעם ענין פון משיח׳ס קומען אויך צו א קינד וכיו"ב וואס מעדנים זיינען ביי אים תופס-מקום, וואס צו א קינד זאגט מען ניט אז דורך משיח׳ס קומען וועלן ענינים אין תורה קלאר ווערן, ווארום אויף פארשטיין די מעלה שבזה דארף ער ווארטן ביז ער וועט עלטער ווערן, נאר מען מוז מיט אים רעדן דוקא וועגן ענינים פון מעדנים כנ"ל - וואס צוליב דעם שרייבט דער רמב"ם אז בשעת משיח וועט קומען וועלן מעדנים זיין "מצויין כעפר".

און אע"פ אז בשעת משיח וועט קומען וועלן די מעדנים זיין "כעפר", ווי דער דיוק בזה איז, וואס ער זאגט דא דעם לשון "כעפר" דוקא, אז דאס וועט זיין אזוי חשוב ווי "עפר", ד.ה. אז מען וועט ניט ליגן אין דעם, און דאס וועט ניט תופס-מקום זיין, ווארום מען וועט ליגן אין משיג זיין דעת בוראם (כנ"ל) -

איצטער אבער זיינען די מעדנים יע תופס-מקום ביי אים - זאגט אים דער רמב"ם אז דעמולט וועלן די מעדנים זיין "מצויין כעפר", ווארום דוקא דורך דעם קען מען אים דערנעמען.

כו. וואס ע"פ דעם וואס דער רמב"ם שרייבט - איז אויך פאדשטאנדיק האמור לעיל בנוגע צו מחנך זיין קינדער וועגן

- משיח׳ן -

---

90) סוף הל׳ מלכים. 91) ראה הניא פל"א (מ, ב. וראה בהנסמן בלקוטי הגהות לתניא שם). רפמ"ז.

משיח׳ן, אז מ׳דארף זיי זאגן אז לע"ל וועלן זיין א ריבוי ממתקים וכיו"ב -

דלכאורה: עס איז פארשטאנדיק אז תורה וועט ניט הייסן זאגן קיין ליגן - איז ווי הייסט דא תורה אזוי מחנך זיין א קינד, אז בכדי מ׳זאל אים דערנעמען, זאל מען אים זאגן אז בשעת משיח וועט קומען וועלן זיין א ריבוי ממתקים?!

וו׳באלד אבער דער רמב"ם שרייבט אז בשעת משיח וועט קומען וועלן מעדנים זיין "מצויין כעפר" - איז פארשטאנדיק, אז דער אמת איז אזוי, איז בשעת מען זאגט א קינד אז בשעה משיח וועט קומען וועלן זיין א ריבוי ממתקים, איז עס ניט נאר וואס אזוי זאגט מען אים - נאר אזוי איז דאס טאקע באמת (ס׳איז מערניט וואס מ׳וועט דעמולט ניט ליגן אין דעם, וכנ"ל).

כז. בשעת מ׳גיט די קינדער ענינים פון ממתקים וכיו"ב, דערפאר וואס זיי זיינען ניט שייך צו העכערע ענינים און דוקא דאס וועט זיי דערנעמען, איז ניט דער פשט אז זיי האבן נאר דעם ענין פון די ממתקים גשמיים אליין, ווארום אויב אזוי איז דאס שלא לפי ערך דעם ענין צו וועלכן מ׳וויל זיי באמת מחנך זיין, נאר - אין די ממתקים איז דא אויך אן ענין נעלה,

ובדוגמא ווי דאס איז אין די קאָלירטע זאכן וואס מ׳גיט "צבאות השם" דערפאר וואס דאס איז לפי ערכם:

דער טעם פארוואס עס זיינען דא דברים גשמיים וואס האבן אין זיך דעם ענין היופי, און אנדערע וואס האבן אין זיך ניט דעם ענין היופי, איז - דערפאר וואס די ענינים וואס האבן אין זיך דעם ענין היופי - האבן אין זיך א ניצוץ קדושה מיוחד וואס איז שייך לענין היופי[92],

וואס דערפון קומט אויס, אז בשעת מ׳גיט די קינדער קאָלירטע זאכן, דערפאר וואס דאס איז לפי ערכם - זיינען פאראן אין דעם די ניצוצי קדושה המיוחדים;

וואס עד"ז איז אויך אין די עניני ממתקים וואס מען גיט די קינדער - אז עס איז דא אין זיי א ניצוץ מיוחד, וואס דערפאר זיינען זיי ממתקים בגשמיות.

כח. א דוגמא לדבר:

עס איז ידוע דער מנהג[93] אז בשעת דער קינד הויבט אן - לערנען -

---

92) ראה לקו"א להה"מ סי"ט (בהוצאת קה"ת - ז, ד).
93) ראה סה"ש תש"א ע׳ 30. וראה בהנעתק ב"מקורות לתולדות החינוך בישראל" (ש. אסף) ח"א ע׳ נט.

לערנען, ווארפט אויף אים דער טאטע צי א ברודער וכיו"ב, צוקערקעס, און מ'זאגט איס אז די צוקערקעס ווארפט מלאך מיכאל, דער שר של ישראל[94].

[אנדערע ווילן זאגן אז דאס איז א מנהג נשים - פסק'נט אבער דער רשב"א[95] אז אפילו אלע הכמי ישראל קענען ניט מבטל זיין קיין מנהג נשים זקנות, ווארום אויך א מנהג נשים זקנות איז תורה הוא].

וואס לכאורה: ווי זאגט מען דעם קינד אז מלאך מיכאל ווארפט די צוקערקעס - בשעת דאס ווארפט אן אנדערער?!

האט מען אמאל מבאר געווען אין דעם באריכה[96], אז דער אמת איז טאקע אזוי, אז די צוקערקעס ווערן נמשך פון מלאך מיכאל, און דער וואס ווארפט זיי ווארפט בשליחות פון מלאך מיכאל, וואס אויך ע"פ נגלה, ע"פ הלכה, איז "שלוחו של אדם כמותו"[97], און דאס וואס זייער יד ווארפט - איז דאס דער יד פון מלאך מיכאל וואס ער איז מגין על ישראל.

ד.ה. אז אע"פ אז דער קינד באקומט לכאורה ממתקים גשמיים - זיינען זיי אבער ניט נאר ממתקים גשמיים, נאר עס איז אין זיי דא אויך בהי' מלאך מיכאל.

וואס עד"ז איז דאס אויך אין קאלירטע זאכן און ממתקים וכיו"ב וואס מען גיט צו קינדער, דערפאר וואס די ענינים זיינען לפי ערכם - אז אע"פ אז זיי זיינען לכאורה נאר ממתקים גשמיים - איז אין זיי דא א ניצוץ קדושה מיוחד.

כט. און אע"פ אז דער קינד ווייס ניט פון דעם ניצוץ, און ער ווייס נאר די גשמיות'דיקע גוטסקייט וואס איז דא אין דעם - איז אבער דער ניצוץ פועל פעולתו אויך אן זיין וויסן,

און ווי מ'געפינט עס אין דער תורת האריז"ל[98] אויפן פסוק[99] "כי לא על הלחם לבדו יחי' האדם כי על כל מוצא פי ה' יחי' האדם", וואס דער אריז"ל איז מבאר, אז דאס וואס איז מחי' דעם מענטשן איז דאס דער "מוצא פי ה'", דער ניצוץ קדושה וואס איז דא אין דעם מאכל:

עס זיינען דא אזעלכע מענטשן וואס ווייסן כלל ניט פון אט-דער הורה פון דעם אריז"ל, און זיי ווייסן ניט פון דעם

- גאנצן -

------------

94) ראה דניאל י, כא ובמצו"ד שם. וראה שמו"ד פי"ח, ה. 95) בשו"ה שלו - הובא בשו"ת השיב משה רסי"ג. 96) שיחת ש"פ פינחס תשל"ד; זאת חנוכה תשל"ט סכ"ח. 97) ברכות לד, ב (במשנה). טור חו"מ ר"ס קפב. 98) ל"ת להאריז"ל עה"פ עקב ח, ג. וראה לקו"ת צו יג, ב ואילך. 99) עקב שם.

גאנצן עניין פון בירור הניצוצה - און אעפ"כ איז דער מאכל זיי מחי'!

איז דערפון א ראי', אז דער ניצוץ איז אלעמאל פועל פעולתו, אע"פ אז מען ווייס ניט וועגן אים.

ועד"ז איז אויך אין דעם וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת[100], אז דער טעם פארוואס ברכת המזון, "וברכת"[101], דארף מען מאכן (מן התורה) נאר ווען ער האט געגעסן א שיעור וועלכער איז כדי שביעה[102] - איז דערפאר וואס כדי צו מאכן ברכת המזון דארף מען האבן א געוויסן שיעור ניצוצה וואס דאס האט ער דוקא ווען אכל כשיעור משא"כ אויב אכל פחות מכשיעור [וואס דעמולט דארף מען מאכן נאר די ברכה ראשונה[103] דערפאר וואס "נהנה מקדשי שמים"[104], אבער ברכת המזון איז פארבונדן דוקא מיט דעם געוויסן שיעור ניצוצה].

וואס עס זיינען דאך דא אזעלכע מענטשן וואס ווייסן ניט פון די ענינים - איז ווי אזוי זיינען זיי מברך ברכת המזון?!

איז דערפון א ראי' אז אע"פ וואס ער ווייס ניט דערפון - איז דער ניצוץ פועל פעולתו.

וואס עד"ז איז מובן אויך אין די זאכן וואס מ'גיט דעם קינד, אז אע"פ אז דער קינד ווייס נאר פון די גשמיות שבדבר, און ער ווייס ניט וועגן דעם ניצוץ קדושה המיוחד וואס איז דא אין דעם - אעפ"כ איז דער ניצוץ פועל פעולתו,

ובפרט אז קינדער זיינען בבחי' "הבל שאין בו חטא"[105].

ל. נוסף אויף די הוכחות הנ"ל, אז מ'נעמט געהויבענע ענינים און מ'לאזט זיי אראפ אין ענינים פשוטים - געפינט מען במיוחד בנוגע צו היינוקוה א פלא'דיקן מדרש:

אויפן פסוק[106] "ודגלו עלי אהבה" זאגט דער מדרש[107]: "אפילו התינוק מדלג על האזכרה כמה פעמים . . אמר הקב"ה ודילוגו עלי אהבה",

ד.ה. אז אפילו אויב קינדער, תינוקות של ביה רבן, טאנצן אדער שפרינגען (כדרך התינוקות, אז זיי טאנצן און שפרינגען פארן לערנען צי נאכן לערנען) אויף "שמות" פון

- קלף -

---

100) נשא כו, ד. וראה שם, סע"א ואילך. 101) עקב שם, י. 102) שו"ע אדה"ז או"ח סקפ"ד ס"ב. סדר ברכה"נ לאדה"ז רפ"ב. 103) טושו"ע או"ח ד"ס רי. שו"ע אדה"ז שם סקס"ח ס"ז. 104) ברכות לה, סע"א. שו"ע אדה"ז שם ר"ס קסז. 105) שבת קיט, סע"ב. 106) שה"ש ב, ד. 107) שהש"ר פ"ב, ד.

קלף, אדער ווי דאס איז בזמננו - פון ספרים [וואָרוס זיי ווייסן ניט די קדושה פון דעם ענין, אדער אפילו אז זיי וויסן יע - קענען זיי זיך ניט אפהיטן אין דעם] -

זאגט דער אויבערשטער אויף דעם, אז דאס איז טאקע "עלי", אבער ביחד ע"ז איז דאס "(דילוגו עלי) אהבה", אז ניט נאר זיי מעגן דאס טאן, נאר - דער אויבערשטער זאגט גאר אויף דעם אז דאס איז ביי אים "אהבה", ווארום דאס טוען הינוקות של בית רבן, און "כי נער ישראל ואוהבהו"[108].

און די הדגשה דערפון איז עד כדי כך, אז תושבע"פ קומט צוגיין און שטעלט-איבער תושב"כ: אין תושב"כ שטייט "ודגלו" - זאגט אבער תושבע"פ אז מען זאל לייענען "ודילוגו"!

וואס פון דעם מדרש זעט מען נאכמער, ווי גרויס דער ענין פון אראפלאזן זיך צו תינוקות איז, ביז אז דער אויבערשטער אליין לאזט זיך צו זיי אראפ אז זיי זאלן שפרינגען און טאנצן אויף זיינע שמות, און זאגט אויף דעם אז דאס איז אן ענין פון אהבה!

לא. וואס דאס איז א בפירוש'ער מדרש, און דרשנים נוצן דעם מדרש אין זייערע דרשות - און אעפ"כ בשעת מ'פרעגט ביי אים א שאלה, ווי קומט דאס צו אראפלאזן אזא ענין נעלה ווי משיח צו קינדער - ווערט ער איינגאנצן צוטומלט!

לכל לראש - דארף ער וויסן אז דער ענין איז אמת!

לכל לראש - דארף ער וויסן אז דאס איז אמת לאמיתתו!

לכל לראש - דארף ער וויסן אז וויבאלד דאס איז א שליחות פון נשיא דורנו - האט דאס א שייכות צו די קינדער פון דעם דור!

און אויב נאר ער וועט ניט גלייך צוטומלט ווערן, נאר ער וועט זיך אין דערויף אריינטראכטן, וועט ער זעהן אז אזוי האט גע'פסק'נט דער רמב"ם, און נאך פאר אים - שלמה, וואס דעמולט איז געווען א נתינה מקום לשאלה צי דער "חנוך לנער" דארף זיין "ע"פ דרכו", אדער באופן אחר - און מ'האט אפגע'פסק'נט אז עס דארף זיין "ע"פ דרכו"[109],

ובמילא דארף ער מסביר זיין דעם ענין פון משיח צו אלע קינדער, צו אמעריקאנער, צו פראנצויזישע, און צו ענגלישע, און רעדן צו יעדערן אין זיין אופן.

און אויב ער טוט ניט אזוי - איז ער מועל אין דער

- שליחות -

---

108) הושע יא, א. וראה ד"ה כי נער ישראל ואוהבהו הרס"ו (המשך הרס"ו ע' תקנ ואילך). 109) משלי כב, ו.

שליחות אויפן ענין החינוך!

ווארום מ׳האט איבערגעגעבן די קינדער אויף צו מחנך זיין זיי אין אלע ענינים פון הורה, וואס איז "תורה אחה", ועאכו"כ אז מ׳קען ניט פאנאנדערטיילן אין די י"ג עיקרים,

און דער אופן החינוך, כדי אז באם קינד זאל זיין דער "אחכה לו", ער זאל שרייען אז ער וויל האבן משיח׳ן - דארף זיין מיט א צוקערקע, און מיט פרסים וכו׳, ווארום צו די ענינים האט דער קינד א שייכות, כשא"כ צו ענינים נעלים.

און וויבאלד אז דאס איז א שליחות פון נשיא דורנו - דארף ער ארויסגיין און זעהן אז יעדער קינד פון דעם דור זאל מקיים זיין תומ"צ, און שרייען אז ער וויל משיח׳ן,

וואס דא מיינט מען ניט אזוינע קינדער ווי די קינדער וואס זיינען געווען בדורו של חזקיהו, וואס בימיו איז "בדקו מדן ועד באר שבע . . ולא מצאו תינוק ותינוקה . . שלא היו בקיאין בהלכות טומאה וטהרה"[110] - איז בא חזקיהו טאקע געווען "ביקש הקב"ה לעשות חזקיהו משיח"[111], אבער בפועל האט זיך עס ניט אויסגעלאזן[112];

דא רעדט מען אבער וועגן קינדער וואס געפינען זיך אין דעם איצטיקן דור - דער דור פאר משיח׳ן, במילא דארף מען ארייננעמען און דערציילן צו קינדער וועגן משיח.

לב. ויהי רצון אז נאך דער גאנצער אריכות הדיבור, זאל מען טאן בפועל אין דעם ענין פון "צבאות השם".

וכמדובר לעיל (סי"ב-יג) די הוראה מיוחדת פון אונזער סדרה פון דעם ענין הכרובים, "כרביא", וואס דאס איז אן ענין וואס מ׳קען עס מסביר זיין צו קינדער -

אז מ׳האט געדארפט מאכן "כרובים" פון דעם כפורת צו מגין זיין און פארהיטן אויף דעם ארון מיט די לוחות, וואס די כרובים זיינען געווען בצורה פון מענטשן - האט מען ניט געמאכט א צורה פון א אידן מיט א ווייסע באדד, נאר א צורה פון קינדער דוקא,

ובפרט לויטן ביאור פון "לשון אדמו"ר נ"ע בעצמו" אז דער ענין הכרובים איז דער ענין פון ז"א ומלכות, וואס אין ז"א ומלכות זיינען דאך דא כמה ציורים - אעפ"כ אויף די כרובים האט מען אויסגעקליבן דוקא א ציור פון א תינוק און א תינוקת ווי זיי געפינען זיך דא למטה -

- וואס -

---

110) סנהדרין צד, ב. 111) שם, א. 112) ראה שיחת עשרה בטבת תשל"ט ס"ד.

וואס דערפון זעט מען דעם גודל החביבות צו קינדער, "כי נער ישראל ואוהבהו".

און מ'קען זיי אויך מסביר זיין אז אן זיי הענגט אפ די הגנה פון דער תורה, ע"ד ווי די כרובים דוקא האבן אפגעהיט דעם ארון מיט די לוחות וכו' (כנ"ל סי"ג),

וואס עד"ז איז געווען בא מתן תורה, אז דער אויבערשטער האט געגעבן די תורה דוקא דורך דעם וואס "בנינו ערבים אותנו"[113], ד.ה. אז די קינדער זיינען די וואס היטן אפ די תורה שטענדיק.

לג. דאס וואס מ'זאגט אז די הגנה אויף דעם ארון, אויף דער תורה, איז דורך קינדער דוקא, איז פארשטאנדיק פון דעם מאמר חז"ל[114] אז "כל אחד ואחד חייב לומר בשבילי נברא העולם", ד.ה. אז ער איז דער בעה"ב אויף דער גאנצער וועלט, און אלץ הייגנט אפ אן אים.

וואס אין דעם איז דא אן ענין וואס מ'איז ניט משים לב:

בשעת מ'זאגט "בשבילי נברא העולם" איז דאס כולל אויך תורה, אז צוליב אים איז דא תורה, ווארום אפילו אז ער וויים ניט פון אצילות - איז דא אצילות שבעשי', און אויך - פון דעם פסוק וואס מ'לערנט אפ (אן ענין שע"ד "בשבילי נברא העולם" -) אז "כל מה שברא הקב"ה בעולמו, לא בראו אלא לכבודו"[115], זעט מען אז עס זיינען דא ד' עולמות, ביז אויך עולם האצילות[115*],

און נוסף לזה, ועיקר - איז דאך דא תורה אין עולם העשי', וואס תורה "לא בשמים היא"[116], איז בשעת מ'זאגט "בשבילי נברא העולם" - איז דאס כולל אויך תורה.

און וויבאלד אז אויך תורה איז "בשבילי" - איז פארשטאנדיק אז די הגנה אויף תורה הענגט אפ אן אים.

לד. וכאמור לעיל, אז מ'זאל רעדן מיט קינדער וועגן ביאת המשיח, ווארום יעדערער פון זיי האט א שייכות צו משיח:

והביאור בזה: יעדער קינד האט די גאנצע תורה בירושה, ווארום "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב",

וואס דאס איז ניט נאר ווען "מתחיל לדבר" וואס דעמולט איז "אביו מלמדו תורה"[117], אדער דערנאך ווען ער ווערט א "בן

- חמש -

------------

113) שהש"ר פ"א, ד [א]. 114) סנהדרין לז, סע"א במשנה. 115) ישעי' מג, ז. אבות ספ"ו. *115) לקו"ת ויקרא ה, ד. 116) ב"מ נט, ב. 117) ספרי (הובא בפרש"י) עה"פ עקב יא, יט. סוכה מב, א. הל' ת"ת לאדה"ז רפ"א.

חמש למקרא" אדער א "בן עשר למשנה", נאר - דערפון וואס דאס איז א ירושה איז פארשטאנדיק, אז גלייך ווי ער ווערט געבארן[118] (נאך פאר דעם וואס "מתחיל לדבר") האט ער שוין דעם ענין ההורה, עס איז מערנים וואס בפועל קען מען עס מיט אים ניט לערנען ביז ער איז "מתחיל לדבר",

אבער אויך פאר דעם איז ער יורש גאנץ תורה, ווארום ער איז ווי א בן יחיד[119], און עד"ז א בת וואס אויב זי איז א בת יחידה איז זי יורש הכל[120].

און אין הורה איז דא דער ענין פון משיח, ואדרבה, דער עיקר ענין פון משיח איז דא אין תורה - משיח הויבט זיך אן אין תורה, און דערנאך קומט ער אראפ אין וועלט, "אסתכל באורייתא וברא עלמא"[121].

וואס דערפון קומט אוים, אז א קינד גלייך ווי ער ווערט געבארן איז ער יורש דעם ענין פון משיח.

און דערפאר איז פארשטאנדיק דאס וואס מ'דארף אויך מיט אים רעדן וועגן משיח.

לה. וואס דאס אלץ וועט ברענגען משיח'ן,

וואס דעמולט וועט זיין דער ביהמ"ק השלישי והנצחי[122], עס וועט זיין "ועשו לי מקדש", און ווי עס שטייט אין רמב"ם[123] אז דאס איז א ציווי אויך אויף אלע בתי מקדשים,

ובפרט אז ער איז שוין בנוי מלמעלה, און ער וועט יורד זיין למטה[124].

* * *

לו. בהמשך להמדובר לעיל וועגן דעם ענין פון כרובים, אז דאס איז מלשון "כרביא", קינדער, און דאס וואס דער אלטער רבי זאגט אז דאס איז דער ענין פון זו"נ, ז"א ומלכוה, ביז ווי דאס איז קינדער כפשוטם, און ווי מ'האט פריער גערעדט אז דאס איז שייך צו "צבאות השם" -

זיינען דא נאך ענינים בקשר מיט "צבאות השם".

מ'האט גערעדט אמאל[125], אז אע"פ אז דער ענין פון "צבאות

- השם" -

---

118) ראה מס' נדה מד, רע"א. 119) ראה כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קלג. וש"נ. 120) ראה שיחת יום ה', ער"ח סיון תש"מ סוסט"ו ובהע' 77 שם. 121) זח"ב קסא, ב.
122) ראה זח"א כח, א. ח"ז רכא, א. 123) ריש הל' ביהב"ח. סהמ"צ מע' כ. 124) פרש"י ותוס' סוכה מא, סע"א. ועוד.
125) שיחת יום ד', כ"ח תשרי שנה זו ס"ח ואילך.

השם" דארף זיין שטענדיק, און אויף אן איש צבא דארף זיך שטענדיק זעהן אז ער איז אן איש צבא - ניט נאר בשעת המלחמה, נאר אויך בשעת ער גייט לכלחמה, און אפילו בשעת ער קערט זיך אום פון מלחמה, און אויך ווען ער געפינט זיך בביתו קען מען אויף אים דערקענען אז ער איז אן איש צבא, ד.ה. אז ער איז אלעמאל אן איש צבא -

אעפ"כ איז אין דערויף גופא - זאל מען מזמן לזמן פאנאנדערטיילן דעם ענין פון "צבאות השם" אויף פארשידענע ענינים, אז אין א געווויסן זמן זאל מען לייגן א הדגשה מיוחדת אויף טאן בעיקר אין א געוויסן ענין, און אין אן אנדער זמן אן אנדער ענין, ובלשון וואס ווערט געבראכט אין חסידות[126]: אין יעדער זמן זאל זיין די "אטאקע" אין א געוויסן ענין.

לז. דער ענין אז עס זיינען דא שינויים מזמן לזמן איז אן ענין וואס איז שטענדיק דא:

ס׳איז פארשטאנדיק אז עס איז דא א חילוק צווישן יום השבת מיט די ששת ימי החול;

עד"ז האט זיך יעדערע פון די ששת ימות החול א באזונדער ענין, "כל יומא ויומא עביד עבידתי׳",

און ווי מ׳זעט עס אין דעם ענין פון "שיר של יום", אז יעדער טאג איז דא אן אנדער שיר, אן אנדער זינגען צום אויבערשטן, וכמבואר אין גמרא ראש השנה[127] אז די שינויים פון דעם "שיר של יום" פון איין טאג מיטן צווייטן זיינען כנגד די ענינים וואס זיינען געווען יעדער טאג פון די ששת ימי בראשית - קומט אוים אז עס זיינען דא שינויים צווישן איין טאג מיטן צווייטן; עד"ד איז אין יעדער טאג גופא - זיינען דא די שינויים פון ערב בוקר און צהרים, און עס זיינען דא שינויים משנה לשנה, ביז אויך - מרגע לרגע, אז יעדער רגע איז אנדערש פון דער צווייטער -

ווארום אין יעדערן פון די פארשידענע זמנים איז דא אן אנדער המשכה ואור.

וואס אין די אלע שינויים איז דא א צד-השוה - אז זיי זיינען אלע אן ענין פון עלי׳, ווי די גמרא[128] זאגט "מעלין בקודש", און איז דערנאך גלייך במשיך "ואין מורידין".

און אפילו ווען ס׳איז דא א ירידה, איז דאס ירידה

- צורך -

---

126) כהי"ק הצ"צ - נעתק ב"ההמים" חוברת ג קכ, א.
127) לא, א. 128) ברכות כח, א. וש"נ.

צורך עלי׳, ד.ה. אז די ירידה איז צוליב די עלי׳ באין ערוך צו וועלכע מ׳קען צוקומען נאר דורך דער ירידה;

עכ"פ זעט מען דערפון אז דער צד-השוה פון אלע שינויים איז - דער ענין העלי׳, אז זיי זיינען אלע אן ענין פון עלי׳.

לח. עס איז אבער פארשטאנדיק, אז אע"פ אז עס זיינען דא שינויים שטענדיק - איז אבער ווען עס ענדיקט זיך א תקופה, און עס הויבט זיך אן א נייע תקופה - זיינען דעמולט דא במיוחד שינויים אין עבודה (בכלל).

עד"ז איז אין דעם ענין פון "צבאות השם", אז ווען עס ענדיקט זיך א תקופה און עס הויבט זיך אן א נייע תקופה - זיינען דעמולט דא ענינים וועלכע מ׳דארף במיוחד באווארענען.

לט. בכלל זיינען דא במשך פון א יאר פיר תקופות, "קיץ", "חורף", "סתו" און "אביב".

איז אזוי ווי איצטער ענדיקן זיך די ימות החורף, און מ׳גייט אריין אין תקופת האביב, וואס דערנאך קומט מען צו ימות הקיץ,

[וואס אזוי איז דאס אין חצי כדור העליון, וואו ס׳איז געגעבן געווארן די תורה[129], און אויך אין חצי כדור התחתון - אין די ערטער וואס זיינען מכוון כנגד ארץ ישראל לענין התקופות] -

זיינען דא ענינים וואס מ׳דארף שוין באווארענען במיוחד בנוגע צו קיץ.

וואס אע"פ אז עס איז נאך דא צייט ביזן קיץ - איז אבער איצטער דער זמן צו באווארענען וועגן דערויף. ובפרט אז עס זיינען דא אזעלכע וואס זיינען מקדים דעם זומער נאך איידער ווי עס שטייט אין "קאַלענדר".

מ. דער ענין מיוחד וואס מ׳דארף (איצטער) באווארענען בנוגע צו ימות הקיץ, איז - דער ענין הצניעות[130]:

בשעת עס איז ימות הגשמים - דארף מען ניט אויף אזוי פיל באווארענען דעם ענין הצניעות, וויבאלד אז דעמולט איז סיי-ווי דא דער ענין, ווארום אויב א חלק פון גוף וועט זיין גלוי - וועט ראך אהינצו אנקומען דער גשם, צי דער קור וצינה וכו׳ -

- משא"כ -

---

129) ראה סה"מ תש"ח ע׳ 232 ואילך. 130) ראה גם לקו"ש חי"ג ע׳ 84 הע׳ 34.

כשא"כ בקיץ, דארף מען באווארענען דעם ענין הצניעות.

און אע"פ אז אויך בימות הגשמים דארף מען באווארענען דעם ענין הצניעות, וויבאלד אז די עניני צניעות זיינען אויך בשעת כ׳געפינט זיך אין שטוב, ביז ווי "קמחית" (אמו של ר׳ ישמעאל) האט געזאגט[131] אז "מימי לא ראו קורות ביתי קלעי שערי" [וואס "קורות" איז נאר אן ענין של צומח, און נאכמער, בשעת עס ווערט "קורות ביתי" איז דאס אן ענין דומם; האט זי געזעהן אז אויך קורות ביתה זאלן ניט זעהן את שערות ראשה],

קומט דאך אויס אז אויך דעמולט דארף מען באווארענען בעניני צניעות, ווארום אין שטוב איז ניט קיין מקום גשם וקור וצינה וכו׳ -

אעפ"כ אבער איז דאס ניט בדומה צו ימות הקיץ, ווארום דעמולט דארף מען דאס באווארענען ניט נאר בשעת מ׳געפינט זיך אין שטוב וכו׳.

מא. דער ענין פון צניעות, איז שלא כדעת הטועים אז דאס איז נאר בא נשים, וואס "כל כבודה בת מלך פנימה"[132], אבער צו מאנסביל האט עס קיין שייכות ניט - נאר דער ענין איז דא אויך בא מאנסביל, ווי דער דין איז אין שו"ע[132*], אז אויך ביי אנשים איז דא דער ענין הצניעות.

וואס דאס איז במיוחד נוגע צו באווארענען בימות הקיץ, ווארום בשעת עס קומט זמן הקיץ, און איינער פון "שפיץ חב"ד" פארט (אויך) צו א "באַנגאַלאָ קאָלאָני" - טוט ער זיך דארטן אָן נאר מיט מכנסים "ממתנים ועד ירכיים", און מער גארניט! פונקט אזוי ווי עס שטייט[133] בא כהנים.

וואס ווי עס זעט אויס (וואס דאס איז אויך א לימוד זכות אויף אים) - ווייס ער ניט פון דעם דין אין שו"ע אז אויך ביי אנשים איז דא דער ענין הצניעות,

און דערצו טענה׳ט ער: אזוי זיינען די כהנים געגאנגען אנגעטאן, מכנסים "ממתנים ועד ירכיים", און דאס שטייט אין הורה - וויל ער אויך אזוי גיין אנגעטאן!

כהנים אבער, האבן געטראגן צו די מכנסים נאך לבושים, דער מעיל וכו׳, וואס די אנדערע לבושים האבן צוגעדעקט כל חלקי הגוף - משא"כ ער טראגט נאר די מכנסים "ממתנים ועד

- ירכיים" -

---

131) יומא מז, א. 132) תהלים מה, יד. וראה גם ירושלמי יומא פ"א ה"א (ד, ב). הובא בפרש"י ד"ה לא ראו - יומא שם.
132*) ראה שו"ע אדה"ז או"ח רס"ב. 133) תצוה כח, מב.

ירכיים", און למטה פון די "ירכיים" - גארניט, און למעלה פון די "כהנים" - גארניט,

ונוסף לזה - די כהנים האבן זיך דערביט ניט בארימט, ער אבער גייט און בארימט זיך דערמיט!

וואס צו מיר איז דערגאנגען א "פיקטשער" פון איינעם וואס גייט אזוי אנגעטאן, דלכאורה אז דו גייסט אזוי - וואס דארפסטו אבער אז מ׳זאל פון דיר נעמען א "פיקטשער" ווי דו שטייסט אין דעם מעמד ומצב, און אזוי זאלסטו בלייבן לזכרון עולם, אז דיינע אייניקלעך זאלן קענען זעהן ווי דו ביסט אנגעטאן מיט מכנסים "ממתנים ועד ירכיים"?!

און ער מאכט דערפון אזא פרסום - ביז אז די פיקטשער איז צו מיר דערגאנגען.

ס׳איז ניט וואס אימעצער האט געוואלט אויף אים מסר׳ן, נאר אדרבה: מ׳האט געוואלט באווייזן ווי עס פירט זיך דארטן בהידור: מזוזה אויף אלע טירן, נשים און אנשים באזונדער, ווי עס פאסט טאקע פאר שפיץ הב"ד כפשוט - גיב איך א קוק, זעה איך ווי ער, פלוני בן פלוני פון שפיץ חב"ד, זיצט אזוי אנגעטאן (וואס ביי מיר איז קיין ספק ניט אז דאס איז ער)!

וואס אזוי איז ער געגאנגען אנגעטאן החת כיפה השמים, וכמובן ניט במקום וואו נשים האבן זיך געפונען, ווארום וואו עס זיינען דא נשים וועט ער ניט זיין אזוי אנגעטאן,

ועאכו"כ ניט בפני אשתו, ווארום די בעל-הבית׳טע זיינע וואלט אים געבן מיט א טעלער איבערן קאפ!

בשעה ער געפינט זיך אבער ניט בביתו - גייט ער אזוי אנגעטאן, ווארום ער ווייס פשוט ניט אז צניעות איז דא אויך ביי אנשים.

וואס עס זיינען דא די הלכות[134] ווי מ׳דארף זיך פירן באופן של צניעות, נאר מגלה טפח וטפחיים, און ווי מ׳דארף זיך פירן לפני זה ולאחרי זה.

און דא איז געווען א סאך מער דערפון, ווארום קומת אדם איז דאך ג׳ אמות בערך[135], און "ממתנים ועד ירכיים" איז א קארגע אמה - קומט אויס אז דא איז געווען בגלוי צוויי אמות!

וואס אויפן פיקטשער איז געווען קענטיק, אז ניט מ׳האט עס אים אזוי אדאפגעכאפט, נאר ער האט געוואוסט דערפון, און

- ער -

---

134) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח ס"ג. 135) ראה הוד"ה ברוס - פסחים קט, ב. ד"ה והכוכין - ב"ב ק, ב. שו"ת תשב"ץ ח"א סי"ד.

ער קוקט אויס אז ער האט הנאה דערפון, אז ס'איז געווען ברצון, ווי מ'זאגט "על חטא שחטאנו לפניך ברצון", און ניט נאר ברצון - נאר מיט תענוג!

וואס כל זה איז א מאמר המוסגר בנוגע צו אנשים, אבער דער עיקר וואס מ'וויל באווארענען (דערפאר וואס עס גייט צו קיץ) איז - בנוגע צו נשים, און אן ענין כללי אין צניעות אז עס דארף זיין אנשים באזונדער און נשים באזונדער.

מב. אין דעם ענין הצניעות בשייכות מיט נשים, איז דא אן ענין וואס לאחרונה איז אין דעם געווארן א שינוי, בכדי צו מאכן לייכטער דעם נסיון:

בשעת עס האט זיך געביטן דער "אדון הגדול" אין עיר הבירה, איז איינע פון די ערשטע זאכן וואס ער האט געטאן און געבעטן וכו', איז געווען - אז נשים (וואס ארבעטן אין משרדי הממשלה) דארפן גיין אין מלבושי נשים - שמלות,

וואס דאס מאכט לייכטער דער נסיון אין דעם ענין.

וואס עס זיינען דא רבנים הידועים, וואס אנשטאט דעם אז עס זאל זיין "בקעה מצא וגדר בה גדר"[136] - איז בשעת "בקעה מצא" זיינען זיי נאך מער פורץ גדר, ווארום זיי טענה'ן אז דאס איז די וועג דורך וועלכע מ'וועט צוציען נאך אידן, זיי זאלן דערגרייכן נאך טיפער אין אידישקייט,

וואס דערפאר איז אין זייער עזרת נשים זיינען דא אזעלכע וואס גייען אנגעטאן מיט מכנסים, וואס מכנסים איז א לבוש פון אנשים, ניט קיין לבוש נשים.

וואס איינער א רב האט צו מיר גע'טענה'ט: עס זיינען דאך דא אנדערע כדינוה וואס דארטן גייען אזוי אנגעטאן נשים?

האב איך אים אויף דעם געענטפערט: דארטן גייען אזוי אנגעטאן נשים דערפאר וואס דארטן זיינען מכנסים א לבוש נשים; דא מוט מען זיך אזוי אן דערפאר וואס דאס איז א לבוש אנשים, וואס זיי ווילן ווייזן אז זיי קענען זיך אויך אזוי אנטאן.

זאגט מיר דער רב: בא מיר האט איר גע'פועל'ט; עס דארף דאך אבער פועל זיין אויף די וואס זיצן ביי אים אין עזרת נשים, און מ'דארף דאך מאכן א חשבון פון "יצא שכרו בהפסדו" און "יצא הפסדו בשכרו"[137] וואס קען ווערן דורך אזא דרך בנוגע צו זיי צוציען צו אידישקייט וכו',

איז דער ענטפער אויף דעם: עס איז ניט דיין שכר און

- ניט -

------------

136) עירובין ו, א. וש"נ. 137) ראה אבות פ"ה מי"ב.

ניט דיין הפסד! נאר אזוי זאגט הורה, און אט-דאס דארפסטו איבערגעבן, און אן קיין פשרות, ווארום פון גוי׳שקייט קען קיין אידישקייט ניט ארויסקומען.

און דאס וואס ער טענה׳ט אז עס איז שווער דאס צו פועל זיין - איז דאס ווי מ׳זאגט דא - ער איז אין "גוד קאמפאני", אזוי איז געווען אויך בא משה רבינו (בנוגע צו א הנהגה בלתי רצוי׳): משה האט געזאגט[138] "עוד מעט וסקלוני", און נאך פאר מתן תורה, זייענדיק אין מצרים, האט ער שוין געזאגט[139] "והן לא יאמינו לי",

האט מען אים אבער אויף דערויף געענטפערט[140]: ווי קען מען חושד זיין אידן - אידן זיינען דאך "מאמינים בני מאמינים".

און דער עיקר איז, אז מ׳דארף זיי זאגן אז מ׳טאר אזוי ניט גיין אנגעטאן, און ס׳דארף זיין נרגש אין זיין דיבור אז ער אליין האלט אזוי, און ניט אז ער זאגט דאס נאר דערפאר וואס ער דארף אזוי זאגן, ווארום אזוי האט אים אימעצער אנגעזאגט, נאר ער האלט אזוי, וואס דעמולט איז "דברים היוצאים מן הלב נכנסים אל הלב וכו׳"[141], אז דאס גייט ארייז צו יענעם אין פנימיות הלב, אע"פ אז אינמיטן איז נאך דא חיצוניות הלב.

ובאמור, דאס וואס ער טענה׳ט אז אין אנדערע לענדער גייען נשים אזוי אנגעטאן - איז נוסף לזה אז דארטן איז די מציאות אן אנדערע, וואס דארטן זיינען די מכנסים רחבים וכו׳, וואס דאס איז כלל ניט די זעלבע זאך -

קומט אויך צו, והוא העיקר, אז דארטן גייען זיי אזוי אנגעטאן דערפאר וואס דארטן איז דאס א לבוש נשים, משא"כ דא גייען זיי אזוי אנגעטאן דערפאר וואס דא איז דאס א לבוש אנשים, וואס זיי ווילן ווייזן אז זיי קענען אויך אזוי גיין אנגעטאן.

ובאמור לעיל, בכדי צו מאכן לייכטער דעם נסיון אין די עניני צניעות, און דעם לאו פון "לא יהי׳ כלי גבר על אשה"[142], ועד"ז דעם לאו פון "ולא ילבש גבר שמלת אשה"[142] - האט דער "אדון הגדול" אנגעזאגט אז אלע אנגעשטעלטע נשים אין משרדי הממשלה דארפן גיין אנגעטאן אין מלבושי נשים.

וואס כנ"ל, איצטער איז במיוחד די צייט צו באווארענען עניני צניעות בכלל, וויבאלד אז מ׳גייט צו קיץ, ובפרט אז

- עס -

---

138) בשלח יז, ד. 139) שמות ד, א. 140) שבת צז, א. ועוד. 141) ספר הישר לר"ת שי"ג, הובא בשל"ה סט, א. 142) תצא כב, ה.

עס זיינען דא ערטער וואו ס׳איז שוין איצטער דער זמן הקיץ.

מג. ע"ד ווי מ׳דארף באווארענען די ענינים הנ"ל ביי ערוואקסענע - עד"ז דארף מען דאס אויך באווארענען בנוגע צו קינדער, "צבאות השם".

כמדובר לעיל אז ע"ד ווי אויף א "סאלדזשער" דארף שטענדיק זיין ניכר אז ער איז א "סאלדזשער", וואס ווי איז שטענדיק ניכר אויף אים אז ער איז א "סאלדזשער" - איז דאס דורך זיינע לבושים -

עד"ז דארף זיין בא "צבאות השם", אז מ׳זאל אויף זיי שטענדיק דערקענען אז זיי זיינען פון "צבאות השם", וואס דאס איז דורך די ספעציעלע לבושים וואס זיי טראגן: אינגעלעך - דורך די ציצית וואס זיי טראגן, און מיידעלעך - דורך די לבושים צנועים וואס זיי טראגן, ווי גערעדט בא דעם כינוס פון די קינדער[143].

וואס די ענינים פון לבושים צנועים און ציצית - זיינען ביידע קשור זה לזה, און ביידע זיינען די לבושים פון "צבאות השם", ווארום ע"ד ווי דאס וואס די לבושים זיינען צנועים איז דאס דורך דעם וואס ס׳איז דא דער "שויתי ה׳ לנגדי תמיד"[144], עד"ז איז דאס אויך אין דעם ענין פון ציצית - אז די ציצית דערמאנען אויף דעם אויבערשטן, "וראיתם אותו וזכרתם את כל מצות ה׳"[145].

מד. וואס וויבאלד אז מ׳דערנענטערט זיך צום זמן הקיץ, איז דא אן ענין וואס מ׳דארף באווארענען אין דעם ענין הלבושים פון די "צבאות השם":

אין די ביכעלעך וועלכע מ׳דרוקט (מזמן לזמן) פאר "צבאות השם", זיינען דאך דא די תמונות פון אן אינגעלע און א מיידעלע - "צבאות השם",

איז נוסף אויף דעם וואס דער אינגעלע און די מיידעלע זיינען אפגעטיילט איינע פון די אנדערע, "כרוב אחד מקצה מזה וכרוב אחד מקצה מזה" (וואס דער ענין איז שוין אויך ביז איצטער כדבעי) - זאל מען אויך מדגיש ומבליט זיין בנוגע צו די לבושים וואס זיי טראגן, אז עס זאל זיין א חילוק בולט אין אלע לבושים, דער אינגעלע באזונדערע לבושים און די מיידעלע באזונדערע לבושים,

- און -

------------

143) דיום א׳, כ׳ שבט - סי"ד. 144) תהלים טז, ח. ודאה רמ"א או"ח בהחלתו. שו"ע אדה"ז שם מהדו"ב ס"א ס"ה.
145) שלח טו, לט. וראה פרש"י עה"פ.

און אויך אין דעם כובע זאל מען עס מבליט זיין - א´ באזונדער כובע פאר דעם אינגעלע און א באזונדער כובע פאר דער מיידעלע.

וואס ביז איצטער איז דאס אויך געווען געדרוקט אין א כשר´ן אופן - ס´איז אבער כדאי אז מ´זאל מער מדגיש ומבליט זיין דעם חילוק צווישן דעם אינגעלע מיט דער מיידעלע (דורך מאכן פאר דעם אינגעלע א כובע וואס איז מיוחד נאר פאר אינגעלעך, ועד"ז פאר דער מיידעלע א כובע וואס איז מיוחד נאר פאר מיידעלעך).

ועד"ז זאל מען מדגיש זיין אין דער תמונה פון דעם אינגעלע אז די ציצית זאלן בולט זיין מבחוץ,

און אין דער תמונה פון דער מיידעלע - אז די בגדים זאלן זיין כדבעי, בהכלית הצניעות - די אַרבל זאלן זיין כדבעי, שרוולים ארוכים וכו´, וואס דער ענין הצניעות לדעת רוב הפוסקים הויבט זיך אן פון בת ג´ ויום אחד[146].

מה. וואס מ´קען נעמען די תמונות פון דער חוברה וואו עס איז אפגעדרוקט "מודה אני" און די ברכות וואס מ´דארף מאכן וכו´, וואס דארפן זיינען די תמונות כדבעי, די לבושים פון די אינגעלעך אנדערש ווי די לבושים פון די מיידעלעך וכו´,

און אפילו אויב ניט פונקט ווי דארפן - זאל זיך אבער ווארפן אין די אויגן דער חילוק צווישן די לבושים פון די אינגעלעך מיט די לבושים פון די מיידעלעך וכו´.

וואס דאס מיינט ניט אז מ´דארף משמיד זיין די ביכעלעך וואס זיינען שוין דא, ווארום, כאמור, אויך זיי זיינען אין אן אופן כשר - נאר בשעת מ´וועט איבערדרוקן, זאל מען צוזעהן צו מדגיש זיין די אלע ענינים האמורים*.

מו. מ´האט אויך גערעדט אמאל[147], אז מזמן לזמן זאלן "צבאות השם" זיך צוזאמענקלייבן, איז א זמן המתאים לזה - "פורים קטן",

וואס בפורים גדול זיינען דאך דא די מצוות פון "משלוח מנות", וואס די קינדער זיינען פארנומען אין דעם מצד חינוך,

- ועד"ז -

---

146) ראה ספר "כבודה בת מלך" (להר"מ שי´ ווינער) פ"ב סק"ה ובהע´ 8 שם (ע´ קא ואילך). וש"נ. 147) שיחת יום ב´, ג´ דחוהמ"ס סט"ו ואילך. יום ד´, כ"ה כסלו ס"כ.

---

*) לשלימות הענין - ראה שיחת ש"פ תצוה, י´ אד"ר.

ועד"ז דער ענין פון הערן די מגילה[148] און שלאָגן המן[149], און אויך בפורים דארף זיין "משפחה ומשפחה"[150] - במילא ווייס מען ניט צי עס וועט אויסקומען דער צוזאמענקלייבן זיך, אדער עס קען מבלבל זיין די ענינים הנ"ל -

במילא איז איין "פורים קטן" דער זמן המתאים לזה.

וואס "פורים קטן" האט אויך א שייכות מיוחדת מיט קינדער, ווארום בפורים קטן איז דאך דא דער מאמר הידוע (ד"ה "וקבל היהודים את אשר החלו לעשות"[151]) וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט בפורים קטן הרפ"ז (וואס דעמולט איז געווען א שנת העיבור ווי שנה זו) - איז ער דארטן מקשר דעם ענין מיט היַנוקות של בית רבן.

ונוסף לזה קומט-צו בשנה זו אז די איז א שנת "הקהל את העם האנשים והנשים והטף".

און מ׳זאל אויך זעהן צו צושטעלן די נייע תמונות (די נייע ביכעלעך) ביז דעם צוזאמענקלייבן זיך פון "פורים קטן".

מז. און נאך פאר "פורים קטן" זאל שוין קומען משיח, ער זאל קומען "נאו", און מ׳וועט צוזאמענקלייבן יעדן אידן, "ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל"[152], און מ׳וועט גיין לקבל פני משיח צדקנו,

און ער וועט אונז פירן אין א"י, וואס דארטן איז דער אויבערשטער אין אן אופן פון "תמיד עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[153], און אין ירושלים, "עיר בה חנה דוד"[154], און אין ביהמ"ק השלישי, וואס ער איז דער ביהמ"ק הנצחי -

וואס בדרך ממילא וועט מען שוין זיין בפורים קטן, און בפורים גדול, און בחג הפסח - נאך די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

* * *

מח. מאמר (כעין שיחה) ד"ה וידבר גו׳ ויקחו לי תרומה.

* * *

מט. כרגיל אפצולערנען א פסוק פון דער סדרה מיט פרש"י, און אויף צוויי אופנים: מבאר זיין און מע׳יין זיין אין אן

------------ - ענין -

148) שו"ע או"ח סו"ס תרפט. 149) רמ"א שם סתר"צ סי"ז. 150) אסתר ט, כח. וראה פרש"י עה"פ. 151) נדפס ב"ההמים" חוברה ז (לה, ב (672)). סה"מ השי"א ע׳ 180 ואילך.
152) ישעי׳ כז, יב. 153) עקב יא, יב. 154) ע"פ ישעי׳ כט, א.

ענין אויף וועלכן רש"י שטעלט זיך יע, און זיין פירוש איז ניט פארשטאנדיק, און מבאר זיין אן ענין וואס רש"י שטעלט זיך ניט, וואס לכאורה וואלט ער זיך יע געדארפט שטעלן אויף דעם.

ועד"ז איז רגיל זיך שטעלן אויף די הערות פון טאטן אויפן זהר.

אין קאפיטל כה פסוק לא, שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "תיעשה המנורה" און איז מפרש: "מאלי', לפי שהי' משה מתקשה בה, אמר לו הקב"ה השלך את הככר לאור והיא נעשית מאלי', לכך לא נכתב תעשה".

ד.ה. אז וויבאלד דער פירוש פון "היעשה" איז "מאלי'" (זי זאל געמאכט ווערן) - איז רש"י מסביר פארוואס עפעס "תיעשה - מאלי'" - "לפי שהי' משה מתקשה בה, אמר לו הקב"ה השלך את הככר לאור והיא נעשית מאלי'".

ב. וואס אין דערויף איז דא א "קלאץ קשיא", און כמדובר כמ"פ אז אויף א "קלאץ קשיא" שטעלט מען זיך ניט, וואס אין דעם פרש"י זיינען דא מפרשים וואס שטעלן זיך אויף פרטי הענינים - אבער אויף דער "קלאץ קשיא" שטעלט מען זיך ניט:

בהתחלת הפסוק שטייט אז דער אויבערשטער האט אנגעזאגט משה'ן "ועשית מנורת זהב טהור" - איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק, ווי פאסט דא גלייך דערנאך, אין דעם זעלבן פסוק, אנזאגן אז עס זאל זיין "תיעשה - מאלי'", ד.ה. ניט "ועשית", נאר "תיעשה - מאלי'"?!

מ'קען ניט ענטפערן, אז לכתחלה האט אים טאקע דער אויבערשטער געזאגט "ועשית", נאר וויבאלד אז "הי' משה מתקשה בה" האט אים דער אויבערשטער געזאגט אז "תיעשה - מאלי'" - ווארום:

ווי מ'לערנט בפשטות דעם ענין מיט א קינד (און אזוי איז דער פירוש באמיתית הענינים), קומט דער פסוק בהמשך צו דעם פסוק בתחלת הפרשה, "וידבר ה' אל משה לאמר, דבר אל בני ישראל", ד.ה. אז דער פסוק דא איז א חלק פון דעם ציווי וואס דער אויבערשטער זאגט אַן משה'ן, און ער זאל עס דערנאך איבערגעבן צו אידן,

וואס עפ"ז קומט אויס, אז דאס וואס דער אויבערשטער האט אים געזאגט "ועשית . . היעשה" איז אלץ געווען אין דעם ציווי,

און עס לייגט זיך ניט צו זאגן, אז איין האלבן פסוק ("ועשית") האט דער אויבערשטער געזאגט בשעת'ן ציווי, און דעם צווייטן האלבן פסוק ("תיעשה") האט דער אויבערשטער

געזאגט דערנאך ווען "הי' משה מתקשה בה" - ווארום אויב אזוי האט ערגעץ-וואו געדארפט שטיין אז משה האט זיך געפרואווט צו מאכן די מנורה און "מתקשה בה".

און אעפ"כ שטעלט מען זיי ארייך אין איין המשך, אין איין פסוק, ובחדא מחתא?!

און מ'קען ניט זאגן אז שוין בשעת'ן ציווי איז געווען "(הי' משה) מתקשה בה": וויבאלד אז משה האט געהערט אז ער דארף איר מאכן "מקשה" - איז ביי אים געווארן שווער ווי וועט ער קענען מאכן אלע פרטים, "ירכה וקנה גביעי' כפתורי' ופרחי'" אלץ אין אן אופן פון "מקשה" -

ווארום משה האט נאך ניט געהערט די אלע פרטים, אז עס דארף זיין "ירכה וקנה גביעי' כפתורי' ופרחי'", און אז "ממנה יהיו" - דאס האט אים דער אויבערשטער געזאגט ערשט לאח"ז וואס ער האט אים שוין געזאגט "תיעשה", איז וואס איז עפעס אזוי די שוועריקייט אין מאכן א מנורת זהב?!

עפ"ז בלייבט נאך אלץ די שאלה הנ"ל, ווי קומט דאס אז דער אויבערשטער זאל אים אנזאגן "ועשית" און צוזאמען דערמיט "היעשה"?!

וואס די קשיא איז, כאמור, א "קלאץ קשיא", און די איז א אויבן-אויפיגע קשיא.

נא. נאך א "קלאץ קשיא" איז דא אין דעם פרש"י, וואס אויך דער אבן עזרא[155] מערקט-אָן די שוועריקייט:

וואס זאגט מען דא אז די מנורה איז געמאכט געווארן "מאלי'" - עס שטייט דאך בסיום הענין, דארטן וואו עס רעדט זיך וועגן דעם מאכן די כלים[156] - "ויעש את המנורה", אז בצלאל האט געמאכט די מנורה?!

און נאכמער: עס קומט אוים אז משה איז געווען "מתקשה בה" און בצלאל האט עס יע געמאכט?!

און רש"י באווארנט עס ניט.

נב. נאך א "קלאץ קשיא" איז דא אין דעם ענין:

אויף דעם פסוק[157] "וכן תעשו" איז רש"י מפרש: "לדורות . . כגון שולחנות ומנורות וכיורות ומכונות שעשה שלמה כו'" - שטייט דאך בפירוש אז שלמה האט געמאכט כמה מנורות, איז ניט פארשטאנדיק: ווי קומט דאס אז משה איז געווען "מתקשה בה"?!

- וואס -

------------

155) עה"פ. 156) פקודי לז, יז. 157) פרשתנו שם, ט.

וואס דער קינד וואס לערנט די רש"י ווייס טאקע ניט וויפל מנורות שלמה האט געמאכט, ער ווייס אבער אז ער האט געמאכט כמה מנורות, "מנורות" - לשון רבים, איז בשעה ער וועט פרעגן בא זיין מלמד, וועט ער אים זאגן אז שלמה האט געמאכט צען אזעלכע מנורות[158] - איז משה האט ניט געקענט מאכן אפילו איין מנורה און שלמה האט געמאכט צען?!

וואס מה-דאך אז משה איז געווען "מהקשה בה", וואס ער האט געהאט א ציור פון דעם אויבערשטן אויף מאכן די מנורה - איז עאכו"כ שלמה, וואס עס שטייט ניט אז ער איז געווען מצווה צו מאכן די מנורות, האט דאך ביי אים זיכער געדארפט זיין "מהקשה בה", און אעפ"כ האט ער געמאכט צען מנורות?!

און בא משה איז געווען ניט נאר א ציור, נאר אויך "אשר אתה מָראה בהר"[159], דער אויבערשטער האט אים אויך באוויזן בהר א "מנורה של אש"[160] - איז משה וואס האט געהאט א ציור, און דער אויבערשטער האט אים באוויזן א "מנורה של אש" - האט ניט געקענט מאכן קיין מנורה; און שלמה וואס האט ניט געהאט קיין ציור, און דער אויבערשטער האט אים ניט באוויזן קיין מנורה של אש - האט יע געקענט מאכן מנורות?!

וואס דער פלא איז; אז די קשיא איז א "קלאץ קשיא", און קיינער שטעלט זיך ניט אויף דעם,

נאך גרעסער איז דער פלא - אז אויך מיר איז ניט איינגעפאלן די קשיא ביז דעם פרייטיק, קען איך דאך צו קיינעם קיין טענות ניט האבן.

אבער עכ"פ דער עיקר איז, אז מ'זאל לערנען אין אן אופן אז מ'זאל זיך שטעלן און מיישב זיין די שווערע ענינים אין פירוש רש"י.

נג. עד"ז איז דא נאך אן ענין אין פרש"י וואס איז דורש ביאור:

בנוגע צו די יריעות, אין קאפיטל כו פסוק ה, ברענגט רש"י דעם חשבון פון די יריעות ווי אזוי זיי האבן צוגעדעקט דעם משכן, און רש"י ברענגט צוויי דעות בנוגע צו דעם רוחב הידיעות וואס האט צוגעדעקט דעם אורך המשכן:

"רחבן של יריעות ארבעים אמה, כשהן מחוברות עשרים אמה לחוברת. שלשים מהן לגג חלל המשכן לארכו, ואמה כנגד עובי ראשי הקרשים שבמערב, ואמה לכסות עובי העמודים שבמזרח . . נשתיירו ה׳ אמות התלויין על אחורי המשכן שבמערב, ושהי

- אמות -

---

158) מנחות כט, א. 159) פרשתנו שם, מ. 160) פרש"י עה"פ.

אמות התחתונות מגולות. זו מצאתי בברייתא דמסכת מדות. אבל במסכת שבת, אין היריעות מכסות את עמודי המזרח, וט' אמות תלויות אחורי המשכן, והכתוב בפרשה זו מסייענו, ונתת את הפרוכת תחת הקרסים, ואם כדברי הברייתא הזאת נמצאת פרוכת משוכה מן הקרסים ולמערב אמה".

וואס איז דערויף איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

וואס איז דא נוגע דער גאנצער ענין און מיט א גאנצער אריכות, אז אין "ברייתא דמסכת מדות" שטייט אין איין אופן, און אין "מסכת שבת" שטייט אין א צווייטן אופן, און פון א פסוק אין אונזער פרשה האט מען א ראי' צו דער דעה פון "מסכת שבת" -

ס'איז דאך היפך אלע כללים אין פירוש רש"י!

אויך דארף מען פארשטיין אין דעם פרש"י: וויבאלד אז "הכתוב בפרשה זו מסייענו", ד.ה. אז לויטן פירוש פון דער "ברייתא דמסכת מדות" וועט דער פסוק ניט זיין פארשטאנדיק - איז פארוואס ברענגט אים רש"י בכלל בפירושו - דער פירוש איז דאך היפך פשטות הכתובים, ווארום "הכתוב בפרשה זו מסייענו" (צו דעם פירוש פון מסכת שבת)?!

נאכמער: ניט נאר וואס רש"י ברענגט דעם פירוש פון דער "ברייתא דמסכת מדות" - נאר ער ברענגט אים אלס ערשטן פירוש!

וכפי שיתבאר לקמן.

נד. בנוגע צו די הערות פון טאטן אויפן זהר:

אין זהר פון היינטיקער סדרה[161] ווערט דערציילט, אז ר' שמעון ר' אלעזר ר' אבא און ר' יוסי זיינען געגאנגען אין וועג, און גייענדיק אין וועג זיינען זיי אנגעקומען אין שטאט ווען "אתחשך ליליא". און היות ווי פריער, בייטאג, האבן נאר דריי פון זיי געזאגט הורה (ר' שמעון ר' אלעזר און ר' אבא), האט געזאגט ר' שמעון צו ר' יוסי (נאך דעם ווי "אתפלג ליליא"), אז היות ווי ער האט ניט געזאגט קיין תורה בייטאג, זאל ער זאגן איצטער "לאנהרא ליליא".

שטעלט זיך אויף דעם דער טאטע אין זיינע הערות אויפן זהר[162] און פרעגט: פארוואס טאקע האט ר' יוסי ניט גע'דרש'נט בייטאג (ווי די אנדערע דריי) נאר דוקא בלילה?

און ער איז מבאר אין דעם: ר' שמעון, ר' אבא און ר' אלעזר - זיינען בחינת חב"ד [ר"ש - דעת, ר' אלעזר - חכמה,

- און -

-------------

161) ח"ב קמג, א. 162) לקוטי לוי"צ לזה"ב ס"ע קי.



הנחת הת' בלתי מוגה

און ר' אבא - בינה[163], און ר' יוסי איז בחינה מלכות[163]. און היות אז חב"ד איז בחי' יום, און מלכות [בערך חב"ד עכ"פ] איז בחינה לילה, דערפאר האבן זיי (ר' שמעון, ר' אלעזר און ר' אבא) גע'דרש'נט בייטאג "כפי מדתן מדת יום", און ר' יוסי האט געדארפט דרש'נען ביינאכט "כפי מדהו מדה לילה".

איז אין דעם ניט מובן: אויך פריער אין זהר ווערן געבראכט א ריבוי מאמרים פון די פיר תנאים, איז פארוואס שטייט ענין הנ"ל [אז די אמירת תורה פון ר' שמעון ר' אלעזר און ר' אבא איז געווען ביום, און פון ר' יוסי בלילה] ערשט אין צווייטן חלק זהר (אויף ספר שמות), און אין דעם צווייטן חלק גופא - ערשט אויף דף קמג?

איז דערפון גופא מוכרח, אז בכלל - איז אויך ר' שמעון ר' אלעזר און ר' אבא האבן געזאגט תורה אויך בלילה, און אזוי אויך ר' יוסי האט געזאגט תורה אויך ביום. און דאס וואס דעמולט (בעת דעם מאורע וואס ווערט דערציילט בזהר הנ"ל) האט יעדערער געדארפט דרש'נען "כפי מדהו" דוקא (ר' שמעון ר' אלעזר און ר' אבא ביום, און ר' יוסי בלילה), איז - ווײַלע די אמירת תורה שלהם דעמולט איז געווען אנדערש ווי אלעמאל.

דארף מען פארשטיין: וואס פאר אן ענין מיוחד איז געווען אין זייער אמירת תורה דעמולט, וואס מצד דערויף האט די געדארפט זיין דוקא אין דעם זמן וואס איז פארבונדן מיט "מדתן"?

נה. ענין הנ"ל - אז בכלל איז אמירת תורה שלהם ניט געווען מוגבל אין א זמן מסוים (יום און לילה) - איז מוכרח אויך בלאו הכי:

רשב"י וחבריו זיינען געווען "תורתן אומנתן"[164] - איז דאך ניט שייך צו זאגן, אז ר' שמעון ר' אלעזר און ר' אבא האבן קיינמאל ניט געזאגט קיין תורה במשך י"ב שעות הלילה, און אז ר' יוסי האט קיינמאל ניט געזאגט קיין תורה במשך י"ב שעות היום!

און כאטש אז דער פירוש פון "תורתו אומנתו" איז, אז "אינו מבטל מלימודו (סהם) אפילו רגע"[165] - האט דאך אבער קיין ארט ניט צו זאגן, אז דער לימוד התורה פון ר"ש ר' אלעזר און ר' אבא אין די י"ב שעות הלילה איז געווען אין אן אופן

- פון -

---

163) נצו"א לזח"ג קכז, ב (הובא בלקוטי לוי"צ שם).
164) שבת יא, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס קו.
165) לשון אדה"ז בשו"ע או"ח שם.

פון למיגדש וכיו"ב, און אז במשך כל ימיהם האבן זיי קיינמאל ניט כהדש געווען אין די שעות הלילה. און די זעלבע זאך איז בנוגע צו ר׳ יוסי, אז עס איז זיכער אז אויך זיין ליכוד בשעות היוס איז געווען אין אן אופן פון "לאפשא[166] לה".

פון דעם איז מוכרח (נוסף אויף דער הוכחה דלעיל סנ"ד), אז דאס וואס דעמולט האבן זיי געדארפט דרש׳נען "כפי כדתן" - איז מצד דערויף וואס די אמירת תורה שלהם דעמולט איז געווען באופן מיוחד.

נו. לכאורה האט מען געקענט מבאר זיין:

אויך אין חידושי תורה זיינען דא כמה וכמה מדריגות - יש חידוש ויש חידוש,

ביז אז עס זיינען דא חידושים באי"ע, ווי מ׳געפינט בנוגע צו ר׳ זירא[167] אז צס מאה תעניהא בכדי צו פארגעסן תלמוד בבלי, וואס עס איז פארשטאנדיק בפשטות אז ער האט מחדש געווען חידושים אויך אין דעם אופן הלימוד פון תלמוד בבלי, פונדעסטוועגן, אויף צו מחדש זיין חידושים באופן הלימוד דתלמוד ירושלמי האט ער געפאסט צו פארגעסן תלמוד בבלי - איז דערפון פארשטאנדיק אז אין ירוש׳ זיינען חידושים שבאי"ע,

און בכדי צו מחדש זיין חידושים נעלים ביותר, ביז צו חידושים וואס זיינען פארבונדן מיט שרש הנשמה[168] - איז עס דוקא אין דעם זמן וואס איז פארבונדן מיט "מדתו".

ועפ"ז האט מען געקענט זאגן, אז דאס וואס דוקא דעמולט האבן זיי געדארפט דרש׳נען "כפי מדהן", איז - ווייל דוקא די ענינים וואס זיי האבן מחדש געווען דעמולט, זיינען געווען חידושים נעלים ביותר, וואס זיינען פארבונדן מיט שרש נשמהם.

אבער דער ביאור איז א דוחק גדול, ווארום לפ"ז וועט אויסקומען אז אין די אלע מאמרים (פון די פיר תנאים) וואס ברענגען זיך אין זהר פריער - וואס אויף א סאך פון זיי שטייען אין זהר פארשידענע שבחים - זיינען ניטא קיין חידושים נעלים וואס זיינען פארבונדן מיט שרש נשמתם!

וכפי שיתבאר לקמן.

נז. כאן המקום צו משלים זיין[169] בנוגע צו דער מכילתא

- דרשב"י -

---

166) זח"א יב, ב. הו"א מקץ לס, ד. 167) ב"מ פה, א. וראה המשך הרס"ו ע׳ יג. ובכ"מ. 168) ראה אגה"ק סכ"ו (קמה, א). 169) בהמשך להמדובר בשיחת ש"פ משפטים, מבה"ח אד"ר סמ"ב.

דרשב"י[170], וועגן דער גירסא "בינו לבין אחרים".

וואס מ'האט דאס אפגעדרוקט וכו', און מ'ט דעם האט מען מסיים געווען, אז ע"כ איז דער ענין: מ'האט זיך אבער פארלאזן אז מ'וועט זיכער ממשיך זיין דעם פלפול בזה, ווארום ניט אלעמאל איז מען מסיים דעם גאנצן ענין, און דאס קען זיין מצד כמה טעמים: אדער דער ענין איז ניט קלאר, אדער מצד להידודי - פארלאזט מען זיך אז דערנאך וועלן דאס אנדערע ממשיך זיין, אדער מצד קוצר הזמן, האט מען דעם ענין ניט מסיים געווען בשלימותו.

עד"ז בענינינו האט מען זיך פארלאזן, מצד לחידודי, אז מ'וועט דערנאך זיכער ממשיך זיין אין דעם ענין.

וואס לכאורה דאס וואס מ'האט דעמולט פארענטפערט, אז מ'קען ניט זאגן אז דער פשט איז "בינו לבין אחרים", נאך דעם וואס מ'זאגט "בינו לבין עצמו", איז - אז ווען עס זיינען דא "אחרים" קומט-צו אין דער מצוה וחיוב לספר לאחרים מער ווי בשעת ער איז "בינו לבין עצמו" - ווארום אין דעם תירוץ, "ת"ל[171] ויאמר משה אל העם זכור את היום הזה", איז ניט מבואר (און אפילו ניט נרמז) אז עס קומט-צו אין דער מצוה וחיוב - איז ניט פארשטאנדיק:

ס'איז דא א כלל אין ש"ס[172] "פשוט מיהא חדא", און מ'געפינט דאס כמ"פ בש"ס, אויך אין די "ישיבה-מסכתות", אז בשעת מ'וויל ענטפערן א תירוץ אויף א קשיא, און מ'פרעגט אויף דעם אז דאס איז ניט אויסגעהאלטן אין דעם גאנצן ענין, ווארום ס'איז דא א חלק אויף וועלכן מ'קען ניט ענטפערן דעם תירוץ - ענטפערט מען אויף דעם "פשוט מיהא חדא", אז עס וועט פארענטפערט עכ"פ איין חלק פון דעם ענין, און בנוגע צום צווייטן חלק וועט מען זוכן אן אנדער תירוץ.

וואס דער כלל איז א פשוט'ער כלל <u>כמ"פ</u> בש"ס, און מ'דארף אויף דעם ניט האבן קיין בקיאות, נאר יעדערער קען עפענען די מפתחות און א קוק-טאן אין דעם מפתח אויפן ווארט "פשוט" וועט ער זעהן אז דאס ברענגט זיך כמה פעמים בש"ס,

עפ"ז האט מען אויך געקענט ענטפערן אזוי בענינינו, אז אה"נ אין דעם תירוץ "ה"ל וכו'" זעט מען עס ניט: מ'קען אבער פארענטפערן עכ"פ איין חלק פון דעם ענין, "פשוט מיהא חדא" - די שאלה, דעם קס"ד.

אויך דארף מען פארשטיין:

- אפילו -

---

170) עה"פ בא יג, ח. 171) בא שם, ג. 172) גיטין מד, א. קידושין ו, א. ועוד.

אפילו אז מ׳האט גענטפערט אז מ׳קען אזוי ניט לערנען דעם פשט אין מכילהא דרשב"י - די סברא בלייבט דאך אבער סיי-ווי, אז "בינו לבין אחרים" זאל האבן א הוספה במצוה והיוב מער ווי "בינו לבין עצמו", וואס דאס איז דאך א נפק"מ בפועל, איז נאך אלץ דא אן ארט צו זיך אין דעם פלפל זיין.

דערנאך קומט א "קלאץ קשיא": אויף "ושננתם לבניך"[173] טייטשט מען[174] "לבניך - אלו התלמידים" (ווארום "התלמידים קרויים בנים" און "הרב קרוי אב"), וואס לכאורה קען מען דא אויך אזוי טייטשן, אז "והגדת לבנך" - מיינט אויך תלמידים -

עפ"ז ווערט א שאלה: וואס דארף מען בכלל א ליכוד מיוחד אויף "בינו לבין אחרים (מניין)" - דאס ווערט דאך נכלל אין "והגדת לבנך"?!

וכפי שיתבאר לקמן.

נח. ע"ד ווי געזאגט פריער אז ניט אלעמאל זאגט מען א גאנצן ענין, ווארום מ׳פארלאזט זיך אז דערנאך וועט מען אליין א קוק-טאן דעם המשך און מ׳וועט זיך אליין כאפן אז מ׳דארף נאך עפעס מוסיף זיין -

אין דעם לקוטי שיחות פון היינטיקע וואך[175] האט מען צו-געציינט, אז אין אבן עזרא[176] זאגט ער אז עס זיינען געווען ט"ז דברים אין דער הרוכה פאר מלאכת המשכן, און מ׳האט זיך פארלאזן אז מ׳וועט אריינקוקן אין אבן עזרא ווייטער, מיט עטליכע פסוקים נאך דעם[177], וואס ער זאגט דארטן אז "שמונה עשר דברים הם במשכן" - און מ׳וועט עס צוציינענען*.

- וואס -

---

*) מועתקה בזה ההשמטה שנדפסה בלקו"ש פ׳ הצוה:

מה שמביא לקמן בפרשתנו (כה, מ) בשם הגאון (הרס"ג*) "שמונה עשר דברים הם במשכן" - אינו שייך למנין דידן, כי

---

*) י"א שהכוונה לרב האי גאון על סמך שנמצאו ביטוים דומים להנ"ל בשו"ת רה"ג שהובאה בפי׳ הר"מ בוטריל לס"י פ"ד מ"ב. והמוה ביותר - לאחרי שבריבוי מקומות בהראב"ע כותב "הגאון" ולד"ה הכוונה להרס"ג. ואפילו את"ל שהרה"ג פי׳ כך אין זו הוכחה כלל שאין זה פי׳ הרס"ג ולהוציא "הגאון" דכאן - מפי׳ "הגאון" בהראב"ע בכל מקום!

---

173) ואתחנן ו, ז. 174) ספרי (הובא בפרש"י) עה"פ.
175) פ׳ הרוכה - הע׳ 71. 176) עה"פ פרשתנו שם, ג.
177) פרשתנו שם, מ.

וואס אויף דאס צו מתקן זיין איז דא דער ענין וואס מ׳מאכט א "השמטה", וואס אויך אמאליקע מחברים האבן געהאט דעם ענין ההשמטה, ווי זיי פלעגן דאס אנרופן "לקט העומר" צי "לקט השכחה",

וואס דאס אז אמאליקע מחברים האבן אויך געהאט דעם ענין ההשמטה - איז א לימוד זכות אויף זיי.

און דער עיקר איז, אז עס זאל זיין ניט נאר דער ענין פון לימוד זכות, נאר אויך לימוד כפשוטו, אז מ׳זאל לערנען תורה,

און דארטן וואו מ׳פארשטייט ניט זאל מען בפירוש פרעגן, און מ׳דארף ניט שרייבן "אחד מאנ"ש" אדער "אחד מהתמימים", נאר מ׳קען שרייבן מיטן נאמען,

און ניט ווי מ׳מיינט אז מ׳רירט-און אין פלוני בן פלוני - נאר מ׳רירט קיינעם ניט אן; ואדרבה: "מתלמידי יותר מכולן"[178].

וואס מסתמא וועט מען פארשרייבן אויך די שורות, און אויך דעם ביידזערן זיך (חסר הסיום).

דער עיקר איז אבער, אז מ׳זאל לערנען תורה (חסר הסיום).

* * *

נט. בנוגע צו מנורה איז דער ביאור בזה: דאס וואס דער אויבערשטער האט געזאגט משה׳ן "ועשית" און גלייך אים געזאגט "תיעשה - מאלי׳", איז באם בן חמש למקרא קיין שאלה ניט -

ווארום א בן חמש פארשטייט אז אין יעדער ענין קען זיין כמה אופנים ווי צו טאן די זאך, עד"ז קענען זיין כמה אופנים בנוגע צו עשיית המנורה,

במילא פארשטייט ער, אז דאס וואס דער אויבערשטער האט געזאגט משה׳ן "ועשית" און צוזאמען דערמיט "תיעשה" - זיינען דאס צוויי אופנים ווי די מנורה זאל געמאכט ווערן: אדער "ועשית" - דורך משה, אדער "תיעשה" - "מאלי׳".

און ווי דער בן חמש האט שוין געלערנט פריער[179] אז דער

- אויבערשטער -

---

שם הכוונה להדברים שהיו במשכן (ראה ראב"ע שם לפנ"ז ובפי׳ הקצר: הארון כו׳ אור השכינה כו׳ קרבן עוף ובהמה כו׳ שחיטה כו׳), ולא הדברים של תרומת (נדבת) המשכן (שמהם נעשה המשכן וכליו).

---

178) תעניות ז, א. 179) בראשית ד, ז.

אויבערשטער האט געזאגט צוויי אופנים אין אן ענין, "הלוא אם תיטיב שאה, ואם לא תיטיב וגו׳".

במילא דארף דאס רש"י ניט באווארענען.

דער בן חמש פרעגט אבער אן אנדער שאלה:

פארוואס עפעס דוקא בא דער מנורה האט אים דער אויבער-שטער געזאגט ביידע אופנים ("ועשית", און "תיעשה - מאלי׳"); מ׳געפינט ניט אז דער אויבערשטער זאל אים זאגן אויך דעם צווייטן אופן בא די פריערדיקע כלים, בא דעם ארון אדער בא דעם שולחן?!

און אויף דעם ענטפערט רש"י, "לפי שהי׳ משה מתקשה בה", אז בא דער מנורה האט זיך משה בפועל מתקשה געווען, און דערפאר איז דוקא בא דער מנורה האט אים דער אויבערשטער לכתחלה געזאגט צוויי אופנים, אז עס קען אויך זיין "תיעשה" - "מאלי׳".

ס. און ס׳איז קיין שאלה ניט פון דעם וואס שלמה האט אליין געמאכט די מנורה, איז ווי קומט עס אז "הי׳ משה מתקשה בה" - ווארום:

א) דאס וואס משה איז געווען "מתקשה בה" איז געווען ניט מצד דער צורה פון דער מנורה, נאר ווי א בן חמש פארשטייט אז כדי צו מאכן א מנורה דארף מען אויף דעם האבן כלים מיוהדים, און גאנצע "מאשינערי׳ס", און א גרויסן פייער וכו׳, און אזוי ווי משה האט זיך דעמולט געפונען אין א מדבר, וואס דארטן האט ער ניט געהאט אט-די אלע כלים וואס מ׳דארף דערצו האבן

- מ׳האט טאקע געהאט עניי הכבוד[180], און געהאט אויך כסף וזהב פון ביזת מצרים און ביזת הים[181], אבער כלים מיוחדים וואס מ׳דארף האבן אויף מאכן א מנורה, גאנצע "מאשינערי׳ס" ע"ד ווי מ׳זאגט[182] "צבת בצבת עשוי׳" - דאס איז בא משה׳ן ניט געווען, ווארום דאס האט מען פון מצרים ניט ארויסגענומען;

דאס וואס מ׳האט ארויסגענומען קרשים "עצי שטים", פון מצרים, איז ווייל אויף דעם איז געווען א ציווי מפורש פון יעקב׳ן, ווי רש"י[183] זאגט אז "יעקב אבינו נטע ארזים במצרים,

- וכשמה -

---

180) ראה בהנסמן בלקו"ש חקה הש"מ הע׳ 39-42. 181) ראה מכילתא עה"פ בא יב, לו. הנחומא באבער בשלח טז. פרש"י עה"פ בשלח טו. כב. 182) אבות פ"ה מ"ו. 183) עה"פ פרשתנו כו, טו. וראה גם פרש"י שם כה, ה.

וכשמת צוה לבניו להעלותם עמהם כשיצאו ממצרים, ואמר להם שעתיד הקב"ה לצוות אותן לעשות משכן במדבר מעצי שטים, ראו שיהיו מזומנים בידכם" - אבער אויף כלים מיוחדים וואס מ'דארף האבן אויף מאכן א מנורה - אויף דעם איז קיין ציווי נים געווען*, במילא האם מען דאס נים געהאם -

איז דערפאר "הי' משה מתקשה בה", ווארום עס איז נים געווען ביכלתו צו דאס מאכן;

משא"כ בא שלמה, איז ער דאך געווען א מלך אדיר, און מ'האט אים געבראכט פון קצוי הבל אלע ענינים פארן ביהמ"ק - האט ער זיכער געהאט אלע כלים וואס מ'דארף האבן אויף מאכן די מנורה (צען מנורות, כנ"ל).

ב) שלמה האט דאך שוין געהאט די מנורה פון דעם משכן - האט ער געהאט א געמאכטע מנורה אויף וועלכע ער קען קוקן און איר נאכמאכן;

משא"כ משה, אע"פ אז ער האט אויך געזעהן א מנורה, די "מנורה של אש" וואס דער אויבערשטער האט אים באוויזן - דאס איז אבער נים געווען קיין <u>געמאכטע</u> זאך נאר א <u>פארטיקע</u> זאך, א "מנורה של <u>אש</u>".

ג) ובפרט אז א בן חמש ווייס אז כדי צו מאכן א מנורה קען מען דאס מאכן אין אן אופן אז פריער מאכט מען א "דפוס", א "פאָרם",

ווי ער האט ערשט געלערנט בנוגע צום "לחם הפנים"[184] אז "הי' עשוי לו דפוס כו'", אז עס איז געווען א "דפוס" וואס פון דעם פלעגט מען מאכן דעם ציור פון דעם "לחם הפנים", און ווי דער בן חמש זעט דאס אויך אין היינטיקע צייטן אז מ'נוצט א "דפוס", א "פאָרם" אויף צו מאכן כמה ענינים -

פארשטייט ער אז אזוי האט מסתמא אויך שלמה המלך געמאכט זיינע מנורות, אז ער האט גענומען די מנורה פון משכן און איר אריינגעלייגט אין חול (לדוגמא), ובמילא איז געווארן אין דעם חול א "דפוס" פון דער מנורה מיט אלע אירע פרטים, און דערנאך האט ער אריינגעגאסן די זהב, איז געווארן א ציור פון א מנורה,

וואס דאס האט דוקא שלמה געקענט טאן.

- משא"כ -

---

*) ומה שלא נצטוו ע"ז (ע"ד שנצטוו בנוגע לקרשים) - כי אפי' משה בעצמו אמר <u>שיוכל</u> לעשותה ורק כשהתחיל לעשותה נתקשה כו'.

---

184) פרש"י עה"פ פרשתנו שם, כט.

משא"כ משה האט געהאט דעם ציווי "מקשה תיעשה המנורה" - "כולה באה מחתיכה אחת ומקיש בקורנס וחותך בכלי האומנות ומפריד הקנים אילך ואילך"[185], ד.ה. אז משה האט געהאט א ציווי מפורש וואס צוליב דעם האט ער ניט געקענט מאכן די מנורה פון א "דפוס" [נוסף על זה וואס משה האט ניט געהאט קיין מנורה פון וועלכע ער האט געקענט מאכן א "דפוס"];

משא"כ שלמה האט ניט געהאט קיין ציווי אז עס דארף זיין דוקא "מקשה" [און ער האט אויך געהאט די מנורה פון משכן] - האט ער געקענט מאכן אין אן אופן פון "דפוס".

אבער דער עיקר איז דער ערשטער טעם, אז משה איז געווען אין מדבר משא"כ שלמה וכו׳, וכנ"ל בארוכה.

סא. דער ביאור אין די הערות אויפן זהר:

דאס וואס יעדער איינער האט געדארפט זאגן תורה "כפי מדתו" (ר׳ שמעון, ר׳ אלעזר און ר׳ אבא ביום, און ר׳ יוסי בלילה) איז - דערפאר וואס דורך די אמירת התורה דעמולט האבן זיי געוואלט אויפטאן אין וועלט, אן עניך וואס איז פארבונדן מיט די גדרים פון "יום" און "לילה",

ד.ה. אז אויך די חידושים נעלים ביותר וואס זיי האבן געזאגט אין אנדערע ערטער אין זהר זיינען ניט פארבונדן מיט דער הגבלה פון יום און לילה, ווארום תורה איז למעלה מהזמן[186],

[ביז אז תורה איז העכער ניט נאר פון זמן ווי ער איז למטה, נאר אויך פון שרש הזמן, ווי ער איז אין מלכות דאצילות שרש הנבראים.

וכידוע[187] דער ביאור אין דעם וואס תפלה הייסט "חיי שעה" און תורה הייסט "חיי עולם"[188]: דאס וואס תפלה הייסט "חיי שעה" איז (ניט נאר כצד דעריף וואס אין תפלה בעט מען אויף עניני עוה"ז וואס איז נאר לפי שעה, נאר) אז אויך תפלה גופא איז "חיי שעה", ווארום תפלה איז בחינה המלכות, שרש[189] הזמן.

און דאס וואס תורה הייסט "חיי עולם" איז כצד דעריף וואס תורה איז בחינה ז"א, וואס איז העכער פון צו זיין א שרש אויף נבראים און זמן],

און דאס וואס דעמולט (בעת דעם מאורע וואס ווערט

- דערציילט -

---

185) פרש"י עה"פ פרשתנו שם, לא. 186) ראה גם לקו"ה וסה"מ שבהע׳ 201. 187) ראה בארוכה סידור שער הק"ש עה, א-ב. אוה"ת וסה"מ שבהע׳ 190. אוה"ת שבהע׳ 196. 188) שבת י, א. 189) ראה גם שעהיוה"א פ"ז (פב, א).

רערציילט בזהר הנ"ל) האט יעדערער געדארפט זאגן תורה "כפי מדתו" (ר' שמעון ר' אלעזר און ר' אבא ביום, און ר' יוסי בלילה) - איז עס בכדי אז די אמירת התורה זאל פועל'ן אין עולם.

סב. דער ביאור אין דעם וועט מען פארשטיין בהקדם המבואר בכמה דרושים[190] בנוגע צו דעם וואס רשב"י האט גע'פועל'ט ירידת גשמים דורך דעם וואס ער האט געזאגט תורה אויפן פסוק[191] "הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד"[192], דלכאורה: מ'געפינט דאך אז בכדי צו פועל'ן ירידת גשמים פלעגט מען גוזר זיין (ביז) י"ג העניות[193] און מוסיף זיין שש ברכות[194] (ביז אז אפילו חוני המעגל האט געדארפט אנקומען צו א השתדלות מיוחדת ביז ער האט גע'פועל'ט ירידה גשמי[195]) איז ווי האט עס רשב"י גע'פועל'ט דורך אמירת תורה, אן קיין עבודה ויגיעה כלל?

און מען איז מבאר אין דעם[190], אז היות ווי ענינו פון רשב"י איז געווען תורה - "תורתו אומנתו" - האט ער דעריבער גע'פועל'ט ירידת גשמים דורך זיין לימוד התורה בדרך "מלמעלה למטה" (ניט דורך התלבשות).

תורה איז דבר ה', וואס איז העכער פון וועלט [העכער אויך פון שרש הנבראים, כנ"ל סס"א], און דעריבער איז תורה בעה"ב אויף וועלט.

און דערפאר, איז בשעת רשב"י האט געלערנט דעם פסוק "הנה מה טוב ומה נעים גו'", און מפרש געווען אז דער פסוק רעדט וועגן יחוד זו"ן [וואס יחוד זו"ן איז "שרש ענין ונתתי גשמיכם בעתם"[196]] איז "אתא מיטרא" בדרך ממילא, אן קיין יגיעה - ווייל די גאנצע וועלט איז בטל און משועבד[197] צו תורה.

ולכאורה, דוקא אז דאס וואס רשב"י האט גע'פועל'ט ירידת גשמים דורך זיין לימוד התורה איז עס מצד דערויף וואס תורה איז העכער פון וועלט - איז פארוואס האט זיך דאס אויפגעטאן דוקא דורך אזא ענין אין תורה (דער פירוש אז "מה טוב ומה נעים" איז יחוד זו"ן) וואס איז פארבונדן (כנ"ל) מיט גשמים.

- זעט -

---

190) אוה"ת ויקרא ס"ע רנד ואילך. סה"מ תרכ"ז ע' רסז ואילך. ד"ה פדה בשלום (הב') עטר"ת. ובכ"מ. 191) תהלים קלג, א. 192) זח"ג נט, ב. 193) תענית יב, ב (במשנה). וראה שם יח, ב ובפרש"י שם. 194) שם טו, א (במשנה). 195) שם יט, א. 196) אוה"ת שם ע' רכו. סה"מ שם ע' רעג. 197) ראה סה"מ תרכ"ט ע' רכו.

זעט מען דאך דערפון, אז (אע"פ אז תורה איז העכער פון עולם, פונדעסטוועגן) בכדי אז דער לימוד התורה זאל אויפטאן א געוויסן ענין אין וועלט, דארף דער לימוד זיין פארבונדן מיט דעם ענין (שבעולם) וועלכן מען דארף אויפטאן.

סג. ענין הנ"ל - געפינט מען (דוגמתו) אויך אין נגלה:

די גמרא[198] זאגט: "חש בראשו יעסוק בתורה . . חש בגרונו יעסוק בתורה".

פרעגט מען אין דעם: מען זעט דאך א סאך מאל, אז דאס העלפט ניט: ער איז עוסק בתורה און פונדעסטוועגן בלייבט דער מיחוש?

איז איינער פון די ביאורים אין דעם, אז בכדי דער עסק התורה זאל פועל'ן צו אראפנעמען דעם מיחוש אין ראש - איז עס דוקא ווען ער לערנט דעם חלק אין תורה וואס איז שייך צום ראש. ועד"ז בנוגע לשאר האברים.

אעפ"כ זאגט די גמרא חש בראשו וכו' יעסוק בתורה - ווילע אויב ער וועט זוכה זיין, וועט ער צוטרעפן צו דעם חלק אין תורה וואס איז שייך צו דעם אבר אין וועלכן ער האט א מיחוש[199].

איז כשם ווי דאס איז בנוגע צו פעולה התורה בארם, עולם קטן[200] (אז בכדי צו פועל'ן אין א אבר פרטי דארף מען לערנען דעם ענין אין תורה וואס איז שייך צו דעם אבר) - עד"ז איז אויך בנוגע צו פעולת התורה אין עולם גדול, אז בכדי צו אויפטאן אין עולם אן ענין פרטי (ווי ירידת גשמים לדוגמא) דארף מען לערנען דעם ענין אין תורה וואס איז שייך צו דעם ענין פרטי.

סד. לכאורה קען מען פרעגן אויף דעם:

ס'איז מבואר אין חסידות[201] דער חילוק פון תורה ביז מצוות, אז מצווה זיינען "רמ"ח אברין דמלכא"[202], וואס די אברים זיינען "מובדלים ומחולקים זה מזה", משא"כ תורה איז בחינה דם, וואס דער דם איז "נמשך בכל האברים בשוה".

איז ווי קען מען זאגן, אז בכדי צו אויפטאן אין אן אבר פרטי (אין אדם, ועד"ז אין עולם גדול) דארף מען לערנען

- דעם -

---

198) עירובין נד, א. 199) ראה שו"ע אדה"ז או"ח סרצ"ט ס"כ. 200) ראה תנחומא פקודי ג. תקו"ז תס"ט קרוב להחלתו (ק, ב. קא, א). ובכ"מ. 201) לקו"ת במדבר יג, א. סה"מ תש"ה ע' 101 ואילך. ובכ"מ. 202) ראה תקו"ז ת"ל. תניא רפכ"ג. ובכ"מ.

דעם עניין אין תורה וואס איז שייך צו דעם אבר פרטי - וויבאלד אז תורה איז בחינה דם, וואס בכל האברים איז דער זעלבער דם?

סה. וועט מען עס פארשטיין פון דעם משל פון דם גופא:

וויבאלד אז אין יעדער אבר איז דא א חיות פרטי (וואס איז שייך צו דעם אבר ביחוד), וואס ווערט נמשך פון דעם דם - "כי הדם הוא הנפש"[203] - איז דאך מוכרח, אז ס'איז דא עפעס א התחלקות אויך אין דעם דם שבהאברים.

ס'איז מערניט וואס די התחלקות איז נאר בנוגע צו זיין פעולה (וואס ער פועל'ט אין די אברים); אבער דער דם עצמו, אפילו לאחרי ווי ער ווערט נמשך אין די אברים, איז ער למעלה מהתחלקות.

און נאכמער: אפילו בנוגע צו זיין פעולה אין די אברים, איז דא א קשר וחיבור פון דעם דם וואס אין איין אבר מיטן דם וואס אין די אנדערע אברים. וואס דערפאר קען מען אויסהיילן איין אבר דורך הקזה דם אין אן אנדער אבר, "מצד עירוב הדמים"[204].

איז כשם ווי דאס איז אין משל, אז בכדי דער דם זאל אויפטאן אין די אברים פרטיים די פעולות פרטיות וואס זיינען שייך צו זיי (אין יעדער אבר לפי ענינו), איז ניט מספיק אז דער דם זאל בלויז נתפשט ווערן אין זיי (ווי ער איז בעצמותו), נאר ער דארף אויך פאנאנדערגעטיילט ווערן (בחיצוניות) בכל אבר לפי ענינו, אין דעם מוח לפי ענינו, אין דעם עקב לפי ענינו וכו',

און אעפ"כ אז אויך דאן פארבלייבט ער בפנימיותו - למעלה מהתחלקות (וואדום ער איז דאך כסדר "חוזר אל הלב"[205]) און דוקא מצד דעם האט ער בכח צו מחי' זיין די אברים -

ער"ז איז אויך אין נמשל: אז בכדי תורה זאל אויפטאן אין וועלט (ועד"ז אין עולם קטן) אן עניין פרטי - איז עס דורך דערויף וואס די המשכת ההורה אין עולם איז אין אזא אופן, אז אין תורה גופא זיינען דא ענינים פרטים (ומחולקים) וואס זיינען שייך צו די עניני העולם וואס ווערן אויפגעטאן פון זיי

אבער אעפ"כ, איז דאס גופא וואס דער לימוד פון די ענינים פרטים שבתורה האט בכח צו אויפטאן אין וועלט (די

- ענינים -

---

203) ראה יב, כג. 204) סהמ"צ להצ"צ מצות אהבת ישראל פ"א (כח, ב). וראה גם לקו"ת ר"פ נצבים. 205) לשון אדה"ז באגה"ק סל"א.

ענינים שבדוגמתם), ביז אז די פעולה איז "בדרך מלמעלה למטה" (ניט בדרך ההלבשות)

- ווי מען זעט עס אין דעם סיפור הנ"ל פון רשב"י, אז אע"פ וואס ער האט געלערנט אן ענין פרטי אין תורה וואס איז פארבונדן מיט אן ענין (ירידה גשמים) אין עולם, פונדעסטוועגן האט עס גע׳פועל׳ט ירידת גשמים בדרך כמילא -

איז עס מצד דערויף וואס דער מהות פון תורה, אויך לאחרי ווי זי ווערט נהחלק אויף ענינים פרטים בהתאם צו עניני העולם, איז - "חיי עולם" וואס איז העכער פון שרש הנבראים, ביז - אורייתא[206] וקוב"ה כולא חד.

סו. ע"פ כל הנ"ל יש לומר, אז דאס וואס מען געפינט אין זהר פון היינטיקער סדרה אז יעדער איינער האט געדארפט זאגן תורה "כפי מדתו" (ר׳ שמעון, ר׳ אלעזר און ר׳ אבא ביום, און ר׳ יוסי בלילה) - אע"פ וואס אמירה תורה שלהם (בכלל) איז ניט געווען פארבונדן מיט דער הגבלה פון יום און לילה - איז, ווייל דורך די אמירה ההורה דעמולט (בעת דער מאורע וואס ווערט דערציילט בזהר הנ"ל) האבן זיי געוואלט אויפטאן אין וועלט, אן ענין וואס איז פארבונדן מיט די גדרים פון "יום" און "לילה".

און היות אז בכדי דער לימוד התורה זאל אויפטאן דעם ענין פרטי וואס איז שייך צו "יום" און "לילה" פון עולם, דארף אויך דער לימוד התורה זיין פארבונדן מיט "יום" און "לילה",

דעריבער האט יעדערער פון זיי געדארפט לדרוש "כפי מדתו" - ווייל בכדי צו ממשיך זיין תורה (און פארבינדן איר) מיט "מדת יום", איז עס דוקא דורך די וואס מדתן איז מדה יום, און בכדי צו ממשיך זיין תורה (און פארבינדן איר) מיט "מדת לילה" איז עס דוקא דורך דעם וואס מדתו איז מדה לילה.

אבער אעפ"כ, וויבאלד אז רשב"י וחבריו זיינען געווען "תורתם אומנתם" - איז פארשטאנדיק, אז אויך אין זייער לימוד התורה ווי זי איז פארבונדן מיט "מדת יום" און "מדת לילה", איז געווען נרגש דער מהות פון הורה וואס איז העכער (פון שרש הנבראים, ובמילא - העכער) פון התחלקות.

סז. המבואר לעיל בענין "חש בראשו יעסוק בתורה", אז

- מ׳דארף -

---

206) הובא בתניא פ"ד ורפכ"ג בשם הזהר. וראה לקו"ד נצבים רד"ה כי קרוב. תקו"ז ה"ו והכ"ב.

מ׳דארף צוטרעפן צו דעם חלק ה"ראש" שבתורה בכדי עס זאל אוועקגיין דער מיחוש, ועד"ז ביי אנדערע מיחושים - איז דאס ניט קיין חסרון, נאר אדרבה - ס׳איז גאר א מעלה,

וואדום וויבאלד אז ער ווייס ניט וועלכער חלק בתורה איז דער חלק ה"ראש" שבתורה, און ער וויל דאך אז דער מיחוש זאל אוועקגיין - וועט ער זיך אריינווארפן אין לימוד התורה, אז ער וועט זיך אוועקזעצן לערנען א ריבוי תורה, בכדי אז ער זאל אפשר צוטרעפן צו דעם חלק ה"ראש" שבתורה, ועד"ז בנוגע צו אנדערע מיחושים.

ויה"ר אז יעדער איד זאל האבן א רפואה שלימה און א רפואה קרובה אין אלע ענינים אין וועלכע מ׳דארף איר (חסר הסיום).

* * *

סח. דער ביאור אויף די שאלות הנ"ל בנוגע צו "והגדת לבנך" און "בינו לבין אחרים מניין" וכו׳:

דאס וואס מ׳האט געפרעגט אז לכאורה קען מען נאך אלץ ענטפערן אין דעם ס"ד אז בא אחרים קומט-צו אין דער מצוה וחיוב מער ווי בא "בינו לבין עצמו", און אע"פ אז אין דעם ענטפעד "ת"ל . זכור את היום הזה" איז דאס ניט מבואר (און אפילו ניט נרמז), איז אבער "פשוט מיהא חדא", אז דער ס"ד עכ"פ ווערט פארענטפערט -

איז באמת וואלט מען אזוי געקענט ענטפערן, אבער אזוי ווי לא אשתמיט אז קיינער פון די וואס שטעלן זיך אפ אויף דעם, ניט ראשונים און ניט אחרונים, זאל דאס זאגן - איז דערפון גופא א סימן אז ניט דאס איז די כוונה פון דעם קס"ד.

סט. בנוגע צו "והגדת לבנך", וואס לכאורה קען מען דאס טייטשן אז דאס מיינט אויך "לבנך" צו דיינע תלמידים, ע"ד ווי מ׳טייטשט "ושננתם לבניך - אלו התלמידים" -

איז אה"נ, אויב מ׳וויל קען מען אזוי טייטשן, און ס׳איז קיין סתירה ניט צו דעם וואס מ׳פרעגט "בינו לבין אחרים מניין", ווארום "בינו לבין אחרים" קען מיינען "אחרים" וואס זיינען ניט זיינע תלמידים;

אויף "אחרים" וואס זיינען אויך זיינע תלמידים - דארף מען ניט האבן קיין לימוד מיוחד, ווארום מ׳ווייס דאס שוין פון "והגדת לבנך" -

אבער "אחרים" וואס זיינען סתם "אחרים", ניט זיינע תלמידים - אויף דעם פרעגט מען "בינו לבין אחרים (סתם) מניין".

- אדער -

אדער מ´קען זאגן אז בא "והגדת לבנך" קען מען ניט מייטשן אז דאס מיינט אויך זיינע תלמידים, נאר דא איז "לבנך" כפשוטו, דוקא זיין זון,

וואָרום בנוגע צו פסח איז מודגש די שייכות פון "בנך" כפשוטו דוקא - ווי מ´זעט דאס בנוגע צו דעם קרבן פסח אז עס דארף זיין "שה לבית"[207], אז אלע מיטגלידער פון דער משפחה זיינען געווען מנויים אויף דעם זעלבן קרבן[208], וואס דאס איז ווי עס איז געווען בזמן הבית, עד"ז איז אויך דערנאך, אז פסח פלעגן די תלמידים ניט זיין צוזאמען מיט זייערע רביים, זייערע מלמדים - נאר דוקא מיט זייערע עלטערן,

ובפרט אז דער ענין פון "והגדת לבנך" קומט בהמשך צו "קדש לי כל בכור"[209], וואס א בכור איז א זון דוקא, עד"ז איז "בנך" - כפשוטו -

דערפאר לייגט זיך צו זאגן אז דער ציווי פון "והגדת לבנך" גייט דאס דוקא אויף "בנך" כפשוטו, וואס דערפאר דארף מען געפינען א לימוד מיוחד בנוגע צו "אחרים", כולל אויך תלמידים, "בינו לבין אחרים מנין".

ע. עס בלייבט נאך אבער די שאלה בנוגע צו א נפק"מ להלכה, וואס אין דערויף זיינען דא צוויי צדדים:

א) אז עס איז דא א יתרון בא "בינו לבין אחרים" לגבי "בינו לבין עצמו".

וואָרום וויבאלד אז מ´לערנט ארויס פון "זכור את היום הזה" אז ער דארף דאס זאגן בדיבור אפילו ווען ס´איז ניטא די מציאות פון "בנך", צי דאס איז בדיבור "בינו לבין אחרים", צי דאס איז בדיבור "בינו לבין עצמו" - לייגט זיך צו זאגן אז עס איז א גרעסערער חיוב אז ער זאל דאס זאגן צו "אחרים",

וואָרום דער עיקר ענין הדיבור איז צוליב אחרים, ובלשון החסידות - צוליב א זולת, וואָרום פאר זיך קען ער דאך טראכטן, און ער דארף ניט אנקומען צום ענין הדיבור,

איז וויבאלד אז בא דעם ענין איז דא א ציווי אז עס דארף זיין בדיבור דוקא, וואס דאס איז איינער פון די ביאורים אין דעם אויפטו פון סיפור יציאת מצרים בליל (א´ ד)חג הפסח אויף זכירה יציאת מצרים פון א גאנץ יאר, ווי מ´האט שוין אמאל גערעדט בארוכה[210] - איז פארשטאנדיק, אז בא

- "בינו -

---

207) בא יב, ג. 208) פסחים פח, א. וראה בהנסמן בשיחת יום ג´, ר"ח ניסן ה´תש"מ הע´ 18. 209) בא יג, ב.
210) וראה גם הגש"פ עם לקוטי טעמים ומנהגים ע´ טו.

"בינו לבין אחרים" קומט-צו אין דער מצוה וחיוב (פון סיפור יציאת מצרים) מער ווי בא "בינו לבין עצמו".

און אע"פ אז אויך דער ענין התפלה, קריאת שמע און לימוד ההורה, דארפן זיין בדיבור דוקא, און ער דארף ניט האבן קיין זולת - איז אין די ענינים רעדט ער דאך צום אויבערשטן וואס ער איז דער זולת, משא"כ בא סיפור יציאת מצרים איז ניט דער ציווי ער זאל מספר זיין צום אויבערשטן, נאר עס דארף זיין סיפור יציאה מצרים, און "והגדת לבנך", אז ער דארף האבן א זולה, צי דאס איז "בנו", צי דאס איז סהם "אחרים".

ב) אז סיי "בינו לבין אחרים" סיי "בינו לבין עצמו" זיינען בשוה, ווארום ביידע לערנט מען אפ פון "זכור את היום הזה", קען מען זאגן אז דאס איז א גזירת הכתוב.

עכ"פ צריך עיון וחיפוש, צו מברר זיין ווי דאס איז בנוגע לפועל.

עא. דער ביאור אויף דער קשיא וואס מ'האט געפרעגט אין פרש"י, אז דא זאגט רש"י "לפי שהי' משה מתקשה בה, אמר לו הקב"ה השלך את הככר לאור והיא נעשית מאלי'" - און שפעטער בא דעם סיום הענין, ווען מ'האט געמאכט די כלי המשכן בפועל, שטייט "ויעש את המנורה", אז בצלאל האט געמאכט די מנורה - ובהקדים:

דאס וואס עס שטייט (ביי עשית הארון[211]) "ויעש בצלאל", אע"פ וואס עס זיינען געווען אויך די אנדערע "חכמי לב"[212], איז רש"י מפרש : "לפי שנתן נפשו על המלאכה יותר משאר ח חכמים נקראת על שמו"[213].

ד.ה. אז אע"פ אז עס זיינען סאקע געווען (אויך) אנדערע וואס האבן דאס געמאכט - אעפ"כ ווערט עס אנגערופן על שמו "לפי שנתן נפשו על המלאכה".

וואס עד"ז איז דער ביאור אויך בא דער עשי' פון דער מנורה: אע"פ אז זי איז געמאכט געווארן "מאלי'", "תיעשה המנורה", און ניט בצלאל האט איר געמאכט - אעפ"כ שטייט "ויעש את המנורה" - דערפאר וואס "נהן נפשו עלי'", און דערפאר איז "נקראת על שמו", "ויעש את המנורה" - לשון יחיד.

עב. דער ביאור אין פירוש רש"י בנוגע צו יריעות, וואס

- רש"י -

---

211) ויקהל לז, א. 212) ראה תצוה כח, ג. ויקהל לו, א ואילך. 213) עה"פ ויקהל לז, א.

רש"י ברענגט אראפ צוויי דעות, און דערנאך זאגט ער "והכתוב בפרשה זו מסייענו (צו די צווייטע דעה) ונתת את הפרוכת תחת הקרסים, ואם כדברי הברייתא הזאת (אז די יריעות האבן ניט מכסה געווען די עמודי המזרח) נמצאת פרוכת משוכה מן הקרסים ולמערב אמה":

דאס וואס רש"י זאגט "והכתוב בפרשה זו מסייענו" - מיינט ער ניט זאגן אז דאס איז א ראי' מוכחת צו די צווייטע דעה, און די ערשטע דעה איז היפך הפשט - ווארום: א) די ראי' פון דעם פסוק איז ניט קיין ראי' מוכחת; ב) עס זיינען דא נאך כמה כתובים וואס זיינען מסייע צו די ערשטע דעה -

נאר רש"י מיינט זאגן, אז וויבאלד עס זיינען דא כמה כתובים וואס זיינען מסייע צו די ערשטע דעה וואלט מען געקענט מיינען אז די צווייטע דעה איז שווער בפשש"מ - דערפאר זאגט רש"י אז אויך צו די דעה איז דא א סיוע פון א פסוק, "והכתוב בפרשה זו מסייענו".

עג. והביאור בזה:

א) דער סיוע פון דעם "כתוב בפרשה זו" איז ניט קיין ראי' מוכחה, ווארום דער אורך פון דעם משכן איז געווען שלשים אמה, איז אפילו אויב די פרוכת איז "משוכה מן הקרסים ולמערב אמה" קען מען אויך אויף דעם זאגן "ונתת את הפרוכת תחת הקרסים" - ווארום בערך צו שלשים אמה איז די אפגערוקטקייט פון איין אמה קען אויך הייסן "תחת הקרסים".

ב) עס זיינען דא כמה כתובים וועלכע זיינען מסייע די ערשטע דעה:

פון די צוויי זייטן פון דעם משכן (צפון און דרום) זיינען געווען ח' אמה הלויה פון די זייטן, קומט דערפון אויס, אז לויט די ערשטע דעה, די "ברייתא במסכת מדות", וואס האלט אז (די דעות האבן צוגעדעקט די עמודים, ובמילא) "נשתיירו ח' אמות התלויין על אחורי המשכן שבמערב" - האט געהאנגען די זעלבע צאל אמות "אחורי המשכן שבמערב" ווי על צידי המשכן מזה ומזה;

משא"כ לויט די צווייטע דעה, "במסכת שבת", אז (די יריעות האבן ניט צוגעדעקט די עמודים, ובמילא) "ט' אמות תלויות אחורי המשכן" - האט ניט געהאנגען די זעלבע צאל אמות אחורי המשכן ווי על צידי המשכן.

קומט אויס, אז דערפון איז א סיוע צו די ערשטע דעה*.

- עד. -

---

*) והטעם שביריעות העזים כיסה אורך היריעות אחורי

עד. נאך אן ענין וואס איז מסייע צו די ערשטע דעה:

אויף די יריעות התחתונות האט מען פורש געווען יריעות עזים[214], וואס אין די יריעות עזים זיינען געווען צוויי אמות מער ווי אין די יריעות התחתונות וועלכע זיינען געווען סרוח על אחורי המשכן[215].

וואס עס קומט אויס אז עס איז דא אין דעם א נפק"מ לשתי הדעות: לויט די "ברייתא דמסכת מדות", אז (די יריעות התחתונות האבן צוגעדעקט די עמודים, ובמילא) "נשתיירו ח׳ אמות התלויין על אחורי המשכן", ובמילא זיינען געבליבן נאך צוויי אמות פון די קרשים און אדנים - האבן די צוויי איבעריקע אמות וואס זיינען געווען אין די יריעות עזים מאחורי המשכן - צוגערעקט אויך די צוויי אמות;

משא"כ לויט "מסכת שבת", אז (די יריעות האבן ניט צוגעדעקט די עמודים, ובמילא) "ט׳ אמות תלויות אחורי המשכן" - קומט אויס אז פון די צוויי איבעריקע אמות וואס זיינען געווען אין די יריעות עזים מאחורי המשכן - האט זיך איינע גאר געוואלגערט אויף דער ערד!

וואס דאס איז דער היפך פון דעם וואס רש"י ברענגט אין דעם ענין[216] "למדה תורה דרך ארץ שיהא אדם חס על היפה"!

קומט אויס, אז אויך דערפון איז א סיוע צו די ערשטע דעה, אז די יריעות התחתונות האבן צוגעדעקט די עמודים.

עה. נאך אן ענין בזה:

בכדי צו באווארענען אז א ווינט וואס וועט אמאל קומען זאל ניט בלאזן די יריעות המשכן - זיינען געווען "יתדות" וואס זיינען געווען צוגעבונדן מיט "מיתרים" צו די שיפולי היריעות,

און רש"י[217] איז מפרש בענין היתדות אז "איני יודע אם תחובין בארץ או קשורין ותלויין וכובדן מכביד שפולי היריעות שלא ינועו ברוח. ואומר אני ששמן מוכיח עליהם שהם תקועין בארץ כו׳".

- וואס -

---

המשכן עד למטה ממש ורוחב היריעות לא כיסה אמה התחתונה דצידי המשכן, אמת האדנים - דלכאורה מזה גופא ראי׳ דאין דיוק שיהי׳ צידי המשכן ואחורי המשכן בשוה -

י"ל לפי שביריעות עזים מוכרח שתשאר אמת האדנים מגולה.

---

214) פרשתנו כו, ז ובפרש"י. 215) פרש"י עה"פ שם, ח. 216) פרשתנו כו, יב. 217) עה"פ שם כז, יט.

וואס אויב מען לערנט ווי די דעה פון מסכת שבת - איז פארשפארט דער גאנצער ענין מאחורי המשכן,

ווארום כאמור, לויט די דעה האט זיך איין אמה פון די יריעות עזים געוואלגערט אויף דער ערד, ובמילא האט מען שוין ניט געדארפט קיין מיתרים, און מ'האט געקענט אוועק-לייגן די יתדות אויף דער אמה וואס איז געווען אויף דער ערד און זייער כובד וואלט מכביד געווען שפולי הידיעות שלא ינועו ברוח.

און טאמער עס וואלט אזוי געווען - וואלט דאס געווען נאך א חילוק צווישן אחורי המשכן און צידי המשכן, ווארום בצידי המשכן זיינען די יתדות וואס זיינען געווען קשור צו די מיתרים - געווען תקועין בארץ, משא"כ מאחורי המשכן וואלטן די יתדות אליין געלעגן אויף די יריעות "וכובדן מכביד שפולי היריעות שלא ינועו ברוח".

וואס אויך פון דעם ענין איז א סיוע צו דעת הברייתא דמסכת מדות וואס האלט אז די יריעות התחתונות האבן צוגעדעקט די עמודים, ובמילא זיינען געווען ח' אמות פון די יריעות התחתונות מאחורי המשכן, ובמילא - די ידיעות העזים האבן נאר צוגעדעקט די איבערגעבליבענע צוויי אמות, און ס'האט זיך ניט געוואלגערט דערפון קיין אמה אויף דער ערד.

וואס מכל הנ"ל קומט אויס אז דאס וואס רש"י שרייבט "והכתוב בפרשה זו מסייענו" צו די צווייטע דעה - איז נאר "הכתוב בפרשה זו מסייענו כו'", משא"כ צו די ערשטע דעה איז מסייע כמה כתובים וכללות הענין,

ואדרבה: וויבאלד אז צו די ערשטע דעה זיינען כמה כתובים און דער כללות הענין מסייע - איז בשעת דער קינד קומט צו די צווייטע דעה ווערט דאס אים שווער - דערפאר איז רש"י מפרש אז (אויך) צו די דעה איז "והכתוב בפרשה זו מסייענו".

עו. מעשה המשכן איז דאך נצחי, ווארום מעשה המשכן איז מעשה ידי משה וואס זיינען נצחיים[218], און אויך דערפאר וואס מעשה המשכן איז געבאכט געווארן דורך כשרים שבדור -

איז יה"ר אז משיח זאל קומען, און מ'וועט אים בעטן באווייזן ווי עס זיינען די יריעות, צי לויט די ערשטע דעה צי לויט די צווייטע דעה, און משיח וועט ווייזן ווי "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[219],

- אדער -

-------------

218) סוטה ט, א. 219) עירובין יג, ב.

אדער די הלכה איז אז פעמים כך ופעמים כך, ואכ"מ להאריך בזה.

דער עיקר איז – אז משיח זאל שוין קומען, און עס זאל שוין זיין דער ביהמ"ק במקומו, וואס ער וועט געבויט ווערן דורך משיח צדקנו[220].

וואס דער ביהמ"ק איז שוין בנוי בשמים און ער דארף נאר אראפקומען למטה מעשרה טפחים,

און עס זאל שוין זיין "אהרן ומשה עמהם",

וואס דאס אלץ וועט זיין בביאת משיח צדקנו "נאו", אין אן אופן אז אויך אמעריקאנער און ענגלאנדער זאלן דערפון וויסן,

און ער וועט אונז ארויסנעמען פון גלות, "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"[221],

במהרה בימינו ממש.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

— * —

---

220) רמב"ם הל' מלכים ספי"א. 221) ל' הכתוב - בא י, ט.

א. ס'איז ש"פ תצוה, וואס בנוגע צו פ' תצוה האט מען גערעדט, און ס'איז שוין אויך אפגעדרוקט (בלקו"ש השבועי), וועגן דערויף וואס דער בעל הטורים שרייבט (ריש פרשתנו. וכ"ה בז"ח שה"ש בתחלתו (ס, ג). רבותינו בעה"ת ובחיי עה"פ תשא לב, לב. פי' הרא"ש עה"ת ריש פרשתנו. וראה זח"ג רמו, א), אז פרשת תצוה איז אויסגעטיילט פון אלע סדרות שלאח"ז, אז אין אלע סדרות ("עד משנה תורה" (פי' הרא"ש שם. ועד"ז הוסיפו בחצע"ג בבעה"ט שם)) ווערט דערמאנט משה'ס נאמען, מיטן אויסנאם פון פרשת תצוה,

און אע"פ אז עס האט יע געדארפט דערמאנט ווערן משה'ס נאמען, ווי ער זאגט אין ז"ח (שם) אז אין יעדער ענין פון פ' תצוה האט געדארפט שטיין משה'ס נאמען - אעפ"כ איז אין פ' תצוה ווערט ניט דערמאנט זיין נאמען.

וואס דער ענין איז זיכער (אויך) אן ענין לשבח, ווארום עס איז א כלל אז תורה רעדט נאר לשבח פון א מענטשן, ובמכ"ש פון דעם וואס אפילו בנוגע צו מין החי איז די תורה מוסיף עטלעכע ווערטער אבי ניט צו רעדן בגנותה (פסחים ג, א. וראה גם ב"ר פל"ב, ד. וראה כ"ב קכג, א) - איז דערפון פארשטאנדיק, אז אויך דאס וואס תורה דערמאנט ניט משה'ס נאמען אין פרשת תצוה - איז אן ענין לשבח.

ב. דער ביאור אין דעם - איז ע"ד ווי מ'געפינט דאס בנוגע צו דעם אויבערשטן, וואס "צדיקים דומין לבוראן" (ב"ר פס"ז, ח), ע"פ א ביאור און פירוש פון חסידות:

מ'געפינט זיך איצטער אין חודש אדר - איז ידוע אז אע"פ וואס מגילת אסתר איז פון די ספרי הקודש* ווערט דארטן ניט דערמאנט דער שם הוי'**, דער נאמען פון דעם אויבערשטן***.

וואס פשטנים (ראב"ע שם) זיינען מבאר דעם טעם אויף דערויף, אז מגילת אסתר האט מען דעמולט מעתיק געווען אויף שפת פרס, און וויבאלד אז מ'האט ניט געוואלט אז אין דעם וואס מ'האט מעתיק געווען בשפת פרס זאל שטיין א שם, ווארום מ'וואלט דארטן געשריבן א שם פון לעו"ז - איז דאס אזוי אויך ארויסגעקומען אין מגילת אסתר (אויף לה"ק), אז אויך דארטן איז ניטא קיין שם.

וואס דער פירוש איז א פירוש שלא למעליותא;

עס איז אבער דא ווי מ'איז דאס מבאר אין חסידות, אין דעם מאמר אין אוה"ת (שם) וואס עס איז קענטיק אז דאס איז א מאמר פון דעם אלטן רבי'ן (נדפס בסה"מ

---

*) ע"פ ל' הראב"ע בפתיחתו למגילת אסתר(: אין במגלה הזאת זכר השם והיא מספרי הקודש).

**) כ"כ בפע"ח (שער הפורים פ"ו). וראה גם משנת חסידים מס' אדר פ"ו מ"ג. תו"א ק, ב. קכא, ג. באוה"ת (אסתר ע' ב'תמ) מוסיף: וגם לא שם אלקים ואד'.

***) ומה שבשיר השירים ג"כ לא נזכר שם ה' (ולא שאר השמות) - י"ל שפשוט הוא, ע"ד שלא הוזכר בכמה קאפ' בתושב"כ - מפני שלא מדובר בהם בענין ששייך להזכיר, משא"כ במג"א ונסי'.

ועוד להעיר: בנוגע לשה"ש אמחז"ל ש"כל שלמה האמורים בשיר השירים קודש שיר למי שהשלום שלו כו'" (שבועות לה, ב), ולדעת הרמב"ן (שבועות שם) איננו נמחק (וגם לדעת הרמב"ם (הל' יסוה"ת פ"ו ה"ט) "הרי הוא (עכ"פ) כשאר הכינויין").

ואף שעד"ז נמצא ג"כ בנוגע ל"מלך" ו"אחשורוש" שבמג"א (ראה מגילה טו, סע"ב. אסת"ר פ"ג, י. זח"ג (רע"מ) קט, רע"א ("בכר אתר המלך סתם דא קב"ה"). מאו"א ועדה"כ (לבעל סה"ד) ע' אחשורוש, (וש"נ) - הרי לא מצינו בהלכה שיש להם דין שם (גם לא דכינוי).

תקס"ה. וראה גם תו"א שם)), ועד"ז אין דרושי רבותינו נשיאינו שלאח"ז אז דער טעם אויף דעם איז - א טעם למעליותא, - דאס איז דערפאר וואס מגילת אסתר איז אן ענין וואס איז העכער פון שם:

די גמרא (חולין קלט, ב) זאגט "אסתר מן התורה מנין - ואנכי הסתר אסתיר פני" (וילך לא, יח), איז מען מבאר אין דעם, אז דער ענין פון "אנכי" איז אן ענין וואס איז העכער פון דעם ענין פון פנים און אחור,

און דער ענין איז אויך העכער פון שם, ד.ה. אז דאס איז העכער סיי פון גילוי פון שם און סיי פון העלם פון שם; דאס איז עצם, עצמות ומהות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער טעם פארוואס אין מגילת אסתר איז ניטא קיין שם איז - דערפאר וואס ענינה פון מגילת אסתר איז העכער פון שם - עצם, עצמות ומהות אליין.

ג. און ע"ד ווי דאס איז בא דעם אויבערשטן, אז עס איז דא דער שם, און ס'איז אויך דא דער עצם, העכער פון שם - עד"ז איז דאס אויך דא בא צדיקים וואס "דומין לבוראן", אז עס איז דא דער עצם פון א צדיק וואס איז העכער פון זיין שם.

וואס דער ענין איז דא ביי אלע צדיקים, כאמור לעיל אז דאס איז דא בא צדיקים דערפאר וואס "צדיקים דומין לבוראן"; במיוחד אבער איז דאס בא משה'ן:

בא משה'ן שטייט (בשלח טז, ז-ח) "ונחנו מה", אז זיין מציאות איז - בחי' "מה", ביטול צו דעם אויבערשטן (ראה תו"א שם צט, ג. אוה"ת פרשתנו ע' א'תרו. א'תרכג. ובכ"מ), ועד"ז און נאכמער: אע"פ אז שלמה המלך האט געזאגט אויף דעם ענין פון פרה אדומה (במדב"ר פי"ט, ג (בסופו). תנחומא חוקת ו) "אמרתי אחכמה והיא רחוקה ממני" (קהלת ז, כג) - האט דער אויבערשטער געזאגט משה'ן (במדב"ר שם, ו. תנחומא שם, ח) "לך אני מגלה כו'", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז משה איז העכער פון אנדערע צדיקים.

און וויבאלד אז משה איז העכער פון אנדערע צדיקים, און זיין מציאות איז ביטול צו דעם אויבערשטן - איז פארשטאנדיק, אז ביי אים במיוחד איז ע"ד ווי עס איז בא דעם אויבערשטן, אז עס איז דא ביי אים דער עצם וואס איז למעלה פון זיין שם, "משה".

וואס דאס איז דער טעם וואס אין פדשת תצוה ווערט ניט דערמאנט משה'ס נאמען, ווארום ע"ד ווי אין מגילת אסתר ווערט ניט דערמאנט קיין שם, דערפאר וואס ענינה איז - למעלה מבחי' שם פון דעם אויבערשטן, עצמות ומהות - עד"ז איז דאס אויך אין פרשת תצוה אז עס ווערט דארטן ניט דערמאנט משה'ס נאמען, דערפאר וואס ענינה פון פ' תצוה איז - דער עצם פון משה, העכער פון זיין שם.

ד. אבער אעפ"כ ווערט דערמאנט משה'ס נאמען ברמז אין דער סדרה, ווי מ'זעט עס אויך בפשטות, אז מ'גיט א פרעג ביי איינעם וועגן יעדער ציווי אין דער סדרה - פון וועלכער סדרה דאס איז - ענטפערט ער: פון "ואתה תצוה" (ראה לקו"ש חט"ז ע' 342 הע' 9); ווער איז דאס "ואתה תצוה" - ענטפערט ער: משה (ווארום אזוי פארשטייט ער פון דעם המשך הפרשיות).

און אויך דאס איז ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו דעם אויבערשטן'ס נאמען אין מגילת אסתר:

אע"פ וואס דער ענין פון מגילת אסתר איז העכער פון דעם ענין השם, כאמור - אעפ"כ, זיינען דא אין מגילת אסתר כמה רמזים אויף דער ענין השם, ווי עס ברענגען זיך אין כתבי האריז"ל (אין פרי עץ חיים שם) כמה ראשי תיבות וסופי

תיבות וואס שטעלן צונויף די אותיות השם.

וואס דער ביאור אין דעם איז:

אע"פ אז עס רעדט זיך וועגן דעם עצם וואס איז העכער פון שמות, וואס אויף דעם זאגט מען (לקו"ת פינחס פ, ב. וראה זח"ג רנז, ב. וראה לקו"ש ח"ו ע' 194 ובהערות שם) אז "לא אתפס בשם ולא אתרמיז בשום אות וקוצא כלל", ביז אז "לא אתרמיז" כלל - אעפ"כ קומט עס דאך אראפ אין תורה, וואס תורה איז ענינה הוראה (זח"ג נג, ב) - דארף עס זיין עכ"פ אין אן אופן פון רמז.

און עד"ז איז דאס אויך בא משה: אע"פ אז עס רעדט זיך וועגן דעם עצם פון משה-ווייבאלד אבער עס שטייט אין תורה וואס ענינה איז הוראה - דארף עס שטיין עכ"פ ברמז.

אבער כאמור דער שם שטייט נאר אין אן אופן פון רמז, ווארום מגילת אסתר ועד"ז פ' תצוה זיינען ענינים וואס זיינען העכער פון שם, מגילת אסתר איז ענינה - דער עצם שלמעלה, עצמות ומהות, ועד"ז פ' תצוה איז ענינה - דער עצם פון משה, וואס איז העכער פון זיין נאמען.

ה. דער עצם פון משה וואס איז העכער פון דער שם משה - איז אן ענין נעלה ביותר, ווארום אויך דער שם משה איז א שם פלא, איז וויבאלד מ'זאגט אז דאס איז אן ענין וואס איז העכער פון דעם שם משה (ד.ה. אן ענין וואס קען ניט אויסגעדריקט ווערן אין דעם שם משה) - איז פארשטאנדיק, אז דאס איז אן ענין נעלה ביותר.

וביתר ביאור - דער נאמען משה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "יתרון האור מן החושך" (ל' הכתוב - קהלת ב, יג. וראה ספר הערכים - חב"ד ערך אור - ביחס לחושך ס"ח. וש"נ):

בשעת משה האט באקומען זיין נאמען איז געווען א גזירה איומה אויף אידישע קינדער

- וואס עס איז פארשטאנדיק פון דעם מאמר ד"ה וקבל היהודים (וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט בפורים קטן (תרפ"ז - נדפס ב"התמים" חוברת ז (לה, ב (שלז, ב) ואילך). סה"מ תשי"א ע' 180), וואס דעמולט איז אויך געווען א שנת העיבור) אז א גזירה אויף אידישע קינדער איז די די גזירה הכי חמורה וואס קען זיין -

די גזירה (שמות א, כב) אז "כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו", און אויך בא משה איז דעמולט מקויים געווארן מעין פון דער גזירה: מ'האט אים אריינגעלייגט אין יאור (ראה שמו"ר פ"א, כא. לקו"ש חט"ז ע' 13 ובהערות שם), דערפאר וואס בדרך הטבע האט מען ניט געקענט דאס אויסמיידן,

[ווארום לכאורה האט דאך געקענט זיין א נס, אז מען זאל אים ממשיך זיין באהאלטן וכיו"ב - און אעפ"כ איז ניט געווען קיין נס, נאר מען האט אים בפועל אריינגעלייגט אין יאור, "היאורה תשליכוהו"].

און דערנאך איז געקומען בת פרעה "לרחוץ על היאור...ותשלח את אמתה" (שמות ב, ה), און זי האט אים געבראכט,

וואס דאס איז אן ענין פון "יתרון האור מן החושך", אז פון דער גזירה פון זיין אין יאור וואו מען האט אים אריינגעווארפן - איז ער דערנאך ארויס,

און נאכמער: "בת פדעה" האט אים דערפון ארויסגענומען,

[וואס אע"פ אז בת פרעה האט געהייסן "בתי'" ("בִתי'", מיט א פתח, צי "בִּתי'", מיט א חיריק, ווי עס שטייט אין ד"ה (א' ד, יח)), און עס איז מבואר אין חסידות אז זי איז געווען א בת צו "י-ה" - אעפ"כ, בא דעם מעמד ומצב איז זי לכתחלה געווען אין א מעמד ומצב פון בת פרעה].

און דעמולט האט מען אים געגעבן דעם נאמען משה; וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון דעם נאמען משה איז - "יתרון האור מן החושך".

נאך אן ענין בזה:

עס שטייט אז בת פרעה איז דעמולט געקומען לטהר עצמה מגילולי בית אבי', און דעמולט האט זי דערזען משה'ן, און אים ארויסגענומען וכו',

וואס דערפון וואס דעמולט איז ביי איר געווען דער אתהפכא חשוכא לנהורא פון אזא מצב ירוד - קומט אויס, אז אויך מצד בת פרעה איז דעמולט געווען א מעמד ומצב פון "יתרון האור מן החושך".

וואס מכ"ז איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון דעם שם משה איז - דער "יתרון האור מן החושך", ווארום דעמולט בשעת מ'האט אים געגעבן דעם נאמען זיינען זיך צוזאמענגעקומען דער "יתרון האור מן החושך" אז משה איז ארויסגענומען געווארן דורך בת פרעה פון (דער גזירה פון) "היאורה תשליכוהו", און דער "יתרון האור מן החושך" וואס בת פרעה האט זיך מטהר געווען מגילולי בית אבי'.

[וואס דאס איז אויך ע"ד ווי עס איז געווען בשעת עס איז געווען א גזירה אויף אידישע קינדער בזמן פורים, אז דערנאך איז דערפון ארויס דער "יתרון האור מן החושך", וואס דעמולט איז געווען דער "קיימו וקבלו היהודים", אז "קיימו (עס איז צוגעקומען א שטארקייט אין) מה שקבלו כבר"].

ו. דער ענין אז דער (בחי') שם פון משה איז דער ענין פון "יתרון האור מן החושך" - איז נאכמער מודגש דערפון וואס זיין שם דוקא - משה, דער שם וואס איז פארבונדן מיט דעם מאורע הנ"ל "כי מן המים משיתיהו".

דלכאורה: נאך אידער בת פרעה האט אים געגעבן דעם נאמען משה - האט משה לכאורה געהאט א נאמען, ווארום ער איז דעמולט שוין געווען אלט שלשה חדשים - און אעפ"כ בכל התורה ווערט ער אנגערופן דוקא מיטן נאמען משה?!

וואס אייגנטליך איז דאס א קלאץ קשיא אין פשוטו של מקרא פאר א בן חמש למקרא, וואס כמדובר אויף א קלאץ קשיא שטעלט זיך קיינער ניט:

דער בן חמש למקרא פרעגט: משה האט ראך זיכער פריער געהאט א נאמען, ווארום ער ווייס אז ס'איז א מנהג ישראל אז ביי דעם ברית גיט מען דעם קינד א נאמען - איז פארשטאנדיק אז אזוי האבן געטאן אויך עמרם און יוכבד,

און אעפ"כ ווערט ער אנגערופן דוקא משה?!

און מ'קען ניט זאגן אז יוכבד און עמרם האבן אים אנגערופן משה,

וכידוע דאס וואס דער אריז"ל זאגט, אז בשעת עלטערן דארפן געבן א נאמען גייט אין זיי אריין א רוה"ק אז זיי זאלן וויסן דעם נאמען וואס איז שייך צו דער נשמה, צו דעם גוף, צו דעם חיבור פון דער נשמה מיטן גוף,

און ווי תורת הבעש"ט, אראפגעבראכט אין תניא אין שער היחוד והאמונה, אז "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" ווייזט אויף דעם תוכן הענין -

און בת פרעה האט צוגעטראפן צו דעם נאמען וואס זיי האבן אים פריער אנגערופן - ווארום דער נאמען משה איז דאך אים געגעבן געווארן דערפאר וואס "כי מן המים משיתיהו", דאס וואס זי (בת פרעה) האט אים ארויסגענומען פון די וואסער; און אעפ"כ איז דער איינציקער נאמען מיט וועלכן ער ווערט אנגערופן בכל התורה - איז דוקא דער נאמען משה?!

וואס דאס איז א קלאץ קשיא שאין כמוה! און רש"י באווארנט עס ניט.

וואס משה האט ניט נאר געהאט איין נאמען, נאר, ווי ער זאגט אין מדרש - משה האט געהאט צעהן נעמען! און אעפ"כ רופט מען אים אן דוקא משה?!

און אע"פ אז דער בן חמש למקרא ווייסט ניט דערפון וואס עס שטייט אין מדרש אז ער האט געהאט צעהן נעמען - אעפ"כ, איין נאמען האט ער דאך געהאט נאך איידער בת פרעה האט אים א נאמען געגעבן משה - איז פארוואס רופט מען אים דוקא מיט דעם נאמען משה?!

ואין כאן המקום להאריך בזה.

וואס עכ"פ, דערפון וואס אעפ"כ איז דוקא דער נאמען משה - דער נאמען מיט וועלכן ער ווערט אנגערופן בכל התורה - איז פארשטאנדיק, אז דער נאמען משה במיוחד - איז דער בחי' שם פון משה,

וואס ענינו פון דעם שם איז, כנ"ל - "יתרון האור מן החושך".

ז. מכל הנ"ל איז פארשטאנדיק, אז דער עצם פון משה וואס איז העכער, און קען ניט ארויסגעדריקט ווערן אין דעם נאמען משה - איז אן ענין נעלה ביותר, ווארום עס איז העכער אפילו פון דעם שם פלא פון משה, וואס ענינו איז - "יתרון האור מן החושך".

און דאס איז דער ענין פון פ' תצוה, וואו עס ווערט ניט דערמאנט דער שם משה, אז ענינו איז - דער עצם פון משה, וואס איז נאך העכער אויך פון דער בחי' שם פון משה, דער ענין פון "יתרון האור מן החושך".

ח. דער ענין אז פ' תצוה איז דער עצם וואס איז העכער פון בחי' שם - איז אויך כולל אין זיך אז פ' תצוה איז העכער אויך פון אנדערע ענינים נעלים וואס זיינען דא אין משה:

אין פ' תצוה ווערט ניט נאר ניט דערמאנט דער שם משה, נאר עס ווערט אויך ניט דערמאנט משה רבינו,

וואס דער ביאור אין דעם איז: "רבינו" ווייזט אויף דעם וואס מ'לערנט פון משה'ן, דער ענין פון רב ותלמיד, וואס דאס איז שייך צו מדריגת החכמה - און דער ענין פון פ' תצוה איז העכער אויך דערפון.

נאכמער: עס ווערט אפילו ניט דערמאנט דער ענין פון "רועה נאמן" "רעיא מהימנא" - ווארום דער ענין פון פ' תצוה איז העכער אויך פון בחי' אמונה, ענינה איז - דער עצם פון משה, וואס איז העכער סיי פון "שמו אשר יקראו לו" פון משה, און אויך - מכל ענינים אלו.

הנחה הת' בלתי מוגה

ט. דאס איז אויך דער קשר פון "ואתה תצוה" מיט דעם המשך הציווי "ויקחו אליך שמן זית גו' להעלות נר תמיד" - דלכאורה: די העלאת הנרות איז דאך געווען דורך אהרן, איז פארוואס איז דער ציווי "ויקחו אליך" (צו משה'ן)?

איז דער ביאור אין דעם: כדי צו אויפטאן דער ענין פון "להעלות נר תמיד" - מוז מען אנקומען צו "ואתה תצוה", דער עצם פון משה,

ווארום, אע"פ אז אויך אהרן האט אויפגעטאן תמידות אין די נרות - זיינען די נרות נאר געווען "מערב עד בקר", און עס הייסט תמידות נאר דערפאר וואס דאס חזר'ט זיך איבער אזוי יום ביום; כדי אבער אויפצוטאן אז עס זאל זיין תמידות, שטענדיק כפשוטו - מוז מען אנקומען דוקא צו דעם עצם פון משה, וואס דוקא ער טוט דאס אויף (ד"ה זאת תורת הבית תרפ"ט פ"א וי"א).

י. מכל הנ"ל, אז ענינה פון פ' תצוה איז - דער עצם פון משה וואס איז העכער פון בחי' שם, בדוגמת ווי מגילת אסתר וואס ענינה איז עצמות ומהות שלמעלה מבחי' שם - דארף זיין א הוראה בעבודת השם בחיי יום יום, ווארום דאס איז א טייל פון תורת חיים, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז עס דארף זיין דערפון א הוראה בחיי יום יום,

וואס אע"פ אז דער אלטער רבי זאגט אז מ'דארף לעבן מיט דער צייט, מיט דער פרשת השבוע, וואס דערפון קומט אויס אז די הוראה פון פ' תצוה איז שייך לכאורה נאר צו די שבעת ימים פון דער וואך, "כל יומא ויומא עביד עבידתי'" -

איז אבער באמת'ן, די הוראה פון ענינים אין תורה פון דער צייט זיינען שייך ניט נאר צו די זיבן טעג פון דער וואך - נאר צו אלעמאל, אז עס איז דא א צייט ווען זיי שטייען בהדגשה ובהבלטה, אבער דערפון דארף מען אפלערנען אויף אלעמאל, וכדלקמן.

יא. דער ענין אז פ' תצוה איז ענינה העכער פון בחי' שם - איז אויך אין די דרגות שבנשמה:

עס שטייט אז "חמשה שמות נקראו לה: נפש, רוח, נשמה, חי', יחידה", ד.ה. אז די אלע דרגות זיינען "שמות" וואס "נקראו לה",

וואס דערפון קומט אויס, אז בשעת מ'זאגט אז פ' תצוה איז ענינה העכער פאר בחי' שם - מיינט דאס, אז עס איז העכער פון נפש, און אויך פון רוח, און אויך פון נשמה, און אויך פון חי' און אפילו פון בחי' יחידה,

[וואס אע"פ אז יחידה האט א פעולה אויך אין אלע ענינים פון עבודת האדם, כמבואר בקונטרס העבודה - איז אבער עיקר ענינה - יחידה, און ע"ד ווי דער ענין פון "אחת בשנה" (וואס מ'זאגט אין דער סיום הסדרה), אז אע"פ אז ער לאזט א רושם אויף כל השנה - איז ער אבער בעיקר "אחת בשנה"; אבער אעפ"כ איז דא אן ענין נעלה יותר],

ווארום אויך יחידה איז עכ"פ איינע פון די "חמשה שמות" וואס "נקראו לה" -

עס איז אבער אויך דא וואס איז העכער פון יחידה - דער עצם הנשמה;

וואס דאס איז ענינה פון פ' תצוה - דער עצם פון משה וואס איז העכער פון אלע בחי' שם.

וואס אין עבודת האדם מיינט דאס:

הנחת הת' בלתי מוגה

עס איז דא עבודה וואס איז "בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך", אבער די אלע עבודות זיינען במדידה והגבלה, ווי די פירושים אין "בכל מאדך" - "בכל ממונך" און "בכל מדה ומדה שמודד לך כו'"; זיי זיינען נאך אלץ עבודה שבבחי' שם, ניט דער עצם.

ווארום די עבודות קומען דאך בהמשך צו "שמע ישראל" וואס ישראל איז א שם, וואס אע"פ אז עס איז א שם נעלה, וואס עס איז העכער פון דעם שם "יעקב", און ער איז אזוי אנגערופן געווארן ע"ש "כי שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל" - אעפ"כ, איז דאס א שם, און עד"ז איז מען דערנאך ממשיך "ה' אלקינו", אויך דער ענין השמות;

עס איז אבער דא א העכערע עבודה - די עבודה וואס איז מצד העצם, וכדלקמן.

יב. אין פשוט'ע אותיות:

די עבודה דארף זיין אין אן אופן וואס איז שייך צו זיין עצם,

וואס מ'דארף אויף דערויף ניט זיין קיין עובד וכו', נאר יעדערער איז שייך דערצו, ווארום אויך א מתחיל אין חסידות ווייס אז עס זיינען דא ענינים שבהגבלה, ענינים וואס זיינען שייך צו דער מדוה"ג פון גוף, צו דער מדוה"ג פון נה"ב און אפילו צו דער מדוה"ג פון נה"א, ביז אויך אפילו צו מדוה"ג פון יחידה, און אז עס זיינען אויך דא ענינים וואס זיינען למעלה ממדידה והגבלה -

איז די הוראה פון פ' תצוה - אז עס דארף זיין עבודה שלמעלה ממדוה"ג, עבודה וואס איז שייך צו זיין עצם.

און ע"ד ווי עס איז אין פ' תצוה, אז "ואתה תצוה" איז שייך צו אלע אותיות פון דער סדרה - עד"ז דארף זיין בעבודתו, אז די עבודה שלמעלה ממדוה"ג דארף זיין אין אלע עניני עשיות שלו שאין למטה מהם, און ביז - אויך אין ענינים וואס זיינען למטה מן השורה, ע"ד ווי עס רעדט זיך צום סוף סדרה "ואתה תצוה" וועגן דער (וואס דארף אנקומען צו דער) כפרה וואס "אחת בשנה יכפר".

יג. וואס בפשטות מיינט דאס: מען וויל דאך טאן אין אלע ענינים פון דער שליחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו - האט ער שוין געטאן אין דעם "בכל לבבך ובכל נפשך" ביז "ובכל מאדך", ער גיט אוועק אויף דעם זיין ממון און אויך זיין כבוד, ער טוט אין אן אופן פון "בכל מאדך" -

זאגט מען אים: דאס איז אלץ ניט גענוג, ווארום כמבואר לעיל, די אלע ענינים זיינען נאך אלץ בחי' שם און עס מאנט זיך עבודה וואס איז העכער פון בחי' שם, עבודה וואס איז שייך צו זיין עצם.

און די עבודה דארף ער טאן ניט נאר מיט זיך אליין, נאר אויך מיט אנדערע אידן, ווארום מצד דעם ענין פון "ואתה תצוה", דער עצם פון משה, ווערן אלע אידן צוזאמען איין מציאות,

ווארום דאס איז אויך איינע פון די פירושים אין "ואתה תצוה", אז "ואתה" - דער עצם פון משה, איז מקשר ומחבר ("תצוה" מלשון צוותא וחיבור) אלע אידן צוזאמען אין איין מציאות (לקו"ש תצוה ו').

יד. דער ענין דארף דאך זיין מובן ביז אין אותיות פשוטות ביותר בנוגע לפועל, טאפארו-דא-פלאחו - איז יעדער מענטש ווייס, אז עס זיינען דא ענינים וואס ער טוט מיט כל נפשו, ער טוט זיי מיט א התפעלות און א שטורעם און א ליארעם און

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

מס"נ; אבער עס זיינען דא ענינים וואס "כל אשר לאיש יתן בעד נפשו", ענינים וואס ער טוט מצד זיין עצם וואס זיי זיינען שלא בערך.

וואס דער ענין פארשטייען אויך א ילד און א ילדה, וואס עס זיינען דא בא אים ענינים וואס ער טוט מהיכי תיתי, ענינים אין וואס ער קאכט זיך און ענינים וואס זיינען אינגאנצן שלא בערך לזה.

וואס אויף אזא אופן דארף זיין ביי אים די עבודת ה', אין די ענינים פון כ"ק מו"ח אדמו"ר.

טו. און דער עיקר, מ'זאל נעמען הוראות פון כל האמור לעיל, אז עס זאל אראפקומען במעשה בפועל,

אז מ'זאל נעמען הוראות פון דעם ענין פון "תצוה", וואס ענינה איז דער עצם וואס איז העכער פון בחי' שם, וואס דערפאר ווערט ניט דערמאנט משה'ס נאמען אין דער גאנצער סדרה, ווארום דאס ווייזט אויף דעם עצם פון משה וואס איז העכער פון דעם שם משה, און אויך - פון אלע עניני משה,

און ווי דער ענין איז שוין אפגעדרוקט בארוכה אין דעם ליקוט פון דער וואך,

און מ'זאל זיך ניט באגנוגענען מיטן זאגן און מיטן הערן נאר דער הערער זאל דאס אויך אראפברענגען במעשה,

און אויך בא דעם הערער זאל זיין אין אן אופן פון "תן לחכם ויחכם עוד", אז יעדערער זאל נעמען נאך הוראות נוסף על המדובר.

טז. וואס כ"ז איז וואס מ'לערנט אפ פון פ' תצוה, דערפון וואס עס ווערט אין איר ניט דערמאנט אפילו דער שם משה וואס ענינו איז "יתרון האור מן החושך", כנ"ל, בדוגמת מגילת אסתר וואו עס ווערט ניט דערמאנט דעם אויבערשטנס נאמען.

און פון די גאולה פון פורים (וואס איז שייך צו מגילת אסתר) אין דעם מעמד ומצב פון "אכתי עבדי דאחשורוש אנן", זאל זיין דער "מסמך גאולה לגאולה", די גאולה האמיתית והשלימה,

וואס דעמולט וועט מען לערנען תורתו של משיח, אין אן אופן פון ראי',

בקרוב ממש.

* * *

יז. אע"פ אז עס איז ניט דער סדר פון חב"ד אויף צו מאכן גימטריאות וכדומה, נאר חב"ד איז עניני הבנה והשגה און התבוננות כו',

וואס אע"פ אז עס זיינען דא גדולי ישראל וואס האבן געמאכט גימטריאות, ולדוגמא דער בעל הטורים און דער מגלה עמוקות - איז דער פשט, אז זיי האבן געהאט א מקור אויף דעם: פריער איז בא זיי געווען דער הבנה והשגה און התבוננות און דערנאך איז דאס ארויסגעקומען אין מערניט ווי א גימטריא - אבער ניט אז פריער האבן זיי געמאכט דער גימטריא און דערנאך האבן זיי אויף דערויף געבויט.

און עד"ז אויך די אלע גימטריאות וואס דער טאטע מאכט - האט ער אויף זיי אלע א מקור אין ע"ח אדער אין מאורי אור וכיו"ב.

וואס אע"פ אז עס איז דא א באזונדער סדר הלימוד אין תורה - דער אופן

הלימוד פון רמז, ווארום עס איז דאך דא פרדס התורה, אז נוסף צו פשט. דרוש, און סוד איז אויך דא דער אופן הלימוד פון רמז -

איז אבער דער ענין פון חב"ד, און פון די אלע וואס רופן זיך אן מיט דעם נאמען חב"ד - דער ענין פון הבנה והשגה און התבוננות.

יט. דער ביאור הדבר פארוואס מען קען ניט אנהויבן פון א גימטריא און אויף דערויף בויען - איז פארשטאנדיק פון תניא: וואס דא זעט מען דאך ווי מען קען ארויסנעמען זייטיקע זאכן (אויף וויפל עס איז שייך זאגן "זייטיקע" אין תניא) פון ספר התניא.

אין תניא, אין שעהיוה"א איז דער אלטער רבי מבאר דעם ענין פון גימטריאות - אז גימטריאות זיינען די נידעריקסטע מדריגה, ד.ה. בשעת מ'זאגט א גימטריא - איז דאס ניט נאר וואס מ'האט פארביטן דער ענין אויף זיין מספר, נאר דער ענין איז שוין דורך געגאנגען נאך כמה דרשות לפנ"ז:

ער איז מבאר, אז עס איז דא דער ענין פון חילופים, און חילופים דחילופים, תמורה, און תמורות דתמורות, וואס אין יעדער איינע פון די מדריגות ווערט דער ענין נידעריקער; דער תוכן פון דעם ענין בייט זיך און עס בלייבט מערניט דער תוכן פון דעם חילוף, און דערנאך - פון דעם חילוף דחילוף וכו' - ביז אז עס ווערט נאך נידעריקער, אז עס פארבייט זיך אויף מערניט ווי דער <u>מספר</u> האורות וואס זיינען דא אין דעם.

ווי ער איז מבאר דארטן אז דער שם "אבן" איז ענינה שם ב"ן, אז עס זיינען דא אין דעם נ"ב אורות (און עס איז דא די הוספה פון אל"ף "מטעם הידוע ליוצרה"),

און אמאל איז דאס נאך נידעריקער, אז דער גימטריא ווייזט (ניט אויף דער מספר האורות) נאר אויף דער מספר הכלים.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מען בויט אויף א גימטריא - בויט מען נאר אויף דעם מספר האורות, צו אמאל - אויף דער מספר הכלים - איז פארשטאנדיק אז מען נעמט דעם מספר הכלים און אויף דערויף גייט מען בויען - קען מען זיך פארבלאנדזשען.

[וואס עס איז פארשטאנדיק, אז גימטריאות וואס ער זאגט אין <u>תניא</u> (ווי לדוגמא דער ענין פון תיבת "אבן" כנ"ל) - זיינען געבויט אויפן תוכן <u>הענין</u>, אז מען האט דעם תוכן הענין, און <u>דערפון</u> קומען ארויס די גימטריאות - ניט אז מען הויבט אן פון די גימטריא אליין;

אבער דערפון וואס עס איז מבואר אין תניא איז פארשטאנדיק, כנ"ל - אז בשעת מען הויבט אן פון דער מספר אליין - קען מען פארבלאנדזשען].

כ. אבער לאחר כל האמור לעיל - וועט מען זיך שטעלן דא אויף דער גימטריא פון דעם ווארט "תצוה" ווארום ס'איז פון די גימטריאות וואס ווארפן זיך אין די אויגן,

ובפרט אז מען נעמט דער ענין נאר מצד דער מספר אליין, דאס הייסט: בשעת מען וויל נעמען אן ענין מצד <u>תוכנו</u>, און זאגן אז ער האט דער זעלבער <u>תוכן</u> ווי א צווייטער ענין - קען מען ניט בויען אויפן מספר, אז פון דעם מספר זאל מען מגדיר זיין דעם תוכן הענין, ווארום פון דעם מספר אליין איז שווער אויסצוגעפינען דעם תוכן, כנ"ל,

משא"כ בשעת מען נעמט דער ענין נאר מצד דער מספר אליין - ווייס מען דאך דעם מספר.

כא. דער גימטריא פון "תצוה" איז - תק"א, ת"ק מיט נאך אן א', איינער מער ווי פינף הונדערט:

דער ענין פון תק"א געפינט מען בא יצי"מ, וואס איצטער האלט מען דא ערשט אדר, וואס אדר קומט דאך פאר ניסן, דער חודש הגאולה - געפינט מען דעם מספר פון תק"א בא "כימי צאתך מארץ מצרים":

בשעת יצי"מ איז געווען "עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים". זיינען מפרשים מסביר אז די "עשרה נסים" וואס נעשו לאבותינו במצרים - איז דער ענין פון די עשר מכות, ווארום בשעת די מכות איז געווען "נגוף למצרים ורפא לישראל", אז בשעת עס איז געווען א מכה בא די מצריים איז דאס ניט געווען ביי אידן באופן נסי; דער ענין פון די עשר מכות איז דער ענין פון "עשר נסים נעשו לאבותינו במצרים".

[וואס יעדער מכה האט געהאט איר באזונדער ענין וואס זי האט געדארפט אויפטאן: מכת דם האט געהאט איר ענין, מכת צפרדע האט געהאט אן אנדער ענין, און אזוי ווייטער,

און יעדער מכה איז געווען א חודש צייט, היתה משמשת רבים חודש ושלש שבועות כו'],

איז אין דעם ענין פון די (עשר מכות -) די "עשרה נסים" וואס "נעשו לאבותינו במצרים" איז "ר' יהודה הי' נותן בהם סימנים, דצ"ך עד"ש באח"ב".

פרעגט מען אין דערויף: וואס דארף ר' יהודה געבן דא סימנים? און ענטפערן אז די סימנים זיינען בכדי מ'זאל זיי געדענקען - פארוואס דוקא דא גיט מען סימנים, עס זיינען דאך דא כמה ענינים וואס מ'דארף געדענקען?

איז ר' שמשון אסטראפאלער מבאר

[וואס אגב איז דאס א דבר פלא וואס דער צ"צ, וואס ער איז דאך מציין צו כמה וכמה ברענגט קיינמאל ניט אראפ ר' שמשון אסטראפאלער, וואס אפילו אנשים כערכנו זען זיינע מעלות, ער איז געווען שייך צו קבלה, און ער איז אוועק אויף קידוש השם, וכו', און ער איז דאך געווען לפניו פון דעם צ"צ,

וואס אע"פ אז זיינע ספרים זיינען נאך ניט געווען געדרוקט בחיי דעם צ"צ - איז ער דאך געווען א גרויסער, כידוע זיין הפלאה, און דער עיקר - דער ענין פון קידוש השם, און עס זיינען אויך דא כמה סיפורים נפלאים וועגן אים, און ער דארף ניט האבן קיין סמיכה פון אנשים כערכנו;

איז ער מבאר]

אז "דצ"ך עד"ש באח"ב" איז בגימטריא תק"א, און דאס איז וואס פרעה האט געזאגט "מי ה' אשר אשמע בקולו", וואס אויך "אשר" איז בגימטריא תק"א, איז בא פרעה געווען "נבא ולא ידע מה נבא" - ער האט געזאגט: "מי ה'"?, און נאר בשעת עס וועט זיין "אשר" די עשר מכות - נאר דעמולט וועט זיין "אשמע בקולו".

כב. וואס עפ"ז אז "אשר" איז בגימטריא תק"א - וועט מען פארשטיין דעם ענין פון תק"א.

דער ענין פון "אשר" איז - דער ענין התענוג, וואס איז העכער פון אלע כחות, וואס אע"פ אז אין קבלה איז מען אמאל מבאר אז "אשר" איז ענינו - בינה, אדער למטה מזה - איז אבער אויך דא אין "אשר" נאך אן ענין, דער ענין פון תענוג,

ווי עס שטייט בנוגע צו "אשר" - "באשרי כי אשרוני בנות" - וואס תענוג איז העכער פון אלע כחות.

וואס עד"ז דער ענין התענוג וואס איז למעלה פון אלע כחות - איז אויך ענינו פון תק"א:

דער מספר תק"א איז, כנ"ל, איינער מער ווי ת"ק.

וואס כללות הענין פון סדר ההשתלשלות, ווי עס שטייט אין מדרש אז "הלך הקב"ה מהלך ה' מאות שנה לקנות לו שם", ד.ה. אז דער כללות הענין פון סדר ההשתלשלות וואו "הלך הקב"ה...לקנות לו שם" איז - מהלך ת"ק שנה,

און דער ענין פון דער א' איז - נאך איינער בהוספה על סדר ההשתלשלות, און ניט נאך איינער בכמות - נאר אן ענין שלא בערך. דער ענין פון אלקות ווי עס איז לגמרי למעלה פון שייכות לעולמות, דער ענין פון (דער אל"ף וואס אין קי"ש) "אלופו של עולם",

און ווי מ'זעט עס אין דברי המדרש הנ"ל, אז עס איז דא אן ענין אין אלקות וואס איז העכער פון האבן א שייכות מיט סדר ההשתלשלות, און בכדי "לקנות לו שם" - דארף זיין דער ענין פון "הלך הקב"ה בעולמו מהלך ה'מאות שנה".

וואס דערפון קומט אויס, אז דער ענין פון תק"א, איינער מער ווי ת"ק, דער ענין פון אלקות שלמעלה מסדר ההשתלשלות - איז ע"ד דער ענין פון "אשר", בחי' התענוג וואס איז למעלה מכל הכחות;

און דאס איז אויך ענינו פון פרשת תצוה, וואס איז בגימטריא תק"א, וכדלקמן.

כג. מכל הנ"ל וועגן דער ענין הגימטריאות - איז דא א הוראה בעבודת האדם:

עס איז דא אמאל א מענטש וואס איז ניט שייך צו מער ווי דער ענין המספר, און ער איז אויך ניט שייך צו דער ענין החילופים והתמורות, ד.ה. אז ער איז ניט שייך כלל צו דעם תוכן פון די ענינים אויך ניט פון די חילופים און תמורות, און ער איז נאר שייך צו דעם ענין המספר,

וואס וויבאלד אז ער איז ניט שייך צו תוכן הענינים כלל, און נאר שייך צו דעם ענין המספר - דארף מען מיט אים ריידן אז אידן זיינען א גוי אחד, און עס איז דא א השם אחד, און ער האט געגעבן תורה צו אידן אין אן אופן פון תורה אחת,

און מען דארף אים זאגן "עם לבן גרתי", אז אויך ווען ער איז בא לבן - דארף זיין "גרתי", וואס גרת"י איז בגימטריא תרי"ג, וואס דאס זאגט מען אויך צו אן אידן וואס ווייס אפילו ניט דעם סדר האותיות, ווארום ער קען ניט די אותיות.

כד. וואס מצד דעם וואס ער ווייס נאר פון דעם ענין המספר - דארף ער האבן א באזונדערע באווארעניש:

מצד דעם ענין המספר, מאכט ער דעם חשבון, אז ס'איז "אתם המעט מכל העמים", ניט נאר מעט סתם, וואס אויך איינער לגבי צוויי איז מעט, נאר - אין אן אופן פון ששים, אדער אלף, וואס עס איז דא בששים איז דא ביטול אז עס ווערט בטל בששים, ועד"ז - באלף; עס זיינען דאך דא שבעים אומות,

און דאס איז נאר מצד מין המדבר, דערנאך איז אבער דא מין החי, וכו',

און "מה רבו מעשיך" און "מה גדלו מעשיך" - קומט אויס אז מצד דעם ענין המספר זיינען דאך אידן א מעט ביותר!

זאגט מען אים: ברי' לא בטל; חתיכה הראוי' להתכבד לא בטיל; דבר שבמנין לא בטיל (יו"ד ק, קא, קי); צי "את שדרכו למנות", צי "כל שדרכו למנות",

וואס במילא איז ער הולך לבטח דרכו בכל עניני עבודתו.

וואס דער ענין וואס מאכט אז ער זאל דאס דערהערן איז - דער א' וואס איז מער ווי דער ת"ק,

ד.ה. אז נאך אידער ער האלט בא תפלה וואס משה האט מתפלל געווען תפלות כמנין ואתחנן, , וואס "ואתחנן" איז בגימטריא תקט"ו, ד.ה. נאך אידער ער האלט בא ט"ו, י-ה, נאך דער מספר ת"ק - איז גלייך מצד דעם א' היתירה על הת"ק, איז דאס שוין פועל בעבודתו אז ער זאל זיין הולך לבטח דרכו, וכדלקמן.

כה. דער מספר אויף דער מספר הפסוקים וואס זיינען דא אין פרשת תצוה איז - "מיכאל", וואס מיכאל איז בגימטריא ק"א; וואס אויך אין דעם איז מודגש דער ענין הנ"ל, ווארום אויך ק"א איז איינער מער ווי די שלימות פון ק'.

והביאור בזה:

עס איז ידוע דאס וואס די גמרא זאגט אויפן פסוק "עובד אלקים" און אשר "לא עבדו" אז "איננו דומה שונה פרקו מאה פעמים לשונה פרקו מאה פעמים ואחד" (אדער לפי דער גירסא "ואחת") וכמבאר אין תניא אז דאס איז דערפאר וואס אויף דעם מאל מער וואס ער לערנט - דארף ער מהפך זיין טבעו, ווארום בימיהם פלעגן זיי לערנען יעדן פרק מאה פעמים,

ד.ה. אז עס איז דא דער ענין הלימוד שע"ד הרגיל - מאה (פעמים), און עס איז דא דער ענין נעלה וואס קומט צו - דער אחת שיתירה על המאה.

כו. וואס דורך דעם איין מאל וואס ער לערנט מער ווי מאה פעמים - טוט ער אויך אויף א יתרון אין דעם אז ער זאל ניט פארגעסן לימודו.

וואס עס איז מבואר, אז דער מלאך וואס איז שייך צו שכחה הייסט "מס" וואס מ"ס איז בגימטריא ק',

וואס אויך דערפון קומט אויס, אז עס איז דא דער ענין וואס איז נאך פארבונדן מיט שכחה, וואס דאס איז ענין המאה, און דורך דעם איין מאל וואס ער לערנט מער ווי מאה פעמים - שטייט ער העכער ווי דער ענין השכחה.

וכמבואר, אז דער ענין השכחה איז שייך צו עולם הבריאה אבער ניט העכער דערפון, און ווי עס שטייט "אין שכחה לפני כסא כבודך", כמבואר אין דעם אז שכחה איז שייך נאר אין עולם הכסא, אין עולם הבריאה, אבער העכער דערפון, "לפני כסא כבודך", אין עולם האצילות איז ניט שייך דער ענין השכחה,

וואס דערפון קומט אויס, אז דורך דער לימוד פון מאה פעמים ואחד - קומט מען צו "לפני כסא כבודך".

און נאכמער: דורך דעם איין מאל היתירה אויף מאה פעמים - נעמט מען ארויס אויך די מאה פעמים "לפני כסא כבודך", ווארום דורך דעם וואס ער לערנט מאה פעמים ואחד איז מען פועל דער העדער השכחה אויך אין די מאה פעמים.

וואס מכל הנ"ל איז מובן, אז דער ענין פון ק"א, דער גימטריא פון "מיכאל", דער סימן אויף דעם סכום הפסוקים פון סדרה תצוה איז - למעלה מסדר ההשתלשלות, בדוגמת דער גימטריא פון דעם שם הסדרה "תצוה", תק"א, וואס אויך ענינו פון תק"א איז, כנ"ל - למעלה מסדר ההשתלשלות; וואס דאס איז אויך כללות ענינו פון סדרה תצוה, וכדלקמן.

כז. דער ענין (אז תצוה איז ענינו למעלה מסדר ההשתלשלות סיי מצד דעם גימטריא פון תצוה - תק"א, און סיי מצד דער סימן פון די סכום הפסוקים - ק"א -) איז אויך ענינו פון כללות הענין פון דער סדרה תצוה,

וכמבואר לעיל, אז דער ענין פון דער סדרה תצוה, אין וועלכער עס ווערט ניט דערמאנט דער שם משה, איז - דער עצם וואס איז העכער פון ענין השם, דער למעלה מסדר ההשתלשלות.

וכמדובר לעיל, אז "חמשה שמות נקראו לה, נפש, רוח, נשמה, חי', יחידה", אז אויך בחי' יחידה איז א שם פון דער נשמה; און די הוראה פון פרשת תצוה איז - אז עס דארף זיין עבודה אויף מגלה זיין זיין עצם, שלמעלה מבחי' שם, אויך פון בחי' יחידה, דער למעלה מסדר ההשתלשלות פון דעם מענטשן.

כח. וואס אויך אין דעם ענין פון די "חמשה שמות שנקראו לה" במיוחד - איז מובן אז דער שלמעלה מסדר ההשתלשלות איז ענינו פון תק"א:

דער שלימות פון יעדערער פון די חמשה שמות, נפש, רוח, נשמה, חי' און יחידה איז - בשעת זיי זיינען יעדערער כלול פון יו"ד, און יו"ד מיו"ד, וואס דער סך הכל פון די פינף שמות בשעת יעדערער איז כלול מיו"ד ויו"ד מיו"ד, איז - ת"ק,

[ובדוגמת המבואר אין דעם ענין פון "נתן", וואס איז בגימטריא ת"ק, אז ענינו איז (טאקע) בחי' ה' תתאה (אבער) בהכאה - כלול מיו"ד ויו"ד מיו"ד],

וואס דערפון קומט אויס, אז די עבודה וואס איז העכער פון די אלע פינף בחינות, העכער פון נפש, רוח, נשמה, חי' און יחידה, איז ענינו - תק"א, איינער מער פון ת"ק, וואס ת"ק איז דער גימטריא פון די פינף שמות בשעת זיי שטייען בשלימותם.

כט. די הוראה מכ"ז:

מען דארף בא זיך מגלה זיין דער עצם שבו, ועד"ז פועל זיין אויך אויפן גלות, צו אויך ביי אים מגלה זיין זיין עצם,

וואס דערצו פאדערט זיך אז ער זאל פריער מגלה זיין דער עצם בא זיך; אבער וויבאלד אז דאס נעמט א ריבוי זמן, און אט אט קומט משיח - במילא זאל ער זיך פארלאזן אויף ענינים נעלים, און ענינים פון הבנה והשגה, אויף כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, וואס ביי אים זיינען דאך דא די ענינים, און וויבאלד אז ער פארבינדט זיך מיטן שליחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו - נעמט ער אויך פון דעם וואס דער משלח האט,

וואס דיר דארף מען אויף דיינע הענט, און דיינע פיס, און דיין כח הדיבור שבפה, אז דו זאלסט גיין טאן מיט א צווייטן אידן -

און די ענינים נעלים - זיי זיינען דא בא דעם משלח.

וואס דער סדר איז אז לכל לראש פאדערט זיך נעשה, און דערנאך ערשט נשמע.

הנחת הת' בלתי מוגה

וואס בשעת מ'טוט עס מיט אט דעם סדר, אז פריער איז דא דער נעשה - קומט מען דערנאך צו דער נשמע; בשעת אבער מען הויבט אן פון נשמע - קען מען ניט וויסן צי מ'וועט צוקומען צו דעם נעשה.

וואס ווען דער ביהמ"ק הי' קיים, האט געדארפט זיין דוקא "וה' עמו", און דוקא דעמולט איז "הלכה כמותו", נאר איצטער מצד דעם וואס תורה איז בגלות קען אויך זיין דער מציאות אז עס זאל זיין ניט "וה' עמו" און אעפ"כ איז "הלכה כמותו" -

אבער אעפ"כ, דער סדר דארף זיין, אז עס דארף זיין דער"וה' עמו", וואס דאס איז דוקא ווען ער הויבט אן מיט נעשה, וואס דורך דעם וועט ער זיכער צוקומען צו נשמע.

און ווי דער מכתב הידוע פון כ"ק מו"ח אדמו"ר אז חכמת התורה איז אנדערש ווי אלע אנדערע חכמות: ביי אנדערע חכמות, מוז מען זיך ניט פירן דוקא ע"פ די חכמה וואס ער לערנט.

ולדוגמא, איינער וואס האט זיך געלערנט אויף צו זיין א רופא, און ער האט סמיכה אויף דערויף, און ער ווייס מיט אלע פרטים ווי א הנהגה מסויימת טויג ניט לבריאות הגוף, און אעפ"כ פירט ער זיך קאפויר -

איז בכ"ז, איז ער א רופא, און ע"פ הלכה איז ער א רופא, און מ'דארף ביי אים פרעגן אין ענינירפואה (און פארלאזן זיך אויף אים), ווארום אע"פ אז ער פירט זיך קאפויר - האט ער אבער געלערנט, און מסר נפשו אויף דעם לימוד, ער האט געלערנט צו וויסן אמיתית הענינים.

וואס כ"ז איז בא שאר חכמות; משא"כ אין חכמת התורה - מוז ער זיך פירן דוקא ע"פ חכמת התורה, ער מוז דוקא היטן כשרות און שבת וכו'.

און ווי עס שטייט אין גמרא, אז תורה איז א סם, און "למשמאילים בה" איז דאס א סם פון היפך החיים, וואס עס איז דא דער פירוש הפשוט, דער פירוש פון רש"י אין "משמאילים", אז דאס מיינט די וואס לערנען שלא לשמה, ומכ"ש איז דאס אזוי בא די וואס זיינען "משמאילים" אין א נידעריקערן אופן דערפון.

ל. דער ענין המדובר לעיל וועגן פרשת תצוה, אז ענינה איז דער עצם וואס איז העכער פון בחי' שם, וואס דערפאר ווערט ניט דערמאנט דער שם משה אין פרשת תצוה - איז אויך כולל אלע עניני משה, אז פרשת תצוה איז ענינה העכער פון כל עניני משה.

ווי שוין אפגעדרוקט וועגן דעם, אויך אין לקוטי שיחות השבוע.

און עס זיינען דא ענינים נוסף על המבואר לעיל, ותן לחכם ויחכם עוד.

וואס דער פשט אין דערויף איז אז ער איז א חכם, און דערנאך טוט ער אויך מיט א צווייטן, וואס דורך דערויף ווערט דער ויחכם, ביז - עוד, ער טוט אויך ־ט דער ענין וואס איז נאר בחי' עוד, די גוף וואס איז בבחי' עוד לגבי הנשמה וואס אויך דארטן טוט ער אויף
א הוספה

וואס דאס איז דאך כללות הענין פון תורה - דער ענין פון סוד תוספת, אלס הוספה אויף סוד שורש.

לא. מען האט פריער גערעדט בנוגע צו תק"א, אז ענינה איז דער למעלה מסדר

ההשתלשלות, ווארום דער א' איז אן ענין של הוספה אויף ת"ק, סדר ההשתלשלות,

וואס אע"פ אז דא קומט צו נאר נאך איינער - איז דאס אבער ניט נאך איינער אין כמות, נאר א נייער ענין שלא בערך, וואס דערפאר ווערט דאס ניט בטל לגבי דעם רובו, ואדרבא - עס שטעלט נאך איבער אויך דער גאנצער ענין; וכעניין כמות ואיכות.

וואס דאס קען פארשטיין אויך א איד וואס ביי אים לייכט ניט יחידה שבנפש; דאס פארשטייט יעדער מדבר און אויך שכל אנושי און אפילו שכל בהמי - אז עס איז דא אן ענין של רוחניות וואס קען מוסיף זיין אין א זאך אן ענין של בערך,

און ווי ער זעט עס ביי א בהמה, אז עס איז דא א בהמה, וואס איז של שלימה מיט די קרניים און טלפיים און עור - און זי איז מתה,

וואס עס זעט זיך ניט אין איר קיין שום שינוי אין איר כמות - זי איז גאנץ פונקט ווי פריער, מיט די קרניים און די טלפיים און דער עור,

נאר וואס דען - דא פעלט דער רוחניות שבדבר, וואס אעפ"י אז ער קען דאס ניט מודד זיין, און ער קען דאס ניט מגביל זיין (עס איז לא במדידה ולא בהגבלה) - ווייס ער אבער אז עס איז דא; וואס דער ענין איז ניט קיין ענין שבכמות.

און אע"פ אז עס איז אמאל נוגע דער ענין הכמות, וואס אויב ער האט א שור גדול און א שור קטן - דארף ער געבן דעם שור גדול אויף א קרבן, ווארום "כל חלב להו'" - אעפ"כ, דער חיות איז ניט נתפס אין כמות.

און אזא ענין ווערט אנגערופן "אחד", ווארום אע"פ אז עס איז ניט נתפס אין כמות - קען מען דאך ניט זאגן אז עס איז בכלל ניט בגדר כמות, ווארום עס איז דאך פארט מחי' די כמות - דערפאר רופט מען אן דער ענין "אחד",

און מען רופט עס אן דוקא "אחד" און ניט קיין אנדער מספר, ווארום אז מען זאגט צוויי וכדומה, איז דאס א זאך וואס איז נתפס אין כמות, מען קען דאס מחלק זיין וכו', ועד"ז אז מ'זאל זאגן אז דאס איז א האלבע, צי א דריטל וכדומה -

דערפאר זאגט מען אויף דערויף דוקא "אחד", וואס אחד איז אן ענין וואס איז בגדר הכמות, אבער עס בלייבט ווי אן ענין נבדל, און ניט נתפס אין גדר הכמות; און ווי דער אבן עזרא איז מבאר דער ענין פון אחד (בבראשית) בלשונו הוא.

וואס עד"ז איז, כאמור, דער ענין פון תק"א, אז אין דעם איז דא דער ענין ה"אחד" וואס איז ניט נאר א הוספה פון נאך איינער בכמות אויף ת"ק, נאר אן ענין שלא בערך, וואס דער ענין שטעלט איבער אויך די גאנצע ת"ק.

לב. ויה"ר אז פון מעשינו ועבודתינו אין דער "ואתה תצוה" איצטער - זאל מען קומען צו דעם ענין פון "ואתה תצוה" לע"ל, ווארום אע"פ אז איצטער איז דא מעשינו ועבודתינו - זיינען די ענינים ניט בגלוי, און זיי וועלן זיין בגלוי דוקא לע"ל,

און דער ענין זאל זיין בפועל, ולמטה מעשה טפחים,

וואס דעמולט וועט מען זען ווי ישראל אורייתא וקוב"ה כולא חד,

במהרה בימינו ממש.

* * *

הנחת הת' בלתי מוגה

לג. מאמר (כעין שיחה) ד"ה ואתה תצוה.

* * *

לד. כרגיל צו אפלערנען א פסוק פון דער סדרה מיט פרש"י, און איןביידע אופנים: אן ענין וואס רש"י איז מפרש און זיין פירוש דארף האבן א ביאור, און אן ענין וואס רש"י איז ניט מפרש וואס דאס גופא דארף האבן א ביאור.

וואס בנוגע צו א פרש"י, זיינען דאך דא כמה ענינים אין אונזער סדרה, און דער ענין וואס מ'האט אויסגעקליבן איז - אין דעם לעצטן פסוק פון קאפיטל כ"ח.

אויפן פסוק (פרשתנו כח, מג) "והיו על אהרן ועל בניו בבואם אל אוהל מועד או בגשתם אל המזבח לשרת בקודש ולא ישאו עון ומתו", שטעלט זיך רש"י (בד"ה ומתו) און איז מפרש "הא למדת [דערפון וואס דער פסוק זאגט אז ווען "והיו - כל הבגדים האלה (פרש"י שם בד"ה והיו על אהרן) - על אהרן ועל בניו בבואם אל אוהל מועד" - דעמולט דוקא וועט ניט זיין "ומתו" - לערנט מען ארויס] שהמשמש מחוסר בגדים במיתה".

ד.ה. אז דער ענין אז "המשמש מחוסר בגדים במיתה" לערנט מען אפ פון <u>דעם</u> פסוק "<u>הא</u> למדת".

וואס אויף דעם וועט גלייך די שאלה (ווי מפרשים פרעגן): מיט עטליכע פסוקים פאר דעם, אין פסוק ל"ה זאגט דער פסוק "והי' על אהרן לשרת ונשמע קולו בבואו אל הקודש לפני ה' ובצאתו ולא ימות", און רש"י איז דארטן מפרש: "ולא ימות - מכלל לאו אתה שומע הן, אם יהיו לו לא יתחייב מיתה, הא אם יכנס מחוסר א' מן הבגדים הללו חייב מיתה בידי שמים" -

איז דאס וואס רש"י טייטשט דא ניט אזוי ווי דארטן, אז "מכלל לאו אתה שומע הן", און אז די מיתה איז "בידי שמים" - איז מובן בפשטות, ווארום רש"י האט דאס שוין דארטן געזאגט, דארף ער דאס ניט איבער'חזר'ן נאכאמאל;

די שאלה ווערט אבער אויפן כללות הענין: וויבאלד אז פון יענעם פסוק ווייס מען שוין אז א מחוסר בגדים איז חייב מיתה - איז פארוואס דארף מען דאס נאכאמאל איבער'חזר'ן?

נאכמער: וויבאלד אז מ'ווייס דאס שוין פון <u>פריער</u> - איז ווי זאגט דא רש"י אז מ'לערנט דאס אפ פון <u>דעם</u> פסוק "<u>הא</u> למדת"?!

און אע"פ אז רש"י'ס הכרח צו אזוי מפרש זיין איז פון דעם פסוק, ווארום אין פסוק שטייט "ולא ישאו עון ומתו", און "מכלל לאו אתה שומע הן" - איז אמת טאקע, אויף רש"י'ן איז טאקע קיין שאלה ניט; עס בלייבט אבער די שאלה אויפן פסוק: פארוואס דארף דער פסוק איבער'חזר'ן צוויי מאל דעם זעלבן ענין לכאורה?

לה. עס זיינען דא מפרשים (רא"ם עה"פ) וואס ענטפערן, אז פון דעם ערשטן מאל וואס דאס שטייט (אין פסוק ל"ה) ווייס מען נאר בנוגע צו די בגדים וועלכע זיינען אויסגערעכנט אין די פסוקים ביז דעם פסוק; בנוגע אבער צו די בגדים אויף וועלכע דער ציווי קומט ערשט נאך דעם פסוק, דער ציץ און די מכנסים - וואלט מען ניט געוואוסט אז אויך בנוגע צו זיי איז דער עונש מיתה -

און דערפאר קומט אונזער פסוק און חזר'ט איבער נאך אמאל אז "המשמש מחוסר בגדים במיתה", וואס דאס גייט אויך אויף די צוויי בגדים וואס זיינען צוגעקומען נאך דעם ערשטן פסוק.

מ'קען אבער אזוי ניט ענטפערן אין פשוטו של מקרא - ווארום:

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א) דער בן חמש ווייס שוין פון פריער אז עס זיינען געווען שמונה בגדים, ווי רש"י האט דאס שוין געבראכט בפירושו, איז בשעת רש"י איז מפרש אויף דעם ערשטן מאל וואס עס שטייט "ולא ימותו" אז "אם יכנס מחוסר א' מן הבגדים הללו חייב מיתה בידי שמים" - איז משמע אז ער מיינט דערמיט אלע ח' בגדים, ווארום רש"י זאגט ניט אז דאס גייט נאר אויף די ששה בגדים, נאר "א' מן הבגדים הללו" סתם.

ב) ועיקר: לויט די מפרשים הנ"ל האט דער פסוק "ולא ימותו" געדארפט שטיין נאר דעם צווייטן מאל, וואס דעמולט וואלט מען געהאט דעם לימוד אויף אלע ח' בגדים המנויים לפנ"ז, ובמילא וואלט מען ניט געדארפט האבן דעם פריערדיקן פסוק?

לו. דער מלמד האט דאך שוין געלערנט אויך וואס עס שטייט אין גמרא, ווייס ער אז אין סנהדרין (פג, ב. וראה גם זבחים יז, ב ואילך) לערנט דאס די גמרא אפ פון עטלעכע פסוקים ווייטער, פון דעם פסוק (פרשתנו כט, ט) "וחגרת אותם אבנט וגו' והיתה להם כהונה לחוקת עולם": "בזמן שבגדיהם עליהם כהונתם עליהם, אין בגדיהם עליהם אין כהונתם עליהם והוו להם זרים, ואמר מר זר ששימש במיתה" -

איז אויב רש"י ברענגט אראפ אלע דרשות וועגן דעם ענין - האט ער אויך די דרשה געדארפט אראפברייינגען?

און אעפ"כ ברענגט רש"י ניט אראפ די דרשה, און עס איז פארשטאנדיק פארוואס רש"י ברענגט דאס טאקע ניט, ווארום לפירוש רש"י ווייס מען דאס שוין פון פריער, במילא דארף מען דאס ניט איבער'חזר'ן נאכאמאל,

עפ"ז ווערט אבער שטארקער די שאלה הנ"ל: אויב אזוי - פארוואס פריער ברענגט רש"י יע אראפ בײדע פירושים, סיי אין פסוק ל"ה און סיי אין פסוק מ"ג?

לז. וויבאלד אז מ'האלט שוין בא דעם לעצטן פסוק פון קאפיטל כח, וועט מען זיך שטעלן אויף דעם רש"י אין דעם ערשטן פסוק פון קאפיטל כט.

אויף דעם וואס עס שטייט אין פסוק "לקח פר אחד בן בקר ואילים שנים תמימים", שטעלט זיך רש"י אין דעם ד"ה "לקח", און איז מפרש: "לקח - כמו קח, ושתי גזרות הן אחת של קיחה ואחת של לקיחה, ולהן פתרון א'".

און ווי דער רא"ם שטעלט זיך אויף דעם וואס רש"י זאגט "ושתי גזרות הן אחת של לקיחה" און איז מפרש אז עס זיינען דא אזעלכע וואס האלטן אז א שורש מוז אין זיך אנטהאלטן דריי אותיות, און ווינציקער פאר דעם איז ניט קיין שורש, און אז מ'זאגט "קח" איז דאס דערפאר וואס דער למ"ד פאלט ארויס,

אבער חכמי צרפת (און מדקדקים), ווי אויך רש"י, האלטן אז א שורש קען אויך זיין פון צוויי אותיות (אדער אפילו איין אות), ואכ"מ להאריך בזה,

און דערפאר האלט דא רש"י אויך, אז "ושתי גזרות הן, אחת של קיחה ואחת של לקיחה", ד.ה. אז אויך "קח" איז א שורש.

מען דארף אבער פארשטיין אין דעם פרש"י:

א) פארוואס עפעס דא מיטאמאל איז רש"י מפרש אז "קח" און "לקח" זיינען צוויי שרשים - ביז איצט איז שוין געשטאנען א ריבוי פעמים דער ווארט, א ריבוי פעמים אין דעם אופן פון "קח", "ויקחו" וכיו"ב, און ווי דער בן חמש למקרא זאגט דאס יעדער טאג אין זכרון העקידה, "קח את בנך", און א ריבוי פעמים אין דעם אופן פון "לקח" "ולקחת" וכיו"ב, און אויך אין אונזער פרשה גופא שטייט שוין פריער סיי "ויקחו" (כמ"פ) און סיי "ולקחת" (כז, כ. כח, ה. כח, ט (ולקחת))

- און אעפ"כ האט דאס רש"י ביז דעם פסוק קיינמאל ניט מפרש געווען?!

ב) וואס איז דאס נוגע צום בן חמש, צי דאס איז איין שורש צי צוויי שרשים, אז דערפאר זאל רש"י אים דאס מפרש זיין - ס'איז ניט רש"י'ס ענין צו לערנען דקדוק מיט א בן חמש?!

ג) וויבאלד אז רש"י האט שוין געזאגט אז "לקח - כמו קח", איז פארוואס דארף ער נאכאמאל איבער'חזר'ן דאס בסיום פירושו, אז "ולהן פתרון א'"?

ד) דער לשון וואס רש"י איז מסיים "ולהן פתרון א'" איז ניט קיין לשון הרגיל בפרש"י,

און נאכמער: דא פאסט גאר ניט דער לשון "פתרון" - א בן חמש ווייס אז "פתרון" זאגט מען אויף א חלום, ווי ער האט שוין פריער געלערנט "כי לאלקים פתרונים" בנוגע צו חלום פרעה, עד"ז האט ער געלערנט נאך פריער בנוגע צו חלום יוסף וועגן די עלף אלומים, און די עלף כוכבים, און די שמש וירח - אז דער פתרון דערפון איז אז דאס גייט אויף די עלף ברידער און יעקב ובלהה וכו', און אזוי ווייס ער אויך אז וועגן א חלום גייט מען צו א פותר חלומות -

איז ווי קען מען זאגן אויף א ענין פון פירושים, וואס רש"י אליין זאגט כמ"פ ואני לא באתי לפרש אלא פשש"מ - אז דאס איז פארבונדן מיט א "פתרון" און א "חלום", רש"י האט געדארפט זאגן "ולהן פירוש א'"?!

וכפי שיתבאר לקמן.

לח. עד"ז אין די הערות אויפן זהר, וואס ער שטעלט זיך אויף דעם וואס ער זאגט אין זהר "תא חזי מה כתיב מתוך בני ישראל לכהנו לי, לכהן לי לא כתיב, אלא לכהנו לי לשמושא דילי' לשמושא דאת דא לשמושא דילי' ודאי. לי דא את ה' לאעלא ולשמשא ו' בה' למהוי כלא חד, זכאין אינון ישראל דאעלו ונפקו לידעי ברזא דארחוי דאורייתא למהך בארח קשוט. מתוך בנ"י אמאי מתוך בנ"י אלא כלא לא אתקרי למהוי חד כדקא יאות אלא מתוך בנ"י".

און ער איז מבאר אין דעם אז דער התחברות פזך ו' און ה' איז דער התחברות פון ת"ת און מל', און "תוך בנ"י" איז נה"י (ווארום ישראל איז ת"ת, "בני ישראל" איז נה"י),

און דאס איז וואס ער זאגט "כלא לא אתקרי למהוי חד כדקא יאות אלא מתוך בנ"י", אז דער חיבור פון דעם ו' פון "לכהנו" (וואס איז אויך שייך צו דעם ו' פון "ואתה תצוה"), ת"ת מיט "לי", "את ה'", מל' - איז דורך "בנ"י", דורך נה"י.

ער איז אבער ניט מבאר די הוראה אין עבודה דערפון וואס אידן ווערן דא אנגערופן "בני ישראל", נו"ה, און דוקא דאס איז מחבר ת"ת מיט מל',

וואס אידן ווערן אנגערופן מיט כמה נעמען, "ישראל",
און "כנסת ישראל", און "יהודים" -
און דא ווערן זיי אנגערופן דוקא בנ"י ע"ש דעם ענין פון נו"ה וואס איז מחבר ת"ת מיט מל'.

וכפי שיתבאר לקמן.

לט. עס איז דא א שאלה וואס מ'האט געפרעגט מיט עטלעכע התוועדות'ן צוריק, און ס'איז דורכגעגאנגען כך וכך זמן, און קיינער האט זיך אויף דערויף ניט

אפגערופן,

און איך האב געווארט - ביז עס איז אנגעקומען וועגן דעם, און - פון א מיידל,

די אלע עובדים און לומדים ווייזט אויס האבן זיך פארשלאפן; און נאר א מיידל האט אויף דערויף זיך אפגערופן,

זי האט געבעטן, און זי שרייבט אויף ענגליש, דערפאר וואס זי קען ניט אנשרייבן אויף אן אנדער שפראך - און זי בעט, אז אפשר קען מען מסיים זיין דעם ענין וואס מ'האט דעמולט אנגעהויבן.

וואס איך וועל איצט רעדן וועגן דעם, ווארום טאמער ניט וועלן אלע פארגעסן וועגן דעם, און אויך די מיידל; וועל איך איצט רעדן וועגן דעם כ"ז מען געדענקט נאך.

מ. מען האט געפרעגט מיט עטלעכע התוועדות'ן צוריק - די שאלת האריז"ל: בשעת דער אויבערשטער האט אנגעזאגט משה'ן אז ער זאל איבערגעבן אידן וועגן קידוש בכורות - ווי קומט עס אז משה זאל פריער איבערגעבן וועגן כמה אנדערע ענינים, וועגן אכילת חמץ וכו', און ערשט דערנאך, באם סוף הענין, און נאר בקיצור אין עטלעכע שורות - האט ער איבערגעגעבן וועגן קידוש בכורות?! און רש"י באווארנט עס ניט!

איז דער ביאור אין דעם: רש"י דארף עס ניט באווארענען ווארום ס'איז מובן מעצמו, אויב נאר מען געדענקט דעם המשך הענינים וואס מ'האט געלערנט פריער:

בהמשך פון פרשת בא, איידער די פרשיות, זיינען געווען כמה וכמה ציוויים פון דעם אויבערשטן צו משה'ן אז ער זאל איבערגעבן אידן: דער אויבערשטער האט אנגעזאגט אז מ'זאל נעמען א שה וכו', און מ'זאל עס שחט'ן און מ'זאל נעמען פון דעם דם "ונתנו על שתי המזוזות ועל המשקוף" וכו', און דערנאך איז געווען דער ציווי וועגן "שבעת ימים מצות תאכלו" וכו', און "שבעת ימים שאור לא ימצא גו'",

געפינט מען אז פאר די פרשיות פון קדש והי' כי יביאך האט משה נאר איבערגעגעבן אידן די ציווים פון דעם קרבן פסח, אבער די אנדערע ציוויים האט ער נאך ניט איבערגעגעבן; און דערנאך איז צוגעקומען דער ציווי פון דעם אויבערשטן פון קידוש בכורות,

וואס איז פארשטאנדיק, אז איצטער בשעת משה גייט איבערגעבן אידן ציוויים פון דעם אויבערשטן - איז די ערשטע זאך גיט ער איבער די פריערדיקע ציוויים און ערשט דערנאך דעם שפעטערדיקן ציווי; פריער גיט ער איבער דעם ענין פון "זכור את היום הזה וגו'", און ערשט דערנאך דעם ענין פון קידוש בכורות,

וואס דער בן חמש האט שוין געלערנט אין סדרה בראשית, אז מ'זאגט על ראשון ראשון ועל אחרון אחרון - האט משה פריער איבערגעגעבן די פריערדיקע ציוויים פון דעם אויבערשטן וואס ער האט נאך געדארפט איבערגעבן, און ערשט דערנאך האט ער איבערגעגעבן דעם שפעטערדיקן ענין.

מא. עס ווערט אבער די קשיא: פארוואס טאקע האט משה ניט פריער איבערגעגעבן די פריערדיקע ציוויים פון דעם אויבערשטן (צוזאמען מיט די ציווים וואס ער האט יע איבערגעגעבן):

איז דער ביאור אין דעם: וויבאלט אז מען קען ניט אלץ זאגן צוזאמען האט משה



הנחת הת' בלתי מוגה

דעמולט איבערגעגעבן און די ציוויים וועלכע זיינען געווען דעמולט נוגע.

משא"כ דעם ענין פון איסור חמץ וכו' איז דעמולט ניט געווען נוגע - האט ער זיי דאס געזאגט ערשט דערנאך בשעת זיי זיינען ארויס פון מצרים.

ובפרט אויב מען וועט זאגן אז משה האט געוואוסט דערפון אז עס וועט זיין "וישא העם את בצקו טרם יחמץ" "כי לא יכלו להתמהמה וגם צידה לא עשו להם" - האט ער זיכער דעם איסור חמץ ניט געמוזט זאגן דוקא אין מצרים.

וואס דערפאר האט ער דאס געזאגט ערשט נאך דעם וואס זיי זיינען ארויס פון מצרים וואס דעמולט האט ער זיי דאס געזאגט בנוגע די אנדערע יארן.

און וויבאלד אז דעמולט, ווען זיי זיינען שוין ארויס פון מצרים האט משה געדארפט איבערגעבן אידן סיי דעם ענין פון איסור חמץ וכו' און סיי דעם צוגעקומענעם ענין, קידוש בכורות - האט ער זיי געזאגט "על ראשון ראשון ועל אחרון אחרון", פריער דעם ענין וואס ער האט פריער געהערט פון דעם אויבערשטן אויף איבערגעבן, און ערשט דערנאך דעם שטענדיקן ענין - דער ענין פון קידוש בכורות, כנ"ל.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק אז ע"פ פשוטו של מקרא איז פשוט פארוואס משה האט פריער איבערגעגעבן וועגן אנדערע ענינים איידער ער האט איבערגעגעבן וועגן קידוש בכורות; און דער אריז"ל פרעגט די קשיא ע"ד לימוד הקבלה, וואס דארטן איז אן אנדער סדר הלימוד וכו'.

מב. וואס כאמור לעיל, קיינער האט זיך ניט אפגערופן אויף דעם ענין חוץ די מיידל.

וואס עס קען זיין אז מען האט איר אונטערגעשטעלט; (און מ'וועט גלייך טענה'ן אז מ'האט יע געשריבן וועגן דעם אין די הערות), אבער די מיידל איז א תמימות'דיקע און זיכער וועט זי אויך באקומען א פיינעם שידוך, ובפרט אז עס איז דא דער זכות וואס מ'רעדט דאס ברבים

מג. עס זיינען דא כו"כ שאלות וואס מ'האט געפרעגט איז דא די שאלה וואס אלע פרעגן און קאכן זיך, וועגן דעם ענין וואס מ'האט געבראכט די ראי' אז מס"נ איז העכער אויך פון לימוד התורה, ווארום דער מגיד האט געזאגט צום ב"י אז ער האט געדארפט האבן א שכר אז ער זאל נפטר ווערן על קידוש השם.

וואס מ'האט דאס פון אים דערנאך צוגענומען, וואס דערנאך בשעת דער ב"י האט געלעבט האט ער געשריבן דעם שו"ע.

דערפון וואס מ'זאגט אז מען האט אעפ"כ געוואלט געבן דעם ב"י א שכר אז ער זאל נפטר ווערן על קידוש השם, נאר מ'האט דאס צוגענומען פון אים - איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון קידוש השם איז העכער אויך פון תורה.

מד. האט מען געפרעגט אין דעם: דער ענין שטייט אין מגיד מישרים דריי מאל - איין מאל שטייט אז דער מגיד האט אים דאס געזאגט איידער ער האט געשריבן סיי דעם "בית יוסף" און סיי דעם שו"ע, איינמאל שטייט אז דער מגיד האט אים דאס געזאגט איידער ער האט געשריבן דעם שו"ע אבער נאך דעם וואס ער האט געשריבן דעם "בית יוסף", און איינמאל - אז ער האט אים דאס געזאגט נאך דעם וואס ער האט געשריבן אויך דעם שו"ע?!

איז דער ביאור אין דעם: עס איז ניט דער פשט אז צוויי מאל וואס עס שטייט דער ענין - איז חסר אין דעם, ד.ה. אז מ'זאל זאגן אז עס האט נאר פאסירט איינמאל - נאך דעם וואס ער האט געשריבן סיי דעם ב"י און סיי דער שו"ע, מערניט אז די צוויי מאל וואס עס שטייט ניט אזוי איז חסר -

נאר עס האט פאסירט אלע דריי מאל, איינמאל איידער ער האט געשריבן זיינע ספרים, איינמאל נאך דעם וואס ער האט געשריבן דעם ב"י אבער איידער ער האט געשריבן דעם שו"ע, און איינמאל נאך דעם וואס ער האט געשריבן ביידע ספרים.

ווארום דער ספר מגיד מישרים איז אנדערש ווי אנדערע ספרים:

אין א חיבור, איז שייך זאגן אז "דברי תורה עניים במקום אחד ועשירים במקום אחר", ווארום, בשעת מ'שרייבט א חיבור האט מען א תכנית ווי מ'וועט אים שרייבן און אמאל שרייבט מען פריער אן ענין בקיצור ובכללות, און ערשט דערנאך אין אן אנדער ארט באריכות ובפרטיות,

משא"כ אין דעם ספר מגיד מישרים קען מען אזוי ניט זאגן, ווארום דער ספר איז וואס מ'האט פארשריבן אלע זאכן וואס דער מגיד האט אים געזאגט -

איז דאך ניט שייך זאגן אז דער מגיד האט אים איינמאל געזאגט נאר א האלבע זאך, און אז שפעטער וועט ער דאס משלים זיין, און שפעטער בכמה שנים לאח"ז וועט ער אים משלים זיין דעם ענין און אים זאגן אז דאס האט ער געמיינט מיט צוואנציק יאר פריער,

נאר מ'מוז זאגן, אז יעדער מאל איז געווען א באזונדער ענין און יעדער מאל האט דער ב"י פארשריבן וואס דער מגיד האט אים דעמולט געזאגט.

מה. דער ביאור אין דעם וואס דער מגיד האט עס אים געזאגט כמה פעמים:

עס איז פארשטאנדיק, אז צדיקים זיינען ניט פארפרארן; זיי שטייען ניט כל ימיהם אויף איין ארט, נאר ביי זיי זיינען דא עליות, וואס אע"פ אז אמיתית הענין פון הליכה איז בא בע"ת - איז אבער אויך צדיקים זיינען ניט עומדים ווי די נשמה איז קודם שירדה למטה, נאר אויך בא זיי איז דא דער ענין העלי', "מעלין בקודש".

ועד"ז ווי דאס איז אין דעם ענין פון ג"ע, אז עס איז דא ג"ע העליון און ג"ע התחתון. וואס ג"ע העליון איז ביצירה, און ג"ע התחתון איז בעשי', דערנאך איז דא ג"ע אין עולם הבריאה, וואס עס זיינען דא עליות פון ג"ע התחתון אין ג"ע העליון דורך דעם עמוד המחבר;

וואס די אלע ענינים זיינען אלע למטה מן הצמצום, און אעפ"כ זיינען דא אין זיי כמה וכמה עליות.

וואס עד"ז איז דאס אויך בא צדיקים, אז בא זיי זיינען דא שטענדיק עליות.

מו. וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז בא דעם ב"י זיינען געווען עליות - און אין ביידע ענינים, סיי אין דעם ענין פון קידוש השם, אז טאמער ער וואלט געגאנגען אויף קידוש השם, איז וואס ווייטער בימי חייו וואלט עס געווען נעלה יותר, סיי אין דעם ענין פון לימוד תורתו, אז לימוד תורתו איז געווען שטענדיק נעלה יותר.

והביאור בזה:

אין דעם ענין פון מס"נ, ועד"ז אין דעם ענין פון קדה"ש, זיינען דא כו"כ דרגות; עס איז דא וואס עס שטייט אין תניא אז בשעת עסק התורה איז דא ביי אים מס"נ, עס איז דא א מס"נ וואס ער גייט אין עוה"ב, וואס די מס"נ איז דערפאר וואס ער וויל עוה"ב, און ער מאכט דעם השבון אז עוה"ב איז טייערער פאר עוה"ז,

איז ער מותר אויף עוה"ז צוליב עוה"ב,

עס איז אויך דא דער מס"נ פון קל שבקלים וואס דאס איז גאר די העכסטע מדריגה אין מס"נ, וואס ער איז ניט שייך צו קיינע ענינים, און נאר דערפאר וואס עס איז דא אן ענין וואס וועט אנרירן ביהדותו איז ער זיך מוסר-נפש,

עס איז אויך דא דער מס"נ פון הרוגי לוד, וואס אויף זיי זאגט די גמרא אז אין למעלה מהם, וואס זיי זיינען נאר עטלעכע מענטשן

און נאך כמה עניני מס"נ.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז עס זיינען דא עליות אין דעם ענין המס"נ און קדה"ש, און עס איז פארשטאנדיק, אז באם ב"י, איז וואס ווייטער במשך ימי חייו ער וואלט געהאט דעם ענין פון קדה"ש - וואלט ער געווען נעלה יותר.

מז. וע"ד ווי דאס איז אין דעם ענין פון קדה"ש - איז דאס אין דעם ב"י תורה:

ע"ד ווי דאס איז אין דעם ענין פון קדה"ש, איז עס א מושכל ראשון אז בא דעם ב"י זיינעו שטענדיק געווען עליות אין לימוד התורה.

עס איז היפך ההנחה פשוטה צו זאגן אז דער ב"י האט געהאלטן אין איין דרגא אין לימוד התורה כמה שנים, מיט צוואנציק יאר שפעטער ע"ד ווי צוואנציק יאר פריער,

נאר עס איז פארשטאנדיק אז גלייך אויף מארגן, און גלייך אין דעם זעלבן טאג, זיינען געווען ביי אים עליות! אזוי איז די סברא הישרה.

[וואס דער ב"י האט אנגעשריבן דעם שו"ע, און ער האט אויך אנגעשריבן דעם ב"י,

וואס פריער האט ער אנגעשריבן דעם ב"י, וואו ער ברענגט אראפ אלע דיעות וטעמים וכו', און דערנאך האט ער אנגעשריבן דער תמצית דערפון אין שו"ע, די פסקי דינים.

וואס דערמיט איז פארשטאנדיק פארוואס אויפן שו"ע איז ניטא דער ענין פון "מבלי עולם" (דמורים מתוך משנתם (הלכה פסוקה)) - ווארום עס איז געשריבן געווארן אלס המשך צו דעם ב"י.

וואס דער לימוד פון אלע דיעות אין ב"י נעמט א ריבוי זמן, איז דערפאר לערנט ער נאר אביסל אין ב"י, און דערנאך אין שו"ע].

מח. וואס ע"פ כ"ז איז פארשטאנדיק וואס דער מגיד האט געזאגט דעם ב"י כמה פעמים דעם ענין אז מ'האט אים געוואלט געבן א שכר דער ענין פון קדה"ש,

ווארום וויבאלד אז במשך די יארן איז ברור כנ"ל אז עס זיינען געווארן עליות באם ב"י, און ס'איז היפך ההנחה צו זאגן אנדערש - איז פארשטאנדיק אז דער מגיד האט אים געדארפט זאגן אז אויך אין זיין איצטיקן מעמד ומצב וויל מען אים דאס געבן,

ווארום עס קען זיין, אז וויבאלד אז ער האט עולה געווען אין לימוד התורה דארף מען אנקומען צו א גרעסערן מס"נ אויף דוחה זיין זיין איצטיקן לימוד התורה,

ווארום א קלענער מס"נ (וואס האט פריער מספיק געווען) קען דאס ניט דוחה זיין,

ועד"ז איז שייך א חשש לאידך (ניט מצד דעם וואס זיין לימוד התורה איז נתעלה געווארן, נאר מצד דערויף), אז זיין מס"נ וועט זיין קלענער ווי דער לימוד התורה זיינער -

וואס דערפאר האט אים דאס דער מגיד געזאגט דריי פעמים, אז בא יעדערער פון די דריי מאל - איז זיין מס"נ דוחה לימוד תורתו,

האט ער אים דאס געזאגט איידער ער האט געשריבן דעם שו"ע, און איינמאל נאך דעם וואס ער האט געשריבן דעם שו"ע,

וואס דעמולט במיוחד, נאכן שרייבן דעם שו"ע
האט מען במיוחד געדארפט באווארענען אז מס"נ איז דוחה לימוד תורתו, ווארום אין שו"ע קומט צו דער "לאסוקי שמעתתא אליבא דהילכתא", און שו"ע איז ווי א שלימות צו דעם ב"י.

ונוסף לכל הנ"ל איז פשוט, אז דער שכר וואס האט געקומט דעם ב"י שפעטער בימי חייו איז זיכער געווען נעלה יותר ווי דער שכר וואס האט אים געקומט פריער בימי חייו, מצד די עליות וואס זיינען זיכער געווען בעבודתו, כנ"ל,

וואס דערפאר איז פארשטאנדיק וואס דער מגיד האט אים געזאגט נאך צוויי מאל שפעטער בימי חייו אז מ'וועט אים געבן דעם שכר פון קדה"ש, ווארום זיכער איז דאס א העכערער ענין.

מט. וואס מען קען ניט פרעגן פארוואס איז דער ענין ניט מבואר פריער -

ווארום די זעלבע קשיא קען מען פרעגן אויף אלע ענינים וואס מ'פרעגט און מ'איז מבאר אין תשמ"א - פארוואס מ'האט עס ניט געטאן פאר תשמ"א,

ובפרט אז דער ביאור אין דעם איז פשוט, כנ"ל.

נ. צו דער ענין הנ"ל, אז מס"נ איז נעלה פון תורה, און מ'ברענגט דערויף א ראי' אויף דעם פון דעם ב"י, איז דא א ראי' אויף דעם פון ר' עקיבא, וואס "כולהו אליבא דר"ע", דאס הייסט אז יעדער ענין (והלכה) אין גאנץ תושבע"פ איז דאס אליבא דר"ע:

די גמרא זאגט אז ר"ע האט געזאגט "כל ימי הייתי מצטער מתי יבא (דער ענין המס"נ) לידי ואקיימנה",

וואס ר"ע האט דאך געלערנט תורה, און ווי די גמרא זאגט אז "ארבעים שנה למד, וארבעים שנה לימד וארבעים שנה פירנס את ישראל" [און ווי דערציילט בנוגע צו די דריי וואס האבן געלעבט 120 יאר, און ביי זיי איז געווען "ארבעים שנה למד, ארבעים שנה לימד, און ארבעים שנה פירנס את ישראל", משה רבנו, ר"ע און ר' יוחנן בן זכאי],

איז ארבעים שנה לימד, ועאכו"כ ווען "ארבעים שנה פירנס את ישראל" - איז תורתו געווען באופן נעלה,

און אפילו אויב מ'וועט זאגן אז די ערשטע ארבעים שנה ווען למד לעצמו

איז דאס ניט געווען אין אזא אופן נעלה - איז אבער דא די "ארבעים שנה לימד וארבעים שנה פירנס את ישראל" -

און אעפ"כ האט ער געזאגט "כל ימי הייתי מצטער מתי יבא לידי ואקיימנה"?!

וואס בשעת ער האט דאס געזאגט ניט נאר אין דעם טאג ווען סרקו בשרו במסרקות של ברזל - ווארום ער זאגט "כל ימי וכו'", און אויך ניט נאר א משך זמן לפני זה - ווארום ער זאגט דאך "כל ימי וכו'", ד.ה. די אלע יארן בשעת ער האט געלערנט, איז דערפון א ראי' - אז דער ענין פון מס"נ איז נעלה יותר ווי לימוד התורה.

נא. דער ענין וואס בא ר"ע איז געווען "כל ימי הייתי מצטער מתי יבא לידי ואקיימנה" - האט אויך א שייכות מיט דעם וואס איז געדרוקט געווארן וועגן דעם ענין פון "ויסע משה",

וואס מ'האט גערעדט אז פארוואס האט געדארפט זיין "ויסע משה" איז דאס דערפאר וואס אידן זיינען געווען פארנומען מיט ביזת הים.

וואס דערפון איז די הוראה, אז בשעת מ'טוט אין עבודה דארף מען דאס טאן אינגאנצן ובשמחה ובטוב לבב.

וואס דער ענין זעט מען אויך בא ר"ע אין דעם ענין הנ"ל: עס איז פשוט, אז אע"פ וואס בא ר"ע איז געווען "כל ימי הייתי מצטער מתי יבא לידי ואקיימנה" - איז אבער פשוט אז בשעת ער האט געלערנט תורה וכו' במשך די "כל ימי" - האט ער דאס געטאן בשמחה ובטוב לבב;

בשעת ק"ש שחרית וערבית, בשעת'ן זאגן "בכל מאדך" - איז ביי אים געווען אויך די עבודה בגלוי פון "כל ימי הייתי מצטער מתי יבא לידי ואקיימנה"; אבער כפשוט האט ער געטאן כל עבודתו בשמחה ובטוב לבב.

וכמדובר אין דעם ענין הנ"ל פון "ויסע משה" - וואס לכאורה איז דאך אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: די אידן גייען דאך צו מ"ת - איז זאלן זיי זיך פארקוקן אויף די כסף וזהב אין די פערד פון די מצריים?!

נאר דער ביאור אין דעם איז: אידן האבן דעמולט געדארפט זיך פארנעמען מיט ביזת הים - איז ביז מ'באקומט א צווייטן ציווי דארף מען זיין אינגאנצן אין די איצטיקע עבודה ובשמחה ובטוב לבב.

איז הגם אז מ'האט א תשוקה צו גיין צו די צווייטע עבודה - דארף מען טאן די איצטיקע עבודה אינגאנצן ובשמחה ובטוב לבב.

נב. עס איז דא נאך אן ענין וואס מ'האט געפרעגט, וואס דאס קומט פון א מאדנעם צוגאנג.

מען וויל דאך ניט מרבה זיין במחלוקת, איז בשעת מ'קומט צו א צווייטן פירוש - וויל מען ניט מרבה זיין במחלוקת און מ'זאגט אז דער צווייטער פירוש זאגט דעם זעלבן ענין.

מען האט דעמולט גערעדט וועגן דעם וואס דער מדרש זאגט "אפילו התינוק מדלג על האזכרה כמה פעמים ואינו ניזוק. ולא עוד אלא אמר הקב"ה ודילוגו עלי אהבה" - אז דאס מיינט אז אפילו אויב א תינוק טאנצט אויף שמות איז אינו נזוק ולא עוד אלא דער אויבערשטער זאגט אז "ודילוגו עלי אהבה".

האט מען געפרעגט (ש"פ תרומה, ג' אד"ר ס"ל) אז וויבאלד אז פריער איז דער מדרש מפרש דעם פסוק וועגן זאגן די ווערטער ניט ריכטיק - איז א סימן אז אויך דא איז אזוי די כוונה.



הנחת הת' בלתי מוגה

וואס דער מדרש זאגט פריער "עם הארץ שקורא לאהבה איבה כגון ואהבת ואיבת אמר הקב"ה ודילוגו עלי אהבה..תינוק שקורא למשה משה לאהרן אהרן לעפרן עפרן (ווי מפרשים מאטערן זיך אין דעם פירוש דערפון) אמר הקב"ה וליגלוגו עלי אהבה" -

איז וויבאלד אז מ'וויל ניט מרבה זיין במחלוקת וויל מען לערנען אז אויך דאס וואס עס שטייט ווייטער אין מדרש "תינוק המדלג על האזכרה" רעדט זיך אויך על דרך זה.

וואס ערשטנס, מען האט דעמולט גערעדט אז "מדלג על האזכרה" איז דער טייטש: "מדלג" - טאנצט "על" - אויף "האזכרה" - די שמות!

און אויך, אויב מ'זאל זאגן אז דער פירוש איז ע"ד ווי די פריערדיקע פירושים - ווערן אין דעם כו"כ שוועריקייטן:

א) וואס איז דער פירוש מוסיף?

ב) עס איז א מעשה רב אז קינדער טאנצן אויף שמות.

ג) דארטן זאגט דער מדרש "ולגלוגו", וואס דער טעם אויף דערויף איז - בנוגע די ווערטער פאסט זאגן "ולגלוגו", אז ער איז מלגלג פו די ווערטער, בנוגע אבער צו טאנצן זאגט מען "ודילוגו".

מיט נאך כמה שוועריקייטן.

און אויך די עצם ההנחה איז ניט ריכטיק כנ"ל:

דאס וואס מ'זאגט אז מ'וויל ניט מרבה זיין במחלוקת, און דערפאר וויל מען איינלערנען צוויי זאכן אז זיי זאלן ניט זיין במחלוקת, אפילו אז עס איז בדוחק, איז - בנוגע צו הלכה, ווארום דארטן איז דאס נוגע צו הנהגה בפועל, און אויב עס וועלן זיין צוויי דיעות וועט מען ניט וויסן ווי זיך צו פירן בהנהגה בפועל,

משא"כ ווען עס האנדלט זיך וועגן פירושים - איז ניטא דער ענין פון ניט מרבה זיין במחלוקת, ס'איז "והדרש תדרש" כמ"ש "כפטיש יפוצץ סלע".

וואס אויך מפרשים זיינען דארט אזוי מפרש, נאר מ'איז אלע צוזאמען אזוי אינטערעסירט אין פרעגן - אז מ'האט ניט ארייגעקוקט אין די מפרשים.

און דער עיקר איז - "והמעשה הוא העיקר" אז קינדער טאנצן,

און די קינדער מיט די עלטערן, אבער די קינדער בראשם - זאלן טאנצן לקבל פני משיח צדקנו,

במהרה בימינו ממש.

* * *

נג. בהמשך להמדובר לעיל אין די הערות אויפן זהר וועגן דעם ענין פון "בני ישראל" - איז כאן המקום צו רעדן אן ענין בנוגע צו קינדער (וואס דאס איז אויך איינע פון די סיבות אויף דער פארברייגנגען), ווארום "בני ישראל" איז שייך במיוחד צו קינדער:

אידן ווערן אמאל אנגערופן מיטן נאמען "ישראל", און אמאל - מיטן נאמען

"בני ישראל", וואס עס איז פארשטאנדיק, אז "בני ישראל" ווייזט אויף אידן וואס זיינען נידעריקער ווי אידן וואס הייסן "ישראל".

וואס לכאורה וואלט מען געקענט זאגן, אז די נידעריקייט פון די אידן וואס הייסן "בני ישראל" לגבי די וואס הייסן "ישראל" - באשטייט פון א נידעריקייט אין הנהגה; די אידן וואס זיינען נידעריקער אין הנהגה ווערן ניט אנגערופן "ישראל", נאר - "בני ישראל".

אבער אין אמת'ן קען מען אזוי ניט זאגן, ווארום אפילו אידן וואס האלטן גאר נידעריק אין הנהגה - ווערן אויך אנגערופן "ישראל", ווי די גמרא זאגט "אע"פ שחטא ישראל הוא", וואס די גמרא זאגט עס טאקע (ניט בנוגע אידן וואס פירן זיך אין א נידעריקער הנהגה סתם, נאר) בנוגעאידן וואס פירן זיך אין גאר א בידעריקע הנהגה, ווי די גמרא זאגט עס דארטן בנוגע צו די מעשה עכן וואס ער האט מועל געווען בחמשה חרמות וכו'.

וואס דערפאר דארף מען זאגן, אז מיטן נאמען "בני ישראל" ווערן אנגערופן אידן וואס זיינען (ניט נידעריקע אין הנהגה וכיו"ב, נאר אידן וואס זיינען) מקבלים פון אידן וואס ווערן אנגערופן "ישראל" - תלמידים וואס זיינען מקבל פון א רב, צי קינדער וואס זיינען מקבל פון זייערע עלטערן וכיו"ב.

נד. דער נאמען "בני ישראל" איז שייך במיוחד צו קינדער, ווארום זיי זיינען אין רשות פון זייערע עלטערן, און די עלטערן זיינען זיי מחנך מיט אלע ענינים גשמיים ורוחניים, ובמיוחד איז דער נאמען שייך צו קינדער וואס זיינען פאר בר (אדער בת) מצוה, ווארום דער קינד ווערט בר (אדער בת) מצוה, איז "עונשו של זה" - על זה, אויף די עלטערן, און בא קינדער פאר בר מצוה במיוחד איז דא דער ענין פון "כבד את אביך ואת אמך" (אע"פ אז עס איז דא אויך עלטערע קינדער).

וואס אע"פ אז עס זיינען דא כמה גדרים אין די צייט ווען א קינד גייט ארויס מרשות פון זיינע עלטערן נוסף אויפן גיל פון בר (אדער בת) מצוה: תינוק הצריך לאמו, בן י"ח, בן כ"ב, ווי די גמרא זאגט אויף דעם גיל ביז כ"ב שנה, אז דעמולט איז בא דעם טאטן "דידך על צאורי דבריך" - אעפ"כ, בנוגע צו הלכה, איז דער גיל ווען מען גייט ארויס מרשות פון די עלטערן - בר (אדער בת) מצוה, וואס פון דעמולט זיינען אלע זיינע מעשים על אחריותו.

וואס דערפון קומט אויס, אז דער נאמען "בני ישראל", וואס ווייזט אויף מקבלים פון בחי' "ישראל" - גייט במיוחד אויף קינדער פאר בר (אדער בת) מצוה.

נה. וואס דער ענין פון "בני ישראל", פון קינדער פאר בר (אדער בת) מצוה - איז נוגע במיוחד אין דעם שבת, ווארום מען האט גערעדט אז בפורים קטן וואס איז חל די וואך זאל מען מאכן א צוזאמענקלייבן פון "צבאות השם", קינדער פאר בר (אדער בת) מצוה - וואס דער שבת איז "מיני' מתברכין כולהו יומין" כולל דער טאג פון פורים קטן,

וואס כאמור, דאס איז אויך איינע פון די סיבות אויף דער התוועדות - אויף נאכאמאל מעורר זיין, "מפקחין על צרכי ציבור - בשבת", וועגן דער אסיפה פון "צבאות השם" וואס מ'דארף מאכן בפורים קטן.

נו. דער ענין אז "צבאות השם" זאל זיך צוזאמענקלייבן בפורים קטן - איז אויך צוליב די שייכות מיוחדת וואס עס איז דא צווישן דער ענין פון קינדער און פורים קטן:

עס איז געווען פורים קטן (וואס אויך דעמולט איז געווען א שנת העיבור) ווען כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט דעם מאמר ד"ה וקבל היהודים וואו עס רעדט זיך



הנחת הת' בלתי מוגה

וועגן דעם ענין פון "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז גו' להשבית אויב ומתנקם", אז "מפי עוללים ויונקים" דוקא איז דער "יסדת עוז",

ווי ער איז מבאר דארטן, אז לכאורה אויף מלחמה האבן מיט "אויב ומתנקם" דארף מען האבן בעלי כח וגבורה מרובה וכו' - איז לכאורה א פלא, ווי קומט עס אז "עוללים ויונקים" דוקא קענען אויפטאן דער "להשבית אויב ומתנקם".

איז ער דאס מבאר, ע"פ דעם וואס עס שטייט "לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי אמר ה' צבאות", וואס דער ענין פון "רוחי" איז דא בא קינדער, און דורך זיי איז דא דער "יסדת (דער יסוד ישראל, און יסדת) עוז".

וואס וויבאלד אז "לא בשופטני עסקינן" - איז דאך פארשטאנדיק, אז אויך בשעת מ'זאגט "בחיל ובכח" בשייכות מיט "ה' צבאות" - מיינט דאס ניט נאר "כח" און "חיל" אליין, "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה", און אעפ"כ זאגט מען "לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי", אז עס דארף זיין דוקא דער ענין פון "ברוחי" וואס דאס איז דא במיוחד בא קינדער "עוללים ויונקים".

וואס דאס איז אויך וואס ער ברענגט דארט אראפ די דברי המדרש וועגן די צרה וואס איז געווען בימי אחז, אז "אחז בתי כנסיות ובתי מדרשות וכו'" און ישעי' הנביא, דער נביא הגאולה וישועה, האט אים געזאגט "הנה אנכי והילדים אשר נתן לי ה' לאותות ולמופתים בישראל", וואס דורך די קינדער איז אויפגעשטעלט געווארן די הריסות וואס אחז האט הורס געווען.

כז. דער מאמר וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט דעמולט בפורים קטן - ווערט איבערגעזאגט בכל שנה ושנה בפורים קטן, ווארום "התורה היא נצחית" (וואס ע"ד די גזירות וואס זיינען דעמולט געווען - איז אויך דא איצטער), וואס במילא איז מובן אז די ענינים וואס רעדן זיך דארטן זיינען שייך אויך איצטער, וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער גודל הענין אין זיך משתדל זיין אין דעם צוזאמענקלייבן זיך פון "צבאות השם" בפורים קטן אויף צו זיי מחנך זיין אין עניני תורה,

און ער זאל ניט טענה'ן: וואס וועט שוין זיין אויב דורך די השתדלות וועט ער צו ברענגען נאך איין קינד? - ווארום דער רמב"ם פסק'נט, אז לעולם יראה עצמו שקול וכל העולם שקול ועשה <u>פעולה אחת</u> (ועד"ז <u>דיבור אחד</u>) - הכריע עצמו את כל העולם כולו לכף זכות.

כח. און בשעת מ'קלייבט זיך צונויף זאל מען דאווענען מנחה, און זינגען די פסוקים "אל תירא וגו'", "עוצו עצה וגו'", "ועד זקנה וגו'" (וואס די קינדער האבן א ניגון ניט נאר אויפן פסוק "עוצו עצה וגו'" נאר אויך אויף די פסוקים "אל תירא וגו'", און "ועד זקנה וגו'"),

ווארום די דריי פסוקים האבן א שייכות מיוחדת צו דעם ענין פון "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז גו' להשבית אויב ומתנקם":

בשעת המן האט געוואלט וויסן וואו ער האלט מיט זיין גזירה (וואס ער האט געוואלט "להשמיד ולהרוג גו'") - איז ער צוגעגאנגען צו די דריי אידישע קינדער און האט יעדערן געזאגט "פסוק לי פסוקיך", האט אים איינער געזאגט דעם פסוק "אל תירא וגו'", א צווייטער - "עוצו עצה וגו'", און א דריטער - "ועד זקנה וגו'".

וואס וויבאלד אז די דריי פסוקים האבן א שייכות מיוחדת צו דעם ענין פון "מפי עוללים ויונקים וגו'" - זאלן די קינדער זינגען די דריי פסוקים בשעת זיי קלייבן זיך צונויף בפורים קטן,

און וויבאלד אז זיי קענען טענה'ן אז זיי ווילן זינגען אויך דעם פערטן

פסוק, דער פסוק "אך צדיקים וגו'", ווארום אויך אויף דעם פסוק האבן זיי א ניגון - איז תבוא עליהם ברכה, און זיי זאלן זינגען אויך דעם פסוק.

נט. נוסף אויף מעורר זיין בדיבור וועגן די אסיפה פון "צבאות השם" - איז אויך דעם שבת דער זמן אויף מיטנעמען דערפון א פארטיקע זאך אויף די אסיפות פון "צבאות השם", ווארום אויך דער ענין איז נכלל אין דעם וואס פון שבת איז "מיני' מתברכין כולהו יומין":

פון שבת איז ניט נאר נמשך א ברכה אויף כל ימי השבוע, וואס אין דעם איז שייך אז עס זאל זיין דערנאך א מניעה (אז עס זאל ניט זיין "עד מהרה ירוץ דברו") - נאר בשבת ווערן אויך אויפגעמאכט ענינים אויף כל ימי השבוע,

ווי מ'געפינט בענין התפלה, אז כל ימות השבוע איז מען ממשיך המשכות בתפלה, אבער בשבת מאכט מען אויף כל עניני ההמשכות למעלה, וואס דערפון ווערן זיי דערנאך נמשך בכל אחד מימות השבוע.

ס. דער מקור פון דעם ענין פון "מיני' מתברכין כולהו יומין" איז פון ענין המן - געפינט מען אויך עד"ז במן

[וואס אויך בא דעם מן איז געווען דער ענין פון "בני ישראל", די הדגשה אז קינדער זיינען מקבל פון זייערע עלטערן -

דלכאורה: ביי דעם מן איז דאך געווען "עומר לגולגולת", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אויך יעדער קינד האט באקומען זיין אייגענע "עומר לגולגולת", און ער האט עס ניט באקומען פון זיינע עלטערן?

איז אבער באמת, אויך דעם מן האבן זיי באקומען דורך זייערע עלטערן, ווארום דער מן איז געקומען "איש פתח אהלו" (מיט די חילוקים, אז עס זיינען געווען אזעלכע וואס האבן געדארפט אנקומען צו "את אשר תאפו אפו, ואת אשר תבשלו וגו'" (און אזעלכע וואס האבן געדארפט אנקומען צו "דכו במדוכה וטחנו וגו'"), און צדיקים וואס האבן דאס געפונען פארטיק), וואס ווער איז דער בעל האוהל - דער פאטער מיט דער מוטער;

קומט דערפון אויס, אז אויך בא דעם מן זיינען קינדער געווען בבחי' "בני ישראל", מקבלים פון זייערע עלטערן]:

עס איז דא דער ענין פון ברכה בנוגע צו דעם מן בשבת וואס עס שטייט בנוגע צו שבת "ברך...ויקדשהו", אז ברכו במן, אז ביום הששי גייט אראפ לחם יומיים, און קדשו במן, אז ביום השבת גייט ניט אראפ דער מן,

אבער ס'איז אויך דא דער ענין וואס דוקא בשבת ווערט אויפגעמאכט דער ענין המן למעלה, און דערפון ווערט נמשך בכל יום ויום פון ששת ימי המעשה, ביום ראשון וביום שני וכו' דורך די עבודה פון יעדער טאג, "כל יומא ויומא עביד עבידתי'".

סא. וואס דערפאר וועט מען (נוסף אויפן רעדן בדיבור וואס אין דעם איז שייך אז עס זאל זיין א מניעה והפסק), וועט מען אויך מיטגעבן פון א זאך וואס איז שוין דא, פון די מזונות (בדוגמת ענין המן וואס איז געווען מזון) פון דער התוועדות,

און כדי צו ניט מבלבל זיין דעם עולם - וועט מען דאס איצטער איבערגעבן מזכירות בשליחות פון די אלע וואס געפינען זיך דא, און די אלע וואס פארן אוועק אין ערטער וואו זיי וועלן מארגן מאכן אסיפות פון "צבאות השם", אדער זיי וועלן דארטן טרעפן די וואס זיינען מארגן אסיפות פון "צבאות השם", און

זיי וועלן זיי מסייע זיין - זאלן זיי נאך מעריב אריינגיין אין מזכירות און נעמען פון די מזונות,

און מ'זאל אריינמישן די מזונות אין אנדערע מזונות דארטן, און דאס פאנאנדער-טיילן פאר די קינדער, און זיי וועלן אויף דעם מאכן א ברכה.

וואס פון מיין רשות גייט עס ארויס איצטער, ווארום איך גיב עס יעצט אפ צו "שלוחו של אדם כמותו" פון די וואס וועלן דאס שפעטער נעמען.

סב. וואס דער געבן די מזונות האט אין זיך די מעלה אז דאס איז א דבר גשמי וואס איז שוין דא בשבת און דערפון נעמט מען אויף דער אסיפה פון פורים קטן, נוסף אויף דער התעוררות בדיבור וואס מען איז איצטער מעורר, און דאס וועט אויך מקשר זיין די אלע אסיפות מיט "בית גדול", "בית שמגדלין בו כו'" די ד' אמות פון דעם רבי'ן דעם שווער, און מיט דעם שבת, און אויך מקשר זיין די אסיפות שבכמה מקומות,

און דער קישור איז נאך גרעסער, וויבאלד אז אין אלע ערטער איז די מזונות פון איין ארט, וואס עס איז דא די מזונות, און מ'פארברעקלט עס אויף כמה ברעקלאך,

וואס דאס איז בדוגמת דער ענין פון התחלקות הניצוצות, ווי מ'זאגט אויף דעם פסוק "הלא כה דברי כאש", וואס די אלע ניצוצות שטעלן זיך צונויף אין דער "אש אוכלה", וואס דער אש פארברענט די וועגט פון גלות, און עס ווערט דער אתהפכא חשוכא לנהורא וטעמין מרירין למיתקו".

סג. און דער עיקר - אז מ'זאל מאכן די הכנות הדרושות אויף דער אסיפה בפורים קטן, וואס כאמור דאס איז שייך צו דעם וואס דער נביא הגאולה והישועה האט געזאגט "הילדים אשר נתן וגו'",

און מ'ברענגט אראפ אליהו הנביא, וואס ער איז דער מבשר טוב, און ער וועט מבשר זיין אז משיח קומט "נאו".

* * *

סד. כאן המקום אויף צו דערמאנען דאס וואס מען האט געזאגט במשך די וואך בנוגע צו די ציורים אין די ביכלאך פון "צבאות השם", אז מען זאל מוסיף זיין בא די ציורים פון די אינגעלאך - א ספר-תורה, און בא די מיידעלאך אן ענין פון נר מצוה (ניט אום שבת גערעדט),

וואס זיכער טוט מען שוין אין דעם, "ואין מזרזין אלא למזורזין".

און מ'זאל דאס מאכן בפירוש אין אן אופן פון יופי, "זה א-לי ואנוהו", וואס דאס דערנעמט קינדער.

וואס דאס איז דער דרך התורה אין חינוך (ניט ווי די וואס ווילן זאגן ניט אזוי), ווי דער רמב"ם שרייבט אין סוף הלכות תשובה, אז תחלת העבודה איז עבודה שלא לשמה, וואס דערפאר דארף מען געבן קינדער ענינים שלפי ערכם וואס וועלן זיי דערנעמען.

ולא באתי אלא לזרז ולהזכיר, אז יעדערער וואס האט אין דערויף ניט געטאן (מאיזה טעם שיהי') - זאל אין דערויף טאן, און אין אן אופן אז עס זאל זיין פארטיק צו פורים קטן, וואס עס זיינען דא יום ראשון, יום שני און יום שלישי, און פורים קטן איז ביום הרביעי, "יום שנתלו המאורות", מיט א תי"ו ("נתלו"), ווי דער אלטער רבי זאגט,

און די וואס האבן שוין געטאן אין דעם זאלן ממשיך זיין אין דעם עצם ענין, ובעיקר - אין אן אופן של יופי, "זה א-לי ואנוהו", און נאך מוסיף זיין אין דער יופי, וואס אע"פ אז דער יופי איז נאר א יופי חיצוני - דערנעמט עס דער חיצוניות פון די קינדער, און דורך דעם דער פנימיות פון די קינדער, און דורך דעם - די פנימיות און חיצוניות פון די עלטערן, והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים,

און עס וועט זיין דער "הם הכירוהו תחלה", במהרה בימינו ממש.

* * *

סה. דער ביאור אין דעם וואס דער פסוק חזר'ט איבער צוויי מאל דעם ענין אז א מחוסר בגדים איז חייב מיתה:

דעם ערשטן מאל, אין פסוק ל"ה, רעדט זיך נאר וועגן אהרן, משא"כ אין אונזער פסוק קומט-צו אז דאס רעדט זיך אויך וועגן בניו, און אז דאס איז "חוקת עולם לו", וואס "כל מקום שנאמר חוקת עולם הוא גזירה מיד ולדורות לעכב בו" (פרש"י עה"פ).

איז אויב דאס וואלט געשטאנען נאר איין מאל, דעם ערשטן מאל, בנוגע צו אהרן - וואלט מען פון אים ניט געקענט ארויסלערנען אויף בניו, עכ"פ ניט בנוגע צו אלע דורות,

ווארום מ'וואלט געזאגט אז דאס איז אן אויסנאם בנוגע צו אהרן, ובפרט ווי אהרן איז געווען אין די שבעת ימי המילואים, וואס דעמולט איז דער משכן (וואס ער איז מער שלימות'דיק ווי דער ביהמ"ק, איז דער משכן גופא) געווען בתכלית השלימות שלו, און דעמולט (בשבעת ימי המילואים) זיינען געווען כמה ענינים וועלכע זיינען דערנאך ניט געווען (ראה פרש"י עה"פ תצוה כט, כב. שם, כג. צו ח, כח. שמיני ט, יב).

עכ"פ וואלט מען געזאגט אז דאס איז געווען נאר בנוגע צו אהרן ובניו, זייענדיק אין משכן המדבר וואס ער איז געווען מער שלימות'דיק ווי דער ביהמ"ק (כאמור).

וואס דערפאר מוז שטיין א צווייטן מאל, וואס דערפון לערנט מען ארויס אויך בנוגע צו בניו, און בנוגע צו אלע דורות שלאח"ז, אויך אין ביהמ"ק.

עד"ז איז אויך פארשטאנדיק אז אויב עס וואלט געשטאנען נאר דעם צווייטן מאל בנוגע צו בניו ולדורות שלאח"ז - וואלט מען דערפון ניט ארויסגעלערנט בנוגע צו די שבעת ימי המילואים -

ווארום, כאמור דעמולט איז געווען א מעמד ומצב מיוחד, קען מען אויף דערויף ניט ארויסלערנען פון בניו און עאכו"כ ניט פון די דורות שלאח"ז.

[און דאס וואס רש"י טייטשט אפ אויף "חוקת עולם לו" אז "כ"מ שנאמר חוקת עולם לו הוא גזירה מיד..." - איז דאס נאך דעם וואס מ'ווייס שוין פון פריער אז עד"ז איז אויך אין די שבעת ימי המילואים].

סו. נאך א ביאור אין דעם: דער טעם פארוואס דער פסוק חזר'ט דאס דא איבער נאכאמאל איז - דערפאר וואס דא איז צוגעקומען א חידוש וואס פריער שטייט ער ניט,

און עס איז קיין שאלה ניט, אויב אזוי האט דאס דער פסוק געדארפט זאגן נאר דעם צווייטן מאל -

ווארום דאס איז דער דרך הפסוקים צו זאגן א זאך איינמאל, און שפעטער עס איבער'חזר'ן מיט מער פרטים, און דעמולט זאגט ניט דער פסוק נאר די צוגעקומענע פרטים, נאר - דעם גאנצן ענין, בכדי מ'זאל וויסן וואוהין די פרטים געהערן,

עד"ז איז אין אונזער פסוק מחדש נאך א זאך וואס פריער שטייט עס ניט, וואס דערפאר חזר'ט עס איבער דער פסוק נאכאמאל.

און דער חידוש איז, דער ענין האמור לעיל, אז דא איז צוגעקומען "חוקת עולם",

אדער כפירוש המפרשים אז דא איז צוגעקומען דער ענין בנוגע צו נאך צוויי בגדים, ווארום פון דעם פריערדיקן פסוק ווייס מען נאר בנוגע צו ששה בגדים.

סז. ע"פ האמור לעיל, ווערט אויך פארענטפערט פארוואס אויפן פסוק "וחגרת אותם אבנט וגו' והיתה להם כהונה לחוקת עולם" ברענגט רש"י ניט די דרשת הגמ' אז "בזמן שבגדיהם עליהם כהונתם עליהם, אין בגדיהם עליהם אין כהונתם עליהם והוו להו זרים, ואמר מר זר ששימש במיתה" -

ווארום אין דעם פסוק קומט ניט צו קיין חידוש! און רש"י'ס ענין איז ניט צו ברענגען אלע מדרשי חז"ל וואס זיינען דא אויף א פסוק - איז וויבאלד אז מ'ווייס שוין דעם ענין בנוגע צו <u>אלע ח'</u> בגדים, דארף מען ניט האבן נאך א פסוק צו אונז לערנען דעם זעלבן ענין.

סח. נאך א ביאור פארוואס רש"י ברענגט ניט די דרשת הגמרא הנ"ל:

אין פשוטו של מקרא קען מען ניט זאגן אז אויב "אין בגדיהם עליהם אין כהונתם עליהם (<u>ובמילא</u>) והוו להו <u>זרים</u>";

ס'איז <u>היפך</u> פשטות הכתובים צו זאגן אז בשעת ער טראגט ניט די בגדי כהונה ווערט ער א <u>זר</u>, ובמילא איז ער <u>חייב מיתה</u>!

ווארום אין פשש"מ, איז אפילו ער טראגט ניט די בגדי כהונה - איז ער א <u>כהן</u>, ווי מ'זעט דאס בנוגע צו פדיון הבן און תרומה וכיו"ב.

סט. דער ביאור אין די הערות אין זהר:

אויף דעם יחוד פון ת"ת, ז"א און מל', וואס דאס איז דער ענין פון יחוד קוב"ה ושכינתי' - פאדערט זיך אן ענין וואס איז למעלה משניהם,

ווארום מל' איז דער התחלה פון עולמות מוגבלים און ז"א איז דער סוף פון עולמות א"ס, אדער - פון א"ס בכלל, איז בכדי זיי צו מאחד זיין - פאדערט זיך אן ענין וואס איז למעלה משניהם;

וכמבואר אין חסידות דער משל אויף דעם, אז עס איז אסאך גרינגער פועל זיין אויף די פיס דעם ענין פון מס"נ, ווי אויפן קאפ, ווארום דער שכל וואס איז אין קאפ איז מעלים ומסתיר אויף מס"נ.

וואס עד"ז איז דאס אויך למעלה, אז נו"ה זיינען שייך צו למעלה פון ת"ת און מל', וואס דערפאר זיינען דוקא זיי מייחד ת"ת און מל'.

וואס דאס איז כאמור לעיל, וואס ער זאגט אין זהר אז אויף צו מחבר זיין דעם ו' מיטן "לי" דארף זיין דוקא "בנ"י".

ע. וואס הייגט איז מען בעיקר שייך צו דער עבודה פון נה"י, און אויך בא די וואס זיינען שייך צו העכער איז דא ווי זיי לאזן זיך אראפ צו עבודה אין

אן אופן פון נה"י.

און ע"ד ווי מ'געפינט בא מרדכי אז ער האט זיך אראפגעלאזן צו צונויפקלייבן קינדער.

[וואס מרדכי איז געווען רצוי לרוב אחיו, און פריער איז ער געווען רצוי צו אלע אחיו].

וואס עס איז דא די עבודה ביי אן קטן, ועד"ז ביי א גדול.

וואס איצטער איז דער זמן פון ערב שבת נאך חצות, וואס דעמולט איז מען טועם פון מאכלי שבת,

און עס ווערט "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך" און זיי ברענגען אידן וואס א"מנחה בכלי טהור' אין ארה"ק, און אין ירושלים, עיר בה חנה דוד, און אין ביהמ"ק השלישי,

וואס דעמולט איז דא דער ענין פון מאור, און אויך בא קינדער, וואס בא זיי איז דאס דאי במיוחד, ווארום בא זיי זיינען ניטא די לבושים פון שכל וכו',

און די אלע ענינים - במהרה בימינו ממש.

* * *

עא. דער ביאור אין דעם רש"י פון "לקח":

אע"פ אז כאמור לעיל, זיינען דא כמ"פ אין דער תורה וואס עס שטייט אין אן אופן פון "קח" - "ויקחו" וכיו"ב, און כמ"פ וואס עס שטייט אין אן אופן פון "לקח" - "ולקחת" וכיו"ב -

אבער דער "לקח" - איז דער איין-און-איינציקער מאל וואס עס שטייט אין דער תורה - איז דאס אין אונזער פסוק

[און אין גאנץ כ"ד ספרי קודש געפינט מען דאס נאך איין-און-איינציקן מאל, וואס דאס איז דער איינציקער ארט וואס "מצאתי לו חבר"],

דערפאר איז רש"י מפרש אז דער טייטש פון "לקח" איז "כמו קח".

קען דאך אויב אזוי דער בן חמש למקרא טראכטן אז זיי ("לקח" און "קח") זיינען דער זעלבער ווארט, דער זעלבער שורש -

זאגט אים רש"י, ניין! נאר "ושתי גזירות הן, אחת של קיחה ואחת של לקיחה", אז אע"פ אז דער טייטש זייערער (פון "לקח" און "קח") איז דער זעלבער, אעפ"כ זיינען זיי אבער צוויי שרשים, אבער פונדעסטוועגן אין פשש"מ, איז זייער טייטש דער זעלבער, "לקח - כמו קח".

[אולי באופן אחר: הבן חמש למקרא יכול לחשוב שהם גם שני שרשים - לכך אומר לו רש"י שהם רק שתי גזירות, אבל לא שני שרשים (המפרשים כאן חולקים מה הפי' של גזרות - שרשים או לא, ובהקושיות אמר כ"ק אד"ש הפי' כהרא"ם שהפי' הוא שני שרשים)].

דער בן חמש למקרא קען אבער נאך אלץ טראכטן אז דאס וואס רש"י איז אים מפרש איז נאר אין פשוטו של מקרא, משא"כ אין אן אנדער אופן הלימוד - איז דער פירוש פון דעם ווארט "לקח" טאקע אן אנדערער (ניט "כמו קח") -



הנחת הת' בלתי מוגה

זאגט אים רש"י, ניין! נאר "ולהן פתרון א'", אפילו אין דעם ווייטסטן פירוש, וואס דאס איז ע"ד ווי א חלום - איז אויך דער פירוש דער זעלבער, ד.ה. אז לויט אלע פירושים נאך איז דער פירוש פון "לקח" - "כמו קח", און דערפאר זאגט רש"י "פתרון", אפילו דער פירוש הכי רחוק איז "להן פתרון א'".

עב. וואס ארט רש"י'ן אז דער בן חמש וועט טראכטן אז אין אן אנדער אופן הלימוד איז דער פירוש פון דעם ווארט "לקח" אנדערש -

ווארום אע"פ אז דער בן חמש האט נאך ניט געלערנט ווייטער, רש"י אבער האט יע געלערנט, ווייס ער אז מ'קען טייטשן אז עס איז דא א חילוק פון "קח" און "לקח":

בנוגע צו "קח את אהרן" (חוקת כ, כה) טייטשט רש"י אפ: "בדברי נחומים" (ד.ה. "משך...בדברים" (פרש"י קרח טז, א ד"ה ויקח קרח הב')) - דערפון קען ארויסקומען א חילוק פון "קח" מיט "לקח", אז "קח" איז א לקיחה ברצון, משא"כ "לקח" איז א לקיחה בע"כ, וואס דערפאר ווען עס רעדט זיך וועגן א מענטש (אהרן) זאגט מען "קח" ברצון, משכהו בדברים, ובשעת עס רעדט זיך וועגן א פר זאגט מען "לקח" בעל כרחו.

זאגט אבער רש"י אז עס איז ניטא אזא חילוק, נאר סיי "קח" און סיי "לקח" האבן דעם זעלבן פירוש, "ולהן פתרון א'".

און רש"י'ס הכרח איז - פון דעם וואס מ'זאגט "ולקחת אבני שהם וגו'" קען מען דאך ניט טייטשן "ולקחת" בע"כ, ווארום אבני שהם איז א דומם, און בא א דומם איז דאך ניט שייך דער גאנצער ענין פון רצון צי בע"כ - איז דערפון מוכח אז אויך "לקח" (און "ולקחת") איז דער זעלבער טייטש "כמו לקח".

עג. דער פירוש בזה בפנימיות הענינים:

מ'געפינט בנוגע צו אליהו, וועגן דעם סיפור מיט די צוויי פרים, וואס איין פר האט געדארפט גיין צו די נביאי הבעל, אז דער פר האט ניט געוואלט גיין, ווי חז"ל זאגן (צויין בלקו"ש חט"ז תשא ד הע' 46, 47),

ווארום ער האט געזאגט: "הוא (פרו של אליהו) עולה לחלקו של הקב"ה, ושמו של הקב"ה מתקדש עליו, ואני עליתי לחלק הבעל להכעיס את בוראי",

האט אים אליהו געענטפערט (לוחש באזניו געווען): "כשם ששמו של הקב"ה מתקדש על ידי זה שעמי, כך מתקדש על ידך", און דעמולט איז דער פר געגאנגען, ד.ה. אז דאס האט זיך ביי אים אנגענומען.

זעט מען דערפון, אז אויך א פר קען מען נעמען מיט דברים, און עס דארף ניט זיין בעל כרחו,

און נאכמער: מה-דאך אז דער פר וואס איז געגאנגען לבעל, איז נאכדעם וואס אליהו האט אים געזאגט אז "כך מתקדש על ידך" - איז ער גלייך געגאנגען,

עאכו"כ בעניננו, וואס עס רעדט זיך וועגן נעמען דעם פר אויף אים מקריב זיין אויפן מזבח, און נאכמער, ניט סתם א קרבן, נאר א קרבן אין שבעת ימי המילואים - איז דאך א זיכערע זאך אז דער פר איז ניט נאר געגאנגען מרצונו, נאר ער איז געגאנגען מיט א תשוקה ובשמחה ובטוב לבב,

דערפאר קען מען ניט טייטשן אז "לקח" מיינט בעל כרחו.

עד. ויה"ר, אז אזוי ווי אין היינטיקער הפטורה (פון יחזקאל) רעדט זיך וועגן "צורת הבית ותכונתו ומוצאיו ומובאיו וגו'", וואס וויבאלד אז מ'געפינט זיך

נאך אין זמן הגלות - האט מען מערניט ווי דעם ענין פון "כל העוסק בתורת הבית מעלה אני עליו כאילו בנה אותו" -

זאל מען האבן דאס ניט נאר ווי דאס שטייט אין תורה נאר עס זאל זיין "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים", און די תפילות וכו' פון עם ישראל זאלן נתקבל ווערן ברצון,

וואס דער ביהמ"ק איז בנוי ומשוכלל און ער ווארט אז ער זאל אראפקומען דא למטה,

און הקהל את העם האנשים והנשים והטף,

במהרה בימינו ממש.

כ"ק אדמו"ר שליט"א מסר המזונות להר' ח.מ.א. שי' חדקוב עבור הכינוסים דילדי "צבאות השם" שיתקיימו בפורים קטן. אח"כ אמר:

יעדערער זאל אריינגיין נאך הבדלה אין מזכירות און נעמען פון די מזונות אויף פאנאנדער-טיילן צו די קינדער באם כינוס - די וואס זיינען מארגן כינוסים, אדער די וואס פארן למקום אחר צו אליין מארגן זיין אדער ארויסהעלפן די וואס זיינען דארטן שוין מארגן.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, ווען זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אחר תפלת מנחה התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

---------- * ----------

## שיחה להתלמידים ולהתלמידות „צבאות השם" שיחיו

## – בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה –

## יום ד', פורים קטן ה'תשמ"א

א. [אמרו את הי"ב פסוקים ומאמרי חז"ל[1].

אח"כ ניגנו הניגון „ווי וואנט משיח נאו"].

ב. דער צוזאמענקלייבן זיך פון אונז אלעמען איז באשטימט געווארן[2], און קומט פאר, אין דעם טאג פון פורים קטן[3] נאך האלבן טאג, וואס נאך האלבן טאג (פון פורים קטן) איז דער אנהויבס, און די צייט פון צוגרייטונג[4] צום מארגנדיקן טאג (צו שושן פורים קטן).

דער טאג פון פורים קטן שטרייכט אונטער דעם ענין פון צוזאמענקלייבן זיך פון קטנים און קטנות, פון די וואס זיינען פאר בר און בת מצוה.

[וואס זיי זיינען די סיבה פון דעם צוזאמענקלייבן זיך איצטער. אויך די וואס זיינען נאך בר (בת) מצוה וואס זיינען דא — זיינען זיי געקומען צוליב דעם כבוד פון די קטנים און די קטנות],

ווארום דער נאמען פון דעם טאג איז — „פורים קטן", און וויבאלד אז מיט דעם נאמען „פורים קטן" ווערט דער טאג אנגערופן לויט מנהג ישראל וואס „תורה היא"[5], אונזער תורה, וואס זי איז תורת אמת, ד.ה. אז זי זאגט ווי דער אמת איז — איז פארשטאנדיק, אז דאס איז אויך דער אינהאלט פון דעם טאג[6], דער ענין פון „(פורים) קטן".

און נוסף צו דעם וואס דער טאג איז — „פורים קטן", און אין דעם טאג קלייבן זיך צוזאמען קטנים און קטנות — איז אויך דא דער אלגעמיינער ענין, אז דער פאלק צו וועמען די קטנים און קטנות געהערן — האט אויך א שייכות צו דעם ענין פון „קטן", ווארום דער פאלק ווערט אנגערופן „יעקב" — „אל תירא עבדי יעקב"[7] (און — „ישראל"), וואס אויף יעקב'ן שטייט[8] אז „קטן הוא",

און — זיי גרייטן זיך צו מקבל זיין גאר אינגיכן פני דוד מלך המשיח, וואס מ'זאגט[9] אז „דוד הוא הקטן".

וואס פון די אלע אויבנדערמאנטע ענינים איז פארשטאנדיק, אז בא דעם צוזאמענקלייבן זיך — איז ספעציעל אונטערשטראכן דער ענין פון קטן.

ג. די אפלערנונג פון דעם ענין פון „קטן" (וואס מ'שטרייכט אונטער אין די

---

1) נדפסו בחוברת „י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל" (ברוקלין, תשל"ז); בחוברות „צבאות השם" בכ"מ. ועוד.

2) בההתוועדות דש"פ תרומה, ג' אדר ראשון.

3) כן נקרא בסידור אדה"ז לפני „ובא לציון גואל". וב"ה גם בהשלמה לשו"ע אדה"ז או"ח סקל"א ס"ח.

4) שלכן אין אומרים תחנון במנחה דערב פורים קטן וכיו"ב (שו"ע או"ח סקל"א ס"ו. מקומות שבהערה 3).

5) תוד"ה נפסל — מנחות כ, ב.

6) וראה שעהיוה"א פ"א. ד„שמו אשר יקראו לו בלה"ק" מורה על מהות הדבר ותוכנו.

7) ישעי' (מד, ב). וממשיך „וישורון", ובתרגום שם — „וישראל".

8) עמוס ז, ב. וראה חולין ס, ב.

9) ש"א יז, יד. וראה חולין שם.

אַלע אויבנדערמאַנטע זאַכן) איז — אַז יעדערער פון אונז דאַרף זיך באַ־טראַכטן אַז ער באַקומט אַלץ וואָס ער דאַרף האָבן און האָט פון דעם אויבערשטן, וואָס דער אויבערשטער איז דער „מאור הגדול" וואָס מאַכט ליכטיק און גיט אַלץ וואָס מ'דאַרף האָבן צו שמים וארץ וכל צבאיהם, וואָס ער האָט זיי באַשאַפן, ווי איר האָט ערשט גע־זאָגט[10] „בראשית[11] ברא אלקים את השמים ואת הארץ",

און וויבאַלד אַז יעדערער באַטראַכט זיך אַז ער באַקומט אַלץ פון דעם אויבערשטן, דער „מאור הגדול" — איז ער ווי דער „מאור הקטן"[12], די לבנה, וואָס באַקומט איר ליכט[13] פון דעם שמש, „מאור[12] הגדול"[14].

ד. וויבאַלד אַז יעדערער פאַרשטייט אַז ער באַקומט אַלץ פון דעם „מאור הגדול" — איז זעלבסטפאַרשטענדליך אַז ער טוט אַלץ וואָס ער קען אַז ער זאָל זיין פון „צבאות השם", פון דער אַרמיי וואָס געהערט צו דעם „מאור הגדול".

וואָס בשעת ער געהערט צו דער אַרמיי פון דעם „מאור הגדול" — ווערט ער אָנגערופן (ניט סתם „קטן", נאָר) „מאור הקטן":

ער ווערט טאַקע אָנגערופן „קטן", וואָרום ווי גרויס ער זאָל זיין, און ווי גרויס ער וועט ווערן [און זיכער וועט ער גרויס־ווערן, וואָרום „זה[15] הקטן גדול יהי'"] — איז דאָס אַלץ מיט דעם כח און מיט די ברכות וואָס דער „מאור הגדול" גיט אים;

אָבער צוזאַמען דערמיט איז ער „מאור הקטן", וואָרום זיין אַרבעט און זיין שליחות איז — אַז ער זאָל באַ־לייכטן שמים וארץ וכל צבאיהם,

אַז כאָטש ער איז גאָר אַ קטן ובפרט אין פאַרגלייך צו שמים וארץ וכל צבאיהם — איז ער אָבער אַ „מאור (הקטן)", ער קען זיי אַלעמען באַ־לייכטן: יעדער איד, סיי אינגעלעך און סיי מיידעלעך, און דורך זיי[16] — אויך די עלטערן זייערע און די קרובים זייערע און אַלע ערוואַקסענע — איז אין אַן אופן פון „מאור", זיי לייכטן און באַ־לייכטן די גאַנצע וועלט.

וואָס דאָס ווערט דורך דעם וואָס ער[17] פאַרבינדט זיך מיט „נר מצוה ותורה אור"[18], מיט דער ליכטיקייט פון דעם אויבערשטן'ס תורה, און מיט מקיים זיין דעם אויבערשטן'ס מצוות, וואָס דער אויבערשטער איז דער „מאור הגדול".

ה. די טעג פון פורים קטן און שושן פורים קטן במיוחד [וואָס ווי אויבנ־דערמאָנט, איז איצטער, נאָך האַלבן טאָג

10) בהי"ב פסוקים ומאמרי חז"ל.

11) בראשית א, א. וראה פרש"י עה"פ שם, יד: את השמים לרבות תולדותיהם ואת הארץ לרבות תולדותי'.

12) בראשית שם, טז.

13) ועי"ז יכולה למלאות תפקידה „להאיר על הארץ" (בראשית שם, טו. יז).

14) כי „סיהרא לית לה נהורא מגרמא כלום", ומקבלת אורה מהשמש (זח"א לג, ב. רמט, ב. ח"ב רטו, א. ועוד. וראה ספר הערכים־חב"ד ערך אור הלבנה ס"ב סק"א. ושנ).

15) שאומרים בבריתו של כאו"א מישראל.

16) כמש"נ והשיב לב אבות על בנים, ע"י בנים (מלאכי ג, כד ובפרש"י).

17) שבכל אחד ואחת מישראל נאמר: נר ה' נשמת אדם (משלי כ. כז), חלק אלקי ממעל ממש (תניא רפ"ב).

18) משלי ו, כג.

פון פורים קטן — דער אנהויבס, און די צייט פון צוגרייטונג צו שושן פורים קטן] ווייזן און לערנען וועגן דער שלימות („גאנצקייט״) אין דער ליכטי־קייט, שליחות און ארבעט פון „מאור הקטן״:

פורים קטן און שושן פורים קטן זיינען [ווי — פורים גדול און שושן פורים גדול] — אין דעם פערצנטן און פופצנטן טאג אין חודש, וואס אין די טעג איז די לבנה, דער „מאור הקטן״ כפשוטו, במילואה „באשלמותא״[19] — דעמולט לייכט דער „מאור הקטן״ אין דער פולסטער און אין דער גרעסטער מאס.

ו. האמור לעיל לערנט יעדערן וואס געהערט צו דעם פאלק יעקב וואס „קטן הוא״, און יעדערן וואס וועט איינגיכן מקבל פנים זיין דעם מלך המשיח, „דוד הוא הקטן״ — אז ניט קוקנדיק אויף דעם וואס בשעת מ׳פארגלייכט אים אין כמות מיט דער גאנצער וועלט איז ער גאר א קטן —

איז (אדרבא[20]) דורך דעם וואס ער ווערט דער „מאור הקטן״ וואס איז מקבל פון דעם „מאור הגדול״ — ווערט ער דער („להאיר״) אנפירער און ער ברענגט די גאולה צו דער גאנצער וועלט.

ז. דער כח וואס ער האט אויף אנ־פירן מיט דער גאנצער וועלט ביז צו ברענגען די גאולה, איז, ווי געזאגט (לעיל ס״ד) — דורך דעם וואס ער ווערט דער „מאור הקטן״ וואס איז מקבל פון דעם „מאור הגדול״, אז ער גייט אריין אין „צבאות השם״:

דורך דעם וואס ער גייט אריין אין „צבאות השם״, איז אזוי ווי מ׳גיט יעדערן וואס געפינט זיך אין אן ארמיי אלץ וואס ער דארף (כדי ער זאל קענען דורכפירן רוהיגערהייט תפקידו אין דעם צבא און מנצח זיין), וואס דאס קומט פון דעם „קאמענדער־אין־טשיף״ — אזוי אויך אין אונזער פאל, באקומט איר אלץ וואס איר דארפט (כדי איר זאלט קענען רוהיגערהייט מנצח זיין אין מלחמת היצר), פון דעם „מאור הגדול״, פון דעם „קאמענדער־אין־טשיף״, פון דעם אויבערשטן אליין[21].

און ווי גערעדט דעם פריערדיקן מאל[22] אז דער אויבערשטער זאגט[23] „בכל המקום אשר אזכיר את שמי אבוא אליך וברכתיך״:

דער אויבערשטער זאגט צו יעדער יחיד („אבוא אליך וברכתיך״ — לשון יחיד[24]), אז אומעטום וואו עס געפינט זיך איינער פון „צבאות השם״, איינער פון אידישן פאלק [וואס זיי זיינען אלע „צבאות השם״[25]], און דערמאנט דעם אויבערשטן׳ס נאמען אין תפלה, אין דאוונען, אדער אין תורה, אין לערנען, אדער דורך מקיים זיין דעם אויבערשטן׳ס א מצוה[26], ווי נתינת צדקה[27] —

---

19) שמו״ר פט״ו, כו. זח״א קנ, רע״א. ח״ב רטו, א. רכה, סע״ב. ועוד.

20) כמחז״ל עה״פ לא מרובכם גו׳ — שממעטין עצמכם (חולין פט. א). ולהעיר שהעתיקו חז״ל רק התחלת הכתוב „לא מרובכם״ ולא סיומו „המעט״.

21) ראה גם שיחה ל„צבאות השם״ — יום ד׳, כ״ח תשרי שנה זו ס״ב (נדפסה בהוספות ללקו״ש חכ״ד).

22) שיחה ל„צבאות השם״ — יום א׳ פ׳ משפטים כ׳ שבט ס״ז (לעיל ע׳ 9־308).

23) יתרו כ, כא.

24) ראה פרש״י ברכות ו, א ד״ה אבוא.

25) כמש״נ בסוף ימי גלות מצרים — בא יב, מא.

26) ראה פרש״י ברכות שם: אשר אזכיר את שמי — אשר יזכיר שמי על מצוותי ודברי (תורה).

27) דכוללת כל המצוות (כמרומז גם במשנה —

קומט דער אויבערשטער בעצמו צו אים און בענטשט אים, אז ער זאל מצליח זיין אין אלע זיינע ענינים, אנהויבנדיק פון מלחמת היצר,

און אז ער זאל ברענגען, צוברענגען און אריינברענגען, אין „צבאות השם״ און מלחמת ונצחון היצר — יעדער קינד און אלע קינדער צו וועמען מ׳קען דערגרייכן, אינגעלעך צו אינגעלעך און מיידעלעך צו מיידעלעך.

וואס דורך דעם ווערט די צוגרייטונג, נאענטסטע צוגרייטונג, אז גאר אינגיכן וועלן די „צבאות השם״, יעדער איד און אלע אידן, און איר, קטנים און קטנות, אלס מיטגלידער פון „צבאות השם״, בראשם, פון פארנט — גיין צו דעם „המקום[28] אשר אזכיר את שמי״, צו דעם אמת׳ן ארט, צו דעם עיקר ארט, וואו דער אויבערשטער דערמאנט זיין נאמען, דעם שם המפורש, בגלוי —

אין בית המקדש, וואס וועט אינגיכן געבויט ווערן אין ירושלים עיר הקודש, די הויפט־שטאט פון ארץ הקודש, „ארץ אשר גו׳ תמיד עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה״[29],

במהרה בימינו ממש, „נאו״.

• • •

ח. דער צוזאמענקלייבן זיך פון אידישע קינדער בפורים קטן — איז אויך פארבונדן מיט דעם פורים ווען מ׳לייענט די מגילה („פורים גדול״[30]), ווי אויך אנגעוויזן דורך כ״ק מו״ח אדמו״ר נשיא דורנו, וואס דער מאמר וואס ער האט געזאגט בפורים קטן הידועי[31] האט ער אנגעהויבן מיטן פסוק פון מגילה[32] „וקבלו[33] היהודים את אשר החלו לעשות״, וואס דאס מיינט[34], אז די אידן פורים־צייט האבן אויף זיך אנגענומען מיט א פארשטארקונג און מיט אן אנט־שלאסנהייט די תורה מיט אלע זאכן וואס זיינען פארבונדן מיט תורה,

וואס דארטן אין מאמר[35] ערקלערט ער, אז דער פסוק וענין איז פארבונדן דערמיט וואס „מפי עוללים ויונקים יסדת עוז גו׳ להשבית אויב ומתנקם״[36], מיט אידישע קינדער.

ט. דער ענין פון „מפי עוללים ויונקים יסדת עוז גו׳ להשבית אויב ומת־נקם״ — איז:

בשעת א איד נעמט־אן אויף זיך תורה, און וויל מקיים זיין, און איז מקיים אירע מצוות — האט ער קעגן זיך דעם „אויב ומתנקם״, דעם יצר וואס ער גייט צו אים צו אויף די צוויי וועגן — „אויב״ און „מתנקם״[37]:

אלס אן „אויב״ — אלס אן אפענער פיינט, וואס זאגט אים קלאר אז ער וויל אים ח״ו ברענגען צו ניט מקיים זיין תורה ומצוות,

---

דעל ג״ד העולם עומד כו׳ וגמ״ח — עמוד המצוות — אבות פ״א מ״ב). ולהעיר דצדקה היא „מצותך״, מצותו של הקב״ה (אגה״ק ס״ז).

28) בה״א הידיעה — כפרש״י יתרו שם.

29) עקב יא, יב.

30) כן נקרא בסידור אדה״ז והשלמה לשו״ע אדה״ז שבהערה 3.

31) תרפ״ז — נדפס ב„התמים״ חוברת ז (לה, ב (שלז, ב) ואילך). סה״מ תשי״א ע׳ 180 ואילך.

32) שקורין אותה בפורים גדול.

33) אסתר ט, כג.

34) ראה רד״ה וקבל הנ״ל: דעתה בזמן הגלות הם קבלו מה שהחלו כבר בזמן דמתן תורה. וממשיך במחז״ל (שבת פח, א) עה״פ (אסתר שם, כז) „קיימו וקבלו היהודים״: קיימו מה שקבלו כבר.

35) פ״ב (ע׳ 181).

36) תהלים ח, ג.

37) ראה ד״ה הנ״ל שם.

און אלס א „מתנקם״ — ער פאר־שטעלט זיך און זאגט אים אז ער זאל נאכגעבן נאר א ביסעלע[38], און דורך דעם, אדער דורך דעם וואס פריער וועט ער טאן אן עבירה ח״ו וועט ער דערנאך קענען לערנען מער תורה, אדער ענליכע טענות.

דארף זיין דער „להשבית אויב ומתנקם״, עס ווערט אינגאנצן בטל דער יצר, ער קען גארניט אויפטאן מיט א אידן, ובפרט מיט „עוללים ויונקים״, מיט אידישע קינדער.

ווי אזוי טוט מען דאס אויף — דורך דעם וואס די „עוללים ויונקים״, די אידישע קינדער, פירן זיך אויף אין אן אופן פון „יסדת עוז״, זיי שטעלן אוועק אלס א יסוד, אלס א גרונט, אויף וועלכן זיי בויען די טאג־טעגליכע אויפפירונג און דעם גאנצן לעבן און די גאנצע הויז זייערע („יסדת״) — אויף דעם „עוז״, די שטארקייט פון תורה[39], מ׳גייט מיט א שטארקייט אין לערנען תורה און אין מקיים זיין אירע מצוות.

וואס דאס איז מבטל דעם „אויב ומתנקם״: דאס ברענגט דעם נצחון אין מלחמת היצר[40].

י. ב״ק מו״ח אדמו״ר פרעגט דארטן אין מאמר״: א מלחמה איז דאך פאר־בונדן מיט גשמיות׳דיקע וואפן, און מיט גשמיות׳דיקן כח, איז ווי זאגט מען אז „עוללים ויונקים״ טוען־אויף דעם „להשבית אויב ומתנקם״ — בא „עוללים ויונקים״ איז דער גשמיות׳דיקער כח גאר ניט אין דער פולסטער מאס?!

און פארענטפערט, אז דאס איז וואס דער פסוק[41] זאגט „לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי אמר ה׳ צבאות״: דער אויבערשטער, וואס ער איז „ה׳ צבאות״,

---

תינוקות שהם עכ״פ בני חמש שנים (שלימות*), משא״כ „עוללים ויונקים״ הם בגיל קטן יותר: ד„יונק״ ע״פ הלכה הוא עד בן כ״ד חודש (רמב״ם הל׳ אישות פכ״א הי״ג. טושו״ע אה״ע ר״ס פב. וראה פרש״י עה״פ וירא כא, ח), ו„עולל״ (לדיעה אחת) הוא עוד יותר קטן מזה (ראה מדרש תהלים עה״פ. מכילתא בשלח טו, א. רד״ק מצו״ד ומצו״צ תהלים שם. פרש״י סוטה ל, סע״ב). אבל עפ״ז קשה — שהרי מתחיל לדבר רק בן שנתיים (רד״ק עה״פ וירא שם. סה״מ תקס״ח ע׳ תפח).

אבל ראה דרז״ל עה״פ מפי עוללים גו׳ (סוטה שם. מכילתא שם. וראה מד׳ תהלים שם) שגם עוללים ויונקים „אמרו זה א־לי ואנוהו״.

41) זכרי׳ ד, ו.

---

*) כדעת הב״י (שו״ע יו״ד סרמ״ה ס״ח) (לפי שיטתו דכך הוא פירוש דברי המשנה (אבות ספ״ה) „בן חמש שנים למקרא״ ראה לקו״ש חט״ו ע׳ 132 שוה״ג להערה 31). ולפי דעת כ״ק אדה״ז בהל׳ ת״ת (פ״א ס״א קו״א א) תינוקות של בית רבן הם עכ״פ בני שש או שבע שנים שלימות. וראה שם שיטת כ״ק אדה״ז ב„בן חמש שנים למקרא״ והתיווך עם דעתו בגיל ההכנסה לבית הספר. ואכ״מ.

*) כדעת הב״י (שו״ע יו״ד סרמ״ה ס״ח) (לפי שיטתו דכך הוא פירוש דברי המשנה (אבות ספ״ה) „בן חמש שנים למקרא״ ראה לקו״ש חט״ו ע׳ 132 שוה״ג להערה 31). ולפי דעת כ״ק אדה״ז בהל׳ ת״ת (פ״א ס״א קו״א א) תינוקות של בית רבן הם עכ״פ בני שש או שבע שנים שלימות. וראה שם שיטת כ״ק אדה״ז ב„בן חמש שנים למקרא״ והתיווך עם דעתו בגיל ההכנסה לבית הספר. ואכ״מ.

---

38) ראה שבת קה, ב.

39) ד„אין עוז אלא תורה״ (ראה ויק״ר פל״א, ה. יל״ש בשלח רמז רמד. שהש״ר פ״ב, ג (ג). מדרש תהלים עה״פ. ועוד).

40) ענין זה המבואר בהמאמר בפסוק „מפי עוללים ויונקים וגו׳״, הוא לכאורה עוד יותר מהמובא שם פט״ו (ע׳ 193) (מאסת״ר פ״ס, ג (ד). יל״ש אסתר רמז תתרנז (בהוספת תיבות „(תינוקות) של בית רבן״)) ש„מרדכי לימד תינוקות של בית רבן ברבים דוקא, ובזה דוקא הושבת האויב והמתנקם״ —

כי שם מדובר אודות „תינוקות של בית רבן״,

ער איז דער וואס פירט אן מיט אלע אר־מייען, ובפרט און אנהויבנדיק פון „צבאות השם", זאגט — אז „לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי".

אז דורך דעם וואס מ'וועט גיין „ברוחי", וואס דאס איז דורך לערנען תורה און מקיים זיין מצוות — וועט מען ניט דארפן אנקומען ניט צו „כח" און ניט צו „חיל" אויף צו האבן דעם נצחון.

און דאס איז וואס עס שטייט „מפי עוללים ויונקים יסדת עוז גו' להשבית אויב ומתנקם": מ'דארף ניט אנקומען צו „כח" און „חיל" אין דעם נצחון המלחמה מיטן יצר — ווארום די אידישע קינ־דער ברענגען דעם נצחון המלחמה דורך „יסדת עוז", דורך האלטן זיך שטארק אין תורה ומצוות, אין אן אופן פון „עוז".

יא. און דער „מפי עוללים ויונקים יסדת עוז" פארשפארט אז מ'דארף ניט אנקומען צו נוצן „חיל" און „כח", די גשמיות'דיקע וואפן: מ'איז יוצא דער־מיט וואס עס זיינען דא די וואס האבן (האלטן) דעם וואפן בידם, און דאס אליין ווארפט אן „אימתה ופחד"[43] אויף די אלע פעלקער וואס זיינען ארום אידן בכלל, און ארום ארץ הקודש בפרט[44].

און „להשבית" — זיי האבן גאר קיין געדאנק ניט עפעס־וואס אנרירן דאס וואס איז פארבונדן מיט אידן אדער מיט ארץ הקודש:

ווארום אידישע קינדער האבן באַ־ווארענט אז דער יצר קען גארניט אנ־רירן אידישקייט, תורה ומצוות".

יב. און ווי אויבנגעזאגט „ברוחי אמר ה' צבאות", אז דאס איז „ברוח" פון „ה' צבאות", ובמילא — פון „צבאות השם", אז די „צבאות השם" ברענגען דעם אמת'ן שלום, דורך דעם וואס בא זיי איז די אויפפירונג אין אן אופן פון „יסדת עוז", א שטארקייט אין לערנען תורה און אין מקיים זיין מצוות,

אז באטש אפילו זיי זיינען „המעט מכל העמים"[44] זיי זיינען קליין אין צאל, בבמות „קטנים" לגבי אנדערע פעל־קער —

איז אבער דורך דעם וואס זיי האלטן זיך „עוז" — שטארק אין תורה — ווערן זיי דוקא די אנפירער פון אלע פעלקער און די אנפירער פון דער גאנצער וועלט, און זיי ברענגען דעם אמת'ן שלום אין דער וועלט.

יג. דאס אלץ איז די אלגעמיינע אויפפירונג פון יעדערן פון „צבאות השם": איר, די אלע וואס הערן איצ־טער, און די וואס מ'וועט זיי שפעטער איבערגעבן:

ס'איז אבער אויך דא, ווי גערעדט פאריקן מאל[45] — דער „ארדער און דהי דעי", די זאך וואס איז ספעציעל פאר־בונדן מיט דעם באשטימטן טאג און מיט דער באשטימטער תקופה אין וועלכער מ'געפינט זיך,

אזוי איז דאס אויך בנוגע צו פורים קטן — ער האט א ספעציעלע שליחות, א ספעציעלע „מישאן" וואס ווערט דעמולט ארויפגעלייגט אויף „צבאות השם".

---

42) בשלח טו, טז.

43) ראה פרש"י עה"פ: אימתה — על הרחוקים, ופחד — על הקרובים.

44) ואתחנן ז, ז.

45) שיחה הנ"ל שבהערה 22 ס"ח ואילך (לעיל ע' 310).

די ספּעציעלע שליחות און ספּעציעלע „מישאָן״ — זיינען אויך אויסגעדריקט אין דעם נאָמען פון דעם טאָג „פורים קטן״, וואָס ער הייסט אַזוי, דערפאַר וואָס ער איז „קטן״ לגבי „פורים גדול״, (אויך) אַ צוגרייטונג צו „פורים גדול״:

פורים גדול איז פאַרבונדן מיט מערערע און פאַרשידענע מצוות — מצוות וואָס זיינען פאַרבונדן מיט תורה, ווי לייענען די מגילה: מצוות וואָס זיינען פאַרבונדן מיט תפלה, ווי (צוגעבן אין תפלה (און אַזוי אויך אין ברכת המזון)) „ועל הנסים״: מצוות וואָס זיינען פאַרבונדן מיט צדקה, „מתנות לאביונים״, און נאָך און נאָך מצוות.

וואָס מ׳דאַרף זיך צוגרייטן אַז דאָס זאָל דורכגעפירט ווערן אין דער פולסטער מאָס, דורך יעדערן פון אונז און פון אייך, און דורך יעדער אידן וואו ער זאָל זיך נאָר געפינען, „מקטנם ועד גדולם״[46], אָנהויבנדיק פון די גאָר קליינע ביז די גאָר גרויסע —

איז פאַרשטאַנדיק, אַז דער „אָרדער און דהי דעי״ פון פורים קטן און שושן פורים קטן, „שלשים יום״ פאַר פורים גדול[47] איז — צוגרייטן זיך און אָנהויבן דורכפירן די „מישאָן״ פון וויסן אַלע הלכות וואָס זיינען פאַרבונדן מיט די מצוות פון פורים, און — אָנהייבן באַאיינפלוסן אַלע אידן צו וועלכע מ׳קען דערגרייכן, אַז אויך זיי זאָלן לערנען די הלכות און גרייטן זיך, און דערנאָך דורכפירן דעם ענין בפועל, „המעשה הוא העיקר״[48],

און דאָס הויבט זיך אָן פון און דורך די צוגרייטונגען אין פורים קטן און שושן פורים קטן.

יד. און דאָס וואָס מ׳הויבט אָן די צוגרייטונגען צו פורים גדול אין פורים קטן און שושן פורים קטן — איז אויך אַ פאַרזיכערונג[49], אַז שוין פון פורים קטן הויבט זיך אָן דער „ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר״[50],

אַז בײַ יעדער אידן און ביי אַלע אידן — דורך טאָן די פעולות פון „צבאות השם״ — ווערט „אורה״, עס ווערט ליכטיק, און עס ווערט „שמחה״, אמת׳ע שמחה, ווי איר האָט ערשט געזאָגט אין די י״ב פסוקים ומאמרי חז״ל[51], און עס ווערט „ששון״, נאָך אַ צוגאָב שמחה, און עס ווערט „יקר״, אַ טייערקייט וכבוד, דורך מקיים זיין מצוות, און אויך לויט אַלע פירושים וואָס זיינען דאָ אין דעם פסוק[52].

און עס גייט אַזוי אַלץ מערער און מערער, פון פורים קטן און פון שושן פורים קטן אָן, ביז מ׳דערגרייכט די שמחה גדולה פון פורים גדול און פון שושן פורים גדול,

און דערנאָך — די שמחה גדולה פון „מסמך גאולה לגאולה״[53], די שמחה פון דער גאולה פון פסח, וואָס קומט אין דעם פופצנטן טאָג אין ניסן,

---

46) ל׳ הכתוב — ירמי׳ (לא, לד) בנוגע לימות המשיח.

47) ראה שו״ע אדה״ז או״ח ר״ס תכט.

48) אבות פ״א מי״ז.

49) במדתו של הקב״ה שהיא מדה בנגד מדה (סוטה ח, ב).

50) אסתר ח, טז.

51) מתניא ספל״ג: ישמח ישראל בעושיו פירוש שכל מי שהוא מזרע ישראל יש לו לשמוח בשמחת ה׳ אשר שש ושמח בדירתו בתחתונים.

52) ראה מגילה טז, ב.

53) מגילה ו, סע״ב ובפרש״י.

וואס אזוי ווי פורים קטן און שושן פורים קטן זיינען אין דעם פערצנטן און פופצנטן טאג פון אדר ראשון, און פורים גדול און שושן פורים גדול זיינען אין דעם פערצנטן און פופצנטן טאג פון אדר שני — אזוי איז מען מקריב דעם פסח דעם פערצנטן טאג פון ניסן, און מ׳פראוועט דעם סדר, און קינדער (פאר בר־מצוה), „צבאות השם״, פרעגן די קשיות[54] — אין דעם פופצנטן טאג אין ניסן,

און מ׳טוט דאס בשמחה ובטוב לבב.

• • •

טו. מ׳האט געהערט[55], אז מ׳לערנט אפ פון ענינים פון תורה וואס זיינען פארבונדן מיט דעם טאג — איינע פון די ענינים פון תורה וואס זיינען פארבונדן מיטן טאג, איז — דער שיעור אין תהלים ווי ער איז פאנאנדערגעטיילט אויף די טעג פון חודש,

וואס בנוגע צו אונז זיינען דאס די שיעורים אין תהלים פון דעם פערצנטן און פופצנטן טאג אין חודש [וואס דאס איז דער שיעור פון דעם פערצנטן און פופצנטן טאג פון אדר ראשון (פורים קטן און שושן פורים קטן), פון אדר שני (פורים גדול און שושן פורים גדול), און פון ניסן (יום הקרבת הפסח, און דער טאג ווען מ׳פראוועט דעם סדר א. ז. וו.)].

דער אנהויב פון די שיעורי תהלים (— פון פערצנטן טאג אין חודש[56]) איז — אז דער אויבערשטער בענטשט און גיט משיח׳ן[57]

— וואס ער איז א „מלך״ און א „בן מלך״ („למלך . . בן מלך״[58]), „מלך המשיח, און „בן מלך״ „דוד אביו״[59] — ער שטאמט פון דוד המלך׳ן —

אז „וירד מים עד ים ומנהר עד אפסי ארץ״, ער ווערט דער אנפירער פון דער גאנצער וועלט, און אין אן אופן פון שלום, ווי ער זאגט דארטן אין מערערע פסוקים אין דעם קאפיטל.

און דער סיום (דער אפשלוס[60]) פון די שיעורים (— פון דעם פופצנטן טאג[61]) איז „ויבחר בדוד עבדו״ און „ויבן כמו רמים מקדשו כארץ יסדה לעולם״, אז דער אויבערשטער קלייבט־אויס פון דאס־ניי „בדוד עבדו״ אלס מלך המשיח, „ויבן כמו רמים מקדשו״, און ער בויט־אויף אין דעם העכסטן אופן דעם בית המקדש, „כארץ יסדה לעולם״, און צו־זאמען מיט גאנץ ארץ ישראל.

טז. און שוין איצטער, איידער משיח׳ס קומען אבער בעקבתא דמשיחא, איז ארץ ישראל גאנץ, „שלימות הארץ״,

---

54) שענין זה (שהתינוקות ישאלו את הקושיות) הוא ענין עיקרי, ועד כדי כך — שעושים כמה שינויים (לפני ו)בעת הסדר בכדי „להתמי׳ את התינוקות׳ וישאלו (שו״ע אדה״ז או״ח סתע״ג סל״ד־טו. וראה גם שם סל״ח וס״מ).

55) שיחה הנ״ל שבהערה 22 ס״ח ואילך (לעיל ע׳ 310).

56) עב, ח.

57) כפירוש ראב״ע עה״פ (שם, א) שקאי „(על שלמה או) על משיח׳ (וכן מפרש גם המשך הפסוקים שם). ובפרש״י עה״פ בלק כד, יט: מלך המשיח . . שנאמר בו וירד מים עד ים (אף שבפרש״י עה״פ תהלים שם, א מפרש שקאי על שלמה). וראה לקו״ש ח״ג ע׳ 87 ואילך.

58) שם, א.

59) ל׳ הרמב״ם הל׳ מלכים פי״א, ד: הוגה בתורה ועוסק במצות כדוד אביו.

60) והכל הולך אחר החיתום (ברכות יב, א).

61) עח, סט־ע.

צוזאַמען מיט די אַנדערע צוויי גאַנצ־קייטן, „שלימות התורה״ און „שלימות העם״:

ארץ ישראל געהערט אויך איצטער, „לגבולותי׳, צו אידן, און מ׳טאר ח״ו ניט אנרירן אפילו עפעס־וואס א חלק פון ארץ ישראל,

ווארום יעדערער פון אייך און יעדערער פון אונז און יעדער איד פון אלע דורות — איז א בעה״ב אויף יעדער „אינטש״, אויף יעדער חלק, פון א״י, וואס דער אויבערשטער האט דאס אים אפגעגעבן לנחלת עולם, אויף אן אייביקע ירושה[62],

און אזוי אויך „שלימות התורה״, ווארום דער אויבערשטער האט אים אפגעגעבן די גאַנצע תורה, (ווי איר האט ערשט געזאגט אין די י״ב פסוקים ומאמרי חז״ל[63] אז) „תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב״, אז יעדערער פון אייך און יעדערער פון אונז און פון אלע אידן אין אלע דורות האט גע׳ירש׳נט[64] די גאַנצע תורה, וואס צוה לנו משה, „שלימות התורה״.

און אזוי אויך „שלימות העם״, ווארום יעדער איד האט גע׳ירש׳נט די תורה אין אן אופן אז ער האט דעם „כלל גדול בתורה״[65], דעם „ואהבת לרעך כמוך״[66], אז ער ציט אַריין אין דעם אויבערשטן׳ס יורשים פון דער תורה און פון ארץ ישראל און אין דעם אויבערשטן׳ס אַרמיי — יעדער אידן און אַלע אידן:

אינגעלעך „דרעפטן״ (ציען אַריין) אין „צבאות השם״ אַלע אינגעלעך צו וועלכע זיי קענען דערגרייכן, און מיידעלעך ציען אַריין אין „צבאות השם״ אַלע מיידעלעך צו וועלכע זיי קענען דערגרייכן — דורך רעדן מיט זיי אין דעם און דורך דעם וואס יעדערער פון זיי לערנט נאָכמער תורה און איז מקיים נאָכמער מצוות,

און די קינדער ווירקן אויף — „לב אבות על בנים — על ידי בנים״, זיי ווירקן אַיין אויף די הערצער פון זייערע עלטערן, די פאַטערס און מוטערס — אַז זיי זאָלן נאָכמער צוגעבן אין אידיש־קייט, אין לערנען תורה און אין מקיים זיין מצוות,

וואס דאָס ברענגט „שלימות העם״, אַז דער אידישער פאָלק איז גאַנץ, ווארום יעדער איד פירט זיך אין אַ אידישן וועג אין טאָג־טעגליכן לעבן.

יז. און די אַלע דריי גאַנצקייטן צו־זאַמען — די גאַנצקייט אין לערנען תורה און מקיים זיין מצוות („שלימות התורה״), די גאַנצקייט אין אַריינציען יעדער אידן אין אידישקייט („שלימות העם״), און די גאַנצקייט אין אָפּהיטן יעדער טייל פון ארץ הקודש, אַז זי זאָל זיין בא אידן און זאָל זיך פירן אויף אַ אידישן אופן, זי זאָל זיין דורכגענומען מיט אידישקייט („שלימות הארץ״) —

היילן נאָכמער צו די ערפילונג פון דער הבטחה פון „ויבחר בדוד עבדו״, „ויבן כמו רמים מקדשו כארץ יסדה לעולם״, „וירד מים עד ים ומנהר עד אפסי ארץ״, גאַר אינגיכן.

---

62) דירושה אין לה הפסק (ב״ב קכט, ב). בעבודה — ראה אוה״ת (בראשית יא, א־ב. תבוא (כרך ה) ע׳ ב׳סא).

63) ברכה לג, ד.

64) ראה סנהדרין נט, רע״א: ואפילו תינוק בן יום אחד יורש הכל (נדה מד, רע״א).

65) תו״כ ופרש״י עה״פ קדושים יט, יח. ובשבת לא, א: זוהי כל התורה כולה. וראה תניא פל״ב.

66) קדושים שם.

יח. עפ״ז וועט מען איצט אנהויבן, און צוגעבן, אין די צוגרייטונגען דערצו — דורך דעם וואס מ׳וועט איצט נאכ־אמאל זאגן פסוקים פון תורה, די פסוקים[67] „אל תירא״, „עוצו עצה״, „ועד זקנה״ און „אך צדיקים״,

וואס די פסוקים האבן מיר (און אזוי אויך די אלע וואס הערן זיך צו — אין זייער צייט) געזאגט אין תפלת המנחה[68], וואס מיר האבן ערשט געדאווענט מנחה אלע צוזאמען,

און — דורך דעם וואס מ׳וועט פאר־ענדיקן מיט געבן צדקה, „מתנות לאביונים״.

וואס דורך תורה, עבודה און גמילות חסדים, און דורך טאן אין די אלע דריי זאכן אלץ מערער און מערער — וועט שנעלער קומען דער ביהמ״ק השלישי,

אין דער גאולה השלישית[69], וואס נאך גאולת מצרים און די גאולה נאכן חורבן פון בית ראשון — קומט איצטער די אמת־שלימות׳דיקע גאולה[70], די דריטע גאולה, נאכן חורבן בית שני,

און מ׳גייט גאר אינגיכן, טאקע „נאו־ממש, מקבל זיין פני משיח צדקנו, „בנע־רינו ובזקנינו״[71], ווארום מ׳האט „בנינו״[71] און „בנותינו״[71], מ׳האט יעדער אידישן קינד, סיי אינגעלער, „בנינו״, און סיי מיידעלער, „בנותינו״ — אין „צבאות השם״,

ובשמחה ובטוב לבב.

[אמרו עוה״פ (בניגון) את הפסוקים „אל תירא גו׳ עוצו עצה גו׳ ועד זקנה גו׳ אך צדיקים גו׳״.

אח״כ נתן כ״ק אדמו״ר שליט״א להמדריכים והמדריכות שיחיו מטבעות של עשר סענט, לחלק לכל אחד ואחת מהילדים והילדות שיחיו שתי מטבעות: אחת — לתת לצדקה, והב׳ — לעשות בה כטוב בעיניהם].

---

67) משלי ג, כה. ישעי׳ ח, י. מו, ד. תהלים קמ, יד. וראה אסתר פ״ז, יג.

68) ראה ברכות ו, ב: לעולם יהא אדם זהיר בתפלת המנחה שהרי אליהו הנביא לא נענה אלא בתפלת המנחה. וראה בארוכה ד״ה לעולם יהא אדם זהיר בתפלת מנחה כו׳. עזר״ת (סה״מ עזר״ת ע׳ פב ואילך), תרצ״א (סה״מ קונטרסים ח״א רג, ב ואילך). ובכ״מ.

69) ראה לקו״ת מסות פג, ג.

70) גאולה שאין אחרי׳ גלות — תוד״ה ה״ג ונאמר — פסחים קטז, ב.

71) ל׳ הכתוב בא י, ט.

א. ס'איז דאך דער שבת וואס קומט נאך פורים קטן, ובמילא איז מובן אז דעמולט איז דער השלמה פון פורים קטן,

כמדובר כמ"פ אז אין יום השבת איז דער "ויכולו" (בראשית ב, א) פון די ששת ימי השבוע שלפני', וואס "ויכולו" איז דער פירוש - השלמה און און שלימות (ראה אוה"ת בראשית כרך א מב, ב ואילך), ביז אז זיי שטייען אין אן אופן פון תענוג, ביז - אין שלימות התענוג.

ווי דער ענין איז בפשטות: רז"ל זאגן ( ע"ז ג, א) אז "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת", וואס בפשטות בשעת ס'איז דא די טירחא בכל ימי השבוע (דער "מי שטרח בערב שבת") איז ער ניט נהנה און האט נאך ניט קיין תענוג, ווען איז ער נהנה און באקומט תענוג פון די טירחא - איז דאס בשעת ביי אים איז דא דער "יאכל", וואס דאס איז ביום השבת.

און אפילו אויב ער האט א תענוג אויך בשעת די טירחא, קומט עס אבער ניט צו דער תענוג וואס ער באקומט דערנאך.

ב. ווי דער ענין איז אין משא ומתן כפשוטו, וואס אין דערויף זיינען פאראן כו"כ דרגות:

פריער איז בלויז דא ביי אים דער ענין פון טירחא און השתדלות און מאטערניש און פיזור הנפש ביז פיזור ממונו כפשוטו, און ער דארף זיך שוקע זיין אין די משא ומתן, וואס דעמולט איז ביי אים בפשטות נאך ניטא דער ענין התענוג;

דערנאך איז דא א דרגא אז אויך אין די טירחא וואס ער האט איז ביי אים דא תענוג;

דערנאך קומט צו א שלימות אין דער תענוג בשעת ער איז רואה פרי טוב בעמלו - בשעת ער באקומט און זעט דער ריוח בממון כפשוטו פון די משא ומתן וואס ער האט געפירט, ובפרט נאך אויב דאס איז א ריוח באי"ע מערער ווי ער האט זיך לכתחילה פארגעשטעלט אז ער וועט מאכן, לפי די יגיעה און פיזור הנפש און פיזור הממון און וויפל ער איז געווען מושקע אין די משא ומתן, כמבואר אין די דרושים פון מים רבים אויף וויפל מ'קען אין דערויף זיין מושקע.

ג. דערנאך קומט צו נאך א העכער שלימות אין די תענוג - בשעת ער נוצט די געלט וואס ער האט מרויח געווען אויף חתונה מאכן בתו לתלמיד חכם (וואס דאס איז דאך איינע פון די אופנים ווי מ'איז מקיים "לדבקה בו"), אדער דורך מחזיק זיין א ת"ח,

און נאכמער - דורך דערויף וואס ער איז מקיים די געלט א מצוה, די מצוה פון צדקה.

וואס אין דערויף (ווען ער נוצט די געלט וואס ער האט מרויח געווען אויף איינע פון די ענינים הנ"ל וכיו"ב) באקומט ער נאכמער תענוג ווי דער תענוג וואס ער באקומט פון דער עצם ריוח - ווי מ'זעט עס במוחש, אז בשעת איינער מאכט א ריוח ממון און יענער איז א קארגער און לאזט די געלט ליגן אז ניט ער באקומט דערפון א תועלת און ניט קיין זולת באקומט דערפון קיין תועלת, איז דער תענוג והנאה אין דערויף קומט ניט צו די תענוג והנאה וואס איינער האט ווען ער נוצט די געלט אויף א דבר טוב.

ובפרט (כאמור) אויף מקיים זיין מצות צדקה, מיט די אלע שמונה מעלות וואס זיינען אין דערויף פאראן, ביז צו די מעלה השמינית, די מעלה הכי גבוה בזה.

ביז די מעלה ווי ער איז מבאר אין תניא (פכ"ג (קכה, א)) אז א יד המחלקת צדקה ווערט א מרכבה לאלקות, וואס דערפון איז פארשטאנדיק עאכו"כ בנוגע צו די ממון אליין (וואס ער גיט אויף צדקה).

ד. נאך א העכערע עילוי אין מצות צדקה און אין די שלימות התענוג פארבונדן דערמיט:

דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק (סי"ז (קכה, א)) אז מצות צדקה ווערט אנגערופן "מצותך", "מצות ה' ממש", ווי עס שטייט "רחבה מצותך מאד" - "מצות הצדקה שהיא מצות ה' ממש מה שהקב"ה בכבודו ובעצמו עושה תמיד להחיות העולמות כו'".

וואס איינער פון די ביאורים אין דעם איז - אז אלע ענינים פון גאנץ סדר ההשתלשלות, ביז אפילו די ענינים למעלה, דער ענין פון אור וגילוי און השפעה און שם, ווי מ'זאל דאס נאר ניט אנרופן - איז דאס אלץ אן ענין פון צדקה פון דעם אויבערשטן -

ווארום דער אויבערשטער איז ניט מחוייב און ניט מוכרח ח"ו אין קיין שום זאך, ס'איז מערניט וואס כך עלה ברצונו,

וואס רצון גופא (כך עלה ברצונו) מיט די אלע דרגות וואס זיינען דא אין רצון (ראה המשך ר"ה תש"ג. ספר הערכים-חב"ד ע' אוא"ס (ו) ע' רנ ואילך), ביז אויך דער רצון המוחלט וכו', איז אויך אן ענין פון צדקה עשה הקב"ה, ווארום דער אויבערשטער איז אין דערויף ניט מחוייב ח"ו.

דאס הייסט אז אלע ענינים חוץ פון עצמות ומהות - זיינען אן ענין פון צדקה פון עצמות ומהות, "לך הוי' הצדקה".

ה. דערפון איז אויך פארשטאנדיק אז דער שלימות אמיתית פון אלע ענינים, כולל אויך דער שלימות אמיתית פון תענוג (דבנדו"ד) - איז דוקא אין עצמות, פון דארטן וואו אלע ענינים קומען בדרך צדקה, ווארום אין שלם אלא אחד.

און דורך דערויף וואס א איד פארבינדט זיך מיטן אויבערשטן, דורך א מצוה (מצות צדקה) מלשון צוותא וחיבור (לקו"ת בחוקותי מה, ג) - באקומט אויך ער שלימות התענוג.

ו. ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו יום השבת לגבי די ששת ימי השבוע - אז אין יום השבת איז דער שלימות התענוג פון די ששת ימי השבוע, וואס קומט נאך די טירחא און עבודה אין די ששת ימי השבוע.

ובפרט נאך אז צווישן שבת און די ששת ימי החול (פאר שבת, און אויך די ששת ימי החול וואס קומען נאך שבת) זאגט מען להבדיל, וואס דאס באווייזט אויף דער אין ערוך ביניהם, ובמילא אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דער שלימות התענוג וואס שבת טוט אויף אין די ששה ימים שלפני'.

ז. דער עיקר איז דאך - אז דערפון זאל אראפקומען אין מעשה בפועל.

וואס בנוגע צו עשי' איז דאך דער אלטער רבי מבאר אין שעהיוה"א (פ"ט (פו, א)) אז לגבי עצמות ומהות איז מדריגת החכמה "נחשבת כאילו היא בחי' ומדרגת עשי' כו'", ווי עס שטייט (תהלים קד, כד) "כולם בחכמה עשית". ואע"פ אז לגבי עצמות ומהות איז בחי' חכמה נאכמער באי"ע ווי חכמה לגבי עשי', ווארום הקב"ה איז "רם ומתנשא ממדרגת החכמה רבבות מדרגות כאלו עד אין קץ" - איז אבער וויבאלד אז בכללות טיילן זיך אלע ענינים אויף פינף מדריגות (פון חכמה ביז עשי') און די דרגא הכי תחתונה (פון די פינף מדריגות) איז עשי', ו"רק מפני שאין בנבראים כח להשיג רק ההשתלשלות ממדרגת חכמה שהיא ראשיתם למדרגת עשי' השפלה לכך אנו אומרים שלגבי הקדוש ב"ה נחשבת מדרגת החכמה כמדרגת עשי' ממש כו'".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז יעדע מדריגה און יעדער ענין וואס איז למטה פון עצמות ומהות - איז נק' ונחשב ווי עשי'.



הנחת הת' בלתי מוגה

ואדרבה: כל הגבוה למעלה מעלה יותר כשהוא נופל נופל למטה מטה ביותר (ראה סה"מ תש"ח ע' 195 הערה 1) - כידוע אז התנשאות עצמית איז פארבונדן מיט דכא ושפל רוח (ראה ד"ה אבינו מלכנו תש"א (סה"מ תש"א ס"ע 42 ואילך)).

ח. וואס דער ענין פון עשי' איז פארבונדן אויך מיט פורים קטן:

כ"ק מו"ח אדמו"ר הויבט אן זיין מאמר הידוע פון פורים קטן תרפ"ז (נדפס בהתמים חוב' ז (לה, ב (שלז, ב)).ווי געדרעדט פורים קטן (שיחה ל"צבאות השם" - ס"ח)) מיטן פסוק "וקבל היהודים אשר החלו לעשות", און ער ברענגט אויף דעם וואס רז"ל (שבת פח, א) זאגן אויפן פסוק (אסתר ט, כז) "קיימו וקבלו היהודים", אז "קימו (עתה) מה שקבלו כבר (בזמן מ"ת)", אז זיי האבן מקיים געווען בעשי' בפועל דאס וואס זיי האבן מקבל געווען בא מ"ת, ווארום בא מ"ת איז געווען א "מודעא רבה לאורייתא" (שבת שם), משא"כ בימי אחשורוש איז "קבלו מדעתם", ווי תוס' (ד"ה מודעא) איז דאס דארטן מסביר.

ט. און ער איז מבאר אין דעם מאמר אז דער ענין פון "קימו מה שקבלו כבר" וואס איז געווען בפורים האט זיך (בעיקר) אויפגעטאן דורך "עוללים ויונקים", וואס "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז גו' להשבית אויב ומתנקם" (תהלים ח, ג), וואס צווישן אידן זיינען די עוללים ויונקים בחי' העשי'.

און ער ברענגט דארט (פ"ג) דאס וואס שטייט אין מדרש (ראה אסת"ר פ"ט, ד. יל"ש רמז תתרנז-ח) אז בשעת מרדכי האט געהערט וועגן גזירת המן האט ער צוזאמענגעקליבן כ"ב אלף תינוקות של בית רבן וואס האבן אויף זיך מקבל געווען צו גיין אויף מס"נ פאר די תורה:

וואס דאס האט געטאן מרדכי, וואס ער איז געווען אויף א דרגא גבוה ביותר, ווי עס שטייט אין מדרש (אסת"ר פ"ו, ב) אז "הי' מרדכי שקול בדורו כמשה בדורו", ובפרט ע"פ המבואר דארט אין מאמר, און ער איז געווען א ראש סנהדרין (אדער פון די ראשונים בסנהדרין (מגילה טז, סע"ב)) - וואלט לכאורה מערער געפאסט אז מרדכי זאל צוזאמענקלייבן ניט תינוקות של בית רבן, נאר "ראשיכם שבטיכם" און גדולים בתורה, ווי עס שטייט (מ"ב כד, יד. גיטין פח, סע"א. פרש"י עה"פ), אז "החרש והמסגר" זיינען אוועק מירושלים עם הגולה אשר הגלתה עם יכני' לבבל, זיינען זיי דאך געווען מיט מרדכי בגולה, האט ער זיי געדארפט צוזאמענקלייבן;

אעפ"כ זעט מען בפועל, אז דער גבוה גבוה, מרדכי, האט צוזאמענגעקליבן דוקא די מטה מטה, די דכא ושפל רוח - די תינוקות של בית רבן, און זיי האבן אויפגעטאן דער "קימו מה שקבלו כבר".

י. און נאכמער: אין דער מאמר איז ער מקשר דאס וואס מרדכי האט צוזאמענגעקליבן די תשב"ר מיט "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז גו' להשבית אויב ומתנקם", וואס אין דערויף קומט צו נאכמער חידוש ווי תשב"ר:

תשב"ר זיינען לכה"פ בן חמש למקרא וואס זיינען שייך צו לימוד התורה, וואס דאס שטייט אין מדרש; דערנאך גיט ער צו צו נאכמער אין תושבע"פ אויף דעם מדרש, אין דעם מאמר פון כ"ק מו"ח אדמו"ר - אז דאס איז פארבונדן אפילו מיט "עוללים ויונקים", וואס אן עולל ויונק איז ע"פ דין בפשטות (ראה פרש"י ויר"א כא, ח) - אין די ערשטע כ"ד חדשים (רמב"ם הל' אישות פכ"א הי"ג. טושו"ע אה"ע ר"ס פב. וראה שיחת פורים קטן ש.ז. הערה 40).

און די שייכות פון אן עולל ויונק (בכ"ד חדשים הראשונים) צו דער ענין התורה, וואס ביי אים איז "יסדת עוז", ו"אין עוז אלא תורה" (ראה ויק"ר פל"א, ה. יל"ש בשלח רמז רמד. ועייג"כ זבחים קטז, סע"א) - איז דער ענין וואס בסוף פון די כ"ד כדשים איז שוין אביו מלמדו תורה;

און באמת האט ער א שייכות צו תורה נאך פריער - בא זיין ברית מילה, ווי דער אלטער רבי זאגט אין שו"ע שלו (או"ח מהדו"ת סוס"ד) אז "תחלת כניסת נפש זו הקדושה" איז בא דער ברית מילה, און וואס דעמולט זאגט מען כמה פסוקים פון תורה און תפילות ופיוטים, ביז אויך (סדר ברית מילה) "זה הקטן גדול יהי'", וואס דאס איז אויך א לשון הבטחה (ווי דער אלטער רבי זאגט בנוגע צו אלע ענינים וואס שטייען אין תורה אז זיי זיינען אויך מלשון הבטחה), וואס וויבאלד אז מ'זאגט די פסוקים אין תורה בעת דער ברית מילה, איז פארשטאנדיק אז דאס האט א שייכות מיטן קינד.

און דוקא די עוללים ויונקים טוען אויף אז עס זאל זיין דער "להשבית אויב ומתנקם", ווי ער איז מבאר אין דער מאמר (פ"ב) בקשר מיטן פסוק (זכרי' ד, ו) "לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי גו'", אז בכלל אין א מלחמה דארף מען טאקע אנקומען צו חיל און כח, משא"כ דא ווערט עס אויפגעטאן ע"י "מפי עוללים ויונקים", וואס זיינען ע"ד ווי "עפר יעקב" (בלק כג, י), ווי דער תרגום טייטשט אפ - "דעדקיא דבית יעקב".

יא. די הוראה בפועל וואס דארף ארויסקומען אין דער שבת נאך פורים קטן:

וויבאלד אז יעדער איד איז בחזקת כשרות (ראה רמב"ם הל' קידוש החודש פ"ב ה"ג. ב"י יו"ד ס"א) איז א זיכערע זאך אז מ'האט אנגענומען החלטות טובות אין פורים קטן, און די טעג צווישן פורים קטן מיט דעם שבת שלאח"ז - האט מען זיי דורכגעפירט בפועל;

איז אבער דאס גופא וואס מ'האט ביז איצטער געטאן, דארף ברענגען אז מ'זאל נאכמער טאן - ווארום "מי שיש לו מנה רוצה מאתיים" (ראה קה"ר פ"א, יג. פ"ג, י. רמב"ן ובחיי ס"פ חיי שרה. שערי תשובה לר"י ב, כז) און מי שיש לו מאתיים רוצה ד' מאות: דעם האבן א מנה אדער מאתיים - ברענגט אים צו גאר א נייעם מושג אין וואס ער וויל האבן.

במילא איז דער טאן ביז איצטער דארף ברענגען אז מ'זאל נאכמער מוסיף זיין אין די החלטות בשבת זו, און דערנאך אראפברענגען דאס במעשה בפועל, ובשמחה ובטוב לבב.

יב. כאן המקום צו רעדן אן ענין פארבונדן מיט (דעם נאמען) פורים קטן און פורים גדול.

ווי געזעט פורים קטן איז דער נאמען "פורים קטן", וואס פורים קטן איז דאך שמו אשר יקראו לו בלה"ק (ראה שעהיוה"א פ"א) אין תושבע"פ, אין פוסקים, ביז אין אלטן רבי'ס סידור (לפני ובא לציון), וואס איז א דבר השוה לכל נפש (ראה הקדמה לשער הכולל ס"ז. לקו"ש ח"ב ע' 298) - ופשטות ווערט עס אזוי אנגערופן ע"ש פורים קטן איז א הכנה צו דער פורים גדול.

וואס אע"פ אז דער ווערט אנגערופן פורים קטן און דער - פורים גדול, האבן זיי צווישן זיך א צד השוה, אז זיי זיינען במדוה"ג (אין גדול און קטן), און דער ענין פון למעלה ממדידה והגבלה אדער למטה ממדידה והגבלה,- איז דא ניט שייך.

אויף דערויף איז אבער דא א קלאץ קשיא (וואס דוקא אויף א קלאץ קשיא שטעלט זיך קיינער ניט, כמדובר כמ"פ):

אויך בנוגע צו פסח געפינט מען "פסח זעירא" (פסח קטן)(חולין קכט, ב. מגלת תענית פ"ב. ועוד), ד.ה. טאקע אויך פסח שני, אבער בכ"מ ווערט זי אנגערופן בשם "פסח זעירא".

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

וואס לכאורה דער נאמען (אויף פסח שני -) "פסח זעירא" - מאנט ארויס אז פסח (סתם) זאל אנגערופן ווערן בשם "פסח גדול" - בפועל געפינט מען אבער ניט אין פוסקים אז פסח זאל אנגערופן ווערן בשם "פסח גדול", ניט ווי בא פורים, וואס ס'איז דא פורים קטן און פורים גדול?

וואס הלא דבר הוא - און אעפ"כ שטעלט מען זיך ניט אויף דער דבר תמוה.

יג. די קשיא ווערט נאך שטארקער:

ס'איז גאר איפכא מסתברא - פסח האט געדארפט אנגערופן ווערן פסח קטן און פסח גדול, משא"כ פורים האט ניט געדארפט אנגערופן ווערן פורים גדול - ווארום:

די שמחה וואס דארף זיין ביו"ט (אין די שלשה רגלים) דארף זיין א שמחה במדוה"ג; טאקע א מדוה"ג פון תורה - אבער פארט במדוה"ג.

ווי די גמרא (קידושין פא, א. סוכה נא, ב) זאגט אז ב"ד פלעג שיקן שלוחים בכל רגל צו זען אז די שמחה איז במדוה"ג, וכמבואר אויך אין אלטן רבין'ס שו"ע (סתקכ"ט סי"ג), כמדובר כמ"פ.

משא"כ די שמחה פון פורים דארף זיין א שמחה למעלה ממדוה"ג לגמרי א שמחה "עד דלא ידע", ביז אז מ'זאגט אז "חייב (ראה לקו"ש חט"ז ע' 370 הערה 47. ושי"נ) איניש לבסומי בפוריא עד דלא ידע כו'", וכידוע אז ס'איז דער ענין פון רשות, דער ענין פון מצוה און דער ענין פון חובה, וואס חובה איז נאך מער ווי מצוה, און דאס זאגט מען "חייב איניש לבסומי בפוריא עד דלא ידע כו'",

וואס דערפון איז מודגש אז פורים איז פארבונדן מיט (א שמחה ש)למעלה לגמרי ממדידה והגבלה, משא"כ פסח איז פארבונדן מיט א (שמחה שב)מדידה והגבלה.

דאס (אז פסח איז פארבונדן מיט מדידה והגבלה) איז אויך מודגש אין ליל א' דפסח, וואס דעמולט איז דער עיקר שטורעם פון חג הפסח פארבונדן מיט זכר ליצי"מ:

בנוגע צו דעם סדר (בליל א' דפסח) זיינען דא כו"כ מדוה"ג וואס מ'מאכט בכדי להתמי' את התינוקות (שו"ע אדה"ז או"ח סתע"ג סי"ד-טו. וראה גם שם סל"ח וס"מ), כמה זאכן טוט מען מיט א געוויסע חשבון בכדי אז די קינדער זאלן אויף דערויף פרעגן קשיות און מ'זאל זיי געבן תירוצים וכו'.

וואס אע"פ אז דאס טוט מען מערניט ווי בכדי באווארענען דער "תינוק" שבו - איז דאס אבער נוגע צו "והגדת לבנך" (בא יג, ח).

וואס ע"פ כל הנ"ל (אז פסח איז פארבונדן מיט מדוה"ג און פורים איז פארבונדן מיט למעלה ממדוה"ג) - וואלט לכאורה מערער געשטימט אז אין פסח זאל זיין א פסח קטן און א פסח גדול (וואס קטן און גדול זיינען מדגיש אז דאס איז פארבונדן מיט מדידה והגבלה, כנ"ל). און פורים זאל הייסן ניט פורים גדול, וואס גדול באווייזט אויף א געוויסע מדידה והגבלה, נאר פורים (סתם);

זעט מען אבער בפועל אז בנוגע פורים איז דא פורים קטן און א פורים גדול, משא"כ בנוגע צו פסח איז דא בלויז א "פסח זעירא", און דער אנדער פסח ווערט אנגערופן פסח (סתם).

יד. בנוגע אלינו - דארפן די הכנות בפורים קטן צו פורים גדול זיין ניט נאר ווי צו א פורים סתם, נאר צו א פורים גדול, ווי געערעדט פורים קטן אין וואס די הכנות באשטייען.

הנחת הת' בלתי מוגה

וואס די כוונה פון דעם רעדן, איז ניט סתם בכדי אז מ'זאל דאס פארצייכענען און דערנאך אריינגעבן דאס אויף מגל' זיין, און דערנאך אפדרוקן און דערנאך מפיץ זיין, און דעמולט לייגט מען עס אוועק אויף די פאליצע, און דארטן בלייבט עס ליגן ביז עס קומט נאכאמאל א שנה מעוברת וואס דעמולט טוט ער א טובה און נעמט עס פון דארטן אראפ און לייענט וואס דארטן שטייט נאכאמאל - נאר די כוונה איז אז דערפון זאל אראפקומען אין מעשה בפועל ממש.

און במיוחד טאן אין די ענינים וועגן וועלכע ער רעדט אין דעם מאמר פון פורים קטן תרפ"ז, וויבאלד אז דעמולט איז די מאמר געזאגט געווארן און מ'האט גע'חזר'ט כמה שטיקלעך פון דארטן, וואס ס'איז דאך "הכל עשה יפה בעתו", כמבואר אין דער מאמר ההילולא.

און טאן דאס מתוך שמחה, ביז צו א שמחה גדולה, א שמחה "עד דלא ידע", וויבאלד אז דאס איז א הכנה צו פורים גדול, ביז אז דאס ברענגט צו פורים גדול,

ביז - צו די גאולה הכי גדולה, וואס דעמולט וועט זיין "זה הקטן גדול יהי'", זה הקטן עם ישראל, וואס איז פארבונדן מיט "יעקב הקטן" (חולין ס, ב) כמ"ש (עמוס ז, ב. ה) "מי יקום יעקב כי קטן הוא", און "דוד הקטן" (חולין שם),

בביאת משיח צדקנו, "וירד מים עד ים ומנהר עד אפסי ארץ" (תהלים עב, ח), "ויבן כמו רמים מקדשו" (שם עח, סט), אויף דער העכסטער אופן,

בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו בקרוב ממש.

* * *

טו. ווי גערעדט כמ"פ איז אויך דא א הוראה מיוחדת פון די קביעות מיוחדת בשנה זו.

אזוי אויך בנדו"ד: נוסף לזה וואס ס'איז דא א הוראה פון פורים קטן בכל שנה מעוברת - איז אויך דא א הוראה מיוחדת פון דער קביעות מיוחדת בימות השבוע פון פורים קטן בשנה זו.

און די הוראה איז טאקע בהדגשה ובהבלטה בשנה זו (ווען עס פאלט אויס די קביעות), אבער דאס איז א הוראה אויף כל השנים מעוברות און אויף שנים פשוטות, כמדובר כמ"פ די דוגמא לזה פון דעם ענין פון זכירת יצי"מ, וואס מצותה איז בחג הפסח, פעם אחת בשנה, אבער דערפון ווערט נמשך על כל השנה כולה, אז עס דארף זיין זכירת יצי"מ "בימים ובלילות", ביז אויך "לימות המשיח" (ברכות יב, ב).

טז. פורים קטן בשנה זו איז אויסגעקומען ביום הרביעי בשבוע.

וואס אין יום הרביעי איז דא אן ענין מיוחד, ווי מ'האט דערמאנט אין דער התוועדות פון פאריקן שבת (ש"פ תצוה), אבער מ'האט אויף ערויף ניט מעורר געווען, ווייזט אויס דערפאר וואס מ'האט עס ניט געזאגט בהדגשה:

כ"ק מו"ח אדמו"ר דערציילט אין א שיחה (לקו"ד כרך א מב, א. ספר התולדות אדה"ז ע' ריז), אז אויף מארגן פון ווען דער אלטער רבי איז אויסגעלייזט געווארן בי"ט כסלו, ביום הרביעי [ווארום די גאולה אליין איז געווען ביום השלישי בשבוע, און דערנאך איז דער אלטער רבי אפגעזעצן דריי שעות בא דעם מתנגד אין שטוב, וואס אויף די דריי שעות האט דער אלטער רבי געזאגט, אז זיי זיינען געווען שווערער פאר אים ווי די אלע טעג ווען ער איז געזעצן אין תפיסה (לקו"ד שם סט, א. בית רבי פל"ב. ס' התולדות שם ע' ריג)] - האט ער געזאגט (אחרי התפלה)

הנחת הת' בלתי מוגה

[בנוגע צו ווען דער אלטער רבי האט געזאגט ברכת הגומל, וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט ווען ער האט חוזר געווען לבוריו נאך דעם מאסר - איז דאך ידוע די שקו"ט בזה (ראה לקו"ש חט"ו ע' 530 בהערה), צי דאס איז געווען גלייך דעמולט ווען ער איז נגאל געווארן, אדער שפעטער; אבער די תורה וואס ער האט געזאגט (דלקמן) איז געווען גלייך אויף מארגן פון זיין גאולה]:

"ביום הרביעי נטלו המאורות (מורנו הבעש"ט נסתלק ביום הרביעי) אבל בו ביום נתלו המאורות, נתלו בתי"ו".

וואס בכלל איז דאס א פלא אז דער אלטער רבי זאל אזוי זאגן, ווארום דאס איז היפך הנהגתו, ובכלל - היפך ההנהגה פון "צדיקים דומין לבוראם" (ב"ר פס"ז, ח).

יז. וואס איך דערויף (אין דעם וואס דער אלטער רבי האט געזאגט) זיינען דא צוויי פירושים:

א) רז"ל (חגיגה יב, א. פרש"י עה"פ בראשית א, יד) אז אלע נבראים וצבאיהם, כולל אויך דער שמש און לבנה, זיינען באשאפן געווארן ביום ראשון.

וואס אזוי איז אויך בנוגע צו דער שמש ולבנה, אז זיינען באשאפן געווארן ביום הראשון "שני המאורות הגדולים" (בראשית שם, טז), און דערנאך ביום הרביעי איז "נטלו המאורות" - ס'איז געווארן א חסרון אין די מאורות, דער ענין וואס די לבנה איז נתמעט געווארן. ד.ה. אז בג' ימים הראשונים פון ששת ימי בראשית זיינען די ביידע מאורות (דער שמש און לבנה) געווארן גדולים, אויך דער לבנה איז געווען א גדול ווינדער שמש, און ביום ד' איז געווארן "נטלו המאורות", אז די לבנה איז געווארן א מאור הקטן.

און (דער תורה פון דעם אלטן רבי'ן איז, אז) פון דער "נטלו (המאורות)" זאל מען מאכן "נתלו (המאורות)".

ב) ביום רביעי בשבוע איז געווען די הסתלקות פון דעם בעש"ט (ווי ס'איז נתגלה געווארן לאחרי בירור בזה (ראה לקו"ש ח"ד ע' 1031 ובהערות שם)), וואס דאס איז דער ענין פון "נטלו", אז ער איז צוגענומען געווארן;

און פון דער "נטלו" (וואס עס האט געפעלט) - דארף מען מאכן "נתלו", אז עס זאל ניט נאר ניט פעלן, נאר עס זאל נאך צוקומען נאכמער ווי ס'איז געווען איידער דער "נטלו".

וואס דאס איז דער ענין וואס בא דעם אלטן רבי'ן האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון יפוצו מעינותיך חוצה נאך מערער ווי ס'איז געווען בא דעם בעש"ט און בא די דורות שלפנ"ז.

ובפרט נאך פטרבורג, כידוע (ראה תורת שלום ס"ע 112 ואילך) אז נאך פטרבורג (בעיקר) האט זיך אויפגעטאן אז חסידות (מעינותיך) זאל זיך אנטאן אין שכל, ובלשון הזהר (תקו"ז ת"ו בסופו (כפי' המק"מ בהקדמה לזהר). וראה כסא מלך לתקו"ז שם) - "יתפרנסון מיני'", וואס שכל איז שוין דער ענין פון "חוצה", ווי ער זאגט אין תהלים (להצ"צ), ווארום אויך שכל איז ניט דער עצם הנפש, נאר מערניט ווי א לבוש וכח הנפש, כמבואר אין לקו"ת (שה"ש נ, ג).

און דאס איז דער "נתלו" וואס האט זיך אויפגעטאן אין דער "נטלו" פון הסתלקות הבעש"ט.

און דערפון דארף מען ארויסנעמען א הוראה אין עבודת האדם (כדלקמן).

<u>הנהה הת' בלתי מוגה</u>

ובפרט אז דאס (די תורה פון דעם אלטן רבי'ן) איז איבערגעגעבן געווארן דורך כ"ק מו"ח אדמו"ר, און ער האט דאס דערנאך געהייסן אפדרוקן, במילא איז דאס געווארן אן ענין לדורות (ראה לקו"ש ח"ב ע' 522).

יח. וואס דאס (די הוראה פון דער קביעות מיוחדת פון פורים קטן בשנה זו, ביום הרביעי בשבוע) קומט בהוספה אויף די הוראה וואס מ'נעמט ארויס פון פורים קטן בכלל בכל השנים (מעוברות).

וואס בכללות איז דאס (ווי גערעדט פריער און אויך בפורים קטן) - אז פורים קטן איז די התחלה און הכנה צו פורים גדול, און דערפאר דארף מען דעמולט אנהויבן זיך צוגרייטן צו פורים גדול.

וואס וויבאלד אז "כל התחלות קשות" (מכילתא ופרש"י עה"פ יתרו יט, ה. ועוד), איז פארשטאנדיק אז אין פורים קטן (וואס דעמולט איז דער <u>התחלה</u> און הכנה צו פורים גדול) גיט מען תוספות כח און תוספות חיות בכדי אויפטאן די עבודה וואס פאדערט זיך דעמולט.

און אויב מ'נוצט ניט אויס ח"ו די כחות וכו', איז ניט נאר וואס עס פעלט דער ענין - נאר היות אז דער מלך גייט אינגאנצן ארויס מכל מדוה"ג פון טבע שלו, אז די אוצרות וואס ע"ד הרגיל איז לא מראה (אפילו) לעיניו כלל, איז בשעת א מלחמה איז ניט נאר וואס ער גיט די אוצרות, נאר ער גיט זיי אין אן אופן פון בזבוז (ראה ד"ה באתי לגני ה'שי"ת סי"א. וראה סה"מ באתי לגני ע' רלב), ע"ד המשל הידוע פון דעם אלטן רבי'ן אויף דער ענין פון גילוי החסידות (התמים חוב' ב (מט, א (עב, א)), אז ס'איז כדאי אויסגיסן דעם גאנצן יוקר פון דעם אבן טוב וואס אין אים איז תלוי דער כתר המלך, אביאז איין טיפה זאל אריינגיין בפנימיות בפי הבן מלך - איז פארשטאנדיק וואס פאר א חסרון דאס איז בשעת מ'נוצט ניט אויס די כחות!

ס'איז מערניט וואס וויבאלד אז דער אויבערשטער וויל ניט אז עס זאל זיין "נהמא דכסופא" - דארף מען צולייגן אן אצבע קטנה, ווי דערציילט אין אסתר רבה בקשר מיט עלי' לרגל.

יט. ובנוסף לזה קומט צו די הוראה וואס מ'נעמט ארויס פון דעם וואס פורים קטן בשנה זו איז געווען ביום הרביעי בשבוע - ע"פ תורת אדה"ז הנ"ל, אז פון "נטלו המאורות" דארף מען מאכן "נתלו המאורות":

מ'דארף ניט נאר טאן אז עס זאל מאיר זיין אור אין א מקום וואו ס'איז ניטא קיין אור, אבער דארטן איז אויך ניטא קיין חושך, אדער אין א מקום פון העדר האור - נאר מ'דארף באלייכטן אויך אן ארט וואו ס'איז דא א <u>מציאות</u> פון חושך, "וימש חושך", וואס דאס איז לויט די צווייטע דעה (ראה הערת כ"ק אדמו"ר שליט"א בסה"מ תש"ח ע' 239. לקו"ש ח"י ע' 180. <u>וש"נ</u>) אז חושך איז אויך א מציאות בפ"ע (ניט נאר העדר האור), וואס אויך די שיטה ברענגט זיך,

ואדרבה - דוקא לויט די שיטה (אז חושך איז א מציאות) איז שייך זאגן דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא, ווארום וויבאלד אז די חושך איז א מציאות איז שייך זאגן אז מ'איז מהפך דער מציאות צו אור; משא"כ לויט די שיטה אז חושך איז (נאר) העדר האור, איז ניט שייך דער ענין פון אתהפכא חשוכא - ווארום גלייך ווען ס'איז מאיר אור במקום זה (וואו ס'איז חושך - העדר האור), ווערט <u>בדרך ממילא</u> אויס העדר האור.

כ. אין אותיות פון עבודה בפועל:

בשעת מ'טרעפט א איד וואס שטייט אין א דרגא פון "העדר האור", ער איז אן

<u>הנהת הת' בלתי מוגה</u>

עם-הארץ (ניט קיין מציאות פון חושך, מערניט ווי העדר האור, עם-הארצות) - איז א דבר הפשוט אז מ'דארף אים מקרב זיין צו תומ"צ.

ס'איז אבער אויך דא א איד וואס ער איז ניט נאר ווי העדר האור, נאר מאיזה סיבה שתהי' איז ער אויך מנגד צו אור און צו קדושה, ער איז א מציאות פון חושך, ביז אז ער שלאגט זיך מיט אור וקדושה,

ביז צו די דיוטא האחרונה - אז ער איז א איד וואס שנה ופירש, וואס ער איז נאך ערגער ווי סתם איינער וואס ווייסט ניט, ווארום ער נוצט די תורה וואס ער האט אויף היפך התורה

- אויף יעדער זאך וויל מען האבן א מקור וואו עס שטיט אין נגלה - שטייט דאס אין הל' ת"ת פון דעם אלטן רבי'ן (פ"ד ה"ד) אז ס'איז דא א מציאות וואס ער איז מוריד די תורה און די כחות שלו אין קליפות, דורך דערויף וואס ער נוצט זיי אויף היפךהקדושה -

בדוגמא ווי דאס איז געווען בא דער ירח: פריער איז זי געווען א מאור הגדול (כנ"ל, און דערנאך צוליב איר טענה איז געווארן "נטלו", מיעוט הירח [און אויך דערנאך איז דער ירח -ספירת המלכות].

וואלט מען געקענט מיינען אז בשלמא מיט א איד וואס איז נאר בדרגת העדר האור - קען מען מיט אים טאן; אבער בנוגע צו אזא איד וואס איז א מציאות פון חושך, וואס שנה ופירש און ער איז מנגד און שלאגט זיך קעגן אור וקדושה - דארף מען מיט אים ניט טאן -

קומט די הוראה פון תורת אדה"ז הנ"ל - אז אויך פון א מצב פון "נטלו", מיעוט הירח, וואס איז געקומען נאך דערויף וואס די ירח איז געווען א מאור הגדול, דער ענין פון שנה ופירש - איז אויך דא דארף מען אויפמאכן אז דערפון זאל ווערן "נתלו" מיט א תי"ו, ע"ד ווי בנוגע צו די לבנה דארף מען מאכן אז פון "נטלו" - "נתלו".

טענה'ט ער אז עס דארף דאך זיין "אל תען כסיל כאיולתו" (משלי כו, ד): אויב ער וועט רעדן און האבן צו טאן מיט אזא וואס שנה ופירש וועט יענער ווערן נאך ערגער, ער האטמורא אז בא יענעם וועט ווערן "כל שכן כו'".

זאגט מען אים אז ער דארף גיין צו א רב וואס ער איז ניט קיין נוגע בדבר, און ער זאל פסק'נען צי ס'איז טאקע אזוי בנוגע צו יענער וואס שנה ופירש, אדער אז אפשר דארף מען אויך אזא מקרב זיין - מאכן פון "נטלו" - "נתלו".

כא. דער גודל החסרון פון איינער וואס שנה ופירש איז - אז ער נוצט טענות פון קדושה אויף היפך הקדושה: לדוגמא - ער נוצט די טענה אז "כל התורה ניתנה לעשות שלום בעולם" (רמב"ם סוף הל' חנוכה, וראה לקו"ש ח"ח ע' 349 ואילך) אויף מאכן פירוד און מחלוקת צווישן אידן.

און א מחלוקת אין וואס פאר אן ענין - אין דעם ענין פון יפוצו מעינותיך חוצה! און נאך וואו - אין די ד' אמות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר!

און א מחלוקת באופן מבהיל ביז אז דאס ברענגט צו גזילה וגניבה און הלבנת פנים ברבים! און אין אן אופן פון שנאת חנם ממש!

ווען איך האב וועגן דעם געהערט - האב איך ניט געקענט געפינען קיין שום טעם בשכל אויף דעם, חוץ פון דעם אז וויבאלד אז אט אט קומט די גאולה, האט זיך דער יצה"ר געזען אז די איינציקע וועג ווי עס קען זיך אפהאלטן די גאולה איז דורך דער ענין פון שנאת חנם, וואס דאס האט געבראכט דעם חורבן, און דוקא אהבת חנם וועט ברענגען די גאולה - איז דא האט זיך דער יצה"ר אנגעכאפט אויף

דעם בכדי דוחה זיין עט-וואס די גאולה!

וע"ד ווי ס'איז געווען בא אדה"ר, אז וויבאלד ער איז געווען "יציר כפיו של הקב"ה" (ראה ב"ר פכ"ד, ה. קה"ר פ"ג יא, ב. אדר"נ ספ"א) - האט זיך דוקא אין אים דער נחש (דער יצה"ר) אנגעכאפט ער זאל עובר זיין אויפן חטא עה"ד.

פארוואס דערציילט דאס אונז תורה - דערפאר וואס מ'זאל דערפון ארויסנעמען א הוראה: אז וויבאלד מ'דארף שוין וואס שנעלער ברענגען משיח'ן, וואס דאס איז דורך יפוצו מעינותיך חוצה, דערפאר האט זיך יצה"ר אנגעכאפט דוקא אויף דעם אז אנשטאט עס זאל זיין אהבת חנם וואס ברענגט די גאולה - זאל זיין שנאת חנם, און דוקא בא די וואס טוען אין הפצת המעינות!

כב. ער איז א תמים, אדער ער איז געווען א תמים, וואס אויך איצטער איז ער א תמים, ווארום דאס קען ניט אוועקגיין, און "אע"פ שחטא ישראל הוא" (סנה' מד, א. וראה זח"ג קיב, א) - און וואס טוט ער, ער פארשפרייט שנאת חנם, ביז אז מ'טוט אפ א מעשה גוולה, און דער עיקר - מ'זאגט אז אכלתי ואכל עוד! און וואו טוט מען דאס.!

אס זינגט ער (צוזאמען מיט די קינדער) "ווי וואנט משיח נאו", בו בשעה וואס עטלעכע שעה שפעטער וועט ער פארשפרייטן שנאת חנם!

און דער עיקר איז - אז די משפיעים און משגיחים און ראשי ישיבות וכו', די וואס זיינען "ואשימם בראשיכם" - שטייען מן הצד און שווייגן און טוען גארניט!

וואס מדשתקי רבנן איז שמע מינה אז ניחא להו און אודו לו.

און אפילו אויב ער טוט שוין עפעס יע - זאגט ער תהלים בדמעות שליש.

דאס איז אבער ניט גענוג און דערמיט איז מען ניט יוצא - בשעת מ'זעט אז עס פלאקערט א מחלוקת דארף מען טאן עפעס בפועל צו דאס אויסלעשן!

און ס'איז אך-און-ווי צו די ראשיכם אז זיי וועלן זאגן אויף אזעלעכע פירות - ראו גידולים שגדלנו!

כג. ס'איז ניט מיין כוונה צו זיך טשעפן מיט אימעצן וכו', און איך וויל קיינעם ניט שמייסען - זאל יעדער איינער זיך אליין שמייסען לפי עניננו!

מ'דארף וויסן אז דער גאנצער מחלוקת שטאמט נאר פון דעם ס"ם! און ס'איז ניטא קיין אנדער סיבה וואס מ'קען אויף דערויף זאגן: וויבאלד אז אט אט קומט די גאולה - וויל ער אריינכאפן ווי קען מען נאך אפהאלטן די גאולה!

וואס דער מחלוקת שטופט פשוט אפ די גאולה האמיתית והשלימה!

כד. וואס אויב דאס איז אזוי אין חב"ד, אין די ד' אמות - וואס קען מען שוין זאגן וועגן מחלוקת חוץ פון די ד' אמות?!

וואס אין דער וועלט היינט צו טאג הערשט א פירוד הלבבות און א שנאת חנם (אפילו אויך בא גוים).

וואס דערפאר - האבן זיך די רבנים צום אלעם ערשטן געדארפט זיך פארנעמען מיט פארלעשן דער אש המחלוקת;

זעט מען אבער בפועל אז מ'קלייבט זיך טאקע צוזאמען און מ'רעדט דברי התעוררות און מ'זאגט תהלים וכו', בשעת איינער האט געפעלט קלייבט מען אבער וועגן דעם רעדט מען ניט!

הנחת הת' בלתי מוגה

וואס די אלע ענינים וואס מ'טוט איז אלץ פיין און גוט - אבער דער רמב"ם פסק'נט דאך אז ווען עס טרעפט אזא מין זאך - דארף זיין "יפשפש במעשיו" וכו'.

כה. און אין דערויף זיינען דא כמה כתות ווי מ'דארף זיך אויפפירן, כידוע:

אנהויבנדיק פון דער כת הידועה, וואס זיי שליסן זיך אפ פאר זיך און זיצן און לערנען, און בנוגע צו דעם וואס טוט זיך ארום זיי אין וועלט, אפילו אז עס פלאקערט א מחלוקת - ווילן זיי ניט האבן צו טאן.

איי דער ענין פון מחלוקת און פירוד הלבבות און שנאת חנם האלט אפ ביאת משיח צדקנו - דארף ער אבער זיצן און לערנען.

וואס דער תירוץ (אז ער דארף זיצן און לערנען) קומט פון דער יצה"ר, וואס דרכו איז "היום אומר לו עשה כך ולמחר אומר לו עשה כך כו'" (שבת קה, ב. וראה לקו"ש חי"ג ע' 900): אויב דער יצה"ר וועט קומען און אים זאגן אז ער וויל אפהאלטן ביאת משיח צדקנו - וועט דער איד זיך זיכער צו אים ניט צוהערן; זאגט אים דער יצה"ר: דו זיצט און לערנסט תורה אע"פ וואס עס הערשט א מחלוקת אין גאס - איז גוט! איך בין מיט דעם מסכים - זיץ און לערן און פארמאך ניט די גמרא!

דערנאך איז דא א צווייטע כתה, וואס ...

און אזוי זיינען דא נאך כתות, אבער ס'איז ניט מיין ענין דא זיי איצטער אויסרעכענען; דער עיקר איז, אז יעדער איינער וואס איז דא דארף טאן אין אויסלעשן דער מחלוקת.

און דאס איז נוגע ניט נאר צו די וואס געפינען זיך א, נאר צו אלעמען אויך אין אנדערע ערטער.

וכידוע די הוראה פון רבותינו נשיאנו, אז אויב מ'זעט א זאך וואס דארף האבן תיקון, דארף מען מוחה זיין, און טאן אין דעם אלץ וואס מ'קען טאן בכדי די זאך זאל פארראכטן ווערן.

כו. מסתמא זיינען דא אזוינע מחרחרי ריב, וואס נאך דעם רעדן - וועלן זיי אויסנוצן די רייד גופא אויף מאכן מחלוקת!

ביז אז איז אויך איצטער בשעת'ן רעדן זיצן זיי דא באם טיש און זיי טראכטן צו וועמען זיי וועלן גלייך קענען קלינגען מוצאי שבת בכדי נאכמער פארשפרייטן שנאת חנם און פירוד הלבבות!

דערפאר זאג איך - אז דאס איז בכלל ניט מיין כוונה, און דאס וואס האט זיך דא גערעדט איז ניט וואס איך זאג אזוי, נאר אזוי שטייט אין פרקלב פון תניא, און אין תורות הבעש"ט און רבי עקיבא זאגט (ספרא לקדושים יט, יח. ירוש' נדרים פ"ט ה"ד. ב"ר ספכ"ד - הובא בפרש"י עה"פ) אז אהבת ישראל איז א "כלל גדול בתורה", און אזוי שטייט אין א בפירוש'ער פסוק (קדושים שם) "ואהבת לרעך כמוך" - במילא אז מ'פארשפרייט מחלוקת און שנאת חנם, פארטשעפעט מען זיך ניט מיט מיר נאר מיט די אלע!

און דאס איז אויך שולל די "רודפי שלום", וואס טוען ווי דער איינפאכער טייטש פון "רודפי שלום" זיי פארטרייבן דעם שלום,

בשעת זיי הערן וואס עס האט זיך דא גערעדט אז מ'דארף מאכן שלום - גייען זיי ארויס און שרייען - יע, מ'דארף מאכן שלום! אבער ווי - דורך נוצן א חרב וחנית!

איז מען דאס לגמרי שולל, און די כוונה איז אז מ'זאל מבטל זיין מחלוקת

און פירוד הלבבות צווישן אידן.

וואס ע"כ איז דער מאמר המוסגר.

כז. אומקערנדיק זיך לעניננו:

די הוראה וואס מ'נעמט ארויס פון דעם פורים קטן בשנה זו איז אויסגעקומען ביום הרביעי בשבוע, איז - אז פון "נתלו (המאורות)" דארף מען מאכן "נתלו (המאורות)", אז מ'זאל האבן צו טאן און פועל'ן ניט נאר אויף אזוינע אידן וואס זיינען בבחי' העדר האור, נאר אויך מיט אזוינע אידן וואס שנה ופירש, וואס זיינען אזוי ווי א מציאות של חושך.

און ס'איז א זיכערע זאך אז מ'וועט אין דערויף מצליח זיין אויב מ'וועט אין דערויף טאן - ווארום דאס איז א חלק פון יפוצו מעינותיך חוצה, וואס מ'גייט און מ'טוט עס בשליחות ועי"פ הוראת און מיט די נתינת כח וברכת הצלחה פון רבותינו נשיאינו ביז - כ"ק מו"ח אדמו"ר.

און דורך דערויף קומט מען אז בקרוב ממש גייט מען מקבל זיין פני משיח צדקנו, וואס ער וועט טאן אין יפוצו מעינותיך חוצה לע"ל.

און דאס אלץ איז אין אן אופן פון "ויקהל" (ווי מ'גייט לייענען צו מנחה), ווי רז"ל (ילי"ש ר"פ ויקהל - הובא בשו"ע אדה"ז סרי"צ ס"ב) זאגן אויף "ויקהל משה" - "אמר הקב"ה למשה רד ועשה לי קהלות גדולות בשבת כדי שילמדו הדורות הבאים אחריך להקהיל קהלות כל שבת כו'",

אז אלע אידן ווי איין קהל, ובפרט אז מ'געפינט זיך אין שנת הקהל, וואס דעמולט שטייען אלע אידן, "האנשים והנשים והטף" אין אן אופן פון הקהל.

ביז אז מ'קומט צו דער "יום שכולו שבת ומנוחה" וואס דעמולט וועט זיין "קהל גדול ישובו הנה",

בגאולה האמיתית והשלימה, במהרה בימינו ממש.

* * *

כח. מאמר (כעין שיחה) ד"ה ועתה אם נא מצאתי חן בעיניך גו'.

* * *

כט. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פירוש רש"י פון פרשת השבוע מיט די פרטי הדיוקים אין פרש"י,

ובפרט אז מ'געדענקט וואס מ'האט געלערנט אין חומש און רש"י ביז איצטער, וואס יעדער איד איז דאך בחזקת כשרות אז ער האט געלערנט חומש מיט פרש"י ביז איצטער און געלערנט דאס כדבעי, במילא געדענקט ער וואס ער האט געלערנט.

אין פרשתנו קאפיטל ל פסוק כו שטייט "ומשחת בו את אוהל מועד ואת ארון העדות". שטעלט זיך רש"י אויף "ומשחת בו" און איז מפרש: כל המשיחות כמין כ"ף יונית חוץ משל מלכים שהן כמין נזר.

ווערט גלייך די שאלה: ווי קומט דא אריין משיחת מלכים, אז "כל המשיחות כמין כ"ף יונית <u>חוץ משל מלכים שהן כמין</u> נזר"? דער ענין פון א מלך, "שום תשים עליך מלך", וועט דער בן חמש למקרא לערנען ערשט אין פ' שופטים - איז למאי נפק"מ <u>דא</u> (אין פ' תצוה) דער ענין פון משיחת מלכים.

דאס וואס רש"י שרייבט דא אז "כל המשיחות כמין כ"ף יונית" איז קיין שאלה ניט - ווארום רש"י וויל דא סאקע כולל זיין אלע משיחות וואס זיינען פאראן, די משיחה פון מנחות (תצוה כט, ב), פון כהנים (שם, ז. לו) און פון בגדי כהונה (אין אונזער פסוק).

אבער וואס האט דא פאר א שייכות משיחת מלכים ווען דאס רעדט זיך ערשט אין פ' שופטים?

ל. אויך דארף מען פארשטיין אין דעם ערשטן האלב פון רש"י - "כל המשיחות כמין כ"ף יונית":

דאס וואס רש"י שרייבט סתם "כמין כ"ף יונית", אן אויסטייטשטן פאר דעם בן חמש למקרא ווי עס זעט אויס א כ"ף יונית (וואס זיכער ווייס ניט א בן חמש למקרא ווי דאס זעט אויס), איז פארשטאנדיק - ווארום דער בן חמש למקרא זיכער געדענקט וואס ער האט פריער געלערנט אין פ' תצוה:

אין פ' תצוה קאפיטל כט פסוק ב זאגט רש"י (אויף "משוחים בשמן"): "אחר אפייתן מושחן כמין כ"ף יונית שהיא עשוי' כנו"ן שלנו", ווייס דאך שוין א בן חמש למקרא ווי עס זעט אויס א כ"ף יונית, במילא דארף דאס רש"י אים ניט איבער'חזר'ן נאכאמאל בפירושו בפרשתנו;

וואס מ'דארף אבער יע פארשטיין אין אונזער רש"י (בפרשתנו) איז - וואס באמת איז דאס א שאלה וואס מ'דארף פארשטיין שוין אין דעם פרש"י הנ"ל אין פ' תצוה, וואו רש"י שרייבט דעם ערשטן מאל אז מ'איז מושח כמין כ"ף יונית:

פארוואס שרייבט רש"י בכלל אז דאס איז כמין כ"ף יונית - וואס איז נוגע אין פשש"מ פאר א בן חמש למקרא וואס עס טוט זיך אין יון, אין גריכן?!

נאכמער: רש"י אליין איז ממשיך און זאגט "(כ"ף יונית) שהיא עשוי' כנו"ן שלנו", ווי א נו"ן אין דער אידישער שפראך - היינט פארוואס דארף ער בכלל זאגן "כמין כ"ף יונית"!

די קשיא ווערט נאך שטארקער בפרש"י בפרשתנו: אין פרשתנו שרייבט רש"י נאר איין לשון - "כל המשיחות כמין כ"ף יונית" (דערפאר וואס ער פארלאזט זיך אויף דעם וואס ער האט שוין פריער געזאגט אין פ' תצוה כנ"ל) - איז אפילו אויב מאיזה סיבה שתהי' האט רש"י געדארפט זאגן אז דאס איז כמין כ"ף יונית, האט ער דאס שוין געזאגט אין פ' תצוה - איז ווען עס קומט צו פרשתנו וואו רש"י שרייבט נאר איין לשון, האט ער געדארפט שרייבן דער אות אין אידישן שפראך ווי מ'איז מצייר די משיחה - "כל המשיחות כנו"ן שלנו"?!

לא. עטלעכע פסוקים ווייטער אין פ' תצוה, אין (קאפיטל כט) פסוק ז, איז דא א צווייטער רש"י וואו ער רעדט וועגן צורת המשיחה:

אין פסוק שטייט דארטן וועגן די משיחה פון די כהנים - "ולקחת את שמן המשחה ויצקת על ראשו ומשחת אותו", איז רש"י מפרש (אויף "ומשחת אותו"): "אף משיחה זו כמין כ"י (אדער כי) נותן שמן על ראשו ובין ריסי עיניו ומחברן באמצבעו".

וואס דער מקור פון רש"י איז בפשטות פון די גמרא (כריתות ה, ב), די גמרא טייטשט דארטן אבער אויס אז "כמין כ"י" מיינט "כמין כ"י יונית"- ווערט לפי"ז א שאלה דא אין פרש"י: מה דאך אז די גמרא דארף אויסטייטשן אז "כ"י" מיינט "כ"י יונית" - איז עאכו"כ אז רש"י דארף דאס אויסטייטשן פאר א בן חמש למקרא אין פשש"מ, און אעפ"כ זעט מען בפועל אז רש"י זאגט סתם "כמין כ"י" אן קיין אויסטייטשן?!

הנחה פרטית בלתי מוגה

ווען מען גלייכט צו דער רש"י מיט דער ערשטער רש"י אין פ' תצוה - ווערט נאך א שאלה:

דאס וואס רש"י טייטשט אויס אין דעם צווייטן מאל (אין פסוק ז) פונקט ווי די משיחה דארף זיין, "נותן שמן על ראשו ובין ריסי עיניו ומחברן באצבעו", משא"כ דעם ערשטן מאל זאגט ער עס ניט, איז פארשטאנדיק - ווארום דעם ערשטן מאל רעדט זיך וועגן די משיחה פון מנחות, וואס דארטן איז בכלל ניט שייך דער ענין פון "נותן שמן על ראשו ובין ריסי עיניו כו'"! משא"כ דעם צווייטן פסוק רעדט וועגן די משיחה פון די כהנים, וואס זיי האבן א ראש און ריסי עינים.

וואס מ'דארף אבער יע פארשטיין איז: פארוואס שרייבט רש"י דעם ערשטן מאל "כמין כ"ף יונית" און דעם צווייטן מאל - "כמין כ"י"?

אין די צוויי רש"י'ס זיינען טאקע פאראן א ריבוי גירסאות אין די כת"י און דפוסי רש"י (כידוע אז אין פ' תצוה במיוחד זיינען פאראן א ריבוי גירסאות אין פרש"י) אין דעם וואס רש"י שרייבט "כמין כ"ף יונית" און "כמין כ"י" - אעפ"כ איז אבער אין דפוסי רש"י שלפנינו, ווי גדולי ישראל האבן אין דערויף געלערנט, שטייט אין דעם ערשטן רש"י - "כמין כ"ף יונית" און אין דער צווייטער רש"י - "כמין כ"י".

און די אלע ענינים דארפן זיין פארשטאנדיק אין פרש"י פאר א בן חמש למקרא פון זיך אליין, אן מפרשי רש"י.

וואס איינע פון די שאלות וואס מפרשי רש"י פרעגן איז, וואס אויך א בן חמש למקרא דארף דאס פארשטיין אין פשש"מ: אין דעם מקור פון דעם (צווייטן) פרש"י (אין פ' תצוה) אין גמרא (כנ"ל), שטייט מערניט אז "נותן שמן בראשו ובין ריסי עיניו" - פון וואנענט נעמט רש"י סיום פירושו "ומחברן באצבעו"?

וכפי שיתבאר לקמן.

לב. אין די הערות אויפן זהר פון פרשתנו שטעלט ער זיך (לקוטי לוי"צ לזח"ב ע' קלו ואילך) אויף דעם וואס עס שטייט אין זהר (ח"ב קפט, ואילך) בנוגע צו וואס וועט זיין באחרית הימים (אין די גאולה לע"ל):

דער זהר ברענגט דעם פסוק (ישעי' ב, ב) "והי' באחרית הימים נכון יהי' הר בית ה' בראש הרים", און איז מפרש "מאן ראש ההרים דא אברהם סבא כהנא רבא ראש דכולא ובגין דאיהו ראש כוס דברכה יהי' נכון בראש ההרים דא אברהם סבא קדמאה לשאר כו'", ד.ה. אז ער טייטשט "בראש ההרים" (וואס וועט זיין באחרית הימים) אז דאס איז כוס של ברכה.

דערנאך איז ער ממשיך אין זהר: "ונהרו אליו כל הגוים (דער המשך הכתוב פון "והי' באחרית הימים גו'") מאי הוא"? און ער ענטפערט: אז דאס מיינט "אפילו נשים וקטנים, ושמש דפלח על פתורה אע"ג דאיהו לא אכל אצטריך למשמע ולמימר אמן דלא יימא בר נש אנא לא אכלית והואיל דלא אצטריפנא לזמון לא אשמע ולא אימא אמן, הכל חייבין בי', ד"א ונהרו אליו כל הגוים, אע"ג דנשים וקטנים פטורים מן המצות בכוס דברכה הכל חייבן כו'".

אין דער הערה אויפן זהר שטעלט ער זיך אויף דעם און אויף די אנדערע פרטים וואס ווערן דארט גערעדט אין זהר און ער איז מבאר ווי דאס איז מתאים ע"ד הקבלה.

לג. אין דערויף וואס דער זהר זאגט אז "אע"ג דנשים (וקטנים) פטורין מן המצות בכוס דברכה הכל חייבין" איז דאך אבער דא דער שאלה הידועה:

נשים זיינען דאך מחוייב אין א ריבוי מצוות - היינט ווי קען מען זאגן אז נשים זיינען "פטורין מן המצות"?!

מ'קען ניט ענטפערן אז דאס וואס דער זהר זאגט "פטורין מן המצוות" גייט דאס נאר אויף קטנים וואס ער דערמאנט אבער ניט אויף נשים - ווארום דעמולט ווערן נשים בכלל צוזאמען מיט אנשים אין חיוב המצוות - האט דאך דער זהר דא ניט געדארפט דערמאנען נשים פונקט ווי ער דערמאנט ניט אנשים, דערפאר וואס בא זיי איז ניטא קיין חידוש אז אע"פ וואס זיי זיינען פטורין מן המצוות זיינען זיי אבער מחוייב אין כוס של ברכה.

איז דער תירוץ אויף דעם, אז אין זהר רעדט ער (ניט וועגן מצוות בכלל, נאר) וועגן די מצוות הקשורים מיט ברכת המזון, וואס אין דערויף זיינען דאך דא די צוויי דעות אין די גמרא אין ברכות צי נשים זיינען מחוייב אין ברכת המזון מן התורה (אדער נאר מדרבנן),

קען מען לערנען דעם זהר דא אויף צוויי אופנים: א) אז שיטת הזהר איז, אז נשים זיינען ניט מחוייב אין ברכת המזון מן התורה (נאר מדרבנן), און אעפ"כ איז דער חידוש אז אין כוס של ברכה זיינען זיי יע מחוייב מיטן תוקף פון א מצוה מן התורה ווי דאס איז ביי אנשים, אדער ב) אז שיטת הזהר איז אז נשים זיינען מחוייב אין ברכת המזון מן התורה,, נאר דער זהר רעדט אז אפילו לויט די דעה אז נשים זיינען ניט מחוייב אין ברכת המזון מן התורה (נאר מדרבנן), איז אבער דער חידוש אז אין כוס של ברכה זיינען זיי מחוייב פונקט ווי דאס וואלט געווען א מצוה מדאורייתא.

מ'דארף אבער פארשטיין (וואס ער איז ניט מבאר אין דער הערה) - וואס איז די הוראה און בכן אין עבודה פון דעם זהר,

וכפי שיתבאר לקמן.

לג. כאן המקום צו ממשיך זיין דער פירוש רש"י וואס עס האט זיך גערעדט פאריקן שבת (ש"פ תצוה).

וואס אין צוויי פרשיות אין פ' תצוה ברענגט רש"י דעם לימוד אז א כהן וואס איז נכנס אדער משמש מחוסר בגדים איז חייב מיתה: דעם ערשטן מאל ברענגט עס רש"י אויפן פסוק (תצוה כח, לה) "והי' על אהרן לשרת ונשמע קולו בבואו אל הקודש לפני ה' ובצאתו לא ימות" - "ולא ימות - מכלל לאו אתה שומע הן אם יהיו לו לא יתחייב מיתה הא אם נכנס מחוסר א' מן הבגדים הללו חייב מיתה בידי שמים", און דער צווייטן מאל אויפן פסוק (שם, מג) "והיו על אהרן ועל בניו בבואם אל אוהל מועד או בגשתם אל המזבח לשרת בקודש ולא ישאו עון ומתו חוקת עולם לו ולזרעו אחריו" - "ומתו - הא למדת שהמשמש מחוסר בגדים במיתה".

און מ'האט דעמולט געבראכט אז ס'איז דא א שקו"ט בזה אין די סוגיא אין גמרא (סנהדרין פג, ב. זבחים יז, ב.), און תוספות (ד"ה אין בגדיהן עליהן - סנהדרין שם), איז זיך דארטן מפלפל אין דברי רש"י וכו'.

און מ'האט אויף דערויף געפרעגט: פארוואס דארף רש"י ברענגען דעם לימוד צוויי מאל?

און מ'האט אויף דערויף געבראכט צוויי תירוצים:

איין תירוץ, אז דעם ערשטן מאל איז נאך ניט געשטאנען וועגן די מכנסי בד וואס די כהנים דארפן טראגן, וואלט מען געקענט מיינען אז זיי ווערן ניט בכלל אין דעם ענין פון מחוסר בגדים - דערפאר דארף דאס רש"י נאכאמאל איבער'חזר'ן א צווייטן מאל נאך ז'עם וואס עס איז אויך געשטאנען וועגן די מכנסים.

א צווייטער תירוץ: אז דעם ערשטן מאל שטייט "והי' על אהרן לשרת וגו' לא ימות" - וואלט מען געלערנט אז נאר ווען אהרן איז נכנס מחוסר א' מן הבגדים הללו איז ער "חייב מיתה", נאר אויף אהרן איז דא דער איסור פון אריינגיין מחוסר בגדים, משא"כ אבער בנוגע צו בניו, ועאכו"כ צו כהנים בדורות שלאח"ז - איז ניטא אזא איסור ,

אין דעם צווייטן פסוק שטייט אבער "והיו על אהרן ועל בניו בבואם אל אוהל מועד גו' לשרת בקודש ולא ישאו עון ומתו חוקת עולם לו ולזרעו אחריו", אז דאס גייט ניט נאר אויף אהרן נאר אויף בניו און די "זרעו אחריו" - דערפאר דארף רש"י דארטן נאכאמאל איבער'חזר'ן אז "המשמש במחוסר בגדים במיתה", אז דאס איז כולל אויך בני אהרן און די כהנים בדורות שלאח"ז.

לד. וואס די צוויי תירוצים זיינען טאקע צוויי גלייכע סברות צו פארענטפערן דעם ענין - אבער באמת קען מען אזוי ניט פארענטפערן אין פירוש רש"י - ווארום בכדי פארענטפערן אן ענין וואס איז שוועער אין פרש"י איז ניט מספיק צו געבן א תירוץ וואס לייגט זיך אין שכל - נאר דער תירוץ דארף אויך זיין אין איינשטימונג מיטן דרך הלימוד פון רש"י, וואס דאס איז פשוטו של מקרא, ווי רש"י זאגט אליין (בראשית ג, ח) אז "לא באתי אלא לפשוטו של מקרא".

און די צוויי תירוצים הנ"ל שטימען ניט מיטן דרך הלימוד פון רש"י - פשש"מ:

דאס וואס רש"י שרייבט (אין דעם ערשטן פסוק) "אם נכנס מחוסר א' מן הבגדים הללו חייב מיתה" איז בפשטות כולל אין זיך אלע בגדים, כולל אויך די מכנסים, און ס'איז א דוחק צו זאגן אין פשש"מ אז "הללו" מיינט אלע בגדים חוץ פון די מכנסים.

ובפרט נאך אז דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט אין רש"י אין סוף פ' יתרו עה"פ (כ, כג) "ולא תעלה במעלות על מזבחי אשר לא תגלה ערותך עליו", אז פאר די כהנים האט מען געמאכט מכנסי בד.

וואס אין הכי נמי אז אין פסוק שטייט ניט פריער (פאר דער ערשטער רש"י אין פ' תצוה) וועגן די מכנסי בד, אבער רש"י ברענגט אין סוף פ' יתרו דעם פסוק "ועשה להם מכנסי בד", ובמילא ווייס דערפון שוין דער בן חמש למקרא.

וואס דערפאר קען מען ניט ענטפערן אין פשש"מ אין פרש"י אז דער ערשטער רש"י רעדט ניט וועגן מכנסים און דערפאר קומט דער צווייטער רש"י צו באווארענען אז אויך מכנסים ווערן נכלל אין מחוסר בגדים חייב מיתה.

עד"ז קען מען ניט זאגן דער צווייטער תירוץ הנ"ל אין פשש"מ אין פרש"י - ווארום פון לשון רש"י איז משמע אז ער רעדט וועגן אלע כהנים ניט נאר וועגן אהרן, און אויב רש"י וואלט געמיינט נאר אהרן - האט ער דאס געדארפט זאגן בפירוש .

לה. אין דעם (ערשטן) פרש"י אין פ' תצוה (אויף "והי' על אהרן לשרת ונשמע בקולו גו'") איז דא א דבר פלא, וואס באמת איז דאס שוין ניט קיין דבר פלא - ווארום דאס איז א "קלאץ קשיא" במילא שטעלט מען זיך ניט אויף דעם:

אין דעם פסוק שטייט בפירוש וועגן וועלכע בגד מ'רעדט אז בשעת אהרן טראגט איר איז "לא ימות" - וועגן דער מעיל, וואס זי האט געהאט גלעקלאך וואס האבן געקלונגען ווען ער איז געגאנגען, איז בשעת והי' על אהרן לשרת ונשמע קולו בבואו אל הקודש לפני ה' ובצאתו לא ימות" - היינט פון וואנענט נעמט רש"י צו זאגן אז דא רעדט זיך וועגן (אלע) "בגדים הללו", אז "אם יכנס מחוסר א' מן הבגדים הללו חייב מיתה בידי שמים"?!

לו. וואס אין דערויף (צי דער פסוק רעדט נאר וועגן דער מעיל (ווי פשטות הכתוב), אדער אויך וועגן די אנדערע בגדים (ווי רש"י איז מפרש)) איז אויך דא א נפק"מ להלכה:

אויב דער כהן איז נכנס לעבודה מיט אלע בגדים שלו און ער איז דארטן משמש די גאנצע עבודה אנגעטאן מיט אלע בגדים, און דערנאך איידער ער גייט פון דארטן ארויס איז ער פושט א בגד, און שפרינגט גלייך ארויס פון היכל ביז אפילו אז ער איז פושט דער בגד א רגע פאר דעם וואס ער גייט פון דארטן ארויס וואס דעמולט איז ניטא קיין אפשריות אז ער זאל נאך טאן עבודה - איז אויב ס'איז נוגע אז נאר די כניסה און די עבודה זאל זיין אין אן אופן פון ניט קיין מחוסר בגדים, אבער דערנאך קען ער פון דארטן ארויסגיין א מחוסר בגדים - איז ער אין אזא פאל ניט חייב מיתה; אבער אויב ער דארף פון דארטן אויך ארויסגיין ניט קיין מחוסר בגדים, איז ער אין אזא פאל חייב מיתה.

וואס דאס איז די נפק"מ להלכה צווישן דער מעיל און די אנדערע בגדים לויט פשטות הכתוב, משא"כ לויט פרש"י (אז דער פסוק רעדט וועגן אלע בגדים) - איז ניטא קיין נפק"מ ביניהם:

בנוגע צו אלע בגדים שטייט בפירוש דא אין פסוק "והי' על אהרן לשרת", ד.ה. אז ער האט מיט זיי געדארפט אריינגיין און טאן די עבודה אנגעטאן מיט אלע בגדים, אבער אויב ער איז פושט א בגד גלייך פאר דעם וואס ער גייט ארויס פון היכל - הייסט עס ניט קיין מחוסר בגדים און במילא איז ער ניט חייב מיתה;

משא"כ בנוגע צו דעם מעיל שטייט דערנאך אין פסוק אז "ונשמע בקולו בבואו אל הקודש לפני ה'", וואס דאס מיינט אז גייענדיק צו די עבודה האט ער געדארפט טראגן דעם מעיל, וואס דורך דעם איז געווען "ונשמע קולו", וואלט מען געקענט מיינען אז דאס איז נאר בשעת ער גייט צו די עבודה, אבער דערנאך קען ער אויסטאן דעם מעיל, ווארום דער ענין פון "ונשמע בקולו" איז דוקא נאר ווען ער גייט וואס דורך דעם גיין שאקלען זיך די גלעקלאך און זיי לאזן ארויס א קול, אבער בשעת ער איז עומד ומשמש קלינגען ניט די גלעקלעך כפשוט - איז דער פסוק גלייך ממשיך ומודיע - "ובצאתו", אז אויך ווען ער גייט פון דארטן ארויס דארף זיין "ונשמע בקולו", במילא דארף ער דעמולט אויך טראגן דעם מעיל, און דוקא דעמולט איז "ולא ימות".

וואס וויבאלד אז אין פסוק שטייט בפירוש וועגן דעם מעיל - איז פארשטאנדיק בפשטות אז דאס דארף רש"י ניט דערמאנען בפירושו, וואס דערפאר איז רש"י מפרש ניט וועגן דעם מעיל נאר וועגן די אנדערע בגדים, ווארום וועגן זיי שטייט ניט אין פסוק במילא איז אין דעם דא א חידוש וואס רש"י טוט אויף.

לפי"ז ווערט אבער די שאלה הנ"ל: פון וואנענט נעמט רש"י צו זאגן אז דער פסוק רעדט (אויך בקשר מיט "ובצאתו") וועגן אלע בגדים - ווען אין פסוק רעדט זיך מערניט ווי וועגן דעם מעיל?!

לז. ויה"ר אז אזוי ווי מ'האט גערעדט אין דער התוועדות פון דעם שבת שלפנ"ז (ש"פ תצוה) בקשר מיט דער הפטורה פון יענעם שבת (יחזקאל מג, י ואילך), אז דורך לערנען און עוסק זיין זיך אין "צורת הבית ותכונתו ומוצאיו ומובאיו וכל צורתו ואת כל חוקותיו" (שם, יא) איז, כמחז"ל (תנחומא צו יד) "א"ל הקב"ה (ליחזקאל) גדול קריותה בתורה כבניינה לך אמור להם ויתעסקו לקרות צורת הבית בתורה ובשכר קרייתה שיתעסקו לקרות בה אני מעלה עליהם כאילו הם עוסקין בבנין הבית", און דורך דעם לימוד איז "בנין ביתי" ניט "בטל" (ראה לקו"ש חט"ו מ"מ תש"מ) - אז עס זאל ניט נאר זיין "כאילו הם עוסקין בבנין הבית", מיט א כ"ף הדמיון - נאר עס זאל אזוי זיין בפועל -

אזוי אויך זאל זיין בנוגע צו דעם וואס עס שטייט אין דער הפטורה פון שבת זו (מ"א יח, כ, ואילך), אז אלי' האט גע'פועל'ט אז די אידן זאלן זאגן "ה' הוא האלקים ה' הוא האלקים" (שם לט), וכמבואר אין מדרשי חז"ל (ראה יל"ש שופטים רמז מז. מלכים רמז רטז. פרש"י עה"פ שופטים ה, ב), און אין חסידות (ראה לקו"ת דברים סה, ג. המשך תער"ב ח"ב ע' א'קצ ואילך. לקו"ש ח"א ע' 186), אז דאס איז געווען בדוגמת דער "אנכי ה' אלקיך" וואס איז געווען בא מ"ת, און נאכמער - ב' פעמים ה' הוא האלקים, דער ענין פון תשובה וואס טוט אויף אז עס זאל זיין "כפליים לתושי'", ביז צו דעם ענין פון "לאתבא צדיקייא בתיובתא" -

וואס דורך תשובה קומט צו נאך מערער ווי ס'איז געווען איידער ער האט תשובה געטאן - ווי דער רמב"ם איז מבאר אז ער ווערט חביב יותר כו', ווי עס שטייט בנוגע צו א בעל תשובה "טרם אקרא ואני אענה" מיט די אלע פרטים ווי ער איז דאס מבאר.

אז דאס זאל ניט נאר זיין אזוי ברוחניות, נאר אלי' הנביא זאל מבשר זיין אז בא אידן זאל ווערן א תנועה של תשובה, און טאקע "נאו" ממש,

ומיד הן נגאלין(רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ח), אפילו נאך בשבת זו, און אע"פ אז עס זיינען דא די אלע קושיות ווי קען משיח קומען בשבת - ס'איז דא דער ענין פון תחומין און דער ענין פון טירחא וכו' - וועט דאך אבער קיינעם ניט ארן אויב עס וועט בלייבן די קשיא, אבי משיח זאל קומען וואס פריער,

ובפרט נאך אז בשעת ער וועט קומען וועט פערענטפערט ווערן די קשיא צווישן אלע אנדערע קשיות, וואורום "תשבי יתרץ קושיות ואבעיות" (של"ה חלק תושבע"פ. תוי"ט עדיות פ"ח מ"ז),

בגאולה האמיתית והשלימה, אין אן אופן אז מיד הן נגאלין, במהרה בימינו ממש.

* * *

לח. דער ביאור אין פירוש רש"י (אין פרשתנו) ובהקדם:

ס'איז ידוע אז אע"פ וואס רש"י פארלאזט זיך ניט בפירושו אויף דעם וואס ער שרייבט <u>לאח"ז</u>, נאר אויף דעם וואס ער שרייבט <u>לפנ"ז</u> — איז אבער בשעת מ'האלט פאר דעם סיום הענין, פאר דעם וואס מ'האט מסלק געווען מענין זה לענין אחר, איז דעמולט פארלאזט זיך יע רש"י אויף דעם וואס ער שרייבט לאח"ז אין דעם זעלבן ענין, און בשעת א בן חמש למקרא האט א שאלה אין א געוויסער ענין וואס ער לערנט אין חומש מיט רש"י - ווארט ער בי‌זן סיום הענין טאמער וועט עס אים רש"י ענטפערן דערנאך אין דעם ענין.

עד"ז בנוגע צו דער רש"י אין פרשתנו וואו ער זאגט "ומשחת בו - כל המשיחות כמין כ"ף יונית חוץ משל מלכים שהן כמין נזר":

גלייך אין דעם רש"י שלאח"ז אויף "וקדשת אותם" (ל, כט) זאגט רש"י "משיחה זו מקדשתם להיות קדש הקדשים", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער רש"י איז א המשך פון דער רש"י שלפנ"ז, וואס רעדט נאך אלץ אין דעם זעלבן ענין, ובמילא פארלאזט זיך רש"י אין זיין פירוש דא אויף דעם וואס ער זאגט גלייך בהמשך לזה.

וואס ווייטער אין דעם פרש"י זאגט ער: "כל משיחת משכן וכהנים <u>ומלכים</u> מתורגם לשון ריבוי לפי שאין צורך משיחתן אלא לגדולה כי בן יסד המלך [וואס דאס איז א מאדנער לשון אין רש"י] שזה חינוך גדולתן כו'".

וואס דערפאר איז קיין שאלה ניט בא דעם בן חמש למקרא פארוואס רש"י שרייבט בפירושו וועגן משיחת מלכים, אז "כל המשיחות כמין כ"ף יונית חוץ משל מלכים שהן

כמין נזר" - ווארום גלייך בהמשך לזה אין דער רש"י שלאח"ז רעדט רש"י וועגן משיחת מלכים.

פארוואס רעדט דארטן רש"י וועגן משיחת מלכים - לכאורה איז מקומה אין פ' שופטים?

איז די הסברה בזה: עטלעכע פסוקים ווייטער שטייט (שם, לא) "ואל בני ישראל תדבר לאמר שמן משחת קודש יהי' זה לי לדורותיכם". וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ער רעדט דא וועגן ווי משיחה איז אן ענין וואס איז נוגע "לדורותיכם" לכל הזמנים.

דעריבער דארף רש"י אויסטייטשן ווי דער ענין פון משיחה איז אן ענין "לדורותיכם" - דערפאר זאגט ער אז ס'איז דא משיחת כהנים און משיחת מלכים, וואס די משיחות זיינען נוגע לדורותיכם.

עס בלייבט נאך אבער ניט פארשטאנדיק: ע"פ הנ"ל איז דער גאנצער ענין פון משיחת מלכים נוגע ערשט אין דער רש"י שלאחרי אונזער רש"י (וואו עס שטייט אז "כל המשיחות כמין כ"ף יונית כו'") - האט רש"י געדארפט ווארטן ביז ער רעדט וועגן משיחת מלכים, און דארטן שרייבן אז עד כאן האט זיך גערעדט וועגן "כל המשיחות" וואס זיי זיינען "כמין כ"ף יונית", און דערנאך איז דא משיחת מלכים וואס איז אנדערש דערפון ווארום דאס איז "כמין נזר"?

לט. וועט מען עס פארשטיין בהקדם דעם ביאור אין די אלע קשיות וואס מ'האט פריער דערמאנט אויף די צוויי רש"י'ס אין פ' תצוה:

פארוואס שרייבט רש"י בכלל (אין דעם ערשטן רש"י אין פ' תצוה) אז די רקיקי מצות איז "אחר אפייתן מושחן כמין כ"ף יונית" - וואס איז דא נוגע צו א בן חמש למקרא וואס עס טוט זיך אין יון?!

ובפרט נאך אז רש"י אליין איז דערנאך ממשיך "שהיא עשוי' כנו"ן שלנו" - האט ער דאך לכתחילה געדארפט בלויז זאגן אז "מושחן כמין נו"ן שלנו"?

און ווי ער פרעגט אין באר שבע (הוריות יב, א. נעתק בתו"ש דלקמן) "למה נקטו כ"ף יונית הואיל שיש תמונתה באל"ף בי"ת שלנו כו'".

ובפרט ע"פ ווי עס ברענגט זיך אין תורה שלימה (כרך במילואים סימן כ') פון מדחז"ל כו"כ דעות אין ווי דער ציור פון א כ"ף יונית זעט אויס - היינט אנשטאט זאגן כמין כ"ף יונית און דערמיט ארייגלאזן זיך אין די גאנצע שקו"ט ווי דאס זעט אויס, האט רש"י געדארפט זאגן כמין נו"ן שלנו, און מ'וואלט דערמיט גלייך געוואוסט ווי דאס זעט אויס?!

און דערנאך דארף מען אויך פארשטיין דער חילוק פון די צוויי רש"י'ס אין פ' תצוה: פארוואס שרייבט רש"י דעם ערשטן מאל "כמין כ"ף יונית" און דעם צווייטן מאל - "כמין כ"י"?

און אויך: פארוואס טייטשט אויס די גמרא אז "כמין כ"י" מיינט "כמין כ"י יונית", און רש"י טייטשט דאס ניט אויס?

מ. מפני הנ"ל איז לכאורה מוכרח צו זאגן, אז היות עס זיינען דא כו"כ גירסאות אין די רש"י'ס - איז דא אין איינע פון די רש"י'ס א טעות המעתיק, וואס דאס קען זיין אויף צוויי אופנים: אדער ס'איז דא א טעות המעתיק אין דעם ערשטן רש"י, אדער אין דעם צווייטן רש"י.

וכמובן אז אויב עס זיינען דא צוויי אופנים ווי מ'קען טייטשן אז ס'איז דא א טעות - איז מער מסתבר צו אויסקלייבן דעם אופן וואו ס'איז דא א קלענערן טעות, ווארום כל הממעט אין טעותים הרי זה משובח.

ובפרט אז דער מעתיק פון פרש"י איז דאך ניט געווען סתם אן איש מן השוק, ווארום רש"י האט דאך אים בוחר געווען צו מעתיק זיין פירושו.

דעם ערשטן אופן ווי דא קען זיין א טעות איז - אז אין דעם ערשטן רש"י האט געדארפט שטיין "כ"י יונית" (און דער מעתיק האט געמאכט א טעות און געשריבן "כ"ף יונית", וואס דאס איז א שווערע זאך צו פארשטיין ווי ס'איז געווארן פון א יו"ד א לאנגער פ"א, וואס איז כלל ניט דומה צו א יו"ד.

א צווייטער אופן ווי מ'קען זאגן אז דא איז געווארן א טעות איז - אז אין דעם צווייטן רש"י האט געדארפט שטיין "כ"י יונית" , (ווי די גמרא טייטשט אפ) און דער מעתיק האט געמאכט א טעות און געשריבן נאר "כ"י", וואס דעמולט באשטייט דער טעות פון דעם אז עס איז ארויסגעפאלן דעם ווארט "יונית".

מא. וויבאלד אז די צוויי אופנים הנ"ל זיינען שווער צו זאגן (ווי ס'איז ארייגעפארן אזא מין טעות) - דערפאר לייגט זיך צו זאגן אז באמת איז דא גאר קיין טעות ניטא,

און אנשטאט זאגן אז "כמין כ"י" (אין דער צווייטער רש"י) מיינט אן אות (אין יונית) וואס ווערט אנגערופן "כ"י", ווי מפרשים ווילן לערנען [וואס דערפאר האט רש"י געשריבן דעם ווארט "כ"י" מיט צוויי פינטעלאך, צוויי שטריכעלאך, צווישן דעם כ"ף מיטן יו"ד, בכדי צו מדגיש זיין אז "כ"י" דא איז ניט דער ווארט "כי", וואס מיינט "ווייל", נאר דאס איז דער נאמען פון אן אות וואס הייסט "כ"י", ע"ד ווי רש"י האט געזאגט פריער, וואו ער זאגט "כמין כ"ף יונית", האט אויך געלייגט צוויי פינטעלאך (שטריכעלאך) צווישן דעם כ"ף מיטן לאנגן פ"א, בכדי מדגיש זיין אז דאס מיינט ניט דעם ווארט "כף", א לעפל, נאר - דעם שם האות "כ"ף"] - איז דאס דער ר"ת פון "כ"ף יונית",

ווי מ'געפינט בכ"מ, אז צוליב חסרון הדיו והמקום, האט רש"י געשריבן א ר"ת.

[און דער בחור הזעצער האט געמיינט אז דאס מיינט ניט דער ר"ת פון "כף יונית", נאר ווי עס שטייט אין גמרא - דער שם האות "כ"י"].

און בכדי נאך קלערער מאכן אז "כ"י" מיינט דא דער ר"ת פון "כ"ף יונית" - האט רש"י געשריבן דעם לשון "אף משיחה זו כמין כ"י", וואס דאס מיינט, אז אזוי ווי די משיחה וואס האט זיך פריער גערעדט (די משיחה פון די רקיקי מצות) איז געווען "כמין כ"ף יונית", אזוי איז אויך "(אף) משיחה זו" איז "כמין כ"י" (ר"ת כ"ף יונית).

מב. מ'דארף נאך אבער פארשטיין: פארוואס האט רש"י בכלל געדארפט זאגן "כמין כ"ף יונית" - בשעת ער האט געקענט זאגן נאר "כמין נו"ן שלנו"?

איז דער ביאור אין דעם כפירוש אברבנאל (תצוה כט, א וראה גם לו, ב. עיקר הו'), וואס איז אויך פארשטאנדיק אין פשוטו של מקרא:

דער אברבנאל זאגט: "ואומר אני שהי' כ"ף יונית לרמוז שהוא אשר בחר ה' לכהן, כי הכ"ף היא ראשונה לאותיות כהן והי' מורה זה על הכהונה".

וההסברה בזה: דער גאנצער ענין פון משיחה איז בכדי אויפטאן דער ענין פון קדושה, וואס דאס איז דאך דער ענין פון כהונה (ראה תצוה כט, לו. פרשתנו ל, כט ובפרש"י) (אדער דער ענין פון גדולה כדלקמן), און ס'איז פארשטאנדיק אז פעולת המשיחה דארף געטאן ווערן מיט א סימן וואס איז בדומה צו דעם דבר הנפעל ע"י

המשיחה - וואס דערפאר ווערט די משיחה געטאן "כמין כ"ף (יונית)" איז ר"ת פון דעם ווארט כהנים, כהונה - דבר הנפעל ע"י המשיחה (בצורת כ"ף יונית).

מג. עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק אין פרש"י (סיי אין פ' תצוה און סיי אין פרשתנו) - פארוואס רש"י זאגט פאר א בן חמש למקרא אז די משיחה איז "כמין כ"ף יונית", און ניט "כמין נו"ן שלנו" -

ווארום אויב די משיחה וואלט געווען כצורת נו"ן שלנו, וואלט דער בן חמש למקרא געפרעגט פארוואס איז די משיחה דוקא בצורה כזו;

משא"כ בשעת רש"י זאגט אים אז דאס איז "כמין כ"ף יונית" פארשטייט דער בן חמש למקרא פארוואס מ'מאכט עס בצורה זו, ווארום כ"ף איז דער ר"ת פון כהנים און כהונה, וואס ווערט אויפגעטאן ע"י פעולת המשיחה.

וואס דערמיט פארשטייט דער בן חמש למקרא פארוואס די משיחה דארף בכלל זיין אין א צורה מסויימת - ווארום די צורה פון די משיחה איז מרמז אויף דער ענין וואס ווערט אויפגעטאן ע"י המשיחה.

אבער וויבאלד אז א בן חמש למקרא ווייס בפשטות ניט ווי עס זעט אויס א כ"ף יונית - דערפאר איז דער ערשטער מאל וואס רש"י זאגט אז די משיחה איז כמין כ"ף יונית, פארטייטשט אויך רש"י אז דאס איז "כנו"ן שלנו".

מד. לפי"ז ווערט אבער א שאלה - פארוואס מאכט מען ניט א כ"ף פון דעם אידישן שפראך, נאר א כ"ף יונית?

באמת איז דאס אבער קיין שאלה ניט בא א בן חמש למקרא, ווארום ער געדענקט וואס ער האט געלערנט אין סוף פ' בא אין פרש"י:

אויף דעם וואס עס שטייט דארט (יג, טז) "ולטוטפות בין עיניך" זאגט רש"י צוויי פירושים: איין פירוש "ומנחם חברו עם כו'", אבער דער ערשטער פירוש וואס ער ברענגט איז: "תפילין, ועל שם שהם ארבעה בתים קרויין טוטפות טט בכתפי שתים, פת באפריקי שתים".

וואס לכאורה - האט לפי"ז דער פסוק געקענט דאס אנרופן מיטן נאמען "ארבעה", ווי דער מספר איז אויף לשון קדש, אדער "שתים שתים", אויב מ'דארף צוטיילן די בתים אויף צוויי, אנשטאט דער נאמען פון דעם מספר פון "שתים" און "שתים" ווי דאס איז אין "כתפי" און אין "אפריקי"?

וואס דערפון זעט מען אז תורה נוצט אמאל ווערטער פון לשונות ממדינות אחרות חוץ פון ארץ ישראל.

עד"ז איז פארשטאנדיק צו א בן חמש למקרא בנוגע צו כ"ף יונית, אז ס'איז קיין שאלה ניט פארוואס די משיחה איז "כמין כ"ף יונית" און ניט ווי א כ"ף אין דעם אידישן שפראך.

מה. מ'דארף נאך אבער פארשטיין: אין פ' בא ברענגט די תורה א גאנצע ווארט פון א מדינה אחרת, דעם ווארט "טוטפות"; וואו געפינט מען אבער אז מ'זאל ברענגען א ר"ת פון א ווארט פון א מדינה אחרת (א כ"ף יונית, וואס איז ר"ת פון כהונה)?

איז דאס קיין שאלה ניט ביי א בן חמש למקרא:

אין פ' בראשית אויפן פסוק (א, ח) "ויקרא אלקים לרקיע שמים", איז רש"י מפרש: "שא מים שם מים אש ומים שערבן זה בזה ועשה מהם שמים".

וואס דא זעט מען אז אע"פ וואס דער ווארט "שמים" איז צוזאמענגעשטעלט פון צוויי ווערטער, "אש" און "מים", איז אבער בנוגע צו דעם ווארט "מים" איז דער גאנצער ווארט נכלל אין "שמים", און בנוגע צו דעם ווארט "אש", איז נאר איין אות פון דעם ווארט, ע"ד ווי דער ר"ת פון דעם ווארט, דער אות שי"ן (און ניט דער אל"ף) נכלל אין "שמים".

דערפון איז פארשטאנדיק אז מ'נוצט אמאל א ר"ת אויף א ווארט און מ'זאגט ניט די גאנצע ווארט;

"שמים" איז אבער א ווארט אויף לה"ק, ניט פון אן אנדער מדינה - דערפאר דארף מען אויך וויסן וואס עס שטייט אין סוף פ' בא, "ולטוטפות" וואס דאס איז א ווארט פון אן אנדער מדינה (פון כתפי און אפריקי).

און בצירוף פון די צוויי פסוקים (און רש"י'ס) יחד - איז פארשטאנדיק בנוגע צו דעם כ"ף יונית וואס רש"י ברענגט וואס זי איז ר"ת פון כהונה: דער ענין אז דאס נוצט מען א ווארט פון יונית איז ע"ד ווי מ'געפינט בנוגע צו "ולטוטפות", און דער ענין אז מ'נוצט א ר"ת, איז ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו דעם ווארט "שמים".

מו. דערמיט וועט מען פארשטיין דער רש"י אין פרשתנו:

רש"י זאגט "כל המשיחות כמין כ"ף יונית", ווארום וויבאלד אז אלע סארט משיחות וואס זיינען פאראן (וואס מ'האט געלערנט ביז איצטער) טוען אויף דער ענין פון כהונה - די משיחה פון די מנחות, וואס ווערן געבראכט דורך די כהנים, די משיחה פון די כהנים אליין, און די משיחה פון די כלי המקדש וואו די כהנים זיינען משמש - דעריבער זיינען זיי אלע "כמין כ"ף יונית", וואס כ"ף איז א ר"ת כהנים, כהונה (דער ענין וואס ווערט אויפגעטאן ע"י המשיחה).

וויבאלד אבער אז רש"י זאגט אז "כל המשיחות כמין כ"ף יונית" (דערפאר וואס דער כ"ף איז מרמז אויף די פעולה וואס ווערט אויפגעטאן ע"י המשיחה - כהונה) - דארף ער גלייך באווארענען טאמער ס'איז דא א משיחה וואס איז ניט אין דעם סוג, א משיחה וואס טוט ניט אויף דער ענין פון (קדושה -) כהונה, ובמילא וואס מ'טוט ניט "כמין כ"ף יונית".

דערפאר איז רש"י גלייך ממשיך (גלייך נאכדעם וואס ער זאגט "כל המשיחות כמין כ"ף יונית") - "חוץ משל מלכים שהן כמין נזר": אז משיחת מלכים איז טאקע פון א צווייטער סוג משיחה, א משיחה וואס טוט אויף (ניט דער ענין הקדושה, כהונה, נאר) דער ענין הגדולה (ווי רש"י איז מפרש גלייך אין זיין פירוש לאח"ז), וואס דערפאר איז די משיחה ניט "כמין כ"ף יונית", וואס באווייזט אויף א משיחה וואס טוט אויף דער ענין הכהונה (קדושה).

פרעגט אבער דער בן חמש למקרא: אזוי ווי כל המשיחות (פארבונדן מיט כהונה) ווערן געטאן בצורה וואס איז בדומה צו דעם וואס ווערט אויפגעטאן ע"י המשיחה (כמין כ"ף יונית, וואס איז ר"ת כהונה) - אזוי אויך האט געדארפט משיחת מלכים זיין בדומה צו דער ענין וואס ווערט אויפגעטאן ע"י המשיחה.

דערפאר זאגט רש"י "חוץ משל מלכים שהן כמין נזר": דער בן חמש למקרא ווייס אז דער ענין פון מלכות, א מלך, און די גדלות פארבונדן דערמיט, איז פארבונדן מיט דער עטרה, מיט דער כתר, וואס דער מלך טראגט על ראשו - און דערפאר איז משיחת מלכים (וואס טוט אויף דער ענין הגדלות פארבונדן מיט מלוכה) "כמין נזר", בדומה צו דער זאך וואס זי טוט אויף.

מז. דער ביאור אין דעם וואס נאכדעם וואס רש"י (אין זיין צווייטן פירוש אין פ' תצוה) זאגט "נותן שמן על ראשו ובין ריסי עיניו" איז ער מוסיף "ומחברן באצבעו":

אין פסוק שטייט דארטן "ולקחת את שמן המשחה ויצקת על ראשו ומשחת אותו".

וואס דערפון וואס עס שטייט צוויי לשונות - "ויצקת" און "ומשחת", איז פארשטאנדיק אין פשש"מ אז דא זיינען געווען צוויי פעולות: איין פעולה פון "ויצקת על ראשו", אז מ'גיסט אדער מ'טראפעט בוימל אויף זיין קאפ, און א צווייטע פעולה פון "ומשחת".

וואס דערפאר טייטשט דא רש"י אפ די צוויי פעולות פון "ויצקת על ראשו" און "ומשחת": די ערשטע פעולה - "נותן שמן על ראשו ובין ריסי עיניו", דער ענין פון "ויצקת על ראשו", און "ומשחת" - אז "ומחברן באצבע".

מח. ע"פ המבואר לעיל - אז דער טעם לזה פארוואס כל המשיחות (פארבונדן מיט כהונה) זיינען "כמין כ"ף יונית", איז דערפאר וואס כ"ף איז ר"ת כהונה כו' - קען מען מבאר זיין ווי כמה דיעות אין דעם ציור פון די משיחה, וואס ברענגען זיך אין תורה שלמה (פון פרש"י על הש"ס, פון רמב"ם בספרו הרמב"ם און אין פיהמ"ש) זיינען ניט קיין מחלוקת אין מציאות:

איין דיעה וואס ברענגט זיך ווי די משיחה זעט אויס איז - ווי א x אין ענגליש, ניט שתי וערב ח"ו, ווארום דעמולט איז דאס ניט צוויי קוים וואס גייען מראשו צו בין ריסי עיניו, נאר צוויי קוים וואס גייען מראשו באלכסון ביז זיי קומען אן בין ריסי עיניו.

א צווייטע דיעה איז - אז עס זעט אויס ווי א כ"ף יונית, וואס איז כנו"ן שלנו.

וי"ל אז ס'איז ניטא קיין מחלוקת אין מציאות, נאר לויט ביידע דיעות איז די משיחה געווען אין אן אופן וואס ס'איז געווען א x - ווארום בשעת ס'איז געווען "ויצקת על ראשו", איז פארשטאנדיק אז פונקט ווי די בוימל האט געדונען מראשו על פניו (און באצבע האט מען מחבר געווען די בוימל מיט די בוימל וואס מ'האט געגאסן בין ריסי עיניו), אזוי אויך האט עס גערונען אין דעם אנדערן וועג מאחורי הראש - ובמילא איז אויסגעקומען אז ס'איז געווארן אן x.

די נפק"מ פון די צוויי דיעות איז נאר - וואס דער עיקר פון די משיחה איז און וואס איז דער טפל: לויט די ערשטע דיעה אז די משיחה דארף זיין ווי אן x, איז נוגע די גאנצע פעולה וואס עס האט זיך אפגעטאן בשעת מ'האט געגאסן די בוימל על ראשו, ד.ה. אז ס'איז נוגע ווי די בוימל האט גערונען פון ביידע זייטן פון דעם ראש, ביז עס ווערט א ציור פון א x; לויט די צווייטע דיעה (דעת רש"י אין חומש) אז דאס איז געווען כמין כ"ף יונית, כנו"ן שלנו - איז אויך געווען די מציאות פון א x, אבער צו די משיחה איז נוגע דער עיקר, וואס דאס איז דער ציור פון א כ"ף יונית וואס ווערט דורך מחבר זיין די בוימל על ראשו מיט די בוימל בין ריסי עיניו, וואס דאס האט אויסגעזען כנו"ן שלנו, ווי ביידע רגלים פון דעם נו"ן שטייען באלכסון מיט דער פתח פון דעם נו"ן פתוח למטה (וואס דאס איז א האלבער x).

מט. ע"פ הנ"ל - אז רש"י זאגט אז די משיחה איז "כמין כ"ף יונית" דערפאר וואס כ"ף איז ר"ת כהונה - וועט מען אויך פארשטיין נאך א זאך ווי רש"י לערנט אין אן ענין בנוגע צו כ"ף יונית אין וועלכע מפרשים דינגען זיך (ראה תו"ש שם):

וואס א כ"ף יונית איז קען מען לערנען אויף צוויי אופנים - אדער אז דאס איז ווי א כ"ף דגושה (אין דעם אידישן שפראך), אדער ווי א כ"ף רפוי, וואס אין אידישן שפראך איז דאס איין אות, דער אות כ"ף, ס'איז נאר א חילוק צי דאס איז א כ"ף דגושה אדער א כ"ף רפוי; אין לשון יונית זיינען דאס צוויי באזונדערע ווערטער - דער אות "קאפפא" (וואס מ'לייענט אזוי ווי א כ"ף דגושה) און דער "י" יונית (וואס מ'לייענט אזוי ווי א כ"ף רפוי).

שטעלט זיך לפי זה א שאלה: פארוואס דארף רש"י שרייבן אז די משיחה איז "כמין כ"ף יונית", און מ'האט ניט קיין קלארקייט צי דאס איז א כ"ף דגושה אדער א כ"ף רפוי - ער האט געקענט שרייבן אדער דער אות קו"ף, אויב ער וויל זאגן אז די הברה פון כ"ף יונית איז ווי א כ"ף דגושה, אדער דער אות חי"ת, אויב ער וויל זאגן אז די הברה פון א כ"ף יונית איז ווי א כ"ף רפוי?

ע"פ הנ"ל איז דאס פארשטאנדיק: רש"י ברענגט דאך דא אז די משיחה איז "כמין כ"ף יונית" דערפאר וואס ער וויל מדגיש זיין אז כ"ף איז ר"ת כהונה, וואס ווערט אויפגעטאן ע"י המשיחה - איז רש"י נוגע ברענגען דוקא דער אות כ"ף און ניט דער אות קו"ף אדער דער אות חי"ת וואס זיינען ניט ר"ת כהונה.

נ. איינע פון די הוראות אין עבודה פון דעם פרש"י:

בדורנו זה איז נוגע במיוחד דער ענין פון יפוצו מעינותיך חוצה.

וואס א מעין בפשטות איז דאך פארבונדן מיט מים; די מעינות וועגן וועלכע עס רעדט זיך אבער דא (יפוצו מעינותיך חוצה) זיינען די מעינות פון פנימיות התורה, רזין דרזין דאורייתא,

וואס אין תורה איז דאך נגלה דתורה "מים" שבתורה, רזי תורה - יין שבתורה, און רזין דרזין - שמן שבתורה, כמבואר בארוכה אין אמרי בינה.

וואס אזוי ווי בנוגע צו שמן המשחה, אז "שמן משחת קודש יהי' זה לי לדורותיכם", אז דאס איז א המשכה נצחית אויף כל הדורות מיטן זעלבן תוקף - אזוי אויך דארף זיין בנוגע צו יפוצו מעינותיך חוצה, אז די מעינות אליין, רזין דרזין דאורייתא שמן שבתורה, דארף נמשך ווערן פון מעלה מעלה ביז מטה מטה אין חוצה מיטן זעלבן תוקף, און וואס מער וואס מ'נעמט פון אים וואס מער ווערט פון אים נמשך, ווי דער אויפטו פון א מעין איז לגבי א נהר, ביז אז פון אים ווערט נמשך אין דער עיקר, וואס המעשה הוא העיקר.

נא. דער עולם וויל דאך אויף יעדער זאך האבן דוקא א צחות, בכדי אויפוועקן פון שלאף:

ס'איז ידוע דער סיפור פון א גדול בישראל וואס ער האט זיך באריבמט מיט א תלמיד שלו אז אפילו ווען ער (דער תלמיד) איז אוועק פון זיין (דעם גרול'ס) ד' אמות, איז ער ניט אוועק אויף קיין צווייטן דרך.

אמאל איז דער גדול געקומען צו רעם תלמיד זיינעם (וואו דער תלמיד האט געלעבט), און דער תלמיד האט אים באוויזן דעם ש"ס וואס ער האט בא זיך געהאט אין שאפע, וואס איז געווען א ווילנער ש"ס, וואס אמאל לפי דער מצב הפרנסה פון אידן בזמן ההוא איז דאס געווען זייער א חשוב'ער זאך, א יקר המציאות, און ער האט אים באוויזן וואס פאר א שיינעם בונד און בענדלעך דער ש"ס האט.

האט זיך דער גדול געכאפט ביים קאפ און געזאגט: פארוואס נוצט ער אבער ניט דעם ש"ס?! די גאנצע כוונה פון דעם ש"ס איז אז מ'זאל איר נוצן.

נב. דאס וואס דער תלמיד האט געהאט א ווילנער ש"ס - איז דאס דערפאר וואס אמאל פלעגט מען קויפן פאר א חתן (צו דער חתונה) א ווילנער ש"ס;

היינט קויפט מען א "קאר" און דערנאך א דירה און דערנאך א "קארפעט" מקיר אל קיר מיט בל מיני ענינים מבהילים - אבער אמאל פלעגט מען פאר אים קויפן א ש"ס (ראה גם יחידות של קבוצת חתנים וכלות שיחיו אור ליום ועש"ק י"ז שבט תשמ"ה (סעיף ג)).

און פאר דער כלה פלעגט מען קויפן א "קרבן מנהה" - סידור, היינט - איז א "קרבן מנחה" מאן דכר שמי', נאר וואס קויפט מען יע - א פינגערל!

וואס מ'האט שוין וועגן דעם אמאל געשטורעמט (מועתק בזה מכתב מחורף תשמ"א (לקו"ש חי"ט ע' 510), וז"ל: מטעמים מובנים כדאי לדעתי שבמתנות לכלה לפני הקידושין לא תהי' טבעת (וכדאי לפרסם בשמי או שלא בשמי), ובלבד שיתקבל) - אז היתכן דער חתן זאל געבן דער כלה א פינגערל - דאס קען דאך ברענגען צו א מכשול גדול, מצד דעם וואס דאס איז בדומה צו דעם פינגערל וואס דער חתן גיט די כלה אונטער דער חופה (ראה ספר הנשואין כהלכתם (ירושלים, תשד"מ) פ"ג סצ"ז, וש"נ).

האט מען אויף דעם געענטפערט מיט די טענה, אז די כוונה דערמיט איז ניט אן ענין פון קידושין וכו'.

איז אבער דאס קיין טענה ניט - ווארום דער גאנצער ענין און כוונה פון געבן דער כלה א מתנה די פינגערל, איז בכדי דערמאנען אויף קידושין -

איז פארוואס דארף מען געבן דוקא אזא מתנה וואס דורך איר לאזט מען זיך אריין אין כו"כ שאלות - אויב די חתן וכלה גייען זיך פאנאנדער ח"ו, ווערט פשוט א ספק הנוגע לדיני נפשות, און אויב ס'איז דא א המשך צו דער שידוך, ווערן שאלות בנוגע צו די ברכת קידושין וכו' - ווען מ'קען געבן א מתנה וואס לאזט ניט קיין ארט פאר שאלות וכו'?!

און דאס ברענגט צו א גרעסערן מכשול בשעת דער חתן פירט זיך אז דוקא ער זאל אנטאן דעם פינגערל אויפן פינגער פון די כלה, וואס דאס טוט מען דאך בכדי מקרב זיין דער חתן צו די כלה, אז מ'זאל ניט זאגן אז דאס וואס דער חתן גיט דעם פינגערל טוט ער דאס ניט מיט אן אמת וכו' - ווארום דעמולט ווערט פשוט א שאלה בנוגע צו קירבה של חיבה!

און דערצו לאדט מען נאך איין דעם רב אדער "ראביי" און אז ער זאל זאגן א "סערמאן" - אבער בנוגע צו דעם וואס מ'גיט בשעת מעשה וואס ער שטייט דערביי א טבעת דוקא די כלה איז ער ניט מוחה!

איז צוליב וואס דארף מען זיך ארייגלאזן אין דעם גאנצן ענין דורך געבן א פינגערל?! טאקע א "קרבן מנחה" איז מען אים ניט מכריח צו געבן, טאמער מ'וועט אויף אים זאגן אז ער איז א בטלן - אבער א פינגערל זאל ער ניט געבן.

אויב מ'וויל געבן דוקא אבנים טובות ומרגליות - זאל מען ניט געבן א פינגערל, נאר אן אנדער תכשיט של אבן טוב.

און ס'איז א מצוה לפרסם דעם ענין.

נג. אז מ'רעדט שוין וועגן דעם ענין - איז דא נאך אן ענין פארבונדן מיט די קישורי תנאים, וואס עס זיינען דא אזוינע וואס פירן זיך אין דעם שלא כדבעי:

עס זיינען דא רבנים וואס בשעת זיי ווילן מודיע זיין אז עס וועלן פארקומען א קישורי תנאים צווישן א חתן כלה - שיקט מען פאנאנדער בריוו, און מ'איז מפרסם וועגן דעם אין צייטונגען, אז דאס זאל אנקומען אין קכ"ז מדינות אז שמו הולך לפניו, און מ'שרייבט דארטן אז פלוני בן פלוני און פלונית בת פלונית "נתארסו".

וואס דאס איז פשוט אן ענין פון עם-הארצות - ווארום (ראה ספר הנ"ל שם סעיף ק. וש"נ) דער ענין פון "אירוסין" טוט אויף אז זי זאל זיין זיין אשה לכל הדברים, און דאס איז פשוט נוגע אין דיני נפשות, משא"כ דאס וואס דא ווערט געמאכט איז אן ענין וואס ווערט אנגערופן קישורי תנאים, א נאמען און א לשון געבראכט אין פוסקים!

וואס בשעת מ'רעדט וועגן דעם - איז אויב מ'וועט אים זאגן אז ער איז אן עם-הארץ, וועט ער מסתמא טאן אויף צו-להכעיס; נאר מ'דארף אים זאגן אז ער איז אזא גרויסער גדול, אז ער ליגט ניט אין אזעלכע קטנות'ן און דערפאר קען א קטן ממנו כאפן זיך אויף דעם אע"פ וואס ער כאפט זיך ניט אויף דעם.

און דער עיקר איז: אויב עס וואלט עפעס ניתוסף געווארן דערמיט וואס מ'שרייבט "נתארסו", איז דעמולט א שאלה צי יצא שכרו בהפסדו אדער הפסדו בשכרו; אבער בפועל איז אין דערויף ניטא קיין שום תועלת - איז פארוואס דארף מען זיך אריינלאזן אין ספיקות בדבר וואס קען דערנאך ברענגען צו א מכשול - בשעת מ'קען עס אנרופן מיטן נאמען "קישורי תאים"?!

ובפרט אז דורך דערויף וואס א רב וועט אזוי שרייבן אין א מכתב, קען דער מכתב אנקומען כ'ווייס וואו, און אנדערע (וואס וועלן דאס זען) וועלן מיינען אז אויך בא זייערע טעכטער איז א קישורי תנאים אן ענין פון "אירוסין"!

וואס אויך דאס איז א מצוה לפרסם (ראה גם מכתב ה' סיון תשכ"ט (קובץ יגדיל תורה - ירושלים גליון ב (כב)) וז"ל: לפענ"ד אין לומר או לכתוב "אירוסין" - עד שיהיו אירוסין).

נד. האט מען אויף דערויף געפרעגט - וואו שטייט עס אין נגלה דתורה?

האב איך געענפערט (כ"ק אדמו"ר שליט"א חייך): צוליב וואס דארף מען האבן א ראי' פון נגלה - גיי ארויס אויף "פיפט עוועניו" וואס דארטן פארקויפט מען רינגעלאך, און זע אז ס'איז דא א חילוק צווישן א חתונה רינגל און א "ענגיידזשמענט רינג"!

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז קישורי תנאים איז ניט ווי א חתונה (אירוסין).

נה. פרעגט מען ווייטער: לכאורה איז דאך דאס א דבר הפשוט - איז ווי קען זיין אז מ'זאל דורכפאלן אין אזא מכשול?!

האב איך געזאגט: צי דערפאר וואס דו האסט א שאלה אז לכאורה איז דאס א דבר הפשוט איז היתכן אז מ'זאל אין דערויף נכשל ווערן - דארפסטו ווייטער טאן א קרומע זאך?!

נו. און בנוגע צו דער עצם טענה אז ווי קען זיין אז מ'זאל נכשל ווערן אין אזא דבר הפשוט - געפינט מען בדוגמא לזה אין א צווייטער ענין - אן ענין פארבונדן מיט די לוחות, וואס וועגן דערויף רעדט זיך אין פרשתנו, פ' כי תשא, וואס דערפאר איז כדאי וועגן דערויף איצטער נאכאמאל דערמאנען און רעדן (וואס מ'האט שוין וועגן דעם גערעדט כמ"פ און געשטורעמט וועגן דעם וכו').

וואס דאס איז אן ענין פארבונדן מיט פרומע אידן אין וועלכע פרומע אידן דור אחר דור זיינען אין דערויף נכשל געווארן, און דאס איז שוין אין די דרגא פון כבר עבר ושנה, און פארבונדן דוקא מיט אידישע מוסדות וואס זיינען לוחם פאר תורה אן פשרות, ובפרט אין ענינים וואס זיינען מדגיש אז אידן זיינען ניט בדומה צו עמי הארץ.

איז בכדי מדגיש זיין דעם חילוק - זיינען געדרוקט אויף זייערע "סטיישנערי" (מכתבים וכיו"ב) א ציור פון די שתי לוחות, וואס פון אונטן זיינען די לוחות פיר-קאנטיק און פון אויבן זיינען זיי ווי א חצי עיגול, א חצי כדור.

וואס דאס איז היפך א גמרא מפורשת אין בבא בתרא און כמה מדרשים:

די גמרא זאגט אין בבא בתרא (יד, א) [וואס דאס איז דאך א'יינע פון די שבעה מסכתות וואס מ'לערנט אין אלע ישיבות, ואדרבה - "הרוצה שיחכים יעסוק בדיני ממונות, (והרוצה שיעסוק בדיני ממונות ישמש את שמעון בן ננס)" (ב"ב קעה, ב) (וואס וועגן דערויף (דיני ממונות) רעדט זיך אין מס' ב"ב)] אז "הלוחות ארכן ששה ורחבן ששה" [בנוגע צו עובי הלוחות איז דא א מחלוקת, ואין כאן מקומו], וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז בפשטות זיינען די לוחות געווען פיר קאנטיק.

נאכמער: די גמרא זאגט דארטן אז "לוחות אוכלות בארון", וואס דער לשון "אוכלות" וואס ער נוצט אויף דעם איז א מאדנע לשון (ווי איז שייך אז די לוחות זאלן "אויפעסן" דעם ארון?!).

נאר דער פירוש אין דעם איז - אז די לוחות (וואס זיינען געווען ששה על ששה) האבן ממלא געווען דעם גאנצן ארט אין דעם ארון אז דארטן איז ניט געבליבן קיין שום מקום חלל, הייסט עס כאילו ווי די לוחות האבן "אויפגעגעסן" ("אוכלות") דעם ארון.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז די לוחות זיינען געווען פיר קאנטיק.

ובפרט ע"פ הלכה, וואס "כלי שרת אין מקדשין אלא שלימין אין מקדשין אלא מלאין" (זבחים פח, א. רמב"ם הל' פסולי המקדש פ"ג ה"כ) - עד"ז איז בנוגע צום ארון און די לוחות בתוכו, וואס "אין בארון רק שני לוחות האבנים אשר הניח שם משה", אז די לוחות האבן ממלא געווען דעם גאנצן ארון, און ס'איז דארטן ניט געבליבן קיין מקום חלל.

און דער ביאור אין דעם ע"פ חסידות און קבלה איז - אז דורכן צמצום איז געווארן א מקום חלל, וואס דאס איז דער מקור הדינים והגבורות, און דורך דערויף וואס מ'איז ממלא דעם מקום החלל בלייבט ניט דער צמצום מיט די ענינים וואס קומען דערפון ארויס.

ונוסף על כל זה - ס'איז ניטא קיין משמעות אין קיין ארט ניט אין מדרשי חז"ל אז פון אויבן זיינען די לוחות געווען ווי א חצי כדור.

נ"ז. ונוסף לזה אז זאגן אז פון אויבן זיינען די לוחות געווען ווי א חצי כדור איז היפך הגמרא און דאס שטייט ערגעץ ניט, איז - דאס מדגיש אז מ'מאכט די לוחות ווי עמי הארץ מאכן דאס, וואס זיי מאכן דער ציור הלוחות מיט א חצי כדור פון אויבן.

וואס די סיבה בפשטות און די אמת'ע סיבה אויף דעם וואס מ'געפינט היינט אויך בא אידן דער ציור הלוחות אז פון אויבן זיינען זיי כחצי כדור, איז - דערפאר וואס בשעתמ'פלעגט געבן א ספר לדפוס, איז מצד הגלות האט מען דאס ע"פ רוב געגעבן צו א ניט איד, און מצד גזירת המלכות האט עס געדארפט אויך דורכגיין א צענזאר, וואס ע"פ רוב איז ער געווען א גוי'שע צענזאר - פלעגן זיי (די גוי'שע מדפיסים און צענזארס) מאכן אויפן שער-בלאט אדער אין א אנדער מקום פנוי בראש הספר, א ציור פון לוחות ווי בא זיי קומט אויס, וואס דאס איז - אז די לוחות זיינען פון אויבן ווי א חצי כדור, ווי גוים מאכן דעם ציור הלוחות;

און בשעת דער ספר פלעגט אנקומען צו אידן, האט מען ניט געקוקט און ניט מדייק געווען וואס עס געפינט זיך אויפן שער-בלאט אדער וואס עס שטייט אין די הסכמות - נאר מ'האט געלערנט וואס עס שטייט אין פנים הספר, במילא האט מען ניט משים לב געווען בזה אז די לוחות זיינען פון אויבן ווי א חצי כדור.

און אזוי איז דאס געגאנגען מדור לדור, און ס'איז געווארן א דבר הרגיל אז אין אידישע ספרים געפינט מען ציורים פון די לוחות וואס פון אויבן זיינען זיי ווי א חצי כדור.

און דערפאר האט מען געמאכט א טומל (מאחורי הפרגוד) אז מ'זאל דאס משנה זיין אויף די "סטיישנערי" פון מוסד פלוני, וואס דארטן איז דער ציור פון די לוחות פון אויבן ווי א חצי כדור.

אדער לכל הפחות - די "סטיישנערי" וואס איז אזוי שוין געמאכט זאל מען לאזן, און די "סטיישנערי" וואס מ'וועט דרוקן מכאן ולהבא זאל מען דרוקן מיט א ציור פון לוחות ווי עס דארף זיין ע"פ הגמרא וכו'. (חסר קצת).

נח. ויה"ר אז דורך די פעולות וואס מ'טוט מיט קינדער, איז דאס ממהר די גאולה האמיתית והשלימה,

ווי עס שטייט (שה"ש ב, יב) "הנצנים נראו בארץ עת הזמיר הגיע וקול התור נשמע בארצנו", וואס "הנצנים נראו בארץ" גייט אויף אידישע קינדער (ראה זח"א א, ב), און דורך זיי ווערט אויפגעטאן דער "עת הזמיר הגיע", און "קול ההורה נשמע בארצנו" - אז מ'הערט בשורת אלי' הנביא אויף די גאולה האמיתית והשלימה, בביאת משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש, ובעגלא דידן.

* * *

נט. מ'וועט מסיים זיין מיט רעדן וועגן המעשה הוא העיקר:

די וואס האבן מאיזה סיבה שתהי' ניט געמאכט כינוסים פאר קינדער בפורים קטן אדער אין די טעג לאח"ז ביז דעם יום השבת - זאלן וויסן זיין אז ס'איז ניטא קיין פארפאלן ח"ו, ובפרט בנוגע צו א דבר חשוב כזה, וואס עס קען ניט זיין אז אזא דבר חשוב ווי מאכן א כינוס פאר קינדער זאל ניט האבן די מעגליכקייט אויף השלמה.

זאלן זיי דאס טאן אין די ימים הבאים, ובפרט אז דאס איז נאך אין די ז' ימים נאך פורים קטן.

און טאן דאס אין אן אופן פון "חטוף ואכול חטוף ושתי" - גלייך ביום הראשון בשבוע, ובפרט אז דעמולט זיינען די קינדער פטור פון לימודי חול, זאל מען גלייך ארייננכאפן דאס דעמולט טאן אין דעם טאג בסמיכות צו שבת.

און טאן דאס "ברוב עם הדרת מלך".

און די וואס מסיבות שונות ומשונות קענען דאס גלייך ניט טאן, זאלן זיי דאס טאן וואס פריער.

און דער עיקר איז אז מ'זאל עס טאן בפועל, ווארום ס'איז א הכרח גמור אז מען מוז מאכן די כינוסים פון תינוקות און עוללים ויונקים,

און ארייננציען אין דעם וואס מער קינדער, וכל המרבה הרי זה משובח,

ביז ארייננציען אין "צבאות השם" <u>אלע</u> קינדער, און <u>אלע</u> אידן, ווארום אין דערויף איז דאך תלוי די גאולה אז <u>אלע</u> אידן זאלן נגאל ווערן, וואס דאס איז דער אויפטו פון די גאולה העתידה לגבי שאר הגאולות, אז קיין איין און איינציקער איד וועט ניט בלייבן אין גלות.

ס. אין* די הערות פון טאטן אויף זהר פון היינטיקער פרשה, שטעלט ער זיך (לקוטי לוי"צ לזח"ב ע' קלו ואילך), אויף דעם וואס עס ברענגט זיך אין זהר (ח"ב קפט, ב ואילך) בנוגע דעם פסוק (ישעי' ב, ב) "והי' באחרית הימים נכון יהי' הר בית

*) מכאן עד סוף סי' סו - הוגה ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א.

ה' בראש ההרים", און דער זהר איז מפרש: "מאן ראש ההרים דא אברהם כו' ובגין דאיהו ראש כוס דברכה יהי' נכון בראש ההרים כו'".

דערנאך איז ער ממשיך אין זהר: "ונהרו אליו כל הגוים (דער המשך הכתוב פון "והי' באחרית הימים גו'") מאי הוא"? און ענטפערט: אז דאס מיינט "אפילו נשים וקטנים, ושמש דפלח על פתורה אע"ג דאיהו לא אכל אצטריך למשמע ולמימר אמן כו'. ד"א ונהרו אליו כל הגוים, אע"ג דנשים וקטנים פטורין מן המצות בכוס דברכה הכל חייבין כו'".

סא. אין דעם וואס דער זהר זאגט אז "אע"ג דנשים (וקטנים) פטורין מן המצות בכוס דברכה הכל חייבין" איז דא די שאלה הידועה: נשים זיינען דאך מחוייב אין א ריבוי מצוות - היינט ווי קען מען זאגן אז נשים זיינען "פטורין מן המצות"?!

מ'קען ניט ענטפערן אז דאס וואס דער זהר זאגט "פטורין מן המצות" גייט נאר אויף קטנים וואס ער דערמאנט, אבער ניט אויף נשים - ווארום דעמולט האט דער זהר ניט געדארפט דערמאנען נשים, פונקט ווי ער דערמאנט ניט אנשים - דערפאר וואס בא זיי איז ניטא קיין חידוש אז זיי זיינען מחוייב אין כוס של ברכה.

דער תירוץ אויף דעם: אין זהר איז נוגע ניט מצוות אלס מצות, נאר אלס שייכות צו ברכת המזון, וואס אין דעם זיינען דא צוויי דעות אין גמרא (ברכות כ, ב) צי נשים זיינען מחוייבות אין ברכת המזון מן התורה, אדער נאר מדרבנן.

און דאס מיינט דער זהר "אע"ג דנשים כו' פטורין מן המצות", אז אע"פ אז זיי זיינען ניט מחוייב אין ברהמ"ז מן התורה

- וי"ל בזה צוויי אופנים: א) דער זהר נעמט אן להלכה ווי די דיעה אז נשים זיינען ניט מחוייב בברהמ"ז מה"ת, ב) דעת הזהר איז אז, נשים זיינען מחוייבות בברהמ"ז אויך מן התורה, נאר דער זהר זאגט, אז אפילו לויט דער צווייטער דיעה אז זיי זיינען ניט מחוייב בברהמ"ז מן התורה -

פונדעסטוועגן, "בכוס דברכה הכל חייבין", פונקט ווי די וואס זיינען מחוייב בברכת המזון מן התורה, דאס הייסט, אז כוס של ברכה איז דא ביי אלע אידן, ביי אנשים נשים וקטנים.

דארף מען פארשטיין: פארוואס איז דאס טאקע אזוי, אז אע"פ דנשים וקטנים פטורין מן המצות, זאלן זיי זיין חייבין בכוס של ברכה ווי אנשים?

אויך דארף מען פארשטיין: וואס איז די הוראה און דער "בכן" אין עבודה פון דעם ענין, אז "בכוס דברכה הכל חייבין"?

סב. וועט מען דאס פארשטיין בהקדים הביאור אין דעם ענין פון כוס של ברכה, שיש בזה כו"כ דרגות:

פונקט ווי עס זיינען דא אין א כוס בפשטות כו"כ דרגות: כוס קטן, כוס בינוני, כוס גדול, ביז דער כוס הכי גדול - דער "כוסי רוי'" (תהלים כג, ה) (פון מלכא משיחא) וואס איז מחזיק רכ"א לוגין (ד"רוי'" בגימטריא רכ"א (יומא עו, א)).

ועד"ז איז אויך בנוגע צו כוס של ברכה, אז עס זיינען פאראן כו"כ דרגות אין כש"ב, ביז צו דער דרגא הכי גבוה - דער כוס של ברכה וואס וועט זיין לע"ל (פסחים קיט, ב), וואס זי וועט זיין אויף "כוסי רוי'" פון רכ"א לוגין, רכ"א איז בגימט' "ארך", בחי' אריך אנפין (ראה הצ"צ עה"פ תהלים שם) וואס איז העכער פון אלע ענינים, אפילו פון שכל (תו"א יט, רע"א. סידור קג, ד. קה, ג. יהל אור ע' פז, פט (וש"נ). אוה"ת עקב ע' תקמא ואילך. ועוד),

[ועי"ד ווי דער ענין פון "כוסי רוי'" בפשטות - העכער פון כוס ש"ב סתם לאחרי סעודה סתם במדידה והגבלה פון דעם שיעור פון "ואכלת ושבעת" (עי"ד מחז"ל (ברכות שם) דכשהם "מדקדקים על עצמם - שלא כהמדידה - ישא ה' פניו")],

און פון דער בחינה איז נמשך די גאולה העתידה.

און וויבאלד דער זהר בפרשתנו רעדט וועגן דעם מעמד ומצב פון "והי' באחרית הימים", בגאולה העתידה - איז מסתבר לומר אז אויך דער ענין פון כוס של ברכה וואס דער זהר רעדט דא - רעדט וועגן כוס של ברכה דלע"ל.

סג. עפ"ז יש לומר דעם טעם על זה וואס דער זהר זאגט אז אע"פ אז קטנים זיינען ניט מחוייב במצוות זיינען זיי אבער מחוייב אין כוס של ברכה:

וויבאלד אז קטנים זיינען ממהר ביאת המשיח (הערה: כן י"ל בנוגע לנשים ע"פ משנ"ת (ש' הגלגולים הק' כ, ס' הלקוטים שמות עה"פ וירא ה' כי סר בסופו) דאנשים דדרא דעקבתא דמשיחא - הם גלגול הדור דיצי"מ, כימי צאתך גו' (מיכה ז, טו), וכמו הנשים דאז שלא נתנו לעגל כו' ולכן הנשים דעקבתא דמשיחא שולטות על בעליהם כו' - הרי אחז"ל (סוטה יא, ב) דבשכר נשים צדקניות שהיו באותו הדור נגאלו. ע"כ הערה) - ווי עס שטייט אין זהר (ח"א א, ב) "הנצנים נראו גו' קול התור (הגאולה) נשמע" (שה"ש ב, יב), אז "נצנים נראו בארץ" זיינען אידישע קינדער - דערפאר זיינען זיי אויך מחוייב (האבן א חלק) אין דעם כוס של ברכה דלע"ל (וועגן וועלכע עס רעדט זיך דא אין זהר).

סד. לכאורה איז דאס אבער ניט פארשטאנדיק:

ס'איז ידוע דער כלל (תניא רפל"ז) אז אלע גילויים דלע"ל זיינען תלוי במעשינו ועבודתינו בזמן הזה -

היינט וויבאלד אז "נשים וקטנים פטורין מן המצוות", הייסט עס דאך, אז ביי זיי איז ניטא "מעשינו ועבודתינו"

- זיי זיינען טאקע עוסק אין אלע מבצעים (און (אויך) נשים זיינען זיך משתתף במבצע תפילין, משפיע זיין אז אנשים זאלן לייגן תפילין), און דורך מעשינו ובפרט הכללים ווי די מבצעים ברענגט מען משיח צדקנו - איז דאס אבער אלץ נאר וואס זיי טוען אויף מיט א צווייטן, אבער בא זיי גופא איז עס ניטא -

היינט ווי קען מען זאגן, אז זיי האבן א חלק שווה אין (די גילויים ו)כוס של ברכה דלעתיד?

סה. בנוגע צו נשים קען מען מסביר זיין ע"פ משנ"ת בכתבי האריז"ל (טעמי המצות להאריז"ל פ' בראשית) אז דאס וואס נשים זיינען פטורות פון מ"ע שהזמן גרמא, איז דערפאר וואס בעליהן זיינען זיי מוציא מיט זייער מקיים זיין די מצוות - ווייל אשה איז בחי' מלכות, און בעלי' איז בחי' ז"א, און דורך דעם וואס עס איז דא קיום המצוות אין ז"א, ווערט עס אויפגעטאן בדרך ממילא אין מלכות (ואדרבה, דעמולט איז דאס אין אן אופן נעלה יותר - ווי דאס ווערט געטאן ע"י ז"א שלמעלה ממלכות).

עס בלייבט אבער ניט פארשטאנדיק בנוגע צו קטנים, וואס זיי זיינען פטורים מן המצוות - פארוואס זאל ביי זיי זיין די גילויים דלעתיד?

און אויך בנוגע צו נשים:

פון דעם גופא וואס דער זהר איז מדגיש אין דעם ענין אז נשים (וקטנים) פטורין מן המצוות, איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס זיי זיינען מחוייב בכוס של ברכה איז ניט

מצד דעם וואס זיי האבן ענין המצות (דורך בעליהן), נאר ווייל דאס וואס פטורין מן המצות רירט ניט אן ענין זה.

סו. והביאור בזה:

דער ענין (פון כוס של ברכה) דלעתיד, איז דער גילוי העצמות (כמובא בכ"מ מפע"ח (שער הק"ש רפט"ו. לקו"ת שה"ש ב, רע"ג. נא, ג ואילך) שדוקא לעת"ל הגילוי דפנימיות ע"ק) וואס איז פארבונדן מיט דעם עצם פון א אידן שלמעלה מתומ"צ. ווארום די התקשרות והתאחדות פון א אידן מיט עצמות ומהות איז העכער פון גילויים - מ'קען דאס ניט נעמען מיט חב"ד, מדות אדער די ג' לבושים פון מחשבה דבור ומעשה, נאר דאס איז אן ענין פון התקשרות והתאחדות עצם בעצם. אידן זיינען א "חלק אלקה ממעל ממש" (תניא רפ"ב) און "העצם כשאתה תופס במקצתו אתה תופס בכולו" (כתר שם טוב בהוספות סי' קטז), ובמילא, אז מען איז תופס א אידן דא למטה, איז מען תופס כביכול עצמות ומהות!

און דערפאר איז דער גילוי פון אט דער התקשרות - וואס דאס איז דער ענין פון כוס של ברכה דלעתיד ביי אלע אידן בשוה, אויך ביי נשים וקטנים - הפטורין מן המצות, ווייל דאס איז אן ענין וואס איז העכער פון תומ"צ,

ע"ד ווי געגרעדט פריער אין מאמר (ד"ה ועתה אם נא מצאתי חן בעיניך גו') בענין החן [וואס דער מאמר איז גענומען פון ד"ה ועתה אם נא מצאתי חן בעיניך גו' תרע"ח (סה"מ תרע"ח ע' ריא ואילך), און אויך פון דעם מאמר פון דעם צ"צ עה"פ (אוה"ת פרשתנו (תשא) ע' ב'כו) וואס רעדט וועגן ענינים אלו (און עס זיינען דא נאך דרושים פארבונדן דערמיט)], אז דאס איז העכער פון אתעדל"ת (ועבודה בתומ"צ), און דערפאר איז דאס פאראן אויך ביי עוללים ויונקים,

ואדרבה, ווייל ביי קטנים (ונשים) איז ניטא דער ענין פון "מצות", איז ביי זיי דא מער בגילוי דער ענין החן שמצד העצם.

סז. די הוראה אין עבודת האדם פון דעם זהר:

בנוגע צו די השתדלות וואס דארף זיין מיט קינדער קען מען מיינען, אז וויבאלד די גאולה העתידה איז תלוי אין מעשינו ועבודתינו בזמן הזה, און קינדער זיינען פטור מן המצות - קען מען מיינען אז וואס איז שוין די תועלת טאן מיט קינדער.

ועד"ז בנוגע צו נשים: מ'זאגט דאך אז דורך "מבצע תפילין" וועט מען ברענגען די גאולה - איז דאך אן אשה ניט שייך צו תפילין, איז וואס האט זי פאר א שייכות מיט די גאולה.

האט מען די הוראה פון דעם זהר - אז אע"פ וואס קטנים און נשים זיינען פטורין מן המצוות זיינען אבער אין כוס של ברכה (דלעתיד) "הכל חייבין", ווארום צו די ענינים דלעתיד האבן אלע אידן א שייכות בשוה, דערפאר וואס מצד דעם עצם וואס איז העכער פאר תומ"צ זיינען אלע אידן בשוה, און נאכמער בנוגע צו קינדער - וויבאלד אז זיי זיינען גאר ממהר די גאולה.

וואס דערפון איז מובן די השתדלות וואס דארף שוין זיין איצטער מיט קטנים (און מיט נשים).

סח. ועד"ז איז די הוראה בנוגע צו גדולים:

בשעת מ'קומט צו גיין צו א אידן און מ'זאגט אים אז ער זאל זינגען אז מ'וויל "משיח נאו", און דורך דערויף וועט מען ממהר זיין די גאולה - טענה'ט ער, אז פריער דארף ער תשובה טאן בבוקר, און דערנאך דארף ער גיין קלייבן תורה און מצוות בכדי זיין גרייט צו גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו.



הנחה פרטית בלתי מוגה

זאגט מען אים: אז משיח איז העכער פאר דער גאנצער ענין פון תומ"צ, און בשעת משיח וועט קומען וועט ניט זיין קיין נפק"מ צי ער האט געלייגט תפילין בערב שבת, צי ער האט געמאכט קידוש היום (בשבת), צי ער איז געזעסן און זיך געמאטערט דריי שעה בא דער פארברייינגען בכדי ניט אנשלאפן ווערן - נאר וואס ער האט נאר געטאן, אפילו אויב ער איז געשלאפן בעת דער פארברייינגען, וועט ער דעמולט האבן פון דער כוס של ברכה, און פון וואס פאר א כוס של ברכה - פון א "כוסי רוי'"!

[וע"ד ווי דער רמב"ם זאגט אין סוף הלכות מלכים ומלחמותיהן, אז לע"ל וועלן זיין "מעדנים מצויין כעפר", במילא וועט יעדער איינער האבן פון די כוס של ברכה דלעתיד].

סט. דערביי קומט צו נאך אן ענין אין דער הוראה:

פאר דעם וואס דער זהר זאגט דעם מאמר אז "אע"ג דנשים וקטנים פטורין מן המצוות בכוס דברכה הכל חיבין" זאגט דער זהר אן אנדער מאמר: "אפילו ... שמש דפלח על פתורה אע"ג דאיהו לא אכל אצטריך למשמע ולמימר אמן כו'".

יעדער איד האט א שייכות צו כוסש"ב דלעתיד, ביז אויך א משמש לסעודה, והטעם לזה איז כנ"ל - דערפאר וואס אויך ער (דער משמש לסעודה) האט אן עצם. [אבל רק בנוגע לאמירת אמן עלי'. ואכ"מ].

און דערפון האט מען די הוראה בפשטות:

אפילו אויב איינער איז מערניט ווי א משמש לסעודה - ער טוט ניט קיין עבודה, ער פארנעמט זיך מערניט ווי מיט פארקן זיך און ארומלויפן און צושטעלן אז אנדערע זאלן האבן וואס צו עסן, אז אנדערע זאלן האבן "תורה-עסן" און מצוות וכו', אין אן אופן ווי רש"י זאגט (ר"פ מפשטים) "כשולחן הערוך ומוכן לאכול לפני האדם" - איז אויך אזא האט א שייכות צו כוסש"ב דלעתיד.

וואס לכאורה האט ער דאך גארניט געטאן מיט זיך, ער האט ניט געטאן קיין תשובה, ער האט ניט מקיים געווען קיין תומ"צ, אים פעלט לכאורה דער ענין פון מעשינו ועבודתינו בזמן הזה - אט זעט מען אבער אז דער גילוי דלעתיד וועט זיין למעלה פון דער גאנצער ענין פון תומ"צ, און דעמולט וועט נתגלה ווערן דער עצם פון א אידן וואס איז פארבונדן מיט עצמות ומהות און איז העכער פאר תומ"צ - דערפאר וועט ער אויך האבן א שייכות דערמיט.

ע. אויף יעדער זאך וויל מען האבן א ראי' פון נגלה - האט מען א ראי' פון נגלה, פון פרש"י, בנוגע צו זיין א משמש לסעודה:

אויפן פסוק (יתרו יח, יב) "ויבא אהרן וכל זקני ישראל לאכל לחם עם חותן משה לפני האלקים" זאגט רש"י: "ומשה היכן הלך והלא הוא שיצא לקראתו וגרם לו את כל הכבוד? אלא שהי' עומד ומשמש לפניהם".

וואס דערפון האט מען א הוראה בנוגע לכאו"א, אז אמאל דארף מען גיין משמש זיין פאר אנדערע אידן אז זיי זאלן האבן דאס וואס זיי דארפן האבן.

עא. וואס דאס זיינען כמה נקודות וואס מ'קען ארויסנעמען אלס הוראה בעבודת האדם פון דעם זהר.

ותן לחכם ויחכם עוד, און אויב מ'איז ניט קיין חכם - וועט ניט העלפן אויב מ'וועט עס נאכאמאל איבעד'חזר'ן!

עב. און פון פ' תשא קומט מען צו פ' ויקהל, וואס מ'גייט באלד ליינען - "ויקהל משה",

ווי רז"ל זאגן אויף דעם אז משה האט מקהיל געווען קהילות -

זאל מען רערפון קומען צו דער זמן ווען עס וועט זיין "משה ואהרן עמהם", וואס משה איז הוא גואל ראשון הוא גואל אחרון, און ער וועט דעמולט (אין די גאולה העתידה) מקהיל זיין אלע אידן אין איין קהל,

וואס דער קהל איז דאך דער נקודה און עצם פון אלע אידן, וואס דערפאר איז דאס זיי מאחר אלע צוזאמען אין א קהל אחד.

און מ'גייט אין דער "קהל" במקום, דער "קהל" בעולם, דער נקודה און עצם פון גאנץ וועלט - וואס דאס איז ארץ ישראל וואס "מתמצית א"י שותה כל הארצות".

און עס ווערט דער "קהל גדול ישובו הנה" אין ארץ ישראל, אין ירושלים עיר הקודש, אין ביהמ"ק,

אז אלע אידן, "בבנינו בבנותינו בנערינו ובזקנינו", גייען מקבל זיין פני משיח צדקנו, בגאולה האמיתית והשלימה, וואס וועט זיין אין אן אופן פון "מיד הן נגאלין", "מיד" כפשוטו למטה מעשרה טפחים ובעגלא דירן ממש.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

* * *

א. ס'איז א התוועדות פון שבת מברכים אדר שני, וואס ע"ד ווי יעדער שבת מברכים געפינט זיך אין די טעג פון דעם פריערדיקן חודש, דער חודש וואס איז איידער דעם חודש וואס מ'בענטשט עד"ז געפינט זיך שבת מברכים אדר שני אין די טעג פון אדר ראשון.

וואס אין דעם שבת מברכים, שבת מברכים אדר שני - איז בהדגשה מיוחדת (אז מ'געפינט זיך אין) דעם פריערדיקן חודש, ווארום דא איז דאס מודגש בשעת מ'איז מברך דעם חודש:

בשעת מ'איז מברך אן אנדער חודש, ווי לדוגמא חודש ניסן, איז ניט מודגש אין דעם אז עס איז פריער דא א חודש אדר; משא"כ בשעת מ'איז מברך אדר שני, איז דאך אין דעם נאמען אדר שני גופא מודגש - אז עס איז דא א אדר ראשון, וואס דער אדר (אדר שני) איז א שני צו אים.

וואס דערפאר איז במיוחד אין שבת מברכים אדר שני בהדגשה, (נוסף לזה ווי דער ענין איז יעדער שבת מברכים) דער שבת מברכים געפינט זיך אין דעם פריערדיקן חודש, אין חודש אדר ראשון.

ב. דער חודש אדר ראשון האט אין זיך אן ענין מיוחד, ע"ד ווי יעדער חודש האט אין זיך אן ענין מיוחד,

ווארום ס'איז אן ענין עיקרי אין סדר ההשתלשלות, אז יעדער ענין וואס איז דא האט אין זיך אן ענין מיוחד, וכמרז"ל "לא ברא הקב"ה בעולמו דבר אחד לבטלה", ד.ה. אז יעדער ענין וואס איז דא האט אין זיך א נייעס לגבי כל סדר ההשתלשלות (וואס דערפאר דארף מען צו אים אנקומען; ער איז ניט "לבטלה"),

וואס דאס איז אזוי בנוגע צו יעדער ענין; עאכו"כ ביי אן ענין כללי, ווי דער ענין פון א חודש וואס א חודש איז כולל אין זיך כמה ענינים, אנהויבנדיק פון כמה ימים וואס ער איז כולל אין זיך - אז עס איז זיכער דא אין יעדער חודש אן ענין מיוחד.

און ביי א חודש איז דאס נאכמער ווי בא סתם אן ענין כללי, ווארום א חודש איז עניננו (כלשוננו) - התחדשות, און ניט נאר חידוש הישנות, אז עס ווערט נתחדש אן אלטע זאך, נאר - התחדשות ממש, אז עס ווערט א נייע זאך ממש (כמבואר די מעלה אין דעם אויף חידוש הישנות),

וכמבואר במ"א אז דאס איז דער חילוק צווישן שנים און חדשים, וואס "שנה" האט אין זיך דעם (צווייטן) פירוש - שונה, אז עס חזר'ט זיך איבער דער ענין פון דאס-נייע, ד.ה. אז עס איז טאקע א חידוש, אבער עס איז נאר וואס עס חזר'ט זיך איבער אן אלטע זאך; משא"כ "חודש" איז מלשון "חדש", אז עס איז א התחדשות ממש.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז במיוחד ביי א חודש, נאכמער ווי בא יעדער ענין סתם, און אפילו נאכמער ווי בא יעדער ענין כללי - איז דא אין יעדער חודש זיין ענין מיוחד וואס איז ניטא אין קיין אנדער (ענין ו)חודש.

וואס אזוי איז דאס אויך בענינננו, אז דער חודש אדר ראשון האט אין זיך אן ענין מיוחד, און - אן ענין מיוחד אויך לגבי אדר שני, ווארום כאמור לעיל אויך אין דעם נאמען פון דעם חודש וואס מ'איז מברך, אדר שני, איז מודגש (אז מ'געפינט זיך אין) אדר ראשון, ובמילא - איצטער איז בהדגשה די מעלה פון אדר ראשון (אויך) לגבי אדר שני.

ג. דער ענין מיוחד פון חודש אדר ראשון (אויך) לגבי אדר שני:

דער חודש איז כשמו - אדר ראשון, דאס איז דער ערשטער חודש אדר.

וואס אע"פ אז בפשטות איז דאס נאר קדימה בזמן, ד.ה. אז עס הייסט אדר ראשון נאר דערפאר וואס עס קומט פאר אדר שני בזמן - אעפ"כ, איז פארשטאנדיק אז עס איז ניט "מקרה ניקרית", נאר דער חודש האט אין זיך אויך א קדימה במעלה, און דאס איז די סיבה וואס דערפון איז נשתלשל געווארן אז דער חודש האט אין זיך (אויך) קדימה בזמן.

און ווי דער רמב"ם שרייבט אין הל' תענית ווי מ'טאר ניט זאגן אז "מקרה ניקרית", וואס אע"פ אז דער רמב"ם שרייבט דאס בנוגע צו ענינים מיוחדים - איז דאס אבער אזוי בנוגע צו אלע ענינים. און דאס וואס דער רמב"ם שרייבט איז געווארן דער יסוד צו תורת הבעש"ט אז יעדער ענין, יעדער פרט און פרט דפרט, איז פארבונדן מיט, און אין יעדער ענין איז דא אין אים - השגחה פרטית,

וכמבואר בארוכה דער תורת הבעש"ט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר אין זיינע מכתבים, און נאכמער - בתורותיו אז השגחה פרטית איז נוגע אין דער גאנצער בריאה, ביז - אין מחשבה הקדומה דאדם קדמאה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס אדר ראשון איז קדום צו אדר שני בזמן - איז ניט "מקרה ניקרית", נאר עס איז בדיוק, און עס איז נשתלשל געווארן פון דער קדימה פון אדר ראשון צו אדר שני במעלה.

ד. ואע"פ אז עס שטייט אין משנה אז "אין בין אד"ר לשני", אז עס איז ניטא קיין חילוק צווישן אד"ר און אד"ש, און די משנה איז ממשיך "לבד מקרא מגילה ומשלוח מנות ומתנות לאביונים", ד.ה. אז עס זיינען דא מעלות אין אד"ר, און מעלות אין אד"ש, און אין אד"ש קומען נאך צו די מעלות פון "מקרא מגילה ומשלוח מנות ומתנות לאביונים" וואס זיינען ניטא באד"ר -

אעפ"כ איז דא א מעלה אין אד"ר לגבי אד"ש, כאמור לעיל אז עס איז אויך "ראשון" במעלה. והביאור בזה:

עס איז ידוע דער ענין פון "פתח" (דער ענין פון אויפעפענען א צינור), און ווי רש"י זאגט עס בפשטות פאר א בן חמש למקרא אז אויך ער זאל פארשטיין - "כל התחלות קשות".

וואס דאס איז די מעלה פון אד"ר אויף אד"ש: בשעת מ'קומט אין אד"ש - איז שוין דורכגעטראטן די וועג, און נאכמער - עס זיינען שוין געווען בפועל כמה ימים, אין דעם ענין פון אדר, משא"כ אין אד"ר האלט מען ערשט בא דער התחלה, וואס "כל התחלות קשות".

ה. דער ביאור אין די מעלה אין די התחלה, וואס "כל התחלות קשות":

וויבאלד אז עס איז קשה - טוט זיך אויף ע"ד דער ענין פון "יתרון האור מן החושך" און "יתרון החכמה מן הסכלות",

וואס ע"ד ווי דאס איז בא אור און חושך, אז וואס מער דער חושך, ביז "וימש חושך" - איז אלץ מער דער "יתרון האור", ועד"ז בא חכמה און סכלות -

עד"ז איז דאס אויך אין דעם ענין פון התחלות, אז וויבאלד אז התחלות זיינען "קשות" - איז דארטן במיוחד דא דער "יתרון האור".

ו. עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין ווי אזוי אד"ר קען בענטשן אד"ש (כאמור, אז שבת מברכים אד"ש געפינט זיך אין אד"ר),

דלכאורה: א לוקח האט ניט מער ווי דער מוכר, ועד"ז א מתברך האט ניט מער ווי דער מברך - איז ווי קען זיין אז אד"ש, וואס האט אין זיך די ענינים פון "מקרא מגילה משלוח מנות און מתנות לאביונים" - זאל מתברך ווערן פון אד"ר אין וועלכער עס זיינען ניטא די ענינים ("לבד ממקרא מגילה משלוח מנות ומתנות לאביונים")?

און אין די ברכה פון ברכת החודש זאגט מען כמה ענינים, ביז - "ונאמר אמן", וכמבואר אין סיום מס' נזיר אז אמירת אמן איז "מנצח" ע"ד די וואס ברענגען אראפ דעם שלימות הנצחון אין א מלחמה, ד.ה. אז בשעת איינער זאגט אמן ווייס מען אז ער ברענגט אראפ דער שלימות פון דעם ענין - איז ווי האט עס אד"ר דעם כח צו מברך זיין אד"ש ביז אין אזא אופן?

נאר דער ביאור אין דעם איז ע"פ הנ"ל אז דאס וואס דער אדר הייסט אדר ראשון איז דאס דערפאר וואס ער האט אין זיך די מעלה פון "כל התחלות קשות" וואס איז ניטא אין אד"ש, וואס מצד דעם וואס אד"ר האט אין זיך די מעלה - האט ער דעם כח צו מברך זיין אויך אד"ש וואו עס זיינען דא (די ענינים פון "לבד"), די ענינים פון "מקרא מגילה משלוח מנות ומתנות לאביונים".

ז. די הוראה דערפון בפשטות אין מעשה בפועל:

מען האט געזעדט אז אנהויבנדיק פון פורים קטן, "שלשים יום" פאר פורים גדול, דארפן זיך אנהויבן די הכנות צו פורים גדול,

וואס באמת דארפן זיך די הכנות אנהויבן שוין פון ר"ח אד"ר, וואס אין אים זיינען כלול אלע טעג פון דעם חודש, כולל פורים קטן,

נאר דערנאך בפורים קטן, "שלשים יום" פאר פורים גדול, וואס דעמולט איז "קיימא סיהרא באשלמותא" - דארפן די הכנות צו פורים גדול זיין נאכמער.

וואס אע"פ אז בנוגע למעשה בפועל קען מען נאך ניט טאן די ענינים פון פורים גדול אין אד"ר - איז אבער דער לימוד התורה אין די ענינים פון פורים גדול הויבט זיך אן שוין בפורים קטן, "שלשים יום" פאר פורים גדול (און אויך נאך פריער, כנ"ל),

און וויבאלד אז בנוגע צו לימוד התורה הויבט זיך דאס אן פון פורים קטן - איז דאס במילא אויך אזוי בנוגע צו טאן מיט אנדערע, אז אויך דער טאן מיט אנדערע בנוגע צו פורים גדול הויבט זיך אן שוין בפורים קטן,

און אויך - די הכנות וואס ברענגען דעם מעשה בפועל - הויבן זיך אויך אן שוין בפורים קטן.

ח. וואס אין דעם קען ער לכאורה טענה'ן:

וואס איז אזוי דער שטורעם אז ער זאל דאס טאן דוקא אנהויבנדיק פון פורים קטן אן; וואס איז אזוי נוגע די זריזות אין דעם - ער האט דאך צייט?!

עס זיינען דאך דא דרייסיק טעג, איז טאמער ער טוט ניט אין דעם ערשטן טאג פון די דרייסיק טעג - האט ער נאך ניין-און-צוואנציק טעג! און אויך אין דעם ניין-און-צוואנציקסטן טאג - האט ער נאך אכט-און-צוואנציק טעג! - איז וואס איז אזוי דער שטורעם אין דער זריזות?!

און נאכמער: ער האלט נאך פאר אדר שני, וואס אויך פון ר"ח וועט ער האבן שבזעיים אויף זיך צוגרייטן צו פורים גדול! וכדעת רשב"ג אז מען דארף אנהויבן לערנען די הלכות החג ערשט שבועיים פארן חג,

ואדרבה: נאך רשב"ג איז ניט נאר בדיעבד אזוי, נאר - אזוי איז דער ריין לכתחילה; ער דארף אנהויבן זיך צוגרייטן אויף פורים גדול ערשט שבועיים פאר דעם - איז וואס איז אזוי דער שטורעם און די זריזות?!

ט. איז אויף דעם די הוראה פון האמור לעיל, אז אד"ר האט אין זיך אן ענין מיוחד, דער ענין פון "כל התחלות קשות":

וויבאלד אז "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן" - איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ'געפינט זיך אין א זמן פון "התחלות" וואס "קשות" - האט מען און מען גיט די כחות אויף קענען איבערקומען די שוועריקייטן וואס איז דא,

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז באד"ר, ווען ס'איז דער זמן פון התחלה פון דעם ענין פון אדר - זיינען דא ספעציעלע כחות אויף דעם, במילא קען מען ניט אפלייגן די הכנות אויף פורים גדול אויף שפעטער, ווארום מ'האט אויף דערויף געגעבן ספעציעלע כחות;

און זיי זיינען דא נאר באד"ר, און נאך אד"ר זיינען זיי ניטא, און טאמער מען פארפעלט אויסנוצן די ספעציעלע כחות אין אד"ר - האט מען דאס ניט שפעטער,

און ווי דאס איז בנוגע צו יעדער ענין אויף וועלכן מ'גיט כחות מיוחדים, אז זיי זיינען דא נאר דעמולט, און לאח"ז האט מען דאס ניט,

סיידן אז ער איז מתפלל און מבקש און בעט-זיך-איין און קערט עולמות אז מ'זאל אים דאס געבן, וואס דאס איז דאך די בקשה ותפלה פון א בעל תשובה, אז אע"פ אז "חטא ופגם ועבר את הדרך", בעט ער אז ער זאל האבן די ענינים וואס ער האט פארפעלט, און ער באקומט זיי טאקע,

אבער ע"ד הרגיל, זיינען די כחות דא נאר בזמן ווען מ'גיט זיי, און טאמער עס איז ביי אים דא דער "חטא ועבר ופגם את הדרך" - פארפעלט ער די כחות.

וואס מכ"ז איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד באד"ר זיינען דא כחות מיוחדים דערפאר וואס דעמולט איז דער זמן פון התחלה פון דעם ענין פון אדר - טאר מען ניט אפלייגן די עניני אדר, די הכנות אויף פורים גדול, אויף א שפעטערדיקן זמן, נאר מען דארף גלייך טאן אין דעם.

"והמעשה הוא העיקר".

י. כל הנ"ל איז נאכמער בהדגשה דערפאר וואס מ'רעדט דאך וועגן פורים, וואס פורים איז אן ענין כללי, נאכמער כללי אויף די אלע אנדערע מועדים:

בפורים איז געווען "וקבל היהודים את אשר החלו לעשות", דעמולט האבן אידן אנגענומען אויף זיך כללות כל התורה והמצוות - איז דאס (וואס דעמולט איז געווען די קבלה פון כללות התורה והמצוות) דאך אן ענין כללי, נאכמער ווי לדוגמא דער ענין פון חגה"פ, וואס ענינו איז, אז מ'גייט ארויס משעבוד לגאולה, וואס דאס איז אן ענין פרטי בערך צו כללות כל התורה והמצוות.

נאך אן ענין כללי וואס איז דא בפורים, וואס דאס איז ניטא בא <u>קיינער</u> פון די מועדים, אויך ניט בא שבועות וואס אויך שבועות איז ענינו קבלת התורה והמצוות:

בפורים איז געווען א גזירה אויף דער גאנצער (עצם ה)מציאות פון אידן, עס איז געווען "בקש להשמיד להרוג ולאבד ..." (ועל הנסים), און בביטול הגזירה האבן זיי באקומען זייער גאנצער (עצם) מציאותם, משא"כ שאר המועדים זיינען ניט ענינים

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

וואס זיינען שייך צו דער גאנצער (עצם ה)מציאות, ווארום זייער עצם המציאות איז געווען אויך פאר די מועדים, און די מועדים האבן אויפגעטאן נאר א געוויסע מעלה.

בפסח האט זיך אויפגעטאן אז מ'איז ארויס "משעבוד לגאולה" (ועד"ז "מעבדות לחרות ... ומאפלה לאור גדול" (נוסח ההגדה)), כנ"ל - איז אויך שעבוד א מציאות (דא האט זיך אויפגעטאן נאר דער "לגאולה" אין א מציאות וואס איז דא);

עד"ז בחגה"ש, וואס אידן האבן מקבל געווען תורה, איז אע"פ אז דעמולט זיינען אידן געווען ווי גרים, וואס "גר שנתגייר כקטן שנולד דמי" - אעפ"כ, אײדער זיי זיינען געווארן גרים, זיינען זיי געווען א מציאות עכ"פ.

ביז אז בני נח האבן די שבע מצוות, וואס מיט די ציווים ווערן זיי פארבונדן צו דעם אויבערשטן;

ועד"ז בחגה"ס, אז אע"פ אז סוכות איז שייך צו תשובה, וואס דורך תשובה ווערט מען א ברי' חדשה, אז מ'רעדט גאר מיט אן אנדערן, וואס דערפאר איז ניט שייך קיין עונש - אעפ"כ איז אויך פריער, אײדער ער האט תשובה געטאן, איז ער געווען א מציאות, און ווי מ'זאגט אויף דעם דעם לשון "תשובה", אז ער איז "שב", ניט ער איז "נברא";

ועד"ז אויך בחנוכה, וואס דעמולט איז געווען די גזירה "להשכיחם תורתך ולהעבירם מחוקי רצונך" - איז די גזירה ניט געווען אויף עצם מציאותם;

משא"כ בפורים - איז געווען די גזירה

[ווי מ'זאגט אין "ועל הנסים" פון פורים, סיי אין דאוונען, סיי וואס עבודה רוחניות איז עיקרו - דער ענין התפלה, און סיי באם (בענטשן אויף) עסן, וואס עיקרו פון עבודה גשמית איז - אכילה,

[און ווי מ'זאגט אז "מזון", ועד"ז "לחם", איז כולל אין זיך כל הסעודה און כל דרכי האדם (ווי רש"י טייטשט אפ), ועד"ז דער שם "פרנסה" איז כולל אין זיך כל דרכי האדם, ווי עס ברענגט זיך אין חסידות פון גמרא]]

"להשמיד להרוג ולאבד ...", א גזירה אויף דער גאנצער (עצם ה)מציאות.

וע"ד ווי מ'זאגט בפסח אין הגדה אז "פרעה לא גזר אלא על הזכרים ולבן ביקש לעקור את הכל", וואס עד"ז איז געווען בא פורים, אז "בקש לעקור את הכל",

[וואס אויך דא, אז מ'זאגט אז פסח איז "פרעה לא גזר אלא על הזכרים" - זעט מען אז בפסח איז די גזירה ניט געווען אויף דער גאנצער מציאות, וואס אזוי ווי דאס איז אין ענינים (אז ס'איז ניט אויף דער גאנצער מציאות) אזוי איז דאס ארויס-געקומען אויך אין אנשים, אז "פרעה לא גזר אלא על הזכרים",

משא"כ בא פורים איז געווען "בקש לעקור את הכל", כנ"ל].

יא. דאס איז אויך דער ביאור וואס בפורים איז די עבודה - "עד דלא ידע":

יעדע מציאות, חוץ פון עצמות ומהות - איז במדוה"ג, במילא, איז יעדער מציאות שייך (במקצת עכ"פ) צו דעם ענין פון ירידה (ענין שבמדוה"ג),

משא"כ העדר המציאות קען מען ניט נעמען מיט שכל וידיעה, ס'איז ניטא צו וועמען צו רעדן.

וואס דערפאר, איז דוקא בפורים, וואס דוקא פורים איז ענינו עצם המציאות, דער אריבערגיינג פון העדר המציאות אויף מציאות (כנ"ל) - דוקא דארטן איז די עבודה "עד דלא ידעי".

וכאמור, בפורים, בביטול הגזירה, האבן אידן באקומען עצם מציאותם, און דוקא ימי הפורים איז "לא יסופו גו'".

יב. וואס מכל הנ"ל, אז פורים איז אן ענין כללי וואס איז נוגע צו דער גאנצער מציאות, - איז פארשטאנדיק נאכמער בהדגשה, ווי די אלע ענינים פון פורים זאל מען ניט אפלייגן,

און ווי עס שטייט אין המשך ההילולא, אז מען קען ניט אפלייגן קיין זאך, ווארום מען ווייס ניט וואס וועט שפעטער זיין,

און אפילו אויב בנוגע לעצמו מאכט ער א חשבון אז ער קען דאס אפלייגן, איז אבער בנוגע צו טאן מיט א צווייטן מובן בפשטות אז וויבאלד ער האט צו טאן מיט א צווייטן - קען מען ניט וויסן וואס וועט שפעטער מיט יענעם זיין.

וואס דאס פארשטייט מען אויך בפשטות פון מסחר, וואס במילא פארשטייט עס אויך בפשטות דער נה"ב, עס איז אויך בפשטות פאר דעם שכל פון א בהמה, און ווי מ'זעט עס בשעת מ'וועט פרעגן ביי א גוי, און ניט דערפאר וואס ער איז א מאמין בהשגחה פרטית על כל פרט ופרט דפרט, אדער א מאמין בהשגחה פרטית בכללות -

אז מ'פרעגט אים: בשעת מ'דארף מאכן א מסחר מיט א צווייטן - קען מען דאס אפלייגן? וועט ער ענטפערן: וואס הייסט אפלייגן - איך בין דאך ניט קיין בעה"ב אויף יענעם, קען איך ניט וויסן וואס מיט יענעם וועט זיין?!

וואס דערפון איז מובן בפשטות, אז מ'זאל ניט אפלייגן די אלע עניני פורים, נאר מ'זאל גלייך טאן אין דעם, און ער זאל ניט טענה'ן אז ער גיט א קוק אויפן קאלענדאר האט ער נאך צייט,

און ער טענה'ט אז וויבאלד אז ער האט צייט קען ער גיין שפאצירן, און במילא וועט דער צווייטער אויך שפאצירן - ווארום אויב מ'וועט שפאצירן, קען מען ניט וויסן וואוהין מ'קען זיך אוועק-שפאצירן.

וואס דערפאר דארף יעדערער טאן וואס ער קען אין די עניני פורים במעשה בפועל, און דאס ניט אפלייגן אויף שפעטער.

וכאמור, זיינען דא אויף דערויף די ספעציעלע כחות פון אד"ר, און אזוי שטייט אז "שלשים יום" לפני החג דארף מען אנהויבן לערנען די הלכות החג, ובפרט אז נשיא דורנו חזר'ט דאס איבער, און ער לייגט ארויף די שליחות אויף צו טאן מיט א צווייטן - איז דברי צדיקים קיימים לעד, און זיי זיינען פועלים פעולתם, סיידן אז ער עקשן'ט זיך איין, און האלט אז ער איז קליגער און אז ער קען דאס שפעטער טאן.

יג. אין דערויף קומט צו אויך די הוראה פון דעם סיפור מיטן צ"צ

[וועלכן מ'האט שוין אמאל דערציילט, וואס עס קען זיין אז מ'האט עס שוין פארגעסן, וואס דאס איז אן ענין שלא לזכות, אדער - לכף זכות: מסתמא זיינען דא אזעלכע וואס האבן ניט געהערט דעם סיפור מסיבות שאינם תלויים בהם, אדער עכ"פ דאס ניט געהערט],

וואס אין דעם סיפור קען מען אויך זען אז דער צ"צ איז דעמולט געווען אין א

גיל צעיר, וואס דאס זעט מען דערפון וואס ער איז געקומען צו דעם אלטן רבי'ן, און אויך פון דעם תוכן הסיפור:

דער אלטער רבי האט אמאל געוואלט געבן דעם צ"צ תורה במתנה, האט דער צ"צ ניט געוואלט. דערנאך לאחרי זמן, האט דער צ"צ חרטה געהאט.

האט מען אים געפרעגט: פארוואס איז ער זיך מתחרט, לכאורה איז דאס א גלייכע זאך צו באקומען תורה ביגיעה?!

האט ער געענטפערט, אז תורה איז "ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים", איז אז ער וואלט באקומען תורה במתנה, וואלט ער געגוצט יגיעה אויף שאר התורה, וואס "ארוכה מני ארץ וגו'" [און די תורה וואס ער וואלט באקומען במתנה וואלט אים געהאלפן אין דעם].

יד. וואס דערפון איז א הוראה אויך בעניננו:

ער קען לכאורה טענה'ן ער האט דאך דרייסיק טעג צו זיך גרייטן אויף פורים גדול, איז אויב ער וועט גלייך אנהויבן טאן - וואס וועט ער שפעטער טאן?

איז אויף דעם איז דא די הוראה פון דעם סיפור הנ"ל מיט דעם צ"צ, אז וויפל ער וועט טאן, קען ער אלעמאל טאן נאכמער -

אזוי ווי דאס איז בתורה אז עס איז דא אין תורה די אריכות און התרחבות וכו', עד"ז איז דאס אויך אין דעם וואס לימוד התורה ברענגט (גדול לימוד שמביא לידי מעשה), אז אויך אין מעשה איז דא די אריכות און התחרבות וכו'.

וואס במילא דארף ער אנהויבן טאן גלייך איצטער בזריזות, און ביז אין אן אופן אז א צווייטער זאל מעיד זיין אז ער טוט דאס בשלימות.

און ער זאל ניט טענה'ן, אז וואס דארף ער האבן זריזות אין דעם לימוד, דער לימוד איז לכאורה נאר א הכנה; ער וועט האבן זריזות אין דער מעשה עצמה -

נאר אויך אין דעם לימוד ההלכות זאל ער גלייך אנהויבן טאן בזריזות, וכמבואר לעיל, אז מ'קען דאס ניט אפלייגן, און וויפל ער וועט נאר טאן איצטער וועט אים אלעמאל בלייבן אויף שפעטער.

טו. און דורך דעם טאן בכל ענינים אלו, איז מסמך די גאולה פון פורים [וואס קומט באד"ש, וואס דעמולט קורין את המגילה] - צו די גאולה דלעתיד,

ע"י משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

טז. נוסף להאמור לעיל וועגן אד"ר און אד"ש, אז דער שם החודש ווייזט אויף תוכנו, און אז חודש אדר ראשון איז כשמו - ראשון, אויך במעלה, צו אדר שני, און אז אין אד"ר קען מען במיוחד מכין זיין צו פורים גדול -

איז כאן המקום צו מוסיף זיין ביאור, אדער להמשיך, דאס וואס עס האט זיך גערעדט פריער וועגן פורים קטן און פורים גדול.

יז. מען האט גערעדט אז לכאורה, ע"ד ווי מ'געפינט "פורים קטן" און "פורים גדול", וואלט מען געדארפט געפינען עד"ז "פסח קטן" און "פסח גדול" - און מ'געפינט דאס ניט?

וואָרום פונקט אַזוי ווי בּאַ פּורים, וואו עס זיינען דאָ צוויי פּורים'ס, און זיי האָבּן צווישן זיך אַ יחס פון קטן און גדול - ווערט איינער אָנגערופן "פּורים קטן" און דער צווייטער "פּורים גדול" - עד"ז האָט לכאורה אויך געדאַרפט זיין בּאַ די צוויי פּסח'ס, פּסח ראשון און פּסח שני, וואָס פּסח ראשון איז גדול ביחס צו פּסח שני - אַז פּסח ראשון זאָל אָנגערופן ווערן "פּסח גדול" און "פּסח שני" - "פּסח קטן"?

און נאָכמער: "פּסח שני" געפינט מען טאַקע יע אַז עס זאָל אָנגערופן ווערן "פּסח קטן", דערפאַר וואָס ער איז קטן לגבּי פּסח ראשון - און אעפ"כ געפינט מען ניט אַז פּסח ראשון זאָל אָנגערופן ווערן "פּסח גדול"?

יח. וואָס אין דעם איז דאָ אַ דיוק המובן בפשטות, וואָס מ'האָט עס ניט גערעדט בּפירוש ווייל מ'האָט גערעכנט אַז מ'וועט זיך אַליין כאַפּן אויף דעם:

צוויי פּסח'ס טרעפן בּכל שנה ושנה, משא"כ צוויי פּורים'ס טרעפן ניט בּכל שנה ושנה, און ניט נאָר ניט אין רוב שנים, נאָר אויך ניט אין מחצית השנים, וואָרום עס זיינען דאָ צוויי פּורים'ס נאָר בּשנים מעוברות, וואָס שנים מעוברות זיינען אַפילו ניט מחצית השנים, וואָרום עס זיינען דאָ נאָר זיבּן שנים מעוברות אין די ניינצן יאָר פון אַ מחזור קטן,

און נאָכמער: דער ענין פון אַ שנה מעוברת איז צוליבּ אַן ענין בּלתי רצוי;

משא"כ פּסח איז בּכל שנה ושנה ע"ד הרגיל.

וואָס עפ"ז דאַרף מען האָבּן נאָך מער בּיאור, פאַרוואָס בּפּסח וואָס טרעפט בּכל שנה ושנה געפינט מען ניט אַז פּסח ראשון זאָל אָנגערופן ווערן "פּסח גדול", און דווקא ווען עס זיינען דאָ צוויי <u>פּורים</u>'ס, וואָס דאָס איז ניט בּרוב השנים, און צוליבּ אַן ענין בּלתי רצוי כנ"ל - געפינט מען "פּורים קטן" און "פּורים גדול"?

יט. מען האָט אָנגעהויבּן טאָן אין די שאלה מיט בּקיאות און חריפות, און שפּאַלטן אַ האָר, און מ'האָט אויך געפרעגט, אַז אין ירושלמי און אין מגילת תענית שטייט יע "פּסח גדול"?

און וויבּאַלד אַז מ'האָט ניט געוואָלט אַנרירן, האָט מען געפרעגט פון אַ פריערדיקער שיחה וואָס מ'האָט אַמאָל גערעדט, וואָס דאָרטן האָט מען דערמאָנט "פּסח קטן" און "פּסח גדול"?

[וואָס כּמדובּר רירט מען קיינעם ניט אָן מיטן פרעגן, און וויבּאַלד אַז כנראה דאַרף מען - חזר'ט מען דאָס איבּער דריי מאָל].

וואָס דער בּיאור אין דעם איז:

אַדרבּה, וויבּאַלד אַז אין די צוויי ערטער ווערט עס יע אָנגערופן בּשם "פּסח גדול", ווערט נאָך שטאַרקער די קשיא: פאַרוואָס איז דאָס ניט אַרויסגעקומען אַזוי אין מנהג ישראל אַז מ'זאָל עס אָנרופן "פּסח גדול"?! ועד"ז דער אַלטער רבּי בּסידורו שרייבּט ניט "פּסח גדול"?!

וואָס וויבּאַלד אַז די קשיא איז שטאַרקער - דאַרף מען האָבּן אויך אַ מער וואָגיקן תירוץ.

כ. וואָס איצטער וועט מען רעדן אין דעם, און זאָגן איינעם פון די בּיאורים בּדבר:

מען רופט אָן איינעם קטן און איינעם גדול בּשעת עס זיינען דאָ צוויי, און איינער פון די צוויי איז אַ גדול,

וואס דאס איז שייך, דוקא אז בשעת מ'האלט בא דעם ערשטן ווייס מען זיכער אז עס וועט זיין דער צווייטער; בשעת אבער מ'איז ניט זיכער אז עס וועט זיין דער צווייטער - איז ניט שייך אנרופן דעם ערשטן "קטן" צי "גדול".

וואס דערפאר, בפורים, וואס בשעת עס איז דא דער ערשטער פורים ווייס מען אז עס וועט זיין דער צווייטער פורים, און דערנאך, בשעת מ'קומט צו דעם צווייטן פורים, האט מען דעם ערשטן פורים אין האנט - איז שייך אנרופן דעם ערשטן פורים - "פורים קטן", און דעם צווייטן - "פורים גדול".

משא"כ בשעת מ'האלט בא דעם ערשטן פסח, אין ניסן, ווער זאגט אז עס וועט זיין בכלל א פסח שני? אויף א פסח שני דארף מען האבן אז עס זאל זיין א יחיד, און דער יחיד זאל זיין "טמא" אדער "בדרך רחוקה" ובו',

און נאכמער: אפילו אויב עס וועט זיין אזא איינער - קען זיין אז בפסח שני וועט ער זיין א אנוס, און הגם אז פאר אן אנוס דארף מען טאקע ניט מורא האבן - קען אבער זיין אז ער וועט ווייטער זיין "טמא ובדרך רחוקה וגו'",

און נאכמער: ביז דער רגע האחרון פון סוף זמן הקרבת הפסח אין פסח ראשון קען מען ניט וויסן צי ער וועט בכלל דארפן אנקומען צו פסח שני, ווארום אפילו אויב ער איז טמא, ער איז איצטער נאך אלץ ביום השביעי - קען גאר זיין אז ער וועט קענען איצט מקריב זיין דעם קרבן פסח און ניט דארפן אנקומען צו פסח שני, ווארום עס קען זיין אז דער רוב ציבור וועלן טמא ווערן, און "אין ציבור נידחים לפסח שני", וועט דער גאנצער ציבו והוא בתוכם, מקריב זיין בפסח ראשון.

און אפילו אויב ער וועט יע דארפן אנקומען צו פסח שני, קען זיין אז דער ציבור וועט אויך דארפן אנקומען צו פסח שני, וואס לדעת כמה פוסקים איז (ניט נאר אויף זאגן אז מען שטופט ניט אפ דעם ציבור פון פסח ראשון, נאר אויך אויף דעם זאגט מען אז "אין ציבור נידחים לפסח שני": א ציבור איז קיינמאל ניט מקריב בפסח שני -

וואס מכ"ז איז פארשטאנדיק אז בפסח ראשון איז ניט זיכער אז עס וועט בכלל זיין א פסח שני - איז במילא פארשטאנדיק, אז עס איז ניט שייך אנרופן דעם ערשטן פסח - "פסח גדול" און דעם צווייטן פסח - "פסח קטן".

כא. פון דעם ענין האמור לעיל בנוגע צו פסח שני - איז דא א הוראה אין אהבת ישראל:

מ'זעט די טייערקייט פון יעדער יחיד - עס איז דא אן איין-און-איינציקער איד וואס דארף מקריב זיין דעם קרבן פסח, בייט מען דעם סדר פון דעם ביהמ"ק, עס ווערט כהנים בעבודתם, ולויים בשירם ובזמרם, וישראל במעמדם, וואס דאס איז כולל אלע אידן!

און וואס טענה'ט דער איד - ער טענה'ט "למה נגרע", ער טענה'ט ניט אז ער וועט ווערן אויס איד, אדער אויס מציאות, ער טענה'ט מערניט ווי "למה נגרע", ער וויל זיין גלייך מיט אלע אידן - איז צוליב אזא טענה שטורעמט מען אויף דעם גאנצן ביהמ"ק מיט כהנים בעבודתם וכו'!

און וואס פאר א איד איז דאס - א איד וואס איז "טמא ובדרך רחוקה", כולל אויך טמא בפנימיות הענינים, און ווי דער פסוק איז ממשיך "(טמא ובדרך רחוקה) לכם", ווי געדרוקט אין "היום יום", אז דאס ווייזט אויף נאך א נידעריקערע דרגא: א איד וואס איז מערניט בבחי' 'בריות בעלמא", ווי ער זאגט אין תניא פרק לב,

און אט דער איד טענה'ט נאר "למה נגרע" (כנ"ל) - און צוליב דעם שטורעמט מען אויף, און מ'בייט דעם סדר פון דעם ביהמ"ק וכו',

און - דורך די הקרבת הקרבן דעמולט ווערן אויך נמשך די המשכות מלמעלה!

וואס בשעת מ'ביִיט דעם סדר אין דעם ביהמ"ק - איז פארשטאנדיק, אז דעמולט ווערט איבערגעדרייט אויך גאנץ סדר ההשתלשלות, ווארום אויף דעם ביהמ"ק זאגט מען "הן השמים ושמי השמים לא יכלכלוך אף כי הבית הזה", ד.ה. אז דער ביהמ"ק איז העכער פון די אלע מדריגות אלו, איז פארשטאנדיק, אז בשעת עס ווערט א שינוי אין דעם ביהמ"ק - ווערט א שינוי אויך אין די אלע מדריגות -

זעט מען די טייערקייט פון א אידן, אז אפילו ער איז נאר א יחיד, און דערצו נאר בבחי' "בריות בעלמא", און זיין טענה איז נאר "למה נגרע" - דרייט מען איבער צוליב אים גאנץ סדר ההשתלשלות!

כב. ע"פ הנ"ל איז פארשטאנדיק די הדגשה פון דעם פתגם פון כ"ק מו"ח אדמו"ר אז פסח שני איז ענינו אז עס איז ניטא קיין פארפאלן:

בשעת מ'זאגט אז פסח שני איז ענינו אז עס איז ניטא קיין פארפאלן, איז דאס ניט ווי מ'לערנט דאס סתם אזוי, אז עס איז ניטא קיין פארפאלן און מ'קען אלעמאל משלים זיין, נאר - אז עס איז ניטא קיין פארפאלן עד כדי כך אז צוליב דעם אז ער זאל קענען משלים זיין וואס ער האט געפעלט - שטורעמט מען אויף און מ'דרייט איבער גאנץ סדר ההשתלשלות!

כג. אין דעם אלטן רבי'נס סידור, אין די שורות וואס זיינען פאר למנצח וואס קומט פאר ובא לציון

- וואס פון די שורות ווייס אויך א קינד, א בן חמש, ווארום אע"פ אז די שורות זיינען אן נקודות און דער קינד קען זיי ניט ליינען - אעפ"כ גיט מען דאך דעם קינד א סידור אויף צו דאווענען פון אים, און דער מלמד זאגט דעם קינד ווען מ'דארף זאגן תחנון און ווען ניט (וואס דאס איז דער תוכן פון די שורות) -

שרייבט דער אלטער רבי דעם לשון "פסח <u>שני</u>", דערנאך - "פורים <u>קטן</u>", און "ערב פורים .. <u>קטן</u>", און דערנאך "..פסח <u>שני</u>".

וואס לכאורה דארף מען האבן א ביאור - פארוואס איז דער אלטער רבי משנה, אז בא פסח שרייבט ער "פסח שני" דוקא, און בא פורים שרייבט ער "פורים קטן" דוקא - לכאורה וואלט ער געדארפט שרייבן בא ביידע דעם זעלבן לשון, אדער "שני" אדער "קטן"?

כד. דער ביאור אין דעם:

בא יעדערן (פסח און פורים) שרייבט דער אלטער רבי דער תואר וואס פאסט, און וואס איז נוגע, בא אים, - דערפאר שרייבט ער בא פסח דעם תואר "שני", און בא פורים דעם תואר "קטן", ווארום בא פסח (שני) פאסט און איז נוגע דער תואר "שני" און בא פורים (קטן) - דער תואר "קטן".

והביאור בזה:

בא פסח שני איז נוגע דער תואר "שני", וואס "שני" האט אין זיך ניט נאר דער פירוש פון שני אין זמן, נאר אויך שני במעלה,

וואס אע"פ אז מען האט פריער גערעדט וועגן די מעלה וואס איז דא אין ראשון איבער שני - איז אבער אויך אין שני דא א מעלה, וואס בשעת מ'קומט צו דעם שני שטייט מען אין א העכערער מדריגה, ווארום "מעלין בקודש",

וואס דערפון ווייס אויך א קינד, ווארום ער ווייס אז דער מלמד מאנט ביי אים אז וואס ווייטער דארף ער ווערן וואס קליגער און פרימער,

וואס דערפאר שרייבט דער אלטער רבי בא פסח דעם תואר "שני", ווארום אין דעם איז דא די הוראה, אז עס איז ניט סתם נאך א פסח נאר א "פסח שני", א העכערער פסח, ווארום "מעלין בקודש".

ובפרט עפ"י המבואר בפנימיות הענינים אין דעם מאמר וואס רעדט וועגן פסח שני, אז "פסח שני" איז ענינו - מעלת האתהפכא על אתכפיא.

וואס דאס אלץ איז בנוגע צו פסח, משא"כ בפורים קען מען ניט אנרופן דעם ערשטן "פורים שני" - ווארום דער פורים איז דאך דער ערשטער פורים, און נאכמער: עס איז דאך דא דער חילוק פון דעם ערשטן פורים און דעם צווייטן פורים אין די ענינים פון "מקרא מגילה משלוח מנות ומתנות לאביונים", איז דער ערשטער פורים וואס ביי אים זיינע ניטא די אלע ענינים ווי בא דעם צווייטן פורים - פאסט ניט צו אים אנרופן "פסח שני", ווארום ער איז ניט בדוגמת דעם צווייטן פורים, אז מ'זאל אים אנרופן "שני", אז ער איז צו אים א צווייטער;

דער ערשטער פורים איז מערניט ווי א הכנה צו דעם צווייטן פורים - רופט מען אים דערפאר אן "פורים קטן".

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס דער אלטער רבי איז מדייק צו שרייבן בא פסח דעם תואר "(פסח) שני", און בא פורים - "(פורים) קטן".

כה. איצטער, בשעת מ'געפינט זיך אין שבת מברכים אדר שני - האט מען סיי די מעלה פון פורים קטן וואס איז אין אדר ראשון, און סיי די מעלה פון פורים גדול וואס איז אין אדר שני:

ע"ד ווי דאס איז שבת א' דראש חודש אד"ש - אז מען האט דעמולט ביידע מעלות, די מעלה פון פורים קטן וואס איז אין אדר ראשון און די מעלה פון פורים גדול וואס איז אין אד"ש, ווארום אדר"ח אד"ש איז שייך צו ביידע חדשים: עס איז יום ל' פון חודש אדר ראשון, און ר"ח פון אדר שני -

עד"ז איז דאס אויך אין שבת מברכים אד"ש - אז ער האט אין זיך ביידע מעלות, ווארום דער שבת איז שייך צו ביידע חדשים: ער געפינט זיך אין אדר ראשון, און ער איז מברך אדר שני.

כו. דער ענין אז עס זיינען דא צוויי חדשי אדר, דערפאר וואס עס איז דא א חודש העיבור וואס איז משלים א חסרון - איז א הוראה אין עבודת האדם, אז עס דארף זיין די השלמה אין אלע ענינים הצריכים השלמה,

און ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו א שנת העיבור, אז אמאל איז דאס משלים נאך א חסרון בעבר ובהוה, און אמאל איז דאס אויך משלים א חסרון וואס וועט זיין בעתיד [ווארום א שנת החמה איז יתירה על שנת הלבנה ... איז דער חודש וואס מ'לייגט צו - קארגע דריי מאל אזוי פיל, איז אמאל איז דאס מספיק אויך אויף צו משלים זיין א חסרון וואס וועט ווערן ערשט בעתיד] - עד"ז דארף אויך זיין בעבודת האדם.

און ניט ווי די מרה שחורה'ניקעס, און בעלי מוסר ביז אויך גדולי ישראל, וואס רעדן וועגן דערויף וואס דער ענין פון עיבור ווערט צוליב אן ענין בלתי רצוי - נאר מ'דארף קוקן אויף יעדער זאך אויף דער צד הטוב שבזה, און אזוי אויך אויפן חודש העיבור;

ווי מ'זעט אז דער אלטער רבי האט ניט אראפגעבראכט בסידורו די הוספה פון "ולכפרת פשע" אין מוסף בשנת העיבור -

און פון חודש העיבור דארף מען אפלערנען די הוראה הנ"ל בעבודת האדם, אז עס דארף זיין דער ענין פון השלמה, ביז אויף צו משלים זיין אויף א חסרון וואס וועט ערשט ווערן בעתיד.

כז. עס איז דאך "התורה היא נצחית" - איז אע"פ אז דאס לערנט מען אפ פון חודש העיבור דארף דערפון זיין א הוראה נצחית ניט נאר אויף דעם חודש העיבור עצמו, נאר - סיי אויף אלע טעג פון דעם שנת העיבור, און אויך אויף אלע אנדערע יארן.

ויה"ר אז פון דעם דיבור זאל עס ארויסקומען במעשה, עכ"פ, כנהוג, א חלק עשירי דערפון וואס מ'רעדט, אדער אדרבה - עס וועט זיין "תן לחכם ויחכם עוד", אז עס וועט דערנאך צוקומען נאך מערער,

אז מ'זאל משלים זיין אלץ וואס פאדערט השלמה, הן בעבר און הן דאס וואס קען קומען בעתיד,

און משלים זיין מיט ביידע פירושים וואס זיינען דא אין שלימות - משלים זיין את החסר, און אויך - אויפטאן שלימות,

וואס דורכדעם וועט מען קומען צו דער גאולה השלימה,

ע"י משיח צדקנו, בקרוב בימינו ממש.

* * *

כח. שבת מברכים אדר שני קען חל זיין בכמה קביעות, איז נוסף להמדובר לעיל - איז אויך דא א הוראה פון דער קביעות המיוחדת אין וועלכע שבת מברכים אדר שני איז חל בשנה זו, ובמיוחד - פון דער קביעות ווי עס איז פארבונדן מיט תורה, וואס בשנה זו איז עס חל אין דעם שבת ווען מ'לייענט פרשת ויקהל.

כט. בשעת מ'זאגט "ויקהל" - ווארפט זיך גלייך אין די אויגן דער קשר צו שנת "הקהל", זאגט ער טאקע אין זהר פון פרשתנו "ויקהל משה, רבי אבא פתח (דברים לא) הקהל את העם האנשים והנשים והטף. מה להלן כללא דכלהו ישראל, אוף הכא כללא דכלהו ישראל, ומאן אינון שתין רבוא".

אין די דברי הזהר איז דא א פירוש פון דעם "אור החמה", אבער דער פירוש איז שווער, און עס איז נראה צו זאגן אן אנדער פירוש אין דברי הזהר.

[בשעת עס רעדט זיך וועגן הלכה, איז דעמולט דא דער "והוי' עמו שהלכה כמותו", און עס איז דא נאר איין הלכה, עס איז "תורה אחת", און מען איז דעמולט מצווה צו זיך פירן ע"פ די הלכה ווי גדולי ישראל האבן אפגע'פסק'נט -

משא"כ בשעת עס רעדט זיך וועגן אן ענין אין תורה וואס איז ניט נוגע להלכה - איז דא דער ציווי אויף "לאפשא לה"; יעדערער איז מחוייב צו זיך משתדל זיין, זיך מתבונן זיין און מעמיק זיין אין די עניני תורה, און פארטיפן זיך און פארענטפערן וכו',

וכמובן, מיט דער באווארעניש אז דאס איז "לפי עניות דעתי", אדער אז דאס איז "ויש לבאר", וכיו"ב.

וואס עד"ז איז דאס אויך בעניננו, בנוגע דעם פירוש אין דעם זהר הנ"ל].

ל. דער אור החמה איז מפרש, אז עס איז געווען שווער "אומרו עתה הקהל ובזולת זה אומר כל עדת", און אויף דעם ענטפערט ר' אבא אז דער הקהל איז ווי הקהל דהתם (און אויף דאס אנצואווייזן שטייט דוקא דער ל' "הקהל"),

דערנאך ווערט ר' אבא'ן שווער: וואס דארף מען דא האבן טף; בשלמא אנשים ונשים - לנדבה, אבער פארוואס טף? דערפאר זאגט ר' אבא אז מ'לערנט אפ פון דארטן נאר ס' רבוא אבער ניט - טף, און דאס איז וואס ער זאגט "ומאן ניהו - אין אונזער פאל - שתין רבוא" אנשים און נשים, וואס משרע"ה האט געוואלט אז זיי זאלן הערן די מצוה מפיו ממש

[אבער אין אנדערע זמנים פלעגן זיך צונויפקלייבן את שנדבה רוחו אותו].

וואס ווי ס'איז משמע פון דער פשטות פון דעם ביאור - איז א סתירה מיני' וביה: ר' אבא ברענגט פריער דעם פסוק "הקהל את העם האנשים והנשים והטף" צו זאגן אז דער הקהל איז הקהל דהתם - און זאגט גלייך דערנאך אז "מאן ניהו שתין רבוא" איך צו שולל זיין טף, דער עיקר חידוש פון דעם פסוק פון הקהל?!

ווארום אין דעם פסוק הקהל איז ניט דער חידוש "הקהל את .. האנשים", און אויך ניט "הקהל .. והנשים", ווארום ניט נאר בשנת הקהל, נאר אויך יעדער יאר, האט מען צונויפגעקליבן די נשים,

און אזוי אויך בא יעדער יום-טוב, ווארום אויך נשים זיינען מחוייב אין שמחת יו"ט,

ועד"ז בשעת מ'האט צונויפגעקליבן אידן לאפרושי מאיסורא - האט מען צונויפגעקליבן סיי אנשים און סיי נשים, ווארום אויך צו זיי איז דאס נוגע,

דער גאנצער חידוש פון דעם פסוק "הקהל את האנשים והנשים והטף" איז - "והטף", אז דעמולט קלייבט מען צונויף אויך טף -

איז ווי איז דאס מתאים אז דער זהר זאל ברענגען דעם פסוק "הקהל את .. האנשים והנשים והטף" צו זאגן אז דער הקהל איז ווי הקהל דהתם - און גלייך דערנאך איז ער שולל פון דאנענט דער עיקר חידוש פון דעם פסוק?!

לא. עס איז אויך מובן, אז דאס וואס דער זהר גלייכט צו דעם הקהל פון דא צו דעם הקהל פון דארטן - איז ניט גלאט דערפאר וואס די צוויי ווערטער זיינען גלייך, און דאס איז מעורר אז מ'זאל זיי צוגלייכן אין תוכן, נאר אדרבה - דערפון וואס זיי זיינען גלייך אין תוכן קומט עס ארויס אויך אין די ווערטער,

ווארום ערשטנס - עס זיינען דאך דא נאך כמה פעמים וואו עס שטייט דער לשון, ווי עס שטייט, לדוגמא, "הקהל", אדער "הקהילו", און דאס וואס עס שטייט "הקהילו" - איז גאר אן ענין בלתי רצוי,

און אויך - ווי מ'האט גערעדט וועגן דעם כללות הענין וואס מ'גלייכט צו צוויי ווערטער, ווי אין א גזירה-שוה, וכיו"ב, אז ס'איז ניט דער פשט אז גלאט דערפאר וואס די צוויי ווערטער זיינען גלייך איז דאס מעורר אז מ'זאל זיי צוגלייכן אין תוכן, נאר אדרבה - דערפאר וואס זיי זיינען גלייך אין תוכן, און תורה וויל אז מ'זאל דערפון וויסן - האט עס תורה ארויסגעגעבן און ארייגעשטעלט אויך אין די ווערטער,

אבער כמובן אז מ'קען ניט מאכן פון די סיבה (די גלייכקייט אין תוכן) א מסובב, און פון דעם מסובב (די גלייכקייט אין די ווערטער) - די סיבה;

וואס עד"ז איז דאס אויך בעניננו - אז עס איז דא א גלייכקייט אין תוכן צווישן דעם הקהל פון דא און דעם הקהל פון דארטן, און דערפון קומט עס ארויס אויך אין די גלייכקייט אין די ווערטער.

לב. דער פירוש וואס איז נראה צו זאגן אין דברי הזהר:

דער זהר גלייכט צו הקהל פון דא צו דעם הקהל פון דארטן טאקע בכדי צו זאגן אז דא זיינען אויך געווען "האנשים והנשים והטף", און אעפ"כ איז ניטא דערצו קיין סתירה דערפון וואס דער זהר זאגט "ומאן אינון שתין רבוא".

והביאור בזה - בהקדים ווי מען געפינט דער ענין פון ששים רבוא אין אן אנדער ארט, בא מ"ת:

דער ענין פון ששים רבוא געפינט מען בא מ"ת, ווי דער מדרש זאגט אז "אילו הי' שם ששים רבוא חסר אחד לא הי' ...",

וואס עס איז פארשטאנדיק, אז דער מספר ששים רבוא איז געווען דער מספר פון די מענער אליין, אן די נשים און דעם טף, און ווי דער פסוק זאגט בפירוש "כשש מאות אלף רגלי הגברים לבד מטף",

וואס אע"פ אז דער פסוק זאגט בפירוש נאר "לבד מטף", איז דער פסוק אבער אויך שולל נשים, ווארום דער פסוק זאגט בפירוש "הגברים", אדער מען קען אפשר זאגן אז דער פסוק איז שולל נשים במכ"ש דערפון וואס ער איז שולל טף: דער פסוק באווארנט "לבד מטף" בפירוש - דערפאר וואס טף וועלן דערנאך אויסוואקסן און ווערן גברים, דארף מען זיי שולל זיין, משא"כ נשים - איז פשיטא אז זיי זיינען ניט נכלל אין דעם מספר, און מ'דארף זיי גארניט שולל זיין;

אבער עכ"פ, ווי מ'זאל לערנען, איז דער מספר ששים רבוא כולל נאר "הגברים", און אויף דערויף גייט וואס דער מדרש זאגט "אלמלא הי' שם ..".

אבער (אע"פ אז עס איז מודגש דווקא דער ענין פון ששים רבוא "גברים" -) אעפ"כ, זיינען בא מ"ת אויך געווען נוגע סיי טף און סיי נשים:

מ'זאגט דאך אז צו מ"ת איז געווען נוגע אז "בנינו עורבים אותנו",

און - דער אויבערשטער האט געזאגט משה'ן "כה תאמר לבית יעקב (אלו הנשים תאמר להם בלשון רכה, רש"י) ותגיד לבני ישראל" (עונשין ודקדוקין פרש לזכרים), און דווקא מיט דעם סדר, פריער נשים און דערנאך אנשים, וואס דאס איז געווען בכדי צו באווארענען אז עס זאל ניט זיין נאכאמאל ע"ד ווי עס איז געווען בא חטא עץ הדעת, וואס דארטן איז פריער אנגעזאגט געווארן אדה"ר און דערנאך חוה און דערפאר איז ארויס אן ענין בלתי טוב,

וואס דאס ("כה תאמר לבית יעקב ותגיד לבני ישראל") איז געווען פאר מ"ת, עד"ז בא מ"ת גופא - איז פארשטאנדיק, אז די נשים זיינען אויך געגאנגען צו מ"ת און ניט געבליבן באהלם,

וואס מכ"ז זעט מען, אז בא מ"ת זיינען געווען שייך אויך נשים און טף; און אעפ"כ זאגט מען אז "אלמלא הי' שם ששים רבוא ..." דווקא, וואס ששים רבוא גייט דווקא אויף "הגברים", כנ"ל.

לג. דער ביאור בזה (אז אע"פ אז אויך נשים וטף זיינען געווען שייך צו מ"ת - שטיט דווקא "אלמלא הי' שם ששים רבוא ..") - איז ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו תורה עצמה (ניט די מענטשן וואס זיינען געווען במ"ת) בא מ"ת:

בשעת מ"ת זיינען נאר געגעבן געווארן די עשה"ד, אבער אעפ"כ זיינען זיי כולל אין זיך גאנץ תורה,

וואס עד"ז איז דאס אויך בנוגע צו דעם ענין פון "ששים רבוא" וואס זיינען געווען במ"ת, אז אע"פ אז אויך נשים וטף זיינען שייך צו מ"ת - זאגט מען נאר "אלמלא הי' שם ששים רבוא", ווארום דער מספר ששים רבוא איז א מספר כללי וואס איז כולל אין זיך אלע אידן.

וע"ד ווי מ'האט גערעדט אין דעם פריערדיקן פארברייינגען, אז מצות עשה שהזמ"ג איז דער בעל מוציא זיין פרוי.

לד. כל הנ"ל איז ווי אידן זיינען געווען במ"ת, אז בגלוי איז געווען דער ענין פון ששים רבוא גברים, אבער כולל אין דעם זיינען געווען אלע אידן;

עס איז אויך אבער דא א זמן ווען אלע אידן שטייען בגלוי, ניט כלול אין דעם מספר "ששים רבוא" גברים,

וואס אויך דאס איז ע"ד הנ"ל וועגן תורה עצמה, וואס אע"פ אז במ"ת איז געשטאנען גאנץ תורה בהעלם - אעפ"כ, דערנאך בשעת עס קומט צו מעשה בפועל - שטייען אלע פון די ריבוי מצות בגלוי,

וואס עד"ז איז אויך בעניננו, אז עס איז דא אמאל ווען עס שטייען אלע אידן בגלוי, ניט כלול אין דעם מספר פון ששים רבוא גברים:

בשעת מ'שטייט אין א זמן שלם וואס קומט לאחרי דער שלימות פון שבע שנים, מ'האלט במוצאי שנת השמיטה - דעמולט שטייען אלע אידן בגלוי -

וואס דערפאר זאגט מען דעמולט "הקהל את ... האנשים והנשים והטף", עס שטייען בגלוי אלע אידן אויך "נשים וטף".

ד.ה. אז ע"ד ווי בנוגע צו תורה עצמה איז דא ווי עס שטייט אין כללות, אז גאנץ תורה ומצוותי' זיינען כלול אין די עשה"ד, און עס איז דא ווי זיי שטייען אין פרטיות, אז יעדער מצוה שטייט בפ"ע - עד"ז איז דאס אויך בנוגע צו אידן, אז עס איז דא ווי אלע אידן שטייען כלול אין דעם מספר ששים רבוא, לדוגמא בא מ"ת, און עס איז דא ווי זיי שטייען בפרטות, אנשים נשים וטף, ולדוגמא - בא דעם זמן שלם פון שנת הקהל.

לה. וואס עפכ"ז וועט מען פארשטיין דברי הזהר הנ"ל:

דער זהר הויבט אן: "ויקהל משה רבי אבא פסח (דברים לא) הקהל את האנשים והנשים והטף" - דערמיט וויל דער זהר זאגן אז בא דעם הקהל דא, "ויקהל משה", זיינען געווען אלע אידן "האנשים והנשים והטף" ווי בא "הקהל",

דערנאך איז דער זהר ממשיך אז מ'זאל ניט מיינען אז דא איז פונקט ווי בא הקהל, אז עס זיינען געווען אלע אידן בגלוי, נאר - "ומאן אינון שתין רבוא": אע"פ אז עס זיינען דא געווען אלע אידן (ווי מ'לערנט אפ פון "הקהל") זיינען זיי ניט געווען בגלוי, נאר כלול אין דעם מספר ששים רבוא גברים, ע"ד ווי בא מ"ת.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק אז עס איז ניטא קיין סתירה מרישא לסיפא - ווארום צו ערשט לערנט אפ דער זהר פון "הקהל" אז עס זיינען דא געווען נשים וטף בכלל, דערנאך איז דער זהר מוסיף, אז דער אופן ווי זיי זיינען געווען איז - "ומאן אינון שתין רבוא", ע"ד ווי בא מ"ת.

לו. די הוראה מכ"ז:

מען קען לכאורה טענה'ן: אז מ'דארף טאן מיט א צווייטן - וועט ער "צונויפקלייבן"

("ויקהל") דעם ראש המשפחה, דעם ראש העיר, דעם ראש השכונה אדער דעם ראש הקבוצה וכיו"ב, און מיט זיי טאן,

ער טענה'ט: אזוי האט דער אויבערשטער געגעבן תורה בא מ"ת, דארטן זיינען געווען בגלוי נאר "ששים רבוא" גברים (כנ"ל), איז אזוי וועט ער אויך גיין געבן תורה; עס איז דאך "צדיקים דומין לבוראן", און ער איז דאך זיכער א צדיק - וועט ער טאן ווי דער אויבערשטער האט געטאן במ"ת,

אבער גיין ריידן מיט טף, טאן מיט א הארעוואניע אין אריינשרייבן קינדער אין "צבאות השם", אז זיי אלע זאלן שרייען אז זיי ווילן משיח'ן - דאס איז ניט זיין ענין, ולא לפי כבודו וכו'!

זאגט מען אים: עס דארף זיין "ויקהל" ע"ד ווי עס איז געווען בא "הקהל", עס דארף זיין "הקהל את האנשים והנשים והטף", און ניט נאר די אנשים,

וואס דורך די נשים וטף - האט מען אויך א פעולה אויף די אנשים:

אמאל האט מען געדארפט אנקומען צו ראיות און הסברות, און צו א ראי' פון מלאכי און פרש"י שם, וואו עס שטייט "והשיב לב אבות על בנים" און רש"י טייטשט "על בנים - ע"י בנים" -

אבער היינט זעט מען דאך בפועל ווי קינדער זיינען פועל אויף זייערע עלטערן, ועד"ז - ווי נשים זיינען פועל אויף אנשים, אויף דעם מאן, אדער אויף דעם עלטערן ברודער, נאכמער ווי אנשים אויף אנשים, און ווי מ'זאגט אין היינטיקער סדרה "ויבאו האנשים על הנשים", אז די אנשים זיינען געקומען דורך די נשים,

וואס מכ"ז איז מובן ווי עס דארף זיין די השתדלות ניט נאר מיט אנשים, נאר - אויך מיט נשים וטף.

לז. און פון פרשת ויקהל קומט מען צו פרשת פקודי, "אלה פקודי המשכן", וואס פקודי איז דאך לשון מנין, וואס דער מנין העשירי וועט זיין לע"ל, ווי עס שטייט "עוד יעבור הצאן ע"י מונה", וואס דעמולט וועט אויך זיין די שירה העשירית,

און דאס וואס עס שטייט "אלה פקודי המשכן" איז מרמז אויף דעם ביהמ"ק שנתמשכן, און עס שטייט "אלה פקודי משכן", צוויי מאל משכן, וואס דאס איז א רמז צו די צוויי בתי מקדש שנתמשכנו, וואס א משכון - איז ניט א זאך וואס מ'האלט אויף אייביק, נאר דער פירוש פון א משכון איז - א זאך וואס מ'גיט דערנאך אפ,

וואס דאס וועט זיין לע"ל, ווען עס וועלן אומגעקערט ווערן ביידע בתי מקדש, וואס יעדערער פון זיי האט זיין מעלה - וועט מען האבן די מעלות פון ביידע,

און עאכו"כ - די מעלה פון דעם ביהמ"ק השלישי,

במהרה בימינו ממש, ע"י משיח צדקנו.

* * *

לח. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה ויקהל משה וגו'.

* * *

לט. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פרש"י פארבונדן מיט פרשתנו, און אן ענין אין די הערות אויפן זהר פון פרשתנו.

אין אנהויבס פרשה רעכנט אויס די תורה די אלע ענינים אין משכן וואס אויף זיי האט מען געדארפט האבן "חכם לב", "וכל חכם לב בכם יבואו ויעשו את כל אשר צוה ה' את המשכן וגו'" (לה, י ואילך), און צווישן זיי רעכנט ער אויס "את שמן המאור" (שם, יד).

שטעלט זיך אויף דעם גלייך די שאלה: מאכן בוימל קען דאך אפילו אן איש פשוט - היינט צוליב וואס (ווערט דאס גערעכנט צווישן די זאכן אויף וועלכע) דארף מען אויף דערויף האבן "חכם לב"?!

שטעלט זיך רש"י אויף דעם (אויף די ווערטער "ואת שמן המאור") און איז מפרש: "אף הוא צריך חכמי לב שהוא משונה משאר שמנים כמו שמפורש במנחות מגרגרו בראש הזית והוא כתית וזך".

האט מען אמאל גערעדט אין די שינויים פון דעם רש"י לגבי מקום אחר (אין פ' תצוה), און פארוואס רש"י שרייבט דא "כמו שמפורש במנחות" ועוד - ווי שוין אויך אפגעדרוקט רובו ככולו פון וואס עס האט זיך גערעדט; איצטער וועט מען זיך אפשטעלן אויף כמה דיוקים על אתר.

מ. פונקט ווי רש"י האט זיך דא געשטעלט פארוואס מ'דארף האבן חכמי לב אויף מאכן שמן המאור - האט ער זיך פריער געדארפט שטעלן אויף דעם וואס דער פסוק רעכנט אויס (צווישן די זאכן וואס דארפן האבן חכמי לב) די <u>בדי</u> הארון און די <u>בדי</u> השולחן (שם, י יב-יג), און דערנאך (שם, יז) די עמודי החצר, אז לכאורה זיינען זיי דאך איינפאכע שטעקן'ס וואס יעדער איש פשוט קען מאכן - איז פארוואס דארף מען דערצו האבן חכמי לב?!

· בנוגע צו דעם שולחן עצמו זיינען אין דעם געווען כו"כ פרטים וואס מ'האט געדארפט וויסן ווי צו מאכן, ווי די סניפים וכו', ווי דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט (תרומה כה, כג ואילך ובפרש"י) - איז ביי אים קיין שאלה ניט פארוואס דערצו האט מען געדארפט האבן חכמי לב.

אפילו בנוגע צו דעם ארון עצמו, וואס לכאורה איז דאס מערניט ווי סתם א קאסטן, און אמת טאקע אז רש"י זאגט (שם, יא) אז "שלשה ארונות עשה בצלאל ב' של זהב וא' של עץ כו'", זיינען זיי אבער פארט געווען איינפאכא קאסטן'ס; בשלמא בנוגע צו כפורת האט געדארפט זיין "ועשית שנים כרובים זהב מקשה תעשה אותם משני קצות הכפורת" (שם, יח), האט מען אויף דערויף געדארפט האבן חכמי לב, אבער בנוגע צום ארון אליין האט מען לכאורה ניט געדארפט האבן חכמי לב -

אעפ"כ קען מען אויך זאגן בנוגע צום ארון אז מ'האט אויף דערויף געדארפט האבן חכמי לב, בכדי גיסן די גאלד אויף די האלץ פון די קאסטן'ס, און מאכן דאס אין אן אופן אז דאס זאל זיך ניט צוברעכן, און מאכן אז דער כפורת זאל פונקט צודעקן דעם ארון על שפתיו, און מאכן דעם גאנצן ארון מיט א מדה ומשקל וכו';

אבער בנוגע צו די בדי השולחן און בדי הארון (און די עמודי החצר, ווי עס שטייט ווייטער) - האט מען ניט געדארפט האבן קיין חכמי לב, ווארום זיי זיינען דאך איינפאכע שטעקלאך פון האלץ וואס מ'האט נאר געדארפט אריינשטעלן אין די טבעות השולחן והארון - איז פארוואס ווערט עס דא גערעכנט צווישן די זאכן וואס דארפן האבן חכמי לב? און פארוואס באווארנט עס ניט רש"י ווי ער באווארנט בנוגע צו שמן המאור?

מא. די קשיא ווערט נאך שטארקער:

ווי גערעדט כמ"פ אז אע"פ וואס רש"י פארלאזט זיך ניט אויף דעם וואס ער שרייבט שפעטער, איז אבער בשעת מ'האלט נאך אינמיטן אן ענין פארן סיום הענין, פארלאזט זיך רש"י אויף דעם וואס ער שרייבט דארטן.

בנדו"ד אבער קען מען אזוי ניט זאגן: מ'קען ניט זאגן אז ווען דער פסוק רעכנט אויס די בדי הארון און בדי השולחן צווישן די זאכן וואס דארפן האכן חכמי לב, פארלאזט זיך רש"י אז מ'וועט פארשטיין פארוואס מ'דארף דערצו האבן חכמי לב דערפון וואס ער שרייבט שפעטער (אין דעם זעלבן ענין) בנוגע צו שמן המאור, אז "אף הוא צריך חכמי לב שהוא משונה משאר שמנים כו'" - ווארום די בדי הארון און בדי המשכן זיינען אזוי ווי אלע שטעקן'ס, קען מען ניט זאגן אז מ'דארף דערצו האבן חכמי לב!

מב. אויך דארף מען פארשטיין אין דעם פסוק און פרש"י:

אין פ' כי תשא (לא, ו ואילך) רעכנט די תורה (אויך) אויס די דברים אין מקדש וואס דערצו האט מען געדארפט אנקומען צו חכמי לב - אבער דארטן רעכנט ער ניט אויס דער שמן למאור (ווי ער רעכנט אויס דא)?

און אזוי איז אויך די שאלה בנוגע צו דעם לחם הפנים וואס ער רעכנט דא אויס, אבער ניט אין פ' כי תשא.

מיט נאך כמה דיוקים, וכפי שיתבאר לקמן.

מג. אין די הערות אויפן זהר פון פרשתנו שטעלט ער זיך (לקוטי לוי"צ לזח"ב ע' קנג ואילך) אויף דעם וואס עס ווערט דערציילט אין זהר (ח"ב קצה, א ואילך) אז "ר' חייא ור' יצחק ור' יוסי הוו אזלי באורחא דהוו אזלי פגע בהו רבי אבא כו'", און ער איז מבאר אין דער הערה דער קשר דערפון צו די אלע תנאים ע"פ קבלה.

ער איז אבער ניט מבאר אין דער הערה דאס וואס ער איז מסיים דארטן אין זהר, אז "אזלו כולכו כחדא".

ועד"ז שטייט אויך בהתחלת הענין: "ר' חייא ור' יצחק ור' יוסי הוו אזלי בארחא עד דהוו אזלי פגע בהו רבי אבא, אמר רבי חייא ודאי שכינתא <u>בהדן</u>".

וואס אע"פ אז דאס וואס (ער האט געזאגט) "ודאי שכינתא בהדן" האט זיך אויפגעטאן דוקא ווען "פגע בהו רבי אבא", און דאס איז ער טאקע מבאר אין דער הערה דער קשר פון "שכינתא" מיט רבי אבא - איז אבער נאך דעם וואס "פגע בהו רבי אבא" האט זיך אויפגעטאן "שכינתא <u>בהדן</u>", ביי אלע פון זיי צוזאמען, ע"ד ווי עס שטייט בסיום הענין (כנ"ל) "אזלו כולהו כחדא".

וכפי שיתבאר לקמן.

מד. דער ענין פון "אזלא כולהו כחדא" איז פארבונדן מיט "ויקהל" (פרשתנו), און מיט שנת הקהל (שנה זו), וואס זיי זיינען ביידע מדגיש דעם אחדות צווישן יעדער אידן און אלע אידן צוזאמען.

וואס ווען פירט זיך דאס ("אזלא כולהו כחדא", "ויקהל") באמיתיות, איז דאס דוקא ווען מ'האט צוזאמען יעדער איד אלס יחיד, און עס פעלט ניט קיין איין און איינציקער איד.

ווי דאס איז מודגש אין דעם ענין פון תורה:

די עשרת הדברות זיינען געזאגט געווארן בלשון יחיד דוקא - "אנכי ה' <u>אלקיך</u> גו'", "ולא יהי' <u>לך</u> גו'" וכו' ווארום <u>יעדער</u> איד איז א יורש פון כל התורה כולה, כמ"ש "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב", וואס דאס איז כולל אין זיך גאנץ תושב"כ און גאנץ תושבע"פ.



<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז כל זמן מ'האט ניט אלע אידן צוזאמען, שלימות העם, וואס שרייען אז די תורה באלאנגט צו זיי, מ'האט נאר עטלעכע אידן וואס שרייען אזוי - פעלט אין שלימות התורה; דוקא ווען אלע אידן שרייען צוזאמען אז די תורה באלאנגט צו זיי - האט מען שלימות התורה.

און ווי דער דין איז בקשר מיט ערי מקלט (רמב"ם הל' רוצח ושמירת הנפש פ"ז ה"ח), אז "הגולה אינו יוצא מעיר מקלטו לעולם .. אפילו להציל נפש בעדותו או להציל מיד העובד כוכבים כו' אפילו כל ישראל צריכין לתשועתו כיואב בן צרוי' אינו יוצא משם לעולם עד מות הכהן גדול",

וואס דאס איז מדגיש ווי יעדער איד אלס יחיד איז נוגע.

ואע"פ אז לאידך גיסא מאנט מען פון יעדן אידן אז ער זאל גיין אויף מס"נ פאר נאך א אידן און פאר א רבים פון אידן ביז פאר כלל ישראל - פונדעסטוועגן איז דאס ניט קיין סתירה צו דעם דין הנ"ל, כמבואר במקום אחר, וכמדובר אמאל וועגן דעם (שיחת י"א ניסן תשל"ז, ועוד), ואין כאן מקומו להאריך בזה.

מה. פון דעם ענין - "אזלא כולהו כחדא" און "ויקהל משה" - האט מען א הוראה בנוגע צו דער ענין פון שליחות:

בשעת כ"ק מו"ח אדמו"ר, שיקט איינעם אלס א שליח במקומו צו א שטאט - איז די כוונה אין דעם אז יענער זאל דארטן אויפטאן דער "ויקהל משה", בכח פון דעם משה שבכאו"א מישראל און פון דער "אתפשטותא דמשה שבדור זה, כ"ק מו"ח אדמו"ר.

וואס דאס איז דער תפקיד פון יעדער שליח וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געמאכט, אדער וואס שלוחו וועלכע ער האט ממנה געווען האט געמאכט, וואס "שליח עושה שליח", ווי דער נוסח פון א שטר הרשאה איז (ווי עס שטייט אין שו"ע חושן משפט), אז אויב ער איז א שליח בשלימותו קען ער מאכן נאך א שליח און יענער שליח קען מאכן נאך א שליח וכו', ביז אפילו מאה פעמים, וואס דאס הייסט ניט נאר מאה פעמים, נאר אפילו נאכמערער, ביז עד סוף כל הדורות [ע"ד ווי מ'זאגט "פתוח תפתח" אפילו מאה פעמים, וואס דער פירוש אין דעם איז לאו דוקא נאר מאה פעמים נאר אפילו מערער דערפון].

מו. בפשטות מיינט דאך דאס - אז דער תפקיד פון יעדער שליח פון כ"ק מו"ח אדמו"ר און די כוונה אין זיין שליחות, איז - "לתקוני שדרתיך ולא לעוותי" (קידושין מב, ב. וש"נ), אז ער זאל דארטן אויפטאן באופן חיובי דער "ויקהל משה את כל עדת בני ישראל", און דוקא בדרכי נועם ובדרכי שלום.

אויב ער האט נעגל - דארף ער זיי נוצן אויף זיך אליין, אבער בנוגע צו דעם זולת דארף ער ניט נוצן צפרנים, נאר צוגיין צו אים בדרכי נועם ובדרכי שלום, כהוראת כ"ק מו"ח אדמו"ר.

און אזוי ווי דער משלח אליין, כ"ק מו"ח אדמו"ר האט ארויסגענומען א תנאי אז זיין נשיאות זאל זיין בחסד וברחמים - אזוי איז אויך א זיכערע זאך אז ער האט געוואלט אז די שלוחים וואס ער האט געשיקט זאלן זיך אויך אויפפירן אין אזא אופן, און דוקא דעמולט זיינען זיי זיינע שלוחים.

ביז אז דער תפקיד פון דעם שליח איז - צו אויפטאן (און מגלה זיין) אז אויך דער צווייטער איד מיט וועלכן ער טוט איז א שליח, ביז אז יענער זאל ווערן א טופח על מנת להטפיח, אז ער זאל מאכן א צווייטער שליח און א דריטער שליח כפשוטו וכו'.

מז. ביז - אויפטאן "ויקהל משה את כל עדת בני ישראל" ווי דער אריז"ל טייטשט אפ אין ספר הליקוטים שלו, אז "עדת" איז בגימט' "ערב רב",

ד.ה. אין עבודה: אז אלס שליח אין א שטאט טוט ער אויף אויך מיט די אידן וואס זיינען בבחי' "ערב רב", אז אויך אין דעם תחתון שאין תחתון למטה ממנו זאל ווערן א דירה לו יתברך.

ובפרט אז בזמן הזה זיינען די אידן בבחי' "ערב רב" - תינוקות שנשבו בין העכו"ם, וואס ס'איז ניט זייער שולד אז זיי ווייסן ניט וועגן די אל"ף בי"ת פון תורה ביז אפילו ניט אל"ף בי"ת כפשוטו, און אפילו ווי צו רעדן וועגן די ענינים ווייסן זיי ניט ווי, ורובם ככולם - רעדן בכלל ניט -

איז אויך מיט זיי דארף מען טאן, אין צוברייינגען זיי צוזאמען מיט אלע אידן אין איין קהל - "ויקהל .. את כל עדת בני ישראל".

מח. דער עבודה פארבונדן מיט שליחות איז אויך דא בעבודת כאו"א ברוחניות:

דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת ויקרא (א, ג) אז יעדער איד איז א שליח פון דעם אויבערשטן און ער איז "כמותו דהמשלח ממש" (ראה לקו"ש חי"ג ע' 280 ואילך ובהערות שם), ווארום אזוי ווי "שלוחו של אדם כמותו" (קידושין מא, ב. וש"נ), אזוי אויך איז שלוחו של אדם העליון היושב על הכסא כמותו, "כמותו דהמשלח ממש", (ראה לקו"ש חי"ג ע' 280 ואילך ובהערות שם).

און ווי א איד דורך די שליחות פון דעם אויבערשטן - דורך דעם וואס "היו מכבדין את המצות שהן שלוחי" (תנחומא ויגש ו), דורך דעם וואס ער גייט ארויס אין וועלט און טוט מיט עניני העולם כמתאים לפי רצון העליון, ד.ה. אז ער טוט אויף און איז מגלה אין יעדער זאך אין וועלט אז דאס איז א "שליח" צו (אויספירן) די כוונה עליונה פון דעם אויבערשטן.

ביז אז ער טוט אויף מיט גשמיות העולם כפשוטו, אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו, אז דאס זאל זיין א דירה לו ית' בתחתונים,

ואדרבה - דוקא גשמיות איז פארבונדן מיט עצמות ומהות, כמבואר אין תורת שלום, און דוקא דער יש למטה איז פארבונדן מיטן יש האמיתי, כמבואר אין ביאורי הזהר,

און דערפאר, בשעת מ'איז ממשיך אלקות אין גשמיות, איז וויבאלד אז דאס ווערט נמשך פון עצמות ומהות, ווערט דאס נמשך אן מניעות ועיכובים, אין אן אופן פון "עד מהרה ירוץ דברו".

מט. ועד"ז איז אויך בנוגע צו שליחות כפשוטו - אז בשעת איינער גייט אויף א שליחות אלס שלוחו פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, בשליחות פון דעם אדם העליון בשליחות פון עצמות ומהות - איז די כוונה אז ער זאל אויפטאן אין דעם ארט וואו ער געפינט זיך דעם "ויקהל .. את כל עדת בני ישראל",

און אויפטאן אז יעדער איד זאל דארטן ווערן א שליח, א טופח על מנת להטפיח, ביז - אויך אויפטאן אז דארט זאל ווערן א דירה לו ית' בתחתונים.

און טאן דאס, כאמור, בדרכי נועם ובדרכי שלום, אבער צוזאמען דערמיט מיט א תוקף (כדלקמן).

נ. אלע ענינים בעולם הויבן זיך דאך אן פון ווי דאס איז אין ארץ ישראל, וואס "מתמצית ארץ ישראל שותין כל הארצות" - איז אין דעם קומענדיקן יום ראשון וואס ווערט מתברך פון דעם שבת, שבת פ' ויקהל (ווארום פון שבת איז מיני' מתברכין כולהו יומין" פון שבוע הבאה), וועט דאך פארקומען אין ארץ ישראל א כינוס פון די שלוחים וואס געפינען זיך דארט.

וואס איך ווייס ניט צי זיי האבן מכוון געווען צו מאכן דאס אין א טאג וואס ווערט מתברך פון שבת פ' ויקהל, אבער אפילו אויב ניט - איז נאך בעסער, ווארום דעמולט באווייזט עס אז דאס איז מכוון מלמעלה,

און דערצו קומט דאס אויך פאר אין א שנת הקהל, "הקהל גו' את האנשים והנשים והטף", וואס באמת האט מען דאס שוין געדארפט טאן פריער - עכ"פ, מסתמא איז "הכל יפה בעתו", און דאס קומט פאר אין א טאג וואס ווערט מתברך פון שבת פ' ויקהל (ובפרט נאך במוצאי שבת זה), און אין א שנה וואס איז ניט א שנה פון "שבת לה'", נאר אין א שנת הקהל, האנשים והנשים והטף.

נא. וואס דערפאר האט דער כינוס פון די שלוחים, וואס דאס איז א כינוס וואס איז "נאה להם ונאה לעולם", פארבונדן במיוחד מיט דער זמן ווען דאס קומט אויס - אין דער וואך וואס ווערט מתברך פון שבת פ' ויקהל, וואס איז מדגיש, און מיט א הוספה - אז דאס איז א צוזאמענקלייבעניש פון "האנשים והנשים והטף".

און דאס איז אויך פארבונדן מיט דער ענין פון שלוחים און שליחות - וואס זייער תפקיד איז אויפצוטאן אין דעם מקום וואו זיי געפינען זיך דער "ויקהל ... את כל עדת בני ישראל", ביז אויך מיט די אידן וואס זיינען בבחי' "ערב רב" בגימט' "עדת" (ווי דער אריז"ל טייטשט), כנ"ל בארוכה.

און דאס איז אויך פארבונדן מיט "הנשים" פון די שלוחים, וואס זיי האט מען געשיקט צוזאמען מיט זייערע מענער צו אויספירן א שליחות אין מפיץ זיין תומ"צ און אידישקייט בכל מקום וואו זיי געפינען זיך - יעדער איש באפנו און יעדע אשה באופנה.

און אויך פארבונדן מיט "הטף", ווארום מ'האט דאך מיטגענומען אויך די טף אויף דער שליחות.

ואע"פ אז דער ענין פון טף - דער קיום המצוה פון "פרו ורבו ומלאו את הארץ", און דערנאך פארנעמען זיך מיט חינוך הבנים והבנות - שטערט לכאורה צו מילוי השליחות כדבעי פון מפיץ זיין תומ"צ און אידישקייט בכל מקום - איז אבער באמת דאס קיין סתירה ניט און מ'האט כחות אויף טאן ביידע ענינים.

נב. וויבאלד אז אין דעם שליחות זיינען אויך נכלל די טף - איז א זיכערע זאך אז צו דעם כינוס זאל מען אויך מיטברענגען (נוסף צו די אנשים און נשים) די טף, אז עס זאל זיין "הקהל .. האנשים והנשים והטף .. למען ישמעו ולמען ילמדו ויראו את ה' אלקיכם ושמרו לעשות את דברי התורה הזאת" (וילך לא, יב), ונוסף לזה - דורך מיטברענגען די טף ווערט אויפגעטאן דעם "לתת שכר למביאיהם" (פרש"י שם).

נג. עפ"ז וועט מען פארשטיין א דבר תמוה אין דעם פרש"י וואו ער זאגט "והטף למה באו לתת שכר למביאיהם":

אין פסוק שטייט דאך בפירוש פארוואס מ'ברענגט טף (דער זעלבער טעם פארוואס עס קומען אנשים ונשים און "גרך אשר בשעריך") - "למען ישמעו ולמען ילמדו גו' (און דאס ברענגט צו) ושמרו לעשות את כל דברי התורה הזאת" - היינט פארוואס זאגט רש"י אן אנדער טעם - "למה באו לתת שכר למביאיהם"?

ואע"פ אז בא גאר קליינע טף איז ניט שייך דער ענין פון "ישמעו" און "ילמדו" ווארום זיי פארשטיין ניט וואס מ'רעדט, וואס עפ"ז איז לכאורה פארשטאנדיק פארוואס רש"י זאגט דעם טעם פון "לתת שכר למביאיהם" -

איז אבער דאס נאר בנוגע צו טף ביז די יארן פון בן ג' אדער בן ד', וואס ביז דעמולט פארשטייען זיי נאך ניט וואס מ'רעדט צו זיי, אבער רוב פון טף זיינען

עלטער דערפון, פון בן ד' ביז בן י"ג (בר מצוה) און בת י"ב (בת מצוה), און זיי פארשטייען יע וואס מ'רעדט מיט זיי, איז בא זיי שייך דער ענין פון "ישמעו" און "ילמדו" - איז זייער שווער צו זאגן אז רש"י רעדט נאר וועגן א מיעוט פון טף, און ניט וועגן רובם!

און כרגיל שטעלט זיך קיינער ניט אויף דעם, ווארום דאס איז א "קלאץ קשיא".

איז דער ביאור אין דעם בפשטות: רש"י קומט ניט זאגן דאס וואס שטייט בפירוש אין פסוק, ובמילא - וויבאלד עס שטייט בפירוש אין פסוק דער טעם לזה פארוואס מ'ברענגט טף - "למען ישמעו גו'", דארף דאס רש"י ניט איבער'חזר'ן; דאס וואס רש"י קומט יע זאגן איז א זאך וואס דער בן חמש למקרא וועט אליין ניט פארשטיין פון דעם וואס ער לערנט אין פסוק, וואס בנדו"ד איז דאס - אז ביי אים נאכדעם וואס דער בן חמש למקרא לערנט אין פסוק אז מ'ברענגט די טף "למען ישמעו וגו'" - פרעגט ער: פארוואס ברענגט מען אבער די טף וואס פארשטייען ניט וואס מ'רעדט? אויף דעם ענטפערט אים רש"י: "לתת שכר למביאיהם".

נד. נאך א טעם פארוואס מ'זאל מיטברענגען די טף צו דעם כינוס השלוחים:

פורים קטן תרפ"ז האט כ"ק מו"ח אדמו"ר אוועקגעלייגט א פייערדיקן מאמר וואס תוכנה איז געווען - "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז גו' להשבית אויב ומתנקם".

און ער איז דארטן מבאר ווי עוללים ויונקים קענען דאס אויפטאן ע"פ וואס עס שטייט "לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי", אז וויבאלד בא עוללים ויונקים (וואס "ברוחי" איז פארבונדן מיט זיי) איז דא דער "ברוחי" וועט ניט העלפן "חיל" און "כח", אדער אז מ'דארף דערצו ניט אנקומען.

וואס "עוללים ויונקים" זיינען גאר קליינע קינדער, ווי עס שטייט אין גמרא אין סוטה און אין מדרש (ראה לקו"ש חכ"א ע' 343, וש"נ); ס'איז נאר א מחלוקת ווער איז עלטער - עוללים אדער יונקים, און אין דעם זיינען דא צוויי דעות, אבער לויטביידע דיעות זיינען סיי עוללים און סיי יונקים פאר דעם גיל פון בן חמש למקרא.

נה. און די כוונה פון דעם וואס מ'שיקט די אלע שלוחים (די אנשים, נשים וטף), איז בכדי אויפטאן במקומם הם דעם "ויקהל את כל עדת בני ישראל", את האנשים והנשים והטף, און זיי צוברענגען נענטער צו אידישקייט, צו תומ"צ.

און דאס איז די גאנצע כוונה פארוואס מ'שיקט אים אויף א שליחות, בכדי אויך אויפטאן אין דעם מקום וואו מ'שיקט אים אז דארטן זאל מאיר זיין דער אור פון תורה און אידישקייט.

ובפרט אז דער כנס איז פארבונדן מיט צפת וואס איז אויך דער ארט וואס איז שייך מיטן אריז"ל.

וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט די שלוחים פון נשיא דורינו און די רביים - וואס זיי האבן דאך אויך מגלה געווען תורת האריז"ל וואס "מצוה לגלות זאת החכמה".

וואס דורך דעם איז אדרבה - ווערט דאס אן עלי' בכלל דורך דעם ענין השליחות.

וואס דאס פארענטפערט דאך זיין שאלה און טענה: ער האט זיך געפונען אין אן "ארץ זבת חלב ודבש" - ער איז געזעסן אין א ישיבה און האט געלערנט חסידות, וואס "דבש" איז דאך רזין דתורה, ווי עס שטייט אויך אין נגלה דתורה, און ער האט אויך געלערנט נגלה דתורה, אבער בעיקר - האט ער געלערנט חסידות, ווארום ער איז דאך א חסיד, און געהאט א משפיע וכו' - איז פארוואס האט מען אים פון דארט אוועקגעשיקט כ'ווייס וואוהין?! אין א מקום פון גלות חושך כפול ומכופל!

ער ליגט טאקע ניט אין גשמיות - אבער ער איז דאך געווען אין א ישיבה און האט געלערנט חסידות וכו' - איז פארוואס האט מען אים געשיקט אין ארץ ישראל, וואו ס'איז א חושך כפול ומכופל פון גלות לפי ערך דער ארט וואו ער האט געלערנט וכו'?!

וואס אמת טאקע אז דאס איז ארץ ישראל - אבער דארטן האט מען ארייגעבראכט גלות, אין ארץ ישראל, אין די ד' עיירות הקדושים דארט, ירושלים, חברון, צפת און טברי', האט מען ארייגעבראכט גלות, אויך דארטן זאגט מען "ומפני גלינו מארצנו".

נו. איי ווי קען דאס זיין, מ'געפינט זיך דאך אין א"י, לכאורה?

איז דער פירוש איז: מ'קען זיין אין א"י און דארטן אויך "גלינו מארצנו":

בשעת אז אין א"י נעמט מען ענינים פון גלות;

בשעת מ'וויל דארטן אויפבויען, דוקא אין ירושלים בויט מען אויף ניט קיין ירושלים'דיקן" ענין, נאר מ'וויל אז עס זאל זיין א האטעל דוקא פונקט ווי אין ניו-יארק מיט א "סווימינג-פול" כו', ובפרט ענינים וואס איז גאר אינגאנצן ענינים וואס נעמען זיך פון גלות, פון גוים: אן "אצטדיון" וכדומה לזה -

איז דורך דעם, ברענגט מען ארייין דעם גלות אין א"י!

נז. ולאחרי זה פרעגט מען צאך די שאלה צי מ'דארף זאגן "נחם"?!

דאס הייסט אז ער טענה'ט, אז ער שטייט אין תפלת העמידה, און דאוונט צום אויבערשטן, דארף דאך זיין אלץ אמת לאמיתו - איז ווי קען ער זאגן "נחם"?

איז די מעשה איז, אז ס'איז טאקע אמת, ווארום דאס איז אן ענין פון "גלינו מארצנו", ווארום מ'ברענגט ארייין גלות אין א"י.

- אויף א"י איז ער קיין בעה"ב ניט; א"י בלייבט א"י, ער איז אבער א בעה"ב אויף זיך: דורך אזוינע הנהגות טרייבט ער זיך ארויס פון א"י.

וואס דאס איז א "מאמר המוסגר".

אבער בנוגע לענייננו טענה'ן זיי דאך, אז מ'האט זיי פארשיקט פון אן ארט פון "ארץ זבת חלב ודבש",

איז דארפן זיי וויסן, אז וואס איז די כוונה בזה - אז מ'זאל ברייגען אהינצו אט די ענינים פון רבי'נס שליחות זאל מען דאס ברייגען אומעטום, בכל מקום ומקום,

און עס זאל זיין מוסיף והולך מוסיף ואור, אויף מפיץ זיין דארטן תורה, און גאנץ תורה, און צו די אלע אידן,

וואס דאס איז פארבונדן מיט שלימות התורה, און מיט שלימות העם, - אלע אידן, ווי געזאגט פריער אפילו כל "עדת בני ישראל", די וואס בגימט' "ערב רב",

און דאס מיינט אויך גאנץ תורה.

נח. דאס הייסט, שלא כדעת הטועים אז בשעת מ'הויבט-אן עמעצן צו מקרב זיין איז במילא קען מען אים דאך ניט געבן אלע ענינים פון תורה - איז דערווייילע וועט מען

אים געבן "קליינִיקייטן", און די העכערע ענינים, געבן אים פנימיות התורה - צו דעם איז ער נאך ניט שייך -

איז דאס ניט אזוי, נאר צוזאמען דערמיט וואס מ'גיט אים די התחלה, איז צוזאמען דערמיט דארף מען אים בשעת מעשה געבן אים אויך די העכסטע ענינים.

- מ'הויבט טאקע אן "מודה אני" -
איז מען אים גלייך מסביר, אז אין "מודה אני" איז ניטא קיין "שם"; פארוואס איז ניטא קיין שם אין מודה אני - בפשטות איז דאס ווייל דאס איז א נידעריקערע ענין, ווייל ס'איז פאר נעגל-וואסער קען ער נאך ניט זאגן קיין שם;

ביחד ע"ז איז מען אים גלייך מסביר דעם טיפערן הסבר, אז פארוואס איז דארט ניטא קיין שם - ווייל דאס איז פארבונדן מיט עצמות וואס דאס איז העכער פון כל שם וכינוי.

און אז מ'לערנט אים גאר די התחלה, ער זאל זאגן "מודה אני", וואס רא איז נאך ניטא קיין שם ווייל ער איז נאך פאר נעגל-וואסער - איז מען אים גלייך מסביר, פארקערט, דעם טיפערן ענין שבזה, אז דאס איז פארבונדן מיטן אויבערשטן אליין, מיט עצמות וואס איז למעלה מכל שם וכינוי.

און מ'זאגט גלייך אז ער איז "מודה" צו דעם וואס דער אויבערשטער איז א "מלך", וואס ער איז דער מלך אויף דער גאנצער וועלט אויף אלע ענינים,

און ער איז "חי וקיים", וואס דאס איז נצחי, אזוי בלייבט דאס שטענדיק,

און פארוואס איז מען אים מודה - וואס "החזרת בי נשמתי", וואס דאס איז א פלא וואס דער אויבערשטער איז "החזרת בי נשמתי", וואס ער פארבינדט א נשמה, א 'חלק אלוקה ממעל ממש" - מיט א גוף.

וואס דער ענין פון "כח המפליא לעשות" איז דאך לכאורה לאו דוקא בא א איד; פארבינדן א נפש רוחני מיט א גוף גשמי קען דאס זיין אויך, להבדיל, ביי א גוי, און ביי בעלי-חיים, ביי א בהמה.

דאס איז דאך אבער דארטן איז דאס ניט אזא פלא, וויבאלד סיי דער נפש סיי דער גוף זיינען ביידע מוגבלים, דער גוף איז א מוגבל און דער נפש איז א מוגבל,

אז מ'זאגט אבער דא ביי א אידן, וואס דער גוף איז א מוגבל, (ער האלט ג' אמות אדער ד' אמות, אבער דאס איז דאך א מוגבל), און די נשמה איז א 'חלק אלוקה ממעל ממש" -

איז פארבינדן א "חלק אלוקה ממעל ממש" (וואס דאס איז דאך בל"ג) מיט א גוף מוגבל - אט דאס איז דער פלא,

און אויף דעם זאגט מען "שהחזרת בי נשמתי". און מ'איז אים מסביר די אלע ענינים וואס שטייט אין "מודה אני", און אט דאס איז דער אויספיר, אט דאס איז דער "רבה אמונתך" - דאס ברענגט די אמת'ע אמונה.

נט. וואס דאס איז דער תוכן הדברים, אז מ'זאגט טאקע פון איין זייט "מקרבן לתורה", אז מ'איז מקרב אלע אידן, אפילו וואס זיינען בגדר פון "עדת" בגימטריא (ווי געזאגט פריער); אבער וואס גיט מען זיי - גיט מען זיי גלייך די העכסטע ענינים,

דאס הייסט, גלייך אין "מודה אני" איז מען זיי גלייך מסביר וואס די מציאות

פון א איד איז, אז די גאנצע מציאות פון א איד בעצם מציאותו איז דאס אן ענין וואס איז העכער אינגאנצן פון גדר פון וועלט - א מציאות נסי.

ע"פ הנ"ל אז מ'דארף געבן דעם אידן גלייך גאנצע תורה איז דאס פארבונדן מיט "שלימות העם", אז מ'נעמט אריין יעדער אידן אין דעם, און אויך "שלימות התורה" - אז מ'גיט די גאנצע תורה,

און אויך וואס דאס איז פארבונדן מיט "שלימות הארץ", שלימות א"י - אז דאס וועט זיין ביז אפילו קני קניזי וקדמוני,

כאטש אז קני קניזי וקדמוני איז דאך ווי ס'איז מבואר בארוכה אין דעם מאמר "אל תצר את מואב" ובכ"מ אז דאס איז דאך אן ענין ערשט לע"ל -

איז דאס אבער וואס מ'האט שוין - דאס דארף מען א ודאי, און אויב מ'גיט אפילו אנדערע זאכן, וואס איז שייך צו קני קניזי וקדמוני - דארף מען אויך ניט נעמען, דאס האט אויך א שייכות, ביז אז דאס וועט ברייינגען שפעטער די גאולה העתידה.

ס. ויהי רצון אז עס זאל זיין דער כנס מיט הצלחה, און עס זאל זיין די שליחות אז די שלוחים זאלן דורכפירן זייער שליחות, וואס די שליחות איז - אויף פארבינדן יעדער אידן מאכן אויך אים פאר א שליח;

דורך וואס איז דאס - דורך הפצת התורה והמצוות, וואס "היו מכבדין את המצוות שהן שלוחי", דורך זיי פארבינדט מען יעדער איד מיט מהותו ועצמותו ית'.

און עס זאל זיין די הפצת המעינות פון חסידות,

וואס דאס וועט ברייינגען אויף צו דורכפירן אויף מאכן נאך א אידן - פירות ופירי פירות עד סוף העולם,

און די שלוחים זאלן קענען דורכפירן די שליחות בהצלחה, ובבריאות הנכונה ובהרחבה, ומתוך הרחבה ברוחניות ובגשמיות,

און דאס זאל אנקומען צו אלע אידן, אז עס זאל זיין דער "הקהל את העם האנשים הנשים והטף", אז "ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל", אז קיין איד וועט ניט בלייבן אין גלות, און אלע וועלן ארויסגיין פון גלות - שלימות העם,

צוזאמען מיט שלימות התורה, און שלימות ארץ ישראל, בביאת משיח צדקנו בקרוב ממש.

* * *

סא. עס איז דא נאך אן ענין אין פרש"י אויף וועלכער מ'האט מעורר געווען - אין (דעם זעלבן קאפיטל, קאפיטל לה) פסוק יז:

עס שטייט אין פסוק "את קלעי החצר את עמדיו ואת אדני'", שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "את עמודיו ואת אדני'" און איז מפרש "הרי חצר קרוי כאן ל' זכר ("עמודיו") ול' נקבה ("אדניה") וכן דברים הרבה".

[דער מהר"ל איז מסביר אז "עמודיו" איז ל' זכר און "אדני'" איז ל' נקבה מתאים לפי ענינם: אין אדנים איז דא א בית קבול אין וועלבער מ'לייגט אריין די עמודים - זיינען זיי בדוגמת זכר ונקבה;

אבער דער ענין איז ע"ד הרמז, אבער ניט ע"פ פשוטו של מקרא, וואס ע"פ פשוטו

של מקרא גיט דער לשון זכר און לשון נקבה אויפן חצר, "עמודיו" און "אדני"].

וואס עס איז שוין דא א פריערדיקער ארט, אין פ' וישלח, וואו רש"י איז מפרש אז עס זיינען דא זאכן וועלכע זיינען משמש סיי ל' זכר און סיי ל' נקבה:

אויף די ווערטער "המחנה האחת והכהו" איז רש"י מפרש: מחנה משמש ל' זכר ול' נקבה [וואס דערפאר קען דא שטיין "המחנה האחת", ל' נקבה, "והכהו", ל' זכר], דערנאך ברענגט רש"י נאך א דוגמא וואו "מחנה" איז משמש ל' נקבה, און נאך א דוגמא וואו "מחנה" איז משמש ל' זכר,

און דערנאך שרייבט רש"י "וכן יש שאר דברים משמשים ל' זכר ול' נקבה", און ער ברענגט דוגמאות פון "שמש", "רוח" וכו'.

- פרעגט זיך די שאלה (וואס מ'האט אמאל גערעדט אין דעם, אדער געדארפט רעדן אין דעם): פארוואס ברענגט דארט ניט רש"י די דוגמא פון אונזער פסוק, אז "חצר" איז משמש סיי ל' זכר און סיי ל' נקבה?

נאכמער: דארטן ברענגט רש"י ראיות פון שפעטערדיקע ערטער ווי אונזער פסוק: רש"י ברענגט דארטן ראיות אז מ'געפינט אז א זאך איז משמש סיי ל' נקבה און סיי ל' זכר פון נ"ך - פארוואס ברענגט רש"י ניט קיין ראי' פון אונזער פסוק וואס שטייט פאר יענע פסוקים?

סב. דער ביאור אין פרש"י ד"ה "את עמודיו ואת אדני'" - פארוואס רש"י אין וישלח ברענגט ניט קיין ראי' פון דעם פסוק אז עס זיינען דא זאכן וואס זיינען משמש סיי ל' זכר און סיי ל' נקבה:

אין פסוק "המחנה האחת והכהו" - גייען דער ל' זכר און ל' נקבה אויף דער מחנה עצמה: "המחנה האחת", אז זי איז "אחת", ועד"ז "והכהו", אז מ'וועט אים שלאגן - ברענגט רש"י דערצו ראיות פון נאך ווערטער, וואס מ'געפינט בא זיי אז זיי אליין ווערן אנגערופן סיי ל' זכר און סיי ל' נקבה;

פון אונזער פסוק קען רש"י אבער ניט ברייננען קיין ראי' - ווארום אין אונזער פסוק גייען דער ל' זכר און ל' נקבה - ניט אויפן חצר אליין, נאר - אויף ענינים וואס געהערן צו דעם חצר - איז דערפון ניטא קיין ראי' אז די זאך אליין קען משמש זיין סיי ל' זכר און סיי ל' נקבה,

וואס דערפאר ברענגט דארטן רש"י נאר פון די אנדערע ערטער, ווארום בא זיי איז מפורש ל' זכר און ל' נקבה - אויף די זאך אליין, כנ"ל.

סג. נאך אן ענין בזה:

עס קען זיין א זאך וואס איז שייך סיי צו א זכר און סיי צו א נקבה, און ווי דער בן חמש ווייס פון א זאך וואס געהערט צו א משפחה -

פארשטייט דער בן חמש, אז אויף אזא זאך קען מען נוצן סיי ל' זכר און סיי ל' נקבה: בשעת מ'זאגט אויף דעם ל' זכר (ע"ד "עמודיו") - ווייס ער אז מ'מיינט דערמיט אז דאס געהערט צו דעם זכר פון משפחה, און בשעת מ'זאגט אויף דעם ל' נקבה (ע"ד "אדני'") - ווייס ער אז מ'מיינט דערמיט די נקבה פון משפחה.

וואס עד"ז קען מען זאגן בא "את עמודיו ואת אדני'", וואס שטייט בא דעם חצר - אז דער חצר איז געווען שייך סיי צו אזעלכע וואס אויף זיי נוצט מען ל' נקבה, און סיי צו אזעלכע וואס אויף זיי נוצט מען ל' זכר - קען דערפאר שטיין "את עמודיו ואת אדני'", סיי ל' זכר און סיי ל' נקבה.

הנחה פרטית בלתי מוגה

סד. א ביאור אין דעם קען מען זאגן:

אלע אידן, אויך נשים, האבן מנדב געווען צו נדבת המשכן, איז ע"ד ווי מ'זאגט צו כפרת המזבח אז יעדער איינער וואס האט געגעבן אויף די קרבנות ציבור - האט ער אין דעם זיין חלק -

עד"ז קען מען זאגן אויך בנוגע צו דעם מזבח אליין, ועד"ז בנוגע צו די שאר חלקי המשכן - אז יעדערער און יעדערע וואס האבן מנדב געווען נדבת המשכן האט זיין, צי איר, חלק אין דערויף;

עס איז אבער פארשטאנדיק, אז עס איז ניט דער פשט אז ער האט נאר דעם חלק וואס ער האט מנדב געווען, ולדוגמא: אויב ער האט מנדב געווען נחשת וואס איז געווען א טייל פון מזבח הנחשת - האט ער נאר דעם חלק, נאר - ער האט אויך א חלק אין מזבח הזהב, און אויך אין אלע אנדערע חלקי המשכן.

וואס דערפון קומט אויס, אז (אויך) אין דעם חצר האבן געהאט א חלק - אלע אנשים און נשים וועלכע האבן מנדב געווען צום משכן; קומט דאך דערפון אויס, אז דער חצר האט געהאט א שייכות סיי צו אנשים און סיי צו נשים - פאסט דערפאר זאגן "את עמודיו ואת אדני'", סיי ל' זכר און סיי ל' נקבה,

ווארום "עמודיו", לשון זכר, באציט זיך צו די זכרים, צו וועמען דער חצר האט א שייכות, און "אדני'", לשון נקבה, באציט זיך צו די נקבות צו וועמען דער חצר האט א שייכות, ובדוגמת ווי מ'קען זאגן אויף א זאך וואס געהערט צו א משפחה - סיי לשון זכר און סיי לשון נקבה, כנ"ל.

סה. וואס עפכ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס רש"י ברענגט ניט קיין ראי' אין פרשת וישלח פון דעם פסוק "את עמודיו ואת אדני'" צו דעם אז עס זיינען דא נאך זאכן וועלכע זיינען משמש סיי לשון זכר און סיי לשון נקבה בדוגמת "המחנה הזאת והכהו" - ווארום דא איז א פאל מיוחד, וכנ"ל.

און אע"פ אז דא איז אנדערש ווי אין פרשת וישלח, דארף דא רש"י ניט ברענגען קיין ראי' אויף דעם אז "חצר קרוי כאן ל' זכר ול' נקבה" - ווארום דא אין אונזער פסוק איז דאס מובן במכש"כ פון דארטן: מה-דאך אז די זאך אליין אין א געוויינליכן פאל קען אנגערופן ווערן ל' זכר און ל' נקבה, ווי עס שטייט "המחנה האחת והכהו" [וואס סיי "האחת" און סיי "והכהו" גייען ביידע אויף די "מחנה" אליין, כנ"ל] - עאכו"כ אין אונזער פאל קען שטיין "את עמודיו ואת אדני'", סיי לשון זכר און סיי לשון נקבה, ווארום דא גייט עס ניט אויפן חצר אליין, און דא איז א פאל מיוחד, וכנ"ל.

און אע"פ אז דא איז מובן במכ"ש פון "המחנה האחת והכהו" - שרייבט רש"י אבער אעפ"כ פירושו, בכדי צו זאגן, אז "חצר קרוי כאן ל' זכר ול' נקבה", ד.ה. צו זאגן דעם עצם ענין אז אויך חצר כאן איז איינער פון די ענינים וואס זיינען קרויים "ל' זכר ול' נקבה".

סו. ע"ד הרמז, איז נוסף צו דעם וואס דער מהר"ל זאגט - קען מען זאגן נאך אן ענין אין דעם וואס דא שטייט "את עמודיו ואת אדני'", לשון זכר און לשון נקבה:

וויבאלד אז דא רעדט זיך וועגן דעם חצר - פאסט דא זאגן לשון זכר און לשון נקבה, ווארום דער חצר איז מקיף און כולל סיי אנשים און סיי נשים:

לדוגמא דער משכן אליין - איז דארט נאר מותר פאר א כהן צו אריינגיין, און א זר איז אסור אהינצו אריינצוגיין, קומט אויס, אז די יריעות זיינען נאר מקיף וכולל - די כהנים וואס גייען אהינצו אריין;

דער ארט פון דעם מזבח החיצון - דארט מעג מען שוין מער ארייננגיין - איז דער ארט מקיף וכולל מער ווי די יריעות; אבער עס זיינען דא נאך אלץ ערטער חוץ ממנו וואס זיינען מקיף און כולל מער אידן ווי דער ארט -

דער מקיף וכולל הכי כללי, דער ארט וואס איז מקיף וכולל אלע אידן וואס קומען צו דעם משכן, סיי אנשים און סיי נשים - איז דער חצר; דער חצר איז מקיף וכולל אלע אידן, סיי אנשים און סיי נשים.

וואס עפ"ז קען מען זאגן, אז דערפאר שטייט דוקא בא חצר סיי לשון זכר און סיי לשון נקבה - ווארום דער חצר איז כולל אלע אידן, סיי אנשים און סיי נשים (מער ווי בא די יריעות וכו').

סו. מען האט גערעט פריער וועגן דעם ענין פון מלך, אז בא א מלך זיינען דא צוויי תנועות הפכיות: דער ענין הביטול, און דער ענין הרוממות,

וואס דערפון דארף זיין א הוראה פאר יעדן אידן, ווארום "כל ישראל בני מלכים הם", און נאכמער, ווי ער זאגט אין תקו"ז, "כל ישראל מלכים הם" - אז בא יעדן אידן דארפן זיין די צוויי תנועות הפכיות הנ"ל, ביטול און רוממות:

מען זאגט דאך "ונפשי כעפר לכל תהי'", וואס דער דיוק אין דעם איז - "לכל", ניט נאר ער איז "כעפר" פארן אויבערשטן - דאס איז פשיטא! נאר "ונפשי כעפר <u>לכל</u> תהי'", ער איז כעפר פאר יעדן איינעם;

לאידך אבער - בשעת עס קומט צו תורה ומצוות איז אלץ איננו שוה לו, און ווי מ'זאגט "חייב אדם לומר בשבילי נברא העולם", אז די גאנצע וועלט, וע"פ חסידות - אלע עולמות, זיינען באשאפן געווארן צוליב אים!

סז. און דער ענין פון "בשבילי נברא העולם" איז בפשטות כולל אויך רבו, אז אויך רבו איז באשאפן געווארן צוליב אים, אז אפילו אז יענער איז העכער פון אים, ער איז זיין משפיע, און עס קען גאר זיין אז אן אים וואלט ער גאר געבליבן א גולם! - אעפ"כ איז אויך ער באשאפן געווארן צוליב אים.

און עס קען גאר זיין אז א מלמד איז באשאפן געווארן צוליב דעם אז ער זאל מלמד זיין א קטן וקטנה, אז אזא הויכע נשמה, זאל אראפקומען מתחת כסא הכבוד - נאר צוליב דער קטן וקטנה.

וע"ד תורת הבעש"ט, וואס ווערט אראפגעבראכט אין "היום יום", אז א נשמה קומט אראפ, און לעבט זיבעציק-אכציק יאר, צוליב איינמאל א טובה טאן א אידן!

וואס עד"ז איז דאס אין דעם ענין פון "חייב אדם לומר בשבילי נברא העולם", אז ער דארף טראכטן אז די גאנצע וועלט און אלע וועלטן, און אויך רבו, זיין משפיע, זיין ראש ישיבה - זיינען אלע באשאפן געווארן צוליב אים.

און ביז - אז אויך רבו מיטן פירוש - רבי, דער נשיא הדור - איז צוליב אים.

סח. אז ער וועט זיך ארייננטראכטן אין דעם, אז רבו, זיין משפיע, זיין ראש ישיבה, און ביז - דער רבי, זיינען אלע צוליב אים - היינט ווי דארף ער זיין? אין וואס דארף ער ליגן?

ניט אין אכילה ושתי', ניט אין שינה, ניט אין טיול, ניט אין קלייבן געלט, אדער כבוד, ניט אין ענינים פון רה"ר, און עאכו"כ ניט אין ענינים וואס זיי אליין זיינען רבים, היפך פון רה"י (כ"ק אד"ש אמר זה בניגון).

ניט ער זאל ליגן צי די פלייש איז געזאלצן, און אז עס איז ניט גענוג דערזאלצן וועט ער צוזאלצן.

וואס פריער הויבט זיך דאס אן דערפון וואס ער זאלצט צו די פלייש אום שבת, אז די פלייש זאל ניט זיין תפל, בכדי אז די אכילת שבת זאל זיין כדבעי, דערנאך אבער הויבט ער שוין אן צוזאלצן אויך אין מיטן וואך וכו',

ווארום אז א איד זאל זינדיקן איז גאר "נפש כי תחטא" - תווהא! ס'איז א תמיה הכי גדולה ווי קען דאס א איד טאן?! נאר ס'איז "היום אומר לו עשה כך ומחר אומר לו עשה כך כו'".

וואס מ'איז ניט חושד אז ער אליין זאלצט צו ח"ו, נאר א טאכטער, אדער אן איניקל, זאלצן די פלייש צוליב אים -

דארף ער זיי טאקע צוליב טאן, און עסן; אבער בשעת מעשה דארף ער טראכטן וואס פאר א ברי' טפלה ונבזה ער איז אז זיי קוקן אויף אים אז מ'דארף צוזאלצן צוליב אים, אז אין דערויף ליגט ער.

וכידוע דער סיפור מיט כ"ק אדמו"ר נ"ע וועגן געזאלצן, וואס מסתמא ווייס מען דעם סיפור און אז ניט - וויל איך ניט דוקא זאגן דעם נאמען.

(ועד"ז אין מסחר וויל מען דוקא אז עס זאל זיין "געזאלצן").

און מ'ברייננגט נאך א ראי' אז עס דארף זיין געזאלצן פון פסוק "היאכל תפל בלי מלח" (איוב ו, ו)!

ע. וואס דאס אלץ איז אין עניני רשות; עס קומט אבער אויך אזוי ארויס אפילו אין שליחות: ער לויפט ארום און זוכט דוקא א שליחות וואס זאל זיין געזאלצן!

דארף ער וויסן זיין אז ס'איז "שלוחו של אדם כמותו", און ער האט ניט קיין אייגענע הענט, און ניט קיין אייגענע הארץ, און ניט קיין אייגענע קאפ, און ניט קיין אייגענע פוס - עס איז אלץ דעם משלח'ס, ווארום שלוחו של אדם כמותו,

און דער משלח כ"ק מו"ח אדמו"ר, שיקט אים צו מאכן א דירה לו ית' בתחתונים, און ער דארף נאר צולייגן און אצבע קטנה, וואס אויך דאס איז דעם משלח'ס.

און ניט ער זאל וועלן דוקא א שליחות מיט זאלץ, וואס פריער איז ביי אים די שליחות תפל (מיט א ת"ו, (ניט געזאלצן)), און דערנאך ווערט עס ביי אים ח"ו טפל (מיט א ט').

ובנ"ל אלץ הויבט זיך אן דערפון וואס פריער זאלצט ער צו די מאכלי שבת, און דערנאך קומט עס ארויס ביז אין שליחות,

ווארום עס ווערט די התגברות פון דעם נה"ב.

וואס דאס איז אויך דער טעם וואס מ'ברייננגט א קרבן חטאת אויף מכפר זיין אויף א שוגג, דלכאורה: עס איז דאך דא דער גאנצער שטורעם פון מביא חולין לעזרה, און דא זאגט מען אז בשעת ער איז עובר אן עבירה <u>בשוגג</u> דארף ער ברענגען א קרבן חטאת?!

נאר דער טעם לדבר איז, אז אן עבירה בשוגג קומט דערפון וואס ביי אים איז דא א התגברות פון נה"ב, ווארום וואלט ביי אים ניט געווען קיין התגברות פון נה"ב אין אנדערע ענינים וואלט ער דערצו ניט געקומען.

וואס עד"ז איז דאס בענינינו, אז דורך דעם וואס ער וויל אז די מאכלי שבת זאלן זיין געזאלצן, קומט עס דערנאך ארויס עד"ז אויך בנוגע צו שליחות.

ע. וואס דאס איז דער שליחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, אז יעדער איינער (וויבאלד מ'האט אים דאס געגעבן, מזכה געווען) זאל ארייננכאפן אין די לעצטע שיריים פון גלות, אויף מקרב זיין כאו"א מישראל.

אז עס זאל זיין דער "ויקהל .. את כל עדת בנ"י", דער "שלימות העם", וואס דאס איז פועל דעם "שלימות הארץ", וואס דאס אלץ איז דורך "שלימות התורה",

אנהויבנדיק פון די מבצעים, "מבצע אהבת ישראל", אז מ'זאל מקהיל זיין "כל עדת בנ"י", וואס "כל עדת" איז כולל אויך דעם ערב רב, כנ"ל, און "מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", און "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש" און "מבצע טהרת המשפחה",

וואס דורך דעם קומט מען צו "שלימות העם",

און קיין איד בלייבט ניט אין גלות, "ואתם תלוקטו לאחד אחד בית ישראל", "בנערינו ובזקננו בבנינו ובבנותינו",

במהרה בימינו ממש.

כ"ק אדמו"ר שליט"א צוה להכריז אודות המלוה מלכה עבור ביסוס השכונה.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

נתן המזונות לר' ... עבור המלוה מלכה.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

* * *





הנחה פרטית בלתי מוגה

# משיחת ש"פ ויקהל, מבה"ח אד"ש, תשמ"א*

## (הנחה)

א. היינטיקע סדרה איז דאך „ויקהל", וואס עס ווארפט זיך גלייך אין די אויגן אז „ויקהל" איז פארבונדן מיט שנת „הקהל", און ווי דער זהר[1] פארבינדט טאקע די צוויי ענינים.

וואס דאס קומט בקשר מיט דעם וואס מ'מאכט א כנס פון די שלוחים אין ארץ ישראל

[וואס ארץ ישראל איז דאך „תמיד עיני ה' אלקיך בה"[2], און מתמציתה של ארץ ישראל שותה כל העולם[3], איז אז מ'מאכט א כנס אין ארץ ישראל איז דאס פארבונדן מיט די גאנצע וועלט]

אין פרשת ויקהל (דאס הייסט מוצאי שבת קדש פרשת ויקהל, וואס די דריי טעג נאך שבת האבן נאך א שייכות צו שבת[4], ועל אחת כמה וכמה דעם ערשטן טאג — מוצאי שבת), און אין שנת הקהל.

— איך ווייס ניט צי מען האט מכוון געווען דערצו, אויף מאכן דעם כנס פונקט אין דער צייט, אבער אויב מען האט ניט מכוון געווען איז דאך נאך בעסער — האט מען דאס מלמעלה מכוון געווען, וואס לעולם האבן זיך די שלוחים געדארפט צוזאמענקלייבן נאך פריער, נאר „הכל עשה יפה בעתו"[5], אז דאס זאל זיין פונקט אין פרשת ויקהל, און אין פרשת ויקהל גופא — ניט אין דעם פריערדיקן יאר, שנת שבת לה', נאר אין שנת הקהל.

וואס דאס וואס די שלוחים קלייבן זיך צוזאמען איז דאס דאך בכלל זייער א גרויסער ענין ס'איז דאך „הנאה להם והנאה לעולם"[6]. און בפרט אז מ'קלייבט זיך צוזאמען אין אן אופן פון „הקהל את העם האנשים והנשים והטף"[7], וואס אלע זיינען שייך צו די שליחות, סיי די אנשים, סיי די נשים, סיי די „טף" (כדלקמן ס"ו).

ב. דער ענין פון שליחות איז:

בשעת מ'מאכט א שליח, און עס ווערט „שלוחו של אדם כמותו"[8], דארף דער

---

*) שיחה זו נדפסה באה"ק ת"ז בשנת תשמ"ג בקשר לכינוס השלוחים שי' בשנה ההיא.

1) פרשתנו קצה, סע"א: ויקהל משה — רבי אבא פתח: הקהל את העם האנשים והנשים והטף, כה להלן כו' אוף הכא כו'.

2) עקב יא, יב.

3) תענית י, רע"א.

4) פסחים קו, א.

5) קהלת ג, יא.

6) סנהדרין עא, סע"ב. במדב"ר פט"ז, יח („כינוס לצדיקים").

7) וילך לא, יב.

8) קידושין מא, ב. ושי"נ.

שליח מאכן נאך א שליח, און יענער נאך א שליח, על דרך ווי מ׳שרייבט אין א שטר הרשאה[9] „ויהיה לו רשות להעמיד מורשה אחר במקומו, ומורשה אחר מורשה עד מאה מורשים״.

[וואס „עד מאה״ מיינט ניט דוקא מאה, נאר דאס קען גיין ווייטער און ווייטער, אן א שיעור, פירות ופירי פירות עד סוף העולם].

אין אנדערע ווערטער:

אין וואס באשטייט די שליחות וואס מ׳שיקט אים צו א צווייטן איד — אז ער זאל מגלה זיין דעם „שליח״ שבו, מאכן אויך יענעם פאר א שליח.

און טאן דאס בדרכי נועם ובדרכי שלום דוקא, ניט אין אן אופן הפכי ח״ו, וואס ס׳איז דאך „לתקוני שדרתיך ולא לעוותי״[10], נאר גיין אין דרך המשלח, דער רבי נשיא דורנו. וואס ס׳איז דאך ידוע[11] אז בשעת ער האט אנגענומען די נשיאות האט ער אויסגענומען א תנאי אז דאס זאל זיין בחסד וברחמים, ובדרכי נועם. און אין דעם אופן שיקט ער אויך זיינע שלוחים.

[אויב ס׳איז דא ביי אימיצען נעגל — דארף דאס זיין צו זיך].

ג. דער ענין פון שליחות דארף זיין צו יעדער איד אן אויסנאם, וואס דאס איז פארבונדן מיט היינטיקע סדרה:

אויף „ויקהל משה את כל קהל עדת בני ישראל״ זאגט דער אריז״ל[12], אז „עדת״ איז בגימטריא „ערב רב״ (ווי גערעט פריער אין מאמר). דאס הייסט אז אפילו אידן וואס בגלוי זיינען זיי בבחינת „ערב רב״ (דער „עדת״ וואס אין זיי איז נאר אין א גימטריא, דאס איז בהעלם) — איז אויך זיי דארף מען צוזאמענקלייבן, און פועל׳ן אין זיי אז עס זאל ווערן א ענין פון „עדת״ אותיות „דעת״, און זיי פארבינדן מיט משה רבנו.

[און בפרט אז איצטער איז גארניט שייך די גאנצע מציאות, ווארום די וואס רעדען היפך איז דאס מערניט ווייל זיי ווייסן ניט, און זיי זיינען בגדר „תינוקות שנשבו״ וכיוצא בזה].

וואס דאס רעדט זיך וועגן שליחות בכלל, ובפרט די וואס מ׳האט זיי אויסגעקליבן און געמאכט פאר שלוחים אויף מפיץ זיין די מעיינות — דארפן זיי זיכער גיין אין דעם וועג פון רבי׳ן דעם משלח (ס׳איז דאך שלוחו של אדם כמותו): „אוהב שלום ורודף שלום כו׳ אוהב את הבריות (אפילו „בריות בעלמא״[13]) ומקרבן לתורה״[14].

---

9) ראה אנציקלופדיה תלמודית בערכו (כרך יא ע׳ לה־לו).

10) קידושין מב. ב.

11) ראה לקו״ש ח״ב ע׳ 502.

12) לקו״ת בפרשתנו. ספר הליקוטים שם.

13) תניא פל״ב.

14) אבות פ״א מ״ב.

[זיכער דארף זיין (ווי גערעדט א סאך מאל[15] דעם דיוק בזה) „ומקרבן לתורה", ניט [illegible], צופאסן תורה צו די „בריות" און זוכן פשרות און היתרים אין תורה (וואס אפילו א טיפש פארשטייט אז ס'איז ניט שייך צו משנה זיין חכמתו ורצונו של הקב"ה): אבער דאס גופא דארף זיין מתוך אהבה און בדרכי נועם].

און בפרט אז דער כנס איז אויך פארבונדן מיט צפת, וואס איז דאך שייך צום אריז"ל[16], און איז אויך פארבונדן מיט די רביים, וואס זיי האבן דאך מגלה געווען תורת האריז"ל, וואס „מצוה לגלות זאת החכמה"[17].

ד. ס'איז דא אזא וואס טענה'ט, אז דורך דעם וואס מען האט אים געשיקט אין א שליחות, האט מען אים פארשיקט פון „ארץ זבת חלב ודבש" — חלב ודבש גשמי אינטערעסירט אים ניט, נאר ער מיינט חלב ודבש רוחני: ער האט געלערנט אין גמרא[18] אז „חלב ודבש" גייט אויף תורה, און נאכמער — אויף פנימיות התורה („מים" איז גליא דתורה[19], און „חלב ודבש" איז פנימיות התורה), טענה'ט ער אז מ'האט אים פארשיקט פון א „ארץ זבת חלב ודבש" ברוחניות, פון דעם ארט פון פנימיות התורה

[וואס הגם אז די שליחות איז אין ארץ ישראל, איז אבער זייענדיק אין ארץ ישראל איז דאך דאס אויך גלות, און אפילו בשעת מ'געפינט זיך אין ארץ ישראל, אין די ד' עיירות, זאגט מען „ומפני חטאינו גלינו מארצנו ונתרחקנו מעל אדמתנו".

וואס בשעת מ'ברענגט אריין אין ארץ ישראל ענינים פון גלות, בשעת מ'וויל דארטן אויפבויען — דוקא אין ירושלים — ניט קיין ירושלים'דיקן ענין, נאר א „האטעל" פונקט ווי אין ניו יארק דוקא, און בפרט ענינים וואס נעמען זיך פון גלות, פון גוים, א אצטדיון וכדומה — דורך דעם ברענגט מען אריין דעם גלות אין ארץ ישראל!

ולאחרי זה פרעגט מען נאך צי מ'דארף זאגן „נחם"... ער טענה'ט אז וויבאלד ער שטייט אין תפלת העמידה, און דאוונט צום אויבערשטן, דארף דאך זיין אלצדינג אמת לאמתו, איז ווי קען ער זאגן „נחם"?

— איז די מעשה איז אז אויף ארץ ישראל איז ער טאקע קיין בעל הבית ניט, ארץ ישראל בלייבט ארץ ישראל: ער איז אבער א בעל הבית אויף זיך און דורך אזעלכע הנהגות טרייבט ער זיך ארויס פון ארץ ישראל].

דארף ער וויסן, אז די כוונה פון דער שליחות איז אז מ'זאל ברענגען אהינצו די ענינים פון רבי'נס שליחות, ובכל מקום ומקום, און עס זאל זיין מוסיף והולך מוסיף

---

15) ראה „ביאורים לפרקי אבות" שם.

16) ראה לקו"ש חי"ז ע' 514 ואילך. חכ"א ע' 332 ואילך.

17) אגה"ק סכ"ו.

18) חגיגה יג, א: ליגמרון מר במעשה מרכבה. אמר להו: תנינא בהו דבש וחלב תחת לשונך — דברים המתוקנים מדבש וחלב יהיו תחת לשונך.

19) ב"ק יז, א (אין מים אלא תורה).

ואור, אויף מוסיף זיין דארטן אין תורה גאנץ תורה (כדלקמן), שלימות התורה, צו אַלע אידן, שלימות העם (כנ״ל).

ה. ס׳איז דאָ אַזעלכע וואָס מיינען, אַז בשעת מ׳הויבט אָן אימיצען מקרב זיין קען מען אים ניט געבן אַלע ענינים פון תורה, איז דערווייליקע וועט מען אים געבן נאָר ענינים פשוטים, אָבער צו העכערע ענינים, פנימיות התורה — איז ער נאָך ניט שייך.

איז די מעשה ניט אַזוי:

צוזאַמען דערמיט וואָס מ׳גיט אים די התחלה פון תורה, דעם „מודה אני״, דאַרף מען אים אויך געבן די הויכע און טיפע ענינים וואָס זיינען דאָ אין „מודה אני״:

„מודה אני לפניך״: אין „מודה אני״ איז ניטאָ קיין שם, וואָס דער טעם הפשוט איז[20], ווייל דאָס איז פאַרבונדן מיט אַ נידעריקער ענין, מ׳האַלט נאָך פאַר נעגל־וואַסער און במילא קען מען ניט זאָגן קיין שם, אָבער ביחד עם זה איז מען גלייך מסביר דעם טיפערן הסבר: „מודה אני״ איז פאַרבונדן מיט מהותו ועצמותו יתברך, וואָס איז העכער פון יעדער שם וכינוי[21].

„מלך חי וקיים״: דער אויבערשטער איז אַ מלך אויף די גאַנצע וועלט און אויף אַלע ענינים, און ער איז „חי וקיים״ — דאָס איז אַ ענין נצחי.

„שהחזרת בי נשמתי בחמלה״: דאָס איז דער ענין פון „מפליא לעשות״, וואָס דער אויבערשטער פאַרבינדט אַ נפש רוחנית מיט אַ גוף גשמי[22]. וואָס הגם אַז דער ענין איז לכאורה דאָ אויך ביי אַ גוי (להבדיל) און אפילו ביי אַ בעל חי, איז אָבער דאָרטן איז דאָס ניט אַזאַ פלא, וואָרום סיי דער נפש סיי דער גוף זיינען מוגבלים; אָבער פאַרבינדן אַ „חלק אלקה ממעל ממש״[23], וואָס דאָס איז דאָך בלי גבול, מיט אַ גוף מוגבל (ג׳ אָדער ד׳ אמות[24]) — דאָס איז אַ אמת׳ער דבר פלא.

„רבה אמונתך״: די אַלע ענינים הנ״ל ברענגען די אמת׳ע אמונה.

ו. דער תוכן הדברים איז:

פון איין זייט דאַרף מען מקרב זיין אַלע אידן, אפילו די וואָס זיינען בגדר „ערב רב״ — שלימות העם; אָבער ביחד עם זה גיט מען זיי גלייך די העכסטע ענינים אין תורה — שלימות התורה.

און דאָס איז פאַרבונדן אויך מיט שלימות הארץ, ביז אפילו „קיני קניזי וקדמוני״, און כאָטש אַז „קיני קניזי וקדמוני״ איז אַן ענין אויף לעתיד לבא (כמבואר בארוכה אין דעם מאמר „אל תצר את מואב״[25] ובכ״מ), איז דאָס וואָס מ׳האָט שוין —

20) ראה שו״ע אדמו״ר הזקן ס״א ס״ה (במהדו״ת — שם ס״ז). סידור אדמו״ר הזקן בתחלתו.

21) ראה קונטרס ענינה של תורת החסידות ס״א.

22) רמ״א שו״ע או״ח ס״ו ס״א.

23) תניא רפ״ב.

24) ראה עירובין מח, א: גופו שלש אמות כו׳.

25) קה״ת תשל״ו (כפ״ח).

טאר מען דיכער ניט אפגעבן, און אפילו אויב מ׳גיט אנדערע זאכן, וואס זיינען שייך צו „קיני קניזי וקדמוני״, דארף מען אויך נעמען, און דאס וועט ברענגען די גאולה העתידה.

ז. מ׳האט פריער דערמאנט דעם ענין פון „הקהל את העם האנשים והנשים והטף״. וואס דער אויפטו איז דא אויך „טף״. און אזוי אויך אין דעם כנס, איז די שליחות ניט נאר פון די אנשים ונשים, די שלוחים און די שלוחות, נאר אויך די „טף״ נעמען א אנטייל אין די שליחות.

און הגם אז די „טף״ זיינען לכאורה גאר מבלבל, אז מ׳רעדט אז עס דארף זיין „פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה״[26], קען מען דאך מיינען אז דאס איז בסתירה צו די שליחות, וואס בשעת מ׳דארף זיך פארנעמען מיט חינוך פון די קינדער איז דאס ממעט אין הפצת התורה והמעיינות.

אבער דער אמת איז אז ניט נאר וואס די „טף״ זיינען ניט קיין סתירה צו די שליחות, נאר אדרבה — זיי נעמען אויך אן אנטייל אין די שליחות.

וואס דאס איז בנוגע די „טף״ פון די שלוחים אליין, ועד״ז בנוגע צו די מיט וועמען מ׳דארף טאן: מ׳דארף טאן מיט אלעמען, ניט נאר מיט אנשים ונשים, נאר אויך מיט „טף״.

ח. אויף „הקהל את העם האנשים והנשים והטף״ זאגט רש״י: האנשים — ללמוד; והנשים — לשמוע; והטף — למה באו? לתת שכר למביאיהם״.

שטעלט זיך די שאלה:

„טף״ דא איז דאך כולל קינדער וואס זיינען אלט פיר־פינף יאר, וואס זיי זיינען דאך שוין שייך צו הבנה והשגה, און אזוי אויך קינדער וואס זיינען אין דעם גיל פון חינוך, וואס בנוגע די קינדער איז דער טעם ניט „לתת שכר למביאיהם״, נאר „ובניהם אשר לא ידעו ישמעו ולמדו״[27], איז פארוואס זאגט רש״י א טעם נאר וואס איז פארבונדן מיט די גאר קליינע קינדער, און זאגט ניט א טעם וואס איז פארבונדן מיט די רוב פון „טף״ (דער רוב פון „טף״ דא איז דאך פון דעם גיל וואס מ׳הויבט שוין אן צו פארשטיין)?

איז דער ביאור בזה בפשטות:

אויף די גרעסערע קינדער, וואס זיינען שייך צו הבנה והשגה, שטייט דאך מפורש אין פסוק „ובניהם גו׳ ישמעו ולמדו״, ובמילא דארף דאס רש״י ניט מסביר זיין, און ניט אין דעם באשטייט דער אויפטו: נאר בנוגע די גאר קליינע קינדער, וואס אויף זיי איז לכאורה ניטא קיין הסברה אין פסוק — זאגט רש״י דעם טעם „לתת שכר למביאיהם״.

---

26) בראשית א, כח.
27) וילך שם, יג.

וואס דאס קומט בהמשך לענינינו, וואס מ׳זאגט אז מ׳דארף זיך אפגעבן מיט אלע אידן, אויך מיט „טף״, ואדרבה — אין דעם באשטייט דער אויפטו פון הקהל.

וואס דאס קומט אויך בקשר צו דעם מאמר הידוע וואס דער רבי נשיא דורנו האט געזאגט פורים קטן תרפ״ז[28] (וואס ער האט יעמאלט געזאגט א פייערדיקן מאמר, און געזאגט דאס אין א אופן פון מסירות נפש), וואס אין דעם מאמר פארבינדט ער דעם פסוק „מפי עוללים ויונקים יסדת עוז גו׳ להשבית אויב ומתנקם״[29] מיט דעם וואס עס שטייט[30] „לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי אמר ה׳ צבאות״, דאס הייסט אז בשעת מ׳האט „רוחי״ פון דעם אויבערשטן, דארף מען ניט אנקומען צו „חיל״ און „כח״, און דאס איז פארבונדן מיט „עוללים ויונקים״ דוקא (וואס אין גמרא[31] זיינען דא פארשידענע דעות בנוגע צו „עולל״ און „יונק״, אבער לכל הדעות מיינט דאס גאר קליינע קינדער).

ט. ויהי רצון אז דער כנס זאל זיין בהצלחה, און די שלוחים זאלן דורכפירן זייער שליחות אויף מאכן יעדער איד פאר א שליח, דורך הפצת התורה והמצוות, וואס „היו מכבדין את המצוות שהן שלוחי״[32], וואס דורך זיי פארבינדט מען יעדער איד מיט מהותו ועצמותו יתברך.

און עס זאל זיין דער ענין פון הפצת המעיינות בכל מקום, און מאכן נאך א איד פאר א שליח און נאך א איד, פירות ופירי פירות עד סוף העולם.

און די שלוחים זאלן קענען דורכפירן די שליחות בהצלחה, בבריאות הנכונה, ומתוך הרחבה ברוחניות ובגשמיות, און מ׳זאל צוקומען צו אלע אידן, אז עס זאל זיין דער „הקהל את העם האנשים והנשים והטף״, און „ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל״[33], אז קיין איין איד וועט ניט בלייבן אין גלות, שלימות העם שלימות התורה און שלימות ארץ ישראל, בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש.

• • •

יו״ד. ס׳איז דאך „כל אחד ואחד חייב לומר בשבילי נברא העולם״[34], וואס „העולם״ מיינט דאס די גאנצע וועלט, כולל אויך רבו, זיין ראש ישיבה, זיין משפיע, וואס זיי זיינען טאקע העכער פון אים און זיי האבן אים געלערנט תורה און אים מדריך געווען, אבער אויך זיי זיינען באשאפן געווארן צוליב אים, און דאס איז כולל ביז אפילו דער רבי נשיא דורנו!

וואס בשעת ער טראכט זיך אריין אין דעם — פארשטייט ער דאך ווי גרויס עס איז זיין אחריות, און ווי עס דארף זיין זיין הנהגה, אז ער דארף ניט ליגן אין ענינים

28) ספר המאמרים תרפ״ז ע׳ קי (ד״ה ויקבל היהודים).
29) תהלים ח, ג.
30) זכריה ד, ו.
31) ראה כתובות ס, א.
32) תנחומא ויגש וא״ז. וראה לקו״ת ויקרא א, ג.
33) ישעיה כז, יב.
34) סנהדרין לז, א (במשנה).

פון אכי‏ׄה ושת וטיול און שאר ענינים גשמיים, און ניט טראכטן אז דער מאכל דארף זיין געזאלצן.

— אנהויבן הויבט זיך דאס אן פון „היום אומר לו עשה כך"[35], דאס הויבט זיך אן פון שבת, וואס ס'איז דאך „מצוה לענגו"[36], דארף ער האבן זאלץ, און פון דעם קומט ארויס שפעטער אויך אין מיטן וואך, מיט די טענה אז עס שטייט דאך „היאכל טפל מבלי מלח"[37], אבער ער דארף ניט ליגן אין דעם. און אפילו בשעת עס קומט צו אים א טאכטער אדער א אייניקל און טענה'ט אז עס דארף זיין דוקא געזאלצן — קען ער זיי צוליב־טאן, אבער בשעת מעשה דארף ער טראכטן בא זיך — וואס פאר א בריה שפלה איך בין, אז די טאכטער אדער דער אייניקל האלט אז איך דארף האבן דוקא עס זאל זיין געזאלצן!

ביז אז עס קומט ארויס דערפון נאך ווייטער, ניט נאר אין עניני הרשות, נאר אפילו אז עס רעדט זיך וועגן ענינים פון שליחות — זוכט ער דוקא אזא שליחות וואס זאל זיין „באזאלצן", און ביז אז די שליחות ווערט ביי אים א טפל און די „מלח" יוערט דער עיקר!

ער דארף וויסן אז וויבאלד ער איז א שליח — איז זיין ענין די שליחות, און שלוחו של אדם כמותו, ביז ווי ס'איז פאראן דער גדר פון שליחות[38] אז די מציאות פון שליח ווערט די מציאות פון משלח, זיין קאפ און זיין הארץ און אלע זיינע רמ"ח אברים ושס"ה גידים זיינען דער מציאות פון רבי'ן דער משלח, און אין דעם דארף ער ליגן, אויף דורכפירן כוונת השליחות. זיין מציאות איז אויף מקרב זיין אלע אידן לתורה, און ווי געזאגט פריער — אויך די „עוללים ויונקים", ער זאל ניט טראכטן אז ער וועט טאן נאר מיט אנשים ונשים, מיט גדולים, אבער מיט „טף" — איז ווי פאסט עס פאר אים און וואס וועט ער זיך אנשטרייגען אין דעם.

זאגט מען ניין — ער דארף ליגן אין דעם אז נאך א קינד און נאך א קינד זאל זיך איינשרייבן אין „צבאות ה'", און אזוי אויך אין די אלע מבצעים, אנהויבנדיק פון „ואהבת לרעך כמוך"[39], ביז צו מבצע תורה, תפילין, מזוזה, צדקה, בית מלא ספרים — יבנה וחכמי', נרות שבת קודש ויום טוב, כשרות האכילה ושתי', און טהרת המשפחה,

און מ'זאל מפיץ זיין די מעיינות, וואס „לכשיפוצו מעיינותיך חוצה" וועט זיין „קאתי מר"[40].

---

35) שבת קח. ב.

36) שו"ע אדמו"ר הזקן או"ח סרמ"ב ס"ב.

37) איוב ו, ו.

38) ראה לקח טוב בתחלתו. שו"ע אדמו"ר הזקן או"ח סרס"ג סכ"ה בקו"א.

39) קדושים יט, יח.

40) אגרתו הידועה של הבעש"ט על עליית הנשמה שלו בר"ה שנת תק"ז (נדפס בהתחלת כפר כתר שם טוב).

בס"ד. שיחת ש"פ פקודי, פ' שקלים, בדר"ח אדר שני ה'תשמ"א.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. פותחין בדבר משנה, ס'איז דאך ר"ח אדר, "אחד באדר" – וועט מען אנהויבן מיט די דברי המשנה אין אנהויבס מסכת שקלים בשייכות מיט ר"ח אדר, "אחד באדר": "באחד באדר משמיעין על השקלים"[1].

וואס אע"פ אז די משנה רעדט וועגן זמן שביהמ"ק הי' קיים, ווי פארשטאנדיק פון פשטות הוכן הענין וואס עס רעדט זיך אין דער משנה, ובפרט דערפון וואס די משנה' איז ממשיך בפירוש "בחמשה עשר בו שולחנות[2] היו יושבין במדינה (בירושלים[3]), וישבו במקדש בעשרים וחמשה" –

אעפ"כ דארף זיין א הוראה נצחית דערפון בכל מקום ובכל זמן, ווארום, "התורה היא נצחית"[4], וכדלקמן.

ב. דער פירוש פון "התורה היא נצחית" איז – אז תורה מלשון (ומענין) הוראה[5] – איז "נצחית", אז פון יעדער ענין בתורה איז דא א הוראה נצחית בכל מקום ובכל זמן, לכל אחד ואחת.

ד.ה. אז אויך אן ענין בתורה וואס איז שייך צו זמן שביהמ"ק הי' קיים וכיו"ב – איז ניט נאר אז מ'לערנט אים איצטער ווי ער איז געווען בזמן שביהמ"ק הי' קיים בעהו ובזמנו, און מ'האט דורך דעם די מעלה פון "כל העוסק בתורת כו' כאילו כו'"[6], וואס דאס איז נאר אן ענין פון שכר – נאר עס איז אויך דא א הוראה דערפון בכל מקום ובכל זמן.

און ווי פארשטאנדיק פון דעם ענין וואס עס רעדט זיך אין תניא קדישא[7] וואו עס שטייט דער מאמר "התורה היא נצחית":

עס רעדט זיך דארטן וועגן "כי קרוב אליך הדבר מאד וגו'"[8] – איז ניט (נאר) דער פשט אז דער ענין בתורה איז נצחי דערפאר וואס מ'לערנט דעם ענין פון "כי קרוב אליך וגו'", און "כאילו כו'" (אז עס איז כאילו ווי "קרוב אליך הדבר מאד וגו'") נאר דער פשט פון "התורה היא נצחית" איז (אויך) – אז עס איז טאקע שטענדיק "קרוב אליך וגו'", ווי מ'זעט אז ער איז זיך ניט מסתפק אין תניא מיטן זאגן דעם

– ענין –

------------

1) משנה ג'. 2) ראה פדש"י ד"ה בט"ו באדר שולחנות – מגילה כט, ב. פיה"מ להרמב"ם כאן (הובא בתויו"ט כאן. קה"ע לירושלמי כאן). רע"ב כאן. 3) רע"ב כאן. וראה תויו"ט כאן. 4) תניא רפי"ז. 5) זח"ג נג, ב. 6) מנחות קי, א. שו"ע אדה"ז או"ח מהדו"ק ס"א סי"א (וראה גם מהדו"ב שם ס"ט). הל' ת"ת לאדה"ז פ"ב סי"א. 7) ל' ההסכמות בתניא זלקווא תקנ"ט. 8) נצבים ל, יד.

עניך אז "קרוב אליך וגו' אליין - נאר ער איז דאס מבאר "בדרך ארוכה וקצרה"[9], און מבאר ווי עס איז שייך פאר כל אחד ואחת בכל מקום ובכל זמן.

און עד"ז איז דאס אויך בנוגע צו אלע ענינים פון תורה אפילו די ענינים וואס זיינען שייך דוקא בזמן שביהמ"ק הי' קיים וכיו"ב - אז ניט נאר וואס מ'לערנט זיי איצטער ווי זיי זיינען דעמולט געווען, און מ'האט דורכדעם דעם שכר פון "כל העוסק כו' כאילו כו'" - נאר עס איז אויך דא דערפון א הוראה נצחית בכל מקום ובכל זמן, אויך בזמן שאין ביהמ"ק קיים.

ובעניננו: ניט נאר וואס מ'לערנט איצטער דעם ענין פון "באחד באדר משמיעין על השקלים" - נאר עס דארף דערפון זיין אויך א הוראה נצחית בכל מקום ובכל זמן.

ג. עס איז פארשטאנדיק, אז די הוראה פון אן ענין ועבודה וועלכע איז געווען בזמן שביהמ"ק הי' קיים, ובנדו"ד - דער ענין פון "באחד באדר משמיעין על השקלים" איז מעין ודוגמת דער ענין ווי ער איז געווען כפשוטו.

דער ענין פון שקלים כפשוטו איז געווען:

אזוי ווי בר"ח ניסן האט געדארפט זיין "חדש והבא קרבן מתרומה חדשה", פון דעמולט אן האט מען מקריב געווען די קרבנות צבור פון א תרומה חדשה (ווי מ'לערנט עס אפ[10] פון "חודש בחדשו"[11]) -

האט מען במשך חודש אדר (נאכדעם וואס "באחד באדר משמיעין על השקלים") צונויפגעקליבן דעם מחצית השקל, און דערנאך עס געגעבן, און אין אן אופן פון "מוסרו לצבור יפה יפה"[12], און דערנאך האט מען דערמיט געקויפט די קרבנות צבור[13], און מ'האט עס אויך גענוצט אויף בדק הבית[14], און "קיץ המזבח"[15], וכמבואר אין משנה און גמרא און אין פוסקים וואס רעדן וועגן ווי די ענינים זיינען געווען בזמן שביהמ"ק קיים.

און עד"ז איז די הוראה דערפון בעבודת האדם - אז בא דעם מענטשן דארפן זיין די אלע ענינים הנ"ל בעבודה רוחנית

- שלו -

------------

9) ל' אדה"ז נוסח ה"שער" להניא. 10) ר"ה ז, א. מגילה שם. 11) פינחס כח, יד. 12) ר"ה שם, ריש ע"ב.
13) ירושלמי שם פ"א ה"א. מגילה שם. פרש"י עה"פ תשא ל, טו.
14) מגילה שם. 15) שקלים פ"ד מ"ד. ירושלמי שם פ"ד ה"ג. רמב"ם הל' שקלים פ"ד ה"ט. וראה רע"ב כאן. פרש"י ד"ה לקיץ המזבח - כתובות קו, ב. ד"ה מקיצין בהן את המזבח - שבועות יב, א. ד"ה קיץ - שבועות שם, ריש ע"ב.

שלו, וואס די אלע ענינים זיינען דא אויך בעבודה הרוחנית שבאדם, וכדלקמן.

ד. דער ענין פון הקרבת קרבנות צבור (וואס מ'האט געקויפט מיט דעם מחצית השקל וואס אלע אידן האבן געגעבן) אין ביהמ"ק בעבודת האדם:

ע"ד ווי דער ענין פון דעם ביהמ"ק כפשוטו, וואס ער איז א בנין כפויים וואס האט אין זיך כמה פרטים, און דארטן איז מען מקריב די קרבנות - איז עד"ז אויך דא בא יעדן אידן א משכן וואס "איקרי מקדש"[16]. ווי עס שטייט[17] "ושכנתי בתוכם" - "בתוך כל או"א"[18].

און ע"ד ווי דער ביהמ"ק איז א "בית לה' מוכן להיות מקריבין בו הקרבנות"[19], און מען איז דארטן מקריב די קרבנות - עד"ז איז דעם מקדש בא יעדן אידן דאוועגט ער די תפלות וואס "תפלות כנגד תמידין תקנום"[20], אנהויבנדיק פון תפלת שחרית און מנחה וועלכע זיינען כנגד "תמיד של שחר" און "תמיד של בין הערבים"[20], דער עיקר פון קרבנות ציבור, און אויך תפלה מוסף פון שבת און תפלת מוסף פון ר"ח וועלכע זיינען כנגד די קרבנות מוסף פון שבת און ר"ח[20], וואס אויך זיי זיינען פון די קרבנות ציבור וועלכע מ'קויפט מיט דעם מחצית השקל.

וואס תפלה איז עבודה שבלב, ווי עס שטייט[21] "ולעבדו בכל לבבכם (און אויך -) ובכל נפשכם", און בכלל, אדער בפרט - ווי מ'זאגט נאכמער אין ק"ש (אויך) פעמים ביום, בבוקר ובערב - "בכל לבבך ובכל נפשך (און אויך) ובכל מאדך"[22].

וואס דאס אלעס איז די הוראה פון דעם וואס מיט דעם מחצית השקל האט מען געקויפט און דערנאך מקריב געווען קרבנות צבור,

ועד"ז איז אויך דא בעבודת האדם דער ענין פון "בדק הבית" - היקונים וואס מ'דארף אמאל מאכן אין דעם מקדש שבאדם, ועד"ז דער ענין פון "קיץ המזבח" און די אנדערע ענינים המבוארים אין משנה און גמרא און אין פוסקים, כנ"ל.

ה. כ"ז איז די הוראה דערפון וואס מ'האט געטאן מיט דעם מחצית השקל, די הוראה פון דעם קויפן די קרבנות צבור וכו';

- עס -

---

16) עירובין ב, סע"א. 17) תרומה כה, ח. 18) של"ה סט, א. ובכ"מ. ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו. 19) רמב"ם ריש הל' ביהב"ח. 20) ברכות כו, ב. 21) עקב יא, יג. תענית ב, סע"א. ספרי ופרש"י עה"פ. 22) ואתחנן ו, ה.

עס איז אויך דא א הוראה פון דעם וואס מ'קלייבט דעם מחצית השקל און מוסרו לצבור "יפה יפה" אלס הכנה אויף די נייע קרבנות פון דער מבבית חרשה -

אז צו דער עבודה הנ"ל דארף זיין א הכנה, בדוגמת די הכנה צו דעם געבן דעם מחצית השקל, וואס אע"פ אז ערשט באחד בניסן וועט מען דארפן נוצן דעם מחצית השקל - הויבן זיך שוין אן די הכנות הנ"ל דערצו "שלשים יום" לפנ"ז, אז "באחד באדר משמיעין על השקלים".

און אע"פ אז "באחד באדר" איז נאר "משמיעין על השקלים" - אעפ"כ טוט מען שוין דעמולט אין דעם אויך במעשה בפועל - מען הויבט אן צונויפקלייבן דעם מחצית השקל, און דערנאך "בחמשה עשר בו", איז "שולחנות היו יושבין" און די וואס האבן ניט קיין מטבע בצורה פון מחצית השקל פארבייטן די מטבעות וואס זיי האבן אויף א צורה פון מחצית השקל[2].

ובדוגמא ווי דאס איז בנוגע צו חגה"פ[23], וואס אויך דארטן הויבן זיך אן די הכנות, "שלשים יום קודם הפסח"[24] - אז ס'איז ניט נאר וואס דעמולט הויבט מען אן לערנען הלכות הפסח, נאר עס זיינען דעמולט שוין דא אויך ענינים וואס מ'דארף טאן במעשה בפועל, ווי דער ענין פון "קמחא דפסחא"[25], וואס מ'דארף דאס געבן אין דער פאסיקער צייט אז דער וואס באקומט דאס זאל האבן צייט אויף עס צוגרייטן און נוצן כדבעי, וואס דאס איז - א משך זמן פאר פסח,

עד"ז איז דאס אויך אין דעם ענין פון מחצית השקל, אז שוין שלשים יום איידער מ'גיט דעם מחצית השקל קלייבט מען צונויף די געלט און דערנאך פארבייט מען דאס אויף א מחצית השקל בא דעם "שולחני".

וכאמור - ניט נאר וואס מ'דארף איצטער לערנען די ענינים ווי זיי זיינען געווען בזמן שביהמ"ק הי' קיים - נאר דערפון דארף זיין אויך א הוראה בעבודת האדם במעשה בפועל בכל מקום ובכל זמן.

ו. עס קומט צו אויך א הוראה נפלאה דערפון וואס "בחמשה עשר בו שולחנות היו יושבין" - ע"פ אן ענין וואס איז מובן מעצמו און אין תניא שטייט עד "באר היטב":

לכאורה איז ניט פארשטאנדיק: "באחד באדר משמיעין על השקלים", האט מען לכאורה גלייך דעמולט אנגעהויבן צונויפ-

- קלייבן -

---

23) ראה מגילה שם. 24) מגילה שם. פסחים ו, סע"א. שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס תכט. וש"נ. 25) ראה רמ"א או"ח [illegible] תכט. שו"ע אדה"ז שם ס"ה.



הנחת הת' בלתי מוגה

קלייבן דעם מחצית השקל - איז וואס האט מען געדארפט ווארטן ביז "בחמשה עשר בו" אז עס זאלן זיין "שולחנות היו יושבין"? עס איז לכאורה ניטא קיינער, אויך ניט איינער וואס איז ניט קיין "עשיר" און אפילו ניט איינער וואס איז ווייט פון אן "עשיר", וואס עס זאל אים נעמען חמשה עשר יום אויף צונויפ-קלייבן א מחצית השקל?!

נאר דער ביאור אין דעם איז ע"פ דעם וואס עס שטייט אין תניא[26], אז בשעת מ'גיט געלט לצדקה, אפילו בשעת מ'גיט בלויז א פרוטה - איז ער "נותן חיי נפשו":

וויבאלד אז תורת אמת זאגט אז דאס גיט מען אפ "חיי נפשו" - איז פארשטאנדיק אז ער דארף דאס געבן אין אן אופן פון "חיי נפשו" מיט אן אמת - איז הלואי זאל ער זיך איס-פראווען אין א גאנצן טאג צו אפגעבן איין פרוטה אין אזא אופן!

וואס דערפאר איז "שולחנות היו יושבין" ערשט "בחמשה עשר בו", ווארום אויף יעדער פרוטה פון דעם מחצית השקל וואס ער קלייבט צונויף - נעמט צייט אז ער זאל בא זיך פועל זיין אז ער גיט עס אפ אין אן אופן פון "חיי נפשו" מיט אן אמת.

ז. דער ענין הנ"ל איז בהדגשה יתירה בנוגע צו תרומת האדנים:

מען זאגט א אידן אז ער זאל אפגעבן "חיי נפשו" - ניט אויף קדשי קדשים, אויף דעם ארון מיט די לוחות מיט דעם כפורת מיט די כרובים וואס שטייען אין קדה"ק - וואס דעמולט וואלט אויך א קל שבקלים מוסר געווען "חיי נפשו",

און אויך ניט אויפן שולחן, און אפילו ניט אויפן מזבח העולה, וואס שטייט מבחוץ, וואס אויך דעמולט וואלט ניט געווען שווער צו דאס פועל'ן -

נאר - ער זאל אפגעבן "חיי נפשו" אויף דעם פון וואס עס הויבט זיך אן דעם משכן - ער זאל אפגעבן "חיי נפשו" אויף די אדנים בכדי אז די קרשים זאלן זיין נצבים ועומדים מיט א תוקף,

און - נצבים ועומדים בדרך הטבע,

וואס בנוגע צו קרשים זאגט מען[27] "מה למעלן שרפים עומדים (כמ"ש[28] "שרפים עומדים ממעל לו") אף למטה עצי שטים עומדים"[29] אז די עמידת הקרשים איז בדוגמת עמידת השרפים

- וואס -

------------

26) פל"ז (מח, ב). 27) שמו"ר פל"ה, ו. 28) ישעי' ו, ב. 29) תרומה כו, טו.

וואס "עומדים ממעל לו" - אבער שרפים זיינען אין עולם הבריאה, אין מרכבה[30], און קדשים זיינען אין עולם העשי', און זייער שטיין איז - בדרך הטבע, וואס דאס גופא איז א ירידה -

זאגט מען אים אז אויף דעם זאל ער אפגעבן "חיי נפשו"!

און נאכמער: די קרשים זיינען געמאכט געווארן פון עצי ארז וואס מ'האט געבראכט פון מצרים, און נאכמער: ניט נאר מ'האט זיי געבראכט פון מצרים, נאר מ'האט זיי דארטן איינגעפלאנצט! ווי רש"י[31] זאגט אז "יעקב אבינו צפה ברוח הקודש שעתידין ישראל לבנות משכן במדבר והביא ארזים למצרים ונטעם", קומט אויס, אז דאס זיינען קרשים וואס זיינען געוואקסן פון דער קרקע פון "ערות הארץ"[32] -

זאגט מען אים אז בכדי אז די קרשים זאלן שטיין דארף מען האבן די "אדנים", אז די תיבת האדן זאל אויפהאלטן דעם קרש, וואס דאס האט מען געמאכט פון מחצית השקל, "ככר לאדן"[33] (ווי רש"י[34] איז מפרש) - זאל ער אויף דערויף אפגעבן "חיי נפשו"!

וואס ע"פ כ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס מ'דארף האבן חמשה עשר יום - ווארום בכדי ער זאל קענען בא זיך פועל זיין אז ער זאל אפגעבן "חיי נפשו", און נאך אויף ענינים שבדוגמת די "אדנים" (וואס זיי זיינען אן עיקר אין דעם ענין פון מחצית השקל), און אין אן אופן ווי "תורה אור" און "תורת חיים", הוראה בחיים, וויל - דארף געדויערן צייט אז ער זאל דאס בא זיך פועל זיין,

וואס דערפאר איז "בחמשה עשר בו שולחנות היו יושבין".

ח. וואס כל הנ"ל איז די הוראה וואס מ'לערנט אפ פון דעם ענין פון געבן דעם מחצית השקל - פון דעם וואס "באחד באדר משמיעין על השקלים", און דערנאך קלייבט מען צונויף די געלט און מ'פארבייט עס אויף א מטבע המתאימה, אויף א מטבע אין צורה פון מחצית השקל, און דערנאך מוסרה לצבור "יפה יפה" אלס הכנה אויף די קרבנות פון דער "תרומה חדשה";

און לאח"ז איז דא דער ענין וואס מ'טוט מיט דעם מחצית השקל, אז מ'קויפט דערמיט די קרבנות צבור, וואס אויך דערפון איז דא א הוראה בעבודת האדם, וכנ"ל (ס"ד).

- ס. -

---

30) ד"ה מים רבים תרל"ו פקי"ב (ע' קיז). וראה תניא רפל"ט ובהגה"ה שם. 31) עה"פ תרומה כה, ה. כו, טו. מתנחומא תרומה ט. 32) מקץ מב, ט. שם, יב. 33) פרשתנו לח, כז. 34) עה"פ שם, כו.

ט. צווישן די קרבנות ציבור וואס מ'האט געקויפט מיט דעם מחצית השקל, ועד"ז בעבודת האדם - זיינען דא די קרבנות וואס "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"[35], דער קרבן תמיד פעמיים בכל יום, און אויך די קרבנות מוסף, דער קרבן מוסף פון שבת און דער קרבן מוסף פון ר"ח (כנ"ל),

וואס דאס איז פארבונדן מיט היינטיקן טאג, וואס היינט איז שבת און ר"ח.

נוסף אויף דעם אז היינטיקער טאג איז "אחד באדר" - איז היינט אויך ר"ח, און אע"פ אז היינטיקער טאג, "אחד באדר", איז אלעמאל ר"ח - קומט צו דער ענין פון שבת (וואס ניט אלעמאל קומט אויס ר"ח אדר בשבת, און היינטיקן יאר קומט עס אויס בשבת), און דער ענין פון שבת פועל'ט אן עילוי אויך אין ר"ח,

ע"ד ווי די גמרא זאגט אין זבחים[36] "אטו שבת למוספין אהנאי לתמידין לא אהנאי", אז ס'איז ניט דער פשט אז די תמידין בשבת זיינען די זעלבע ווי די תמידין בכל יום, נאר שבת "אהנאי" אויך "לתמידין", ועד"ז יו"ט, ביז אויך - ביוהכ"פ[37], און כמה דוגמאות וואס ער ברענגט אין גמרא,

וואס עד"ז איז דאס בעניננו, אז דער שבת פועל'ט אויך אין ר"ח אז דער ר"ח איז מעולה יותר.

י. אין היינטיקן טאג איז אויך דא דער ענין פון פרשת פקודי,

וואס בשעת ס'איז אן אנדער סדרה זיינען די ענינים הנ"ל אין אן אנדער אופן; בשעת עס איז אבער פרשת פקודי זיינען זיי אין אן אופן פון פרשת פקודי, וואס דער ענין פון "פקודי" איז - דער משכן.

און ניט ווי עס רעדט זיך וועגן דעם משכן אין אנדערע סדרות, אין פרשת ויקהל אדער אין פ' תרומה און תצוה, וואס אע"פ אז דארטן רעדט זיך וועגן דעם ציווי פון דעם אויבערשטן, וואס דאס איז אן ענין נעלה - רעדט זיך אבער אין פ' פקודי וועגן דעם ווי דער משכן איז בפועל,

און דערצו קומט צו נאך אן עילוי - ווי תושבע"פ[38] טייטשט דאס וואס עס שטייט אין תושב"כ דיש פרשת פקודי, "אלה פקודי המשכן משכן העדות וגו'", "משכן משכן שני פעמים" - אז דאס איז כולל אויך די צוויי בתי מקדש;

וואס דערפון קומט אויס, אז עס איז דא אין דעם ענין

- פון -

------------

35) זח"ג צד, ב. 36) צא, א. 37) ראה יומא לב, ב.
38) תנחומא פרשתנו ב. שמו"ר פנ"א, ג. פרש"י ריש פרשתנו.

פון "פקודי" - דער ענין וואס רעדט זיך אין תושב"כ, דער פועל ממש פון דעם משכן, און אויך דער ענין וואס רעדט זיך אין תושבע"פ, די צוויי בתי מקדש.

וע"פ דעם פתגם הידוע פון דעם אלטן רבי'ן[39] אז מ'דארף לעבן מיט דער צייט, מיט דער פרשה השבוע וואס מ'לערנט און מ'לייענט אין דער צייט - איז יעדער טאג פון דער וואך פון פ' פקודי, איז ער חי, ער לעבט, מיט דעם ענין פון דעם משכן, ווי ער איז אין תושב"כ און אין תושבע"פ.

ד.ה. אז נוסף צו דעם וואס אלעמאל זאגט מען אין דאוונען "רצה" און "ותחזינה" און "ברכת כהנים" וואס זיי זיינען פארבונדן מיטן ביהמ"ק - איז דאס ווי ער האט עס אין תפלה, און אין דער וואך פון פ' פקודי - האט ער (נוסף אויף בתפלה) אויך אין תורה דעם ענין פון דעם משכן און ביהמ"ק.

יא. וויבאלד אז אין דעם טאג זיינען דא דריי מעלות מיוחדות: שבת, ר"ת און פ' פקודי (וואס די נקודה פון זיי אלע איז - דער ענין פון דעם ביהמ"ק והשייך לזה, וואס אויך שבת איז פועל אן עילוי אין דעם ענין פון "באחד באדר", כנ"ל), און עס זיינען דא (אין פ' פקודי גופא) דריי מקדשות: דער משכן, און די צוויי בתי מקדש; עס איז משולש -

איז דא די מעלה פון "הלתא", וואס "בהלת זמני הוי חזקה"[40],

וואס ע"ד די התחזקות וואס חזקה טוט אויף אין צד השלילה[41] - עד"ז ועאכו"כ איז אין דעם צד החיוב, אין דעם "ונהפוך הוא"[42] - אז הזקה טוט אויף דעם חיות וקיום אין אן אופן פון חיים נצחיים,

ועד"ז בענינינו - אז עס ווערט א חיות וקיום אין דעם ענין פון ביהמ"ק והשייך אליו.

יב. המורם מכל האמור לעיל:

עס דארף זיין מעשינו ועבודתינו אין אן אופן אז דורך דעם וועט קומען משיח צדקנו במהרה בימינו, און "יבנה ביהמ"ק במקומו" במהרה בימינו ממש און "יקבץ נדחי ישראל"[43], און דעמולט וועט מען מקריב זיין קרבנות צבור "כמצוה רצונך"[44],

און מען וועט דעמולט מקריב זיין אויך קרבנות יחיד,

- וואס -

---

39) "היום יום" ע' קא. סה"ש הש"ב ע' 29 ואילך.
40) ב"מ קו, ב. 41) ראה קידושין פ, א. 42) ל' הכתוב - אסתר ט, א. 43) ראה רמב"ם הל' מלכים ספי"א. 44) ראה הו"ת ר"פ ויחי. אוה"ת ויחי (כרך ו) התשכת, ב ואילך. ד"ה וככה תרל"ז פי"ז ואילך.

וואס אויך דאס איז נוגע צו דעם ענין פון מחצית השקל, ווארום דורך די קרבנות צבור (וואס מ'קויפט מיט דעם מחצית השקל) - קומט צו אן עילוי אויך אין די קרבנות יחיד.

ועפ"ד ווי דאס איז אין דעם ענין פון תפלה, אז פארן דאווגען איז מען זיך כולל מיט אלע אידן ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ בסידורו[45] [וואס אע"פ אז עס איז לכאורה אן ענין פון קבלה[46] - ברענגט עס דער אלטער רבי אראפ אין סידור], וואס דער סידור איז א דבר השוה לכל נפש[47], וואס דורכדעם איז דערנאך דא די תפלה, וואס "כנגד תמידין תקנום", ד.ה. כנגד קרבנות צבור, אבער אויך - די י"ב ברכות אמצעיות פון ש"ע, וואס זיי זיינען צרכי היחיד.

און נאכמער: ניט נאר אז דורכדעם זיינען דא די י"ב ברכות אמצעיות, וואס אע"פ אז זיי זיינען סאקע צרכי היחיד - האבן דאך אנשי כנסת הגדולה בא זיי אויסגעשטעלט א נוסח שוה וכולל פאר אלע אידן - נאר אויך ברכת "שמע קולנו", וואס דארטן קען יעדער יחיד בעטן זיינע איי**ג**ענע בקשות[48]; דארטן'איז דאס - א יחיד אלס יחיד.

וואס כל זה איז, כאמור, דורכדעם וואס פארן דאווגען איז ער זיך כולל עם הצבור.

וואס עד"ז וועט אויך זיין לע"ל אז מ'וועט מקריב זיין קרבנות צבור וואס מ'וועט קויפן מיט דעם מחצית השקל, און אויך קרבנות יחיד, און די קרבנות צבור וועלן פועל'ן אן עילוי אין די קרבנות יחיד.

יג. נוסף לכל האמור לעיל קומט-צו, אז מ'געפינט זיך אין חודש אדר - וואס אויך דאס איז פארבונדן מיטן ענין פון ביהמ"ק:

די גמרא זאגט אין מס' תענית [ניט אין מס' מגילה, נאר גאר אין מס' תענית - "ונהפוך הוא", אין סיום ותכלית שלה[49]] "באדר דבריא מזלי'",

ד.ה. אז אויב א איד האט צו-טאן מיט גוי'שקייט בא זיך, מיט דעם "א-ל זר אשר בקרבך"[50] - איז אין חודש אדר מאכט ער א תל דערפון,

און דערפון קומט אויך ארויס ("נשתלשלו מהן"[51]), אז בא גויים כפשוטם ווערט "תפול עליהם אימתה ופחד" און "בגדול

- זרועך -

------------

45) לפני "מה טובו". 46) שער הכוונות בתחלתו. פע"ח ש"ג ספ"ב. וראה גם סידור האריז"ל במקומו. 47) ראה לקו"ש ח"ב ע' 298. 48) ראה שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס קיט. וש"נ. 49) כט, ריש ע"ב. 50) ראה שבת קה, ב. 51) ראה תניא רפ"ג.

זרועך ידמו כאבן"[52], "כאבן" ממש - דערפאר וואס דאס איז "בגדול זרועך", מיט כחו ועוצם ידו פון דעם אויבערשטן.

וואס דאס איז, כנ"ל, דורכדעם וואס א איד מאכט א תל פון די גוי'שקייט וואס בא זיך.

וואס אויך דאס איז דער ענין פון ביהמ"ק, ווארום בשעת ער מאכט א תל פון די גוי'שקייט וואס ביי איט - איז ביי איט דער "ושכנתי בתוכם בשלימות.

ונוסף לזה: בשעת מ'טוט מעשינו ועבודתינו אין חודש אדר וואס "בריא מזלי'" - איז דער עיקר בקשה בשעת "בריא מזלי'" - אז משיח זאל קומען און עס זאל געבויט ווערן דער ביהמ"ק.

יד. נוסף לזה קומט אויך צו וואס "משנכנס אדר מרבין בשמחה"[53], אז נוסף צו די שמחה וואס עס דארף זיין בכל השנה בקיום המצוות[54], איז "משנכנס אדר" זאגט אן תורה אז עס דארף זיין "מרבין בשמחה".

וואס וויבאלד אז דאס איז א ציווי בתורה - זיינען דא אויף דעם כחות מיוחדים, ווארום "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן"[55].

וואס שמחה בכלל איז פורץ גדר[56], אפילו שמחה סתם, עאכו"כ באדר ווען עס איז דא א ריבוי שמחה ("מרבין בשמחה").

און די שמחה איז שייך לכל אחד, און, כאמור, אין אן אופן פון ריבוי שמחה, וואס דאס ברענגט א ריבוי אין נאך ענינים, ווי ער זאגט אין אסת"ר בסיומו אז "הברכה בריבוי", און "השלום בריבוי", ביז א ריבוי ענינים אין א ריבוי.

טו. ויה"ר אז משיח זאל קומען למטה מעשרה טפחים, במהרה בימינו ממש,

וואס משיח קומט "בהיסח הדעת"[57], וואס "היסח הדעת" איז פארבונדן במיוחד מיט דעם ענין פון פורים - "עד דלא ידע"[58], וואס דאס הויבט זיך שוין אן פון ר"ח [ווי דער רמ"א[59] פסק'נט אפ אז "והכי נהוג" וכפי שיתבאר לקמן],

במהרה בימינו ממש בגאולה האמיתית והשלימה,

- וואס -

---

52) בשלח טו, טז. 53) תענית שם, סע"א. הובא במג"א או"ח סתרפ"ו סק"ה. 54) ראה רמב"ם סוף הל' לולב. תניא פכ"ו. ועוד. 55) במדב"ר פי"ב, ג. 56) ראה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ע' 49 ואילך. 57) סנהדרין צז, סע"א. 58) ראה מגילה ז, ב. טושו"ע או"ח סתרצ"ה ס"ב. 59) או"ח סתרפ"ח ס"ז.

וואס דעמולט וועט זיין נוסף צו דעם ענין רוחני שבזה, כמבואר לעיל - אויך כהציה השקל כפשוטו. און די קרבנות ציבור כפשוטם, "ושם נעשה לפניך . . המידים כסדרם ומוספים כהלכתם"[60], די תמידים און מוספים (אויך) כפשוטם, און אין אן אופן פון "כמצות רצוניך", בעליכוה,

במהרה בימינו ממש.

* * *

טז. נוסף לכל האמור לעיל - קומט אויך צו דאס וואס שנה זו איז א שנה הקהל (כמדובר כמ"פ בשנה זו).

וואס אע"פ אז הקהל איז געווען בתחלה השנה, אין זמן פון חג הסוכות (אין א זכן פון מרבים בשמחה, שמחה בית השואבה) - ווערט אבער דער גאנצער יאר אנגערופן שנה הקהל, כמנהג ישראל וואס "תורה הוא"[61].

יז. עס זיינען דא כמה ענינים פארבונדן מיט שנת הקהל, ובהוכם - דאס וואס די גמרא[62] זאגט אז "בן דוד בא" "במוצאי שביעית", אין שנה הקהל.

וואס משיח ("בן דוד") און הקהל זיינען פארבונדן בהוכנם. ווארום כשיה וועט אויפטאן דעם ענין פון "הקהל", ווי דער רמב"ם[63] שרייבט אז "יעמוד מלך מבית דוד . . וילחם מלחמות ה' וינצח . . <u>ויקבץ נדחי ישראל</u>", און ווי עס שטייט[64] "נדחי ישראל יכנס" (וואס דער פסוק ווערט געברארכט[65] בנוגע צו דעם ענין).

וואס (אויך) דער סדר אין רמב"ם איז בדיוק[66] - אז פריער וועט זיין דער "וינצח", און דערנאך דער "ויבנה מקדש במקומו", און ערשט דערנאך דער "ויקבץ נדחי ישראל";

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז "ויקבץ נדחי ישראל" איז גאר עיקר ענינו פון משיח צדקנו, ווארום דאס וועט זיין דער <u>גמר וסיום</u> פון די אלע ענינים וואס משיח וועט אויפטאן.

און אע"פ אז אין מדרשים[67] און אין ירושלמי[68] זיינען פאראן פארשידענע דעוה ווי דער סדר וועט זיין, וואס "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[69] -

- ווערט -

---

60) נוסח תפלת מוסף דשבת, יו"ט ור"ח. 61) הוד"ה נפסל - מנחות כ. ב. 62) סנהדרין שם. 63) הל' מלכים שם. 64) תהלים קמז, ב. 65) בזח"א קלד, א. קלט, א. 66) ראה לקו"ש ח"ה ע' 149 הע' 51. ועוד. 67) שהש"ר פ"ו, י. מדרש תהלים עה"פ כב. א. 68) ריש מס' ברכות. 69) עירובין יג, ב.

ווערט אבער די "הלכה כמותו"[70] ארויסגעבראכט און ארויס-געגעבן אין פוסקים, וואס כאמור לעיל, דער רמב"ם פסק'נט אז פריער וועט זיין דער "וילחם מלחמות ה' וינצח" און דערנאך "ויבנה מקדש במקומו" און ערשט דערנאך "ויקבץ נדחי ישראל", דער ענין פון הקהל.

יח. אלע ענינים פון לע"ל זיינען תלוי במעשינו ועבודתנו[71] - פאדערט זיך, אז אויך איצטער זאל זיין בעבודתנו מעין דעם ענין וואס משיח וועט אויפטאן [ע"ד ווי דאס איז אין דעם ענין פון ערב שבת - אז ערב שבת דארף זיין א הכנה צו שבת (וואס דאס איז אויך איינער פון די אפטייטשן פון דעם ווארט "ערב")] דער "הקהל את העם האנשים והנשים והטף"[72] - דער צוזאמענקלייבן זיך און די אחדות פון אלע אידן.

און ע"ד ווי בביאת המשיח וועט זיין "ויקבץ נדחי ישראל", דעמולט וועט מקוים ווערן וואס עס שטייט[73] "אם יהי' נדחך בקצה השמים משם יקבצך ה' אלקיך ומשם יקחך", און ווי מ'זאגט בתפלה "מקבץ נדחי ישראל" - אז אפילו א איד א "נדח", און אפילו "בקצה השמים" - איז "משם יקבצך וגו'",

וואס "בקצה השמים" מיינט ניט בגשמיות, ווארום וואס פאר א נפק"מ איז דאס פאר דעם אויבערשטן צי ער געפינט זיך אין דעם קצה פון שמים אדער אין אן אנדער קצה פון שמים - נאר עס מיינט "קצה השמים" ברוחניות -

אז אפילו א איד וואס געפינט זיך אין "קצה השמים" ברוחניות, און דערצו איז ער דארט א "נדח" - איז וויבאלד אז ער איז "נדחך", ער איז פון "נדחי ישראל", איז הגם ער איז א "נדח" - איז "משם יקבצך ה' אלקיך ומשם יקחך", דער אויבער-שטער אליין[74] קלייבט אים צונויף צוזאמען מיט אלע אידן -

עד"ז דארף אויך זיין מעשינו ועבודתנו (וואס ברענגט דעם "ויקבץ נדחי ישראל" לע"ל, דורך משיח צדקנו) - אז עס דארף זיין דער "הקהל את העם האנשים והנשים והטף", אז מ'זאל צוזאמענקלייבן אלע אידן, אויך די וואס זיינען נדחים,

און ער זאל ניט טענה'ן: יענער איז דאך א "נדח" - איז וואס פאר א שייכות האב איך מיט אים?

ווארום מען זאגט אים: "דיו כעבד להיות כרבו"[75], דער אויבערשטער אליין פארנעמט זיך מיט אים און קלייבט אים ארויס - דארפסטו דאס אויך טאן!

- און -

---

70) ראה סנהדרין צג, ב. 71) ראה תניא רפל"ז. 72) ל' הכתוב - וילך לא, יב (בקשר למצוה הקהל). 73) נצבים ל, ד. 74) ראה פרש"י עה"פ שם, ג. 75) ראה ברכות נח. ב. תנחומא חיי שרה ר. מדרש תהלים עה"פ כז, ד.

און ניט אז ער זאל געבן געלט אויף צדקה און שיקן א צווייטן גיין טאן מיט די אידן - נאר ער אליין דארף ארויסגיין טאן מיט די אידן; בכוונו זאל ער זיכער טאן, אבער כעך מאנט אז ער זאל טאן אויך בגופו, און בעיקר - בנשמתו, מיט כל מציאותו.

יט. און דער פסוק "אם יהי' נדחך וגו'" איז א חלק פון תושב"כ, וואס תושב"כ פארשטייען אויך גויים, ווארום תושב"כ האט משה מבאר געווען "באר היטב", "בשבעים לשון"[76].

צו תושבע"פ (ניט אין "שבע מצוות דידהו"[77]) האבן גויים קיין שייכות ניט[78], אבער תושב"כ פארשטייען אויך גויים, ווארום עס איז דאך אפגעטייטשט בלשונם, און ווי מ'געפינט אז מ'האט איבערגעטייטשט תורה בכמה לשונות, ווי דער תרגום אין לשון יונית דורך די ע"ב זקנים[79],

וואס אע"פ אז עס שטייען שווערע לשונות בנוגע צו דעם טאג ווען זיי האבן איבערגעזעצט די תורה, אז "הי' היום קשה לישראל כו'"[80] - אעפ"כ איז דאס געטאן געווארן דורך ע"ב זקנים, בדוגמת ענין הסנהדרין, און זיי האבן געהאט אויף דעם רוח הקודש, אז "הסכימו כולן לדעת אחת", כמסופר שם בארוכה,

קומט דערפון אויס, אז צו תושב"כ האבן אויך גויים א שייכות, ובעניננו - אז דעם פסוק "אם יהי' נדחך וגו'" פארשטייען אויך גויים.

כ. וואס מכל זה איז מובן דער גודל הענין אז בעקבתא דמשיחא, אין דער צייט איידער "בן דוד בא" וואס ער וועט צונויפקלייבן אלע אידן, זאל יעדערער אליין טאן אין צונויפקלייבן אלע אידן, אויך די וואס זיינען נדחים,

און דורך דעם ווערט בקרוב ממש אויפגעטאן אויך דער "משם יקבצך ה' אלקיך ומשם יקחך" בנוגע צו <u>אלע</u> אידן דורך משיח צדקנו - "ויקבץ נדחי ישראל".

און אע"פ אז דער יחיד בזמן הזה טוט עס ניט אויף בנוגע צו אלע אידן - דארף ער אבער טאן כל התלוי בו אויף מקבץ זיין וואס מער אידן, אלע וועלכע ער קען דערגרייכן.

וע"ד המבואר אין תניא[81] בנוגע צו תפלה, אז בעת התפלה

- איז -

---

76) תבוא כז, ח. סוטה לו, א. פרש"י עה"פ. 77) ראה סנהדרין נט, א. 78) ראה בארוכה שד"ח פאת השדה מע' הא' אות קב. 79) מגילה ט, א. מס' סופרים פ"א ה"ח (וראה שם ה"ז). 80) מס' סופרים שם ה"ז. 81) אגה"ק ס"ד.

איז די גאולה הפרטית של כאו"א, ד.ה. אז אע"פ ער טוט ניט אויף די גאולה הכללית - דארף ער אבער אויפטאן זיין גאולה הפרטית,

און דורך דערויף טוט ער סוכ"ס אויף די גאולה הכללית.

וואס עד"ז איז דאס אויך אין דעם ענין פון "יקבצך" (וואס וועט אויפגעטאן ווערן בא דער גאולה) - אז יעדערער דארף טאן (נאך בזמן הזה) כל התלוי בו אויפצוטאן זיין פרטית׳דיקן "יקבצך", און דורך דערויף טוט ער אויף אז עס זאל זיין דער כללות׳דיקער "יקבצך" דורך משיח צדקנו.

כא. וואס כל זה איז בכללות אלץ הקדמה צו ביאת המשיח, וואס ער וועט אויפטאן "ויקבץ נדחי ישראל"; במיוחד איז דאס אבער בשנת הקהל, וואס דעמולט איז (נוסף אויף דעם וואס "במוצאי שביעית בן דוד בא") דא א חידוש מיוחד:

דוקא בשנת הקהל איז דא דער "הקהל את העם האנשים והנשים והטף", אז מ׳קלייבט צונויף אלע אידן אין איין קהל[82], ווארום אין אנדערע יארן זיינען "אנשים" א קהל לבד, און "נשים" א קהל לבד, און יעדערער פון די י"ב שבטים א קהל לבדי[82*], און גרים האבן ניט קיין שייכות צו דעם ענין פון קהל[83] - און אין שנת הקהל קלייבט מען זיי אלעמען צונויף ("האנשים והנשים והטף וגרך אשר בשעריך") אין איין קהל.

און בשנה זו, וואס זי איז א שנת הקהל - דארף ער לעבן מיט דעם ענין פון "הקהל", וואס "הקהל" לערנט - אז ער דארף צונויפקלייבן "אנשים", אפילו די וואס זיינען נדחים, און אויך "נשים" וואס "דעתן[84] קלה"[85], און אויך "טף" וואס איז כולל (אויך) "טף" בידיעות, און אפילו "גרך", און נאכמער - "(גרך) אשר בשעריך": הגם אז ער איז נתגייר געווארן כהלכה, ער איז "גרך" - איז ער אבער דערווייליע "בשעריך", נאך ניט אריין אינעווייניק, איז בשנת הקהל קלייבט ער זיי אלעמען צונויף אין איין קהל.

כב. דער ענין פון הקהל האט אויך א שייכות מיוחדת צו שבת, ווארום שבת נעמט נאכמער אראפ כו"כ מחיצות צווישן אידן, ביז אז שבת נעמט אראפ מחיצות אין דעם ענין פון "גדולה לגימה שמקרבת"[86]:

- דער -

---

82) ראה בארוכה מכתב כללי דימי הסליחות ה׳תש"מ.
*82) ראה הודיות ג, א. 83) יבמות נז, א. 84) שבת לג, ב. קידושין פ, ב. 85) ראה לקו"ש תזריע השל"ח הע׳ 14 ובשוה"ג שם. 86) ראה סנהדרין קג, סע"ב.

דער דין איז[87], אז אינמיטן וואך טאר מען מיט אן עם הארץ ניט זיצן ביי איין טיש; שבת אבער מעג מען עסן ביי אן עם הארץ, אויב ער זאגט אז זיינע עסן איז גע'מעשר'ט וכו'[88], ווארום בשבת איז אן עם הארץ ניט משקר[89],

וואס דא זעט מען ווי שבת נעמט אראפ מחיצוה בא אידן, ווארום ס'איז ניט דער פשט אז בשבת ווערט ער אויס עם הארץ - שבת מאכט ניט אז ער זאל ווערן אויס ע"ה און ווערן א ת"ח; אויף ווערן א ת"ח העלפן ניט קיין קונצן, מ'דארף אויף דערויף לערנען מיט א הארעוואניע, ווארום "לא יגעתי ומצאתי אל תאמין"[90] -

נאר דער פשט דערפון איז - אז הגם אז ער איז אן ע"ה, אעפ"כ איז מען באחדות מיט אים.

כג. וואס אזוי איז דאס בנוגע צו יעדער תלמיד פון "תומכי תמימים" - אז מ'מוז הארעווען אין לערנען אויף ווערן א ת"ח,

און אפילו אז איצטער איז ער ניט קיין תלמיד אין "תומכי תמימים", און איצטער רעדט ער זיך איין חשבונות פון פרנסה וכיו"ב -

איז איינמאל ער האט א טרעט-געטאן מיט א פוס אין תומכי תמימים אפילו לרגע, זיינען רבותינו נשיאינו געווארן די בעלי-בהים אויף אים, און מען מאנט פון אים אז ער זאל ווערן א תלמיד חכם!

ער דארף טאקע האבן סייעתא דשמיא, און זאגן תהלים, און דאווענען, געבן צדקה (גמ"ח) פארן לערנען, געבן צדקה פארן דאווענען טאן מעשים טובים, האבן הידור במעשה המצוות - אבער דערנאך דארף ער זיך אוועקזעצן און פשוט הארעווען אין לערנען, וואס דוקא דורך דערויף קען ער ווערן א תלמיד חכם.

כד. און מ'רעדט דאך וועגן שנת הקהל - איז ע"ד ווי ס'איז געווען דעמולט, אז "המלך הי' קורא"[91], און עס האט געדארפט זיין "כאילו . מפי הגבורה שומעה"[92], און ס'איז געווען א הכרח אז בא יעדערן זאל זיין דער "למען ישמעו ולמען ילמדו וגו'"[93], ביז אז דאס זאל ברענגען "ושמרו לעשות את כל דברי התורה הזאת"[93], מיט אלע פירושים שבזה, כמבואר אין רמב"ם, און דער רמב"ם זאגט שווערע לשונות בנוגע צו אזעלכע וואס

- זיינען -

------------

87) ראה דמאי פ"ב מ"ב. ובכ"מ. 88) שם פ"ד מ"א. 89) ירושלמי שם. 90) מגילה ו, ב. 91) סוטה מא, א. פרש"י עה"פ וילך שם, יא. רמב"ם הל' חגיגה פ"ג ה"ג. 92) רמב"ם שם ה"ו. 93) ל' הכתוב - וילך שם, יב.

זיינען ניט מוכן צו הערן, ביז אפילו אזעלכע וואס פארשטייען אפילו ניט די שפראך -

עד"ז איז דאס בנוגע צו תומכי תמימים, אז בשעת נשיא דורנו כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס ער איז בדוגמת א מלך, זאגט און מאנט אז ער מוז ווערן א ת"ת - איז דאס א הכרח גמור בא יעדערן וואס איז שייך צו תומכי תמימים, אז ער זאל דאס מקיים זיין בפועל, דורך הארעווען אין לימוד התורה.

כה. און טאמער ער וויל זיך נארן אז ס'איז ניט אזוי, און רעדט זיך איין תירוצים אז ער דארף זיך פארנעמען מיט חשבונות פון פרנסה וכיו"ב - איז ידוע דער סיפור פון רבי'ן מהר"ש, אז יענעם - נארט מען ניט, וועמען נארט מען - זיך אליין, איז וואס איז דער קונץ אז א נאַר זאל אפנארן א נאַר? - ער האט גארניט אויפגעטאן!

און אויך ניט אז ער זאל האבן שלות הנפש, ווארום כ"ק מו"ח אדמו"ר טורקעט אים, און מאנט פון אים אז ער זאל האבן א קביעות, און ניט נאר א קביעות אין זמן נאר אויך א קביעות בנפש[94], און ניט נאר א קביעות ווי עס שטייט אין שו"ע, נאר אויך ווי עס שטייט אין תניא[95].

כו. און האמור לעיל איז ניט קיין "מאמר המוסגר", נאר א "מאמר פתוח", און עס איז ניט בדרך אגב, נאר אן ענין עיקרי,

עס איז נאר וואס איך בין מכנים בזו און מוציא בזו ענינים וואס שטייען שוין אין שיחות און מאמרים פון רבותינו נשיאינו.

כז. און עס איז פארשטאנדיק אז עס איז ניט מיין ענין צו באזארגן אידן מיט א שלוה מיוסד אויף שקר,

און ניט ווי די וואס זוכן א שלוה של שקר און ווילן ניט געדענקען וואס מ'רעדט, אדער זיי פארגעסן וואס מ'רעדט, און זיי האבן אלע תירוצים און אמתלאות, אז זיי זיינען טרוד אין פרנסה וכו', און דערפאר ווילן זיי זיין בשלות הנפש ובמנוחת הנפש, און זיי לייגן זיך שלאפן מיט אלע הצדקות של שקר.

און דער וואס רעדט אים צו דערצו אז ער זאל שלאפן - וועט זיך דערנאך באפן אז ניט ער האט אים געהאלפן, נאר ער האט אים געהאלפן אז ער זאל זיין א "חובל בעצמו"[96]!

- כח. -

---

94) ראה לקו"ד כרך א ז, א. 95) פל"ד (מג, ב).
96) ראה משנה ב"ק צ, ב. ובגמרא שם צא, ב.



הנחת הת' בלתי מוגה

כח. און "קרוב אליך הדבר מאד וגו'", "לא נפלאת היא ממך ולא רחוקה היא לא בשמים היא גו' ולא מעבר לים היא וגו'"[97].

וואס אפילו אויב עס וואלט יע געווען "בשמים" איז "אתה צריך לעלות אחרי'", און אפילו אויב עס וואלט געווען "מעבר לים" איז "אתה צריך לעבור אחרי'", ווי רש"י[98] זאגט -

און דא זאגט מען אז דאס איז "קרוב אליך . . מאד", מ'וויל נאר אז מ'זאל זיך צוטראגן דערצו.

כט. אבער כאמור, איידער ער וועט לערנען מיט הארעוואניע - וועט ער ניט ווערן קיין ת"ח, ער בלייבט אן ע"ה - און אעפ"כ איז בשבת מעג מען מיט אים עסן,

ווארום אע"פ אז בשאר ימות השבוע, ביז א מינוט פאר שבת, טאר מען מיט אים ניט זיצן ביי איין טיש, ווארום ער היט זיך ניט כדבעי און ער איז ניט קיין אדם נאמן, און שבת בלייבט זיין מציאות ווי ער איז בשאר ימות השבוע - איז בשבת קען ער ניט לייגן ובמילא גלויבט מען אים.

וואס מכל זה איז פארשטאנדיק אז שבת נעמט אראפ מחיצות צווישן אידן, און איז זיי מאחד.

און ע"ד דער ענין פון "הקהל", כנ"ל. וואס "הקהל" איז אויך פארבונדן מיט קומען אין ירושלים, "עיר שחוברה לה יחדיו"[99], וואס זי האט גע'פועל'ט אויף די וואס קומען אין איר אז זיי זאלן זיין באחדות.

ל. דערצו קומט-צו אויך דער ענין פון חודש אדר - וואס אויך אין חודש אדר איז מודגש דער ענין פון אחדות:

בנוגע צו פורים שטייט[100] "והחודש אשר נהפך להם", אז דער גאנצער חודש איז נהפך געווארן, וואס אע"פ אז נאר נאך איין דעה קען מען ליינען די מגילה פון אנהויבט חודש אדר (אויב ער וועט שפעטער ניט קענען ליינען די מגילה מאיזה סיבה שתהי')[101], און דאס איז לכאורה ניט אזוי להלכה; עס האט אן ארט נאר אין "אלו ואלו דברי אלקים חיים" - קומט ער אויך אראפ אין "וה' עמו שהלכה כמותו":

דער רמ"א[102] שרייבט "והכי נהוג", אז אויב מאיזו סיבה שתהי' וועט ער שפעטער ניט קענען ליינען די מגילה - קען ער איר ליינען פון אנהויבט חודש.

- און -

------------

97) נצבים ל, י-יג. 98) עה"פ שם, יב. מעירובין נה, רע"א. 99) תהלים קכב, ג. וראה ירושלמי חגיגה פ"ג ה"ו. 100) אסתר ט, כב. 101) שו"ע או"ח סתרפ"ח ס"ז. 102) או"ח שם.

[און דאס וואס עס שטייען זמנים בנוגע צו קריאת המגילה - בלייבט דאס להלכה נאר בנוגע צו דעם אז מ׳איז ניט מאחר מער ווי חמשה עשר בו].

און הגם אז דער מקור דערצו איז - אין ירושלמי[103], און אין בבלי שטייט עס ניט, און עס איז גאר משמע אז דער בבלי האלט פארקערט[104], און בכלל איז בבלי און ירושלמי איז הלכה כבבלי[105] - אעפ"כ בלייבט די הלכה אז מ׳קען ליינען די מגילה פון אנהויבט חודש,

און - "והכי נהוג", עס איז מנהג ישראל וואס "תורה הוא".

וואס דערפון איז מובן אז דער גאנצער חודש איז שייך צו פורים, עס איז "החודש אשר נהפך להם".

לא. וואס ענינו פון פורים, ובמילא - פון דעם גאנצן חודש, איז - דער ענין האחדות, ווארום גזירת פורים איז געווען (ניט ווי גזירת פרעה, וועלכע איז געווען נאר אויף א טייל אידן, נאר) אויף אלע אידן, "בקש להשמיד להרוג ולאבד את כל היהודים מנער ועד זקן טף ונשים", ווי מ׳זאגט אין "ועל הנסים", וואס איז שוה לכל נפש (ע"ד ווי מ׳האט דערמאנט אין א פריערדיקע התוועדות[106]),

און אויך - בימי הפורים זיינען אלע אידן געשטאנען "כל השנה כולה" אין אן אופן אז "לא עלה להם מחשבת חוץ ח"ו"[107]; עס איז ניט געווען בא זיי א מחשבה וואס פאסט ניט פאר "יהודים"[108] - וואס אויך דאס איז מדגיש דעם ענין האחדות.

און דערפאר איז אויך ענינם פון די מצוות פון פורים, דער ענין פון "משלוח מנות" און "מתנות לאביונים" (ווי רש"י[109] טייטשט דעם ווארט "אביון" - "תאב לכל דבר") - דער ענין האחדות, כמבואר בספרים[110].

לב. וויבאלד אז עס קומען זיך צונויף אלע דריי ענינים וואס ענינם איז אחדות, דער ענין פון הקהל, דער ענין פון שבת, און דער ענין פון פורים - איז פארשטאנדיק, אז איצטער

- איז -

---

103) ריש מס׳ מגילה. 104) ראה ב"י לטור או"ח שם ד"ה שדרו. 105) יד מלאכי כללי שני התלמודים ס"ב. 106) ש"פ ויקהל, מבה"ח אדר שני. 107) תו"א מג"א צז, א. וראה גם שם (הוספות) קכ, ד. וראה ד"ה וקבל היהודים תשל"ח פ"ג.
108) ראה מגילה יג, רע"א. 109) עה"פ ראה טו, ד. תצא כד, יד. 110) ראה מנות הלוי לר"ש אלקבץ למגילת אסתר ד, טו. של"ה חלק תושב"כ פ׳ תצוה שכט, ב. וראה לקוטי לוי"צ אגרות ע׳ רסז ואילך.

איז בהרגשה מיוחדת דער ענין האחדות צווישן אידן, אז מ׳מאכט אחדות און שלום צווישן אידן,

און וויבאלד אז דאס איז עניננו פון שבת - איז פארשטאנדיק אז אויך די הכנה לשבה דארף זיין אין אזא אופן.

וואס אחדות איז אן ענין וואס איז נוגע אלס הקדמה צו תפלה, ווי עס ווערט געבראכט אין סידור (פון כתבי האריז"ל) אז פארן דאוונען דארף ער אויף זיך מקבל זיין דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך"[111], זיך כולל זיין מיט אלע אידן (ווי גערעדט פריער (סי"ב)).

וואס אהבת ישראל דארף זיין ווי ער ברענגט אויף דערויף דעם משל אין ירושלמי[112], אז אלע אידן זיינען ווי אברים פון איין גוף, אז הגם זיי זיינען באזונדערע אברים - זיינען זיי אבער ווי אברים פון איין גוף.

לג. די הוראה מכל זה איז - אז מ׳דארף מאכן אחרות צווישן אידן, עס דארף זיין דער "הקהל את העם האנשים והנשים והטף וגו׳", און מ׳דארף גיין טאן אין דער שליחות פון נשיא דורנו אויף ארויסגיין און דארטן מאחד זיין אלע אידן, "האנשים והנשים והטף וגו׳", און אויך אידן וואס זיינען נדחים.

ובפרט אז עס איז פורים, וואס נוסף להאמור לעיל - קומט-צו דער ענין וואס בפורים איז "כל הפושט ידו ליטול נותנין לו"[113],

ובפרט - אז א גאנץ יאר מאנט דאך כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו אז מ׳זאל געבן צו "כל הפושט יד", און מ׳זאל ניט ווארטן ביז ער וועט קומען און זיין א "פושט יד", וואס אויב ער איז ניט קיין "פושט יד" איז די רחמנות אויף אים נאך גרעסער -

איז עאכו"כ אז בזמן פון פורים, וואס דעמולט איז מפורש אז "כל הפושט ידו ליטול נותנין לו" - דארף מען מאחד זיין אלע אידן.

לד. בנוגע לפועל:

מ׳דארף אויף זיי פועל זיין אז זיי זאלן טאן ענינים כלליים, אנהויבנדיק פון די ענינים שהזמן גרמא, אז עס זאל

- בא -

-------------

111) קדושים יט, יח. 112) נצבים פ"ט ה"ד. וראה דרמ"צ מצות אהבת ישראל פ"א. 113) ירושלמי מגילה פ"א ריש ה"ד. רמב"ם הל׳ מגילה פ"ב הט"ז. טושו"ע או"ח סתרצ"ד.

**בא זיי זיין דער "עמדו הכן כולכם"[114] אויף גרייטן זיך צו** די מצוות פארבונדן מיט פורים, מקרא מגילה, "משלוח מנות" און "מתנות לאביונים" וכו',

בהוספה אויף די ענינים כלליים (בכל זמן) - דער ענין פון "אהבת ישראל", וואס דאס האט א שייכות מיוחדת צו דעם ענין פון הקהל און שבת און פורים, כאמור,

וואס דאס ברענגט דעם ענין פון חינוך,

און - "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר"[115] - "אורה - זו תורה", און "יקר אלו תפילין"[116], און די אנדערע מבצעים - "מזוזה", "צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'",

און אויך די מבצעים וואס זיינען שייך צו נשי ובנות ישראל, שברוגמת אסתר ונערותי'

- וואס זיי זיינען בדוגמת די "נשים צדקניות" שבמדבר, וואס "בשכר נשים צדקניות שהיו באותו הדור נגאלו ישראל ממצרים"[117] - וואס אזוי אויך בזכות די נשים צדקניות שבדורנו זה וועט מען נגאל ווערן פון דעם גלות[118] -

די דריי ענינים וואס זיינען במיוחד אפגעגעבן געווארן צו זיי - "נרות שבת קודש ויו"ט", "כשרות האכילה ושתי'" און "טהרת המשפחה",

וכל המסתעף מזה.

און דורך דעם אלעם האט מען דעם רכוש רב און "רכוש גדול", ווי ס'איז געווען בימי צאתך מארץ מצרים,

און עס ווערט דער "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות"[119], בשמחה ובטוב לבב, במהרה בימינו ממש.

* * *

לה. מאמר (כעין שיחה) ד"ה כי תשא את ראש בני ישראל גו'.

* * *

לו. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען אן ענין פארבונדן מיט פירוש רש"י פון פרשת השבוע, און אויך אן ענין אין די הערות פון טאטן אויפן זהר פון פרשתנו.

שוין גערעדט כמ"פ אז רש"י עה"ת גיט ארויס א כלל בנוגע לפירושו, אז "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא"[120],

- וואס -

---

114) ל' כ"ק אדמו"ר הריי"צ במכתבו - נרפס בקונטרס לו בתחלתו. 115) אסתר ח, טז. 116) מגילה טז, ב. 117) סוטה יב, ב. 118) ראה יל"ש רות רמז תרו בסופו. 119) מיכה ז, טו. 120) פרש"י עה"פ בראשית ג, ח.



הנחת הח' בלתי מוגה

וואס דער כלל איז כולל אין זיך צוויי ענינים - אז פרש"י איז סיי לא יתיר, אז אלץ וואס רש"י איז מפרש איז נוגע אין פשוטו של מקרא, און א זאך וואס איז ניט נוגע צו פארשטיין פשש"מ זאגט רש"י ניט, און סיי לא הסר, אז אויב א זאך איז ניט פארשטאנדיק אין פשש"מ מוז דאס רש"י מפרש זיין, אדער על אתר, אדער - ער באווארענט עס אין א פירוש פריער, און בשעת מ'געדענקט וואס דארטן שטייט - פארשטייט מען דעם ענין וואס מ'לערנט על אתר.

ווי כ'געפינט בכ"כ אז רש"י פארלאזט זיך אויף דעם וואס ער האט פריער כפרש געווען[121], בדוגמא ווי אין פ' ויקהל, וואס רש"י שרייבט דארטן[122] בנוגע צו אלע פרטים פון מלאכת המשכן וכו', אז "כבר פירשתי נדבת המשכן ומלאכתו במקום צוואתם" -

ווארום וויבאלד אז כ'רעדט וועגן א בן חמש למקרא וואס לערנט חומש מיט רש"י כדבעי - געדענקט ער זיכער וואס ער האט פריער געלערנט, במילא דארף אים רש"י ניט איבער'חזר'ן א זאך וואס ער האט אים שוין פריער געזאגט.

און פשש"מ, וואס דאס איז דאך ענינו פון פרש"י - מוז שטיין בפירושו בפירוש,

וואס דאס איז דער תילוק צווישן די ענינים פון רמז, דרוש און סוד וואס זיינען דא אין פרש"י לגבי דעם תלק הפשט, וואס איז דארטן דא - אז ענינים פון רמז דרוש און סוד איז רש"י צו זיי מערניט ווי מרמז, ווארום דאס איז ניט עיקר ענינו, משא"כ פשש"מ איז רש"י מפרש בפירוש, ווארום דאס איז עיקר ענינו - "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא".

לז. עפ"ז דארף מען פארשטיין פארוואס איז רש"י ניט מפרש א פסוק אין פרשתנו וואס איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

אין פרשתנו קאפיטל מ פסוק יד שטייט: "ואת בניו (פון אהרן) תקריב והלבשת אותם כותנות".

שטעלט זיך גלייך די שאלה אין פשש"מ: פריער[123] האט מען דאך געלערנט אז די כהנים (בני אהרן) האבן גע(דארפט) טראגן ד' בגדים, ניט נאר די כותנות - היינט פארוואס שטייט דא נאר "והלבשת אותם כתנות"?!

די קשיא ווערט נאך שטארקער:

אין דעם פסוק שלפנ"ז שטייט "והלבשת את אהרן את בגדי - הקודש" -

------------

121) ראה גם "כללי רש"י" (קה"ת, תש"מ) פ"ז. וש"נ.
122) עה"פ לה, ה. 123) תצוה כח, מ (ובפרש"י). שם, מב.

הקודש", וואס "בגדי הקודש" מיינט דאך אלע זיינע (ח')
בגדים, ווי מ'האט געלערנט פריער[124] וואס זיי זיינען (און
אויך וואס די ד' בגדים פון בני אהרן זיינען); און דערנאך
אז עס קומט צו דעם פסוק שלאח"ז (בנוגע צו בני אהרן)
שטייט מערניט ווי "והלבשת אותם כותנות" - אע"פ אז זיי
האבן געדארפט טראגן נאך ג' בגדים!

נאכמער: אזוי ווי אין דעם פסוק שלפנ"ז שטייט אז
דורך "והלבשת את אהרן את בגדי הקודש", אלע בגדים, ווערט
"וקדשת אותו וכהן לי" - אזוי שטייט אויך דערנאך (אין דעם
פסוק שלאח"ז) בהמשך צו אונזער פסוק "והלבשת אותם כותנות"
בנוגע צו בני אהרן - "וכהנו לי", אז דורך "והלבשת אותו
גו'" ווערט "וכהנו לי" -

איז היתכן אז דער "וכהן לי" ביי אהרן הכהן ווערט
אויפגעטאן דורך דער לבישה פון אלע זיינע (ח') בגדים דוקא,
און דער "וכהנו לי" בא בני אהרן ווערט אויפגעטאן דורך דער
לבישה פון בלויז די כותנות?!

און אע"פ אז דאס איז ניט פארשטאנדיק אין פשש"מ -
שטעלט זיך רש"י בכלל ניט אויף דעם, און אויך פון פירושי
רש"י לפנ"ז האט מען אויף דעם ניט קיין ענטפער.

לח. די קשיא ווערט נאך שטארקער:

בשעת מ'וויל פארשטיין דעם ענין הנ"ל, גיט מען גלייך
א קוק אין אנדערע מפרשי התורה וועלכע זיינען פשטנים -
געפינט מען טאקע אז דער רמב"ן [וואס בפירושו האט ער א חלק
ע"ד הפשט (נוסף לזה וואס עס זיינען דארטן דא "דברים נעימים
לשומעים וליר"ת", "סתרי תורה" ("חכמת האמת"[125]), ווי ער
שרייבט בהקדמתו)] שטעלט זיך אויף דעם:

דער רמב"ן[126] פארענטפערט די קשיא הנ"ל (פארוואס דא
שטייט מערניט ווי "והלבשת אותם כותנות"), אז "קצר בענין
לבישת אהרן ובניו שאמר והלבשת את אהרן את בגדי הקודש
ובבניו אמר והלבשתם כותנות, כי כבר אמר צוה ה' אותו[127],
בפרט בסדר לבישתם, ולא בא עכשיו אלא לסדר לו שעת הלבישה
שהי' אחר הקמת המשכן כולו, והזכיר כותנות שבהן יתחיל
הלבישה".

לויט פרש"י קען מען אבער אזוי ניט פארענטפערן -
ווארום:

- מה -

---

124) שם, ד ואילך. וראה פרש"י עה"פ שם, מב. 125) ראה
אגה"ת פ"ב (צב, א). הל' ת"ת לאדה"ז פ"א ס"ד. ועוד.
126) עה"פ פרשתנו שם, ב. 127) בהוצאת שעוועל: כי כבר אמר
וצוהו.

כה-דאך אז דער רמב"ן, וואס ער לערנט די פסוקים ניט אזוי פיל ע"פ פשש"מ ווי רש"י לערנט זיי, דארף זאגן בפירוש דעם ענטפער - איז עאכו"כ אז רש"י, וואס ער איז אינגאנצן פשש"מ פאר א בן חמש למקרא, האט עס געדארפט זאגן (אויב דאס איז זיין תירוץ אויף דער שאלה).

און מ'קען ניט זאגן אז רש"י פארלאזט זיך אויף דעם וואס דער רמב"ן זאגט - ווארום נוסף לזה וואס דער רמב"ן איז געווען נאך רש"י - איז בכלל ניט דרכו פון רש"י צו פארלאזן זיך אויף אנדערע מפרשים. דער רמב"ן פארלאזט זיך אויף דעם וואס רש"י און דער ראב"ע זאגן, אבער רש"י פאר-לאזט זיך אויף קיינעם ניט; בשעת מ'לערנט תורה מיט פרש"י האט מען אלץ וואס מ'דארף האבן בכדי צו פארשטיין פשש"מ, מער דארף מען דערצו גאר ניט לערנען.

וכמדובר כמ"פ דער דין בנוגע צו "שנים מקרא ואחד תרגום"[128], אז "אם למד הפרשה בפירוש רש"י חשוב כמו תרגום",

וואס דער תרגום טייטש דאך אפ יעדער ווארט אין תורה ע"פ פשש"מ, איז דערפון פארשטאנדיק אז רש"י, וואס קען פארבייטן תרגום, איז אויך אזוי, אז ער איז מפרש יעדער ענין אין תורה ע"פ פשש"מ.

לט. נאכמער: דער תירוץ הרמב"ן קען מען בכלל ניט אננעמען לויטן דרך הלימוד פון רש"י:

בשעת די תורה דערמאנט נאר איין זאך פון כמה זאכן וואס זי האט פריער דערמאנט, בכדי צו מקצר זיין און ניט איבער'-חזר'ן דעם גאנצן ענין צווייי מאל - איז לויט דרך הלימוד פון רש"י דארף די תורה דערמאנען אדער די ערשטע זאך אדער די לעצטע זאך, אבער ניט א זאך וואס קומט אין מיטן,

ועד"ז בנדו"ד: פון די פיר בגדים וואס די כהנים האבן געטראגן, די "מכנסי בד", "כותנות", "אבנטים" און "מגבעות" - איז פארשטאנדיק אז צום אלעם ערשטן האבן זיי אנגעטאן די מכנסים, כמובן בפשטות, ווי דאס איז נהוג אויך בזמן הזה בכל יום ויום, אז פריער טוט מען אן די מכנסים און דערנאך די כתונת, ונוסף לזה - דער כתונת טוט מען אן אויף די מכנסים*;

- און -

---

*) להעיר שרש"י א"צ לפרש טעם כמה השינוים שבכתובים בנוגע למכנסים (בפ' תצוה וכו') - לאחרי שכבר פירש (ס"פ יתרו) עניין המכנסים, שמזה מובן בנוגע לכאו"א מ"ממלכת כהנים וגוי קדוש"[129], עאכו"כ לאנשים והזמן דכהנים ממש ובימי מילואים בכהונתם (וכבההמשך[130] - דלא תצאו (כל הזמן) מפתח

- אוה"מ) -

---

128) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סרפ"ה ס"ב. 129) יתרו יט, ו. 130) צו ח, לג.

און דער לעצטער בגד וואס מ׳האט אנגעטאן איז (ניט די כתונת, נאר) דער אבנט, ווארום דער אבנט איז א "חגורה על הכתונת" (אזוי ווי דער אפוד איז חגורה על המעיל)[132], און מ׳קען ניט אנטאן דעם אבנט אויב מ׳האט פריער ניט אנגעטאן די כתונת,

[בנוגע צו די מגבעות קען מען ניט וויסן צי מ׳האט זיי אנגעטאן פאר די כותנות אדער נאך די כותנות, אדער אפשר אויך נאך דעם אבנט (ד.ה. נאך די לעצטע זאך) - אבער עכ"פ זיכער האט מען ניט אנגעטאן די כותנות די לעצטע זאך, ווייל נאך די כתונת האט מען אנגעטאן דעם אבנט],

קומט דאך אוים אז די כתונת איז ניט דער ערשטער און ניט דער לעצטער בגד וואס מ׳האט אנגעטאן - היינט פארוואס קלייבט אוים די תורה דוקא "כותנות" (אויב זי וויל דערמאנען אויף אלע (ד׳) בגדים וואס שטייען פריער)?

ונוסף לזה: אויב די תורה וויל זאגן אז משה האט זיי אנגעטאן אלע (ד׳) בגדים - האט די תורה געקענט שרייבן "והלבשת אותם בגדי הקודש", אזוי ווי די תורה שרייבט אין דעם פסוק שלפנ"ז בנוגע צו בגדי אהרן, וואס דאס ("בגדי הקודש") איז נאר מיט איין ווארט מער ווי זאגן "כותנות", במילא פארשפארט מען כמעט גארניט מיט זאגן "כותנות".

און נאכמער: אין פסוק שלאח"ז שטייט "ומשחת אותם כאשר משחת את אביהם" - איז אויב די תורה וויל (זאגן אז מ׳האט זיי אנגעטאן אלע בגדים און די תורה וויל) פארשפארן ווערטער - האט געקענט שטיין: "ואת בניו תקריב ומשחת והלבשת אותם כאשר משחת והלבשת את אביהם".

וואס דערפאר קען רש"י ניט לערנען ווי דער רמב"ן, אז די תורה מיינט דא אז משה האט זיי אנגעטאן אלע ד׳ בגדים נאר די תורה כאפט אן "כותנות" אלם דוגמא (דערפאר וואס "בהן יתחיל הלבישה"), און מ׳דארף האבן אן אנדער ביאור אין דעם בפשש"מ לויט פרש"י.

וכאמור, דער בן חמש למקרא דארף דאס פון זיך אליין

- פארשטיין -

---

אוה"ב) שלפרש"י זד משמע דהנכנס לקודש (אפילו למזבח שבחצר) עובר בלאו דלא הגלה. אפילו באם לבוש כתונת וכו׳. ופשיטא שיש להם מכנסים ולובשים אותם. אלא שצריך להחליפם, והחידוש - בד, (ולאידך גיסא -) רק ממתנים ועד ירכים[131] (כיון שנצטוו לפני זה בכתונת - וההי׳ דואה כתונת בכל יום, שהוא בגד ארוך כו׳).

---

131) תצוה כח, כב. 132) פרש"י עה"פ תצוה שם, ד.

פארשטיין, ווארום מ׳געפינט ניט אז רש"י זאל זיך דערצו מתייחס זיין און דאס מבאר זיין.

וכפי שיתבאר לקמן.

מ. בנוגע צו די הערות פון טאטן אויפן זהר פון פרשהנו:׳

אין זהַר בריש פרשהנו[133] שטייט: "אלה פקודי המשכן משכן העדות אשר פוקד על פי משה וגו׳. רבי חייא פתח כל הנחלים הולכים אל הים והים איננו מלא וגו׳[134] כו׳ כל הנחלים אילין רזין דנחלין ומבועין קדישין דאתמליין ונפקין לאנהרא ולמליא להאי ימא רבא, וכיון דהאי ימא רבא אתמלי מסטרא דאינון נחלין כדין הוא אפיק מיא ואשקי לכל חיוון ברא כו׳".

זיינען מפרשי הזהר[135] מפרש, און אזוי איז ער אויך מפרש אין דער הערה[136], אז "ים" ("כל הנחלים הולכים אל <u>הים</u>") איז בחי׳ מלכות, און "כל הנחלים" זיינען די ששה מדות דז"א, וואס זיי זיינען "הולכים אל הים", זיי ווערן נמשך אין מלכות, און "הים איננו מלא", ווארום פון מלכות ווערט עס דערנאך נמשך אין בי"ע.

און דער קשר דערפון צו "אלה פקודי המשכן משכן העדות גו׳", איז - אז לכאורה האט דא געדארפט שטיין "אלה פקודי <u>כלי</u> המשכן", נאר דא רעדט זיך וועגן דעם משכן (אליין), בחי׳ מלכות, ווי עס ווערט נפקד ע"י ז"א, "אלה פקודי המשכן - שהו"ק דז"א פוקדים את המשכן דמל׳"[137], וואס דאס איז דער ענין וואס "כל הנחלים", די ו"ק דז"א, ווערן נמשך "בהים דמל׳".

און נאך העכער ווערט עס נמשך פון בחי׳ "משכן העדות", וואס דאס איז בחי׳ או"א וכתר[138], וואס פון דארטן ווערט נמשך אין ז"א, אין "כל הנחלים", און פון דארטן (פון "כל הנחלים", ז"א) איז "הולכים אל הים", אין מלכות, אבער "הים איננו מלא", ווארום פון מלכות ווערט נמשך אין בי"ע, כנ"ל.

און ער איז מבאר אין דער הערה בפרטיות די צוויי המשכות - פון ז"א ("כל הנחלים", "אלה פקודי") אין מלכות ("ים", "משכן"), און פון מלכות אין בי"ע.

און ער איז דארט אויך מבאר דעם קשר דערפון צו רבי חייא (דער בעל המאמר), וואס ער איז בחי׳ יסוד, און אויך -

- דעם -

------------

133) זח"ב רכ, א. 134) קהלת א, ז. 135) מקדש מלך ואור החמה. 136) לקוטי לוי"צ לזח"ב ע׳ קס. 137) לקוטי לוי"צ שם. 138) לקו"ת פרשתנו ד"ה אלה פקודי וביאורו - הובא בלקוטי לוי"צ שם.

דעם עניין פון "כל הנחלים" בפרטיות, אז "הנחלים", איז ה׳ נחלים, "דהיינו הה׳ מדות הקודמין ליסוד";

ער איז אבער ניט מבאר די הוראה און דער "בכן"[139] פון די דברי הזהר אין עבודה - ווארום (כמדובר כמ"פ) דאס איז ניט די מטרה און ניט דער עניין און תוכן פון די הערות צו מבאר זיין די ענינים אין עבודה; וויבאלד אבער אז דאס איז א חלק פון תורה - דארף דערפון זיכער זיין א הוראה און א "בכן" אין עבודה, ואדרבה - המעשה הוא העיקר[140].

וכפי שיתבאר לקמן.

מא. כאן המקום צו מבאר זיין דאס וואס מ׳האט צוגעצייכנט אין דער שיחה צו "צבאות השם"[141] בקשר מיט טראגן ציצית בחוץ:

עס ברענגט זיך דארטן פון דעם אלטן רבי׳נס שו"ע (אין צוויי ערטער[142]), אז מ׳דארף טראגן די ציצית מבחוץ, בכדי מ׳זאל זיי שטענדיק זעהן כמ"ש[143] "וראיתם אותו".

און ווי ס׳איז טאקע געדרוקט אין די ביכעלעך פאר "צבאות השם" דער ציור פון אן אינגעלע מיט ציצית מבחוץ.

דערנאך האט מען צוגעגעבן: "אבל ראה בספרים שהובאו בנ"כ השו"ע שם ובס׳ מאסף לכל המחנות שם ס"ח סי"א", וואס דארטן שטייט אנדערש פון ווי עס שטייט אין אלטן רבי׳נס שו"ע.

שטעלט זיך גלייך די שאלה: עס רעדט זיך דאך דא וועגן חסידי חב"ד, חסידים פון אלטן רבי׳ן, ואנו אין לנו אלא די פסקי דינים פון דעם אלטן רבי׳ן בשו"ע שלו - איז בשעת ס׳איז דא א בפירוש׳ער דין אין דעם אלטן רבי׳נס שו"ע אז מ׳דארף טראגן ציצית מבחוץ, און מ׳ברענגט אים אראפ - ווי אונטערשטייט מען זיך צו צושרייבן און אנצייכענען אנדערע ספרים וואס זאגן אנדערש?!

אמת טאקע אז "נהרא נהרא ופשטי׳"[144] און "אלו ואלו דברי אלקים חיים" - וויבאלד אבער אז עס רעדט זיך וועגן חסידים פון דעם אלטן רבי׳נס חסידות, וואס דעם אלטן רבי׳נס חסידות דריקט זיך אויך אויס אין זיין שו"ע - האט לכאורה קיין ארט ניט (ולמאי נפק"מ) ברענגען פון אנדערע ספרים וואס זאגן אנדערש פון דעם אלטן רבי׳ן ווען מ׳ברענגט פון דעם אלטן רבי׳ן!

- וואס -

---

139) ראה סה"מ קונטרסים ח"א קצה, סע"א ואילך. ה׳ש"ת ע׳ יא. תש"א ע׳ 57. 140) אבות פ"א מי"ז. 141) דיום א׳, כ׳ שבט - הע׳ 19. 142) או"ח ס"ח סי"ח-יט. וראה גם שם רסי"ח. 143) שלח טו, לט. 144) חולין יח, ב. נז, א.

וואס דאס איז א שאלה וואס יעדער איינער וואס האט דאס געזעהן האט געדארפט פרעגן, און איך האב געוואַרט אז מ'זאל איר פרעגן; אבער אויב מ'וועט ווארטן קען מען דאך ווארטן עידן ועידנין און משיח וועט קומען פריער, און דעמולט וועט מען בלייבן שולדיק א ביאור! דערפאר וועט מען עס איצטער מבאר זיין בקיצור.

מב. והביאור בזה:

אע"פ אז אין שו"ע (דהמחבר[145]) און אין אלטן רבי'נס שו"ע (כנ"ל) פסק'נט זיך אפ אז מ'דארף טראגן די ציצית בחוץ, בכדי אז מ'זאל זיי שטענדיק זעהן - אעפ"כ זיינען געווען גדולי ישראל אמיתיים בדור שלפנ"ז וואס פלעגן גיין מיט די ציצית מכוסות בפנים.

ווערט די שאלה: דער דין איז דאך אז ציצית דארפן זיין בחוץ? לכאורה קען מען ענטפערן: ע"ד ווי די גמרא[146] זאגט, אז אע"פ וואס "המספר קומי הרי זה מדרכי האמורי", און עס שטייט[147] "ובחוקותיהם לא תלכו", איז אבער "אבטולמוס בר ראובן התירו לו לספר קומי מפני שהוא קרוב למלכות", ווארום דורך דעם האט ער געקענט זיך משתדל זיין צו מבטל זיין גזירת המלכות וכו'[148] -

עד"ז קען מען זאגן בנוגע צו די גדולי ישראל בדור שלפנ"ז וואס פלעגן טראגן די ציצית מכוסות תחת הבגדים, אז דאס איז געווען דערפאר וואס זיי האבן געהאט צוטאן מיט דער מלכות שבמדינה ההיא, און זיי האבן געדארפט פועל'ן א תועלת און טובות פאר אידן דעמולט וכו' - דערפאר האבן זיי געמעגט גיין מיט די ציצית בפנים.

דאס איז אבער ניט אזוי גלאטיק - ווארום וויבאלד אז זיי זיינען געווען גדולי ישראל, האבן זיי געדארפט לכה"פ באווארענען פאר אנדערע אז דאס איז דער טעם פארוואס זיי פלעגן טראגן די ציצית בפנים, און מ'געפינט ניט אז זיי זאלן דאס באווארענען.

איז דער ביאור אין דעם - אז עס זיינען דא דעות אז מ'דארף טראגן די ציצית דוקא בפנים מכוסות תחת הבגדים,

און די גדולי ישראל וואס פלעגן טראגן די ציצית בפנים, האבן זיך געפירט לויט די דעות.

- וכידוע -

---

145) או"ח ס"ח סי"א. 146) ב"ק פג, א. סוטה מט, ב. וראה רמב"ם הל' ע"ז פי"א ה"א. וראה שם ה"ג. טושו"ע יו"ד סקע"ח ס"א. וראה שם ס"ב. 147) אחרי יח, ג. וראה סנהדרין נב, ב. ע"ז יא, א. פרש"י עה"פ. רמב"ם שם. 148) ראה תוד"ה התירו - ב"ק שם, ממעילה יז, א.

וכידוע די שקו"ט אין דעם ענין[149], אז ס'איז גאר דא א סברא אז מ'דארף טראגן די ציצית בפנים, ניט בחוץ, מצד מחזי כיוהרא, און מ'איז מבאר אז "הכל לפי המנהג והזמן והאדם כו'".

וואס דערפאר האט מען צוגעצייכנט אין דער הערה "אבל ראה בספרים כו'", נאך דעם וואס דארטן ווערט געבראכט דער דין מפורש אין אלטן רבי'נס שו"ע - ווארום אין יענע ספרים ברענגען זיך אויך אנדערע דעות וואס האלטן אז מ'דארף טראגן די ציצית בפנים, וואס דערמיט האט מען געוואלט באווארענען דעם טעם פארוואס גדולי ישראל פון דעם דור שלפנ"ז האבן זיך אזוי געפירט.

מג. מ'דארף נאך אבער פארשטיין:

עס זיינען געווען כמה חסידי חב"ד, חסידי חב"ד אמיתיים, גדולי ישראל, וואס זיי האבן זיך מוסר נפש געווען אויף מקיים זיין א פס"ד פון דעם אלטן רבי'ן - וואס פלעגן טראגן די ציצית בפנים תחת הבגדים, פארקערט ווי דער אלטער רבי פסק'נט אין שו"ע שלו?!

אויף דעם איז דער ענטפער, אז די דעות וואס האלטן אז מ'דארף טראגן דעם טלית-קטן והציציה* בפנים, זיינען ניט סתם דעות, נאר אזוי שטייט אין כתבי האריז"ל[150] (מיט דעם טעם אויף דעם) (ווי געבראכט אין די ספרים צו וועלכע מ'האט צוגעצייכנט).

ואע"פ אז דער אלטער רבי פסק'נט ניט אזוי בשו"ע שלו - איז דאך דער שו"ע ע"פ נגלה און די חסידים האבן זיך געפירט ע"פ קבלה (וואס קבלה איז (ענינה) חסידות חב"ד).

והביאור בזה: ס'איז ידוע וואס חסידים דערציילן[151] בשם פון דעם אלטן רבי'ן [איך האב דאס ניט געהערט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, דערפאר וועל איך אויף דעם ניט מעיד זיין, אבער אזוי דערציילן חסידים], אז דער אלטער רבי האט געזאגט אז "בדבר שהמקובלים מחולקים עם הפוסקים" איז "יש לנהוג כהמקובלים". האט מען ביי אים געפרעגט: "הלא הוא בעצמו בשו"ע שלו[152] כתב שיש לילך אחר הפוסקים"? האט ער געענטפערט

- אז -

---

*) עכצ"ל שהכוונה גם להציצית, שהרי הטעם שצ"ל בפנים כי הט"ק "הוא בחי' הפנימיה של בו'" והטלית אין בו קדושה.

---

149) שו"ת מהר"י ברונא סצ"ו, הובא במאסף לכל המחנות שם.
150) פע"ח שער הציצית פ"א. שער הכוונות ענין הציצית דרוש ו'. סידור האריז"ל במקומו. 151) הובא בשער הכולל פ"א סק"א (נעהק בשו"ע אדה"ז (הוצאת קה"ת) תאו"ח בסופו (קפד, ב)). 152) או"ח סכ"ה סכ"ח.

אז "כן כותבים הפוסקים" און דעם שו"ע שלו האט ער געשריבן אלס א פוסק.

וואס אזוי איז אויך בנוגע צו דעם וואס בסידור שלו איז דער אלטער רבי מכריע בכמה ענינים לויט קבלה, אנדערש ווי ער האט געשריבן בשו"ע שלו, וואס דעמולט דארף מען זיך פירן ווי עס שטייט אין סידור[153], און דאס וואס אין שו"ע שטייט אנדערש, איז דערפאר וואס דעם שו"ע האט ער געשריבן אלס פוסק, אבער הנהגה בפועל דארף זיין ווי ער שרייבט אין סידור (ע"פ קבלה), אלס א דבר השוה לכל נפש.

וואס ע"פ הנ"ל איז פארשטאנדיק פארוואס די גדולי ישראל און חסידים וואס האבן געטראגן די ציציה כמוסות בפנים, ווארום אע"פ אז אין (שו"ע און אין) דעם אלטן רבי'נס שו"ע, פסק'נט ער אז די ציצית דארפן זיין בחוץ - האבן זיי זיך אבער געפירט לויט ווי עס שטייט אין כתבי האריז"ל, אז די ציצית דארפן זיין בפנים,

[וואס דער אריז"ל האט געוואוסט פון דעם וואס עס שטייט אין די פוסקים אין נגלה, און אעפ"כ האט ער זיך געפירט צו טראגן די ציצית בפנים, ווי עס שטייט אין כתבי האריז"ל].

מד. כל הנ"ל איז צו מסביר זיין פארוואס די גדולי ישראל און חסידים האבן זיך אזוי געפירט; בנוגע לפועל אבער, ווי חסידי חב"ד דארפן זיך פירן - קען מען זאגן אויף צוויי אופנים:

בנוגע צו ענינים וואס אין הלכה שטייט אז מ'דארף זיך אין זיי פירן באופן אחד און אין קבלה שטייט אז מ'דארף זיך אין זיי פירן באופן אחר - זיינען דא צוויי סוגים:

א) ענינים וועלכע רבותינו נשיאינו ווייזן אָן אז מ'זאל זיך אין זיי פירן ע"פ קבלה, און ניט ווי עס שטייט אין הלכה,

ב) ענינים וועלכע רבותינו נשיאינו ווייזן אָן אז מ'זאל זיך אין זיי פירן ע"פ הלכה, ניט ווי עס שטייט אין קבלה [ע"ד דער כלל[154] אז ווען ס'איז דא א מחלוקה צווישן פוסקים אין נגלה מיט קבלה, אדער צווישן גמרא און זהר - איז די הלכה ווי אין נגלה, ווי אין גמרא], אע"פ וואס בכמה ענינים פסק'נט מען ווי עס שטייט אין קבלה און אין זהר,

ביז אז מ'געפינט נאכמער, אז דער מקור פון כמה ענינים

- אין -

---

153) שער הכולל שם. וראה שו"ת הצ"צ חאו"ח סי"ח אות ד. שו"ת דברי נחמי' חאו"ח סכ"א. 154) שו"ע אדה"ז דלעיל הע' 152.

אין הלכה איז דוקא פון קבלה, פון זהר וכיו"ב[155]. ווי מ'געפינט אז דער בית יוסף ברענגט פון זהר[156] [וואס ער ווערט אנגערופן בכ"מ[157] בשם "מדרש יהי אור", דערפאר וואס ענינו פון "זהר" איז - אור, אדער דערפאר וואס מ'געפינט אז אין כמה זהר'ס איז דער ערשטער מאמר אויפן פסוק[158] "יהי אור". וואס דאס איז אויך דער טעם אויפן נאמען "ספר הבהיר"].

בנוגע לענייננו אבער, ווי מ'דארף טראגן די ציצית, צי בחוץ, ווי ע"פ הלכה אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע, אדער בפנים, ווי ע"פ קבלה אין כתבי האריז"ל - איז בא מיר ניט ברור ווי מ'דארף זיך אין דעם פירן.

בשעת איך האב געזוכט א בירור אין דעם ענין - איז דער ערשטער ארט וואו איך האב געזוכט איז - ווי איז געווען אין דעם הנהגת כ"ק מו"ח אדמו"ר -

בשעת מ'האט זיך אבער צוגעקוקט ווי ער האט זיך געפירט - האט מען ניט געקענט וויסן קיין בירור בדבר:

כ"ק מו"ח אדמו"ר פלעגט טראגן א זשילעט (יעדערער ווייסט דאך וואס א זשילעט איז -), א האלבע כתונת, און אונטער דעם פלעגט ער טראגן זיין טלית-קטן, אין אן אופן אז פון דעם זשילעט פלעגט ארויסשטעקן די ציצית און א חלק פון די כנפות פון דעם טלית-קטן.

אויף דעם זשילעט (און טלית-קטן) פלעגט ער אבער טראגן א סירטוק, וואס לויט דעם גודל פון דעם סירטוק און דעם גודל פון די ציצית איז אויסגעקומען אז דער סירטוק פלעגט אינגאנצן פארדעקן די ציצית;

א חלק פון טאג פלעגט ער אבער גיין מיט דעם סירטוק אפגעשפילעט און א חלק פון טאג מיט דעם סירטוק פארשפילעט - איז ווען דער סירטוק איז געווען אפען האט מען געקענט זעהן די ציצית, אבער ווען דער סירטוק איז געווען פארשפילעט האט מען די ציצית ניט געקענט זעהן.

וואס דערפאר קען מען ניט וויסן און מ'האט ניט קיין הכרח לויט וועלכער דעה כ"ק מו"ח אדמו"ר האט זיך געפירט, צי לויט דער דעה אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע, אז מ'דארף גיין מיט די ציצית בחוץ, אדער לויט דער דעה אין כתבי האריז"ל, אז מ'דארף גיין מיט די ציצית בפנים - וואדוס אין דעם זעלבן טאג איז ער א חלק פון טאג געגאנגען מיט דעם - סירטוק -

---

155) ראה שיחה מוצאי ש"פ וישב, שבת חנוכה הש"מ כל"ה.
156) ראה ב"י או"ח סכ"ה. סל"א. סקמ"א. אה"ע סכ"ה.
157) יוחסין מערכת רשב"י (כא, ד. לו, ב), הובא בהגהת מנחם ציון לשה"ג להחיד"א מע' זהר סק"ח (ובשארית ציון לשם). מע' מדרש הנעלם סקמ"ז. 158) בראשית א, ג.

סירטוק אפען, במילא האבן זיך די ציצית געזעהן, און א חלק פון טאג מיט דעם סירטוק פארשפילעט, במילא זיינען די ציצית געווען פארדעקט.

דער חילוק ווי ער האט געטראגן די ציצית איז ניט געווען פארבונדן מיט פארשידענע תקופות, אז אין דעם זמן וועט ער האט זיך געפונען צווישן די קאמוניסטן וכדומה האט ער זיך געפירט באופן אחד און אין אן אנדער זמן באופן שני - נאר אין דעם זעלבן טאג פלעגט ער זיך פירן אויףביידע אופנים.

מה. אע"פ וואס ס'איז ניטא אין דעם קיין הוראה ברורה ווי מ'דארף זיך פירן - איז אבער בנוגע לפועל זעט מען אז יערה עליו רוח ממרום[159] און ס'איז נתפשט געווארן (ברוב המקומות) אז מ'זאל טראגן די ציצית בחוץ, און אזוי איז מוסיף והולך ואור, אז דער אור הציצית לייכט בחוץ, ביז אז ס'איז כמעט ווי געווארן א מנהג ישראל וואס "תורה הוא",

ובפרט בא קינדער, בא "צבאות השם", איז דאס נתפשט געווארן נאכמער ווי ביי עלטערע, וואס דערפאר קאכט מען זיך אז די קינדער זאלן גיין מיט ציצית בחוץ, און דערפאר האט מען אויך געמאכט דעם ציור אין די ביכעלעך פון "צבאות השם" פון אן אינגעלע וואס טראגט ציצית מבחוץ און אזוי זאל מען ווייטער אויך טאן.

ובפרט אז אזוי איז דער פסק דין פון דעם אלטן רבי'ן בשו"ע שלו.

און ס'איז קיין שאלה ניט, אז לכאורה טראגן ציצית בחוץ איז אן עניז פון מחזי כיוהרא, ווי אחרונים[149] ברענגען אראפ די שאלה (כנ"ל סמ"ב) - ווארום (ווי זיי פארענטפערן גלייך) "הכל לפי המנהג והזמן והאדם כו'", און מ'זעט בפועל אז דער אלטער רבי פסק'נט אז מ'דארף זיי טראגן בחוץ,

ובמילא - וויבאלד ס'איז נתפשט געווארן דער מנהג צו גיין מיט די ציצית בחוץ, פאלט אפ דער חשש פון מחזי כיוהרא, ובפרט בא קינדער וואס בא זיי איז ניט שייך דער חשש.

מו. אין דעם (טראגן די ציצית בחוץ) קומט-צו נאך א מעלה:

מ'זעט במוחש אז דורך טראגן די ציצית בחוץ, ווערט דער עניין פון "מצוה[160] גוררת מצוה", און מ'באווארענט זיך פון כו"כ ענינים.

וכידוע דער סיפור וועגן איינעם אין פוילן וואס האט

- לכתחלה -

------------

159) ע"פ ל' הכתוב - ישעי' לב, טו. 160) אבות פ"ד מ"ב.

לכתחלה געטראגן א דאַשיק (אזא כובע וואס אידן פלעגן טראגן אין פוילן). דערנאך האט ער דאס פארביטן פאר סתם א שלאפע. האט מען אויפגעהויבן א שטורעם און מ'האט אים געוואלט ארויסטרייבן פון שטיבל וכו'. האט ער געפרעגט: וואס איז דא דער שטורעם, וואס איז שוין די נפק"מ צווישן א דאַשיק מיט סהם א שלאפע, צי-דען איז אין דעם דאַשיק דא מערער קדושה?!

האט מען אים געענטפערט: בשעת ער וועט טראגן א דאַשיק - וועט מען אים ניט אריינלאזן אין א "רעסטעראנט" וואו מ'דערלאנגט ניט קיין כשר'ע עסן (אפילו אויב ער וועט וועלן אהינצו גיין)!

ד.ה. אז ווען א איד גייט און מ'זעט אויפן ציור החיצוני שלו אז ער זעט אויס ווי א איד, ער גייט מיט א גאנצע בארד, ער גייט מיט די ציצית אינדרויסן, און א מיידעל גייט אנגעטאן מיט צניעות'דיקע קליידער - איז נוסף לזה וואס דורך דעם באוויזט מען דעם "ונפלינו אני ועמך מכל העם אשר על פני האדמה"[161] - באווארענט דאס אים (אדער איר) בדרך ממילא פון כו"כ ענינים, ביז - נסיונות וכו', ווארום ער וועט זיך שעמען אריינגיין אין געוויסע ערטער בשעת זיין חיצוניות'דיקער אויסזעהן איז באופן כזה.

און אזוי אויך (און נאכמער): אפילו אויב די עלטערן זיינען שייך צו גיין אין געוויסע ערטער, איז אבער בשעת זייערע קינדער טראגן ציצית בחוץ און מיידעלעך צניעות'דיקע קליידער - וועלן די עלטערן זיך שעמען מיטנעמען אזעלכע קינדער אין די ערטער.

ביז, אז וויבאלד די עלטערן ווילן זיין צוזאמען מיט די קינדער - פועל'ט דאס וואס דער קינד טראגט די ציצית בחוץ (וואס דערפאר נעמט מען אים ניט אין געוויסע ערטער), אז אויך די עלטערן זאלן בלייבן צוזאמען מיט די קינדער און ניט גיין אין די ערטער; אז די עלטערן דערגרייכן צו דער דרגא פון די קינדער, אז דער טאטע וועט אויך גיין מיט ציצית בחוץ וכו'.

און דאס איז א זאך וואס מען דארף אויף דעם ניט האבן קיינע ראיות והסברות, דאס איז נראה במוחש (סיי בא גדולים, סיי בא קטנים).

מז. לאידך גיסא אבער: דאגן אז אזוי ווי דער אלטער רבי פסק'נט אפ בשו"ע שלו, אז מ'דארף טראגן די ציצית בחוץ, איז א פסק דין לכולם - קען מען ניט, ווארום מ'האט געזעהן

- בפועל -

------------

161) תשא לג, טז.

בפועל אז עס זיינען געווען גדולי ישראל, און חסידים, וואס פלעגן טראגן די ציצית מכוסות בפנים (כנ"ל),

וואס דערפאר - וויבאלד אז עס קען דאך זיין אז איינער געדענקט אז זיין זיידע אדער זיין פעטער, אדער זיין זיידע און עלטער פעטער, האבן געטראגן די ציצית בפנים - דערפאר האט מען מוסיף געווען, נאך דעם וואס עס ווערט געבראכט דעם אלטן רבי'נס פס"ד (אז מ'דארף טראגן די ציציה בחוץ) - "אבל ראה בספרים שהובאו בנ"כ השו"ע שם ובס' מאסף לכל המחנות כו'", וואס דארטן ברענגט זיך די דעה (פון כהבי האריז"ל) אז מ'דארף טראגן די ציציה מכוסות בפנים, ווארום דערפון האט מען א מקור פאר די וואס פלעגן זיך אזוי פירן.

און אויך: וויבאלד אז די ליקוטים (וואו עס איז געדרוקט די שיחה צו "צבאות השם") קומען אן אין פארשידענע מדינות, אויך ערטער וואו לעת עתה קען מען ניט מאנען בתוקף, אדער אפילו ניט בהוקף, אז מ'זאל טראגן די ציצית בחוץ - האט מען (אויך) דערפאר צוגעגעבן דעם ציון צו די ספרים הנ"ל.

דאס גיט אבער ניט קיין הכשר אז במדינה זו וואו ס'איז נתפשט געווארן דער מנהג אז מ'זאל טראגן די ציציה בחוץ, און אין אן ארט וואו מ'פירט זיך און מ'קען זיך פירן צו יע טראגן די ציצית בחוץ - זאל מען זיך אזוי ניט פירן, ניט דאס איז מיין תפקיד!

מח. ויש לומר בדרך אפשר, אז דאס וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט זיך געפירט אז א חלק פון טאג פלעגט ביי אים זיין דער סירטוק אפען, וואס דעמולט זיינען די ציצית געווען נראות בחוץ, און א חלק פון טאג - פארשפילעט, וואס דעמולט זיינען זיי געווען מכוסות בפנים - איז דאס געווען בכדי צו געבן א מקום און א נתינת מקום און א נתינת כח צו ביידע דעות.

ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו תפילין דרש"י און תפילין דר"ת, אז אע"פ אז דאס זיינען צוויי שיטות ווי די תפילין דארפן זיין און לויט רש"י דארף מען ניט לייגן תפילין דר"ת, ואדרבה - מ'טאר זיי ניט לייגן, דערפאר וואס זיי זיינען פארקערט ווי זיי דאדפן זיין, ועד"ז לויט ר"ת דארף מען ניט און מ'טאר ניט לייגן תפילין דרש"י[162] - אעפ"כ איז דער דין אין שו"ע פון ב"י[163] אז "ירא שמים יצא ידי שניהם ויעשה שתי זוגות תפילין ויניח שניהם כו'".

מט. דערמאנענדיק דעם פס"ד הנ"ל ווענן תפילין דרש"י און

- תפילין -

---

162) דאה שו"ע אדה"ז או"ת סל"ד ס"ד. וש"נ. 163) או"ח שם ס"ב.

תפילין דר"ת איז כאן המקום צו רעדן וועגן דעם:

בכלל איז דאך דער חשבון פון יעדערן'ס יראת שמים אן ענין וואס איז נוגע צו יעדערן פאר זיך אליין, און קיינער דארף דערפון ניט וויסן, און מ'קען דערמיט פראוועען עניוות, און יעדערער קען טראכטן וועגן דעם פאר זיך אליין, צי איז ער א גאנצער ירא שמים, א האלבער ירא שמים, אדער דריי-פערטל ירא שמים וכיו"ב;

עס זיינען אבער דא אזוינע אידן וואס זייער "דזשאב", זייער פרנסה אויף וועלכע זיי באקומען געלט און זיינען דערמיט מפרנס משפחתם, באשטייט פון אזא שטעלע וואס כל ענינה איז מיוסד אויף דעם ענין פון יראת שמים, וואס דערפאר - ווייל מ'פארלאזט זיך אז ער איז א ירא שמים - צאלט מען אים און ער נעמט געלט און איז דערמיט מפרנס אשתו ובני ביתו - אזוי ווי א רב, א ראש ישיבה, א משגיח, א משפיע וכיו"ב; אפילו א משגיח אין ניט קיין חסידישע ישיבה, און ניט נאר א משגיח אויף לערנען, נאר אפילו א משגיח אויף הנהגה פארלאזט מען זיך אויך אויף זיין יראת שמים,

וואס וויבאלד אז די אידן באקומען געלט דערפאר וואס מ'פארלאזט זיך אויף זיין יראת שמים - איז פארשטאנדיק בפשטות אז זיי דארפן זיך פירן מיט יראת שמים. און במילא - וויבאלד אז ס'איז א בפירוש'ער דין אין שו"ע אז "ירא שמים יצא ידי שניהם ויעשה שהי זוגות תפילין ויניח שניהם", אויך תפילין דר"ת - דארפן זיי לייגן (אויך) תפילין דר"ת, צוויי פאָר תפילין (ניט בבת אחת, נאר בזה אחר זה[164]).

ג. פרעגט מען גלייך די שאלה: אויב אזוי פארוואס איז אין א דור שלפנ"ז, אין יענע מדינה, אין דער אלטער שטעטל (ווי מ'רופט עס אן), פלעגן אפילו רבנים און ראשי ישיבות וכו' ניט לייגן קיין תפילין דר"ת?

קען מען זאגן דעם ביאור און לימוד זכות אויף דעם - אז לפי דעם מצב דעמולט האט א פאָר תפילין, ובפרט מהודר'דיקע תפילין, געקאסט א סאך געלט, און מ'האט פשוט בגשמיות ניט געהאט גענוג געלט צו קויפן (אויך) תפילין דר"ת - האבן די רבנים זיך געמאטערט ביז זיי האבן געפונען א היתר צו ניט דארפן לייגן תפילין דר"ת.

במילא איז דאס ניט געווען קיין חסרון אין זייער יראת שמים, ווארום דאס איז בשעת ער קען לייגן תפילין דר"ת און ער טוט עס ניט דערפאר וואס אים פעלט יראת שמים, משא"כ

- דעמולט -

---

164) ראה שו"ע אדה"ז שם ס"ה.

דעמולט האבן זיי געוואלט (קויפן און) לייגן תפילין דר"ת (מצד זייער יראת שמים), זיי האבן דאס אבער פשוט ניט געקענט טאן.

משא"כ איצטער איז דאס קיין תירוץ ניט, און יעדער רב וכו' דארף לייגן (אויך) תפילין דר"ת - ווארום היינט האט יעדערער די געלט דערפאר, ווי מ'זעט בפועל - אז איצטער איז דער מצב אז די ערשטע זאך מוז ער האבן א "קאר"! ביז אז נאך פאר דעם וואס ער באקומט סמיכות אויף רבנות, אלס "הכנה" צו ווערן א רב - קויפט ער א "קאר"!

ער באגנוגנט זיך ניט צו פארן מיט אן אָטאָבוס, אדער אז א בעה"ב זאל אים ארומפירן אין זיין (דעם בעה"ב) "קאר", ווארום דעמולט פירט ער דעם רב וואוהין ער (דער בעה"ב) וויל, נאר דער רב האט אן אייגענע "קאר"; אזוי ווי ער אליין איז דער מנהיג פון אן עדה, אזוי אויך מוז ער אליין זיין דער "מנהיג" פון זיין "קאר"!

און גאר מי שאין לו "קאר" אינו אדם, ובפרט - אן אדם חשוב!

איז וויבאלד ער האט געלט אויף קויפן א "קאר" - קען מען קויפן אויך, להבדיל, תפילין דר"ת.

מאנען פון אים אז ער זאל ניט קויפן קיין "קאר", נאר א פאָר תפילין דר"ת - איז צופיל, דאס איז צו א גרויסע מס"נ און נסיון; וואס מאנט מען פון אים אבער: אנשטאט קויפן דוקא די מאדערנסטע "קאר", און דוקא א "קאר" פון דער שנה שלפנ"ז, און דוקא מיט אזא טייערן מתכת - קויף א מיטל-מעסיגע שיינע "קאר", און מיט די הונדערט (צי מערער) דאלאר וואס דו פארשפאָרסט דערמיט, קויף א פאָר תפילין דר"ת (להבדיל)!

נא. און דער עיקר זאך וואס מ'דארף באווארענען איז - אז "לא יתבייש מפני בני אדם המלעיגים עליו"[165], אז מ'זאל ניט נתפעל ווערן און מורא האבן פון דעם וואס דער צווייטער וועט א שמייכל-טאן און זאגן: וואס עפעס הויבסטו אן לייגן איצטער תפילין דר"ת? וואס עפעס ביסטו מיטאמאל געווארן א "קנאי"?!

בשעת עס קומט צוגיין צו דעם רב א פרוי מיט א שאלה וועגן א טאָפ, זאגט ער איר אז זי דארף ארויסווארפן דעם טאָפ. פרעגט זי: עס קאסט דאך געלט, און זי האט מורא פאר דעם מאן וכו'. זאגט ער איר: מורא האבן דארף מען פאר דעם אויבערשטן

- "יראת -

---

165) רמ"א או"ח רס"א. שו"ע אדה"ז שם ס"ג. מהדו"ב שם ס"א.

"יראת שמים"!

דערנאך גיט ער זיך א כאפ - וואו איז זיין מורא פאר דעם אויבערשטן, וואו איז זיין יראת שמים -

פאר דעם אויבערשטן האט ער גאר קיין מורא ניט, ווארום "נצחוני בני נצחוני"[166]! -

פאר די מלעיגים האט ער אבער יע מורא! ער האט מורא דערפון וואס זיי וועלן זאגן אויב ער וועט מיטאמאל אנהויבן לייגן תפילין דר"ת.

דערפאר דארף מען אים באווארענען אז "לא יתבייש מפני בני אדם המלעיגים עליו", ביז אז מ׳האט געפונען פאר נויטיק צו דאס ארייננצושטעלן אין ראש ותחלת השו"ע, אין דעם ערשטן חלק, אין דעם ערשטן סימן אין דעם ערשטן סעיף פון שו"ע, דערפאר וואס דאס איז א זאך וואס איז נוגע צו אלע ענינים.

נב. איך האב געפרעגט ביי א ראש ישיבה פארוואס מאנט ער ניט פון זיינע תלמידים אז זיי זאלן (אנהויבן) לייגן תפילין דר"ת.

האט ער מיר געענטפערט: אז אויב ער וועט דאס בא זיי מאנען - וועלן זיי אים זאגן: די תורה איז דאך געגעבן געווארן מיט דריי און א האלב טויזנט יאר צוריק, און ר"ת האט געלעבט מיט הונדערטער יארן צוריק, און דער ב"י - אויך מיט א משך זמן לפנ"ז, און דער ראש ישיבה אליין לעבט שוין אויך עטליכע צענדליקער יאר, און ער לערנט שוין מיט די תלמידים זיינע א משך זמן, כמה פעמים בחודש, אדער כמה פעמים בשבוע אדער ביום - איז וואס עפעס מיטאמאל מאנט ער פון זיי אז זיי זאלן לייגן תפילין דר"ת?! מה יום מיומים?!

און דער עיקר איז - דער שמייכל פון דעם תלמיד בשעת ער וועט עס אים זאגן!

ווי ספרי מוסר טייטשן דעם פסוק[167] "כי באפם הרגו איש וברצונם עקרו שור" - אז מיט א קרים מיטן נאָז ("באפם") הרג׳ט ער אוועק (ווי זיי טייטשן אז דאס גייט אויפן נפש האלקית און נפש הבהמית וכו׳).

האט ער מורא מאנען פון זיי צו לייגן תפילין דר"ת - טאמער וועלן זיי א קרים-טאן מיטן נאָז!

נג. און דערנאך ווערט די טענה הידועה - אז "מנהג אבותינו בידינו", און מ׳געפינט ניט אז אבותינו זאלן לייגן תפילין

- דר"ת; -

---

166) ב"מ נט, ב. 167) ויחי מח, ו.

רר"ה; ער האט ניט געזעהן אז זיין טאטע, און זיין זיידע, ביז אז ער האט אפילו ניט געהערט אז זיין עלטער-זיידע, זאל לייגן תפילין דר"ת!

אבותינו האבן אבער אויך ניט געהאט קיין "קאד"! אבותינו האבן אויך ניט געלייענט קיין "פייפער"! זיי זיינען אויך ניט ארומגעלאפן זיך פאטאגראפירן און אריינלייגן זייער "פיקטשער" ניט נאר אין איין "פייפער", נאר דוקא אין אלע "פייפער'ס"!

ווען עס קומט צו ענייני רשוה, ביז ענייני הבל (ווי די ענינים הנ"ל) - שטעלט ער איין אלץ בכדי עס זאל צוקומען א "מנהג חדש" וואס לא הי' ביי אבותינו; ווען עס קומט אבער צו לייגן תפילין דר"ת - שרייט ער אז "מנהג אבותינו בידינו", און זיי האבן דאס ניט געטאן!

נד. דער עיקר איז - אז מה שעבר עבר, אבער עכ"פ מכאן ולהבא זאל יעדער איד און אלע אידן אנהויבן לייגן תפילין דר"ה, ובפרט די וואס זייער ארבעט באשטייט פון אן עניין אויף וועלכן מ'צאלט זיי דערפאר וואס זיי האבן יראת שמים, ווי רבנים, ראשי ישיבה וכו',

און אויך פועל'ן ביי די אלע וואס מ'קען אז זיי זאלן אנהויבן לייגן תפילין דר"ת בכל יום מימות החול [אבער ניט ח"ו בחול המועד, כמרומז אין זהר חדש[168]],

און תשובה טאן אויף דעם וואס מ'האט ביז איצטער ניט געלייגט, און אויב מ'האלט אז מ'דארף ניט תשובה טאן - איז ניט תשובה טאן, דער עיקר איז אבער אז מ'זאל זיך אזוי פירן מכאן ולהבא.

וואס דער עיקר סיבה פארוואס ביז איצטער האט מען עס ניט געטאן, איז - דערפאר וואס "לא עצבו אביו מימיו גו'"[169], קיינער האט ניט אויפמערקזאם געמאכט וועגן דעם.

און היינט זיינען ניטא קיינע חששות אין דעם לייגן תפילין דר"ת, ניטא דער חשש פון מחזי כיוהרא וכיו"ב[170].

און טאמער מ'דארף האבן א תירוץ פאר דער ווייב פארוואס עפעס מ'הויבט אן דאס טאן מיטאמאל - זאל ער איר זאגן א פשוט'ן תירוץ: וויבאלד ער איז געווארן עלטער מיט א טאג איז ער געווארן קליגער מיט א טאג, במילא איז ער

- געווארן -

------------

168) במהנ"ע שה"ש סד, ד ואילך. הובא בב"י או"ח סל"א.
169) ל' הכתוב - מ"א א, ו. 170) ראה בהנסמן בהערות וביאורים (אהלי תורה) גליון יז (פג) אות כ בסופו.

געווארן פרימער מיט א טאג.

און דער הכרח אויף לייגן (בזמן הזה) אויך תפילין דר"ת[171] - קען מען יעדער איינעם מסביר זיין, אנהויבנדיק פון איינעם וואס האלט ערשט ביי אל"ף-בי"ת פון אידישקייט, ביז - אז איינער וואס האט א שטעלע וואס איז מיוסד אויף דעם ענין פון יראת שמים - האט מען דעם קלארן פס"ד פון דעם ב"י אז יעדער ירא שמים דארף לייגן אויך תפילין דר"ת.

ובפרט אין זמן פון עקבתא דמשיחא, וואס דעמולט איז במיוחד נוגע דער ענין פון לייגן תפילין דר"ת, כמבואר אין כתבי האריז"ל[172].

און וויבאלד אז מ׳שטייט אין יום השבת, האט מען נאך צייט (ביז זונטיק אינדערפרי) צו טראכטן וועגן לייגן תפילין דר"ת מיט נאך טעמים והסברות בזה - אז גלייך זונטיק אינדערפרי זאל מען דאס אנהויבן טאן בפועל.

און הסברות אהער הסברות אהין - דער עיקר איז, וויבאלד אז מ׳שטייט אין זמן פון עקבתא דמשיחא, איז דורך מוסיף זיין נאך א מצוה (הנחת תפילין דר"ה), מאכט מען אז משיח צדקנו זאל קומען נאך שנעלער און נאך לייכטער,

און דאס אלעס - במהרה בימינו ממש.

* * *

נה. דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר - נקודות בקיצור עכ"פ:

"כל הנחלים הולכים אל הים", איז די המשכה פון די ששה מדות דז"א, "כל הנחלים" אין מלכות, "ים" (כנ"ל ס"מ).

דאס גופא ווערט אבער נמשך פון א העכערע דרגא (ווי די ששה מדות דז"א), ווי ער זאגט דארטן אין זהר אז "כל הנחלים אילין רזין דנחלין ובבועין קדישין דאתמליין ונפקין לאנהרא ולמליא להאי ימא רבא", וואס "רזין דנחלין", "מבועין", מלשון נביעה, און דער ענין פון "אתמליין כו׳" - זיינען די דריי דרגות פון כהר הכמה ובינה[173], אדער כהר אמא ואבא[174].

און דערפון ווערט נמשך (ע"י ז"א) אין מלכות ("אל הים"), און "הים איננו מלא", ווארום פון מלכות ווערט דערנאך נמשך אין בי"ע.

- נו. -

---

171) ראה גם שיחת פורים תשל"ו. מוצאי ש"פ וארא תשל"ט ס"נ. 172) פע"ח שער התפילין פ"ט-י, הובא בשער הכולל פי"א סל"ח-לט. 173) אוה"ח כאן (בתחלתו). 174) ראה מק"מ כאן.

נו. ובעבודת האדם:

מלכות איז די דרגא פון "זרע בהמה", די עבודה פון יראה תתאה[175]; העכער דערפון איז דא די דרגא אין עבודה פון ידאה עילאה, בחי' חכמה[175] אדער כתר[176], ויאס דאס איז די דרגא הכי עליונה אין עבודה.

און די עבודה באשטייט דערפון וואס פון מלכות (דאצילות), יראה תתאה, ווערט נמשך אין בי"ע, אין מחשבה דיבור ומעשה.

וואס דאס גופא קען זיין אויף צוויי אופנים - ע"ד ווי די צוויי אופנים ווי פון מלכות ווערט נמשך אין בי"ע (כנ"ל): איין אופן, ע"ד ווי עס ווערט נמשך פון מלכות עצמה אין בי"ע, און א צווייטער אופן ע"ד ווי עס ווערט נמשך אויך פון כתר חכמה בינה. והביאור בזה:

עס איז דא א סוג פון מענטשן וואס האלטן בא דער דרגא און עבודה פון יראה עילאה, און די וואס האלטן בא יראה תתאה, וואס דאס זיינען רוב בני אדם;

פונדעסטוועגן, בא כאו"א, אפילו בא די וואס האלטן בא דער דרגא פון יראה תתאה, דארף זיין (אויך) די עבודה פון יראה עילאה, עכ"פ - לעת מן העתים, און דאס, אדער א רושם דערפון, זאל נמשך ווערן אין דער עבודה פון יראה תתאה,

ע"ד המבואר אין קונטרס עץ החיים[177] בנוגע צו יחודא עילאה און יחודא תתאה, אז אפילו בא די וואס האלטן מערניט ווי בא יתו"ת, דארף זיין די עבודה פון יחו"ע, עכ"פ - לעת מן העתים, און דאס, אדער א רושם דערפון, זאל נמשך ווערן אין דער עבודה פון יחו"ת.

ועפ"ז קומט אויס אז עס זיינען דא צוויי אופנים ווי עס קען נמשך ווערן יראה תתאה אין מחשבה דיבור ומעשה (בי"ע):

איין אופן, אז פון יר"ת (מלכות, "ים") ווערט נמשך אין מחשבה דיבור ומעשה (בי"ע), וואס די המשכה איז אין אן אופן פון "והים (מלכות, יר"ח) עליהם מלמעלה"[178], וואס דאס איז בפשטות בשעת מ'האלט בא דער דרגא פון יראה תתאה,

א צווייטער אופן, אז עס ווערט נמשך אין מחשבה דיבור ומעשה, בי"ע, ניט נאר דער ביטול פון יר"ת (מלכות), נאר אויך דער ביטול פון יר"ע, פון חכמה אדער נאך העכער - פון

- כתר -

------------

175) לקו"ת ראה כא, ג. ובכ"מ. 176) ראה לקו"ת במדבר טז, ב (וש"נ). ובכ"מ. 177) פ"ז-ח. 178) מ"א ז, כה. דה"ב ד, ד. וראה לקו"ת אמור לה, ד. לו, א. ובכ"מ.

כתר, ועאכו"כ דער ביטול פון די דרגות למטה מזה, וואָרום פון דאָרטן דאַרף נמשך ווערן אין ירי"ת ("כל הנחלים הולכים אל הים"), עכ"פ לעת מן העתים, אָדער אַ רושם דערפון, און דערנאָך ווערט די דרגת הביטול (פון יר"ע ולמטה מזה) וואָס איז נמשך געוואָרן אין ירי"ת, אין "ים" (מלכות) - נמשך למטה מזה, אין מחשבה דיבור ומעשה, אין בי"ע ("והים איננו מלא").

עפ"ז וועט מען פאַרשטיין כמה דיוקים ועניינים וואָס עס שטייען און ווערן מבואר דאָ אין זהר, און אין אותיות הקבלה - אין די הערות.

נז. דער ביאור אין פירוש רש"י - ובהקדים:

נוסף אויף דעם וואָס אין פרשתנו איז דאָ דער חידוש ושינוי פון "והלבשת אותם (נאָר די) כותנות" - געפינט מען אין דער פרשה כמה שינויים און ענינים מיוחדים וואָס משה האָט דוקא דעמולט געטאָן בקשר מיט הקמת המשכן און הקרבת הקרבנות וכו׳ וואָס נאָכמאָל זיינען זיי ניט געטאָן געוואָרן אין משכן[179],

און ווי דער ראָגאַטשאָווער[180] שטעלט זיך און איז מבאר כמה פון די שינויים.

רש"י דאַרף זיך אָבער ניט אָפּשטעלן אויף דעם און דאָס מבאר זיין פאַר דעם בן חמש למקרא - וואָרום רש"י פאַרלאָזט זיך אויף דעם וואָס דער בן חמש למקרא האָט שוין געלערנט אין פרשת תצוה און אין פרש"י דאָרט:

אין פ׳ תצוה ווערט דערציילט אין פשטות הכתובים וועגן כו"כ ענינים מיוחדים וואָס משה האָט געדאַרפט טאָן אין די שבעת ימי המילואים צוליב "ומלאת את ידם"[181], צוליב מחנך זיין און אַריינפירן די כהנים אין עבודתם במקדש,

ווי לדוגמא "ושחטת את האיל ולקחת מדמו ונתתה על תנוך אוזן אהרן גו׳"[182] ועוד[183].

און ס׳איז פאַרשטאַנדיק בפשטות הכתובים פאַרוואָס אין די ימי המילואים האָט משה געטאָן ענינים מיוחדים (וואָס זיינען ניט געטאָן געוואָרן אַ צווייטן מאָל) - וואָרום דער ענין פון די (שבעת ימי ה)מילואים איז דאָך בכדי צו מחנך זיין די כהנים און זיי צוגרייטן און אַריינציען אין דער עבודה וואָס זיי וועלן טאָן במקדש, ווי רש"י זאָגט אויף "ומלאת את ידם"

- אז -

---

179) ראה פרש"י עה"פ תצוה כט, כב. כג. פרשתנו שם, כט. לא. 180) צפע"נ עה"ת פרשתנו שם, כג. ועוד. 181) תצוה כח, מא ובפרש"י. 182) שם כט, כ. 183) ראה שם, כב-כג ובפרש"י.

אז "כל מילוי ידים ל׳ חינוך הוא וכו׳", ביז אז ער ברענגט דארטן א לע"ז אויף דעם, איז פארשטאנדיק פארוואס מ׳טוט דעמולט ענינים מיוחדים.

און דערפאר - בשעה מ׳זאגט דעם בן חמש למקרא אז מ׳האט געטאן אן ענין מיוחד אין די שבעת ימי המילואים, אז מ׳האט (לדוגמא) געלייגט פון דעם דם האיל "על תנוך אוזן אהרן" - איז דאס ביי אים קיין פלא ניט, וואדום דאס רעדט זיך וועגן די שבעת ימי המילואים.

נח. עד"ז וועט מען אויך פארשטיין בנוגע צו די שינויים און ענינים מיוחדים וואס משה האט געטאן בפרשהנו:

די ענינים וואס משה האט געטאן אין משכן און מיט די כהנים וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין פרשתנו, האט ער געטאן בר"ח ניסן - "ביום החודש הראשון באחד לחודש"[184].

וואס לויט שיטת רש"י (אין פשש"מ) איז ר"ח ניסן געווען דער יום השמיני למילואים[185] [וכידוע די מחלוקת אין דעם צווישן רש"י מיט דעם ראב"ע: רש"י האלט (כנ"ל) אז ר"ח ניסן איז געווען דער יום השמיני למילואים, און דער ראב"ע[186] האלט אז ר"ח ניסן איז געווען יום הראשון למילואים].

איז וויבאלד אז די ענינים וואס משה האט געטאן אין פרשתנו זיינען געטאן געווארן ביום השמיני למילואים - איז קיין קשיא ניט בא דעם בן חמש למקרא פארוואס צווישן זיי זיינען דא שינויים און ענינים מיוחדים וואס זיינען ניט געטאן געווארן נאכאמאל - וואדום ע"ד ווי ער האט געלערנט אין פ׳ תצוה בנוגע צו די שבעת ימי המילואים, אז דעמולט האט משה געטאן כמה ענינים מיוחדים בכדי צו מחנך זיין אהרן ובניו, עד"ז פארשטייט ער אויך בפרשתנו בנוגע צו יום השמיני למילואים, אז משה דארף טאן כמה ענינים מיוחדים בכדי צו מחנך זיין אהרן ובניו.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס רש"י דארף ניט באווארענען בפרשתנו די שאלות פון דעם ראגאטשאווער בנוגע צו די שינויים און ענינים מיוחדים וואס משה האט געטאן.

נט. ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק אז ס׳איז קיין שאלה ניט בא דעם בן חמש למקרא בנוגע צו דעם ענין מיוחד אז משה האט אנגעטאן אויף בני אהרן בלויז די כותנות, "והלבשת אותם כותנות", און אויף אהרן הכהן אלע בגדים, "והלבשת את אהרן את בגדי הקודש".

- ס׳איז -

---

184) פרשתנו שם, ב. 185) פרש"י עה"פ פרשתנו שם, כט. ד"פ שמיני. 186) ר"פ שמיני.

[ס׳איז קיין קשיא ניט: ווי קען מען זאגן אז בא בני אהרן איז בלויז געווען "והלבשת אותם כותנות" (און ניט די אנדערע בגדי כהונה) - רש"י[187] זאגט דאך פריער אז ס׳איז אסור לשמש מחוסר בגדים?

ווייל דאס וואס דא איז פסוק ווערט דערמאנט נאר די כותנות, איז דערפאר וואס דא רעדט זיך וועגן דעם ציווי צו משה, "והלבשת אותם" - דאס וואס משה דארף זיי אנטאן, און דער ציווי איז געווען נאר בנוגע צו די כותנות,

אבער זיכער האבן זיי אויך געטראגן די אנדערע (ג׳) בגדים זייערע, ס׳איז נאר דער חילוק, אז די כותנות האט זיי משה אנגעטאן און די אנדערע (ג׳) בגדים האבן זיי זיך אליין אנגעטאן.

און ס׳איז אויך פשוט אז די מכנסים האבן זיי זיך אליין אנגעטאן פאר די כותנות (כנ"ל) וואס משה האט זיי אנגעטאן].

און דערפאר איז אויך קיין קשיא ניט פון דעם וואס שטייט פריער אין פ׳ תצוה[188], אז משה איז נצטווה געווארן צו אנטאן די בני אהרן אויך די אנדערע בגדים (ועד"ז שטייט אין פ׳ צו[189] ווי משה האט דאס מקיים געווען בפועל) -

ווייל דארט רעדט זיך וועגן ז׳ ימי המילואים; משא"כ בפרשתנו רעדט זיך וועגן ר"ח ניסן - שמיני למילואים, כמפורש אין פסוק אז דער ציווי איז במיוחד לאחד בחודש, און דערפאר איז געווען א שינוי לגבי די פריערדיקע ימי המילואים, ובשני הכיוונים: 1) הוספות, 2) גרעון לגבי די ז׳ ימים (ווייל - כמובן ע"פ פשט - דער חינוך ז׳ ימים איז פאר זיי געווען מספיק),

און דערפאר האט מען בני אהרן ניט געדארפט מלביש זיין (בח׳ למילואים) אלע בגדים, בלויז די כותנות*, משא"כ אהרן האט אויך אין שמיני למילואים געדארפט האבן א הכנה מיוחדת, ווייל עבודת אהרן האט געבראכט (ווי דער תלמיד וועט לערנען נאך׳איידער ער ענדיגט דעם סיפור פון יום ר"ח) צו "ותצא אש גו׳"[191].

- ס. -

---

*) ולהעיר שמכבר ידוע להת׳ שבבגדים׳הרגילים (משא"כ בחושן כו׳) יש חשיבות מיוחדת דוקא לכתונת שלכן ועשה לו כתונת (דוקא) פסים[190].

---

187) עה"פ תצוה שם, מג. 188) כח, מא. 189) ח, ז ואילך. 190) וישב לז, ג. 191) שמיני ט, כד.

ס. פון יעדער ענין דארף דאך זיין א הוראה און א "בכן" בעבודת ה' - איז אזוי אויך דא א הוראה בעבודת ה' פון דעם ענין המילואים:

עס שטייט אין יחזקאל[192] אז לע"ל אין דעם ביהמ"ק השלישי וועלן זיין מילואים (מ'וועט מקריב זיין דעם קרבן הנשיא וכו'), און וויבאלד אז אלע ענינים פון לע"ל זיינען תלוי במעשינו ועבודתנו, וואס זיי זיינען א הכנה צו דעם וואס וועט זיין לע"ל - איז פארשטאנדיק, אז אויך אין מעשינו ועבודתנו איצטער איז דא מעין דער ענין המילואים.

עס איז טאקע "לא אתנו יודע עד מה"[193] וואס דער ענין פון מילואים איז בעבודה איצטער - אבער דאס איז זיכער, אז דאס איז אין דעם ענין פון תורה, תורתו של משה,

און אין תורה גופא - "שמן" שבתורה (בדוגמת המשיחה בשמן וואס משה האט געטאן אין די מילואים), רזי תורה[194], און תורה וואס דארף אנקומען אויך אין ווייטע ערטער, אויך צו די אידן וואס זיינען נדחים.

און אין דעם איז דא דער ענין פון מילואים - עס דארף זיין א הוספה אין די תורה הנ"ל נאכמער ווי עס איז געווען פריער.

און אע"פ אז מ'געפינט זיך אין א חושך כפול ומכופל, מ'געפינט זיך אין עקבתא דמשיחא, וואס "אכשור דרא בתמי'"[195] - איז ווי קען מען זאגן אז איצטער דוקא דארף זיין א הוספה?!

איז אבער אדרבה - מצד דעם וואס מ'געפינט זיך בחושך - מוז מען נאכמער מוסיף זיין בעניני קדושה, וכידוע דער משל אויף דעם, אז אויב פריער איז געווען גענוג א קליינער לעמפעלע - איז בשעת עס ווערט מער פינצטער איז ניט גענוג א קליינער לעמפעלע און מ'דארף האבן דוקא א גרעסערן לאמפ,

וואס עד"ז איז דאס אויך ברוחניות אז דוקא איצטער, וויבאלד אז עס איז מער חושך - דארף זיין א הוספה אין ענינים פון קדושה, אנהויבנדיק דורך די הוספה אין תורה, כנ"ל.

סא. עס דארף זיין א הוספה אויך אין דעם ענין פון "מחצית השקל" - וואס די הוראה פון "מחצית השקל" איז:

א איד דארף זיך באטראכטן אז ער איז ווי א "מחצית השקל", ער איז מערניט ווי א האלבע זאך, און ער דארף

- אנקומען -

------------

192) מג, יח ואילך. מה, יח ואילך. 193) תהלים עד, ט. 194) ראה אמ"ב שער הק"ש פנ"ד ואילך. 195) יבמות לט, ב. ובפרש"י.

אנקומען צו דעם צווייטן מחצית.

וואס אין דעם צווייטן מחצית, ווער איז דער צווייטער מחצית - זיינען דא צוויי פירושים:

איין פירוש[196], אז דער צווייטער כהציה איז דער אויבערשטער,

ווארום אידן מיטן אויבערשטן ווערן אנגערופן ווי צוויי האלבע זאכן, ווי תורת הרב המגיד[197] עה"פ[198] "עשה לך שתי חצוצרות", אז חצוצרות איז שתי חצאי צורות, אז אידן מיטן אויבערשטן זיינען צוויי חצאי צורות, כביכול, אז אידן אן דעם אויבערשטן זיינען ניט בשלימות, און אידן זיינען משלים דעם אויבערשטן כביכול, וכמרז"ל[199] אז דער אויבערשטער זאגט אויף אידן "תמתי, תאומתי".

וואס דאס איז אויך דער ענין פון דעם כריתת ברית צווישן דעם אויבערשטן מיט אידן - אז אידן ווערן איין זאך מיטן אויבערשטן, "אלופו של עולם", כמבואר בהדרושים[200],

און ווי מפרשים זיינען מסביר דעם ענין פון כריתת בריה, וואס מ'נעמט א זאך און מ'צוטיילט עס אויף צוויי האלבע, און די וואס זיינען כורת ברית צווישן זיך זיינען עובר צווישן די צוויי האלבע טיילן - אז דער פשט דערפון איז, אז די וואס זיינען כורת בדית ווערן ווי איין זאך, ווי צוויי העלפטיילן פון דער זעלבער זאך, ע"ד ווי די צוויי העלפטיילן צווישן וועלכע זיי גייען דורך, וואס זיי זיינען איין זאך וואס מ'האט צוטיילט אויף צוויי,

און עד"ז איז אויך דער ענין פון דעם כריתה ברית צווישן דעם אויבערשטן מיט אידן - אז דער אויבערשטער מיט אידן זיינען ווי צוויי האלבע, כביכול.

וואס עד"ז איז דאס אויך אין די שמות הוי' און אד'[200*] - אז עס איז דא דער יו"ד וואס איז אין אנהויב שם הוי' און דער יו"ד וואס איז בסוף שם אד' (וואס (דער יו"ד שבסוף שם אד' ווערט נמשך פון דעם יו"ד שבהתחלת שם הוי', און) דער יו"ד שלמטה (פון שם אד') און יו"ד שלמעלה (פון שם הוי')

- זיינען -

-------------

196) לקו"ש ח"ג ע' 927. וראה תו"א תשא (הוספות) קיב, א ואילך. אוה"ת תשא ע' א'תתקז ואילך. 197) או"ת מה, ד ואילך. הובאה ונתבארה באוה"ה להלים (יהל אור) ס"ע שנז ואילך. בהעלותך ע' שסח. המשך הער"ב פשפ"ד ואילך (ח"ב ע' תשצ ואילך). ובנדו"ד - אוה"ת תשא ריש ע' א'תתקח. א'תתמח. 198) בהעלותך י, ב. 199) שהש"ר פ"ה, ב (ב). 200) אוה"ת שם ע' א'תתמז ואילך. 200*) אוה"ת שם ע' א'תתקט.

זיינען פארבונדן זב"ז[200**] (וואס די צוויי יודי"ן ווייזן אויף יראה עילאה און יראה התאה[201], וואס יראה התאה ווערט נמשך פון יראה עילאה און זיי זיינען פארבונדן זב"ז) - און צווישן זיי שטייען די אלע ענינים שבינתיים אין אן אופן פון א דבר אחד].

און די הוראה פון "מחצית השקל" איז - אז א איד דארף זיך באטראכטן אז ער איז נאר א כחצית, און ער דארף אנקומען צו דעם צווייטן מחצית, צו דעם אויבערשטן.

סב. דער צווייטער פירוש אין דעם צווייטן מחצית איז[202] - אז דאס גייט אויף א צווייטן אידן, און די הוראה פון "מחצית השקל" איז, אז ער קען ניט אויסקומען אן דעם צווייטן אידן, און ער מוז זיך צוזאמענקומען מיט אים - ווארום אליין איז ער מערניט ווי א מחצית,

און ער קומט זיך צוזאמען מיט נאך א אידן, און מיט אלע אידן, אין אן אופן פון מוסרו "יפה יפה".

און אויך נאך דעם וואס ער גיט דעם "מחצית השקל" בלייבט ער א מחצית, און דער אנדער איד, אלע אידן, זיינען ווי א צוויי מחצית - ווארום ער איז "קבוע", און "קבוע לא בטיל"[203], בלייבט ער אויך דאן א מחצית.

און דער עיקר שבדבר איז, אז ער באטראכט זיך אז ער איז נאר א מחצית, און אז ער דארף אנקומען צו נאך א אידן און צו אלע אידן, און - ער פארבינדט זיך טאקע בפועל, מיט נאך א אידן און מיט אלע אידן, מוסרו "יפה יפה", וואס דוקא דעמולט ווערט ער א גאנצער שקל.

סג. דער ענין איז אויך מודגש אין דיוק לשון המשנה "משמיעין על השקלים":

לכאורה איז ניט פארשטאנדיק: וואס זאגט די משנה "משמיעין על השקלים", גאנצע שקלים - מען גיט דאך נאר א "מחצית השקל"?!

ואדרבה - מען טאר ניט געבן מער ווי א מחצית, "העשיר לא ירבה"[204], ביז עס זיינען דא די וואס רעכענען "העשיר לא ירבה" אין מנין הלאוין[205], אז אויב מ׳איז מרבה און מ׳גיט (לדוגמא) א שקל שלם - איז מען עובר בלאו,

- און -

------------

**200) אוה"ת שלח ע׳ תעז. 201) אוה"ת תשא שם.
202) ראה גם שיחת מוצאי ש"פ משפטים, פ׳ שקלים תשל"ט סי"ג.
203) ראה פסחים ט, ב. כתובות טו, א. חולין צה, א. טושו"ע יו"ד סק"י ס"ב. 204) תשא ל, טו. 205) ראה ביאור הר"י פערלא לסהמ"צ להרס"ג מע׳ כ.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

און ווי מ'לערנט נאר, אפילו אויב מ'לערנט אז דאס איז ניט במנין הלאוין - איז אבער עכ"פ דא אין דעם אן איסור: עס איז היפך התורה צו געבן א שקל שלם - איז וואס זאגט דא די משנה "משמיעין על השקלים", גאנצע שקלים?

און נאכמער: די משנה זאגט ניט נאר א גאנצער שקל, לשון יחיד, נאר "שקלים" - לשון רבים!

נאר דער ביאור אין דעם איז - אז די משנה איז דא מדגיש די הוראה הנ"ל - אז א "מחצית השקל" איז נאר א האלבע זאך, און די שלימות שבדבר איז - בשעת דער "מחצית השקל" קומט זיך צונויף מיט נאך א "מחצית השקל", עס ווערט א גאנצער שקל, און ביז - אז ער קומט זיך צונויף מיט "שקלים" לשון רבים, וואס דוקא דעמולט איז די שלימות שבדבר.

און דורך דעם, ווען מ'האט אט-די שלימות - קויפט מען קרבנות ציבור, וואס די קרבנות ציבור זיינען מכפר על כל ישראל, וואס מיט איין מחצית השקל אליין קען מען זיי ניט קויפן,

ד.ה. אז בכדי אויפצוטאן א כפרה פאר כל ישראל - מוז מען זיך דוקא מצרף זיין מיט נאך אידן.

וואס דער ענין פון א קרבן איז - אז אין אמת'ן וואלטן די ענינים וואס מ'טוט מיטן קרבן געדארפט געטאן ווערן מיטן אדם - נאר דער אויבערשטער בחסדו האט דאס פארביטן אז מ'זאל דאס טאן מיט דעם קרבן[206].

סד. וואס מהאמור לעיל איז פארשטאנדיק, אז די כללות ההוראה פון "מחצית השקל" איז - אז א איד דארף זיך באטראכטן אז ער איז נאר א "מחצית השקל", אז אן דעם עזר פון דעם אויבערשטן איז ער א האלבע זאך, און אן א צווייטן אידן איז ער א האלבע זאך, און ער דארף אנקומען צו נאך א אידן, און אויך (דורך דעם, וואס ער איז זיך מייחד מיט נאך א אידן) - צו דעם עזר פון דעם אויבערשטן, וואס דוקא דעמולט איז ער א שקל שלם.

און דעמולט זאגט מען אויף דעם[207] "שקל הקודש", אז עס איז "קודש", וואס דאס גייט אויף יעדער אידן, כולל אויך דעם וואס "ישראל - אע"פ שחטא ישראל הוא"[208] - וואס יעדערער פון זיי איז א חלק פון "ממלכת כהנים וגוי קדוש"[209].

סה. דער ענין הנ"ל פון אחדות צווישן אידן - איז בהדגשה

- מיוחדת -

---

206) ראה רמב"ן עה"פ ויקרא א, ט. 207) תשא שם, יג. 208) סנהדרין מד, רע"א. 209) יתרו יט, ו.

מיוחדת בשנת הקהל.

ובהמשך לזה - איז כאן המקום צו דערמאנען וועגן דעם כינוס (דעם "הקהל") וואס האט זיך אנגעהויבן פאר שבת, און איז בשבת, און וועט זיין אויך לאחרי השבת, וואס די מטרה פון דעם כינוס איז - אז "איש את רעהו יעזורו"[210] אין אלע ענינים פון תורה און מצוות און יראת שמים.

און עד"ז בנוגע צום צווייטן כינוס, דער "דינער" (צי ווי מ'זאל דאס אנרופן) וואס וועט זיין למחרת פון יום השבת, ביום שני (ווי מ'האט מכריז געווען נאך תפלת שחרית), וואס ער איז שייך צו דעם ענין פון חנוך הבנות אויף ווערן עקרת הבית, אויף צו אויפשטעלן בתים בישראל,

אז עס ווערט דער "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה"[211], אז מ'איז כובש, מ'נעמט איין, די לעצטע שיריים פון גלות.

זאל דער כינוס זיין בהצלחה, און מ'זאל מאכן החלטות טובות אויף צו מוסיף זיין אין עניני תורה ומצוות.

און דורך די אלע ענינים פון מעשינו ועבודתנו, ובפרט דורך דעם "הקהל", אויפטאן אז משיח זאל קומען "נאו" ובשמחה ובטוב לבב.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

* * *

סו. כאן המקום לבאר נאך אן ענין אויף וועלכן מ'האט זיך געשטעלט מיט שאלות וכו' אין די "הערות"[212] בקשר מיט ר' מענדעלע הארדאקער און זיין יחס מיטן אלטן רבי'ן און מיט דעם ענין הנשיאות וכו'.

וואס דער ביאור אין דערויף איז ע"ד ווי מ'האט גערעדט[213] בנוגע צום בית יוסף, אז אין מגיד מישרים[214] געפינט מען פארשידענע לשונות וועגן ביי אים וועט זיין "לאתוקדא" אויף קידוש השם: צי דאס וועט זיין נאך דעם וואס ער וועט מחבר זיין אייַן ספר זיינעם, צי נאך כמה ספרים, צי נאך אלע ספרים, אדער עס שטייט סתם אזוי (ניט ביחס צו חיבור ספריו),

האט מען מבאר געווען, אז ס'איז ח"ו צו זאגן בא צדיקים, כולל דעם ב"י, אז זיי זיינען כסדר געשטאנען בדרגת

- עבודתם -

------------

210) ל' הכתוב - ישעי' מא, ו. 211) בראשית א, כח. 212) הערות התמימים ואנ"ש (מאריסטאון) גליון כו (רא) אות ד. 213) בשיחת ש"פ תצוה ש.ז. 214) ראה בהנסמן בלקו"ש תצוה ש.ז. הע' 34.

עבודתם אויף איין ארט, נאר ס'איז א זיכערע זאך אז בא זיי זיינען כסדר געווען שינויים און עליות בדרגת עבודתם מדרגא לדרגא, און אויך דער "לאפשא לה"[215] אין לימוד התורה, ווארום אויב נים ווערט די שאלה היתכן - ס'איז דאך היפך דער ענין פון "מעלין בקודש"[216].

און די שינויים ועליות בדרגת עבודתם האט אויך כולל געווען דעם ענין, אז ביז עלי' ועלי' שטייט מען אין א דרגא פון נפילה וירידה לגבי דער דרגא שלמעלה מזה, כמבואר אין חינוך קטן[217].

ועד"ז זיינען בא דעם ב"י געווען כסדר שינויים און עליות בדרגת עבודתו, ווי ער איז געשטאנען קודם חיבור ספריו, אדער לאחרי זה וכו' (ע"ד ווי בא רבינו הקדוש איז פריער געווען א משנה ראשונה, און דערנאך א משנה שני'), ובהאם לזה זיינען געווען די פארשידענע בשורות ווען ער וועט זוכה זיין צו מס"נ על קידוש השם.

סז. ועד"ז איז אויך בנוגע צו דעם אלטן רבי'ן:

בא דעם אלטן רבי'ן זיינען זיכער געווען שינויים בדרגה עבודתו, און ס'איז א זיכערע זאך אז גלייך בהתחלה עבודתו איז ער נים געשטאנען אין דער דרגא צו וועלכע ער איז דערנאך צוגעקומען, נאר ער איז נתעלה געווארן מלמטה למ"ע מדרגא לדרגא וכו':

ס'איז ניטא קיין הכרח צו זאגן אז דער אלטער רבי האט נים געהאט קיין מלמד דרדקי, ובפרט אז אזוי שטייט בפירוש אין שיחות, צוזאמען מים שמו פון דעם מלמד, און פריער האט ער געהאט א מלמד וואס האט מיט אים געלערנט אל"ף-בי"ת, און דערנאך - חומש, און דערנאך - משנה און גמרא,

דערנאך האט ער מקבל געווען סמיכה, וואס סמיכה באקומט מען דוקא פון אנדערע, ווארום זיך אליין קען מען נים געבן קיין סמיכה, מ'מוז עס מקבל זיין פון איינעם וואס איז סמוך איש מפי איש ביז משה רבינו (ועד"ז איז אויך געווען בא כ"ק מו"ח אדמו"ר),

און אזוי איז ער נתעלה געווארן מדרגא לדרגא.

וע"ד ווי דאס איז געווען אין נגלה דתורה, עד"ז איז אויך אין פנימיות התורה, ווארום ס'איז ניטא קיין טעם צו זאגן אז ס'איז נים געווען אזוי בנוגע צו זיין לימוד פון

- פנימיות -

---

215) זח"א יב, ב. תו"א מקץ לס, ד. 216) ברכות כח, א. וש"נ. 217) הקדמה לשעהיוה"א (עו, א).

פנימיות התורה - נאר זיכער האט ער מקבל געווען פנימיות התורה פון אנדערע,

ווי מ'געפינט אז דער אלטער רבי האט מקבל געווען פנימיות התורה פון דעם איידעם פון בעש"ט[218] און פון ר' מיכל זלאטשעווער[219], ביז אז ס'איז דא א תורה (דער דרוש "יביאו לבוש מלכות"[220]) וואס איז מיוסד אויף א תורה וואס דער אלטער רבי האט געהערט פון דעם איידעם פון בעש"ט[221].

און וויבאלד אז דער אלטער רבי האט פון זיי מקבל געווען תורה - גייען זיי אריין אין דעם גדר פון רבו, ווארום אפילו אז איינער הערט פון א צווייטן בלויז איין ענין ווערט יענער אנגערופן רבו[222], ניט "רבו מובהק", אבער רבו, און אין דעם זיינען דא כמה דינים ווי זיין יחס מיט רבו דארף זיין[223].

סח. ועד"ז איז געווען בנוגע צו דעם אלטן רבי'ן און ר' מענדעלע הארדאקער - אז ס'איז געווען א זמן וואס דער אלטער רבי האט פון אים מקבל געווען תורה, און מצד דעם איז ער געווען בגדר פון רבו פון דעם אלטן רבי'ן.

דערנאך איז דער אלטער רבי נתעלה געווארן צו די דרגא פון א נשיא.

און דערפאר האט קיין שייכות ניט דאס וואס דער אלטער רבי האט מקבל געווען פון ר' מענדעלע הארדאקער צו דעם ענין פון די נשיאים, ועד"ז צו דעם וואס מ'זאגט אז ס'איז דא דער סדר ההשתלשלות פון די נשיאים, דער בעש"ט, און ממלא מקומו - דער מגיד, און ממלא מקומו - דער אלטער רבי וכו'; דאס זיינען צוויי באזונדערע ענינים.

סט. און אע"פ אז צווישן (דער הסתלקות פון) דעם מגיד מיט (התחלת הנשיאות פון) דעם אלטן רבי'ן האט געדויערט א משך זמן, וואס עפ"ז קומט לכאורה אויס אז אין יענעם זמן איז ר' מענדעלע הארדאקער געווען נשיא[224] -

איז אבער ידוע אז אע"פ וואס בכלל איז דער סדר (בנוגע צו נשיאי ישראל) אז "וזרח השמש ובא השמש"[225], עד שלא כבתה - שמשו -

------------

218) בית רבי ח"א פ"ב. ספר התולדות אדמו"ר הזקן ס"ע ל. 219) בית רבי שם (ובהע' ז שם). ספר התולדות שם ס"ע ל ואילך. 220) שבהו"א מג"א. 221) בית רבי שם (ובהע' ד שם). ספר התולדות שם ע' ל. 222) ראה אבות פ"ו מ"ג. 223) ראה רמב"ם הל' ת"ת פ"ה. טושו"ע יו"ד סרמ"ב. 224) בית רבי ספ"ד ורפ"ח. 225) קהלת א, ה.

שמשו של זה זרחה שמשו של זה[226], ד.ה. אז די נשיאות פון א נייעם נשיא הויבט זיך אן גלייך ווען עס ענדיקט זיך די נשיאות פון דעם נשיא שלפניו -

אעפ"כ, איז אמאל דער סדר אז צווישן זיי איז דא א הפסק זמן, און צווישן זיי איז דא אן אנדער עניין (כדלקמן).

וואס אזוי איז דאס געווען בנוגע צו דעם מגיד מיטן אלטן רבי׳ן; אבער בכל אופן האט דער השתלשלות הנשיאים קיין שייכות ניט מיט ר׳ מענדעלע האראדאקער.

ע. עס בלייבט נאך אבער די שאלה, אז ר׳ מענדעלע האראדאקער איז דאך געווען (אויך) א נשיא[227]?

איז דער ביאור אין דעם - ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו מלכים:

דער רמב"ם[228] איז מבאר, אז אין מלכות (און מלכים) זיינען דא צוויי אופנים: עס זיינען געווען די מלכי בית דוד, די מלכי יהודה, וואס בא זיי איז א מלכות נצחית, "הם העומדים לעולם"; אעפ"כ זיינען אבער אויך געווען מלכי ישראל פון שאר השבטים (ניט פון שבט יהודה), וואס אויך זיי האבן געהאט א דין מלך מיטן גאנצן תוקף, ביז זיי ווערן אויך אנגערופן "משיח ה׳" מיט די אלע טיטול׳ן, און אויך אויף זיי זאגט מען אז "אין על גביו אלא ה׳ אלקיו"[229], און זיי האבן געהאט די אלע מעלות און דינים אין הלכה הקשורים מיט א מלך (בנוגע צו הקרבת קרבנות וכיו"ב). ביז אז צווישן זיי איז אויך געווען א מלך כשר - הושע בן אלה[230].

אבער אעפ"כ זיינען דאס צוויי אינגאנצן באזונדערע סוגי מלכות: מלכות בית דוד איז א מלכות נצחית וואס איז קיים לעולמים, במילא איז דאס - א מלכות אמיתית, משא"כ שאר המלכיות (מלכות ישראל) וועט נפסק ווערן (אע"פ וואס בשעת מעשה איז דאס א מלכות בשלימות).

עא. וע"ד ווי דאס איז בנוגע צום ביהמ"ק: אע"פ וואס "כיון שנבנה המקדש בירושלים נאסרו כל המקומות כולן לבנות בהן בית לה׳ כו׳ ואין שם בית לדורי הדורות אלא בירושלים בלבד כו׳"[231] - אעפ"כ געפינט מען אז אויך נאך דעם וואס דער ביהמ"ק איז נבנה געווארן אין ירושלים איז געווען "בית חוניו" וואס ער האט געבויט אין ארץ מצרים[232] (ווי

- אנגעצייכנט -

------------

226) ראה יומא לח, ב. 227) ראה לקו"ש וארא-כ"ד טבת ש.ז. סי"ב ובהנסמן שם בהע׳ 70. 228) הל׳ מלכים פ"א ה"ז ואילך. 229) הוריות ח, רע"א. י, א. יא, ריש ע"ב. 230) מ"ב קאפיטל יז. וראה ירושלמי תענית פ"ד ה"ז. 231) רמב"ם הל׳ ביהב"ת פ"א ה"ג. 232) מנחות בסופה.

אנגעצייכנט אין דער שיחה פון היינטיקע וואך[233].

וואס אין נגלה איז אין דערויף דא א גאנצע שקו"ט[234]; אין חסידות אבער, אין א מאמר נפלא פון צ"צ (אין אוה"ת פ' חקת[235]), רעדט ער וועגן דעם בפשטות למעליותא, לויט די דעה[236] אז לשם שמים נתכוון, אז דאס איז געווען פונקט ווי דער ביהמ"ק, דער איינציקער חסרון וואס איז געווען אין דעם, איז - דער מקום וואו ער האט עס געבויט, אין מצרים. און ער איז דארטן מבאר ווי דאס איז מתאים און ווי דאס איז דער קיום היעוד פון ישעי' הנביא[237] - "ביום ההוא יהי' מזבח לה' בתוך ארץ מצרים" [וויבאלד אבער מ'האט דאס ניט געשריבן - האט מען ניט אפגעדרוקט אין דער הערה אין לקו"ש הנ"ל דעם בפירוש'ן אוה"ת].

וואס דערפון זעט מען אז עס קען זיין א ביהמ"ק מיט אלע פרטים, און דער איינציקער חסרון איז, אז ער איז לא במקומו, און פונדעסטוועגן ווערט ער אנגערופן <u>ביהמ"ק</u>.

לאידך גיסא איז אבער פארשטאנדיק אז דער ביהמ"ק אין ירושלים איז אין אן אנדער סוג לגמרי ווי א ביהמ"ק במקום אחר - ווארום "אין שם בית לדורי הדורות אלא בירושלים בלבד כו'" (כנ"ל), דאס איז אין אן אופן נצחי.

עב. ועד"ז איז אויך בנוגע צו דעם חילוק צווישן דעם אלטן רבי'ן (און שאר הנשיאים בהשתלשלות זו) מיט ר' מענדעלע האראדאקער (און שאר תלמידי המגיד) - אז אע"פ אז אויך ר' מענדעלע האראדאקער איז געווען א נשיא, איז אבער דאס פון אן אנדער סוג נשיאות לגמרי ווי די נשיאות פון דעם אלטן רבי'ן וכו'.

און ווי מ'זעט בפועל, אז נאך הסתלקות המגיד האבן זיך תלמידיו צוטיילט און זיך פאנאנדערגעשפרייט אין פארשידענע ערטער, "נהרא נהרא ופשטי'", וואס כל אחד האט געטאן אין יפוצו מעינותיך חוצה וכו' במקומו,

און יעדערער פון זיי איז געווען א נשיא במקומו,

לאידך גיסא אבער - איז "פּאַן טאַ פּאַן נאָ ניע מאָי, חלאָפּיעץ טאַ חלאָפּיעץ נאָ ניע טוואָי"[238] - ווארום די נשיאות פון דעם אלטן רבי'ן וכו' איז פון אן אנדער סוג נשיאות לגמרי ווי די נשיאות פון (שאר) תלמידי המגיד, כולל אויך ר' מענדעלע האראדאקער; דאס איז א חלק פון א באזונדערן סדר

- השתלשלות -

---

233) הע' 28. 234) מנחות שם. וראה אנציקלופדי' תלמודית בערכו. וש"נ. 235) ע' תתיב ואילך. 236) מנחות שם. 237) ישעי' יט, יט. וראה מנחות שם. 238) לקו"ד כרך א קמב, א.

השתלשלות פון נשיאים - דער בעש"ט, דער מעזריטשער מגיד, דער אלטער רבי, דער מיטעלער רבי, דער צ"צ, דער רבי מהר"ש, דער רבי (מוהרש"ב) נ"ע און כ"ק מו"ח אדמו"ר.

עג. מ'דארף נאך אבער פארשטיין: ס'איז דאך ידוע דער סיפור[239] בנוגע צו דעם מיטעלן רבי'ן און דעם צ"צ, אז מ'האט געזאגט אז א נשיא איז נאר איינער, וכלשון הידוע[240] "דבר אחד לדור ולא שני דברים לדור" - היינט ווי קען מען זאגן אז עס איז דא מער ווי איין נשיא אין א דור?!

איז די הסברה בזה - אז דעם ענין פון "דבר אחד לדור ולא שני דברים לדור" זאגט מען נאר בנוגע צו צוויי וואס געפינען זיך אין דעם זעלבן ענין, אין דער זעלבער גזע, פארבונדן מיט דער זעלבער תורה, די זעלבע תפלה, און דעם זעלבן אופן פון קיום המצוות וכו', ווי לדוגמא דער מיטעלער רבי און דער צ"צ, כנ"ל;

בשעת עס רעדט זיך אבער וועגן צוויי וואס געפינען זיך אין באזונדערע "מקומות", ווי די תלמידי המגיד לגבי דעם אלטן רבי'ן וכו' - קען זיין אז יעדערער במקומו ולפי ענינו וכו' זאל זיין א נשיא.

עד. בנוגע צו דעם וואס מ'פדעגט דארטן אין דער העדה, וועגן ד' מענדעלע הארדאקער, פאדוואס ער ווערט ניט גערעכנט צווישן די נשיאים וכו' אויב ער איז געווען א נשיא (ועד"ז וועגן ר' הלל פאריטשער) -

איז אנשטאט זוכן צו שפאלטן א האָר וכו', האט מען (געקענט פרעגן א "קלאץ קשיא" פון) א בפירוש'ן סיפור געדרוקט אין א רשימה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[241]:

"רבינו הבעש"ט נסתלק ביום חגה"ש דשנת תק"ך . . וחומ"י קיבל הרבנות בנו הרב ר' צבי, וכה ניהל הרבנות, והיו כל התלמידים בצוותא חדא. לתקופת השנה בחה"ש בעת עריכת השולחן, וישבו כל התלמידים אמר הרב ר' צבי היינט איז בא מיר גיווען דער טאטע און האט מיר גיזאגט, אז די שכינה און פמליא של מעלה מיט'ן גאנצן פעקל האט זיך אריבערגעטראגן צו אייך, ר' דובער (כוונתו אל המגיד ממעזריטש), ועמד ר' צבי ופשט את בגדו הלבן [איך ווייס ניט ווי עס הייסט דער בגד] ולבשו את הרב ר' דובער ממעזריטש, והרב המגיד ישב על כסא הרבנות מעת ההיא, ולא סרב כלל".

- וואס -

---

239) לקו"ש ח"ה ע' 373 ואילך. 240) סנהדרין ח, א. פרש"י עה"פ וילך לא, ז. 241) סה"ש תו"ש ע' 83 ואילך. וראה גם "התמים" חוברת ב ע' מו [עא, ב] ואילך.

וואס דערפון האט מען א בפירוש'ן סיפור אז צווישן דעם בעש"ט און דעם מגיד איז געווען דער נשיא בנו של הבעש"ט, ר' צבי, וכמובן פון דער רשימה, איז ער געווען דער נשיא בשלימות א גאנצן יאר צייט, און האט געהאט "די שכינה און פמליא של מעלה מיטן גאנצן פעקל" - האט מען פון דאנעט געדארפט פרעגן: פארוואס ווערט בנו של הבעש"ט ניט גערעכנט אין דער השתלשלות פון די נשיאים (צווישן דעם בעש"ט מיטן מגיד)?!

וואס די וואס זוכן הסברות אויף דעם - קענען זאגן אז ס'איז דא א חילוק צווישן "מעבר" און "התלבשות"[242], אדער א חילוק צווישן נשיאות לפי שעה און נשיאות באופן תמידי וכיו"ב; אבער אעפ"כ האט מען פון דאנעט א סיפור מפורש אז בנו של הבעש"ט איז געווען א נשיא צווישן דעם בעש"ט און דעם מגיד,

און אעפ"כ ווערט ער ניט גערעכנט אין דער השתלשלות פון די נשיאים.

עה. אין דער השתלשלות פון די נשיאים האלט מען דאך איצטער בא כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס שמו איז יצחק - (אותיות) ק"ץ ת"י[243], און יוסף, על שם "יוסף ה' לי בן אחר"[244], ווי דער צ"צ איז דאס מפרש[245], אז פון "אחר" מאכט ער אויך א "בן".

וואס אזוי איז אויך געווען די הנהגה פון דעם ערשטן נשיא חב"ד, דער אלטער רבי, צו מאכן בעלי תשובה כידוע[246], מאכן פון "אחר" א "בן";

און דערנאך האט כ"ק מו"ח אדמו"ר נאכמער פארברייטערט די עבודה פון מאכן פון "אחר" א "בן" - דורך דעם וואס ער האט געהייסן מעתיק זיין און איבערזעצן חסידות אויף שבעים לשון, בכדי אז דאס זאל קענען אנקומען לכאו"א.

עו. און דורך מעשינו ועבודתנו בכלל, ובמיוחד דורך די עבודה פון "יוסף ה' לי בן אחר" - טוט מען אויף אז עס זאל זיין דער "והקיצו ורננו שוכני עפר"[247].

ובפרט דורך מאכן א כינוס פון כו"כ אידן צוזאמען אויף אנעמען החלטות טובות בנוגע צו כל עניני תומ"צ - ווי דער

- כינוס -

------------

242) ראה בהנסמן בלקו"ש דברים תשל"ז הע' 27.
243) עיין ל"ת להאריז"ל פ' וירא. ע"ת של"א פ"ג.
244) ויצא ל, כד. 245) באוה"ת ויצא עה"פ רכ, א. ויחי ע' שפה. 246) ראה סה"ש תו"ש ע' 86. לקו"ד כרך ד תשנה, ב.
247) ישעי' כו, יט.

כינוס וואס האט זיך אנגעהויבן בערב שבת זו און המשכו איז ביום השבת און סיומו וועט זיין במוצאי שבת;

און אזוי אויך דער כינוס וואס וועט זיין נאך שבת (ביום א׳) וואס איז פארבונדן מיט אויפשטעלן בתים בישראל, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך נשים ובנות בישראל, ובמיוחד דורך מקיים זיין "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה", וואס דורך דעריף שטעלן זיי אויף "בתי כהונה ולוי׳" און "בתי מלכות"[248].

און דאס הויבט זיך אן דורך דעם וואס מ׳קלייבט זיך צוזאמען בקשר מיט אנעמען החלטות טובות בנוגע צו די פעולות פון נשי ובנות ישראל, ובפרט אז דאס נעמט מען אן במעמד רבים ורבות, וואס דאס איז מוסיף נאכמער אין די החלטות, כמבואר אין קונטרס החלצו[249].

ובמיוחד אין דעם געביט פון חינוך הבנות, און ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האט זיך געקאכט אין חינוך הבנות, ווי שוין געדרוקט אין זיין שיחה הידועה[250] וועגן מעלת הנשים, וואס בא נדבת המשכן זיינען די נשים געקומען קודם להאנשים[251] וכו׳.

עז. און דורך מעשינו ועבודתנו איצטער בכלל, ובפרט דורך טאן אין דעם ענין פון "הקהל", צוזאמענקלייבן זיך צוזאמען, ובפרט אז נשים טוען דאס - ברענגט מען משיח "נאו",

ווארום "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות" - אזוי ווי אין דור פון מצרים איז "בשכר נשים צדקניות שהיו באותו הדור נגאלו ישראל ממצרים" - אזוי אויך דורך די נשים צדקניות שבדורנו זה - וואס זיכער זיינען אלע נשים, נשים צדקניות, ווארום "ועמך כולם צדיקים"[252], אלע אנשים און אלע נשים זיינען צדיקים - ווערט מען נגאל פון גלות זה האחרון,

בביאת משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

[נתן בקבוק משקה להר׳ כ.ב. קסטל עבור הכינוס דה"פגישה כו׳". ולהר׳ מ. ריבקין עבור הכינוס ד"ביה רבקה" (שיתקיים ביום א׳). (וחילק לכו"כ משקה ומזונות). ונתן חצי מהמזונות להר׳ ק. וחצי - להר׳ ר.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן

- זיכער - ׳

---

248) סוטה יא, ב. פרש"י עה"פ שמות א, כא. שמו"ר פ"א, יז. 249) פ"י. וראה גם שם פ"ז. 250) לנשי ובנות ישראל בעת ביקורו בריגא י"ב-כ אדר תרצ"ד (נדפס בקונטרס בפ"ע בווארשא, תרצ"ה. לקו"ד סוף כרך ג). 251) רמב"ן עה"פ ויקהל לה, כב. 252) ישעי׳ ס, כב.

נה                    - ש"פ פקודי, פ׳ שקלים -

זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו"].

—— * ——

בס"ד. שיחת ש"פ ויקרא, פ׳ זכור, ח׳ אדר שני ה׳השמ"א.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

א. ס׳איז דאך שבת פרשה זכור, און דערמיט איז אויך פארבונדן די התוועדות.

וואס דער ענין פון שבת פ׳ זכור איז - אז אין דעם שבת פאר פורים לייענט מען בתורה די פרשה פון "זכור את אשר עשה לך עמלק וגו׳"[1],

און מיט דער הדגשה אויף תיבת "לך" דוקא, אז דאס זאגט מען לכאו"א, ווארום הגם אז די פסוקים וואס מ׳לייענט (און מ׳לערנט און מ׳איז זיך אין זיי מתבונן) איז מען מעתיק פון תושב"כ, און "זאת התורה לא תהא מוחלפת"[2], וואס דאס זאגט מען אויף תורה בכלל. עאכו"כ אויף תושב"כ - ביחד עם זה איז אבער די תורה נצחית[3] בכל זמן ובכל מקום, ובמילא, אז אין תושב"כ שטייט "זכור את אשר עשה לך עמלק", גייט דאס אויף כאו"א בפרט, בכל זמן ובכל מקום.

ב. דאס וואס "זכור את אשר עשה לך עמלק" האט א שייכות צו כאו"א בפרט - איז עס אזוי בכל השנה כולה[4];

ס׳איז אבער פארשטאנדיק, אז דאס איז נאכמער בהדגשה אין דעם זמן ווען מ׳לייענט די פרשה בתורה, ברבים ובציבור און מיט א ברכה לפני׳ ולאחרי׳, אין שבת פ׳ זכור, ובפרט אז לדעת רוב הפוסקים (רובם ככולם)[5] איז קריאת פ׳ זכור א מצות עשה מן התורה (אין אלע פרטים, אדער אין רוב הפרטים וכו׳).

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק אז דאס גייט אריין אין דעם ווארט פון אלטן רבי׳ן[6] אז מ׳דארף לעבן מיט דער צייט, מיט דער פרשה אין תורה וואס מ׳לייענט אין דער

ווארום אע"פ אז די תורה פון אלטן רבי׳ן רעדט וועגן פ׳ השבוע, און פ׳ זכור איז ניט פ׳ השבוע - איז אבער דער טעם אויף דעם וואס מ׳דארף לעבן מיט דער צייט, מיט דער פרשה אין תורה וואס מ׳לייענט אין דער צייט, וואס מ׳לייענט אט-דעם ענין אין תורה אין אט-דער צייט, איז דאס א הוראה און גיט אריין חיות אין (דער עבודה פון) דער צייט -

- וואס -

------------

1) תצא כה, יז-יט. מגילה כט, א (במשנה). לא, א. רמב"ם הל׳ תפלה פי"ג ה"כ. טושו"ע או"ח סתרפ"ה ס"ב. 2) עיקר הט׳ מהי"ג עיקרים. וראה רמב"ם הל׳ יסוה"ת רפ"ט. הל׳ מלכים פי"א ה"ג. 3) הניא רפי"ד. 4) ראה לקו"ש תצא תשל"ו ס"א ובהערות שם. 5) ראה אנציקלופדי׳ תלמודית ע׳ ארבע פרשיות (א) ע׳ קסו. ע׳ זכירת מעשה עמלק ע׳ ריט ואילך. וש"נ. 6) "היום יום" ע׳ קא. סה"ש תש"ב ע׳ 29 ואילך.

וואס מהאי טעמא גופא (וואס אין פ׳ השבוע) איז דאס שייך אויך צו פ׳ זכור, וועלכע מ׳לייענט אין שבה פ׳ זכור [ובפרט אז דאס איז (לדעת רוב הפוסקים) א מ"ע מה"ה (כנ"ל)], אז אין דעם זמן וועז מ׳לייענט פ׳ זכור, "זכור את אשר עשה לך עמלק", זאל אין דעם זיין דער חיות און לעבן פון א אידן, ביז אז ער נעמט דערפון ארויס א הוראה אין מעשה בפועל.

ג. פון די עילויים און חידושים אין דעם וואס קריאת פרשת זכור איז א מ"ע מה"ת, איז, ווי דער עילוי און חידוש פון מצוות דאורייתא בכלל (לגבי מצוות דרבנן) - אז זיי האבן א שטארקערע פעולה אויף (און אין) וועלט; זיי טוען-אויף ניט נאר אין דעם גברא נאר אויך אין דער חפצא שבעולם, ניט נאר אין דעם אידן נאר אויך אין דעם מיט וואס דער איד איז מקיים די מצוה, ווי גערעדט כמ"פ (און שוין געדרוקט און איבערגעדרוקט[7]).

וואס דאס איז כולל (ניט נאר גברא און חפצא כפשוטו, דער מענטש און די וועלט, נאר) אויך דער חפצא שבגברא גופא, כידוע אז אין גברא גופא איז דא גברא שבגברא און חפצא שבגברא, און א מ"ע מה"ת טוט-אויף ניט נאר אין גברא שבגברא נאר אויך אין חפצא שבגברא,

ווי (לדוגמא) אין מצות תפילין [וואס "הוקשה כל התורה לתפילין"[8]]: א חלק פון מצות תפילין באשטייט אין דעם אז עס דארף זיין (די כוונה פון) לשעבד הלב והמוח[9] -

איז דא דער חלק הגברא (שבגברא) שבזה - דאס וואס דער גברא דארף אין דערויף טאן, אז ער איז מחליט און מקבל אויף זיך (נאך פאר קיום המצוה בפועל) צו מקיים זיין די מצוה פון לייגן תפילין און משעבד זיין לבו ומוחו, ביז אז ער טוט אזוי בפועל;

און דערנאך איז דא די חפצא (שבגברא) שבזה - אז עס ווערט א שינוי אין דעם לב ומוח עצמם.

ד.ה. אז אע"פ אז אויך איידער ער האט געלייגט די תפילין און משעבד געווען לבו ומוחו איז ער געווען פון "מאמינים בני מאמינים"[10], און ביי אים איז אויך פריער געווען קבלת עול, ובפרט לויט מאמר כ"ק מו"ח אדמו"ר[11] אז א חסיד איז א קבלת-עול׳ניק - אעפ"כ, ווען ער לייגט די תפילין איז ער משעבד לבו ומוחו ביז אז אין זיי ווערט א

------------ - הוספה -

7) לקו"ש השבועי ס"ה. וש"נ. 8) קידושין לה, א. וש"נ. 9) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סכ"ה ס"ה (סי"א). וראה ב"ח כאן; לטואו"ח ס"ח, ר"ס תרכה. 10) שבת צז, א. 11) ראה סה"מ תש"ד ע׳ 5.

הוספה און א שינוי לגבי ווי זיי זיינען געווען לפני זה.

קומט דאך אויס, אז אין דעם קיום המצוה איז דא די פעולה פון דער מצוה אין גברא שבגברא - דער (חלק פון דער) מצוה וואס ער טוט; און אין חפצא שבגברא - דער שינוי און הוספה וואס ווערט אין דעם לב ומוח שלו.

ד. דאס איז אבער ניט דער אמת'ער ענין פון חפצא, ובמילא אויך ניט דער אמת'ער אויפטו וואס א מ"ע מה"ת פועל'ט אין א חפצא - ווארום דאס איז אלץ א חפצא שבגברא, א חלק פון א אידן;

דער אמת'ער ענין פון חפצא, איז - די חפצא פון עולם כפשוטו, און דער אמת'ער אויפטו וואס א מ"ע מה"ת פועל'ט אין חפצא איז - דער ענין פון מאכן א דירה לו ית' בתחתונים[12], אין דעם תחתון וואס אין תחתון למטה ממנו (בלשון התניא[13]),

וואס אויף דעם פאדערט זיך אז ער זאל ארויסגיין פון זיינע ד' אמות - אין וועלט און דארטן מאכן פון די דברים תחתונים אין וועלט א דירה לו ית'.

והביאור בזה:

די נשמה פון א אידן איז גבוה מעל גבוה - "נשמה שנתת בי טהורה היא", א "חלק אלוקה ממעל ממש"[14].

און דער גוף פון א אידן איז דאך טפל צו דער נשמה; די נשמה זיינע איז עיקר און דער גוף - טפל[15],

ווי דער פירוש פון טפל איז אין הלכה: אין הלכות שבת בנוגע צו דיני הוצאה [וואס דערמיט הויבט זיך אן גאנץ מסכת שבת], איז דא א דין[16] (געבראכט אין חסידות[17]), אז "המוציא אוכלין פחות מכשיעור בכלי פטור אף על הכלי שהכלי טפילה לו".

דאס הייסט אז כאטש א כלי און א דבר אוכל האבן ביידע א שיעור הוצאה, וואס בכדי צו עובר זיין אויף איסור הוצאה בשבת (מה"ת) און זיין חייב אויף די הוצאה דארף די הוצאה זיין מיט דעם שיעור -

בשעת ער נעמט אבער ארויס מרשות לרשות א כלי, ער נעמט זי אבער ניט אלס א דבר בפ"ע נאר אלס א כלי; ד.ה. אלס א

- כלי -

---

12) ראה תנחומא נשא טז. בחוקותי ג. במדב"ר פי"ג, ו. תניא פל"ו. 13) שם. 14) תניא רפ"ב. 15) ראה תניא רפל"ב. 16) שבת צג, ב (במשנה). רמב"ם הל' שבת פי"ח הכ"ה. 17) סה"מ תרע"א ס"ע קפד. תש"א ע' 19. תש"ב ע' 61.

כלי צו א צווייטע זאך, א דבר אוכל וואס ליגט בתוך הכלי, וואס דעמולט איז די כלי טפל צום אוכל - איז דאן קיין שום נפק"מ ווי גרויס ס'איז דער שיעור פון דער כלי, צי עס איז א שיעור הוצאה אדער ניט; אויב נאר דער אוכל איז פחות מכשיעור - איז דער מוציא פטור אויך אויף דער כלי.

ועד"ז איז עס אויך בנוגע צו דעם גוף פון א אידן וואס איז טפל צו דער נשמה.

ובמילא איז פארשטאנדיק אז שלימות הענין פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים איז ניט אין גוף האדם, ווארום דער גוף איז דאך טפל צו דער נשמה - נאר די שלימות איז דוקא ווען ער גייט ארויס חוץ פון די ד' אמות שלו - אין וועלט, אין דעם תחתון שאין תחתון למטה ממנו און מאכט דארטן א דירה לו ית' בתחתונים (וכדלקמן).

ה. דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דער הוראה וואס מ'נעמט ארויס פון קריאת פ' זכור (בשבת זו), וואס איז א מ"ע מה"ת - אז דערפון דארף ארויסקומען א פעולה וואס זאל פועל'ן אין דער חפצא פון עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו, אויף דארטן מאכן א דירה לו ית'.

איז דאך פארשטאנדיק דער זכות, און צוזאמען דערמיט - די אחריות, וואס ליגט אויף יעדן איינעם צו טאן אין דעם.

ו. ועד"ז אויך בנוגע צו דער התוועדות וואס קומט בקשר מיט שבת פ' זכור, כנ"ל (און קומט בהמשך צו קריאת התורה, אויך די קריאה פון פ' זכור) - אז עיקר כוונתה פון א התוועדות איז, ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט - בכדי אז דערפון זאל ארויסקומען "טאפארו דא פלאחו"[18], אויף אויפטאן אין דער חפצא,

אנהויבנדיק פון אויפטאן אין דעם ענין פון אהבת ישראל און קירוב איש אל רעהו, "איש את רעהו יעזרו"[19], וואס כל ישראל חברים הם[20], וכתורת אדה"ז, אז דערפאר איז דאס וואס עס קען אויפטאן א חסידישער פארברענגען קען מלאך מיכאל ניט אויפטאן, ווי שוין געדרוקט דער לשון בדיוק[21].

ז. וואס דער כללות הענין בזה איז - אז מ'זאל אויך ארויס גיין פון זיך, פון די אייגענע ד' אמות וכו', און

- גיין -

------------

18) ספר התולדות אדמו"ר מהר"ש (לכ"ק אדמו"ר שליט"א) ע' 69. סה"ש תש"ד ע' 104. 19) ישעי' מא, ו. 20) ראה ספר שופטים כ, יא. חגיגה כו, א. אגה"ק סו"ס כב. 21) קובץ מכתבים לתהלים (אהל יו"ט) ע' 199.

גיין אין וועלט, אין דעם התחון שאין תחתון למטה ממנו, און דארפן אויפטאן אז די חפצא פון די תחתונים זאל ווערן א דירה לו ית׳.

ער דארף פועל זיין אז די וועלט, "תחתונים", זאל ווערן בטל וטפל צו אלקות, צו "לו ית׳", ע"ד ווי די כלי איז בטל וטפל צו דעם אוכל שבתוכו (כנ"ל ס"ד), און נאכמער (בעניננו) כמובן בפשטות - וויבאלד אז דאס איז א "דירה לו ית׳" (לעצמותו) און דאס איז "בתחתונים", אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו.

ח. וכידוע אז שלימות פון לעשות לו ית׳ דירה בתחתונים, ובמילא אויך פון דער עבודה דאס אויפצוטאן, באשטייט פון צוויי ענינים[22] - אז דאס ווערט א דירה "לו ית׳", און אז דאס איז "בתחתונים":

אז דאס ווערט אויפגעטאן דוקא אין "תחתונים", אין תהתון שאין תחתון למטה ממנו;

און צוזאמען דערמיט דארף עס ווערן א "דירה לו ית׳", א דירה לעצמותו, כידוע[23] אז אין א דירה איז דער דר בתוכו דר שם מיט כל ענייניו ביז מיט זיין עצמות ומהות, און בגלוי.

און ווי דאס איז ביי א מלך:

א מלך קען מקבל זיין בני מדינתו בכמה אופנים: ער קען ארויסגיין צו זיי בשדה און זיי דארטן מקבל זיין, אדער בעיר הבירה, צי בהיכל מלכותו. אבער דעמולט דארף זיין "מלך ביפיו תחזינה עיניך"[24], ער דארף זיין אנגעטאן אין אלע בגדי מלכות, ביז מיטן כתר על ראשו, און "אין רואין אותו כשהוא ערום"[25];

משא"כ אבער ווען דער מלך געפינט זיך בדירתו, שטייט ער דארטן אָן קיינע בגדים און לבושים, און דארטן נעמט מען דעם מלך באופן פון "לא יכנף עוד מוריך"[26],

כמבואר אין ספר תניא קדישא[27], אז אזוי וועט זיין די שלימות פון דירה לו ית׳ בתחתונים לע"ל, אז מ׳וועט זעהן ווי עצמוה ומהות איז דר בהתחונים ובגלוי - "לא יכנף עוד מוריך", "שלא יתכסה ממך בכנף ולבוש".

- ס. -

---

22) דאה לקו"ש חי"ד ע׳ 387 בהערה. חט"ז ע׳ 440-441 ובהערות שם. 23) אוה"ת ע׳ תתקצז. המשך תרס"ו ס"ע ג. סה"מ תרע"ח ריש ע׳ קצג. 24) ישעי׳ לג, יז. ודאה דמב"ם הל׳ מלכים פ"ב ה"ה. 25) סנהדרין כב, א (במשנה). רמב"ם שם ה"ג. 26) ישעי׳ ל, כ. 27) פל"ו (מו, א).

ט. אלע גילויים און ענינים פון לע"ל, ביז די העכסטע ענינים, ביז דער ענין פון "לא יכנף עוד מוריך", איז אלץ תלוי במעשינו ועבודתנו אין די שיתא אלפי שני דהוי עלמא[28] בכלל, ובפרט אין דרא דעקבהא דמשיחא[29] -

איז פארשטאנדיק, אז אויך במעשינו ועבודתנו איצטער דארף זיין מעין הענין פון א דירה לו ית׳ בתחתונים (בשלימותו ווי עס וועט זיין לע"ל), אין ביידע ענינים - אז דאס איז א "דירה לו ית׳", "לו" לעצמותו, און אז דאס איז "בתחתונים":

א איד דארף טאן מיט "תחתונים", ביז מיטן תחתון שאין תחתון למטה ממנו. ער טאר זיך ניט מסתפק זיין טאן נאר מיט זיין נשמה, אדער נאר מיט זיין נה"א און נה"ב, אדער אפילו נאר מיט זיין גוף, ווארום אויך זיין גוף איז א גוף קדוש[30], און ח"ו זאגן אויף אים "תחתון שאין תחתון למטה ממנו" - נאר ער דארף ארויסגיין פון זיינע אייגענע ד׳ אמות און טאן מיט תחתונים כפשוטם, דער תחתון שאין תחתון למטה ממנו, און מאכן דארטן א דירה לו ית׳.

ד.ה. אז בשעת ער גייט ארויס אין וועלט איז די כוונה בזה, ניט נאר אז עס זאל זיך הערן אז ער (דער גברא) איז געגאנגען טאן, נאר אויך - אז אין די "__תחתונים__" עצמם, אין דער חפצא, ווערט אויפגעטאן אז זיי ווערן א דירה לו ית׳ - עס דארף זיין א דירה __בתחתונים__.

און דאס דארף ער טאן ניט בלויז מיט זיינע כחות מקיפים אדער מיט זיינע כחות פנימיים אדער מיט זיינע לבושים, מחשבה דיבור ומעשה - נאר מיט כל עצמותו ומהותו, און מיט דעם גאנצן שטורעם וכו׳, וואס דעמולט טוט עד דאס אויף למעלה מכל מדוה"ג (וויבאלד אז דאס איז ניט פארבונדן מיט די מדוה"ג פון כחות ולבושים שלו).

י. און דעם כח דערצו (צו טאן מיט כל עצמותו ומהותו) האט ער - דערפון וואס ער גייט טאן אין וועלט, אין דעם תחתון שאין תחתון למטה ממנו, אלס שליח פון עצמות ומהות, וואס "גילה סודו אל עבדיו הנביאים"[31], דורך כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, און "שלוחו של אדם כמותו"[32], ביז "כמותו דהמשלח __ממש__", ווי ער איז מוסיף אין לקו"ת בפרשתנו[33],

- ע"ד ווי אין תניא[34] אויפן לשון הכתוב[35] "חלק אלוקה

- ממעל" -

---

28) ר"ה לא, א. 29) תניא רפל"ז. 30) ראה שו"ע אדה"ז או"ח מהדו"ב סוס"ד. 31) עמוס ג, ז. 32) ברכות לד, ב (במשנה). וש"נ. 33) א, ג. 34) רפ"ב. 35) איוב לא, ב.

ממעל" איז דער אלסער רבי מוכיח - דעם ווארט "ממש" -

במילא איז פונקט ווי ער גייט אויפטאן א דירה לו לעצמותו, און גייט בשליחותו - טוט ער עס מיט כל עצמותו.

און צוזאמען דערמיט דארף ער אויך טאן אין דעם צווייטן ענין, אין מאכן א דירה לו ית' בתחתונים (כנ"ל) - אז ער גייט ארויס אין וועלט און האט צוטאן מיט דעם תחתון שאין תחתון למטה ממנו, סיי צווישן אידן, אז ער טוט אויך מיט א איד וואס איז דוכט זיך, אדער די מציאות איז טאקע אזוי, אז יענער איד איז צווישן אידן א תחתון שאין תחתון למטה ממנו, און סיי מיט דעם תחתון שאין תחתון למטה ממנו אין וועלט.

און ער דארף געבן יענעם אידן (וואס איז א תחתון שאין תחתון למטה ממנו) ניט נאר רזין דרזין דאורייתא, און רזין דאורייתא וכו', נאר אויך מצוות וואס צווישן מצוות גופא זיינען זיי בבחי' תחתון שאין תחתון למטה ממנו,

ווי די מצוות וואס מ'זאגט אויף זיי[36] "אלמלא לא ניתנה תורה ("ח"ו" - ווי דער רבי נ"ע פלעגט צוגעבן, כמסופר פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[37]) היינו למדין צניעות מחתול וגזל מנמלה כו'", ווי עס שטייט[38] "מלפנו מבהמות הארץ ומעוף השמים יחכמנו",

וואס א חתול איז דאך א חי' טמאה, און א נמלה איז א שרץ, און דערצו נאך א שרץ טמא [א חגב איז א שרץ (וואס קען זיין) טהור, אבער א נמלה איז א שרץ טמא] -

איז אויך אזעלכע מצוות, וואס אלמלא לא ניתנה תורה (ח"ו) וואלט מען זיי אפגעלערנט פון א חתול און א נמלה כו', מצוות וואס זיינען איינגעשטעלט און נחלבש געווארן אין א חתול און אין א נמלה וכו', וואס דאס באווייזט אז צווישן מצוות גופא זיינען די מצווה תחתון שאין תחתון למטה ממנו - דארף מען געבן צו די אידן.

און דער עיקר איז, אז ניט נאר אז מ'הערט וואס מ'רעדט און מ'פארשטייט דאס און עס לייגט זיך, נאר - מ'דארף טאן בפועל ממש.

יא. וואס באופן הנ"ל דארף זיין דער כללות'דיקער צוגאנג אין דער עבודה פון מאכן א דירה לו ית' בתחתונים - אין כללות התורה והמצוות;

ס'איז אבער פארשטאנדיק, אז אין א זמן ווען ס'איז

- במיוחד -

------------

36) עירובין ק, סע"ב. 37) לקו"ש ח"ג ע' 890 הע' 12.
38) איוב לה, יא.

 הנחת הת' בלתי מוגה

במיוחד נוגע צו מקיים זיין געוויסע מצוות, דארף זיין א הדגשה מיוחדת אין דער השתדלות בנוגע צו די מצוות.

וואס בנוגע לעניננו איז דאס - וואס פון דעם שבת איז מיני׳ מתברכין כולהו יומין פון שבוע הבא[39], ובשבוע זה - במיוחד יום הפורים.

און ס׳איז פארשטאנדיק אז בשעת מ׳זאגט אז דאס איז מברך, מיינט דאס ניט בלויז א ברכה בדיבור, נאר אז עס ווערט נמשך א ברכה והמשכה, מלשון "המבריך את הגפן"[40], אין אלע ענינים פארבונדן מיט פורים.

וואס דאס גיט אויך אדויס די הוראה לכאו"א, אז אין דעם שבת דארף מען אנעמען החלטות בחוזק מיוחד אין טאן אין אלע הכנות צו פורים, סיי בנוגע צו זיך און סיי בנוגע צו אנדערע אידן.

יב. אנהויבנדיק פון טאן אין דעם מיט אהבת ישראל, וואס דאס האט א קשר מיוחד מיט פורים, ווי די מבארי טעמי המצוות[41] זיינען מבאר אז דער טעם פאר משלוח מנוה און מתנות לאביונים בפורים איז - דער ענין פון אהבת ישראל,

אויף מבטל זיין די טענה פון המן[42] "ישנו עם אחד מפוזר ומפורד" - טוט מען אין אהבת ישראל, צו מדגיש זיין אז ס׳איז נישא קיין מחלוקת, און אפילו ניט קיין פיזוד ופירוד, נאר אידן זיינען אן "עם אחד", אחדות אמיתית, און א "גוי אחד בארץ"[43], אז יעדער איד איז זיך מקשר מיט אלע אנדערע אידן, און די אחדות איז מען ממשיך "בארץ", אין ענינים ארציים, עניני הרשות[44].

און "מצוה גוררת מצוה"[45], און מבצע גורר מבצע - פון מבצע אהבת ישראל קומט מען צו מבצע חינוך, און צו שאר המבצעים, ובמיוחד די מבצעים וואס זיינען פארבונדן מיט פורים, מיט "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר"[46], "אודה זו תורה", "ויקר אלו תפילין"[47], "מבצע תורה" און "מבצע תפילין",

און די אנדערע מבצעים - "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳",

און די דריי מבצעים וועלכע זיינען אפגעגעבן געווארן

- במיוחד -

------------

39) ראה זח"ב סג, ב. פח, א. 40) משנה כלאים דפ"ז. תו"א מקץ לז, ג. 41) מנות הלוי למג"א ד, טז. 42) אסתר ג, ח. 43) ש"ב ז, כג. 44) ראה תו"א וישב כז, סע"ד. ויקהל פז, סע"ג. 45) אבות פ"ד מ"ב. 46) אסתר ח, טז. 47) מגילה טז, ב.

במיוחד צו נשים ובנות - "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש" און "מבצע טהרת המשפחה".

וואס פורים האט א שייכות מיוחדת מיט נשים ובנות - ווי מ׳זעט אז די מגילה (פון פורים) ווערט אנגערופן ניט "מגילת מרדכי", און ניט "מגילת מרדכי ואסתר" אדער אפילו ניט "מגילת אסתר ומרדכי" - נאר דוקא "מגילת אסתר" (אליין), וואס שמו אשר יקראו לו בלה"ק באווייזט אויף דער נשמה און דער עיקר און פנימיות פון דער זאך[48] - קומט אויס אז די נשמה און עיקר און פנימיות פון דער מגילה און פון פורים איז פארבונדן מיט אן אשה, אסתר.

יג. וואס דאס איז די הוראה כללית וואס מ׳נעמט ארויס פון דעם שבת פאר פורים - אז מ׳זאל טאן וואס מערער אין צוגרייטן דעם "הכן כולכם"[49] בא יעדן אידן און ביי אלע אידן צו דעם פורים הבא עלינו מיט אלע ענינים הקשורים בזה.

און טאן דאס אין אן אופן פון אהבת ישראל - אריינציען וואס מערער אידן, ווי ס׳איז מודגש אין פורים אז עס דארף זיין "משפחה ומשפחה וגו׳"[50], אז אלע אידן זאלן שטיין אין אן אחדות אמיתית, א "גוי אחד בארץ", ווי גערעדט פריער.

ובפרט אז שנה זו איז א שנת הקהל - איז דאס נאכמער מדגיש דעם ענין פון אחדות צווישן אידן, עס זאל זיין דער "הקהל את העם האנשים והנשים והטף וגרך אשר בשעריך"[51].

און טאן אין דעם אלעם כדבעי, וואס דאן האט מען די הבטחה[52] אז "יגעתי ומצאתי תאמין", ביז אז מ׳באקומט אין אן אופן פון "מציאה", שלא בערך מערער ווי די יגיעה וואס מ׳האט אין דעם אריינגעלייגט, כמדובר כמה פעמים[53].

יד. און "כן תהי׳ לנו", ווי מ׳זאגט[54] אויף "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר", עס זאל אזוי זיין "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר" מיט אלע פירושי חז"ל שבזה, ועאכו"כ "אורה ושמחה וששון ויקר" כפשוטו, ווארום אין מקרא יוצא מידי פשוטו[55].

ביז עס ווערט דער "מסמך גאולה לגאולה"[56] צו דער גאולה האמיתית והשלימה, בביאת משיח צדקנו, אין אן אופן פון "הקהל גו׳ האנשים והנשים והטף וגרך אשר בשעריך", ובקרוב ממש.

* * *

- סז. -

---

48) דאה שעהיוה"א פ"א. 49) ל׳ כ"ק אדמו"ר הריי"ץ במכתבו - נדפס בסה"מ קונטרסים ח"ב שצז, ב. 50) אסתר ט, כח. 51) וילך לא, יב. 52) מגילה ו, ב. 53) לקו"ש ח"ד ע׳ 1165. חקת תשל"ו ס"ה. 54) בנוסח הבדלה. 55) שבת סג, א. וש"נ. 56) מגילה שם, סע"ב.

סו. בשנה זו קומט אוים שבת פ׳ זכור אין שבת פ׳ ויקרא - דארף אויך דערפון זיין א הוראה.

וואס אין פ׳ ויקרא זיינען דא א ריבוי ענינים - איז אבער כמדובר כמ"פ, דער תוכן פון דער גאנצער סדרה גיט זיך ארויס אין איר נאמען[57], "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" - "ויקרא".

ובמילא, איז אויך די הוראה פון רער גאנצער סדרה גיט זיך ארויס אין דעם ווארט "ויקרא".

און וויבאלד אז מ׳דארף האבן צוטאן אויך מיט אידן וואס זיינען אנשים פשוטים, ביז - מיט אידן וואס זיינען אין דער דרגא פון תחתון שאין תחתון למטה ממנו, כנ"ל, אידן וואס ווי עס ווייזט אויס (ארער ס׳איז טאקע אזוי) האבן זיי ניט קיין שום מעלה חוץ פון דעם וואס זיי זיינען "בריות" פון דעם אויבערשטן[58], און בלויז ווייל עס דארף זיין "אוהב את הבריות"[59] האט ער מיט זיי צוטאן - דארף די הוראה פון דעם נאמען פון פ׳ ויקרא זיין פארשטאנדיק בפשטות, אויך פאר די אידן.

סז. דער פשוט׳ער טייטש פון "ויקרא" איז - ער האט גערופן, אז איינער האט גערופן א צווייטן, וואס דאס איז גלייך מרגיש אז דער צווייטער (וועלכער ווערט גערופן) איז (שוין פון פריער, אידער וואס מ׳האט אים גערופן) א מציאות.

און דער אות אל"ף פון "ויקרא" איז אן אל"ף זעירא, וואס דאס מיינט בפשטות, אז אין דעם "ויקרא", אין דעם קורא, איז דא אן אל"ף זעירא, אן ענין פון זעירות (קטנות).

וואס לכאורה איז דער גאנצער ענין פון אן אל"ף זעירא (אין ויקרא) - א סתירה מיני׳ וביה׳ און לגמרי ניט פארשטאנדיק:

אות אל"ף איז דער <u>ראש</u> כל האותיות, און (אויך) דער נאמען פון דעם אות, "אל"ף", מיינט בפשטות אן ענין פון אלוף (ווי עס שטייט אויך אין ספרים), "<u>אלופו</u> של עולם"[60], אדער עכ"פ - אלוף סתם, אבער בכל אופן מיינט עס אן ענין פון <u>התנשאות</u> - היינט ווי זאגט מען דא אז אין ויקרא איז פאראן אן אל"ף <u>זעירא</u>, וואס "זעירא" איז פונקט דער היפך פון (דעם תוכן פון) "אל"ף"?!

בשלמא אויב מ׳וואלט געזאגט אז דער וא"ו, אדער די אנדערע אותיות פון "ויקרא" (חוץ פון דעם אל"ף), איז אן

- אות -

---

57) ראה לקו"ש ח"ה ע׳ 57-58. 58) ראה תניא פל"ב.
59) אבות פ"א מי"ב. תניא שם. 60) ראה לקו"ת תזריע כג, ג.

אות זעירא - וואלט עס געווען פארשטאנדיק; אבער זאגן אז דער אל"ף איז אן אות זעירא (און שאר האותיות אין דעם ווארט זיינען אותיות בינוניות) - איז א תמיהה מיני' ובי'!

יז. די קשיא ווערט נאך שטארקער ע"פ מדרשי חז"ל אויף "ויקרא":

חז"ל[61] זאגן אז "ויקרא" וואס שטייט דא בא משה'ן איז א לשון פון חיבה, דערפאר ווי עס שטייט מיט אן אל"ף צום סוף, אנדערש ווי בא בלעם וואו עס שטייט[62] "ויקר אלקים אל בלעם", "ויקר" אָן אן אל"ף, וואס דאס איז אן ענין פון טומאה.

וואס עפ"ז קומט אויס, אז דער אל"ף פון "ויקרא" (איז ניט נאר נאך אן אות בנוסף צו די אותיות שלפנ"ז - נאר) דורך אים ווערט אויפגעטאן אן ענין מן הקצה אל הקצה - אז עס ווערט "ויקרא", אן ענין פון חיבה, אנשטאט "ויקר", אן ענין פון טומאה,

און אין טומאה גופא - א טומאה וואס איז קשה פון שאר כל הטומאות, כמבואר אין תניא אין א הגה"ה[63], און אין טומאה גופא איז די טומאה פארבונדן מיט "ויקר", א החתון שאין החתון למטה ממנו, א טומאה וואס איז יוצאת מגופו וכו'[64].

וכמובן אויך דערפון וואס די משנה[65] זאגט, אז איינער פון די "עשרה נסים" וואס זיינען געווען אין ביהמ"ק, איז - אז "לא אירע קרי לכה"ג ביוהכ"פ".

וואס בנוגע צו אנדערע טומאות, אפילו בנוגע צו אבי אבות הטומאה, טומאת מת, איז דער כה"ג ניט באווארנט געווארן ביוהכ"פ, ואדרבה - מ'געפינט בפועל בב"מ[66] אז דער כה"ג, כהן גדול אויך במעלה, איז טמא געווארן ביוהכ"פ פון אנדערע טומאות, משא"כ בנוגע צו דער טומאה פארבונדן מיט "ויקר" איז געווען א נס וואס האט באווארנט אז דער כה"ג זאל דערפון ניט טמא ווערן.

אמת טאקע אז דאס איז געווען ע"י נס, עס האט אבער געקענט זיין א נס אויך בנוגע צו אנדערע טומאות, און אעפ"כ האט מען געפונען פאר נויטיג צו מאכן אזא נס נאר בנוגע צו דער טומאה, און ניט בנוגע צו שאר הטומאות, אפילו ניט טומאת מת, און ניט נאר אז ס'איז ניט געווען קיין נס, נאר עס האט געטראפן אז מ'איז בפועל נטמא געווארן.

קומט דאך אויס, אז דאס איז א טומאה וואס איז קשה פון שאר כל הטומאות (וואס דערפאר מוז מען באווארענען אז א כהן זאל אין דעם ניט טמא ווערן ביוהכ"פ).

- וואס -

---

61) פרש"י ריש פרשתנו. ויק"ר פ"א, יג. 62) בלק כג, ד. 63) ספ"ז. 64) ראה פרש"י ורע"ב לאבות פ"ה מ"ה. 65) אבות שם. 66) יומא כז, א.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער אל"ף פון "ויקרא" איז נאכמער ווי דער ענין פון "אור העולה על כולנה" וואס ווערט אויפגעטאן דורך יעדער אות און א ווארט[67], ווארום דער אל"ף טוט אויף אן ענין כן הקצה אל הקצה, ער מאכט אז פון "ויקר", א טומאה הכי קשה, זאל ווערן "ויקרא" -

איז לפי"ז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק, ווי זאגט מען דאס אז דער אל"ף איז אן אל"ף זעירא?!

יח. בקשר מיט דעם אל"ף זעירא פון "ויקרא" איז אויך דא דער סיפור דערציילט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[68], אז ווען דער צ"צ איז געווען א קינד פון דריי יאר אלט און מ'האט אים אריינ-געפירט אין חדר, האט דער אלטער רבי געהייסן אז דער מלמד זאל מיט אים לערנען די ערשטע פרשה פון ויקרא.

נאך דעם ווי דער מלמד האט אפגעלערנט די פרשה מיטן קינד, האט דער קינד געפרעגט בא דעם אלטן רבי'ן: פארוואס איז דער ווארט ויקרא מיט אן אל"ף זעירא?

דער אלטער רבי האט זיך פאר'דבק'ט א היפשע צייט, און נאך דעם האט ער אים געענטפערט אויף זיין שאלה, ווי עס ווערט דערציילט בפרטיות אין דעם סיפור, ווי שוין אויך געדרוקט.

וואס דער "בכן"[69] פון דעם אלטן רבי'נס ענטפער איז ניט פארשטאנדיק קלאר פון דעם סיפור; בסוף הסיפור[70] ווערט אבער דערציילט אז בהמשך צו דעם סיפור האט דער אלטער רבי געזאגט א מאמר[71], וואס דער מאמר איז שוין געדרוקט אין לקו"ת פרשתנו.

וואס עפ"ז י"ל בדא"פ אז דארטן קען מען האבן א הבנה אין די דברים קצרים בכמות וואס שטייען אין דעם סיפור.

יט. די הוראה פון "ויקרא" און דעם אל"ף זעירא שבו און פון דעם סיפור הנ"ל - וועט מען פארשטיין בהקדים כמה פרטים פון דעם ביאור וואס דער אלטער רבי האט מבאר געווען דעם צ"צ אויף זיין שאלה הנ"ל:

דעם אל"ף זעירא פון "ויקרא" האט דער אלטער רבי מקשר געווען מיט דרגת העבודה פון משה רבינו, וואס בנוגע צו

- אים -

------------

67) ראה שעהיוה"א פי"ב. וראה בארוכה ספר הערכים-חב"ד בערכו וש"נ. 68) סה"ש ה'ש"ת ע' 68. 69) ראה סה"מ קונטרסים ח"א קצה, סע"א ואילך. ה'ש"ת ע' יא. תש"א ע' 57. ובכ"מ. 70) סה"ש שם ע' 69. 71) ד"ה אדם כי יקריב.

אים שטייט "ויקרא" - "ויקרא אל משה", אז ביי אים איז געווען הכרת שפלות עצמו, "והאיש משה עניו מאד מכל האדם אשר על פני האדמה"[72], ער איז געווען אן עניו פאר יעדן מענטשן, און דערפאר שטייט ביי אים "ויקרא" מיט אן אל"ף זעירא.

און אין דעם ביאור דארטן איז ער דאס מקשר מיט דעם וואס אויף אדם הראשון, יציר כפיו של הקב"ה[73], שטייט "אדם" מיט אן אל"ף רבתי - אין דברי הימים[74], ניט אין תושב"כ (וואו עס שטייט "ויקרא אל משה").

[וואָרום בפרטיות גייט תורה שבכתב מערניט ווי אויף חומש, נאר במובן הרחב איז דאס כולל אויך נביאים וכתובים (כולל דברי הימים).

וואס דאס איז דער ביאור וואס אמאל געפינט מען אז תושב"כ מיינט נאר חומש, און אמאל אויך נביאים וכתובים - ווארום בשעת מ'רעדט בכללות, בניגוד צו תושבע"פ, איז אויך נביאים וכתובים - תושב"כ; בפרטיות אבער איז תושב"כ מערניט ווי חומש.

ווי די נפק"מ איז אויך בנוגע להלכה למעשה, אז אן ענין מן התורה איז דוקא ווען עס שטייט אין חומש, כמא"כ דאס וואס שטייט אין נביאים וכתובים איז אין דעם גדר פון "דברי קבלה"[75] און "דברי סופרים"[76]].

כ. והביאור בזה: א איד דארף דאך לעבן מיט דער צייט, מיט דער פרשת השבוע וואס מ'לערנט אין דער צייט, וואס בשבת זו איז דאס פ' ויקרא, וואס שמה פון כל הפרשה איז "ויקרא" מיט אן אל"ף זעירא - במילא דארף א איד ארויסנעמען א הוראה בעבודתו פון "ויקרא", וואס איז מיט אן אל"ף זעירא וכו':

יעדער איד האט א שליחות פון דעם אויבערשטן אז ביי אים זאל זיין "ויקרא" - ער דארף רופן צו אנדערע אז זיי זאלן טאן אין תומ"צ.

און אין דעם "ויקרא" איז דא אן אל"ף ("ויקרא"),

וואס אין דער עבודה הנ"ל מיינט דאס, אז אין דעם קורא (ניט אין וועמען ער איז קורא, נאר אין דעם קורא, וואס אויף אים גייט דער ווארט "ויקרא"), און אין דער עבודה פון "ויקרא", דארף זיין אן אל"ף, אז ער גייט טאן די עבודה פון "ויקרא", פון רופן נאך א אידן, בשליחות פון דעם

- אויבערשטן -

---

72) בהעלותך יב, ג. 73) ראה ב"ר פכ"ד, ה. קה"ר פ"ג, יא (ב). 74) א-א, א. 75) ראה אנציקלופדי' תלמודית בערכו. וש"נ. 76) ראה אנציקלופדי' תל' בערכו סוס"ב (ע' צד).

אויבערשטן, "אלופו של עולם", וואס איז כנגד דעם אל"ף פון ויקרא,

און וויבאלד אז "שלוחו של אדם (העליון[77]) כמותו (ממש)", וועדט אויך בא דעם קורא בעבודתו פון "ויקרא", אן אל"ף - אז ער איז ווי אן אלוף, ער האט התנשאות ותוקף וכו׳, ווארום ער איז "כמותו" און האט דעם כח ותוקף פון דעם משלח, "אלופו של עולם".

לאידך איז דער אל"ף, אן אל"ף זעירא - ווארום היות ער טוט דאס בשליחותו של הקב"ה ("אלופו של עולם") איז דאס גופא פועל׳ט אויף אים בדרך ממילא, אז ער מצ"ע איז ווי אן אל"ף זעירא - ער אליין איז אין אן אופן פון זעירא, בתכלית הביטול, ווארום ער גייט ניט מיט די אייגענע כחות, ער גייט נאר בשליחותו ובכחו של הקב"ה, "אלופו של עולם".

וואס דעמולט פאלט בדרך ממילא אפ די שאלה: וואס איז ער פאר א רופער, וואס איז ער פאר א זאגער, ובפרט אז ער ווייס דאך וואס ער איז, וועמען נארט ער אפ?!

ווארום ער גייט טאקע ניט בכח עצמו, ער אליין איז בטל במציאות, ער איז אן אל"ף זעירא, ער גייט נאר בשליחוהו ובכחו של הקב"ה, און דוקא דעמולט ווערט אויך ער ("כמותו" פון דעם משלח -) א מציאות וואס קען אויפטאן דעם "ויקרא", אז ער קען רופן אנדערע אידן צו תומ"צ וכו׳.

כא. ובדוגמא ווי ס׳איז געווען בא משה רבינו:

בנוגע צו משה׳ן שטייט דאך (כנ"ל) "והאיש משה עניו מאד מכל האדם אשר על פני האדמה. וואס לכאורה איז דאס ניט פארשטאנדיק: משה איז דאך "משה אמת"[78], האט ער זיכער גע-וואוסט זיינע מעלות, ועאכו"כ מעלתו העיקרית, אז "משה קיבל תורה מסיני"[79], און אז די תורה איז "נקראת על שמו" דערפאר וואס "מסר נפשו עלי׳"[80] - איז וואס הייסט אז "והאיש משה עניו מאד מכל האדם אשר על פני האדמה"?!

איז דער ביאור בזה (ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין דער תורה הנ"ל[81]), אז משה האט זיך פארמאסטן מיט יעדן מענטשן, און האט געטראכט אז אויב א צווייטער וואלט געהאט זיינע כחות און די גילויים און די השפעות ווי ער (משה) האט געהאט - וואלט יענער אויפגעטאן מערער ווי ער (משה) האט אויפגעטאן,

- און -

---

77) ראה לקו"ת פרשתנו א, ג. 78) ראה ב"ב עד, א. תנחומא קרח יא. וראה סנהדרין קיא, סע"א. 79) אבות רפ"א. 80) שמו"ר פ"ל, ד. וש"נ. 81) וראה גם סה"מ תש"י ע׳ 236.

און מצד דעם איז משה געווען "עניו מאד מכל האדם אשר על פני האדמה".

ד.ה. אז דאס גופא וואס מ׳האט געגעבן משה׳ן די אלע מעלות ועילויים, האט ביי אים ארויסגערופן און גורם געווען אז ער זאל זיין "עניו מאד מכל האדם אשר על פני האדמה".

ובדוגמא לזה דארף זיין בא יעדן אידן (ווען ער גייט טאן שליחות הנ"ל) - אז ער דארף זיין אין אן אופן פון אל"ף זעירא:

ס׳איז ניט דער פשט אז דער "אל"ף", דער ענין פון אלוף והתנשאות, איז איין ענין, און דער זעירא א צווייטער ענין - נאר דאס איז אן <u>אל"ף זעירא</u>;

דאס וואס ער איז אן "אל"ף", אן אלוף, אז ביי אים איז דא דער ענין ההתנשאוה מצד המעלות שלו - דאס גופא רופט ביי אים ארויס דעם ענין הביטול והענוה, זעירא.

ס׳איז ניט דער פשט אז אות אל"ף איז אן אות בינונית, און א צווייטער אות איז אן אות זעירא - נאר דער אל"ף גופא וואס ער איז אן "אל"ף" רופט ביי אים ארויס דעם ענין פון זעירא.

כב. וואס דאס איז כללות ההוראה בא יעדערן בעבודתו, אז ווען ער גייט ארויס אין דער שליחות צו טאן אין "ויקרא" איז דא אן אל"ף זעירא, ד.ה. אז זיין עבודה פון "ויקרא" דארף זיין אין אן אופן פון אן אל"ף (און פון) זעירא:

פון איין זייט דארף ער וויסן אז ער איז אן אל"ף - ער האט אין זיך דעם גאנצן תוקף ההתנשאות (אלוף), ווארום ער גייט בשליחותו ובכחו של הקב"ה, "אלופו של עולם", און שלוחו של אדם כמותו ממש,

ביז נאכמער - ער האט אין זיך דעם "אל"ף", דעם ניצוץ בורא וואס ווערט נהאחד מיט דעם ניצוץ נברא, בחי׳ יחיד וואס ווערט נהאחד מיט בה׳ יחידה[82], "יחידה לייחדך"[83], און דערמיט גייט ער אויפטאן דעם "ויקרא";

צוזאמען דערמיט אבער און לאידך: דאס גופא וואס ער איז ווי אן "אל"ף" און האט אין זיך דעם אל"ף - פועל׳ט אז ער זאל זיין (אן אל"ף) זעירא, ער זאל זיין בביטול בתכלית.

און דאס ברענגט דערנאך אז פון דעם אל"ף זעירא זאל ער

- ווערן -

---

82) ראה ע"ח שער דרושי אבי"ע פ"א, הובא בלקו"ה ראה כז, א. 83) פיוט הושענא. וראה סה"מ ה׳ש"ת ע׳ מא. תש"א ע׳ 150.

ווערן אן אל"ף רבתי, ווי דאס איז בא אדה"ר, יציר כפיו של הקב"ה, ווי עס שטייט אין דברי הימים אל"ף, קאפיטל אל"ף פסוק אל"ף;

וואס דאס שטייט ערשט אין דברי הימים, נאך פ׳ ויקרא (און פאר דה"י שטייט ניט אדם מיט אן אל"ף רבתי) - ווארום פריער דארף קומען דער ביטול וענוה (פון משה רבינו), דער אל"ף זעירא פון "ויקרא", און ערשט דערנאך (און דורך דעם) איז דא דער אל"ף רבתי (פון אדה"ר).

כג. די נקודה בנוגע לפועל מהאמור לעיל:

בא יעדערן דארף זיין די עבודה פון "ויקרא", ער דארף גיין רופן אנדערע אידן,

ביז אין אן אופן פון "ויקריא", ווי עס שטייט ביי אברהם אבינו[84] "ויקרא שם בשם ה׳ א-ל עולם", און רז"ל[85] זאגן "א"ת ויקרא אלא ויקריא",

און ווי חסידות[86] ברענגט דעם כלל[87] אז בכל מקום וואו עס שטייט "אל תקרי" איז די מיינונג אין דעם אז דאס איז א פירוש נוסף אויף דעם פשוט׳ן און ערשטן פירוש (און ניט אז דאס איז שולל דעם ערשטן פירוש),

[וואס דאס גופא איז צריך ביאור - דלכאורה איז דער כלל הנ"ל היפך פשטות הלשון פון "אל תקרי". און דאס איז היפך דעם כלל אין ש"ס, אז ווען עס שטייט "אלא" איז דאס אינגאנצן שולל דאס וואס שטייט פאר דערויף;

אעפ"כ זעט מען, אז אין דרושי חסידות ברענגט זיך דער כלל פון של"ה בפשטות, און מ׳איז אויף דעם מייסד כמה ענינים].

וואס עד"ז דארף זיין בא כאו"א - אז דער "ויקרא" דארף זיין אין אן אופן פון "ויקריא" - אז ניט נאר ער רופט א צווייטן אז ער זאל ווערן א שומר תומ"צ, נאר "ויקריא" - ער מאכט אז אויך יענער ווערט ער רופט, זאל רופן אנדערע, ער מאכט יענעם א טופח על מנת להטפיח, "נרות להאיר".

כד. און דאס טוט ער אויף דורך "ויקרא אל משה" - דורך רופן און מעורר זיין בחי׳ משה שבקרבו[88], אז ער זאל גיין טאן

- אין -

---

84) וירא כא, לג. 85) סוטה י, ע"ד, סע"א ואילך. פרש"י עה"פ. 86) סה"מ תש"ג ס"ע 141. ובכ"מ. וראה גם ד"ה באתי לגני תשי"א פ"ח. 87) וראה גם ס׳ הליכות אלי ס"ג. 88) ראה תניא פמ"ב. וראה לקו"ש ויקרא תש"מ סוס"י.

אין "דבר אל בני ישראל"[89],

און דאס איז א ציווי, ווי עס שטייט דערנאך "לאמר": דאס איז ניט קיין דבר של רשות, אז אויב ער <u>וויל</u> וועט ער דאס טאן און אויב ער וויל טאן א טובה, וועט ער דאס טאן בשלימות - נאר דאס איז א <u>ציווי</u>, ווי עס שטייט "לאמר", א ציווי אז ער זאל דאס איבערזאגן צו כל אחד ואחת מישראל.

און וועגן וואס דארף ער איבערזאגן - דארף דאס זיין אנהויבנדיק וועגן די קרבנות, "אדם כי יקריב מכם קרבן לה' גו'", אז ער גיט אפ חלבו ודמו, אבער ביחד עם זה - איז קרבן דער ענין פון קירוב כל הכחות[90], ביז אז עס ווערט א קירוב צו רזא דא"כ[91], ווי עס שטייט אין די דרושי ההילולא[92].

און דורך דעם קרבן ווערט "ונרצה לו לכפר עליו"[93], ביז אז דורך דערויף ווערט "ריח ניחוח לה'"[94], "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני"[95], וכמבואר אין די מאמרים פון דעם רבי'ן מהר"ש[96] דער גודל העילוי פון דעם נחת רוח בורא, וואס איז באי"ע העכער פון נח"ר נברא.

און די שלימות פון די אלע ענינים ווערט אויפגעטאן ע"י מעשינו ועבודתינו איצטער, וואס דאס איילט נאכמער צו דעם "ושם נעשה לפניך את קרבנות חובותינו . . כמצות רצונך"[97] ווי עס וועט זיין בשלימות לע"ל, וואס דעמולט וועט זיין "משה עמהם"[98],

ובעגלא דידן.

* * *

כה. מאמר (כעין שיחה) ד"ה זכור את אשר עשה לך עמלק גו'.

* * *

כו. כרגיל אפצולערנען א פסוק פון פרשת השבוע מיט פירוש רש"י שעליו,

און וויבאלד אז מ'געפינט זיך אין דעם שבת פאר פורים, וואס "כיני' מתברכין כולהו יומין", ובמיוחד - דער טאג פון פורים האב איך געזוכט אן ענין אין פרש"י פון פרשתנו וואס האט א שייכות צו פורים - איז דא בפרשתנו אין דעם שיעור

- חומש -

---

89) פרשתנו א, ב. 90) ראה ספר הבהיר סמ"ו (קט). 91) ראה זהר"ג ה, א. 92) ד"ה באתי לגני ה'שי"ת פ"ב. וראה ג"כ ד"ה טעמה הש"ס פ"ב. 93) פרשתנו שם, ד. 94) שם, ט. 95) פרש"י עה"פ. וראה הו"כ עה"פ. 96) המשך וככה הרל"ז פי"ב ואילך. 97) נוסח תפלת מוסף. 98) יומא ה, ב. וראה גם הוד"ה אחד - פסחים קיד, ב.

חומש פון יום השלישי "שהוכפל בו כי טוב"[99] אן ענין וואס
האט א שייכות צו פורים:

די גמרא דערציילט אין מגילה[100]. ועד"ז ווערט דערציילט
אין מדרשים[101], אז ווען איז ארויסגעקומען דער נצחון פון
פורים, ביז אז המן האט דאס געזעהן בגלוי - בשעה המן איז
געקומען, און ער האט געטראפן אז מרדכי זיצט אין בית
המדרש[102] און לערנט מיט רבנן [אדער ווי דער לשון אין מדרש
- "תלמידיו", תינוקות של בית רבן] "הלכות מצוה העומר",

וואס דעם ענין פון קרבן העומר געפינט מען אין פרשתנו,
אין דעם שיעור חומש מיט רש"י פון יום השלישי בסיומו[103],
וואו עס שטייט "ואם תקריב מנחה בכורים וגו׳", ווי רש"י
איז מפרש אז "במנחת העומר הכתוב מדבר".

וואס דער עיקר ארט און וואו עס רעדט זיך באריכות מ"ט
מער פרטים וועגן דעם ענין פון מנחת העומר איז - אין פרשה
אמור[104]. אבער לויט פרש"י, איז דער ערשטער מאל וואו עס רעדט
זיך וועגן מנחת העומר איז - אין דער פרשה.

כז. וואס לכאורה איז דער פירוש רש"י א דבר פלא:

דער עיקר ארט וואו עס רעדט זיך וועגן מנחת העומר איז
ערשט אין פ׳ אמור - איז פארוואס איז דא רש"י מפרש אז "ואם
תקריב מנחת בכורים וגו׳" רעדט וועגן מנחת העומר, בשעת ער
קען לערנען בפשטות אויף אן אנדער אופן, כדלקמן?

נאכמער: אויף צו לערנען אז אונזער ענין רעדט וועגן
מנחת העומר - דארף רש"י ארייגגיין אין כמה דוחקים:

א) רש"י איז מפרש "ואם תקריב - הרי אם משמש בל׳ כי"
אז דאס איז א חידוש, אז "אם" איז משמש בלשון "כי", און
ע"פ דעם חידוש רעדט זיך דער פסוק וועגן דער מנחת העומר
פון ציבור וואס איז א קרבן חובה - עס איז דא אן אנדער
אופן צו לערנען אין פסוק, כדלקמן, וואס לויט דעם אופן
דארף רש"י ניט אנקומען צו דעם חידוש אין דעם ווארט "אם"
און צו זיין פירוש וואס ער איז מיוסד אויף דעם; ער וואלט
געקענט לערנען בפשטות, אז "אם" איז דער פירוש ווי אומעטום.

ב) דער עצם ענין אז רש"י טייטשט אז "במנחת העומר

- הכתוב -

------------

99) ראה פרש"י עה"פ בראשית א, ז. 100) טז, א.
101) אסת"ר פ"י, ד. יל"ש אסתר רמז תתרנח. ויק"ר פכ"ח, ו.
יל"ש עה"פ אמור כג, יא (רמז תרמג). פס"ר פי"ח, ו. פסדר"כ
פ"ח (הוצאת באבער - עא, ב ואילך). ועוד. 102) כ"ה במדרש
מגילת אסתר (אוצר מדרשים ע׳ 56). 103) ב, יד. 104) כג,
י ואילך.

הכתוב מדבר שהיא חובה" - איז א דוחק, ווארום:

דער גאנצער המשך הענין רעדט וועגן פארשידענע מנחות וועלכע זיינען אלע רשות, ניט חובה, ווי לדוגמא דאס וואס עס שטייט פריער[105] "ואם מנחת מרחשת קרבנך", ועד"ז דאס וואס עס רעדט זיך פריער אין המשך הכתובים וועגן קרבן עולה - רעדט זיך דאס וועגן אן עולה נדבה (ווי רש"י[106] איז מפרש) -

איז לכאורה מסתבר צו זאגן אז אויך דאס וואס עס שטייט דערנאך, "ואם תקריב מנחת בכורים וגו'" - רעדט וועגן א מנחת נדבה, ניט וועגן א מנחת חובה; פריער רעדט ער וועגן אנדערע מנחות נדבה, ולדוגמא "ואם מנחת מרחשת קרבנך" און דערנאך שטייט "ואם תקריב מנחת בכורים וגו'" - לכאורה אויך א מנחת נדבה[107]?

ג) אין דעם צווייטן ד"ה איז רש"י מפרש: "מנחת בכורים - במנחת העומר הכתוב מדבר", און ער ברענגט אויף דערויף צוויי ראיות: א) "שהיא באה אביב בשעה בישול התבואה", און דא אין פסוק שטייט "אביב"; ב) "ומן השעורים היא באה, נא' כאן אביב ונא' להלן[108] כי השעורה אביב",

זעט מען, אז רש"י דארף אנקומען צו ראיות אז דא רעדט זיך וועגן מנחת העומר, ווארום דער פירוש איז ניט אזוי פשוט - איז לכאורה ניט פארשטאנדיק: פארוואס דארף רש"י לערנען א פירוש וואס איז ניט אזוי פשוט, און דארף אנקומען צו ראיות - ער האט דאך געקענט לכתחלה לערנען בפשטות אויף אן אנדער אופן, כדלקמן?

כח. עס איז דא אן אנדער פירוש אין דעם פסוק, אויך פון א פשטן, פון דעם אבן עזרא וואס איז לכאורה גלאטיק אין פשוטו של מקרא, און האט אין זיך ניט די דוחקים הנ"ל:

דער ראב"ע שרייבט: "ואם תקריב מנחת בכורים: רבים אמרו שמילה אם - חיוב, ולפי דעתי כי אין צורך, כי החיוב הוא ראשית בכורים ולא הביכורים (סהם), והרוצה להביא מנחת בכורים נדבה יביא".

ד.ה. אז נוסף צו דעם חיוב אויף דעם ציבור צו ברענגען דעם קרבן העומר פון "ראשית בכורים" וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין פ' אמור - קען יעדער יחיד ברענגען א מנחה נדבה פון זיינע "בכורים", פון זיינע נייע תבואה, אלס א קרבן נדבה,

און דאס זאגט דער פסוק "ואם תקריב מנחת בכורים וגו'",

- "אם" -

---

105) פרשתנו ב, ז. 106) עה"פ פרשתנו א, ב. 107) ראה פירוש יהל אור (על הראב"ע) עה"פ. 108) וארא ט, לא.

"אם" - רש"י, ווארום אע"פ אז עס רעדט זיך וועגן "מנחת העומר" - רעדט זיך אין דעם פסוק וועגן דער מנחת העומר וואס א יחיד קען ברענגען אלס קרבן נדבה.

וואס לכאורה ע"פ פירוש זה זיינען ניטא די דוחקים הנ"ל: מ'דארף ניט מחדש זיין אז דא איז דער פירוש פון "אם" ניט ווי אומעטום; עס איז פארשטאנדיק דער המשך הכתובים וואס די מנחה קומט בהמשך צו די פריערדיקע מנחות, און די קרבנות עולה, וואס זיי זיינען אלע קרבנות נדבה, און מ'דארף אויך ניט אנקומען צו קיינע ראיות.

און קיינער פון די מפרשי רש"י שטעלט זיך ניט אויף די דיוקים הנ"ל.

כט. אויף דעם פירוש פון ראב"ע הויבט מען אויף א שטורעם[109], אז פירושו איז נגד ההלכה, וואס ע"פ הלכה איז ניטא קיין ארט אז א יחיד זאל ברענגען אן אייגענע מנחת העומר איידער דער ציבור ברענגט זייער קרבן - וואלט מען לכאורה געקענט זאגן אז רש"י לערנט ניט כפירוש הראב"ע דערפאר וואס עס איז נגד ההלכה,

קען מען אבער אזוי ניט פארענטפערן, ווארום נוסף צו דעם וואס אויך אויף ראב"ע איז ניט שווער, ווייל פירושו על התורה מוז ניט שטימען מיט הלכה[110] - שטימט דאס אויך ניט מיט כללי רש"י:

א) פרש"י איז ניט פארבונדן מיט דרך ההלכה, ווי מ'געפינט בכמה מקומות אז רש"י איז מפרש ניט ווי די הלכה, כמדובר כמ"פ.

ב) אפילו אז עס וואלט געווען א שאלה ע"פ דרך הלימוד פון פרש"י - האט אבער דער בן חמש וועגן דעם נאך ניט געלערנט, ווארום דער ארט פון וועלכן מ'איז מוכיח אז א יחיד קען ניט ברענגען קיין מנחת העומר איידער דער ציבור ברענגט - איז ערשט אין פ' אמור (וואלט רש"י געדארפט זאגן אז דאס איז זיין טעם אויף אזוי צו מפרש זיין).

מען קען אבער לכאורה נאך אלץ פרעגן:

פון די שוועריקייטן אויף פירוש הראב"ע - איז אויך דא א שוועריקייט אין פשש"מ, וואס ווערט אים זיין שווער (עכ"פ) ווען ער וועט לערנען פ' אמור: ע"פ פשש"מ טאר קיין יחיד ניט ברענגען קיין קרבן פאר שתי הלחם[111] - איז ווי קען מען

- דא -

---

109) מלבי"ם עה"פ. 110) ראה תו"ש כרך יז ע' רפז.
111) אמור שם, טז-יז ובפרש"י.

דא כפרש זיין אז א יחיד זאל ברענגען א מנחת העומר בזמן האביב ("אביב"), פאר שתי הלחם (וואס מ'איז מקריב בחגה"ש)?

קען מען אבער אויך דאס פארענטפערן:

א) מען קען כפרש זיין, אז דאס וואס מ'טאר ניט ברענגען קיין קרבן פאר שתי הלחם איז דאס נאר א קרבן פון חטים, ווארום שתי הלחם זיינען פון חטים, דארף דאס זיין די ערשטע הקרבה פון די תבואה חדשה פון חטים - אבער א מנחה פון שעורים מעג מען יא ברענגען פאר די שתי הלחם.

און הגם אז רש"י איז מפרש אין פ' אמור[112] אז שתי הלחם איז "ראשונה לכל המנחות: אף למנחת קנאות הבאה מן השעורים לא הקרב מן החדש קודם לשתי הלחם" - וואלט מען אבער געקענט לערנען אז דאס איז דוקא בנוגע צו "מנחה קנאוה", אבער א מנחה העומר, קען אויך א יחיד מקריב זיין פאר די שתי הלחם.

ב) אפילו אז מ'טאר ניט ברענגען קיין מנחה פון שעורים פאר די שתי הלחם - קען מען אבער ברענגען א מנחה א האלבע שעה נאך די שתי הלחם - קען מען כפרש זיין אז אונזער פסוק רעדט מאקע וועגן א מנחה העומר וואס א יחיד ברענגט אלס א נדבה פון זיינע נייע תבואה, נאר ער ברענגט עס מאקע א האלבע שעה נאך דעם וואס מ'ברענגט די שתי הלחם.

קערט זיך אום צוריק די קשיא אויף רש"י: פארוואס דארף רש"י מפרש זיין אז דער פסוק "ואם תקריב מנחת בכורים וגו'" רעדט וועגן דער מנחת העומר וואס איז א חובה על הציבור, וואס צוליב דעם דארף ער אריינגיין אין כמה ענינים דחוקים - ער קען דאך לערנען בפשטות, ווי דער פירוש פון דעם ראב"ע, אז דא רעדט זיך וועגן א מנחת העומר וואס א יחיד וועט ברענגען פון זיינע תבואה אלס א נדבה?

און דאס דארף זיין פארשטאנדיק פאר א בן חמש למקרא אין פשש"מ, ובפרט אז קיינער פון מפרשי רש"י שטעלט זיך ניט אויף דעם,

בא זיי איז דער פשש"מ בפשטות: רש"י האט מעתיק געווען פירושו פון די גמרא אין מנחות כמעט אות באות (מערניט מיט כמה שינויים קלים) -

אבער כאמור, רש"י האט לכאורה געקענט לערנען ווי פירוש הראב"ע - און אלץ וואלט געווען מובן <u>בפשטות</u>?!

וכפי שיתבאר לקמן.

ל. בהמשך צו דעם וואס מ'האט גערעדט ביום השלישי שהוכפל

- בו -

---

112) שם, יז.

בו כי טוב[113] – וויל מען שפאלטן א האָר, און מ'כאפט זיך ניט אויף דעם ענין עיקרי:

מען האט גערעדט דעמולט וועגן דעם ענין פון לימוד החסידות, פנימיות התורה – האט עס א שייכות מיוחדת מיט דעם וואס עס רעדט זיך אין דעם שיעור פון פרשה השבוע פון יום השלישי (דער טאג וואס מ'האט עס גערעדט):

אין דעם שיעור חומש פון יום השלישי[114] שטייט "וכל קרבן מנחתך במלח תמלח ולא תשבית מלח וגו'", וואס דאס האט א שייכות מיט דעם ענין פון פנימיות התורה, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת[115] אז "מלח" איז ענינו – פנימיות התורה, ווארום ע"ד ווי "מלח" גיט אריין טעם אין מאכלים, עד"ז גיט פנימיות התורה אריין א טעם אין נגלה דהתורה,

און ווי ער ברענגט דארטן[116] פון גמרא[117] "בשעה שמכניסין אדם לדין אומרים לו . . קבעת עתים לתורה כו' פלפלת בחכמה כו', ואפילו הכי אי יראת ה' היא אוצרו[118] אין, אי לא לא, משל לאדם שאמר לשלוחו העלה לי כור חיטין לעלי' הלך והעלה לו, א"ל עירבת לי בהן קב חומטין א"ל לאו, א"ל מוטב אם לא העליתה" (ווי רש"י איז מפרש "קב חומטין – ארץ מלחה ומשמרת את הפירות מהתליע"),

און אין דעם זאגט מען "ולא תשבית מלח גו'", אז עס מוז שטענדיק זיין דער מלח, פנימיות התורה.

לא. דאס איז אויך וואס מ'האט דעמולט גערעדט, אז אויך נשים און טף דארפן לערנען פנימיות התורה, ווארום עס שטייט[114] "על כל קרבנך תקריב מלח", וואס דאס גייט דאך סיי אויף אנשים סיי אויף נשים, ווארום אויך נשים קענען ברענגען קרבנות, און קרבנות זיינען פועל אויך פאר דעם טף, און אויך אויף זייערע קרבנות שטייט "ולא תשבית מלח", ובפנימיות הענינים (כנ"ל) – אז אויך בא נשים מוז זיין דער לימוד פון פנימיות התורה.

וואס אויך נשים זיינען מחוייב אין די מצוה פון אהבת ה' ויראת ה' (פונקט ווי אנשים), און דער רמב"ם[119] שרייבט דאך "היאך היא הדרך לאהבהו ויראתו בשעה שיתבונן כו'", און עד זאגט דארטן די דריי לשונות "חכמה" "בינה" און "דעה"

- ("בשעה -

------------

113) ביחידות האדמו"ר מבעלז אצל כ"ק אדמו"ר שליט"א – יום ג' פ' ויקרא, ד' אדר שני. 114) פרשתנו שם, יג. 115) פרשתנו ד"ה ולא תשבית מלח וגו' וביאורו (ג, כע"ד ואילך). 116) ו, א. 117) שבת לא, סע"א. 118) ל' הכתוב – ישעי' לג, ו. 119) הל' יסוה"ת פ"ב ה"ב.

("בשעה שיתבונן . . ויראה מהן חכמתו . . לידע השם הגדול")[120], ד.ה. אז בכדי צו קומען צו אהבה ויראה - איז דאס דוקא דורך דעם וואס מ'לערנט פנימיות התורה אין אן אופן פון הבנה והשגה אין חכמה בינה ודעת,

וואס וויבאלד אז אויך נשים זיינען מחוייב אין די מצוות פון אהבה ויראה (כנ"ל) - מוזן אויך נשים לערנען פנימיות התורה[121].

און אויך דאס איז שייך צו סף, אז אויך זי דארפן לערנען פנימיות התורה בהבנה והשגה, ווארום אויך צו זיי איז שייך דער ענין פון אהבה ויראה,

ובלשון הזהר[122]: אז בעקבתא דמשיחא וועלן אויך "רביי דעלמא" לערנען די ענינים פון "מעינות תהום רבה (וארובות השמים)"[123] (וואס עפענען זיך אויף בעקבתא דמשיחא, ווי ער זאגט דארטן[124]),

וואס אויך זיי (וואס גאנצע פרקים זיינען ניט לפי הבנתם -) קען מען זאגן ראשי פרקים אדער מעין פון די ענינים וואס רעדן זיך אין פנימיות התורה איבערגעטייטשט לפי הבנתם.

ועד"ז כאמור דארף זיין לימוד פנימיות התורה אויך בא סף.

און דער לימוד פון פנימיות התורה דארף זיין אין אן אופן פון "אשר תשים לפניהם" - "כשלחן הערוך כו'"[125]. און אין אן אופן פון "ושננתם" - "שיהיו מחודדים בפיך"[126].

לב. נוסף אויף דער שייכות פון לימוד פנימיות התורה צו דעם <u>שיעור בחומש</u> פון דעם טאג ווען מ'האט עס גערעדט - האט עס אויך א שייכות צו דעם <u>טאג</u> בשבוע ווען מ'האט עס גערעדט, צו יום השלישי:

אויף יום השלישי זאגט מען (כנ"ל) אז דעמולט איז "הוכפל בו כי טוב", וואס די צוויי מאל טוב זיינען - "טוב לשמים וטוב לבריות"[127].

וואס עס איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד מ'זאגט אז "הוכפל בו כי טוב" - "טוב לשמים וטוב לבריות" - איז דער

- "טוב -

---

120) ראה לקו"ש ח"י ע' 235. 121) ראה לקו"ש ח"ה ע' 448 בהערה. 122) ח"א קיח, א. 123) ל' הכתוב - נח ז, יא. 124) קיז, א. וראה לקו"ש חט"ו ע' 42 ואילך. 125) ר"פ משפטים ובפרש"י עה"פ. 126) ואתחנן ו, ז. ספרי (ופרש"י) עה"פ. 127) ראה קידושין מ, א. וראה אוה"ת בראשית לג, א ואילך. ועוד.

"טוב לבריות" בדוגמת דער "טוב לשמים":

בנוגע צו "טוב לשמים" שטייט אין פסוק[128] "כל חלב לה׳". שרייבט אויף דעם דער רמב"ם[129] [ועד"ז שטייט אין שו"ע[130], מיט צוויי-דריי שינויים]: "כל דבר שהוא לשם הא-ל הטוב . . יהי׳ מן הנאה והטוב" [אין שו"ע – "מהטוב והיפה", ווי גערעדט אמאל וועגן די חילוקי הלשונות[131]. ואכ"מ],

וואס דער פירוש פון "כל חלב לה׳" איז, סיי ער זאל געבן דעם חלב ושומן, די בעסטע פון זיינע ענינים, בגשמיות – צו דעם אויבערשטן, און אויך – אז ער זאל געבן זיינע בעסטע ענינים וועלכע ער האט ברוחניות צו דעם אויבערשטן.

לג. ועד"ז דארף זיין, כאמור, בנוגע צו "טוב לבריות" – ובהקדים:

דער ענין פון "טוב לבריות" איז – אז מ׳דארף געבן אויך צו די וואס האבן אין זיך קיין מעלה ניט אויסער דעם וואס זיי זיינען "בריות", זיי זיינען נברא געווארן פון דעם אויבערשטן.

און ווי דער ענין פון "מתנות לאביונים";

רש"י[132] טייטשט אפ דעם לשון "אביון" – "התאב לכל דבר", ווי גערעדט כמ"פ דער פירוש אין דעם, אז פארוואס איז ער "תאב לכל דבר" – דערפאר וואס וועלכע זאך מ׳זאל נאר אנכאפן האט ער דאס ניט, במילא – איז ער רוצה און "תאב" צו דער זאך,

קומט דערפון אויס, אז ער האט בא זיך קיין ענין ניט אויסער דעם וואס ער איז "בריות", ער איז נברא געווארן פון דעם אויבערשטן[133],

וואס דאס איז דער ענין פון "טוב לבריות".

וכאמור, דער "טוב לבריות" דארף זיין ע"ד דער ענין פון "טוב לשמים", אז ע"ד ווי בא "טוב לשמים" דארף זיין "כל חלב לה׳" – עד"ז דארף אויך זיין בא "טוב לבריות", אז מ׳דארף געבן "מן הנאה והטוב", און ווי דער רמב"ם, ועד"ז דער שו"ע, שרייבן טאקע דעם ענין הנ"ל פון "כל חלב לה׳" בנוגע צו צדקה, "טוב לבריות".

לד. און ע"ד ווי בא "טוב לשמים" דארף מען געבן סיי דעם – "החלב" –

------------

128) ויקרא ג, טז. 129) סוף הל׳ איסורי המזבח. 130) יו"ד סו"ס רמח. 131) ראה גם לקו"ש חי"א ע׳ 131 הע׳ 22*. חט"ו ע׳ 23 הע׳ 29. 132) עה"פ ראה טו, ד. תצא כד, יד. 133) ראה תניא פל"ב.

"חלב", די בעססע ענינים, פון גשמיות, און סיי דעם "חלב", די בעססע ענינים, פון רוחניות - עד"ז דארף אויך זיין בא "טוב לבריות" -

וואס דער כללות הענין פון "טוב לבריות" איז דא אויך ברוחניות:

אויפן פסוק[134] "הלא פרוס לרעב לחמך" שטייט אין תדבא"ר[135]: "אין רעב אלא הרעב מן דברי תורה ואין לחם אלא דברי תורה כו'", ועד"ז איז ער מבאר אין הדבא"ר דארטן דעם המשך הפסוק "כי תראה ערום וכסיתו ומבשרך לא תתעלם", אז "ערום" גייט אויף איינעם וואס "אין בו (תורה ו)מצוות", וואס מצוות זיינען לבושים.

ד.ה. אז ע"ד ווי מ'דארף געבן לחם צו איינעם וואס איז רעב בגשמיות, און מכסה זיין איינעם וואס איז ערום בגשמיות - עד"ז איז דאס אויך דא ברוחניות, אז מ'דארף געבן תורה און מצוות צו דעם וואס איז "רעב" און "ערום" דערפון.

און אויך אין "טוב לבריות" ברוחניות (כנ"ל אז "בריות" איז ענינים אז זיי האבן אין זיך קיין מעלה ניט אויסער דעם וואס זיי זיינען "בריות", נבראים פון דעם אויבערשטן) דארף זיין "כל חלב לה'" (ע"ד ווי אין "טוב לשמים") - אז ווען מ'גיט זיי תורה, דארף מען זיי געבן דעם טוב און שומן און שבח וואס איז אין תורה - רזי תורה, פנימיות התורה.

און דאס איז די שייכות פון דעם ענין וואס מ'האט גערעדט ביום השלישי וועגן לימוד פנימיות התורה, צו דעם טאג פון יום השלישי - ווארום יום השלישי איז "הוכפל בו כי טוב", "טוב לשמים וטוב לבריות", און (אויך) "טוב לבריות" דארף זיין אין אן אופן פון "כל חלב לה'", אויך ברוחניות - אז מ'דארף געבן אויך דעם ענין פון פנימיות התורה.

לה. אין דעם איז דא אן ענין נפלא:

ס'איז גרינגער צו איבערגעבן ענינים פון פנימיות התורה צו "בריות", צו אזעלכע וואס זיינען לכאורה ניט שייך (לע"ע) צו הבנה והשגה בתורה, ווי צו די וואס קאכן זיך אין נגלה דתורה.

וואס לכאורה וואלט געדארפט זיין - אז די וואס לערנען נגלה דתורה זאלן אויך, ואדרבה - נאכמער ווי אנדערע, לערנען פנימיות התורה, ווארום דורך זייער לערנען נגלה

- דתורה -

-------------

134) ישעי' נח, ז. 135) פכ"ז. וראה שיחה פורים תרצ"א (לקו"ד כרך ד תשכט, א).



הנחת הת' בלתי מוגה

דתורה וואלט לכאורה געדארפט נתגדל ווערן דער צמאון זייערער צו פנימיות התורה, מערער ווי ביי אנשים פשוטים,

און ווי עס שטייט[136] "יוסיף דעת יוסיף מכאוב", אז בשעת ס'איז ניטא דער "דעת" איז ניטא דער "מכאוב", דער ווייטאג, אז מ'וויל נאך, אבער בשעת "יוסיף דעה", אז מ'לערנט נגלה דתורה - האט לכאורה געדארפט זיין "יוסיף מכאוב", אז עס זאל זיך דערזעהן נאכמער דער ווייטאג אויף לערנען פנימיות התורה,

און בנוגע לפועל זעט מען אז ס'איז ניט אזוי, מען זעט אז זיי זיינען ניט פארבונדן.

וואס אזוי איז דאס געווען אפילו אין די ימי הזוהר, זהירות און בהירות פון כ"ק אדמו"ר (מהורש"ב) נ"ע און כ"ק מו"ח אדמו"ר - אז עס זיינען געווען גרויסע ישיבות מפורסמות וואו עס זיינען געווען בעלי נגלה און בעלי חסידות.

לו. ויש לומר הביאור בזה:

עס איז מבואר אין חסידות[137], אז דער טעם פארוואס ביי אנשים פשוטים איז גרינגער צו פועל זיין מס"נ ווי בא בעלי שכל איז - דערפאר וואס ביי א בעל שכל איז דער שכל מעלים ומסתיר אויף דער מס"נ,

און מ'גיט א משל אויף דעם, פון דעם וואס ס'איז גרינגער צו ארייננשטעלן דעם עקב אין מים חמים ווי צו ארייננשטעלן אהינצו דעם ראש, וואס דער טעם לזה איז, אז אין דעם עקב איז ניטא נאך אן ענין (אויסער דעם (וואס ער איז אן) עקב), במילא איז דארטן פועל דער רצון, דאס וואס דער מענטש וויל ארייננשטעלן דעם עקב, משא"כ אין דעם ראש קומט-צו נאך א זאך, דער שכל, און דאס איז מעלים ומסתיר אויף דעם רצון;

אויך דער עקב וויל זיך ניט אפבריען - אבער דארטן איז ניטא נאך אן ענין נוסף וואס זאל מעלים ומסתיר זיין אויף דעם רצון, משא"כ אין ראש, ועד"ז אין לב וכו'.

וואס עד"ז איז מען מבאר אין דעם ענין פון מס"נ, אז ס'איז גרינגער צו פועל זיין מס"נ ביי אנשים פשוטים ווי בא בעלי שכל, ווארום בא בעלי שכל איז דער שכל מעלים ומסתיר אויף דער מס"נ, משא"כ ביי אנשים פשוטים.

- ועד"ז -

------------

136) קהלת א, יח. 137) ד"ה איך הקב"ה בא בטרוניא עם בריותיו תרפ"ה פ"ב ואילך (סה"מ קונטרסים ח"ב ס"ע קכא ואילך). סד"ה זה ושלאחריו בסה"מ אידיש בתחלתו. ד"ה אני ישנה תש"ט פי"ב ואילך (סה"מ תש"ט ע' 119 ואילך). ובכ"מ.

ועד"ז י"ל אין דעם ענין פון פנימיות התורה, בא די וואס לערנען נאר נגלה דתורה.

לז. אין דעם ענין פון לימוד פנימיות התורה פאר נשים קומט-צו נאך אן ענין:

בנוגע צו לימוד פנימיות התורה זיינען דא די וואס טענה'ן אז זיי קענען ניט לערנען פנימיות התורה ווארום זיי זיינען טרוד אין לימוד פון נגלה דתורה,

וואס דער ענטפער אויף דעם איז, אז היינטיקע צייטן איז ניט שייך דער ענין פון "תורתו אומנתו"[138], ווארום מ'איז "מפסיק, ומבטל בלא"ה"[139] פון לימוד הנגלה,

איז במילא בשעת מ'וועט אים פרעגן וואס ביסטו מפסיק פון לערנען נגלה דהתורה אויף לערנען פנימיות התורה - איז דער ענטפער: וויבאלד אז ער איז "מפסיק ומבטל בלא"ה" צו אנדערע ענינים - הייסט ניט דאס וואס ער איז מפסיק צו לימוד פנימיות התורה אז ער איז מפסיק מלימודו.

אבער אעפ"כ, אויך היינט, וועו ס'איז ניט שייך דער ענין פון "תורתו אומנתו" - איז אבער דא דער חיוב פון "פרק אחד שחרית ופרק אחד ערבית"[140], און אויך יעדער רגע פנוי וואס ער האט דארף ער אפגעבן אויף לימוד התורה.

וואס אפילו אז מ'וועט זיך אזוי דינגען בנוגע צו אנשים - בנוגע צו נשים אבער האט די טענה מלכתחלה קיין ארט ניט: בא נשים איז ניטא קיין שטענדיקער חיוב אין ת"ת, איז במילא דארפן זיי זיכער לערנען פנימיות התורה, נאכמער ווי אנשים.

וואס דאס איז נוסף להאמור לעיל, אז אין די מצוות פון אהבה ויראה זיינען נשים מצווה פונקט ווי אנשים, וואס אויף צו קומען צו אהוי"ר דארף מען לערנען פנימיות התורה (כנ"ל),

איז וויבאלד אז דער חיוב פון לימוד התורה האבן זיי ניט און זיי זיינען מחוייב אין די מצוות פון אהוי"ר - קענען זיי, און (במילא) זיי דארפן, זיך מהעסק זיין אין דעם לימוד וואס ברענגט צו אהוי"ר, נאכמער ווי אנשים,

און - אהבה ויראה זיינען מצוות תמידיות[141].

לח. בשעה מ'רעדט אין סברא - איז ווען מ'זאגט א סברא לכאן

- קען -

138) שבת יא, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס קו.
139) ל' אדה"ז בתניא פכ"ג (כט, סע"א). 140) מנחות צט, ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ג ס"ד. 141) ראה חינוך באגרת המחבר בריש הספר (בתחלתה).

קען דער צווייטער גלייך זאגן איפכא מסתברא; געפינט מען אבער ע"ד הנ"ל אין הלכה (וואס דאס איז ניט קיין נייער ענין, נאר לפני כמה שנים האט מען וועגן דערויף גערעדט, און אנגעצייכנט און אויך אפגעדרוקט[142]):

דער דין[143] איז אז אויך נשים זיינען מחוייב אין דעם ענין פון מזוזה,

וואס אע"פ אז עס שטייט[144] "ושננתם וגו׳" און דערנאך[145] "וקשרתם וגו׳", וואס אין דעם זיינען נשים ניט מחוייב - אעפ"כ, זיינען זיי מחוייב אין "וכתבתם וגו׳" - וואס שטייט נאך דערויף[146], אין מזוזה, ווארום עס שטייט דאך[147] "למען ירבו ימיכם וגו׳", און אויך נשים "בעי חיי"[148],

ואדרבה (מ׳האט דעמולט געשריבן[149] אז) אויף נשים ליגט א ספעציעלע פליכט צו זיך משתדל זיין אין דעם ענין פון מזוזה, וואס דאס איז אויך - דערפאר וואס נשים זיינען ניט מחוייב אין "ושננתם לבניך", אין לערנען מיט די קינדער,

וואס דערפון קומט אויס, אז וויבאלד נשים זיינען ניט מחוייב אין "ושננתם לבניך", צו לערנען מיט די קינדער[150] - דארפן זיי זיך משתדל זיין ביותר אין דעם ענין פון "וכתבתם".

וואס עד"ז איז דאס אויך אין דעם ענין פון פנימיות התורה, אז וויבאלד נשים זיינען ניט מחוייב אין לימוד גבלה דתורה - דארפן זיי במיוחד לערנען פנימיות התורה.

[וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק, אז דאס איז ניט אז מ׳האט בעזאגט א נייע זאך ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב פון פרשת ויקרא - נאר שוין לפני כמה שנים האט מען וועגן דערויף געשריבן בנוגע צו דעם ענין פון מזוזה, און מ׳קען דארטן אריינקוקן און זעהן וואס עס שטייט].

לס. דער ענין וואס מ׳רעדט אז אויך נשים דארפן לערנען פנימיות התורה, איז אויך שייך צו פרשתנו, פ׳ ויקרא - ווארום פ׳ ויקרא איז א חלק פון תושב"כ, וואס תושב"כ (ניט ווי תושבע"פ[151]) איז שייך צו נשים פונקט ווי צו אנשים,

- און -

---

142) לקו"ש עקב תשל"ו בסופו. שיחה לנשי ובנות חב"ד - ז"ך אלול תשל"ח סי"ב. 143) משנה ברכות כ, ריש ע"ב. רמב"ם הל׳ מזוזה פ"ה ה"י. טושו"ע יו"ד סו"ס רצא. 144) ואתחנן ו, ז. 145) שם, ח. 146) שם, ט. 147) עקב יא, כא. טושו"ע יו"ד ר"ס רפה. 148) ראה קידושין לד, א. יומא יא, ב. 149) לקו"ש שם הע׳ 59. שיחה הנ"ל שם. 150) "מילואים" לשו"ע יו"ד שם (בשו"ע הוצאת רא"ם (ואפסעט ממנה) - נדפסו על הגליון). 151) ראה רמב"ם הל׳ ת"ת פ"א הי"ג. טושו"ע

און ס'איז אויך שייך צו פרשת זכור:

לדעת רוב הפוסקים זיינען אויך נשים מחוייב אין הערן פ' זכור[152] (וואס איז לדעת רוב הפוסקים א מצות עשה מן התורה, כנ"ל (ס"ב)),

[עס איז מערניט וואס לדעה אחה[153] איז אויב מ'האט ניט געהערט פ' זכור - קען מען יוצא זיין מיט שמיעת פ' "ויבוא עמלק" בפורים, אבער עכ"פ אויף זיי איז דא דער חיוב מראורייתא אין דעם ענין פון פ' זכור].

מ. דער ענין פון פ' זכור איז - "מלחמה לה' בעמלק מדור דור"[154].

האב איך באקומען פון איינעם א רשימה, וואס איך האב געמיינט אז מ'דארף ניט באווארענען דאס וואס מ'האט דארטן געשריבן:

עס רעדט זיך וועגן דעם ענין אז עמלק איז "יודע את רבונו ומתכוין למרוד בו"[155]. אז עמלק איז ניט מנגד צו דעם ענין פון "יודע את רבונו", דער לימוד פון פנימיות התורה, ער איז מנגד אויף דעם אז דער לימוד פון פנימיות התורה זאל אראפקומען אין מעשה המצות, אין ו"ה (פון שם הוי')[156],

האט מען געשריבן אין דער רשימה הנ"ל, אז כאילו עמלק קאכט זיך אין לימוד החסידות: אליין לערנט ער זיכער, און ער וויל אז מ'זאל לערנען פנימיות התורה, אז עס זאל זיין "יודע את רבונו"; אים ארט ניט אז מ'זאל לערנען חסידות, אים ארט נאר אז דאס זאל אראפקומען אין פועל ממש!

וואס מ'שרייבט אויף דער רשימה "הנחה", אז ס'איז כאילו ווי איך האב דאס געזאגט, און מ'שרייבט דערצו א מראה-מקום צו תו"א!

וואס דאס איז היפך ההלכה, היפך פון נגלה און היפך פון חסידות וכו'; עס איז א דבר הפשוט אז בן בנו של עשו, דער זיידע פון המן[157] - איז מנגד אויף לימוד פנימיות התורה, און אויך אויף לימוד נגלה דתורה, ווי אויף אלע ענינים שבקדושה!

- דער -

------------

יו"ד סרמ"ו ס"ו. הל' ת"ת לאדה"ז פ"א סי"א. וראה יחידות הנ"ל שבהע' 113. 152) ראה אנציקלופדי' תלמודית ע' ארבע פרשיות (א) ע' קסו. ע' זכירת מעשה עמלק בסופו (ע' רכג). וש"נ. 153) מג"א או"ח סתרפ"ה. 154) בשלח יז, טז. 155) נסמן בלקו"ש פ' זכור ש.ז. הע' 38. 156) ראה לקו"ש הנ"ל ס"ו ובהנסמן שם בהע' 62, 65. 157) תרגום שני עה"פ אסתר ג, א.

דער חילוק איז נאר - וואס איז עיקר תפקידו ושליחותו בעולם.

מא. וע"ד ווי דאס איז בצד הקדושה, וואס עס זייבען דא "מארי תורה" און "מארי עובדין טבין"[158] - איז ניט דער פשט אז זיי זיינען מנגדים ונלחמים זה עם זה, אז "מארי תורה" האבן צוטאן נאר מיט תורה, און ניט מיט "עובדין טבין" - נאר זיי טוען אויך "עובדין טבין",

ואדרבה - זיי טוען "עובדין טבין" לשמה, ניט נאר דערפאר וואס "כל האומר אין לי אלא תורה אפילו תורה אין לו"[159] (וואס דאס איז אן ענין בפ"ע) - נאר זיי טוען "עובדין טבין" לשמה,

ועד"ז "מארי עובדין טבין" האבן אויך קביעות עתים בתורה.

דער חילוק איז נאר - וואס איז עיקר תפקידם ושליחותם, אין וואס זיינען זיי "זהיר טפי"[160]: "מארי תורה" איז עיקר תפקידם ושליחותם - תורה, און "מארי עובדין טבין" איז עיקר תפקידם ושליחותם - "עובדין טבין".

וואס עד"ז איז דאס אויך אין לעו"ז, אז עמלק איז מנגד אויף אלץ, אויך אויף <u>לימוד</u> פנימיות התורה, ס׳איז מערניט וואס עיקר תפקידו ושליחותו איז - צו מנגד זיין אויף דעם אז פון לימוד פנימיות התורה זאל אראפקומען אין מעשה המצוות בפועל, אין ו"ה (שבשם), אבער ס׳איז פארשטאנדיק אז ס׳ארט אים אויך דער ענין פון י"ה.

מב. נאך א דוגמא לדבר פון צד הקדושה:

עס איז ידוע תורת הבעש"ט[161] אז "עס קומט אראפ א נשמה אויף דער וועלט און לעבט אפ זיבעציג אכציג יאר צוליב טאן א אידן א טובה".

וואס עס איז פארשטאנדיק, אז במשך די "<u>זיבעציג</u> <u>אכציג</u> יאר" טוט דער איד א ריבוי תורה ומצוות, און ניט נאר סתם ענינים פון תומ"צ, דרך אגב, נאר אויך ענינים עיקריים -

און אעפ"כ זאגט מען, אז ס׳איז רעכט אז די ירידת הנשמה שלו איז <u>צוליב</u> דער טובה וואס ער וועט טאן א אידן;

- אז -

---

158) ראה אגה"ק ס"ה (קט, א). ביאוה"ז פ׳ וישב לאדמו"ר האמצעי (כה, א-ב). ולהצ"צ (ע׳ קלד). 159) יבמות קט, ב. וראה אגה"ק שם. וראה סה"מ תדפ"ח ע׳ קנ הע׳ 7. 160) ל׳ הגמרא - שבת קיח, סע"ב. 161) סה"מ קונטרסים ח"ב ע׳ מו. "היום יום" ע׳ נא.

אז אע"פ אז ער טוט א ריבוי ענינים פון תומ"צ, אויך ענינים עיקריים, איז אבער עיקר תפקידו ושליחותו צוליב וועלכן זיין נשמה איז אראפגעקומען למטה - דעם איינמאל טאן א אידן א טובה.

זעט מען דערפון, אז הגם דעם איינמאל טאן א אידן א טובה איז עיקר תפקידו ושליחותו צוליב וועלכן זיין נשמה איז אראפגעקומען למטה - אעפ"כ טוט ער א ריבוי ענינים פון תומ"צ, כולל אויך ענינים עיקריים.

וואס עד"ז איז דאס אויך אין לעו"ז, כנ"ל, אז אע"פ אז עיקר תפקידו ושליחותו פון עמלק בעולם איז - צו מנגד זיין אז פון לימוד פנימיות התורה זאל ניט אראפקומען אין מעשה המצוות - אעפ"כ איז ער אויך מנגד אויף דעם עצם לימוד פון פנימיות התורה, מערנים וואס דאס איז ניט עיקר הפקידו ושליחותו בעולם, כנ"ל.

מג. כאן המקום צו ממשיך זיין וואס עס האט זיך גערערט פריער וועגן דעם וואס מ׳געפינט זיך אין שבה פ׳ זכור, פ׳ ויקרא און אין א שנת הקהל.

וואס דאס אז פ׳ זכור לייענט מען אלעמאל אין דעם שבת פאר פורים - איז אלעמאל אזוי[162] [אויף דעם וועט מסתמא ניט זיין קיין איפכא מסתברא];

בנוגע אבער צו דער קביעות פון שבת פ׳ זכור בימי החודש - זיינען דא שינויים משנה לשנה; ניט אלע יאר איז שבת פ׳ זכור אין דעם זעלבן טאג בימי החודש.

און וויבאלד אז קביעות החדשים איז ע"פ די חשבונות ווי זיי זיינען אויסגעשטעלט ע"פ הורה - איז פארשטאנדיק, אז דערפון דארף זיין א הוראה פאר יעדער איינעם, במכ"ש וק"ו דערפון וואס פון יעדער זאך וואס א איד זעט אדער הערט דארף ער אפלערנען א הוראה[163].

און וויבאלד אז אפילו א פשוט שבפשוטים ווייס פון דעם עניך פון קביעות החדשים - דארף די הוראה זיין א הוראה וואס איז פארשטאנדיק אויך פאר א פשוט שבפשוטים.

וואס בשנה זו איז די קביעות פון שבת פ׳ זכור - ח׳ אדר.

מד. דער עניך פון ח׳ אדר איז:

ח׳ אדר איז דער ערשטער טאג ווען יהושע איז געווען

- דער -

---

162) טושו"ע או"ח שם ס"ה. 163) "היום יום" ע׳ נב. כש"ט (הוצאת קה"ה) הוספות אות קכז-קכט. וש"נ.

**דער נשיא אליין**; ז' אדר (שבת) איז געווען א "שבת של דיז זוגי" (ווי רש"י[164] ברענגט אראפ): בתחלת היום (ביז הסתלקות משה) איז משה געווען נשיא, און ערשט דעם צווייטן חלק פון טאג איז יהושע געווען נשיא; משה באדר איז נאר משה אליין געווען נשיא, און ח' אדר איז געווען דער ערשטער טאג וואס יהושע איז געווען דער נשיא אליין.

וואס דער חילוק צווישן משה און יהושע איז, ווי די גמרא[165] זאגט - אז "פני משה כפני חמה פני יהושע כפני לבנה", אז יהושע איז א תלמיד און מקבל ("לבנה") פון משה ("חמה"),

און ח' אדר איז דער ערשטער טאג ווען יהושע, דער תלמיד און מקבל פון משה, איז געווען אליין.

מה. די הוראה דערפון:

עס איז דא אמאל ווען מ'דארף שטיין אויף דעם אייגענעם שכל, אויף דעם אייגענעם שיקול הדעה, "משה" איז אוועק, און ער איז געבליבן אליין;

עס איז ניט ווי פריער ווען נשיא דורנו נעמט אים פארן האנט און שרייט אים אריין אין אויער ווי ער זאל זיך פירן בפרטיות, וואס דעמולט גייט ער נאר מיט זיינע הענט און פיס לפעול פעולתו.

וואס לכאורה קען ער טענה'ן:

בשלמא פריער, בשעת ער האט געהערט אלע הוראות בפרטיות פון נשיא דורנו - האט ער געטאן עבודתו כדבעי, איצט אבער הערט ער דאך ניט דעם קול פון נשיא דורנו! במילא בלייבט ער זיצן, ווארום ער ווייסט ניט וואס צו טאן, ער איז גארניט אן רבו!

און ווי מ'געפינט אז ר' אליעזר הגדול "לא אמר דבר שלא שמע מפי רבו לעולם"[166], יעדער זאך וואס ער האט געזאגט האט ער געהערט מרבו, הגם אז ער איז געווען "ר' אליעזר <u>הגדול</u>"[167] -

טענה'ט ער עד"ז בנוגע צו זיך, אז איצטער קען ער גארניט טאן.

און דאס איז די הוראה פון ח' אדר, אז דעמולט שטייט יהושע אליין, און אעפ"כ איז ער עובד עבודתו בכל רמ"ח אבריו ושס"ה גידיו,

- ועד"ז -

------------

164) עה"פ האזינו לב, מד. מסוטה יג, ב. 165) ב"ב עה, א. וראה גם ספרי ופרש"י עה"פ פינחס כז, כ. 166) סוכה כז, ב. וש"נ. 167) ברכות ו, א. ועוד.

ועד"ז בעניננו: הגם אז ער הערט ניט דעם קול פון נשיא דורנו, און ער האט נאר הוראות כלליות - סוס ער עבודתו כדבעי,

ווי מ׳געפינט בא יהושע, אז כאטש בחיי משה איז "לא ימיש מתוך האוהל"[168] - אעפ"כ איז ביי אים געווען דער סדר אז ווען ער האט געדארפט - האט ער געשטעלט אויף זיך, כנ"ל.

מו. וואס דאס איז אויך דער כללות הענין פון שליחות לאמיתתה, אז מ׳שיקט אים אוועק מעבר לים, און ער הערט דארטן ניט קיין הוראות פרטיות אויף יעדער זאך בפרטיות ווי צו פירן זיך;

ס׳איז ניט דער סדר אז מ׳זאל אנווייזן אויף יעדער זאך בפרטי פרטיות ווי צו פירן זיך אויף יעדער טריט און שריט - נאר ער דארף זיך דארטן שטעלן אויף שכלו הוא,

ע"פ די הוראות כלליות וואס ער האט געהערט פון נשיא דורנו, וואס פריער איז געווען א צייט ווען ער האט געהערט הוראות כלליות פון נשיא דורנו,

און אויב ער וועט זיך מייגע זיין - וועט ער מכוין זיין צו דעת נשיא דורנו.

מז. און ווי מ׳געפינט עס אויך אין דעם ענין פון מלחמת עמלק (וואס בקביעות שנה זו איז ח׳ אדר שבת פ׳ זכור):

משה האט געשיקט יהושע׳ן און האט אים נאר געזאגט[169]: "צא הלחם בעמלק"; משה אליין איז געזעסן אינעווייניק, בפנים פון דעם ענין, "על ראש הגבעה"[170], און יהושע איז געווען אליין מחוץ לענין[171], נאר משה האט אים פריער אנגעזאגט הוראות כלליות, און ע"פ די הוראות האט יהושע געפירט די מלחמה.

און צוזאמען דערמיט וואס משה האט געגעבן יהושע׳ן הוראות כלליות - איז בנוגע צו דער הנהגה בפרטיות. האט יהושע געדארפט שטעלן אויף זיך, ועי"ד לשון הידוע[172] ס׳איז ניטא קיין "במילא".

און דערנאך בשעת נצחון המלחמה שטייט אויך[173] "ויחלוש יהושע", אז יהושע האט געוואונען די מלחמה,

און מ׳זאגט[174] "כתוב זאת זכרון בספר" און אויך "ושים

- באזני -

---

168) תשא לג, יא. 169) בשלח שם, ט. 170) שם. וראה גם שם, י. 171) פרש"י עה"פ שם, ט. 172) ראה סה"ש ה׳ש"ת ע׳ 57. 173) בשלח שם, יג. 174) שם, יד.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

באזני יהושע", וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק: עס איז דאך דא דער ענין פון משה, אדער עכ"פ ווי משה האט זיך איינגעשריבן אין תורה, "כתוב זאת זכרון בספר" - איז וואס דארף זיין דער "ושים באזני יהושע"?!

נאר דער ביאור איז, אז אמאל דארפן זיין ביידע ענינים, דער ענין פון "כתוב זאת זכרון בספר", דער ענין פון משה און זיין נתינת-כח, און אויך - "ושים באזני יהושע", דער ענין פון יהושע תלמידו של משה [און בא יהושע דארף עס זיין אין אן אופן פון "ושים באזני יהושע"].

וואס עד"ז דארף זיין בעבודת האדם בכל דור ודור, אז אמאל דארף מען שטעלן אויף זיך,

[וואס דוקא בא מלחמת עמלק שטייט "מלחמה לה' בעמלק מדור דור", וואס מ'געפינט דאס ניט בא בלעם און ניט בא פרעה וכו'].

מח. וואס אין זמן שטעלט זיך דאס אויס - אין ח' אדר, וואס דער טאג איז מדגיש, אז אע"פ וואס ביז דעמולט האט מען באקומען אלע הוראות פרטיות ווי מ'דארף זיך פירן פון נשיא דורנו, "משה רבינו" שבכל דור ודור,

ביז אז אפילו ביום שלפני זה, ז' אדר, איז יהושע ניט געשטאנען אליין, ווארום "שבת של דיו זוגי היתה", דער גאנצער טאג האט באלאנגט צו ביידן פון זיי, משה און יהושע,

[וואס דאס איז דאך דער פירוש פון "שבת של דיו זוגי היתה", אז דער גאנצער שבת איז געווען של "דיו זוגי"; דער גאנצער שבת האט געהערט צו ביידן.

וע"ד ווי מ'זאגט אין דעם ענין פון "יום השלישי שהוכפל בו כי טוב" - "טוב לשמים וטוב לבריות" - אז ס'איז ניט דער פשט אז א חלק פון יום השלישי איז "טוב לשמים" און א חלק פון יום השלישי איז "טוב לבריות" - נאר דער גאנצער טאג איז "טוב לשמים וטוב לבריות"[175],

וואס עד"ז איז דאס אויך אין דעם ענין פון "שבת של דיו זוגי", אז דער גאנצער טאג איז געווען "של דיו זוגי".

וואס לכאורה איז דאס ניט פארשטאנדיק: משה איז דאך נסתלק געווארן באמצע היום[176], איז ביז דעמולט איז ער געווען אליין נשיא, און דערנאך (בשאר היום) איז יהושע געווען

- אליין -

---

175) שיחת אור ליום ג', ב' מרחשון תש"מ ס"ה (קונטרס "ויעקב הלך לדרכו"). 176) ראה פרש"י עה"פ האזינו שם, מח. וראה זח"ב קנו, א. שו"ע אדה"ז או"ח סרצ"ב ס"ה.

אליין נשיא - איז פארוואס זאגט מען אז דער גאנצער שבת איז געווען "של דיו זוגי"?!

וואס דער ביאור בזה איז - אז ע"פ הלכה (וואס שטייט אין תורת משה) איז "מקצת היום ככולו"[177], און דערפאר איז הגם דער שבת איז געווען "של דיו זוגי", דערפאר וואס אין א חלק טאג איז געווען נשיאותו של משה און אין א חלק טאג נשיאותו של יהושע - איז אבער נאך דערויף וואס יעדער-איינער פון זיי איז געווען נשיא "מקצת היום" - איז דאס כאילו ווי יעדער איינער פון זיי איז געווען נשיא כל היום, און דערפאר איז דער גאנצער שבת געווען "של דיו זוגי" -

אעפ"כ, ווען עס קומט ח' אדר, לערנט דאס, אז דעמולט דארף מען שטיין אויף די אייגענע פיס, נוצן דעם אייגענעם שכל וכו' אויף דורכפירן די שליחות בהכלית השלימות.

וכנ"ל אז בא חב"ד איז ניטא קיין "במילא", און דער עיקר איז די אהעדל"ה.

מט. די כללות ההוראה וואס מ'נעמט ארויס פון ח' אדר:

בשעה מ'שיקט איינעם ארויס אויף א שליחות מעבר לים, און זיין שליחות באשטייט פון אן ענין מסוים, איז אויב דערנאך איז ער זוכה און עס מאכט זיך נאך אן ענין צו טאן - איז ניט ער דארף האבן הוראות אויף יעדער ענין פרטי - נאר ער זאל אויך דאס טאן, "לכך נוצרת"[178].

בשעה מ'שיקט אים אויף דער שליחות - זאגט אים נשיא דורנו, דער משלח, הוראות כלליות, און גיט אים א ברכה להצלחה און א נתינת כח; דערנאך אבער, אין אויספירן די שליחות - דארף ער נוצן דעם אייגענעם שכל.

אויב ער באקומט א הוראה פרטית - איז גוט, בנוגע אבער צו ענינים אויף וועלכע ער האט ניט באקומען קיין הוראות פרטיות - דארף ער נוצן זיין שכל, מיוסד אויף די הוראה כללית.

וואס דאס איז די הוראה וואס מ'נעמט ארויס פון ח' אדר (בזמן), דער ערשטער טאג ווען יהושע איז געשטאנען אליין אלס נשיא.

און וויבאלד אז "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן"[179] - איז פארשטאנדיק, אז צוזאמען מיט דער הוראה הנ"ל פון ח' אדר גיט מען אויך מלמעלה א נתינה כח אויף דורכצופירן דאס, און דורכפירן בשלימות.

- און -

---

177) פסחים ד, א. וש"נ. 178) ל' המשנה - אבות פ"ב מ"ח.
179) במדב"ר פי"ב, ג.

און אע"פ אז ח' אדר איז ענינו התחלה העבודה שטייענדיק אליין, און "כל ההחלות קשות"[180] - אעפ"כ, פירט ער דאס זיכער דורך בתכלית השלימות.

נ. עס שטעלט זיך אבער די שאלה: ווי קען מען טאקע דורכפירן די שליחות שטעלנדיק אויף זיך, אן די הוראה פרסיות פון נשיא דורנו?! וואס דאס איז א שאלה טובה!

איז דער ביאור אין דעם: בשעת עס וועט זיין "יגעתי", א יגיעה, דעמולט איז "ומצאתי", ווי מבואר אין נגלה, אין גמרא מגילה[52], און אויב ער זאגט "יגעתי ולא מצאתי" - איז "אל תאמין".

און מ'זאגט דא דעם דיוק "אל תאמין", אז אפילו אין אמונה איז ניט אויסגעהאלטן אזא זאך: אין שכל איז א דבר ברור אז "יגעתי ולא מצאתי" איז ניט אמת, אבער אפילו אין אמונה, וואס דארט איז "פתי יאמין לכל דבר"[181] - אעפ"כ איז "יגעתי ולא מצאתי" איז "אל תאמין" אפילו.

נא. און דורך דער מלחמה בעמלק איצטער (ברוחניות), וועט זיין לע"ל (בגשמיות) דער שלימות הנצחון אויף עמלק דורך משיח צדקנו,

ווי ער טייטשט אין תיב"ע אויפן פסוק "מלחמה לה' בעמלק מדור דור", אז אויך אין "דרא דמשיחא" וועט זיין מלחמת עמלק.

און דורך דער עבודה אין אן אופן פון "טיפה" מלמטה באקומט מען "טיפיים" מלמעלה.

און דורך זיין עבודה אין גיין בדרכו ובשליחותו, אין "דרך ה' לעשות צדקה ומשפט"[182] - גייט מען פון דעם חושך הגלות אין דעם "דרך" מלמטה למעלה צו דער גאולה, מיטנעמענדיק דעם "ולכל בני ישראל היי' אור במושבותם"[183] וואס איז געווען נאך אין די טעג פון גלות, און עס ווערט דער "והי' לך ה' לאור עולם"[184],

"ושמחת עולם על ראשם"[185],

בגאולה האמיתית והשלימה, במהרה בימינו ממש.

* * *

נב. בנוגע צו די הערות פון דעם טאטן אויפן זהר, שטעלט ער - זיך -

180) מכילתא (הובא בפרש"י) עה"פ יתרו יט, ה.
181) משלי יד, טו. 182) וירא יח, יט. 183) ל' הכתוב - בא י, כג. 184) ישעי' ס, יט-כ. 185) שם לה, י. נא, יא.

זיך[186] אויף דעם וואס עס שטייט אין זהר פרשתנו דף ט"ו ע"א:

ער זאגט אין זהר אז "קוב"ה גזיר ואיהו (צדיק) מבטל". און אלס דוגמא רערצו זאגט ער "כגון רשב"י". און ער רערציילט דארטן א סיפור:

"יומא חד הוה יהיב (רשב"י) אבא דתרעא (נ"א: דמערתא) דלוד, זקוף עינוי חזא שמשא דנהיר", רערנאך האט ער געזעהן אז "אהחשך נהורא ואתחזי בי' בשמשא אוכמא וירוקא". האט רשב"י געזאגט צו זיין זון ר"א: "תא אבתראי ברי יוחאי, דהא ודאי גזירה אהגזר לעילא כו'".

גייענדיק זיינען זיי אנגעקומען אין א כרם און זיי האבן געזעהן "חד חויא דהוי אתי ופומי' פתיחא ומלהטא בארעא בעפרא כו'" און "לישני' מרחש כו'".

"רחיש ר"ש בצלותא", און דאוונענדיק האבן זיי דערהערט א קול וואס זאגט: "פוסקר דקיטפא עולו לאחרייכו" (הממונים על הכריתה וההיזק, די שרים פון רע, יכנסו כל אחד למקומו[187]).

נ.ג. שטעלט זיך אויף דערויף דער טאטע, און ער איז מבאר כמה דיוקים (די שייכות פון "אחחשך נהורא ואתחזי בי' בשמשא אוכמא וירוקא" צו גבורה וכו'), ער איז אבער ניט מבאר, כמדובר כמ"פ, פרטים אין דעם ענין, און עאכו"כ - ניט דעם ענין כללי שבדבר, פארלאזנדיק זיך אז מ'וועט זיך זיכער אליין כאפן אויף דעם ביאור הדברים.

וואס פאר אנשים כערכנו איז דער ענין כללי בדברי הזהר הנ"ל אינגאנצן תמוה:

דער זהר זאגט דא דעם ענין פון "קוב"ה גזיר ואיהו מבטל", אז דער אויבערשטער איז גוזר א גזירה און דער צדיק איז איר מבטל, און ער ברענגט גלייך א דוגמא פון רשב"י, "כגון רשב"י" - ולכאורה: דער ענין פון "קוב"ה גזיר ואיהו (צדיק) מבטל" געוועז כמה וכמה פעמים, איז וואס כאפט דא אן דער זהר "כגון רשב"י" דוקא?!

און אויך פאר רשב"י געפינט מען א ריבוי פעמים דעם ענין פון "הקב"ה גוזר וצדיק מבטל":

גלייך אין הוכש איז שוין דא דער ענין פון "הקב"ה גוזר וצדיק מבטל": יצחק און רבקה האבן ניט געהאט קיין קינדער און דערנאך האט יצחק מתפלל געווען און זיי האבן געהאט קינדער[188].

- עד"ז -

---

186) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע' קעז ואילך. 187) דרך אמת לזהר כאן. 188) תולדות כה, כא.

עד"ז איז דא א גאנצער פרק אין מסכת תעניח[189] וואס רובו רעדט וועגן דעם ענין פון "הקב"ה גוזר וצדיק מבטל" - בנוגע צו עצירת גשמים,

ווי, די גמרא דערציילט דארטן[190] בנוגע צו חוני המעגל, אז "פעם אחת יצא רוב אדר ולא ירדו גשמים שלחו לחוני המעגל התפלל וירדו גשמים כו' עג עוגה (שורה עגולה כמו עוגה שהיא עגולה[191]) כו'" און ער האט תפלה געטאן, און די גזירה איז בטל געווארן (און דערפאר האט ער באקומען דעם נאמען "(חוני) המעגל" "על שם עוגה"[192]),

עד"ז דערציילט דארטן די גמרא[193] אויך בנוגע צו רבי עקיבא אז ער האט מבטל געווען א גזירה פון עצירה גשמים.

עד"ז געפינט מען בא כללות הענין פון נביאים, אז א סאך מאל האט געטראפן אז נביאים האבן איבערגעגעבן א נבואה אז עס איז דא א גזירה מלמעלה און מ'דארף תשובה טאן, און דורך דער תשובה וואס די אידן האבן געטאן - האט מען מבטל געווען די גזירה.

ועפ"ז איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז עס זיינען דא א ריבוי פעמים ווען עס איז געווען "הקב"ה גוזר וצדיק מבטל" נאך פאר רשב"י, [וכאמור - אויך בא ר"ע. וואס ער איז געווען רבו פון רשב"י [ווי רשב"י האט געזאגט[194]: "שנו מדותי שמדותי תרומות מתרומות מרותיו של ר"ע], און אויך בא רבו דרבו (ר"א רבו דר"ע[195][196]), און אויך בא חוני המעגל, וואס ער איז געווען נאך זמן בית ראשון[197], ניט ווי רשב"י וואס ער איז געווען לאחר חורבן בית שני, ועד"ז לאחרי רשב"י איז געווען כמ"פ דער ענין פון "הקב"ה גוזר וצדיק מבטל" בא תנאים ואמוראים - איז פארוואס ברענגט דער זהר "כגון רשב"י" דוקא?!

נד. אויך דארף מען פארשטיין:

בנוגע צו רשב"י עצמו געפינט מען אין אן אנדער ארט אין זהר אז ס'איז געווען א גזירה פון עצירת גשמים און רשב"י האט עס מבטל געווען, אבער דורך אן אנדער ענין - און דא ברענגט דער זהר ניט דעם סיפור - נאר גאר א סיפור הפכי,

און עד"ז ווערט אויך נאך א שאלה, א שאלה אויף כמה דרושי חסידות:

- אין -

------------

189) פרק ג. 190) יט, א. כג, א. 191) פרש"י שם כג, א ד"ה עוגה. 192) פרש"י ד"ה דעגיל - מנחות צד, ב. 193) כה, ב. 194) גיטין סז, א. וראה מנחות עב, א ובפרש"י שם ד"ה רבו. תולדות תנאים ואמוראים (הוימאן) ע' רשב"י. 195) ראה שם ע' ר"א וע' ר"ע. 196) תענית שם. 197) ראה ירושלמי תענית פ"ג ה"ט.

אין אן אנדער ארט אין זהר[198] ווערט דערציילט אז "זמנא חדא הוה צריכא עלמא למיטרא אתו לקמי' דר"ש כו'" האט רשב"י געזאגט תורה און "אתי מיטרא",

איז מען מבאר אין די דרושי חסידות פון ל"ג בעומר אויף "זמנא חדא הוה צריכא עלמא למיטרא"[199] (אין א חלק פון די דרושים) דעם חילוק צווישן רשב"י מיט חוני המעגל, אז רשב"י האט ממשיך געווען גשמים דורך תורה, און חוני המעגל - דורך תפלה. און מ'איז מבאר מעלת רשב"י וואס דערפאר האט ער ממשיך געווען גשמים ע"י תורה -

און דא, בשעת דער זהר זאגט אז "קוב"ה גזיר ואיהו מבטל כגון רשב"י" - ברענגט גאר דער זהר אז "רחיש ר"ש בצלותא". און דורך "צלותא" (תפלה) האט ער מבטל געווען די גזירה אע"פ אז מעלת רשב"י איז אז ער איז מבטל א גזירה דורך תורה, ניט דורך תפלה?!

מיט נאך כמה ענינים בלתי מובנים כלל אין דעם זהר.

וכאמור, דער טאטע באווארענט עס ניט אין די הערות, פארלאזנדיק זיך אז מ'וועט זיך זיכער אליין כאפן אויף דעם ביאור.

וכפי שיתבאר לקמן.

נה. ע"ד ווי ה' אדר איז א טאג נאך ז' אדר, ווי גערעדט פריער - עד"ז איז ער א טאג פאר ט' אדר,

וואס דעריבער איז (ע"ד ווי מ'האט גערעדט פריער וועגן דער הוראה וואס מ'לערנט ארויס פון ז' אדר - עד"ז איז) באן המקום צו רעדן וועגן דעם ענין און הוראה פון ט' אדר.

אין דעם ענין פון ט' אדר זיינען דא כמה ענינים; וויבאלד אבער אז "אדם קרוב אצל עצמו"[200], און "עניי עירך קודמין"[201], ווי מ'געפינט עס אויך אין דעם ענין התפלה, אין תפלת המלך, אז פריער איז ער מתפלל פאר זיך. "ושמעת אל תחינת עבדך", און דערנאך פאר "עמך ישראל"[202] וואס דערפאר וועט מען ריידן לכל לראש וועגן ט' אדר ווי דאס איז שייך צו אונז, און ווי דאס איז שייך במיוחד צו מדינה זו (ארצות הברית).

- נו. -

---

198) ח"ג נט, ב. 199) מאמרי אדה"ז - אתהלך לאזניא ע' רי ואילך. סה"מ תרכ"ז ע' רסז ואילך. וראה גם אוה"ה ויקרא ס"ע רנד ואילך. ד"ה פדה בשלום (הב') עטר"ת (סה"מ עטר"ת ס"ע קל ואילך). 200) סנהדרין ט, סע"ב. וש"נ. 201) ב"מ עא, א. 202) מ"א ח, ל.

נו. דער ענין פון ט' אדר (שני) איז, אז דעמולט (בשנת ה'ש"ת) איז כ"ק מו"ח אדמו"ר געקומען אויף יבשת מדינה זו, אין חצי כדור התחתון (ווי דער לשון פון כ"ק מו"ח אדמו"ר במכתבו הידוע[203]), און אן אופן פון קביעות (ניט ווי דעם ערשטן מאל[204] ווען ס'איז געווען באופן עראי, ע"ד "ואתהלך באוהל"[205]).

און אע"פ אז אויך פריער איז שוין געווען "הנצנים נראו בארץ"[206], עס זיינען שוין געווען במדינה זו חסידי חב"ד, און שיעורים אין חסידות חב"ד, ביז - שיעורים ברבים - אעפ"כ, איז דוקא בט' אדר, ווען כ"ק מו"ח אדמו"ר איז געקומען אין יבשת מדינה זו האט זיך אנגעהויבן א נייע תקופה פון עשר שנים, כיט א נייע הנהגה וכו',

וכמדובר כמ"פ[207] אז די נשיאות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר איז געווען דרייסיק יאר, "ויהי בשלשים שנה"[208], פון שנת תר"פ ביז שנת תש"י, און די דרייסיק יאר זיינען געווען איינגעטיילט אין דריי תקופות פון עשר שנים (וואס נאך די לעצטע תקופה פון עשר שנים וואס זי האט זיך אנגעהויבן בט' אדר שני ה'ש"ת איז געווארן אן אנדער סדר) - האט זיך די דריטע תקופה אנגעהויבן - בט' אדר שני ת"ש, ווען ער איז אנגעקומען אין ארה"ב [וואס שנת ה'ש"ת איז געווען א שנת העיבור, ווי שנה זו].

נז. ענין הנ"ל האט א שייכות מיוחדת אויך צו ח' אדר גופא:

כמסופר ע"י כמה וכמה[209], איז כ"ק מו"ח אדמו"ר אנגעקומען אין נמל שוין ביום השני, ח' אדר שני,

נאר וויבאלד אז ער איז אנגעקומען נאך פיר אזייגער אחרי חצות היום [כ"ק אדמו"ר שליט"א הסתכל על השעון, ואמר בחיוך: מ'קען דאך א קוק-טאן אויפן זייגער - פיר אזייגער מיט פינף מינוט] - איז ער ערשט אראפגעגאנגען אויף יבשת מדינה זו - אויף מארגן, יום ג', ט' אדר שני, ווארום אזוי איז געווען דער סדר, דער חוק, פון דעם נמל, אז אויב מ'קומט-אן נאך פיר אזייגער אחרי הצהרים - לאזט מען

- ארויסגיין -

------------

203) סה"מ תש"ח ע' 235 ואילך. 204) י"ב אלול תרפ"ט - כ' תמוז תר"ץ (סה"ש ה'ש"ת ע' 4). 205) ל' הכתוב - ש"ב ז, ו. 206) ל' הכתוב - שה"ש ב, יב. 207) לקו"ש חו"ב - י"ב-יג תמוז תשל"ט ס"ו. שיחת י"א ניסן תש"מ. ועוד.
208) יחזקאל א, א. וראה קצוה"ע להניא ע' עו. לקו"ש ח"ב ע' 591 ואילך. ח"ד ע' 1323 ואילך. לקוטי לוי"צ אגרות ע' רעז.
209) ראה גם "רשימה מיומנו של אחד הנוסעים" - נדפסה בהוספה לסה"ש ה'ש"ת; בריש סה"מ ה'ש"ת.

ארויסגיין אויף יבשה המדינה ערשט אויף מארגן בבוקר.

נח. פון דעם ענין פון ט' אדר, ועד"ז פון דעם ענין פון ח' אדר (כנ"ל) - דארף זיין א הוראה:

דאס וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געטאן במשך די שעות פון וועז ער איז אנגעקומען אין נמל ביז ער איז ארויס אויף דער יבשה, וואס זיכער האט ער דעמולט עובד געווען עבודהו, ווארום "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"[210] - איז ניט פארשריבן געווארן אין דער רשימה, צי ע"פ שכל, צי ניט ע"פ שכל (עכ"פ צו מיר איז דאס ניט אנגעקומען) -

במילא, האט מען דערפון ניט קיין הוראה, ווארום ס'איז שווער אפצולערנען פון אן ענין וועלכן מ'ווייס ניט;

עס זיינען אבער דא די ערשטע שיחוה וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט (אנקומענדיק) אין ארה"ב, אויף מארגן, ט' אדר (ווי עס איז שוין אפגעדרוקט[211] - קען מען דארטן קוקן ווי עס שטייט בדיוק).

און עס איז פארשטאנדיק אז זיכער האט ער געמאכט א הכנה דערצו, ווארום עס שטייט דאך אין פנימיות התורה, אין זהר[212], און אויך אין מדרש[213], אין נגלה דתורה, אז איידער מ'זאגט א זאך ברבים דארף מען דאס איבערגיין ד' פעמים בינו לבין עצמו (און מ'ברייגנט אויף דעם א ראי' פון דעם פסוק[214] "אז ראה ויספרה הכינה וגם חקרה"), ביז אז אזוי איז אויך בנוגע צו קריאה בתורה ברבים, אז איידער מ'לייענט בתורה ברבים דארף מען איבערגיין די קריאה "פעמיים ושלש בינו לבין עצמו"[215].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין די שעות איידער ער האט געזאגט די שיחות הנ"ל - האט ער געמאכט די הכנה דערצו.

נט. אין די שיחות וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט גערעדט דעמולט, אין ט' אדר, אין דער צווייטער שיחה[216], האט ער אנגעזאגט א בשורה טובה - אז "אין דער עונג שבת שול וועט בעזה"י מארגן (י' אדר) געעפנט ווערן די ישיבה תומכי תמימים ליובאוויטש אין אמעריקא".

וואס אע"פ אז ערשט אויף מארגן, י' אדר, האט מען אנגעהויבן לערנען בפועל - איז אבער, כאמור, בט' אדר שוין

- געווען -

---

210) זח"ג צד, ב. 211) בסה"ש שם בתחלתו. 212) ח"ב ר, ריש ע"ב. וראה גם זה"א ה, סע"א. 213) שמו"ר רפ"מ. וראה גם תנחומא יתרו טו. 214) איוב כח, כז. 215) טושו"ע או"ח ר"ס קלט, משמו"ר והנחומא שם. 216) סה"ש שם ע' 5.

געוועז די החלטה, וואס די איז געוועז א החלטה פון א צדיק, וואס "צדיקים דומין לבוראן"[217].

ס. וואס דעריבער איז כאן המקום צו דערמאנען וועגן דער התוועדות וואס איז נהוג שוין כמה שנים,

ובמיוחד - וועגן דער "מלוה מלכה" וואס וועט פארקומען במוצאי שבת בקשר מיט "תומכי תמימים",

וואס הגם אז דאס קומט פאר במוצאי שבת, און "אין שבת מכינה לחול"[218] - איז אבער "מפקחין על עסקי רבים בשבת"[219] -

אז די "מלוה מלכה" זאל זיין "ברוב עם", וואס "ברוב עם הדרת מלך"[220], ובפרט אז עס רעדט זיך דא וועגן "מלכו של עולם", דער אויבערשטער,

וואס די "מלוה מלכה" בקשר מיט "תומכי תמימים" איז שייך אויך במיוחד צו דעם ענין פון פנימיות התורה, צו "יפוצו מעינותיך חוצה".

סא. די "מלוה מלכה" איז שייך במיוחד צו איצטער - ווארום מ'האלט איצטער נאך פיר אזייגער לאחרי חצות היום אין ח' אדר,

ונוסף לזה - מ'האלט איצטער אין שבת, אין זמן פון רעוא דרעוין[221], וואס אויך דאס האט א שייכות מיוחדת און א קשר מיוחד צו דעם ענין הנ"ל פון ס' אדר, דאס וואס דעמולט איז כ"ק מו"ח אדמו"ר אנגעקומען למדינה זו, און האט מייסד געווען תומכי תמימים, ובמילא - אויך צו דער מלוה מלכה -

ווארום, כאמור, דעמולט האט מען אנגעהויבן לערנען אין ביהכ"נ "עונג שבת",

וואס אויך דאס איז בדיוק, ווארום אויב ניט, פארוואס וואלט כ"ק מו"ח אדמו"ר דאס געזאגט, און דערנאך געהייסן דאס אפדרוקן, וואס א געדרוקטע זאך איז לדורי דורות[222]

וואס דער ענין פון "עונג שבת" איז: דער נועם (עונג) ועריבות פון שבת - "רעוא דרעוין".

סב. א "מלוה מלכה" איז "סעודתא דדוד מלכא משיחא"[223], וואס

- אויך -

---

217) ב"ר פס"ז, ח. 218) פס"ז עה"פ בשלח טז, ה. וראה אנציקלופדי' תלמודית ע' הכנה ס"ג. וש"נ. 219) שבת קנ, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סש"ו ס"ו (סי"ב). 220) משלי יד, כח. 221) ראה המשך תרס"ו ע' תקמה. 222) לקו"ש ח"ב ע' 522. 223) סידור האריז"ל (להר"ש מרשקוב). פע"ת סוף שער השבת

אויך דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון פנימיות התורה וואס פנימיות התורה איז פארבונדן מיט תו"ת,

און ניט נאר פנימיות התורה סתם, נאר ווי פנימיות התורה קומט אראפ אין הבנה והשגה אין חב"ד, און אין אן אופן פון "יתפרנסון"[224].

וואס דאס האט אויך א שייכות צו דעם ענין פון פרשת זכור, "מלחמה לה' בעמלק מדור דור" - ווארום דער בעסטער אופן ווי צו מלחמה האבן מיט עמלק, איז - בשעת ער האט דעם ענין פון "יודע את ריבונו", דער לימוד פון פנימיות התורה, ביז אין אן אופן פון "יתפרנסון",

און ביז - אין אן אופן וואס איז שייך צו תו"ת, אין אן אופן פון "נרות להאיר"[225].

סג. דער ענין פון לערנען פנימיות התורה און זיין "נרות להאיר" איז שייך צו יעדערן וואס האט נאר אמאל געלערנט אין תו"ת

- און אפילו נאר לפי שעה, אן קיין אונטערשייד פארוואס ער איז איצטער ניט אין תו"ת, און אפילו אויב ער האט תחונה געהאט און איצטער פארנעמט ער זיך מיט ענינים נעלים, ענינים נעלים בכמות, אדער ענינים נעלים באיכות - וואס ער איז לכאורה ניט שייך צו ת"ת, עכ"פ ער זיצט ניט אויף די ספסלים פון תו"ת -

ווארום בנוגע צו אלע עניני תורה ומצות זאגט מען[226] אז "יחוד זה למעלה הוא נצחי לעולם ועד", אבער בנוגע צו אלע ענינים זאגט מען אז דאס איז "למעלה"; בנוגע אבער צו די וואס האבן געלערנט אין תו"ת איז דאס - "נצחי לעולם ועד".

וואס דערפאר דארף יעדערער וואס האט אמאל געלערנט אין תו"ת - לערנען פנימיות התורה, און ביז אין דעם אופן ווי רבותינו נשיאינו האבן דאס אראפגעטראגן אין חב"ד, אין אן אופן פון "יתפרנסון", ביז - אין דעם אופן פון "נרות להאיר", אויף באלייכטן דעם חושך וואס איז חוץ פון זיינע ד' אמות, ווי רבותינו נשיאינו, ביז כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, וואס ער איז געווען, און איז, זייער ממלא מקום, האבן געזאגט.

סד. כאן המקום צו באווארענען אן ענין, וואס איך האב

- געמיינט -

---

224) ל' ההקו"ז ה"ו בסופו. וראה הקדמת מק"מ לזהר. כס"מ לתקו"ז שם. וראה לקו"ש ח"ז ע' 206 ואילך ובהערות שם.

225) ראה לקו"ש ח"ב ע' 484 ואילך. חי"ב ע' 149. ועוד.

226) תניא פכ"ה (לב, א).

געמיינט אז מ'וואלט עס פארשטאנען בפשטות פון זיך אליין, וויבאלד אבער אז איך זע אז עס פעלט די באווארעניש - איז כאן המקום דאס צו באווארענען:

בשעת מ'זאגט "נרות להאיר", איז דער פשט - אז מ'דארף לייכטן מיט דעם ענין האור שבו:

א נר האט אין זיך אויך א כמוה - וועט ער אוועקלייגן דעם כובד הנר און דאס וועט מכריע זיין דעם כובד האבן!

זאגט מען אים, אז ער דארף באלייכטן ניט מיט דעם, נאר - מיט דעם אור הנר, מיט דעם אור פון פנימיות התורה.

סה. ובאותיות פשוטות: עס קען זיין א הנהגה אין אן אופן אז ער קומט אין אן ארט, און וויבאלד אז ער האט געלט, און ער האט כח - האט ער א דיעה, במילא זאגט ער אז מ'זאל מקיים זיין תורה ומצות.

ער ווייזט אז ער איז א "קנאקער", און א מבין אין עניני העולם, ער האט א גוטן מויל, איז נאכן אפזאגן אט די ענינים - פירט ער אויס, אז אשר לכן דארף מען מקיים זיין תורה ומצוות, ועד"ז אין אנדערע אופנים שעד"ז.

איז א וועג איז דאס, און מ'דארף זען בכל מיני אופנים אז א איד זאל מקיים זיין תו"מ, ואדרבה - "מי יודע אם לעת כזאת הגעת גו'"[227], עס קען טאקע זיין אז דערפאר האט ער די אלע ענינים, בכדי ער זאל קענען דאס אויסנוצן אויף הפצת המעינות חוצה און משפיע זיין בנוגע צו תומ"צ, און ווען ער נוצט עס אויס אויף דעם - איז עס טאקע א גוטע זאך -

אבער ניט דאס איז דער אויפטו פון איינעם וואס האט געלערנט אין תו"ח; דער אויפטו פון איינעם וואס האט געלערנט אין תו"ח איז - אז ער זאל מאיר זיין מיט אור: ער זאל חזר'ן א מאמר חסידות; אז ער טוט מיט יענעם בנוגע צו תומ"צ - דארף ער אים זאגן א מאמר חסידות.

ער דארף טאקע אויסנוצן אלע רמ"ח איברים און אלע שס"ה גידים און טאן בכל מיני אופנים אויף מקרב זיין אידן צו תומ"צ; וויבאלד אבער אז זיין עיקר ענין, די שליחות מיוחדת פאר די וואס זיינען שייך צו תו"ח, איז - "נרות להאיר" - דארף ער מאיר זיין יענעם מיט זיין "אור": חזר'ן יענעם א מאמר חסידות, אדער אויב ער איז נאך ניט שייך - איז אן אות, א פרק (צוויי פרקים), אדער עטלעכע שורות,

און אויב ער האט א ספק אין דעם ענין - איז דאס אלץ

- לחומרא -

---

227) ל' הכתוב - אסתר ד, יד.

לחומרא, זאל ער גיסן און גיסן. וואס דעמולט איז זיכער אז עכ"פ א ביסל וועט ער פועל'ן.

סו. עד"ז איז דא נאך אן ענין בדומה לזה:

בשעת מ'גייט ארוים טאן אין די מבצעים, איז וויבאלד אז מיט יענעם דארף מען רעדן אויף ענגליש, ווארום יענער פארשטייט (נאך) ניט אויף קיין אנדער שפראך, וועט ער אויף יענעם ניט פועל'ן אויב ער וועט ניט רעדן קיין ענגליש, איז וויבאלד מ'רעדט מיט אים אויף ענגליש - רעדט מען מיט אים ענגלישע ענינים!

וואס אויב אויך אים מקרב זיין דארף מען מיט אים רעדן ענגלישע ענינים - זאל מען מיט אים רעדן ענגלישע ענינים - אבער עס דארף זיין דער ענין פון "נרות להאיר", פועל'ן אויף יענעם מיט אור:

מ'דארף יענעם זאגן א מאמר חסידות, טאקע אויף "שבעים לשון", איבערגעזעצט אויף ענגליש, אבער ענינים פון חסידות, א ווארט, א מאמר חסידות וכיו"ב, פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, איבערגעזעצט אין אן אופן וואס איז שייך צו זיי.

וואס כ"ז איז ווי ס'איז געווען בא יהושע (וואס דער טאג פון ח' אדר האט א שייכות צו אים, כנ"ל), אז ער איז געווען "כפני לבנה", זיין אופן פעולה בעולם איז געווען "כפני לבנה", וואס ענינה איז - מאיר זיין אור.

וואס מ'קען אויך דערויף נוצן מאמרים פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס עס זיינען דא מאמרים וועלכע ער האט געזאגט אין א סגנון פון א שיחה, בכדי אז עס זאל זיין צוגענגלעך צו לערנען,

און ער האט אויך געטאן אין דעם ענין פון הפצת החסידות, און אין איבערזעצן חסידות אין כמה שפראכן,

און אויך זיינע שיחות, אנהויבנדיק פון דער שיחה הנ"ל פון ט' אדר.

סז. אין דער שיחה הנ"ל פון ט' אדר[228] האט ער אויך דערמאנט וועגן די אידן וואס געפינען זיך במצור ובמצוק, וואס בימינו איז דאס לכל לראש - די אידן וואס געפינען זיך מאחורי מסך הברזל, דער ארט וואו ער איז נולד, נתחנך און נתגדל געווארן,

אז בא זיי זאל זיין טאקע "נאו" ממש דער "ולכל בני - ישראל -

---

228) סה"ש שם ע' 3.

ישראל הי' אור במושבותם", ליכטיק אויך בנוגע צו האבן צו-
טאן מיט גוי'שע ענינים, און עס ווערט די הכנה צו "וינצלו
את מצרים"[229].

און מ'גייט ארויס פון גלות "ביד רמה"[230], און דעמולט
וועט זיין "אז ישיר"[231], די שירה העשירית[232], וואס "משה עמהם",

ובמהרה בימינו ממש.

* * *

סח. "מפקחין על צרכי ציבור בשבת", און "אין מזרזין אלא
המזורזין"[233] - איז איצטער, דער שבת פאר פורים, די העכסטע
צייט צו דערמאנען און מעורר זיין וועגן די הכנות וואס
מ'דארף מאכן צו פורים און אלע ענינים דערמיט פארבונדן,

וואס בכדי אז מ'זאל טאן די אלע ענינים אין אן אופן
מסודר - דארף מען דערצו האבן הכנות (ווי מ'געפינט אז
יעדער דבר חשוב דארף האבן א הכנה[234], וואס דערפאר דארף
סעודת שבת האבן א הכנה, משא"כ סעודה חול[235], און דעמולט
האט מען אויך מער הצלחה אין די פעולות וואס צו זיי מאכט
מען די הכנות.

ובפרט בנוגע צו פורים, וואס פורים האט די מעלה אז
ער איז א יום אחד: ע"ד ווי חג השבועות, זמן מתן תורתנו,
וועז ס'איז געווען דער "קבלו כבר" פון תורה, איז א "יום
אחד", כמבואר אין די הוספות צו תורה אור[236] די מעלה בזה -
עד"ז איז אויך פורים, ווען ס'איז געווען דער "קיימו מה
שקבלו כבר" במ"ת[237], "קיימו וקבלו היהודים"[238], א "יום אחד".

וואס באמת איז בכדי אז דאס זאל זיין אין אן אופן
מסודר און מיט א סאך הצלחה - דארף מען האבן א ריבוי זמן
פון הכנות דערצו, מער זמן ווי פון דעם שבת ביז פורים -

איז אבער זיכער, אז ווען עס קומט דער שבת פאר פורים,
ווערט נאכמער קאך, ובמילא מוז מען נאכמער אין די הכנות צו
פורים לגבי ווי ס'איז געווען פאר דעם שבת, און אזוי -
וואס נענטער מ'ווערט צו דעם זמן פון פורים - איז אלץ מער
דער קאך אין דעם,

ובמילא איז וואס נענטער מ'ווערט צו פורים - מאכט מען

- נאכמער -

------------

229) בא יב, לו. 230) בשלח יד, ח. 231) שם טו, א.
232) מכילתא עה"פ. ובכ"מ. 233) במדב"ר פ"ז, ו. וראה מכות
כג, א. 234) ראה אנציקלופדי' תלמודית ע' הזמנה (א) ס"ג.
וש"נ. 235) ביצה ב, ב ובפרש"י שם ד"ה ואין. 236) קט,
סע"ד ואילך. 237) שבת פח, א. 238) אסתר ט, כז.

נאכמער הכנות צו פורים, מיט א גרעסערן תוקף וכו',

און יעדער שעה, ביז אויך יעדער שעה אין פורים גופא, גיט מען צו נאכמער אין די הכנות, ווארום נוסף לזה וואס יעדער שעה האט איר עבודה בפ"ע - איז זי אויך א הכנה צו די שעות שלאח"ז.

ובפרט בשנה זו וואס פורים קומט אויס בערב שבת, און אויך שבת איז פארבונדן מיט פורים, ווארום דעמולט איז "שושן פורים".

סט. די הכנות צו פורים דארף יעדערער טאן סיי בנוגע צו זיך און סיי בנוגע צו כאו"א מישראל, צו מאכן זיכער און באזארגן אז אלע אידן זאלן פראוועז פורים בתכלית השלימות;

אין רערויף דארף אבער זיין א הדגשה מיוחדת בנוגע צו אידן וואס געפינען זיך אין א מעמד ומצב אין וועלכן זיי דארפן האבן א ספעציעלן עזר -

אידן וואס געפינען זיך אין בתי זקנים, בתי רופאים, בתי האסורים און אין צבא בכל מקום,

ועאכו"כ - אין צבא הגנה לישראל, וואס זיי שטייען בגופם און זיינען שומר און מגין מיט מס"נ ממש אויף דעם גבול פון ארץ ישראל, בכדי אפצוהיטן "שלימות הארץ" כפשוטו.

ע. וואס די שלימות פון גופם (פון די אנשי צבא) דערמאנט אויף דעם ענין פון "שלימות הארץ",

אז מ'טאר ניט אפגעבן, ח"ו, קיין "שעל", קיין "אינטש", פון ארץ ישראל.

וואס הויבן זיך דאס אן פון דעם וואס דורך אפגעבן עפעס-וואס פון ארץ ישראל איז מען פותח את הארץ לפניהם[239], אן ענין פון פקו"נ ממש.

וואס דערפאר האט עס קיין שייכות ניט מיט דער שבועה פון "לא יעלה בחומה"[240], און מיט "לא תחנם"[241] - ווארום דאס איז אן ענין פארבונדן מיט פקו"נ, אז מצד בטחון פון דער לאנד ויושבי' טאר מען פון איר גארניט אפגעבן.

בנוגע צו די ג' ארצות פון קיני קנזי וקדמוני, וואס

- אידן -

---

239) ראה עירובין מה, א ובפרש"י שם ד"ה לספר. שו"ע אדה"ז או"ח סשכ"ט ס"ו. 240) כתובות קיא, א. 241) ואתחנן ז, ב ובפרש"י. ע"ז כ, א. רמב"ם הל' ע"ז פ"י ה"ג-ד. טוש"ע יו"ד סקנ"א ס"ח ואילך.

אידן וועלן באקומען לע"ל, כמ"ש[242] "ואם ירחיב ה' אלקיך את גבולך" (משא"כ איצטער האט עס דער אויבערשטער נאך ניט אפגעגעבן אידן), ועד"ז בנוגע צו די ארץ שבעה עממין וואס דער אויבערשטער האט נאך ניט אפגעגעבן אידן - דארף מען נאך קלערן צי מצד בטחון פון ארץ ישראל דארפן דאס אידן האבן; בנוגע אבער צו דער ארץ וואס דער אויבערשטער האט יע אפגעגעבן אידן - איז א דבר ברור אז מ'דארף דאס האבן צוליב בטחון, און מ'טאר דערפון ניט אפגעבן קיין "שעל".

עא. (און נאך) דער טעם הנ"ל פארוואס מ'טאר ניט אפגעבן עפעס-וואס פון ארץ ישראל, דערפאר וואס דאס איז פקו"נ, וואס דאס איז א טעם וואס איז שייך בכל מקום, אויך אין חו"ל - קומט-צו נאך א טעם, וואס איז שייך דוקא אין ארץ ישראל:

בשעת מ'גיט-אפ עפעס-וואס פון ארץ ישראל - איז דאס גזילה ממש פון אלע אידן בכל מקום שהם!

ווארום דער אויבערשטער האט אפגעגעבן ארץ ישראל צו כאו"א מישראל: אידן זיינען טאקע ניט ברצונם געגאנגען אין גלות און ניט ברצונם וועלן זיי ארויס פון גלות[243] - אבער דעם חלק פון ארץ ישראל וואס דער אויבערשטער האט נאך זייענדיק אין גלות אפגעגעבן אידן

- וואס דאס איז א זיכערע זאך אז דער אויבערשטער האט עס זיי אפגעגעבן; טאקע ע"י שלוחים, אבער ניט ח"ו אין אן אופן פון "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה"[244], נאר דער אויבערשטער האט עס זיי אפגעגעבן -

האט קיינער קיין רעכט ניט אפצוגעבן, ווארום דאס באלאנגט ניט צו איס (צו דעם וואס וויל דאס אפגעבן), און אפילו ניט צו כמה מישראל, און אפילו ניט בלויז צו די אידן וואס געפינען זיך אין ארץ ישראל - נאר דאס באלאנגט צו כאו"א מישראל וואו ער זאל זיך נאר געפינען, אפילו אין חוץ לארץ[245].

און אויב מ'גיט עפעס יע אפ ח"ו - איז דאס גזילה פון די אלע אידן, וואס אפילו אין חוקי העולם האט קיינער קיין רעכט ניט צו אפגעבן א זאך וואס באלאנגט צו א צווייטן!

עב. וואס דאס איז א דבר חידוש וואס מ'געפינט דוקא בנוגע

- צו -

---

242) שופטים יט, ח. ספרי ופרש"י עה"פ. וראה גם ראה יב, כ ובספרי עה"פ. 243) ראה לקו"ד כרך ד הרצב, א. 244) ראה עקב ח, יז-יח. וראה סמ"ג מל"ת סד. 245) ראה שיחת מוצאי ש"פ לך לך תשל"ח ובהערות שם.

צו ארץ ישראל:

אין חוץ לארץ בשעת מ׳איז זיך מעתיק פון א שכונה צו לעבן אין אן אנדער שכונה, מצד טעמים של שטות, איז מען טאקע מזיק זיך אליין, און מזיק די אידן וואס לעבן אין דער שכונה (פון וואנעט מ׳קלייבט זיך ארויס)[246] - מ׳איז אבער ניט מזיק אלע אנדערע אידן וואס לעבן במקומות אחרים;

בשעת מ׳גיט אבער אפ א חלק פון ארץ ישראל - איז מען מזיק יעדער אידן און אלע אידן בכל העולם כולו, וואו ער זאל זיך נאר געפינען - וואדום ארץ ישראל באלאנגט צו יעדער אידן און צו אלע אידן בכל קצוי תבל, דערפאר וואס דער אויבערשטער האט עס זיי אפגעגעבן!

לע"ל וועט מען צוטיילן ארץ ישראל לשבטים - אבער איצטער (אין זמן הגלות) באלאנגט יעדער "שעל" פון ארץ ישראל צו יעדער אידן און צו אלע אידן.

וואס דערפאר טאר קיינער ניט אפגעבן ח"ו קיין שום חלק פון ארץ ישראל, ווארום דאס באלאנגט ניט צו אים ער זאל דאס אפגעבן.

עג. און די וואס טענה׳ן און ווילן אפגעבן עפעס פון ארץ ישראל - איז דאס דערפאר וואס זיי שרעקן זיך פון א "קול עלה נדף"[247], אדער דערפאר וואס זיי זיינען אראפגעפאלן פאר גוי׳שקייט, אדער דעהפאר וואס זיי נעמען שוחד, און "השוחד יעור עיני חכמים"[248]: ער בלייבט טאקע א חכם, און ער האט עינים - אבער די עינים זיינען פארדעקט, און דערפאר וויל ער זיך איינרעדן, און רעדט זיך טאקע איין, אז דאס וואס גוי׳שקייט זאגט איז אמת, און דוקא דער דרך פון א "פאליטישען" איז דער אמת׳ער דרך דורך וועלכן מ׳קען צוקומען צו ווי מ׳דארף זיך פירן!

ער אליין ווייסט אויך פון דעם אז "השוחד יעור עיני חכמים" - אבער די עינים זיינע זיינען אזוי פארדעקט - אז ער מיינט אז אלץ וואס ער וויל איז אמת!

ואין להאריך בדבר הפשוט אויך פאר א בן חמש למקרא, דער איינציקער וואס פארשט־יט עס ניט איז - נאר אזא וואס שוחד איז מעור זיינע עינים.

עד. אומקערנדיק זיך לענייננו:

וויבאלד אז די אנשי צבא אין ארץ ישראל האבן דעם זכות

- גדולה -

---

246) ראה לקו"ש ח"ו ע׳ 350 ואילך. 247) בחוקותי כו, לו. 248) שופטים טז, יט.

גדולה צו מגין זיין אויף אידן און אויף ארץ ישראל - דערפאר דארף בא זיי זיין א השתדלות מיוחדה בנוגע צו "מבצע פורים".

נוסף לזה דארף אויך זיין א השתדלות מיוחדה בנוגע צו אנשי צבא אין אנדערע מדינות, און אויך - בנוגע צו אידן וואס געפינען זיך אין בתי זקנים, בתי רופאים און בתי האסורים, כנ"ל.

און מ׳קאן אין דערויף מתוך שמחה, און אויך - ברענגען שמחה צו די מיט וועמען מ׳איז זיך משתדל, וואס שמחה איז פורץ גדר[249] - וועט דאס גורם זיין אז מ׳זאל אין דערויף האבן הצלחה רבה.

עה. און דורך דערויף וועט מען נאכמער צואיילן די גאולה האמיתית והשלימה, אין אן אופן פון "אחישנה"[250], אז בקרוב ממש זאל זיין "מסמך גאולה לגאולה",

וואס דאס קען מען טייטשן אויף צוויי אופנים:

איין אופן - אז פריער קומט די גאולה פון פורים, און דערנאך די גאולה פון פסח, און דערנאך - די גאולה האמיתית והשלימה, וואס וועט זיין "כימי צאתך מארץ מצרים"[251].

א צווייטער אופן קען מען אבער טייטשן - אז פריער קומט די גאולה האמיתית והשלימה, דער "כימי צאתך מארץ מצרים", און דערנאך די גאולה פון פורים (פארבונדן מיט אחשורוש וכו׳), און דערנאך די גאולה פון פסח, פארבונדן מיט די מצוות פון פסח וכו׳.

וואס דער צווייטער אופן איז דער אופן פון "אחישנה".

עו. די נקודה פנימית ועיקרית מכל זה איז - צו מעורר זיין נאכאמאל, אז די אלע וואס האבן געטאן אין "מבצע פורים" ביז איצטער - זאלן נאכמער מוסיף זיין אין דעם; און די וואס מסיבות שונות ומשונות האבן נאך ניט געטאן אין דעם - זאלן זיך איצטער אריינווארפן אין דעם אין אן אופן פון "עד דלא ידע"[252].

און עס זאל זיין "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר", כפשוטו, און כמדרשי חז"ל בזה,

אז מ׳זאל טאן אין "מבצע פורים", און אין די מבצעים

- וואס -

---

249) ראה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ס"ע 49 ואילך. 250) ישעי׳ ס, כב. סנהדרין צח, א. 251) מיכה ז, טו. 252) ראה מגילה ז, ב. טושו"ע או"ח סתרצ"ה ס"ב.

וואס זיינען במיוחד פארבונדן מיט פורים - די מבצעים פון "אורה זו תורה", "מבצע תורה", און "ויקר אלו תפילין", "מבצע תפילין",

און אזוי אויך אין די אנדערע מבצעים - אנהויבנדיק פון אהבה ישראל, וואס איז במיוחד מודגש אין פורים, חינוך, כמודגש אין דער מגילה[253] - "וזכרם לא יסוף מזרעם", תורה, תפילין, מזוזה, צדקה, בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳, נרות שבת קודש, כשרות האכו"ש און טהרת המשפחה,

ביז אז מ׳קומט צו דעם מבצע פון "מסמך גאולה לגאולה", דער מבצע פון "ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל"[254].

עז. דער ביאור אין פרש"י, פארוואס רש"י איז ניט מפרש אז דער פסוק "ואם תקריב מנחת בכורים וגו׳" גייט אויף א מנחת העומר וואס א יחיד ברענגט אלס א קרבן נדבה - אין נקודות עכ"פ:

רש"י האט שוין מפרש געווען פריער[255] אז "אין סולת אלא מן החטין", און אלע מנחות נדבה וואס א יחיד ברענגט זיינען דאך פון סולת,

איז וויבאלד אז דער ענין פון "ואם תקריב מנחת בכורים" רעדט וועגן א מנחה וואס קומט פון שעורים - קען רש"י ניט מפרש זיין אז דאס רעדט זיך וועגן א מנחת נדבה וואס א יחיד ברענגט, און ער מוז מפרש זיין אז אין דער פרשה רעדט זיך וועגן דער מנחת העומר וואס איז א חובה וואס דער ציבור ברענגט.

און דאס איז וואס רש"י זאגט: "ומן השעורים היא באה, נא׳ כאן אביב ונא׳ להלן כי השעורה אביב", אז וויבאלד מ׳לערנט אפ פון "אביב" אז דא רעדט זיך וועגן א מנחה וואס איז פון שעורים - מוז מען מפרש זיין אז דאס גייט אויף דעם קרבן המנחה וואס איז א חובה וואס דער ציבור ברענגט, ווארום א מנחת נדבה וואס א יחיד ברענגט קען ניט זיין פון שעורים.

עח. עפ"ז ווערט אבער די שאלה: פארוואס הויבט רש"י ניט אן מיט די ראי׳ - רש"י זאגט: "במנחת העומר הכתוב מדבר - שהיא באה אביב בשעת בישול התבואה", און ערשט דערנאך - "ומן השעורים היא באה וכו׳"?!

איז דער ביאור אין דעם:

רש"י גייט על סדר הכתובים: פריער ברענגט ער פון "ואם

- תקריב -

---

253) ט, כח. 254) ישעי׳ כז, יב. 255) עה"פ פרשתנו ב, א.

תקריב מנחת בכורים", אז דאס רעדט זיך וועגן א מנחה וואס קומט "בשעת בישול התבואה", און דערנאך ברענגט ער פון דעם ווארט "אביב", וואס שטייט ווייטער אין פסוק, אז "בשעה בישול התבואה" גופא - איז דאס א מנחת הציבור, ווארום "נא' כאן אביב ונא' להלן כי השעורה אביב", וכנ"ל.

וואס עפ"ז וועלן פארשטאנדיק ווערן נאך כמה דיוקים אין דעם פרש"י.

עס. דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר:

דער ענין פון "קוב"ה גזיר ואיהו (צדיק) מבטל" קען זיין אויף צוויי אופנים - אזוי ווי א גזירה קען זיין אויף צוויי אופנים:

עס קען זיין א גזירה ("קוב"ה גזיר") בדרך שלילה, ווי לדוגמא א גזירה פון עצירת גשמים, וואס די גזירה איז ניט אז עס איז דא עפעס א מציאות; ס'איז בדרך שלילה - העדר הגשם,

וואס אין אזא אופן פון גזירה איז דער ענין פון "צדיק מבטל" - אז עס זאל ווערן די זאך וואס איז נשלל געווארן, ער דארף אבער ניט משנה זיין א מציאות וואס איז דא.

א צווייטער אופן איז דא, אז די גזירה מאכט-אויף א מציאות, וואס דאס צו משנה זיין איז א סאך א גרעסערער אויפטו ווי בשעה עס איז דא א גזירה אין אן אופן פון שלילה,

ווארום אע"פ אז אויך דער ערשטער אופן פון ביטול הגזירה, מבטל זיין א גזירה וואס איז בדרך שלילה, איז דוקא דורך א צדיק - איז אבער מבטל זיין א גזירה בדרך חיוב - נעלה הרבה יותר.

און ווי פארשטאנדיק אויך פון דרשות הר"ן[256]. וואס ער איז מסביר אז דער טעם פארוואס דער אויבערשטער האט געזאגט דעם נביא צו גלייך פארבינדן זיין נבואה מיט א דבר גשמי, איז - ווארום דורך דעם ווערט דאס מער קשור מיט במציאות העולם, און עס האט א גרעסערן תוקף, און עס איז מער זיכער אז עס וועט מקוים ווערן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויך בעניננו, אז מבטל זיין א גזירה וואס איז שוין דא אין מציאות העולם באופן של חיוב - איז נעלה הרבה יותר,

און דאס איז דער אמת'ער אויפטו פון "קוב"ה גזיר ואיהו (צדיק) מבטל".

- און -

------------

256) דרוש ב'.

פ. און דאס איז וואס דער זהר כאפט דא אן דוקא "כגון רשב"י", און ניט קיין אנדערע צדיקים וואס האבן מבטל געווען גזירות, ווי לדוגמא מבטל זיין גזירות פון עצירת גשמים, וכיו"ב - ווארום דוקא אין דעם סיפור פון רשב"י האט די גזירה אויפגעמאכט א מציאות בגשמיות העולם, און רשב"י האט דאס מבטל געווען,

ווי עס ווערט דערציילט דארטן אין זהר אז עס איז שוין געווען דער "תויא" (און זיי האבן איס שוין דערזעהן), און ס'איז שוין געווען "פומי' פתיחא", און "לישני' מרחש" וכו', און עד"ז זיינען שוין געווען שינויים אין דער שמש, ועד"ז דאס וואס ער זאגט דארטן "עולו לאתרייכו", אז זיי זאלן צוריקגיין צו זייערע מקומות - זיינען זיי דאך שוין ארויס פון זייערע מקומות,

און רשב"י האט מבטל געווען די גזירה וואס איז שוין געווען במציאות בגשמיות העולם - איז דאס דער אמת'ער אויפטו פון "קוב"ה גזיר ואיהו (צדיק) מבטל", וואס דערפאר זאגט דער זהר "קוב"ה גזיר ואיהו מבטל - כגון <u>רשב"י</u>"*.

פא. וי"ל בדא"פ, אז עפ"ז קען מען אויך מסביר זיין דעם ענין וואס דא איז געווען "רחיש ד"ש בצלותא", און אין אן אנדער ארט אין זהר האט רשב"י געזאגט <u>תורה</u> דוקא אויף מבטל זיין א גזירה (כמבואר אין חסידות די מעלה בזה, כנ"ל) - ווארום עס איז דא א מעלה בזה און א מעלה בזה:

עס איז מבואר אין די דרושים די מעלה וואס איז דא אין דער המשכה דורך תורה - אז תורה איז ענינה מלמעלמ"ע, ווי עס שטייט[260] "מן השמים השמיעך את קולו", און דערפאר איז בשעת רשב"י האט פועל געווען ירידת גשמים דורך תורה, איז די המשכה געווען באופן מסודר, ניט אז ס'איז אראפגעקומען פריער במיעוט וכו' ווי ס'איז געווען בא חוני המעגל, וואס ער האט ממשיך געווען גשמים דורך תפלה, עבודה שמצד המטה, מלמטלמ"ע,

וואס דאס איז די מעלה אין המשכה דורך תורה;

לאידך - איז אבער אויך דא א מעלה אין תפלה:

- תפלה -

---

*) וזה שאהרן עצר את המגיפה אחרי ש"יצא הקצף גו' החל הנגף"[257], וכן אלישע החי' את בן השונמית[258] - אינו דוגמא לכאן. ומהחילוקים: בכ"ז הי' מעשה רב ולא סתם ביטול[259]. ופשוט.

---

257) קרח יז, יא ואילך. 258) מ"ב ד, לד-לה.
259) וראה גם ז"ח רות פה, ד. 260) ואתחנן ד, לו.

תפלה איז "סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה"[261], תפלה ווערט אויפגעמאכט פון ענינים ארציים, ענינים גשמיים פון עולם, און דאס ווערט מתעלה בתפלה; תפלה איז ענינה עלי' מלמטלמ"ע.

וואס בשעת מ'וויל מאכן א שינוי אין מציאות פון גשם העולם - איז פארשטאנדיק, אז אין דערויף פאדערט זיך אן עבודה מצד המטה דוקא, אתעדל"ה, וואס דוקא דורך דעם איז מען משנה די מציאות המטה - איז פארשטאנדיק אז דאס איז דורך תפלה וואס ענינה איז העלאה מלמטלמ"ע, פון עניני העולם, משא"כ דורך תורה.

וואס דאס איז די מעלה וואס איז דא אין תפלה אויף תורה.

וע"ד המבואר אין קו"א[262], אז דוקא תפלה (משא"כ תורה) פועל'ט אז "יתרפא החולה" און אז עס זאל נתברך ווערן די שנה וואס דארפן רעדט ער וועגן "ירד הגשם כו'", אבער אין ברכה השנים זיינען דא צוויי ענינים: ירידת הגשם, און - אויך א שינוי ממש פון מציאות גשם העולם, ווארום עס ווערן שבלים מלאים, משא"כ תורה, וכמבואר בקו"א בארוכה.

און ווי מ'זעט עס אויך בא מ"ת, אז הגם בשעה מ"ת איז געווען "צפור לא צווח עוף לא פרח שור לא געה וכו'"[263]. און מד' רזחות העולם הי' הקול יוצא כו'[264] - אעפ"כ, נאך מ"ת איז דאס ניט געבליבן, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אויך בעת מ"ת איז דאס ניט געווען קיין שינוי אמיתי אין גשם העולם[265].

פב. דערפון קומט אויס, אז בשעת מ'וויל אויפטאן אן ענין וואס דארף ניט פועל זיין קיין שינוי אין גשם העולם - איז מען דאס פועל דורך תורה, משא"כ בשעת מ'דארף פועל זיין א שינוי בגשם העולם - קען מען דאס ניט אויפטאן דורך תורה, נאר דוקא דורך תפלה.

ווארום הגם אז אויך תורה האט א שייכות צו וועלט, און תורה איז גאר בעה"ב אויף וועלט, כידוע דרשת חז"ל[266] עה"פ[267] "לא-ל גומר עלי" -

אעפ"כ, אויף אויפצוטאן א שינוי בעולם, אז עס זאל זיין אתהפכא, דער אהפכא חשוכא לנהורא - איז דאס בעיקר

- ניט -

------------

261) ויצא כח, יב. זח"א רסו, ב. ח"ג שו, ב. תקו"ז הי' מה. 262) ד"ה להבין מ"ש בפע"ח (קנה, א). 263) שמו"ר ספכ"ט. 264) ראה שם פ"ה, ט. תקו"ז תכ"ב (סד, ב). הובא בתניא פל"ו (מו, א). 265) ראה המשך תער"ב ח"ב ע' ההקל ואילך. לקו"ש חי"א ע' 12. 266) ירושלמי נדרים פ"ו ה"ח. ועוד. 267) תהלים נז, ג.

ניט דורך תורה נאר דורך תפלה.

פג. וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס אמאל ווערט דערציילט אז רשב"י האט אויפגעטאן ביטול הגזירה דורך תפלה און אמאל אז ער האט אויפגעטאן ביטול הגזירה דורך תורה:

אין די ערשטער אין זהר וואו עס ווערט דערציילט אז ער האט פועל געווען דורך תורה - רעדט זיך וועגן א גזירה פון עצירת גשמים, איז בשעת ער האט געדארפט אויפטאן דעם ענין פון ירידת גשמים מן השמים - האט ער דאס אויפגעטאן דורך תורה,

ווארום וויבאלד אז בכדי עס זאל בטל ווערן די גזירה פון עצירת גשמים דארף מען ניט מאכן קיין שינוי בגשם העולם - במילא קען מען דאס ממשיך זיין דורך תורה וואס איז מלמעלמ"ט, ואדרבה - דעמולט האט מען די מעלה אז עס קומט אראפ באופן מסודר,

און אין אונזער סיפור, וואו עס ווערט דערציילט אז ער האט אויפגעטאן דורך תפלה - רעדט זיך וועגן א גזירה וואס האט אויפגעטאן א מציאות, און דאס האט מען געדארפט מבטל זיין; ער האט געדארפט פועל זיין דעם אתהפכא חשוכא לנהורא פון דעם נחש, אז עס זאל זיין דער "והשבתי חי׳ רעה"[268] וכיו"ב, איז בשעת ער האט געדארפט פועל זיין א שינוי בעולם - האט ער דאס אויפגעטאן דורך תפלה,

ווארום דוקא דורך תפלה, וואס זי איז מלמטלמ"ע, איז מען פועל א שינוי אין גשם העולם, אז עס זאל זיין דער אתהפכא חשוכא לנהורא, דער "והשבתי חי׳ רעה"*.

פד. און פון דעם ענין פון "והשבתי חי׳ רעה מן הארץ" לויט דער דעה[269] אז "משביתן שלא יזיקו", קומט מען צו דעם ענין פון "והשבתי חי׳ רעה מן הארץ" לויט דער צווייטער דעה[269], אז "מעבירם מן העולם", און אויך צו דער מעלה (וואס איז אין דעם ערשטן אופן) אז דער נחש ווערט א "שמש גדול" (ווי ער איז געווען בתחלת הבריאה[270]), וכמבואר אין די רשימות פון דעם צ"צ אויף תהלים און אויך די מילואים לשם אויפן פסוק[271] "מזמור שיר ליום השבת".

און דאס האט א שייכות צו "מסמך גאולה לגאולה", צו

- דער -

---

268) ל׳ הכתוב - בחוקותי כו, ו. 269) תו"כ עה"פ.
270) סנהדרין נט, ב. 271) תהלים צב, א.

---

*) לשלימות הענין - ראה שיחת ש"פ צו, שושן פורים; ש"פ שמיני, פ׳ פרה.

דער גאולה פון פסח – ווארום אין ערב פסח, בנוגע צו ביעור חמץ, זיינען דא די צוויי דעות פון ר"י מיט די חכמים[272], וועלכע זיינען בדוגמה די צוויי דעות אין "והשבתי חי' רעה מן הארץ"[273].

פה. ויהי רצון, אז עס זאל נתבטל ווערן דער גלות, וואס גלות (לילה, חושך) איז א מציאות פון העדר,

און אפילו לויט דער דעה[274] אז חושך איז א מציאות, איז אפילו בשעה ס'איז "ויהם חושך"[275] – איז "ולכל בני ישראל הי' אור במושבותם", און נים נאר פאר כמה פון "בני ישראל" נאר "לכל בני ישראל", וואו נאר ער איז, אפילו אז ער איז פארבונדן מים א מצרי[276],

וואס דאס איז אפילו נאך זייענדיק אין גלות, און דאס ווערט די הכנה צו דער גאולה, אז עס ווערט אויס גלות, און עס ווערט די גאולה,

און "בשה עמהם", און עס ווערט דער "ויקרא אל משה", און דערפון קומט מען צו "צו (את בני ישראל)" וואס מען גייט באלד לייענען, וואס "אין צו אלא לשון זירוז מיד ולדורות"[277], אז אלץ ווערט אויפגעטאן אין אן אופן של זריזות.

און עס ווערט אויס גלות, אויס לילה, ווי דער אוה"ח טייטשט אז "היא העולה על מוקדה על המזבח כל הלילה" וואס שטייט אין דער פרשה[278], ועד"ז די גאנצע פרשה, גייט אויף דער ליל הגלות,

וואס עס איז שוין "כלו כל הקיצין"[279], אויך דער קץ וואס דער אוה"ח זאגט דארטן – ווערט "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר", כדרשת רז"ל, און אויך כפשוטו,

ביז אז מ'גייט אלע צוזאמען לקבל פני משיח צדקנו, דוד מלכא משיחא,

ולכמה מעבדה ספחים, במהרה בימינו ממש.

אח"כ אמר: וואו זיינען די עסקנים פון דער מלוה מלכה,

ונתן יי"ש לכמה מהעסקנים, והבקבוק נתן להר' מ.פ. הכהן שיחי' כ"ץ.

- צוה -

---

272) פסחים רפ"ב. 273) ראה בארוכה לקו"ש ח"ז ע' 188 ואילך. 274) ראה בהנסמן בסה"מ תש"ח ע' 239 הע' ב. 275) בא י, כא. 276) ראה שמו"ר פי"ד, ג. פרש"י עה"פ שם, כב. 267) הו"ב (הובא בפרש"י) ר"פ צו. 278) צו ו, ב. 279) סנהדרין צז, ב.

צוה להכריז אודות המלוה מלכה.

אח"כ התחיל כ"ק אדמו"ר שליט"א לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

אח"כ אמר:

פו. "זה הקטן גדול יהי'", פון די קטנים, וואס זיי זיינען ווי אן "אל"ף זעירא" - זאל ווערן "אל"ף רבתי", ווי עס שטייט ביי אדם הראשון (אין דברי הימים), והם בראש - אז פון זיי זאל זיך אנהויבן דער "דברי הימים" לישראל פון "אחרית הימים",

לרוב נחת פון הוריהם, מוריהם ומחנכיהם, אז זיי זאלן קענען זאגן "ראו גידולים שגדלנו",

און די קינדער טוען אין "ויקרא", "א"ת ויקרא אלא ויקריא" (כנ"ל) - איינגעלעך מיט איינגעלעך און מיידעלעך מיט מיידעלעך,

וואס דאס פועל'ט אז עס זאל זיין "זה הקטן גדול יהי'" - פון דעם אל"ף זעירא פון "ויקרא" ווערט דער אל"ף רבתי פון אדה"ר "יציר כפיו של הקב"ה".

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

—— * ——

**בס"ד. שיחת יום ה', י"ג אדר שני, תענית אסתר תשמ"א, בביהכנ"ס, אחרי תפלת מנחה.**

**הנחה פרטית בלתי מוגה**

**א.** מ'האט שוין גערעדט כמ"פ (שיחת אור ליום ג', עשרה בטבת תשל"ח בתחלתה. ועוד), און אויך איינגעפירט בפועל, אז אין ימי התעניות (בזמן תפלת מנחה) זאל זיין אמירת "דברי כבושין", בקיצור עכ"פ.

דאס איז דאך בנוגע לכל ימי התעניות; עאכו"כ אין תענית אסתר, א תענית וואס איז פארבונדן מיט "ימי הפורים האלה" (ל' הכתוב - אסתר ט, כח).

אין ימי הפורים איז דאך געווען דער "קיימו וקבלו היהודים" (אסתר שם, כז), - "קיימו מה שקבלו כבר" בשעת מ"ת (שבת פח, א), וואס בהקדמה צו מ"ת איז דאך געווען די אמירת "נעשה ונשמע" פון אידן (כמסופר אין הושב"כ (משפטים כד, ז, ובארוכה - אין תושבע"פ (שבת שם. **אמירה בפועל** דוקא.

פון דעם איז אויך פארשטאנדיק אז באם **גמר** פון דער קבלה, בימי הפורים "קיימו מה שקבלו כבר", "וקבל היהודים את אשר החלו לעשות" (אסתר שם, כג. וראה בא מ"ת, איז **בהקדמה** לזה וואס איז בערב פורים, תענית אסתר (וואס דעמאלט איז די הכנה צו פורים) - דארף אויך זיין אן ענין פארבונדן מיט אמירה בפועל - אמירת "דברי כבושין".

**ב.** דער ענין פון אמירת "דברי כבושין" בערב פורים (בדוגמא ווי הקדמת נעשה לנשמע קודם מ"ת) איז נאכמער בהדגשה בשעת די אמירה קומט פאר אין א מקום קדוש וואו "מקום שמגדלין בו תורה", וואו מ'לערנט תורה, וביחד מיט ענין התפלה און אין זמן התפלה (כנ"ל אז אמירת "דברי כבושין" איז בזמן תפלת מנחה):

ענין התפלה איז, אז דער אדם המתפלל שטייט "כעבדא קמי' מרי'" וואס דאס איז דאך בדוגמא די נקודה פון הקדמת (אמירת) נעשה לנשמע, אז בא דעם וואס האט אויף זיך דאס אנגענומען, איז מלכתחילה דער החלט גמור אז וואס נאר מ'וועט אים דערנאך זאגן וועט ער מקיים זיין בפועל [ובפרט ע"פ המבואר אין לקו"ת (שה"ש כ"ב, א), אז הקדמת נעשה לנשמע איז א ביטול הכי גדול, דער ביטול צום **בעל** הרצון].

**ג.** נאך א קשר צווישן אמירת "דברי כבושין" מיט ערב פורים (תענית אסתר):

אמירת "דברי כבושין" איז תכליתם ומטרתם, ווי יעדער ענין אין דברי תורה וועלכע זיינען "משמחי לב", ברייגנען א שמחה אמיתית.

וואס מה-דאך אז אויף יעדער עבודה פון א' אידן זאגט מען אז עס דארף זיין בשמחה ובטוב לבב, איז עאכו"כ אז די עבודה כללית פון "קיימו מה שקבלו כבר", "וקבל היהודים את אשר החלו לעשות", דארף זיכער זיין בשמחה ובטוב לבב.

[וואס דאס איז דאך איינע פון די טעמים אויף דעם וואס בפורים דארף זיין א שמחה "עד דלא ידע", מערער ווי שמחת המועדים, וואס "מועדים לשמחה", ווייל דעמאלט איז געווען דער גמר קבלת התורה].

וואס דערפאר, אלס הכנה צו די שמחה וואס דארף זיין בפורים - רעדט מען בערב פורים "דברי כבושין", אויף מעורר זיין בא זיך און מאכן די כלי און זיין ראוי אויף מקבל זיין אט די שמחה, ביז א שמחה אין אן אופן פון "עד דלא ידע", למעלה ממדוה"ג.

ד. אין צוזאמענהאנג מיט תענית אסתר זיינען דא כמה ענינים, אנהויבנדיק ובעיקר פון דעם ענין **התענית** שבה.

וואס כללות ענין התענית, כולל תענית אסתר, איז ענינה - השובה.

[און ווי מ'זאגט אין תפלת "עננו" בכל תענית, אז ע"י התשובה פועל'ט מען די מענה פון דעם אויבערשטן, די קבלת התשובה אין אן אופן פון "סרם נקרא אליך עננו", ווי עס שטייט (ישעי' סה, כד), "והי' טרם יקראו ואני אענה עוד הם מדברים ואני אשמע".

וואס דאס איז דאך פון די מעלות מיוחדות אין ענין התשובה, ווי דער רמב"ם פסק'נט אפ אין הל' תשובה (פ"ז ה"ז: צועק ונענה מיד שנאמר והי' טרם יקראו ואני אענה), וואו ער רעכנט אויס די מעלות פון א בעל תשובה לגבי שאר ישראל, כולל אפילו צדיקים גמורים (ראה שם ה"ד ו)].

דאס איז אבער אן ענין כללי אין אלע ימי תענית. עס מוז דאך אבער זיין און ס'איז דא אן ענין שהזמן גרמא וואס איז במיוחד פארבונדן מיט י"ג באדר, וואס אויף דעם טאג האט מען קובע געווען תענית אסתר.

ה. בנוגע צו וואס עס האט זיך אויפגעטאן בי"ג באדר - איז צום אלעם ערשטן דא וואס עס איז מודגש ומפורש בגלוי אין דער מגילה, אז דעמאלט איז "נקהלו ועמוד על נפשם" (אסתר ט, לז. וראה טאו"ח סתרפ"ו).

ועפי"ז איז מובן אז דער ענין התשובה וואס איז פארבונדן מיט תענית אסתר איז דער ענין "נקהלו ועמוד על נפשם".

דער ביאור בזה און די שייכות צו פורים:

איינע פון די טענות פון המן איז געווען (אסתר ג, ח): "ישנו עם אחד מפוזר ומפורד בין העמים".

וואס דער טעם בפנימיות פארוואס זיי זיינען מפוזר ומפורד בין העמים, איז - דערפאר וואס אידן צווישן זיך זיינען "מפוזר ומפורד", היפך דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך", היפך דעם ענין פון אהבת ישראל.

און דאס (אז אידן צווישן זיך זיינען מפוזר ומפורד) איז פארבונדן דערמיט וואס א איד איז בא זיך אליין "מפוזר ומפורד":

אע"פ אז ס'איז א זיכערע זאך אז יעדער איד, אפילו די גאר נידעריקע צווישן זיי, זיינען אויך "מלאים מצוות כרימון" (חגיגה בסופה. עירובין יט, א), און יעדער איד וויל דינען דעם אויבערשטן, ווי דער פס"ד הידוע פון דעם רמב"ם (הל' גירושין ספ"ב), הלכה למעשה, ד.ה. יעדער איד איז פון דעם "עם אחד" - יעדער איד וויל דינען דעם אויבערשטן;

ביחד עם זה אבער, איז ער אויך "**מפוזר ומפורד**" (כדלקמן בארוכה):

- ביי אים איז דא אמאל א מחשבה דיבור ומעשה וואס טיילן זיך אפ און ווערן פאנאנדערגעשפרייט אין "רשות הרבים", וואס דארטן זעט זיך ניט אן בגלוי אז אלץ געהערט צו "יחידו של עולם", צו דעם אויבערשטן (ראה תניא ספל"ג, ובכ"מ),

און דערפאר איז דא די טענה און דער קטרוג, אז מ'איז "מפוזר ומפורד בין העמים".

ו. און דערפאר איז די תשובה אויף דעם (- די שלילה פון די טענה און קטרוג): דאס וואס בא אידן ווערט "נקהלו", דער ענין האחדות, היפך טענת המן פון "מפוזר ומפורד".

וואס דאס דריקט זיך אויס אין דעם נאמען וואס אידן ווערן אנגערופן אין דער מגילה - "יהודי", אז ער איז "מודה בכל התורה כולה" און "כופר בעבודה זרה" (כמחז"ל (מגילה יג רעא): "ואמאי קרי לי' (למרדכי) יהודי על שום שכפר בע"ז שכל הכופר בע"ז נקרא יהודי", ו"כל הכופר בה (בע"ז) כמודה בכל התורה כולה", אין יעדער ענין וואס איז פרעמד צו אידן און אידישקייט, וואס דעמאלט ווערט די שלימות האחדות בא דעם אידן גופא.

און דאס ברייננגט דעם "ועמוד על נפשם", אז ניט נאר וואס קיינער קען ניט אנרירן די נפשות פון "נער ועד זקן טף ונשים" (אסתר ג, יג), נאר אדרבה - "ונהפוך הוא", אז "ישלטו היהודים המה בשונאיהם" (שם ט, א), ביז אז "נפל פחד היהודים על כל העמים" (שם, ב. וראה שם ח, יז).

ז. און דאס איז די תשובה מיוחדת פון תענית אסתר, ווארום אע"פ אז דער ענין פון "נקהלו ועמוד על נפשם" האט געטראפן בי"ג באדר אמאל - איז דאס אבער ווי אלע ענינו תורה וואס התורה היא נצחית (תניא רפי"ז), א הוראה, נצחית, ובפרט ווען עס קומט דער זמן בשנה ווען דער מאורע איז געווען דעמאלט, י"ג באדר.

בא יעדער אידן און ביי אלע אידן דארף זיין דער ענין פון "נקהלו", "הקהל את העם האנשים והנשים והטף" (ל' הכתוב - וילך לא, יב), [וואס דאס איז נאכמער בהדגשה בשנה זו, דערפאר וואס זי איז א שנת הקהל] -

און דאס דארף ביי אים זיין פארבונדן מיט "ועמוד על נפשם". ער דארף וויסן אז דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן **בנפשו**, אז כדי עס זאל זיין "ועמוד על נפשם" - דארף זיין די הכנה און הקדמה לזה דער ענין פון "נקהלו".

ח. דער ענין פון "נקהלו", איז נאכמער ווי דער כללות הענין דאהבת ישראל:

בשעת מ'זאגט "ואהבת לרעך כמוך", קען דאס זיין אין אן אופן אז ער מיט "רעך" זיינען ווי צוויי באזונדערע זאכן, ער איז אוהב רעהו ווי ער האט ליב זיך;

דא זאגט מען אבער, אז עס ווערט נאכמער - "נקהלו", אז זיי (ער מיט רעהו) ווערן **איין** מציאות.

און ווי מ'זאגט בנוגע צו הקהל, מצות הקהל, אז דעמאלט ווערט יעדער איד און אלע אידן א טייל פון **איין** מציאות, וואס די מציאות ווערט אנגערופן בשם "קהל".

און דאס - אז אידן ווערן **איין** מציאות, א מציאות פון א "קהל" - איז א הוספה, אדער א הידור און א שלימות, אין "ואהבת לרעך כמוך".

ט. און כשם ווי בי"ג באדר (בפעם הראשונה) איז די מלחמה "על נפשם" געווען אויך אויף די נפשות פון "נער ו(עד) זקן טף ונשים" (וואס אויף זיי איז געווען די גזירה "להשמיד להרוג ולאבד") כמובן פון סיפור המגילה - איז פארשטאנדיק אז אויך דער "**לעמוד** על נפשם" גייט אויף זיי אלע,

ומזה מובן בנוגע צו די הוראה הנ"ל, אז עס דארף זיין "נקהלו" אלע אידן אלס איין מציאות, איין קהל - אז דער "נקהלו" דארף אויך כולל זיין "מנער ועד זקן טף ונשים".

בדוגמא ווי אין מצות הקהל איז געזען "הקהל... האנשים והנשים והטף".

**י.** כדי עס זאל זיין דער "נקהלו", "ואהבת לרעך כמוך", אין אן אופן אז אלע אידן זיינען איין מציאות - איז דאס דורכדעם וואס בא יעדער איד בא זיך אליין בעבודתו הוא איז דא דער "נקהלו" כנ"ל -

אז ער בא זיך איז ווי א "גוי אחד", א קהל אחד, אן איינציקע מציאות, אז זיין נה"ב און גופו וחלקו בעולם ווארפן זיך אונטער צו זיין נה"א, און עס ווערט דער "בכל לבבך - בשני יצריך". אז דער יצ"ט מיטן יצה"ר (נה"א ונה"ב) שטייען אין דער זעלבער תנועה און אין די זעלבע פעולות פון "ואהבת את ה' אלקיך" (ואתחנן שם), און דערנאך אויך "ודברת בם" (שם, ז), דער ענין פון תורה (דבדברי תורה הכתוב מדבר - יומא יט, ב. ספרי ופרש"י עה"פ. "וקשרתם גו'" (ואתחנן שם, ח), דער ענין פון תפילין, וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין" (קידושין לה, א. וש"נ), און "וכתבתם על מזוזות" (ואתחנן שם, ט), וואס דאס איז אויך כולל אלץ וואס געפינט זיך אין "ביתך ובשעריך".

ד.ה. אז אין דעם ענין פון "ואהבת", איז ער בא זיך אליין איין מציאות, איין קהל.

און ווייבאלד אז ער איז איין מציאות אין דעם ענין פון "ואהבת", איז ער איין מציאות אין **אלץ**, אין אלע ענינים פארבונדן מיט תורה ומצוות,

ווארום "ואהבת" איז כולל אלע מצוות עשה (כי "האהבה היא שרש כל רמ"ח מ"ע כו'" - תניא פ"ד), כולל אויך מצות יראת השם, וואס זי איז כולל אלע מצוות לא תעשה (כי "היראה היא שרש לשס"ה ל"ת" - תניא שם), קומט אויס, אז אהבה איז כולל **אלץ**, כל התומ"צ.

[וואס דער ענין פון "ואהבת" איז אויך פארבונדן מיט תפלה בכלל, און מיט תפלת מנחה במיוחד, ווארום "לעולם יהא אדם זהיר בתפלת המנחה כו'" (ברכות ו, ב. ווארום תפלה איז דאך "לית פולחנא כפולחנא דרחימותא" (ראה זח"ב נה, ב. ח"ג רסז, א), דער ענין האהבה].

ביז אז אלע זיינע ענינים ווערן בא אים איין זאך "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו" (אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו.

און דורך דערויף וואס בא יעדער איד בא זיך אליין איז דא דער "נקהלו", אז ער איז איין מציאות, איין קהל, אין כל ענינינו, צו יחידו של עולם - ווערט אזוי אויך אויפגעטאן ביי אלע אידן אלס א כלל - אז זיי זיינען איין מציאות פון א קהל אחד.

* * *

**יא.** ענין הנ"ל, די תשובה פון תענית אסתר אז דער "נקהלו", אלע אידן אויך "מנער ועד זקן טף ונשים" שטייען אלע אין איין קהל אלס איין מציאות - איז מודגש אין דעם נאמען "תענית אסתר", והביאור בזה:

מ'האט אמאל גערעדט בארוכה (ראה גם לקו"ש ח"ו ע' 371 בהערה), וועגן דעם נאמען פון "תענית **אסתר**" - דלבאו' פארוואס ווערט עס אנגערופן ע"ש אסתר:

מ'קען ניט זאגן אז עס ווערט אנגערופן תענית **אסתר** ווייל דאס איז פארבונדן מיטן תענית וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין מגילה, וואס **אסתר** האט געזאגט (אסתר ד, טז) "וצומו **עלי** גו'" - ווארום: דער צום איז געווען "שלשה ימים" (אסתר ד, טז), און בחודש ניסן, אין דעם זמן ארום פסח (פאר פסח און אין פסח) (בי"ג, י"ד וט"ו ניסן - אסת"ר פ"ח, ז. פרדר"א פנ"ל, י. או בי"ד, ט"ו וט"ז תתרנ"ו.

פרש"י שם. פרש"י ד"ה יו"ט ראשון של פסח - מגילה טו, א. בארוכה - ראה מנות הלוי עה"פ שם)), משא"כ תענית אסתר איז איין טאג און בחודש אדר,

און דערצו: אע"פ אז אסתר האט טאקע געבעטן דעם תענית - "וצומו עלי", אבער דאס איז געווען א תענית פאר אלע אידן, "לך כנוס את **כל היהודים**" - איז אפילו אויב תענית אסתר (היינט) איז א זכר צו יענעם תענית וואס שטייט אין מגילה, איז ניט פארשטאנדיק פארוואס דאס ווערט אנגערופן "תענית **אסתר**" ווען **אלע** אידן האבן געפאסט?

**יב.** איינער פון די ביאורים אין דעם (ראה גם לקו"ש שם ס"ע 372);

דער טעם אויף דעם תענית בי"ג באדר, איז היות ווי בי"ג באדר "נקהלו לעמוד על נפשם", אידן האבן זיך דאך צוזאמען געקליבן אויף מלחמה האבן מיט די שונאים,

איז דעמאלט, בשעת ס'איז דא א מלחמה, זיינען פאראן צוויי דינים והנהגות ווי מ'דארף זיך פירן:

א) די וואס גייען ניט מלחמה האבן - דארפן מתפלל זיין און מתענה זיין בכדי מ'זאל מנצח זיין אין דער מלחמה, בדוגמא ווי ס'איז געווען בא מלחמת עמלק (א מלחמה פארבונדן מיט פורים), ווי חז"ל (תנחומא בשלח כז), דערציילן (און אראפגעבראכט אין פרש"י על התורה) (עה"פ בשלח יז, י). אז משה בשעת מלחמת עמלק איז משה אהרן וחור "בתענית היו שרויים" בכדי אידן זאלן מצנח זיין אין דער מלחמה.

ב) ביי די וואס גייען אין מלחמה איז דער דין אין שו"ע (או"ח סו"ס תקעא, יא), אז "אינם רשאים להתענות שלא לשבר כוחם".

און היות אז אין דער גזירה וואס איז געווען בי"ג באדר זיינען געווען נכלל "נער ועד זקן טף ונשים", איז ביי זיי אלע געווען דער "נקהלו לעמוד על נפשם", זיי זיינען אלע געגאנגען מלחמה האבן -

איז די איינציקע וואס האט געקענט און געדארפט ע"פ שו"ע דעמאלט פאסטן (בי"ג באדר), איז געווען אסתר, דערפאר וואס זי איז ניט געגאנגען אין מלחמה (ווי אלע אנדערע אידן), ווארום זי איז דאך געווען אין בית המלך.

(וכמו שאמר מרדכי לאסתר (אסתר שם, יג) "אל תדמי בנפשך להמלט בית המלך מכל היהודים";

ולהעיר מהשינויים בבקשות אסתר: "תנתן לי נפשי בשאלתי ועמי בבקשתי (אסתר ז, ג); "כי איככה אוכל וראיתי ברעה אשר ימצא את עמי ואיככה אוכל וראיתי באבדן מולדתי" (שם ח, ו),

וואס דערפאר ווערט דער תענית אנגערופן ע"ש אסתר - "תענית **אסתר**".

מהנ"ל איז מובן אז אין דעם נאמען "תענית אסתר" איז מודגש דער ענין אז י"ג אדר איז די תשובה פארבונדן מיט "נקהלו" "מנער ועד זקן טף ונשים ביום אחד".

**יג.** פון די צוויי ענינים הנ"ל וואס זיינען דעמאלט געווען בי"ג באדר א) דאס וואס אסתר האט דעמאלט געפאסט בכדי אידן זאלן מנצח זיין אין דער מלחמה, וואס דאס איז די עבודה רוחנית למעלה מדרך הטבע, האבן די סיוע מלמעלה, און ב) דאס וואס אלע (אנדערע) אידן "נקהלו לעמוד על נפשם", צו מלחמה האבן אין דרך הטבע - קען מען אויך ארויסנעמען א הוראה אין מלחמת היצר.

[וואס דאס איז פארבונדן מיט א מלחמה כפשוטה, ווארום דורך דעריף וואס ער

האט מלחמה און איז מנצח יצרו הרע, ווערט ער אויס "ירא ורך הלבב - מעבירות שבידו" (שופטים כ, ח. ספרי ופרש"י עה"פ), און דעמאלס גייט ער אין די מלחמה כפשוטה און פועל'ט אז "ישלטו היהודים המה בשונאיהם"],

ובפרט אין אופן עבודת התשובה פון א בעל תשובה:

אין עבודת התשובה פון א בע"ת דארף מען דאך האבן צוויי ענינים: א) אז "הקב"ה עוזרו" (ראה קידושין ל, ב. סוכה נב, ריש ע"ב), וואס דאס קומט מלמעלה, און ב) ער דארף אבער טאן בדרך הטבע אלץ וואס הענגט אפ אין אים אויף תשובה טאן.

ובפרטיות:

עס זיינען דא די פעולות וואס יעדערער דארף טאן וואס זיינען למעלה מדרך הטבע, טבע פון נה"א און טבע נה"ב, וואס דאס קומט ע"י הקב"ה עוזרו;

און צוזאמען דערמיט, דארף ער אליין מיט דעם טבע פון זיין נה"א, לערנען תורה, ער איז מוסיף אין "אורה זו תורה", ובשמחה ובטוב לבב, און מהדר זיין בקיום המצוות - "ויקר אלו תפילין", וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין", און אויך בשמחה ובטוב לבב.

* * *

**יד.** דער ענין התשובה שבתענית אסתר וואס איז פארבונדן מיט "נקהלו" דריקט זיך אויך אויס אין די מעשים בפועל וואס זיינען במיוחד פארבונדן מיט תענית אסתר.

וואס איינע פון זיי איז - דער מנהג ישראל, אראפגעבראכט אין שו"ע (רמ"א או"ח סתרצ"ד ס"א), אז מ'זאל דעמאלט במיוחד מקיים זיין מצות הצדקה - געבן ג' חצאי שקל (בי"ג באדר) "קודם שמתפללים מנחה" (רמ"א שם).

והביאור בזה:

רז"ל זאגן אז "לעולם יהא אדם זהיר בתפלת המנחה שהרי אליהו הנביא לא נענה אלא בתפלת המנחה".

וואס ענינו פון אליהו הנביא איז געווען תשובה פארבונדן מיט אהבת ישראל, ביז אין אן אופן - פון מחזיר זיין יעדער אידן און אלע אידן בתשובה:

אפילו די וואס זיינען אראפגעפאלן אין תחתון שאין תחתון למטה ממנו, די עובדים פון היפך ה' (נביאי הבעל) - האט אליהו הנביא זיי געזאגט "גשו אלי" (מ"א יח, ל), אז זיי זאלן צוגיין נענטער, און ער האט אויפגעטאן אז אויך זיי האבן געשריגען "ה' הוא האלקים ה' הוא האלקים" (שם, לט), צוויי מאל, כפול פון ווי ס'איז געווען בא מ"ת (דבמ"ת נאמר "אנכי ה' אלקיך" (יתרו כ, ב), פעם אחת, ובהר הכרמל נאמר "ה' הוא האלקים ה' הוא האלקים", ב' פעמים - פרש"י עה"פ שופטים ה, ג מ"מדרש אגדה", "כפלים לתושי'" (איוב יא, ו. וראה שמו"ר רפמ"ו), [וואס דער ענין פון מ"ת איז פארבונדן מיט ימי הפורים - ווארום בימי הפורים איז געווען "קיימו מה שקבלו כבר" במ"ת (כנ"ל ס"א)].

**טו.** און דערפאר גיט מען בתענית אסתר, בי"ג באדר, נאך פאר דעם וואס עס קומט יום הפורים, די ג' חצאי שקל.

וואס דער ענין פון צדקה אונטערשטרייכט און איז מדגיש דעם ענין וואס איז פארבונדן מיט י"ג באדר, תענית אסתר (כנ"ל) - דעם ענין פון אהבת ישראל, ביז וואנעט אז אידן ווערן איין קהל.

וואס דאס ווערט דאך אויפגעטאן דורך צדקה בכלל, ובפרט נאך אז מ'טראכט זיך ארײן אז "יותר ממה שבעל הבית (העשיר) עושה עם העני העני עושה עם בעל הבית" (ויקרא פל"ד, ח. רות רבה עה"פ ב, יט (פה, ט)), דער מקבל טוט מערער מיטן נותן ווי דער נותן טוט מיט דעם מקבל.

[ביז אז אין יום הפורים ווערט די צדקה אנגערופן בשם "מתנה", "מתנות לאביונים" (אסתר ט, כב), וואס דאס איז מדגיש נאכמער דעם ענין פון אהבת ישראל (כי ב"מתנה" איננו מודגש שהנותן הוא עשיר והמקבל עני)].

* * *

**טז.** כל המדובר לעיל זיינען ענינים פארבונדן מיט תענית אסתר אלס הכנה צו פורים, ובמיוחד ווען דאס איז בשנת הקהל.

בשנה זו - ווען פורים פאלט אויס ביום השישי בשבת [וואס דאס איז דאך נוגע לפועל: ביום הפורים איז מען מקצר בכמה ענינים בכמות בשייכות צו פורים] קומט נאך צו אין דעם ענין האחדות - הקהל, א הדגשה מיוחדת.

דער ענין פון "**נקהלו**" וואס האט געבראכט דעם נצחון המלחמה ביז צו "ונהפוך הוא", איז געווען בפועל בערב פורים בי"ג אדר, די הכנה לזה האט זיך אבער אנגעהויבן כמה חדשים לפנ"ז, ווען אסתר האט געבעטן און אנגעזאגט (אסתר ד, טז) "לך **כנוס** את כל היהודים", וואס דער כנוס איז געווען פארבונדן מיט "צומו עלי", אז אלע צוזאמען זאלן פאראייניקט ווערן (ראה מנות הלוי (להר"ש אלקבץ) עה"פ. של"ה שכט, ב), אין דעם זעלבן ענין, תפלה ובקשה צום אויבערשטן.

וואס דעמאלט איז נתגלה געווארן דער ענין פון יהודי (דער נאמען מיט וואס אידן ווערן אנגערופן אין דער מגילה "יהודים"), "כופר בע"ז" און "מודה בכל התורה כולה", וואס דאס איז די פנימיות'דיקע און אמת'ע אחדות פון אידן מיטן אויבערשטן.

און דאס האט גע'פועל'ט דעמאלט דעם אתהפכא חשוכא לנהורא (ראה תו"א צד, ב), אז ס'איז בטל געווארן די גזירה, און אחשורוש גופא וואס פריער האט ער געזאגט (אסתר ג, יא) "והעם לעשות בו כטוב בעיניך" האט געזאגט (שם ח, ח) "ואתם כתבו על היהודים כטוב בעיניכם".

ד.ה. די התחלת ענין פון נקהלו, די הקהלה בא אידן און צווישן אידן גופא, דארף זיין פארבונדן מיט אן ענין פון "כנוס", דער אחדות פון אלע אידן צווישן זיך אויף פארבינדן זיך און נתאחד ווערן מיט דעם אויבערשטן ביז צו דעם ענין ובחי' פון "יהודים" "מודה בכל התורה כולה".

ובסגנון הנ"ל (סעיף י'): אז די הקהלה צווישן אידן איז פארבונדן מיט דעם הקהל בא יעדן אידן גופא בעבודתו, דאס וואס ער קלייבט צוזאמען אלע זיינע ענינים לאהבה את ה', וואס דאס איז גורם די התחלה פון אתהפכא, און בכח פון דעם "כנוס", קומט דאס דערנאך אראפ אין דעם "ועמוד על נפשם", וואס ברענגט ארויס דער "ונהפוך הוא (**בפועל**) אשר ישלטו היהודים המה בשונאיהם".

**יז.** עד"ז איז דאס אויך אין דעם תוכן ענין פון פורים:

די מצוות פון ימי הפורים פון "משלוח מנות איש לרעהו ומתנות לאביונים", איז דאך ענינם ותוכנם דער ענין האחדות צווישן אידן (ראה מנות הלוי למג"א קאפיטל י') - אהבת ישראל, ועד"ז סעודת פורים וואס איז באופן פון "משפחה ומשפחה" (אסתר ט, כח. ובפרש"י שם: מתאספין יחד ואוכלים ושותים יחד.

די שלימות פון דער אחדות אבער ווערט בשעת ס'איז דא דער "לבסומי בפוריא עד דלא ידע", וואס ענינו ותוכנו בעבודת ה' איז דער "תענוג הנפש בפנימיות התורה (להעיר שלימוד (פנימיות) התורה בא בהקדמת עבודת התפלה (נסמן בהע' 10) בדחילו ורחימו. ו"לית פולחנא כפולחנא דרחימותא" (ראה לעיל ס"ל ובהע' 50), ובבחי' אהבה רבה בתענוגים", ווי דער רבי נ"ע (בסד"ה חייב אינש עטר"ת (סה"מ עטר"ת ע' שז), איז מבאר.

און בשעת ס'איז פארבונדן מיט "לבסומי בפוריא עד דלא ידע", דביקות והתאחדות מיט אלקות למעלה ממדידה והגבלה, דעמאלט איז די אחדות צווישן אידן אין די מצוות פון סעודת פורים, משלוח מנות ומתנות לאביונים כדבעי ובשלימות.

**יח.** עפ"ז איז מובן די מעלה מיוחדת וואס עס איז דא אין דער קביעות (ווי בשנה זו) אז פורים איז חל ביום השישי.

ביום השישי זאגט מען בשיר של יום (תהלים צג, א) "ה' מלך, גאות לבש" דערפאר וואס דעם זעקסטן טאג פון וואך בתחלת הבריאה איז דער טאג וואס אדם הראשון איז באשאפן געווארן און גלייך געקומען און געמאכט די גאנצע בריאה קרוינען דעם אויבערשטן אלס מלך העולם.

און דאס האט גע'פועל'ט די אחדות אין דער גאנצער בריאה פון דומם צומח חי און מדבר דורך דעם וואס דער גאנצער באשאף האט אויף זיך מקבל געווען מלכותו ית'.

און דעריבער בשעת פורים איז חל ביום השישי וואס דעמאלט איז דער טאג גופא ברייגנט ארויס מלכותו ית', אחדות מיט דעם אויבערשטן, קומט דעמאלט ארויס די התאחדות בא אידן ביתר שאת ויתר עז אין די מצוות פון ימי הפורים, כנ"ל, און ניט נאר די אחדות בא אידן און צווישן אידן נאר עס ווערט אויפגעטאן אחדות אין דער גאנצער בריאה.

און אין דעם אופן הקביעות דריקט זיך אויס נאכמער די שייכות פון פורים צו מ"ת (וכדרז"ל הנ"ל אז בפורים איז געווען דער "קיימו מה שקבלו כבר"), ווארום במ"ת איז דאך דער קול פון דעם אויבערשטן "אנכי ה' אלקיך" (יתרו כ, ב), און "לא יהי' לך" (שם, ג) (וואס דאס זיינען דאך ע"ד די צוויי ענינים הנ"ל אין להודים: "אנכי" (דער יסוד פון מ"ע) "מודה בכל התורה כולה", "לא יהי' לך" - "כופר בע"ז"), דורכגענומען די גאנצע בריאה, דער קול איז געקומען פון אלע ד' רוחות העולם און שמים וארץ (ראה שמו"ר פ"ה, ט. תקו"ז תכ"ב (סד, ב). הובא בתניא פל"ו (מו, א)), און דאס האט גע'פועל'ט די אחדות גמורה בכל הבריאה כולה, וואס דעריבער איז "צפור לא צווח עוף לא פרח שור לא געה כו'" (שמו"ר ספכ"ט).

וואס דאס איז מעין ווי עס וועט זיין לע"ל אז "ביום ההוא יהי' הוי' אחד ושמו אחד" (זכרי' יד, ט), "כמו שאני נכתב אני נקרא" (פסחים נ, א), אז די אחדות ווערט נתגלה אין וועלט גופא.

* * *

**יט.** נאך אן ענין מיוחד וואס איז דא בפורים ווען עס פאלט אויס ביום השישי - אז דעמאלט פראוועט מען אין כרכים המוקפות חומה (ובמיוחד - אין ירושלים עיר הקודש) א "פורים משולש",

און כמה ענינים פורים ווערן געטאן ביום הראשון.

און נאכמער: די ענינים פורים וואס דארפן געטאן ווערן ביום ראשון, זיינען סעודת פורים ומשלוח מנות - וואס זיי דריקן אויס דעם ענין פון אהבת ישראל (כנ"ל ס"ז),

קומט אויס, אז די אחדות פון אלע אידן שבפורים (וואס דאס איז דער תוכן עיקרי פון פורים כנ"ל) טוט זיך אויף (בעיקר) ביום ראשון דוקא.

[און דאס וואס ביום ראשון דארף ניט זיין קיין מתנות לאביונים (די אחדות אויך מיט "אביונים") - איז ווייל ווען מ'איז מקיים מתנות לאביונים כדבעי ובשלימות ביום ששי, זיינען שוין ניטא קיין אביונים ביום ראשון, ובמילא דארף מען ניט אנקומען צו מתנות לאביונים;

און אויב מ'האט (מאיזו סיבה) ניט מקיים געווען מתנות לאביונים ביום ששי, און ס'איז נאך געבליבן אן אביון - דארף מען טאקע געבן מתנות לאביונים (אויך) ביום **ראשון**.] (ראה מכתב הנ"ל בהערה ד"ה ווען פורים).

**כ.** די הוראה מיוחדת פון "פורים משולש" בשנה זו איז, וואס דער יום ראשון נאך שושן פורים (ווען עס ווערן געטאן ענינים עיקריים פון פורים, כנ"ל) איז יום ראשון פון פ' **שמיני**.

די התחלה פון דעם שיעור חומש פון יום ראשון דפ' שמיני (כידוע תקנת כ"ק אדה"ז "אז אלע טאג זאל מען לערנען א פרשה חומש מיט פרש"י פון דער וואך סדרה" ("היום יום" ע' יג. וראה גם סה"ש תש"ב ע' 30)), איז - "ויהי ביום השמיני". זאגן אויף דעם חז"ל (מתו"כ עה"פ. סדר עולם פ"ז. וראה שבת פז, ב) און רש"י ברענגט עס אראפ (בפירושו עה"פ (מס"ע שם)), אז זייענדיק א יום מיוחד איז "נטל עשר עטרות". ועי"פ די תורה הידועה פון אלטן רבי'ן ("היום יום" ע' קא. סה"ש שם ע' 29 ואילך) אז מ'דארף "לעבן" מיטן שיעור חומש פון דעם טאג איז פארשטאנדיק, אז בכל שנה ושנה ביום א' דפ' שמיני דארף מען זיך דערמאנען אויף (און "לעבן" מיט) דעם ענין פון "נטל עשר עטרות".

די הוראה פון דעם איז: א איד דארף וויסן, אז בשעת ער לערנט תורה און פירט זיך ע"פ תורה, נעמט ער (דורך תורה) די "עשר עטרות", מיט אלע פירושים שבזה בהבא לקמן ראה גם לקו"ש ח"ח ע' 120 הע' 41).

אנהויבנדיק פון דעם ענין פון "עטרות" **בפשטות**, וואס ווייזט אויף אן ענין של מלכות (כמש"נ (אסתר ו, ח) "וכתר מלכות (עטרה) בראשו"). ד.ה. אז מ'ווערט א מלך ובעה"ב אויף דער גאנצער בריאה, און אויף אלע ענינים הבריאה וואס טיילן זיך אין **עשר** (כמחז"ל (אבות רפ"ה) "בעשרה מאמרות נברא העולם"), ובמילא פירט ער אויס מיט יעדער זאך פון דער בריאה וואס מ'דארף מיט איר טאן אן קיינע מניעות ועיכובים, ובשמחה וטוב לבב.

* * *

**כ"א.** ויהי רצון אז די אלע ענינים המדוברים זאלן ארויס פון דיבור און אראפקומען אין א בפועל, והמעשה הוא העיקר (אבות פ"א מי"ז), למטה מעשרה טפחים, אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו.

און דורך מעשינו ועבודתנו, ובהוספה האמורה, איילט מען צו נאכמער די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

וואס דאס (דער צואיילן די גאולה) איז בהדגשה בשנה זו:

אין א שנה מעוברת זיינען דא צוויי סברות ווען מ'זאל לייענען די מגילה - באדר ראשון אדער באדר שני (מגילה ו, ב).

און דער דין (אין תורת חיים, וואס זי איז א הוראה בחיים), איז - אז מ'לייענט עס באדר שני, אדר הסמוך לניסן, כדי עס זאל זיין "**מסמך** גאולה לגאולה (פורים לפסח)" (שם, סע"ב ובפרש"י).

ובמילא איז דאס אויך מדגיש דער "מסמך גאולה לגאולה" - מ'זאל מסמיך זיין גאולת פורים צו דער גאולה פון דעם גלות ע"י משיח צדקנו, און אין אן אופן פון זריזות (וואס יעדער איד איז אנגעזאגט אויף ענין הזריזות (פסחים ד, א. יומא כח, ב. וראה ב"ק לח, ב), ווי מ'לערנט עס אפ פון דעם ערשטן אידן - "אחד (יחזקאל לג, כד) "אחד הי' אברהם" (פסחים ויומא שם - גאר שנעל, און גאר נאענט, ביז - **תיכף ומיד ממש.**

* * *

**כב.** נאך אן ענין וואס קומט ארויס פון דעם קשר צווישן פורים מיט קבלת התורה (כנ"ל ס"א):

בשמחת תורה זאגט מען - "אברהם שמח בשמחת תורה יצחק שמח בשמחת תורה יעקב שמח בשמחת תורה משה שמח בשמחת תורה וכו'". וואס איינער פון די טעמים פארוואס די שמחה אויף תורה איז בשמח"ת (און ניט בחגה"ש, זמן מתן תורתנו) איז, ווייל בשמח"ת איז "גמרה של תורה" (ב"י ורמ"א או"ח סו"ס תרסט, ועוד.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק, אז אויך בנוגע צו שמחת פורים איז - "אברהם שמח בשמחת פורים וכו'", ווארום אויך אין פורים זיינען דא **ביידע** זאכן (און נאכמער) ווי בשמח"ת: א שמחה גדולה ביותר, און נאכמער ווי די שמחה פון שמח"ת (וואס שמח"ת איז דאך איינע פון "מועדים לשמחה"); און פורים איז אויך געווען גמרה של תורה - דער ענין וואס דעמאלט איז דער **גמר** פון "את אשר החלו לעשות" וואס איז געווען בשעת מ"ת, בשעת קבלת התורה, ד.ה. אז בימי פורים איז דער גמר פון קבלת התורה.

וואס דערפאר קען מען זאגן אז בדוגמא ווי בא די אבות און משה רבינו וכו' זיינען "שמח בשמחת תורה" - זיינען זיי אויך מהאי טעמא שמח בשמחת פורים.

ובפרט ע"פ המסופר אין מדרש (יל"ש מג"א רמז תתרנז. וראה אסתר ספ"ט) (ווי מ'זאגט אויך אין סליחות אין תענית אסתר), אז משה רבינו האט זיך משתדל געווען און מתפלל געווען במיוחד צו מבטל זיין גזירת המן, ועד"ז איז מען געגאנגען און אנגעזאגט וועגן גזירת המן צו די אבות, אברהם יצחק ויעקב (יל"ש שם).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז בשעת ס'איז **נתבטל** געווארן די גזירה - איז אברהם שמח בשמחה זו, יצחק שמח בשמחה זו, יעקב שמח בשמחה זו, און משה שמח בשמחה זו.

**כג.** ויש"ל עוד בזה, אז אויך אדם הראשון איז שמח בשמחה זו - און בשנה זו שטילט דאס נאכמער בהדגשה דערפאר וואס פורים קומט אויס פרייטאג, ווען אדה"ר איז באשאפן געווארן און מכריז געווען און אויפגעטאן אז די גאנצע וועלט זאל מקבל זיין מלכותו יתברך -

ווארום בשעת ער (אדה"ר) זעט אז זרעו וזרע זרעו האלטן זיך ווי אן "עולם מלא" (שכל יהודי הוא "עולם מלא" (ו"לפיכך נברא אדם (הראשון) יחידי") - סנהדרין לז, סע"א (במשנה)), און זיי זיינען מקיים דעם ציווי וואס ער האט באקומען (בראשית א, כח) - "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה", אז מ'נעמט-איין די גאנצע וועלט און מ'מאכט דערפון א דירה לו ית', ע"ד ווי אדה"ר האט אויפגעטאן אז די גאנצע וועלט זאל זאגן "ה' מלך גאות לבש" - "והיתה לה' המלוכה" (עובדי' א, כא),

ברייננגט דאס ביי אים זיכער ארויס די גרעסטע שמחה; און נאכמער - די שמחה פון א בעל תשובה, ווארום די עבודה איצט איז לאחרי החטא, קומט אויס אז דורך דעם "מלאו את הארץ וכבשוה" - איז מען ממלא דער גרעון שע"י החטא, און נאכמער - מיט א שלימות און א הוספה.

וכשם ווי עבודת אדה"ר דאן ביום הששי (ערב שבת) איז געווען די הכנה צום יום השבת,

עד"ז איז די עבודה ב"שיתא אלפי שני דהוה עלמא" (ר"ה לא, א) (וואס רובם איז ימי הגלות) א הכנה צום "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים" (מס' תמיד בסופה), ווען עס וועט זיין שלימות הענין פון דירה לו ית' בתחתונים.

**כד.** והמעשה הוא העיקר - זאל מען טאן אין כל הענינים האמורים,

סיי די וואס זיינען פארבונדן מיט תענית אסתר, וואס זי איז דער **ערב** פורים, דער **ערב** פון דעם ערב שבת, סיי די עניני פורים וואס זיינען בשנה זו בהדגשה אין ערב שבת,

און דערנאך דאס ממשיך זיין בשבת, וואס אין ירושלים עיר הקודש זיינען דא כמה עניני פורים ושמחה וואס מ'מאכט זיי ביום השבת.

ביז דערנאך - צו מוצאי שבת ויום ראשון (ועל"ז - אין אלע טעג וואס קומען דערנאך), אז עס זאל זיין א טאג וואס "נטל עשר עטרות",

און דאס קומט אן צו יעדער אידן, דורך דעם וואס ער בויט אויף דעם ביהמ"ק הפנימי **שלו**, במחשבה דיבור ומעשה,

און דאס ווערט די הכנה קרובה, אז תיכף ומיד זאל זיין דער בנין בית המקדש השלישי.

* * *

**כה.** אויף צו פאראיינציקן נאכמער די אלע וואס געפינען זיך דא,

[און דורך זיי - אויך אלע וואס הערן וואס מ'רעדט דא במקומות אחרים, און די אלע וואס מ'וועט זיי איבערגעבן וואס מ'האט דא גערעדט],

ביז אז מ'זאל ווערן א מציאות **אחת** - איין קהל -

וויבאלד די אחדות פון אידן איז דאך פארבונדן מיט אהבת ישראל, "ואהבת לרעך כמוך", וואס דער אויסדרוק דערפון איז - אין דעם ענין הצדקה וואס פאראייניקט דעם נותן מיט דעם מקבל, און פאראייניקט זיי אינגאנצן, וויבאלד אז דער נותן הצדקה איז (ווי ער זאגט אין תניא (פל"ז (מח, סע"ב), "נותן חיי נפשו" - ער גיט דאס אין אן אופן פון "ועמוד על **נפשם**",

ובפרט אז מצות צדקה איז "שקולה כנגד כל המצוות" (ב"ב ט, א. וראה תניא שם), און ענינה פון א מצוה איז וואס זי מאכט איין זאך פון א אידן מיטן אויבערשטן (כי מצוה הוא לשון צוותא וחיבור (לקו"ת בחוקותי מה, ג. ובכ"מ)) -

וועט מען איצטער געבן לכל אחד ואחת הנמצאים כאן א שטר בממון מדינה זו, אז זיי זאלן דאס אפגעבן לצדקה - היינט אדער בימי הפורים, אדער בימים הסמוכים לזה.

און דאס זאל נאכמער מקרב זיין די גאולה כפשוטה (כי "גדולה צדקה שמקרבת את הגאולה" (ב"ב י, א. תניא שם)) ע"י משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

**כו.** אויף נאכאמאל מדגיש זיין המדובר לעיל - מען זאל אויסנוצן די שעות וואס זיינען נאך געבליבן ביז פורים, און דערנאך אין דעם "יום אחד" (ע"פ אסתר ח, יב. ולהעיר מהמבואר בזה שחג השבועות, יום מתן תורה, אינו אלא **יום אחד**, והרי בפורים

הל' הגמר דמ"ת), אין דעם טאג פון פורים עצמו - מ'זאל מוסיף זיין ביתר שאת וביתר עוז אין "מבצע פורים" (ווי גערעדט די פרטים שבדבר בשבת שעברה (ש"פ ויקרא, פ' זכור) - ד"מיגו' מתברכין כולהו יומין".

אז דאס זאל דערנעמען יעדער אידן און אלע אידן ביז אז זיי זאלן ווערן כמציאות אחת, א "קהל אחד", אז אפילו המן זאגט אז דאס איז אן "עם אחד".

און וויבאלד אז פורים (בשנה זו) איז ביום הששי - איז דאס אויך מדגיש דעם ענין פון (טאן אין) "מבצע נרות שבת קודש",

צוזאמען מיט די אלע אנדערע מבצעים (כמדובר לעיל) - "ויקר אלו תפילין", וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין", עאכו"כ די ענינים כלליים שבתורה.

און טאן דאס אלץ בשמחה ובטוב לבב.

**כז.** דערצו דארף זיין א השתדלות מיוחדת אויף אריינציען וואס מער קינדער, אין די עניני פורים,

ווי עס שטייט אין מדרש, און מ'האט עס אויך געזאגט אין די סליחות פון תענית אסתר (היינט אינדערפרי), אז דער אויבערשטער האט געפרעגט "מה קול הצאן הזה באזני", האט אים משה רבינו געענטפערט, אז דאס איז דער קול פון "קטני קודש זרע", פון ילדי ישראל, וואס זיי בעטן בא דעם אויבערשטן און זיי לערנען דעם אויבערשטן'ס תורה און זיינען מקיים דעם אויבערשטן'ס מצוות, ווי א קטן דארף זיי מקיים זיין בשלימות, און דאס האט גע'פועל'ט דעם ביטול הגזירה דעמאלט,

און דערפון איז פארשטאנדיק, אז דורך דעם וואס מ'ציט אריין קינדער אין די עניני פורים, וועט דאס זיכער אויך פועל'ן דעם ביטול הגזירה העיקרית - וואס דאס איז די גזירת הגלות,

און דער ביטול הגלות וועט זיין "נאו" (ראה התוועדות ש"פ צו, שושן פורים), בפועל, "קץ שם לחושך" (איוב כח, ג), און משיח קומט "נאו" (ראה התוועדות תיכף ומיד ממש.

און מ'גייט מיט אים צוזאמען, אין אן אופן פון א "קהל גדול" (ירמי' לא, ח), צום בנין בית המקדש השלישי, אין ירושלים עיר קדשנו,

וואס זי איז געגעבן געווארן בנחלת עולם צו יעדער אידן און צו אלע אידן, צו יעדערן פון דעם "עם עולם", "מנער ועד זקן טף ונשים" - "שלימות העם",

צוזאמען מיט גאנץ ארץ ישראל - "שלימות הארץ",

ווארום אידן האלטן זיך בא "שלימות התורה" ער איז א "יהודי" כהלכה, "מודה בכל התורה כולה", און כופר בכל ע"ז שבעולם.

**כח.** און מ'טוט די אלע ענינים מתוך שמחה וטוב לבב, ביז אין א שמחה פון "עד דלא ידע" אין אן אופן פון "ופרצת",

און דורך דעם, איז "יעלה הפורץ לפניהם" (ע"פ מיכה ב, יג), וואס דאס גייט אויף משיח צדקנו, דוד מלך ישראל, ווי ער טייטשט אפ אין מדרש (אגדת בראשית ספס"ג. ב"ר פפ"ה, יד ובפרש"י שם), אז ער גייט "לפניהם" און צוזאמען מיט אונז, אין דער גאולה האמיתית והשלימה, במהרה בימינו ממש.

* * *

אח"כ אמר: זאלן צוגיין די "טאנקיסטן" און נעמען די דאלארן אויף פאנאנדערטיילן לכל או"א מהנמצאים כאן.

[כ"ק אדמו"ר שליט"א נתן לכאו"א מה"טאנקיסטים" שיהיו שטרות של דולר, לחלק לכאו"א מהנאספים שיתיו דולר א' לתת לצדקה; להרב י.י.וו. - כנ"ל לחלק לכל אחת מהנאספות שיחיו.

אח"כ אמר:]

מסתמא וועט מען מארגן מאכן כינוסים מיוחדים פאר "צבאות השם", און דער עיקר - מאכן זיי ביום הראשון.

און איצטער זאלן די אלע וואס זיינען דא זינגען צוזאמען מיט די "צבאות השם" "ווי וואנט משיח נאו" - אז עס זאל קומען בפשטות די גאולה האמיתית והשלימה, במהרה בימינו ממש.

ניגנו הניגון "ווי וואנט משיח נאו".

* * *

בס"ד. ש"פ צו, שושן פורים ה׳השמ"א. הנחת הת׳ בלתי מוגה

א. עס איז דאך א התוועדות פון ש"פ צו, און פארבונדן מיט "שושן פורים".

וואס וויבאלד אז דער שבת איז שושן פורים - איז דא אין דעם שבת א תוספת שמחה אויף אלע געוויינלעכע שבתות, ווארום בנוגע צו (שבת) שושן פורים ווערט געבראכט אויך אין שו"ע[1] וועגן דעם ענין השמחה:

בנוגע צו יעדן שבת זאגט מען[2] אז "לא יוסיף עצב עמה", ביז ווי עס שטייט נאכמער אין ספרי[3] - "וביום שמחתכם - אלו השבתות", דאס איז אבער אלץ ניט הלכה, ווארום אין הלכה איז יו"ט ענינו שמחה און שבת איז ענינו עונג[4];

בנוגע צו שושן פורים אבער ווערט געבראכט אין הלכה, אין שו"ע, אז דעמולט דארף זיין דער ענין השמחה.

און אע"פ אז בני עיירות פראוועז פורים בי"ד, און נאר בני כרכים המוקפים חומה פראוועז פורים בט"ו[5] - אעפ"כ, איז ע"פ הלכה אויך בא בני עיירות דארף זיין א תוספת שמחה אויך בט"ו באדר, אין שושן פורים.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין היינטיקן שבת, וועז ס׳איז אויך דא דער ענין פון שושן פורים - איז דא א תוספת שמחה, מער ווי אין געוויינלעכע שבתות.

ב. היינטיקער טאג ווערט אנגערופן שושן פורים, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, עס דארף היינט זיין א שמחה למעלה ממדידה והגבלה:

די שמחה פון פורים איז א שמחה "עד דלא ידע"[6], למעלה ממדוה"ג, ווי די שמחה פון "מועדים לשמחה", ווארום די שמחה פון "מועדים לשמחה", ווארום די שמחה פון "מועדים לשמחה" איז א שמחה בהגבלה, "חייבין בית דין להעמיד שוטרים ברגלים"[7] צו זעהן אז די שמחה זאל זיין במדידה והגבלה,

וואס אויך דער עצם ווארט "(בית) דין" ווייזט גלייך אז ס׳איז אן ענין וואס איז קשור מיט מדידה והגבלה,

משא"כ בא פורים געפינט מען ניט דעם ענין פון "חייבין

- ביה -

---

1) דמ"א או"ח סתרצ"ה ס"ב. 2) משלי י, כב. תוד"ה מ"ד - מו"ק כג, ב. מירושלמי ברכות פ"ב סוף ה"ז. 3) עה"פ בהעלותך י, י. 4) ראה שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס רמב. וראה לקו"ת צו יא, ד ואילך. 5) משנה ריש מס׳ מגילה. טושו"ע או"ח סתרפ"ח. 6) מגילה ז, ב. טושו"ע שם סתרצ"ה ס"ב. 7) רמב"ם הל׳ יו"ט פ"ו הכ"א. שו"ע אדה"ז סו"ס תקכט.

ביה דין להעמיד שוטרים", ווארום די שמחה פון פורים איז א שמחה "עד דלא ידע", למעלה ממדידה והגבלה[8].

און וויבאלד אז היינטיקער טאג ווערט אנגערופן "שושן פורים" (אויך איך עיירות הפרזות), וואכ "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" ווייזט אויף דער איכות הדבר[9] - איז פארשטאנדיק, אז ענינו פון היינטיקן טאג (אויך אין עיירות הפרזות) איז - "עד דלא ידע", למעלה ממדידה והגבלה.

ג. נוסף אויף דעם וואס היינט איז שושן פורים, וואס ענינו איז למעלה ממדידה והגבלה - קומט אויך צו דאס וואס היינט איז שבת, וואס אויך שבת איז עיקר ענינו - למעלה ממדידה והגבלה:

אין שבת זיינען דא, כידוע, צוויי ענינים[10]: איין ענין - ווי שבת איז איינער פון די שבעה ימי בראשית, און א צווייטער ענין - ווי שבת שטייט העכער ווי די אנדערע ששת ימי בראשית, ביז אויך - העכער פון אלע שבעת ימי בראשית; העכער ביז פון דעם כללות ענין הזמן.

וואס עפ"ז איז דער אלטער רבי[11] מבאר דאס וואס יעדער וואך הויבט מען אן פון-דאס-ניי דער מספר הימים, ווי לדוגמא: מארגן, נאך היינטיקן שבת, דעם ערשטן טאג פון פרשת "ויהי ביום השמיני" - וועט מען זאגן "היום יום ראשון" -

דלכאורה: "הרי כבר עברו רבבות ימים מששת ימי בראשית עד עתה (וויפל טעג עס זיינען דורכגעגאנגען זינט דעמולט) וא"כ איך אומרים היום יום ראשון כו'"[12]?

איז בפשטות דער ביאור אין דעם, אז דאס איז "יום ראשון" פון א נייע וואך, עס איז "יום ראשון בשבת",

וואס דערפאר רעכנט מען אויך ניט דעם טאג (נאר) במספר הימים וואס זיינען דורכגעגאנגען פון אנהויבט חודש, נאר אע"פ אז למספר ימי החודש איז עס א ווייטערער טאג - רופט מען עס (אויך) אן "יום ראשון" -

ווארום חודש און שבוע זיינען צוויי באזונדערע ענינים:

- חודש -

---

8) ראה בכ"ז בארוכה תו"א מג"א ד"ה חייב אינש הב' (צח, א ואילך). לקו"ש ח"א ע' 336 ובהעדות שם. 9) ראה שעהיוה"א פ"א. 10) בהבא לקמן ראה לקו"ת שה"ש כה, א-ב. אוה"ת שבועות ע' פד ואילך. ברכה ע' א'תתצא. שם ע' א'תתצט. ד"ה ויהי ביום השמיני הש"ד פ"י (סה"מ תש"ד ע' 192 ואילך), תש"ה פ"א (סה"מ תש"ה ע' 167 ואילך). ובכ"מ. 11) לקו"ת שם. וראה גם ד"ה הנ"ל שם. 12) ל' אדה"ז בלקו"ת שם.

הודש איז שייך צו לבנה, און שבוע איז שייך צו שמש און דערפאר רעכנט מען באזונדער די טעג פון דער וואך, און פון דער וואך איז דער טאג - "יום ראשון" -

דאס גופא איז אבער דורש ביאור:

פון ששת ימי בראשית ביז איצט זיינען דאך דורכגעגאנגען אויך א ריבוי שבועות בהמשך אחד - איז ווי קען מען פארט זאגט (אפילו בענין השבוע) אז דאס איז "יום ראשון".

מוז מען רעדיבער זאגן, אז בסיום פון יעדער וואך שליסט זיך אפ א תקופה און עס הויבט זיך אן א נייע תקופה.

וואס ווי שליסט זיך אפ די פריערדיקע תקופה - איז דאס דערמיט וואס נאך איר איז דא אן ענין שלמעלה מהזמן, וואס מצד דעם ענין ווערט בטל דער זמן שלפנ"ז,

און וואס איז דער ענין - דער ענין השבת

וכאמור, אז אין שבת איז דא די בחינה ווי שבת איז למעלה מהזמן, וואס מצד דעם ווערט דער ביטול פון (דעם פריערדיקן) זמן, און במילא - הויבט זיך אן דערנאך א נייע תקופה, און מ'הויבט דערפאר אן רעכענען פון-דאס-ניי "היום יום ראשון".

וואס דאס איז אויך איינער פון די פירושים אין דעם ווארט "שבת":

דער פירוש פון "שבת" איז נים נאר שביהה ממלאכה, נאר אויך - שביהה בכלל, שביהה פון מציאות, וואורום בשבת איז, כאמור, די שביהה וביטול פון כל המציאות, ווייל שבת איז העכער פון כל המציאות.

ד. ע"פ הנ"ל, אז אין היינטיקן טאג קומען זיך צוזאמען דיביידע ענינים, דער ענין פון "שושן פורים" (וואס אזוי הייסט דער טאג אין תודה אמת), וואס ענינו איז - "עד דלא ידע", למעלה ממדוה"ג, און דער ענין פון שבת, וואס אויך שבה איז ענינו למעלה ממדוה"ג [און שבת הויבט-אויך אויך אלע שבעה ימי השבוע למעלה ממדוה"ג] -

איז פארשטאנדיק, אז ענינו פון דעם טאג איז - למעלה ממדוה"ג, און די אלע הוראות וההלכות פון דעם טאג דארפן זיין אין אופן פון למעלה ממדוה"ג.

ה. "והמעשה הוא העיקר"[13], עס דארף זיין א הוראה פון שושן פורים בנוגע למעשה בפועל - ובהקדים דעם ענין פון שושן

- פורים -

---

13) אבות פ"א מי"ז.

פורים ביחס צו פורים -

ולכאורה איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק אין וואס באשטייט די עבודה פון שושן פורים:

שושן פורים איז א טאג נאך פורים; ולכאורה בפורים האלט ער שוין אין תכלית השלימות - איז ווי איז שייך אז ער זאל עולה זיין בעבודהו בשושן פורים?!

פורים איז דאך ענינו, כאמור, "עד דלא ידע", עבודה למעלה ממדוה"ג, און זיכער האט יעדערער געטאן בפורים עבודהו בשלימות, אז ער האט געטאן עבודתו אין אן אופן פון "עד דלא ידע", למעלה ממדוה"ג,

און ס'איז ניט דער פשט אז ער האלט ביי "עד דלא ידע" דערפאר וואס ער האט ניט קיין ידיעה (אז אין דעם באשטייט זיין "לא ידע") - אדרבה, ער האט א ידיעה עצומה, און ער האט הבנה והשגה, ווארום בפורים איז דאך "ליהודים היתה אורה"[14], וואס "אורה - זו תורה"[15] - האט ער דאך תורה,

און וואס פאר א תורה - תורה ווי זי איז געווארן לאחרי הגזירה, וואס דעמולט, דורך דער גזירה, איז תורה געווארן "כיתרון האור מן החושך"[16], מיט דעם גאנצן שטורעם[17]; בפורים האט ער תורה אין אן אופן נעלה,

און אעפ"כ האלט ער ביי "עד דלא ידע" - ווייל ער האלט למעלה ממדוה"ג, אויך פון די מדוה"ג פון אזא ידיעה עצומה, פון אזא אופן נעלה אין ידיעת התורה -

האלט ער דאך שוין לכאורה אין תכלית השלימות בעבודה - איז וואס איז ענין עבודתו בשושן פורים, א טאג נאך פורים?!

און ס'איז ניט דער פשט אז בשושן פורים דארף ער טאקע בלייבן בא דעם וואס ער האט געהאלטן פורים - מ'זאגט אז בשושן פורים דארף ער טאקע עולה זיין, ווארום "מעלין בקודש"[18], וכאמור - אויך דער ענין פון שושן פורים איז - למעלה ממדוה"ג, ד.ה. אז בשושן פורים דארף ער עולה זיין אין עבודה למעלה ממדוה"ג -

ולכאורה: שוין בפורים האלט ער אין תכלית שלימות העבודה "עד דלא ידע", למעלה ממדוה"ג?!

ו. וואס דער ביאור בזה - ווי ער קען טאקע עולה זיין

- בעבודתו -

------------

14) אסתר ח, טז. 15) מגילה טז, ב. 16) ל' הכתוב - קהלת ב, יג. 17) דאה באדוכה תו"א מג"א סד"ה וקבל היהודים וד"ה חייב אינש הב' (צו, ד ואילך). 18) ברכות כח, א. וש"נ.

בעבודתו בשושן פורים, "מעלין בקודש" - וועט זיין פארשטאנדיק בהקדים דעם ענין פון וועלכן שושן פורים איז ארויסגעקומען, ווי עס ווערט דערציילט אין דער מגילה בפשטות - וואס אויך אין דעם איז לכאורה דא די זעלבע שאלה:

עס ווערט דערציילט אין דער מגילה[19], אז בי"ג אדר איז שוין געווען דער "נקהלו ועמוד על נפשם" און "הרוג היהודים (בשונאיהם) ואבד"[20]; דעמולט האבן אידן שוין געמאכט דעם ביטול המציאות פון "שונאיהם".

ווי אזוי מאכט מען דעם ביטול המציאות פון "שונאיהם" - ליגט זיך, אז דאס איז דורך דעם וואס מ'איז פריער מבטל די אייגענע מציאות, אז אליין איז מען בביטול במציאות, בחי' "עד דלא ידע".

וואס דערפון קומט אויס, אז שוין בי"ג אדר (ובפועל איז דאס ארויסגעקומען בי"ד אדר, בפורים עצמו) האט מען געהאלטן ביי "עד דלא ידע".

דערנאך איז געווען "ויאמר המלך לאסתר המלכה גו' ומה שאלתך וינתן לך ומה בקשתך עוד והעש, והאמר אסתר אם על המלך טוב ינתן גם מחר ליהודים אשר בשושן לעשות כדת היום"[21].

וואס אין מגילת אסתר (אנהויבנדיק (בעיקר) פון "בלילה ההוא נדדה שנת המלך"[22], "תקפו של נס"[23]) גייט דער הואר "המלך" אויף "מלכו של עולם", מלך מלכי המלכים הקב"ה (כדרשת חז"ל[24]),

קומט אויס, אז נאך דעם ווי אידן האלטן שוין ביי "עד דלא ידע" (וואס דאס איז שוין געווען בי"ג (ובי"ד) אדר, כנ"ל), פרעגט זיי "מלכו של עולם", מלך מלכי המלכים הקב"ה - וואס ווילן זיי טאן ווייטער אין עבודת השם,

און "אסתר" [וואס כנסת ישראל ווערט אנגערופן בשם "אסתר"[25]] ענטפערט בשם כל כנס"י, אז "ליהודים אשר בשושן", איז דערפאר וואס זיי געפינען זיך אין "שושן", אין עיר הבירה, אין אן עיר המוקפת חומה, וואס ענינה רוחניות איז - "ואני אהי' לה גו' חומת אש סביב"[26], אז דער אויבערשטער איז ארום דער עיר א "חומת אש" - זאל מען זיי געבן "לעשות כדת היום", מ'זאל זיי געבן נאך אן עבודה,

- און -

---

19) ט, א ואילך. 20) אסתר שם, ו. 21) שם, יב-יג.
22) שם ו, א. 23) מגילה יט, א. יל"ש עה"פ אסתר ט, כט (רכז ההרנט). 24) אסת"ר פ"י, א. יל"ש אסתר רמז ההרנז. וראה מאו"א א, קפב. הובא ונתבאר באוה"ת מג"א ע' ב'רסג.
25) ראה אוה"ת שם ע' ב'רעו. 26) זכרי' ב, ט.

און דורך דער אהעדל"ה האבן זיי אזוי גע׳פועל׳ט בא דעם "מלך", אז ער זאל זיי געבן נאך א טאג ("גם מחר") "לעשות כדת היום",

וואס דורך דעם איז ארויסגעקומען דער ענין פון "שושן פורים" (בס"ו).

וואס לכאורה ווערט אויך דא די זעלבע שאלה:

אידן האלטן דאך שוין ביי "עד דלא ידע" - איז וואס איז שייך א העכערע עבודה?!

"עד דלא ידע" איז דאך שוין לכאורה הכלית השלימות, און ווי מ׳זעט טאקע אז בא די אנדערע אידן, בא די וואס זיינען ניט אין שושן, האט זיך שוין געענדיקט עבודהם, ס׳איז שוין אן "עבודה תמה"[27] - איז וואס איז שייך אז די אידן וואס זיינען בשושן זאלן נאך מוסיף זיין בעבודה?!

ז. איז דער ביאור בכל זה:

אע"פ אז ער האלט שוין ביי "עד דלא ידע", למעלה ממדוה"ג, איז דאס נאך אבער אלץ, כלשון הידוע, "בכל מאדך - בכל מדה ומדה שהוא מודד לך כו׳"[28], וואס דער טעם פארוואס איז אים טאקע קיין נפק"מ ניט די חילוקים פון איין מדה מיט אן אנדער מדה, איז: וויבאלד אז ער האלט <u>למעלה</u> ממדה, דערפאר איז מדה דא ניט נוגע; מדה קען דא ניט אנרירן -

אבער אעפ"כ, איז דאס נאך אלץ "מאדך", "מאד <u>שלך</u>"[29] - וואס דערפאר קען אין דערויף נאך זיין אן עלי׳.

ח. פרעגט ער אבער די שאלה: ער איז דאך א נברא, ער איז מוגבל - קען ער דאך ניט טאן מער ווי "מאד שלך", איז ווי מאנט מען פון אים אז ער זאל עולה זיין העכער דערפון?!

זאגט מען אים, אז נאך דעם ווי ער האט אפגעטאן עבודתו בשלימות, "עד דלא ידע", קומט צו אים "מלכו של עולם" און פרעגט ביי אים: נאך דעם ווי דו האסט שוין אפגעטאן דיין עבודה בשלימות, "עד דלא ידע" - וואס ווילסטו (א איד) ווייטער?

און דער ענטפער איז ביי אים פשוט אן קיין שאלה, עס שטייט אין מגילה, תורה זאגט - א איד וויל טאן ווייטער "כדת היום";

- הגם -

---

27) ראה יומא כד, א ובפרש"י שם ד"ה עבודה תמה.
28) ואתחנן ו, ה. ברכות נד, א (במשנה). ספרי ופרש"י עה"פ.
29) ראה תו"א מקץ לט, ד. דרמ"צ קכג, ב. קס, ב. ובכ"מ.



<u>הנהה הה׳ בלתי מוגה</u>

הגם אז ער האט שוין געטאן עבודהו בשלימות, "עד דלא ידע" - האט ער א נשמה, א "חלק אלוקה"[30], וואס "טורקעט" אים און שטורעמט אים אויף, אז ער דארף וועלן ווייטער עובד זיין עבודתו, דערגרייכן נאך העכער,

און אים איז פארשפארט צו טראכטן וואס ער דארף ווייטער טאן, ווארום עס שטייט שוין אין מגילה - ער דארף ווייטער טאן "כדת היום";

ער איז זיך ניט מסתפק מיט "מאד שלך", וואס "מאד שלך" איז דער "מאד", דער למעלה ממדוה"ג, פון נברא - ער וויל דערגרייכן דעם "מאד" פון בורא.

ט. עס פרעגט זיך אבער פארט די שאלה:

זיין עבודה "עד דלא ידע", אין דעם "מאד" פון נברא, האט ער שוין אפגעטאן בשלימות, נאר וואס-דען, עס רעדט זיך וועגן צוקומען צו דעם "מאד" שלמעלה, דער "מאד" האמיתי - דארף מען אויף דעם לכאורה ניט האבן זיין עבודה, ווארום דעם "מאד" האמיתי גיט מען מלמעלה לאחר שלימות עבודת האדם?[31]

זאגט אים די מגילה: ניין! עס פאדערט זיך אעפ"כ עבודהו, און ניט נאר מיט אן אצבע קטנה[32], נאר עס פאדערט זיך נאכאמאל "נקהלו ועמוד על נפשם", נאכאמאל דער ענין פון מס"נ.

י. המורם מכל האמור:

אע"פ אז פורים האלט מען שוין ביי "עד דלא ידע", עבודה שלמעלה ממדוה"ג - אעפ"כ, דארף זיין אן עלי' בעבודתו בשושן פורים, וואס בפורים האלט ער בא דעם "מאד שלך", דער מאד פון נברא, משא"כ בשושן פורים קומט ער צו צו דעם "מאד" האמיתי,

און אע"פ אז דאס איז דער "מאד" האמיתי וואס מ'גיט מלמעלה - דארף ער טאן עבודהו אין אן אופן פון מס"נ.

יא. די מעלה וואס איז דא אין שושן פורים אויף פורים, קען מען אויך זעהן פון דעם מספר הימים זייערן בימי החודש:

פורים איז בי"ד בחודש און שושן פורים איז בט"ו בחודש, וואס בט"ו בחודש איז "קיימא סיהרא באשלמותא"[33],

- ווי -

---

30) תניא רפ"ב. 31) דאה הו"א ודרמ"צ שם. וראה ספר הערכים-חב"ד ע' אהבה ה' בכל לבבך, נפשך ומאדך ס"ד סק"ה. וש"נ. 32) ראה שהש"ר וקה"ר בההלהם. 33) ראה שמו"ר פט"ו, כו. זח"א קנ, רע"א. ח"ב רטו, א. ועוד.

[ווי מ׳געפינט דאס בנוגע צו דוד און שלמה[34], אז דוד איז געווען דער דור הי"ד (פון אברהם), און שלמה - דער דור הט"ו, און מעלת שלמה איז געווען - דער ענין פון "קיימא סיהרא באשלמותא"].

און אע"פ אז "קיימא סיהרא באשלמותא" ווערט צווישן י"ד מיט ט"ו, ווארום בי"ד ימים וכ"ד שעות ותשצ"ג חלקים ווערט "קיימא סיהרא באשלמותא", כמבואר די פרטים אין רמב"ם ובכמה ספרים[35] - איז אבער דער עיקר ענין פון "קיימא סיהרא באשלמותא" - בט"ו בחודש, ווי מ׳זעט אז בט"ו בחודש קומט-צו מער אור אין דער לבנה,

[ווי מ׳זעט עס אויך פון דעם ענין (הנ"ל) פון דוד און שלמה, אז דוקא בא שלמה איז געווען "וישב שלמה על כסא ה׳"[36], און דוקא בימיו איז נבנה געווארן דער ביהמ"ק].

וואס עד"ז איז דאס אויך אין שושן פורים לגבי פורים - אז דער למעלה ממדוה"ג פון שושן פורים איז העכער ווי דער למעלה ממדוה"ג פון פורים.

יב. און ע"פ הנ"ל, אז דער למעלה ממרוה"ג פון שושן פורים איז העכער ווי דער למעלה ממדוה"ג פון פורים, א העכערע דרגא אין "בכל מאדך" - איז פארשטאנדיק, אז אזוי איז עס אויך בענין השמחה -

אז בשושן פורים דארף זיין א שמחה ("עד דלא ידע", למעלה ממדוה"ג) נעלית יותר אויך פון דער שמחה פון פודים.

וואס אזוי דארף עס זיין בכל שנה ושנה, ווארום מגילת אסתר איז א הוראה נצחית לכל הדורות.

וכאמור לעיל - אויך מצד ענינו פון שבת דארף היינט זיין שמחה.

יג. עס איז דא א מעלה מיוחדת אין דער שמחה פון שבת (וואס אין שבת זיינען דא צוויי בחינות, און שמחה איז שייך צו דער העכערער בחי׳ פון שבת, "שבת בשבתו"[37]) אויף אנדערע שמחות, ובדוגמת א מעלה מיוחדת וואס איז דא אין דער שמחה "עד דלא ידע" פון שושן פורים (וואס עס זיינען דא צוויי בחינות אין "עד דלא ידע", און שושן פורים איז די העכערע בחי׳, כנ"ל) אויף אנדערע שמחות (די שמחות פון מועדים לשמחה) - מיוסד אויף דעם וואס עס רעדט זיך אין לקו"ת

- בענין -

------------

34) שמו"ר שם. זח"ב פה, א (וראה גם זח"א שם). 35) 36) רה"א כט, כג. 37) ראה ד"ה את שבתותי ה׳ש"ת פ"ד (סה"מ ה׳ש"ת ס"ע 85 ואילך). ובכ"מ.

בענין ההקפות (בשמיני עצרת ושמחת תורה):

עס איז מבואר אין לקו"ת[38] ב"ענין ההקפות שבשמע"צ, שלא נכתבו אפילו בהושבע"פ ואינו אלא מנהג" - אז עס זיינען דא ענינים וואס זיינען "מפורש בתורה שבכתב בהדיא", און עס זיינען דא העכערע ענינים, וואס זיינען ניט "מפורש בהדיא בתושב"כ רק דרבנן סמכוה אקראי" (אין תושב"כ שטייען זיי מערניט ווי ברמז, און תושבע"פ לערנט זיי אפ, כענין "מנא הני מילי דאמר קרא"[39], און "אסמכינהו רבנן אקראי"[40]), און עס זיינען דא נאך העכערע ענינים וואס קענען ניט שטיין אין תורה בכלל, אויך ניט אין תושבע"פ, וואס דאס זיינען - מנהגים,

וואס עד"ז איז דער ענין פון הקפות בשמע"צ ושמח"ת, אז דאס וואס זיי זיינען נאר א מנהג - איז דאס דערפאר וואס זיי זיינען אן ענין נעלה ביותר וואס קען זיך ניט אריינ-פאסן אפילו אין דער מדידה פון תורה,

אז אע"פ אז אויף תורה זאגט מען אלעמאל אז "ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים"[41] - קען אבער דער ענין פון הקפות (ועד"ז שאר המנהגים) זיך ניט אריינפאסן אפילו אין דער מדידה (אויך ניט אין דער "מדה" פון "ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים").

יד. וואס ע"ד האמור לעיל בנוגע צו דעם ענין ההקפות בשמע"צ ושמח"ה - קען מען זאגן אויך בנוגע צו דער שמחה פון שושן פורים,

[וארום פורים און שמח"ת זיינען דאך פארבונדן זב"ז: ע"ד ווי בשמח"ה איז "גמרה של תורה"[42] - עד"ז איז אויך פורים ענינו "גמרה של תורה", ווארום בפורים איז געווען "וקבל היהודים את אשר החלו לעשות"[43], דעמולט איז געווארן דער "גמר" פון תורה "שקבלו כבר"[44] (מסיני)],

אז די שמחה "עד דלא ידע" פון שושן פורים איז נעלה עד כדי כך, אז דאס איז אן ענין וואס קען ניט שטיין בפירוש:

דער ענין פון שמחה "עד דלא ידע" בי"ד, בפורים, שטייט בפירוש, משא"כ דער ענין פון "עד דלא ידע" בט"ו, בשושן פורים, שטייט ניט בפירוש - ווארום דער "עד דלא ידע" פון שושן פורים איז נעלה יותר עד כדי כך אז דאס קען זיך ניט

- אריינפאסן -

---

38) סוכות עט, ד ואילך. וראה שם פ' סע"ג. 39) עירובין נו, ב. ובכ"מ. 40) סוכה כח, א. קידושין ט, א. ועוד. 41) איוב יא, ט. 42) ב"י ורמ"א או"ח סו"ס תרסט. ועוד. וראה לקו"ש חי"ד ע' 156 ואילך. 43) אסתר ט, כג. 44) שבת פח, א.

ארייגפאסן אויך ניט אין <u>דער</u> מדידה,

וע"ד ווי דער ענין פון הקפוה בשמע"צ ושמח"ת (וכיו"ב).

טו. וי"ל אז מ׳קען עפ"ז מבאר זיין אויך לאידך - אז ענין אין דער שמחה פון שמח"ת:

וויבאלד אז די שמחה פון שמח"ת איז בדוגמת דער "עד דלא ידע" פון פורים - דערפאר זיינען טאקע דעמולט ניטא די מדידות והגבלות וואס זיינען דא אין דער שמחה פון "מועדים לשמחה" סתם, אפילו העכער ווי דאס איז בסוגות (הגם אז אויך שמח"ת איז פון די "מועדים לשמחה"),

און ווי מ׳זעט אז מנהג ישראל איז אז דעמולט איז דא א ריבוי שמחה, און דעמולט איז מען מתיר כמה ענינים וואס זיינען אסור א גאנצן יאר, ווי לדוגמא, דער מנהג "להרבות הקרואים לספר תורה"[45], און ענינים אויך אין דער קריאה עצמה.

וואס דאס אלץ איז - דערפאר וואס דעמולט איז די שמחה למעלה ממדוה"ג לגמרי, למעלה אויך פון דער מדוה"ג פון תורה - בדוגמת דער "עד דלא ידע" פון שושן פורים.

טז. ואע"פ אז די שמחה פון שמח"ת איז נעלית יותר פון דער שמחה פון "מועדים לשמחה" סתם, און זי איז בדוגמת דעם "עד דלא ידע" פון שושן פורים - אעפ"כ, איז די שמחה פון פורים פארט א שמחה נעלית יותר, ובמיוחד דער ענין פון <u>שושן</u> פורים, ווי מ׳זעט עס אויך פון דעם חילוק המקורות אויף די שמחות פון שמח"ת און פון שושן פורים:

אע"פ אז דער ענין ההקפות בשמח"ת איז ניט קיין ענין וואס שטייט אין תושב"כ, און אויך ניט אין תושבע"פ, עס איז נאר א מנהג - אעפ"כ ווערט עס אזוי אפגע׳פסק׳נט אין שו"ע (אין רמ"א[46]), און במילא אויף דערויף איז חל דער ציווי "על פי התורה אשר יורוך גו׳ תעשה לא תסור וגו׳"[47], און "שאל אביך וגו׳"[48]; עס איז בעשה ובלא תעשה[49],

משא"כ דער ענין השמחה "עד דלא ידע" בשושן פורים - קען זיך ניט ארייגפאסן אפילו ניט אין דער מדידה והגבלה, וואס דערפאר געפינט מען ניט אז עס זאל שטיין בפירוש דער ענין פון "עד דלא ידע" בשושן פורים;

דער "עד דלא ידע" פון שושן פורים איז נעלה כל כך - אז ער קען זיך ניט ארייגפאסן אפילו אין דער מדידה והגבלה

- אין -

---

45) דמ"א או"ח שם. 46) שם. 47) שופטים יז, יא.
48) האזינו לב, ז. 49) רמב"ם ריש הל׳ ממרים.

אין וועלכע דער ענין פון הקפות בשמח"ת שטעלט זיך אריין.

יז. ווע"ד כל זה איז דאס אויך אין דער שמחה פון שבת:

בכלל זאגט מען (כנ"ל ס"א) אז שבת איז ענינו עונג (און יו"ט איז ענינו שמחה).

?

ווערט די שאלה הידועה: וויבאלד אז שבת איז ענינו עונג איז ווי קומט עס אז אין ספרי זאגט ער "וביום שמחתכם - אלו השבתות"?!

איז איינער פון די ביאורים בזה ע"פ פנימיות הענינים - אז אויך די דרגא פון שמחה בשבת איז ע"ד דער ענין פון הקפות (וע"ד דער ענין פון "עד דלא ידע" פון שושן פורים) - אז די שמחה בשבת וואס איז אין די העכערע דרגא פון שבת, "שבת בשבתו" (שבדוגמת די העכערע דרגא אין "עד דלא ידע", דער "עד דלא ידע" פון שושן פורים) קען זיך ניט ארייננפאסן אין דער מדידה פון שו"ע וכיו"ב.

און דערפאר געפינט מען טאקע אז הנהגת רבותינו נשיאינו אין דער שמחה פון שבת איז - אז מען איז מרקד מיט די רגלים, און מ'איז מטפח מיט די הענט[50],

אז אע"פ אז סתם אזוי איז דאס אסור בשבת[51], וכידוע די שאלות וואס מ'האט געפרעגט אויף דעם[52] - (געפינט מען שוין אין אחרונים וואס זיינען דאס מבאר ע"פ נגלה[52], אז) אויב ס'איז פארבונדן מיט (שמחה פון) א מצוה, און וואס איז א גרעסערע מצוה ווי שבת - פירט מען זיך אז מטפחין ומרקדין.

וואָרום די שמחה פון שבת איז למעלה ממדוה"ג לגמרי, בדוגמת די שמחה פון שמח"ת, און ע"ד דער "עד דלא ידע" פון שושן פורים.

יח. וואס ע"פ כל זה איז מובן דער גודל העילוי אין דעם למעלה ממדוה"ג פון היינטיקן טאג, סיי מצד דערויף וואס ס'איז שבת, און סיי מצד דערויף וואס ס'איז שושן פורים,

וכמבואר לעיל, אז ענינו פון שושן פורים איז - אז מ'האט געגעבן נאך א טאג "לעשות כדת היום", אז אע"פ אז מ'האלט ביי "עד דלא ידע", למעלה ממדוה"ג, שוין בפורים - אעפ"כ איז דא נאך א טאג ווען עס דארף זיין אן עבודה נעלית יותר [וכמבואר לעיל],

וואס דאס איז דער ענין פון שושן פורים, וואס איז

- קשור -

---

50) ראה לקו"ש ח"א ע' 230. 51) ביצה לו, ב. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סשל"ט ס"ג (ס"ב). 52) ראה שו"ה מנחת אלעזר ח"א סכ"ט.



הנחת הת' בלתי מוגה

קשור מיט "שושן הבירה".

יט. לכאורה קען ער טענה'ן:

דאס אלץ איז שייך צו איינעם וואס געפינט זיך אין שושן הבירה; ער געפינט זיך ניט אין שושן הבירה, ער געפינט זיך אין אן עיר (ניט קיין כרך), און אפילו ניט אין די ערי הפרזות פון א"י - ער געפינט זיך אין חוץ לארץ -

איז ווי מאנט מען פון אים די עבודה הנ"ל בשעת ער זיצט אין אן עיר אין גלות?!

איז דער ביאור אין דעם - ע"פ אן ענין וואס מ'געפינט גאר בפשטות, וואס מ'כאפט זיך ניט אויף דעם (כרגיל):

יעדער איד זאגט בכל מוצאי שבת, ווען ער גייט אריבער משבת לחול, אין הבדלה, "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר, כן תהי' לנו",

וואס בשעת מ'זאגט "כן תהי' לנו" - איז דער פשט, ~~אז~~ ס'איז אמאל געווען דער ענין, און "כן", אזוי ווי ס'איז געווען אמאל - "תהי' לנו",

וואו איז דאס געווען אמאל - איז דאס וואס עס שטייט אין מגילה "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר",

וואס ע"פ פשש"מ גייט דאך דער פסוק אויף די יהודים וואס זיינען געווען בשושן, ווי עס שטייט גלייך פאר דעם פסוק [53]- "והעיר שושן צהלה ושמחה", און גלייך איז דער פסוק ממשיך "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר", און ערשט דערנאך, אין דעם אנדער פסוק[54], שטייט "ובכל מדינה ומדינה ובכל עיר ועיר וגו' שמחה וששון ליהודים", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין דעם פסוק שלפנ"ז רעדט זיך וועגן שושן הבירה -

זאגט יעדער איד בכל מוצאי שבת: "כן תהי' לנו", אז אזוי ווי ס'איז געווען בשושן הבירה זאל אויך זיין ביי אונז, הגם אז מ'געפינט זיך ניט אין שושן הבירה.

וואס עד"ז איז דאס אויך בנוגע צו דער עבודה האמורה לעיל בקשר מיט שושן פורים, די עבודה פון שמחה "עד דלא ידע", למעלה יותר אויך פון דער עבודה בפורים - אז דאס איז שייך צו יעדער, וואו נאר ער געפינט זיך.

כ. און דאס וואס ער טענה'ט אז ער זיצט אין אן עיר אין - חו"ל -

------------

53) אסתר ח, טו. 54) שם, יז.

חו"ל, אין גלות - זאגט מען אים: דו "זיצסט"?! וואס הייסט דו "זיצסט"?! דארפסט וואו דו ביסט ביסטו נאר בדרך עראי, און דארפסט ביסטו קשור צו "שושן הבירה", צו דער עיר הבירה, צו ירושלים, צו "פלטרין של מלך", צו דעם אויבערשטן.

און דאס וואס דו טענה'סט אז דו זיצט אין ברוקלין - געפינסטו זיך דארט נאר אלץ שלוחו של הקב"ה, ושלוחו של אדם כמותו (ממש)[55], צו מאכן דארטן א דירה לו ית' בתחתונים, וואס בכדי דאס אויפצוטאן אין דער גאנצער וועלט - איז "אחד מכם גולה לברברי' ואחד מכם גולה לסמטרי'"[56].

און דו געפינסט זיך דארטן אויך ע"ד ווי דער מלך שיקט בנו למרחקים אויף צו ארויסרופן זיינע כחות וועלכע שטייען בהעלם בשלימות, אז ער זאל באווייזן אז ער איז א בן מלך[57]; נוסף אויף דעם ענין פון מאכן דארטן א דירה לו ית' בתחתונים.

וואו איז אבער דיין אמת'ער ארט - "שושן הבירה"; אויך בשעת דו געפינסט זיך דארטן - דארפסטו טראכטן וועגן "שושן הבירה", וועגן דעם משלח, וואס דעמולט איז - כתורת הבעש"ט[58] - "במקום שמחשבתו של אדם שם הוא נמצא", מיט דעם גאנצן שטורעם - געפינסטו זיך אין "שושן הבירה"!

וואס דער ענין אז "במקום שמחשבתו של אדם שם הוא נמצא" - איז נוגע ביז אויך להלכה אין נגלה[59], ווי דאס איז אין הלכות שבת בנוגע צו הלכות עירובין[60], אז אין דעם ארט וואו עס געפינט זיך "דעתו של אדם" איז דארטן איז מקומו.

און וויבאלד אז ער געפינט זיך אין "שושן הבירה" - מאנט מען ביי אים די עבודה האמורה לעיל וואס איז שייך צו שושן פורים.

כא. און אויך ווען ער געפינט זיך דארטן - געפינט זיך מיט אים צוזאמען "מלכו של עולם":

עס איז ידוע תורת הרב המגיד[61] אז אידן, אויך ווי זיי געפינען זיך למטה, זיינען בא דעם אויבערשטן ווי א בן וואס זיין צורה איז חקוקה במחשבה של האב;

און ס'איז אויך ידוע תורת הרב המגיד מיט וועלכער ער הויבט אן זיינע ביידע ספרים, "לקוטי אמרים" און "אור תורה", אז ע"ד ווי א טאטע לאזט זיך אראפ פאר בנו הקטן אין

- אן -

---

55) ברכות לד, ב (במשנה). וש"נ. ודאה לקו"ה ויקרא א, ג.
56) שהש"ר פ"ב, ח (ב). 57) ראה המשך הרס"ו ס"ע שפ ואילך.
58) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות לה. וש"נ. 59) ראה לקו"ש ח"ח ע' 348 בהערה. 60) שו"ע אדה"ז או"ח סת"ח.
61) או"ה ב, ג.

אן אופן אז ער זאל אים קענען "נעמען" - עד"ז איז "מלכו של עולם" זיך מתלבש אין אזעלכע לבושים אז מ'זאל אים קענען "נעמען",

וואס לכאורה איז דאס ניט פארשטאנדיק: אויב דער אויבערשטער וויל אז כ'זאל אים "נעמען", איז פארוואס דארף ער זיך אראפלאזן - עס איז דאך דא א צווייטע זאך וואס ער קען לכאורה טאן, ער קען אויפהויבן אידן צו זיך, ס'איז דאך "מי יאמר לו מה תעשה"[62]?

און אויף דעם דארף מען גארניט אויפטאן קיין ענין עיקרי; דער ענין איז שוין דא בא יעדן אידן - יעדער איד האט דאך אין זיך א נשמה, וואס זי איז א "חלק אלוקה ממעל ממש" (ווי ער זאגט אין תניא[63]).

און באמת איז גאר א פלא ווי אזוי דער "חלק אלוקה ממעל ממש" נעמט אים ניט דורך; עס וועט ניט זיין קיין נס אז דער "חלק אלוקה" וועט אים דורכנעמען (כמובן פון המבואר אין תניא דארטן) - דער נס איז, אז דער "חלק אלוקה" נעמט אים ניט דורך!

עס איז מערניס, וויבאלד אז דער אויבערשטער האט געוואלט אז עס זאל זיין בחירה חפשית, האט ער מעלים ומסתיר געווען אויפן "חלק אלוקה", "ואנכי הסתיר אסתיר פני"[64], און דאס איז דער נס!

און די כוונה איז, אז דער "חלק אלוקה" וואס ער האט בכח ובפועל - זאל אים דורכנעמען בגילוי.

וואס מכל זה קומט דאך אויס, אז בכדי אויפצוהויבן אידן צו דעם אויבערשטן דארף מען גארניט אויפטאן קיין ענין עיקרי - איז לכאורה, פארוואס בכדי אז מ'זאל "נעמען" דעם אויבערשטן - דארף ער זיך אראפלאזן צו אידן, ער וואלט דאך געקענט אויפהויבן אידן צו זיך?

און אעפ"כ זאגט דער מגיד, אז דער אויבערשטער לאזט זיך אראפ צו אידן, ע"ד ווי א טאטע לאזט זיך אראפ צו בנו הקטן.

כב. וואס מכל זה איז פארשטאנדיק, אז אויך בשעה ער געפינט זיך לכאורה ניט אין "שושן הבירה", און פלטרין של מלך - אעפ"כ האט ער מיט זיך דעם אויבערשטן כביכול, בדוגמת ווי ער וואלט זיך געפונען אין עיר הבירה, פלטרין של מלך,

און דעריבער איז פארשטאנדיק, אז בא יעדן אידן, וואו

- נאר -

------------

62) קהלת ח, ד. 63) רפ"ב. 64) וילך לא, יח.

נאר ער געפינט זיך, אויך אויב בחיצוניות געפינט ער זיך נים אין עיר הבירה - קען מען ביי אים מאנען די עבודה האמורה לעיל וואס איז פארבונדן מיט שושן פורים, אן עבודה וואס איז שייך צו "שושן הבירה",

אז אע"פ אז שוין בי"ד, בפורים, האט ער געהאלטן ביי "עד דלא ידע", בא "בכל מאדך" - אעפ"כ, בט"ו, בשושן פורים, ווערט ער א טאג עלטער, ובמילא - א טאג קליגער, ובמילא - א טאג פרימער, טוט ער עבודתו פון "עד דלא ידע" אין אן אופן נעלה הרבה יותר, וכמבואר לעיל.

וואדום אע"פ אז ער האט שוין געטאן עבודתו אין דעם טאג פון פורים כדבעי - וועט ער דאך האבן נאך א טאג, און נאך א סאך טעג, ביז ער וועט האבן "מאה ועשרים שנה",

וואס דער ענין פון "מאה ועשרים שנה" האט א שייכות מיוחדת צו פורים, ווי עס שטייט אין גמרא[65] בחדא מחתא: "משה מן התורה מניין - בשגם הוא בשר[66], מרדכי מן התורה מניין כו׳ אסתר מן התורה מניין כו׳", וואס דער סיום הכתוב "בשגם הוא בשר" איז - "והיו ימיו מאה ועשרים שנה",

און (פון דאנעט איז דער רמז אז) מרדכי בדורו כמשה בדורו[67],

וואס יעדער טאג פון די "מאה ועשרים שנה" דארף זיין אן עבודה מיוחדה, כמובן אויך פון דעם פסוק "ימים יוצרו ולא אחד בהם"[68],

איז במילא בשעת עס קומט שושן פורים - דארף ער דעמולט טאן עבודתו באופן נעלה יותר ווי בפורים, וכמבואר לעיל.

כג. און בשעת ער וועט האבן יגיעה, איז דא די הבטחה[69] - "יגעת ומצאת",

ועאכו"כ היינט, שבת, וואס בשבת איז נים שייך קיין יגיעה, און אלע ענינים פון שבת טוען זיך אפ אין אן אופן פון מנוחה און תענוג.

ובפרט אז עס איז סיי שבת און סיי שושן פורים, וואס דעמולט איז די מנוחה והענוג שבשבת באופן נעלה יוהר - איז במכ"ש אז עס דארף זיין, און עס קען זיין, די עבודה פון שושן פורים אין "עד דלא ידע", למעלה ממדוה"ג, אין אן אופן נעלה יותר אויך פון דעם "עד דלא ידע" פון פורים, כנ"ל.

- כד. -

---

65) חולין קלט, ב. 66) בראשית ו, ג. 67) אסה"ר פ"ו, ב. 68) תהלים קלט, טז. וראה בארוכה ד"ה ואברהם זקן רמוצאי ש"פ חיי שרה תשל"ח. וש"נ. 69) מגילה ו, ב.

כד. ביחד עם כל האמור לעיל אז די עבודה פון פורים דארף זיין אין אן אופן פון למעלה ממדוה"ג - מאנט זיך אויך עבודה במדוה"ג,

און ווי עס איז בפשטות - אז עס זיינען דא די מצוות וואס זיינען פארבונדן מיט פורים, וואס מ'דארף זיי מקיים זיין דוקא במדוה"ג: "משלוח מנות", "מתנות לאביונים", קריאת המגילה און נאך פאר דעריף - אמירת "ועל הנסים" אין דאוונען, וביחד עם זה זאגט מען אז במשך כל היום דארף זיין "עד דלא ידע", למעלה ממדידה והגבלה.

כה. וואס לכאורה דארף מען פארשטיין, ווי שטימט עס טאקע אז מ'זאל טאן עבודה "עד דלא ידע", למעלה ממדוה"ג, וביחד עם זה זאל מען טאן עבודה וואס איז במדוה"ג דוקא - דאס זיינען לכאורה צוויי ענינים הפכיים!

געפינט מען עד"ז בעבודת האדם <u>בכל יום</u>:

יעדער טאג, גלייך אינדערפרי, זאגט מען "נשמה שנתת בי טהורה היא", וואס בשעת מ'זאגט דאס דארף מען ארויסגיין פון די כלים:

בשעת'ן זאגן דאס טראכט ער זיך אריין אז די נשמה איז "<u>טהורה</u> היא", און עאכו"כ לויט דעם ביאור אין קבלה און חסידות[70], אז "טהורה היא" גייט אויף "טהירו תתאה", און ביז נאך העכער - אויף "טהירו עילאה",

און ער טראכט זיך אריין אז נאכמער, די נשמה איז "נתת בי", וואס "כל הנותן בעין יפה הוא נותן"[71], און די נשמה איז "נתת <u>בי</u>",

און אפילו אויב חטא ופגם ועבר את הדרך, איז אויך "ואתה <u>משמרה</u>", און ניט נאר "משמרה" אז זי זאל זיין גאנץ, נאר "משמרה <u>בקרבי</u>", און כאמור, דאס איז די נשמה וואס זי איז "טהורה היא" -

איז דורך אט-דער התבוננות דארף ער דאך ארויס פון די כלים, ער דארף שטיין למעלה ממדוה"ג, בשמחה גדולה -

און אעפ"כ, גלייך נאך דעריף איז דא א גאנצע שורה פון ברכות, וואס זיי זיינען שייך צו מדוה"ג.

אנהויבנדיק פון דער ברכה "מלביש ערומים", וואס דאס איז קשור צו ענין המצוות, ווי עס שטייט אין תדבא"ר[72] עה"פ[73] - "כי -

---

70) ראה המשך תרס"ו ע' תפה ואילך. 71) ראה ב"ב נג, א. 72) פכ"ז. 73) ישעי' נח, ז.

"כי תראה ערום וכסיתו", אז ערום גייט אויף איינעם וואס "אין בו מצוות",

און דערנאך איז דא דער ענין התורה,

און ניט נאר מ'רעדט וועגן מצווה און תורה - בדיבור - נאר דערנאך טוט מען אויף תורה און מצוות בפועל ובפנימיות,

[וואס בזמן הש"ס איז ברכת "מלביש ערומים" געווען פאר-בונדן מיט א קיום מצוה בפועל, מיט לבישת הציצית, אבער היינט איז דאס נאר א ברכה וואס איז מרמז אויפן ענין המצוות, ולאח"ז איז דא דער לימוד התורה וקיום המצוות בפועל ובפנימיות],

וואס לאחרי זאגן ברכת התורה באנוגנט מען זיך ניט מיטן ענין התורה במחשבה; אין תורה זיינען ניטא קיין קונצן - זעצט ער זיך פשוט אוועק לערנען בפועל, און מ'לערנט סיי אן ענין אין תושב"כ און סיי אן ענין אין תושבע"פ.

וואס כ"ז איז ערשט דער יסוד והתחלת כל היום, איידער ער טוט אין עבודת התפלה, און איידער ער טוט אין לימוד התורה און מעשה המצוות (א חוץ הנ"ל אין ברכות השחר),

און דערנאך דאוונט ער, און - "מבית הכנסת לבית המדרש"[74], און דערנאך טוט ער אויך אין קיום המצוות, ער טוט די ענינים אין זייער מדוה"ג בפועל ממש.

זעט מען דאך דערפון, אז אע"פ ער האט ערשט געזאגט "נשמה שנתת בי טהורה היא וכו'", און דערביי איז ער ארויס פון די כלים - אעפ"כ טוט ער דערנאך עבודתו במדוה"ג, אנהויבנדיק פון די ענינים וואס ער בעט און טוט אין ברכות השחר, און דערנאך אויך ווי זיי שטייען בפועל ממש אין זייער מדוה"ג.

וואס עד"ז איז אויך בנוגע צו דער עבודה פון פורים, אז אע"פ אז פורים איז ענינו "עד דלא ידע", למעלה ממדוה"ג - דארף ביחד עם זה זיין עבודה שבמדוה"ג.

כו. נאך א דוגמא לדבר פון סדר העבודה בתחלת היום:

גלייך ווען ער הויבט אן דעם טאג, גלייך ווי ער שטייט-אויף, נאך איידער ער טוט עפעס - זאגט ער "מודה אני".

וואס בשעה ער זאגט "מודה אני" שטייט ער ניט במדוה"ג - אדער דערפאר וואס ער שטייט העכער פון מדוה"ג, אדער דער-פאר וואס ער איז ערשט אויפגעשטאנען, און ער האלט נאך פאר

- ענינים -

---

74) ראה ברכות בסופה. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח ר"ס קנה (וש"נ).

ענינים וואס מ'קען מעסטן, פאר ענינים שבמדוה"ג,

און אפילו אויב מ'זאל זאגן אז ער האלט פאר מדוה"ג - איז דאס אויך פארבונדן מיט למעלה ממדוה"ג, וכידוע בענין היראה, אז יראה עילאה און יראה תתאה זיינען קשורים זב"ז[75], וואס יראה תתאה איז ענינה - יראת העונש, "יראת הרצועה", א ידאה וואס איז שייך צו א קינד[76], און אעפ"כ זאגט מען אז דאס איז קשור מיט יראה עילאה,

ועד"ז בענין "מודה אני", אז אפילו אויב מ'זאגט אז ער האלט ניט בא מדוה"ג, דערפאר וואס ער האלט פאר מדוה"ג, ער האט ניט וואס צו מעסטן - אעפ"כ, איז דאס קשור מיט למעלה ממדוה"ג;

און אעפ"כ, אע"פ אז ער האלט למעלה ממדוה"ג - פארבינדט מען דערנאך דעם "מודה אני" מיט א טעם והסברה, מ'זאגט גלייך "שהחזרת בי נשמתי", וואס דאס איז א טעם אויפן ביטול פון "מודה אני": דורך דעם וואס ער איז זיך מתבונן אז "החזרת בי נשמתי", אז די גאנצע סיבה וואס ער איז איצטער חי איז נאר דאס וואס "החזרת בי נשמתי" - קומט ער צו דער מסקנא אז כל מציאותו איז אלקות, במילא פארשטייט ער ווי ער איז בטל צו אלקות, און - "מודה אני",

וע"ד דער ביאור וואס רעדט זיך אין תניא, אין שער היחוד והאמונה[77], א ביאור וואס איז פארשטאנדיק בשכל, אז וויבאלד אלקות איז אים מהוה און איז כל מציאותו - איז ער בטל צו אלקות -

עד"ז איז דאס אויך בעניננו, אז וויבאלד "החזרת בי נשמתי", פארשטייט ער בטעם והסברה אז ער איז בטל צו אלקות - "מודה אני".

וואס אויך דערפון זעט מען, אז אע"פ וואס ער האלט למעלה ממדוה"ג - איז מען דאס מקשר מיט מדוה"ג, מיט א טעם והסברה בשכל.

און עד"ז לאידך: אויך דער טעם והסברה בשכל וואס ער זאגט, "שהחזרת בי נשמתי", און דערנאך ברכות השחר און התחלת התפלה - איז די הכנה אז דערנאך קומט ער צו אין ק"ש צו "בכל מאדך", עבודה שלמעלה ממדוה"ג (וואס איז פארבונדן מיט דער עבודה פון "מודה אני").

וואס מכל הנ"ל איז פארשטאנדיק, אז עד"ז איז אויך בנוגע צו פורים - אז אע"פ אז ענינו פון פורים איז "עד דלא ידע", למעלה ממדוה"ג - אעפ"כ קען און דארף זיין ביחד עס

- זה -

---

75) ראה קונטרס העבודה ע' 18. 76) ראה תניא קו"א קנה, א. 77) פ"ג.



הנחת הה' בלתי מוגה

זה אויך עבודה שבמדידה והגבלה.

כז. דוגמא לדבר: מ'האט אמאל מבאר געווען[78] דאס וואס מ'זאגט ביי אהרן, בנוגע צו "בהעלותך את הנרות"[79] (וואס דאס איז אויך קשור מיט המדובר בפרשתנו) - "להגיד שבחו של אהרן שלא שינה"[80].

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק: צי-דען איז דאס "שבחו של אהרן" אז "לא שינה"?!

נאר דער ביאור אין דעם איז: דאס וואס מ'איז מבאר דעם ענין פון "בהעלותך את הנרות" בפנימיות הענינים[81], אז דער ענין שבזה איז, אז אהרן איז מדליק די "שבעת הנרות", אלע סוגים אידן, אז עס זאל זיין "אל מול פני המנורה יאירו שבעת הנרות"[82] - איז ביי אהרן איז דאס אזוי געווען בפועל ממש, ובאמת.

אז בשעת ער האט מדליק געווען די נרות איז דאס ניט נאר געווען וואס ער האט אזוי געטאן מיט די הענט, נאר ער האט דעמולט כולל געווען די "נרות" פון יעדן אידן וואו נאר ער געפינט זיך, בכל העולם; ער האט דעמולט מדליק געווען די "נרות" פון יעדער איינעם פון כלל ישראל.

איז פארשטאנדיק, אז בשעת ער האט געהאלטן ביי אזא עבודה נעלית - איז שווער צו זיך מצמצם זיין צו מדליק זיין את הנרות וכו' מיט דער מדוה"ג בדיוק -

דערציילט דער פסוק "שבחו של אהרן", אז אע"פ אז ער האט געהאלטן ביי אזא עבודה נעלית וואס איז למעלה פון די מדידות והגבלות פון הדלקת הנרות בפועל ממש - אעפ"כ איז "לא שינה", ער האט דעמולט געטאן די ענינים שבמדוה"ג אן קיין שינוי.

כח. ואע"פ אז מי ירמה לו ומי יערך לו צו אהרן - אעפ"כ דארף אויך בא יעדן אידן זיין ע"ד ווי ס'איז געווען ביי אהרן, ווי מ'געפינט די הוראה פסוקה[83] "הוי מתלמידיו של אהרן וכו' אוהב את הבריות ומקרבן לתורה",

און מ'זאגט "ומקרבן לתורה", מ'דארף זיי מקרב זיין צו דער "תורה" פון אהרן, וואס דאס איז דער ענין פון "אוהב את הבריות וכו'",

וואס די עבודה פון "אוהב את הבריות ומקרבן לתורה"

- איז -

---

78) ראה גם לקו"ש ח"ב ע' 650. 79) בהעלותך ח, ב. 80) פרש"י עה"פ שם, ג. 81) לקו"ת ר"פ בהעלותך. 82) בהעלותך שם, ב. 83) אבות פ"א מי"ב.

איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "בהעלותך את הנרות", די עבודה פון מעלה זיין <u>אלע</u> אידן - איז ע"ד ווי ס'איז געווען ביי אהרן, אז אע"פ ער האט געהאלטן ביי אזא עבודה נעלית וואס איז למעלה פון די מדידות והגבלות פון הדלקת הנרות בפועל ממש, אעפ"כ איז "לא שינה" -

עד"ז דארף זיין בא יעדן אידן, אז אע"פ אז מ'האלט פורים ביי "עד דלא ידע" דארף מען צוזאמען דערמיט אויך טאן ענינים שבמדידה והגבלה,

אנהויבנדיק פון די מצוות פון פורים, פון "משלוח מנות" און "מתנות לאביונים", אז מ'גיט צו יעדן איינעם, אויך צו די וואס זיינען "אביונים", וואס דאס איז בדוגמת עבודת אהרן אין "בהעלותך את הנרות", אז ער האט מעלה געווען <u>אלע</u> אידן,

און אויך פאר פורים - דער ענין פון נתינת הצדקה בי"ג באדר, בתענית אסתר, ווי דער מנהג איז[84] אז מ'גיט מחצית השקל, און ג' פעמים ג' חצאי שקל, וואס "בתלת זימני הוי חזקה"[85],

וואס דאס גיט מען פאר פורים, פאר מקרא מגילה, בכדי אז דאס זאל זיין כדבעי, ועד"ז ווי פארן דאוונען (בכל יום) איז מען זיך כולל מיט אלע אידן, ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ בסידורו[86], השוה לכל נפש[87], אז "נכון לומר קודם התפלה הריני מקבל עלי מצות עשה של ואהבת[88] לרעך כמוך".

כט. די כללות ההוראה פון כל האמור לעיל למעשה בפועל:

בשושן פורים דארף זיין ביתר שאת ויתר עוז א שמחה "עד דלא ידע", למעלה ממדוה"ג, אין אן אופן הרבה נעלה יותר ווי בפורים, וביחד עם זה דארף זיין אויך עבודה שבמדוה"ג,

אנהויבנדיק פון עבודת התפלה, לימוד התורה וקיום המצוות, בנוגע אבער צו די ענינים איז מבואר אין תניא[89] אז ענינם איז מס"נ, עבודה שלמעלה ממדוה"ג - דארף ביחד עם זה זיין אויך עבודה שבמדוה"ג, הפצת המעינות, אויף טאן אויך מיט ענינים פון וועלט, און מיט אידן פון וועלט.

אנהויבנדיק פון די ענינים הכלליים:

"אהבת ישראל", וואס דאס איז פארבונדן במיוחד מיט

- פורים -

---

84) רמ"א או"ח סתרצ"ד ס"א. 85) ב"מ קו, ב. 86) לפני "מה טובו". וראה שער הכוונות בתחלתו. פע"ח ש"ג ספ"ב. שו"ע האריז"ל ריש הל' בית הכנסת. 87) ראה גם לקו"ש ח"ב ע' 298. 88) קדושים יט, יח. 89) פמ"א (נח, א). וראה גם ספכ"ה.

פורים, ווארום די מצוות פון פורים, "משלוח מנות" און "מתנות לאביונים", איז תוכנם אהבת ישראל[90], ועד"ז איז בפורים געווען דער "לך כנוס את כל היהודים"[91], און "נקהלו ועמוד על נפשם"[92] וכו׳, און ס׳איז אויך קשור צו שנה זו וואס איז א שנת הקהל.

און מצד אהבת ישראל טוט מען אין דעם ענין פון "חינוך" אין אן אופן אז פריער איז "ימין מקרבת" און ערשט דערנאך "שמאל דוחה"[93], וואס דאס איז דער אופן החינוך אז עס זאל זיין "חנוך לנער על פי דרכו"[94].

און פון די צוויי ענינים - גייט מען אריבער אויך צו די ענינים שבמרידה והגבלה:

"תפילין", וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[95], "מזוזה", "צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳", "נרות שבת קודש", "כשרות האכו"ש" און "טהרת המשפחה".

וואס דאס איז אויך שייך צו "ליהודים היתה אורה - זו תורה (ושמחה - זה יו"ט, וששון - זו מילה), ויקר - אלו תפילין".

כן תהי׳ לנו, ובפרט בשבת, וואס דעמולט איז אלץ אין אן אופן פון מנוחה, און במוצאי שבת זאגט מען אין הבדלה דעם פסוק "ליהודים וגו׳" און "כן תהי׳ לנו",

וואס מוצאי שבת איז פארבונדן מיט דוד מלכא משיחא[96], וואס "מסמך גאולה לגאולה"[97], פון דער גאולה פון פורים צו דער גאולה דלעתיד לבוא,

כן תהי׳ לנו.

* * *

ל. נוסף לכל האמור לעיל - קומט אויך צו אז היינטיקער שבת איז שבה פרשת צו.

בהחלת הפרשה[98], אויף "צו את אהרן", איז דש"י מפרש[99] "אין צו אלא ל׳ זירוז מיד ולדורות", דערפון איז

- פארשטאנדיק -

---

90) ראה מנות הלוי (להר"ש אלקבץ) למג"א קאפיטל י.
91) אסתר ד, טז. וראה מנות הלוי עה"פ. של"ה שכט, ב.
92) אסתר ט, לז. 93) ראה סוטה מז, א. סנהדרין קז, ב. הל׳ ח"ה לאדה"ז פ"ר סי"ז. וראה שיחה ג׳ דאור לער"ח אלול תשל"ו. לקו"ש הגה"פ חשל"ח ס"ה ובהערות שם. 94) משלי כב, ו.
95) קידושין לה, א. 96) ראה סידור האריז"ל (להר"ש מרשקוב) במקומו. פע"ח סוף שער השבה. 97) מגילה ו, סע"ב.
98) ו, ב. 99) מחו"כ עה"פ.

פארשטאנדיק, אז עינינו פון היינטיקן שבת איז - "זירוז מיד ולדורות",

ד.ה. אז אלע ענינים המבוארים לעיל אין שבת שושן פורים - דארפן זיין אין אן אופן פון "זירוז מיד ולדורות".

און וויבאלד אז דער ענין פון "זירוז מיד ולדורות" איז פירוש רש"י בפשוטו של מקרא - איז פארשטאנדיק, אז עס דארף דערפון זיין א הוראה פאר אלעמען, אויך פאר אנשים פשוטים.

לא. דער אויפטו פון "צו" - "זירוז מיד ולדורות":

מ׳געפינט נאך לשונות וואס זיינען ע"ד דער ענין פון "צו" "(זירוז מיד ו)לדורות", ווי "לדורותיכם" און "חוקת עולם" - אבער אעפ"כ איז דא א מעלה מיוחדת אין דעם ענין פון "זירוז מיד ולדורות":

בשעת מ׳זאגט אז אן ענין דארף זיין "לדורותיכם" און "חוקת עולם" - איז דער פשט, אז בשעת עס וועט קומען דער "דור" און די צייט אויף טאן אט-די מצוה - דארף מען דאס דעמולט טאן;

מ׳זאגט ניט אז שוין איצטער איז דא דער ענין שבעתיד - נאר מ׳זאגט איצטער, אז בשעת עס וועט קומען די ריכטיקע צייט אויף דעם, דעמולט דארף, און וועט, זיין דער ענין,

משא"כ בשעת מ׳זאגט "צו" - "זירוז מיד ולדורות" - איז דער פשט, אז שוין איצטער איז דא דער זירוז "לדורות"; ניט נאר ס׳איז דא דער ציווי "לדורות", נאר אויך א "זירוז" "לדורות".

ובעבודת האדם:

בשעת ער טוט אן ענין שבקדושה איין מאל איצטער - האט ער במחשבה ובדיבור אויף דאס טאן "לדורות", און נאכמער: אויך במעשה בפועל טוט ער דאס מיט אזא לעבעדיקייט אז עס האט שוין איצטער א פעולה "לדורות".

לב. ענין הנ"ל ("זירוז מיד ולדורות") איז פארבונדן אויך מיט דעם ענין פון הקהל:

אע"פ אז הקהל איז אן ענין שהזמן גרמא בחג הסוכות פון דעם יאר - שטייט אבער בנוגע צו "הקהל"[100] אז עס דארף זיין אין אן אופן אז "ושמרו לעשות את כל דברי התורה הזאת", ביז ביז "כל הימים אשר אתם חיים על האדמה"[101],

- איז -

---

100) וילך לא, יב. 101) שם, יג.

איז דאך ניט דער פשט אז די אלע מצוות וואס אידן וועלן טאן שפעטער, טוט מען זיי בליל הקהל, אדער ביום הקהל - נאר מ׳טוט יעדער מצוה בעתה ובזמנה -

אבער אעפ"כ, בשעת מ׳טוט די מצוה בעתה ובזמנה - איז דאס א פעולה נמשכת פון הקהל,

[דאס הייסט: ניט אז בשעת הקהל איז מען נאר מעורר אויף מצוות וואס וועלן זיין בעתיד - נאר די מצוות האבן שוין אן ארט בשעת הקהל, און דערנאך בעתם ובזמנם זיינען זיי א פעולה נמשכת דערפון],

וואס דאס איז ע"ד דער ענין פון "זירוז מיד ולדורות".

לג. ובנוגע לענינגו:

בשנה זו איז שושן פורים חל אין שבת פ׳ צו - האט מען דערפון די הוראה אז אלע ענינים פון שבת שושן פורים דארפן זיין אין אן אופן פון "צו - "זירוז מיד ולדורות", אז שוין איצטער זאל מען זיי טאן אין אן אופן וואס איז פועל "לדורות".

און מ׳זאל זיי טאן אין אן אופן פון "זירוז", אין אן אופן פון זריזות, ע"ד ווי עס דארף זיין בכל הענינים, וואס בשעת ער טוט דאס בזריזות באווייזט דאס ווי ער זאגט אין תניא [102] "שמחתו וחפצו למלאות רצון קונו ולעשות נחת רוח ליוצרו", ע"ד ווי ס׳איז געווען בא "אחד הי׳ אברהם" [103], וואס "זריזותי׳ דאברהם אבינו ע"ה היא העומדת לעד לנו ולבנינו עד עולם" [104],

וכאמור, דער ענין הזריזות דארף זיין ביי אלע מצוות: און דא קומט צו - אז עס דארף זיין (ניט נאר "זירוז מיד", נאר אויך "זירוז) לדורות".

וואס דאס דארף זיין, כאמור, אין די ענינים פון שבת שושן פורים, כולל די מצוות פון פורים - "משלוח מנות" און "מתנות לאביונים" וכו׳.

לד. כאן המקום צו רעדן אן ענין וועגן "מתנות לאביונים":

בנוגע צו "מתנות לאביונים" שרייבט דער רמב"ם [105] וועגן דעם גודל העילוי שבזה: "מוטב לאדם להרבות במתנות אביונים מלהרבות בסעודתו ובשילוח מנות לרעיו, שאין שם שמחה גדולה ומפוארה אלא לשמח לב עניים ויתומים ואלמנות וגרים, שהמשמח



---

102) אגה"ק סכ"א. 103) ל׳ הכתוב - יחזקאל לג, כד.
104) אגה"ק שם. 105) הל׳ מגילה פ"ב הי"ז.

לב האומללים האלו דומה לשכינה". און ער ברענגט דערצו א פסוק:"שנאמר[106] להחיות רוח שפלים ולהחיות לב נדכאים".

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק - וואס איז דעם רמב"ם׳ס ראי׳ פון דעם פסוק:

דער פסוק וואס דער רמב"ם ברענגט רעדט דאך וועגן צדקה סתם פון כל השנה כולה, ניט דוקא וועגן "מתנות לאביונים" בפורים; דער רמב"ם - לאידך וויל דא זאגן אז "מתנות "לאביונים" איז גרעסער ווי "משלוח מנות" וכו׳, גרעסער ווי א מצוה שהזמן גרמא (ניט גרעסער פון א מצוה כללית כל השנה כולה) -

איז ווי ברענגט ער א ראי׳ דערצו פון א פסוק וואס רעדט (ניט וועגן דער מעלה פון "מתנות לאביונים" בפורים, נאר) וועגן צדקה סתם פון כל השנה כולה; דעפון קומט לכאורה אויס, אז מצות צדקה הכללית פון כל השנה איז גרעסער ווי "משלוח מנות" א מצוה שהזמן גרמא?

דאס איז לכאורה ע"ד ווי דער רמב"ם וואלט געשריבן אז דערפאר וואס ס׳איז דא א מעלה גדולה אין צדקה - איז בעסער צו מרבה זיין בצדקה ווי צו לייגן תפלין, א מצוה שהזמן גרמא?!

לה. לכאורה איז דא נאך א שאלה אין דער רמב"ם[107]:

וויבאלד אז דער פסוק וואס דער רמב"ם ברענגט רעדט וועגן דער מעלה וואס איז דא אין צדקה בכל השנה - האט ער דער ענין געדארפט ארויינשטעלן בעיקר במקומו, אין הל׳ מתנות עניים[108], וואו ער רעדט וועגן דער מעלה פון נתינת הצדקה בכלל - וואס איז די שייכות דערפון דוקא צו פורים און הל׳ מגילה?

וואס די שאלה קען מען פארענטפערן, אז וויבאלד אז דער רמב"ם שרייבט שוין דער ענין אין "הלכות מגילה" וואס קומט פאר "הלכות מתנות לעניים - שרייבט ער דאס ניט אין "הלכות מתנות עניים", און ווי דער כלל וואס איז דא אין רמב"ם, אז ער פארלאזט זיך אויף דעם וואס ער האט פריער געשריבן;

אבער עכ"פ בלייבט שווער - אין הל׳ מגילה גופא, ווי ברענגט דער רמב"ם א ראי׳ אז צדקה איז גרעסער ווי משלוח מנות פון א פסוק וואס רעדט וועגן די כללות׳דיקע מצות צדקה פון כל השנה?

- דער -

---

106) ישעי׳ נז, טו. 107) ראה גם לקו"ש חט"ז ע׳ 367. 108) פ"י. 109) יד מלאכי כללי הרמב"ם אות וא"ו.

לו. דער ביאור אין דעם(ע"פ נגלה):

מען געפינט אז עס איז דא דער ענין פון "אהני לי'"[110], ווי לדוגמא: די גמרא זאגט "<u>כל</u> עבודות יוה"כ אינן כשירות אלא בו" (בכהן גדול), ד.ה. אז פונקט ווי קדושת יוה"כ ברענגט אריין הייליקייט אין דער עבודה מיוחדת פון יוה"כ, אזוי אויך ברענגט עס אריין א קדושה אין די תמידין ומוספין דשבת (וואס זענען שייך מצד עצמם לכל ימי השנה) און אע"פ אז מען איז זי מקריב אויך בכל השנה - אעפ"כ ווען דער כה"ג איז דאס מקריב ביוה"כ איז יוה"כ "אהני'לי'"[111].

וואס עד"ז איז דאס אויך בנוגע צו דעם פסוק וואס דער רמב"ם ברענגט (צו זאגן אז "מוטב להרבות במתנות לאביונים מלהרבות וכו'"):

אע"פ אז דער פסוק כללי רעדט זיך וועגן די כללות'דיקע מצוה פון צדקה - אעפ"כ איז פורים "אהני לי'" צו די כללות'דיקע צדקה וואס מ'גיט;

בשעת מ'לערנט דער פסוק בקשר מיט פורים - האט עס אן אנדער טיפקייט, עס איז גרעסער און ברייטער, און אן אנדער איכות, ווי בשעת מ'לערנט עס בקשר מיט מצות צדקה סתם; עס האט אין זיך ניט נאר דער גדר פון צדקה בכלל - נאר דער גדר פון מתנות לאביונים בפורים,

און דערפון ברענגט מען א ראי' אז "מוטב להרבות" אין די צדקה וואס מ'גיט בפורים ווי להרבות אין משלוח מנות וכו' - ווארום אויך (דער פסוק, און אויך) די צדקה האט אין זיך דער גדר און די ספעציעלע מעלה פון מתנות לאביונים בפורים.

לז. אין דעם ענין פון מתנות לאביונים קען מען לכאורה פרעגן:

ווער איז דאס דער אביון וואס מ'זאל אים קענען געבן מתנות לאביונים?

נאכדעם וואס מ'האט שוין מקיים געווען משלוח מנות, האט מען דאך שוין געגעבן צו יעדן אידן, אויך צו די וואס ווערן אנגערופן "בריות", ווארום <u>אלע</u> אידן זיינען כלול אין "משלוח מנות איש <u>לרעהו</u>" יעדער איד, אויך די וואס ווערן אנגערופן בשם בריות בעלמא ווערן אנגערופן "רעהו" ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא[112] בנוגע צו דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" - איז וואו בלייבט דער אביון וואס מ'זאל

- אים -

---

110) ראה זבחים צא, א. וראה לקו"ש חי"ב ע' 101 הערה 44. חט"ז ע' 481. 111) יומא לב, סע"ב. וראה צפע"נ עה"ת ר"פ קרח. 112) פל"ב (מא, ב).

אים קענען געבן מתנות לאביונים?

און מ'קען ניט ענטפערן אז מתנות לאביונים איז טאקע ניט שייך בעבודה רוחנית (ווארום נאך משלוח מנות זיינען טאקע ניטא קיין אביונים ברוחניות) - און די מצוה פון מתנות לאביונים איז שייך נאר בגשמיות -

ווארום - אדרבה: אלע מצוות הויבן זיך אן פון רוחניות, וכמבואר אין לקו"ת[113] אז פריער איז דא די בהי' פון "מצותי"[114], דערנאך "מצות ה'"[115], און ערשט דערנאך איז "מגיד דבריו ליעקב חוקיו ומשפטיו לישראל", פריער איז דא, כלשון פון לקו"ת מצות המאציל, דערנאך מצות ה' און ערשט דערנאך מצות "אשר יעשה אותם האדם",

קען מען ניט זאגן אז די מצוה פון מתנות לאביונים איז דא נאר בגשמיות און ניט ברוחניות - קערט זיך אום די שאלה: נאך דעם וואס מ'האט שוין געגעבן משלוח מנות צו אלע אידן, אויך צו די וואס ווערן אנגערופן בשם "בריות" וואו בלייבט דער אביון וואס מ'זאל אים קענען געבן מתנות לאביונים?

לח. איז דער ביאור אין דעם:

אויך לאחר וואס מ'האט געגעבן אויך צו די וואס ווערן אנגערופן בשם "בריות" - זיינען נאך דא די וועגן וועלכע דער אלטער רבי ברענגט דארטן (אין דעם סוף פון דעם פרק תניא (פרק לב)) פון די גמרא אין שבת - זיינען זיי בבחי' אביונים, וואס צו זיי דארף מען געבן "מתנות לאביונים",

מ'איז דערמיט מדגיש אז דאס איז מתנות לאביונים, מ'דארף זיי געבן אין אן אופן פון מתנה, ווארום קומען קומט זיי ניט - אבער אעפ"כ דארף מען זיי געבן "מתנות לאביונים",

און ניט באגנוגענען זיך מיט געבן אייך מתנה; נאר מ'דארף זיי געבן "מתנות לאביונים", לשון רבים.

לט. און אין דעם איז דא די הוראה פון "צו - זירוז מיד ולדורות":

ער זאל זיך ניט באגנוגענען מיט געבן מתנות אים אליין, טענה'נדיק: גענוג אז איך לאז זיך אראפ צו געבן אזוי צו אזא "אביון" - איז גענוג מיט דעם,

זאגט מען אים: עס דארף זיין "צו - זירוז מיד ולדורות"

- דו -

---

113)

- דו דארפסט דאס טאן (איצטער) אין אן אופן וואס זאל פועל זיין אז אויך זיינע (דעם אביון'ס) קינדער, און זיינע מושפעים און תלמידים זאלן אויך געבן "מתנות לאביונים".

מ. כאמור לעיל, אין די אלע ענינים - איז דא דער אויפטו פון "צו - זירוז מיד ולדורות" אויך אויף "לדורותיכם" און "חוקת עולם":

ס'איז ניט נאר דער פשט אז מ'זאגט אן איצט אז בשעת עס וועט קומען דער דור, און די צייט, זאל מען דאס דעמולט טאן, ווי דער ענין פון "לדורותיכם" און "חוקת עולם" -

נאר מ'דארף דאס טאן איצטער אין אזא אופן אז שוין איצט זאלן דערפון נשפע ווערן די ענינים וואס וועלן זיין בעתיד באופן של זריזות.

וואס דאס איז שייך כאמור צו די ענינים פון שושן פורים,

און אויך צו די ענינים במשך די גאנצע וואך פון פרשת צו איז דא דער פתגם הידוע פון דעם אלטן רבי'ן אז מ'דארף לעבן מיט דער צייט[117], אבער במיוחד - צו שבת פרשת צו, ווארום דא קומט צו, אז מ'לייענט דעם ענין פון צו מיט א ברכה לפני' ולאחרי'.

מא. דער חילוק און אויפטו פון "צו - זירוז מיד ולדורות" לגבי "לדורותיכם" און "חוקת עולם" איז אויך בנוגע א נפק"מ להלכה:

עס איז דא די חקירה הידוע[118], בשעת מ'האט א מצוה קטנה צו טאן איצטער און א מצוה גדולה צו טאן בעתיד, און מ'קען נאר טאן איינע פון זיי - וועלכע זאל מען טאן,

ועד"ז, אז מ'קען טאן א מצוה אין אן אופן פון זריזין מקדימין למצות"[119] אבער עס וועט פעלן אין דער עשיית המצוה, אדער מ'קען צוווארטן און מקיים זיין די מצוה בשלימות - ווי זאל מען טאן.

א דוגמא לדבר[120]:

א חולה וואס א רופא זאגט אז אויב ער וועט פאסטן צום-

- גדלי' -

---

117) "היום יום" ע' קא. סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך.
118) בהבא לקמן ראה שד"ח מערכת ז כלל א-ג. מערכת פ' כלל לט. אנציקלופדי' תלמודית ע' זריזין מקדימין וש"נ. לקו"ש חט"ו ע' 453 ואילך. ואתחנן תשל"ד ס"ט-י, וש"נ. 119) פסחים ד, א. וש"נ. 120) ראה בארוכה שד"ח אסיפת דינים מערכת יוהכ"פ ס"א סק"י. לקו"ש ואתחנן שם הערה 55.

גדלי' וועט ער דערפאר איס זיין אסור צו פאסטן ביוהכ"פ,
ניט קענען פאסטן יוהכ"פ -

קומט ער צו א רב מיט די שאלה: צי מעג (ער און דארף) ער פאסטן צום גדלי' וואס איז א חיוב מדברי קבלה[121], כאטש אז דורך דעם וועט ער ניט קענען מקיים זיין בעתיד דעם חיוב מדאורייתא - פאסטן ביוהכ"פ, אדער ער טאר ניט פאסטן צום גדלי' כדי ער זאל קענען פאסטן יוהכ"פ וואס האט אין זיך דער ענין פון "בעצם היום הזה"[122], די ה' עינויים[123], ביז אז ס'איז דוחה אפילו שבת וכו'.

מב. איז דא די שקו"ט שבדבר:

מ'קען זאגן, אז איצטער איז ניטא זיין ניט קענען פאסטן ביוהכ"פ אין תורה וועלט, עס איז מערניט וואס ער האט א השערה, צי אפילו א ודאות, אז אזוי וועט זיין בעתיד - אבער איצטער איז דא במציאות אין תורה וועלט מערניט ווי צום גדלי'.

לאידך קען מען זאגן: וויבאלד אז דער בעשור לחודש שטייט כלול אין דעם באחד לחודש ווארום דער בעשור לחודש איז תלוי און קומט בהמשך צו דעם באחד לחודש - איז גלייך באחד לחודש ווערט ער שוין דעמולט, באחד בחודש, מחוייב מדאורייתא צו פאסטן בעשור לחודש.

במה דברים אמורים די גאנצע שקו"ט - נאר ביי אן ענין אויף וועלכע מ'זאגט "חוקת עולם" וכיו"ב; משא"כ ביי אן ענין וואס מ'זאגט "צו - זירוז מיד ולדורות" - איז דער ענין שבעתיד שוין איצטער דא במציאות.

מג. עס איז מסמך גאולה לגאולה - איז דא א דוגמא לדבר אויך פון בדיקת חמץ:

דער חיוב פון בדיקת חמץ איז אור לי"ד ניסן , אדער, בשנה זו (וואס ערב פסח איז חל בשבת) - אור לי"ג ניסן - איז אויב ער איז מפריש בשירא א זמן פאר פסח, איז אע"פ אז בי"ד וועט ער האבן חמץ וואס ער וועט דארפן באווארענען - דארף ער דאס ניט באווארענען פארן ארויספארן ,

און הגם אז בי"ד וועט ער דאס דארפן באווארענען -

- איצטער -

121) ראה שד"ח הנ"ל. וראה לקו"ש שם הערה 54. 122) אמור כג, כט. 123) סושו"ע (ואדה"ז) ר"ס תרי"א (ס"ב). 124)

איצטער אבער איז דאס ניטא במציאות [און מ׳קען גאר זאגן אז דער גאנצער גדר ומציאות פון חמץ ומצה זיינען ניטא במציאות].

סיידן, אז ער איז מפריש בתוך שלשים יום לפני החג, אדער בשבועיים לפני החג, ווי די שקו"ט שבדבר[130] - ווארום בנוגע צו דעם זמן איז א זיכערע זאך אז שוין בזמן משה רבינו האט מען דעמולט באווארנט דעם עניין פון פסח[131],

אבער עכ"פ שלשים ואחד יום לפני החג דאדף ער ניט באווארענען וואס וועט זיין בי"ד ניסן - ווארום איצטער איז דאס ניט במציאות.

און דאס איז דער אויפטו פון די ענינים בא וועלכע מ׳זאגט "צו - זירוז מיד ולדורות", כנ"ל - אז (אויך) ווי זיי וועלן זיין בעתיד איז שוין איצטער דא במציאות.

מד. כאן המקום צו רעדן וועגן אן עניין שהזמן גרמא, וואס מ׳זעט אז מ׳דינגט זיך ווי די הלכה איז, און בשעת מ׳קוקט זיך איין זעט מען ווי עס איז "הפך בה והפך בה דכולא בה"[132]:

בשעת ס׳איז געקומען י"ג אדר, האט אחשורוש געזאגט אסתר׳ן: "בשושן הבירה הרגו היהודים ואבד חמש מאות איש.. ומה שאלתך וינתן לך ומה בקשתך עוד והעש",

האט איט אסתר געענטפערט: "אם על המלך טוב ינתן גם מחר ליהודים אשר בשושן לעשות כדת היום גו׳".

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק:

אחשורוש איז דאך אויך געווען א שונא ישראל ווי המן - איז ווי קומט עס אז אסתר׳ס בקשה זאל זיין "ינתן גם מחר ליהודים אשר בשושן לעשות כדת היום?!

און ווי עס ווערט דערציילט אין גמרא[133] די דוגמא אויף אחשורוש און המן פון בעל התל און בעל החריץ:

המן האט ניט געדארפט פועל זיין אויף אחשורוש אז ער זאל וועלן הרג׳נען די אידן, המן האט אים נאר געדארפט מסביר זיין אז עס וועט אים ניט שאטן, אז "אותו שנאמר בו ה׳ אחד - ישן לו מעמו", ווי עס ווערט דערציילט אין אסתר רבה[135] -

איז בשעת אחשורוש פרעגט אסתר׳ן וואס זי וויל - ווי



------------

(129

האט זי אים געזאגט אז זי וויל האבן נאך א טאג "לעשות כדת היום?!

וואס מה דאך דער מד"ר ווייס וועגן דעם אז אחשורוש איז געווען א שונא ישראל - האט אסתר אודאי געוואוסט,

מרדכי האט זיכער געוואוסט דערפון ווארום ער איז געווען א "יושב בשער המלך"[136], און עס איז דאך געווען "ואת מאמר מרדכי אסתר עושה"[137], און עאכו"כ אז אסתר וואס איז געווען בבית המלכות האט אליין געוואוסט אז אחשורוש איז א שונא ישראל -

איז ווי קומט דאס אז בשעת אחשורוש האט ביי איר געפרעגט וואס זי וויל - האט זי געענטפערט אז זי וויל האבן נאך א טאג "לעשות כדת היום"?!

און אחשורוש זאגט איר אז ער ווייס וואס איז געשען, אז מ'האט גע'הרג'ט "חמש מאות איש", מ'האט גע'הרג'ט זיינע אונטערטעניער, זיינע "סיטיזענ'ס", און וואו - "בשושן הבירה", ביי אים אונטערן נאז! און אעפ"כ ענטפערט אסתר אז זי וויל נאך א טאג "לעשות כדת היום"?!

מה. נאכמער:

די גאנצע גזירה פון פורים איז גאר געקומען צוליב קנאות, צוליב דעם וואס "ומרדכי לא יכרע ולא ישתחוה"[138], און המן האט דאס ניט געקענט פארטראגן, און דערנאך איז דערפון געווארן די גאנצע סדר השתלשלות, די פחדות און די גזירה,

[מערניט וואס דערנאך איז געווארן דער ביטול הגזירה, "אשר ישלטו היהודים"וכו'" דורך א נס, טאקע א נס מלובש בטבע, אבער א נס[139] -]

וואס עס זיינען אויך געווען תירוצים אז מ'זאל מעגן זיך משתחוה זיין, ווי לדוגמא אז דאס וואס איז געווען בא המן'ן איז געווען מעדניט ווי אן אנדרטיא[140] - און אעפ"כ האט מרדכי זיך ניט געוואלט כורע ומשתחוה זיין,

און אין גמרא זאגט מען אז מ'איז זיך מתאונן אויף דעם ,

וואס מה דאך אז די תנאים ואמוראים ווייסן אז דאס איז

- דער -

------------

136) אסתר ב, כא. 137) שם, כ. 138) שם ג, ב.
139) ראה בארוכה תו"א צג, א. שם, סע"ג. ק, א. ובכ"מ.
140) תוד"ה שלא - ע"ז ג, א. וראה לקו"ש פורים ש.ז. ס"ה ובהערה 34. 141)

דער תוכן ההנהגה וואס האט געבראכט צו די גאנצע גזירה - האט אסתר אוודאי געוואוסט דערפון,

און אעפ"כ, בשעת אחשורוש פרעגט איר וואס זי וויל ווייטער, און בשעת מעשה שרייבט ער אונטער אז מ'האט גע'הרג'ט זיינע אונטערטעניר - זאגט זי מיט די גאנצע ברייטקייט אז זי וויל נאך א טאג אויף "לעשות כדת היום"?!

מו. לכאורה רעדענדיק מיט אחשורוש וואלט זי אים געדארפט אפגעבן א דאנק אויף דעם וואס ער האט געטאן נעכטן, און אים משבח זיין, און אים געבן א מעדאל, און זאגן אז מ'וועט אים כותב זיין לדורות, און אים זאגן אז ער איז א מלך חכם, ניט א מלך טפש ח"ו און זאגן אז עס איז געווען בעגוג וכו' - איז וואס טוט מען לפועל - גאר להיפך: מ'זאגט אז מ'וויל נאך א טאג "לעשות כדת היום"?!

ס'איז דאך דא דער מארז"ל [142] "אל תתגרה בגוי קטן, ועאכו"כ בגוי גדול", און ביי אחשורוש וואס ער איז געווען א מלך, פון קכ"ז מדינות, און א שונא ישראל, און-די גאנצע גזירה האט זיך אנגעהויבן צוליב דעם וואס מרדכי האט זיך מגרה געווען -

איז ווי זאגט מען גאר אז מ'וויל נאך א טאג "לעשות כדת היום"?!

מז. ווי טאקע האט זי אזוי געטאן?

זי האט געדארפט באווארענען "שמא ילכדו העיר ומשם תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם [143] אז מ'האט שוין גע'הרג'ט "חמש מאות איש" דעם ערשטן טאג - זיינען נאך געבליבן המן'ס יורשים; טאקע המן'ן און אויך זיינע זין-ניט ווארום מ'האט זיי שוין גע'הרג'ט - אבער המן'ס יורשים זיינען נאך געבליבן, און ווי מ'זעט טאקע אז אויף מארגן האט מען גע'הרג'ט נאך שלש מאות איש [144] - איז בשעת עס קומט באווארענען "שמא תפתח הארץ לפניהם", רעכנט מען זיך ניט מיט קיינע ענינים און מען האט געמוזט בעטן נאך א טאג אויף זיי הרג'נען.

וואס אין שושן זיינען דאך געווען צענדליקע טויזנט מענטשן, ווי מ'געפינט אז אין נינוה זיינען געווען א סאך מענטשן [145], וואס אחשורוש איז דאך געווען דער ממלא מקום פון נינוה [145*], און מ'האט גע'הרג'ט נאר די חמש מאות איש דעם

- ערשטן -

---

142) ראה פסחים קיב, א. 143) ראה עירובין מה, א. ופרש"י ד"ה לספר. טושו"ע ואדה"ז או"ח סשכ"ט ס"ו. 144) אסתר ט, טו. 145) ילקו"ש עה"פ יונה ג, ג. 145*)

ערשטן טאג און נאר די שלש מאות איש דעם צווייטן טאג -

ווארום די מענטשן זיינען געווען המן׳ס יורשים; בשעת מ׳וואלט נאר גע׳הרג׳ט 299 מענטשן (ניט קיין 300) וזאלט מען סיי-ווי גארניט אנגעווארן ווארום "בביזה לא שלחו את ידם" [146] - נאר וואס דען, כאמור זיי האבן געמוזט הרג׳נען אויך דעם 300׳סטן מענטש, ווארום ער איז געווען פון המן׳ס יורשים.

ווארום ביי אידן איז ניטא קיין שפיכות דמים סתם אזוי, סיידן אז תורה הייסט, וועז ס׳איז ניטא קיין ברירה, ווי לדוגמא, מ׳גיט אן אידן מלקות [147], אדער "לא תחי׳ כל נשמה" [148] פון די שבעה עממין, אדער אז ס׳איז עכו"ם שצרים על עיירות ישראל און ס׳איז דא א חשש פון "שמא ילכדו העיר ומשם תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם" , ס׳איז פקוח נפש -

וואס דעמולט מוז מען שטיין מיט א תוקף בדוגמא ווי אסתר האט געטאן.

מח. בשעת ס׳איז נכרים שצרו על עיירות ישראל - מאכט מען ניט קיין חשבון פון אל תתגרה בגוי קטן, צי בגוי גדול -

ווארום דאס איז אלץ גערעדט געווארן בשעת ס׳איז ניטא קיין נכרים שצרו על עיירות ישראל, וואס דעמולט איז א מצב פון פקו"נ וואס איז דוחה כל התורה כולה, כולל אויך אז ס׳איז דוחה דעם "אל תתגרה".

מט. ובפרט אז מ׳האט געזען אז מ׳האט אפגעגעבן די שטחים מלמעלה, איז הגם אז ס׳איז דא דער "אל תתגרה", און די שבועה פון "אל תעלה בחומה" - אבער אט-דאס וואס דער אויבערשטער האט אפגעגעבן טאר מען ניט אפגעבן קיין שעל,

און מ׳האט עס אפגעגעבן <u>בנס</u>, טאר מען דאס ניט אפגעבן, און עס דארף זיין ע"ד ווי בא דער נס פון פורים אז אויב מ׳וואלט ניט בעשטאנען מיט א תוקף אויף מאנען נאך א טאג - וואלט נאר געווען איין טאג פורים.

וועמען ארט דאס אז עס וואלט געווען נאר איין טאג פורים?

איז דער ביאור: בשעת עס וואלט געווען נאר איין טאג פורים וואלט מען מבטל געווען דער גאנצער נס פון פורים:

- דער -

------------

146) אסתר ט, טו. 147) תצא כה, ג. 148) שופטים כ, טז. 149)

דער גאנצער נס איז געווען צו מבטל זיין מחשבת המן - איז בשעת מ'וואלט ניט געבעטן נאך א טאג - וואלטן נאך געבליבן די וואס זיינען פון מחשבת המן, וואלט זיך פארצויגן און פארבליבן מחשבת המן - וואלט מען מבטל געווען דער נס וואס דער אויבערשטער האט געמאכט.

וואס באמת איז די גאנצע גזירה פון פורים געקומען דורך אזא הנהגה:

בשעת מען האט מלחמה געהאט מיט עמלק'ן האט מען געלאזט אגג'ן לעבן, איז אין די פאר שעה וואס זיינען געווען ביז ס'איז געווען "וישסף שמואל את אגג"[150] - האט ער אפגעטאן א מעשה, און ס'איז גולד געווארן א זון, וואס פון אים איז ארויסגעקומען המן[151] און במילא - גזירת המן [ווי ער רעכנט אוים המן'ס יחוס ביז אגג אין תרגום שני[152]] -

איז דערנאך בשעת פורים, האט מען זיך געפירט אין אן אופן וואס האט באווארנט אט- דעם ענין אז מ'זאל ניט מבטל זיין א נס, מען האט געמאכט זיכער צו מבטל זיין מחשבת המן, וואס דער גאנצער נס בפורים איז געווען בכדי צו מבטל זיין מחשבת המן.

וואס עד"ז איז דאס בענינגו - אז דער אויבערשטער האט אפגעגעבן שטחים מיט א נס, און בשעת מ'גיט זיי אפ לאזט מען ניט צו און מ'איז מבטל דעם אויבערשטנ'ס נס.

ג. וואס כולי עלמא מודים אז די שטחים זיינען אפגעגעבן געווארן אידן בנס און ס'איז ניט געווען "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה"[153];

און אפילו אויב ס'איז ניט געווען דורך א נס - זיינען זיי אבער לפועל שייך צו יעדן אידן[154], און מ'טאר ניט אפגעבן א זאך וואס געהערט צו א צווייטן (ע"י כבוש),

אפילו א פחות משוה פרוטה וואס געהערט צו א צווייטן טאר מען אויך ניט צונעמען, ווי מבואר אין שו"ע ארה"ז[155], די איינצעקע נפק"מ איז בנוגע צו חיוב השבה[155] - אבער טארן טאר מען ניט צונעמען אויך א פחות מש"פ וואס געהערט צו א צווייטן,

איז בשעת מ'גיט אפ איין שעל - איז דאס א גזילה.

- וואס -

---

150) ש"א טו, לג. 151) ראה פתיחתא לאסת"ר ז.
152) ג, א. 153) עקב ח, יז. 154) ראה שו"ת מהר"ם ב"ר ברוך סי' תקל. ס' השטרות לר"י ברצלוני ע' 43. אוצר הגאונים קידושין סי' קמו-קנא. וראה קונטרס מוצאי ש"פ לך לך תשל"ח סט"ו ובהערות. 155) חו"מ ריש הלכות גזילה וגניבה.

וואס כ"ז איז נוסף אויף דעם וואס ס'איז דא דער חשש אז "שמא ילכדו העיר ומשם תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם" און ס'איז פשוט פקוח נפש, וואס דעמולט פאלן אפ כל הגדרים פון אל תתגרה בגוי קטן צי גוי גדול [וואס נכרים שצרו על עיירות ישראל זיינען ניט קיין גויים קטנים נאר גויים גרולים] - און מ'דארף קוקען נאר אויף די נקודה אז ס'איז פקו"נ.

נא. דערצו זיינען דא די חכמים מחוכמים וואס האלטן אז זיי זיינען קליגער פאר תורה און פארן שו"ע וואס "היא חכמתכם ובינתכם" [156],

ביז אז עס זיינען דא די וואס ווילן נאך אריינשטעלן אין תורה ראס וואס זיי האלטן!

עס זיינען דא די וואס נעמען שוחד, וואס אלע ווייסן אז זיי האבן גענומען שוחד!

נב. וואס ער טענה'ט אז ע"פ תורה מוז מען אזוי טאן ער איז א רשכבה"ג, פון כל הגולה!

ער האט סמיכה, צי ער האט ניט קיין סמיכה; פריער זאגט ער אז ער פסק'נט ניט קיין הלכות רינים ווארום ער איז פארנומען מיט לערנען תורה לשמה, דערנאך אז ס'קומט צו פקוח נפש - פסק'נט ער על יסוד פון שוחד וואס ער האט גענומען!

וואס שוחד איז "יעור עיני חכמים ויסלף דברי צדיקים" [157], בשעת מ'נעמט שוחד - טאר מען ניט פסק'נען קיין הלכה. פארבונדן מיט די פון וועמען מ'האט באקומען שוחד.

וואס מ'ווייס קלאר אז מ'האט געגעבן געלט על תנאי אז מ'זאל שטימען אויף דעם אופן, אויב מ'וועט אזוי שטימען וועט מען געבן די געלט, און אויב ניט - וועט מען ניט געבן.

נג. בשעת ער נעמט שוחר אויף זיינע דברי הרשות, איז דא א האפענונג אז ער וועט תשובה טאן, ווארום רערנאך קומט רער יצ"ט און איז אים מעורר צו תשובה טאן;

בשעת אבער ער נעמט שוחד אויף רברים של קדושה, ער האלט רערמיט אויס אזויפיל תלמידים - קומט רעמולט צו אים צוגיין רער יצה"ר אנגעטאן אין א לאנגע קאפאטע, און ער ווייזט א רשימה מיט תלמידים, וואס מ'האלט דערמיט אויס זייער עסן וכו', און מ'האלט דערמיט אויס אויך א נייע שכירות פון א ראש ישיבה,

- און -

---

156) ואתחנן ד, ו. 157) שופטים טז, יט.

און אויך - א רשימה פון די משניות און די פסוקים און די מארז"ל וואס זיי האבן געלערנט -

וואס אן די געלט וואס מ'האט געגעבן וועך ווייס אויב מ'וואלט געקענט אויפטאן אט-די זאכן!

נד. מ"מ, עס קען דאך זיין, אז די תלמידים וועלן פרעגן "מאי האי? - צו א תלמיד קען מען ניט זאגן אז ס'איז צוליב געלט, דארף מען דאך האבן א תירוץ - דארף ער האבן אן וואס צו תולה זיין, זאגט מען אז ס'איז דא איינער וואס איז אמאל געווען פון אנשי בטחון, פון צבא, און ער זאגט אז מ'דארף אפגעבן די שטחים

איי ס'וועט שאטן צו בטחון - איז אבער דא דער ענין פון יחסי מדינות, וואס מ'רופט אן פאליטיק, וואס מצד דעם דארף מען אפגעבן די שטחים.

און דערצו זאגט מען אז אויב מ'וועט זיך פירן כך וכך וועט עס מעורר זיין צו מלחמה.

תורה ווייס ניט פון קיין פאליטיק! מצד תורה איז נוגע פקוח נפש! ניט קיין פאליטיק! צו א רב און צו שו"ע איז ניט נוגע קיין פאליטיק, מ'דארף פארגעסן צו וועלכע מפלגה מ'באלאנגט און פסק'נען ווי דער דין איז,

וואס ע"פ תורה דארף מען זיך רעכענען מיט דער מצב הבטחון, און מצד בטחון - טאר מען ניט אפגעבן קיין שטחים.

נה. און דאס וואס ער האט גע'פסק'נט - אז מ'טאר ניט אפגעבן די שטחים - וויל ער ניט זאגן אז ער האט א טעות געמאכט,

רבא האט געזאגט "דברים שאמרתי לפניכם טעות הן בידי"[158]! וואס רבא האט דאס געזאגט! וואס רבא איז געווען, און געבליבן אויך דערנאך, א פוסק על כל הדורות, און א למדן על כל הדורות, און אין גאנץ תושבע"פ, ווי מ'זאגט "אדמגרמיתו גרמי בי אביי תו אכלו בישרא שמינא בי רבא[159], און מ'האט דעם ענין ארייגעשריבן אין תושבע"פ!

קען ער זיכער זאגן אז "טעות הי' בידי".

נו. דער אויבערשטער האט געהאלפן, אז איצטער, דער גופא, אויף וועמען זיי זיינען זיך סומך - האט אפגעדרוקט א ביכל, וואו ער שרייבט זיינע זכרונות, וואס ער שרייבט דארטן בפירוש

- וואס -

---

158) עירובין קד, א. וש"נ. 159) ב"ב כב, א.

- וואס בשעת מ׳זאגט בע"פ קען מען זאגן - יע געזאגט, ניט געזאגט, האט ער דאס אפגעדרוקט בפירוש -

אז מצד בטחון האלט ער אז דאס וואס מ׳האט אפגעגעבן איז א סכנה, און דאס וואס מ׳וויל ווייטער געבן איז א סכנה (די סכנה פון "תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם") - און מ׳טאר ניט אפגעבן.

ס׳איז מערנ׳יט - שרייבט ער אז וויבאלד אז ער האט גערעדט מיט דעם און מיט יענעם, און מצד דער מיט אנדערע מדינות וכו׳ - האלט ער אז מצד די חשבונות דארף מען מוותר זיין אויף די שטחים כאטש זיי זיינען נוגע צו בטחון הארץ.

און ער שרייבט דארטן אז ער האט זיך גע׳טענה׳ט מיט דעם צווייטן אז דאס איז דאך היפך פון דעם וואס מ׳האט לוחם געווען איין-און-דרייסיק יאר - האט יענער געענטפערט אז נשתנו העתים.

וואס דאס וואס יענער האט אפגעדרוקט איצטער זיינע זכרונות איז בהשגחה פרטית, מן השמים האט מען דאס אונז געלאזט וויסן, ווארום אויב ניט דערפאר - ווי אזוי קומט עס אז ער זאל אפדרוקן אזא זאך: עס ברענגט אים ניט קיין כבוד, ס׳איז ניט קיין תועלת פאר בחירות הבאות -

נאר דאס איז וואס מלמעלה האט מען דאס אונז געלאזט וויסן, און אין א קלארן אופן,

וואס בשעת מ׳זאגט בדיבור קען מען זיך דינגען וועגן דעם, אבער דא האט מען דאס אפגעדרוקט, און קטעים דערפון אפדרוקן אין צייטונגען - אז אלע זאלן וויסן וואס ער האלט, אז מצד בטחון טאר מען ניט אפגעבן די שטחים.

וואס במילא קען מען ניט נוצן אלס תירוץ פאר די תלמידים אז פארוואס פסקנ׳ט ער אז מ׳דארף אפגעבן די שטחים איז דאס דערפאר וואס יענער האלט אזוי,

ואדרבה, מצד דעם וואס יענער שרייבט, איז דאך א קלארער פס"ד אז מ׳טאר ניט אפגעבן די שטחים - ווארום ער שרייבט דאך, אז מצד בטחון און פקו"נ דארף מען האבן די שטחים.

איי דאס וואס ער שרייבט אויך, אז מצד אנדערע חשבונות האלט ער אז מ׳דארף דאס אפגעבן - איז דאס ווי ער זאגט, מצד אנדערע חשבונות, ניט בטחון און פקו"נ, וואס ע"פ תורה איז דא נאר דער חשבון פון בטחון און פקו"נ און ניט קיין אנדער חשבונות.

- וואס -

וואס די כוונה בכ"ז איז ניט צו רעדן שלעכטס אויף איינעם, וואס מ׳קען אים אויך מקרב זיין צו תומ"צ - נאר בכדי אז מ׳זאל מתקן זיין דעם ענין.

נז. ובכלל דארף מען וויסן אז בנוגע צו דעם אויבערשטן זאגט מען אז "לא יקח שוחד", און "אלקיהם של אלו שונא שוחד",

וואס לכאורה וואס פאר א שוחד קען מען דאס געבן דעם אויבערשטן? נאר דאס רעדט זיך וועגן שוחד פון תורה: ס׳איז דאך "הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים" 161 - וועט ער געבן דעם אויבערשטן תורה ויר"ש!

זאגט מען אז דער אויבערשטער "לא יקח שוחד" מען קען ניט אפקויפן דעם אויבערשטן ח"ו מיט דעם וואס ער זאגט אז ער נעמט דערפאר געלט פאר ישיבות וכו׳!

דערנאך איז דא דער וואס איז א שקרן, ער דערציילט ניט ריכטיק ווי דער מצב איז, ער דערציילט ווי ס׳איז ניט קיין מצב פון פקו"נ, דערנאך איז דא דער חנפן, וואס חנפ׳ט זיך און זאגט אז ס׳איז נוגע לכבודו, במילא טאר ער זיך ניט קריגן, אע"פ וואס ס׳איז ניט ע"פ תורה.

נח. וואס כ"ז איז די הוראה וואס מ׳לערנט אפ פון צוויי ענינים וואס זיינען איצטער נוגע, דער ענין פון שושן פורים, און אויך פון דער ביכל וואס בהשגח"פ האט זיך איצטער דארט אפגעדרוקט אט-דער ענין.

און איי וואס וועט זיין שפעטער - וואס עס זיינען דא וואס טענה׳ן, אז סוכ"ס וועט מען דורך אזא הנהגה פון ניט געבן די שטחים אנרייצן די גויים און עס וועט ווערן א מצב פון פקו"נ איבער עטלעכע, פיר, יאר ארום - איז דאס קיין תירוץ ניט; ודוגמא לדבר:

איינער איז צו מיר געקומען און געזאגט אז ער זוכט א היתר אויף מחלל שבת זיין ח"ו, האב איך אים געפרעגט: וואס קומסטו צו מיר. האט ער געענטפערט אז ער וויל א היתר. האב איך אים געפרעגט: ממ"נ - ווילסטו היטן שבת - וואס דארפסטו א היתר אויף מחלל שבת זיין, און טאמער דו ווילסט ניט היטן שבת ח"ו - וואס דארפסטו א היתר אויף מחלל שבת זיין,

האט ער מיד געזאגט, אז ער לערנט זיך חכמת הרפואה, און ער דארף שרייבן שבת - בעט ער א היתר, אז אזוי ווי איבער פינף יאר ארום וועט ער ווערן א רופא ממוחה, וואס

- אין -

------------

(160

אין די ערשטע פיר יאר איז צו קיין חולים לאזט מען אים ניט צו, נאר עס קען זיין אז ער וועט מצליח זיין, און אין דעם פינפטן יאר וועט מען אים שוין צולאזן זיך מטפל זיין מיט חולים, איז רעכט אז צווישן די חולים וואס וועלן קומען ביי אים וועט זיין א חולה מסוכן, און עס קען זיין אז ער וועט קומען בשבת וויל ער מחלל שבת זיין מיט פינף יאר פריער צוליב די פקו"נ וואס וועט זיין איבער פינף יאר ארום!

וואס עד"ז איז דאס אויך בעניננו: מצד דעם וואס מ'טראכט איצטער וועגן פקו"נ וואס וועט זיין איבער כמה שנים, וויל מען איצטער אפגעבן די שטחים, בשעת אז דורך אפגעבן די שטחים ווערט תפתח הארץ לפניהם, א מצב פון פקו"נ!

וואס אפילו אויב ס'איז איצטער א ספק פקו"נ - טאר מען ניט אפגעבן, ווארום אין פקו"נ איז אפילו א ספק, און א ספק ספיקא, און מאה ספיקות - איז אלץ לחומרא,

און פקוח נפש איז דוחה כל התורה כולה, אויך דוחה "אל תתגרה בגוי"; ווארום ס'איז דא דער חשש פון "תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם".

און דאס וואס מ'טענה'ט אז "אל תתגרה בגוי" - זעט מען אז דוקא אין דעם דין קאכט ער זיך,

ווארום ער שרעקט זיך פאר גוי'שקייט און ער האט "דרך ארץ" פאר א גוי כאפט ער זיך דוקא אן אויף דעם.

אבער כאמור, דאס איז כלל ניט נוגע צו עניננו.

נט. די גאנצע סיבה פארוואס מ'טענה'ט אזוי איז מצד אראפגעפאלענקייט פאר גוים און גוי'שקייט, ווי מ'זעט ווי ס'איז געווען דער יחס און צוגאנג בנוגע דעם עניין פון ירושלים אז מ'האט עס אפגעגעבן מלמעלה באופן של נס, ווארום מלכתחילה האבן זיי דאס ניט געטראכט איינצונעמען,

און דערנאך גלייך אויף מארגן האבן זיי געוואלט אפגעבן, מיט נאך ענינים שעד"ז - די איינציקע זאך וואס איז געווען איז, אז דער אויבערשטער האט געמאכט א נס אז די גויים האבן דאס ניט געוואלט נעמען!

וואס לכתחילה האט מען דאס געלייקנט - אבער איצטער איז אזוי אפגעדרוקט אין דער ביכל הנ"ל אז אזוי איז טאקע געווען.

און דאס וואס מ'טענה'ט וועגן לחץ - איז דארטן האט מען דאס געוואלט אפגעבן אויך בתחלה, ווען ס'איז נאך ניט געווען קיין לחץ, טענה'נדיק אז ס'איז דא $1\frac{1}{2}$ מיליאן אראבער, און מ'האט ניט קיין כח זיך איינקערן מיט זיי, אויף זיי דריקן, און ס'איז היפך הצדק והיושר, וכדומה.

- ס. -

ס. ויה"ר אז עס זאל זיין "ליהודים היתה אורה - זו תורה", וואס ליכטיקייט קומט ניט פון פאליטיק, נאר די ליכטיקייט פון תורה, מ'זאל ארויסנעמען א שו"ע, און זען וואס עס שטייט אין די תורה,

און ניט ווי די ליכטיקייט פון די וואס "שמים חושך לאור'[162], וע"ד דער ענין פון די וואס דינגען זיך אין דעם ענין פון גיור כהלכה, וואס די וואס זיינען געגן גיור כהלכה זיינען די וואס זיינען קעגן דעם ענין פון ניט אפגעבן שטחים,

וואס אע"פ וואס זיי זיינען לכאורה צוויי באזונדערע ענינים - איז דער צד השוה שבשניהם אז זיי זיינען ביידע היפך ההלכה.

און ניט ווי די וואס האלטן אז דורך דעם וועלן זיי קריכן און וואקסן אין געוויסע חוגים.

סא. און עס זאל זיין "ויקר", כבוד - אמת'ע כבוד, ניט קיין כבוד המדומה, און ניט כבוד וואס דער חנפן זאגט איז כבוד, און פון די מרגלי שקר און אלע ד' כתות[163], נאר כבוד פון תורה, וואס זי איז אמת,

מ'זאל אפשיקן די חנפים און די שקרנים וכו' און צוגיין צום פאליצע, און עפענען דעם שו"ע, זיך האלטן בא דעם שו"ע; און אפילו אז דורך דעם וועט ניט זיין קיין כבוד - איז ביי אים "שויתי ה' לנגדי תמיד"[164] (ווי מ'איז דאס מדגיש אין אנהויבס פון אלע חלקי שו"ע) וואס וויבאלד אז ער האט דעם אויבערשטן וואס איז בכלל נוגע דעם כבוד, ס'איז אים בכלל ניט נוגע ווי מ'קוקט אויף אים.

נאר וואדען מ'וועט אים פרעגן - וואס איז געווען פריער וואס ער האט געהאלטן אנדערש, איז - לא יתבייש מפני בני אדם המלעיגים עליו"[165].

סב. און עס זאל זיין "וששון - זו מילה", וואס דער ענין פון מילה איז אז ער פארבינדט זיך בברית עולם מיט דעם אויבערשטן. אפילו אז ס'גיסט זיך זיינע בלוט, און ער טוט דאס בשמחה,

און "שמחה - זו יו"ט"[166], אנהויבנדיק פון פורים.

- סג. -

---

162) ישעי' ה, כ. 163) ראה סוטה מב, א. 164)

סג. וואס אע"פ אז געוויינטליך דארף זיין דער הרגש אז ניט כיט אונזער ווילען זיינען מיר אוועק פון ארץ ישראל און ניט מיט אונזערע כחות וועלן מיר צוריק קומען קיין ארץ ישראל"[167], אבער בשעת עס רעדט זיך וועגן די שטחים וואס דער אויבערשטער האט אפגעגעבן אידן, בשעת ס'איז נוגע אין דער שלימות פון אידישקייט - דארף מען זיך שטעלן מיט א תוקף,

ווארום דער גאנצער מציאות און כוונה אין גויים איז אז זיי זאלן פארהיטן א אידן, ווי חנני' מישאל ועזרי' האבן געזאגט צו נבוכדנצר, אז בשעת ס'קומט צו דעם וואס דער אויבערשטער הייסט איז "את וכלבך שוין"[168]: ער איז טאקע געווען א מלך, בשעת אבער ס'איז געקומען צו וואס דער אויבערשטער הייסט איז - "את וכלבך שוין",

וואס דער ענין פון א כלב איז - אז ער איז משרת לאדונו, ער היט דעם שטוב צי דעם עדר פון א גנב וגזלן וכיו"ב,

וואס בחיצוניות קוקט אויס ניט אזוי - ער גייט פאראויס און ער איז גאר מורה דרך דעם אדון,

ביז ווי עס איז דא, במדינה זו אז דער אדון איז גאר משמש דעם כלב, ער בינדט צו א טבעת, מיט א חוט א שלשלת ארוך וכו', און דער כלב גייט לפניו,

אבער אעפ"כ זעט מען, אז אע"פ וואס דער כלב גייט פאראוים פאר דעם אדון - דרייט ער זיך פון צייט צו צייט אום צו זען צי דער אדון גייט הינטער אים, ווארום אין אמת'ן איז ניט דער כלב דער וואס טוט, ער איז נאר א משרת לאדונו.

וואס עד"ז האבן חנני' מישאל ועזרי' געזאגט צו נבוכדנצר'ן אז אע"פ אז ער איז א מלך, איז ניט ער דער וואס טוט, ניט ער מאכט די חוקים - נאר דער אויבערשטער מאכט דאס און זיין מטרה איז פארהיטן אויף דעם וואס דער אויבערשטער וויל

אז הגם אז לבאורה קוקט אויס אז ער גייט פאראוים און איינער וואס ווייסט ניט וואס תורת אמת זאגט קען מיינען אז ער איז דער פירער - איז אבער דער אמת אז די כוונה שבו איז אז ער זאל היטן אויף אידן, בדוגמת ענינו פון כלב.

סד. ויה"ר אז אלע ענינים הנ"ל זאלן זיין אין אופן פון "צו - זירוז מיד ולדורות", און פון "צו" זאל מען קומען

- (צו -

------------

167) סה"מ קונט' ח"א קעה, ב. לקו"ד ח"ד תרצב, א.
168)

**סז.** מאמר (כעין שיחה) ד"ה ליהודים היתה אורה גו'.

**סח.** ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פסוק פון פרשת השבוע מיט פירוש רש"י, און וויבאלד אז ס'איז שושן פורים - וועט מען אויך אפלערנען א פרש"י אין מגילת אסתר, און אויך אן ענין אין די הערות אויפן זהר פון פרשתנו, פ' צו.

בנוגע צו פרש"י אין פרשתנו - האב איך אליין ניט געדארפט זוכן א רש"י אויף וואס צו זיך שטעלן דערפאר וואס איינער האט מעורר געווען אויף א רש"י, ער האט אבער נאר געפרעגט איין שאלה אויף דער רש"י, און באמת זיינען דא נאך מערער שאלות.

אין פרשתנו קאפיטל ז' פסוק ט"ז אויפן פסוק "ואם נדר או נדבה זבח קרבנו ביום הקריבו את זבחו יאכל וממחרת והנותר ממנו יאכל", איז רש"י מעתיק פון פסוק די ווערטער "וממחרת והנותר ממנו", און זאגט: "בראשון (און דערנאך ברייננגט ער ווייטער לשון הכתוב) יאכל".

ד.ה. אז רש"י זאגט אז דא דארף מען לערנען דעם פסוק כאילו ווי עס וואלט געשטאנען "וממחרת והנותר ממנו (און גיט צו דעם ווארט) **בראשון** יאכל".

[וכרגיל אין פרש"י (כמדובר כמ"פ (ראה לקו"ש חי"א ע' 58 ובהערה 22. ע' 164 הערה 19. ועוד)), בכדי מפרש זיין וואס עס שטייט אין פסוק לייגט ער אריין ווערטער אין לשון הכתוב, ס'איז מערניט וואס דער בחור הזעצער האט געמאכט א טעות, און אנשטאט מעתיק זיין אויך דעם ווארט פון פסוק "יאכל" אין גרויסע אותיות (ווי די ווערטער פון פסוק "וממחרת והנותר ממנו"), האט ער דאס מעתיק געווען אין קליינע אותיות (די אותיות אין וועלכע **פרש"י** איז געשריבן)].

ד.ה. אז רש"י איז דא מפרש אז "וממחרת והנותר ממנו יאכל" מיינט דער נותר ממנו" וואס איז געבליבן פון יום ראשון, איז "ממחרת" "יאכל".

לפי"ז ווערט אבער א שאלה אז "וי"ו זו (פון דעם ווארט "והנותר") יתירה היא". אויף דעם זאגט רש"י "ויש כמוה הרבה במקרא כגון ואלה בני צבעון ואיה וענה (וישלח לו, כד), תת וקדש וצבא מרמס (דניאל ח, יג)".

**סט.** אין דעם פרש"י דארף מען לכאו' פארשטיין:

צו פרש"י דא איז לכאו' מערניט ווי נוגע די ווערטער "והנותר ממנו" פון פסוק - פארוואס איז רש"י מעתיק אויך דעם ווארט "וממחרת"?

ואדרבה: פון ווארט "וממחרת" איז גאר א ראי' לסתור צו דעם וואס רש"י זאגט אז "הנותר ממנו" איז פון יום ראשון - ווארום ווען מ'לייענט אין פסוק אויך דעם ווארט "וממחרת", "ביום הקריבו את זבחו יאכל וממחרת והנותר ממנו יאכל", קומט אויס בפשטות אז מ'עסט דעם קרבן "ביום הקריבו" און "ממחרת" דער "והנותר ממנו" איז פון וואס ווערט געבליבן פון "ממחרת" (ניט פון יום ראשון), היפך פון פרש"י - האט עס רש"י זיכער ניט געדארפט מעתיק זיין?!

לכאו' וואלט מען געקענט פארענטפערן, אז דאס גופא קומט רש"י באווארענען, אז אע"פ וואס בפשטות באציט זיך דער ווארט "וממחרת" צו פריער אין פסוק, צו דעם ווארט "יאכל", אז "(ביום הקריבו את זבחו) יאכל וממחרת", און דערנאך גיט צו דער פסוק נאך א זאך - "והנותר ממנו (פון "ממחרת") יאכל" - איז דער פירוש אין דעם

(זאגט רש"י) ניט אזוי, נאר אז "וממחרת" באציט זיך אויף ווייטער, אויף "והנותר ממנו", אז "ממחרת" איז דער "הנותר ממנו" פון "יום ראשון" - "יאכל".

דאס גופא דארף מען אבער פארשטיין: פארוואס איז רש"י מפרש אז "וממחרת" באציט זיך אויף ווייטער, וואס דעמאלט לאזט ער זיך ארײַן אין דעם דוחק אז דער וי"ו פון "והנותר" איז א וי"ו יתירה, ווען ער האט געקענט לערנען דעם פסוק בפשטות, אז "וממחרת" גייט אויף דעם "יאכל" וואס שטייט פריער, וואס דעמאלט איז אלץ גלאטיק לכאו'?!

ובפרט אז אזוי איז מפרש דער תרגום יונתן בן עוזיאל.

ונוסף לזה:

א. לויט דעם פירוש הנ"ל אז "וממחרת" באציט זיך צו "יאכל" פריער, און דערנאך קומט צו נאך א זאך, "והנותר ממנו יאכל" - זיינען ניטא נאך כמה דוחקים וואס זיינען דא לויט פירוש רש"י (נוסף צו דעם וואס דער וא"ו פון "והנותר" איז א וא"ו יתירה):

לויט דעם פירוש הפשוט הנ"ל (פון תיב"ע) אז מ'לייענט "ביום הקריבו את זבחו יאכל וממחרת" (ד.ה. אז "וממחרת" באציט זיך צו (פריער) "יאכל"), איז גלייך פארשטאנדיק אויף וואס עס גייט דער "וממחרת", אז מ'קען דאס עסן היינט און "ממחרת"; משא"כ לויט פרש"י אז "וממחרת" באציט זיך אויף ווייטער, "וממחרת (ו)הנותר יאכל" - איז דער גאנצער לשון ניט פארשטאנדיק: מ'זאגט "וממחרת" אן זאגן וואס וועט זיין "ממחרת"; עס האט געדארפט שטיין (לפי זה) "והנותר ממנו ממחרת יאכל" (ראה פנ"י כאן).

ב. לויט דעם פירוש הפשוט איז פארשטאנדיק תוכן הכתוב בפשטות: אז "ביום הקריבו את זבחו יאכל וממחרת", מ'קען דאס עסן דעם טאג פון הקרבה און ממחרת, און דערנאך גיט דער פסוק צו "והנותר ממנו יאכל", **סאמער** עס וועט זיין דערפון "נותר" "יאכל";

משא"כ לויט פרש"י אז מ'לייענט "וממחרת (ו)הנותר ממנו יאכל" - איז משמע אז דער פסוק זאגט אן א דבר **ודאי** אז ממחרת פון יום ההקרבה וועט **זיכער** בלייבן נותר און דעמאלט דארף מען דאס עסן!

היינט פארוואס דארף רש"י מפרש זיין א פירוש וואס האט די אלע דוחקים ווען ער האט געקענט בפשטות מפרש זיין דעם פסוק ווי דער פירוש פון תיב"ע ?

ג. לכאו' וואלט מען געקענט פארענטפערן ווי דער ראי"ם און נאך מפרשי רש"י זאגן אז רש"י איז מפרש פירושו אז "וממחרת" גייט אויף ווייטער און דער וא"ו פון "והנותר" איז א וא"ו יתירה - דערפאר וואס אזוי שטייט אין תורת כהנים, און דאס שטימט מיט הלכה, וואס די הלכה איז אז מ'מעג עסן פון א קרבן נאר צוויי טעג, יום ההקרבה און למחרתו (והלילה ביניהם), אבער ניט אור ליום שלישי (פון די הקרבה), און דערפאר - דארף מען מפרש זיין דעם פסוק "ביום הקריבו את זבחו יאכל", אז מ'עסט דאס ביום ההקרבה, און "ממחרת (ו)הנותר ממנו יאכל", אויף מארגן עסט מען דער נותר פון יום **הראשון**;

משא"כ אויב מ'זאל מפרש זיין אז "וממחרת" באציט זיך צו "יאכל" וואס שטייט פריער, קומט אויס אז ס'איז "יאכל" ביום ההקרבה און (יאכל) "ממחרת", דעם טאג נאך ההקרבה, "והנותר ממנו" (פון דעם יום **השני**) איז "יאכל" **נאך דערויף**, וואס דאס איז היפך ההלכה הנ"ל אז מ'דארף דאס עסן **בשני** ימים און ניט שפעטער.

קען מען אבער אזוי ניט פארענטפערן (אז דערפאר לערנט ניט רש"י ווי דער פירוש הפשוט אין פסוק פון תו"כ) - ווארום:

א) רש"י איז עניני פשוטו של מקרא, און ער איז ניט מוכרח לערנען ע"ד ההלכה, ווי עס שטייט אין תורת כהנים.

ב) אין תורת כהנים איז דא א גאנצע אריכות מיט לומדות און ראיות פון פסוקים וכו', אויף לערנען אז "וממחרת" באציט זיך אויף ווייטער אין פסוק און דער וא"ו פון "והנותר" איז א וא"ו יתירה -

איז מה-דאך אז אין תו"כ וואס דאס לערנט מען מיט א בן עשר למשנה און א בן חמש עשרה לגמ' (אבות ספ"ה), דארף זיין א גאנצע אריכות און לומדות וכו' בכדי אזוי צו לערנען - איז עאכו"כ אז רש"י וואס לערנט מיט א בן חמש למקרא דארף דערצו האבן אן אריכות וכו'; צי דען קען מען זאגן אז רש"י איז דערצו מרמז מיט צוויי דריי ווערטער, ווען אין תו"כ איז דא אזא אריכות?!

ג) די ראי' וועלכע דער תו"כ ברענגט אז מ'קען ניט לערנען אז מ'קען עסן דעם קרבן אויך אור לשלישי (ובמילא מוז מען לערנען אז דער וא"ו פון "והנותר" איז א וא"ו יתירה), איז פון א פסוק וואס שטייט **ווייטער** (נאך פרשתנו, פ' צו) אין פ' קדושים, וואס דארטן שטייט (יט, ו) "ביום זבחכם יאכל וממחרת והנותר עד יום השלישי באש ישרף".

דער בן חמש למקרא אין פ' צו האט אבער נאך ניט געלערנט דעם פסוק, און אין פרשתנו איז ניטא קיין הכרח צו לערנען אזוי פשט, איז אויב רש"י טייטשט אין פרשתנו אז דער וא"ו פון "והנותר" איז א וא"ו יתירה צוליב דעם וואס עס שטייט אין פ' קדושים, האט ער דאס געדארפט זאגן.

ד) אפילו פון דעם פסוק אין פ' קדושים איז אויך קיין הכרח ניט צו טייטשן אז "וממחרת" (אין פרשתנו) באציט זיך צו שפעטער און דער וא"ו איז א וא"ו יתירה - ווארום: מ'קען טייטשן (אין פ' קדושים) - "עד יום השלישי" מיינט ביז דעם דריטן טאג, אבער דער נאכט פאר דעם דריטן טאג, אור ליום שלישי, קען מען יע עסן פון דעם קרבן. קען מען טייטשן אין אונזער פסוק "ביום הקריבו את זבחו יאכל וממחרת", און דערנאך "והנותר ממנו" פון "**ממחרת**" (יום השני) איז "יאכל" **באור ליום שלישי**.

און אזוי איז טאקע פשטות הענין, אז ביום שחט מען און בלילה לאח"ז עסט מען דערפון, עד"ז אויך ביום השני קען מען דערפון אויך עסן בלילה, אור ליום שלישי.

ובפרט אז דער בן חמש למקרא האט שוין פריער געלערנט אין רש"י אז אין קדשים איז "הלילה הולך אחר היום".

אין תו"כ (וראה פסחים ג, א) לערנט ער אפ פון "עד יום", אז "עד יום הוא נאכל ואינו נאכל לאור שלישי" - אבער רש"י ברענגט ניט דעם פירוש אין פרשתנו. און נאכמער: אפילו אין פ' קדושים עה"פ ברענגט רש"י ניט דעם לימוד. וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז רש"י לערנט דעם פסוק בפשטות, אז "עד יום שלישי" מיינט כפשוטו - ביז **יום** שלישי, אבער אור ליום שלישי מעג יע עסן.

ווערט די שאלה אויף פרש"י פארוואס ער לערנט ניט דעם פסוק בפשטות, אז "ביום הקריבו את זבחו יאכל וממחרת", און דערנאך נאך א זאך - "והנותר ממנו (פון דעם "מחרת") יאכל (באור ליום שלישי)", אנשטאט מפרש זיין אז "וממחרת" באציט זיך צו ווייטער אין פסוק, וואס דעמאלט ווערן כמה דחוקים אין פסוק?

**יא.** אויף דעם וואס דער וא"ו פון "והנותר" איז א וא"ו יתירה, זאגט רש"י "ויש כמוה הרבה במקרא", און ער ברענגט אויף דעם צוויי דוגמאות - "כגון ואלה בני צבעון ואיה וענה", וואס דאס איז דער ערשטער מאל וואו מ'געפינט אין תורה א וא"ו יתירה (אין פ' וישלח), און "תת וקדש וצבא מרמס", א פסוק אין דניאל.

אין פ' וישלח אויף דעם פסוק הנ"ל ("ואלה בני צבעון ואיה וענה") שטעלט זיך אויך רש"י (אויף די ווערטער "ואיה וענה") און זאגט אויך: "וא"ו יתירה והוא כמו איה וענה והרבה יש במקרא תת וקדש וצבא מרמס", דעם זעלבן פסוק אין דניאל וואס ער ברענגט אין פרשתנו, און דערנאך ברענגט ער נאך א פסוק - אין תהלים (עו, ז "נרדם ורכב וסוס".

דארף מען פארשטיין: פארוואס ברענגט ער ניט אין פ' וישלח פון דער פסוק אין פרשתנו - א פסוק אין חמשה חומשי תורה, און אנשטאט דעם ברענגט ער פון פסוקים אין נ"ך, אין דניאל און אין תהלים?

[דאס וואס רש"י אין פרשתנו ברענגט נאר דעם פסוק פון פ' וישלח און פון דניאל, און ניט פון תהלים, איז דערפאר וואס ער פארלאזט זיך (אין פרשתנו) אויף דעם וואס ער האט געבראכט אין פ' וישלח].

**עב.** אויך אין דניאל שטעלט זיך רש"י אויף דעם פסוק הנ"ל (אויף די ווערטער "וקדש וצבא") און זאגט: "וא"ו והרבה כאלה במקרא נרדם ורכב וסוס (דער פסוק אין תהלים), ואף בלשון בני אדם יש מדברים כן".

דארף מען דא פארשטיין:

א) פארוואס רופט רש"י אן דעם וא"ו אין דניאל - "וא"ו **טפילה**", און אין פרשתנו און אין פ' וישלח רופט ער עס אן - "וא"ו יתירה"?

ב) פארוואס גיט רש"י צו אין דניאל "ואף בלשון בני אדם יש מדברים כן", וואס ער שרייבט ניט אין פרשתנו און אין פ' וישלח. ממה-נפשך: וואס איז נוגע צו דעם וואס אין לשון **הכתוב** איז דא א וא"ו יתירה (אדער טפילה) אז "אף בלשון **בני אדם** יש מדברים כן"? און אויב דאס איז נוגע - פארוואס איז דאס נוגע נאר אין דניאל און ניט אין פרשתנו און אין פ' וישלח?

**עג.** המדובר לעיל זיינען די שאלות אין פרש"י על אתר; אין דערויף איז דא א "קלאץ קשיא", וואס כרגיל שטעלט זיך קיינער ניט אויף דעם, אן ענין למעלה מדרך הטבע לגמרי, אדער למטה מדרך הטבע - אז אויף א "קלאץ קשיא" שטעלט זיך **קיינער** ניט!

גלייך אין פ' וישלח ווען רש"י זאגט דעם בן חמש למקרא אז דער וא"ו (פון "ואיה") איז א וא"ו **יתירה**, און אזוי אויך אלע אנדערע מאל וואס רש"י זאגט דאס - פרעגט דער בן חמש למקרא: אויב דער וא"ו איז איבעריק איז וואס דארף עס שטיין אין תורה ?! ווי קומט אין תורה אן אות (א וא"ו) וואס איז **יתירה**?!

און דאס וואס רש"י זאגט אים "והרבה יש במקרא" ("ויש כמוה הרבה במקרא") - מאכט ניט קלענער די שאלה, נאר פארקערט: יעדער מאל וואס עס שטייט אין תורה א וא"ו יתירה ווערט די קשיא נאך גרעסער - ווי קומט אין תורה אן ענין יתירה?!

רש"י לערנט דאך מיט דעם בן חמש למקרא ווי יעדער אות אין תורה איז מדוייק און ווי פון יעדער אות לערנט מען אפ ענינים און הלכות וכו' - און דא מיטאמאל זאגט אים רש"י אז ס'איז דא א וא"ו **יתירה**, און ניט איינער, נאר **"והרבה** יש במקרא"!

צי דען איז דאס דרך פון חינוך פון קטנים - צו זאגן זיי אז אין תורה איז דא אן איבעריקע זאך, א וא"ו יתירה?!

און וויבאלד אז רש"י באווארנט עס ניט, איז פארשטאנדיק אז דאס איז אזוי פשוט פאר דעם בן חמש למקרא, אז רש"י דארף דאס גאר ניט באווארענען.

וכפי שיתבאר לקמן.

**עד.** אין די מגילה קאפיטל ט' פסוק כ"ז שטעלט זיך רש"י אויף דעם וואס עס שטייט "ככתבם" און זאגט: "שתהא המגילה כתובה כתב אשורית".

דארף מען פארשטיין: פריער אין קאפיטל ח' פסוק ט' שטייט אויך דער לשון "ככתבה" - "ויכתב ככל אשר צוה מרדכי גו' מדינה ומדינה ככתבה ועם ועם כלשונו" [דרך אגב: רש"י איז דארטן מפרש: "ככתבה - באותיות שלה. כלשונו - הוא הדיבור", וואס מ'דארף פארשטיין - מאי קמ"ל?!], איז פארוואס דארטן וואו עס שטייט דעם **ערשטן** מאל "ככתבה", איז רש"י ניט מפרש "שתהא המגילה כתובה כתב אשורית", און ער איז דאס מפרש ערשט דעם צווייטן מאל ווען עס שטייט "ככתבה"? אויב עס דארף עס מפרש זיין - האט ער עס געדארפט מפרש זיין דעם ערשטן מאל וואו עס שטייט.

**עה.** אין די הערות אויף זהר פון פרשתנו שטעלט ער זיך (לקוטי לוי"צ לזח"ג ע' ריג) אויף דעם וואס עס ברייננגט זיך אין זהר פרשתנו דף ל"ב עמוד ב' בענין הקרבנות, אז די שריפת הקרבנות איז געווען דורך א אש וואס האט אויסגעזען ווי אן ארי' (של אש), און ער איז דאס מתאר אויף צוויי אופנים: "הא אתמר דמדבחא סלקא ואתחזי כו' כחיזו דחד אריא תקיפא רביע על טרפי' וכו'", און "ותצא אש מלפני ה' ותאכל על המזבח גו' כו' ואתחזי כארי' רברבא רביע על קרבנא".

און ער איז מבאר אין דער הערה: "דוק בלישנא, מקודם נקט אריא תקיפא רביע על טרפי', וכאן נקט כארי' רברבא רביע על קרבנא, שינה מתוקפא לרברבא, ומטרף לקרבן. והיינו כי ארי' רומז על גבורה [וכמאחז"ל (אבות פ"ה מ"כ) "גבור כארי"] ומספרו גבור"ה, וכתיב (יחזקאל א, י) פני ארי' אל הימין הרי הוא רומז על חסד כו'". ועפ"ז איז ער מבאר די שינוי הלשונות, אז "תקיפא" און "טרפי'" איז גבורה, און "רברבא" און "קרבנא" איז - חסד.

אין דער הערה איז ער אבער ניט מבאר די שייכות פון די צוויי ענינים, חסד און גבורה, ווי זיי זיינען אין קרבנות, וואס ווי עס קומט אויס פון המבואר שם איז ניט דער פשט אז קרבנות זיינען אמאל חסד און אמאל גבורה, נאר אלעמאל האבן זיי אין זיך ביידע ענינים פון חסד און גבורה.

און דער עיקר (וואס ער איז ניט מבאר) - וואס איז דער ענין בזה אין עבודת האדם לקונו, וואס "אני נבראתי לשמש את קוני" (משנה ובריי תא סוף מס' קידושין).

וכפי שיתבאר לקמן.

**עו.** כאן המקום צו משלים זיין דער ביאור אין דעם זהר פון פאריקער וואך (שיחת ש"פ ויקרא, סנ"ב ואילך).

אין זהר פ' ויקרא (ח"ג טו, א) שטייט: "קוב"ה גזיר ואיהו (צדיק) מבטל כגון רשב"י", און ער דערציילט דערנאך א גאנצער סיפור ווי רשב"י האט מבטל געווען א גזירה מיט א "חויא דהוי אתי ופומי' פתיחתא ומלהטא בארעא דעפרא כו'" דורך תפלה ("צלותא").

האט מען אויף דעם דעמאלט געפרעגט: תנ"ך איז פול מיט סיפורים וועגן צדיקים וואס האבן מבטל געווען גזירות, אנהויבנדיק פון יצחק מיט רבקה *(תולדות כה, כא), און אזוי אויך דערנאך זיינען דא כו"כ סיפורים וועגן צדיקים, **פאר** דעם רשב"י, וואס האבן מבטל געווען גזירות, וועגן חוני המעגל *(תענית יט, א. כג, א), וואס ער איז געווען בזמן בית ראשון (און דערנאך איז ער געשלאפן זיבעציק יאר אין גלות בבל וכו' *(תענית שם)), ביז - וועגן רבי עקיבא, רבו פון רשב"י, וואס אויף אים האט רשב"י געזאגט *(גיטין סז, א) "שני מדותי שמדותי תרומות מתרומות מדותיו של ר"ע", ווי געזעדט דעמאלט - היינט פארוואס קלייבט אויס דער זהר אויף דעם אז "קוב"ה גזיר ואיהו (צדיק) מבטל" - "כגון **רשב"י**" דוקא?!

האט איינער געוואלט פארענטפערן א פשוט'ע תירוץ - אז דער זהר וויל ברייינגען א דוגמא אויף הקב"ה גוזר וצדיק מבטל פון א צדיק בדור ההוא, פון דעם רשב"י.

ובדוגמא ווי רז"ל (בכ"מ) *(ב"ק נד, ב (במשנה). ספרי' עה"פ תצא כג, יא. ועוד), (געבראכט אויך אין רש"י *(עה"פ משפטים כא, כח. שם כב, יז. כב, כא. כב, ל. וראה מקומות שנסמנו בלקו"ש ח"ו ע' 130 הערה 1), - "דיבר הכתוב בהווה", "דברו חכמים בהווה" *(שבת סו, ב (במשנה), ועוד)).

וואס לכאו' איז דאס א תירוץ טוב; באמת אבער האט מען דאס באווארנט אין דער התוועדות דעמאלט (אז דאס איז ניט קיין תירוץ):

מ'האט דעמאלט אויך גערעדט אז מ'געפינט אין זהר בא רשב"י אליין נאך סיפורים וואו ער האט מבטל געווען גזירות: במקום אחר שטייט אין זהר *(ח"ג נט, ב), אז "זמנא חדא הוה צריכא עלמא למיטרא אתו לקמי' דר"ש וכו'", האט רשב"י געזאגט תורה אויפן פסוק *(תהלים קלג, א), "הנה מה טוב ומה נעים גו'" און "אתי מיטרא".

איז אויב דער זהר האט געוואלט ברייינגען א דוגמא אויף דעם אז הקב"ה גוזר וצדיק מבטל דוקא פון רשב"י (דערפאר וואס ער איז געווען א צדיק בדור ההוא, און "דברו חכמים בהווה") - האט דער זהר געקענט ברייינגען דעם סיפור אז רשב"י האט גע'פועל'ט עס זאל זיין גשמים,

ווארום אדרבה - אין דעם ביטול הגזירה פון עצירת גשמים איז דא א מעלה לגבי דעם ביטול הגזירה וועגן וועלכע עס ווערט דערציילט אין זהר פ' ויקרא,

נוסף לזה וואס דער ביטול הגזירה פון עצירת גשמים איז געווען ע"י וואס רשב"י האט געזאגט **תורה**, משא"כ אין זהר פ' ויקרא איז דער ביטול הגזירה געווען ע"י **תפלה**, וואס עיקר ענינו פון רשב"י איז תורה, און אין דרושי חסידות *(מאמרי אדה"ז - אתהלך לאזניא ע' י ואילך. אוה"ת ויקרא ס"ע רנד ואילך. סה"מ תרכ"ז ע' רסז ואילך. המשך תער"ב ח"א ע' תשסה. ח"ב ע' תקעט. סה"מ עטר"ת ס"ע קל ואילך), איז מען מבאר **מעלת** הרשב"י אז ער האט ממשיך געווען מיטרא ע"י תורה דוקא, משא"כ חוני המעגל האט עס ממשיך געווען ע"י תפלה, ווי גערעדט דעמאלט - איז אויב מ'וויל ברייינגען א דוגמא פון רשב"י פאסט מערער ברייינגען פון עיקר ענינו און מעלתו פון רשב"י, פון דעם וואס ער האט מבטל געווען א גזירה ע"י **תורה** און ניט ע"י תפלה - איז נוסף לזה:

די גזירה פון עצירת גשמים איז געווען א דבר הרגיל דעמאלט, ווי מ'געפינט אין מס' תענית *(פ"ג), כו"כ סיפורים וואס ס'איז געווען א גזירה פון עצירת גשמים, און אויף דעם האט מען איינגעפירט סדרים און הלכות מיחדות ווי מ'דארף זיך פירן * (טושו"ע או"ח סתקע"ה), משא"כ די גזירה וואס ווערט דערציילט אין זהר פ' ויקרא, איז דאך וועגן א חויא (א נחש) "דהוה אתי ופומי' פתיחא ומלהטא בארעא בעפרא כו'" מיט די אנדערע פרטים וואס ווערן דארטן דערציילט - וואס דאס איז א דבר בלתי רגיל לגמרי [בדוגמא ווי א גזירה פון דבר ר"ל] -

איז אויב מ'וויל זאגן אז דער זהר רעדט "בהווה", און דערפאר ברייינגט ער א דוגמא (אויף הקב"ה גוזר וצדיק מבטל) דוקא פון רשב"י - וואלט א סאך מער געפאסט ברייינגען פון א גזירה **הרגילה** "בהווה" דעמאלט, די גזירה פון עצירת גשמים וואס רשב"י האט מבטל געווען, ווי ברייינגען א גזירה בלתי רגילה לגמרי, וועגן דעם נחש וכו'?!

וואס דעריבער איז מוכרח צו זאגן, אז וויבאלד דער זהר אין פ' ויקרא ברייינגט אויף הקב"ה גוזר וצדיק מבטל "כגון **רשב"י**" דוקא פון דער גזירה מיטן נחש וכו', וואס ער האט מבטל געווען - איז אין דעם זהר דא א חידוש אין דעם ענין פון

הקב"ה גוזר וצדיק מבטל, וואס איז דוקא געווען אין דער גזירה פון דיעם נחש וכו' און ניט אין אנדערע גזירות, אזיך ניט די גזירה פון עצירת גשמים וועלכע רשב"י האט מבטל געווען.

און דער ביאור אין דעם איז - אז די גזירה איז געווען אן ענין חיובי וואס האט **פועל** געווען בגשמיות למטה, משא"כ די אנדערע גזירות זיינען מערניט ווי אן ענין שללי, און ס'איז אסאך א גרעסערער חידוש מבטל זיין א גזירה באופן חיובי וואס פועל'ט למטה ווי א גזירה בדרך שללי, כמבואר דעמאלט בארוכה.

**עז.** דער ענין פון הקב"ה גוזר **וצדיק** מבטל איז שייך צו **אלע** אידן, ווי עס שטייט אין א פסוק מפורש *(ישעי' ס, כא) - "ועמך כולם **צדיקים**", און אזוי ברייננגט זיך להלכה אין משנה *(סנהדרין רפ"י) [וואס "הטועה בדבר משנה חוזר" *(כתובות פד, ב), דארטן איז א טעות מלכתחילה קיין טעות ניט], אז "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב", און די ראי' אויף דעם איז פון דעם וואס עס שטייט "ועמך כולם צדיקים גו'".

וואס דאס גייט אויף אלע אידן אן אויסנאם.

אפילו אויב איינער חטא ופגם ועבר את הדרך - איז דאס אן ענין וואס "נורא עלילה על בני אדם" *(תהלים סו, ה), און די כוונה בזה איז נאר אז דורך די ירידה זאל מען צוקומען צו אן עלי' נעלית יותר ע"י תשובה,

און דעמאלט - ווערט ער ניט נאר ווי א צדיק, נאר אדרבה - ווי דער דין איז *(רמב,ם הל' תשובה פ"ז ה"ד. מברכות לד, ב) אז א בע"ת איז העכער פאר א צדיק, ביז אפילו העכער פאר א צדיק גמור, "במקום שבע"ת עומדין אין צדיקים גמורין יכולין לעמוד בו".

און בא זיי איז דא די מעלה פון "והי' טרם יקראו ואני אענה גו'" *(ישעי' סה, כד), ווי דער רמב"ם פסק'נט אפ * (שם. וראה הערת כ"ק אדמו"ר שליט"א בסה"מ תש"ט ע' 183 הערה 1 (נדפסה גם בלקו"ש חי"ד ע' 361 ואילך)), און ווי גערעדט תענית אסתר.

און זיי האבן אויך א שייכות צו עוה"ב, ואדרבה - נאכמערער ווי צדיקים:

צדיקים "יש להם **חלק** לעוה"ב"; אבער בע"ת באקומען די דרגא פון "עין לא ראתה אלקים זולתך" *(ישעי' סד, ג), א דרגא וואס "עין (פון קיינעם ניט, אפילו ניט פון צדיקים) לא ראתה גו'", ווי די גמ' זאגט (ברכות שם).

אמת טאקע אז מלכתחילה טאר ניט זיין "אחטא ואשוב" (יומא פה, ב (משנה)), אבער אויב ער איז ח"ו דורכגעפאלן, זאגט מען אים אז ער האט ניט וואס צו מיואש ווערן, דלכאו' קען ער דאך טראכטן, אז וויבאלד ער האט שוין עובר געווען, איז "אכלתי ואוכל עוד" ווארום ער האט מערניט וואס צו אנווערן -

זאגט מען אים אז ער האט ניט וואס צו מיואש ווערן, ווארום דורך דעם "אכלתי" קען ער צוקומען צו אן עלי' נעלית יותר, וואס א צווייטער קען דארטן ניט אנקומען.

**עח.** האמור לעיל (וועגן עבודת התשובה ומעלתה) האט אויך א קשר מיט פרשתנו, פ' צו, און מיט דער תוכן פון מגילת אסתר (וואס שניהם זיינען פארבונדן מיט די עבודה פון אתהפכא, עבודת התשובה, כדלקמן).

בנוגע צו פ' צו:

בנוגע צו דעם לשון "צו" זאגן רז"ל (זח"א כז, ב. ח"ב רלט, ב. וראה סנהדרין נו סע"ב), אז "אין צו אלא עבודה זרה". וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז עד"ז איז בנוגע צו "צו" וואס שטייט בריש פרשתנו.

ולבאו' איז דאס א דבר פלא וואס איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: אויף "צו" וואס שטייט בריש פרשתנו זאגן רז"ל (געבראכט אין רש"י), אז "אין צו אלא זירוז מיד ולדורות" (כנ"ל ס' ל) - היינט ווי שטימט דאס דערמיט אז "אין צו אלא עבודה זרה", וואס איז פונקט א פארקערטער ענין?!

**עט.** איז דער ביאור בזה פארשטאנדיק מהמבואר אין קונטרס ומעין בנוגע דעם ענין פון "אין צו אלא עבודה זרה":

ער ברייננגט דארטן (מאמר כב פ"ב (ע' 126). וראה לקו"ת מסעי פט, סע"ב ואילך. אוה"ת פינחס א' סח ואילך) (פון פע"ח) אז "צו" איז בגימטריא א-ל אד', און ער איז מבאר אז אע"פ וואס א-ל אד' זיינען שמות הקדושים איז דאס אבער קיין סתירה ניט צום מאמר רז"ל הנ"ל "אין צו אלא עבודה זרה" - ווארום דורך די שמות א-ל אד' קומט דער התלבשות אין די מזלות וואס זיי זיינען מעלים ומסתיר לגמרי [ביז אז זיי טוען זיך אן מערניט ווי אין א גימטריא - די גימטריא פון "צו", כמבואר אין שעהיוה"א (פ"א) דעם העלם והסתר פון א גימטריא], ביז אז זיי גיבן א נתינת מקום לחשבם ולדמותם אז זיי אליין זיינען די משפיעים און צוליב דעם דארף מען זיי דינען, אן ענין פון (אין צו אלא) עבודה זרה, און דערפאר איז "השם (ד.ה. שם א-ל אד') שעי"ז באה ההתלבשות הזאת הוא בגימט' צו כו'", כמבואר שם (עבודה זרה איז ניט דוקא דער טייטש ע"ז כפשוטו, נאר (אויך) עבודה שזרה לו, שאין לו שייכות לזה].

די כוונה פון דעם ירידה איז אבער - ווי עס שטייט אין פ' שמיני (די פרשה נאך פ' צו), אז אין יום השמיני למילואים, וואס קומט בהמשך צו די שבעת ימי המילואים וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין (סוף) פ' צו, האט אהרן געהאט דער ציווי צו ברייננגען אן עגל, וואס כוונתה איז "להודיע שמכפר לו הקב"ה ע"י עגל זה על מעשה העגל שעשה" (שמיני ט, ב ובפרש"י), עס זאל זיין דער אתהפכא חשוכא לנהורא פון א מעמד ומצב פון "צו", עבודה זרה, צו תכלית העילוי אין קדושה.

ד.ה. אז בפנימיות און בשרש הענינים איז דער ענין פון "אין צו אלא עבודה זרה" די שמות הקדושים פון א-ל אד', און דער ענין פון "אין צו אלא זירוז מיד ולדורות", ס'איז נאר וואס דערנאך איז דאס נתלבש און נתעלם געווארן אין לבושים ביז אז דערפון ווערט נשתלשל אז "אין צו אלא עבודה זרה"; די כוונה שבדבר איז אבער אז דאס (דער "אין צו אלא עבודה זרה") זאל דערנאך ברייננגען צו אן עלי' נעלית יותר - דער כפרה אויפן חטא העגל, אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקו.

**פ.** איינע פון די הוראות מהמדובר לעיל, אז בפנימיות ובשרשו איז דער ענין פון "אין צו אלא עבודה זרה" שמות הקדושים וכו':

יעדער איד איז כופר בעבודה זרה (ראה מגילה י"ג רע"א) און האט דערצו קיין שייכות ניט.

וואס דער פירוש אין עבודה זרה איז (ראה ב"ב קי, א. וראה לקו"ש ח"ג ע' 915 הערה 11) - עבודה שזרה **לו**, אז ער האט ניט צו טאן מיט אלע ענינים וואס זיינען צו אים פרעמד,

ניט דוקא ענינים פון רע ח"ו, נאר אפילו דברי רשות, עבודה צוליב פרנסה גשמית, אפילו אויב ער טוט זיי אלע לשם שמים - איז אבער א איד בעצם ניט שייך צו עבודה צוליב פרנסה גשמית, דאס איז פרעמד צו אים, ווארום זיין ענין איז - פרנסה רוחנית, לערנען תורה און מקיים זיין מצוה. און בשעת ער פארנעמט זיך מיט פרנסה

גשמית, מיט חרישה זריעה וקצירה - זאגט מען אים "תורה מה תהא עלי'" (ברכות לה, ב), משא"כ בשעת ער פארנעמט זיך מיט פרנסה רוחנית איז "ועמדו * זרים ורעו צאנכם גו'" (ישעי' סא, ה).

איי דער איד דארף מברר זיין ניצוצות בעולם, און אויף דעם האט מען אים אראפגעשיקט בעולם - קען ער אבער אנצינדן א גרויסער מנורה מיט א גרויסער פייער, און דאס וועט בדרך ממילא צוציען אלע ניצוצות!

א איד דארף וויסן אז ער איז פון דער פאלק וואס אויף אים זאגט דער אויבערשטער (יתרו יט, ו) "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש", וואס דער אויבערשטער האט אנגעזאגט כהנים (ולויים) אז זיי דארפן ניט האבן צוטאן מיט מלאכה אויף פרנסה גשמית, און "בארצם לא תנחל וחלק לא יהי' לך בתוכם", ווארום "אני חלקך ונחלתך" (קרח יח, כ).*

ביז נאכמער: דער בעל הטורים (יתרו שם. וראה אגדת בראשית פ' עט [פ']) טייטשט "ממלכת כהנים וגוי קדוש" אז אלע אידן זיינען ווי כהנים גדולים, ווארום דעמאלט (בא מ"ת) זיינען אלע אידן געווען ראוי צו זיין כהנים גדולים.

וואס בנוגע צו א כהן גדול איז דער דין (רמב"ם הל' כלי המקדש פ"ה ה"ז) אז ער טאר ניט ארויסגיין פון ירושלים, פון די בחינה פון שלימות היראה (ב"ר פנ"ו, יו"ד. תוד"ה הר - תענית טז, א. וראה לקו"ת ר"ה ס,ב. שה"ש י, ג. ובכ"מ) ער שלאפט - אבער וואו שלאפט ער - אין ירושלים!

ועד"ז דארף זיין בא יעדן אידן וואס איז פון "ממלכת כהנים וגוי קדוש".

**פא.** דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא וכו' (וואס מ'געפינט אין פ' צו, כנ"ל) געפינט מען אויך אין מגילת אסתר:

די מגילה הויבט זיך אן "ויהי בימי אחשורוש", זאגן רז"ל (מגילה יא, א) אז למה בקרא אחשורוש דערפאר וואס "הושחרו פניהם של ישראל בימיו כשולי קדרה", ער האט גורם געווען א ירידה הכי גדולה בא אידן, אז עס זאל זיין, נהנו מסעודתו של אותו רשע", ביז "השתחוו לצלם" (שם יב, א), ווי די צוויי שיטות בזה אין גמ'. *

דער מעמד ומצב גופא האט אבער געבראכט אז עס זאל זיין "ונהפוך הוא", "אשר ישלטו היהודים המה בשונאיהם", אן עלי' נעלית ביותר - דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא.

ויה"ר אז אין אלע ענינים זאל אויפגעטאן ווערן דער אתהפכא חשוכא לנהורא און יתרון האור מן החושך ויתרון החכמה מן הסכלות (ל' הכתוב - קהלת ב, יג. וראה ספר הערכים - חב"ד ערך אור - ביחס לחושך ס"ח וש"נ).

**פב.** וויבאלד אז מ'געפינט זיך אין שושן פורים איז דאך דער מנהג פון כמה גדולים צו רעדן א פורים תורה, וועט מען איצטער רעדן אן ענין וואס אנדערע קענען אנרופן א "פורים תורה", לדעתי האט דאס אבער א יסוד.

מ'זעט אין הנהגת גדולי ישראל אז פון יעדער זאך וואס זיי פלעגן טרעפן אדער זען וכו' - פלעגן זיי ארויסלערנען א הוראה בעבודתם.

וואס הנהגה זו איז מיוסד אויף תורת הבעש"ט הידועה (כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות סי' קכז-ח) אז יעדער זאך וואס ער זעט אדער הערט איז פארבונדן מיט אים, וואס וואס איז ער - א איד, וואס איז א איד - אידישקייט, קומט אויס אז יעדער זאך וואס ער זעט איז פארבונדן מיט אידישקייט, און במילא מיט א הוראה אין עבודת ה'.

אזוי אויך בנוגע צו אן ענין וואס מ'זעט און מ'הערט בזמן האחרון:

לעצטנ'ס פירן זיך אידישע קינדער צו זינגען א שירה בשפת מדינה זו - "ווי וואנט משיח נאו" (מיר ווילן משיח איצטער).

וואס דעם נאמען פון "משיח" זינגען זיי אויף לשון הקודש ("משיח"), אבער דער לעצטער ווארט וואס מיינט "איצטער") (און אזוי אויך די אנדערע ווערטער) זינגען זיי ניט אויף לה"ק - "עכשיו" אדער "תיכף ומיד" אדער "מיד" וכיו"ב - נאר אויף לשון פון שפת המדינה, ענגליש - "נאו", אז "ווי וואנט משיח נאו", זיי ווילן משיח'ן "נאו".

וואס דאס וואס די קינדער זאגן דאס אויף לשון פון שפת המדינה איז דערפאר וואס זיי ווייסן ניט פון קיינע ענינים, זיי ווייסן נאר אז זיי ווילן משיח'ן תיכף ומיד, האבן זיי ניט קיין צייט צו ווארטן ביז זיי וועלן וויסן ווי דאס צו זאגן אויף אן אנדער שפראך - זאגן זיי דאס גלייך בלשונם - "ווי וואנט משיח נאו";

גדולים ווייסן אבער אז דער ווארט אויף לה"ק וואס מיינט "נאו" איז - "עכשיו" (אדער "תיכף ומיד" אדער "מיד" וכיו"ב) - דארפן זיי ארויסלערנען א הוראה דערפון וואס די קינדער זינגען דאס און נוצן דוקא דעם ווארט "נאו", וכדלקמן.

**פג.** דאס וואס די קידנער זינגען בתמימות "ווי וואנט משיח נאו" בלשונם, איז דער סדר הרגיל ווי קינדער פירן זיך.

ווי מ'האט עס אויך ערשט געזען אין ימי הפורים בעת קריאת המגילה, אז די קינדער גראגערן און שלאגן און שרייען בתמימות "המן" (ב"י סתר"צ ד"ה כתב הא"ח. רמ"א ושו"ע שם סי"ז. וראה שבלי הלקט סי"ר. ערוך ערך שוור. ועוד).

די גבאים גייען אבער ארום מיט שטרענגע פנים'ער און ווילן אז די קינדער זאלן זיך דערשרעקן פאר זיי, און זאגן אן אז ס'איז גענוג געקלאפט המן; ס'איז נאך קיינמאל ניט געהערט געווארן אזא זאך: די קינדער קלאפן המן און די גבאים ווילן בעה"ב'ווען און מגביל זיין אז עד כאן דארף מען שלאגן המן און ניט ווייטער!

די קינדער ווייסן אבער אז ס'איז נאך דא המן, אז מ'קוקט אויפן פנים פון גבאי - זעט מען אז ס'איז נאך דא א "המן"! ניט ח"ו אז די גבאים זיינען המן, נאר וויבאלד אז די גבאים טוען ניט וואס זיי דארפן צום אלעם ערשטן טאן, איז בהכרח אז ס'איז נאך דא א "המן".

צי דען זעען זיי אז עס זאלן זיך ניט וואלגערן אין שול זאכן וואס זיינען אסור צו זיין אין א שול?!

עס זיינען דא גבאים מיט רבנים מיט מדריכים, און דעו' עיקר - זיינען דא "פירער'ס", וואס דאס איז גאר א נייער, באזונדער, סוג מענטשן: זיי האבן ניט קיין סמיכה און האבן ניט קיין אנדערע ענינים און מ'האט זיי ניט אויסגעקליבן וכו' - זיי זיינען אבער "פירער'ס". און וויבאלד אז ער האט ניט קיין איין מעלה - ווערט ער א "פירער" אין **אלע** ענינים: דא איז פאראן א שול - איז ער א פירער אין שול! ובמיוחד אויף תינוקות של בית רבן "צבאות השם" - ווערט ער א פירער אויף "צבאות השם" און הייסט זיי וואס צו טאן וכיו"ב!

בשעת עס קומט אבער צו זען אז אין שול זאל זיין ריין און דארטן זאלן זיך ניט וואלגערן קיין דברים האסורים (ראה טושו"ע או"ח סקנ"א) אדער אפילו עס זאל זיך ניט וואלגערן ניירות מיט וואס מען האט באווארפן א התן ביי א אויפרופעניש,

וואס זיינען איבערגעבליבן אויפן פאל און ווערן צוריבן מיטן פוס, אז עס זאל פשוט זיין ריין און צוגעקליבן אין שול - איז אין דעם טוט ניט דער גבאי; ווען עס קומט אבער צו בעה"ב'ווען ווען מ'זאל שלאגן המן און ווען ניט - איז ער דא!

ס'איז דא נאך א זאך וואס האט געדארפט זיין אין דער שול, און א דבר הפשוט, און אעפ"כ האט קיין איינער ניט מעורר געווען וועגן דעם:

דער שול דא שטייט שוין כמה שנים, און פארשידענע מענטשן קומען דא אריין, געפינט מען אבער ניט אז בשעת א איד קומט דא אריין פון רשות הרבים, פון טלטולא דעולם, און ער איז פארמאטערט און פארשוויצט און זעצט זיך לערנען אין א ספר אדער דאווענען - געפינט מען ניט אז ער זאל קענען באקומען א טרונק וואסער! ועאכו"כ ניט א גלאז טיי, וואס דאס איז גאר א גרויסע זאך, אבער אפילו א גלאז איבערגעקאכטע וואסער - איז אויך ניטא ער זאל באקומען! וואס דאס איז לכאו' א דבר הכי פשוט - פארוואס זאל א איד וואס קומט דא אריין אין שול לערנען עפעס אווארט אדער דאווענען, ניט קענען באקומען א גלאז וואסער צו זיך אפפרישן?!

און דאס האבן אין א כלי יפה ונאה ונקי אז מ'זאל דערפון קענען טרינקען, ווי דער דין איז אין שו"ע.

און אעפ"כ האט זיך קיינער וועגן דעם ניט געכאפט!

ווען א איד קומט אריין אין שול פון רה"ר דארף ער קענען זיך אפפרישן מיט א גלאז וואסער כפשוטו. און ניט נאר אז אויפן טיש אין שול זאל ליגן א המשך תער"ב וכיו"ב - נאר עס זאל אויך זיין וואו צו קענען באקומען להבדיל א גלאז וואסער, און ווער רעדט נאך - א גלאז טיי.

ווען ער קומט אריין אין שול און ער איז צמא למים דארף ער קענען באקומען ניט נאר "אין מים אלא תורה" (ב"ק יז, א. וש"נ), וואס דאס איז א זיכערע זאך אז ער דארף באקומען - נאר אויך מים כפשוטו, וואס אויף אים קען דער איד וואס קומט אריין אין שול פון רה"ר און ער איז דארשטיק מאכן די ברכה "שהכל נהי' בדברו" (ווי דער דין איז (סדר ברה"נ פ"ז ס"ז), ד.ה. אז דורך דעם גלאז וואסער - איז ער מכריז אז **אלץ** בכל העולמות און אין כל סדר ההשתלשלות איז "נהי' בדברו"!

און ער דארף קענען באקומען די וואסער, אדער די טיי, אין א נארמאלן שטייגער און אין א כלי נאה וכו'; ניט אז ווען ער וויל וואסער דארף ער גיין צום קראנד און דארטן אפשווענקען א קווארט און באהאלטן זיך און ווען קיינער זעט ניט - פון דארטן טרינקען, וואס דאס איז לא כדרך בני אדם, ובפרט אז מ'פירט זיך ווי רבותינו נשיאינו האבן געוואלט, אז מ'זאל זיין בעלי נימוס - נאר ער זאל קענען באקומען די וואסער אין א נארמאלן שטייגער, אין א כלי נאה און מקום נאה וכו', אין אן אופן אז דאס זאל זיין א "לא רחוקה היא.. לא בשמים היא.. ולא מעבר לים היא", נאר "קרוב אליך הדבר מאד" (נצבים ל, יא-יד), ער זאל דאס גלייך קענען באקומען.

און אויף דעם דארף מען ניט ווארטן ביז ירוסלבסקי פון תל אביב וועט אהערצו קומען, און זיך מאטערן צושטעלן אידן מיט וואסער און טיי און אכילה - הכנסת אורחים, וואס איז "גדולה מהקבלת פני השכינה" (שבת קכז, א. רמב"ם הל' אבל פי"ד ה"ב), און צושטעלן דאס באופן של מנוחה און אין ריינע כלים וכו' -

נאר די אידן אין חו"ל, וואס געפינען זיך דא האבן זיך געמעגט אפלערנען פון אים, און דאס אליין טאן - עכ"פ בנוגע צו צושטעלן אידן וואס קומען אין שול מיט איבערגעקאכטע וואסער צו טרינקען, און נאך בעסער - מיט טיי, וואס דאס איז אויך ניט א געוואלדיקע זאך.

און ניט ווארטן ביז א איד קומט אהערצו צו פארן פון ארץ ישראל, וואס אויף דעם איז דא א גאנצע שאלה וכו', נאר א איד פון חו"ל האט זיך געמעגט אויף דעם אליין כאפן.

און וויבאלד אז קיינער האט זיך ניט געכאפט אויף דעם ביז איצטער - בין איך דער וואס איז אויף דעם מעורר, ווי אין כו"כ ענינים.

און דער עיקר איז - אז דאס זאל אראפקומען לידי פועל ממש ובקרוב.

פד. ניט פארגעסן אין וואס עס האט זיך אנגעהויבן רעדן - וועגן דעם ענין און די הוראה פון דעם וואס קינדער זינגען "ווי וואנט משיח נאו", דוקא דעם לשון "נאו".

איז דער ביאור אין דעם מיר איינגעפאלן ערשט דעם שבת, שבת פ' צו [אע"פ וואס בעצם האט מען אנגעהויבן זינגען "ווי וואנט משיח נאו" בשמח"ת (שנה זו), האט מען שוין דעמאלט געדארפט האבן א ביאור אין דעם, איז דאס מיר אבער איינגעפאלן דעם שבת פ' צו], בקשר דערמיט וואס "צו" איז בגימטריא א-ל אד' (כנ"ל).

דער ווארט "נאו", ווערט געשריבן אין אותיות פון אידישן שפראך (ווי איך האב געזען ווי קינדער שרייבן און אויך ווי ערוואקסענע שרייבן) - "נאו", נו"ן אל"ף וא"ו.

וואס דער גימטריא דערפון איז - נ"ז, דער ווארט "זן", בגימטריא (די שמות) א-ל הוי' [בדוגמא ווי "צו" איז בגימטריא (די שמות) א-ל אד'].

[וואס דער ענין פון גימטריאות האט אויך א שייכות מיט פורים: ס'איז ידוע אז בפורים דארף זיין "עד דלא ידע" אין אן אופן אז ער ווייס ניט דעם חילוק צווישן "ברוך מרדכי" מיט "ארור המן" - כידוע (אבודרהם. אגודה (הובא בד"מ לטושו"ע סתרמ"ה סק"א). מג"א לשו"ע שם סק"ג), אז די גימטריא פון "ברוך מרדכי" איז די זעלבע גימטריא ווי די גימטריא פון "ארור המן".

וואס בכדי דאס אויס'חשבונ'ען דארף מען נעמען א פען מיט פאפיר (ניט אום שבת גערעדט) און דאס אויסרעכענען, און דעמאלט אויב ער מאכט ניט קיין טעות אין חשבון - וועט ער זען אז ס'איז די זעלבע גימטריא].

פה. והביאור אין דעם קשר פון "ווי וואנט משיח נאו" מיט די (גימטריא פון "נאו" - די) שמות א-ל הוי' בגימטריא "זן" - וועט מען פארשטיין בהקדים דער ביאור הענין והקשר וואס א-ל הוי' איז בגימטריא "זן":

שם א-ל איז בחי' חסד (זח"ג ל, פרדס ש' השמות פ"ה. ובכ"מ), דער מקור פון אלע השפעות והמשכות,

ביז אז שם א-ל (לוי אין דעה (זח"ג קלא, ב. וראה מקומות שנסמנו בלקו"ש ח"ד ע' 1348)) איז די התחלה פון די י"ג מדות הרחמים (כידוע די כמה שיטות בזה * צי די התחלה פון די יגמדה"ר איז דער שם הוי' (הראשון אדער השני), אדער די התחלה איז פון שם א-ל, אדער רחום),

וואס די יגמדה"ר בכלל זיינען למעלה מכל סדר ההשתלשלות, למעלה ממדוה"ג, צוזאמען דערמיט (לאידך גיסא) זיינען זיי אבער דער מקור (און דער ממוצע) אויף אלע המשכות און השפעות למטה ביז אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו.

וואס דאס איז אזוי בנוגע צו אלע י"ג מדה"ר, ועאכו"כ בנוגע צו א-ל וואס איז ניט נאר איינע פון די יגמדה"ר, נאר די ערשטע מדה, און די התחלה פון אלע יגמדה"ר.

וכידוע תורת הרב המגיד (לקו"א סי' קלט), בביאור בקשת משה פאר מרים (בהעלותך יב, יג) "א-ל נא רפא נא לה", אז א-ל איז די ערשטע מדה פון די יגמדה"ר און דערפון האט משה געוואלט ממשיך זיין למטה ע"י תפלתו "א-ל נא גו'", וכמבואר שם אז ע"י תפלתו האט ער ממשיך געווען אין מדת קל וחומר, ווי דער אויבערשטער האט אים דערנאך געענטפערט מיט א קל וחומר, "קל וחומר לשכינה כו'" (ב"ק כה, א) - ווארום א-ל וואס ער איז די **ערשטע** מדה פון די יגמדה"ר איז מכוון כנגד קל וחומר וואס ער איז די **ערשטע** מדה פון די י"ג מדות שהתורה נדרשת בהם (ראה לקו"ת ראה לג, ב ואילך).

און בשעת שם א-ל ווערט נצטרף צוזאמען מיט שם הוי' (א-ל הוי') איז דער ענין בזה - אז די המשכה פון א-ל, פון חסד, למעלה מסדר ההשתלשלות, מקור כל ההמשכות וההשפעות, ווערט נמשך אין הוי', מלשון הי' הוה ויהי' כאחד (זח"ג רנז סע"ב. פרדס ש"א פ"ט. שעהיוה"א פ"ז (פב, א)), ד.ה. אז דאס ווערט נמשך און קומט אראפ **כמו שהוא** למעלה (מכל סדר ההשתלשלות) דא למטה אין הי' הוה ויהי', בכל מקום ובכל זמן לפי ענינו, **כמו שהוא** למעלה מכל סדר ההשתלשלות.

**פו.** וואס דער ענין פון א-ל הוי' (המשכת א-ל אין הוי') איז דער תוכן הענין פון "זן" (וואס איז בגימטריא א-ל הוי'):

"זן" איז דער ענין וואס דער אויבערשטער איז "זן את העולם כולו בטובו בחן בחסד וברחמים" און "זן ומפרנס לכל", ווי מ'זאגט אין ברכת הזן, וואס איז נתתקן געווארן (דורך משה'ן) אויפן מן (ברכות מח, ב), לחם מן השמים, וואס דאס איז מדגיש פון וואנעט עס ווערט נמשך דער ענין פון "זן".

ד.ה. בפשטות, אז "זן" איז דער ענין וואס דער אויבערשטער איז "זן את העולם כולו", און "זן ומפרנס לכל", אז פון חסדו פון דעם אויבערשטן למעלה מעלה, דער מקור אויף אלע ההשפעות וההמשכות, ווערט נמשך הרחבה אין פרנסה לכאו"א דא למטה בגשמיות וברוחניות, און דאס ווערט נמשך למטה כמו שהוא למעלה - אן קיינע מדוה"ג און מניעות ועיכובים - המשכת א-ל אין הוי'.

**פז.** וואס דער שלימות פון די המשכה פון "זן" (דא למטה) וועט זיין בימות המשיח לע"ל;

- וויבאלד אבער אז מ'וויל דאך האבן דעם ענין פון "זן" (שלימות אין פרנסה בגשמיות וברוחניות כו') אויך איצטער אין זמן הגלות, און אלע גילויים דלע"ל זיינען תלוי במעשינו ועבודתינו כל זמן משך הגלות (תניא רפל"ז) - דארף זיין אן אתעדל"ת איצטער וואס איז מעין פון שלימות ענין פון "זן" וואס וועט זיין לע"ל.

וואס דערפאר זינגען די קינדער איצטער, נאך אין זמן הגלות, "ווי וואנט משיח **נאו**", דוקא דעם ווארט "נאו" וואס איז בגימטריא "זן" בגימטריא א-ל הוי' - ווארום דאס איז נאך אין זמן הגלות, איז דא דער בקשה און דער תנועה פון "נאו" בגימטריא "זן" בגימטריא א-ל הוי', וואס וועט זיין בשלימות בימות המשיח.

**פח.** די וואס ווילן זאגן אז דאס איז א "פורים תורה" - זאל זיי זיין צו געזונט; דער ענין איז אבער אן ענין אמיתי.

און דער עיקר איז - אז א איד דארף וויסן, אז בשעת ער זעט אדער הערט א זאך (ווי לדוגמא דאס וואס די קינדער זינגען "ווי וואנט משיח **נאו**"), איז דאס דערפאר וואס ער דארף דאס אויסנוצן אז דורך דעם זאל צוקומען א הוספה אין תומ"צ, אין עבודת ה'.

**פס.** און דורך די אלע ענינים איז מען נאכמער ממהר ומזרז ביאת משיח צדקנו.

ובמיוחד דורך די אתעדל"ת פון אלע אידן אז זיי רופן און זינגען "ווי וואנט משיח נאו", ובפרט דורך דעם וואס קינדער טוען דאס - וואס זיי זיינען "קטני קודש זרע" (ווי מ'זאגט אין די סליחה (לתענית אסתר) "הבל שאין בו חטא" (שבת קיט, ב).

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

* * *

**צ.** פורים בשנה זו האט אן ענין מיוחד וואס איז פארבונדן מיט ירושלים, ווי גערעדט פאר פורים (שיחת תענית אסתר. וראה מכתב י"א אד"ש ש.ז.).

וואס לכבודו פון ירושלים דארף מען מאכן נאך א התוועדות מיוחדת; אויב מ'וועט עס אבער מאכן נאך מנחה וועט ווערן א גאנצע שקו"ט פון טירחא דציבורא וכו' - איז וויבאלד אז ס'איז שוין געווען איצטער א הפסקה, און ס'איז דא די עצה צו פורס מפה זיין על המזונות (ראה טושו"ע (אדה"ז) או"ח סרע"א ס"ד (מג"א סק"ז). (ס"י)), * [כ"ק אדמו"ר שליט"א פרס מפה] וכיו"ב, מיט נאך כמה ענינים - ווערט דאס פארעכנט ווי א צווייטע התוועדות.

דער ענין מיוחד אין פורים בשנה זו פארבונדן מיט ירושלים:

ווען פורים קומט אויס פרייטאג (כבשנה זו) - איז אין ירושלים עיר הקודש (און אין אנדערע עיירות מוקפות חומה - חברון, צפת און טבריי' (בנוגע לטבריי' - ראה מגילה ה, ב. ר"ן שם. המועדים בהלכה (להרש"י זעווין) פורים פ"ב. וש"נ), אין די עיירות הסמוכות להם), ציט זיך פורים, און ער ווערט נמשך בכמה ענינים, אין דעם זונטאג נאכדעם (נאך שבת):

מקרא מגילה אין אזא קביעות איז ביום הששי, פונקט ווי אין שאר עיירות און אין חו"ל (ל(שו"ע סתרפ"ח ס"ו).

וואס דאס איז נאכמער מדגיש דער ענין פון אהבת ישראל, דער אחדות צווישן אידן, אז זיי זיינען אן "עם אחד" - ווארום בכל השנים איז מקרא מגילה אין שאר עיירות ביום הפורים, און אין ירושלים - בשושן פורים (שו"ע שם ס"א), משא"כ בשנה זו איז מקרא מגילה אומעטום, פאר אלע אידן, ביום הפורים, ביום הששי.

וואס דער אחדות צווישן אידן איז מבטל טענת און גזירת המן אז אידן זיינען "מפוזר ומפורד" (אסתר ג, ח).

לאידך גיסא קען מען אבער ניט זאגן אז ירושלים איז איין מציאות מיט שאר עיירות, עס מוז דאך זיין אן עילוי אין ירושלים לגבי שאר עיירות - דריקט זיך דאס אויס (אין פורים בקביעות שנה זו) אין די ענינים פון סעודת פורים, שמחת פורים, משלוח מנות א.ז.וו. אז די ענינים טוט מען (בשנה זו) ביום ראשון בשבוע, ניט ביום הששי ווי אין שאר עיירות (שו"ע שם ס"ו (וראה נו"כ השו"ע שם)).

**צא.** וי"ל ביאור החילוק, פארוואס מקרא מגילה איז אומעטום (סיי אין ירושלים, סיי אין שאר עיירות) אין איין טאג, און סעודת פורים, שמחת פורים, און משלוח מנות איז דא א חילוק ווען מ'טוט עס אין ירושלים און ווען מ'טוט עס אין שאר עיירות:

די מצוה פון מקרא מגילה איז פארבונדן מיט דער ענין פון קבלת עול, וואס מצד קבלת עול זיינען אלע אידן בשוה, דערפאר איז מקרא מגילה (דוקא) בכל המקומות פאר אלע אידן, אין דעם **זעלבן** טאג (בקביעות שנה זו).

משא"כ משלוח מנות וכו' איז פארבונדן (אויך) מיט הנאה גשמית, אז דער וואס באקומט דאס זאל פשוט הנאה האבן דערפון בגשמיות, וואס דערפאר איז דער דין לכמה דיעות אז אויב מ'גיט משלוח מנות בתור מתנה על מנת להחזיר איז מען ניט יוצא די מצוה.

ועד"ז איז סעודת פורים (און שמחת פורים) פארבונדן (אויך) מיט הנאה גשמית דוקא, ער מוז עסן א סעודה גשמית דוקא (טושו"ע סתרצ"ה), ווי דער דין איז (מגילה ז,ב. וראה מגיד משנה, הגהות מיימוניות לרמב"ם הל' מגילה פ"ב הי"ו), אז "חייב איניש לבסומי בפוריא עד דלא ידע" (ראה לקו"ש חט"ז ע' 370 הערה 47), וואס דאס מיינט דורך משתה היין כפשוטו, מיט א סעודה גשמית דוקא, וואס ברייגנט צו א שמחה גשמית כפשוטו.

ער קען דאך מיינען אז אזוי ווי בפורים איז דא א מצוה צו זיין בשמחה - וועט ער זיך זעצן לערנען א גאנצן טאג, וואס אין שמחה אלא תורה, וואס דברי תורה זיינען "משמחי לב" (תהלים יט, ט. טושו"ע ר"ס תקנ"ד) - זאגט מען אים ניין! ער דארף עסן א סעודה גשמית וואס ברייגנט א שמחה גשמית.

ס'איז דא דער ענין פון "לבסומי בפוריא עד דלא ידע" ברוחניות, ווי דער רבי מהורש"ב נ"ע טייטשט דאס אפ (ד"ה חייב אינש לבסומי עטר"ת) - אז דאס איז דער "תענוג הנפש בפנימיות התורה ובבחי' אה"ר בתענוגים" - דער עיקר אבער (אין קיום המצוה) איז אז עס זאל זיין דער ענין בגשמיות.

עס מוז זיין א סעודה און א שמחה ניט נאר פארן נה"א נאר אויך כפשוטו פארן נה"ב.

ווי די גמ' זאגט (מגילה ה, ב. רמב,ם הל' מגילה פ"ב הי"ג. טושו"ע סתרצ"ו ס"ג) אז כל השנה קען מען מתענה זיין חוץ בעצרת ובפוריא.

וואס דעריבער, וויבאלד אז משלוח מנות און סעודת פורים און שמחת פורים זיינען פארבונדן מיט הנאה גשמית פון דעם אדם, זיינען דא שינויים בזה בין אדם לאדם וכו'.

און וויבאלד אז ירושלים עיר הקודש האט אין זיך אן עילוי לגבי שאר עיירות: זי איז א עיר מוקפת חומה, און פארבונדן מיט די בחי' פון "חומת אש" (זכרי' ב,ט. וראה ב"ק ס, סע"ב), און זי ווערט אנגערופן "ירושלים" דערפאר וואס דארטן איז דא "שלימות היראה" (נסמן לעיל סוף ס"פ), וכמבואר אין תוספות און אין פירוש המשניות להרמב"ם, אז ווען א איד פלעגט קומען אין ירושלים פלעג דער ארט אליין פועל זיין ביי אים יראה, זעענדיק די כהנים בעבודתם, די לוויים בדוכנם און ישראל במעמדם -

דערפאר איז מען דארטן מקיים די מצוות פון משלוח מנות, סעודת פורים און שמחת פורים (וואס זיינען פארבונדן מיט הנאה גשמית ובמילא - זיינען דא שינויים בזה) ביום אחר פון ווען מ'איז דאס מקיים אין שאר עיירות (אין ירושלים - ביום ראשון, און אין שאר עיירות - ביום השני).

**צב.** אידן האבן אבער אנגענומען אויף זיך קיינמאל ניט צו פארגעסן ירושלים, געדענקען איר און אויסהייבן איר בא יעדער שמחה - "אם אשכחך ירושלים גו' אם לא אעלה את ירושלים על ראש שמחתי" (תהלים קלז, ה-ו) -

דעריבער איז דער ענין וואס אין ירושלים פראוועט מען (בשנה זו) ביום ראשון כמה פון מצוות פורים -יפארבונדן אויך מיט אידן וואס געפינען זיך אין עיירות הפרזות [מלשון "מפוזר ומפורד",

און דערפאר האט מען מציע געווען (בהמכתב הנ"ל ס"צ) אז עס וואלט געווען פאסיג און גוט, אז אידן אומעטום זאלן דעם זונטאג זיך צוזאמענקלייבן אין כינוסים, ועוד ועיקר - כינוסים פון אידישע קינדער, און דאס מקשר זיין מיט אן ענין בדוגמת משלוח מנות און מתנות לאביונים, דערפאר וואס אזוי טוט מען אין ירושלים ביום ראשון [אויך מהנוה לאביונים - כדלקמן ס' קז].

און פארבינדן דאס אויך מיט אן ענין אין תורה און תפלה, ובהדגשה יתירה בא די קינדער - ווארום דורך זיי איז נתבטל געווארן גזירת המן, כמבואר אין מדרש אסת"ר (פ"ז, יז. ילק"ש רמז תתרנ"ז) (און מ'זאגט עס אויך אין סליחות (לתענית אסתר)), אז דורך דעם וואס דער אויבערשטער האט געהערט דער "קול גדיא" פון די אידישע קינדער איז נתבטל געווארן די גזירה.

והגם אז אויך משה און די אבות און אליהו הנביא וכו' האבן דעמאלט מתפלל געווען - אבער זייער תפלה איז ניט געווען דער עיקר צו מבטל זיין די גזירה ווי די תפלה פון די קינדער.

**צג.** די כינוסים פון די אידישע קינדער זאלן זיין (כרגיל כל פעם) סיי פון אינגעלעך און סיי פון מיידעלעך.

ובהדגשה מיוחדת בא מיידעלעך, ווארום זיי האבן א שייכות מיוחדת צו פורים:

דער נאמען, שמו אשר יקראו לו בלה"ק (ראה שעהיוה"א פ"א) פון דער מגילה איז - ניט "מגילת מרדכי", אדער "מגילת מרדכי ואסתר", אדער אפילו "מגילת אסתר ומרדכי", נאר - "מגילת **אסתר**" (ב"ב יד, ב. טושו"ע יו"ד סו"ס רפג), וואס דאס איז מדגיש די שייכות מיוחדת פון פורים צו נשים און בנות.

והגם אז דער טעם פארוואס די מגילה ווערט אנגערופן דוקא ע"ש אסתר - "מגילת אסתר" איז דערפאר וואס זי (אסתר) האט געבעטן "כתבוני לדורות" (מגילה ז, א), און ניט מרדכי - איז אבער דאס גופא וואס **זי** האט עס געבעטן און ניט מרדכי הגם אז בכלל איז "את מאמר מרדכי אסתר עושה" - מדגיש די שייכות דערפון צו אסתר דוקא.

און נאכמער הדגשה בנוגע צו **בנות** - ווארום אין די מגילה ווערט אסתר אנגערופן "בת" (אסתר ב, ז).

**צד.** נאך א נקודה אין די שייכות מיוחדת פון פורים צו נשים ובנות - אז "אף הן היו באותו הנס" (מגילה ד, א), ווי די מגילה דערציילט אז די גזירה איז געווען אויך אויף "טף ונשים" (אסתר ג, יג), ביז אז דער נס איז געקומען דורך אן אשה - אסתר המלכה.

וואס אין דעם איז דא נאכמער הדגשה אפילו ווי אין חנוכה, וואס דארטן (בא חנוכה) איז אויך געווען "אף הן היו באותו הנס" (שבת כג, א), און דער נס איז אויך געקומען דורך אן אשה - ווארום בנוגע צו דער נס פון חנוכה דארף מען אנקומען צו רש"י (שם - ד"ה היו באותו הנס) אז "ע"י אשה נעשה הנס" משא"כ בנוגע צו דער נס פון פורים שטייט בפירוש אין מגילה אז דאס איז געקומען ע"י אן אשה.

**צה.** און דער ענין אז די גאנצע מגילה פון פורים ווערט אנגערופן ע"ש אסתר - "מגילת **אסתר**", ניט ע"ש מרדכי, און אז דער נס איז געקומען בעיקר דורך אסתר - איז פארבונדן במיוחד מיט זמננו:

בנוגע צו דעם נאמען "מרדכי" זאגט די גמ' (חולין קלט, ב) "מרדכי מן התורה מנין דכתיב (תשא, כג) מר דרור ומתרגמינן מירא דכיא", וואס דאס וועט זיין נוגע ערשט לע"ל אין דער ביהמ"ק השלישי;

משא"כ בנוגע צו דער נאמען אסתר זאגט די גמ' (שם), "אסתר מן התורה מנין ואנכי הסתר אסתיר" (וילך לא, יח) וואס דאס איז נוגע איצטער אין זמן הגלות, ווען ס'איז דא דער "ואנכי הסתר אסתיר" כפשוטו (ראה לקו"ש ח"ו ע' 191 הערה 22).

ונוסף לזה: אויך לע"ל וועט מאיר זיין די בחי' פון "ואנכי הסתר אסתיר" שלמעלה מסדר השתלשלות וגילויים, כמבואר אין חסידות (ראה תו"א מג"א ק, ב. קכא, ב. לקו"ש ח"ו ע' 194 ובהנסמן שם).

**צו.** ויה"ר אז דורך דעם פארבינדן זיך מיט ירושלים, וואס ענינו איז "יראה שלם, שלימות היראה - וועט עס נאכמער צואיילן די גאולה האמיתית והשלימה, וואס דעמאלט וועט זיין דער שלימות פון אלע ענינים בכל העולם כולו.

ועאכו"כ דער שלימות פון "ארץ שרצתה לעשות רצון קונה" (עקב יא, יב), "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה" * ארץ ישראל - "שלימות הארץ",

וואס איז אפגעגעבן געווארן צו "שלימות העם", וואס זיי פירן זיך ע"פ "שלימות התורה",

דורך דערויף וואס אזוי איז דאס נאך אין זמן הגלות,

און מ'גייט מקבל זיין פני משיח צדקנו, "כספם וזהבם אתם" (ישעי' ס, ט), מיט אלע ענינים, בקרוב ממש.

* * *

**צז.** דער ביאור אין פירוש רש"י בפרשתנו פארוואס רש"י איז מפרש אז דערווארט "וממחרת" באציט זיך צו ווייטער אין פסוק און דער וא"ו פון "והנותר" איז א וא"ו יתירה:

ע"פ די טעמים פון דעם פסוק - וואס דאס איז דאך געדרוקט אין די חומשים און דער בן חמש למקרא זעט דאס - דארף מען דעם פסוק לייענען: "ואם נדר או נדבה זבח קרבנו ביום הקריבו את זבחו יאכל", און נאך דעם ווארט "יאכל" דארף מען זיך אפשטעלן (ווארום אונטער "יאכל" איז דא אן "אתנחתא"), און דערנאך לייענען ווייטער, אנהויבנדיק א נייער ענין - "וממחרת והנותר ממנו יאכל".

וואס דערפון קומט ארויס אז דער ווארט "וממחרת" באציט זיך (ניט צו פריער, צו דעם ווארט "יאכל" וואס שטייט פאר דערויף, אז מ'זאל לייענען "יאכל וממחרת" (מ'זאל עסן (היינט) און מארגן) - נאר אז דאס באציט זיך) צו ווייטער אין פסוק, "וממחרת והנותר ממנו יאכל", אז די "נותר ממנו" (פון וואס "יאכל" ביום ראשון) עסט מען "ממחרת" (פון יום ראשון), ד.ה. ביום שני.

וואס דערפאר איז רש"י מעתיק אויך דעם ווארט "וממחרת", ווארום התחלת (און דער יסוד אויף) פירושו איז פון דעם ווארט "וממחרת", אז פון "וממחרת" הויבט זיך אן א נייער ענין - "וממחרת והנותר ממנו (און רש"י איז מפרש) בראשון (איז) יאכל".

עפ"ז אז "וממחרת" באציט זיך אויף ווייטער, צו "והנותר ממנו יאכל", ד.ה. אז דער "נותר ממנו" איז "יאכל" "ממחרת" (און ניט אז פון דעם ווארט "והנותר" הויבט זיך אן א נייער ענין, און דער "וממחרת" באציט זיך אויף פריער) - קומט אויס, אז דער וא"ו פון "והנותר" איז א וא"ו יתירה, ווארום דא האט געדארפט שטיין "וממחרת **הנותר** ממנו יאכל" - דערפאר איז רש"י ממשיך "וא"ו זו יתירה היא

ויש כמוה הרבה במקרא (און ברענגט אויף דעם צוויי דוגמאות) כגון ואלה בני צבעון ואי' וענה (פון פ' וישלח), תת וקדש וצבא מרמס (פון דניאל)".

מ'דארף נאך אבער פרשטיין: ווי קומט בכלל אין תורה א וא"ו יתירה (כנ"ל)?! וכפי שיתבאר לקמן.

**צח.** דער ביאור אין פירוש רש"י אין דער מגילה:

אין קאפיטל ח' וואו עס שטייט דעם ערשטן מאל דער לשון "ככתבה" ("ויכתב ככל אשר צוה מרדכי גו' מדינה ומדינה ככתבה ועם ועם כלשונו") רעדט זיך וועגן דעם וואס מרדכי ואסתר האבן געשריבן צו אלע אידן אנזאגן זיי אז זיי זאלן זיין בשמחה וכו', וואס דאס האבן זיי ניט געדארפט שרייבן דוקא אין כתב אשורית, ווארום זיי שרייבן צו אלע אידן פון די קכ"ז מדינות, וואס זיי לייענען אנדערע שפראכן, ווי דער בן חמש למקרא פארשטייט בפשש"מ, ובפרט אז ער ווייסט אז משנה און גמ' איז אין לשון ארמית, און אפילו אין נ"ך זיינען דא כמה חלקים אין לשון ארמית כו', און ער ווייסט אז ס'איז דא א חילוק צווישן כתב עברי און כתב אשורי (ווי רש"י האט פריער געזאגט), און אז אידן האבן דעמאלט זיך באנוצט מיט כתב עברי וכו' - איז בשעת זיי שרייבן צו אידן אז זיי זאלן זיין בשמחה וכו', שרייבן זיי צו אידן כאו"א לפי אופנו ווי ער פארשטייט די בעסטע, און לאו דוקא אין כתב אשורית;

משא"כ אין קאפיטל ט' רעדט זיך וועגן "ככתבם" פון "אגרת הזאת", ד.ה. וועגן די מצוה פון שרייבן א מגילה - וואס דאס קען ניט זיין געשריבן אויף וועלכע כתב מ'וויל, נאר די מצוה באשטייט דוקא אין שרייבן דאס בכתב אשורית - דערפאר איז רש"י מפרש אז דער **מצוה** איז דוקא "ככתבם - שתהא המגילה כתובה כתב אשורית".

**צט.** דער ביאור אין דער זהר פון פרשתנו:

אין יעדער קרבן זיינען דא אלעמאל צוויי ענינים: דער ענין פון חסד און דער ענין פון גבורה (און ניט אז אמאל זיינען קרבנות חסד און אמאל גבורה, כנ"ל):

דער סדר אין הקרבת הקרבן איז, אז פריער איז דא דער עלי' מלמטלמ"ע - די הקרבת הקרבן מלמטלמ"ע, וואס מ'איז מקריב און מ'איז שורף דער גשמיות הבהמה, די חלב פון דער בהמה [טאקע דוקא "מן המותר בפיך" * און ניט פון דברים האסורים, אבער פון א דבר גשמי], און דער ריח דערפון איז עולה למעלה, און פאר דערויף איז דא דער ענין השחיטה, וואס ענינה איז ווי די גמ' זאגט (חולין ל, ב) "אין ושחט אלא ומשך",

וואס כל זה איז דער ענין הגבורות, דער "תקיפא" און "טרפי'" וואס איז דא אין א קרבן, וואס מצד דעם איז בשעת מ'איז מקריב א קרבן אויפן מזבח זעט עס אויס "כחיזו דהוד אריא תקיפא רביע על טרפי'";

ווארום דער "ושחט ומשך" און דער הקבה ושריפה פון א דבר גשמי איז בדוגמא צו דער ענין פון "תקיפא" און "טרפו".

דערנאך איז דא דער ענין פון המשכה מלמעלמ"ט וואס איז דא דורך דעם קרבן - דער "ריח ניחוח" (פנחס כח, ח), "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני" (פרש"י עה"פ (מספרי שם)) וואס ווערט דורך א קרבן, וואס דער "ריח **ניחוח**" מלשון (ראה תו"א כה, ד. לקו"ת תצא לה, ג. שמע"צ צב, ד. סידור לג, ג) "חות דרגא" (ראה יבמות סג, א), ווערט נמשך למטה מטה ביז אין תחתון שאין תחתון למטה ממנו.

**ק.** דער המשך הביאור אין פירוש רש"י:

ע"פ המבואר לעיל, אז דער הכרח פון רש"י (אז אין אונזער פסוק איז דער וא"ו פון ... א וא"ו יתירה) איז פון די טראפ אין פסוק (אז מ'דארף מפסיק זיין

בא דעם ווארט "יאכל", און פון "וממחרת" הויבט זיך א נייער ענין) - וועט מען כארשטעלן פארוואס אין פ' וישלח וואו רש"י זאגט (אויך) אז ס'איז דא א וא"ו יתירה "והרבה יש במקרא", ברענגט ער דוגמאות פון פסוקים אין נ"ך און ניט פון דער פסוק אין פרשתנו -

ווארום בשעת רש"י ברענגט א דוגמא אז ס'איז דא א וא"ו יתירה פון א צווייטן ארט צו דעם ארט וואו ער רעדט - איז מובן בפשטות אז די דוגמא דארף זיין שטארקער, אדער עכ"פ מיט די זעלבע שטארקייט, ווי דער ארט וואו רש"י רעדט;

משא"כ אבער דער וא"ו יתירה אין פרשתנו איז א שוואכערער וא"ו יתירה ווי אין פ' וישלח - ווארום בשעת מ'לייענט דעם פסוק אליין (אן די טראפ) קען מען איינטייטשן אז דער וא"ו פון "והנותר" איז ניט קיין וא"ו יתירה (ואדרבה - דאס איז גאר פשטות הכתוב (כנ"ל בארוכה), ס'איז מערניט וואס מצד דעם **טראפ** פון פסוק איז מוכרח צו זאגן אז דער וא"ו איז יתירה. משא"כ אין פ' וישלח איז דער וא"ו א וא"ו יתירה אין פסוק גופא, און דערפאר ברענגט רש"י דוגמאות דערצו פון די פסוקים אין נ"ך, וואס דארטן איז אויך דא אין פסוק גופא עצמו א וא"ו יתירה.

**קא.** דער ביאור אין דעם ווי עס קומט אין תורה בכלל א וא"ו יתירה, און פארוואס באווארנט עס ניט רש"י פאר א בן חמש למקרא - איז בפשטות:

דאס וואס רש"י זאגט אז ס'איז דא א וא"ו יתירה איז דאס נאר "יתירה" ע"ד הלימוד פון רש"י, ד.ה. ע"ד הלימוד פון פשוטו של מקרא - אבער דאס גופא אז אין פשש"מ איז דא א וא"ו יתירה, איז מכריח אז מ'דארף קוקן אין אנדערע חלקי התורה, דרש וכיו"ב, צו וויסן פארוואס עס שטייט א וא"ו אין דעם פסוק.

און רש"י האט שוין געזאגט עד"ז בהתחלת פירושו על התורה: אין התחלה פון חומש (בראשית א, א) זאגט רש"י (אויף די ווערטער "בראשית ברא") "אין המקרא הזה אומר אלא דרשוני". ד.ה. אז אמאל איז א פסוק אין פשש"מ מכריח אז מ'מוז קוקן אין אן אנדער חלק אין תורה, וואס איז ניט פשש"מ, אין חלק הדרש - ווארום ע"פ פשש"מ איז דא עפעס ניט פארשטאנדיק.

ועד"ז בנדו"ד: ע"פ **פשט** זאגט רש"י אז דער וא"ו איז א וא"ו יתירה. אבער וויבאלד אז אין תורה קען ניט זיין א איבעריקע זאך - איז דער פסוק ע"פ פשש"מ גופא מכריח אז מ'מוז קוקן אין חלק הדרש אויף דעם פסוק - "אין המקרא הזה אומר אלא דרשוני", און דארטן זיינען טאקע דא פירושים אין דעם וא"ו, אבער וויבאלד אז "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא" (פרש"י עה"פ שם ג, ח. כד. ועוד) - ברענגט ניט רש"י דעם פירוש ע"ד הדרש.

אין אנדערע ווערטער: מיט זאגן אז ס'איז דא א וא"ו יתירה, מיינט רש"י צו זאגן צו דעם בן חמש למקרא, אז ע"ד הלימוד ווי איך לערן מיט דיר די פסוקים, ע"ד הפשט, איז דאס א וא"ו יתירה, אבער אין אנדערע דרכי הלימוד, ע"ד הדרש איז דאס ניט קיין וא"ו יתירה.

און רש"י גיט צו "ויש כמוה הרבה במקרא" - אז עס זיינען דא הרבה מאל אין תורה וואו ע"פ פשט איז דא א וא"ו יתירה (און ע"ד הדרש איז מען דאס מסביר).

דארטן וואו רש"י זאגט "לא ידעתי" (נסמן בלקו"ש ח"ה ע' 1 הערה 2 בשוה"ג) איז דער פירוש - אז "לא ידעתי", **איך** ווייס ניט קיין פירוש דא ע"פ פשט, אבער עס קען זיין אז אנדערע פשטנים זאלן אין דערויף האבן א פירוש ע"ד **הפשט**; משא"כ וועט ער זאגט "אין המקרא הזה אומר אלא דרשוני", ועד"ז דא וועט ער זאגט אז ס'איז דא א וא"ו יתירה - איז דער פירוש אז רש"י זאגט בוודאות אז ס'איז ניטא **קיין** פירוש אין דעם פסוק ע"ד הפשט.

עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין פארוואס בא דעם וא"ו יתירה אין דניאל זאגט רש"י "וא"ו **ספילה**" (ניט "יתירה") און ער גיט צו "אף בלשון בני אדם יש מדברים כן", משא"כ בפרשתנו (און אין פ' וישלח) זאגט רש"י "וא"ו **יתירה**" און ער שרייבט ניט אז "אף בלשון בני אדם כו'":

יעדער אות אין תורה איז בתכלית הדיוק, וואס דערפאר איז אפילו אויב ס'איז דא א וא"ו יתירה ע"ד הפשט אין תורה, איז אבער "אין המקרא הזה אומר אלא דרשוני", ע"ד הדרש איז דא א הסברה בזה:

משא"כ דער פסוק אין דניאל (וואו עס שטייט דער וא"ו טפילה) איז דער לשון פון א **מלאך** וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז ניט אזוי בדיוק ווי לשון הכתוב אין תורה מצ"ע, ווארום דער מלאך זאגט און גיט איבער וואס מ'האט אים געזאגט אלס א שליח, אדער א זאך וואס ער פארשטייט משליחותו, ובמילא איז דארטן אויך ניט שייך זאגן אז פון דער וא"ו זאל זיין אן ענין פון "דרשוני",

וואס דעריבער זאגט דארטן רש"י אלס א ביאור אין דעם וואס עס שטייט דארטן אין דעם וואס דער מלאך האט געזאגט אן ענין מיט א וא"ו טפילה - "ואף בלשון בני אדם יש מדברים כן", ווארום דארטן רעדט זיך וועגן דער דיבור פון א מלאך, וואס איז ניט אזוי בדיוק און איז בדומה צו לשון בני אדם;

משא"כ אין פרשתנו און אין פ' וישלח איז דער וא"ו יתירה אין א לשון הכתוב פון תורה - איז דארטן ניט שייך זאגן אז ס'איז דא א וא"ו יתירה דערפאר וואס "אף בלשון בני אדם יש מדברים כן".

**קב.** ועד"ז איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו דעם וואס אין דניאל זאגט רש"י דעם לשון וא"ו טפילה און אין פרשתנו און אין פ' וישלח דעם לשון וא"ו יתירה:

אין לשון הכתוב פון תורה עצמה איז דאך יעדער אות בתכלית הדיוק, איז במילא ניט שייך זאגן אז ס'איז דא א וא"ו **ספילה**, א זאך וואס איז טפל.

און ווי מ'איז מחנך א בן חמש למקרא בפשטות אז אין תורה ומצוותי' איז ניטא קיין ענין טפל: מ'איז אים מחנך אין מצוות אז "הוי זהיר במצוה קלה כבחמורה" (אבות פ"ב מ"א), אז ס'איז ניטא קיין טפל - ער דארף זאגן "מודה אני" מיטן זעלבן תוקף און קבלת עול ווי ער דארף זאגן "שמע ישראל", כאטש אז "מודה אני" איז נאר מלשון הודאה, און אין דעם איז ניטא קיין שם פון דעם אויבערשטן, ביז נאכמער: "מודה אני" זאגט דער קינד פאר דעם וואס ער זאגט "שמע ישראל".

ועד"ז איז מען אים מחנך בנוגע צו לימוד התורה - אז יעדער אות אין תורה איז בכל התוקף ווי שאר אותיות התורה, און ס'איז ניטא אזא זאך ווי אן אות **ספילה**.

וואס איז יע שייך אין תורה - א וא"ו **יתירה**, ווארום כאמור, דאס איז יתירה נאר אין **פשט"ם**, אבער "אין המקרא הזה אומר אלא דרשוני", ווארום וויבאלד אז יעדער אות אין תורה איז בתכלית הדיוק איז זיכער דער וא"ו באמת ניט קיין יתירה, נאר וואו זעט מען דאס (אז דאס איז ניט יתירה) אין חלק הדרש שבתורה.

אבער זאגן אז ס'איז דא א וא"ו **ספילה** אין תורה - דאס קען מען ניט, אויך ניט אין פשט"מ.

משא"כ בלשון המלאך איז שייך אז עס זאל זיין אן אות טפילה, ווארום ביי אים איז ניט אזוי דער דיוק ווי לשון הכתוב, און בדרך שליחותו קען זיין אן ענין וואס עס איז ניט אזוי נוגע ווי שאר דיבורו.

לאידך גיסא – ביי א מלאך קען מען ניט זאגן אז ס'איז דא אן אות **יתירה**, ווארום ער איז דאך א שליח, און א שליח וואס גיט צו עפעס (אדער נעמט עפעס אראפ) צו שליחותו – ווערט ער אויס שליח (מעילה כ, סע"ב (במשנה). רמב"ם הל' מעילה פ"ז ה"א), קען מען ניט זאגן אז ער זאל צוגעבן א וא"ו **יתירה**; און מ'קען ביי א מלאך אויך ניט זאגן אז אין לשונו איז דא אן ענין פון "דרשוני", כנ"ל – במילא קען מען ניט זאגן אז דארטן איז דאס א וא"ו יתירה;

וואס איז יע שייך ביי א מלאך – אז עס זאל זיין א וא"ו **ספילה**, והביאור בזה איז: אלס שליח קען זיין אן ענין עיקרי וואס ער דארף איבערגעבן און עס קען זיין אן ענין טפל במילא קען זיין א וא"ו **ספילה**, און רש"י גיט צו אז "אף בלשון בני אדם יש מדברים כן" (לשלימות הענין – ראה שיחת ש"פ שמיני, פ' פרה).

**קג.** מ'קען נאך אבער פרעגן – ע"פ פנימיות הענינים: פארוואס געפינט מען אין תורה נאר א **וא"ו** יתירה דוקא, און ניט קיין אנדער אות יתירה, ניט קיין אל"ף יתירה, ועד"ז ניט קיין אנדערע אותיות יתירות?

איז די הסברה בזה – אז דער עצם אות וא"ו באווייזט אויף אן ענין פון הוספה, אן ענין פון "יתירה" – ווארום דער אות וא"ו איז א וא"ו **המוסיף**, אז נוסף צו וואס עס שטייט ביז דא איז דא **נאך**.

**קד.** די הוראה דערפון:

מ'מאנט פון א אידן אז ער זאל כסדר מוסיף זיין אויף דעם וואס ער האט געטאן ביז דעמאלט; וויפל ער האט נאר געטאן ביז איצט – דארף ער אין דערויף נאך מוסיף זיין.

אנהויבנדיק ווי עס דארף זיין אין מצות צדקה: אפילו אז איינער גיט צדקה און גיט צדקה בשלימותו, דאגט מען אים אז ער זאל ניט נאר געבן צדקה סתם, נאר ער דארף אין דערויף מוסיף זיין – אז ער זאל געבן בסבר פנים יפות.

**קה.** וואס אזוי דארף מען אויך מחנך זיין קינדער – כידוע דער סיפור (סה"ש תש"ה סוף ע' 10–11), אז ווען כ"ק מו"ח אדמו"ר איז געווען א קינד, האט זיין באבע אים אמאל געגעבן א "קאווען". און ער איז ארויס אויפן הויף און זיך געזעצט מיט זיינע חברים אויף א באנק וואס איז געווען פונקט אנטקעגן איבער דעם פענסטער פון אביו, דער רבי נ"ע, און ער האט געגעבן פון דעם "קאווען" אויך צו זיינע חברים.

האט אים זיין פאטער דער רבי נ"ע ארייננגערופן צו זיך און האט אים געזאגט: איך האב באמערקט אז דו האסט טאקע געגעבן צו דיינע חברים אבער ניט מיטן גאנצן הארצן (ס'איז ניט געווען ניכר אויף פניו אז ער גיט עס מיט שלימות הרצון והשמחה), און דער רבי נ"ע האט מיט אים פיל גערעדט וועגן דעם ביז ער האט זיך צוויינט און דערנאך געבעטן א תיקון וכו'.

וואס דערפון האט מען א הוראה ווי חינוך דארף זיין (ווי ער איז דארטן מסיים, אז אט דאס איז חינוך), אז אע"פ וואס ער האט געגעבן צדקה, דארף ער נאך **מוסיף** זיין אין דעם – געבן בסבר פנים יפות, וכיו"ב אין אלע ענינים.

**קו.** דערפון האט מען אויך א הוראה בנוגע צו די כינוסים וואס מ'וועט מארגן מאכן פאר אידישע קינדער:

ווי גערעדט פריער (סצ"ב) זאל מען בא די כינוסים טאן מעין ווי דער ענין פון משלוח מנות און מתנות לאביונים, מעין ווי מ'טוט עס אין ירושלים דעמאלט (ביום ראשון).

האט מען די הוראה נוספת אז מ'זאל דאס ניט טאן מיט א פנים זועפות, נאר בסבר פנים יפות.

און דאס זאל מען מסביר זיין צו די קינדער, אז זיי דארפן דאס געבן, ועד"ז אלע ענינים וואס זיי געבן אויף צדקה בכדי העלפן א צווייטן אידן - דארפן זיי געבן בסבר פנים יפות און מיט שמחה וכו'.

**קז.** בנוגע צו דעם עצם ענין ווען מ'גיט מתנות לאביונים בשנה זו אין ירושלים (ועד"ז אין אנדערע עיירות מוקפות חומה והסמוכות להם) - האט מען געשריבן אין א הערה אין בריוו, אז "אף שמתנות לאביונם הן ביום קריאת המגילה (בעש"ק) - כתבו כמה אחרונים שבאם מאיזה סיבה לא קיימה אז - יקיימנה ביום א'". און דערנאך האט מען צוגעגעבן: "ולכאו' בכל אופן צ"ל כן כיון שסועד **באותו היום** סעודת שמחת מצוה, עפמש"כ ברמב"ם ובשו"ע אדה"ז סוף הל' יו"ט...".

ונוסף לזה קען מען זאגן נאך א ביאור פארוואס מ'זאל בכל אופן געבן מתנות לאביונים ביום ראשון אין ירושלים:

נאך דעם וואס דער רמב"ם פסק'נט אין הל' מגילה (פ"ב הט"ו - טז) אז ביום הפורים דארף מען שיקן משלוח מנות איש לרעהו ("שתי מנות לאיש אחד") און מתנות לאביונים ("אין פחות משני עניים") שרייבט דער רמב"ם (שם הי"ז): "מוטב לאדם להרבות במתנות אביונים מלהרבות בסעודתו ובשלוח מנות לרעיו, שאין שמחה גדולה ומפוארה אלא לשמח לב עניים ויתומים כו', שהמשמח לב האומללים האלו דומה לשכינה כו'".

[בנוגע צו הל' מגילה פון דעם אלטן רבי'ן - קען מען ניט וויסן וואס ער שרייבט, ווארום דער חלק האט ער ניט געשריבן, אדער דאס איז לע"ע נאך ניט אנגעקומען צו אונז].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אפילו אויב ער האט מקיים געווען די מצוה פון מתנות לאביונים בשלימות ביום הששי (בקביעות שנה זו) אין ירושלים, אז ער האט געגעבן מתנות צו צוויי אביונים - איז אויב ער טרעפט נאך אן אביון ביום ראשון, וואס ער האט אים מאיזה סיבה ניט געזען ביום הששי - איז ע"פ דעם רמב"ם איז דא נאך א חיוב צו אים אויך געבן מתנות לאביונים, דערפאר וואס "מוטב לאדם להרבות במתנות לאביונים כו'".

וואס דערפאר זאג איך אז בכל אופן דארף מען געבן מתנות לאביונים אויך ביום הראשון אין ירושלים.

עכ"פ כן נראה לפענ"ד.

**קח.** וואס אזוי ווי אין יעדער זאך - אז בשעת מ'זאגט א סברא, קען א צווייטער גלייך קומען און זאגן איפכא מסתברא, ובפרט אויב דאס איז מתכונות נפשו - עכ"פ לפענ"ד נראה אז מ'זאל געבן אויך ביום הראשון.

ובפועל - אויב ער וועט געבן און איך בין טאקע גערעכט - וועט אויסקומען אז ער האט מקיים געווען א מצוה;

און אפילו אויב איך בין דורכגעפאלן און בין ניט גערעכט, און אעפ"כ האט ער געגעבן - איז וואס וועט אויסקומען - אז ער האט געגעבן מיט עטלעכע מער פרוטות צו אן אביון!

איז תבוא עליו ברכה ותבוא עלי ברכה ותבוא על כל ישראל ברכה!

און אזוי ווי "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר" איז "כן תהי' לנו".

ובפרט אז מ'וועט עס זאגן דעם מוצאי שבת בהבדלה מיט א ברכה לפני' ולאחרי', צוזאמען מיט בשמים און מאורי האש.

זאל זיין דער "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני", דורך דעם וואס ער גיט בשמים צו דעם אויבערשטן, און "מאורי האש" זאל באלייכטן אפילו נאך זייענדיק אין גלות,

און עס זאל זיין די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

אח"כ אמר: די מזונות וועט מען מסתמא נעמען אויף דעם כינוס מארגן.

ואמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אח"כ נתן המזונות עם בקבוק יי"ש לר' י.י.ה. שיחי'.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

* * *

בס"ד. שיחת ש"פ שמיני, פ' פרה, כ"ב אדר שני ה'תשמ"א.

הנחה פרטית בלתי מוגה

א. ס'איז ש"פ שמיני, און אויך - שבת פ' פרה.

וואס דער ענין פון פ' פרה איז אן ענין וואס איז שייך צו שנה, ווארום דאס איז נאר איין מאל א יאר,

- און אע"פ אז אויך ש"פ שמיני איז נאר איין מאל א יאר - איז דאס אבער אן ענין וואס איז א חלק פון א המשך פון שבוע אחר שבוע, משא"כ דער ענין פון ש"פ פרה - איז נאר איין מאל א יאר -

און - דאס האט א פעולה על כל השנה כולה.

וואס אין אמת'ן איז דאס אזוי בנוגע צו אלע ד' פרשיות, פ' שקלים, פ' זכור, פ' פרה, און פ' החודש; אנהויבנדיק פון פ' זכור, וואס ס'איז מבואר אין פוסקים, אז ס'איז דא דער חיוב מה"ת פון זכירת עמלק, וואס מ'דארף דאס זוכר זיין עכ"פ איין מאל א יאר (צוזאמען מיט דעם אל תשכח וכו'), און דאס איז פועל און פוטר און נמשך על כל השנה, און מ'האט דאס קובע געווען אויף דעם שבת פאר פורים, דערפאר וואס פורים איז פארבונדן מיט עמלק, ווארום המן האט געשטאמט פון אגג וואס ער האט געשטאמט פון עמלק כמבואר אין תרגום שני.

ד.ה. אין אנדערע ווערטער, אז דער ענין איז א יאריקער; עס איז אן ענין וואס איז שייך צו שנה, צו דעם יאר, און עס דארף זיין איין מאל א יאר, "אחת בשנה", מערניט וואס מ'איז דאס קובע אויף א זמן מסויים.

[וע"ד ווי מ'געפינט עס בנוגע צו דעם ענין בא וועלכער עס שטייט "אחת בשנה" בתורה, בנוגע צו יוהכ"פ, וואס עניננו איז ענין התשובה - וואס דער רמב"ם שרייבט אז "התשובה כל השנה יפה היא" נאר אין דעם זמן "יפה היא יותר ומתקבלת יותר"].

וואס עד"ז איז דאס אויך בנוגע צו פ' פרה, ועד"ז פ' החודש און פ' שקלים, אז דאס איז א יאריקער ענין.

ב. שבת פ' פרה קען אבער זיין בכמה קביעויות בימי **החודש**, וואס אין דעם זיינען דא כמה אופנים, ובשנה זו שבת פ' פרה איז חל - בכ"ב אדר.

דער ענין פון כ"ב אדר:

אין דער פרשה פון פאראכטאגן, ש"פ צו, רעדט זיך וועגן די שבעת ימי המילואים, דערנאך אין אונזער פרשה רעדט זיך וועגן "ויהי ביום השמיני", שמיני למילואים.

וואס אויף "ויהי ביום השמיני" ברייבגט רש"י פון "סדר עולם", אז "אותו היום נטל עשר עטרות", וואס איינער פון די עשר עטרות איז - "ראשון למעשה בראשית", אז ס'איז געווען זונטיג,

ד.ה. אז די שבעת ימי המילואים האבן זיך אנגעהויבן אין א זונטיג, און דערנאך דער יום השמיני למילואים איז אויך געווען אין א זונטיג.

און אויך איינער פון די עשר עטרות איז געווען, אז ס'איז דעמאלט געווען ר"ח.

וואס דערפון קומט אויס, אז יום השמיני למילואים איז געווען זונטיק ר"ח ניסן, און די שבעת ימי המילואים האבן זיך אנגעהויבן זונטיג כ"ג אדר, אנהויבנדיק פון מוצאי שבת, מוצאי כ"ב אדר.

וואס עד"ז איז דאס אויך בשנה זו, אז די קביעות בימי החודש איז פונקט ווי דעמאלט, ר"ח ניסן איז זונטיק, ועד"ז כ"ג אדר איז דער זונטיק שלפנ"ז, און במוצאי שבת הויבט זיך אן דער זמן ווען עס זיינען געווען די שבעה ימי המילואים.

**ג.** מהאמור לעיל קומט אויס, אז אין דעם שבת זיינען דא דריי ענינים, אין ענין וואס איז שייך צו שבוע, אן ענין וואס איז שייך צו חודש און אן ענין וואס איז שייך צו שנה:

יעדער **וואך** האט איר חלק בתורה - איז דער חלק **השבועי** פון היינטיקן שבת: פ' שמיני;

**בחודש** - איז היינטיקן שבת כ"ב בחודש אדר הסמוך לניסן, דער שבת וואס "מינל' מתברך" דער ענין המילואים:

בכל שנה אין אדר הסמוך לניסן איז "הימלם האלו" וואס ענינם איז די ימי המילואים - זיינען "נזכרים ונעשים": די "ימים האלה" זיינען "נעשים", וואס ווי אזוי איז "נעשים" - דורך דעם וואס "נזכרים", וואס דאס איז - בשעת דער "נזכרים" איז כדבעי, וואס אין דעם קומט צו דורך דעם וואס ס'איז דא דער שבת וואס "מנל' מתברכין" די ימי המילואים; דער שבת טוט אויף אז עס זאל זיין דער "נזכרים ונעשים" פון דער ענין המילואים כדבעי.

**ובשנה** - היינטיקן שבת איז פ' פרה, וואס פ' פרה לייענט מען בסוף הקריאה, וואס "הכל הולך אחר החתום", און ווי מ'זעט אז די הפטרה איז (בגלוי) שייך אינגאנצן צו דעם ענין פון פ' פרה [וכדמוכח דערפון, וואס פ' פרה קען חל זיין אויך אין אן אנדער שבת, ניט בפ' שמיני, און אויך דעמאלט איז דאס די הפטרה].

**ד.** וויבאלד אז די אויבענדערמאנטע ענינים זיינען ענינים אין תורה - דארף פון זיי זיין א פעולה במשכת אויף שטענדיק.

על דרך ווי מ'זאגט בנוגע צו אלע ענינים פון תורה ומצוות אז "יחוד זה למעלה הוא נצחי לעולם ועד", וואס אע"פ אז עס שטייט אז "יחוד זה **למעלה** הוא נצחי לעולם ועד", דווקא "**למעלה**", אבער למטה ניט, ווארום, למטה נאכדעם וואס ער ענדיקט דל עבודה טוט ער דאך אן אנדער עבודה, "כל יומא ויומא עביד עבידתי'" -

אעפ"כ, איז ח"ו צו זאגן אז דער יחוד נצחי פון דער עבודה שלפנ"ז איז נאר למעלה, און למטה, בא דעם וואס דורך זיין עבודה האט זיך **או**יפגעטאן דער ענין נצחי - איז דאס ניטא; דאס איז דאך היפך השכל און היפך היושר,

ווארום דער ענין נצחי ווערט דאך אויפגעטאן דורך דעם אדם העובד ע"י עבודתו - איז ח"ו צו זאגן אז דאס איז נאר למעלה און צו דעם וואס טוט דאס אויף האט דאס ניט קיין שייכות -

נאר דאס איז אויך בנוגע צו דעם אדם העובד,

און דאס וואס מ'זאגט אז "יחוד זה **למעלה** הוא נצחי לעולם וע"ד, איז דערפאר וואס למטה דארף ער זיך דערנאך פארנעמען בפועל מיט אן אנדער עבודה, מיט אן עבודה שהזמ"ג, ביז מיט אן עבודה וואס איז גאר דער היפך פון די עבודה שלפנ"ז, וואס עס זיינען דא עבודות וואס זיינען שייך צו חסד, עבודות וואס זיינען שייך צו גבורה, און אויך עבודות וואס זיינען שייך צו קו האמצעי,

**הנחה פרטית בלתי מוגה**

אבער עס איז דא שטענדיק א פעולה במשכת (למטה) פון די עבודה שלפנ"ז.

און אזוי איז דאס אויך בעניננו, בנוגע צו די דריי ענינים וואס זיינען דא אין היינטיקן שבת - דער ענין וואס איז שייך צו שבוע, פ' שמיני, און דער ענין וואס איז שייך צו חודש, כ"ב אדר ימי המילואים, און דער ענין וואס איז שייך צו שנה, פ' פרה, אז וויבאלד זיי זיינען ענינים בתורה איז פון זיי דא א פעולה במשכת אויף שטענדיק.

**ה.** אע"פ אז יעדער איינער פון די דריי ענינים פון היינטיקן שבת האט זיין מעלה, וכמבואר לעיל (סי"ג) - אעפ"כ, בהשגחה פרטית טרעפן זיי זיך אלע דריי צוזאמען - איז דא א הוראה פון אלע דריי צוזאמען:

די נקודה המשותפת פון אלע דריי ענינים איז - דער ענין השלימות.

און די דריי ענינים פון פ' שמיני, אן ענין וואס איז שייך צו שבוע, כ"ב אדר ימי המילואים, אן ענין וואס איז שייך צו חודש, און פ' פרה, אן ענין וואס איז שייך צו שנה - זיינען דריי דרגות אין שלימות, זו למעלה מזו.

**ו.** דער ענין פון שמיני איז דער ענין השלימות, ביז כמבואר אין חסידות, אז שמיני איז "שומר את ההיקף", ד.ה. אז ס'איז דא א היקף, און נאכמער - ס'איז דא אויך דער שלימות ההיקף, ס'איז דער שביעי וואס ער איז העכער, און די שלימות, פון דער היקף - און דערצו איז דא דער שמיני וואס ער איז שומר דער היקף, שומר דער שלימות.

וואס דער ארט וואו ס'איז דא דער שלימות פון זמן און פון מקום און פון אדם - איז אין ביהמ"ק, וואס דארטן איז דער "ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם", דער מקדש דאקרי משכן און משכן דאקרי מקדש, דער "איזה בית אשר תבנו לי ואיזה מקום מנוחתי".

וואס בעבודת האדם, אין דעם "ושכנתי" בא יעדן אידן (ע"ד ווי דאס איז אין דעם "ושכנתי" הכללי) איז דאס (דער שלימות) - ווי די ערשטע שאלה וואס מ'פרעגט בא דעם מענטשן ווען נשמתו איז עולה למעלה: "נשאת ונתת באמונה", ד.ה. אז עבודת האדם דארף זיין, אז אין דעם "נשאת ונתת" טראגט ער אריין די שלימות פון "אמונה", ער מאכט אויף די שלימות פון דעם "ושכנתי" אין אלע זיינע עניני רשות, אין "בכל דרכיך דעהו" ביז אויך אין די ענינים פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים".

וואס דאס איז די שלימות פון דעם ענין פון שבעת ימי המילואים - אז ער מאכט אויף פון אלע זיינע עניני העולם די שלימות פון דעם "ושכנתי" בדוגמא ווי ס'איז געווען אין דער "ושכנתי" הכללי.

וואס ביום השמיני איז געווען "ותצא אש", דער "תשרה שכינה", וואס דאס איז אויך דער אויפטו פון "איזה בית תבנו **לי** ואיזה מקום **מנוחתי**" אויף "ושכנתי" סתם,

ובעבודת האדם איז דאס - די עבודה פון תורה ומצוות, "**אותי** אתם לוקחין".

**ז.** והביאור בזה:

דער ענין פון ימי המילואים איז - אז דעמאלט איז געווארן א גרעסערער שלימות אין דעם משכן:

פאר די ימי המילואים זיינען שוין געווען בשלימותם די אלע עניני המשכן, קרשים, יריעות און כלים וכו', וואס שוין בכ"ה בכסלו זיינען אלע עניני המשכן געווען בשלימותם,

נאר בכ"ה בכסלו האט מען נאך ניט מקריב געווען קיינע קרבנות, און די חלקי המשכן זיינען ניט געווען מצורף, און דערנאך, בכ"ג אדר, איז געווען דער אויפטו, אז מ'האט מצרף געווען די אלע חלקי המשכן;

דאס איז דער אויפטו פון כ"ג אדר - אז אלע חלקי המשכן זיינען געווארן בצירוף (און דערנאך האט מען דארט מקריב געווען קרבנות), ווארום פריער זיינען געווען קרשים באזונדער, און אדנים באזונדער וכו', און בנוגע צו קרשים גופא - יעדער קרש איז געווען באזונדער, ועד"ז בנוגע צו די אדנים - יעדער אדן איז געווען באזונדער,

און דער אויפטו פון די ימי המילואים איז געווען - אז דעמאלט (ועד"ז בכל שבעת ימי המילואים) "הקים משה את המשכן" און ס'איז געווארן א משכן שלם,

ביז צו די שלימות פון יום השמיני למילואים וואס דעמאלט איז געווען דער "תשרה שכינה".

ד.ה. אז אויך פריער איז געווען א געוויסע שלימות אין די עניני המשכן - און דער אויפטו פון ימי המילואים איז, אז ס'איז דעמאלט געווארן נאך א העכערער שלימות, ביז צו "תשרה שכינה" ביום השמיני.

**ח.** וביתר ביאור:

שוין בכ"ה בכסלו איז האט מען אויפגעמאכט פון די ט"ו דברים די אלע עניני המשכן, ד.ה. אז ביז כ"ה כסלו איז שוין אין זיי געווארן א שינוי; זיי זיינען אריבער שוין לגמרי פון דעם רשות פון יעדערן וועלכער האט געגעבן "נדבת לבו" [וואס דאס איז כולל אויך טף, כדאיתא אין אד"ר], און ניט נאר שוין אריבער פון זייער רשות - נאר ס'איז געווארן אין זיי אויך א שינוי,

ווארום דעם עץ ארז, לדוגמא, האט מען געהובלעוועט, און געמאכט דערפון א קרש; פון די מחצית השקל האט מען געמאכט א ככר כסף, און אויך געמאכט אין דעם ציור פון אן אדן, ווי רש"י זאגט אז די אדנים האבן געהאט א געוויסן ציור, ועד"ז אין די אנדערע עניני המשכן; מען האט אין אלע עניני המשכן געמאכט א מדה ומדידה דורך אויפטאן אין זיי א שינוי,

מלבד די אבני שוהם ואבני מילואים, וואס אין זיי האט מען נאר געמאכט א שינוי מקום.

**ט.** וי"ל אז אויך אין די אבני שוהם ואבני מילואים האט מען אויפגעמאכט א שינוי ביז כ"ה כסלו, ווארום ס'איז מסתבר אז מען האט זיי געבראכט אלס אבנים, און מען האט אין זיי געדארפט אנשרייבן די שמות וכו' במכתב פתוחי חותם, וואס מ'געפינט ניט אז מ'זאל דאס טאן בימי המילואים, מיט א שמיר, און זיי האבן געדארפט דעמאלט זיין אין דעם אפוד וכו',

און נאכמער: בימי המילואים האבן משה און אהרן געטאן עבודה, משא"כ אויסקריצן די שמות וכו' מכתב פתוחי חותם, האבן ניט זיי געטאן, אויך ניט משה, נאר (ווי ס'איז משמע) די אנשי חכמי לב -

איז קרוב לודאי לומר, אז אויף אין די אבני שהם ואבני מילואים האט מען אויפגעטאן א שינוי עכ"פ פאר כ"ה בכסלו, וואס דער שינוי פון נעמען א שטיין און אין אים אויסקריצן מכתב פתוחי חותם - איז משנה און מאכט אז מ'זאל קונה זיין דעם שטיין.

**י.** וואס מכ"ז קומט אויס, אז שוין בכ"ה בכסלו איז געווען א געוויסע שלימות אין די עניני המשכן, די שלימות וואס די עניני המשכן זיינען אריבער פון דעם

רשות פון די וואס האבן מנדב געווען בנדבת לבם, און וואס מ'האט אין זיי אלע שוין פועל געווען א שינוי,

און די שלימות וואס איז געווארן דערנאך, בכ"ג אדר, איז געווען א העכערער שלימות - אז די אלע ענינו המשכן זיינען געווארן בצירוף, און - מ'האט דעמאלט מקריב געווען קרבנות (ניט נאר בכח אז ס'איז געווען מוכן להקריב בו קרבנות, נאר אויך בפועל מקריב געווען קרבנות), און אויך.

- דער רמב"ם שרייבט אז דער ענין פון דעם ביהמ"ק איז - צוויי זאכן: אז מ'זאל דארט מקריב זיין קרבנות ושיהיו חוגגין אליו, איז דעמאלט געווען אויך דער צווייטער ענין -

דעמאלט, בשבעת ימי המילואים, האבן זיך עדת בני ישראל צונויפגעקליבן פתח אוהל מועד, ווי דערציילט אין פ' צו,

און דעמאלט איז אויך געווען די משיחה, וואס משה האט מושח געווען, ביז צו "ביום השמיני" וואס דעמאלט איז געווען דער "תשרה שכינה".

**יא.** וואס בעבודת האדם איז דא (כנ"ל):

די שלימות פון ימי המילואים איז אז ער מאכט אויף פון אלע זיינע עניני העולם די שלימות פון "ושכנתי בתוכם", און די שלימות פון שמיני איז - די עבודה פון תורה ומצוות, "אותו אתם לוקחין".

**יב.** די צוויי שלימות'ן פון שמיני און כ"ב אדר - ימי המילואים זיינען ביידע שלימות'ן אין קדושה; דערצו קומט צו א דריטע שלימות - דער ענין פון פרה אדומה:

בנוגע צו פרה אדומה געפינט מען א דבר נפלא - אפילו משה רבינו האט ניט געקענט פארשטיין דעם ענין פון פרה אדומה, נתכרכמו פניו של משה און ער האט גע'טענה'ט (ע"ד הלשון) "מי יתן טמא מטהור"? ווי קען זיין אזא זאך אז עס זאל זיין "טמא מטהור"?

וואס צו משה רבינו האט דער אויבערשטער געזאגט "לך אני מגלה סוד פרה"; שלמה איז געבליבן באם ניט פארשטיין דעם ענין פון פרה אדומה, נאר משה'ן האט דער אויבערשטער אים מגלה געווען - אבער אילדער דער אויבערשטער האט אים מגלה געווען דעם ענין האט אויך משה דאס ניט פארשטאנען, און "נתכרכמו פניו".

וואס דער ענין פון פרה אדומה איז - אז דער אויבערשטער האט געוואלט אז עס זאל צוקומען נאך אן ענין, אויך דער ענין פון לעו"ז.

ניט ח"ו לעו"ז אלס לעו"ז - דאס איז די טענה פון עשו בנה הגדול, וואס ער טענה'ט אז ער (לעו"ז) איז קדם צו קדושה, וואס אין סדר ההשתלשלות איז טאקע קליפה קדם לפרי.

און ווי דער צ"צ איז דאס מבאר אין אוה"ת, אז ס'איז דא ווי יעקב און עשו שטייען אין סדר ההשתלשלות וואס דארטן איז קליפה קדמה לפרי, און עשו איז קדם צו יעקב, עשו איז נולד געווארן פאר יעקב, און יעקב הוא הקטן,

עס איז אבער דא העכער דערפון, ווי עשו און יעקב זיינען שוה, און נאך העכער - וואו ס'איז דא נאר יעקב אליין, "ישראל ומלכא בלחודוהי".

ובענין העולמות - ס'איז דא ווי עס זיינען דא תהו און תיקון, ס'איז דא ווי תוהו קדם לתיקון, ווי עס איז אלן נקודים און ברודים, עס איז אבער אויך דא

העכער דערפון - ווי לאחר הבירור (דערלאנגט אין אן ארט וואו) ס'איז דא נאר תיקון אליין.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס מ'זאגט אז דער אויבערשטער האט געוואלט אז עס זאל צוקומען דער ענין פון לעו"ז איז דאס ניט ח"ו - לעו"ז אלס לעו"ז, ווי די טענה פון קליפה - נאר ווי לעו"ז גיט צו אין קדושה,

און דאס איז דער אויפטו פון פרה אדומה, אז דאס איז מברר און מעלה אויך ענינים פון לעו"ז.

**יג.** ועפ"ז ווי מ'געפינט דאס אין דעם מארז"ל אז ס'איז דא מעשיהם של צדיקים און מעשיהם של רשעים ואיני יודע באיזה מהם חפץ,

וואס עס ווערט די שטורעמדיקע קשיא: היתכן - ווי קען מען זאגן אז איני יודע באיזה מהם חפץ, במעשיהם של צדיקים צי במעשיהם של רשעים?!

נאר מ'איז מסביר אז מעשיהם של רשעים מיינט, ווי די רשעים טוען תשובה,

און דאס איז וואס דער מדרש זאגט איני יודע באיזה מהם חפץ, במעשיהם של צדיקים אדער במעשיהם של רשעים - אז איני יודע צי ער איז חפץ במעשיהם של צדיקים אדער במעשיהם של בעלי תשובה.

וואס עד"ז איז דאס אויך בעניננו, אז דאס וואס מ'זאגט אז דער אויבערשטער וויל אז עס זאל צוקומען אויך דער ענין פון לעו"ז - מיינט עס ניט ח"ו לעו"ז אלס לעו"ז - נאר ווי לעו"ז גיט צו אין קדושה.

**יד.** דער עיקר ענין פון פרה אדומה, די הוספה אויך פון ענינים פון לעו"ז - איז ניט אין עבודת הבע"ת, נאר בעבודת הצדיקים.

והביאור בזה:

דער מדרש הנ"ל "איני יודע באיזה מהם חפץ כו'" פירט אויס" הוי אומר במעשיהם של צדיקים", אז אע"פ אז עס זיינען דא די צוויי עבודות פון צדיקים און פון בעלי תשובה - איז ער מבאר חפץ במעשיהם של צדיקים דוקא,

און מ'איז דאס מסביר, אז דאס איז דערפאר וואס עבודת הצדיקים איז די עבודה פון תמידים כסדרם.

וואס לכאו' - הא גופא קשיא: פארוואס איז עבודת הצדיקים די עבודה פון תמידים כסדרם, און ניט די עבודה פון בע"ת?

נאר דער תירוץ איז פשוט: עצמות איז בעצם טוב, ביז - שלימות הטוב, ס'איז מערניט וואס בכדי צו ארויסרופן די כחות פון דעם בן מלך, אז ער זאל ארויסווייזן זיינע כחות (כמבואר בהמשך תרס"ו) האט מען געדארפט האבן דעם ענין פון בחירה, אז עס זאל זיין ענינים פון היפך הטוב, און בא דעם בן מלך זאל זיין "ובחרת בחיים",

אבער בעצם איז דא נאר טוב, און אויך די מציאות פון לעו"ז איז בכדי צו מוסיף זיין אן עילוי אין דעם **בן מלך** (בחי' צדיק),

וואס דערפאר, דער תמידים כסדרם, און די עבודה אין וועלכער דער אויבערשטער איז חפץ איז - "מעשיהם של צדיקים",

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער עיקר ענין פון פרה אדומה, די הוספה וואס עס ווערט פון ענינים פון לעו"ז איז ניט ווי דאס איז אין עבודת הבע"ת, נאר ווי די ענינים טוען אויף אין עבודת הצדיקים, וכדלקמן.

**טו.** דער ענין (אז דער עיקר העבודה איז עבודת הצדיקים און ס'איז דא ווי די ענינים פון לעו"ז זיינען פועל אויך בעבודתם) קען מען אויך זען אין א מארז"ל אין וועלכער מ'איז ניט מדייק, כמדובר כמ"פ, וואס יעדער ענין במאמר רז"ל איז בדיוק:

עס שטייט אין זהר אז "משיח אתא לאתבא צדיקיא בתיובתא" - זעט מען אז דער דיוק הלשון דא איז "**צדיקיא** בתיובתא" - עס שטייט ניט אז משיח וועט אויפטאן **לאהפכא** צדיקים אויף בעלי תשובה, ע"ד ווי מ'זאגט להבדיל, לאהפכא חשוכא לנהורא - נאר עס שטייט "לאתבא צדיקיא בתיובתא", אז ער וועט אויפטאן דעם ענין פון תשובה אין **צדיקיא**".

וואס אין אמת'ן וואלט גאר געפאסט דער לשון לאהפכא צדיקים אויף בעלי תשובה בדוגמת דעם לשון "לאהפכא חשוכא לנהורא", ווארום בערך צו בעלי תשובה איז עבודת הצדיקים טאקע אן ענין פון חושך: מ'זאגט דאך אז "במקום שבעלי תשובה עומדים אפילו צדיקים גמורים אין יכולים לעמוד שם" -

איז וויבאלד אז "אין יכולים לעמוד שם", אז ס'איז בערך החושך לאור האט געדארפט שטיין אז משיח וועט מהפך זיין צדיקים צו בעלי תשובה כענין "לאהפכא חשוכא לנהורא"?

און אעפ"כ זעט מען אז דער לשון איז "לאתבא צדיקייא בתיובתא".

וואס דער ביאור אין דעם איז, כנ"ל, אז עצמות איז "צדיקו של עולם", עצמות איז בעצם טוב, דער ענין פון עבודת הצדיקים און ס'איז ניטא קיין אנדער ענין.

ביז אפילו אין דער דרגא וואס הי' הוא ושמו בלבד, אז ניט נאר וואו ס'איז דא נאר הוא, נאר אפילו ווען ס'איז דא א קס"ד אויף נאך ענינים, ס'איז שוין דא "שמו" - איז דאס "בלבד";

און ערשט דערנאך בכדי אז דער בן מלך זאל ווייזן שלימות כחותיו - האט מען **דערפאר** געמאכט אויך א מציאות פון לעו"ז - אבער דער עיקר הענין איז - דער ענין ועבודת הצדיקים,

וואס דערפאר וועט משיח אויפטאן "לאתבא **צדיקייא** בתיובתא" דוקא, אז עס וועט טאקע זיין דער אויפטו פון תשובה וואס איז שייך צו ענינים פון לעו"ז, אבער עס וועט זיין **צדיקייא** בתיובתא דוקא.

און דאס איז דער אויפטו פון פרה אדומה - אז עס קומט אויך צו אויך דער שלימות פון ענינים פון לעו"ז, אבער ווי זיי טוען אויף בעבודת הצדיקים.

וואס בעבודת האדם איז דאס, אז ס'איז דא דער "בכל לבבך - בשני יצריך".

**טז.** וכאמור לעיל, די שלימות פון פרה אדומה איז בהוספה, און א חידוש, אויף די אנדערע צוויי שלימויות, דער שלימות פון דער ענין פון שמיני, דער שלימות העבודה מיט ענינֵי הרשות, און דער שלימות פון דעם ענין פון כ"ב אדר - ימי המילואים; דא קומט צו אויך דער שלימות וואס עס קומט צו אין קדושה אויך דורך ענינים פון לעו"ז.

און דאס איז דער ענין וואס (שלמה האט ניט געוואוסט טעם פרה און אפילו) "נתכרכמו פניו של משה" בשעת ס'איז געקומען צו דעם ענין פון פרה אדומה:

ס'איז דאך געווען משה, און ער האט געהאט אלע שלימויות, אויך א רגע פאר דעם וואס ס'איז געווען "לך אני מגלה טעם פרה", אײדער ס'איז געווען "לך אני מגלה טעם פרה" האט משה'ן געפעלט נאר דער ענין, און ער האט אויך מקבל געווען די תורה,

ד.ה. אז משה האט געהאט די אלע שלימויות, אויך דער שלימות פון **תורה** - אבער דער ענין פון פרה, דער ענין אז אויך פון לעו"ז זאל צוקומען אין קדושה, דער אופטו אז אויך דער אבי אבות הטומאה איז מען מהפך לאור, דאס האט משה ניט געהאט, ביז דער אויבערשטער האט אים מגלה געווען טעם פרה, געזאגט "לך אני מגלה טעם פרה", ד.ה. אז אויך מצד דער "ארוכה מארץ מדה וגו'" פון תורה האט ער דאס ניט געהאט.

וואס דער ביאור אין דעם איז:

מצד דער שלימות פון תורה (וואס אויך דאס האט משה געהאט) - איז תורה ענינה **אור**, "תורה אור", ביז - שלימות האור, וואס מצד אור - באלייכט מען, ביז מ'איז **מבטל** און מען מאכט **אויס** חושך.

אבער אז ס'איז דא אן ענין אין חושך און סכלות און טומאה (אז מ'איז דאס מהפך) - דאס האט משה ניט געהאט ביז ס'איז געווען "לך אני מגלה טעם פרה";

די שלימות פון פרה איז די שלימות הכי נעלה, העכער פון די שלימות העבודה אין עניני הרשות, דער ענין פון ימי המילואים, און אויך - העכער פון די שלימות העבודה פון תורה ומצוות, "תורה אור", דער ענין פון שמיני, ווארום אין דעם ענין פון פרה דורך דעם וואס מען טוט אויף אויך מיט ענינים פון לעו"ז - ווערט א טיפקייט און יתרון האור, דער "יתרון האור מן החושך".

**יז.** די הוראה מכל הנ"ל אין המעשה הוא העיקר - אז עס דארף זיין דער ענין השלימות (דער צד השוה פון די דריי ענינים פון שמיני, כ"ב אדר - ימי המילואים און פ' פרה), און אין די אלע דרגות הנ"ל:

א מענטש קען מאכן א חשבון בנפשו, אז ער ווייס ווי ער איז געווען ביז איצטער - איז אז ער זאל טאן עבודתו אין אן אופן פון בדיעבד - איז דאס אויך א זאך; לפי ערך וואס ער האט געהאלטן מיט א רגע לפנ"ז, מיט א יום לפנ"ז, מיט א חודש לפנ"ז, מיט א שנה לפנ"ז - איז אויך עבודה בדיעבד א זאך,

ער וועט טאן עבודתו אין אן אופן פון מן הקל אל הכבד, אבער ניט אין אן אופן פון "לדלג שור", מן הקצה אל הקצה, בשעתא חדא ורגעא חדא,

ענינים וואס זיינען ניט שייך צו אים - איז דאך דא אויף דעם דער גאנצער שטורעם אין שיחות רבותינו נשיאנו; און אויך ענינים וואס זיינען שייך צו אים - וועט ער זיי טאן אין אן אופן מן הקל אל הכבד -

זאגט מען אים: מ'דארף גלייך אריינשפרינגען אין שלימות!

און אין שלימות גופא - דארף דאס זיין אין אן אופן פון "מעלין בקודש", פון איין שלימות צו א העכערע שלימות.

**יח.** און די שלימות דארף ער ממשיך זיין אויך אין עניני העולם, (וי"ל אז דאס איז דער ענין פון שמיני [וכפתגם הידוע פון כ"ק אדה"ז אז מ'דארף לעבן מיט דער צייט] וואס דאס איז א ענין וואס איז שייך צו שבוע, כנ"ל כללות ענין הזמן והעולם).

אז ניט נאר אין עניני תומ"צ, נאר אפילו אין ענינים פון "בכל דרכיך דעהו", און אפילו אין ענינים פון "כל מעשיך לשם שמים", זאל ער ארייננטראגן די שלימות פון קדושה,

ווארום ער איז א שליח ביז שלוחו כמותו ממש, פון דער שלימות העליון, אויף אויפטאן שלימות אויך אין עניני העולם.

און (לאידך) - עס דארף אויך זיין די העכערע שלימות, די עבודה פון תומ"צ.

**יט.** און נוסף אויף די צוויי שלימויות, די עבודה פון תומ"צ, און אויך די עבודה "בכל דרכיך דעהו" און "כל מעשיך לשם שמים", וואס זיי זיינען בײדע אין קדושה - דארף אויך זיין די שלימות וואס איז ענינה פון פרה אדומה, מהפך זיין אויך ענינים פון לעו"ז,

וואס אין עבודת האדם איז דאס (כנ"ל) - אז ער טוט עבודתו "בכל לבבך - בשני יצריך".

וואס דאס איז ווי דאס איז ביי אים אליין; עס דארף אויך אזוי זיין בנוגע צו א זולת:

בשעת עס געפינט זיך א איד אין אן ארט פון לעו"ז, ביז וואנעט אז ער געפינט זיך לעו"ז אין אן אופן וואס איז שייך צו פרה אדומה, ער געפינט זיך אין אבי אבות הטומאה,

און ער געפינט זיך מחוץ לשלש מחנות, ניט נאר מחוץ פון מחנה שכינה, און ניט נאר מחוץ למחנה לוי' - נאר מחוץ **לשלש** מחנות,

וואס עס זיינען דא ענינים פון טומאה בא וועלכע ער מעג ארייגגיין אין מחנה ישראל, אויך זיינען דא ענינים פון טומאה בא וועלכע ער מעג ארייגגיין אין מחנה לוי' - און דא געפינט ער זיך מחוץ **לשלש** מחנות,

און אין וואס פאר אן אופן געפינט ער זיך דארטן - אין אן אופן אז ער דארף אנקומען צו פרה אדומה:

עס קען זיין אז ער געפינט זיך חוץ לשלש מחנות סתם אזוי, וואס ח"ו צו זאגן אז דורך ארויסגיין פון אלע מחנות, דורך ארויסגיין פון ענן, איז געווארן עפעס א ירידה אין אן אידן, ס'איז מערבנט וואס דארטן קען עמלק זיך טשעפען מיט אים - אבער אין אים אליין איז ח"ו צו זאגן אז ס'איז עפעס אין אים געווארן א שינוי; ער איז אין די זעלבע שלימות ווי פאר דעם וואס ער גייט ארויס,

וואס עס קען זיין א מציאות אז מ'איז ארויס פון ענן צו קויפן פון תגרי אומות העולם, וכמבואר בנגלה אז ס'איז געווען דערפון א תועלת אויך פאר קרבנות,

וואס מיט דעם פארענטפערט מען [נאך די דיעה וואס האלט אז מ'האט מקריב געווען קרבנות אין מדבר] די שאלה, וואס לכאו' - ווי אזוי האט מען געהאט כמה ענינים וואס מ'האט געדארפט האבן צו די קרבנות וואס מ'האט מקריב געווען?

נאר דער ביאור איז - אז מ'האט זיי געקויפט פון תגרי אומות העולם.

וואס מכ"ז קומט אויס, אז ס'איז דא אמאל וואס מ'געפינט זיך מחוץ לענן מחוץ לשלש מחנות, און מ'דארף ניט אנקומען צו פרה אדומה, און דער איד געפינט זיך מחוץ לשלש מחנות אין אן אופן אז ער דארף אנקומען צו פרה אדומה -

איז דאס די הוראה פון (דער דריטער שלימות פון) דעם ענין פון פרה אדומה - אז אויך מיט אזא אידן דארף מען טאן, מחוץ לשלש מחנות דארף מען אויף אים מזה זיין די מי חטאת.

**כ.** און מ'זאגט אויף דעם "זאת חוקת התורה", אז דאס איז כולל אלע ענינים תורה ומצוות (כמבואר אין חסידות).

וואס דאס איז אויך די הוראה דערפון וואס אלע דריי שלימויות, די שלימות פון שמיני, די שלימות פון כ"ב אדר - ימי המילואים און די שלימות פון פ' פרה טרעפן זיך צוזאמען - אז די אלע ענינים שלימות זיינען מסייעים זה לזה,

די אלע דריי שלימויות טרעפן זיך מחוץ לשלש מחנות, און דוקא דורך דעם וואס ער טוט אויך מיט א אידן וואס געפינט זיך מחוץ לשלש מחנות און דארף אנקומען צו פרה אדומה - דוקא דורך דעם זיינען דא די אנדערע שלימויות;

ער זאל ניט מיינען אז זיין שלימות אין תורה ומצוות (ביז אין "בכל דרכיך דעהו" און אפילו אין "כל מעשיך לשם שמים"), זיין "ושכנתי" איז ניט תלוי אן די דריטע שלימות, די שלימות פון פרה אדומה, נאר - בכדי אז ער זאל האבן הצלחה אין זיינע תומ"צ - האט ער א שליחות פון דעם אויבערשטן, ושלוחו של אדם כמותו **ממש**, אז ער זאל טאן אויך מיט א אידן וואס זיין נשמה איז א "חלק אלוקה ממעל **ממש**" וואס געפינט זיך מחוץ לשלש מחנות און דארף אנקומען צו פרה אדומה,

און טאן מיט אים אין אן אופן פון "זאת חוקת התורה", בדרכי התורה, בדרכי נועם ובדרכי שלום.

וואס דורך דערויף ווערט "מאיר עיני שניהם ה'", און ס'איז דאך אן ענין של צדקה - זאגט ער אין מדרש אז "אתה החיית נפש העני חייך שאני מחזיר לך נפש תחת נפש למחר בנך או בתך באין לידי חולי ואזכור אני להם את המצוה שעשית עם העני (ראה תנחומא משפטים טו), וואס אזוי איז דאס אויך בנוגע צו דעם "החיית", אז ער גיט אים די חיות שלו, פון תורה, וואס "הם חיינו ואורך ימינו", און פון מצוות עליהם נאמר "וחי בהם" - אז דורך דעם ווערט ביי אים א תוספת חיות,

און דורך דערויף האט הצלחה אין זיינע ענינים פון "מעשיך לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו" וכו'.

**כא.** און ער טוט די עבודה אין אלע דריי ענינים פון שלימות,

וואס די אלע דריי ענינים טרעפן זיך צוזאמען, און בשבת, וואס דעמאלט זיינען די אלע ענינים אין אן אופן פון תענוג, "וקראת לשבת עונג", ביז צו דעם תענוג הנעלם, העצמי, ביז אויך שלמעלה פון תענוג המורכב, ווארום "שבת מקדשא וקיימא",

וואס דאס איז בשבת לאחר חצות, אין רעוא דרעוין.

און מ'טוט די עבודה אויך בנוגע צו טף, אויך טף בידיעה, מ'טוט דער "הקהל את האנשים והנשים והטף", וואס "הקהל" איז נאך אן ענין (נוסף אויף די דריי ענינים הנ"ל) וואס איז דא אין דער קביעות פון שבת זו.

און דאס איז ניט נאר שייך צו די וואס לערנען קבלה און חסידות, און ניט אז ער הערט אפ און דערנאך לייגט ער זיך שלאפן, "ואיני מבקש אלא לפי כחן".

און בשעת די החלטה איז כדבעי - איז דאס אין אן אופן פון "כל מלאכתך עשוי'".

**כב.** ויהי רצון אז פון דעם עונג, ביז דעם עונג העצמי שלמעלה פון דעם עונג המורכב און שלמעלה אפילו פון דעם עונג המורגש - זאל עס אראפקומען למטה מעשר טפחים,

און משיח זאל קומען, וואס דעמאלט וועלן זיין אלע דריי שלימויות: שלימות פון פרה אדומה - "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ", און די שלימות פון שמיני, וואס נעשה לפניך כמצות רצונך,

און די שלימות פון מילואים - כשם שאני נכתב כך אני נקרא, אז עס וועט זיין "והי' גו' ה' אחד ושמו אחד" בכל **העולם כולו**,

און די שלימות פון תשובה, משיח אתא לאתבא צדיקייא בתיובתא, און - "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ",

אין א בנין נצחי,

און און וויבאלד אז ס'איז פארבונדן מיט תשובה וועט עס זיין בשעתא חדא וברגעא חדא,

און אין אן אופן פון "צו - זירוז מיד ולדורות", אז מיד הן נגאלין,

אז משיח וועט קומען מיד, וויבאלד אז מ'וויל אים מיט אן אמת וועט ער קומען מיד,

און מיטן אפטייטש - מיד ממש.

* * *

**כג.** בהמשך להמדובר לעיל וועגן ענינים שהזמ"ג, די דריי ענינים וואס זיינען דא בשבת זו - פ' שמיני, כ"ב אדר - ימי המילואים און פ' פרה - איז כאן המקום צו רעדן וועגן ענינים שהזמ"ג.

וואס ס'איז א פלא הכי גדול, נאכמער - אויך א תמיהה הכי גדולה און נאכמער א צער הכי גדול, וואס עס זיינען דא ענינים וואס מ'רעדט וועגן זיי, און מ'רעדט וועגן זיי כמה פעמים - און אעפ"כ דארף מען דאס איבער'חזר'ן יעדער מאל, און אן דעם טוט מען דאס ניט לפועל.

אין אמת'ן וואלט מען וועגן די ענינים ניט געדארפט רעדן לכאו', איך האב ניט געגלויבט אז מ'זאל וועגן זיי דארפן רעדן נאכאמאל; מען האט וועגן זיי גערעדט במשך כמה שנים, עכ"פ דריי מאל. וואס בג' פעמים הוי חזקה,

און עס זיינען דא צווישן זיי ענינים וועלכע זיינען פון רבותינו נשיאינו און אויך ענינים וועלכע שטייען אין **שו"ע**.

וואס בשעת מ'האט גערעדט וועגן דעם כמה פעמים - וואלט מען אויף דערויף ניט געדארפט איבער'חזר'ן, און ניט ווי די וואס ווילן טייטשן אז וויבאלד אז מ'האט וועגן דערויף ניט גערעדט איז דאס איצטער ניט שייך,

ובפרט אז ניט נאר מ'האט גערעדט וועגן דערויף - נאר ס'איז אויך אפגעדרוקט, און מ'האלט אין איין קאכן זיך אז דער צ"צ זאגט אז אן ענין וואס מ'האט געדרוקט איז דאס לדורי דורות,

ובפרט - אז מ'האט וועגן דערויף גערעדט (ניט לפני דורי דורות) נאר בשנה שעברה!

און בשעת מ'האט גערעדט וועגן די ענינים דעם ערשטן מאל האט מען גלייך דערביי געזאגט אז דאס איז "צו - מיד ולדורות", און אז ס'איז אויך "**זיכרונו**" -

וואלט מען לכאו' אויף דערויף ניט געדארפט איבער'חזר'ן דעם יאר.

**כד.** בשעת עס רעדט זיך וועגן "מעות חטים", וואס דאס איז א דין אין **שו"ע**, און אין שו"ע שטייט אז עס הויבט זיך אן שלשים יום קודם החג, וואס דאס איז דאך בפורים - וואלט מען לכאו' געדארפט טאן אין דעם, און מ'וואלט ניט געדארפט אויף דערויף איבער'חזר'ן.

אויך איז דא דער ענין פון מגבית פורים, וואס דאס איז אן ענין וואס רבותינו נשיאינו האבן איינגעפירט - האט מען לכאו' ניט געדארפט אויף דערויף איבער'חזר'ן.

זיי זיינען דאך ענינים וואס זיינען שייך צו שו"ע (וכמבואר אין ירושלמי), צו רבותינו נשיאינו, וואס מגבית פורים אויך גייט צו קופת רבינו,

איז מעות חטים וואס איז שייך צו שו"ע און דעם מגבית פורים וואס איז שייך צו רבותינו נשיאנו - האט מען לכאו' ניט געדארפט וועגן זיי איבער'חזר'ן,

און מ'וואלט זיך געדארפט אוועקשטעלן שטורעמען בנוגע צו מגבית פורים וכו'.

ובפרט דער ענין פון מגבית פורים וואס דאס איז אן ענין וואס איז שייך צו רבותינו נשיאינו, דאס גייט צו קופת רבינו, די קופה וואס איז געווען שייך צו דעם רבי'ן (מהורש"ב) נ"ע, און דערנאך צו ממלא מקומו, נשיא דורנו, כ"ק מו"ח אדמו"ר - האט לכאו' אין דערויף געדארפט זיין א חביבות מיוחדת - און לפועל האט מען אין זיי ניט געטאן.

וואס דער ענין פון געבן אויף מגבית פורים איז - אזוי, בשעת ער האט ניט קיין עני לייגט ער אוועק די געלט ביז ער וועט געפינען אן עני, צי אן עני וועט אים געפינען.

עס איז אבער דא אן עצה אז ער גיט דאס צו א גבאי צדקה, וואס עד"ז איז דער ענין פון מגבית פורים, אז מ'טוט אים א טובה און ער גיט דאס צו א גבאי צדקה -

אבער אויף דערויף דארף דאך דער גבאי צדקה האבן וואס צו געבן דעם עני!

ובפרט אז פורים איז דאך, ווי רבותינו נשיאינו קאכן זיך "כל הפושט יד נותנים לו" - איז בשעת דער גבאי צדקה דארף געבן וואס מער - דארף ער האבן וואס מער!

**כה.** ווי וואלט געדארפט זיין, שלשים יום לפני החג וואס דאס איז בפורים וואלט מען געדארפט טאן אין מעות חטים, ועד"ז וואלט מען געדארפט טאן אין מגבית פורים,

און הגם אז פורים איז געווען ביום ו', וואס מ'איז דעמאלט טרוד אין די הכנות צו שבת - אעפ"כ וואלט ביז שעה עשירית, וואס ביז דעמאלט עסט מען סעודת פורים - געדארפט אריינטראגן לרוב צו מגבית פורים, און לפועל האט מען דאס ניט געטאן.

איז צי דען דערפאר וואס מ'האט וועגן דערויף ניט גערעדט בפורים, און ניט בשבת שלאח"ז - האט מען דאס ניט געדארפט טאן!

עס זיינען דורכגעגאנגען פון דעמאלט שוין שבעה ימים - וואלט אין דעם זמן עכ"פ ששים רבוא געדארפט אריינטראגן צו מגבית פורים,

וואס שבעת ימים איז א זמן וואס איז כולל אלע ימי ההיקף, און א זמן וואס איז כנגד אלע שבעת הנרות, אלע זיבן אופני עבודות, דער מספר שבעה איז כולל **אלע** אופני עבודה - נאר דאס שטעלט זיך איין אין דעם מספר שבעה -

וואלט מען במשך די צייט געדארפט פועל זיין בנוגע צו אלע זיבן סוגי אידן, און בא יעדן סוג גופא אין אלע זיבן אופני עבודה!

ועד"ז בנוגע צו מעות חטים וואס שלשים יום לפני החג איז - פורים.

והעיקר - אין פוצה פה ומצפצף!

יעדערער איז טרוד אין לימוד התורה און קיום המצוות בתכלית השלימות!

כו. עס זיינען דא די וועלכע האבן אריינגעטראגן - אבער ס'איז ניט קיין רוב אויך ניט חצי על חצי, און אפילו ניט א מיעוט גדול וכיו"ב.

נאר וואדען איך האב געדארפט געבן איין מאל א קלאפ אויפן טיש פורים אינדערפרי און אויסרופן אז מ'זאל געבן אויף מגבית פורים,

איז צי דען דערפאר... דארף ער ניט טאן וואס ער דארף!

והעיקר - **ער** דארף געבן אויף קופת רבינו! **ער** דארף געבן אויף מעות חטים!

וואס מ'ווייס ניט וואס דער רעדן איצטער וועט אויפטאן בנוגע צו איבעראיאר און מסתמא וועט מען נאכאמאל דארפן רעדן וועגן דעם, ווארום מ'האט דאך גערעדט וועגן דערויף בשנה העברה - ולא נגע ולא פגע!

וכאמור, לא אלמן ישראל, עס זיינען דא די וואס האבן אריינגעטראגן - אבער דאס זיינען די וואס וואלטן סיי-ווי געגעבן, און די וואס וואלטן ניט געגעבן סיי-ווי - האבן ניט געגעבן,

און אויך די וואס האבן געגעבן - האבן ניט געגעבן אין אן אופן וואס איז מתאים צו נדבת לבם הטהור און אין אן אופן פון עד דלא ידע.

און דאס וואס מ'רעדט אז מ'האט געדארפט טאן אין דעם - איז ניט דער פשט אז ער איז ניט שייך צו טאן אין דעם - אדרבה, ער איז גאר אליין א מנהגי, און ער שלאגט זיך אליין אן אויף כמה ענינים,

און עס קען גאר זיין דער מנהיג פון כל העולם כולו, ס'איז נאר וואס בגלוי שלאגט מען אים דאס ניט אן, אבער ביכלתו, ובכחו וברצונו - זיכער, איז צו זיין א מנהיג פון כל העולם כולו!

כז. וואס דער גאנצער ענין צו רעדן וועגן דערויף איז ניט מיין ענין: א דין אין שו"ע - איז דא א רב! א פסוק חומש - איז דא א מלמד!

נאר אעפ"כ זיינען דא ענינים וואס ניט וואס קיינער קען אין דערויף ניט טאן - עס זיינען דא וועך עס קען טאן - נאר ע"ד ווי ס'איז געווען מיט די וואסער פאר א אידן וואס גייט אריין אין שול, אז קיינער האט וועגן דערויף ניט גערעדט - איז צי דען זאל א איד וואס קומט אריין אין שול זאל דאס ניט האבן האב איך וועגן דערויף גערעדט (ש"פ צו, שושן פורים) -

עד"ז איז דאס אויך וועגן די ענינים, אז עס זיינען דא די וואס דארפן טאן אין דערויף - נאר ווִיבאלד אז זיי טוען דאס ניט דארף איך דאס טאן.

און מ'דארף פועל זיין בנוגע צו דעם אויך אויף אנדערע, און עס דארף זיין א השתדלות אין דעם,

וואס בשעת עס קומט צו מסחר, איז בשעת עס העלפט ניט דער רעדן מאה פעמים - רעדט ער מאה פעמים ואחת, און אז דאס העלפט ניט - רעדט ער מאה פעמים ושתים, ושלש, וארבע וכו' -

איז עד"ז דארף זיין אויך אין דעם ענין.

**כח.** און ניט ווי די וואס טראכטן און מאכן חשבונות, און לערנען רמזים, אז אזוי ווי מ'האט דאס ניט דערמאנט זיינען דא דערפון רמזים, ווארום פארגעסן האט מען זיכער ניט - האט מען זיכער געמיינט עפעס וכו', ואדרבה - דערפון וואס מ'האט דאס ניט דערמאנט איז א ראי' אז די כוונה איז זיכער אז מ'זאל דאס ניט טאן דעם יאר,

און אז ער זאל יע טאן אין דעם - איז גאר היתכן!

ועכ"פ, דאס אלץ זיינען תירוצים, און דער עיקר איז - אבי אז ער זאל ניט טאן,

וכאמור - אין פוצה פה ומצפצף.

**כט.** וואס די כוונה פון דעם דיבור איז ניט נאר אויף צו ריידן וועגן דערויף, נאר - אז עס זאל זיין "טאפארו דא פלאחו", און ניט אז ער זאל בלייבן בא די אמתלאות, וואס ראשונים זאגן אז אמתלא איז אותיות - "אמת לא" - האט ער צו זיך דעם ענין!

און יהי רצון אז מ'זאל טאקע טאן אין דערויף, נאר מ'זאל פשוט טאן אין דערויף בכל רמ"ח אברים ושס"ה גידים.

און מ'וועט יוצא זיין מיט דעם וואס מ'האט שוין גערעדט בזה, אע"פ וואס מ'קען דאך האבן אין דעם א סאך מער וויפל ס'איז גערעדט געווארן, וואס אויב מ'וועט רעדן ככל הדרוש - וועט ניט בלייבן קיין צייט אויף דער רש"י און די הערות פון טאטן אויפן זהר, און אויך ניט פאר דער "מלוה מלכה" בשייכות צו צפת.

**ל.** וואס כאמור מ'וואלט אליין געדארפט טאן אין דעם, ובפרט אז מעות חטים איז פארבונדן מיט זמן חירותינו, חירות פון כל מדוה"ג, אויך פון דעם "א-ל זר אשר בקרבך", און אויך פורים איז פארבונדן מיט גאולה,

דער ענין פון ביידע איז חירות און גאולה פון כל הענינים - וואלט מען אליין געדארפט טאן אין דעם.

און דער עיקר איז, אז בשעת מען איז אים מעורר - ווערט ער גאר ברוגז ער קען דאך אליין טאן!

**לא.** וואס היינט איז א צייט אז אלע זיינען געווארן רשכבה"ג'ס; ס'איז דאך "ועמך כולם צדיקים" - איז איצטער געווארן "ועמך כולם רשכבה"ג'ס"!

דער חסרון איז ניט אז ער האט ניט די נויטיקע ברייסקייט - אדרבה, צו יעדער זאך גיט ער א פאטש איינמאל אויפן טיש, א צווייטן מאל א פאטש אויפן טיש, און ער איז מכריז בקול גדול, עס פעלט ניט די ברייטקייט און די תקיפות - ניט דאס איז דער חסרון!

וואלט יעדערער געדארפט מעורר זיין בא זיין שיעור צי יעדערער האט זיך משתתף געווען אין מגבית פורים!

דער עיקר וואס פעלט איז - דער "טאפארו דא פלאחו", ס'איז דא א "טאפאר", און ס'איז דא א "פלאחו", ס'איז דא א קרדום און ס'איז דא אן עץ הדעת - דער חסרון איז וואס דער קרדום איז אין איין ארט און ער נוצט אים אויף אנדערע ענינים, און דער עץ איז אן אנדער ארט, און אנשטאט נוצן דעם קרדום אויף אנדערע ענינים -דארף מען צונויפברייגנגען דעם קרדום מיטן עץ!

**לב.** ויה"ר אז מ'זאל ניט דארפן אין דערויף רעדן נאכאמאל, איבעראיאר, אויב משיח וועט זיך ח"ו אפהאלטן, ווארום מ'זעט דאך וויפל ס'האט פועל געווען דער רעדן פאראיארן.

ס'איז דא א קליינע האפענונג אז מ'זאל איבעראיאר ניט דארפן רעדן וועגן דערויף נאכאמאל.

ויה"ר אז משיח זאל קומען "נאו", און ער וועט איבערנעמען אלע ענינים טובים,

און ס'וועט זיין "ונתתי לכם לב בשר", ווי ער זאגט אין פסוק, און מ'וועט ניט דארפן רעדן וועגן דעם נאכאמאל און אפ'עסן די הארץ,

און לע"ל וועט זיין צדקה בתכלית השלימות, דער ענין פון גמ"ח, וואס ענינה איז - צדקה אויך פאר עשירים,

במהרה בימינו ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

**לג.** מאמר (כעין שיחה) ד"ה ויקחו אליך פרה אדומה גו'.

* * *

**לד.** ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פסוק פון פרשת השבוע מיט פירוש רש"י, און אויך אן ענין אין די הערות אויפן זהר פון פרשתנו.

אין פרשתנו איז דא א פסוק (מיט פרש"י) וואס איז פארבונדן מיט פורים: בפורים דארף מען זיין "עד דלא ידע", אבער דאס איז אזוי נאר פורים, משא"כ שאר הזמן איז דא די הגבלה, ווי עס שטייט אין פרשתנו (י,ט) - אז "יין ושכר אל תשת".

וכמדובר כמ"פ אז עס זיינען דא די מדוה"ג פון שו"ע ובפרט פון רבותינו נשיאנו, ובפרט אויף תלמידי הישיבה, וויפל יין מ'מעג טרינקען בכל השנה; בימי הפורים איז דא דער ציווי פון "עד דלא ידע", אין שאר יו"ט איז דא דער ענין פון "מועדים לשמחה", וואס דאס איז ניט ווי "עד דלא ידע", אבער פארט אן ענין פון שמחה, משא"כ אבער כל השנה כולה זיינען דא די מדוה"ג וואס רבותינו נשיאנו האבן ארויפגעלייגט אויף תלמידי הישיבה במיוחד וויפל מ'מעג טרינקען.

וואס אפילו אויב ער וואלט געווען א בעה"ב אויף זיך - איז אויך די שאלה פארוואס דארף ער קריכן אין טאן היפך פון דעת ורצון וכוונת רבותינו נשיאנו;

עאכו"כ אז א תלמיד אין ישיבה איז קיין שום בעה"ב ניט אויף זיך, און רבותינו נשיאנו זיינען אויף אים איינגאנצן בעה"ב: ער איז א בן, ווארום "תלמידים קרויין בנים", און אן עבד צו רבותינו נשיאנו.

וואס אע"פ אז "עבדא בהפקירא ניחא לי'" - איז דאס אבער ניט די כוונה און ניט קיין הצדקה אז אזוי דארף ער זיך פירן, נאר דאס גופא דארף ביי אים ארויסרופן עבודת האתכפיא, ביז עבודת האתהפכא, אז ניט קוקנדיק אויף דעם וואס זיין רצון וויל, איז ער אים מבטל לרצון האדון, ביז נאכמער - ווי ער איז מבאר אין המשך תרס"ו, אז ביי אים ווערט איינגאנצן אויס רצון עצמו, ער האט טאקע רצון און א רצון בהוקף, אבער וועמען'ס רצון און הוקף איז דאס - דעם רצון והוקף פון נשיא דורנו, און דאס איז געווארן רצון **שלו**.

און זיין ביטול צו אים איז אזוי אז ער איז אים משמש, ווי די גמ' דערציילט אז ר' יוחנן האט געזאגט אז ער האט משמש געווען רבו אין בית המרחץ, ער האט פאר אים געטראגן בגדיו וכליו וכו', "מובלינא מאני' אבתרי' לבי מסותא".

און וויבאלד אז רצון נשיא דורנו איז אז מ'זאל ניט טרינקען יין, דארף דאס זיין רצון שלו.

און די איינגערעדטע שטות, אז אן דעם קען ער ניט טאן אין עבודת התפלה כדבעי - איז היפך לגמרי פון דעם וואס רבותינו נשיאינו זאגן!

אויב ער דארף - זאל ער זיך ארייננווארפן אין "לילה של תורה" - אין לערנען חסידות!

**לה.** און דאס האט א קשר מיט פרשתנו (כנ"ל):

אין פרשתנו שטייט (שם, ח) "וידבר ה' אל אהרן לאמר יין ושכר אל תשת אתה ובניך אתך בבואכם אל אוהל מועד".

וואס אין עבודת האדם איז דאס:

דער אויבערשטער זאגט אן דורך אהרן וואס ער איז שושבינא דמטרוניתא פון כנס"י, צו אלע אידן, וואס זיי זיינען אלע בדוגמת כהנים, כמ"ש "ואתם תהיו לי ממלכת **כהנים** וגוי קדוש" - אז "יין ושכר אל תשת" ווען מ'טוט די עבודה אין מקדש.

וואס דאס איז בדוגמת זה וואס משה זאגט אן צו אידן וואס דער אויבערשטער וויל, ועד"ז דער משה רבינו שבדורנו - נשיא דורנו, זאגט אן איצטער, ובפרט צו תלמידי הישיבה אז "יין ושכר אל תשת".

וואס די תלמידי הישיבה (און אלע אידן) זיינען "ממלכת **כהנים**", ובמילא טארן זיי ניט טרינקען יין בשעת עבודתם.

און אין דערויף קומט צו נאך א הוספה לגבי כהנים כפשוטם: עבודת המשכן דורך כהנים כפשוטם איז נאר ביום, די עבודה אבער פון "ממלכת כהנים וגוי קדוש", איז ניט נאר ביום נאר אויך בלילה, ווי עס שטייט אין אנהויבס שו"ע, אז ביי א אידן דארף כסדר זיין "שויתי ה' לנגדי תמיד", אפילו בלילה, אפילו ווען ער שלאפט.

ובפרט לויט ווי דער בעה"ט טייטשט "ממלכת כהנים", אז יעדער איד איז ווי א כהן גדול, וואס א כה"ג "אל יצא מירושלים" - ער דארף שטענדיק זיין אין ירושלים, גרייט טאן עבודתו.

**לו.** בנוגע צו פירוש רש"י אויפן פסוק "יין ושכר אל תשת":

רש"י איז מעתיק די ווערטער "יין ושכר" און ער איז מפרש: "יין דרך שכרותו". ד.ה. אז דער פירוש אין "יין ושכר" איז ניט אז עס זיינען דא צוויי זאכן (וואס זיי זיינען אסור צו טרינקען), יין און שכר - נאר, אז דא רעדט זיך

וועגן איין זאך, יין, און דער פירוש אין "יין ושכר" איז, אז דער איסור פון "אל תשת" איז צו טרינקען "יין דרך שכרותו".

שטעלט זיך גלייך די שאלה: אלעמאל ווען עס שטייט א וא"ו אויף א צווייטן ווארט מיינט דאס אין פשש"מ אז דאס קומט מוסיף זיין נאך אן ענין, ווי לדוגמא - "ראובן ושמעון", "כסף וזהב", "זהב וכסף" וכיו"ב - איז פארוואס מיטאמאל דא איז רש"י משנה און זאגט אז "יין ושכר" מיינט ניט יין און שכר, נאר "יין דרך שכרותו"?

ובפרט אז אין תרגום אונקלוס, וואס רש"י ברייננגט אים כמ"פ אלס פירוש אין **פשש"מ**, ווי לדוגמא אין פרשתנו גופא עטליכע פסוקים פריער (ט, כד) אויף "וירונו" זאגט רש"י "כתרגומו", איז ער מתרגם בפשטות אז "יין ושכר" זיינען צוויי ענינים.

אפילו אין תרגום יונתן בן עוזיאל, וואס ער איז ווייטער פון פשט ווי תרגום אונקלוס, איז ער אויך מתרגם אז דאס זיינען צוויי ענינים.

איז פארוואס רש"י מפרש אז דאס איז איין ענין, און דאס מיינט "יין דרך שכרותו".

**לז.** די קשיא ווערט נאך שטארקער:

ווייטער אין פ' נשא שטייט אויך (בנוגע צו א נזיר) (ו, ג) "מיין ושכר יזיר", און דארטן מוז מען טייטשן אז דאס זיינען צוויי זאכן, ווארום גלייך דערנאך שטייט דארטן אין פסוק "חומץ יין וחומץ שכר לא ישתה" - איז בשעת דער בן חמש למקרא וועט קומען דארטן וועט ער פרעגן: אויב "יין ושכר" זיינען צוויי זאכן כדמוכח אין פ' נשא - איז פארוואס האט אים רש"י מפרש געווען אין פ' שמיני "יין ושכר" היפך הפשט, אז דאס זיינען ניט צוויי זאכן?

און וויבאלד אז רש"י ווייסט פון דעם וואס עס שטייט אין פ' נשא שוין דא אין פ' שמיני, האט ער דאס געדארפט באווארענען, און לערנען אויך פ' שמיני כפשטות הענין, אז דאס זיינען צוויי זאכן.

און ווי מ'זעט טאקע, אז דער ראב"ע איז דאס מפרש (אין פ' שמיני) אלס צוויי באזונדערע זאכן - איין זאך יין, און א צווייטער זאך שכר, "העשוי ממין חטה או דבש או תמרים".

**לח.** מפרשי רש"י (רא"ם. ש"ח. משכיל לדוד) ווילן מבאר זיין אז רש"י איז אזוי מפרש דערפאר וואס ער לערנט ווי עס שטייט אין תו"כ און אין גמ' אין כריתות און לערנט עס אפ פון א גזירה שוה (רא"ם שם) וכו'.

מ'קען אבער אזוי ניט זאגן אין פרש"י - ווארום פרש"י איז **פשש"מ**, און ניט לימוד ע"ד ההלכה, און דערצו איז רש"י צו די אלע ענינים (וואס עס שטייען אין די מפרשים) בכלל ניט מרמז.

ובפרט אז אין תו"כ גופא זיינען דא דריי דיעות, און איינע פון זיי איז, אז יין ושכר זיינען צוויי באזונדערע זאכן - האט דאך רש"י געקענט אזוי מפרש זיין, וויבאלד אז דאס איז פשטות הכתוב (כנ"ל).

און דאס וואס די מפרשים ווילן זאגן אז רש"י לערנט עס אפ פון א גזירה שוה, און אויך - אז רש"י נעמט אן די דיעה פון א רבים לגבי א יחיד, וואס דעמאלט איז הלכה בכרים - איז רש"י דערצו אינגאנצן ניט מרמז, במילא קען מען אזוי ניט לערנען אין פרש"י.

**לט.** אין דערויף קומט צו נאך א שאלה אויף פרש"י וואס די מפרשים (רא"ם. משכיל לדוד) פרעגן און פארענטפערן: לויט פרש"י אז "יין ושכר" איז איין זאך, און דאס מיינט "יין דרך שכרותו", איז דער וא"ו פון "ושכר" לכאו' איבעריק.

און זיי פארענטפערן אז דאס איז א וא"ו יתירה, ווי מ'געפינט בכ"מ אז אין א פסוק שטייט א וא"ו א יתירה.

דאס איז אבער ניט קיין תירוץ מספיק, ווארום יעדער מאל וואו ס'איז דא א וא"ו יתירה אין תורה, זאגט רש"י בפירוש אז דאס איז א וא"ו יתירה, ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות בנוגע צו פרש"י אין פ' צו אויפן פסוק "וממחרת והנותר ממנו", וואס דארטן זאגט ער בפירוש אז דער וא"ו פון "והנותר" איז א וא"ו יתירה, און כאטש אז ער זאגט דארטן אז "יש כמוה הרבה במקרא", איז אבער בפועל זעט מען אז רש"י זאגט בפירוש ווען ס'איז דא א וא"ו יתירה, ווי געבראכט דעמאלט.

און וויבאלד אז רש"י דא זאגט גארניט צו מרמז זיין אז דער וא"ו פון "ושכר" איז א וא"ו יתירה, איז פארשטאנדיק אז רש"י לערנט ניט אזוי.

שטעלט זיך די שאלה פארוואס רש"י איז מפרש אז "יין ושכר" מיינט "יין דרך שכרותו", ווען ער האט געקענט מפרש זיין כפשוטו אז דאס מיינט צוויי זאכן, יין און שכר, ווי פארשטאנדיק בפשטות פון דעם וא"ו אין "ושכר", וואס מיינט - און (נאך א זאך) שכר.

וכפי שיתבאר לקמן.

**מ.** כאן המקום צו משלים זיין דאס וואס מ'האט גערעדט אין פירוש רש"י פאריקן שבת.

מ'האט זיך דעמאלט געשטעלט (כנ"ל) אויף דעם וואס רש"י איז מפרש אויף "וממחרת והנותר ממנו" - "בראשון יאכל, וי"ו זו יתרה היא ויש כמוה הרבה במקרא כגון ואלה בני צבעון ואי' וענה, תת וקדש וצבא מרמס", און מ'האט גערעדט וועגן די כמה מקומות וואו רש"י זאגט אז ס'איז דא אין א פסוק א וא"ו יתירה - אין פ' וישלח, פ' צו (דער רש"י הנ"ל), אין תהלים און אין דניאל.

האט מען מעיר געווען א הערה יפה, אז אויך אין פ' תרומה זאגט רש"י אז ס'איז דא א וא"ו יתירה, און זאגט עס דארטן צוויי מאל [מ'האט נאר מעיר געווען וועגן איין מאל וואס עס שטייט דארטן]:

דער ערשטער מאל שטייט אין פסוק (כה, יב) "ושתי טבעות על צלעו האחת", און רש"י איז מפרש אז "הן הן הד' טבעות שבתחלת המקרא ופירש לך היכן היו והוי"ו זו יתירה היא".

עד"ז א ביסל ווייטער אין דער פרשה (שם, כב) שטייט "ואת כל אשר אצוה אותך אל בני ישראל", און רש"י איז מפרש: "הרי וי"ו זו יתירה וטפילה וכמוהו הרבה במקרא".

[אין דערויף איז דא א מאדנע זאך (וואס מ'האט ניט מעיר געווען אויף דעם): אין אונזערע ספרי הורה (און חומשים) שטייט "**את** כל אשר גו'", ניט "ואת"; פון פרש"י קומט אבער אויס אז אין זיין (רש"י'ס) ס"ת איז געשטאנען "**ו**את"].

ווערט די שאלה: פארוואס האט מען ניט דערמאנט די צוויי רש"י'ס אין פ' תרומה וואו רש"י זאגט אז ס'איז דא א וא"ו יתירה?

**מא.** איז דער ביאור אין דעם - אז אין די צוויי ערטער אין פ' תרומה איז נאך דעם וואס רש"י זאגט אז דאס איז א וא"ו יתירה, איז ער מסיים א פירוש (עכ"פ בדוחק) אין **פשש"מ** אז דאס איז ניט קיין וא"ו יתירה:

אין דעם ערשטן פסוק זאגט רש"י "והוא"ו זו יתירה היא **ופתרונו** כמו שתי טבעות, **ויש לך לישבה** כן ושתי מן הטבעות האלו על צלעו אחת". ועד"ז אין דעם צווייטן פסוק זאגט רש"י: "**וכה תפתר** ואת אשר אדבר עמך שם את כל אשר אצוה אותך אל בני ישראל הוא".

משא"כ אין די אלע ערטער וואס מ'האט דעמאלט געבראכט און גערעדט, איז ניטא קיין פירוש ע"ד **הפשט** אין דעם וא"ו יתירה.

דערפאר האט מען ניט געבראכט די צוויי רש"י'ס פון פ' תרומה.

**מב.** אין די הערות אויפן זהר פון פרשתנו שטעלט ער זיך אויף דעם (לקוטי לוי"צ לזח"ג ע' רסז ואילך) וואס עס שטייט אין זהר ריש פרשתנו (ח"ג לה, ב) "ויהי ביום השמיני וגו', ר' יצחק פתח ברן יחד כוכבי בוקר ויריעו כל בני אלקים, זכאין אינון ישראל דקב"ה יהיב לון אורייתא כו'",

און ער איז מבאר די שייכות פון די פתיחה פון ר' יצחק "ברן יחד כוכבי בוקר ויריעו כל בני אלקים" צו "ויהי ביום השמיני גו'".

אין ביאורי הזהר פון דעם צ"צ (ח"ב) איז ער אויך מבאר די שייכות ביניהם - אבער דעמאלט ווען דער טאטע האט געשריבן זיין הערה איז דער ביאורי הזהר נאך ניט געווען בדפוס, האט ער דאס ניט געהאט.

אבער אין די ביידע ערטער (אין די הערה פון דעם טאטן און אין ביאורי הזהר פון דעם צ"צ) איז מען נאר מבאר כמה פרטים אין די שייכות בניהם, זיי זיינען אבער ניט מבאר דער כללות השייכות פון "ויהי ביום השמיני גו'" און "ברן יחד כוכבי בוקר ויריעו כל בני אלקים" צו דעם וואס עס שטייט בהמשך הזהר - "זכאין אינון ישראל דקב"ה יהיב לון אורייתא וכו'", וועגן דעם ענין התורה, ווי ער רעדט דארטן בארוכה אין **זהר**.

**מג.** נאכמער:

דער ענין פון "ברן יחד כוכבי בוקר ויריעו כל בני אלקים" איז פארבונדן מיט ענין התפלה והשירה, ווי די גמ' זאגט אין חולין (צא, ב) אויף דעם פסוק - אז "ברן יחד כוכבי בוקר" גייט אויף שירת ישראל למטה בכל בוקר, און "ויריעו כל בני אלקים" גייט אויף שירת המלאכים למעלה, און "אין מלאכי השרת אומרים שירה למעלה עד שיאמרו ישראל למטה שנאמר ברן יחד כוכבי בוקר והדר ויריעו כל בני אלקים".

ועד"ז איז דער ענין פון "ויהי ביום השמיני גו'" פארבונדן מיט ענין הקרבנות, וואס איז בדוגמא צו תפלה, כמפורש אין פשטות הכתובים אז דער עיקר ענין פון יום שמיני למילואים איז געווען פארבונדן מיט הקרבת קרבנות. אמת טאקע אז דעמאלט זיינען געווען כמה ענינים, אבער דער עיקר ענין און אויפטו פון יום שמיני למילואים איז דער ענין הקרבנות.

והגם אז דער דיבור פון דעם אויבערשטן ביום השמיני למילואים (ווי כל הזמנים) איז געווען "מבין שני הכרובים" אויפן ארון, וואס ענינה איז **תורה** איז אבער כנ"ל דער עיקר ענין פון יום השמיני למילואים איז געווען אין קרבנות און תפלה.

איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק וואס איז דער קשר פון דעם וואס שטייט בהתחלת הזהר "ויהי ביום השמיני גו'", וואס ענינה איז תפלה (קרבנות), און "ברן יחד

כוכבי בוקר ויריעו כל בני אלקים", אויך דער ענין התפלה - מיטן גאנצן המשך הזהר וואס רעדט וועגן ענין און מעלת התורה, "זכאין אינון ישראל דקב"ה יהיב לון אורייתא וכו'"?

און ער איז דאס ניט מבאר אין דער הערה פאראלזנדיק זיך אז מ'וועט זיך אליין כאפן אויף דעם ביאור בדבר.

וכפי שיתבאר לקמן.

**מד.** דער ענין פון תורה האט א קשר מיט שבת, כידוע אז "בשבת ניתנה תורה".

וואס וויבאלד אז תורה איז געגעבן געווארן בשבת איז פארשטאנדיק, אז דער אמת'ער ענין פון לימוד התורה האט זיך אנגעהויבן במוצאי שבת - ווארום ביום השבת עצמו זיינען אידן געווען פארנומען מיט מתן תורה און קבלת התורה, וואס דאס איז באשטאנען פון צוויי ענינים - **מתן** תורה נתינת התורה מלמעלה, און **קבלת** התורה מלמטה - ווען האבן אידן אנגעהויבן לערנען תורה בפועל, איז דאס געווען במוצאי שבת.

וואס דאס איז פארבונדן אויך דערמיט וואס ס'איז מבואר אין די הוספות צו תורה אור, אז "בקושי התירו לדבר בדברי תורה בשבת", ווארום שבת אליין איז ניט ענינה תורה - אבער דערנאך גלייך במוצאי שבת איז ניטא דער קושי לדבר בדברי תורה, ואדרבה - דעמאלט איז דאס א חוב גמור צו לערנען תורה.

והביאור בזה: ביום השבת איז דאך דער ענין פון (שבת מלשון) שביתה מכל מלאכות, פון עמל מלאכה, אפילו אויך "**עמל** תורה", און דערפאר - במוצאי שבת הויבט זיך אן ניט נאר דער ענין פון עמל מלאכה כפשוטו, נאר אויך דער ענין פון "עמל תורה".

און אין תורה גופא איז דער עיקר ענין פון "**עמל** תורה" - נגלה דתורה, כמובן אויך דערפון וואס דער רח"ו שרייבט אז דער אריז"ל פלעגט מזיע זיין בשעת לימוד הלכות בתורה, האט ער ביי אים געפרעגט פארוואס איז ער מזיע, האט דער אריז"ל געענטפערט - דערפאר וואס דער לימוד איז אן ענין פון בירור דלעו"ז, וואס מזה מובן אז דאס רעדט זיך וועגן נגלה דתורה, ווארום פנימיות התורה איז "לית תמן לא קשיא מסטרא דרע ולא מחלוקת כו'", ווי עס שטייט אין זהר רע"מ, הובא ונתבאר אין אגה"ק.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק דאס וואס דער רח"ו זאגט אז ביום השבת איז דער עיקר לימוד התורה אין **פנימיות** התורה - ווארום דער ענין פון "**עמל** תורה" וואס ביום השבת איז "בקושי כו'", איז בעיקר דער ענין פון נגלה דתורה, משא"כ פנימיות התורה איז ניט פארבונדן מיט עמל.

**מה.** המדובר לעיל קומט בשייכות דערצו וואס **במוצאי שבת** זה וועט זיין א מלוה מלכה, סעודתא דדוד מלכא משיחא, פון די מוסדות **תורה** ותפלה אין צפת עיר הקודש.

וואס דערפאר איז כאן המקום צו דערמאנען וועגן דעם, און געבן א נתינת כח און א ברכה להצלחה וכו' - וויבאלד אז מ'שטיט אין דעם שבת וואס "מיני' מתברכין כולהו יומין" פון שבוע הבא, ובפרט אין מוצאי שבת כפשוטו (ווען עס קומט פאר דער מלוה מלכה).

**מו.** בקשר מיט דער מלוה מלכה האט מען איבערגעדרוקט א שיחה וואס עס האט זיך אמאל גערעדט וועגן די מעלה פון צפת.

וואס דאכט זיך אז מ'האט אמאל גערעדט נאך א שיחה וועגן די מעלה פון צפת [אדער מ'האט געוואלט רעדן וועגן דעם און לפועל איז דאס געבליבן במחשבה], או לפלא אז מ'האט עס דא ניט אויך איבערגעדרוקט.

וואס דער תוכן דערפון איז:

צפת איז איינע פון די עיירות מיוחדים אין ארץ הקודש, ירושלים, חברון, טבריא און צפת, וכמבואר בארוכה אין דעם ספר טוב הארץ, וואס דאס האט מחבר געווען מהר"ר נתן טפירא, בעל המחבר ס' מצת שמורים, וואס ער ווערט געבראכט בכ"מ אין חסידות און מ'איז מייסד כמה ענינים אויף דעם וואס ער שרייבט.

וואס דארטן איז ער מבאר כמה מעלות וואס זיינען דא אין עיר צפת (און אויך אין די אנדערע ג' עיירות הנ"ל), אז דאס איז איינע פון די ערי מקלט, און אן עיר מוקפת חומה, אן ער פארבינדט דאס דערמיט וואס "צפת" במספר קטן מיטן כולל איז בגימטריא כ"ב אותיות התורה "לרמוז שצפת מוכנת ומזומנת להשיג בה (סוד (חסד לאברהם דלקמן)) עומקה של תורה, ואין אויר זך בכל א"י כאויר צפ"ת", או צפת איז פארבונדן מיט ספירת הכתר וואס פון דארטן קומען די י"ג מדה"ר, וואס דאס איז מרמז "שמתנהגים עם הדר בה (בצפת) בי"ג מדות של רחמים כו'", ועוד מעלות.

וואס בכדי משלים זיין דאס וואס מ'האט ניט אפגעדרוקט וועגן דעם וואס עס שטייט אין דעם ספר טוב הארץ - זאל מען עכ"פ בא דער מלוה מלכה דערמאנען און לייענען פון אינעווייניק דאס וואס עס שטייט אין דעם ספר וועגן מעלת צפת.

**מז.** די ענינים המבוארים אין דעם ספר טוב הארץ וועגן די מעלות פון צפת או נאך מקומות אין ארץ ישראל - ברייננגט ער (אין דעם ספר טוב הארץ) פון דעם ספר כנפי יונה, ווי ער שרייבט בהקדמה צו דעם גאנצן ענין: "במעלות קצת מקומות של ארץ ישראל מספר כנפי יונה, ואף על פי שדבריו אינם מובנים כלל למבינים, מ"מ העתקתי לשונו מפני קצת דברים שיש בהם מעט ממשות וזה לשונו...".

אין דערויף איז אבער דא א דבר פלא, וואס מצד דעם איז מסתבר לומר אז דא איז פאראן א טעות הדפוס (כדלקמן):

אין דעם ספר כנפי יונה געפינט מען ניט דאס וואס ער שרייבט דא אין ס' טוב הארץ, וואס ער זאגט אז ער האט עס פון דארטן מעתיק געווען. אפילו אין דעם חלק ד' פון כנפי יונה, וואס איז שפעטער געדרוקט געווארן, דאכט זיך אז דארטן איז דאס אויך ניטא.

מ'געפינט אבער דער ענין וואס ברייננגט זיך אין ס' טוב הארץ כמעט אות באות און מערער בארוכה אין דעם ספר חסד לאברהם.

וואס אויף דער ספר מיט נאך דריי אנדערע ספרים איז מיוסד דער ס' טוב הארץ:

אין אנפאנג ספר שרייבט דער מחבר פון ס' טוב הארץ, אז זיין ספר נעמט ער און איז מייסד אויף ד' יסודות: דער אריז"ל, דער רח"ו, און נגדם - דער ספר הפרדס (פון רמ"ק) און דער ספר חסד לאברהם פון ר' אברהם אזולאי [וואס דער ספר ווערט אויך געבראכט אין חסידות און מ'איז מייסד כמה ענינים אויף אים].

דערפון וואס ער שרייבט אז זיין ספר איז מיוסד אויף די ד' **יסודות**, איז פארשטאנדיק אז ער פארלאזט זיך אויף זיי ווי אויף יסודות, וואס דער פירוש פון א יסוד איז, אז אויף דעם האלט זיך דער גאנצער בנין און דאס נעמט מען אן אפילו אויב מ'פארשטייט ניט וואס עס שטייט אין דער יסוד.

וואס לפי זה קומט אויס א דבר תמוה ביותר: אע"פ וואס די ענינים וואס שטייען אין ס' טוב הארץ וועגן מעלת צפת וכו' שטייען בפירוש און כמעט אות באות אין דעם ספר חסד לאברהם, וואס ער איז א יסוד פון דעם ס' טוב הארץ - ברייגנגט ער אז ער איז מעתיק דעם ענין (ניט פון ס' חסד לאברהם, נאר) פון ס' כנפי יונה, וואס דארטן שטייט עס גאר ניט!

ובפרט נאך אז אין ס' כנפי יונה זיינען "דבריו אינם מובנים כלל למבינים כו'", ווי ער שרייבט אליין אין ס' טוב הארץ, משא"כ אין ס' חסד לאברהם שטייען די ענינים מערער באריכות און מיט יתר ביאור וכו'!

נאכמער: אפילו אויב דאס וואלט געשטאנען אין כנפי יונה, או געשטאנען דארטן בדברים ברורים - האט ער אעפ"כ געדארפט ברייגנגען פון חסד לאברהם, ווייבאלד אז דאס איז א יסוד פון דעם ספר טוב הארץ, און דארטן שטייט עס זיכער אזוי און מיט אן אריכות.

לאידך גיסא: דער ענין וועגן מעלת צפת וכו' שטייט ניט אין כנפי יונה, נאר אין חסד לאברהם. לאידך גיסא: כמה ענינים וואס שטייען לפני זה (וואס ער רעדט וועגן מעלת צפת וכו') אין דעם ס' טוב הארץ און לאחרי זה - שטייען יע אין ס' כנפי יונה, און ניט אין ס' חסד לאברהם אדער אין די אנדערע דריי יסודות פון דעם ספר טוב הארץ.

וואס עפ"ז איז מסתבר צו זאגן, אז אין דעם ספר טוב הארץ דא איז ארייגגעפאלן א טעות הדפוס: דער מדפיס האט ע"פ טעות ארייגגעשטעלט די עטליכע שורות וואו עס שטייט אז ער איז מעתיק, אבער ניט דא וואו עס רעדט זיך וועגן די מעלות פון מקומות אין ארץ ישראל, - ווארום דאס האט ער גענומען פון ספר חסד לאברהם.

**מח.** בנוגע צו דעם עצם גדלות פון דער חסד לאברהם - איז דאך ידוע אז ער איז געווען א תלמיד פון רמ"ק און דערנאך איז ער געווארן א תלמיד פון דעם אריז"ל, און אויך דערנאך (ווען ער איז געווארן א תלמיד פון אריז"ל) האט ער אין זיך פון בײדע, סײ פון רמ"ק און סײ פון אריז"ל.

און דאס איז קיין סתירה ניט - ווי מ'געפינט אז אין חסידות חב"ד ברייגנגט זיך פון בײדע פון זײ, סײ פון רמ"ק, פון ספר הפרדס שלו, און אפילו פון ספר אלימה שלו, אע"פ וואס דארטן איז דא כו"כ שקו"ט, און סײ פון אריז"ל, און מ'איז מייסד כו"כ ענינים אויף בײדע פון זײ.

- ווארום דאס איז אן ענין פון "אלו ואלו דברי אלקים חיים", און נאכמער דערפון - מ'בויט כו"כ ענינים אויף יעדערער פון זײ.

והביאור בזה (ווי דאס איז קיין סתירה ניט): דער רמ"ק רעדט אין די דרגא פון תהו שבתיקון און דער אריז"ל רעדט אין די דרגא פון תיקון שבתיקון.

ולא כדעת הטועים אז דער רמ"ק רעדט וועגן תהו (ווי זי שטייט מצ"ע), ווארום דעמאלט ווערט די תמי' הכי גדולה - ווי קומט עס אז דער רמ"ק רעדט וועגן אן עולם הנשבר ח"ו, ההורה היא נצחית?! -

נאר דער פירוש איז, אז אין יעדער דרגא גופא זיינען דא כו"כ דרגות. ועד"ז אי[...]ס התיקון גופא זיינען דא כמה דרגות, כולל אויך - די דרגא פון תהו און די דרגא פון תיקון שבתיקון.

[...]ר רמ"ק רעדט בעיקר וועגן תהו שבתיקון, און דער אריז"ל רעדט בעיקר שבתיקון.



[...]וגה

און ביידע פון זיי, סיי תהו שבתיקון און סיי תיקון שבהתיקון - געפינט מען אויך אין עבודת האדם: תהו אין עבודת האדם איז די עבודה שלמעלה ממדידה והגבלה, און תיקון - די עבודה שבמדידה והגבלה.

און אויך ווי מ'רעדט אמאל אז דער רמ"ק רעדט אין נקודות, און דער אריז"ל רעדט אין ספירות און פרצופים - איז דא אויך אין עבודת האדם בכל יום: בהתחלת היום איז עבודת האדם אין נקודות, און במשך היום באשטייט זיין עבודה אין מאכן פון די נקודות - ספירות און פרצופים שלמים.

**מט.** אומקערנדיק זיך צו די מעלות וואס זיינען דא אין צפת, כמבואר אין דעם ספר טוב הארץ און אין חסד לאברהם:

ווי דערמאנט פריער ברענגט זיך אין די ספרים הנ"ל אז אין צפת איז דא זויבערנע לופט, "אין אויר זך בכל א"י כאויר צפת", און דערפאר איז צפת "מוכנת ומזומנת להשיג בה (סוד) עומקה של תורה".

וואס דערפאר געפינט מען טאקע אז דער אריז"ל האט זיך באזעצט אין צפת און דארטן געלערנט און מגלה געווען פנימיות און סודות התורה.

ולי"ל בדא"פ אז דערצו געפינט מען אז אויך דער בית יוסף האט זיך באזעצט אין צפת, און ער האט דארטן געשריבן זיין שו"ע, און דאס אפגעדרוקט אין אן עיר וואס איז סמוך וטפל צו צפת.

**נ.** נוסף לכל זה איז דא די מעלה אין צפת וואס זי געפינט זיך אין גליל, וואס "יתגלי מלכא משיחא בארעא דגלילא" (זח"א קיט, א. ובכ"מ (נסמן בנצו"א לשם)).

און ווי דער רמב"ם זאגט (הל' סנהדרין פי"ד הי"ב. וראה ר"ה לא, ב) אז "קבלה היא שבטבריא עתידין לחזור תחילה (דער בית דין גדול) ומשם נעתקין למקדש", וואס טבריא איז אין גליל (אדער בסמיכות לזה), און מ'פארבינדט דאס דערמיט וואס "יתגלי - ע"ש "שטובה ראיתה" (מגילה ו, א) - מלכא משיחא בארעא דגלילא" (ראה רדב"ז שם. נצו"א לזח"ב ז, ב).

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו צפת וואס זי געפינט זיך אין גליל, אז דארטן איז אויך דא די מעלה אז משיח וועט ערשט דארטן קומען, און פון דארטן - צו דעם גאנצן לאנד.

(ובפרט אז "צפת" איז מלשון "צפיה", וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט די גאולה.

**נא.** וואס עפי"ז קומט אויס א קשר מיוחד צווישן דעם ענין פון א מלוה מלכה במוצאי שבת מיט צפת - ווארום מלוה מלכה ווערט אנגערופן (כנ"ל) "סעודתא דדוד מלכא משיחא", וואס ער וועט נתגלה ווערן בארעא דגליל, וואס דארטן געפינט זיך צפת.

וואס דערפאר איז דער מלוה מלכה במוצאי שבת זה א זמן המתאים ביותר פאר מאכן אן ענין פארבונדן מיט די מוסדות תורה ותפלה פון צפת.

ויה"ר אז בשבת זו וואס "מיני' מתברכין" די ימי שבוע הבאה, אנהויבנדיק פון מוצאי שבת - זאל מען שוין אננעמען החלטות טובות אויף געבן פאר די מוסדות בנדיבות, בנדיב לב ולבב פתוחה, מיט די אלע לשונות וואס מ'דארף אויף דעם זאגן.

און ביי אלע אידן זאלן אלע ענינים זיין בדרכי נועם ובדרכי שלום.

און מ'זאל ארויסגיין פון גלות, אין די גאולה האמיתית והשלימה, "בבנינו ובבנתינו בנערינו ובזקנינו", "ביד רמה", גלייך בני ישראל ארויס מארץ מצרים "על צבאותם".

* * *

**נב.** דער ביאור אין פירוש רש"י פארוואס רש"י איז מפרש "יין ושכר" - "יין דרך שכרותו", און ניט אז יין ושכר זיינען צוויי באזונדערע זאכן:

רש"י פארלאזט זיך אויף דעם וואס ער האט שוין פריער אין די פרשה מפרש געווען:

פריער אין דער פרשה ווערט דערציילט וועגן דער חטא פון נדב ואביהוא, "ויקחו בני אהרן נדב ואביהוא איש מחתתו ויתנו בהן אש וישימו עלי' קטורת ויקריבו לפני ה' אש זרה אשר לא צוה אותם. ותצא אש מלפני ה' ותאכל אותם וימותו לפני ה'" (י, א-ב).

ברייגנגט דארטן רש"י (לויט איין דעה) אז "שתויי יין נכנסו למקדש, תדע שאחר מיתתן הזהיר הנותרים שלא יכנסו שתויי יין למקדש כו'". ד.ה. אז דער איסור פון "יין ושכר אל תשת אתה ובניך אתך גו'" האט דער אויבערשטער געזאגט דערפאר (בהמשך און אלס מסובב צו דעם) וואס נדב ואביהוא "שתויי יין נכנסו למקדש" און מ'האט געזען וואס דערפון איז ארויס.

דערפון איז פארשטאנדיק אז דער איסור פון "יין ושכר אל תשת" דארף זיין אין דעם ענין וואס נדב ואביהוא האבן געטאן, וואס דאס איז געווען בפשטות אז זיי האבן געטרונקען נאר יין, בלשון רש"י - "שתויי יין נכנסו למקדש" - ווארום אפילו דאס וואס זיי האבן געטרונקען יין און זיינען ארייין אין משכן איז א חידוש גדול, ועאכו"כ אז ס'איז אפגעפרעגט לגמרי צו זאגן אז פאר דעם וואס זיי האבן געהאלטן בא ארייינגיין אין משכן עובד זיין עבודתם און נאך ביום השמיני למילואים, האבן זיי זיך אוועקגעזעצט טרינקען יין **און שכר!**

וואס דעריבער ווען עס שטייט דערנאך דער איסור "יין ושכר אל תשת" (וואס קומט בהמשך און אלס מסובב צו חטא נדב ואביהוא) - קען רש"י ניט טייטשן אז דאס מיינט יין **און** שכר - ווארום דעמאלט וועט דער בן חמש למקרא פרעגן: "שכר" - מאן דכר שמי'?! נדב ואביהוא האבן דאך נאר געטרונקען יין.

דעריבער איז רש"י מפרש אז "יין ושכר" מיינט - "יין דרך שכרותו".

**נג.** משא"כ אין פרשת נזיר אין פ' נשא, וואס ער איז דאך געווארן א נזיר דורך דעם וואס ער האט געזען א "סוטה בקלקולה", ווי רש"י ברייגנגט דארטן (ו, ב), אז "הרואה סוטה בקלקולה יזיר עצמו מן היין שהוא מביא לידי ניאוף" - מיינט "מיין ושכר יזיר", צוויי באזונדערע זאכן, יין און שכר -

ווארום דארטן איז ניט נוגע ווי דער סוטה איז געווארן שיכור, צי דורך יין אדער דורך שכר, דער עיקר איז אז זי איז געווארן שיכור (דערפאר וואס "נכנס בה רוח שטות").

במילא איז אויך אין דעם איסור אויפן נזיר (וואס האט געזען דער "סוטה בקלקולה" ניטא קיין נפק"מ ווי ער ווערט שיכור, צי דורך יין אדער דורך שכר.

**נד.** מ'דארף נאך אבער פארשטיין אין פרש"י בפרשתנו: אויב "יין ושכר" מיינט ניט יין און שכר, נאר "יין דרך שכרותו" - פארוואס שטייט "ושכר" מיט א וא"ו?

איז דאס לכתחילה קיין שאלה ניט בא דעם בן חמש למקרא, ווארום ער האט שוין געהאט עד"ז פריער אין חומש, אין חומש בראשית:

אין פ' לך לך שטייט בא אברהם (יב, ט) "הלוך ונסוע הנגבה". שטעלט זיך לכאו' גלייך די שאלה - פארוואס שטייט "הלוך ונסוע הנגבה" מיט א וא"ו.

איז דאס אבער לכתחילה קיין שאלה ניט בא דעם בן חמש למקרא, וואס דערפאר דארף דאס אים רש"י בכלל ניט באווארענען דארט: דער פירוש אין דעם "הלוך ונסוע הנגבה", איז - אז ניט אז ס'איז סתם געווען אן ענין פון "הלוך", נאר דער "הלוך" איז געווען אין אן אופן פון "ונסוע" און אין אן אופן "הנגבה". ד.ה. אז מיט דער וא"ו פון "ונסוע" קומט דער פסוק צוגעבן, אז נוסף לזה וואס דא איז געווען "הלוך" איז דאס געווען אין אן אופן פון "נסוע", אין אן אופן אז ער איז געפארן, און וואוהין - "הנגבה".

ועד"ז פארשטייט דער בן חמש למקרא אין פרשתנו, אז דאס וואס עס שטייט "יין ושכר" און רש"י איז מפרש "יין דרך שכרותו" - מיינט, ניט נאר אז ער טרינקט יין, נאר אז ער טרינקט דאס אין אן אופן פון "שכר", אז דערפון וועט ער ווערן שיכור, "יין דרך שכרותו".

וע"ד ווי "הלוך ונסוע הנגבה" מיינט, אז ער איז "הלוך" אין אן אופן אז ער פארט, און ער פארט "הנגבה" - איז עד"ז מיינט "יין ושכר" אז ער טרינקט יין אין אן אופן אז דערמיט וועט ער ווערן שיכור.

ובלשון פון כמה ספרים - אז דער וא"ו איז א וא"ו הביאור. ווי דער רא"ם זאגט עס דא בנדו"ד (בנוגע צו דעם וא"ו פון "ושכר"). [ער זאגט עס אויך בנוגע צו דעם וא"ו פון "והנותר" אין פ' צו, אבער דארטן זאגט רש"י אז דאס איז א וא"ו יתירה, און איז בכלל ניט מרמז דערצו אז ס'איז א וא"ו הביאור]. (לשלימות הענין - ראה שיחת ש"פ תזריע וש"פ מצורע).

**נה.** פון די רמזים וואס זיינען דא אין פירוש רש"י:

נדב ואביהוא זיינען דאך אריין אין משכן ביום השמיני למילואים, וואס דאס איז דאך געווען ביום ראשון בשבוע אנהויבנדיק פון מוצאי שבת (כנ"ל).

וואס עפי"ז קען מען זאגן פארוואס זיי זיינען געווען "שתויי יין" דוקא (און ניט שכר) - ווארום ביום השבת האבן זיי דאך געמוזט טרינקען יין לקידוש ולהבדלה, און דערמיט מקיים זיין א מצוה, און ס'איז מובן מעצמו אז בשעת זיי האבן דאס געטאן האט עס ניט דורכגעגומען מערניט ווי א רביע, שליש אדער מחצה שלהם - נאר דאס האט זיי אינגאנצן דורכגענומען - במילא איז פארשטאנדיק אז יענעם מוצאי שבת און דערנאך ביום ראשון שלאח"ז, ביום השמיני למילואים, זיינען זיי געווען "שתויי יין", און אזוי זיינען זיי אריין אין משכן.

**נו.** יתירה מזה ועיקר:

נדב ואביהוא האבן געטרונקען יין און זיינען אריין אין משכן טאן עבודה פאר דעם וואס ס'איז געווען דער ציווי פון "יין ושכר אל תשת גו'", ווארום דאס איז געווען אופן עבודתם דעמאלט, ואדרבה - דורך דערויף זיינען זיי צוגעקומען צו א דרגא הכי נעלית אין עבודת ה', ווי דער אור החיים [געבראכט אין שערי תשובה] שרייבט אז דער ענין פון "בקרבתם לפני ה'", "ויקריבו לפני ה' אש זרה גו'", וואס איז געווען בא נדב ואביהוא - איז געקומען מצד גודל התקרבותם צו אלקות, אז זיי האבן זיך דערצו משתוקק געווען אין אן אופן פון "עריבות מתיקות ידידות חביבות כו'".

וכמבואר בארוכה אין חסידות (אוה"ת אחרי ע' תקמה. תקמז ואילך. ד"ה אחרי מות תרמ"ט. סד"ה וידבר גו' אחרי מות תער"ה - המשך תער"ב ח"ב ע' תתקסז. ובכ"מ) דער תכלית העילוי פון עבודתם, אז זייער עבודה איז געווען אן עבודה למעלה מכל מדוה"ג, בבחי' רצוא צו אלקות, און דאס איז דער ענין וואס "שתויי יין נכנסו למקדש", ווארום יין איז "ישמח לבב אנוש" (תהלים קד, טו) און "משמח אלקים ואנשים" (שופטים ט, יג), און כשנכנס יין יצא סוד, וואס דער פירוש אין דעם איז אין עבודה, אז דורך יין ווערט נתגלה די פנימיות, אן עבודה פון רצוא למעלה ממדוה"ג (וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק דער קשר דערפון צו דעם פירוש פון אוה"ח).

און אין דערויף קען מען נאך צוגעבן (כנ"ל) - אז די יין וואס זיי האבן דעמאלט געטרונקען איז געווען פארבונדן מיט א מצוה - יין לקידוש והבדלה.

וואס בפרטיות זיינען דאס צוויי סוגים פון יין (למצוה): יין לקידוש איז פארבונדן מיט דער "ויקדשהו" פון שבת, און יין להבדלה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "להבדיל בין קודש לחול", ד.ה. יין פארבונדן בעיקר מיט חול.

און די ביידע סוגי יין האבן נדב ואביהוא דעמאלט געטרונקען פארן אריינגיין אין משכן ביום הראשון (יום השמיני למילואים), און דאס האט זיי דורכגענומען אינגאנצן, און אזוי זיינען זיי אריין אין משכן - איז דאך פארשטאנדיק דער גודל העילוי פון זייער עבודה דעמאלט.

**נז.** פונדעסטוועגן איז געווען א חסרון גדול בעבודתם, וואס "ויקריבו לפני ה' אש זרה אשר לא צוה אותם", און דערפאר איז "ותצא אש מלפני ה' ותאכל אותם וימותו". והביאור בזה:

אע"פ וואס בא זיי איז געווען א רצוא און א תשוקה הכי נעלית צו אלקות, און זיי האבן עובד געווען עבודתם אין אן אופן פון למעלה ממדוה"ג, ביז אז זיי זיינען געווען "שתויי יין" פון די יין לקידוש והבדלה - איז דאס אבער געווען א רצוא אן א שוב, ד.ה. אז עס האט געפעלט די עבודה פארבונדן מיט מדידה והגבלה, וואס בכדי עס זאל זיין שלימות העבודה מוז זיין רצוא ושוב, עבודה למעלה ממדוה"ג צוזאמען מיט עבודה במדוה"ג, אויב עס פעלט אבער עבודה במדוה"ג, דער שוב, איז אפילו אויב מ'האט דער רצוא בתכלית העילוי - איז דאס ניט כדבעי.

וע"ד ווי ס'איז געווען בא די ד' שנכנסו לפרדס, אז אע"פ וואס ביי אלע פון זיי איז געווען נכנס בשלום איז אבער נאר בא רבי עקיבא געווען יצא בשלום, אויך דער שוב, וואס דוקא דאס איז עבודה כדבעי.

וכמבואר בארוכה אין ד"ה אחרי מות תרמ"ט, און אין די דרושים פון דעם צ"צ (נסמן לעיל).

**נח.** א דוגמא לזה וואו מ'געפינט די ביידע עבודות פון רצוא און שוב, עבודה שלמעלה ממדוה"ג און עבודה שבמדוה"ג, צוזאמען - געפינט מען ביי אהרן (ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות (ש"פ צו):

חז"ל זאגן אויף "בהעלותך את הנרות" - אז דאס איז געזאגט געווארן "להגיד שבחו של אהרן שלא שינה".

וואס דער ביאור אין דער שבח והפלאה איז: דער ענין פון "בהעלותך את הנרות" (בפנימיות הענינים) איז, אז אהרן איז מדליק די "שבעה נרות" פון כל נשמות ישראל, וואס דאס איז כולל אין זיך אלע ששים ריבוא מישראל.

וואס דאס איז דאך א געוואלדיקע עבודה, און בכדי דאס טאן כדבעי האט אהרן געדארפט וויסן כל מיני כוונות וכו' און דערנאך דאס טאן בפועל, און ס'איז א זיכערע זאך אז דאס האט אים אינגאנצן פארנומען.

איז פארשטאנדיק, אז בשעת ער האט געהאלטן ביי אזא עבודה נעלית, אן עבודה פון אנצינדן די "נרות" פון ששים ריבוא מישראל, וואס דאס איז דאך אן עבודה שלמעלה ממדוה"ג - איז זייער שווער צו זיך מצמצם זיין צו מדליק זיין את הנרות מיט דער מדוה"ג ווי מ'האט אים אנגעזאגט צו אנצינדן די מנורה - ווארום ער צינדט דאך דא אן די "נרות פון ששים ריבוא מישראל!

- דערציילט דער פסוק "שבחו של אהרן", אז אע"פ וואס ער האט געהאלטן ביי אזא עבודה נעלית וואס איז למעלה ממדוה"ג - איז צוזאמען דערמיט איז "לא שינה" - ער האט מדליק געווען די מנורה מיט די מדוה"ג ווי מ'האט אים דאס אנגעזאגט טאן, לא פחות ולא יותר: ער האט מדליק געווען שבעה נרות, ניט ששה און ניט שמונה, ער האט ניט פאראעסן די בוימל און די פתילה איז געבליבן גאנץ וכו'.

וואס דא זעט מען ווי עס קומען צוזאמען דיביידע עבודות פון למעלה ממדוה"ג און פון מדוה"ג - אז צוזאמען מיט דעם שטורעם פון עבודה שלמעלה ממדוה"ג קומט די עבודה במדידה והגבלה.

**נס.** בא נדב ואביהוא אבער איז נאר געווען דער תנועה פון רצוא, "שתויי יין", וואס משנכנס יין יצא סוד, ארויס פון וועלט.

וואס מצ"ע איז דאס אן עבודה הכי נעלית - ער ווערט נתעלה און נתקרב צו אלקות, ניטא קיין וועלט - אין עוד מלבדו.

איי די כוונה איז האבן צוטאן מיט וועלט, און ס'איז דא דער למטה מעשרה טפחים און תחתון שאין תחתון למטה ממנו -

זאגט ער: "דאלאי גלות"! ס'איז ניטא קיין למטה מעשרה טפחים - אין עוד מלבדו!

זאגט מען תחתון שאין תחתון למטה ממנו - זאגט ער: וואס תחתון וואס עליון - אין עוד מלבדו!

און ניט נאר אין עוד מלבדו, נאר אין עוד. כידוע דער חילוק ביניהם: אין עוד מלבדו מיינט טאקע אז ס'איז ניטא קיין אנדער זאך אן דעם אויבערשטן, אבער מיט אים קען עפעס יע זיין, משא"כ אין עוד (מלשון הכתוב "בשמים ממעל ועל הארץ מתחת אין עוד") איז דער פירוש אז אפילו מיט אים איז אויך גארניט דא חוץ פון אים.

וואס מכ"ז מובן אז דאס איז טאקע אן עבודה נעלית ביותר.

**ס.** ביחד עם זה דארף מען אבער וויסן אז ס'איז א מציאות פון וועלט, און דאס איז ניט קיין אחיזת עינים ח"ו,

ווי דער רבי מהר"ש איז דאס מבאר, פריער מיט די ראי' פון דעם דין פון "שניהם לוקטין קשואין כו'", און דערנאך די ראי' הכי נעלית פון דעם ענין פון תורה ומצוות, וואס מצוות איז מען מקיים דוקא מיט דברים גשמיים פון עוה"ז התחתון, בתי תפילין דארפן זיינען געמאכט פון עור פון א בהמה גשמית, ציצית פון צמר גשמי וכיו"ב, און דוקא מיט די דברים גשמיים איז מען מקיים מצוות, כוונות זיינען ווייניק, אפילו אויב ער איז מכוון אלע כוונות בכל העולמות, אפילו די כוונות אין עולם הזה הרוחני, איז דאס ניט גענוג, נאר ער מוז מקיים זיין די מצוה בגשמיות,

און מ'קען ניט זאגן אז תורה זאגט אז מ'זאל מקיים זיין מצוות מיט א זאך וואס איז ניט קיין אמת'ער מציאות! דזיכער איז מען מקיים מצוות מיט א מציאות אמיתית, קומט דערפון אויס אז מציאות הגשמי פון עולם איז א מציאות אמיתי.

און ווײַבאלד אז מצוות זיינען "אשר קדשנו במצוותיו וצונו", איז די מציאות גשמי מיט וואס מ'איז מקיים די מצוה, פארבונדן מיט אמיתית המציאות.

און דאס זאגט מען א אידן - אז ס'איז דא א וועלט און דארטן דארף מען ממשיך זיין אין עוד מלבדו.

**סא.** וכידוע דער סיפור, אז איינער א חסיד איז אמאל געגאנגען פון א חסיד'ישער פארברייינגען אין רוסלאנד, און ער האט געטראפן א פאליצייסקע (ווי מ'פלעגט רופן אין רוסלאנד א "פאליסמאן"), דער פאליסמאן האט אים געפרעגט: "קטא אידיאט" (ווער גייט)?

וואס בכלל ווען א איד האט געטראפן א "פאליסמאן" אין רוסלאנד פלעגט אויף אים אנפאלן אן אימה ופחד, ווארום אין יעדער גאס איז געווען דער "פאליסמאן" פון יענער גאס, און ער איז געווען דער גאנצער בעה"ב אויף דער גאס, ער האט דארטן געטאן כל אשר ישר בעיניו און כל אשר עקום בעיניו.

דער איד איז אבער געגאנגען פון א חסיד'ישער פארבריינגען, האט ער געענטפערט דעם "פאליסמאן" - ביטול אידיאט, ביטול גייט!

און דאס האט גע'פועל'ט אויפן "פאליסמאן", ניט דערפאר וואס ער האט פארשטאנען וואס ביטול איז, ער האט ניט פארשטאנען וואס ביטול איז - ער האט אבער געזען אז ער האט צוטאן מיט איינעם וואס איז אינו מן היישוב, ווארום נארמאל ווען ער פרעגט יענעם ווער גייט, האט יענער אים געדארפט ענטפערן א נאמען און באווייזן א פאספארט, און דא ענטפערט ער אים ביטול אידיאט - האט עס אויף אים גע'פועל'ט!

**סב.** בא נדב ואביהוא אבער איז געווען נאר די עבודה און הרגש פון אין עוד מלבדו, עס האט געפעלט די המשכה בעולם.

וואס כאמור, דאס איז אויך אן עבודה הכי נעלית, עבודה שלמעלה ממדוה"ג, רצוא לאלקות, וואס קומט דורך דעם ענין היין, די יין לקידוש והבדלה וואס זיי האבן געטרונקען יענעם שבת, כנ"ל בארוכה.

וואס דאס איז דאך געווען ניט סתם וואס זיי האבן זיך אוועקגעזעצט טרינקען יין, נאר דאס איז געווען אן עבודה מיט א כוונה צוקומען צו א דרגא הכי נעלית, ובלשון פון רש"י - "יין דרך שכרותו", ניט סתם טרינקען יין, נאר טרינקען איר מיט די כוונה אז די יין זאל אים ברייינגען צו א דרגא למעלה ממדוה"ג, ווי גערעדט פריער אז יין איז "ישמח לבב אנוש" און משנכנס יין יצא סוד וכו'.

[בפועל האט זיך אבער אויסגעוויזן אז דורך דעם איז עבודת נדב ואביהוא געווען ניט כדבעי - דערפאר האט דער אויבערשטער אנגעזאגט "יין ושכר אל תשת", כדלקמן].

**סג.** איינע פון די הוראות פון דעם ענין פון "יין דרך שכרותו" בעבודת כאו"א:

אזוי ווי ס'איז דא דער ענין פון שתיית יין "דרך שכרותו" בגשמיות - אזוי איז דאס אויך דא ברוחניות, אז ניט סתם ער טרינקט יין, נאר דאס איז "דרך שכרותו" - מיט די כוונה אז דאס זאל ברייינגען צו דעם ענין פון "נכנס יין יצא סוד", אז עס זאל מגלה זיין דער "סוד" וואס איז דא אין א אידן.

וואס דא רעדט מען ניט נאר וועגן א איד וואס לערנט קבלה און חסידות, וואס ביי אים איז דער "סוד" שבו - דער ענין פון סודות התורה וואס ער האט געלערנט - נאר מ'רעדט וועגן אלע אידן, "האנשים והנשים והטף", וואס אויך אין זיי איז דא דער ענין ה"סוד":

בשעת מ'גיט א קוק אויף א איד בחיצוניות האט ער רמ"ח אברים און שס"ה גידים, בשעת מ'גיט א קוק אויף (להבדיל) א גוי בחיצוניות האט ער אויך רמ"ח אברים און שס"ה גידים, ווארום מצד דער חיצוניות הגוף, מצד דער "גוף החומרי", איז דער גוף החומרי פון א אידן "נדמה בחומריותו לגופי אומות העולם", ביז אז מ'דארף נאקומען צו א ברכה פון דעם אויבערשטן דוקא "ובנו בחרת מכל עם ולשון" צו מבדיל זיין בין ישראל לעמים מצד גופם החומרי;

משא"כ אבער בשעת עס ווערט "נכנס יין יצא סוד", עס ווערט נתגלה דער "סוד", א איד האט אבער אויך דער "סוד" שבו, וואס דאס איז זיין נשמה, און דאס איז גאר דער עיקר שלו, נשמתו עיקר און גופו טפל, און טאקע מצד דער "סוד" שבו, מצד נשמתו, איז ער איננו דומה כלל צו אומות העולם, וכמאחז"ל "אע"פ שחטא ישראל הוא" (מצד נשמתו).

און נאכמער: אפילו דער גוף פון א אידן איז נאר "נדמה (נאר) בחומריותו לגופי אומות העולם", ד.ה. אז בשעת מ'קוקט מיט עיני בשר זעט מען מערניט ווי חומריות הגוף, און ניט דער כח הפועל בנפעל שבגוף - אבער אויך אין דעם גוף איז דא דער "סוד" שבו, וואס מצד דעם איז דער גוף פון א אידן כלל ניט דומה צו דער גוף פון גוי.

דערצו דארף מען אבער האבן אז בא א אידן זאל זיין די עבודה פון "נכנס יין יצא סוד" - ער זאל מגלה זיין דער "סוד" וואס איז דא אין א צווייטן אידן, דער פנימיות שלו - ווי ס'איז "ישראל ומלכא בלחודוהי".

**סד.** מ'האט געערעדט פריער אז די עבודה שלמעלה ממדוה"ג פון נדב ואביהוא וואס "שתויי יין נכנסו למקדש" איז בעצם געווען אן עבודה הכי נעלית, ווארום דאס איז געווען פאר דעם ציווי פון "יין ושכר אל תשת", און דעמאלט איז עבודתם געווען פארבונדן מיט די יין פון קידוש והבדלה וואס זיי האבן געטרונקען און וואס האט זיי דורכגענומען פון יענעם שבת, און דאס האט זיי געבראכט צו א רצוא צו אלקות - אן עבודה שלמעלה ממדוה"ג.

ווי מרומז אויך אין דעם פסוק - "ויקריבו לפני ה' אש זרה אשר לא צוה אותם": זיי האבן מקריב געווען אן "אש זרה", וואס איז זר און פרעמד צו גאנץ סדר ההשתלשלות, ווארום מצד דרגת עבודתם איז ניטא קיין השתלשלות, ס'איז דאך אין עוד מלבדו.

און דער "אש זרה" וואס זיי האבן מקריב געווען איז "לא צוה אותם": ע"ד המבואר אין חסידות בנוגע צו מס"נ, אז מס"נ בטעמה שטייט ניט אלס א ציווי אין תורה, ווארום דאס איז למעלה מכל מדוה"ג, קען זיך דאס ניט אריינשטעלן אין א ציווי בתורה וויבאלד אז יעדער זאך וואס שטעלט זיך אריין אין א ציווי איז בהגבלה - עד"ז קען מען טייטשן "אש זרה אשר **לא צוה** אותם" למעלייותא, אז דאס איז אזא עבודה וואס איז למעלה מגדר ציווי, למעלה מכל מדוה"ג, און בשעת די עבודה קומט פון אים אליין (ניט דערפאר וואס מ'האט אים אזוי מצווה געווען) איז דאס למעלה ממדוה"ג.

**סה.** וכאמור, בעצם איז די עבודה געווען, אן עבודה הכי נעלית, ס'איז געווען פאר דער ציווי פון "יין ושכר אל תשת";

בפועל אבער בשעת דער אויבערשטער האט געזען וואס דערפון איז ארויס, אז עס האט געפעלט די עבודה שבמדוה"ג מיט וועלט, דער שוב נאך דעם רצוא, די המשכה בעולם - האט ער אנגעזאגט אז "יין ושכר אל תשת אתה ובניך אתך בבואכם אל אוהל מועד גו'": דאס איז טאקע אן עבודה נעלית ביותר, אבער בשעת עס דארף זיין "בבואכם אל אוהל מועד", און מ'דארף טאן די עבודה, איז "יין ושכר אל תשת". וואס בכללות איז דער ענין פון "בבואכם אל אוהל מועד" - כללות העבודה פון תומ"צ, וואס דאס דאך דעאך געטאן ווערן מיט גשמיות העולם, כנ"ל.

אבער אויב עס וואלט זיך בפועל אויסגעוויזן אז אלץ איז כדבעי, וואלט טאקע ניט געווען דער ציווי פון "יין ושכר אל תשת".

וע"ד ווי דאס איז געווען בא די ד' שנכנסו לפרדס: אלע פיר זיינען דאך אריין אין פרדס, אפילו די וואס בא זיי איז דערנאך געווען די עבודה פון רצוא בלי שוב זיינען דארטן אויך אריין, וואס דאס באווייזט אז **אלע** פון זיי האבן געהאלטן ביי א דרגא הכי נעלית.

דערנאך ווען זיי זיינען פון דארטן ארויס האט זיך אויסגעוויזן אז בא דריי פון זיי איז די עבודה ניט געווען כדבעי, זיי האבן ניט געטאן אין וועלט, עס האט בא זיי געפעלט דער שוב נאך דעם רצוא, משא"כ רבי עקיבא איז יצא בשלום, ביי אים איז געווען דער שוב, ער איז געגאנגען טאן אין וועלט, וואס דאס האט מגלה געווען אז ביי אים איז דער "נכנס" אויך געווען בשלום.

ועד"ז בנוגע צו בני אהרן: ארייננגייענדיק אין משכן זיינען זיי געשטאנען בדרגא הכי נעלית, "שתויי יין נכנסו למקדש", א דרגא שלמעלה ממדוה"ג, און אויב אלץ וואלט געווען כדבעי דערנאך, וואלט דאס געווען תכלית השלימות (און עס וואלט ניט געווען דער ציווי פון "יין ושכר אל תשת"); דערנאך האט מען אבער געזען וואס דערפון איז ארויס, אז עס פעלט דער שוב, די המשכה בעולם, דערפאר איז געקומען דער ציווי "יין ושכר אל תשת".

**סו.** ס'איז מבואר אין חסידות (אוה"ת אחרי ע' תקנא-ב. ועוד) אז פנחס האט מתקן געווען דער חטא פון נדב ואביהוא, ווארום ער האט אויפגעטאן אז די עבודה שלמעלה ממדוה"ג זאל אראפקומען אין מדוה"ג, אין כלים,

וכידוע אז פנחס זה אליהו, וואס אליהו וועט מבשר זיין די גאולה, וואס דעמאלט וועט זיין דער שלימות הענין פון המשכת למעלה ממדוה"ג אין מדוה"ג - דעמאלט וועט זיין "לא יכנף עוד מוריך", בלי לבושים כלל, "ונגלה כבוד ה' וראו כל בשר יחדיו כי פי ה' דיבר", מ'וועט זען בעיני בשר, מיט מדידה והגבלה - למעלה ממדידה והגבלה.

וואס דאס טוט זיך אויף אלץ ע"י מעשינו ועבודתינו איצטער, כולל אויך דורך לימוד פון פירוש רש"י על התורה, וואס רבותינו נשיאינו זאגן אז פרש"י איז "יינה של תורה" - עניני איז אויפטאן דעם (נכנס יין) יצא סוד, וואס אין פרש"י על התורה זיינען דאך גנוז אלע סודות התורה,

און לע"ל וועט זיין דער שלימות פון (נכנס יין) יצא סוד - עס וועט נתגלה ווערן אלע סודות וואס זיינען גנוז אין פרש"י, וואס דארטן איז דאך אלץ גנוז, רזין און רזין דרזין, און אין אן אופן פון "יצא", און "יצא בשלום" - בהתלבשות אין כלים,

והיו עיניך רואות את פני מוריך,

במהרה בימינו ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

**סז.** דער ביאור אין דער זהר פון פרשתנו - ובהקדים דער ביאור הענין פון "ויהי ביום השמיני" (וואס דערמיט הויבט זיך אן דער זהר):

נאך די שבעת ימי המילואים איז געקומען דער יום השמיני למילואים, וואס אויך די שבעת ימי המילואים איז דער ענין פון שלימות, ווי רש"י טייטשט אפ דעם ווארט "מילואים" (כנ"ל) - אבער יום השמיני למילואים האט אויפגעטאן נאך א העכערער שלימות.

ועי"ד ווי דער ענין פון שבת לגבי די ששה ימים שלפניו - וואס דאס האט דאך א שייכות מיוחדת צו די שבעת ימי המילואים און יום השמיני למילואים, ווארום די שבעה ימי המילואים האבן זיך אנגעהויבן ביום הראשון בשבוע און געענדיקט זיך ביום השבת, און דערנאך דער יום הראשון שלאחרי שבת איז געווען דער יום השמיני למילואים (כנ"ל):

עי"ד ווי שבת טוט אויף א העכערע שלימות ווי ס'איז דא אין די ששת ימי השבוע - עד"ז טוט אויף יום השמיני למילואים א העכערע שלימות ווי ס'איז דא אין די שבעת ימי המילואים, כולל אויך דער יום השבת פון די שבעת ימי המילואים (דער יום השביעי למילואים). ד.ה. אז אין יום השמיני למילואים וואס קומט נאך דעם יום השביעי למילואים וואס איז געווען שבת, איז אויפגעטאן געווארן א העכערער שלימות ווי שבת טוט אויף.

**סח.** און נאכמער:

דער יום השמיני למילואים ווערט אנגערופן דוקא יום **השמיני** (למילואים), ניט יום הראשון, דלכאו' יעדער נייער זאך רופט מען אן "ראשון", איז וויבאלד אז ביום השמיני למילואים האט זיך אויפגעטאן א נייער שלימות וואס איז ניט געווען אין די שבעה ימים שלפניו, האט ער געדארפט הייסן "ראשון" און אויך: דער ערשטער טאג נאך שבת שבת אנגערופן יום ראשון, וויבאלד אז עס הויבט זיך אן א נייער מנין הימים פון ימי השבוע, האט דאך יום השמיני למילואים, וואס איז געווען ביום ראשון בשבוע געדארפט אנגערופן ווערן יום הראשון] -

וואס דאס (וואס ער ווערט אנגערופן דוקא יום **השמיני** (למילואים)) באווייזט אז נוסף לזה וואס אין אים איז דא א העכערער שלימות ווי אין די שבעה ימים שלפניו - קומט ער אויך **בהמשך** צו די שבעה ימים, ער איז דער יום **השמיני**, ער טוט אויף א שלימות אויך אין די **שבעה ימים** - דער יום השמיני איז שומר את ההיקף.

ועי"ד ווי יום השבת: נוסף לזה וואס ער ווערט אנגערופן יום השבת, מלשון שביתה, דערפאר וואס אים איז דא א העכערע שלימות ווי אין די ששה ימים שלפניו, ווערט ער אויך אנגערופן יום **השביעי**, וואס דאס באווייזט אז ער קומט אויך בהמשך צו די ששה ימים שלפניו, ווארום נוסף לזה וואס ער האט אין זיך זיין אייגענער שלימות (וואס איז העכער פון די ששה ימים), טוט ער אויף אויך א שלימות אין די ששה ימים שלפניו, כידוע אז אין שבת ווערן נתעלה די ששת ימים שלפניו.

און וויבאלד אז דער יום השמיני למילואים טוט אויף א שלימות אין אלע שבעה ימים שלפניו, ער איז שומר את ההיקף (פון שבעה ימים) - טוט ער דאך אויף א שלימות אויך אין יום השבת (וואס קומט א טאג פאר אים).

קומט דערפון אויס אז יום השמיני איז גאר א דרגא הכי נעלית ביותר: די שבעת ימי המילואים איז ענינם שלימות, ווי רש"י טייטשט אפ, כנ"ל, ובפרט בשעת זיי ווערן אין דער שבת, דערצו קומט דער שבת לאח"ז, וואס איז מעלה און טוט אויף נאך א העכערע שלימות אין די שבעת ימי המילואים ווי זיי האבן מצ"ע, און דערנאך קומט נאך צו דער יום השמיני למילואים (וואס קומט נאך שבת) און טוט אויף נאך א העכערער שלימות ווי אין שבת.

**סט.** קען מען דאך לכאו' מיינען אז וויבאלד יום השמיני איז אזא דרגא נעלית ביותר, שלמעלה מכל מדוה"ג - קען מען דאס ניט אויפטאן ע"י עבודת האדם, נאר דאס מוז קומען מלמעלה -

זאגט מען ניין, דאס קומט ניט אין אן אופן פון נהמא דכסופא ח"ו, נאר דאס איז אויך פארבונדן מיט עבודת האדם:

דער יום השמיני למילואים קומט דאך בהמשך צו שבת, און שבת איז פארבונדן מיט עבודת האדם, כמאחז"ל "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת", שבת קומט נאך און דורך די עבודה פון די ששה ימים שלפניו, איז עד"ז אויך דערנאך בנוגע צו דער יום השמיני למילואים, וואס ער קומט בהמשך צו די שבעה ימים שלפניו, אז ער איז פארבונדן און ווערט אויפגעטאן דורך די עבודה אין יענע ימים, אז מ'האט ניט נאר די השעה קבין של חבירו, נאר אויך דער קב שלו.

שטעלט זיך לפי זה די שאלה ביי א אידן: ווי קען ער צוקומען ע"י עבודתו צו אזא דרגא פון יום השמיני למילואים?!

איז דער כללות'דיקער הירוץ אויף דעם - ווי מ'זאגט אין ברכות השחר: "נשמה שנתת בי טהורה היא אתה בראתה אתה יצרתה אתה נפחתה בי ואתה משמרה בקרבי". ד.ה. אז נוסף לזה וואס א איד האט א נשמה, וואס "נתת בי טהורה היא" און "אתה בראתה אתה יצרתה אתה נפחתה בי", קומט צו א דבר נוסף - "ואתה משמרה בקרבי", אז ס'איז דא א כח נוסף וואס איז שומר אויף אים, וואס דאס גיט אים כח צו קענען דערגרייכן די דרגא פון יום השמיני למילואים.

**ע.** דער ביאור בזה (וואס פונקט דער כח השומר עליו איז) - וועט מען פארשטיין בהקדים דעם ענין התפלה (וואס דאס איז דאך דער תוכן הענין פון "ויהי ביום השמיני גו'" און "ברן יחד כוכבי בוקר ויריעו כל בני אלקים" - די התחלה פון דעם זהר, כנ"ל) וואס אויך אין ענין התפלה איז דא ע"ד די שאלה הנ"ל (בנוגע צו יום השמיני):

תפלה איז דאך אזוי ווי "סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה". שטעלט זיך גלייך די שאלה: ווילבאלד אז תפלה איז ווי א "סולם מוצב **ארצה**" ווי קען **ראשו** פון דעם סולם (תפלה) וואס שטייט על ארצה דערגרייכן אין **שמים** - דער סולם שטייט דאך על ארצה, איז ווי הויך דאס קען נאר גיין איז דאס אלץ פון ארצה, ניט שמים, איז ווי קען ראשו פון דעם סולם, ועאכו"כ דער אדם העולה על הסולם דערגרייכן אין שמים?!

ובפרט ע"פ דיוק רבותינו נשיאינו, אז "ארצה" מיינט נאך נידעריקער ווי ארץ, און "שמימה" - נאך העכער פאר "שמים ושמי השמים".

**עא.** די קשיא ווערט נאך שטארקער ע"פ דעם פירוש אין דעם ענין וואס תפלה איז "מגיע השמימה":

דורך תפלה איז א איד "מגיע השמימה" און טוט דארטן אויף א רצון חדש, וואס איז ממלא בקשתו.

וואס בכדי אויפטאן א רצון חדש למעלה איז פארשטאנדיק, אז ער דארף דערגרייכן אין א דרגא וואס איז העכער פאר אלע רצונות, און פאר אלע דרגות וואס זיינען דא אין רצון למעלה.

און ווי מ'האט גערעדט אין די פריערדיקע התוועדויות (ש"פ ויקרא. ש"פ צו). בנוגע צו דעם ענין פון הקב"ה גוזר וצדיק מבטל, וואס ווילבאלד אז "ועמך כולם צדיקים" - איז יעדער איד שייך צו מבטל זיין ע"י תפלתו א גזירה פון דעם אויבערשטן, ביז אזא גזירה וואס האט שוין אנגעהויבן אראפקומען בפועל למטה (ווי גערעדט דעמאלט בארוכה).

וואס דאס קען יעדער איד אויפטאן דערפאר וואס ער דערגרייכט ע"י תפלתו צו א דרגא וואס איז העכער פאר די דרגא פון וואנעט עס קומט דער גזירה, א דרגא וואס איז העכער פאר אלע רצונות וכו'.

קומט דערפון אויס אז יעדער איד האט דער כח צו דערגרייכן צו אזא דרגא נעילה, העכער פאר אלע רצונות און פאר אלע דרגות אין רצון, ע"י תפלתו!

עב. ביז אז אפילו אן איש פשוט קען דערצו דערגרייכן,

כידוע דער סיפור מיטן בעש"ט, אז א איש פשוט האט יוהכ"פ ארויסגעשריען "קו-קע-רי-קו", און דערמיט האט ער אויפגעטאן מערער ווי דער בעש"ט האט אויפגעטאן ע"י תפלתו, ער האט דערמיט מבטל געווען א גזירה וואס דער בעש"ט האט ניט געקענט מבטל זיין ע"י תפלתו!

וואס דער גודל ההפלאה בזה איז פארשטאנדיק בפשטות: דא רעדט מען וועגן דער בעש"ט, און דערצו ווי ער געפינט זיך מיט חברייא (מיט תלמידיו), וואס דאס טוט אויף נאך א גרעסערער עילוי אין אים (דעם בעש"ט) אליין, ע"ד ווי ס'איז מבואר בנוגע צו רשב"י וחברייא, אז בשעת חברייא זייבען געווען מיט אים צוזאמען און זיי האבן אים גערופן און משבח געווען וכו' האט עס אין אים גע'פועל'ט א העכערער שלימות ווי ער האט מצ"ע,

און דערצו איז דאס געווען בשעת התפלה, און תפלה בציבור,

און דערצו תפלה דיוהכ"פ, אחת בשנה,

קומט דאך אויס אז דא איז געווען אחת בשנה (אין זמן), אחת בנפש - דער בעש"ט דער אחת בישראל, ובפרט אז שמו איז "ישראל", וואס באווייזט אז ער האט א שייכות מיט כללות ישראל, און אחת במקום - אין דעם "מקדש מעט" פון דעם בעש"ט ותלמידיו, און אין יוהכ"פ גופא - בתפילת נעילה -

איז דאך פארשטאנדיק צו וואו דער תפלה פון בעש"ט דעמאלט האט דערגרייכט.

און אעפ"כ זאגט מען אז דער איש פשוט וואס האט אויסגעשריען, "קו-קע-רי-קו" האט דערגרייכט כביכול העכער דערפון!

ווארום דער איש פשוט האט דערמיט דערגרייכט אין עצמות ומהות: ער ווייסט ניט פון דער גאנצער זאך פון סדר השתלשלות, פון ספירות, המשכות, רצונות, רצון המוחלט, רצון הפשוט, עלות הרצון, בעל הרצון, ניט דאס איז אים מבלבל, ניט דאס טשעפעט אים וכו', ער ווייס נאר פון אמיתית המציאות, עצמות ומהות, און דערמיט לעבט ער חיי יום יום!

דעריבער, בשעת ער זעט א האן קריטס, לייגט זיך ביי אים בפשטות אז דער האן איז דערמיט משבח דעם אויבערשטן, און אז אזוי דארף מען משבח זיין דעם אויבערשטן.

און דערפאר, ווען ער וויל משבח זיין דעם אויבערשטן - איז ער זיך מדמה צו א בעל חי און גיט א געשריי "קו-קע-רי-קו"!

און וועמען איז ער דערמיט משבח - עצמות ומהות! פון אנדערע ענינים ווייס ער גאר ניט, ער דארף ניט קיין הכרחים און קיין הסברות אז ס'איז דא אן אויבערשטער, ניט אין דעם ליגט ער, ניט דאס איז אים מבלבל, ניט דאס טשעפעט אים, ניט ער ווייסט וועגן די גאנצע זאך - ביי אים איז בפשטות אז ס'איז דא עצמות ומהות און מערניט!

און דעריבער דערגרייכט די תפלה שלו פון "קו-קע-רי-קו" אין עצמות ומהות, העכער פאר אלע ענינים, און איז פון דארטן ממשיך א רצון חדש, און איז מבטל א גזירה מלמעלה.

שטעלט זיך די שטורעם'דיקע שאלה - ער איז דאך בפועל א נשמה בגוף איז פון וואנעט האט א איד דער כח אהינצו דערגרייכן (ע"י תפלתו)?!

**עג.** איז דער ביאור אין דעם (כנ"ל), אז בכדי דאס קענען אויפטאן און אהינצו דערגרייכן דארף ער האבן א כח מיוחד מלמעלה וואס דאס איז - אז נוסף לזה וואס א איד האט א נשמה וואס "נתת בי כו'", איז "אתה משמרה בקרבי", וואס בכדי עס זאל זיין "משמרה בקרבי", דארף מען האבן א כח פון א דרגא נעלית יותר ווי די דרגא פון וואנעט עס קומט אן דער נשמה אין גוף - און דער כח השמירה גיט כח צו א אידן אז ער זאל קענען דערגרייכן ע"י תפלתו אין עצמות ומהות.

און ווי אזוי און פון וואנעט קומט אן (און אין וואס באשטייט) דער כח מלמעלה צו א אידן - איז דאס דורך דער כח התורה,

כמבואר אין המשך מים רבים בסופו (פ"ר ואילך), אז נוסף לזה וואס ס'איז דא דער ענין פון "תורתך בתוך מעי", האט תורה אויך אין זיך דער ענין וואס זי ווערט אנגערופן "בית" און "אני חומה זו תורה" ווארום זי טוט אויף דער ענין השמירה (ווי א בית און חומה טוען אויף).

און מצד דער כח פון תורה וואס א איד האט, ווערט אויפגעטאן אז א איד זאל קענען דערגרייכן אין עצמות ומהות ע"י תפלתו.

**עד.** וואס דאס איז דער ביאור אין דעם וואס דער זהר אין פרשתנו זאגט, בהמשך לזה וואס ער רעדט וועגן ענין התפלה ("ויהי ביום השמיני גו'", און "ברן יחד כוכבי בקר וירעו כל בני אלקים") - אז "זכאין אינון ישראל דקב"ה יהיב לון אורייתא" (און רעדט דערנאך וועגן דעם ענין התורה):

דער זהר קומט מסביר זיין ווי א איד קען דערגרייכן ע"י תפלתו אין עצמות ומהות - אז דאס איז דערפאר וואס "זכאין אינון ישראל דקב"ה יהיב לון אורייתא":

דאס איז מצד אן ענין וואס זיי זיינען "זכאין", מצד דעם אויבערשטן, וואס אויף אן ענין פון וואס זיי זיינען "זכאין", מצד דעם אויבערשטן, וואס אויף אן ענין פון "זכאין" זוכט מען ניט קיינע טעמים און מ'דארף ניט קיינע טעמים,

און אין וואס דריקט זיך דאס אויס אז זיי זיינען "זכאין" - "דקב"ה יהיב לון אורייתא", און דאס (אורייתא, תורה) טוט אויף אז זייער תפלה זאל דערגרייכן אין עצמות ומהות און ממשיך זיין א רצון חדש כו':

- ס'איז ידוע וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר זאגט (סה"ש תש"ד ריש ע' 116) אז "אורייתא" איז נוטריקון "אור ליתא", וואס דער פירוש אין דעם איז אז דורך "אורייתא" ווערט "אור ליתא": תורה ברענגט אראפ דעם אור ווי ער איז כלול אין מאור, ביז אויך דער אור ווי ער איז כלול אין עצמות ומהות, ווי ער איז למעלה ממקור אור (ראה המשך תרס"ו ע' קפא. ס"ע תסג ואילך. ובכ"מ), וואס פון דארטן קומט תורה ("אורייתא").

און דערפאר איז תורה דער וואס ברענגט אראפ און איז ממשיך און טוט אויף אין תפלה אז כאטש זי איז א "סולם מוצב ארצה" זאל זי קענען דערגרייכן אין "שמימה", אין עצמות ומהות ממש, און אויך אז דער אדם זאל קענען דארטן דערגרייכן ע"י תפלתו.

תורה איז ניט נאר מגלה אין תפלה דעם ענין (אז זי האט דער כח דערגרייכן אין עצמות ומהות), נאר תורה איז דאס ממשיך און טוט דאס אויף אין תפלה - ווארום ס'איז דאך "אסתכל באורייתא וברא עלמא", אלע ענינים ווערן **נתהווה** דורך תורה, כולל אויך דעם ענין וואס תפלה קען דערגרייכן אין עצמות ומהות.

בפועל דערגרייכט דוקא תפלה אין עצמות ומהות, אבער ווער איז ממשיך און טוט אויף דער כח אין תפלה - איז דאס תורה.

אבער נאך דערויף וואס תורה איז דאס ממשיך און טוט דאס אויף אין תפלה, טוט טאקע תפלה אויף אן ענין וואס איז העכער פאר תורה אליין, ביז אז די תפלה טוט אויף א **שלימות** אין תורה.

וע"ד ווי ס'איז געווען אין דעם סיפור הנ"ל מיטן בעש"ט, אז דורכן (התעוררות פון) בעש"ט איז געקומען דאס וואס דער איש פשוט האט אויסגעשריען "קו-קע-רי-קו" - און דערנאך איז דאס גופא (דער "קו-קע-רי-קו") האט אויפגעטאן און געבראכט א שלימות אין דעם בעש"ט.

וההסברה בזה איז ע"ד הידוע בנוגע צו דעם ענין פון "יפה כח הבן מכח האב" - אז דאס גופא וואס "יפה כח הבן", קומט "מכח האב", (און דערנאך ווען דאס קומט ארויס אין דעם בן (בגלוי) טוט דאס אויף א שלימות אין דעם אב).

ועד"ז איז בנוגע צו תורה ותפלה, אז תורה איז ממשיך און טוט אויף אין תפלה אז זי זאל קענען דערגרייכן אין עצמות ומהות, און דערנאך טוט אויף תפלה א שלימות אין תורה גופא.

וע"ד דער ענין וואס דוד האט אויפגעטאן אין תורה, אז ער האט מחבר געווען אורייתא מיט קוב"ה.

וואס דער ענין ברייננגט זיך בכ"מ אין מאמרי חסידות, שמזה מובן אז דאס איז שייך לכאו"א, און ניט נאר אז כאו"א זאל דאס לערנען, נאר אז כאו"א זאל דאס אויך טאן, עכ"פ "שמץ מנהו", ע"ד המבואר אין תניא בנוגע צו עבודת משה רבינו ווי ס'איז שייך לכאו"א.

**עה.** עפ"ז איז פארשטאנדיק דאס וואס דער זהר זאגט "זכאין אינון ישראל דקב"ה יהיב לון אורייתא" - ווארום דאס קומט מסביר זיין דאס וואס עס רעדט זיך פריער אין זהר וועגן ענין התפלה ("ברן יחד כוכבי בוקר וירעו כל בני אלקים", און "ויהי ביום השמיני גו'", כנ"ל), דלכאו' ווי קען תפלה וואס קומט פון "ארצה" דערגרייכן אין "שמימה" - איז דער ביאור אויף דעם אז דאס קען אזוי זיין דערפאר וואס "זכאין אינון ישראל דקב"ה יהיב לון אורייתא": תורה איז ממשיך און טוט אויף אז תפלה זאל דאס קענען אויפטאן.

ווי ס'איז געווען בא מתן תורה ווען "קב"ה יהיב לון אורייתא" כפשוטו:

פאר מ"ת איז געווען די גזירה פון "עליונים לא ירדו לתחתונים ותחתונים לא יעלו לעליונים", תחתון בכחו האט ניט געקענט עולה זיין למעלה, און עליון בכחו האט ניט געקענט יורד זיין למטה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז בכדי עס זאל **נתבטל** ווערן די גזירה, האט עס געמוזט קומען ניט פון דעם תחתון - ווארום דער תחתון האט דאך ניט בכח עולה זיין למעלה, איז ווי קען ער בכחו מבטל זיין די גזירה אז עס זאל זיין "תחתונים יעלו לעליונים" און "עליונים ירדו לתחתונים"?!

וואס דאס איז ע"ד הנ"ל - ווי תפלה איז אן ענין בפ"ע, אז זי איז א "סולם מוצב ארצה" - איז ווי קען "ראשו" **בכחו** דערגרייכן אין "שמימה"?!

נאר דער ביטול הגזירה האט געמוזט קומען פון דעם אויבערשטן - "**ואנכי** המתחיל", "וירד ה' על הר סיני",

און דער "ואני המתחיל" גופא איז געקומען דוקא דורך **תורה**: ס'איז געווען "וירד ה' על הר סיני" און דער אויבערשטער האט געזאגט (דוקא) **תורה**; דערנאך איז געווען דער "ומשה עלה אל האלקים", אויך פארבונדן דוקא מיט **תורה**, און דערנאך איז געווען די אמירת עשה"ד, דוקא אמירה פון **תורה**.

די כוונה אבער פון דער "ואני המתחיל" דורך תורה איז געווען - אז עס זאל דערנאך זיין "והתחתונים יעלו למעלה".

ועד"ז איז בנדו"ד: דוקא דורך תורה ווערט אויפגעטאן אז תפלה אין "ארצה" (בתחתונים) זאל דערגרייכן אין עצמות ומהות - אבער די כוונה איז אז דוקא תפלה, (פון) דער **תחתון**, זאל אהינצו דערגרייכן, "תחתונים יעלו למעלה".

**עו.** לאידך גיסא אבער - קען מען ניט יוצא זיין מיט שרייען "קו-קע-רי-קו" כל השנה כולה - נאר עס מוז זיין עבודה למטה בתחתונים דוקא, ער מוז לערנען תורה בפועל;

נאך דער "נכנס בשלום" דער רצוא למעלה, תפלה, מוז זיין דער "ויצא בשלום", דער שוב למטה (כנ"ל בארוכה).

איין מאל א יאר, אחת בשנה, ביום השמיני למילואים, דארף טאקע זיין די עבודה פון רצוה למעלה ממדוה"ג - אבער דאס איז ניט קיין עבודה על כל השנה כולה. בכל השנה כולה דארף זיין די עבודה פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים, "בתחתונים" איז כולל אין זיך ביידע פירושים: **מיט** תחתונים און **אין** תחתונים - ווי דאס איז אין מצוות, אז זיי מוז מען מקיים זיין מיט דברים גשמיים, תפילין בקלף גשמי, אנגעשריבן אויף איר (די פרשיות) מיט דיו גשמי וואס קומט פון עשבים גשמיים וכיו"ב.

**עז.** ע"פ המבואר לעיל איז פארשטאנדיק דער קשר צווישן דעם וואס דער זהר זאגט "זכאין אינון ישראל דקב"ה יהיב לון אורייתא" און רעדט דערנאך וועגן דעם ענין התורה, מיט דעם וואס דער זהר הזיבט אן - "ויהי ביום השמיני גו'" און "ברן יחד כוכבי בוקר ויריעו כל בני אלקים" - ווארום דער ענין פון "זכאין אינון ישראל דקב"ה יהיב לון אורייתא" קומט מסביר זיין ווי תפלה פון א אידן, וואס תפלה איז דאך פארבונדן מיט "ויהי ביום השמיני גו'", און מיט "ברן יחד כוכבי בוקר ויריעו כל בני אלקים", דערגרייכט אין עצמות ומהות, כנ"ל בארוכה.

און דאס (דער "זכאין אינון ישראל דקב"ה יהיב לון אורייתא") גיט אויך א ביאור אין דעם וואס די גמ' זאגט אויף דעם פסוק "ברן יחד כוכבי בוקר ויריעו כל בני אלקים", אז "אין מלאכי השרת אומרים שירה למעלה עד שיאמרו ישראל למטה" - ווארום אידן האבן אן ענין מיוחד בתפלתם, דערפאר וואס "קב"ה יהיב לון אורייתא".

**עח.** ביאור הנ"ל אין דעם קשר פון "זכאין אינון ישראל דקב"ה יהיב לון אורייתא" מיט ענין התפלה וועגן וועלכע עס רעדט זיך פריער - איז אויך מודגש אין דעם ענין פון "ויהי ביום השמיני גו'" גופא (מיט וואס דער זהר הויבט זיך אן):

אין פסוק שטייט "ויהי ביום השמיני קרא משה לאהרן גו'" און האט אים געזאגט די גאנצע פרשה פון וואס צו טאן ביום השמיני למילואים, און דערנאך האט דאס אהרן געטאן.

וואס ברוחניות איז דאס: משה איז ענינו תורה און אהרן איז ענינו תפלה. רופט משה צו אהרן און גיט אים און איז אין אים ממשיך כח צו קענען טאן עבודתו. ד.ה. אז [illegible] אין תפלה דער כח צו קענען עולה זיין למעלה און אויפטאן וואס זי דארף [illegible].

אבער נאך דערויף וואס משה האט קורא געווען אהרן - איז דוקא דורך אהרן האט זיך אויפגעטאן דער השראת השכינה אין משכן ביום השמיני.

און דאס גופא קומט בכח און דורך די משיחה פון משה.

ווי געגערעדט פריער אין דעם ענין פון תורה און תפלה, אז תורה איז ממשיך און טוט אויף אז תפילה זאל קענען דערגרייכן אין עצמות ומהות, אבער בפועל טוט זיך אויף די המשכה פון עצמות ומהות דורך תפלה, ביז העכער ווי ס'איז דא אין תורה, און דאס גופא קומט ע"י תורה.

וואס דערמיט איז אויך פארשטאנדיק דאס וואס מ'האט פריער גערעדט, ווי א איד בעבודתו האט בכח צו דערגרייכן נאך די עבודה אין די שבעת ימי המילואים, אין יום השמיני למילואים - ווארום "זכאין ישראל איבון דקב"ה יהיב לון אורייתא" און דאס גיט אים דער כח.

און אין דעם ענין פון די (עבודה פון די) שבעת ימי המילואים און (די עבודה פון) יום השמיני למילואים זיינען דא פארשידענע דרגות.

**עט.** כאן המקום צו מבאר זיין א שאלה אויף דעם וואס עס האט זיך גערעדט אין דעם זהר פון פ' ויקרא וועגן הקב"ה גוזר וצדיק מבטל.

מ'האט זיך דעמאלט (ש"פ ויקרא) געשטעלט אויף דעם וואס דער זהר זאגט (זח"ג טו, א) אז "הקב"ה גזיר ואיהו (צדיק) מבטל כגון רשב"י", און מ'האט מבאר געווען אז דער זהר ברייגנט א דוגמא דוקא פון רשב"י, דערפאר וואס ער האט מבטל געווען א גזירה וואס איז שוין אראפגעקומען אין א פעולה למטה כמסופר בזהר שם, וואס אויף דאס אויפטאן איז א סאך א גרעסערער חידוש ווי מבטל זיין סתם א גזירה.

האט מען געפרעגט א שאלה פון די גמ' אין ב"מ וואו עס רעדט זיך וועגן דעם ענין פון "הקב"ה גוזר וצדיק ומבטל", אז פון דארטן קומט אויס אז דער הקב"ה גוזר איז ניט קיין גזירה וואס איז אראפגעקומען אין א פעולה למטה.

**פ.** איז דער ביאור בזה בפשטות:

בכלל אין יעדן ענין זיינען דא פארשידענע דרגות.

ועד"ז בנדו"ד: אין צדקות זיינען דא פארשידענע דרגות, ועד"ז אין גזירות זיינען דא פארשידענע דרגות, און ס'איז איבו בדומה איין דרגא אין צדקות צו א צווייטע דרגא אין צדקות, ועד"ז - איין דרגא אין גזירות צו א צווייטע דרגא אין גזירות:

עס זיינען דא גזירות וואס קומען ניט אראפ אין א פעולה למטה, זיי בלייבן מערניט ווי למעלה; און עס זיינען דא גזירות וואס קומען אויך אראפ אין א פעולה למטה.

ועד"ז זיינען דא דרגות אין צדקות בכדי צו מבטל זיין גזירות:

עס זיינען דא גזירות, די גזירות וואס קומען ניט אראפ אין א פעולה למטה, וואס דארפן אנקומען צו א נידעריקערע דרגא פון צדקות בכדי זיי צו מבטל זיין, און עס זיינען דא גזירות, די גזירות וואס זיינען יע אראפגעקומען אין א פעולה למטה, וואס דארפן האבן א העכערע דרגא פון צדקות בכדי זיי מבטל זיין.

**פא.** ועי"ד ווי די גמ' זאגט אין ר"ה אז ס'איז דא דער דין פון ב"ד שלמעלה ווי עס קומט אראפ אין א חותם של טיט, און ס'איז דא ווי דאס איז נאך אלץ אין מחשבה, ועד"ז פארשידענע דרגות.

וכמובן, בכדי משנה זיין דעם דין, איז עס תלוי אין וועלכע דרגא דער דין איז אראפגעקומען: אויב דאס איז אראפגעקומען אין חותם של טיט דארף מען דערצו האבן העכערע כחות דאס צו מבטל זיין, ווי אויב דאס איז נאך אלץ במחשבה.

און דא אין זהר פ' ויקרא - כאפט ער אן די שווערסטע דרגא אין גזירה, א גזירה וואס איז אראפגעקומען אין א פעולה למטה,

און די העכסטע דרגא ונפלאה אין צדיקים, וואס קען מבטל זיין די סארט גזירה.

**פב.** דער ענין (אז אין יעדער זאך זיינען דא פארשידענע דרגות) איז אויך ע"ד ווי מ'האט מבאר געווען כמה שבועות לפנ"ז (בש"פ פקודי) א שאלה וואס איינער האט געפרעגט - אז אזוי זאגט מען דאך אז דער אלטער רבי איז אראפגעקומען למטה בחי"אלול מיט א נשמה חדשה און אלס א "מאור הגדול", און דערנאך זאגט מען אז דער אלטער רבי האט מקבל געווען פון ר' מענדל הוראדאקער - איז ווי שטימען די ביידע זאכן?

האט מען מבאר געווען, אז ס'איז ניטא קיין הכרח צו זאגן אז דער אלטער רבי איז געבארן געווארן אין אן אופן אז ער האט ניט געדארפט אנקומען צו קיין מלמד דרדקי, נאר זיכער האט ער בתחילת חינוכו געהאט א מלמד דרדקי, ובפרט אז אזוי ווערט דערציילט בפירוש אין די שיחות [ועד"ז אויך בנוגע צום צ"צ], און דערנאך איז ער נתעלה געווארן צו א העכערע דרגא בידיעתו ובעבודתו וכו';

ביי אים איז טאקע געווען אן עבודה בדרך הליכה אמיתית, ער איז כסדר נתעלה געווארן, אזוי ווי דאס איז ביי אלע צדיקים - אבער ביחד עם זה איז דאס אן עלי' **מדרגא לדרגא,**

און אזוי ווי ער איז נתעלה געווארן מדרגא לדרגא בעבודתו, איז ער אויך נתעלה געווארן אין ענינים פון הבנה בתורה, אין ענינים פון מבטל זיין גזירות וכו'.

**פג.** וכידוע אז בא צדיקים איז דא דער ענין פון "ילכו מחיל אל חיל", זיי ווערן שטענדיק נתעלה מדרגא לדרגא, און די דרגא צו וועלכע זיי קומען אן איז העכער פאר די דרגא אין וועלכע זיי זיינען געשטאנען לפנ"ז.

ביז אז אזוי געפינט מען אויך בא נשמות אין ג"ע:

עס זיינען דא נשמות וואס זיינען אין ג"ע שוין טויזנטער יארן און דארטן לערנען זיי כסדר תורה,

איז א זיכערע זאך אז זיי ווערן נתעלה מדרגא לדרגא אין תורה, אז בא זיי איז דא דער "לאפשה לה", וואס זיי זיינען מיוס ליום מחדש חידושים וואס זיינען לפנ"ז ניט געווען בידיעתם בתורה, כאטש זיי לערנען שוין דארט תורה טויזנטער יארן!

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צום אלטן רבי'ן, אז ער איז זיכער נתעלה געווארן מדרגא לדרגא, און ס'איז איננו דומה דרגתו בתחילת עבודתו צו דרגתו אח"כ.

**פד.** דעם ענין הנ"ל, אז אין יעדער זאך זיינען דא פארשידענע דרגות - איז אויך אין דעם ענין הנסיונות, ווי מ'האט מבאר געווען (בקשר מיט אן ענין אין תניא) ווי עס האט זיך אפגעדרוקט בימים האחרונים (בהערות הת' ואנ"ש מאריסטאון [illegible] ל).

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק אז ס'איז ניט מוכרח צו זאגן אז יעדער נסיון איז דער טיילטש, אז מ'נעמט צו פון דעם אדם כל בחי' מוחי' שלו און די מדות שלו און כל מדריגות שלו וכו' (ווי געבראכט דארטן אין דעם וואס עס האט זיך אפגעדרוקט) -

נאר עס איז דא א סוג פון נסיונות אין א פשוט'ן אופן, אז מ'שטעלט אים צו א נסיון מבחוץ ממנו, ניט אנרירנדיק זיין מציאות און מעלה;

דערנאך איז טאקע דא אן אנדער סוג נסיון וואו מ'נעמט פון אים צו כל בחי' מוחין שלו און די מדות שלו, און ער בלייבט נאר מיט קבלת עול וכו'.

ווי עס ווערט דערציילט אין ס' שבחי הבעש"ט [איך האב דאס ניט געהערט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, במילא אויב מ'וויל מדייק זיין אין דעם, זאל מען אריינקוקן אינעווייניק], אז עס איז געווען א נסיון מיט א צדיק וואס האט באשטאנען פון דעם, אז ער האט פארגעסן אלץ וואס ער האט געוואוסט, מ'האט פון אים צוגענומען כל בחי' מוחין שלו.

ועד"ז איז דא דער מכתב פון דעם מגיד צום בעש"ט, אז ער זאל קומען צו פארן, ווארום ס'איז דא א צדיק נסתר וואס האט געהאט א נסיון, אז מ'האט פון אים צוגענומען כל בחי' מוחין שלו, ער האט אלץ פארגעסן, און ער איז געבליבן במוחין מערניט ווי א קטן שבקטנים.

דערנאך איז דא נאך א נידעריקערע סוג נסיון, ווי מ'געפינט בא יוסף, אז ניט נאר וואס ער האט געהאט דעם נסיון וואס מ'האט אים צוגענומען מאביו וביתו און געבראכט אין מצרים, נאר ס'איז אויך געווען דער ענין פון "נשני אלקים את כל עמלי ואת כל בית אבי" (מקץ מא, מא), ביז אז אין מצרים גופא האט ער געהאט נאך נסיונות (וישב לט, ז, ואילך), ביז אז עס האט געדארפט זיין "נראית לו דמות דיוקנו של אביו", ווארום אויב ניט וואלט געווען באופן מבהיל (פרש"י שם, יא).

**פה.** דער ענין הנ"ל, אז אין יעדער זאך זיינען דא פארשידענע דרגות - איז אויך אין דעם ענין פון די שבעת ימי המילואים און יום השמיני למילואים:

אע"פ וואס איינער האט עובד געווען עבודתו ביז איצטער בשלימות, ער האט געלערנט תורה בהתלהבות, מקיים געווען מצוות, בהידור הכי נעלה - ער האט דעם ענין פון שבעת ימי המילואים בעבודתו -

דארף ער וויסן אז ערשט דערנאך דארף ער צוקומען צו נאך א העכערע דרגא אין שלימות - צו דעם יום **השמיני** למילואים.

**פז.** דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

[צוה להכריז (עוה"פ) אודות המלוה מלכה ד"צפת".

אח"כ צוה להמכריז הר"ר י.פ. שיחי' לומר לחיים.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, זאלן מאכן א ברכה אחרונה.

נתן המזונות ובקבוק יין להנ"ל.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן "ווי וואבט משלח נאו"].

* * *

**בס"ד. קטע משיחת ש"פ שמיני, פ' פרה ה'תשמ"א.** **הנחה פרטית בלתי מוגה**

**א.** אויף "ויהי ביום השמיני" טייטשט רש"י "אותו היום נטל עשר עטרות".

וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט "שלימות הארץ" - שלימות פון די **עשר** ארצות, וואס וועלן זיין בשלימות בא אידן לע"ל (די שבע ארצות און די ג' ארצות נוספות וואס וועלן צוקומען לע"ל, כמ"ש "כי ירחיב ה' את גבולך").

וואס דער ענין פון "שלימות הארץ" איז פארבונדן מיט "שלימות העם" און מיט "שלימות התורה".

און אזוי ווי אין "שלימות התורה" איז דא דער כלל אז "לא תוסיפו" און "לא תגרעו" אזוי איז דאס אויך אין "שלימות הארץ" און אין "שלימות העם", אז עס דארף זיין "לא תוסיפו" און "לא תגרעו",

און - דער "לא תוסיפו" און "לא תגרעו" זיינען תלוי זב"ז, דער "לא תוסיפו" איז תלוי אין "לא תגרעו", און דער "לא תגרעו" איז תלוי אין "לא תוסיפו".

**ב.** בנוגע צו "שלימות העם" הייסט עס בפשטות - אז דער "לא תגרעו" פון "שלימות העם" און פון "שלימות התורה" איז תלוי אין דעם אז עס זאל זיין "לא תוסיפו" אין "שלימות העם".

מ'זאל ח"ו ניט צוגעבן אין אידן, דורך פארשרייבן ניט אידן אלס אידן בגיור **שלא כהלכה.**

ווי מ'טוט אין א"י ע"פ דער חוק האומלל הידוע דער אומגליקלעכער הוק פון "מיהו יהודי".

וואס דורך דעם רירט מען אן אין די גאנצקייט פון "שלימות העם" פון אלע אידן.

און איצטער אנשטאט דאס מתקן זיין - האט מען געמאכט א ועידה, און ר"ל מצד דער אראפגעפאלנקייט וואס עטליכע אידן האבן אין זיך פאר גוי'שקייט - האט מען אנגענומען צו ניט מתקן זיין דעם חוק, ר"ל!

**ג.** וואס דורך דעם וואס מ'טוט ע"פ דעם חוק, דער פארשרייבונג פון גוים אלס אידן, נארט מען אפ סיי אידן און סיי ניט אידן:

מ'נארט אפ אידן בכל מקום שהם, וויבאלד אז זיי מיינען אז פלוני בן פלוני איז א איד, ווארום אזוי שטייט געשריבן אין זיינע פאפירן.

און נאכמער - דורך דעם שטעלט מען איין אידן בכל מקום שהם אין סכנה ממש, ווארום א אידישער בחור קען טרעפן א גוי'שע מיידל וואס אירע עלטערן האט מען פארשריבן אלס אידן אע"פ וואס מ'האט זיי ניט מגייר געווען כהלכה, און ער ווייס ניט וויסן אז זי איז ניט קיין אידישע, ועד"ז פארקערט בנוגע צו א אידישע מיידל וואס טרעפט א גוי'שער בחור!

און דערצו נארט מען אויך אפ דעם גוי וועמען מ'פארשרייבט אלס איד, ווארום ער מיינט אז דורך דעם איז ער א איד און דערנאך ווען ער האט קינדער איז ער זיי מגדל אלס אידן און זיי מיינען אז זיי זיינען אידן - אע"פ וואס באמת זיינען זיי בכלל ניט קיין אידן!

ד. און דאס איז ניט א זאך וואס קען טרעפן, וואס דאס איז אויך אן עוולה גדולה - נאר אזוי איז טאקע געווען בפועל.

און ווי ס'איז געווען א מעשה מיט א גוי'שע מיידל וואס איז געקומען פון אה"ק צו אן אנדער ארט קרוב צו ניו יארק, וואס אירע עלטערן האט מען פארשריבן אלס אידן אין אה"ק, האט זי געמיינט אז זי איז א אידישע.

און זי האט געטראפן א אידישן בחור, און פאר דעם וואס זיי האבן געהאלטן בא חתונה האבן, האט דער בחור מברר געווען און אויסגעפונען אז זי איז ניט קיין אידישע, ווארום מ'האט אירע עלטערן מגייר געווען שלא כהלכה, מערניט ווי פארשריבן אלס אידן, און ער האט אפגעבראכן דעם שידוך.

די מיידל, זעלבסטפארשטענדליך, איז געווארן זייער אין כעס אויף אירע עלטערן, פארוואס זיי האבן איר אזוי אפגענארט און מגדל געווען אלס א אידישע מיידל, ווען באמת איז זי א גויה, און ווי האבן זיי איר געקענט אזוי אומגליקלעך מאכן איר גאנצן לעבן, און אז זי וואלט זיך קיין מאל ניט פארשגעשטעלט אז אירע עלטערן וואלטן געקענט טאן אזא מין זאך צו איר!

ה. וואס דערפאר איז דער קאמפ קעגן דעם חוק האומלל פון גיור שלא כהלכה, איצטער געווארן ניט נאר א קאמפ פאר הלכה, נאר א קאמפ פשוט פאר צדק ויושר און פאר "דעמאקראטיע" און פאר "ליבעראליזם" מיט די אלע נעמען אויף דעם -

ווארום דאס טוט מען א זאך וואס איז היפך השכל היפך הצדק והיושר היפך אלע ענינים ווי מענטשן פירן זיך - ווארום דאס שאט סיי זיך אליין, כנ"ל, ובפרט אז אויף יעדערער פון די גוים וואס מ'פארשרייבט אלס א איד גיט מען ארויס צענדליקער טויזנטער דאלארן, 20,000 דאלאר פאר א משפחה!

און היפך הצדק והיושר פאר דעם גוי - ווארום דערמיט נארט מען אים אפ און ער טראכט אז ער איז א איד, וואס דאס וועט אים מאכן אומגליקלעך כל ימי חייו.

און דערצו פארן ארויס שלוחים פון אה"ק קיין הודו, קיין "מארסיי" (אין פראנקרייך), קיין יון וכו' און מ'רעדט איין גוים צו קומען קיין אה"ק און מ'פארשרייבט זיי אלס אידן!

וואס דאס טוט מען מיט געלט וואס מ'האט געמאכט ביי אן "אפיל"!

וואס טאן אזא זאך קומט ממש פון ס"מ!

וואס באמת איז דאס א טובה סיי פאר אידן און סיי פאר גוים אז דער גוי זאל ניט קומען קיין אה"ק, ווארום דאס איז ניט מקומו.

ו. בשעת מ'פרעגט אים ווי קען ער שטימען פאר א חוק וואס איז היפך הצדק והיושר פאר אידן און פאר גוים (ניט נאר וואס דאס איז היפך ההלכה) -

ענטפערט ער אז ער מוז דאס טאן בכדי ער זאל קענען זיצן אין כנסת, מ'זאל פאר אים שטימען וכו', און דאס וועט העלפן פאר צדק ויושר, ווארום ס'איז ניטא קיין בעסערער צו טאן אין צדק ויושר ווי ער,

און דערפאר, דורך דעם וואס ער וועט זיצן אין כנסת דורך איצטער שטימען פארן חוק "מיהו יהודי", וועט עס שפעטער העלפן פאר צדק ויושר!

אך און וויי צו אים און צו די אידן אין אה"ק וואס שטימען פאר אים - אז די איינציקע וועג ווי ער קען אנקומען אין כנסת איז דורך שקר און היפך הצדק והיושר!

דורך דעם וואס מ'נארט אפ אידן און גוים און מ'מאכט זיי אומגליקלעך, און אן קיין טעם ע"פ שכל אין דעם, אן קיין תועלת בדבר - ער טוט עס מערניט צוליב עקשנות!

וואס אפילו א בהמה וואלט זיך אזוי ניט געפירט!!! דאס איז היפך השכל פון נפש הבהמית!

ז. און פון דעם ענין וואס מ'רירט אן אין "שלימות העם", וואס מ'טשעפעט זיך מיט גיור כהלכה, קומט מען צו דעם וואס מ'טשעפעט זיך מיט "שלימות הארץ",

וואס מ'זעט אז דוקא די וואס זיינען קעגן גיור כהלכה זיינען אויך קעגן "שלימות הארץ" - קעגן האלטן די שטחים וואס דער אויבערשטער האט אפגעגעבן ע"י נס צו אידן.

וואס הכל מודים אז די שטחים האט מען באקומען ניט ע"י "כחי ועוצם ידי", נאר דורך א נס פון דעם אויבערשטן,

ווי מ'האט געזען בא דער מלחמת ששת הימים אז ס'איז געווארן א מהומה צווישן די שונאים, ע"ד ווי ס'איז געווען בא דער מלחמה מיט ארם, וואס דאס איז זיכער ניט געקומען ע"י "כחי ועוצם ידי".

און אעפ"כ זיינען דא אידן וואס ווילן אפגעבן די שטחים צוריק צו די גוים!

ח. וואס דאס רעדט זיך ניט וועגן די ג' ארצות וואס מ'וועט באקומען ווען עס וועט זיין "כי ירחיב ה' את גבולך" - נאר וועגן די שטחים וואס דער אויבערשטער האט אלצטער אפגעגעבן אידן, די ארץ שבעה עממין, איז אפילו דאס וויל מען אפגעבן די גוים!

און ניט נאר וואס מ'וויל אפגעבן - מ'האט שוין בפועל אפגעגעבן!

מיט די טענה אז דורך דעם וועט ווערן שלום.

ס'טייטש - ווי קען דורך דעם ווערן שלום: דו גיסט אפ שטחים וואס זיינען נוגע צו בטחון המדינה, און אויב מ'גיט זיי אפ איז דאס פקו"נ ממש, און דער צד שכנגד גיט גארניט אפ?!

ענטפערט ער, אז דער צד שכנגד האט גע'חתמ'ט א פאפיר אז מ'וועט האבן שלום און גוטע באציאונגען וכו'.

וואס הייסט; נניח אפילו אז זיי האלטן ווארט וואס עס שטייט אין פאפיר, האבן זיי אבער נאר גע'חתמ'ט א **פאפיר**,

וואס בשעת מ'חתמ'ט א פאפיר קען מען אויף מארגן חרטה האבן, משא"כ דו גיסט אפ שטחים כפשוטן?!

און נאכמער - דו האסט אפגעגעבן שטחים וואו עס געפינט זיך "אויל" (נפט) וואס דאס איז ממש נשק, און דאס קענען די מצריים נוצן ניט נאר אויף הגנה נאר אויך אויף התקפה!

ענטפערט ער, אז אלס אידן וויל מען באווייזן אז מ'איז א פאלק וואס פירט זיך ע"פ צדק ויושר און אז מ'האלט ווארט וכו'.

וואס הייסט דו ווילסט זיך פירן ע"פ צדק ויושר און אז דו האטלסט ווארט - בשעת דער צד שכנגד האט תיכף ומיד נאך דעם וואס זיי האבן גע'חתמ'ט זיך אויפן פאפיר געפירט זיך קאפויר פון ווי זיי האבן גע'חתמ'ט!

מ'האט אפגערעדט און גע'חתמ'ט אז מ'וועט ניט אריינברענגען אנשי צבא אין דעם שטח פון סיני וואס מ'גיט אפ - איז תיכף ומיד האט מצרים דארט אריינגעשיקט אנשי צבא!

אלי זיי האבן גע'חתמ'ט אז זיי וועלן דאס ניט טאן - האבן זיי געפונען אן עצה אויף דערויף: מ'האט געהייסן די אנשי צבא צו זיך אנטאן אין בגדי חול (ניט בגדי צבא) בשעת מ'פליט צו די שטחים [ע"ד ווי מלך ערד האט געטאן]!

וועמען נארט מען דא אפ?! אלע ווייסן אז דאס זיינען אנשי צבא!

ס. דערצו האט מצרים אריינגעלאזט אין די שטחים די פ.ל.א. וואס דארטן לערנט מען זיי תכסיסי מלחמה ווי צו זיין טעראריסטן, און די מטרה בזה זאגט מען אן, איז, אז זיי זאלן דארטן פארן במקום פלוני, און דארטן אפטאן ר"ל וואס זיי טוען!

אין די שטחים גופא וואס מ'האט אפגעגעבן מצרים געפינט זיך על גבול ארץ ישראל - איז מען מחנך מחבלים, מיט דער מטרה אז זיי זאלן פארן במקום פלוני און מ'ווייזט זיי אן דעם מקום - ניט אין ירדן אדער אין סעודיע אראביע - נאר במקום פלוני, און אפטאן מעשה חבלנות ר"ל!!!

און דאס איז ניט קיין סוד, אז מ'לערנט זיי באהאלטענערהייט אז קיינער זאל ניט זען, אזוי ווי להבדיל אידן פלעגן לערנען אין א קעלער אין רוסלאנד -

נאר מ'לערנט זיי בגלוי לעין כל און אלע ווייסן דערפון!

ס'איז מערנליט וואס אין די ארץ ישראל'דיקע צייטונגען לאזט מען וועגן דעם ניט דרוקן - אבער אין צייטונגען בחו"ל האט מען געדרוקט וועגן דעם,

און בשעת מ'פרעגט זיי (די אידן אין א"י וואס האבן אפגעגעבן די שטחים) וועגן דעם - האבן זיי א פארטיקן תירוץ - אז לא הי' דברים מעולם, להד"ם!

און בשעת מ'ווייזט זיי דאס אן באצבע, ע"ד מארז"ל "מראה באצבע ואומר זה" - זאגן זיי גענוג אז מ'האט געזען, מ'דארף אבער ווייטער ניט רעדן וועגן דעם, עס זיינען דא וויכטיקערע זאכן וועגן וועלכע מ'דארף רעדן וכו'!

ל. וואס אפילו מצרים וויל אויך ניט האבן די פ.ל.א. דארטן אין די שטחים, אבער מ'האט אויף זיי לוחץ געווען מבחוץ זיי זאלן זיי דארטן אריינעמען,

ועוד - ע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו די זקני מדין, אז אזוי זיינען זיי אלע געווען צוקריגט און זיך געריסן צווישן זיך, בשעת ס'איז אבער געקומען צו שלאגן זיך קעגן אידן, זיינען זיי נתאחד געווארן - עד"ז איז בנוגע צו מצרים און די פ.ל.א.

אבער אידן דארפן זיך ניט לאזן נארן וועגן דעם וואס די פ.ל.א. געפינען זיך אין יענע שטחים, און מ'ווייס וואס די כוונה איז אין זייער זיין דארט!

אעפ"כ מאכט מען זיך דערפון ניט וויסנדיק און מ'באהאלט דאס פון אנדערע - און מ'שרייבט אז דורך דעם וואס מ'האט אפגעגעבן די שטחים האט מען שלום!

ר"ל צו אזא שלום!

דער עיקר איז, אז מ'זאל זיך דערפון אפלערנען אויף ווייטער ניט אפגעבן קיינע שטחים, זעענדיק די צרות וואס זיינען ארויס פון דעם אפגעבן ביז איצטער.

**יא.** ועד"ז בנוגע צו דעם חוק קעגן גיור כהלכה - זעט מען אויך די צרות וואס זיינען דערפון ארויס,

אנהויבנדיק פון די צרות וואס מ'האט געהאט פון שליט הידוע, וואס ער און די זיינען די "אבי אבות" וואס האבן "זוכה" געווען צו אראפפירן אידן וואס זיינען געווען דתיים בחייהם הפרטי אויף מאכן דעם חוק פון "מיהו יהודי", האט מען פון זיי געהאט צרות סיי ווען זיי זיינען געווען אין א"י, און אויך דערנאך ווען זיי זיינען ארויס פון א"י, והלואי ווייטער ניט האבן קיין צרות פון זיי.

נוסף צו די אלע אנדערע צרות וואס איז דערפון ארויס.

וואס אמאל זיינען געווען די וואס האבן זיך געקענט דינגען צי דער חוק פון "מיהו יהודי" דארף גורם זיין מרה שחורה אדער מרה לבנה -

אבער איצטער, זעט מען די צרות וואס זיינען דערפון ארויס אין די לעצטע צען אומגליקלעכע יארן זינט מ'האט אנגענומען דעם חוק האומלל!

איז אנשטאט דאס מתקן זיין - איז איצטער נאך צוגעקומען אז א "ועידה" האט געשטימט קעגן מתקן זיין דעם חוק!

ווי איז צו דעם חושך כפול ומכופל פון גלות וואס האט זיך געפונען אין דער "ועידה" בשעת זיי האבן אזוי געשטימט!!!

**יב.** און די עיקר סיבה אויף דעם וואס די אידן שפארן זיך אזוי סיי בנוגע צו "שלימות העם" סיי בנוגע צו "שלימות הארץ" - איז דערפאר וואס זיי האבן אין זיך א מורא'דיקע אראפגעפאלנקייט פאר גוים און פאר גוי'שקייט.

און דאס הייסט "עצמאות"!!!

בשעת די ממשלה איז געווען פון **גוים**, און דער "פאליסמאן" איז געווען א **גוי** וכו' - איז מען ניט געווען אזוי אראפגעפאלן פאר דעם גוי און פאר גוי'שקייט - ווי בשעת די ממשלה איז פון **אידן** און מ'זיצט אין "כנסת" און דער "פאליסמאן" איז א **איד וכו'**!

בא די אידן איז ניטא קיין "גאון יעקב"!

בשעת ער זעט אז דער גוי גיט אים א שמייכל - פארלירט ער זיך אינגאנצן און איז גרייט אלץ טאן!

ער איז אפילו גרייט ארייננשטעלן אין סכנה דריי און א האלב מיליאן אידן, הי' לא תהי', צוליב א שמייכל, אדער א ספק שמייכל, פון א גוי!

**יג.** גוים האבן דאך ניט קיין בחירה, איז די אלע ענינים וואס זיי האבן אפגעטאן אין די שטחים, ווי אויסגערעכנט פריער (ס"ט-י) ווי ארייננשיקן דארט אנשי צבא און ברייננגען דארט די פ.ל.א. און שאר הענינים אויף וועלכע זיי האבן זיך צוריק געצויגן פון זייער ווארט - איז נאר צוליב דעם וואס דער אויבערשטער מאכט א נסיון פאר אידן: עד מתי און עד היכן וועלן אידן זיין אראפגעפאלן פאר גוים און פאר גוי'שקייט און צוליב דעם וועלן זיי ווייטער אפגעבן שטחים, כאטש זיי זעען צו וואס פאר א סכנה דאס ברייננגט זיי?!!!

יד. ויה"ר אז "לב טרים" זאלן ניט ווערן נעמען וואס די אידן ווילן זיי אפגעבן, וואס באמת ניט זיי דארפן דאס און ניט זיי ווילן דאס, עס איז מערניט וואס די אידן טשופן אז די גוים זאלן דאס נעמען!

און הלואי מ'זאל דערצו ניט דארפן אנקומען, ווארום אידן אליין וועלן זיך האלטן שטארק מיט די שטחים.

ויה"ר אז מ'זאל צוקומען צו "שלימות הארץ", אנהויבנדיק פון די שבע ארצות, און דערפון צוקומען צו "ויהי ביום השמיני" וואס דעמאלט איז "נטל **עשר** עטרות" - אז מ'זאל האבן די אלע עשר ארצות בשלימות, ווארום "ירחיב ה' אלקיך את גבולך",

ס'איז נאר מטעם הידוע ליוצרו וואס דערווייליע האט מען דאס ניט אפגעגעבן אידן.

און עס זאל זיין נאך אין זמן הגלות "ולכל בני ישראל הי' אור במושבותם", און אידן זאלן שטיין "ביד רמה", און דורך דערויף וועט מען צוקומען אז מ'וועט אויך ארויסגיין פון גלות "ביד רמה",

בגאולה האמיתית והשלימה, בקרוב.

* * *

**רשימת דברי כ"ק אדמו"ר שליט"א בעת ה"יחידות" דמשפ' מרגליות שיחיו מאנגלי', יום ה' ט"ו בשבט ה'תשמ"א.**

כ"ק אד"ש: מיר טרעפן זיך דאך איצטער ביי א שמחת חתונה, וואס בכלל אז אידן טרעפן זיך איז דאס א שמחה, ובפרט אז מ'טרעפט זיך בא א שמחה, ועאכו"כ בשעה מ'טרעפט זיך בא א (שמחת) **חתונה**. והביאור בזה:

דער אויבערשטער האט באשאפן די וועלט אין זעקס, זיבן טעג, ניט מער, זי איז באשאפן געווארן מיט א מדידה והגבלה,

ס'איז אבער באשאפן געווארן דורך דעם אויבערשטן אז ס'זאל זיין אין דער וועלט א כח אין סוף (אן א באגרענעצונג), וואס וואו דריקט זיך דאס אויס - בשעת מ'האט חתונה, און דער אויבערשטער בענטשט אז מ'האט קינדער, דערנאך האבן די קינדער חתונה, און זיי האבן קינדער - איז דאס א זאך פון אין סוף.

וואס דערפאר איז דאס אן ענין של שמחה, און אזא מין שמחה - אז דארטן ווערט נתגלה דורך דערויף (דורך דער חתונה) דער כח פון דעם אויבערשטן, דער כח האין סוף.

און דער כח האין סוף ווערט נתגלה אין אן אופן - אז אפילו מענטשן קענען דאס אפשאצן:

בשעת מ'זאגט א מענטשן אז די זאך איז אין סוף, דארף מען אים דאס געבן צו פארשטיין - פארוואס, און ווי אזוי;

בשעת מ'זאגט אים אבער אז א אידישע פאר-פאלק האט חתונה, און זיינען מקיים מצוות פו"ר, און דער אויבערשטער בענטשט זיי "ומלאו את הארץ וכבשוה" - דארף ער ניט האבן קיין אמונה און הסברות, ער **זעט** אין דערויף דעם אויבערשטנ'ס א כח, און א כח וואס זעט זיך ארויס בגלוי.

און דעמאלט איז ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר פלעגט זאגן: אז בשעת צוויי אידן טרעפן זיך, איז אז פאר זיי איז דאס א טובה איז קיין ספק ניט, זיי דארפן אבער זען אז ס'זאל ארויס א טובה א דריטן אידן, אדער נאך צוויי אידן -

איז בשעת ס'איז דא א ענין של שמחה, און ס'איז א שמחה וואס איז פארבונדן מיט א (שמחת) חתונה וכיו"ב - איז יהי"ר אז יעדערער פון אונז זאל זיך משתדל זיין אז דערפון זאל ארויס א טובה, נוסף אויף פאר זיך, אויך אויף נאך א אידן, און ניט נאר אויף נאך אידן, נאר - אויף א סאך אידן.

און דערנאך וועט זיין די שמחה הכי גדולה - מ'וועט גיין טאנצן אנטקעגן משיח צדקנו,

און ס'זאל זיין טאקע בקרוב ממש, ניט אפלייגן אויף א טאג - אויב ס'קען זיין מיט א טאג פריער.

איך האב אמאל געהאט א טענה פון א גביר, ער האט גע'טענה'ט צו מיר: איך זאג אים ס'זאל קומען משיח, פרעגט ער ביי מיר - וואס וועט ער דעמאלט טאן מיט זיינע געלט?!

איידער משיח קומט איז ער א גביר, און ניט שייכות צו זאגן - ער קען אנפירן מיט א גאנצע וועלט!



רשימה פרטית בלתי מוגה

האב איך אויף דעם געענטפערט: בשעת משיח וועט קומען, וועט קומען אלי' הנביא, און אלי' הנביא וועט פארענטפערן אלע קושיות (- אזוי זאגט די גמ', און אזוי שטייט אין ספרים),

איז אזוי ווי איר האט א גרויסע קושיא, איז דאך צוזאמען מיט משיח'ן קומט אלי', וועט ער פארענטפערן אייך די קושי', און איך בין זיכער אז ער וועט זיין צופרידן.

זאל דער אויבערשטער העלפן אז מ'זאל אויסנוצן די. געלט ווי מ'האט דאס איצטער, אויף א גוטן אופן, סיי געלט בפשטות - כסף וזהב; סיי די כחות און מעגליכקייטן וואס דער אויבערשטער גיט אויף טאן גוטע זאכן אין וועלט, וואס דאס איז דאך דער גרעסטער אייגענטום וואס מ'קען האבן.

און בקרוב ממש זאל דאס נאך מער צוהיילן משיח'ס קומען,

און דערווייילע, אין די לעצטע טעג פון גלות, מוסיף זיין (צוגעבן) אין לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, און איינבוירקן אויף אלע אידן, אדער אויף די וועלכע מ'קען צו זיי דערגרייכן, אז זיי זאלן אויך אזוי טאן.

און ווי געזאגט פריער, גיין [מ'האלט דאך איצטער אין פרשת יתרו וואו מ'גייט ליינען וועגן קבלת התורה, זאל מען מקבל זיין קבלת התורה, (פרשה יתרו) און דערנאך - גיין מיט תורה און מצוות] מקבל זיין פני משיח צדקנו,

און מיטנעמען מיט זיך קינדער, און קינדס קינדער, געזונטערהייט און פריילעכערהייט,

און ס'זאל זיין בקרוב ממש.

עס פירט זיך בא אונז א מנהג, אז בשעת מ'טרעפט זיך מיט א אידן וואס פארט אוועק, איז אז ס'זאל זיין הצלחה אין דער נסיעה - גיט מען אים א שליחות מצוה, אז ער זאל דארטן וואו ער קומט אן אפגעבן אויף צדקה.

וועט איך זיך ערלויבן געבן יעדערן פון אייך א דאלאר [ניט ח"ו אז איר זאלט זיך מיט דעם באגנוגענען, נאר דאס איז אויף מוסיף זיין א דאלאר אויף די פריערדיקע נתינות, ובכל אופן - אלס א שליחות מצוה איז דאך נוגע די עצם מקיים זיין א מצוה],

און דער אויבערשטער זאל מצליח זיין אז יעדער איד זאל מוסיף זיין אין קיום המצוות, און אין מצוות צדקה - אריינברענגען א הועלת פאר א צווייטן אידן, ברוחניות אדער בגשמיות.

און דערנאך זאלן אלע אידן צוזאמען גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו.

[חילק לכאו"א מהם שטר של דאלאר].

נאך א מאל מזל טוב פאר דער חתונה, און ס'זאל זיין א סאך שמחות אין דער משפחה, און אין אלע אידישע משפחות.

רז"מ: איר זאלט ווייטער האבן כח פירן כלל ישראל אויף די פלייצעס.

אד"ש: כח גיט דער אויבערשטער, אבער הורה דארפן אידן געבן, איר און אייער משפחה.

ס'שטייט "הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים", בשעת מ'דארף איינווירקן אויף א אידן, אדער אויף זיך אליין, דאס קען ניט דער אויבערשטער, אויף דעם דארף מען אליין הארעווען, אליין טאן - און דאס דארף איך אנקומען צו אייך.

מרדכי מ.: האוה"ח פ' וישב (לז, כא) אומר שהבחירה היא למעלה מהשגחה העליונה, א"כ מהו הפי' בזה שדוד המלך אמר על שמעי בן גרה "ה' אמר לו קלל", ה"ז תלוי בבחירת האדם?

אד"ש: דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ (דעםביישפיל פון "ה' אמר לו קלל") אין אגה"ק סכ"ה [אלס א ביישפיל], און איז מבאר - אז דאס וואס ער איז געווען חייב איז "על רוע בחירתו" (אויף דעם וואס ער האט געמאכט די בחירה):

שמעי בן גרה האט נאר געקענט מאכן די בחירה, דערנאך אבער האט ער געדארפט זאגן דעם היפך הברכה בפועל, און אויף דערויף האט ער געדארפט האבן דעם כח הדיבור, דעם כח השפתיים און דעם כח הגרון - און דאס וואלט ער ניט געקענט האבן נאר דורך דעם סיוע וואס דער אויבערשטער גיט אים (אזוי איז פארשטאנדיק פון דעם בריוו).

הנ"ל: הרי בדין של "לא תקום" מבאר הרמב"ם בזה, מכיון שזהו עפ"י השגחתו ית' שיקבל העונש, לכן "לא תקום", ועפ"י הנ"ל שתלוי בבחירתו הרי לא שייך הסבר הרמב"ם?

אד"ש: דאס ברענגט אויך דער אלטער רבי, ער שטעלט זיך אויפן מארז"ל "כל הכועס כאילו עובד עכו"ם", אז אויב ער איז אין כעס געווארן אויף א אידן וואס האט אים געטאן ניט קיין גוטע זאך, זאגט מען - אז ער איז עובד ע"ז. והביאור בזה:

אויב ער איז א מאמין אין דעם אויבערשטן, איז אז יענער האט אים געמאכט א שאדן, איז ניט דער פשט אז יענער האט געוואלט מאכן א שאדן וואס קומט אים ניט, נאר ווייבאלד אז ער האט באקומען א שאדן - איז א סימן אז ער האט געדארפט באקומען דעם שאדן,

נאר וואס? - עס האט געקענט זיין דורך אן אנדערן, געקענט זיין דורך א בעל חי, געקענט זיין דורך א גוי, בשעת דער איז געקומען און האט זיך אויסגעקליבן פאר א שליח אויף מזיק זיין א אידן, איז דער עונש וואס קומט אים - "על רוע בחירתו" (דאס איז דער לשון פון אלטן רבי'ן): אזוי ווי ער האט גענוצט זיין בחירה אויף א שלעכטער זאך, דערפאר איז מען אים מעניש.

בשעת אבער דער צווייטער זאגט און ווערט אין כעס אויף דעם אידן, כאילו דער איד האט אים מזיק געווען - הייסט דאס אז ער איז עובד ע"ז, ווארום ער האלט אז א מענטש קען אים טאן א זאך וואס דער אויבערשטער האט אים ניט צוגע'פסק'נט.

די זעלבע זאך איז אויך אויף דעם ענין וואס איר זאגט: דאס וואס ס'קומט אן עונש א מזיק, קומט עס דערפאר וואס ער האט גענוצט זיין בחירה, ער האט עס געקענט ניט טאן און ער האט עס יא געטאן;

דער ניזק אבער אויב ער ווערט אין כעס אויפן בן אדם, איז א סימן אז ער האלט אז דער אויבערשטער האט עס גארניט געוואלט, און דער בן אדם האט אים מזיק געווען - איז דאס היפך פון עבודת ה'.

וואס דאס איז אויך אן ענטפער אויף א סאך קושיות.

און דאס איז אויך דער ענטפער אויף דעם וואס מ'פרעגט בנוגע צו גלות מצרים: ס'איז דאך געווען די גזירה פון "ועבדום וענו אותם ארבע מאות שנה" (וא"כ מהו עונשם של מצרים)?

איז איינער פון די תירוצים (ס'איז דא אין דעם א סאך תירוצים):

דער אויבערשטער האט גוזר געווען אז אידן דארפן זיין אין גלות "ארבע מאות שנה", ער האט אבער ניט געזאגט אז דאס דארף סאן **דער** גוי,

בשעת ס'קומט צוגיין אט **דער** גוי און זיך גענומען אויף דער שליחות - קומט אים דער עונש, וויבאלד ער האט זיך אויסגעקליבן פאר א שליח אויף ניט קיין גוטער זאך.

דערפאר איז פארשטאנדיק אויך אויף דעם צווייטן זייט: ס'איז דא בשעת א גביר גיט א סאך צדקה, קומט צוגיין דער יצר און איז אים מבלבל, און זאגט אים: דאס וואס יענער איד האט געדארפט באקומען זיין פרנסה, איז מסתמא האט מען אזוי אפגע'פסק'נט ר"ה,

איז אז דו וואלסט אים ניט געגעבן וואלט ער סיי ווי באקומען, אזוי האט מען ג'חתם'ט אין דער כתיבה וחתימה טובה -

איז וואס דארפסטו בא זיך צונעמען כדי אפצוגעבן א אידן, ווען ניט דו, וואלט ער סיי ווי באקומען פון אן אנדערן?!

וואס דאס איז איינער פון די גרעסטע אפקילעכצן וואס מ'פועל'ט אויף א אידן, מען זאגט אים: וויבאלד דער אויבערשטער פירט די וועלט, פארלאז זיך אויף דעם אויבערשטן! פארוואס דארפסטו הארעווען און דערנאך אפגעבן די געלט א צווייטן?!

שטייט אבער אין ספרים, אז דאס איז זיין אמת'ער "אייגענטום":

זאגן אז דער "אייגענטום" איז דאס וואס מ'האט אין "באנק" - איז מען ניט זיכער וואס וועט זיין מארגן, עס קען זיין - ניט פאר אייך געדאכט - אז מען וועט דארפן ארויסנעמען, צונעמען, צאלן "טעקסעס" וכיו"ב;

דער "אייגענטום" אבער וואס מ'האט שוין ארויס געגעבן אויף צדקה - איז דאס א זאך וואס קיינער קען פון אייך ניט צונעמען, דאס איז אייער "מצווה", אייער "עוה"ב", און דערנאך - צדקה גיט מען שכר אויך אין עוה"ז.

און דאס איז אן אייביקע זאך, "צדקתו" איז "עומדת לעד":

די געלט וואס מ'האט אין "באנק" - איז דערנאך גייט אוועק א טייל אויף "טעקסעס", גייט אוועק אויף פארן אהין, פארן אהער - זאכן וואס מצד עצמם (מצד זיך אליין) האבן קיין תועלת ניט;

אז מ'נעמט געלט און דערפון זעצט מען אוועק א מלמד ער זאל לערנען מיט אידישע קינדער, אדער אפילו אז מ'גיט א אידן צו עסן, אויב ער דארף דערצו אנקומען - איז דאס א זאך וואס בלייבט אייערס לעד לנצח נצחים.

און דאס איז דער אמת'ער "אייגענטום" וואס מ'דארף אין עוה"ז און אין עוה"ב.

און ווי מ'זעט איצטער (אזוי האב איך געהערט) אז די קיסרן אין ענגלאנד גיט א "טייטל" דער וואס גיט א סאך אויף צדקה; זעט מען אז אפילו גוים גיבן א

"טליטלי" א "נייט הוד" (- איך ווייס ניט ווי עס הייסט דארטן) דערפאר וואס ער איז א גרויסער עסקן ציבורי, גיט א סאך אויף צדקה וכו' וכו'.

און טאמער איז דאס ניט דערפאר - איז דאך דאס איינע פון די מצוות בני נח די צדקה וואס זיי דארפן געבן, אבער דערווייילע שטארקט דאס אידן אז זיי זאלן זוכה זיין געבן א סאך צדקה.

און מ'האט די הבטחה, אז בשעת מ'גיט הונדערט פונט אויף צדקה, גיט דערנאך דער אויבערשטער פיר הונדערט פונט כנגד זה, פיר מאל אזוי פלל, און בשעת מ'גיט א מיליון פונט אויף צדקה, האט מען פון דעם אויבערשטן פיר מיליון פונט!

און דא האט איר א מעגליכקייט - איך ווייס ניט וואס אייער אפעטיט איז, אבער בכל אופן - איז "ארבע הידות יהל' לכם" (אזוי שטייט דער לשון)",

און זאל דער אויבערשטער העלפן אז מ'זאל טאן אין דערויף בשמחה ובטוב לבב.

א תודה חמה אויב צווישן אייערע צדקות וואלט איר געגעבן אויך פאר די מוסדות וואס פירן זיך ברוח פון כ"ק מו"ח אדמו"ר,

הגם אז מצד צדקה קענט איר יוצא זיין במקום אחר, אבער איך וואלט געדארפט זוכן א צווייטן - איז פארשפארט מיר עגמת נפש, פארשפארט מיר די טרחא און די דאגה.

ויה"ר אז איר זאלט מוסיף זיין כמה פעמים, און דאס זאל זיין פאר אייך, פאר אייער בעל הבית'טע, פאר אייערע קינדער, און אין אן אופן פון מוסיף והולך ואור.

רז"מ: ביקש ברכה עבור חמיו ומסר ד"ש ממנו.

אד"ש שאל לשמו, ואמר: ער זאל האבן א אריכות ימים ושנים טובות, און א דאנק אייך פאר דעם גרוס, און איר זאלט לאזן גריסן פון מוסדות ליובאוויטש אין לונדון - און ניט ווי איינער וואס געפינט זיך מבחוץ, נאר ווי איינער וואס געפינט זיך אינעווייניק.

מ'זאל הערן בשורות טובות, ובקרוב ממש זאל זיין א בנין עדי עד.

בס"ד. תוכן ונקודות מר"ד כ"ק אד"ש בעת ה"יחידות" של הר' א.ל. יום ה' י"ז שבט ה'תשמ"א.

רשימה פרטית בלתי מוגה

כ"ק אד"ש: מה שלום אביך? הנ"ל: ב"ה, כ"ק אד"ש: חז"ל אומרים שב"ה היא לא תשובה מספקת,

הנ"ל: ענה בפרטיות, וכ"ק אד"ש שאלו פרסים,

כ"ק אד"ש: בכלל אף פעם לא אמרתי ולא רמזתי לאביך בנוגע להדפיס ענינים בנגלה ורק בעניני הוראות רבותינו נשיאינו, אם יפרסם ענינים בנגלה - ובכלל חסידים אם לא היו נוהגים הצנע לכת בפרסום ענינים בנגלה הי' פחות התנגדות לחסידות, הרי מבקרים אצלו הרבה רבנים ואם היו רואים ענייניו בנגלה היו מסתכלים אחרת, ובכלל המתנגדישע בחורים שומעים מהר"י שלהם ענינים בנגלה וזה הם יודעים וע"ז מתפלפלים, וכששואלים אצלהם ענין מהצד לא יודעים מה נעשה, ולכאו' אין אצלהם הענין של לימוד חסידות ועבודת התפלה, הי' צריכים ללמוד יותר נגלה, אבל למעשה זה לא כך,

ובכלל שידפיס שו"ת ובפרט שמות בגיטין, הנ"ל: בב"ב לא עושים גיטין,

כ"ק אד"ש: ומה הי' לפני קום המדינה, הוא הרי רב 38 שנה.

הנ"ל: מתרצ"ד,

כ"ק אד"ש בוודאי שישתתף באיזה שיעור כאן ועי"ז יהי' קשר בין ב' הישיבות. -

**בס"ד. רשימת דברי כ"ק אדמו"ר שליט"א בעת ביקור האדמו"ר מבעלז שליט"א, יום ג', ד' אדר שני ה'תשמ"א.**

**רשימה פרטית בלתי מוגה**

**א.** [כ"ק אדמו"ר מבעלז הגיע בשעה 2:10 ונכנס לחדר של כ"ק אדמו"ר שליט"א. כ"ק אדמו"ר שליט"א קם ונתן לו "שלום עליכם"].

כ"ק אדמו"ר שליט"א: מיר האבן זיך שוין ניט געטראפן כמה שנים. וואס יעדער טאג איז מען דאך אזוי ווי א ברי' חדשה (שו"ע אדה"ז או"ח ס"ו, ס"א), במילא אז מ'זעט א אידן אויף מארגן - זעט מען א ברי' חדשה, ועאכו"כ אז מ'טרעפט זיך לאחרי כמה וכמה שנים.

כ"ק אד"ש: אפשר וועט איר אויסטאן דעם מאנטל, ס'איז הייס.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: איך בין געקומען אהער אויף צו אנווארעמען זיך.

כ"ק אד"ש: א לבוש איז דאך א דבר המפסיק.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: דער תכלית איז דאך אז מ'זאל מאכן פון די לבושים - אן אור.

כ"ק אד"ש: עור מיט א "עי"ן", אבער מ'דארף מאכן דערפון "אור" מיט אן "אל"ף", ווי בתורתו של ר' מאיר (ב"ר פ"כ, יב).

ס'שטייט דאך אז די גאנצע וועלט איז דאך א ענין של אור.

און אויך, אז מ'פארבינדט זיך מיט "אלופו של עולם" מאכט מען דאס אויך אן "אל"ף".

דאס איז אויך פארבונדן מיט היינטיקער סדרה - "ויקרא", וואס ס'שטייט "ויקרא" מיט אן אויסנאם, מיט אן אל"ף זעירא, אין דברי הימים אבער שטייט "אדם" מיט א אל"ף רבתי,

איז דער ביאור בזה: בשעת מ'פארבינדט זיך מיטן אויבערשטן ("ויקרא אל משה"), איז מען א אל"ף זעירא; בשעת מ'שטייט אבער אין וועלט (אין "דברי הימים"), דארף מען זיין אן אל"ף רבתי (ראה בארוכה שיחת ש"פ ויקרא שנה זו).

ביז ס'איז פאראן די טענה, אז - "בשבילי נברא העולם" (סנהדרין לז, סע"א), אז ער איז גאר א בעה"ב אויף די גאנצע וועלט.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: ויגבה לבו בדרכי ה'.

כ"ק אד"ש: איר קומט דאך פון ארץ הקודש, האט איר מסתמא בשורות טובות?

כ"ק אדמו"ר מבעלז: דער רבי טוט דארטן אויף געוואלדיקע זאכן.

כ"ק אד"ש: איר הויבט אן מיט דעם וואס איך טו אין ארץ הקודש, איר קומט דאך פון דארטן דערציילן וואס איר טוט...

כ"ק אדמו"ר מבעלז: מיר ווילן אויך עפעס אויפטאן.

כ"ק אד"ש: וואס איז דער לשון "עפעס"?

כ"ק אדמו"ר מבעלז: וואס מ'טוט איז נאר א ביסל.

כ"ק אד"ש: מ'דארף אבער וועלן אויפטאן א סאך.

עס שטייט אין קהלת רבה (פ"א, יג. פ"ג, י. רמב"ן ובחיי ס"פ חיי שרה. שערי תשובה לר"י ב, כז. מנוה"מ להר"י אלנקווה ח"ד פ"ד ע' 250) אז "מי שיש לו מנה רוצה מאתים", שטייט דאך אין מדרש אז דאס איז דער טבע האדם וואס דער אויבערשטער האט אים אזוי באשאפן, איז דאך דאס א סימן אז מצד עצמה איז עס א תכונה טובה, אז אויב מ'האט א "מנה", דארף מען וועלן האבן צוויי.

דערנאך זאגט ער נאך העכער, אז "מי שיש לו מאתים" - וואס לכאו' האט ער דאך אלץ דערגרייכט, איז אעפ"כ - "רוצה ד' מאות".

כ"ק אדמו"ר מבעלז: ברוחניות איז דאך א וודאי אזוי עבדיך יאהבוך בכל עז ס'דארף זיין תמיד אזוי ווי א נייע זאך, מ'דארף אלץ וועלן נאך און נאך.

כ"ק אד"ש: מ'דארף אבער וועלן צוויי מאל אזוי פיל, ס'שטייט ניט אז "מי שיש לו מנה" וויל האבן "מערער", נאר לכה"פ - צוויי מאל אזוי פיל.

און דערנאך איז דאך אין ענינים פון טוב אז ס'קומט צו אין כמות, איז דאס ניט נאר א הוספה אין כמות, נאר עס ווערט אויך א אנדערע איכות (ראה גם "משיחות" ש"פ יתרו ש.ז. ס"י).

און די ראי' אויף דעם איז פון א מנין, אז בשעת ס'איז דא ניין אידן און ס'קומט צו א צענטער, איז ניט נאר ס'קומט צו נאך איין איד, נאר - אלע צען ווערן א אנדער מציאות, א ציבור, א קהל.

ובפרט נאך אויב ס'איז פארבונדן מיט אן ענין פון לערנען, זעט מען בפשטות אז אויב ס'קומט צו אן ענין אין לערנען אין איין הלכה - ווערט דערנאך בדרך ממילא א גרעסערער אויסקוק, א הבנה, בכל הענינים וואס מ'האט געלערנט ביז דעמאלט.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: ס'איז דאך א בפירוש רש"י "איננו דומה מיעוטין העושין את התורה למרבין העושין את התורה": עס ווערט ניט נאר געדאפלט, נאר א נייע זאך.

כ"ק אד"ש: איר קענט אפשר זאגן עפעס בפרטיות פון די בשורות טובות, אין חנ"ל פעלט אויך שמחה - דאל זיין א בשורה טובה משמחת.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: משנכנס אדר מרבין בשמחה (תענית כט, סע"א).

כ"ק אד"ש: דאס איז דאך אבער אלץ ניט קיין ארץ ישראל'דיקע זאך, "משנכנס אדר" איז פארבונדן מיט "עבדי אחשורוש אנן" (ראה מגילה יד, א).

אין ארץ ישראל איז אויך דא אמאל א מעמד ומצב אז ס'איז טאקע "ארצנו", אבער זיצענדיק דארטן גופא איז - "גליננו", און ס'קען זיין "עבדי אחשורוש" זיצענדיק אין ארץ ישראל, אבער אעפ"כ איז איננו דומה.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: די תורה אליין רופט דאך אן ארץ ישראל אסאך מאל ארץ כנען.

כ"ק אד"ש: דער אלטער רבי (בתו"א וישב כו, ג) האט גלייך אפגעטייטשט אז "כנען" האט צוויי טייטשן: א) דאס איז כנען מצד לעו"ז, ב) "כנען" פון לשון "כנען בידו מאזני מרמה", פון לשון סוחר, ווי עס שטייט (וישב לח, ב ובפרש"י)

"איש כבעל- סוחר", אז די נשמה איז אראפגעקומען למטה צוליב א מסחר, ירידה צורך עלי'.

כ"ק אד"ש: איך האב געזען דעם צייטונג וואס מען גיט ארויס אז איר ווילט מיר ניט דערציילן וואס איר טוט, דארף איך אייך דערציילן וואס דארטן טוט זיך...

כ"ק אדמו"ר מבעלז: עס איז ביי מיר א ספעציעלער כבוד אז איך זע אז דער רבי ווייס דערפון (מהעתון).

כ"ק אד"ש: ניט נאר איך ווייס - איך לייען דאס אויך, און איך זוך דארטן גוטע זאכן. איר זעט דאך אז איך פרעג זיך אלץ נאך נאך בשורות טובות...

כ"ק אד"ש: ווען מיר האבן זיך געטראפן דעם לעצטן מאל, האב איך אייך געזאגט אז איך האב געהערט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, אז דער אלטער רבי, דער בעל התניא, האט געזאגט - אז מיט א עצה שלאגט מען זיך ניט אן. אויף זשארגאן הייסט דאס - אז כל זמן מ'פרעגט ניט דארף מען קיין עצות ניט געבן, וויבאלד אבער איך האלט אין מיטן א ענין וואס מ'האט דעמאלט גערעדט, דארף איך דאך ניט מתחיל זיין.

האב איך געזוכט (בהעתון), האב איך געזען אז מ'האט אנגעהויבן דרוקן אויך ענינים פון חסידות, וואס דאס האט מיר דערמאנט אויף דעם וואס מיר האבן גערעדט - ווען מיר האבן זיך געטראפן לעצטן מאל (ביום א' ט' אד"ר, תשל"ג) - בנוגע צו ישיבה בחורים, אז זיי זאלן וויסן אז חסידות האט די זעלבע חשיבות ווי נגלה דתורה.

און דאס וואס ביז איצטער איז דאס געווען פאר יחידי סגולה, אדער פאר זמנים מיוחדים ווי שבת ויו"ט - איז דאס מצד די חשיבות שבדבר, א דבר חשוב גיט מען מערניט ווי אין זמנים חשובים,

וויבאלד אבער ס'איז געווארן א מעמד מיוחד בעולם, מוז מען האבן לימוד החסידות, לבה"פ ווי נגלה.

ובפרט נאך ווי א ישיבה בחור האט דעם הרגש, אז אויב מ'זאגט אים אויף א זאך אז מ'מוז דאס לערנען - איז דאך דאס א סימן אז דאס איז א דבר חשוב;

אויב אבער מ'זאגט - אז דאס איז מהיכי תיתי, צי בזמן מן הזמנים, בין השמשות, בין הסדרים, שבת ויו"ט, איז - צי ער זאגט דאס בדיבור, צי ער טראכט וועגן דעם - איז אבער בא אים גופא ווערט די אפשאצונג אז דאס איז א דבר שני.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: דער רבי ווייסט דאך אז נהרא נהרא ופשטי' (חולין יח, ב), ס'איז געווען פוילישע חסידות, פארשידענע ערלייס היינט אז ס'איז דא אזעלכע וואס זאגן אז תורת הבעש"ט איז נשתכח געווארן - איז דברי חכמים צריכים חיזוק,

כ"ק אד"ש: דאס איז אויך א טענה, אבער וואס דארף מען דערמאנען גנותן של ישראל, אז ס'איז גאר דא אזא איד.

דערפאר זאג איך (אז איך האב געזען אז אין צייטונג האט מען אנגעהויבן דרוקן חסיד'ישע דברי תורה) אז וויבאלד מ'דרוקט דאס אין א צייטונג [וואס דאס איז דאך ניט פאר ישיבה בחורים - זיי דארפן דאך לערנען תורה, א צייטונג איז דאך פאר די וואס זיינען אדער קודם הישיבה, אדער לאחרי הישיבה] -

וואלט איצטער אפשר געווען דער זמן הכושר, צי שעת הכושר, צי אפשר נאך מער ווי כושר - אז דאס זאל ווערן א סדר מסודר.

ובפרט נאך ווי איר זאגט אז דאס דארף האבן חיזוק, וואס ווען די גמ' (עירובין עז, א) ברענגט וועגן די ענינים וואס דארפן האבן חיזוק, אז דאס איז נאכמער ווי אן ענין מן התורה; ד.ה.: אז אויב תורה סתם לערנט מען באופן כך וכך, איז די ענינים דארף מען נאך לערנען ביתר שאת, איך מיין בנוגע צו קביעות בזמן.

אפשר איז דאס שוין בא אייך איינגעפירט, דאס וואס איך פרעג איז דאס מערניט ווי בתור הצעה [דער אלטער רבי האט געזאגט אז מיט אן עצה טלאגט מען זיך ניט אן, אבער ווי כאמור - איך האלט נאך אין א מיטן (מיר געדיינקט זיך אז מיר האבן גערעדט וועגן דעם ווען מיר האבן זיך געטראפן דעם פאריקן .מאל)].

און ווייבאלד אז ס'איז צוגעקומען אזויפיל דברים חדשים - דברים חדשים וואס זיינען ניט געווען מיט א דור פריער, און מ'האט זיי איינגעפירט רעכענענדיק אז דאס איז א דבר טוב - איז דאך א סימן אז מ'רעכנט אז ס'איז צוגעקומען ר"ל א מחלה אין וועלט, במילא דארף מען זוכן א תרופה, וואס אמאל האט מען צו איר ניט געדארפט אנקומען,

כ"ק אדמו"ר מבעלז: ס'איז פאראן א צמאון אויך.

כ"ק אד"ש: ס'איז דא א צמאון אויכט, "לא רעב ללחם ולא צמא למים כי אם לשמוע את דברי ה'" (עמוס ח, יא).

כ"ק אד"ש: מיין פאטער בשעת ער פלעגט וועלן מבאר זיין אן ענין פלעגט ער אויך מדייק זיין ניט נאר בא דעם ענין גופא, נאר אין וועלכן ארט עס שטייס אין תורה; אז עס שטייט אין דער סדרה - דארף דאס האבן א שייכות צו דער סדרה כאטש אפילו אז דער ענין מצד עצמו איז בכל התורה כולה.

אין דעם סיום פון פרשת בחוקותי, וואס "בחוקותי" איז דאך א ענין פון "בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו", איז דוקא דארטן, ברענגט אראפ דער זהר (ח"ג קטו, ב) אז בשעת א איד געפינט זיך בשוקא דבורסקי, אן ארט וואס איז היפך ענין פון א מלך, איז דער מלך מצד די חשיבות פון זיין כלה - קומט ער אליין אין שוקא דבורסקי, אז "לא מאסתים ולא געלתים לכלותם" (בחוקותי כו, מד), און איז דארט אין שוקא דבורסקי.

אין תורה גופא איז דא ענינים וואס אלקות איז ניט אזוי בגלוי - דערפאר ווערט דאס אנגערופן נגלה דתורה, דערנאך איז דא רזי תורה וואס דארטן איז אלקות בגלוי -

איצטער ווייזט אויס איז די צייט אז אלקות פון תורה [אין תורה גופא אלקות שבאלקות], זאל אויך זיין אין שוקא דבורסקי.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: דער דור ההפלגה איז געווען אין דעם זעלבן זמן ווען "בן מ"ח שנה הכיר אברהם את בוראו" (ב"ר פס"ד, ד), אז אין א זמן ווען ס'איז א גרויסער חושך דארף מען האבן מער אור.

כ"ק אד"ש: ריכטיג, און אין אן אופן פון "ויקרא, אי"ת ויקרא - אלא ויקריא" (סוטה י, סע"א), וואס דער חילוק איז: "ויקרא" הייסט אז ער אליין האט גערופן; "ויקריא" איז דער טייטש - ער האט אזויפיל גערעדט, ביז וואנעט דער צווייטער האט אנגעהויבן שרייען אז - "א-ל עולם".

כ"ק אד"ש: דאס וואס איר האט פריער דערמאנט אז עס איז דא א צמאון לזה, האב איך דאס געזען פון רעדן מיט פארשידענע בחורים, פון פארשידענע נהרא נהרא

רשימה פרטית בלתי מוגה

ופסטל', אז יעדערער פון זיי וויל זוכן "נשמתא דאורייתא" (ווי דער זהר (ח"ג קנב, א) רופט דאס אן), א ביאור פון פנימיות התורה,

און ער איז דאס מסביר: בשעת מ'רעדט מיט אים אין ענינים פון לעו"ז, איז מען מסביר דעם ענין, און דערנאך זאגט מען אים וועגן דער נשמה פון דעם ענין, מיט וואס פאר א שיטה דאס איז פארבונדן, מיט וואס פאר א השקפת עולם דאס איז פארבונדן, ווי אזוי דאס רירט אן אין נפש;

דערנאך - פרעגט ער - אז מ'לערנט מיט אים הלכות ברכות, צי הלכות שבת, צי הלכות עירובין ,לערנט מען מיט אים דעם ענין, און דערנאך אז מ'דארף אים מסביר זיין ווי אזוי דאס רירט אן זיין נשמה - איז דאס דארף ער זוכן ניט בא זיין ראש ישיבה, ווארום דער ראש ישיבה האט אפגעזאגט דעם שיעור, און דער שיעור איז ווי מנהג אבותינו בידינו.

במילא זאל מען אונטער שטעלן א צווייטן מענטשן, וואס יענעמ'ס תפקיד וועט זיין - אז ער וועט דאס ממלא זיין.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: עס איז ידוע פון בעש"ט הק' (מובא במאור עינים) אז ער האט געזאגט דעם ק"ו: מה-דאך אז מ'לערנט דעם ענין פון המחליף פרה בחמור איז - תורה, עאכו"כ אז מ'איז עוסק אין דעם (איז דאס זיכער תורה).

כ"ק אד"ש: אויף א המחליף פרה בחמור איז דא א שארפער ווארט אין א הקדמה פון ר' חיים וויטאל צו שער ההקדמות.

ווען כ"ק מו"ח אדמו"ר איז געקומען צופארן אהער, איז געווארן דערנאך א גאנצער טומל, האט ער געזאגט - אז ר' חיים וויטאל שרייבט אזוי: אז דער וואס לערנט המחליף פרה בחמור - כפשוטו, און מער ניט, איז ער מאריך דעם גלוה, און טכינתא בגלותא, מיט דעם גאנצן שטורעם.

האבן זיי געזאגט - היתכן! המחליף פרה בחמור איז דאך א מצות תלמוד תורה, און מ'מאכט א ברכת התורה אז "ונתן לנו את תורתו", איז ווי קען מען זאגן אזא זאך?!

האט ער זיי געזאגט ניהי ספר ונחזי, האט מען געבראכט דעם ספר (די הקדמה איז שוין געדרוקט אויך אין קונטרס עץ החיים), און אזוי שרייבט ר' חיים וויטאל.

און ער האט דעמאלט אויך אפגעטייטשט אין עבודת האדם:

פרה איז א יונק פון שמאל (זח"ג קפ, ב), פון גבורות, און חמור איז יונק פון ימין (ראה שם רז, א), פון חסדים.

איז המחליף פרה בחמור - אז א איד דארף האבן בידע ענינים: די עבודה פון סור מרע, וואס אויף דעם דארף מען האבן גבורות; און די עבוד הפון עשה טוב, דעם ענין פון חסדים. און אמאל דארף ער איבער בייטן; אע"פ אז ער איז רגיל אין איין קו, איז מצד הכרח הדברים טוט ער אין דעם צווייטן קו.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: עס ווערט געברענגט אז דערפאר איז מדת הארון ניט געווען גאנץ (ס'איז געווען אמתילים וחצי ארכו ואמה וחצי רחבו), - להורות אז מ'דארף טוישן (להחליף), אז יעדער מדה דארף זיין כלול פון די איבעריקע.

כ"ק אד"ש: איך בין צופרידן וואס איר האט דערמאנט דעם ענין פון המחליף - וועגן דעם רעדט זיך איצטער, אז מ'זאל מחליף זיין א טייל פון זמני הישיבה פון איין לימוד בתורה, מיט א צווייטן לימוד בתורה.

ס'איז דא חמורו פון ר' פינחס בן יאיר, דערנאך איז דא א פרה אדומה, וואס דאס איז דאך ווי זיי שטייען אין לעו"ז, דערנאך דארף מען באטראכטן ווי זיי שטייען אין קדושה.

כ"ק אד"ש: דאס איז א מאמר המוסגר (ווייבאלד אבער איך טרעף זיך מיט אייך), ווי אזוי איז בא אייך דער מנהג בנוגע צו דעם נאמען (ישכר) מ'שרייבט ביי אייך מיט צוויי שינ"ן צי מיט איין שי"ן?

כ"ק אדמו"ר מבעלז: איך הייס דאך נאך מיין זיידן - ער האט געשריבן מיט איין שי"ן.

כ"ק אד"ש: איין שי"ן? - מ'פלעגט זיך אזוי חתמ'נען אויך?

כ"ק אדמו"ר מבעלז: יא.

כ"ק אד"ש: און אזוי בהברה, אז מ'פלעגט ארויס רעדן דעם נאמען, האט זיך אויך געהערט מערניט ווי איין שי"ן?

כ"ק אדמו"ר מבעלז: יא.

כ"ק אד"ש: מ'האט געזאגט אמאל עפעס א ביאור בדבר?

כ"ק אדמו"ר מבעלז: אין קריאת התורה לייענט מען דאך ביי אונז אויך מיט איין שי"ן.

כ"ק אד"ש: דאס איז דאך א ראי' אז ס'דארף זיין אזוי, וואס איז אבער דער ביאור בדבר? ס'איז ניטא אין דערויף קיין ביאור?

כ"ק אדמו"ר מבעלז: אין ספרים שטייט דאך טעמים.

כ"ק אד"ש: לכאן ולכאן.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: דאכט זיך מיר אז דער מנהג המקום דא איז אז מ'לייענט מיט צוויי שינ"ן? ניין?

כ"ק אד"ש: איך ווייס ניט, איך האב זיך אין דעם קליינמאל ניט געמישט, במילא הייבגט עס אפ ווער דער בעל קורא איז.

איך האב אמאל געפרעגט בא כ"ק מו"ח אדמו"ר אז דער בעל קורא אין ליובאוויטש האט געלייענט כך וכך. האט ער מיר אויף דעם געענטפערט: אז דער טאטע האט זיך ניט געמישט אין דער בעה"ב'שקייט פון דעם ביהכ"נ.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: דער קאמארנער האט אמאל געזאגט אז ישכר (בשי"ן אחד) איז מל' "ישכר פי דוברי שקר". ער האט דאס געזאגט ווייל ער האט געהאלטן אז מ'דארף זאגן מיט צוויי שינ"ן.

כ"ק אד"ש: דער לשון הכתוב (ויצא ל, יח) איז דאך אויכט "יש שכר", דאס איז פארבונדן אויך מיטן גלות און מיט דער גאולה.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: "יש שכר לפעולתך".

כ"ק אד"ש: די תלמידים אין אייערע ישיבות רעדן ניט וועגן דעם ענין פון לימוד החסידות, צי זיי מאנען ניט, צי זיי זיינען בכלל אזוי קבלת-עול'ניקעס - און ווארטן אז ס'זאל זיין "נעשה"?

כ"ק אדמו"ר מבעלז: אין וואס פאר אן ענין?

כ"ק אד"ש: בנוגע צו לימוד החסידות.

בשעת איך זאג "חסידות", הויבט זיך דאס אן פון דעם בעש"ט - דער "כתר שם טוב", און דערנאך דער "לקוטי אמרים" פון דעם מגיד.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: דאס וואס ס'איז נוגע צו דעם ענין פון עבודה און תיקון המדות און אהבה ויראה - זיינען זיך אלע עוסק.

כ"ק אד"ש: אין מעשה?

כ"ק אדמו"ר מבעלז: מ'לערנט אויך אנדערע ספרים; וואס ס'איז נוגע צו השכלה - דאס איז שוין אן ענין פון יחידים.

כ"ק אד"ש: אבער דער לימוד בנוגע צו אהבה ויראה איז אין סדר הישיבה?

כ"ק אדמו"ר מבעלז: יא.

כ"ק אד"ש: ווי אזוי ווערט דאס צוגענומען בא א ישיבה בחור וואס מ'הייסט אים קאכן זיך אין הבנה והשגה פון תורה, און דא זאגט מען אים - אז הבנה והשגה איז ניט נוגע?

בשעת ער לערנט הלכות ברכות, זאגט מען אים דאך אן אז ער זאל לערנען ניט נאר כדי צו וויסן וואס פאר א ברכה צו מאכן, נאר - אז ער זאל זיך קאכן אין דער סוגיא וויסן די טעמי חילוקי דעות, די לשיטתי', און דעם גאנצן שטורעם וואס מ'האט אין דעם,

דערנאך אז מ'זאגט אים לערנען הלכות אהבת ה', זאגט מען אים אז ער זאל לערנען צו ווערן א אוהב ה', און דאס וואס ס'איז דא כמה וכמה דרכים וחילוקים שביניהם (ווי געזאגט פריער - המחליף פרה בחמור) - דא איז הבנה והשגה ניט נוגע!

מ'איז דאך אים מחנך אין ישיבה אז ער זאל אריינגלייגן זיין שכל אין תורה?

כ"ק אדמו"ר מבעלז: דער רבי וויל דאך א וודאי איך זאל ענטפערן, - בפשטות איז דא צוויי זאכן: מצד הנשמה זיינען דא אזוינע וואס מצד זייער טבע (וואס זיי זיינען בני אברהם יצחק ויעקב) פעלט דאך ניט אויס אזוי שטארק אז עס זאל זיין (לימוד). און די צווייטע זאך איז, ביי אלקות מוז דאך יעדער איינער צוקומען צו דעם אז מ'פארשטייט ניט אלעס און מ'דארף גלייבן.

כ"ק אד"ש: די אלע וואס איך האב געזען וואס קאכן זיך אין השכלה שבתורה, ואני הק' בהוכם - פארשטייען אז ס'איז נאך דא וואס מ'פארשטייט ניט, און א סאך מער ווי דעם חלק וואס מ'פארשטייט יא.

[כ"ק אדמו"ר שליט"א (לקהל שנכחו): וואס דארף מען זיך שטופען, אין דעם איז ניטא וואס צו מהדר זיין!]

איך האב דערציילט ניט לאנג (בההתוועדות דש"פ ויקהל), א סיפור וואס איך האב געהערט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר בנוגע צו דעם צ"צ: אז דער אלטער רבי האט אים אריינגערופן נאך בקטנותו, ארום בר מצוה צייט, און געזאגט - אז ער וויל אים געבן במתנה ידיעה אין תורה, האט אים דער צ"צ געענטפערט: זיידע איך וויל דאס האבן ביגיעה, אז ס'זאל זיין יגיעת עצמו ניט נהמא דכסופא,

לאחרי זמן האט ער געזאגט אז ער איז חוזר בו. האט מען בא אים געפרעגט - פארוואס? ס'איז דאך א טענה אמיתית?

האט ער געזאגט: אז וויפל מ'גיט במתנה, בלייבט נאך אויף וואס צו הארעווען, און שלא בערך מערער וויפיל מ'האט באקומען במתנה.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: דער זיידע (דער בעל עזר רב) האט אמאל געזאגט אז דאס איז דער ענין פון "כי לקח טוב נתתי לכם תורתי אל תעזובו" - ביידע בחינות: לקיחה, און נתינה פון אויבן נאך מערער.

כ"ק אד"ש: נאך מערער וויפל מ'האט אליין.

דער אלטער רבי (ראה לקו"ת ואתחנן ד, א ואילך) פארענטפערט דערמיט דאס וואס מ'זאגט (רמב"ם סוף הל' מלכים) אז לע"ל וועט זיין "ומלאה הארץ דעה את ה'": ווי באלד ס'וועט זיין "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים", אז מ'וועט אלץ וויסן - וואס וועט מען טאן מיט אמונה?

האט ער געענטפערט: למעלה איז דאך אין סוף, און וויפיל א נברא, א איד, וועט וויסן, וועט נאך אלץ בלייבן שלא בערך - אויף וואס ער דארף האבן אמונה.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: "איה מקום כבודו".

כ"ק אד"ש: ס'איז דא נאך א זאך וואס איך האב געזוכט אין דעם צייטונג (דעם ענין פון חסידות האב איך געפונען, דערנאך איז דא א צווייטע זאך) און איך האב דאס דערווייללע ניט געפונען. און דאס איז אויך א זאך וואס מ'וועט דערנאך דערזען בפועל וויפיל דאס טוט אויף.

און דאס איז: בשעת מ'נעמט ארײַן אין די תלמידים אז זיי זאלן זיך אויך מפלפל זיין אין תורה, און אויף מחדש זיין, איז אפילו אז ער טרעפט אמאל ניט אזוי צו - איז דאך אבער דאס גופא וואס מ'גיט אים די גבורות, אז מ'זאגט אים אז עס איז שוין בא הזמן - גיט אים צו א חיות אין לערנען.

און דערפאר האב איך געבעטן איינפירן בכמה מקומות, אז די ישיבות וואס גיבן ארויס קובצי הלכה, קובצי חידושים, פון די ראשי ישיבות, אדער אפילו פנן די עלטערע בחורים - זאל מען דאס אויך איינפירן פאר די בחורים וואס זיינען נאך דערווייללע ניט קיין עלטערע, כדי זיי זאלן זיך אויך קאכן,

בשעת א מענטש בכלל, ובפרט נאך א בחור - פילט, אז מ'ערווארט פון אים אז ער זאל עפעס מחדש זיין - באקומט ער א חשק.

און אפילו את"ל אז ס'איז א ענין פון שלא לשמה, איז ווי דער רמב"ם זאגט (פיה"מ סנהדרין פ' חלק ד"ה וכת חמישית. הל' תשובה פ"י, ה"ה. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד ה"ג), אז "חנוך לנער ע"פ דרכו" - זאל זיין שלא לשמה, אבי ער זאל זיך קאכן אין די תורה, און דערנאך וועט ער קומען צו לשמה.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: (רמז לר' ברוך מרדכי קופערשטיין שעמד שם:) זאלסט מוחל זיין ארײַנשיקען אונזערע קונטריסים פון ישיבה בחורים, און ישיבות קטנות, קובצים חדושי תורה "עמלה של תורה" און אנדערע.

כ"ק אד"ש: איך בין זייער צופרידן.

[איך האב נאך אלץ מורא טאמער איך שלאג זיך אן מיט אן עצה... וויבאלד אבער אז כוונתי לדעה, איז א סימן אז ס'איז ניט נהרא ונהרא ופשטי', נאר - ס'קען גיין אין זעלבן אופן...].

לאחרי וואס מ'האט אנגעהויבן ארויסגעבן די קובצים במשך פון במה זמן, האב איך באקומען דערנאך ידיעות - אז דאס האט אויפגעטאן א סאך אין התמדה ושקידה פון די פארשידענע כתות, אפילו פון די קטנות.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: ס'איז קנאת סופרים.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: זינט מיר זיינען געווען דא ביים רבי'ן האבן מיר מייסד געווען בתי ספר לבנות. השי"ת יעזור שיהי' בהצלחה.

כ"ק אד"ש: ס'איז א דבר גדול, און איצטער איז דאס געווארן א דבר עיקרי.

ובפרט נאך אז ס'איז צוגעקומען דאס וואס זיי מוזן לערנען מצד חוקי המדינה - איז דאס געווארן מיט נאך מער הדגשה אויף וויפל ס'איז א הכרח אז מ'זאל מיט זיי לערנען אין אן אופן פון א בית ספר.

די וואס זיינען זיך מוסר נפש, און שיקן ניט זייערע טעכטער אין בתי ספר, איז דאס א מתי מספר בכמות,

איז במילא קומט אויס אז אין די בתי ספר חילוניים וואס זיי זיינען מצד המדינה - גייען זיי יא. ווייל ביז מיט א זמן לפנ"ז, איז א בית ספר וואס איז פארבונדן מיט לימוד התורה - האבן זיי ניט געהאט.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: אמאל איז געווען אזוי.

כ"ק אד"ש: איצטער אבער בשעת דאס איז געווארן א יסוד, איז דאך דאס א דבר חדש, אמאל איז ניט געווען אזא סדר, אנדערע האבן געהאלטן אז "כבודה בת מלך פנימה", און אויף גייען אין בית ספר דארף מען דאך גייען בחוץ, און אז מ'גייט דורך בחוץ ווער ווייס וועמען מ'טרעפט.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: היינט איז דאך פארקערט, היינט אז מען שיקט ארבעטן - איז דאך דאס (דער בית ספר) דער ריכטיגער "פנימה".

כ"ק אד"ש: בשעת מ'שיקט זיי אין בית ספר. אבער זיי טענה'ן אז בינתיים מוז מען דורך גיין א לעו"ז - דער בית ספר איז דאך ניט אין דער היים, דער בית ספר איז דאך במקום שני.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: אבער היינט אז ס'איז געווארן א פירצה און מ'שיקט אין משרדים ארבעטן זיבער אז דאס (דער בית ספר) איז מציל.

כ"ק אד"ש: איצטער איז שוין הכל מודים.

כ"ק אד"ש: מיט עטליכע און דרייסיק יאר צוריק, ווען כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געשיקט אין מארוקו אז מ'זאל דארט מייסד זיין בתי ספר, און האט זיי אנגעזאגט אויך בנוגע צו בנות -

איז געווען א מורא'דיקער שטורעם פון די ספרדישע חכמים, די ספרדישע רבנים פון דארטן - היתכן! וואס הייסט מ'וועט ארויסנעמען א מיידל פאר דער חתונה, אז מידל יום ביומו (א חוץ שבת ויו"ט), זאל זי ארויסגיין פון דער מאמע, און פון דער באבע - און ארויסגיין אין א בית ספר לערנען?!

וואו איז דאס געהערט געווארן! די אשכנזים זיינען געקומען צופארן, און ווילן פורץ גדר זיין?!

דערנאך איז דורך געגאנגען א שטיקל צייט, האט מען געזען די תועלת וואס איז צוגעקומען דורך דעם.

און ס'האט זיך ארויסגעוויזן [וואס דאס איז אויך א דבר מבהיל, און מ'האט אויף אזויפיל ניט מטער געווען], אז בנוגע צו די דינים פון טהרת המשפחה וואס דאס איז דאך א יסוד לכל הדעות, און אעפ"כ איז די וואס ווייסן דאס מערניט ווי פון דער מוטער, אדער פון דער באבען, האט מען געזען בפועל - אז ס'פעלט פשוט ידיעה אין די ענינים עיקריים!

מאיזה סיבה שתהי' האט די באבע פארגעסן לערנען וועגן דעם, צי מ'האט איר פארגעסן אויס לערנען, האט זי דאס ניט איבערגעגעבן דער מוטער, האט דאס די מוטער ניט איבערגעגעבן דער טאכטער - און ס'פעלט בפועל!

בשעת מ'לערנט דאס אין א בית ספר [טאקע אין די עלטערע כתות בא די וואס האלטן שוין בא חתונה האבן], זעט מען וואס מ'לערנט, און דעמאלט קען מען דאס באווארענען.

און בשעת מ'איז געקומען אין מארוקו האט מען דאס ערשט אויסגעפונען,

וואס בא זיי איז דאך טהרת המשפחה איינע פון די זאכן וואס כולא עלמא נהוג,

האט מען זיך דערנאך אנגעהויבן נאך קוקן, האט מען געזען אז ס'איז דא ענינים וואס זיי טוען דאס ניט, האט מען געפרעגט, האבן זיי געענטפערט - אז זיי האבן קיינמאל ניט געהערט דערפון!

האט מען גלייך מתקן געווען, אז אין די כתות גבוהות זאל זיין א לימוד פון דיני טהרת המשפחה, און גלייך אנגעהויבן מיט א הדגשה אויף די ענינים (מ'האט געדארפט זוכן הסברות פארוואס האט דאס איר מוטער ניט געזאגט, צי די באבע ניט געזאגט וכו').

כ"ק אד"ש: איך האב אמאל געזאגט בנוגע צו דעם לימוד הבנות, אז וויבאלד אז בנות זיינען אויך מחוייב אין אהבת ה' און יראת ה', ווארום ס'איז א מצות עשה שאין הזמן גרמא, איז אין "ואהבת את הוי' אלקיך" און "את הוי' אלקיך תירא" זיינען מחוייב בנות אזוי ווי די בנים.

איז די וואס האבן אמאל גע'טענה'ט, אז בשעת מ'וועט לערנען חסידות דארף מען דאך אראפנעמען זמן פון לימוד הנגלה, וועט בא אים א שאלה: לימוד הנגלה איז א דבר פשוט אז מ'דארף דאס לערנען, און דאס איז א מצות עשה מן התורה, איז אז ער וועט אראפנעמען זמן כדי צו לערנען חסידות - נעמט ער דאך צו פון א ברי, און גיט דאס אפ אויף א שמא: צי איז שוין געקומען די צייט אויף מגלה זיין, צי מ'מעג דאס שוין לערנען ברבים?

בא בנות פאלט אפ די שאלה, ווארום בנות זיינען ניט מחוייב אין לימוד התורה (ראה בארוכה לקו"ש חי"ד ע' 37 ואילך. שם ע' 149 ואילך), במילא אז מ'זעצט זיי אוועק לערנען חסידות, איז ניטא קיין שאלות אין דעם - אז דאס איז שמא און דאס איז ברי, ווארום דאס וואס זיי לערנען תורה איז כדי צו וויסן ווי אזוי צו מקיים זיין די מצוות, איז פונקט אזוי ווי זיי דארפן לערנען מקיים זיין אהבת ה', און יראת ה' - דארפן זיי מקיים זיין דעם לימוד התורה, אויף דעם, ע"ד ווי בא שאר הלכות שאר הלימודים (לשלימות הענין, ראה בארוכה שיחת ש"פ ויקרא ש.ז. המשך הביאור בזה).

כ"ק אדמו"ר מבעלז: דער רבי האט דאס מסתמא געזאגט נאר אזוי; דער ט"ז זאגט דאך אז צו בנות איז שייך נאר די פשטות המצוה, אבער ניט די עמקות

מזה, ווארום "כל המלמד בה' תורה כו'" (סוטה כ, א. כא, ב.); נאר די פשטות ההלכות מעג מען.

כ"ק אד"ש: אויף וויפל איך ווייס די תכנית הלימודים פון די פרומע בתי ספר פאר בנות,

וואס מצד מנהג הזמן איז א בחור אדער א מיידל באגנוגנט זיך ניט דערמיט וואס מ'זאגט איר אז ס'דארף זיין נעשה קודם לנשמע - זי וויל האבן די הבנה והשגה,

- ווארום אין לימודי חול אז זי לערנט חכמת החשבון וכיו"ב, פארשטייט זי דאס מיט דעם שכל, איז מקיים זיין די מצוה איז זי מקיים, אבער איצטער וויל זי אויך דעם "נשמע".

און דערפאר האט מען איינגעפירט אין די"בית יעקב'ס", און אין די אנדערע בתי ספר (איך ווייס ניט ווי אזוי איז אין אייער בית ספר), אז מ'לערנט, מ'האט דאס א נאמען געגעבן השקפת חיים, השקפת עולם, השקפה סתם, אבער דער ענין פון לימוד ההשקפה איז, ניט אז מ'לערנט אז "חוקה היא", ובמילא "אין לך רשות להרהר אחרי'" - נאר מ'איז מסביר השקפת עולם אז בא איר זאל זיך דאס אפלייגן, אפילו בא נשים וואס דעתן קלות, זאל זיך בא איר אפלייגן בשכלה אז השקפת עולם דארף זיין - אהבת ה', יראת ה', יש בעה"ב לבירה זו וכו'.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: בדרך המוסר.

כ"ק אד"ש: פארוואס דארף מען אבער זאגן אז דרך המוסר איז ניט עפ"י שכל?

כ"ק אדמו"ר מבעלז: העמקה!?

כ"ק אד"ש: איז דאס א חסרון אז עס וועט זיין א העמקה אין מוסר?

און דערנאך איז (ווי געזאגט פריער) איצטער האט מען קיין ברירה ניט, אין א ישיבה בהור אמאל איז געווען חילוקים, ס'איז געווען ישיבות וואס מ'האט געלערנט לפלפולא אן העמקה, אדער לבקיאות אן העמקה,

איצטער אבער איז מידי שנה בשנה קומט צו נאך א ישיבה (וואס ביז דעמאלט האט זי דאס ניט געהאט), און פירט איין א לימוד דוקא מיט העמקה.

אמאל האט דאס געהייסן: אז דאס איז דער ליטווישער סדר, און דאס איז דער פוילישער סדר.

דא איז דאך דא בלי עין הרע פוילישע ישיבות איז אויך (איך וועל ניט זאגן מדור לדור, אבער) יעדער עטליכע יאר קומט צו נאך א ישיבה וואס זי פירט איין אז מ'זאל זאגן א שיעור מיט עמקות.

איך האב געפרעגט פארוואס איז מען משנה? האבן זיי געזאגט - די בחורים מאנען דאס: אז בשעת זיי טרעפן זיך מיט א צווייטן בחור ווילן זיי זאך קענען אויס'טענה'ן אויף דעם לשון און קענען מסביר זיין, ניט נאר אז ער איז א בקי צי א מפלפל, נאר ער וויל האבן די הסברה שבדבר (אמאל האט דאס גהייסן - העמקה).

די זעלבע זאך איז אויב מ'וויל אז מוסר זאל דורך-נעמען א בחור בזמננו זה, איז אויב מ'וועט אים זאגן מערניט ווי בשטחיות, און דערנאך בשעת ער וועט לערנען א סוגיא אין גמ' וועט ער לערנען בהעמקה -

ער איז דאך א פרומער בחור וועט ער מקיים זיין מצוות כולל מצוות מוסריות - אבער דאס וועט אים ניט דורך-נעמען, וואורם איצטער בחורים זיינען ניט געוואוינט דערצו, אז ער וויל האבן א זאך - וויל ער דאס פארשטיין בהרחבה און אויך בעמקות אדער בהסברה.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: דאס הייסט אז דער רבי האלט אז מ'זאל לערנען מיט בנות משניות אדער גמ'?

כ"ק אד"ש: משניות איז דאך הלכות, איז דאך קיין ספק ניט אז מ'לערנט. און בנוגע צו גמ', איז - בשעת מ'האט ביי מיר געפרעגט, האב איך געזאגט אז מ'זאל לערנען די גמרות וואס זיינען פארבונדן מיט הלכות הצריכות בחייהן, גמ' וואס איז פארבונדן מיט שבת, וואס איז פארבונדן מיט ברכות, וכיו"ב.

און איך האב זיי געזאגט נאך מער: עס איז ניט דער פשט אז דאס וועט זיין בא זיי א נעיים; - אויב מ'וועט מיט זיי דאס ניט לערנען אין בית ספר, וועלן זיי דאס סיי ווי סיי לערנען, נאר - מ'ווייסט ניט פון וועמען, און פון וואס פאר א ספרים.

היינטיקע צייטן איז דאך ניט אז מ'האט די מיידל בא זיך אין הויז, און אילדער זי גייט עפעס טאן, פרעגט זי בא דער מוטער, צי בא דעם פאטער - צי זי מעג דאס טאן, צי ניט;

מ'לעבט אין א צייט - אז זי פרעגט בא דער חבר'טע, און ווי די חבר'טע טוט אזוי טוט זי, אדער אז ווען זי גייט אין שול דאוונען, טרעפט זי דארט פארשידענע מיידלאך, פרעגט זי בא זיי וואס זיי האבן געלערנט.

און בשעת זי ווייסט אז אויב זי לערנט עפעס, און אויף דעם איז דא א גמ' - גלייב איך ניט אז ס'איז דא א איין און איינציקע מיידל וואס איר וועט איר קענען איינהאלטן, סיידן זי איז ניט שייך צו הבנה והשגה, אויב אבער זי איז שייך צו הבנה והשגה, איז בשעת מ'וועט דערבייַ ניט זיין - וועט זי זוכן א גמ', אדער א מפורש אויף משניות, און וועט וועלן א קוק טאן די שקלא וטריא שבדבר.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: און וועלכע הייסט בגדר "**תפלות**"?

כ"ק אד"ש: אז מ'וועט קוקן אין שו"ע (ב"י או"ח סמ"ז (מהאגור הל' תפלה אות ב' ס"ה). ולהעיר מהל' ת"ת להרמב"ם פ"א הי"ג. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד הי"ד. ראה לקו"ש חי"ד ע' 150, הערה 12), שטייט דאס אויף גאנץ תושבע"פ; דער שו"ע איז מחלק: אז תורה שבכתב מעג מען; און תושבע"פ איז "מלמדה תפלות".

מיין דיוק בדבר איז, אז די זאכן וואס זיי ווייסן שוין בלאו הכי איז דעם לימוד תפלות האבן זיי שוין, מ'האט די ברירה אויף אוועקשטעלן איר אויף דעם דרך הישר.

איך האב געהאט צוטאן דא מיט - מיידלאך - דברים מבהילים, מיר האבן גערעדט וועגן בריאת העולם, זאגט זי מיר בפשטות אז די וועלט שטייט צוויי מליארד יאר, פינף מליארד יאר, זיבן מליארד יאר!

פרעג איך בא איר: תושב"כ האסטו געלערנט אין בית ספר? זאגט זי - יא. האסטו געלערנט בראשית? - געלערנט בראשית. וואס שטייט אין בראשית? - אין בראשית שטייט אז אין זיבן טעג איז באשאפן געווארן די גאנצע וועלט, דערנאך אין אזויפיל און אזויפיל יאר איז געווען אדה"ר, ביז ס'איז געקומען היינטיקע צייטן.

פרעג איך בא איר: ווי שטימט דאס אז די וועלט איז אלט ה'תש"ל צי תש"כ (ווען ס'איז געווען), דו זאגסט דאך אז די וועלט איז אלט זיבן מליארד יאר?

זאגט זי מיר: בשעת זי איז געגאנגען אין בית ספר (זי מוז דאך גיין עפ"י חוק המדינה), האט מען געלערנט מיט איר בפשטות, אז לויט די הוכחות וראיות איז די בריאה אלט, לכה"פ, זיבן מליארד יאר.

האסט דאך געקענט פרעגן בא דיין מלמדת, בא דיין מדריכה, אין בית ספר - ווי שטימט דאס?

זאגט זי: אז זי האט געפרעגט.

וואס האט דיר געענטפערט די מדריכה, די מורה?

- "המלמד את בתו תורה כאלו מלמדה תפלות".

במילא מיט וואס איז זי דערנאך ארויסגעגאנגען - אז דארט ענטפערט מען איר אז מ'וויל מיט איר ניט רעדן דערפאר וואס מלמדה תפלות, און דא האט זי א דבר ברור - זיבן מליארד יאר!

דערנאך אז דער אויבערשטער בענטשט איר, און איז מצליח און האט קינדער, און רעדט מיט אירע קינדער, און ס'קומט אויס צו רעדן וועגן דער וועלט - וואס וועט זי זאגן, זי וועט ניט זאגן אז "מלמדה תפלות", דעם קינד וועט זי זאגן - אז די וועלט איז אלט זיבן מליארד יאר!

דערנאך אז ער וועט אוועקגיין לערנען בראשית וועט ער זאגן אז דאס איז דברי אגדה, און דערנאך איז דא דאס וואס ס'איז פארבונדן מיט וועלט!

וואלט דאס געווען מערניט ווי א חשש בעלמא, איז אויך - למיהש מבעי;

דאס איז א זאך וואס אזוי איז דאס.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: דארף מען טאקע מתקן זיין; און ביי אונז טוט מען וועגן דעם, אז די לימודי חול וואס מ'לערנט זאלן אויך זיין על טהרת הקודש.

כ"ק אד"ש: ביז וואנעט מ'וועט דאס אויספירן, וועט מען האבן א גאנצן דור וואס האבן דאס ניט באקומען, אויף דערויף דארף מען האבן די ביכער, און דערנאך דארף מען האבן אויף די ביכער א אישור פון די הילונים - מ'קען ניט שרייבן אזוי, איר מוזט האבן א באשטעטיקונג פון משרד החינוך.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: ניין, בא אונז איז דאס ניטא; מיר האבן די אייגענע ביכער.

כ"ק אד"ש: דא אין ארה"ב, און עד"ז אין איינגלאנד, געפינען זיך אידן וואס גייען נאך דעם חוק המדינה, נאר זיי שיקן אין א בית ספר דתי, אבער די ביכער וואס מ'לערנט דארט - דארפן האבן א אישור פון משרד החינוך.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: איז דאך דאס טאקע מסוכן.

כ"ק אד"ש: זוכט מען דערצו עצות, אבער די עצה הכי ראשונה איז - אז מ'זאל איר מסביר זיין בשכל אז די זיבן מליארד יאר איז - שקר, און בשעת מ'ענטפערט איר אז דאס איז "מלמדה תפלות", איז א פרומע מיידל, א הארכזאמע מיידל, איז ניט מעיז פנים ח"ו, און זי גייט אוועק, מיט וואס גייט זי אוועק אבער - אז די וועלט איז אלט זיבן מליארד יאר!

דערנאך איז דאס פארבונדן מיט נאך זאכן [דאס איז דאך ניט איין זאך וואס מ'קען מאכן א דבר בודד], אז זי לערנט אין פרשה בראשית וועגן די זעקס טעג און

דאס איז דברי אגדה, ווערט בא איר דער זעלבער יחס בנוגע צו "ביום השביעי שבת וינפש".

און דערנאך אז מ'קומט צו איר און מ'הויבט מיט איר אן צו טענה'ן וועגן שבת, ווערט בא איר א טומל'ניש אין קאפ:

שבת איז פארבונדן דערפאר וואס דאס איז דער זיבעטער טאג, פארוואס איז דאס דער זיבעטער טאג - ווארום די וועלט איז באשאפן געווארן אין זיבן טעג; וויבאלד אבער די וועלט איז אלט זיבן מליארד יאר - איז ווי קומט דאס דערנאך ארויס אין קיום שבת?

כ"ק אדמו"ר מבעלז: אויב אזוי איז דאס א סכנה לערנען די ספרי חול.

כ"ק אדו"ש: זיכער איז דאס א סכנה, אויף דעם דינג איך זאך ניט, דאס איז א דבר ברור און כולא עלמא מודה.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: פארוואס זאל מען זיך ניט משתדל זיין דאס צו מתקן זיין?!

כ"ק אדו"ש: מ'איז זיך משתדל, אבער ביז וואנעט מ'וועט דאס פועל זיין אין משרד החינוך דא, צי אין פראנקרייך, אז זיי זאלן מאשר זיין דאס וואו עס שטייט קאפויר פון זייער שיטה, איז איצטער גייט אן משפטים, און ס'טומעלט זיך א גאנצע וועלט - היתכן אז מ'וויל זאגן אז דאס איז ווי עס שטייט אין "ביילבל" (ווי זיי רופן דאס אן), אין הורה!

וואס דאס איז שוין אויך א הישג אז מ'האט דאס געבראכט אין בית המשפט - צו דאס מעגן לערנען.

אבער דערווייל, איז מידי יום ביומו זיינען דא אזויפיל און אזויפיל אידישע קינדער וואס גייען אין די בתי ספר, און מ'האט ניט קיין רשיון אויף אנדערע ספרים.

ס'איז געווען דא בתי ספר וואס זיי האבן ארויסגעריסן די בלעטלאך וואו עס רעדט זיך וועגן בריאת העולם (מ'דארף דאך לערנען דעם ביכל, אבער די ערשטע בלעטלאך האט מען ארויסגעריסן),

ביז עס האט זיך געפונען איינציגער וואס האט דאס געכאפט, און האט דאס דערציילט צו די חלונות הגבוהות, האט מען צוגענומען די שטיצע, דערנאך האט מען געהייסן שיקן די קינדער אין אן אנדער בית ספר, און ס'איז געווארן צרות צרורות.

כ"ק אדו"ש: און דער עיקר איז (ווי געזאגט פריער), א קינד בכלל, ובפרט נאך בימינו אלה - פארשטייט ניט אז מ'גייט ארום און ארום, אז מ'זאגט אים אזוי - דארף מען זאגן אז יענס איז א ליגן;

איז אז מ'זאגט אים אז די זיבן מליארד יאר איז א ליגן, פרעגט ער - מנה"מ?

און אז מ'ענטפערט אים - אויף מנה"מ - אז דאס איז דברי הבלות, איז דאס ביי אים קיין ענטפער ניט.

בשעת מ'האט ניט געהאט קיין הסברה אויף דעם, האט מען קיין ברירה ניט געהאט, האט מען געמוזט שרייען - אז דאס איז דברי הבלות,

בשעת אבער מ'האט יא א הסברה, פארוואס זאל מען מונע זיין די הסברים פון די קינדער - בשעת דאס איז זיי מחזק אין שמירת שבת.

און ווי געזאגט פריער, דאס איז נאכמער נוגע בא בנות ["מלמדה תפלות" שטילט דאך בנוגע צו בנות, ניט בנוגע צו בנים], ווארום די ערשטע יארן אין חינוך, ווען קינדער גייען שוין אין גן ילדים, אדער אין די ערשטע כתות, זעט מען בפועל, אז ווער האט צוטאן מיט דעם חינוך פון די קינדער, סיי אינגעלאך און סיי מיידעלאך - די מוטער מערער וויפיל דער פאטער:

אז א קינד האט עפעס א שאלה, לויפט ער די ערשטע זאך צו דער מוטער; בשעת מ'דארף זיך נאך פרעגן וואס ער האט געלערנט, צי וואס דארף ער חזר'ן - האט די מוטער מער צייט צו פרעגן בא אים (איר) ווי דער פאטער,

במילא דארף זי האבן די תירוצים, אז סזאל זיין "חנוך לנער ע"פ דרכו", אז ס'זאל זיך לייגן אין קאפ בא דעם אינגעלע און בא דער מיידעלע.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: דער רבש"ע האט אויך געשיקט מש"ר קודם "כה האמר לבית יעקב" ("אלו הנשים" יתרו יט, ג ובפרש"י).

כ"ק אד"ש: "ובאמירה רכה, ובדברים רכים". וואס דאס איז אויך געווען דער הילוק: ניט נאר רעדן מיט זיי פריער (ראה שיחה לנשי ובנות ישראל, נדפס בלקו"ד סוף כרך ג'), נאר אזוי ווי מיט אנשים זאל זיין "ותגיד - קשים כגידים" (רש"י שם), בא זיי אבער זאל זיין "באמירה רכה".

[אין מדרש (שמו"ר פכ"ח, ב) שטייט אויף דעם א געוואלדיקע הסברה, אז דער אויבערשטער האט אים מסביר געווען: בא דעם ציווי פון עץ הדעת האט דער אויבערשטער אנגעזאגט נאר אדה"ר, און חוה האט זיך ערשט דערנאך דערוואוסט פון דעם - איז טאקע ארויס שלא כדבעי].

כ"ק אד"ש: און ווי געזאגט פריער (בנוגע צו מארוקו), די וואס טענה'ן אז מנהג אבותיהם בידיהם, ס'איז א זיכערע זאך [די גמ' זאגט דאך בנוגע צו מנהג אבותיהם בידיהם], אבער אעפ"כ - דערפון גופא איז א ראי' - אז ס'קומט צו גיין א נייע צרה, שלא תבוא, מוז מען זוכן א עצה צו דער צרה, מ'קען ניט יוצא זיין מיט דער עצה וואס מ'האט געהאט אויף צרות הראשונות - נאר מ'דארף דאס זוכן אין תורה.

איך האב דאך אלע מאל ליב בשעת מ'ברייינגט א ראי' פון זיך אליין (פון אים אליין): דאס גופא וואס מ'גיט ארויס א צייטונג - דאס איז ניט געווען בדורות הראשונים.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: אין בעלז יא, האט מען דעמאלט ארויסגעגעבן א צייטונג אין לעמבערג. אין שנת תרל"ח - תרל"ט.

כ"ק אד"ש: בעלז איז דאך אבער עלטער פון תרל"ח.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: ס'איז געווען אלס "זה לעומת זה".

כ"ק אד"ש: הוא הדבר אשר אמרתי (דאס איז וואס איך זאג): בשעת מ'האט ניט געלערנט די תפילות אין די בתי ספר חילוניים, אדער מ'האט דאס ניט געוואוסט פון די "פייפערס", פון די צייטונגען, איז אז מ'האט איר ניט געזאגט, האט זי דאך ניט געוואוסט פון דעם ספק,

- ווי געזאגט אויף איינעם א רב אז ער האט ניט געלערנט מורה נבוכים, האט מען בא אים געפרעגט: פארוואס לערנסטו ניט מורה נבוכים?

האט ער געזאגט, אז ער האט מורא: ער דארף דאך לערנען מורה נבוכים נאך די אלע שיעורים זיינע [אע"פ אז דאס איז א ספר הרמב"ם, איז דאך ניט שייך צו זאגן],

איז אזוי ווי ער לערנט דאס נאך אלע שיעורים, האט ער מורא - אז ער וועט זיך לייגן שלאפן, און פאר דעם גיין שלאפן וועט זיך בא אים באווייזן אפלערנען מערניט ווי די קושיא, און דעם תירוץ וועט ער לערנען ערשט אויף מארגן אינדערפרי, וועט ער אפשלאפן א גאנצע נאכט מיט דער קושיא פון מורה נבוכים - וויל ער דאס ניט -

איצטער איז די זאך, אז די קושיא ווייסט מען שוין פון פארטאג, און בייטאג קען מען אויסנוצן אויף פארענטפערן דעם תירוץ, אלע קושיות ווייסן זיי שוין.

כ"ק אד"ש: די זעלבע זאך איז בנוגע צו טהרת המשפחה.

איך האב גערעדט דא מיט רבנים פארוואס האלטן זיי ניט קיין דרשות וועגן טהרת המשפחה?

האבן זיי מיר געענטפערט - צניעות, און זיי האבן אויף דעם א ראי': זיין זיידע איז געווען א רב, זיין פאטער איז געווען א רב, און זיי האבן קיינמאל ניט געהאלטן קיין דרשה וועגן טהרת המשפחה, ס'איז דען איינגעפאלן א רב רעדן וועגן טהרת המשפחה ברבים? ס'איז דאך היפך הצניעות לגמרי!

האב איך אים געפרעגט: האסטו געפרעגט בא דיינע חברי הקהילה, צי בא די חברות הקהילה, צי ווייסן זיי עפעס וועגן די ענינים?

זאגט ער: ער פארשפארט צו פרעגן בא זיי, ער ווייסט די בתי ספר וואו זיי לערנען (בתי ספר כלליים, צי אוניבערסיטעטן וכיו"ב), און ווייסט אז דארטן אין דער תכנית איז דא א ספעציעלער לימוד וואס מ'לערנט וועגן די ענינים.

פרעג איך אים: וואס וועסטו מחדש זיין אז דו שווייגסט, בשעת אז דו וועסט אנהויבן רעדן מיט זיי, וועלן זיי דיר געבן עשר פעמים ככה אין די ידיעות.

און וואס איז ארויס אין פועל - אז בנוגע צו טהרת המשפחה (ווי געזאגט פריער) דארף מען האבן א השתדלות מיוחדה, אז מ'זאל ויסן די דינים פון טהרת המשפחה, די דינים עיקריים.

און דערנאך איז נאך צוגעקומען בזה אז מ'שעמט זיך דערמיט:

אז א מיידל גייט אויף א שיעור וואו מ'לערנט די הלכות פון טהרת המשפחה, איז די ניט פרומע חבר'טע דערציילט זי דערפון, ווארום יענע טוט דאס בלאו הכי - נאר אין לעו"ז; בשעת זי טרעפט זיך אבער מיט איר פאטער, אדער מיט איר זיידן - האט זי מורא זאגן אז זי גייט לערנען טהרת המשפחה -

ווארום ביז די חתונה דארף נאך געדויערן 5 חדשים צי 6 חדשים, איז וואס הייסט זי גייט לערנען וועגן ענינים וואס זיינען היפך הצניעות!

פרעג איך: היתכן - זי האט דאך געלערנט וועגן דעם אין בית ספר העממי וכו'?

איז דא אזוי איז מען זיך עוסק מיט א שקלא וטריא, מיט א קושיא און א תירוץ, מיט א הסברה - דערוויילע די מיידל אבער האלט אין וואקסן, און ס'גייט דורך א טאג און מ'באווארנט דאס ניט, איז ווייסט מען ניט צי אויף מארגן וועט מען דאס קענען באווארענען.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: אונזערע קינדער לערנען דען אין אזעלכע שולעס?

כ"ק אד"ש: דאס ווענט זיך וואס איר רופט אן "אונזערע" קינדער! (איר זאלט אויף מיר קיין פאריבל ניט האבן), איך האב אבער גערעכנט פארקערט, אז בשעת איר וועט זאגן אונזערע קינדער - וועט איר האבן אין דערויף א אנדער פארנעם.

איז זע דאך אין איך אז איר האלט ניט פון צמצום.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: פונדעסטוועגן איז דאך איש על מחנהו ואיש על דגלו, מען קען דאך ניט אויסמישן בנות ישראל הכשרות מיט בני ישראל אזעלכע וואס מ'דארף זיי מקרב זיין?

כ"ק אד"ש: איך רעד ניט וועג מישן זיך;

מאכלי חלב מוז מען עס שבועות - ס'איז א מנהג ישראל, מאכלי בשר מוז מען עסן שבועות - מצד שמחת יו"ט, איז וואס האט דאס א שייכות צו "לא תבשל גדי בחלב אמו"!

בפרט ווי מ'דערציילט דאך אז איר האט זיך אנגעהויבן מתעסק זיין ספעציעל מיט ישיבות פון בעלי תשובה?

כ"ק אדמו"ר מבעלז: יא.

כ"ק אד"ש: נו?

כ"ק אדמו"ר מבעלז: איך האב געמיינט מדגיש זיין אז דער רבי מיינט א וודאי פאר די ברייטערע חוגים.

כ"ק אד"ש: זיינען זיי ניט בכלל פון "אונזערע"? דאס איז וואס איך מיין!

כ"ק אדמו"ר מבעלז: דאס איז זיכער, אלע אידן זיינען א "גוי אחד".

כ"ק אד"ש: ניין - זיי זיינען אין **אייער** בית ספר!

איך זע אז איר פרוואוט משנה זיין דעם ענין... טענו חיטים, און מ'הויבט אן רעדן וועגן שעורים... בשעת מ'זאגט "אונזערע" איז דאס אייערע תלמידים, און אייערע תלמידות.

כ"ק אדמו"ר מבעלז: א וודאי און א וודאי זיי זיינען אלע אידן.

כ"ק אד"ש: און וועגן מערב זיין, איז - מ'איז ניט מערב א כתה גדולה מיט א כתה קטנה, מ'איז ניט מערב א כתה וואס זיינען שייך צו בקיאות מיט א כתה וואס זיינען שייך צו העמקה, צי צו פלפול;

דערצו איז אבער דא א הגדרה: בשעת מ'איז ניט מערב א כתה פון בקיאים מיט א כתה פון פלפול - קען מען זיי דאס מסביר זיין: אז אזוי ווי דו ביסט א בקי - לערן אין דער כתה, אזוי ווי דו ביסט אן עמקן - לערן אין דער כתה.

- בשעת אבער מ'איז ניט מערב א בע"ת מיט אן אנדער בחור - זאגט מען אויף דעם אז דאס איז א געוואלדיקע אזהרה אז מ'טאר דאס אים ניט זאגן (רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ח) [דאס שטילט בנוגע צו א גר, און דאס שטילט בנוגע צו א בע"ת].

כ"ק אדמו"ר מבעלז: הונאת דברים, איך האב געמיינט אז דער רבי מיינט די וואס שטייען דא - טאקע די סארטן, די ווייטערע, וואס מ'דארף זיי מקרב זיין?

